# סוירווים —

מיינט ניט נאָר שנעלע דעליווערינס, נאָר עס מיינט אויך גוטע
אַרבייט און מעסיגע פּרייזען

## ווען איהר וועט געבען אייער אָרדער פאַר

# פּרינטינג
## אין
# דעם „וועג“

## קענט איהר זיין זיכער דאס
## איהר וועט קריגען **סוירווים**



דורך אונזערע שנעלע אַוטאָמאַטישע פּרעסעס, זאַץ
מאַשינעס און עקספּערט פּרינטערס קענען מיר
מאַכען אייער אַרבייט

## שנעל, גוט און ביליג


אונזער טעלעפאָן איז
**Main 3715**

**The Detroit Jewish Daily**

347-49 Hastings Street

# דאס רויטע צימער

### ראמאן פון א. סטרינדבערג

(פארטזעצונג)

די אלע אלטע מעבעל שטיקער וואס האבען קיין ווערטה ניט געהאט אלס אן אנטיק אדער א קונסטווערק, האט זיא שוין לאנג פערטוישט אויף פראכטפולע מעבעל. ביז צום שלום פון דער זיצונג וועט זי זיין די פיהרערין צווישען זיי, דערנאך זאל איהר מאן מיט אן אדמי־ראל קומען אהיים, ער האט איהר פער־שפראכען ,וועניגסטענס מיט אן אדמי־ראל אין יוניפארם אהיים צו קומען — און ביידע זאלען זיי אלס מיטגליעדער פון דער אנשטאלט ווערען. דערנאך זאל איהר מאן שענקען א סומע פון דעם גע־ווינס וואס ער וועט נעהמען ביי די טריי־טאן ריווידענדען.

פרוי פאלק האט שוין איהר געשעפט ביים פענסטער באזארגט, און איצט האט זי דעם טיש פון פערעלמוטער, בייא וועלכען עס וועט דער מאגאטס בעריכט געלעזט ווערען, און אין ארדנונג גע־בראכט ווערען. זי האט אבגעשטויבט דעם קריסטאל טינטע, האט אוועקגעלעגט דעם/ זילבעראעם פעדער־האלטער, האט אזוי דעם זיגעל אוועקגערעהט אין א זיים, אז מען זאל דעם פראסטען ביד־נער־נאמען ניט זעהן, צו ענדע האט זי זיך נאך געגעבען א פאר בעפעהלע איה־רע דיענער, וועלכע זענען פאראנע גע־ווען אנגעטאן. דערנאך האט זי זיך אוועקגעזעצט איבם זאל אנגעהמענדיג א זארגלאזע שטעלונג, ערווארטענדיג אז זי זאל איבערראשט ווערען פון דער מעל־דונג, אז די פרוי רעוויזאר האמאן איז שוין דא, ווייל זיכער וועט זי די ערשטע קומען.

או ןבאלד איז זי טאקע געקומען. פרוי פאלק האט ארומגענומען עוועליגען און האט איה רגעקושט אויף די באקען. פרוי רעוויזאר האט ארומגענומען עוגיניען, וועלכע האט איהר אויפגענומען אין דער שפייז צימער און האט איהר אויפגעהאל־טען כדי צו ווייזען איהר דאס נייע מע־בעל. פרוי האמאן האט אבער דארט ניט געוואלט לאנג פערווייל־ען, ווייל זי האט זיך געפיהלט נידעריגער. זי האט זיך געווענדעט צום גרויסען רעהריגען לייכ־טער, וועלכען זי האט געפונען פאר צו פיעל מאדערן, דעם עסטיש וואס האט ניט געפאסט צום גאנצען מעבעל פון צי־מער, אויל־בילדער דארפען נישט זיין צוזאמען מיט פאמיליען פארטרעטען. פרוי פאלק האט זיך אייגענס אין יעדער מעבעל־שטיק פארטשעפעט, כדי עס זאל זיך הערען דער גערויש פון איהר נייעם קלייד און איהר פריינדין זאל ווערען אויפמערקזאם אויף דעם, אבער דאס האט איהר נישט געלונגען. פרוי האפמאן האט פערשטאנען. זי איז אויך געווען נייגעריג צו פרעגען איבער איהר קלייד. זי האט אבער נישט געוואלט נאכגעבען.

, פרוי פאלק האט געפרעגט , צו גע־פעהלט איהר דער נייער ברוסלער טע־פיך אין זאל. פרוי האמאן האט געענט־פערט: זעהר שעהן, נאר ער גלאנצט צו־פיעל אוועק די פארהאנגען...

פרוי פאלק האט דער ענטפער פער־דראסען און זי האט אויגעלערט צוא פרעגען.

זיי האבען זיך אוועקגעזעצט ביים זאל טיש. פערשיעדענע ביכער זענען אויפן טיש געלעגען. פרוי האמאן האט גענומען א קליין ביכעל אין האנט. עס איז גע־ווען אויף גוטען פאפיער געדרוקט מיט א גאלדשניט און עס האט געטראגען דעם טיטעל: „דעם גרויס הענדלער ניקאלאוס פאלק צו זיין 40 יעהריגען געבורטס־טאג".

— אה! דאס זענען דאס די פערזען, וועלכע זענען ביי די גרויסע געזעלשאפט פארגעלעזט געווארען. ווער האט זיי דען געשריעבען?

— א, דאס איז א טאלאנט, מיין מאנס א פריינד. ער הייסט גוסטרעם.

— עס איז א וואונדער, פאר וואס מען האט קיינמאל נאמען נישט געהערט! אזא טאלאנט! אבער פאר וואס האט מען איהם נישט געזעהן ביי דער געזעלשאפט?

— ער איז ליידער קראנק געווען, מיין ליעבע, און האט ניט געקענט קומען.

— אזוי! אבער מיין טייערע עוגעניע, דאס איז דאך שרעקליך טרויריג, מיט דיין שוואגער! ער איז זעהר שלעכט אריינגעפאלען!

— רעד נישט פון איהם! עס איז א שאנדע פאר די גאנצע פאמיליע! שרעק־ליך.

— יא, עס איז אמת געווען זעהר אונ־אנגענעהם, ווען מען האט אויף איהם גע־פרעגט ביי דער געזעלשאפט. איך האב זיך פאר דיינעטוועגען געשעהמט, מיין ליעבע עוגעניע...

דאס איז פאר דעם בופעט אוים דער ציים פון קארל דעם 12טען און פאר די יאפאנעזישע וואזע, האט פרוי האמאן געטראכט.

— איך בעט דיך זעהר פאר מיר נישט, פאר מיין מאן מיינסטו? האט פרוי פאלק געענטפערט.

— מיר דאכט זיך אז דאס איז דאס־זעלבע.

— ניין, אויף קיין פאל, איך בין דאך זיכער נישט פאראנטווארטליך פאר אלע טויגעניכטסען וואס זענען מיט מיין מאן פערוואנדעט.

— אך, ווי א שאד דאס איז געווען, וואס דיינע עלטערען זענען ביי דער לעצ־טער געזעלשאפט ניט געווען, ווייל זיי זענען גראד קראנק געווען, ווי געהט עס איצט דיין דיעבען פאטער?

— איך דאנק דיר, זעהר גוט! ווי דו געדענקסט אלעמען!

— א, יא, מען דארף נישט אלע מאל נאר אין זיך אליין דענקען! איז ער פון דער היים אוים א קראנקער, דער אלטער — ווי אזוי זאל איך איהם רופען?

— ווען דו ווילסט רוף איהם קאפי־טאן.

— קאפיטאן? ווי איך דערמאהן זיך האט מיין מאן געזאגט, אז ער איז בלויז א סטווארט אויף די שיף. נאר דאס מאכט נישט, און פון די מיידלאך איז אויך קיינער נישט געווען.

דאס בעצאהל איך איהר פאר דעם ברוסלער טעפיך, — האט די פרוי רע־וויזאר געטראכט.

— ניין, זיי זענען נישט געווען. זיי האבען אזעלכע געוואוינהייטען, אז מען קען אויף זיי קיינמאל נישט רעכענען.

פרוי פאלק האט דערווייל דעם גאנצען בילדער־אלבום דורכגעקוקט. זי איז גע־ווען אינגאנצען רויט פאר כעס.

— הער נאר עוגיניע, מיין ליעבע, — האט פרוי האמאן ווייטער געזאגט, — ווי הייסט דער אונאנגענעהמער הערר, וועלכער האט ביי דער געזעלשאפט דיא פערזען פארגעלעזען?

— דו מיינסט לעווין, דעם קעניגליכען סעקרעטער לעווין, ער איז דער אינטימער פריינד פון מיין מאן.

— ניין, אמת, הם! ווי וואונדערליך! מיין מאן איז אין זעלבען אמט רעוויזאר וואו ער איז סעקרעטער. איך וויל דיך זיכער נישט קרענקען, אדער דיר עפעס אונאנגענעהמעס זאגען. דאס טהו איך קיינמאל נישט, אבער מיין מאן בעהויפ־טעט, אז זיינע פערהעלטניסע זענען זעהר שלעכטע און עס פאסט נישט אז דיין מאן זאל מיט איהם פערקעהרען.

— אגט ער דאס? דאס איז דאך א זאך וואס איך ווייס נישט און איך מיש זיך ניט. איך וויל דיר זאגען מיין טייע־רע עוועלין, איך מיש זיך קיינמאל ניט אין די [illegible]עלעגענהייטען פון מיין מאן, כאטש שאנדערע טוען דאס יע...

— פערצייהע מיר, מיין טהייערע, איך האב אבער געדענקט, אז איך וועל דיר מיט דעם עטוואס דיענען, דיר רערצעה־לענדיג פון דעם.

דאס האט זי איהר בעצאהלט פאר דעם זילבערנעם לייכטער און פארן עס־טיש איז נאך געבליבען דאס סאמעט קלייד!

— נא, ווי איך האב געהערט האט דיין שוואגער....

— איך בעט דיך, שוין מיינע געפיה־לען און רעד נישט מעהר פון דעם גע־פאלענעם מענש!

— איז ער אמת אזוי געפאלען? איך האב געהערט, אז ער געהט ארום מיט די ערגסטע מענשען וואס מען קען זעהן...

ביי דעם איז פרוי פאלק אויסגעלייזט געווארען, דער דיענער האט געמאלדען די גנעדיגע פרוי רענהעלם.

— א, ווילקאם זי איז געווען... ווי ליעבענסווירדיג זי האט אהם דעם כבוד צוגעטיילט!

— דאס אז זי ווירקליך געווען, אן אלטע דאמע מיט א פריינדליכען אויס־זעהן, וואס קען נאר באזיצען אזעלכע וואס האבען אלע שטורמס פון לעבען מיט מוטה דורכגעטראגען.

— נו, ליעבע פרוי פאלק, — האט די גנעדיגע פרוי געזאגט, איך קאן אייך געבען א גרוס פון אייער שוואגער.

פרוי פאלק האט געפרעגט ביי זיך, וואס זי האט דיעזע פרוי געטאן וואס זי וויל איהר אויך ערגערען און האט געענט־פערט אביסעל בייזליך:

— אזוי?

— ער איז דאך אזא ליעבליכער מענש אייער שוואגער. ער איז היינט געווען ביי מיר. ער האט געמאכט א באזוך ביי מיין פלימעניק. זיי זענען גוטע פריינד! ער איז אמת א פארטרעפליכער יונגער מאן.

— איז ער דאס אפשר נישט, — האט זיך די פרוי האמאן אריינגעמישט. זיא האט א טבע געהאט באלד איהר מיינונג צו ענדערען. — מיר האבען ערשט פון איהם גערערט.

— אזוי, — און וואס איך בעדאוג־דער אם מעהרסטען ביי איהם, דאס איז זיין מוטה, זיך איבערצוגעבען אויף אזא וועג וואו די מיינסטע געהען צום גרונד. אבער פאר דעם דארפען מיר זיך פאר איהם נישט שרעקען. ער איז א מאן פון כאראקטער און פרינציפען, געפינט איהר דאס אויך נישט אזוי, ליעבע פרוי פאלק?

— דאס האב איך אלע מאל געזאגט, אבער מיין מאן איז שטענדיג מיט אן אנדער מיינונג.

— אך, דיין מאן, — האט זיך פרוי האמאן אריינגעמישט, — ער האט שטענ־דיג אנדערע מיינונגען.

— אזוי, ער פערקעהרט מיט אייער פלימעניק, מיין גנעדיגע? — האט פרוי פאלק ווייטער געזאגט.

— יא, זיי האבען א קליינעם קרייז, ביי וועלכען עס איז אויך דא קינסטלער, איהר האט דאך זיכער פון דעם יונגען מאהלער זעלען געלעזען, וועמעס בילד זיין מאיעסטעט דער קעניג האט גע־קויפט.

— יא, זיכער. מיר זענען דאך געווען אויף דער אויסשטעלונג, און מיר האבען דאס בילד געזעהן. איז ער אויך אין דעם קרייז?

— יא, זיכער, זיי האבען עס זעהר שווער, אט די יונגע קינסטלער, ווי מייס־טענס יונגע קינסטלער האבען ווען זיי ווילען זיך אין דער וועלט ארויסארביי־טען.

— דיין שוואגער איז דאך א פאעט.

— האט פרוי האמאן זיך אנגערופען.

— יא, דאס גלויב איך. ער שרייבט אויסגעצייכענט, ער האט בעקומען א פרייז אין דער אקאדעמיע, און מיט דער ציים וועט עטוואס גרויסעס פון איהם ווערען. — אזוי האט פרוי פאלק געענט־פערט מיט פולער איבערצייגונג.

פארטזעצונג פאלגט.

# עניים ואביונים

## אדער גליקליכע און אומגליקליכע!

ראָמאַן — פון מרדכי ספּעקטאָר

(פאָרטזעצונג)

— אַ, פאַרשטעה איך עס איז אַ גרויסער חילוק — אַ איד אַז ער דאַווענט האָט ער אין זינען דאָס דאַווענען, ער בעט און לויבט גאָט פאַר זיך, פאַר זיין פאַמיליע און פאַר כלל ישראל. און אַז אַ חסיד דאַוונט פאַרטראַכט ער זיך אויף צוויי שעה ווי דער רבי פּאַהעט זיך מיט די מלאכים אויף דעם הימעל, ווי די שכינה אַרבייט מעשים מיט דעם שטן איבער די אידען וואָס האָבען אויסגעטאָן די חסידישע קאַפּאָטע און זיך אָפּגעקירצט די קליידער אָדער די פּאות, ווי דער רבי ראַנגעלט זיך די גאַנצע נאַכט מיט שדים און רוחות און נאָך מיט אַזעלכע זאַכען זענט איהר פאַרנומען אין די אַלע דריי שעה פון אייער דאַווענען, אייער גאַנץ לעבען, אייערע אַלע [illegible]רען.

איך וועל געהן שווערען — אַז קיין מאָהל קומען אייך ניט אויף די געדאַנקען די אַלע צרות וואָס אידען טראָגען איבער די לעצטע יאָהרען, איהר פאַרטראַכט זיך גאָר ניט וואָס וועטש ענדליך זיין דער סוף פון אידען, ביז וואַנען וועלען מיר אַזוי פאַרשווארצט ווערען; איהר פרעגט זיי קיין מאָהל ניט ווער איז שולדיג אין די אַלע צרות וואָס מיר האָבען, מיט איין וואָרט עס געהט אייך גאָר ניט אָן וואָס עס קומט פאָר מיט אידען, ווי גלייך איהר זענט קיין אידען ניט, ביי אייך איז אַלעס רעכט עס מאַכט ביי אייך ניט אויס אַזוי אויך, און ווי באַלד אַז עס ווערט אייך שוין גאָר שלעכט, געפינט איהר באַלד די אורזאַכע אין דעם וואָס אידען זענען זינדיג, ניט ערליך, ניט פרום, ניט פאַנאַטיש, פאַרפינסטערט ווי איהר, פאַר וואָס יענער איז ניט קיין חסיד, געהט ניט אין מקוה, פאָהרט ניט צום רבין. גלאָצט ניט די אויגען ביים דאַווענען און נאָך אַזוינע הונדערטע פּוסטע חטאים געפינט איהר, און זאָגט אַז איבער די זאַכען זענען אידען אין גלות, גאָט שטראָפט דערפאַר און נעמט עס אָן פאַר ליעב. עס איז שוין אַלעס ווייטער ביי אייך רעכט און וכט נאָר מיטלען אַז גאָט זאָל אייך מוחל זיין: איהר לויפט צוליעב איהם נאָך מעהר אין מקוה איהר גלאָצט צוליעב איהם נאָך מעהר ביי סדאַווענען, איהר פאָהרט נאָך מעהר צו רבים א. ז. וו. — ניין ר׳ זיינוויל, אויב מיר זענען באמת זינדיג און גאָט שיקט אויף אונז אַן די אַלע צרות פאַר אונזערע זינד, איז ניט, מיט אַזוינע מיטלען ווי איהר נעמט פאַר קען אונז מוחל זיין, מיר דאַרפען זיך נעהמען צו אַ סך אַנדערע מיטלען. איבער אייך, איבער אייך זענען מיר אַלע אידען אומגליקליך.

ר׳ אהרן האָט ווייטער געוואָלט רעדען, נאָר דער חסיד האָט איהם איבערגעשלאָגען.

— ע! ר אהרן, איהר זענט שוין אויך געחאַפּט אין דער מעשה האָט זיינוויל אָבגעזאָגט מיט אַ געלעכטערל.

ר׳ אהרן האָט ניט פאַרשטאַנען די ווערטער, חאָטש זיי זענען געווען דייטליך, אַזוי צומישט איז ער געוואָרען דערפון וואָס זיינוויל האָט איהם פּלוצים אָבגעשטעלט מיט אַ פראַגע וואָס קער זיך גאָר ניט אָן צום שמועס.

— איך פאַרשטעה ניט, ר זיינוויל, וואָס הרענט איהר מיך דאָ?

— חע, חע, האָט זיך זיינוויל צולאַכט און איהם אָנגעהויבען גלעטען איבער דער פּלייצע, איהר זענט שוין אַ פּנים אויך געחאַפּט אין דער מעשה — איהר לייענט שוין אויך אַ פּנים די היינטיגע ביכלאך מיט די אַלע אַפּיקורסישע קאַשעס.

איך האָב באַלד דערקענט אָן אייער שמועס אַז איהר רעדט שוין פון די לייט.

— וואָס זשע איז?

— וואָס הייסט וואָס איז? זענט איהר אַ פּנים אויך איין אַפּיקורוס אַז איהר דרינגט אַזוי? וואָס זשע האָב איך מיט אייך צו רעדען? אייך אַפּיקורסים קענען כיר חסידים שוין לאַנג אַריינשטעקען צו זיך אין גאַרטעל, און זיינוויל האָט איהם איבערגעלאָזט אין מיטען שמועס, אַפילו ניט געוואָלט אויסהערען וואָס אהרן האָט ווייטער געוואָלט רעדען.

— ר׳ זיינוויל!! האָט ער איהם נאָכגעשריגען. לאָזט מיך אויסרעדען.

— מיט אַזוינע לייט האָב איך ניט וואָס צו רעדען, האָט זיינוויל געענטפערט און איז אַוועקגעגאַנגען צו זיין קלימעקעל אויפגעשנורעוועט דעם קעלבערנעם תפילין־זאַק אַרויסגענומען אַ קליין סידיש ספריל און דאָרט אָנגעהויבען אַריינצוקוקען.

ווי איינער וואָס מען גיסט פּלוצים אָב מיט אַ קאַלטען ציבער אַזוי איז אהרן געבליבען זיצען אויף זיין אָרט.

ח

נאָרעם וי דער בעל עגלה מיט נאָך איין בעל עגלה וואָס עס איז אָנגעקומען אקעגען האָבען זיך איבערגעביטען מיט אַ פערדעל און אַפּטרונקען ייגען אונזערע אַרכשווינען פון דער קרעטשמע ווייטער געפאָהרען.

זיינוויל מיט דעם קאָמיסיאָנער האָבען שוין מעהר ניט גערעדט, אין ערשטען זענען זיי איצטער געזעסען וויט איינער פון דעם צווייטען, זיינוויל איז געזעסען ווי פריהער אויף דער קעלנע און ווען אַפּילו יי זאָלען געווען זיצען נאָהענט, ווער ווייסט צו זיינוויל וואָלט נאָר גערעדט מיט אַזאַ סאָרט מענש.

(פאָרטזעצונג פאָלגט)









































































אונזער נייער טעלעפאָן איז מעין 715

# סוירווים —

מיינט ניט נאָר שנעלע דעליווועריעס, נאָר עס מיינט אויך גוטע
אַרבייט און מעסיגע פרייזען

## ווען איהר וועט געבען אייער אָרדער פאַר

# פּרינטינג
## אין
# דעם „וועג״

## קענט איהר זיין זיכער דאַס
## איהר וועט קריגען סוירדוים



דורך אונזערע שנעלע אַוטאָמאַטישע פּרעסעס, זאַץ
מאַשינעס און עקספּערט פּרינטערס קענען מיר
מאַכען אייער אַרבייט

## שנעל, גוט און ביליג

אונזער טעלעפאָן איז
**Main 3715**

# The Detroit Jewish Daily

**347-49 Hastings Street**

דער וועג

THE DETROIT JEWISH DAILY

Published Daily, Except Saturdays and Jewish Holidays, by
DER WEG PUBLISHING COMPANY, INC.
347-49 Hastings St., Detroit, Mich. Main 3715.
J. RABINOWITZ, Pres. JOS. R. LEEMON, Sec.-Treas.
C. A. BRAUDES, Editor and Gen. Mgr.
(Entered as Second Class mail matter at Post Office, Detroit, Mich.)
Subscription Price: By mail, or carrier, one year, $5.00; six months, $2.50.

# 1919

דעם אמת'ן סך הכל פון דעם נאר וואס פארגאנגענעם יאהר 1919 וועט מען נים קענען אונטערפיהרען נאך פאר א לאנגע צייט. די שלום קאנפערענץ האט זיך אנגעפאנגען און כמעט געענדיגט דורך די לעצטע צוועלף מאנאטען, אבער מיר קענען לעת־עתה בשום אופן נים זאגען מיט זיכערקייט, אז דער יאהר 1919 האט געשאפען שלום אויף דער וועלט. דורך דער צייט פון די זיצונגען פון דער שלום קאנפערענץ האבען נים אויפגעהערט צו חיישען די קאנאנען און דער טויטענדער שווערד האט נים אויפגעהערט צו ארבייטען. כל זמן די קאנאנען און דער שווערד וועלען באנוצט אלס וואפען אפילו פון שלום קען די וועלט מיט שלום נים זיין זיכער. דער העכסטער ראט אין פאריז האט קיינמאל די דאזיגע וואפען פון די הענט נים ארויסגעלאזען; אפילו דאן, ווען מען האט געשריבען און אונטערגעשריבען די באדינגונגען פון פריעדען.

דער איצטיגער געזעלשאפטליכער קאמף אין אלע טיילען פון דער וועלט האט זיך דורך דעם יאהר זעהר פארשארפט און די קעמפענדע גרופען זיינען געווארען פיעל פיינדליכער איינע צו די אנדערע איידער ווען עס איז פריהער. פון איין זייט פארשפרייט זיך א פעסטערע רעאקציע און די מאכט־האבענדע קלאסען טרעטען אפען ארויס צו פארניכטען די ליבעראלע און דעמאקראטישע פיהרונגען און פרינציפען וועלכע האבען זיך ענטוויקעלט דורך דעם נייניצעהנטען יאהרהונדערט; פון דער צווייטער זייט וואקסט דער ראדיקאליזם און ארבייטער אונרוהען. ביידע צדדים פון דעם איצטיגען געזעלשאפטליכען עקאנאמישען און פאליטישען קאמף האבען דורך דעם פארגאנגענעם יאהר געהאט וויכטיגע זיעגען און שטארקע דורכפאלען. די ארבייטער פארטיי אין ענגלאנד, די סאציאליסטיש־קאמוניסטישע פארטיי אין איטאליען, די סאוועטען סיסטעם אין רוסלאנד זיינען דורך דעם יאהר געווארען זעהר מעכטיג און זייער מאכט און איינפלוס האלטען אין וואקסען; אין פראנקרייך איז קלעמאנסא מיט זיין חברותא די באלעבאטים אין לאנד און זייער הערשאפט שיינט צו ווערען שטארקער פון טאג צו טאג. אין דייטשלאנד האט מען מעהר אין זינען צו ראטעווען די רעשטלאך פון דער אימפעריאליסטישער מאכט, וואס דאס לאנד האט פארלארען דורך דער מלחמה, איידער דורכצופיהרען די רעפארמען וואס די באפעלקערונג האט ערווארטעט פון דער סאציאליסטיש געפארבטער רעפובליק; אין רומעניען און אין פוילען פיהלען זיך נאך די הערשענדע קליקעס זיכער און זענען פארטאן אין געניסען פון די שיריים פון דעם זיעג פון די עליים נים קימערענדיג זיך וועגען מארגענדיגען טאג.

ביי אונז אין אמעריקא איז שוין באלד אפילו קיין שיריים נים געבליבען פון אונזערע קאנסטיטוציאנעלע פרייהייטען. דער זיעג אויף דעם פרייען געדאנק, דעם פרייען ווארט, פרייער פרעסע, פרייע וויסענשאפט און אפילו פרייער קונסט ווערט שטארקער און העזה'דיגער און מען ווייס ווי ווייט ער וועט גיהן. און ארבייטער פארטיי און א פאליטישע ארגאניזאציע פון די ליבעראלע עלעמענטען זיינען דורך דעם פארגאנגענעם יאהר דא געשאפען געווארען, אבער ביידע האבען ווייניג סימנים פון לעבען; דער איינציגער פראקטישער רעזולטאט פון דעם הויך פראקלאמירטען פרינציפ פון „קאלעקטיוו בארגעינינג" איז לעת־עתה א חוצפה'דיגע שטרעבונג צו פארניכטען אין גאנצען די מאכט פון די ארבייטער ארגאניזאציעס דורך א פארבאט צו סטרייקען. ניופערי פלייבט אין סענאט און וויקטאר בערגער וועט זיכער נים צוגעלאזען ווערען צום קאנגרעס.

אין דער זעלבער צייט וואקסט ביי אונז זיכער דער ראדיקאליזם און די ארבייטער אונרוהען זיינען נאך גאנץ ווייט פון זייער סוף.

עקאנאמיש איז דער יאהר 1919 געוועזען א יאהר פון פראספעריטי, אויף ארבייטסלאזיגקייט האט מען זיך ווייניג באקלאגט און ביזנעס איז געווען זעהר גוט. אבער דער יקרות איז אין דער זעלבער צייט געשטיגען אונגעהייער; אומעטום פיהלט זיך א שטארקער דוחק אין וואוינונגען און די באפעלקערונג ליידט פון דעם זעהר פיעל.

דאס ווערט פון אייראפעאישע געלד האלט אין איין פאלען און דארטען איז די עקאנאמישע לאגע, אפילו אין ענגלאנד, נאהענט פון געפעהרליך און דער באנקראט פון אייראפא וועט זיכער מאכען א תל פון אונזער גאנצער פראספעריטי.

דער פארגאנגענער יאהר איז געווען דער ערשטער יאהר נאך דער גרויסער וועלט מלחמה. מעכטיגע פאליטישע און עקאנאמישע באוועגונגען האבען זיך דורך דער צייט אנגעפאנגען צו קריסטאליזירען, צו ווערען מעהר באשטימט און בולט. אבער 12 מאנאטען איז א צו קורצער משך אין דעם לעבען פון פעלקער ווי זאלען קענען פיהרען צו קלארע רעזולטאטען. די אייצטיגע געזעלשאפטליכע באוועגונגען זיינען אינטערנאציאנאל און אל־וועלטליך לויט זייער תכלית און נור דאמאלס וועלען מיר קענען וויסען דעם סך־הכל פון דעם יאהר 1919 ווען דער אפגעזונדערטער אילערליכער קאמף אין יעדען לאנד וועט פארוואנדעלט ווערען אין אן אפענעם, איינהייטליכען קאמף צווישען די געגענגעזעצטע עקאנאמישע און פאליטישע אינטערעסען איבער דער גאנצער וועלט.

נים זייענדיג קלאהר וועגען דעם סך־הכל פון דעם יאהר 1919 איז שווער צו ספעקולירען וועגען דעם וואס דער יאהר 1920 וועט אונז ברענגען.

וועט דער נייער יאהר מאכען אן ענדע צו די אידישע ליידען און אידישע שחיטות? וועט ער ברענגען שלום פאר די הונדערטע מיליאנען מענשען אין רוסלאנד, אין קליין אזיען, אויף די באלקאנען? וועלען מיר דא האבען אויך „אפיציעלען" שלום אדער מיר וועלען מוזען קעמפען פאר אונזער פאטערלאנד אויף די אויל־פעלדער פון מעקסיקא?

וועט דער נייער יאהר אונז ברענגען רוהיגקייט און פריעדען אדער ער פיהרט אונז צו נייע געפאהרען פון בלוט־פארגיסונג און אונענדליכע ליידען?

ווער קען אויף דעם געבען אן ענטפער?

# דער אידישער קאמפף פאר שבת רוה אין פוילען

וואס עס דערצעהלט אונז דער פראנצויזישער בולעטין פון דעם קאמיטעט פון די אידישע דעלעגאציעס ביי דער שלום קאנפערענץ.

צוליעב דעם פראיעקט וואס איז געמאכט געווארען אין פוילישען פארלאמענט צו פארבאטען אידען צו האלטען אפען זייערע געשעפטען אום שבת, האט דער פראוויזארישער אידישער נאציאנאל ראט ארויסגעלאזען פאלגענדען אויפרוף צו די פוילישע אידען:

— אידען! א געוויס פראיעקט האלט ביים אריינגעבראכט ווערען אין פארלאמענט וועגען דעם וועכענטליכען רוה־טאג אין אלע אינדוסטריעלע און קאמערציעלע אונטערנעהמונגען, ווי אויך אין אלע געזעלשאפטליכע אנשטאלטען. דער פראיעקט איז אויסגעארביים געווארען פון דעם פארלאמענטס ארבייט שוץ קאמיסיע, אויף דעם גרונד פון א דעקרעטע וואס איז איצט אין קראפט אין פוילען. צוויי מאל האט דיזער פראיעקט געזאלט רעבאטירט ווערען אין פארלאמענט און צוויי מאל איז ער צוריקגעצויגען געווארען צוליעב פארשיעדענע אורזאכען. דיזער פראיעקט איז לעצטענס צוריקגעשיקט געווארען צו דער קאמיסיע פון האנדעל און אינדוסטריע כדי זי זאל אייסשפרעכען וועגען דעם איהר מיינונג.

לויט דיזען פראיעקט דארף דער געזעץ וועגען דעם רוה־טאג דורכגעפיהרט ווערען אין לאנד גאנץ שטרענג. קיין ווערקשטאט, געשעפט, אונטערנעהמונג און קיין אפיס וועט נים טארען זיין אפען אום זונטאג. לויט דיזען געזעץ וועלען מוזען זיין צוגעמאכט זונטאג אלע ביוראס פון דער אידישער געמיינדע סיי די רבנישע, סיי די פילאנטראפישע און סיי די געזעלשאפטליכע. דער 10 ארטיקעל פון דעם פראיעקט זאגט, אז צוליעב די אינטערעסען פון דער סאציאלער ווי אויך צוליעב דער רעליגיעזער ארדנונג דארפען אלע איינוואהנער אהן אונטערשיעד פון אמונה רוהען אום זונטאג. עס ייסט, אלזא, אז צוליעב רעליגיעזע אורזאכען מעג מען פארגוואלטיגען די רעליגיעזע איבערצייגונגען פון אנדערע.

דער שאדען וואס אונז קען קומען דורך דיזען געזעץ איז אונגעהויער גרויס. די אידישע ארבייטער מאסען, וואס רוהען שבת און אויך די אידישע ימים טובים, געפינען זיך פאר דער פאלגענדער דילעמא: אדער זיי וועלען מוזען רוהען צוויי טעג אין וואך, אדער זיי וועלען מוזען פארלעצען איינע פון די וויכטיגסטע פארמען פון אידישען לעבען און צושטערען די גאנצע געבויידע פון דעם אידישען לעבען. אין דעם ערשטען פאל וועלען די פוילישע אידען אבגעשוואכט ווערען זעהר שווער עקאנאמיש. זייער קאנקורענץ פעהיגקייט וועט צושטערט ווערען און טויזענדע אדער, ריכטיגער געזאגט, צעהנדליגע טויזענדער אידישע לעבענס וועלען געהן צו גרונד. די אידען וועלען ארויסגעווארפען ווערען פון האנדעל און זייערע פארדיענסט וועלען וועלכע זענען שוין אזוי אויך זעהר קליין, וועלען נאך מעהר איינגעשרענקט ווערען.

עס איז שוין א לאנגע צייט זינט מיר פיהרען אן אין פוילען א קאמפף פאר אונזער רעכט אבצוהיטען דעם שבת און די אידישע ימים טובים. עס איז שוין א לאנגע צייט זינט מיר פיהרען אן איין קאמפף געגען דעם פארזוך צו רואינירען אונז עקאנאמיש און מאראליש. מיר האבען נאך געהאט צו קעמפען געגען דעם אונטער דער רוסישער הערשאפט. עס איז דאן געווען אן אלגעמיינע בעקאנטע זאך, אז דיזע מאסרעגלען האבען געהאט אויך אלס זייער צוועק צו רואינירען אונז. איצט זוכט מען זאגאר נים צו באהאלטען דיזען צוועק. א סך מענשען זענען מיט דער איבערצייגונג, אז דיזער פראיעקט איז נים מעהר ווי א רינגעלע אין א לאנגער קייט פון פארשיעדענע מיטעל פון בויקאט און אויסראטונג וועלכע זענען געריכטעט הויפטזעכליך געגען דעם אידישען האנדעל און די אידישע אינדוסטריע.

מען זאגט אונז: טהוט אזוי ווי מירפאסט זיך צו צו דער מאיאריטעט און איהר וועט פטור ווערען פון אייערע צרות. אבער דער שטאאט האט נים קיין רעכט צו צווינגען אונז אבצוזאגען זיך פון אונזערע געוואוינהייטען און אונזער לעבענס ארט. דער שטאאט מוז זיי רעספעקטירען. ער דארף זיי נעהמען אין אנבעטראכט, אויב ער רעכענט זיך מיט די פרינציפען פון געוויסענס פרייהייט

און מיט דעם אייגענטימליכען כאראקטער פון די מינאריטעטען וואס געפינען זיך אין דעם שטאאט. עס איז נים אמת וואס מאנכע זאגען אז אויב מען זאל זיך רעכענען מיט דעם באזונדערען כאראקטער פון די מינאריטעטען וועט מען אונטערגראבען דעם געזעץ וועגען דעם וועכענטליכען רוה־טאג. דאס איז נים מעהר ווי אן אויסרייד. מען קען די זאך ארגאניזירען אזוי, אז די רעכטע פון די ארבייטער זאלען נים פארלעצט ווערען, און אז דער געזעץ זאל ריכטיג אבגעהיט ווערען. די ארבייטער זענען גענוג ארגאניזירט כדי צו קענען קאנטראלירען די ארבייט און צו פארהיטען אז קיינער זאל נים ארבייטען זיעבען טעג אין וואך. דער וואס וועט ארבעטען שבת וועט נים קענען ארבייטען אויף זונטאג באנוצענדיג זיך מיט א ליגען אז ער האט גערוהט שבת. און דאס זעלבע וועט אונמעגליך זיין פאר דעם וואס וועט ארבייטען זונטאג צו ארבעטען אויף שבת. איבריגענס אין דעם פרט פון די אידען איז ניטא וואס מורא צו האבען טאמער וועלען זיי ארבעטען אלע זיעבען טאג אין וואך, ווייל זיי זענען זעהר גערן צו האלטען שבת אלס א פאלשטענדיגען רוה טאג.

הכלל, די אלע אורזאכען וואס ווערען אנגעגעבען פאר דעם געזעץ פראיעקט זענען נים מעהר ווי פוסטע תירוצים. דער צוועק פון דע סאיז, ערשטענס, אבצושוואכען אונז עקאנאמיש און צווייטענס צו אסימילירען אונז. אונזערע רעפרעזענטאנטען שטעהען אויף דער וואך און פיהרען און דעם קאמפף אין פארלאמענט. זייא האבען שוין אונטערגענומען אונטערהאנדלונגען מיט די פארשיעדענע פאליטישע פארטייען כדי צו ברייננען זיי צו דער איבערצייגונג אז די אידען האבען א רעכט צו רוהען שבת און יום טוב און צו ארבעטען זונטאג און אין די קריסטליכע פייערטעג, ווי אויך צו האלטען אפען זייערע געשעפטען פינף שטונדען יעהען זונטאג, אויב זיי האלטען נאר פארמאכט זייערע געשעפטען אום שבת. דיעזע אונטערהאנדלונגען האבען נים קיין גרויסען שאנס אויף ערפאלג. די אידישע געזעלשאפט, די סוחרים און די בעלי מלאכה און אלע אידען וואס היטען אב דעם שבת און פארשטעהען די וויכטיגקייט פון דיזער פראגע, דארפען קומען צו הילף. דארפען פארמולירען זייערע פאדערונגען וועגען אונזער רעכט אבצוהיטען אונזערע וואך־רוה. זאלען אלע אידישע געמיינדען און פאראיינען שיקען דעפעשען צום פרעזידענט פון פארלאמענט, צו דער ארבייטער קאמיסיע און צו דער האנדעלס קאמיסיע, צו בעטען ביי זיי אז מען זאל נים ארויפלעגען אויף אונז דיזען צוואנג און מען זאל אונז נים רואינירען עקאנאמיש. אזא צוואנג וועט זיין אן ערנסטער קלאפ פאר די געוויסענס פרייהייט, און פאר אונזער רעכט אויף א נאציאנאלען לעבען, און פאר די טריטי אין באצוג צו נאציאנאלע מינאריטעטען וועלכע איז שוין אריין אין קראפט, און וועמעס עלפטער ארטיקעל זאגט אויסדריקליך, אז מען קען אונז נים צווינגען צו פארשוועכען דעם שבת.

אידען! פארטיידיגט אייערע וויכטיגע אינטערעסען. פארלירט נים קיין מינוט.

פראוויזארישער אידישער נאציאנאל ראטה.

א דעלעגאציע פון אידישע ארבייטער באשטעהענדיג פון מוניציפאל־ראט אינשיניר הערנער, מ. לאנדסמאק, ראזענבערג און יאנאווער האבען זיך פארגעשטעלט ביי מ. טראמפטשינסקי, פרעזידענט פון פארלאמענט, און האט איהם געבעטען אז ווען דער פארלאמענט וועט באטראכטען די פראגע פון זונטאג רוה זאל ער נעהמען אין אנבעטראכט די אינטערעסען פון די אידישע ארבייטער. די דעלעגאטען האבען איהם געגעבען צו פארשטעהן, אז אויב דער זונטאג רוה זאל געמאכט ווערען א צוואנג פאר אלעמען, וועט עס זיין א געוואלדיגער קלאפ פאר אידישע ארבייטער, ווייל זיי וועלען דורך דעם געצוואונגען זיין צו רוהען צוויי טעג אין וואך — שבת און זונטאג. מ. טראמפטשינסקי האט געענטפערט אז אלס פרעזידענט פון פארלאמענט מוז ער זיין אונפארטייאיש, נאר איהם שיינט אז עס איז ווינשענסווערט צו האבען איין רוה־טאג פאר אלע איינוואהנער. ווייל דאס זעלבע איז אויך אין דייטשלאנד. דער דעלעגאט קערנער האט געענטפערט אויף דעם, אז אין דייטשלאנד איז די צאהל פון אידישע ארבייטער זעהר קליין, ווערענד אין פוילען איז די צאהל אידישע ארבייטער גאנץ [illegible]

# די מורא פאר דייטשער קאנקורענץ

א בריעף פון בערלין
פון ק. נ.

אין בערלין הערט מען גאנץ אפט אז די האנדעלס אינטערעסען פון אמעריקא און ענגלאנד ציטערען און פלאטערן פאר דייטשער קאנקורענץ און פאר דייטשלאנדס פערפלייצען זייערע מארקעטס מיט פראדוקטען.

אבער דייטשלאנד גופא לאכט מיט דיזער שטענדיגער מורא. אויטאריטעטען פון פינאנץ, רעגירונגס פיהרער, אינדוסטריעלע קאפיטאנען אלע ערקלעהרען מיט זיכערקייט, אז אמוועניגסטען פאר דער געגענווארט, איז אין גאנצען איבעריג פאר אמעריקא און ענגלאנד אויפצושטעלען יוענט געגען דעם אימפארט פון דייטשע סחורה דורך א פראטעקטיוו טאריף אדער דורך אנדערע אימפארטירונגס רעגולאציאנען. ווייל דייטשלאנד איז אין דיזען מאמענט אבסאלוט נישט בכח צו פארפלייצען די אויסלענדישע מארקעטס מיט א גרויסער צאהל סופלאיס פון סחורות, אפר דער איינפאכער אורזאך, וואס זי האט זיי נישט.

דייטשלאנד פארמאגט איצט אביסעל דראגס און כעמישע שטאפען, א ביסעל פארצעלאן און טשאינא, פיעלע קינדער שפיעלצייג און נאטירליך אויף פאטאש סופלאיס, אבער ווען עס קומט צו גרויסע קוואנטיטעטען מיט וועלכע צו פארפלייצען אנדערע מארקעטס, עקזיסטירט דאס בלויז אין דער פארשטעלונג און פאנטאזיע פון דיא אויסלענדישע פעלקער, ערקלעהרען דייטשע עקספערטען.

עס מוז אויך באמערקט ווערען, אז דייטשלאנד שטרעבט איצט אפצושוואכען דעם איינדרוק אין פרעמדע לענדער, אז זי פלאנט אנצופיהרען א פרייז קאנקורענץ אין פראדוקטען און מאטעריאלען געגען דער איבעריגער וועלט. פאקטיש, זי שטרענגט אן איהרע בעסטע מעגליכקייטען צו ברענגען די וועלט צו דער איבערצייגונג אז עס וועט נאך נעהמען יאהרען בעפאר דייטשלאנד וועט ווידער ווערען א שטארקער פאקטאר אין די וועלט מארקעטס.

און ווערענד טייל פון דיא דייטשע רעגירונגס בעאמטע בעמיהען זיך צו ערשיינען אפטימיסטיש אין בעצוג דייטשלאנדס צוקונפטיגער ראלע אין דעם וועלט האנדעל, איז די אלגעמיינע שטימונג ין דער נאציאן בנוגע דער פראגע א זעהר פעסימיסטישע, אזוי אז פיעלע ערקלעהרען זיך אפען אז זיי פיהלען זיך אויסערגעוועהנליך פערצווייפעלט איבער דייטשלאנדס צוקונפט.

און קוסט מען זיך צו צו דעם הילוך פון דער דייטשער בערזע קען מען לייכט דערזעהן ווי גרונדלאז עס איז דאס גאנצע רעדען וועגען דער דייטשער האנדעלס קאנקורענץ. דאס שטענדיגע פאלען פון דעם דייטשען געלד איז פארן פאלק א

סימן פון א שטורעם וואס וועט אם אויסברעכען. אין מיטען פון דעם מאנאט סעפטעמבער איז אין בערלין דער דאלאר בערט געלען 28 מארק, ווערענד אין נארמאלע צייטען איז דער דייטשער מארק ווערט געווען ארום 25 סענט.

דיזער שטארקער פאל אין דער בערזע האט געגעבען א שווערען קלאפ צו פיעלע גרויסע דייטשע פינאנסיסטען, און אויב דאס זאל נישט אויסגעבעערט ווערען דורך אינטערנאציאנאלען קרעדיט אדער דורך ריעזיגע הלוואות פון די יונייטעד סטייטס, געפינט זיך דייטשלאנד ווירקליך, אין א זעהר צווייפעלהאפטער לאגע. דיזער ערנסטער פאל אויף דער בערזע האט מיט זיך פארגעשטעלט אין פערלויף פון די פערגאנגענע זעקס מאנאטען אן ארונטערפאלונג פון דעם דייטשען מארקעט אויף גאנצע הונדערט פראצענט.

—

אמעריקאנער בעזוכער אין דייטשלאנד וועלכע מען קען פארשטעהן זיך נישט חושד זיין אין צופיעל פרא־גערמאניזם אדער אין סימפאטיע פאר דער דייטשער נאציאן האבען זעלבסט געפונען פאר נויטיג אויפמערקזאם צו מאכען דאס איר־גענד וועלכער סארט קרעדיט ארראנזשמענטס וועלען מוזען געמאכט ווערען פאר דייטשלאנד אויב די עליים מעכטע ווילען ווירקליך פערמיידען אן ערנסטען צוזאמענברוך פון דעם דייטשען פאלק, וועלכער וועט מיט זיך מיטשלעפען אנדערע וואקלענדע נאציאנאלע סטרוקטורען און צום איבעריגען פאראליזירען דעם פארקעהר פון דער וועלט.

בייוואונענדיג דיזע סיטואציע ווערט דא די מורא פאר דייטשלאנדס „פערפלייצען" פרעמדע מארקעטס בעטראכט פאר אן אונוויסענהיים און ארימע פערשטענדניס פאר די אמת"ע עקזיסטירענדע פאקטען.

עס איז דיא מיינונג פון די פארזיכטיגסטע בעאבאכטער, דאס זאגאר ווען דייטשלאנד זאל שוין נאר קריגען קרעדיטען, קען זי אויך נישט ווערען אזא קאנקורענט פאר וועלכען די עליים פעלקער זאלען דארפען מורא האבען זאגאר אין דער ווייטער צוקונפט די שארענער־זאך וואס איז אויף איהר ארויפגעלעגט געווארען צו צאהלען אלס רעזולטאט פון דער לעצטער מלחמה, איז אזעלכע וואס וועט פארערען איהר פולסטע ענערגיע, פעהיגקייט און מעגליכקייטען זי זאל עס קענען באצאהלען. אויך דארף מען נישט פארגעסען אז דייטשלאנד האט איצט נים מעהר יענע ביליגע לייבאר, וואס האט זי אין אמאליגע צייטען געמאכט פאר א שטארקען קאמערציעלען קאנקורענט פאר דער איבעריגער וועלט. די ארבייטערס פארערונגען פאר ווידזשעס ווערען וואס אמאל אלץ העכער און העכער, און דער ארבייטער איז אזא פאקטאר אין דעם דייטשען לעבען אז דאס גאנצע לאנד [illegible]

# קורץ און שא[rf]

לעאן שווינסקי

[illegible]

# דאס רויטע צימער

ראמאן פון א. סטרינדבערג

(פארטזעצונג)

יא. האב איך דאס ניט שטענדיג געזאגט? — האט די פרוי האמאן בעשטעטיגט.

עס האט זיך אנגעפאנגען א רעדען איבער ארוויד פאלקס גרויסקייט, אז ער איז שוין געווען אין דעם טעמפעל פון בעריהמקייט. דער דיענער האט געמאלדען פאסטאר סקארע. ער איז מיט שנעלע טריט אריינגעקומען און האט הייליג בעגריסט די דאמען.

— איך בעט ענטשולדיגונג פאר וואס איך בין אזוי שפעט געקומען, אבער איך האב נישט פיעל צייט פאר מיר. האלב ניין א זייגער מוז איך זיין אויף א זיצונג ביי די גרעפין פאן פארבענקראנץ און איצט קום איך דירעקט פון מיין ארבעט.

— אה, איהר הייצט זיך אזוי, הערר פאסטאר?

— יא, מיין גרויסע טעטיגקייט לאזט מיר נישט קיין רוה. אפשר זאלען מיר טאקע דאדורך באלד צוגעהן צו די פערהאנדלונגען?

דער דיענער האט אריינגעבראכט צום טרינקען.

— ווילט איהר נישט א גלאז טהעע ...ען, הער פאסטאר, בעפאר מיר וועןאנגען? — האט די פרוי פאלק ...

...אסטאר האט געווארפען א בליק ... טיש.

...יז, איך דאנקע, אז עס איז דא ... וויל איך בעסער דאס טרינקען, ...ב מיר געמאכט צום רעגעל. מיי...ען, אז איך זאל אין מיין אויסע...בען ניט אבזונדערען פון מיינע ...שען. אלע מענשען טרינקען פונש ...יך האב משקה נישט ליעב, וויל ...בער נישט, אז די וועלט זאל זאגען ... בין בעסער פון זיי. בעריהמעריי ... זינד וואס איך האב פיינד! דארף איך איצט די פערהאנדלונגען פארלעזען?

ער האט זיך אוועקגעזעצט ביים שרייב טיש, האט איינגעטונקט די פעדער און האט אנגעפאנגען.

— איבער די געשענקע, וואס זענען אין מאנאט מאי געגעבען געווארען צו דער קינדער קריפעל אנשטאלט בית־לחם, ווערט דא פון דער לייטונג א רעכענונג אבגעגעבען, אונטערגעצייכענט פון עוגעניע פאלק.

— געבוירענע? ווען איך קען פרעגען.

— אך, דאס איז נישט נויטיג, האט פרוי פאלק פארזיכערט.

דער פאסטאר שרייבט ווייטער:

— עוועלין האמאן.

— געבוירען, וועל איך בעטען.

— פאן באהר, גוטער הער פאסטאר.

— אנטאנעטא רענהעלם.

— געבוירענע מיין גנעדיגע...

— רענהעלם, הער פאסטאר.

— אך, דאס איז ריכטיג, מיטן פעטער פערהייראט, דער מאן טויט, אהן קינדער! מיר געהען ווייטער!

— געשענקע...

אלגעמיינע באוואונדערונג.

— ווילט איהר אייער נאמען ניט אונטערשרייבען, הער פאסטאר? האט פרוי האמאן געפרעגט.

— איך שרעק זיך פאר בעריהמעריי, מיינע דאמען, נאר ווען איהר ווינשט עס וועל איך עס טאן!

— נאטנאעל סקארע.

— צו געזונדהייט, הער פאסטאר. טרינקט צוערשט אייערער איהר פאנגט אן. האט די ווירטהין געבעטען מיט א שמייכעל, ער איז אבער באלד פערשוואונדען געווארען זעהענדיג אז דאס גלאז פון פאסטאר איז געווען לעהר, זי האט עס באלד אנגעפילט.

— איך דאנקע, פרוי פאלק, אבער לא־

מיר נישט צופיעל אין דער צייט אוועקגעהן, מיר וועלען אנפאנגען! ווילט איהר אפשר דעם מאנוסקריפט ניט לעזען?

— געשענקע: איהר מאיעסטעט די קעניגין: 40 קראנען, גרעפין פאן פארבענקראנץ: 5 קראנען און א פאר וואלענע זאקען. גרויס הענדלער שאלין 2 קר. און א פעקעל קאנווערטען, זעקס בלייפעדערען און א פלאש טינט. פריילין אמאנדא ליעברט א פלעשעל פארפיום, פריילין אננא פייף: א פאר מאנזשעטען. דער קליינער אריאנד: 25 פעניק פון זיין אייגענער שפאר פושקע. יונגפרוי יאהאנ פעטערסאן: א האלב טוצען האנט טיכער. פריילין עמיליע ביערן: א נייעם טעסטאמענט. דער קרעמער פערסאן: א פעקעל האבער גרייץ, א פערטעל קארטאפעל, און א פלאש איינגעמאכטע ציבעלעס. קרעמער שייקע: צוויי פאר וואלענע אונטער.

— מיינע הערשאפטען! אונטערברעכט איהם די גנעדיגע, — זאל דאס אלעס געדרוקט ווערען?

— יא, נאטירליך! האט דער פאסטאר געענטפערט.

— בעט איך פון דירעקטאריום ארויסצי טרעטען.

— גלויבט איהר אפשר, מיינע גנעדיגע, אז די געזעלשאפט קען עקזיסטירען דורך פרייוויליגע בייזשטייערונג, ווען די נעמען פון די געבער זאלען נישט געדרוקט ווערען? ניין!

— נא, זאל די וואהלטעטיגקייט דיענען די קליינליכע עגאאיסטישע פערלאנגען פון מענשען וואס ווילען גלאנצען מיט אנזעהן?

— ניין! נישט אזוי! ענ...ם איז טאקע אן איבעל, זיכער. מיר וועלען אבער דעם דאזיגען איבעל צום גוטען פערוואנדלען. איז דאס נישט גוט?

— מיר דארפען אבער נישט אזעלכע קליינליכע זאכען אזא שעהנעם נאמען געבען ווי: וואהלטעטיגקייט. דאס איז בעריהמעריי!

— איהר זייט צו שטרענג, מיין גנעדיגע! די שריפט זאגט, מען זאל מוחל זיין. זייט זיי מוחל זייער ביסעל עגאאיזם.

— יא, הער פאסטאר, איך בין זיי מוחל, אבער מיר אליין נישט! אז פרויען וואס האבען נישט וואס צו טאן, זא־

קען זיך פון דער וואהלטעטיגקייט א פערגעניגען מאכען. דאס קען מען נאך מוחל זיין, זיי זאלען עס אבער אנרופען: שעהנע האנדלונג, וואו עס איז נאר דא בלויז פערגעניגען, און קליינליכע פערגעניגען צו זעהן דעם נאמען געדרוקט ביי וואהלטעטיגע צוועקען, זיך דורך דעם פאפולאר צו מאכען, דאס איז שענדליך!

— וואס? — האט פרוי פאלק אנגעפאנגען מיט איהר גאנצער קראפט פון לאגיק. — גוטעס צו טאן איז שענדליך?

— ניין, מיין פריינדין, אבער צו לאזען דרוקען, אז מען האט געשענקט א פאר וואלענע זאקען, דאס האלט איך פאר שענדליך...

— אבער א פאר וואלענע זאקען צו שענקען, הייסט דאך גוטעס געטאן, נו, קומט דאך אויס, אז גוטעס טאן איז שענדליך.

— ניין, מיין קינד! צו לאזען עס דרוקען, דאס איז שענדליך, איהר מוזט הערען וואס איך זאג.

די פרוי פאלק האט זיך אבער נאך נישט נאכגעגעבען. זי האט ווידער איינגעווענדעט:

— אזוי, איז ...ען א שאנדע! אבער די ביבעל איז דאך אויך געדרוקט. עס הייסט דען, אז צו לאזען דרוקען דיא ביבעל איז אויך א שאנדע...

— וועט איהר אזוי גוט זיין, הערר פאסטאר, און ווייטער אנגעהן מיט'ן באריכט, האט די פרוי רענהעלם איהר אונטערבראכען, זייענדיג שוין אביסעל פערלעצט פון די נארישע פאקטען וואס די פרוי פאלק האט פארגעבראכט.

די פרוי פאלק האט זיך נאך אלץ ניט אונטערגעגעבען:

— האלט איהר דאס אונטער אייער כבוד, מיין גנעדיגע פרוי רענהעלם, מיט א נידעריגערע פערזאן, ווי איך בין, מיינונגען אויסטוישען...

— ניין, מיין קינד: בעהאלט אייערע מיינונגען, איך וויל נישט אויסטוישען.

— קען מען דאס רופען דיסקוטירען, וויל איך פרעגען? ווילט איהר, הערר פאסטאר, אונז נישט דאריבער אויפקלערען, צו מען קען דאס רופען דיסקוטירען, ווען איין טייל וויל דעם צווייטען אויף די פראגען נישט ענטפערען!

— מיין גוטע פרוי פאלק, עס איז אמת מען קען דאס נישט רופען דיסקוטירען, האט דער פאסטאר מיט א צווידייטיגען שמייכעל געענטפערט. אזש די פרוי פאלק האט עס באלד צום וויינען געבראכט: מיר ווילען אבער נישט, אז א גוטע זאך זאל דורך שטרייטיגקייטען פערדארבען ווערען, מיינע דאמען! מיר וועלען דאס דרוקען אבלעגען ביז דער פאנד וועט גרעסער ווערען. מיר האבען געזעהן ווי די דאזיגע יונגע אונטערנעהמונג האט ווי א זאמען־קארן אויפגעשפראצט. און מיר האבען געזעהן ווי מעכטיגע הענט זענען וויליג אט די יונגע פלאנץ צו העלפען בליהען. מיר מוזען אבער אין דער צוקונפט רעכענען, די געזעלשאפט האט א פאנד: דיעזער פאנד מוז פערוואלטעט ווערען. מיט אנדערע ווערטער, מיר מוזען טראכטען א פערוואלטער פאר דעם פאנד אנצושטעלען, א פראקטישען מאן, וואס וועט די אלע געשענקע פערוואלטען און זיי צו געלד צו מאכען. מיר מוזען איינעם אויסוועהלען, אהן געלד האב איך מורא קענען מיר אזעלכען נישט קריגען, און וואס קען דער מענש בעקומען אהן געלד? האבען אפשר די דאמען אזא פערזאן פאר דיעזע ארבייט פארצושלאגען?

ניין, וועגען דעם האבען די דאמען נים געדענקט.

— וועל איך פארשלאגען א יונגען מאן, וועלכער פאסט זיך, נאך מיין אבזיכט, פאר די ארבעט, האט די דירעקציאן עטוואס דאגעגען, אז סעקרעטער עלקונד, זאל זיין דער פערוואלטער פון דיאנשטאלט בית־לחם, מיט א פאסענדע געהאלט?

ניין, די דאמען האבען נישט דאגעגען, בעזונדערס אז פאסטאר סקארע האט איהם פארגעשלאגען, או זדער פאסטאר סקארע פערשטעהט דאס בעסער, ווייל דער סעקרעטער עלקונד איז געווען זיין גאהענטער קרוב, די דירעקציאן האט בעשלאסען אנצושטעלען סעקרעטער עלקונד אלס פערוואלטער פון קינדער־קריפעל אנשטאלט, בית לחם, מיט א געהאלט פון זעקס הונדערט קראנען.

— מיינע דאמען, האט דער פאסטאר ווידער גענומען דאס ווארט, פאר היינט האבען מיר דאכט זיך שוין גענוג געארבייט.

א שווייגען. פרוי פאלק האט געקוקט צו די טיר אויב איהר מאן קומט נים.

— מיין צייט איז קורץ, און איך בין ניט אים שטאנד, נאך לענגער דא צו פערבלייבען. האט נאך ווער עטוואס צו זאגען?

— ניין!

פארטזעצונג פאלגט.

## א גרויסע אונטערנעהמונג פאַר א וויכטיגען אינסטיטושאַן

פון **א. יאפין**

ביי דער געלעגענהייט פון דעם ערשטען יעהרליכען באַל פון דער נייער ווילקינס סט. תלמוד תורה, איז עס ווינשענסווערטה פאַר דאָס דעטראָיטער פובליקום נעהנטער בעקאַנט צו ווערען מיט דיעזען וויכטיגען אינסטיטושאַן.

דיעזע נייע מאָדערנע תלמוד תורה איז אויפגעבויט געוואָרען מיט ביינאַהע 8 מאָנאַטען צוריק א דאַנק דער אונערמיעדליכער ארבעט און מיהע פון איינצעלנע באַוואוסטע פערזאָנען, און מיט דער הילפע פון מנדבים און מעמבערס.

עס איז א פראַכטפולע געביידע, איינגעריכטעט מיט אַלע מאָדערנע בעקוועמליכקטען. די גרויסע און ליכטיגע צימערן זענען אויסגעמעבלירט אויף דעם שעהנסטען שטייגער. דער פראַכטפולער אודיטאָריום דיענט אלס פערזאמלונגס פלאַץ פאַר די קינדער. זיי האָבען דאָ זייערע שבת תפלות, ווי אויך פייערען זיי דאָ אַלע אידישע ימים טובים. די קינדער האָבען אויך די מעגליכקייט זיך צו אמוזירען און מאַכען איבונגען אין דעם שעהנעם פליי גראונד וועלכע איז אויסגעשטאַטעט אויף דעם בעסטען שטייגער.

דיעזער ערציהונגס אנשטאַלט פאַרמאָגט דריי אַבטיילונגען.

1. די קינדערגאַרטען אַבטיילונג (גן ילדים) וואו קינדער אין דעם עלטער פון 5-6 געפינען זיך 3 שטונדען פון 9-12 פריה, אונטער דער אויפזיכט פון א פעהיגער לעהרערין וועלכע פאַרברייננט מיט זיי און לייגט דעם פונדאַמענט פאַר זייער אידישער ערציהונג.

2. די פּאַראַקיאַל אַבטיילונג, וואו קינדער אין דעם עלטער פון 6-8 לערנען ... אידישע למודים 3 שטונדען אין דער פריה, פון 9-12 און נאָך מיטאָג, פון 1-3.30, לערנען זיי די ענגלישע למודים. די ענגלישע אַבטיילונג איז אונטער דער אויפזיכט פון דער פּאַבליק סקוהל אדמיניסטראַציאָן און ווערט אָפט בעזוכט פון זייערע פאַרטרעטער וועלכע וואונדערען זיך אויף דעם גרויסען ערפאָלג אין דיעזען הינזיכט. דער סוד פון דיעזען ערפאָלג איז פאָלגענדער. די קלאַסען זענען קליין פון בלויז 1 אַבטיילונג. און יעדעס קינד באַקומט די פולסטע אויפמערקזאַמקייט פון די פעהיגע ענגלישע לעהרערינס וועלכע זענען גוטגעהייסען פון דער באָרד אָוו עדיוקיישאַן. ווענען די אידישע למודים איז אָפגערעדט. עס ווערט גורקליך אויפגעטאָן וואונדער מיט דיעזע קינדער און עס זענען דאָ אַלע אורזאַכען דאָפיר, דאָס קינד לעהרענט 3 שטונדען אין דער פריה, פריש ניט אויסגעמאַטערט, און דעריבער פאַרנעסט ער ניט אַלעס וואָס עס ווערט געלערענט זעהר גרינג און שנעל. די לעהרער פיהלען זיך גליקליך צו לעהרנען מיט דיעזע קינדער ווייל זיי זענען זיכער דאָס זייער מיהע וועט געקרוינט ווערען מיט ערפאָלג.

3. די תלמוד תורה אַבטיילונג וואו עס ווערט געלערענט פון 4-8 אין 2 אַבטיילונגען צו צוויי שטונדען. קינדער וועלכע געהען אין די פּאַבליק סקוהלס בעזוכען דיעזע אַבטיילונג, זיי זענען ריכטיג פאַנאַנדערגעטיילט אין די פּאַסענדע קלאַסען און ווערען געלערענט לויט די בעסטע און נייעסטע מעטאָדען אונטער דער אויפזיכט פון די בעסטע און פעהיגסטע פּעראָגאָגען.

די תלמוד תורה איז אונטער דער שטענדיגער אויפזיכט פון דעם פּרינסי־

פּאַל, מר. ב. אייזיקס, וועלכער איז זעלבסטפערשטענדליך איין אויסגעצייכענטער פּעדאַגאָג, און האָט זיך געשטעלט אלס זיין לעבענס ציעל צו אַרבעטען מיט זיין גאַנצער ענערגיע אויף דעם געביעט פון אידישער ערציהונג.

600 קינדער געפינען זייער גייסטיגע היים אין דיעזען ערציהונגס אנשטאַלט. זיי לעבען און פאַרגעסטערען דיעזען אינסטיטושאַן צוליעב די אויבענדערמאָנטע אורזאַכען. און עס איז דעריבער די הייליגע פליכט פון יעדען אידען צו שטיצען דיעזען אינסטיטושאַן לויט זיינע מעגליכקייטען. דער אינסטיטושאַן איז זעהר יונג און ער פאָדערט די גרעסטע אויפמערקזאַמקייט. ניט דער אינסטיטושאַן אַליין פאָדערט עס נאָר עס פאָדערען אויך די 600 קינדער וועלכע באַזוכען דיעזע תלמוד תורה.

די לײדיעס אוקזילערי פאַראנשטאַלטעט א גראַנדיעזע אונטערנעהמונג פאַר דיעזער מאָדערנער תלמוד תורה און דאָס איז דער ערשטער יעהרליכער באַל אין די פּראַכטפולע ארענע גאַרדענס, זאָנטאָג, יאַנואַרי 4־טען, 1920 אום 8 אוהר אבענד. די אַנוועזענדע וועלען געוויס האָבען א גייסטיגען פאַרגניגען און וועלען צו דער זעלבער צייט שטיצען איינעם פון די וויכטיגסטע אינסטיטושאַנס אין דער שטאָדט דעטראָיט.

אין דער יעצטיגער שרעקליכער צייט וועלכע דאָס אידישע פאָלק לעבט איבער, ווען אונזערע גייסטיגע קוואַלען אויף יענעם זייט ים ווערען פאַרשאָטען איז עס פון דער העכסטער נויטווענדיגקייט פאַר אונז אידען אין אמעריקא צו שטיצען אונזערע ערציהונגס אנשטאַלטען, ווייל דאָס עקזיסטענץ פון דאָס אידישע פאָלס הענגט אָפּ אין דער ערציהונג פון אונזערע קינדער.

### גנבים זענען אויך מבינים

מר. אב. עפּשטיין פון די הויז אָוו עפּשטיין קען זיך ניט אָפּוואונדערען פון די דעטראָיטער גנבים'ס מבינות.

פון אַלע הייסטינגס סטריטער סטאָרס האָבען זיי אויסגעקליבען זיינע שאָו ווינדאָו, ווייל דער סטאַק איז זיי זעהר געפעהלען און זיי האָבען זיך צוגעכאַפּט צו מר. עפּשטיינ'ס סטאָר.

אזוי ווי אָבער אין א ווינדאָו געהען נאָר א ריין סעמפּעלס, זאָגט מר. עפּשטיין, איידער די גנבים זאָלען געוועזען ארויסגנב'ענען דעם גאַנצען שעהנעם ווינטער סטאַק איז שוין גלייכער צו מאַכען א דזשענואַרי קלירינג סייל.

געזאָגט און געטאָן.

שבת הויבט זיך אָן דער 10 טאָגיגער דזשענואַרי קלירינג סייל ביי די הויז אָוו עפּשטיין.

——::——::——



דאַרום זאָגען מיר אז די גאַנצע אָרגאַניזאַציע פון רעליעף מוז רעפאָרמירט ווערען. מען מוז זיך רעכענען מיטן נייעם פאַקטאָר: די רעליעף באַוועגונג צווישען די סאָסייעטיס.

פון איין זייט מוז מען שאַפען א קאָנטראָל ווענען די זאַמלער און זאַמלונגען וואָס פערשיעדענע סאָסייעטיס מאַכען פאַר רעליעף, אז די געלדער זאָלען ווירקליך געהן פאַרן רעליעף און ניט פאַר פּריוואַטע ביזנעס אָדער פאַר גאָר שווינדלער, און פון דער אַנדערער זייט זאָלען די סאָסייעטיס האָבען א רעכט צו קאָנטראָלירען, אז די געלדער, וואָס זיי זאַמלען זאָלען איבערגעשיקט ווערען פאַר זייער בעשטימטען צוועק.

דיעזע רעפאָרם מוז איצט דורכגעפיהרט ווערען. וואָס שנעלער — אַלץ בעסער. דער דזשאָינט דיסטריביושאַן קאָמיטע צוזאַמען מיט דער אידישער פּרעסע וואָלטען עס געקענט טאָן.





## סיום הסורה אין תפארת ישראל שוהל

זונטאָג יאַנואַרי 4. יום א. פּרשה שמות יו"ג טבת, 2 אוהר נאָכמיטאָג וועט פאָרקומען א סיום התורה אין דער תפארת ישראל שוהל, 575 קעמראָן ... הרב איישישקין וועט זיין איינער פון די רעדנער.

ד ספר תורה וועט געגעבען ווערען פון מר. לב וואָלף, 247 וועסטמינסטער וועניו.



## באַריכט פון חנוכה קאָנצערט

פון קאָנגרעגיישאַן אגודת אחים, הייסטינגס און פערי סט., פאַרן בענעפיט פון די אוקראַינער.

פאָלגענדע סומען זענען ביינעשטייערט געוואָרען דורך דאָנייישאָנס.

בעני פעלק $52.52, הורוויץ און קוקים 15 דאָל. פעלמאַן — 10 דאָל. מרס. באַרדילאָף — 10 דאָל. ס. קאַזאַקאָווסקי — 10 דאָל. אלשאַנסקי, משה סילווערמאַן, מרס. קאַרנשטיין, אנא הורוויץ, רזשיי שולמאַן, בערעל טאַראַבעלאַ, לערנער, קאַפּלאַן, עפּעלקאַפף, ר. גוסין, וויינגערטען, גאָלדשטיין, מר. באַראַנקעלאָף, מאַרים גוס — צו 5 דאָל.

יעקב וויינגאַרטען, נח טאָפּטשעק, הערישאָן, סלוצקי — צו 3 דאָל.

צו 2 דאָלאַר — גערדריטש, ניובערגער, פּאַרטנאָי, מרס. סיגעל בעבקאַק, ברוך קראַקאָווסקי, קויפמאַן, ליסקאָווסקי, בערגער, שלמה ברוינשטיין, שעכטמאַן.

צו 1 דאָלאַר — חיה קראָלל, גאָלדבערג, נאָוויטש, ב. טאָפּטשעק, בערשאַדסקי, גליקשטיין, מילער, סיגלאָף, אפּרוי, זאַק, שוואַרץ, נדבה, דזשאַ קעררי, לעווין, הערמאַן, קאָנראַד, אלפּערט, לעוויצקי, איידמאַן, מתתיהו היימאַן, מרס. קעסעל, מרס. שיינבערג, א. פּרוי, 75 סענט.

צוזאַמען צוויי הונדערט דאָלאַר.

דאָס געלד געפינט זיך ביים שוהל טרעזשורער מר. דזשיי סעקס.

אַפּיעלס זענען געמאַכט געוואָרען פון מר. יוסף חני און רבי יוסף תאומים.

מיר באַדאַנקען אַלע אַקטערס און קאָמיטעט וואָס האָבען געאַרבייט צו מאַכען די אונטערנעהמונג אַ ערפאָלג.

א פולער חשבון ווענען די טיקעטס און אַנדערע געלדער וועט פאַרעפענטליכט ווערען ביי דער ערשטער געלעגענהייט.

לוי קוקים, סעקרעטער

קאָנגרעגיישאַן אגודת אחים.

——::——::——

סקווירער לאַנדסלייט אויפגעפּאַסט!

——::——::——

בא א מאַססמיטינג פון סקווירער לאַנדסלייט וועלכער איז אָפּגעהאַלטען געוואָרען זונטאָג דעם 28־טען דעצעמבער בא וועלכען מיר האָבען געקראָגען איין גרוס פון געוויסע אומגליקליכע סקווירע וועלכע דער שיקאַגאָ פאַראיין האָט אונז צוגעשיקט איז געזאַמעלט געוואָרען 905 דאָל. מיט דער אַנוועזענהייט פון איין קליינער צאָהל מעמבערס, אויך איז ערוועהלט געוואָרען איין דעלעגאַט מר. ראַבינאָוויטש, וועלכער פאָהרט נאָך ניו־יאָרק מיט דעם צוועק פאַר איינצעלנע גרוסען פאַר דעטראָיטער לאַנדסלייט. אַלזאָ יעדער סקווירער וועלכער אינטערעסירט זיך און וויל האָבען אין גרוס פון זיין היים דאַרף קומען צום נעקסטען מיטינג וועלכער וועט אָפּגעהאַלטען ווערען נעקסטען זונטאָג דעם 4־טען דזשענואַרי 1920 3 אוהר אין בערעזניצער שוהל, 228 וואַטסאָן סטריט.

די קוויטירונג פון די געלדער וועלען געדרוקט ווערען נעקסטען מאָהל.

מיט גרוס עקזעקוטיוו קאָמיטע.

דער רוסישער קאָ־אָפּעראַטיווער רעסטאָראַן לאַדעט איין אַלע מעמבערס צו קומען צו דעם זעהר וויכטיגען מיטינג שבת 8 אוהר אבענד דעם 3־טען יאַנואַרי 1920, אין 468 הייסטינגס סטריט.









פאַרגעסט ניט אָפּצוקלייבען אייערע גענוצטע (ניט קיין גענוצטע) וועלען אויך גוט זיין) קליידער און שיך פאַר די אומגליקליכע אידען אין אייראָפּאַ. קומענדען זונטאָג וועט מען עס ביי אייך נעמען.

The only Jewish Paper Printed in Michigan

Published Daily by DER WEG PUBLISHING CO.

# דער וועג

The Detroit Jewish Daily

די איינציגע אידישע צייטונג געדרוקט אין מישיגאן סטייט

347-49 HASTINGS STREET
Telephone Main 5715

Published and distributed under permit No. ... authorized by the Act of October 6, 1917, on file at the Post Office of Detroit, Michigan. By order of the President, A. S. Burleson, Postmaster General.

PRICE 2c. | DETROIT, MICH., Sunday, January 4th, 1920 Vol. 1, No 180 | זונטאג, יאנואר 4טען, 1920.


# 530 „רויטע" ארעסטירט אין דעטראיט

23 פלעצער זענען באזוכט געווארען פון דער פאליציי. רעדאק־טערע פון דער פוילישער צייטונג „גלאס ראבאטניטשי" צווישען די ארעסטירטע. פיל טאנען ליטעראטור פארכאפט

פרייטאג אבענד, האבען די היגע, שטאטלישע און פעדעראלע אגענטען גע־מאכט געמיינזאם א פארזוך צו ארעסטי־רען די אנפיהרער פון דעם היגען קאמוניזם. 23 פלעצער וועלכע די פאליציי האט גע־רעכענט פאר ד'. הויפט קווארטירען פון די דעטראיטער ראדיקאלען, זענען בעפא־לען געווארען פון גרויסע מחנות פארשי־דענארטיגע פאליציי. דעם גרעסטען ער־פאלג ווי עס ווייזט אויס, האט די פאליציי געהאט אין „מעסעס הו'ז" — 209 פאר־דעכטיגע זענען דארט ארעסטירט געווארען גראבע זענען דארט דעם אווענט געווען 5 פאליטישע פארזאמלונגען ווי אויך א טאנץ אווענט. אגענטען פון יוסטיץ דעפארט־מענט באגלייט פון 50 פאליציי האבען זיך דארט אריינגער'סען און גענעבען דעם באוואוסטען באפעהל „הענט ארויף". אין גרוים אילעניש, האט די פאליציי אין איי־ניגע צימערען די ט'רען צובראכען.

...יניגע ערפאלגרייך איז די פא־...געווען אין איהר איבערפאל או'ף ...פארזאמלונגען, וועלכע זיינען פארגע־...ען אינ'ם הויז אויף 514 גרעשיאט ...יו. אהום 200 זענען דארט ארעס־... געווארען.

...צווישען די ארעסט'רטע געפינען זיך ...פיער פרויען. אויך זענען ארעסטירט גע־ווארען די רעדאקטערע פון דער פוילישער צייטונג „גלאס ראבאטניטשי". ווינצענ־טי המאווסקי און דניאל עלבו'ם. די פא־ליציי גלויבט, דאס די לעצטע צוויי ווע־לען דעפארטירט ווערען צוזאמען מיט פיעל נאך הונדערטע ארעסטירטע.

די פאליציי' בארימט זיך, דאס זי האט פארכאפט אין די הויפט קווארטירען פון די ראדיקאלע ארגאניזאציעס פיעלע טאנען אויפרייצענדע צי „פארראט" ליטעראטור. די פאל'ציי בעאמטע גלויבען דאס די אלע פארזאמלונגען, וועלכע זענען איבערפא־לען געווארען פרייטאג אווענט, זענען איינבערופען געווארען צוליעב קלייבען געלט מיטלען, מיט וועלכע צו קעמפען געגען דעם אויסווייזונג פון רעוואלוצ'אנע־רען פון אמעריקע.

די צייט פון די איבערפאלען איז בא־שטימט געווארען אויף 9 אזייגער. צו דער אויסגערעכענטער מינוט זענען זי' טאקע פארגעקומען, אזוי דאס האלב נאך נייען, איין האלבע שטונדע שפעטער, זענען שוין אלע ארעסטירטע געבראכט געווארען אין די פעדעראלע בילדונגען. דארט האט מען זיי צוט'לט און דאס אויספרעגען פון יע־דען איינעם פון די ארעסטירטע האט זיך אנגעפאנגען.

נאכן פריה שבת צומארגענס זיי־נען די ארעסטירטע איבערגעפיהרט געווארען אין ד'. נאהענטע פאליציי־סטאנציעס, זייער גורל ליגט איצט אין די הענט פון דעם אימיגראציע דעפארטמענט.

## וואזוס עמיגראציע פון פוילען קען נאך איצט ניט אנגעהן

די „דושאינט דיסטריביושאן קאמי־טע" מאכט בעקאנט, דאס זי האט ערהאל־טען א קייבעל דעפעשע פון איזידאר הערשפיעלד, דער פערוואלטער פון איהר ברענטש אפיס אין ווארשא, וועלכ־ מעלדעט, אז די עמיגראציע ... נאך אמעריקא קען פאר... אנגעהן, צוליעב דעם ... איז נאך ניט געשלאסען קיין ...ערען צווישען פוילען און דייטשלאנד. און הויפטזעכליך צוליעב דעם וואס די פאליטישע לאגע פון דאנציג איז אפיציעל ניט פעסטגע־שטעלט.

דאנציג איז די האפען־שטאדט, דורך וועלכע די עמיגראציע פון פוילען נאך אמעריקא דארף דורכגעהן.

מר. הערשפיעלד גיט אן נאך אן אור־...בע פאר דער פאהלוסיגער אפלייגונג פון עמיגראציע פון פוילען, און דאס איז שלעכטער אייזענבאהן פארקעהר צווישען ...וילען און דאנציג.

מר. הערשפיעלדס בעריכט מיינט, אז ...דאס ארויספאהרען פון אידישע פרויען ...און קינדער פון פוילען צו זייערע מענער ...און פאטערס אין אמעריקא מוז דערוויי־...ע אפגעשטעלט ווערען, ביז דאנציג וועט ...פיציעל ערקלעהרט ווערען אלס פוילישע ...ערריטאריע דורך א שלום אפמאך צווי־...ען פוילען און דייטשלאנד, און ביז דער ...יזענבאהן פארקעהר קיין דאנציג וועט ...יג איינגעשטעלט ווערען.

...ר. הערשפיעלד מעלדעט צו גלייכער ...יים, אז ווען ניט דיזע צוויי שטערונ־...ין וועג וואלט די עמיגראציע פון פוי־...ען קיין אמעריקא ניט געהאט קיינע ...שטערונגען. ער ערקלערט, אז ער האלט ...ניט געהאט קיינע שוועריגקייטען צו ווי־...

זירען די פאספארטען פון די וואס ווילען פאהרען קיין אמעריקא, און אז עס וואלט אויך געווען מעגליך צו קריגען גענוג שיפען צו פיהרען די אידישע עמיגראנטען פון דאנציג נאך אמעריקא.

היינט דער ערשטער יעהרליכער באל פון דער נייער ווילקים סטרים תלמוד

היינט זונטאג אווענט, דעם 4־טען יא־נואר 1920 וועט פארקומען דער ערשטער יעהרליכער באל פון דער נייער, מאדער־נער ווילקינס סטרים תלמוד תורה אין דעם פראכטפולען ארענא גארדענס וואודווארד און הענגדרי.

א גרויסער יוניאן ארקעסטער וועט שפי־לען און די אנוועזענדע וועלען זיך אמו־זירען אויף דעם שעהנסטען אופן.

דער פראפיט פון ד'עזער גראנדיעזער אונטערנעמונג געהט פאר דיעזען פראכט־פולען אינסטיטושאן וואו עס לערנען 600 קינדער.

עס איז די פליכט פון יעדען, און הויפט זעכליך פון דער אידישער יוגענד צו קומען צו דיעזען באל. ניט נאר וועט דער אבענד פארשאפען א גייסט'גען פארגעניגען אלע אנוועזענדע, נאר דער ערפאלג פון דעם אווענד וועט פיעל מיטהעלפען איינעם פון די וויכטיגסטע אינסטיטושאנס אין דעט־ראיט.

## פארגעסט ניט אבקלייבען אייערע געניצטע (ניט קיין גע־נוצטע) העלען איך גוט זיין) קליידער און שיך פאר די אומ־גליקליכע אידען אין איירא‎פא.

———::———

# עסטלאנד שרייבט אונטער וואפענשטילשטאנד

סאוועט רוסלאנד מאכט וויכטיגע קאנצעסיעס, כדי צו איבער־ציינען די וועלט איהר שלום-ווילען. קיין שלום אבער מיט'ן באנדיט דעניקין. פארשטעהער פון באלטישע שטאאטען ווי אויך פינלאנד און פוילען וועלען, מסתמא, נאכמאן עסט־לאנד און שליסען שלום מיט רוסלאנד. — מאסקווא לאזט וויסען, דאס דעניקינ'ס רעגיערונג איז געפאלען. — שלאגט פאר שלום איטאליען. — א'גריידי, ענגלישער פארשטעהער האפט צו זיין ערפאלגרייך אין זיינע אונטערהאנדלונגען מיט ליטווינאוו'ען. ער ערקלעהרט, אז רוסלאנדס רעטונג ליגט אין איהר אייגענע הענט. — א קלאנג אז די אליאירטע זענען גרייט צו מאכען שלום מיט סאוועט־רוסלאנד.

דארפאט, יאנואר 3. דער צייטווי־ליגער אפמאך וועלכער איז לעצטען מיט־וואך אונטערגעשריבען געווארען פון די סאוועטען דעלעגאטען און עסטלאנד"ס פארשטעהער באווייזט, דאס די לעצטע האבען געהאט א גרויסען ערפאלג אין ד' מעהר וויכטיגסטע פראגען, וואס ס'איז איבערראשענד אממעהרסטען איז דער פאקט, דאס די באלשעוויקעס האבען גע־מאכט א גרויסע הנחה צו עסטלאנד ווע־גען דער פראגע פון יודעניטשעס ארמיי, וואס געפינט זיך היינט צו טאג אין עסט־לאנד. אזוי דאס זי וועט ניט זי'ן געצוואונ־גען ארויסצוטרייבען די סאלדאטען פון דיעזער ארמיי.

סאוועט־רוסלאנד"ס פארשטעהער גיבען צו, דאס זיי האבען געמאכט גרויסע קאנ־צעסיעס, ווי' אויך מיליטערישע אזוי אויך אין גרענעץ־פראגע. הער יאפע, הויפט־דעלעגאט פון די באלשעוויקעס, האט ער־קלערט: „איך בין געווען פיעל נאכגעבי־גער ווי מיין באפאלמעכטיגונג האט עס מיר ערלויבט און איך ערווארט, אז מ'וועט מ'ך אויפפאדערען אפצוגעבען דין וחשבון פאר דעם, ווען איך וועל זיך אומקערען נאך רוסלאנד. מיר האבען אבער באוויזען האס מיר זענען פעהיג און ווילליג צו מאכען שלום".

דער וואפענשטילשטאנד־אפמאך בא־שטעהט פון פינף דאקומענטען און א מא־פע, וועלכע באשטימט עסטלאנד"ס גרע־ניצען. או'ך איז איינגעשריבען א פונקט וועלכער באפר'יט עסטלאנד פון איהרע התחייבות'ען בנוגע צו דער געוועזענער רוסלאנד.

הער קלישקע, א סאוועטען פארטרעטער, האט ערקלערט, דאס ניט קוקענדיג, וואס זיין רעגיערונג איז בארייט צו מאכען אלע מעגליכסטע הנחות צו די גרויסע מעכטע וועט זי אבער מיט דעניקינען קיינמאהל קיין שלום ניט מאכען — אויך האט ער־קלערט דאס די רויטע ארמיי באשטעהט פון 3,000,000 סאלדאטען.

לאנדאן, יאנ. 2. — די צייטונג „העראלד" מעלדעט, דאס פון זיכערע קוועלען האט זי ערפאהרען, אז איינגיכען וועלען פארשטעהער פון אלע באל טישע רעגירונגען זיך צוזאמענקומען אין העלזינגפארס, וואו עס וועלען אויך זיין פארטראטען דעלעגאטען פון פוילען און פינלאנד אום צו פארלאנגען א וואפענ־שטילשטאנד אפמאך אויף די זעלבע פונק־טען, ווי דער וואס איז געשלאסען געווא־רען מיט עסטלאנד.

לאנדאן, יאנ. 3. — א דראטלאזע ידיעה פון מאסקווא לאזט וויסען, דאס דעני־קינס רעגיערונג איז געפאלען און גענע־ראל ראמאנאווסקי איז אויסערוועהלט געווארען צו פארנעהמען דעניקינס פלאץ, אלס דער אנטי־סאוועטען פיהרער. דיא סבה פון דיזער איבערקערעניש, גיט ד'א טעלעגראמע אן, צו זיין די לעצטע מפלות אויף דעם שלאכט פעלד.

די זעלבע דראטלאזע דעפעשע גיט אי־בער, דאס טשיטשערין, באלשעוויסטישער אויסערן מ'ניסטער, האט פארגעשלאגען איטאליען צו באנייען פריינדליכע באצי־הונגען מיט זיין לאנד, אנווייזענדיג, אז דאס פארנעהמען די פארטען ביי'ם שווארצען ים דורך די סאוועטען ארמייען וועט מעגליך מאכען דעם פארקעהר נאך איטא־ליען.

לאנדאן, יאנ. 2. — א'גריידי, ענגלי־שער דעלעגאט צו פארהאנדלען מיט דער באלשעוויסטישער רעג'ערונג וועגען דעם איבערטויש פון געפאנגענע, האט ערב זיין אפפאהרען נאך קאפענהאגען, וואו ער פיהרט זיינע אונטערהאנדלונגען מיט מאק סים ליטווינאוו'ן, ערקלעהרט פאר א קא־רעספאנדענט, דאס ער האפט אז זיין שליחות וועט זיך קרוי'נען מיט ערפאלג, אז די־ענגלישע געפאנגענע, ווי אויך ציווילע בירגער וועלען זיין ביכולת ענדע דיעזען חודש זיך אומצוקערען אהיים.

ווענן רוסלאנד בכלל האט ער זיך או'סגעדריקט, דאס מען מוז זי צורוה לא־זען און בעסער העלפען איהר צו קומען צו זיך.

רוסלאנד — זאגט א'גריידי — איז ווי א קליין קינד, וואס טאפט אין דער פינס־טער. רוסלאנד האלט אבער שנעל אין וואקסען. זי איז אזיאטיש און א'הר פעלט אמוועניגסטען א טויזענד יאהר ציוויליזא־ציע. מיר טוען אבער איהר געבען צייט און הילף.

א"גריידי איז זעהר נעגען אינטערווענ־ציע, און דענקט, אז עס איז א נארישער חלום צו גלויבען אירגענד וועלכע האפנונגען אויף קאלטשאקען אדער דעניקינען.

— אפילו א פינף מיליאנענדיגע גוט אר גאניזירטע ארמי', — האט ערקלעהרט א'־גריידי — וואלט אויך געמוזט פארניכטעט ווערען אין דער ברייטער, גרויסער מיט פארשייהענע פעלקער באזעצטער רוסלאנד די אייניציגע האפנונג ליגט פאר רוסלאנד אין בילדונג.

וואש'נגטאן, יאנ. 2. — אן אליאירטע מיסיע וועט איינגיכען באזוכען רוסלאנד און נאכפארשען אויפ'ן פלאץ די דאורטיגע...

לעבענס־באדינגונגען. דיעזער פאקט איז ה'ינט באקאנט געווארען, דורך דעם וואס אין דעם היינטיגען טעגליכען באריכט פון פלאטען־באפעהלען איז פעסטגעשטעלט גע־ווארען, דאס אדמיראל ניוטאן א. מעקאלי, וועלכער איז געווען מיט דער פלאטען קא־מיסיע צו באשטימען דעם וואפענשטיל־שטאנד מיט ד'יטשלאנד, איז באשטימט געווארען פאר „א פליכט־שליחות נאך רוסלאנד".

די בעאמטע פון דעם פלאטען דעפארט־מענט האבען זיך ענטזאגט צו געבען וועל־כע ניט איז ערקלעהרונג, זאגענדיג, אז די שליחות פון אדמיראל ניוטאן נאך רוס־לאנד איז א קאנפידענציענעלע.

דער גאנצער פראיעקט ווערט איינגעווי־קעלט אין א מיסטעריע, ווי אין פלאטען, אזוי אויך אין דעם אויסערן דעפארטמענט.

## הרב פערלמוטער און דער ראבינאט.

ווי מען איז מודיע דעם לאנדאנער איד. קאר. ביורא איז דער ווארשעווער ראבינאט שטארק אויפגעבראכט אויפ'ן רב פערלמוטער און איז ברעה צו געבען איהם דימיסיע.

די אויספארשונגס קאמיסיע ביים ראַ־בינאט האט באשלאסען, ארויסרופען הרב פערלמוטער גלייך נאך זיין אנקומען קיין ווארשא און פארלאנגען אן ערקלעהרונג וועגען א רייהע פראגען.

הרב' פערלמוטער וועט קודם כל דאר־פען ערקלעהרען, פאר וואס ער האט אין זיין בקשה וועגען אורלויב געשריבען, אז ער רייזט אב קיין האלאנד זיך קורירען, בעת די פארשטעהער פון דער אגודה הא־בען פאר דער קאמיסיע מודיע געווען, אז זיי האבען איהם ספעציעל ארויסגע־שיקט וועגען באשטימטע פאליטישע ענינים. פאר וואס ער זוימט זיך שוין 4 חדשים אנשטאט די 4 וואכען וואס ער האט בעקומען. אויף וועלכען צוועק ער האט געזאמעלט געלד אין לאנדאן. פון וועלכע מיטלען ער האט זיך די גאנצע צייט אויפגעהאלטען אין לאנדאן. — ווייל פארן פארייזען האט ער זיך גע־ווענדעט צו דער גמינע, פאר נאך 1000 מארק א שטייער אויף די רייזע־הוצאות.

———::———

## לארד ראטשילד און הערבערט סעמיועל אלס ציוניסטישע דעלעגאטען.

ווי מען גיט איבער דעם לאנדאנער איד. קאר. ביורא וועט די ציוניסטישע ארגאניזאציע דעלעגירען צו דער צוקונפ־טיגער ציוניסטישע יאהרעס־קאנפערענץ אין באזעל לארד ראטשילד און מר. הער־בערט סעמיועל.

## פורישקעוויטש קעגען פאגראמען.

דער ראט פון דער אלרוסישער נאציא־נאלער מלוכה־פארטיי אין יאלטא, האט פארעפענטליכט אין דער לאקאלער פרע־סע אן אויפרוף, אין וועלכען די באפעל־קערונג ווערט געווארענט פון באטיילי־גען זיך אין פאגראמען געגען אידען.

דער אויפרוף איז אונטערגעשריבען פון פורישקעוויטשען.

———::———

## דעטראיטער אידען שיקען קליידער פאר זייערע קרובים

50 אוטאמאבילען וועלען ארומפאהרען איבער דעטראיטער אי־דישער געטא, זאמלען קליידער פאר די אידישע נאקעטע און בארוועסע אין אייראפא. וואלונטירען קומט אין 204 הענקאק עוועניו.

היינט האט זיך געעפענט דער פיפעלס רעליעף קאמפי'ן צו זאמלען קליידער אין דעטראיט פאר אונזערע אומגליקליכע שוועסטער און ברידער אין אייראפא.

עס איז ניטא גענוג ווערטער מיט וואס צו שילדערען די לאגע פון די אידען אין פוילען און רומעניען. עס איז איבער גענוג אז איהר זענט א איד, עס איז גענוג צו וויסען, אז עס איז ווינטער און אייער ברודער ווערט פארפרארען פון קעלט, האט איהר נאך ניט צוגעגרייט קיין פע־קעל זאלט איהר דאס גלייך טאן.



זוכט אויס אין אייער הויז אלע ארטיק־לען וואס א'הר קענט אפשפארען. סוטס, קאוטס, סוועטערס, שיך, העמדער, זאקען, מאכט א פעקעל און לעגט עס אוועק אין אייער קארידאר. אן אויטאמאביל וועט זיכער פארבייפאהרען אין אייער נאס.

אויפ'ן אויטאמאביל וועט זיך געפ'נען א קאמיטע וואס וועט טראגען בעדזשעס פון דער פיפעלס רעליעף. גיט זיי דאס פעקעל. און שרייבט אויף אייער נאמען. די קאמיטע וועט א'יך געבען א רעסיט, און א קאפיע דערפון וועט בלייבען מיט אייער פעקעל.

טאמער האט די קאמיטע פארפעהלט צו זיין ביי אייך היי'נט, טעלעפאנירט אין אפיס פון דער היגער פיפעלס רעליעף, קע־דילאק 2061 און א קאמיטע וועט אייך באזוכען אין מיט'ן דער וואך און אוועק־נעהמען דאס פעקעל.

געדענקט אבער פארלאזט ז'ך ניט אויף אנדערע. דערמיט וואס אנדערע וועלען געבען וועט איהר נאך ניט יוצא זיין. יע־דער איד, מאן אדער פרוי מוז עפעס ביי־שטייערען. יעדער איינער האט אלטע זא־כען וואס ער טראגט ניט מעהר.

נ'יע קליידער זענען אין אייראפא מיט גאלד צוגלייך און דער אלטער ראק, אדער סוט וואס איהר וועט שענקען, וועט ראַ־טעווען א אידען פון אונטערגאנג.

מאכט אלזא גלייך א פעקעל און זעהט אז די פיפעלס רעליעף זאל דאס באקומען. די אלע קליידער וועלען דערנאך אריבער־געשיקט ווערען דירעקט צו די אידען אין פוילען און אנדערע לענדער.

דעטראיטער אידען העלפט ראטעווען די אידען אין אייראפא. העלפט זיי באקליידען און באשוכען, העלפט אזוי שנעל ווי מעג־ליך, אזוי גוט ווי איהר קענט!

די פיפלס רעליעף נויטיגט זיך אויך אין נאך וואלונטירען. טויזענדער איד'שע חיי־זער דארפען באזוכט ווערען דורך דער צייט פון דעם קליידער קעמפיין.

קומט גלייך אין 204 הענקאק עוועניו אין אידישען אינסט'טוט און פארשרייבט זיך אלס וואלונטיר!

העלפט זאמלען די פעקלאך קליידער פאר די אידען אין די פאגראם לענדער! העלפט מאכען דעם קליידער קעמפיין פאר א גרו'סען, ריעזיגען ערפאלג!

## פאלים קאמישיאנער האט א „פיט" מיט א דעטעקטיוו.

דר. אינטשעס, דער ה'גער פאלים קא־מישיאנער איז ניט קיין איבערגעשראקע־נער, כאטש ער איז שוין 60 יאהר אלט. אין א פארהער וועגען 2 דעטעקטיווס וואס ווערען באשולדיגט אז זיי האבען גענומען כאבאר, וועהרענד זיי האבען געראפט אויסרייניגען דעטראיט פון פארברעכען און זינד, האט איינער פון די דעטעקטיווס אריינגעשריען דעם קאמישיאנער אין גע־ז'כט אריין, אז ניט נאר ער, נאר דער גאנ־צער „סקוואד" האט אפגערייניגט 60,„3 דאלאר פאריגעס יאהר אין דעטראיט.

— ביזט א געמיינער ליגנער! — האט דער קאמישיאנער אויסגעשריען צו דעם דעטעקטיוו און איהם או'פגעפאדערט ארער צו באוויי'זען, אדער ארויסצוגעהן מיט איהם אויף אן אפענעם „פייט".

דער פארהער וועגען די 2 דעטעקטיווס איז נאך ניט פארענדיגט.

———::———

## הייסט די „צוריסענע נשמות" אין ניו־דעטראיט.

מר. לעאן קרים, וועלכער איז לעצטענס אין קליוולאנדער אידישען טעאטער האט זיך ענדליך מרחם געווען אויף אויך אונ־זער דעטראיט, ברענגענדיג אהער די דאר־טיגע טרופע או'ף היינט מאטינעע און אווענד. כמעט אלע פלעצער זענען שוין אויספארקויפט געווארען און א גרויסער עולם וועט געוויס געהן צוריק מיט לעדי־גען.

אין נויארק איז די פרעסע געשפיעלט געווארען 20 וואכען פאר געפאקטע הייזער.

———::———

## הויז אוו עפשטיין א יוניאן הויז.

מר. אב. עפשטיין, דער אייגענטימער פון דער הויז אוו עפשטיין לאזט אונז ווי־סען, ווען מיר געהען צום דרוק, אז דער סכסוך מיט דער איסט סייד פלעקס יו־ניאן איז געסעטעלט.

ד' הויז אוו עפשטיין איז אלזא ויעדער א יוניאן הויז.

# היינט עפענט זיך דער קליידער קעמפיין פון דער פיפלס רעליעף

# עניים ואביונים

## אדער גליקליכע און אומגליקליכע

ראָמאַן — פון מרדכי ספּעקטאָר

(פאָרטזעצונג)

זינוויל וואס האט אונטער די אויערען פון דער קעלנע הינטער ארום אויך געהערט ווי רחל האט דערצעהלט, האט ער אויך א גאנצען וועג אנגעהויבען זיפצען און קרעכ־צען אויף די גרויסע חטאים פון די היינטי־וועלטיגע אידען און נגנע לייט, וואס האבען זיך פארבלאנדזעט אויף דעם שלעכ־טען וועג און פארשטעהט זיך מעהר פון אלע באשולדיגט דם קאמיסיאנער; עס איז איהר טאקע בעת מעשה אויפגעקומען אויף די געדאנקען אז אי״ה שבת ביים רבין אין קלויז, נאך דעם טיש וועט ער, דערצעהלען ד חסידים ווי אין וועג רחמנא לצלן האט ער געהאט א גאנצע פלפול מיט אן אפיקו־רוס און האט איהם בייגעקומען, ר. ה. 18 מאל איהם פארשטעקט אין גארטעל.

דער בעל עגלה האט אויך געזיפצט פון רחלס ערצעהלונג און האט זיך מיט דעם חסיד אויף דער קעלנע איבערגערעדט פון דעם אידישען גלות און פון די אידישע זינד, און זיינוויל האט איהם דערצעהלט פו די חסידישע ספרים אז אידען ליידען תמיד פון די אפיקורסים און דאס בית המקדש איז אויך חרב געווארען איבער זיי און דער ליזשינע בי ז״ל איז געזעסען אין טיזמע איבער פאלשע וועקסלען אויך אי־בער זיי, און דעם מאקראוורם טאכטער האט זיך געגומען אן דער זייט אויך איבער זיי! און אידישע סאלדאטען נעמט מען אויך איבער זיי, און אידישע פאגראמען איז אויך איבער ז, אבער די אפיקורסים און דער רבי אליין האט געזאגט היינט־גען ראש השנה ביים טיש אז ווען ניט די אפירקוסים וואלט אליין משיח געקומען, קיין פאגראמען וואלטען ניט געווען און קיין אידע וואלט מען ניט גענומען פאר סאלדאטען.

דער בעלעגלה האט גערעדט צו די פערד און אויסגעהערט דעם חסידס ווער־טער ווי מען הערט תורה פון אן איידעלען אידען און האט ווייטער געקרעכצעט אויף גלות השכינה—

דער בעל עגלה״שער קאפ אבער איז גע־ווען פארנומען מיט עפעס אנדערש, מיט עפעס פרעהליכערס.

אזוי זענען זיי אבגעפאהרען ביז אין ער שטען שטעדטיל, דארט ווי דער שטייגער איז, האט מען ווייטער געפאסעט די פערד דער בעל עגלה האט געוואלט בייטען די פערדלאך און ניט געביטען, נאר דערוויל געביטען מיט דעם בייטשעל און פארטרונ־קען, ביז נאט האט ווייטער געהאלפען, ער האט אנגעהויבען ווייטער שפאנען די פערד ווייטער צופאהרען אלע פארשוי־נען זענען שוין לאנג מיט געדולד געזעסען אויף דער פוהר, נאר דער פארשוין זיינ־וויל האט פלוצים געפעהלט.

נאטירליך ווען דער בעל עגלה זאל שוין געווען האב אבגנומען ביי זיינווילען די גאנצע פוהגעלד, וואלט ער זיך אפילו ניט אומגעקוקט און ווייטער געפאהרען אהן איהם, נאר אזוי ווי עס איז איהם נאך גע־קומען א האלב פוהר געלד האט ער זיך אומגעגוקט, נאך דעם ווי ער האט איהם געזוכט געשריגען, געזידעלט אלע שענדלי־כע ווערטר, האט ער זיינווילען געפינען זי־צען מיט זיין גאנצען קלומעס בי א פרעמ־דען בעל עגלה אויף אן אנדער פוהר.

אונזערע פארשוינען מיט דעם בעל עגלה׳ן האבען איהם פארוואונדערט גע־פרעגט נאך זיינוויל האט געשוויגען, נאך ווען דער בעל עגלה האט אנגעהויבען שלע־פען אונטער איהם זיין פעקעל האט ער אנ־געהויבען שרייען;

—איך וויל מיט אייך ווייטער ניט פאר־רע.

—פאר וואס? איהר האט דאך געדונגען ביז קיין ח... צום רבין.

—יא, נאר איהר האט מיך אבגענארט, דארום וויל איך מיט אייך מעהר ניט פאה־רען.

—מיט וואס האב איך אייך אבגענארט? דאכט זיך צום געפאהרען און אויך ניט קיין סך פארשוינען.

—איך האב מיט אייך אויסגענומען בפירוש אז איהר זאלט ניט נעמען קיין אידענעס אויף דער פוהר, איך פאהר קיין מאל ניט מיט קיין אידענעס ובפרט נאך אז איך פאהר צום רבין זאל מאריך ימים זיין.

—ווער האט אייך געזאגט אז איך האב גענומען אידינעס? דער בעל עגלה האט באלד חושד געווען זיינווילס נייעם בעל עגלה אז ער האט אויסגעטראכט אויף איט כדי ער זאל ביי איהם אפּרעדען א פארשוין און האט זיך גענומען צו דער בייטש, יע־נער בעל עגלה פארשטעהט זיך אויך, און די צוויי בייטשעןהאבען זיך אנגעהויבען פארטשעפען.

—ער האט ניט גענומען קיין שום אי־דענעס, האבען אנגעהויבען פארזיכערען די פארשוינען.

—נו און אט די אידענע? האט זיינוויל אנגעוויזען אויף רחלן...

אייניגע פון די פארשוינען האבען אין אנהויב גט פאשטאנען צו באמת וויל זיינוויל מעהט ניט פאהרען מיט רחלן, נאר ר׳ אהרן וואס קען גוט חסידים האט דאס באלד פארשטאנען.

—פאר וואס זשע זענט איהר געפאהרען מיט איהר ביז אהער? האט איהם ר׳ אהרן געפרעגט?...

—איך וואלט ביז אהער אויך ניט געפאה־רען, נאר וואס קען מען טאן בשעת א סכנה רחמנא לצלן, אונזערע חכמים זאגען אויך אז בשעת סכנות נפשות מעג א איד אפילו אום שבת פארלעשען פייער.

—וואס פאר א סכנות נפשות איז דען דא געווען ביי אייך?

בפירוש א סכנות נפשות—ווען למשל א שטייגע איך זאל אין מיטען וועג ניט געווען וועלען פאהרען וואלט איך זיך באַ־דארפט געהן צו פוס אליין איבער פוסטע וועלדער, פעלדער וואס דארטען געפינען זיך א סך חיות רעות און וואלטען מיך ח״ו געקענט פארצוקען, וואס זשע האב איך געזאלט טאן? באלד ווי די מיידעל האט זיך אויפגעזעצט אויף אונזער פוהר, האב איך טאקע ניט געוואלט פאהרען, נאר איך האב באטראכט ווי די סכנה איז גרוים פאר מיין נפש האב איך זיך געמאכט א היתר על פי דין און בן חאטש געפאהרען

(פארטזעצונג פאלגט)





אונזער נייער טעלעפאן איז מעין 3715

בקווירער לאנדסלייט אויפמערקזאם!
—::—

בא א מאסמיטינג פון סקווירער לאנד־סלייט וועלכער איז אפגעהאלטען געווא־רען זונטאג דעם 28־טען דעצעמבער בא וועלכען מיר האבען געקראגען איין גרוס פון געוויסע אומגליקליכע סקווירע וועל־כע דער שיקאגאר פאראיין האט אונז צו געשיקט איז געזאמעלט געווארען 905 דאל. מיט דער אנוועזענהייט פון איין קליינער צאהל מעמבערס, אויך איז ער־וועהלט געווארען איין דעלעגאט מר. ראַ־בינאוויטש, וועלכער פאהרט נאך ניו־יארק מיט דעם צוועק פאר איינצעלנע גרוסען פאר דעטראיטער לאנדסלייט. אלזא יעדער סקווירער וועלכער אינטערע־סירט זיך און וויל האבען אין גרוס פון זיין היים דארף קומען צום נעקסטען מי־טינג וועלכער וועט אפגעהאלטען ווערען נעקסטען זונטאג דעם 4־טען דזשענוארי 1920 3 אוהר אין בערעזניצער שוהל,

228 וואטסאן סטריט
די קוויטירונג פון די געלדער וועלען געדרוקט ווערען נעקסטען מאהל· מיט גרוס עקזעקוטיוו קאמיטע·

---

דער רוסישער קא־אפעראטיווער רעסטאראן לאדעט איין אלע מעמ־בערס צו קומען צו דעם זעהר וויכטי־גען מיטינג שבת 8 אוהר אבענד דעם 3־טען יאנואר 1920, אין 468 הייס־טינגס סטריט.

---

פארלאנגט א בענק טעלער מיט עק־ספיריענס· איינער וואס רעדט אי־דיש, רוסיש מעגליך פויליש· ווענט זיך גוט באצאהלען פרעגען בענק אין דעטראיט, 477 הייסטינגס סט·

---

א מיידעל בובהאלטערין, טייפרייטער־רין אין עקספיריענס אויף עדינג מאשינען· פרעגען באנק אין דעט־ראיט, 477 הייסטינגס סט·

---

# נייעס נייעס

# וועלדינג

אויב עפעס אין וועלדינג ווענדעט זיך צו אונז מיר זיינען עקספערט וועלדערס פון אלע מעטאלען מיר טהון פארשיעדענע מעקעניקעל ארבייט. אלעס אין אייזען, ברעס פון הויז ארטיקל ביז די שווערסטע אטא מאביל פארטס. ווען צובראכען ווארפט זיי ניט ארויס מיר וועלען דאס דורך וועלדינג גאנץ מאכען. אונזער ארבייט איז גאראנטיר.

**M. Chereshnia**

596 St. Anton

Cor. Erskine Tel. Cherry 6043R

---

# אידיש טעאטער

## אין ניו דעטראיט אפערא הויז

4 גרויסע סטארס אויף איין ביהנע

צוזאמען מיט א ריעזיגע קאמפאני פון ניו־יארק

בלויז פאר צווי פארשטעלונגען

## היינט מאטינע און אבענד 4־טען יאנואר

—אין—

## צוריסזינע נשמות

דער גרעסטער סענסיישאן פון דיעזען סיזאן אין ניויארק.

די מעלאדראמא וואס איז געשפיעלט געווארען 20 וואכען אין ניויארק פאר געפאקטע הייזער.

דער גרעסטער אידישער קאמיקער בערנארד בערענשטיין,

דער בעריהמטער כאראקטער קינסטלער דייוויד באראץ,

די שענסטע אידישע סוברעטין עלי קעסמאן

און דעטראיטער ליעבלינג די באגאבטע דראמאטיסטען ראזעטא קאהן.

טיקעטס שוין צו באקומען אין סוירקעל טעאטער, 504 הייסטינגס סטריט.

טעל. טשעררי 6619.

באזארגט אייך באצייטענס מיט טיקעטס ווייל זיי וועלען שנעל אויספאר־קויפט ווערען.

---

# Cadillac Theatre

סמארט בורלעסק

מאטינעע טעגליך לידיס 10ס.

סעם ליווי, מענעדזשער

היינט און א גאנצע וואך

# די קעווּפיע דאלס

מיט טאם האווארד

---

# סיום התורה אין תפארת ישראל שול

זונטאג יאנואר 4· יום א. פרשה שמות יו"ג טבת, 2 אוהר נאכמיטאג וועט פארקומען א סיום התורה אין דער תפארת ישראל שוהל, 575 קעמראן ווענין, הרב איישישקין וועט זיין איינער פון די רעדנער.
ד ספר תורה וועט געגומען ווערען פון מר. לב וואלף, 247 וועסטמינסטער ווענין.

---

# DETROIT USED CASH REGISTER CO

## 66 BROADWAY



אלערליי געניזטע קעש רעדזשיסטערס, אלערליי מייקס געקויפט און פערקויפט אדער אויסגעביטען.

איהר מוזט האבען א קעש רעדזשיסטער, איהר קענט זיך אהן דעם ניט באגעהן, מיר וועלען אייך סייפען געלד און געבען די זעלבע צופרידענהייט ווי פון נייע.

בעזוכט אונז איידער איהר קויפט א רעדזשיסטער.

טעלעפאן קעדילאק 5112.

---

# א ברית שלום לאדזש

## אין אקלאנד

מיר האבען שוין געשריבען וועגען די ברית שלום לאדזשען אין דעטראיט ביי פארשיעדענע געלעגענהייטען, וועגען זייער גוטער ארבייט פאר די מלחמה קרבנות, זייערע פראטעסטען אנטקעגען די פאגראמען אויף אידען און וועגען זייערע באטייליגונגען אין אלע וויכטיגע אידישע געלעגענהייטען. איצטער האבען מיר א נייעס

## פאר די אידען אין אקלאנדער געגענד

די נייעס איז, אז אוקלאנדער אידען האבען שוין לאנג געפיהלט די נויטווענדיגקייט פון א ברית שלום לאדזש און ענדליך וועלען זיי דאס האבען.

## קומענדען זונטאג, דזשאנואר דעם 10טען

וועט שטאטפינדען

## א מאססען פארזאמלונג

אין דער

## אין דער אקלאנדער קאנגרעגיישאן אהבת אחים

פאר די יעניגע וואס זענען ניט באַ־קאנט מיט דעם אינדעפענדענט ארדען ברית שלום איז ווינשענסווערט צו וויסען או דער ארדען איז דער איינגסטער אידי־שער ארדען, געגר'נדעט אין 1906, בסך הכל ערשט 14 יאהר אלט, דאך האט זיך דער א. א. ב. ש· ארויסגעוויזען זעהר אקטיוו און לעבענס פעהיג. דער בעסטער סימן איז, אז דער ברית שלום צעהלט שוין העכער 56 טויזענד מיטגליעדער אין לאנד, האט ברענטשעס אין 23 סטייטס· ארום און ארום 387 לאדזשען. אין דע־טראיט איז דער אינדעפענדענט ארדען ברית שלום ערשט 3½ יאהר דאך האט ער דא פינף ברענטשעס.

דער ברית שלום צאהלט טויזענד דא־לאר אינשורענס און דיסאבּיליטי·

מעהר איינצעלהייטען קען יעדער באקומען אויף דעם מאסענפערזאמלונג דער ברית שלום האפט אז אלע אוקלאנ־דער מענער און פרויען וועלען קומען צו דער פערזאמלונג און זיך פארשרייבען אלס מיטגליעדער אין דעם נייעם ברית שלום לאדזש אין אוקלאנד·

מיטגליעדער צום ברית שלום לאדזש ווערען ארי'נגענומען אין עלטער פון 1 ביז 55, עס מאכט ניט אוים אויב איינער איז סינגעל אדער פארהייראט.

ביי דיעזען מיטינג וועט אויך באשלא־סען ווערען ווי אזוי' מען זאל א נאמען גע־בען דעם ני געבארענע קינד פון אונ־זער באליעבטען ארדער ברית שלום·

די מיטגליעדער וואס וועלען זיך פאר־שרייבען ביי דעם מאסענפערזאמלונג וועלען פארבלייבען טשארטער מעמבערס.

קומט אין מאסען און ווערט טשארטער מעמבערס.

מיט גרוס

די ארגאנדזשמענטס קאמיטע א· א· ב. ש·

---

# צו אלע אידישע פרויען אין דעטראיט

דער ווינטער־איז שוין דא און אייערע קרובים אין איראפא, אייערע שוועסטער און ברידער מיט זייערע קליינע קינדער ווערען פארפרארען פון קעלט. זיי וואלטען זיך געשעצט גליקליך צו טראגען די אלע קליידער וואס איהר ווארפט אוועק

דעריבער האט די היגע פי פעלס רעליעף באשלאסען אנצופיהרען א קאמפיין פאר

## קליידער פאר אידישע מלחמה און פאגראם קרבנות

דער קאמפיין וועט זיך אנפאנגען

## זונטאג דעם 4טען יאנואר

אויטאמאבילען וועלען אומפאהרען איבער דער שטאדט און וועלען האבען אויפשריפטען פון דער פיפעלס רעליעף.

## שיקט קליידער פאר די אידען אין איראפא

אידישע פרויען, ריינינט אויס אייער הויז, זאמעלט צונויף אין א פעקעל און שיקט עס דורך דעם אויטאמאביל אין אפיס פון דער פיפעלס רעליעף.

שיקט קליידער, העמט, שיך, זאקען, קינדערשע קליידלאך. מיט איין ווארט יעדע זאך וואס קען צונוץ קומען א פאמיליע אין איראפא. געדענקט אז אייערע אלטע קליידער וועלען ראטעווען א אידישע פאמיליע פון אונטערגאנג.

פאר מעהר איינצעלהייטען ווענדעט זיך צו דער

**Jewish Peoples Relief 490 Hastings St.**

---

צו וואס צאהלען מייער פאר

דיימאנדס
וואטשעס
רינגען
לאוואליערס

ווען איהר קענט קויפען ביליג דירעקט פון די

***The Boston Wholesale Jewelers***

169 Griswold Street

3טער פלאר, נעמט דעם עלעוויטער.

---

# COLONIAL

Woodward at Sibley

מאטינעעס: 15 סענט און 25 סענט. אוועגטען: 25, 30 און 50

די וואך אנפאנגענדיג מאנטאג, דעצעמבער 22, מאטינעע אום 1 פ. מ.

די וואך הויבט זיך אן מאנטאג

# א רייס אין ליבע

אויך 5 אקטען לאעווס וואדעוויל

מיט א קאמפאני פון 12 אקטיארען, מייסטענס מיידלא[...]

סקרין פיטשור, בעססי בארימאור אין באקאנטע וועגע[...]

---

קומט אין מאססען קו[...]

צו דעם

# ערשטען יעהרליכען בא[...]

פון דער נייער ווילקינס סט.

# תלמוד תורה

געגעבען פון די ליידיעס אקזילערי

היינט אווענד יאנואר 4טען.

אין די פראכטפאלע ארענא גארדענס

וואודוואַרד און הענדרי איינטריט $1.00 פער קאפ[...]

---

# פאר אקלאנד

די איינציגע ריינע שעהנע

# דעליקאטעסען און לייט לאנטש סטאר

וואו איהר עסט און האט הנאה און איהר פילט [...] די הויכע פרייזען

# 735 אקלאנד עווע.

---

צום ערשטען מאהל אין דעם

# חסידים באל מיט פרייזען

מיט — — — — — — — — א רבין
מיט — — — — — — — — גבאים
מיט — — — — — — — — חסידים
מיט — — — — — — — — א טיש
מיט — — — — — — — — שיריים
מיט — — — — — — — — פדיונות
מיט — — — — — — — — עקרות
מיט — — — — — — — — גלגולים
מיט — — — — — — — — קאליקעס
מיט — — — — — — — — פרנסה זוכער

## אין גרויסען אטאפיע האל

הי און הייסטינגס סטריט

# שבת שירה אבענד

# דעם 31טען יאנואר 1920

אריגינעלע מאסקעס אין חסידישע מי פען

וועלען קריגען די בעסטע פרייזען

אינפארמאציע צו קריגען אין 204 הענקאק און אינסטיטוט

דער וועג
THE DETROIT JEWISH DAILY
Published Daily, Except Saturdays and Jewish Holidays, by
DER WEG PUBLISHING COMPANY, INC.
347-49 Hastings St., Detroit, Mich. — Main 3715.
J. RABINOWITZ, Pres. — JOS. R. LEEMON, Sec.-Treas.
(Entered as Second Class mail matter at Post Office, Detroit, Mich.)
Subscription Price: By mail, or carrier, one year, $5.00; six months, $2.50.

# קליידער פאַר די אידען אין אייראָפּאַ

הײנט עפענט זיך דער קליידער קאמפיין פאר אונזערע ברידער און שוועסטער אין אייראפא. זאלען מיר אייך נאך א מאהל דערצעהלען ווי וויכטיג עס איז א בגד אויף דעם נאקעטען גוף פון דעם אייראפעאישען אידען?

עס קען זיין אז דער אמעריקאנער איד וועט עס גאר ניט פיהלען, ניט פארשטעהן. אויב מען זאל אננעהמען אז דער זאטער גלייבט ניט דעם הונגעריגען, דאן איז אומזיסט אונזער שרייבען. דעם אמעריקאנעם אידען לעבט זיך צו גוט. ער לעבט אין א צייט ווען געלט איז ביליג, ווען עסען איז דא לרוב און פאר קליידער צאהלט ער דעם העכסטען פרייז.

און ווען די לאגע איז אזא, פאדערען זיך הארבע ווערטער, שווערע, בלייענע ווערטער. וואס זאלען פאלען ווי האגעל איבער'ן קאפ און זאלען איינעם גוט דורכטרייסלען ביז די טיפעניש פון דער נשמה.

עס פאדערט זיך דאריבער אנצושטרענגען די אייגענע פאנטאזיע און זיך פארשטעלען כאטש אויף איין מאמענט וואס עס לעבט איבער א אידישע פאמיליע איצט אין פוילען אדער גאליציען, ליטא אדער רומעניען. שטרענגט אלזא אן אייער פאנטאזיע און שטעלט זיך פאר, אז מענשען וואס איידער די מלחמה האט אויסגעבראכען האבען געוואוינט הינטער א דאך, האבען געהאט פרנסה, וואס שליסט איין עסען, טרינקען און קליידער, און האבען נאך פון צייט צו צייט אליין געזאגט פאר נויטבאדערפטיגע אין זייער שטאדט, דאן איז געקומען די מלחמה מיט אלע איהרע שוידערליכקייטען און האט פון זיי אוועקגעריסען זייערע ליעבסטע זיהן, זייערע ברויטגעבער און פארזארגער. די מענשען זיינען פארטריבען געווארען פון זייער היים, האבען פארלארען אלעס וואס זיי האבען פארמאגט, און איידער זיי האבען צייט געהאט ערגיץ צו באזעצען זיך, זיינען זיי אויפס ניי געטריבען און געיאגט געווארען. די דאזיגע טייפעל שפיעל האט אנגעהאלטען דריי-פיער יאהר און זייער איינציגע האפנונג איז געווען, אז די מלחמה וועט פאראיבער און דער שלום אויף דער וועלט וועט זיי אויך ברענגען רוה. נאר ערשט ווען דער וואפענשטילשטאנד איז דערקלערט געווארען האט זיך איבער זייערע קעפ אויסגעגאסען א פרישער צארן. פאגראמען אין פוילען, פאגראמען אין אוקראינע, פאגראמען איינער שוידערליכער פארן אנדערען, וואס האבען צו זיך קיין גלייכען ניט אין דער געשיכטע פון דער מענשהייט, און וואס מאכען גליווערען דאס בלוט אין די אדערען ווען מען לעזט די איינצעלהייטען. מענשען וואס האבען דאס איבערגעלעבט קענען קוים זיך האלטען אויף די פיס, קענען אנווערען יעדער פעהיגקייט זיך אליין יעדער אמאל צו העלפען.

אזעלכע מענשען זיינען אויסגעשטעלט צו דעם רחמנות און מיטגעפיהל פון זייערע מיטמענשען. און דאך ווילען מיר ניט איהר דא אין אמעריקע, איהר די זאטע און צופריעדענע זאלט [illegible] אויף דער אנגעלעגענהייט ווי אויף א מין „טשאריטי". [illegible] שאריטי איז עס, נאר צדקה-גערעכטיגקייט.

עס איז ניט מעהר ווי יושרדיג, אז דער וואס האט זאל אין זינען האבען דעם וואס האט ניט.

דער זעלבער שיקזאל האט אויך אייך געקענט טרעפען. איהר אלע אריבערגעקומענע פון יענער זייט ים זייט בלויז דורך א צופאל די גליקליכערע. עס האט פונקט אזוי געקענט פאסירען אז איהר זאלט זיך געפינען אין פוילען איצט, און איהר זאלט שמאכטען אין הונגערען, פרידרען פון קעלט און ניט האבען מיט וואס אייער קראנקען, פארוואונדעטען, נאקעטען גוף צו באקליידען! נאך א זאך; מיר אלע וואס האבען ניט קיין בריעף פון דער היים, וואס שיקען געלט און ווייסען אפילו ניט אויב דאס געלד ווערט ערהאלטען, מיר אלע מעגען ערווארטען, אז קליידער זאלען ניט נאר אנקומען צו פרעמדע אידען וואס דאס מאכט אייך ניט אויס, נאר מיר מעגען אפילו ערווארטען אז אונזערס א בגד זאל אנקומען צו אונזער אן אייגענעם ברודער, אן אייגענעם טאטען, אן אייגענע שוועסטער מען מעג עס ערווארטען און דאריבער איז דא בלויז איין אויסוועג; געבען, און געבען, געבען אלעס וואס מיר קענען נאר אפשפארען. עס וועט ניט זיין איבערגעטריבען צו זאגען אז דאס אידענטום פון גאנץ אייראפא איז איין גרויסער נאקעטער גוף, און דער דאזיגער גוף מוז באקליידעט ווערען.

און אויב בא אייך שפיעלט א ראלע איינעמ'ס אדער פרעמדעס, [illegible]אן זאלט איהר זיך פארשטעלען, אז די קליידער וואס מען זאמעלט הײנט און די גאנצע צייט פון דעם קאמפיין זענען פאר אייך אליין, פאר אייערע אייגענע טאטע מאמע, פאר אייערע שוועסטער און ברידער, פאר אייערע קרובים, פאר אייערע לאנדסלייט.

עס טארען אייך ניט איינגעהן אייערע שמחות, עס דארף אייך ניט באקומען אייער ווארעם געלעגער, עס דארף אייך ניט אנשטעהן ארויסצוגעהן פון הויז באשוכט און באקליידעט ביז איהר זאלט ניט האבען באזארגט א אידישע פאמיליע אין אייראפא מיט קליידער.

געדענקט אין אייערע עלטערען, וואס האבען פאר אייך געבלוטעט ווען איהר זענט געווען קליין. געדענקט וואס זיי האבען געפיהלט ווען איהר זענט געווען פארקעלטערט.

געדענק, אז איהר זענט זיי שולדיג א גרויסען חוב. איהר האט איצט א געלעגענהייט דעם חוב צו באצאלען!

# די קאמיטע פון די „48" און איהרע פאליטישע אויסזיכטען,

פון ז. לאַרבער.

די „קאמיטע פון דיא 48" וועלכע שטעלט מיט זיך פאר דיא פארטרעטערשאפט פון דער ליבעראלער אינטעליגענציע אין אמעריקא, וועט ווי עס ווייזט אויס צו קיין גאר הויכער פאליטישער מדרגה ניט דערגרייכען. די קאנווענשאן וואס דיזע קאמיטע האט לעצטענס אפגעהאלטען אין סט. לואיס האט דאס גאנץ קלאהר בעוויזען.

די הויפט שטרעבונג פון דיזער פאליטישער ליבעראלער קערפערשאפט איז געוועזען צו ארגאניזירען א נייע פאליטישע פארטיי אין אמעריקא וועמעס צוועק עס האט געזאלט זיין צו דורכפיהרען א געוויסע רייהע פון פאליטישע רעפארמען און צוא פערווירקליכען דאס וואס עס האט זיך ניט איינגעגעבען יענע ליבעראלען און רעפארמער וועלכע האבען זיך אין 1912 פארבונדען מיט דער „עליו השלום"-דיגער פראגרעסיווער פארטיי.

די „קאמיטע" האט זיך אבער אנגעשטויסען אויף זעהר פיעל שוועריגקייטען, וועלכע זי איז בשום אופן נישט בכח געוועזען בייצוקומען. איינע פון דיזע פאליטישע שטרעמונגען מוז אהן צווייפעל בעטראכט ווערען דער פאקט פון דער ארגאניזירונג פון א לייבאר פארטי' אין אמעריקא. עס איז דא פארגעקומען אזוי ווי די לייבאר פארטיי האט פערכאפט דעם ווינד פאר דער „קאמיטע פון דיא 48", און איז ארויסגעטראטען מיט אזוי פיעלזייטיגען פראגראם, וועלכער האט אויך פלאץ געמאכט פאר די ליבעראלען און אידעאליסטען פון דער 48-ער קאמיטע.

דער שטארקסטער מאטא מיט וועלכען דיא ליבעראלער רעפארמער האבען זיך בענוצט צו רעכטפערטיגען זייער פאליטישע טענדענצען, איז געוועזען דער פאקט פון דעם זאגענאנטען פאליטישען מאנאפאל וועלכען זייא האבען ענטדעקט אין די רייהען פון ביידע אלטע פאליטישע פארטייען. דיא אנהענגער פון דער 48-ער קאמיטע האבען אנגעוויזען אויף דעם פאקט אז צווישען דער רעפובליקאנער און דעמאקראטישער פארטייען עקזיסטירט שוין ניט מעהר קיין ווירקליכע פאליטישע קאנקורענץ, און אז דיא קאנקורענץ וואס דיזע פארטייען פיהרען צווישען זיך און אין דער עפענטליכקייט איז ניט מעהר בלויז ווי לפנים ווענג. [illegible] פון דיא אלטע עקזיסטירענדע פארטייען.

פארלויפיג האט נאך די קאמיטע ניט ארויסגעטראגען אין איהר פראגראם אזעלכעס וואס מען זאל דאס נישט געפינען אין די פאליטישע פראגראמען פון די שוין עקזיסטירענדע פארטייען אריינגערעכענענדיג, פערשטעהט זיך, אויך דיא סאציאליסטישע פארטיי און דיא נאר וואס בעשאפענע לייבאר פארטיי. דיא „קאמיטע" האט נאך ביז איצט נישט געענט אזעלכעס וואס זאל איהר געבען דעם שארפען אויסדרוק פון א וואהרער פאליטישער קערפערשאפט מיט איינגענארטיגע פאליטישע פראבלעמען. די קאמיטע אויף איהר לעצטען קאנווענשאן אין סט. לואיס האט זיך געפיהלט כמעט אין דער זעלבער לאגע ווי עס האבען זיך געפיהלט די גרינדער פון דער אמעריקאנער לייבאר פארטיי אויף דעם לעצטען קאנווענשאן אין שיקאגא. ביידע, די קאמיטע און די נייע לייבאר פארטיי האבען געפונען פאר נויטיג צו מאכען געוויסע קאמפראמיסען מיט יענע עלעמענטען וועלכע קענען זיין זעהר נוצליך ביים סאמע ערשטען ארויסטריט פון א פאליטישען קאמפיין.

די ערשטע קאנווענשאן פון דער קאמיטע אלס א נאציאנאלע קערפערשאפט האט זיך שוין אויסגעצייכענט מיט א בעדייטענדער ענדערונג אין זייער פראגראם. ביז דער קאנווענשאן האט די קאמיטע געגלויבט אין פולער און אונבעגרענעצטער רעדע פרייהייט, ווען דיא קאמיטע איז זיך אבער צוזאמענגעקומען אין סט. לואיס האט זי שוין געפונען פאר נויטיג צוצושטעלען אן „אבער" צו דיזען פונקט וועלכער לעזט זיך שוין יעצט „מיט דער אויסנאהמע פון די וועלכע פרעדיגען גוואלדטהאטען".

און עס פרעגט זיך דארום יעצט, צוליעב וואס איז נויטיג געווען אזא מין סארט אויסטייטשונג אין דער שטעלונג צו דער פראגע פון רעדע פרייהייט? צו דען האבען זיך אין די רייהען פון דער 48-ער קאמיטע געפונען אזעלכע מענשען וועמען מען קען חלילה בעשולדיגען אז זיי זענען פרעדיגער פון גוואלדטהאטען? ווען מיר זאלען שוין אפילו אננעהמען אז אין דער קאמיטע געפ'נען זיך יא אזעלכע מענשען וועלכע האבען א סאציאליסטישע רעפוטאציע, נו, טא פרעגט זיך, ווען האבען דען די סאציאליסטען פון אמעריקא, און בפרט נאך די כשרה סאציאליסטען, זיך אמאל אויסגעשפראכען פאר פרייהייט צו פרעדיגען גוואלדטהאטען? וואס זשע פארט האבען די אויסען געוועזען די פיהרער פון דער קאמיטע מיט זייער אבזיכט צו כשר'ן זייער פלאטפארמע? איז דא אפשר ניט פאראן קיין פערדאכט אז דיזע נייע פאליטישע קערפערשאפט וועלכע איז צוזאמענגעשטעלט פון די ליבעראלע עלעמענטען פון לאנד וויל דאך אביסעל נושא חן זיין ביי די רעאקציאנערע עלעמענטען און ביי די יעניגע וועלכע זענען איצט שטארק פערטאן אין זייער געיעג אויף ראדיקאלען? וויל אויב ניט דאס איז געווען זייער מאטיוו פאר וועמען זשע האבען זיי זיך דא געוואלט אויספיינען?

אבער דער איינציגער ענטפער אויף דיזע אלע פראגען איז פאליטיקס, איז פאליטיקס. א נייע פאליטישע פארטיי קען זיך ניט באמענען מיט א בעשטימטען קלאס פון בירגער אדער מיט א בעשטימטער גרופע פון געוויסע אויסגעשפראכענע שאטירונגען. א פארטיי זוכט צו קריגען שטימען פון איבעראל וואו עס לאזט זיך נור, אבער אזוי ווי אין דער געזעלשאפט זענען דאך פאראן קלאסען און שאטירונגען וועלכע זענען אנהענגער פון געוויסע אנשויאונגען, מוז די פארטיי זיך אזוי צופאסען מיט איהר פאליטישער פלאטפארמע אז יעדער עלעמענט זאל זיך דערטען קענען אויסקלייבען וואס איהם געפעהלט און אוועקווארפען דאס וואס איהם געפעהלט ניט. אזוי האט פרובירט צו האנדלען די נייע לייבאר פארטיי אויף איהר ערשטען קאנווענשאן אין שיקאגא, און אויף דעם זעלבען וועג האט זיך אויך אוועקגעלאזט די שפאגעל נייע פארטיי פון דער „48-ער קאמיטע" אויף איהר ערשטען קאנווענשאן אין סט. לואיס. און פונקט ווי שיקאגא איז ניט זעהר מזל"דיג געווען פאר דער לייבאר פארטיי אין איהרע פאליטישע האפנונגען אויף דער נאהענטער צוקונפט, אזוי האט אויך דער ערשטער ארויסטריט פון דער קאמיטע אין סט. לואיס איהר זעהר ווייניג פאליטישע אויסזיכטען געבראכט פאר דער גאנץ נאהענטער צוקונפט. אין די פרינציפען ערקלערונגען פון דיזער נייער פאליטישער קערפערשאפט וועט דער דורכשניטליכער בירגער וויא שוין געזאגט, בשום אופן ניט געפינען אזעלכעס וואס ער האט דאס שוין ניט בעגעגענט אין די פלאטפארמען פון דיא עקזיסטירענדע פארטייען. די „אויסגעבעסערטע" פלאטפארמע פון דער „קאמיטע" האט יעצט בעקומען אזא כאראקטער דאס אויף איהר וועלען זיך קענען אונטערשרייבען סאציאליסטען צוגלייך מיט רעפובליקאנער און דעמאקראטען. און צוליעב דעם אליין פערליערט דיזע פלאטפארמע איהר גאנצען ווערטה אלס א פלאטפארמע פון א פאליטישער פארטיי.

און דא מוז מען זיך רעכענען מיט נאך א וויכטיגען פאקטאר אין דעם פאליטישען לעבען פון אמעריקא, און דאס איז נעמליך די פעהיגקייט פון די פאליטישע פיהרער פון די עקזיסטירענדע פארטייען אויפצונעהמען נייע אידעען און נייע געדאנקען פון דער צייט און זיי פערקערפערען אין זייערע אייגענע פלאטפארמעס. עס מאכט ווייניג אוים צו די נייע אידעען פאסען זיך ריכטיג אריין אין די פלאטפארמען אדער ניט, דיא הויפט זאך איז צו לאזען וויסען דעם עולם אז מען איז „אפ-טו דייט", און אז ער דארף ניט געהן זוכען קיין נייע זאכען ערגעץ אנדערש-וואו.

אט איז אין אמעריקא מיט דרייסיג יאהר צוריק אויסגעוואקסען א פאפוליסטישע פארטיי וועלכע האט זיך פערמאסטען מיט זעהר גרויסע פאליטישע אמביציעס, און וועלכע איז שוין זאגאר געווען זעהר שטארק פאפולאר אין די שטאאטען פון דער וועסט, און דאך איז דיזעלבע פארטיי אפגעשטארבען אזוי שנעל ווי די דעמאקראטישע און רעפובליקאנישע פארטייען האבען ביסלעכווייז גענומען בענגבה-נען איהר פלאטפארמע, אזוי אז די בירגער האבען מיט דער צייט שוין ניט געקענט געפינען קיין גרויסען אונטערשיעד צווישען דער פאפוליסטישער פארטיי און די אלטע פארטייען. די גאר עקסטרעמע אנהענגער פון די פאפוליסטישע פרינציפען וועלכע האבען די פארטיי ניט געקענט אויסבייטען ניט אויף די דעמאקראטען און ניט אויף די רעפובליקאנער זענען אריינגעטראטען אין די רייהען פון דער סאציאליסטישער פארטיי. אזוי צום ביישפיעל איז געווען דער פאל מיט יודזשין דעבס, וועלכער איז פון דער פאפוליסטישער פארטיי געקומען צו די סאציאליסטען.

און מען קען דארום מיט גאנץ זיכערקייט ערווארטען, אז די פיהרער פון ביידע אלטע פאליטישע פארטייען וועלען צו די נאציאנאלע קאנווענשאנס ברענגען אזעלכע פלאטפארמעס מיט אזוי פיעל נייעס שטאף, אז עס וועט דארטען זיין אויך מיט וואס צו מכבד זיין אזעלכע מענשען וועלכע האלטען זיך יעצט אלס אנהענגער פון דיזע נאר וואס ארויסגעשוואומענע פארטייען און פראקטיש. מען קען זיך דארום גאנץ לייכט פארשטעלען ווי עס וועלען אויסזעהן דיזע נייע פארטייען ווען אפילו דאס ביסעל ראדיקאליזם וועט פון זיי אויך צוגענומען ווערען און עס וועט אוועקגענומען ווערען אין אזעלכע פעהיגע און ערפאהרענע הענד וועלכע וועלען וויסען פיעל בעסער פון זייערע פיהרער ווי אזוי מען דארף אנפיהרען א קאמפיין און ווי אזוי א פלאטפארמע דארף אויסקוקען אום צוא קענען קריגען שטימען פאר דער פארטיי.

מיט איין ווארט. די וואהלען פון 1920 וועלען ארויסטראגען אן ענטשיידענעם אורטייל פאר די נייע פארטייען, און וואס דיזער אורטייל וועט זיין איז זיך גאנץ לייכט פארצושטעלען שוין יעצט ווען מען זעהט ווי צוקאליעטשעט דיזע נייע פארטייען זענען געווארען.

# גיהנם און גן עדן

פעליעטאָן
פון ה. ל. זעליג

וואס זאגט איהר, די גאנצע מעשה איז א ליגען? אויסגעטראכט בלויז פון דיא רעליגיעזע לעהרער און פארשטעהער אום איינצושרעקען דעם עולם.

כ'גלויב דאס איהר האט רעכט. איך וויל מיר דא ניט אריינלאזען אין קיין חקירות און דרישות איבער דער אנגעלעגענהייט. איך לאז עס איבער צו דעם מחבר פון „מנורת המאור" און „קב הישר".

וואס איך וויל דא בעהויפטען איז, אז דער גיהנם און גן עדן איז א טהאט זאך אויף דער וועלט.

מיר קענען נאר פארשטעהן און בעגרייפען זאכען וואס מיר פיהלען און לעבען דורך. ניט אלעס וואס עקזיסטירט איז פאר אונז פערשטענדליך, אויב מיר זענען ניט פון די איינטייל-נעהמער, אויב מיר טרעטען אליין ניט אריין אין דעם און ווערען א טהייל פון דעם.

מיר אינטערעסירט ניט אויסצוגעפינען וואס פאר איין עקזיסטענץ די וועלכע געפינען זיך אין גיהנם אדער אין ג. עדן מאכען דורך.

וואס איך ווייס איז דאס פיעלע טעג געפינען אייך זיך זעלבסט אין גן עדן אדער אין גיהנם.

פיעל מאהל געה איך דארום אין עולם התוהו, און די מענשען ארום מיר קרלען או'ס ווי די מלאכי חבלה. ניט זעלטען ווער איך געשליידערט פון ים הקרח אין נהר די נור, און לעב דורך די אלע ליידען און שמערצען וואס ווערען פאראורזאכט פון אזעלכע אומשטענדען.

שטעלט אייך פאר. דיא גאנצע וועלט, איבערהויפט די אידישע איז איינגעוויקעלט אין א שווארצע רעקע. הונגער, נויטה און בלוט בארען מאכען א תל פון אונזערע אונגליקליכע ברידער אין די לענדער וואו דער רב מנין און רב בנין פון אונזערע אידען געפינען זיך. קהלות וואס האבען גע"שמ"ט מיט זייער תורה און אינסטיטוציאנען לעבען ווערען חרוב טעגליך. אידישע יונגע לייט, פרויען און קינדער נעהמען זיך דאס לעבען, ווייל זיי קענען שוין מעהר ניט אריבערטראגען די ליידען. איין וואלקען גרעסער פאר דעם צווייטען רוקט זיך אן אויף די אידישע הימלען, און א שטארקע, דיקע פינסטערניס בארעקט דעם גאנצען לעבען.

און צו דערזעלבער צייט געפינט זיך א גרויסער טייל פון אונזער פאלק אין א לאנד פון מילך און האניג וואו די פינאנציעלע און פאליטישע לאגע פון דיא אידען איז געזיכערט, וואו די גרויסע מלחמה האט געבראכט פיעל פראספעריטי און א שעהן ביסעל פון אונזערע אידען זענען געווארען פיעלפאכע גבירים.

און ווען איהר קומט אט צו די נייע אויפגעקומענע מיליאנטשיקעס און הויבט פאר זיי פארצולעגען די טרויעריגע אידישע לאגע, שילדערען די גרויסע נויט און רחקות וואס דריקען אונזערע ברידער, זייער בלוט און פלייש, אויף דעם צווייטען זייט ים, און פאדערט פון זיי הילפע. און אנשטאט אייך אויפצונעהמען מיט אפענע ארעמס און ווייזען דאס דער רחמנות געפיהל, און די אידישע גוטהערציגקייט איז נאך ביי זיי ניט אפגעמעקט געווארען פון די שווערע לאסט פון אמעריקאנער דאלארס, אנשטאט צו געבען מיט איין אפענע האנד פטרן זיי אייך אב מיט א קאלטען קרעכץ אדער איין אויך מין־דאגה נרבה"לע, וואס קלעקט ניט אפילו צו נעהמען אן איינטהייל אין א גיימעס פון אקשען פינאקעל.

דארפט איהר א גרעסערען גיהנם ווי דאס איז? דענקט איהר ניט אז די ליידען וואס א געפיהלפולער מענש מאכט דורך אין א געזעלשאפט פון אזעלכע קאלטבלוטיגע מלאכי חבלה זיינען גיהנם"ש?

די שטאפען פון וועלכע א גיהנם ווערט געבויט זענען נאך מיינע איבערציינגונגען פאלגענדע.

ברענענדע איבערגעבענהייט צו אייגענע.

קאלטבלוטיגע בענעהמונג צו פרעמדע אינטערעסען.

פיבערהאפטיגע טהעטיגקייט פאר מאטעריעלע געווינסען.

קרחת-קאלטע האלטונג צוא גייסטיגע אויפטוהונגען.

אויב אייך איז באשערט אריינצופאלען אין א חברה פון מענשלאך מיט אזעלכע נייגונגען, זייט איהר פארמשפט געווארען פון דעם בורא עולם צו ליידען גיהנם אויף דער וועלט.

ווען אבער גאט האט אייך געהאלפען זיך צו טרעפען מיט די מענשען, וועלכע זענען אפפערווילליג און פון זייערע אויגען שפראצט ארוים א שטארקע ליעבע צו אלעם וואס גוט און אידעל. ווען איהר געפינט זיך אין א געזעלשאפט פון פערזאנען, וועלכע זענען געבענשט מיט א ברייטע, גוטע הארץ, זענען טאלעראנט און פריינדליך צו אלעמען. דאן זייט ווי־סען דאס איהר געפינט זיך אין גן עדן.

ניט די השגחה, זאנדערען יעדער איינער בויט זיין אייגענעם גיהנם אדער גן־עדן.

# דאס רויטע צימער

## ראמאן פון א. סטרינדבערג

(פארטזעצונג)

מיט דעם וואס איז רוף געמאכט בייד־שטאנד צ וואונזער אונטערנעהמונג וואס האט זיך אזוי שעהן אנגעפאנגען, ווינש איך אונז אלעמען געגאדע און זעגען. און איך טהו עס נישט אנדערש, וויא כאט אליין האט אונז געלערנט. ליע־בער פאטער, פאטער אונזער...

ער איז אנשווייגען געווארען אזוי זוי ער זאל זיך געווען שרעקען זיין אייגען קול צו הערען, די גוזעלשאפט האבען די הענד פאר די אויגען געהאלטען, אזוי ווי זיי וואלטען זיך שעהמען איינס דאס אנדערע אין פנים קוקען. די פויזע איז געווארען לאנג, לענגער, ווי מען האט ערוואראטעט. זי איז געווארען צו לאנג, פונדעסטוועגען האט קיינער נישט גע־וואגט, דאס שווייגען אונטערצוברעכען. מען האט דורך די פינגער געקוקט, אויב עס ריהרט זיך נישט די גזעלשאפט צוריק אויף דער ערד ארונטערגעריסען.

דער פאסטאר האט זיין העט גענומען, האט אויסגעטרונקען זיין גלאז פונש. ער האט אויסגעזעהן ווי איינער וואס זאל זיך שטיל אוועקגנבענען.

פרוי פאלק איז בלעך געווארען, ווייל איצט קומט דאס ריכטיגע. איצט ... זיך מיט די אנדערע אברעכבע־...אכע־פייערל האט ארויסגע־... איהרע אויגען.

...איז נישט געקומען. דער די־...ינגעבראכט א בריעף וועל־...ן איהר מאן געווען געשריע־... האט ענטהאלטען.... — וואס ...איז געווען געשריבען, האבען די ...ט נישט געקענט געוואהר ווערען, נאר ...האבען געגוג געזעהן, און באלד הא־... זיי אנגעפאנגען צו ערקלעהרען, אז ...זענען לענגער נישט בלייבען און מען ...ט פאר זיי אין דער היים.

...י פרוי רענהעלם, האט גערן געוואלט ...בען, כדי די יונגע פרוי פאלק צוא ...היגען, זעהנדיג ווי אונרוהיג און ווי טרויעריג זי איז, אבער פרוי פאלק האט איהר צו דעם נישט צוגערערט, נאר פארקעהרט, עס האט אויסגעוויזען אז זי וויל פון זיי פטור ווערען.

מען האט זיך צושיידט און פערלע־גנהייט. די טריט זענען אבגעשטאר־בען אויף די טרעפ, און די אוועקגע־הענדע האבען געהערט דאס גערוועזע צר־מאכען פון די טיר. דאס האט אנגעווי־זען, אז פרוי פאלק פיהלט זיך איצט אונגליקליך.

בלייבענדיג אליין אין גרויסען צימער, האט זי אויסגעבראכען אין א געוויין. עס זענען אבער נישט געווען קיין טרעה־רען ווי א מאי־רעגען וואס פאלען אויף אן אלטען הארץ, נאר עס איז געווען פון אייפערזיכט, כעס און צארן. די טרעהרען זענען ארויפגעפאלען אויף איהר הארץ אזוי ווי ביטערע טראפען וואס פאלען אויף בלומען און מאכען זיי פארוועל־קען או זאבשטארבען. טרעהרען פון צארן זענען דאס געווען.

### פיערצענטעס קאפיטעל „אבסנטה“

א הייסע נאכמיטאג. די זון האט גע־ברענט אויף די נאסען שטיינער פון די פראווינץ הויפט שטאדט — קעפינג.

אין ראטס־קעלער זאל, איז נאך שטיל געווען, צווייגען פון פיכטען בוימער זע־נען געלעגען אויף די פארלאגע און עס האט זיך געפיהלט א ריח אזוי ווי נאך א באגרעבעניש. די פערפוצטע ליקער־פלעשלאך זענען געשטאנען אין די פאכען פון בופעט און האבען געהאלטען דעם מיטאג שלאף קענען איבער די ראנפען־פלעשלאך. דער, זיינען וואס קען קיינמאל קיין מיטאג־שלאף נים האבען, שטעהט אויסגעשטרעקט צום וואנט אנגעלעהנט ווי א שיכור"ער פויער או זמאכט א טעל פון די צייט און קוקט אוים אזוי ווי ער זאל לייענען דאס גרויסע טעאטער צע־טעל, וואס הענגט קעגען איבער אויף א קליידער שטענדער. דער זאל איז געווען זעהר לאנג און שמאל. אויף ביידע זיי־טען די טישען אויסגעשטעלט. עס זעהט אוים אזוי ווי זיי זאלען זיך וועלען אויס־ציהען און מאכען דעם זאל אזוי ווי א שמאל אויסצוזען. די טישען וואס זע־נען אלע מיט פיער פיס זעהען אוים ווי פערד, וואס זענען צו דער וואנר צוגע־בונדען און טטען אונטען צום זאל צו־געקערט. אבער איצט שטעהען אלע און שלאפען. אז זיי שלאפען, דאס זעהט מען ווייל די פליגען נעהען אונגעשטערט אהום אויף זייער רוקען.

אבער דער זעכצעהן יעהריגער קעלנער שלאפט נישט. ער שטעהט אנגעלעהנט ביים וואנט־זייגער ניט ווייט פון טעא־טער צעטעל און יאגט מיט זיין ווייסע שירץ די פליגען, וועלכע זענען געקו־מען פון קיך, וואו זיי האבען מיטאג גענעסען און זענען איצט צוריקגעקומען צו טרייבען ושומענדיג זייער שפיעל. דערנאך לייגט ער צו זיין אויער צום זיי־גער, אזוי ווי ער זאל וועלען געוואחר ווערען וואס דארט אינוועניג טהוט זיך. דער זייגער האט געשלאגען זעקס, און האט זיך ידער אנגעפאנגען די ארבעט פון גלייכען טיק־טאק קלאפען.

דער קעלנער האט אויך אנגעפאנגען ארבייטען. ער איז ארומגעגאנגען צווישען די טישען און האט זיי מיטן שירץ אי־בערגעווישט, האט אלץ אין ארדנונג גע־בראכט אזוי ווי ער זאל בעזוך ערווארד־טען. אויף איין טיש וועלכער איז גע־שטאנען אין הינטערגרונד, האט ער ארויפגעשטעלט א פלאש „אבסינטה“ און צוויי גלעזער, א קליין ליסער גלעזעל, און א גרויסע טרינק גלאז. דערנאך האט ער געבראכט פון די ברונען א גרויסע קרוג וואסער און האט זי אוועקגעשטעלט נע־בען די צוויי פלעשער. דערנאך האט ער געמאכט א פאר שפאציער געגג אין דעם צימער, און בלייבענדיג שטעהן אין א פויזע אזוי ווי ער זאל וועמען ערווארטען האט ער מיט זיינע נאך אינגלישע אויגען געקוקט אויף די טאפעטען פון דער וואנט.

די טיר איז אויפגעריסען געווארען. עס איז ארייגגעקומען א 35 יאהריגער מאן מיט זיכערע שריט, אזוי ווי ער זאל דא זיין אין זיין אייגענע היים. זיין געזיכט וואס איז געווען גלאט אהן א בארד, האט געהאט אזעלכע שארפע שטריכען, אזוי ווי איינער וואס איז שטענדיגע געוואוינט פערשיעדענע גרימאסען צו מאכען, אזא געזיכט זעהט מען נאר ביי שוישפיעלער א הויכען שמאלען שטערען, מיט ארייג־געזונקענע שלייפען, פון דארט ארונטער שווארצע נישט פערקעמטע לאקען אזוי ווי ווילדע פלאנצען. זיינע גרויסע טונקע־לע אויגען קוקען ביי רוהיגען צושטאנד מילד און טרויעריג. ער קען אבער אויך מיט זיי פייערדיג קוקען. דאמאלס זעהען זיי אוים אזוי ווי די מיילער פון רע־וואלווערען.

ער האט זיך געזעצט נעבען דעם טיש וועלכער איז געשטאנען אין הינטערגרונד און וואו דער קעלנער האט אלץ פארבע־רייטעט און האט זיינע טרויעריגע בלי־קען געווארפען צו די קרוג וואסער.

— פאר וואס שטעלסטו אלע מאל וואר סער אהער, גוסטאוו?

— כדי הער פאלענרער זאל נישט פאר־ברענט ווערען!

פארטזעצונג פאלגט.

# C. W. Kotcher Lumber Co.

בּרעטער אלערליי צו יעדער צייט

בילינע פרייזען און גוטע בעהאנדלונג דאס איז אונזער סוקסעס

Cor. Gratiot and St. Aubin Aves.

Melrose 3390

# טויזענד דאלאר א נדבה

## פון ראזען'ס בעקערי

וועלען צוטיילט ווערען צווישען די פאלגענדע פינף אינ־סטיטושאנס:

| | |
|---|---|
| $200 | פאר דעם חסד של אמת |
| 200 | " " בית יתומים |
| 200 | " " בית מושב זקנים |
| 200 | " " הכנסת אורחים |
| 200 | " די אוקראינער מלחמה קרבנות |

## אויב דיעזער אדווערטייזמענט איז ניט דער ריינער אמת

ביי מיר אין בעקערי זייט איהר זיכער צו באקומען דריי מאל א טאג ברויט, געשמאקע חלות און פרישע באנס אבסא־לוט ניט געמישט מיט קיין מלחמה מעהל.

פרויען ביי וועמען דער געזונט פון זייערע מענער און קינ־דער זיינען טייער, גדענקט:

עס מאכט ניט אוים ווי ווייט איהר וואוינט, עס איז אייער פליכט ביי מיר צו קויפען ברויט ווייל איך גאראנטיר אייך אז עס איז ריין פון קיינע געמישעכץ פון אנדערע מעלען א חוץ ריי־נע קארענע און ווייסע מעהל. אין מיין בעקעריי ווערען גע־ברויכט גוטע אייער און עס קאסט ניט מעהר פון

## 13 סענט א ברויט

אויך קריעגט איהר ביי מיר צוקער וויפיעל איהר דארפט. פארגעסט ניט מיין אדרעס איז

## ראזענ'ס בעקערי 408 הייסטינגס

אנטקעגען ראבינסאן און קאהען דעפארטמענט סטאר.

---

# עקסטרא ספּעשיל

# דזשענוארי קלירינג סייל

## ביי די האוז אף עפשטיין

פון זייער

## 50 טויזענד דאלארדיגען סטאק

## בלויז פאר 10 טעג

## מיר וועלען אויספארקויפען מיט 25 פראצענט ביליגער

אונזער פראכטפאלע ליין פון

מענס, בּאיעס און טשילדרענס אווערקאוטס, מעקינאוס און שיפסקין קאוטס סוועטערס, פלאנעל שוירטס, יעפּס און פויר קעפּס, פלאש העטס בעטה ראבּס פּיידזשאמיס גלאווס און אונדער וועש

מענס קארדוראי פּענטס, טשילדרענס סוטס און באיעס קארדוראי קני פּענטס





צו אלע אונזערע פאטראני־זערס.

ליידער האט זיך היינטיגען סעזאן אונזער ווינטער סטאק פארשפעטיגט, און איצט זענען מיר געצוואונגען אויסצופאר־קויפען דעם סטאק מיט 25 פרא־צענט ביליגער, ווייל מיר הא־בען שוין געקויפט אונזער ספרינג סטאק און מוזען מאכען פלאץ דערפאר.

דעריבער האפען מיר או איהר וועט זיך באנוצען מיט דער גאלדענער געלעגענהייט וואס ווערט געאפערט בלויז איינמאל אין פארלויף פון יאה־רען. און קומען קויפען אונזער סטאק מיט 25 פראצענט ביליגער ווי עס קאסט איצט זיך אליין.

גערענקט, אז אונזער קלירינג סייל וועט אנהאלטען בלויז 10 טעג.





# The House of Epstein

## 400-402 Hastings St.

# JANUARY CLEARING SALES IN ROBINSON-COHEN'S APPAREL STORE !!!

# א פולע פיידזש מיט בארגענס פאר מענער !

איהר וועט דורכקוקען די פיידזש וועט איהר האבען א באגריף וואס דיעזער קלירינג סייל מיינט פאר דעטראיט. אזעלכע בארגעינס קענען מעהר ניט פאסירען ווי נאר ביי אונז ווייל מיר זייגען אין דעם לאקיישאן פון ביליגע רענט. דערצו קויפען מיר אין זעהר גרויסע קוואנטיטיס צוליעב די סיילס.

עס קען זיין אז איהר וועט שוין אזוי גיך ניט האבען נאך אזא געלעגענהייט. איהר ווייסט די איצטיגע קליידער סיטואציע, וואס פאר א פרייזען מען בעט פאר ערגערע סחורות ווי דיעזער סייל אפערט אייך.

## מענערישע אווערקאוטס רעדוציט

$40 אווערקאוטס

**$29.75**

$45 אווערקאוטס

**$33.75**

$65 אווערקאוטס

**$37.75**

$50 אווערקאוטס

**$44.75**

$60 אווערקאוטס

**$48.75**

גוט געטיילארט אין די לעצטע סטיילס. א סך מיט נאטריא, זיעל און ביעווער קאלארס, פון בעסטעאל־וואול פאבריקס, גרויסע וועליוס או ןדער דיספליי איז אונבאגרענעצט.

### סוטס ביז 37.50 בלויז

עזהר סטייליש און גוט געמאכט פון פיינסטע אל וואול פאבריקס. גוט געטיילארט אין אלע נייעסטע שיידס. עס איז ראטהזאם צו קומען פריה.

**$23.50**

### סוטס ביז $.4500 בלויז

די בעסטע מאדעלס האום ספון טווידס, רעפרעזענטירען די פיינסטע ארבייטען, נייע סטיילס. ספעשעל רעדוצירט.

**$29.75**




### $3.50 פלאנעלענע שוירטס

פאטראכט אליין 3.50 דינע ווערען אפרקויפט צו 1.95 זיי וועלען זיך טראגען זעהר לאנג.

**$1.95**

### $2.50 פערקאלנע העמדער

די בעסטע קוואליטיס, נייעסטע שיידס. א גרויסער דיספליי.

**$1.59**

### $1.50 קעמברעי העמדער

שטארקע קעמברעי העמדער. בעסטע פעטרענס, באוואוסט צווישען שוירט מייקערס, זעהר גוט געמאכט

**95¢**

### $3.00 ווארקינג פענטס

צעהן צו איינע. איז דאס פונקט וואס איהר זוכט. זעהר גוט געמאכט.

**$1.95**

### $5.00 ווהיפ קארד פענטס.

מען קען דאס איצט ניט קריגען פאר קיין פרייז. מיר האבען זיי אין אלע סייזעס.

**$2.45**

### $5.00 קארדראי פענטס.

פיינסטע קוואליטי. אלע סייזעס. ספעשעל פאר דיזען סייל בלויז

**$3.95**

### $2.50 יוניאן אוועראלס

רעגולאר יוניאן אוועראלס, וועלען זיך טראגען גוט. גרויסער אויסוואהל.

**$1.45**

### $8.00 הערדלייט אוועראלס

מעקעניקס ווסען די ווערט פון הערדלייט אוועראלס, זעהר ביליג אין דיעזען קלירינג סייל.

**$2.25**

### 6.00 מארדעל סקין פענטס

איינע פון די גרעסטע בארגעינס אין דער פיידזש. א ספעשעל.

**$3.95**

## ב - א - י - ז - ס

### $1.25 פלאנעל בלאוזעס

נאך א ספעשעל פאר באיעס אין פלאנעל בלאוזעס. גוט געמאכט וועלען האלטען ווארם.

**79¢**

### קניע פענטס ביז

פיינע פענטס צו שפיעלען און ארבעטען. בעסטע מאטעריאלען. אויך גוט פאר ס

**79¢**

וואונדערבארע סוטס צו אזעלכע פרייזען וואס איהר קענט נים אפארדען ניט צו קויפען. אל־וואול מאטעריאלען אין בעסטע סטיילס וואס עס געפעהלט די באיס.

### $15 מעקינאס!

בעסער ווי א קאוט. עס האלט די באיס ווארם און טראגט זיך גוט.!

**$8.95**

### קליינע באיעס סוטס

וועלען די קליינע חברה צופרידענשטעלען און די פרייזען וועלען אייך געפעהלען.

**$6.50**

### באיעס אווערקאוט

מיר האבען זעהר א גרויסען אויסוואהל. ברענגט די באיס.

**$8.95**

### באיעס סוטס אין פיער גרויסע גרופען

גרופע נומער איינס

**$7.95**

גרופע נומער צוויי

**$9.95**

גרופע נומער 3.

**$11.95**

גרופע נומער פיער

**$13.95**

### פויר ליינד ק—ע—פ—ס

שטארק געמאכט פון אל־וואול, גוט געליינט מיט שעהנע פויר. פונקט גוט פאר קאלטען וועטער.

**$1.95**

### מענס וואלענע זאקען

דושענעווין ניטער וואול סאקס, וואס איהר האט געצאהלט א דאלאר א פאר גרטע וועליום בלויז

**23¢**

### קאטאן סאקס

קלאוז נים, העווי סאקס, ווינטער וועש, גוט געמאכט אין נייע שיידס. מענער וועלען וויסען די ווערט פון זיי.

**15¢**

### קענוועס גלאווס

איהר קענט נים קויפען אזעלכע ארבייטס גלאווס צו אזעלכע פרייזען. אן אמתע מציאה

**15¢**

### קענוועס גאונטלעטס

שטארקע גאונטלעטס פאר טימסטערס, מעקאניקס א. ז. וו. פיעל בעסער ווי איהר ערווארטעט פאר דעם פרייז פון

**19¢**

### גרויע סוועטערס

רעגולאר העווי ניט אל וואול סוועטערס. איהר.ט ניט מורא האבען פאר זורא וועטער.

**$1.48**

### וואול סוועטערס

נאך א בארגעין אין וואול סוועטערס גוט געמאכט פון פיינסטע וואול. בעסטע פעטרענס.

**$2.95**

### בושערזי סוועטערס

גוט געוועבט, בעסטע סטיילס און קאלירען. ספעשעל סייל פרייז פון

**$1.19**

### וואולען אנדערוועהר

רענדי, ווארם, אל־וואול, גרויסער סטאק, אלע סייזעס, רעדוצירט ספעשעל פאר

**$1.45**

### פלים ליין יוניאן סוטס

פאר מענער וואס ווילען אמת'ע וועליום און ווייסען וואס עס קאסט איצט א גארמ.

**$1.69**

### וואולענע יוניאן סוטס

דאס איז אונזער בעסטער סטאק גוט געוועבט. זעהר ווארם.

**$2.19**

### פלאנעל שוירטס

אם וענען זיי! בעסטע קאלירען און אויסגעצייכענט פאר ארבייטס העמדער.

**$1.39**

# Robinson-Cohen Co.

**COMPLETE HOME FURNISHERS**

**CORNER of HIGH and HASTINGS**

**FIVE BLOCKS EAST of WOODWARD — FIVE BLOCKS NORTH of GRATIOT**

**NORTH-BOUND FOURTEENTH CARS PASS THE DOOR**

# CLASSIFIED

**די בעסטע פרייזען**

פאר דיימאנדס און אלערליי דזשולערי צאהלט

**The Boston Refiners**
**169 Griswold St.**
3rd floor take Elevator

**קעש רעדזשיסטערס — נעשא־נאלס, אלערליי סטיילס. גע־קויפט און פארקויפט.**

**DETROIT USED CASH REGISTER CO.**
66 Broadway, Cadillac 5112

צו פאררענטען א מאדערן סעפרעט סטיעם ה'טעט 6 רום פלעט. אויך א פלעט מיט א סטאר. פרעגען אין 1176 הייסטינגס סטריט.

א דעליקאטעסען און הערינג סטאר צו פארקויפען. אורזאכע: איך קען ניט אטענדען. פרעגען ביי מר. סאנדהוויס, 158 טעאדאר פון 1 ביז 10 א זיינער אבענד. 6)

די נייע ווילקינס סט. תלמוד תורה פערלאנגט אן עקספירענסד סעקרע־טאר און בוכהאלטער.

**א שעהנע רום** סטיעם־היטעד פאר אן אינטעליגענטע קאפל, אדער יונגערמאן, אין 346 הענדרי סט. אפארטמענט 5

**א הויזקיפער פערלאנגט.** בלויז אזעלכער וועלכער פארשטעהט הויזקי־פינג זאל נאכפרעגען:
טעל. ווינדזאר 3. (3

**סטארס און פלעטס.**

2 **סטארס און 5 פלעטס,** נעבען פארנסווארטה עוו. א באהנעין. 10 טויזענד דאלער וועט עס קויפען. רופט אפ העמלאק 5845
אוען ריעלטי, 666 אקלאנד עוו.
אוען ריעלטי, 666 אקלאנד עוו. (3

צום פארקויפען א קלינינג און פרעסינג אויף דרעסמייקינג פלאץ, זיכער צו מאכען א לעבען איין סטאר מיט איין גרויסע רום סטים היט, קליינע רענט פרעגען באקס 20 (4

**פערזענליכעס**

פערלאנגט די בעקאנטשאפט מיט א מיטעל יעהריגע פרוי. פארמעגליך. צוועק הייראטען. די פרוי זאל זיין פון א פייגער פאמיליע. איך בין א מאן אין ביזנעס און פארמעגליך. שרייבט אויס אלע איינצעלהייטען. אדרעסירט:
מר. ה. שטיין, 4981 וואודלאנד עוו. קליוולאנד, אהייא.

**Detroit Pipe & Supply Co.**
395 Gratiot Ave. Cherry 2918

מיר קויפען און פארקויפען נייע און סע־קאנד הענד אלע סארטען פייפס, פיטינגס אויך בילדינג מאטעריאלען.

מיר צאהלען די בעסטע מארקעט פרייזען.

**פאר אלע סארטען באדים פאר טראקס א. ז. וו.**

שרייבט ארערטעלעפאנירט צו דער

**Commercial Body Co**
**171-3 E. Carfield**

**זייט זיכער!**

איך אינשור אלץ און אלעמען. לייף און עקסידענט אינשורענס, פלייט־גלעס און אויטאמאביל אינשורענס. איך אינ־שור אויך גענען גנבה און גזילה, אויך ווארקמען קאמפענסיישאן אינשורענס.
דער נאמען **גרינבערג** איז אייך זיכער באקאנט.

**Greenberg Insurance Agency**
535 Dime Bank Bldg Cherry 740

**מאשען־פיקטשור אפרייטארס**

לערענט זיך פאר ליכטע און ריינע ארבייט, קורצע שטונ־דען, גוטע וויידזשעס קוואליפיקיישאן גאראנטירט.

**Movie Operator's School**
33 Sproat
מאנטאג, מיטוואך און פרייטאג
7:30 אבענד

---

ע סוועט זיך אייך לוינען צו בעזוכען **קרוגער בראס. דראג סטאר**

מיר האבען 2 סטארס און דארום וועט איהר קויפען פיעל ביליגער ביי אונז פארפיומען, סטיישאנערי און מעדיצין. אונזערע פרעסקריפ־שאנס ווערען געמאכט פון די בעסטע רעדזשיסטרירטע דראגיסטען.

**קרוגער בראס.**
51 הייסטינגס. קאר. ברוסטער.

**דר. ה. סטאריקאף**
**דענטיסט**
490 הייסטינגס סטריט
„די" פרייז פאר גוטע ארבייט
גוטע בעהאנדלונג — ליבעראלע פרייזען.

**ווילט איהר אייערע שלעסער, שליסלען קארפענ־טער זעגען, טולס און אנדערע ארבייט**
גוט געמאכט און גאראנטירט?
סו קומט צו
**מ. דאמניטץ**
245 מאנטקאלם סט.

*LEVIN'S BAKERY*
757 אוקלאנד ע ו.
די שענסטע, בעסטע, סאניטארישע בעקערי אין דעטראיט.
איהר זענט איינגעלאדען צו אינ־ספעקטען אונזער בעקערי.

**קוואסעלאוו און קאטליער'ס**

האלסייל און ריטייל
דריי גודס, מענס און לידיס פורנישינגס, נויי גודס א. ז. וו.
454 הייסטינגס סטריט

**מאכט ניט קיין מיסטייק!**

די אמת'ע פילאדעלפיא בארגען סטאר. געפינט זיך אין 614½ הייסטינגס סטריט.
מיר האבען א פולע ליין דרעס גודס, וואולענס און סילקס.
שטיקלאך ווארע אין וואולענס איז אונזער ספעשעלטי.

*I. Sarver*
קאנטראקטאר פאר
**פיינטינג, פייפער הענגינג דעקארייטאר און פלאסטערער**
137 ליווינגסטאן
גוטע ארבייט און ביליג.
שבת און יום טוב געשלאסען.

**רעווערענד י. סקלאר**
פראקטיצירטער
**מוהל**
7 יאהר אין דעטראיט
244 **פארנסווארטה**
נארטוועי 2006 דאבעליו

**לאמבער**

פלאמבינג, ווינדאס, טהירען, פיניש
3 אינטש ווייטה פיין, אלע סייזעס, 2 אינטש פלענק רוף באארדס, פלארינג, פייפ, אלע סארטען נייע און סעקאנד הענד בילדינג מאטעריאל.

**United Wrecking Co.**
קאנטראקטארס
**2392-2400 Russell St.**

---

**אויפמערקזאם!**

ווער עס דארף פיקסען א הויז זאל קומען צו אונז קויפען **לאמבער מאטעריאל**
מיר האבען א סטאק פון גע־ווזטע טירען, ווינדאוס נייע סטייל. אויך בעסטער אין טרבאשער.
נאכפרעגען:
ערמאן, 267 האי סט. איסט

**ניו יארק סטאר קלאדהינג קא.**

596 הייסטינגס סט. קאר. בענטאן
סוטס, קאוטס, דזשענטס פורנישינג, העטס, יאנג מענס און באיס קלאדינג.
אונזערע פרייזען זענען תמיד די מע־סיגסטע אין שטאדט.
פ. בונין. פראפ.

**ה. מ. קויפמאן**
**H. M. Koffman**
296 הענקאק איסט
אפיס:
275 Jefferson E Cherry 1472
צעמענט קענס פאר גארבעדזש און אשעס
לויט דעם נייעם געזעץ דארף יעדער איינוואוינער האבען אזא קען, אז דער זיגער זאל זי קענען הענדלען.
יעצט איז די צייט צו באזארגען זיך מיט אזא קען.

# Automobiles

**פערלאנגט פעהיגע באיעס** צו
פערקויפען דעם „וועג" אין די הייזער יעד־ען פריהמארגען. אויך אזעלכע וואס ווי־לען אליין פארקויפען דעם „וועג" אין גאסען און אין די רעסטאראנטס.
נור פעהיגע באיעס פון עלטער פון 14 ביז 16 יאהר אלט. זיך מעלדען יעדען טאג צווישען 4—5 א זייגער נאכמיטאג אין אפיס פון „וועג" 347 הייסטינגס סט.

**פארד קארס**
**און אנדערע קארס**

קומט און קלייבט אויס פון אונזער גרויסען סטאק. מיר קויפען פאר קעש און פאר־קויפען אויף לאנגע טערמינען

**Maurice W. Fox Co.**
**Boulevard Near Oakland**

טעל. מעלראוז 5171.
אונזער ספעשעלטי איז עקסטארי פענדערס און קארלאיד לאטס.

**The J. G. Keywell Iron Co.**
Incorporated
**אייזען און שטאהל סקריפ**
מיר צאהלען די העכסטע מארקעט פרייזען
דזשוליאוס קיוועל, פרעזידענט
אפיס און יארד:
טהעאדאר און גרענד טראנק ריילראוד
דעטראיט, מיש.




---

# עניים ואביונים
## אדער גליקליכע און אומגליקליכע'
ראמאן — פון מרדכי ספעקטאר

(פארטזעצונג)

—זאגט: על פי חסידות! אזא דין איז ניטא בא אידען.

—איך רעד ניט מיט אזו'נע אפיקור־סים ווי איהר זענט, האט זיך דער חסיד אנגערופען מיט גרוים גדלות און זיך אין גאנצען אוועקגעקעהרט פון איהם.

—אט פאר וואס ער איז געווען אזא פריינדל'כער קאוואלער און איז אבגע־טראטען פאר דער פריילין זיין ארט און זיך געזעצט אויף דער קעלנע, איצט פאר־שטעה איך שוין. האט געזאגט איינער פון די פארשוינען.

רחל וואס האט בנו אהער נאר פאר־וואונדערט געקוקט אויף דער סצענע, אי־בער איהר און ווי זי איז די גאנצע אור־זאכע פון דער סצענע, איבער איהר קרי־גען זיך די בעל עלות, איבער איהר קריגט דער בעל עלה מיט דעם חסיד, איז זי אראבגעקראכען פון דער סוחר און געזאגט:

—איך וועל ווי'טער ניט פאהרען, איך וועל בלייבען אין שטעטעל, טאמער וועט מען מאכען א היימישער בעל עגלה וועל איך פאהרען אהיים, איך וויל נ'ט אז מען זאל זיך איבער מיר קריגען.

ווי דער בעל עגלה האט דאס דערהערט האט ער אוועקגעווארפען זיך קריגען מיט יענעם בעל עגלה און האט רחלן געזאגט זי ער וועט נ'ט נעהמען דעם חסיד אפילו יענער זאל איהם צוצאהלען, ר' אהרן האט אויך געזאגט א ער וועט באצאהלען דעם על עגלה דעם הסידם האלב פוהר געלט, יער לעבעדיגער יונגערמאן האט זיך אויך אריינגעמישט רחל זאל ווייטער מיט זיי פאהרען.

בכלל האבען אלע פארשוינען איהר איינ־גערעדט א זי אלס עלענד אומגליקליך מ'יז על זאל ניט בלייבען אין דעם קליינעם שטעטעל, זי זאל חאטש דערפאהרען ביז שטאדט ר'...

זיינוויל איז ז'ך בשלום אוועקגעפאהרען מיט דעם נייעסבעל עגלה צום רבין, און ס'איז ווייטער, געפאהרען מיט אונזערע אלע פארשוינען.

דעם גאנצען טאג פאהרענדיג, האבען זיך אלע פארשוינען געשמו'עגן, ניט גערעדט ווי פריהער, יעדער איז זיך געזע־סען טרויעריג פארטראכט אין זיינע געדאנ־קען, אייניגע האבען או'ך צוביסלעך צו־געדרימעלט.

פון רחלן האט א גאנצע טאג ניט אב־געטראטען דער געדאנק פון דער סצענע מיט דעם חסיד.

—פאר וואס האט ער ניט געוואלט פא־הרען מיט מיר? האט זי אלץ געטראכט און ניט געקענט פארשטעהן. ער ווייזט דאכט זיך או'ס אן עהרליכער איד, א פרומער ייד און איך בין אזא אומגליקליכע אי־דיש מיידעל, ווייל ער מיט ניט פאהרען!

ווי ז' האט דאס געוואלט ערקלערען האט זי ניט געקענט, און האט געפרעגט ביי ר' אהרן וועגען דעם.

—אויף אייער פראגע אי דא זעהר א סך צו ענטפערען, עס איז דארויף קארג די צייט וואס מ'ר וועלען פאהרען צוזאמען, איך קען אייך נאר זאגען או נאך אייער פראגע זע איך איהר זענט באמת נאך פרום און עהרליך, דערמיט וואס איהר קענט נאך ניט די שלעכטע וועלט און מ'ינט או אלעס וואס בלישטעט איז גאלד; נאר מיין פרייער אין אונזער וועלט ליידער אבער איז ניט אלעס וואס בלישטעט א'ז גאלד, דאס שלעכט אפילו ניט אז א יונג מיידעל ווי איהר זאלט ווייסען, ווארום ווער ווייסט עס ניט דערפון קען ז'ך אין זיין לעבען

פיעל מאהל אבנארען און עס איז זעהר ניט גוט א מען פיהרט אן אבגענארטען לעבען אט אויף דעם זיינוויל'ען פרענט איהר: סט'יטש אזא עהרליכער אזא פרומער, געהט געקליידעט ווי א פרומער איד, מיט לאנגע פאות, מיט א גארטעל, מיט איין ווארט ער פיהרט זיך אויף ווי א איד מ'ט ראווגען א. ז. וו., נאר גלויבט מיר אז איך וואלט קיין אידישקייט וואס א'ז ווערטה אן איבערגעבערענטע שטרוי, ניט פארבי־טען פאר דעם גאנצען פרומען אידען...

ר' אהרן איז געווען פארזיכערט אז רחל האט איהם פארשטאנען און דאס ערשטע מאהל א'ן איהר לעבען האט זי אנגעהויבען ווערען פראקטיש, דאס ערשטע מאהל איז י נעוואר געווארען פון א שלעכטען יידען—פון א שלעכטען מענשען.

פארנאכט ווען מען איז געקומען אין דער שטאדט ר'.. האבען די פארשוינען וואס האבען נעדארפט פאהרען ווייטער זיך נעדארפט דינגען א נייע פוהר, ווייל דער בעל עגלה האט געוואוינט אין ר'.., דארום פלעגט ער פון וועג נעמען פארשוי־נען נאר ביז קיין ר'...

ר' אהרן האט אויך באדארפט פאהרען ווייטער אהי'ם אין זיין שטאדט וואו ער ווייטער אהי'ם אין זיין שטאדט וואו ער האט געוואוינט און פארגעלעט רחלן אויב זיא וויל קען זי מיט איהם פאהרען צו אים און זיין דארט ביז י' וועט קענען צוריק־פאהרען אהיים, דער בעל עגלה האט פאר־פאהרען צוריק קיין ג..., וועט ער זי אב־נעלענט: וואס דארף זי זיך מוטשען און פאהרען ווייטער, ער וועט אי'ה נאך שבת פ'הרען אהיים, אלע האבען געפונען אז אזוי איז פיעל גלייכער, רחלן איז אויך אזוי געפעלען, ווארום וואס דארף זי זיך נאך שלעפען אזוי ווייט פון דער היים, זי איז שוין אזוי אויך אוראי 150 ווערסט ווייט פון דער היים, וואס טויג איהר ז'ין אומיסט ביי פרעמדע מענשען. זי וועט בע־נער איבער שבת זיין בי' דעם בעל עגלה און דערנאך וועט ער זי אבפיהרען, און יען וועט איהם באצאהלען פאר פורגעלד און פאר אלעס.

(פארטזעצונג פאלגט)

**ספעשיל רעדאקשען!**

אויף דרעס־גודס ווי אויך פענסי דריי־גודס קווילטס, בלענקעטס בעסטער ברענד אנדערוועהר צו די בילינגסטע פרייזען מאכט קיין פיסטייק

**פילאדעלפיע דרעסס און דריי גודס הויז**
**671 הייסטינגס סטריט**
קארנער ליווינגסטאן

**קויפט וואו אלע קויפען**
**קאפלאן'ס בארגיין סטאר**
483 הייסטינגס סטריט

קענט איהר קויפען אלעס פון די פאל נענרע ליינס:
קאמפליט דרעס גודס ליין פון סילקס וואלענס און סאטין גודס. פערשיערענע פענסי ארטיקלען ווי, בעד ספרעדס, סייד טענס; טייבעל קאווערס; שעמס און סקארפס. קאמפליט ליין אין ליידיס פענ־סי אנדערוועהר און קארסעטס. מענר פארנישינגס און אנדערוועהר.

**ספעשעל! ספעשעל!**

א גרויסער אסארטמענט אין וואלענס פאר מענער און ביי'ים סוטס און קאוטס א קאמפליט ליין פון טיילאר און דרעס־מייקערס טרימינגס.

פארגעסט ניט דעם נאמבער
**483 הייסטינגס סטריט**
טעסינע פרייזען. גוטע באהאנדלונג. צופרידענהייט גאראנטירט.

אויב עס איז
**עלעקטרישע ארבייט**
זעהט זיך מיט
**Joseph Cordaro**
עלעקטרישע ארבייט און אינזשינירינג
**901 Congress E.**
טעלעפאן עדושוואטר 3734
ער מאן וואס האט געמאכט די עלעקטריק ארבייט אין „וועג"

ראבינאוויטש
667 הייסטינגס סט.
בייסיקל און מאטארסייקל שאפ
א פולע ליין בייסיקלעס, נייע און גע־ניצטע טייערס עקסעסאריעס.
אפען יעדען טאג ביז 10. שבת ביז 12

---

**פאר סמוקערס מבינים**
# DURAND
האט א 25 יאהריגע רעפוטאציע. ער מאכט נאר פון ריינער האוואנא. פרובירט היינט א דוראנד. איהר וועט קיין חרטה ניט האבען. פארערט דו־ראנד ביי אייער דיעלער.

**DAVIS CIGAR MFG. CO**
געמאכט אין דעטראיט.

**פערלאנגט פעהיגע קענוועסער פאר'ן „וועג"**
יונגע לייט וואס ווילען מאכען געלט פאר איינינגע שטונדען ארבייט צו קענוועסען פאר סובסקרייבער פאר'ן „וועג" גר קאמישאן ווערט געצאהלט. איהר קענט דאס טהאן ווען איהר האט פרייע צייט. זיך מעלדען יעדען טאג און אווענדס אין אפיס פון „וועג" 347 הייסטינגס סט.

**דער „וועג"**
**אוקלאנדער אידען**
פיקסען זייערע
**ציהן**
ביי
**Dr. H. Goodman**
**דענטיסט**
געמופט פון 427 וואודוואר
737 אוקלאנד עוו.

**וויכטיג פיר שניידערס!**

לייטע וועלכע ווילען פערדינען פון $75 ביז $150 א וואך, לערענט זיך דעזיי־נינג און גריידינג; זעהט זיך מיט דעם בעוואוסטען דעזיינער פון נויארק.
מיר שניידען אויך צו פעטערנס פיר שניידערס.

**THOMAS TAYLOR**
**32 Center Street**
העגרי קלעי האטעל

א מענש ווערט געשאצט נאך זיינע קליידער!
א סוט אדער קאוט געמאכט ביי
**ר. קאזלאוו**
325 הייסטינגס סטריט
וועט אויף אייך ליגען ווי אויסגענאר־סען, ווען איהר קומט איינמאל בלייבט איהר אונזער קאסטאמער פאר אימער
טעלעפאן, טשערי 1675־עם.

---

**דער באוואוסטער חזן**
# ל. ד. רייכלין
פון אהבת אחים שוהל
(אוקלאנד)
נעהמט אן **סדור קדושין**
אויך אנדערע שמחות מיט די בעסטע צופרידענהייט.
511 קעמערא עוועניו
טעל. העמלאק 1130 דאבעליו

**דער בעסטער מוהל אין שטאט**
און מסדר קדושין
**חזן דוד גאלדען**



אין 248 איסט האי סטריט
טעלעפאן, מעין 4420

**Reliable Store Fixture Co.**

מיר האבען א גרויסען אויסוואהל פון סעקאנד הענד סטאר פיקסטשורס, וואל קייסעס, שאו קייסעס, אייז באקסעס, קאונטארס, שעלוס, סייפס, סקיילס רעדזשיסטערס, נייע און געניצטע. פרייזען מעסיגע ארענטליכע בעהאנד־לונג. 2 סטארס.

**רעלייבל סטאר פיקטשור קא.**
305 גרעשאם עוועניו
טעל. קאדילאק 2445
277 מישיגאן עוועניו
טעל. קאדילאק 4924 עם.

# ראזענפעלד'ס
# רוסישע טערקישע שוויץ באד

פאר אלע יועלכע וכען רייגליכקייט און וטע בעהאנדלונג.

30 גרויסע מארבעל וואנעס — צוויי כשרע מקוואות

שוויץ פאר פרויען יעדען מיטוואך. 6–184 אלפרעד סט. ביטווין ענטווייז און בובין.

**דער אדעסער**
**מוהל־ספעציאליסט**
**און מסדר קדושין**
**רעוו. ש. ז. שיינבערג**
248 פערדי עוו. איסט
טעלעפאן: נארטהוועי 3724 עם
פאר אלטע זיכער אומזיסט

**שעכטער'ס**
**דראג סטאר**
477 הייסטינגס סט.
טעלעפאן, טשערי 5763
פרעסקריפשאנס פארפערטיגט מיט די גרעסטע פינקטליכקייט צו יעדער צייט

**איך וויל עקזאמענירען אייערע אויגען**



אויב אייערע אויגען באדערען אייך שוין וואס עס איז קומט גלייך צו מיר איך וועל אייך זאגען וואס דער טראבעל איז. אויב איהר דארפט גלעסעס קען איך אייך באדזארגען מיט די בעסטע, וועלכע שיין איהר ווילט

**גלעסעס אזוי ביליג ווי $3.00**



מיין אפיס איז אויף דעם קארנער קליפארד און גריזוואלד אין עכטען הארץ פון שטאדט

איך קען אייך געבען די בעסטע און שנעל־סטע סוירוויס.
קומט מיך זעהן אזוי שנעל ווי מעגליך.

**Lou Goldberg**
רעדזשיסטרירטער אפטאמעטריסט אין מאנופעקטשורינג אפטישען
245 Griswold St
מעין 453 — אפען אווענטס.
זונטאג ביי אפאינטמענט.

# אונזער נייער טעלעפאן איז מעין 3715

# JANUARY CLEARING SALES
# IN ROBINSON-COHEN'S APPAREL STORE !!!

## א פולע פיידזש מיט בארגענס פאר פרויען !

דעטראיטער פרויען האבען נייגעריג ערווארטעט אלע אונזערע פריהערדיגע סיילס, זייענדיג איבערצייגט אז מיר גיבען זיי גרויסע בארגענס, נאר נאך גרעסער איז דער אינטערעס אין דעם ריזיגען יאנואר קלירינג סייל. זיי ווייסען בעסער פון אלעמען די ווערדע פון אונזערע וועליום און אז די פרייזען דא זענען קלענערע ווי אין אירגענד וועלכע סטארס. אונזער גאנצער סטאק איז אין סייל צו קליינע פרייזען.





## גרויסע רעדאקשאן אף קאוטס

פלאש און פויר קאוטס, קורצע מאדעלס פון פיקא פלוש. באפין זיעל און אוסטראליען אפאזום.

| | |
|---|---|
| $69.50־דיגע וועליום | $39.50 |
| $79.50־דיגע וועליום | $45.00 |
| $94.50־דיגע וועליום | $59.50 |
| $97.50־דיגע וועליום | $69.50 |

**פול לענגטה מאדעלס**

$39.50 **סאלטס פיקא פלוש**

**$22.50**

$65.00 **באפין זיעל**

**$39.50**

$79.50 **יוקאן טרימד**

**$59.50**

$97.50 **אפאזום נאטריא ביווער**

**$69.50**

$125.00 **אוסטראליען אפאזום**

**$89.50**

$200.00 **טאפיקוני און מינק**

**$125.00**

---

**אלע הארסאן זיעל קאוטס און מינק קייפס.**

**25 פראצענט ארונטער.**

**קאוטס געטרימט מיט פויר**

**$35־דיגע פליינע און פויר גע־**

**טרימטע מאדעלס.**

וואונדערבארע גארמענטס צו אזעלכע פרייזען, קומען גוט געטיילארט פון בעס־טע מאטעריאלען און די לייטעסט סטיילס מיט טשויס־פויר. זעהר שעהן געליינט איינגאנצען מיט סילק

**$21.00**

$35.00 **קורצע וועלורס און סילק פלוש**

די קאלערס און קאפס רייך געטרימט מיט פיינסטע פוירס. דיזע קאוטס פויר־פעקט געטיילארט פון בעסט. פאבריקס וועליור און סילק פלוש, איינגאנצען געליינט

**$18.50**

---

$69.50 **ספעשעל וועליום אין קאוטס**

א רייכער אויסוואהל פראכטפולע מא־דעלס האנד ארבעט ערשטע קלאס מא־טעריאלען, געטרימט מיט פויר, איינגאנ־צען געליינט.

**$34.50**

**רעדאקשאן איף פוירס**

$15.00 סקארפס און מאפס, שווארץ טאופ און בראון

**$7.95**

$92.50־דיגע סקארפס און מאפס, אין שווארץ, טאופ און בראון

**$14.95**

$39.50 סקארפס, מאפס און סטאולס סייל פרייז צו

**$19.95**

**דער גאנצער סטאק מיידעלשע קאוטס זעהר רעדוצירט.**

---

$45.00 און $50.00־דיגע פויר קאוטס, סייל פרייז

**$29.95**

**פויר קאוטס**

$100.00 טאפ קוני 30 אינטש $69.50
$175.00 מארמאל און זיעלין 30 אינטש פרייז — — — — — — — — $115.00
$175.00 נעטשוראל רעביט $93.00
$250.00 ליבערטי זיעל מאסקארט 36 אינטשעס פרייז — — — — $175.00

**היי גרייד קלאטה קאוטס**

| | | |
|---|---|---|
| $75.00 | **וועליום** | $47.00 |
| $95.00 | **וועליום** | $59.50 |
| $100.00 | **וועליום** | $64.50 |
| $129.50 | **וועליום** | $79.50 |
| $150.00 | **וועליום** | $97.50 |
| 225.00 | **וועליום** | $125.00 |

---

$1.25 **וועסט פענטס**

זעהר ווארים פארן ווינטער, גוט געמאכט און ספעשעל געפרייזט פאר דיזען סייל.

**79¢**

$1.50 **וועסט פענטס**

גוט געמאכט פון שווערען וועלוועט פלים. גרויסער דיספליי אין אלע סייזעס.

**98¢**

$2.50 **יוניאן סוטס**

שווערע, קלאוז ניט, יוניאן סוטס פאר פרויען, בעסטע קוואליטי, וואול. עס געפעהלט אלעמען.

**$1.39**

---

79 **סענט לייל האזיערי**

זעהר גוטע סטאקינגס בעסטע האזיערי זעהר רעדוצירט. מיר האבען אלע סייזעס.

**39¢**

$2.00 **ליילעכער**

פון פיינסטע וואארעס. איינע פון די פילע ספעשעלס אין סייל.

**$1.39**

$10.50 **יונייטעד סטייטס בלענ־קעטס**

הונדערטער דעטראיטער פאמיליעס ווארעמען זיך אין די ווינטער נעכט אין אונזערע בלענקעטס.

**$6.95**

---

35 **סענטיגע האק טאועלס**

דאס קענט איהר אין ערגעץ ניט קריי־גען ווייל עס איז א טיפישער ראבינסאן־קאהען בארגעין.

**19¢**

$4.50 **בעד ספרעדס**

מיר האבען א פראכטפולען ליין בעד ספרעדס פון פיינסטע דעזיינס, געמאכט פון די בעסטע מאטעריאלען.

**$2.95**

$1.50 **בלענקעטס**

דיזע קריב בלענקעטס זענען פונקט גוט פאר דער בייבי אין ווינטער. זעהר ווא־רעם און פון פיינסטען מאטעריאל.

**95¢**

---

$7.50 **בלענקעטס**

אן אויסערגעוועהנליכער בארגען אין אל־וואול בלענקעטס. מיר האבען א גרוי־סען אויסוואהל פון וואס אויסצוקלייבען.

**$4.95**

$8.50 **בלענקעטס**

יעדע פרוי ווייסט די וועליו פון אונזע־רע בלענקעטס, אויסערגעוועהנליכע ווע־ליום.

**$5.98**

50 **סענטיגע ציכען**

פרויען וואס דארפען ציכען זאלען ניט דורכלאזען דיזע געלעגנהייט.

**33¢**

---

$10.50 **קאמפארטערס**

דאס זענען פון אונזער בעסטען קאמפארטערס און ספעשעל רעד[illegible] פאר דיזען סייל.

**$6.95**

$6.50 **בלענקעטס**

נאך א סארט בלענקעטס וואס [illegible] פרוי וויל האבען. קומט און קוקט סחורה.

**$3.95**

$10.00 **סוועטערס**

גוט געשטריקט פון פיינסטען אל[illegible] אין אלע סייזעס פאר פרויען. זיי [illegible] אין די שעהנסטע פעטערנס.

**$6.95**

---

**יארן ספעשעל**

1000 **באלס קארטיסעלי** [illegible]

**אל וואול יארן 75 סענט וו**[illegible]

א גרויסע ווערייעטי שיידס זעהר [illegible] צו מאכען פיינע סוועטערס, פעטיקא[illegible] מאפלערס א. ז. וו.

**53¢**

---

# Robinson-Cohen Co.

**COMPLETE HOME FURNISHERS**

**CORNER of HIGH and HASTINGS**

**FIVE BLOCKS EAST of WOODWARD** **FIVE BLOCKS NORTH of GRATIOT**

**NORTH-BOUND FOURTEENTH CARS PASS THE DOOR**

---

**אלע סוטס**

**זענען געפרייזט צו ווינציגער ווי א האלב פון זייער ווערט.**

$39.50 **ביז** $125.00

מיר האבען אן אויסערגעוועהנליך ריי־כען אויסוואהל פון סוטס פאר פרויען און איהר קענט זיי קויפען פאר ווינצי־גער ווי קאסט פרייז.

קאסטום הענד טיילארד, לייטעסט סטיילס און איינגאנצען געליינט.

דער וועג
THE DETROIT JEWISH DAILY
Published Daily, Except Saturdays and Jewish Holidays, by
DER WEG PUBLISHING COMPANY, INC.
347-49 Hastings St., Detroit, Mich. Main 3715.
J. RABINOWITZ, Pres. JOS. R. LEEMON, Sec.-Treas.
(Entered as Second Class mail matter at Post Office, Detroit, Mich.)
Subscription Price: By mail, or carrier, one year, $5.00; six months, $2.50.

# די קרבנות פון גיפטיגע שנאפּס

די צאהל מענשען וואס זיינען געפאלען אין אונזער לאנד ... יעטע פאר טעג אלס קרבנות פון גיפטיגע געטראנקען, וואס האבען געטראגען אויף זיך דעם נאמען „וו־הסקי" אדער „ווין", דערגרייכט ביז עטליכע צעהנדליג, און אויב מען זאל נאך נעהמען אין אנבעטראכט, אז ניט אלע פעלע פון דיעזען סארט ווערען גלייך רעפארטעט, מעג מען משער זיין אז דער צעטעל פון קרבנות איז נאך זאגאר גרעסער.

די געגענער פון פראהיבישאן וועלען עס אפשר אויסנוצען אלס א פרישען ארגומענט אז דער פארבאט פון ביטערען טרא-פען איז א „מיסטייק", אזא מוסר השכל וועט אבער ניט זיין דער ריכטיגער, וויל דער מענש וואס גיסט אין האלז אריין אלץ וואס איז ארוועטייזט, אלס „גוט", איז שטענדיג אונטערוואָרפען צו א סכנה אהן פראהיבישאן אזוי גוט ווי מיט פראהיבישאן.

און אויב שוין יא אבלערנען א שטיקעל מוסר השכל פון די-... פאסירונג, איז עס דאס, וואס זי צייגט אונז נאך אמאהל, ער-... ...טענס, אז מיר האבען נאך צווישען אונז זעהר פיעל מענשען ... אבען ניט דעם מינדעסטען באגריף וועגען היגיענע, ... וויסען זאגאר ניט דעם אונטערשייד פון קארן אלקאהאל ... גיפטיגען, טויט-ברייגנגענדען וואוד אלקאהאל (דיא ... ...לומרשט-דיגע „וו־הסקי" וואס האט געקאסט דאס לעבען פון דיא עטליכע צעהנדליג מענשען וואס האבען זאגאר ניט דעם ...וח פון זעלבסט קאנטראל, וואס א ווילדער מענש האט; וואס ... ...ען צוליעב דער בעפרידיגונג פון זייער טרינק-תאוה בערייט ... ...יזיקירען זאגאר מיט זייער לעבען, שוין ניט רעדענדיג פון ... מיסאכטונג פון געזעץ וואס איז פארבונדען מיט דעם.

עס איז קלאהר אלזא אז מיר בעדארפען נאך א גרויסען און ...טיגען קעמפיין פון אויפקלעהרונג, וואס זא לגעבען דעם גאנצען עולם די נויטיגע אינפארמאציע וועגען היגיענע ווי אויך איינפלאנצען אין איהם אן איבערציגונג פון דער נויטווענדיג-...יט פון איינהאלטען די אייגענע ליידענשאפטען.

די פיעלע פארגיפטונגען דורך די געפיקסטע „וו־הסקים" ...ערמאהנען אונז אויך מיט בעזונדערער קראפט אן דעם טרוי-עריגען פאקט וואס אפילו אין ציוויליזירטע לענדער געפינען זיך נאך מענשען וואס זיינען בערייט צוליעב פראפיט צו באגעהן מאסען-מארדען געגען מענשען וועלכע זיי קענען זאגאר ניט. דער פאבריצירער פון דעם גיפטיגען ליקער קען נאטירליך קיין מאהל ניט וויסען ווער און וויפיעל די טרינקער פון דעם וועלען זיין, און ער קען פאלגליך ניט וויסען ווער און ווי פיעל דיא קרבנות וועלען זיין. עס איז גאר ניטא גענוג ווערטער צו בע-צייכענען די שוידערהאפטיגקייט פון אזא מאסען-מארד.

עס איז איבעריג צו באמערקען אז דער געזעץ געגען דיעזע אויסוואורפען דארף זיין אזוי שטרענג ווי מען קען זיך נאר פאר-שטעלען. עס איז אבער אויך נויטיג אז דער גאנצער עולם זאל ...קען אויף דיעזע פארברעכער אין זייער ריכטיגען ליכט.

יעדער פון דיעזע חברה דארף פערדאמט ווערען אלס א קינד ... שטן.

# אונטערן האמער

פון **חיים הורוויץ**

מענשען שטארבען דא פון „וואוד" אלקאהאל.

ארימע אמעריקא! ניט גענוג וואס זי איז לעצטענס נידערגעשלאגען אבּיסעל ...ען די „רויטע" און ארבייטער סטרייקס ...יז זי נאך יעצט געווארען א „מוכת עץ".

„רויטע" וועלען מעגליך דעפארטירט ווערען אויף לופט שיפען.

צו מיט א שיף אדער א לופט שיף סאי ... וועלען זיך די ארויסגעשיקטע פיהלען ... פון הימעל ארויבגעפאלען אויב זיי ווע-...ען נאך דערלעבען אנקומען אהינצו.

א מאדנע וועלט, אין פראנקרייך הויבּ... ...ען די פרויען זייערע קליידער וואס העכער און אין אוקראינע לאזען ארויב די אידי-שע פרויען זייערע אויגען וואס נידעריגער.

סענאטאר יאקאב העכט פון רומעני-ען, ערקלערט אז אידען האבען ליעב רו-מעניען, און קריעגט דערפאר גוט באצאלט פון דער רומענישער רעגיערונג.

אמאהל האט יעקב אבגעקויפט בא עשו די בכורה, און בא דעם היינטיגען „יא-קאב" איז רעכט פארקויפען זיין נשמה בא עשו'ן פאר א טאפ לינזען.

געוועזענער פרעמיער פאדערעווסקי, נעהמט זיך ווייטער צו דער פיאנא.

די מיעדע „ביינדלאך" פון אידישען פאלק אויף וועלכע ער האט כסדר גע-קלאפט גיבען שוין קענטיג ארויס פון זיך צו שוואכע טענער.

פאר דער לעצטער צייט מאכט מען זיי-ער' אפט האלד-אפס אויף דעטראיטער ביזנעס לייט.

אדער זיי הויבען די פרייזען אדער זיי הייבען די — הענט.

פעטלורא באריכטעט מען איז אנטלאפען קיין פוילען, און דעניקין דענקט זיך ארי-בערכאפּען קיין רומעניען.

כל עוף למינהו.

# כלל ישראל

פון דר' י. טהאן

דאס איז נאר א נייע פלוגתא אין דער איד'שער געשיכטע: צו ס"איז פאר האן א כלל ישראל אין דער וועלט, צי נישט; צי מען מוז ביי דער לעזונג פון דער אידישער פראגע זוכען אזא מין תשובה, וואס זי זאל פארענטפערען אין אין כלל אלע פרטים, אדער להיפוך, מען דארף זיך נאר באשעפט'גען מיט די זפרטים און אבלייקענען דעם פאקט, אז אין די אלע פרטי איז דא איין כלל. וואס נעהמט זיי אלע ארום. דאס איז לתלותין א גאנץ נייע פלוגתא. וואס מען האט זי ביז איצט ניט געקענט, ווייניגסטענס איז ביז איצט נאך קיינמאהל ניט אוועקגעשטעלט געווארען מיט אזא פרינציפיעלען אימפעט.

אין די לאנגע דורות פון דעם גלות איז דאס געווען איינער פון די עקרים, אז די אידען פון דערגאנצער וועלט זיינען געווען איין גוף און ס'האט זיך אפילו ארויסגע-בילדעט א גליכווערטעל: „וואס עס וועט זיין מיט כלל ישראל, דאס וועט זיין מיט ר' ישראל". הגם מען מוז צוגעבען, אז למעשה האט מען דע...יקר א סך מאהל דורכגעבראכען. ס'פלעגט פארקומען, אז אין אידישער קבוץ וואס עס האט זיך איהם איינגעגעבען ווי ניט איז אריינצו-קומען אין ניט-שלעכטע עקאנאמישע און פאליטישע פארהעלטניסע האט זיך אפ-געשלאסען פון אנדערע אידישע קבוצים, וואס זיי האבען נאך ניט געהאט דאס גליק אוועקצולעגען דעם וואנדערשטעקען און ערגעץ אין א ווינקעלע זיך אפצורוהען. ס"איז באקאנט אזעלכע פאלען גאר א סך אז אידען האבען ניט געוואלט צו זיך אריינ-לאזען אנדערע אידען, וועלכע זיינען נאר וואס פון ערגעץ וואו ארויסגעווארפען געווארען. די „ערב נעזעסענע" פלעגען אין אזעלכע פאלען אננעהמען אזעלכע תחבולות, כדי די נייע אנגעקומענע ניט צו לאזען, ווייל זיי האבען מורא געהאט אז זיי וועלען אוועקנעהמען א טהייל פון זייער פרנסה.

די געשיכטע דערצעהלט אזעלכע פאק-טען און פאראורטהיילט זיי שארף. אזוי ווי מען פאראורטילט א פארראט, א בגידה זייער אין אייגענעם ברודער. און דאס איז טאקע פאר אונז געווען א גרויסע חרפה. די ניט-אידישע וועלט האט זיך פאר דער דאזיגער בגידה נוקם געווען אין די פאר-טרעטער. סיי-ווי-סיי—צו קיין טעאריע אז מען דארף ניט געדענקען אן א כלל ישראל, און אז מען מעג—נאך מעהר: אז מען מוז על-פי שכל—צושטיקלען דאס אידישע פאלק אויף קליינע שטיקלעך, איז מען אין די לאנגע דורות פון דעם גלות ניט געקומען.

אזא טעאריע האט ערשט ערפונדען די אסימילאציע פון דעם 19-טען יאהרהונ-דערט. פון די קרייזען פון דער עכטער אסימילאציע אין דייטשלאנד און אין פראנקרייך—א סך זעלטענער אין ענג-לאנד—האבען זיך אנגעהויבען מיט עט-ליכע צעהענדליגע יאהרען צוריק צו הערען קולות, וואס דולט איהר אונז א קאפ מיט א כלל ישראל? מיר זענען דייטשען, פראנ-צויזען,—וואס זשע פאר א מחותנים זיי-נען די אידען פון רוסלאנד, רומעניען, פוילען? אי וואס—מען רודפט זיי—עלע-העי מען רודפ"ט די ארמענער? מיר זיי-נען ליבעראלע מענשען, ארט אונז טאקע יעדע רדיפה, אבער מעהר ניט. אזוי הא-בען גע'טענה'ט די פארווילדערטע אסי-מילאטארען, אז די גערודופ"טע מזרח-אידען זיינען זייערע „גלויבענס-גענאסען" גר—דאן האבען זיי געגעבען א נדבה. וואס קען מען, מישטיינס געזאגט. פאר גלויבענס-גענאסען מעהר טאן? די הויפט זאך איז, אז מען זאל זיך ניט לאזען א קאפ פארדרעהען מיט עפעס א אידען פראגע ביי אונז. האט זיך אין דער וועלט געהאט אזא מין אסימילאנט און זיך בשעת-מעשה עהלאפט אין בייכעל: שישו בני מעי, שישו! — ס'איז ניטא קיין אידען-פראגע, אלץ איז שוין געלעזט, אונז לאזט דער-כיט אין רוה".

דוכט זיך, אז קיין שום זאך האט ניט אזוי שטארק און אזוי טיעף אויפגערו-ערט דאס געוויסען פון די אידען, בכל מקומות שהם, ווי די דאזיגע מיאוסע קולות פון די אסימ'לאנטען. דאס איז געווען די ליניע פון קלענסטען און שוואכסטען ווידערשטאנד. וואס דער ציוניזם האט געקענט אויף איהר. אויס-פיהרען זיין שטארקסטען אנגריעף. ער האט גערופען: כלל ישראל! און דערמאלט האט זיך אפגערופען אלעס, וואס ס'איז ניט געווען פויל אדער גאר לגמרי אבגע-שטארבען אין אידישען פאלק. ס"איז דא א איז ש פאלק! דאס האט געפיהלט יעדער פשוט'ער איד אין תוך-תוכו פון דער נשמה.

ס'איז נייע: מצד פון דעם געפיהל, נאר אויך מצד פון דעם שכל איז ניט גע-וועןוועהר שווער צו באווייזען, אז עס איז פאראן א כלל ישראל. די געשעהע-נישע האבען דאס טאג, טעגליך באוויזען איד איז געבליבען איד אומעטום, אהן א שום חילוק. אומעטום האט מען גע-רודפ"ט, אומעטום האט מען מבזה געווען, אומעטום איז געווען די שנאה גרויס, הגם זי איז אין פארשידענע לענדער אויפגע-טראטען אין פארשידענע צורות. די שאלה איז געווען אומעטום די זעלבע. און טאקע דאריבער האט מען געמוזט זוכען די בשות-פות'דיגע תשובה אויף דער שאלה.

ס'איז קלאהר געווארען: מען רודפט דעם פרעמדען מיעוט. מען איז מבזה דעם היימלאזען מיעוט. וואס זשע איז צו מאהן? סתם נאר קלאגען און וויינען און זיך מיאש ז'ין, אז ס'מוז אזוי זיין און ס'וועט אזוי בלייבען אויף אייביג? האכט זיך, אז דאס קען ניט זיין גענוג. דער ציוניזם האט געזאגט: מען מיז טראכטען ערגעץ וואו און טאקע אין דער היסטאר'ישער היים ווערען א רוב, א שטאר-קער רוב, א רוב מיט אן אייגען שטיקעל היים. און דאס וועט ווירקען אויף דער גאנצער אידישער וועלט, אזוי ווי דאס איז בא אלע פעלקער. כלל-ישראל מוז נעהמען אין דער א'יגענער האנד אריין זיין גורל און זוכען א לעזונג ניט נאר אמערגסטען, נאר פאר אלע אידען פון דער גאנצער וועלט.

די לעזונג האט מען געזוכט און מען האט זי געפונען. ס'איז אבער גאנץ קלאהר, אז דאס קען ניט איבער א נאכט געמאכט ווערען, דאס מוז דויערען און דויערען און מען מוז זעהר א סך און זעהר אנגע-שטרענגט מיט אלע כחות ארבייטען, כדי דאס צו דערגרייכען. דאס איז טאקע גע-שעהען און דאס געשעהט ווייטער, הגם ביי יעדען שריט שטעלען זיך אנטקעגען א סך עיכובים, א סך מניעות. וואס מען מוז אוועקרוימען. אז כלל-ישראל וועט זיין באמת כלל-ישראל, וועט ער זיך ז'ין וויג-קעלע שוין אויכקעמפען.

איז אבער דעם ארימען כלל-ישראל אויפגעשטאנען א גאנץ נייער שונא פון דער לינקער זייט. גראד פון דער זייט, וואס זי ווילען דער וועלט איינרעדען, אז זיי קענען בכלל ניט ליידען קיין עולות, און אז זיי זיינען שטאלצע אידען, וואס לאזען זיך ניט בויגען און לאזען זיך ניט ארויסרייסען זייער אידישע נאציאנא-ליטעט

דאס זיינען ניט מער די זאטע „גע-היים ראטען" פון בערלינער „קורפירר-שטענדאם", וואס זיי ווילען ניט, דאס זאל זיי שטערען דאס פארדייען מיט עפעס א רעש פון כלל-ישראל, נאר עס זיינען אליין געפלאגטע און געיאגטע אי-דען, וואס שרייען היינט גוואלד, אז זיי ווילען ניט הערען פון כלל-ישראל און מא-כען פון דעם וואס נור א חוא וטלולה. ז'י ווערען פשוט משוגע פאר שמחה און הוי-בען אן צו טאנצען, ווי די ווילדע דער-ווישען, אויב עס דוכט זיך זיי, אז אט האט דער כלל ישראל עפעס ניט ערפאלג-אט דאס זיינען די גרויסע געלעהרנטע, וואס מ'ינען, וואס דענקען, אז זיי האבען אויפגענומען אויף א קנוח סעודה די גאנצע חכמה העקאנאמיע, און אין דער אמת'ן האבען זיי זיך אין, די קליינע בראשורלעך אפילו דעם אלף-בית פון דער חכמה ניט או'סגעלערנט. אט דאס זיינען די גרויסע געשיכטס-פילאזאפען, וואס ווערען זיך איין, אז זיי האבען געפאכטעט אלע חכמות און ווייסען אין אמת'ן ניט, וואס נעכטען איז געווען. זי האבען נארניט געלערנט און נארניט פארגעסען און פארשטעלען זי' זיך אזוי, ווי זיי וואלטען געווען די גייסטי-גע דיקטאטארען פון דעם גאנצען אידישען פאלק. אי דאס בלויז נאר'שקייט, אדער טאקע אויך בייזער ווילען? ס'איז טאקע ביידעס. ס'איז די זעלבע זיכערקייט פון דעם אונגעבילדעטען און ס'איז ?יער טבע שאדען צו ברענגען דרכם להזיק.

וועלען זיי שאדען ברענגען? מיר מוזען האפען, אז זי וועלען זיין צו שוואך דערצו דער כלל-ישראל וועט איבער זיי איבערגען צו ז'ין ארבייט און וועט זיך זיין בעסערען הרג' אויסקעמפפען.

(„אידישע פאלק" ווארשע).

# געזביטעז די יוצרות

אן אלטע סאטירע.
פון אברהמ'ל

מענדעל נארנעל איז א קלויזניק
אין כאנדריקעווע געווען...
ווי אן אויסגעדארטער לולב
האט דאס נפש אויסגעזעהן...

לאנג און דין, ווי א הושענה
און פון פארענט מיט א קנאפ
פאות צוויי קאלטונעוואטע, —
ווי די גלעקער, ארום קאפ....

טעג נעגעסען, נעכט געשלאפען
אין א קלייזעל אויף א באנק
פריה און אבענד זיך געשאקעלט
ביי דער גמרא מיט געזאנג...

אפגעריסען, אפגעשליסען,
ווי א טרעמפ, און ניט פערקאמט,
און חדשים האט זיין קערפער
ניט געזעהן קיין ווייסע העמד.

זעלטען איינמאל אין א פורים,
ווען די האנד איז פריי ביים כלל,
פלעגט דער „עילו" מענדעל נארנעל
מאכען גרינג א קאפיטאל...

פאר די ווייבער די „מגלה"
האט געלייענט ער צו הויז,
און פון יעדער בעל הבית"טע
מיט א טעלער געלד ארויס....

אומגעטראגען שלח מנות
אויך צו יעדען בעל הבית
אין דעם טאג האט מענדעל נארנעל
און געשנארט נאר אהן א מאס....

ביי זיין „מאנטאג" פלעגט ער כאפען
שנאפס א כוס און א חצי-רך,
ביי זיין „דינסטאג" — אלטע שטיווער,
און ביים „שבת" — נאר א סך...

קוים א וואך איז נאר פאראיבער
נאכן „פורים" און „יאריד",
האט דער דלות שוין ביי מענדלען
ווידער הויך געפייפט זיין ליעד.

מענדלען ענדליך האט דערעסען
אזא לעבען אין זיין קלויז,
פון זיין עלענד און פון דלות
האט זיך איהם געוואלט ארויס....

פאר די בעלי בתים „זמירות"
ווילט זיך מעהר ניט זינגען איהם,
ער בענקט נאך טשאלענט-סעודות
זאל ביי פרעמדע מיט זיין שטים.

ברויט מיט הערינג. קב-חרובים
ביי אן אייגען ארים טיש
בעסער שמעקט, ווי משה-ברוך"ס
„שבת" מיט זיין פלייש און פיש...

מענדעל נארנעל א מלמד
איז געווארען מיט אמאל
בעל הבית"טעס אין זיין חדר
שיקען קינדער אהן א צאהל.

און געקנעלט האט מענדעל נארנעל מיט
תלמידים גאנצע טעג,
און געהונגערט פון די גליקען, —
ווי א בעטלער אויפן וועג...

פופצעהן יאה רזענען פאראיבער,
אין סאנדריקעווע שוין לאנג
וויסט פון קריעג איז און פאגראמען
און פון שטורעם און פון דראנג

מענדעל נארנעלס פיעל תלמידים
זענען אויף דער וועלט צושפרייט
ווער געפאלען איז אין שלאכטפעלד
ווער — אוועק איז זוכען ברויט...

דער „מלמד" זעלבסט שוין יאהרען
פון דעם וויסטען שטעדטעל פעהלט,
אלטע בעטלערס נור דערצעהלען
אין מרחקים מאכט ער געלד...

אין דעם לאנד פון "אונבעגרענעצטע
מעגליכקייטען" אהן א צאהל,
וואו די פרייהייט איינגעווארצעלט
אין דער ערד און פעסט, ווי שטאהל.

וואו די דעמאקראטיע "אייער"
לייגט אין נאס אין מיטען טאג,
און א „נארנעל-שניידער" ווייס ניט
פון קיין שטראף און פון א...טראג,

האט דער שיקזאל אויך פארווארפען
מיך, דעם זינדיגען פאעט....
און בערייזט אין דער מדינה
האב איך שטעדטלאך פיעל און שטערט.

איינמאהל קום איך אין א מקום
פון אהייא אויף מיין טור,
חסידים האט ער לאלפים
דארט א וויכטיגע פיגור....

חסידים האט ער לאפים
און אויך וואונדער פיעל בעוויזט
אידען טראגען איהם די דאלערס
און ער זיי מיט ברכות שפייזט....

מיט עקרות און חולאים
פול איז מעגליך זיין קווארטיר,
און ער פראוועט "גרויסע טישען",
פאהרט אין "אויטאס" ווי א גביר.

ביז איך בין אריינגעקומען
צו דעם רבן אין „פאלאץ",
האט מיך פשוט זיין „אכראנא"
שחר אפגעקאסט א שאטץ..

—הימלען, וועמעןאמיינע אויגען
זעהן זיצען אויף א טראהן?!
מענדעל נארנעל, אויסגעפוינעלט,
ווי א הערצאג אויבען אן...

חסידים זינגען שיריים
כאפען זיי ארום טיש,
און אך מיין—איך בין משוגע,
ניכער ווי געזונד און פריש....

גלייך דער „גוטער איד" דערקענט האט
מיך און זיך ניט אפגעשרעקט
און א „שלום" נאר א ברייטען
מיר פון ווייטען אפגעשטעקט...

נאך דער סעודה גלייך פארבעטען
האט ער מיך צו זיך אין „רום",
וואו ער פראוועט זיין „יחידות"
און ער ויצט פארשלאסען שטום...

ניט געררעדט האב איך פאר פחד,
מיך געווארפען האט א גרויל—
ביז דער „רבי" מענדעל נארנעל
ועלבסט געעפענט האט זיין מויל.

—„וואס זשע קוקסטו, ווי א טפש"?!
לעבען זאל „קאלומבוס" לאנג!
האָ? געוועגסטו מיין געלענער
דארטען אויף דער הארטער באנק?

איך בין אליין דערזועלבער מענדעל,
כאטש איך בין ביי אידען גרויס,
נור די „יוצרות" זיך געביטען
האבען היינט ביי מיר אין הויז...

במקום „עסקן-טעג" ביי פרעמדע,
„טרינק" איך גאנצע „נעכט" ביי זיך,
במקום טראגען יענעמס שטיוועל,
קויף-איך יענעם נייע שיך...

מעהר שוין זינג איך ניט קיין זמרות,
קוקענדיג ווי יענער עסט,
איך עס היינט אליין דעם טשאלענט
און לאז זינגען מיינע געסט.

צו קיין בעלי-הבית"טעס בעטען
קינדער-לערנען—לויף איך ניט;
בעלי-הבית"טעס „בעטען קינדער"
היינט ביי מיר, ביים „גוטען איד".

שלח-מנות היינט צו טראגען
יענעם — האב איך ווייניג צייט,
שלח-מנות בעסער נעהם איך,
און מען טראגט פון יעדער זייט...

קורץ איך בין דערזועלבער מענדעל,
ניט געענדערט אויף א האאר,
נור די „יוצרות" אומגעביטען
האב איך דא, און ווייטער — שנאהר.

# דאס רויטע צימער

ראמאן פון א. סטרינדבערג

(פארטזעצונג)

— וואס נעהט עס דיך אן, אז איך וועל פארברענט ווערען? קען איך דען עס נישט ווען איך וויל!

— דער פאלענדער דארף היינט ניט זיין קיין ניהיליסט!

— ניהיליסט! ווער האט דיך אויסגע־לערענט דאס ווארט? פון וואנען האסטו עס גענומען? ביסט פעררישט, יונגעל? זאג!

ער האט זיך אויפגעשטעלט און האט מיט זיינע פייערדיגע אויגען צום קעל־נער א פאר בליקען געווארפען.

פאר שרעק פון שוישפיעלערס אויס־דרוק, איז גוסטאוו שטיל געווארען.

— ענטפער יונג, פון וואנען האסטו גענומען דאס ווארט?

— הער מאנטאנוס האט עס פאר א פאר טאג געזאגט, ווען ער איז פון זיי־נע געקומען, האט גוסטאוו שרעקעדיג געענטפערט.

— אזוי, מאנטאנוס! האט דער שויש־פיעלער געזאגט און האט זיך צוריק אוועקגעזעצט. — מאנטאנוס איז מיין פריינד. דאס איז א מענש וואס פאר־שטעהט וואס מען זאגט, הער נאר גוס־טאוו, דו דענקסט מיר רוהיג דערצעהלע וואס פאר א צונאמען די טעאטער באנדע האט מיר געגעבען, זאג, שרעק זיך ניט.

— ניין, ער איז אזוי העסליך אז איך וויל איהם אזש נישט זאגען.

— פאר וואס ווילסטו נישט? ווען דו ווילסט מיר דעם פערגעניגען מאכען, גע־ווייסטו נישט, אז איך האב עפעס נויטיג עס זאל מיך אויפמונטערען? נו, ארויס דערמיט! ווי אזוי זאגען זיי, ווען זיי פרע־גען אויב איך בין דא געווען? זאגען זיי ..... נא זאג שוין!

— דער טייוועל....

— דער טייוועל? דאס איז א גוטער נאמען! זיי האסען מיך, נישט אמת?

— ניין, דאס קענט איהר נישט בע־הויפטען.

— ניין, דאס גלויב איך אליין אויך נישט.

— אבער זיי זאגען, אז הער פאלענ־דער פערדארבט די מענשען!

— פערדארבט?

— יא, זיי זאגען, אז הער פאלענדער האט מיך פערדארבען, ווייל איך זאג אז אלעס איז אלט.

— הם, הם! זאג זיי אז זייערע וויצ־ען זענען אויך אלט.

— יא, אל יא איז אלט וואס זיי זאגען, זיי זענען אזוי אלט אז עס עקעלט מיך פון זיי.

— אזוי, געפינסטו נישט אז א קעלנער זיין איז אויך עטוואס אלטעס?

— יא, געוויס איז עס אזוי. לעבען איז אלט, שטארבען איז אלט, אלץ איז אלט ניין — א שוישפיעלער צו ווערען איז נישט אלט!

— יא, מיין פריינד, דאס איז דאס עלטסטע פון אלץ, איצט אבער מוסטו שטיל זיין, איך מוז מיך באטויבען.

ער האט געטרונקען א גלאז אבסינטה, זיין קאפ האט זיך אנגעלעהנט אן די וואנט. דארט האט זיך געזעהן א לאנ־גער ברוינער שטרייף, ווייל שוין זעקס יאהר ווי דער שוישפיעלער זיצט דא און לאזט דעם רויך פון ציגאר אויפן זעל־בען ארט. די שטראהלען פון דער זון פאר־אייגט דורכן פענסטער אין זאל אריין גע־פאלען מיטן שאטען פון דעם בוים וואס שטעהט ביים פענסטער, פאלען זיי אויף די צוווארפענע לאקען פון שוישפיעלער עס זעהט אויס ווי עפעס א גרויסע [illegible] און א שווארץ מיט ליכט געמישטע געוועבס.

גוסטאוו האט זיך אוועקגעזעצט ביים טיר און האט געקוקט אויף די פליגען וואס האבען ארומגעטאנצט דעם הענגעל־לאמפ.

— גוסטאוו! האט עס געקלונגען פון שפינגוועבס.

— יא, ענטפערט עס פון זייגער.

— לעבען נאך דיינע עלטערן?

— ניין! דער הער פאלענדער ווייסט עס דאך שוין!

— דא סאיז גוט פאר דיר!

א לאנגע פויזע.

— גוסטאוו!

— יא!

— קענסטו ביינאכט שלאפען?

— וואס מיינט איהר מיט דעם, הער פאלענדער! האט גוסטאוו געענטפערט רויט ווערענדיג.

— דאס וואס איך זאג!

— יא, זיכער קען איך שלאפען, פאר וואס נישט?

— פארוואס ווילסטו א שוישפיעלער ווערען?

— דאס ווייס איך נישט, איך גלויב אז איך וועל גליקליך זיין!

— ביזטו דען ניט גליקליך?

— דאס ווייס איך נישט, איך דענק אז נישט!

— איז הער רעהנהעלם דא נאך אמאל געוועזען?

— ניין, ער איז נישט געווען, אבער ער האט געוואלט דעם הער פאלאנדער אין [illegible] צייט געפינען.

א לאנגע פויזע. דערנאך האט זיך די טיר געעפענט, און א שאטען איז אין די גרויסע נעץ אריינגעפאלען.

— הער רעהנהעלם? האט געפרעגט דער קאפ פון הינטער גרונד.

— הער פאלאנדער?

— ווילקאמען! איהר האט מיך שוין היינט געזוכט?

— יא, איך בין היינט מיטאג אנגע־קומען. איך האב אייך באלד געזוכט, איהר ווייסט שוין מיין פארשלאג. איך וואלט וועלען צום טעאטער אנקומען.

— ניין, ווירקליך? דאס ברענגט מיך צום ערשטוינען!

— אין ערשטוינען?

— יא, אזוי איז עס! אבער פאר וואס קומט איהר צו ערשט צו מיר?

— ווייל איך ווייס אז איהר זייט דער גרעסטער שוישפיעלער דא, און ווייל אונזער ביידענס בעקאנטער, בילדהויער מאנטאנוס, האט אייך פאר מיר אלס א זעהר גוטען מענשען פארגעשטעלט.

— האט ער דאס? וואס קען איך פאר אייך טאן?

— אן עצה געבען.

— ווילט איהר זיך ביי מיין טיש זע־צען?

— יא, מיטן גרעסטען פערגעניגען.

רעהנהעלם האט זיך אוועקגעזעצט.

— איהר בעט פון מיר א ראט? הם,

— ווילט איהר אן אויפריכטיגע ראט? יא, נאטירליך. נו, הערט זשע מיך ערנסט אויס וואס איך וועל אייך זאגען, און איהר זאלט קיינמאל נישט פערגעסען, אז איך האב אייך אין דעם טאג אזוי גע־זאגט, ווייל איך נעהם אויף מיר דיא פעראנטווארטליכקייט וואס איך זאג.

— זאגט אייער מיינונג, איך בין צו אלעמען געפאסט!

— האט איהר דען שוין פערד בע־שטעלט? ניין! געהט און טהוט עס און פאהרט צוריק אהיים!

— האלט איהר מיך דען פאר אונפע־היג, שוישפיעלער צו ווערען?

— ניין, זיכער נישט! איך האלט קיי־נעם נישט פאר אונפעהיג צו דעם! אין געווענטהייל, אלע מענשען האבען מעהר אדער ווייניגער טאלאנט, מענשען פאר־צושטעלען.

— אלזא?

— אבער עס איז גאנץ עטוואס אנ־דערש ווי איהר דענקט! איהר זייט יונג, אייער בלוט איז אין באוועגונג, איהר פיהלט ווי טויזענט בילדער, שעהן און העל אזוי ווי אין די מערכען־ביכער, געהען דורך אייער מוח, אבער איהר ווילט זיי נישט בעהאלטען, איהר ווילט זיי ארויסברענגען, אויף אייערע הענט טראגען און צווינגען זיי זאלען זיך פאר אלעמען אין דער וועלט צייגען, און אליין אויך האבען פערגעניגען — נישט אמת?

— יא, יא! איהר רעדט מיינע געדאנ־קען ארויס!

— איך נעהם נאר דעם בעסטען און עהנליכסטען פאל אן, איך זוך נישט זיין שלעכטע מאטיוען פאר א מענשענס וואונש. כאטש איך דענק וועגען אלץ נידעריג. נא, אייער נייגונג איז אזוי שטארק, אז איהר וועט בעסער גוט ליי־דען, זיך ערנידעריגען, זיך לאזען פון וואמפירען דאס בלוט זויגען, אייער ביר־גערליכעס אנזעהן פערלירען, בעסער אונ־טערגעהן, איידער פון אייער ווילען צו־ריקטרעטען! נישט אמת?

— יא, אך ווי גוט איהר קענט מיר!

— איך האב אמאל געקענט א יונגען מאן — איצט קען איך איהם שוין ניט מעהר, ווייל ער האט זיך זעהר פערענ־דערט!

— ער איז אלט געווען 15 יאהר ווען ער איז פון שטראף אנשטאלט ארויסגע־קומען, וואס יעדער געמיינדע האלט אויס פאר קינדער וואס באגעלען בלויז דעם פארברעכען, געבוירען צו ווערען, און די אונשולדיגע קינדער ליידען פאר די זינד פון די עלטערן, וואס זיי האבען גע־זינדיגט באשאפענדיג די קינדער. איך בעט אייך, דערמאנט מיך אז איך זאל זיך האלטען ביי דער טהעמא! ער איז דע־נאך געלעגען אין די ביבליאטעקען און האט פיעל ביכער געלייענט, זיינע געהירען האבען זיך אין זעקס פאכען איינגעטיילט, און דארט זענען לעגטען זעקסערליי זאכען, די צאהל, די נעמען, א גאנצער מאגאזין פארטיגע אורטיילען, בעשלוסען, טעאריען, איינפעלע, אט דיא אלע דומהייטען זענען אין מוח געווען צוזאמענגעדריקט, אזוי ווי עפעס א פאר־מעגען אין א קאסע־קאסטען. עס וואלט נאך געקענט אריין, ווייל די געהירען זע־נען גענוג גרויס. עס האט אבער אויך איינענע געדאנקען אויפגענומען חוץ דיא וואס זענען שוין אזוי אלט געווען, און אזוי פיעל איבערגעקייט געווארען, דעם יונגען מאן איז נמאס געווארען לעזענ־דיג. ער האט אויפגעהערט לעזען און איז צום טעאטער געגאנגען. ער איז דאמאלס צוואנציג יאהר אלט געווען. קוקט נאר מיין זייגערעל אן, קוקט אויפן קליינעם ווייזערעל, זעכציג מאהל, איידער עס ווערט א מינוט, זעכציג מאל זעכציג, איידער עס ווערט א שעה, דערנאך 24 מאל, ביז עס ווערט בלויז איין טאג. דער־נאך דריי־הונדערט־ און פינף־און־זעכציג מאל און עס איז בלויז איין יאהר, דענקט אייך נאר, צעהן יאהר! מיין הער, האט איהר שוין אמאל ביי א פיר אויף א גר־ען און איז מען בעקאנטמען געווארט? דאס ערשטע פיערטעל שעה, געהט שנעל פארביי. דאס צווייטע פיערטעל שעה, דאס טהוט מען גערן פאר דעם וואס מען האט ליעב. דאס דריטע פיערטעל שעה, ער קומט נישט. דאס פיערטע, — האפנונג און שרעק. דאס פינפטע — בען געהט אוועק און קעהרט זיך אבער אום צוריק. דאס זעקסטע — מיין גאט, איך האב מיין צייט אומזיסט פארלארען. דאס זעבענטע — איך ווארט נאך אלץ ווייל איך האב שוין אזוי לאנג געווארט. דאס אכטע — כעס און קללות. דאס ניינטע — מען געהט אהיים, מען לעגט זיך אויף דער סאפא און מען פיהלט א רוהיגקייט אזוי ווי מען וואלט דעם טויט די האנד גע־געבען. — ער האט צעהן יאהר געווארט, צעהן יאהר! ציטערען נישט מיינע האר אויפן קאפ, איך זאג צעהן יאהר? צעהן יאהר זענען פערגאנגען. עס איז אבער נאהענט געווען אין די צעהן פערלוירענע יאהר אז ער זאל משוגע ווערען. ער איז געווען אין כעס פאר וואס זיין ערפאלג איז פאר צעהן יאהר נישט געווען. עס האט געקענט זיין, ווייל דעם זעלבען טא־לאנט האט ער דאמאלס אויך בעזעסען, נאר ווייל מען האט איהם געלאזט ווא־רטען, מען האט איהם קיין ראלע נישט געגעבען! און ווען ער האט שוין יא ער־פאלג געהאט, האט עס איהם שוין נישט גליקליך געמאכט, פערקעהרט, ער איז אומגליקליך געווארען, אומגליקליך אויף זיין גאנצען לעבען.

פארטזעצונג פאלגט.

# באריכטע

ווערטער רעדאקטאר פון וועג:

אלס א שטענדיגער לעזער אייער ווערטהער צייטונג, בעט איך אייך מיר ניט צו אנטזאגען, און פארעפענטליכען אין א'ער צייטונג דאס פאלגענדע, נעמענדיג א'ין אנבעטראכט דאס די הילף וועלכע מיר גיבען צו אונזערע שוועסטער און ברידער אויף יענער זייט ים איז וו'יט נים קיין גענוגענדע ווייל ניט יעדער איינציגער פ'הלט די פליכט אויף זיך צו געבען און טאקע מיט דער פולער האנד. דארום איז די הילף אזוי קליין עס איז אבער דא א געוויסער קלאס אידען וועלכע קענען יא עפעס טאן פאר די אומגליקליכע, און דאס איז דער איד דער ביזנעססמאן על א'ז דער יעניגער וועלכער קען טאן א סך אבער לײדער צום באדויערען פון דעם קלאס איד הערט מען דער ווייל ניט פרייכט איז'ער צופיעל פארביזנעוועט? מען דארף אבער צופיעל צייט ניט פארלירען אום אפצומאכען בא ז'ך אין געדאנק צו "טיצען מאנאטליך אונזערע שוועסטער און ברידער אויף יענער זייט ים. נעמט זיך אלעם ביישפיעל די פאלגענדע וועלכע צאלען מאנאטליך:

| | |
|---|---|
| מר. קאפלאן, 483 הייסטינגס | $40.50 |
| מר. ראבינער, 169 אלפרעד סט. | $25.00 |
| מר. שונערמאן, 837 אקלאנד | $10.00 |
| מר. גרינבערג, 529 הייסטינגס סט. | $5.00 |
| מר. באטווינק, 131 דושעפערסאן | $2.00 |
| מר. קארפ, 230 ווינדער סט. | $2.00 |
| מר. שרייבמען, 867 טשיין סט. | $2.00 |
| מר. שעכטער, 481 הייסטינגס | $1.00 |
| מר. דייוויס, 489 הייסטינגס | $1.00 |
| מר. מאטאשעוויץ, 93 דיוו'זשיאן | $1.00 |
| מר. מאסקאוויץ, 572 בוביען | $1.00 |
| מר. ס. קארפ, 91 בריידי סט. | $1.00 |
| מר. פאגעלמאן, 1941 גרעשעם | $1.00 |
| מר. לעווענסאן, 516 ענטוויין | $1.00 |
| מר. נעמזין, 548 הייסטינגס | $1.00 |
| מר. אראנאף, 252 אלפרעד סט. | $1.00 |
| מר. קאען, 486 בייקער סט. | $1.00 |
| סך הכל | $96.50 |

די אלע געלדער זיינען אבגעש'קט געווארען צו די סענטראל רעליעף קאמיטע, 51 טשאמבער סט. נוי־יארק, דורך מר. קאפלאן, פון 483 הייסטינגס סטריט.

## אגודת מזרחי דעטראיט.

די אגודת מזרחי פון דעטראיט דריקט אוים איהר דאנק צו ד' פרעזידענטען און קאמיטעס פון די שולען, וועלכע האבען גע־יוזט די נאציאנאל־פאנד סטעמפס ביי פארקויפען סיטס ערב ראש השנה. די פאל־גענדע געלדער זיינען אריינגעקומען פאר דיסטעמפס.

| | |
|---|---|
| ביהכ"נ מגן אברהם פארנסווארט סט. | $185.50 |
| ב'ת יעקב, מאנטקאלם סט. | $87.18 |
| אהבת אחים, וועסמינסטער | $82.40 |
| בית דוד, וויינדער סט. | $30.40 |
| אגדת אחים, פעררי סט. | $19.95 |
| בני ישראל, מאלאט סט. | $24.40 |
| בית תפילה, נאפאלעאן סט. | $16.59 |
| בית משה, רומענישע שול, | $12.15 |
| מחזיקי הדת, הי"ג | $11.50 |
| תפארת ציון, קעמראן | $7.70 |
| בני משה, נארפיעלד | $9.00 |
| ביהמ"ד הגדול | $5.50 |
| בית אברהם, ווינדער סט. | $3.40 |
| בית יצחק, בענטאן סט. | $2.10 |
| ביהכ"נ נוסח ארי. | $9.00 |
| תלמוד תורה דיוויזשאן | $9.70 |
| תלמוד תורה ווילקינס | $5.00 |
| סך הכל | $520.67 |

די גאנצע איננאמע איז גלייך אוועקגעשיקט געווארען אין ניו יארק פאר וועלכע מיר האבען א רעסיט.

י. ל. לעווין, פרעזידענט.
א. ראנוואי, סעקרעטאר



באריכט פון דאמבראוויצער הילפס־פאראיין.

פאר דער פארהעלטניסמעסיג קורצער צייט פון זייער עקז'סטענץ אלס הילפס פאראיין, האבען די דאמבראוויטשער לאנדסלייט פון דעטראיט באוויזען, אז דער הילפס רוף פון זייערע שוועסטער און ברידער פון יענער ז'יט ים האט טיעף אריינגעדרונגען אין זייערע נשמות. אין פארלויף פון די ערשטע עטליכע וואכען צייט וואס זיי האבען זיך ארגאניזירט האבען זיי בא־וו'עזען צו שאפען און טאקע אויך איבער־צו שיקען דורך דער פיפעלס רעליעף 1000 דאלער צו די דאמבראוויצער פאגראם קרבנות. די ארבייט איז בא די דאמבראוויצער בלויז געווען אן אנפאנג. זיי האבען באגריפען אז דער חורבן אין זייער שטאדט א'ז צו מורא'דיג, טויזענד דאלער קענען ניט העלפען. און דער הילפס פאראיין האט באשלאסען צו שאפען א 25 טויזענד דאלאר. גלויבענדיג אז נאר אזא סומע קען זיילען די ליידען פון די פאראומגליקטע. און ווי די דאמבראוויצער באצ'הען זיך ערנסט צו זייער באשלוס, האט באוויזען דער באנקעט און פעקערדזש פארטי וואס איז דורכגעפיהרט געווארען זונטאג דעם 28־טען דעצעמבער אין לייבאר לייסעאום בזענען פארגעקומען דרשות, טאסטען, און טארנעס, דאס איז אבער ניט אלעס. דער־עיקר א'ז, אז נאך די אלע מיסחרים האבען די דאמבראוויצער פארדינט 730 דאלער. און די דאמבראוויצער פרעהען זיך, באלד וועט דער צווייטער טויזענדער איבערגעשיקט ווערען צו זייערע אומגליקליכע ברידער און שוועסטער.

י. פעטשעיק, פרעס קאמיטע.

גרויסע פראטעסט דעמאנסטראציע געגען די פאגראמען אין אוקראינע.

דעם לאנדאנער א'ד. קאר. ביורא שרייבט ימען פון קאפענהאגען:

מאנטאג, דעם 8־טען דעצעמבער האבען זיך אויך די אידען פון קאפענהאגען אנגעשלאסען אן דער גרויסער פראטעסט־באוועגונג געגען די אידען־שחיטות, אין דער אוקראינע.

דער גרויסער זאל פון „פרינץ ווילהעלם'ס אלי״ איז געווען פול מענשען. א געדריקטע שטימונג האט געהערשט אין דעם זאל, ווען די רעדנער האבען פון דער שווארין דעקאריהטער ביהנע געגומען שילדערען די פרטים וועגען די פאגראמען אין אוקראינא און רוסלאנד. א זעהר ריה־רענדע רעדע האט געהאלטען דער פראפעסאר סימאנסען, וועלכער האט אויפגעפאדערט די וועלט צו פראטעסטירען געגען די אונמענשליכע שחיטות. מיט שארפע רעדעס זיינען אויך ארויסגעטרעטען ד' ה״ לעא באזאנאוויטש און אנדערע. דער קאנטאר גראסמאן האט געהאלטען א ריהרענדע „אל מלא רחמים״ פאר די נעפאלענע.

די גאנצע דענישע פרעסע האט זיך יוארם אבגערופען אויף דער פראטעסט־דעמאנסטראציע און געבראכט גרויסע באריכטען איבער דער פערזאמלונג, אוים־דריקענדיג דערביי א שטארקע פארביטערונג געגען די לענדער, וואו אידען ווערען אף אזוי אונאויפהערליך געפייניגט און ארויבט פון זייערע מענשליכע רעכט.









## בצוויער לאדסלייט אויפמערקזאם!

בא א מאסמיטינג פון סקווירער לאנדסלייט וועלכער איז אפגעהאלטען געווארען זונטאג דעם 28־טען דעצעמבער בא וועלכען מיר האבען געקראגען איין גרוס פון געוויסע אומגליקליכע סקווירע וועלכע דער שיקאגאר פאראיין האט אונז צו געשיקט איז נעזאמעלט געווארען 905 דאל. מיט דער אנוועזענהייט פון איין קליינער צאהל מעמבערס, אויך איז ערוועהלט געווארען איין דעלעגאט מר. ראבינאוויטש, וועלכער פאהרט נאך ניו יארק מיט דעם צוועק פאר איינצעלנע גרוסען פאר דעטראיטער לאנדסלייט. אלזא יעדער סקווירער וועלכער אינטערעסירט זיך און וויל האבען אין גרוס פון זיין היים דארף קומען צום נעקסטען מיטינג וועלכער וועט אפגעהאלטען ווערען נעקסטען זונטאג דעם 4־טען דזשענואר 1920 3 אוהר אין בערעזניצער שוהל, 225 וואטסאן סטריט

די קוויטירונג פון די געלדער וועלען ערקוקט ווערען נעקסטען מאהל.

מיט גרוס עקזעקוטיוו קאמיטע.

JAN 9 1920

The only Jewish Paper Printed in Michigan

# דער וועג

The Detroit Jewish Daily

די איינציגע אידישע צייטונג געדרוקט אין מישיגאן סטייט

Published Daily by DER WEG PUBLISHING CO.

347-49 HASTINGS STREET Telephone Main 3715

Published and distributed under permit No. ... authorized by the Act of October 6, 1917, on file at the Post Office of Detroit, Michigan. By order of the President, A. S. Burleson, Postmaster General.

PRICE 2c. DETROIT, MICH., Tuesday, January 6th, 1920 Vol. 1, No 182 דינסטאג, יאנואר 6טען, 1919

# גרויסע ערדציטערנישען אין גאנץ מעקסיקא

## ארבייטער פארדאמען רעגירונג פארן געיעג אויף ראדיקאלען

טשארלס ריכט האראקטעריזירט די לעצטע געשעהענישען אלס היסטעריש, ווילקירליך, פארפאלגעריש און אידיאטיש. — שיקאגאר פעדערייששאן און לייבאר נעמט אן צוויי רעזאלוציעס געגען די איבערפאלען. די אמעריקאנער סאציאליסט. פאר־טיי גיט ארויס א סטייטמענט וועגען די לעצטע פאסירונג.

ניו יארק, יאנ. 5 — האראקטעריזירענדיג דער רעגירונגס געיעג אויף דיא ראדיקאלען, וואס איז פארגעקומען פאר די לעצטע טעג, אלס „אידיאטישע און ווילקירישע מעטאדען צו פארפאלגען און אונטערדריקען דאס פאלק", האט טשארלס ריכט, פארטיידיגער פון די ראַדיקאלען, וועלכע שטעהען צו דעפארטירט צו ווערען, ארויסגעגעבען פאלגענדען סטייטמענט:

„עס זאל אויסזעהן, אז די ראדיקאלע און ארבייטער באוועגונגען דינען אלס א געזעצליכע און עפענטליכע שפיעל פאר אלע ביוראקראטען. ווי עס זעהט אוים, נעהט אן א גרויסע קאמפעטיציע צווישען די פארשיעדענע צווייגען פון דער רעגירונג, ווי די שטאטליכע און פעדעראלע, כדי, ווער פון זיי קען זיין מעהר אידיאטיש און שרעקליכער אין די פארפאלגונגען און אונטערדריקונגען פון מענשען פאר זייערע מיינונגען.

„הויפט פון יוסטיץ דעפארטמענט, אטוירני גענעראל פאלמער ווייזט נעבאך היסטעריש, אז אינם לאנד געפינען זיך ארום 300.000 אונגעוואונשטע פערזאנען. עס איז פאראן א גרינגער און ביליגער אופן, ווי אזוי דאס לאנד קען פון זיי זיך בעפרייען: זאל נאר דער שטאט דעפארטמענט אויפהערען זיך אריינמישען און אוועקרייבען דאס רעכט פון פאלק צו פארלאזען דאס לאנד, און די אלע, וועלכע ווערען איצט געיאגט, און שלעכט באהאנדעלט אויפן אירגענד וועלבען חשד פון ראדיקאליזם, וועלען מיט דער גרעסטער שמחה זיך באנוצען מיט דער מעגליכקייט צו פארלאזען אמעריקא.

„ריזע מענשען זענען געקומען אין אמעריקא, זייענדיג אונטער איינדרוק אז זיי קענען דא געניסען פאלשטענדיגע פרייהייט, איצט ווי אט די דאזיגע פרייהייט איז אפיציעל פון דער רעגירונג אפגעשטעלט געווארען, ווילען זיי בעסער זיך אומקערען אהיים. מר. פאלמער און זיין יוסטיץ דעפארטמענט וועט נישט זיין מעהר בכח אויסצופיהרען זיין געיעג ־פאליסי, אויב די טויערען פון לאנד וועלען נאר ווערען אפען פאר די וועלכע ווארטען אוים צו פארלאזען אמעריקא".

שיקאגא, יאנ. 5 — די היגע ארגאניזאציע פון דער אמעריקאנער פעדערייששאן און לייבאר האט געכטען אנגענומען צוויי רעזאלוציעס געגען די איבערפאלען אויף ראדיקאלען איבער'ן גאנצען לאנד.

איין רעזאלוציע באטראכט דעם געיעג וואס די רעגירונג האט געמאכט אויף די ראדיקאלע ארגאניזאציעס אלס „א גיגאנטישע קאנספיראציע מצד די קאפיטאליסטען צו פארניכטען די ארגאניזירטע ארבייטער". די צווייטע רעזאלוציע רעט וועגען די „צארישע מעטאדען און טערראריסטישע טאקטיק" וואס די פעדעראלע רעגירונג ברענגט אריין אין אמעריקאנעם לעבען.

די סאציאליסטישע פארטיי האט ארויס געלאזען א סטייטמענט, אין וועלכען עס זאגט זיך, דאס אויב די יעצטיגע טאקטיק וועט פארטגעזעצט ווערען פון דער רעגירונג, דאן וועט אמעריקא פארנעהמען דעם אויבען־אן צווישען די רעאקציאנערע לענדער.

## צוויי שווארצע מאכען א „האלד אפ" אויף אידען

### גיט זיי אפ זיין געלט און רא טעוועט זיין לעבען.

לואיס בלום, פון 100 קאמעראן סט. געהענדיג שפעט זונטאג ביינאכט, אויף בוביען סט. האט געהאט לעבען לעלעגר סט. א באגעגעניש, וועלכע האט איהם אפילו געקאסט 60 דאלאר, וועט ער אבער דערפאר האבען א מעגליכקייט צו „גומל בענשען".

אויף דעם אייגענעם פלאץ איז ער בעפאלען געווארען פון צוויי [illegible] בע זענען נעווע [illegible] וועהר. [illegible] גלייך אויף [illegible] זיך טאקע [illegible] רעכענט, אז פאר איהם איז פיעל ראטזאמער צו צושיידען זיך מיט'ן געלט, וואס ער האט געהאט ביי זיך, איידער, חלילה, איינצושטעלען זיין לעבען אין קאן. דאריבער האט ער טאקי נים פארפיהרט מיט די רויבער קיין מחלקה און זיי אפגעגעבען די 60 דאלאר, וואס ער האט געהאט ביי זיך און איז אוועק, מסתמא, א גליקליכער א היים.

פארשעהט זיך, דער פאליציי האט ער דעם סוד פון זיין באגעגעניש ענטפלעקט.

## פאליס זעצט פאר איהר געיעג אויף „ראדיקאלען

### נאך 280 ראדיקאלען ארעסטירט אין „מעסעס־הויז".

זונטאג האט דער יוסטיץ דעפארטמענט ארעסטירט נאך 280 פערזאן. די אגענטען פון דיזען דעפארטמענט זענען באפאלען צוויי מיטינגען וועלכע זענען פארגעקומען אין „מעסעס־הויז" און האָבען צוגענומען אין פאטרול וואגענס הונדערטער מענשען.

אינם משך פון איבערפאל האט דיא לאקאלע פאליציי ערהאלטען א טעלעפאן אז מענשען ברעכען זיך אריין און צושטערען די פארזאמלונגען. די פאליציי, וויסענדיג פון דעם געפלאנטען געיעג, האט זיך ניט געמאכט וויסענדיג און נאר ניט געשנטספערט.

די פארזאמעלטע האבען ניט ארויסגעוויזען קיינע סמנים פון פראטעסט און האבען רוהיג אויפגעפאלגט די באפעהלען פון די רעגיערונגס אגענטען. דער צאהל פון די ארעסטירטע ראדיקאלען אין דעטראיט פאר די לעצטע פאר טעג האט שוין דערגרייכט 800.

די פאליציי ניט אליין צו, דאס אין דעם זונטאגדיגען איבערפאל אויף די פארזאמלונגען אין „מעסעס הויז" האט זי ניט געפונען קיינע דאקומענטען אדער ליטעראטור, וועלכע זאלען קענען ווערען קאנפיסקירט.

די רעגיערונג ערלויבט ניט די ארעסטירטע אנצושטעלען פארטיידיגער. דאס אויספרעגען קומט פאר בסוד סודות און די רעזולטאטען ווערען גלייך איבערגעגעבען צו דעם אימיגראציע דעפארטמענט.

## קלעמאנסא קען זיך ניט ארויס דרעהען פון ווערען פרעזידענט

פאריז, יאנ. 5 — פרעמיער פון פראנקרייך קלעמאנסא, האט געכטען נאכאמאל אפגעלייקענט דעם פאקט, אז ער וועט ארויסשטעלען זיין קאנדידאטור פאר פראנקרייכס פרעזידענט. ער האט אבער בשעת מעשה צוגעגעבען:

„דער אמת איז, אז מ'צווינגט אויף מיר ארויף דעם פרעזידענט אמט. איך וועל געטראגען צו דיזען פאסט".

די „עקא דע פאריז" קאמענטירט דאס און זאגט:

„דער „טיגער" האט געזאגט דאס ווארט. איצט איז שוין מעהר קיין זאך ניט פארבליבען. אלץ איז שוין פארטיג".

## א קייבעל פון דוד גאלדמאן

די באקאנטע היעגע אידישע באנקירען גאלדמאן בראס. האבען נעכטען ערהאלטען א קייבעל פון דוד גאלדמאן, וועלכער איז דעם 2טען דעצ. אפגעפאהרען קיין פוילען, אז ער פארלאזט היינט פאריז און פאהרט אפ קיין ווארשע.

מר. דוד גאלדמאן איז אפגעפאהרען פון אמעריקא מיט דער שיף לארעין. די לארעין איז אנגעקומען קיין האווער פאריגען מיטוואך דעם 31טען דעצ. לויט דער קייבעל פון מר. גאלדמאן האט ער נעכטען פארלאזען פאריז און וועט זיין אין ווארשע ענדע וואך.

די גאלדמאנס ערווארטען אז אין איינינע טעג ארום וועלען זיי שוין האבען א קייבעל פון מר. דוד גאלדמאן דירעקט פון ווארשע.

אויף דעם דאזיגען גרום קוקען ארום טויזענדער דעטראיטער אידען וואס האבען מיטגעשיקט געלט, בריעף און גרוסען צו זייערע קרובים אין איירפאפא, דורך מר. דוד גאלדמאן.

## צעהן שטאטען אנגעגריפען פון די ערדציטערנישען אין א שטח פון 500 מייל

דאס פיעל מענשליכע לעבענס זענען אומגעקומען. מענשען געטויט אין זייערע הייזער. טשירטש פאלט איין און טויטעט פילע. גרויס פאניק געהערשט אין די גרעסערע שטעדט.

מעקסיקא סיטי, יאנ. 5 — שרעקליכע ערדציטערנישען זענען פארגעקומען זונטאג ביינאכט איבער א גרויסען שטח אין מעקסיקא. די פאלגענדע צעהן שטאטען האבען ארויסגעלעבט די ערד טרייסלונגען: מעקסיקא, פועבלא, ווערא קרוז, אוקזאקא, טלאקזאקאלא, גוערערא, הידאלגא, מארעלאס, מאליסקא, און קוועדעטארא. דער שטח איז ארום 500 מייל, פון מעקסיקא גאלף ביז דעם פאסיפישען ים.

אנגעפאנגען האבען זיך די ערדציטערנישען פון ארום מט. ארויזאבא, 70 מייל אין מערב זייט פון ווערא קרוז, צווישען די שטאטען ווערא קרוז און פועבלא. דער פלאץ איז א וואולקאנישער. דער הויפט שאדען האט טאקי פאסירט אין דער שכנות פון אט דעם דאזיגען וואולקאן. מעאסעלא, א שטעטעל 35 מייל וויים פון דעם וואולקאן איז גענצליך פארניכטעט געווארען. קוטאלאן א דערבייאיגער דארף איז אויך ממש אפגעווישט געווארען.

פיעל הייזער און טשירטשעס אין דזשאלא פא., א שטאט 50 מייל פון ווערא קרוז זענען צעשטערט געווארען. אין אריזאבא 10 מייל פון דעם וואולקאן האבען גאנצע געשעפטס דיסטריקטען געליטען. אין די פארשטעטלאך פון אריזאבא זענען די טרויסלונגען געווען זעהר שרעקליכע. א גרויסער צאל מענשען זענען געפונען געווארען טויט אין זייערע הייזער. אין איינעם פון די טעאטערע אין אריזאבא, וועלכער איז געווען איבערגעפאקט מיט א גרויסען עולם, האָבען זיך אבגעשפיעלט שרעקליכע סצענען. גלייך ווי דער עולם האט דערפיהלט די ערד־ציטערניש, איז ער געווארען פאניש צושראקען און מען האט גענומען לויפען פון טעאטער. מענשען האבען זיך א לאז געטאן צו די טירען, א שרעקליכער געדרענג אויסגעמישט מיט ווילדע היסטערישע קולות האט געהערשט פאר א לענגערע צייט. מענשען זענען אראפגעשפרונגען פון די באלקאנען אויפן ארקעסטער. צום גליק, זענען קיין טויטען־פעלע אין דעם דאזיגען טעאטער נים געווען, כאטש א סך פארוואונדעטע זענען אוועקגעפיהרט געווארען אין זייערע הייזער אדער האספיטאלען.

די לעצטע טעלעגראפישע באריכטען פון שטאט ווערא קרוז גיבען אן, אז זעהר פיעל מענשליכע לעבענס זענען דארט אומגעקומען. דער גענויער צאהל אבער פון דער נאטורס קרבנות איז נאך ביז איצט נים באשטימט, מען האט מורא, אז די ערדציטערנישען האבען פאראורזאכט א גרויסען חורבן אין מענשליכע לעבענס.

די לעצטע באריכטען ווייזען אן, דאס דער טויטען־ליסט אין סאן קאסקאמאטעפעק איז פיעל פארגרעסערט געווארען צוליעב פאלגענדען צופאל.

גלייך נאך דעם ערשטען ערד־טרייסעל האבען זיך פיעל מענשען זיך צוזאמענגעקומען אין א טשוירטש מתפלל צו זיין און בעטען דעם אלמעכטיגען ער זאל רחמנות האבען און ראטעווען זיי פון דער געפאהר. אין מיטען פון זייער תפלה איז דער דאך פון דעם געבעטס־הויז איינגעפאלען און גע'הרג'עט א סך בעטענדע.

א באריכט פון אריזאבא מעלדעט, דאס 2 טריינס, וועלכע זענען פון דארט אפגעפאהרען מיט א קורצער צייט צוריק איידער די ערדציטערנישען זענען פארגעקומען, זענען אראפ פון די רעלסען.

גרויס שרעק האט די ערדציטערניש פאראורזאכט אין די גרעסערע שטעט. די פאניק אין דער הויפט שטאט איז געוועזן אומבאשרייבבאר. דער ניט־אינטעליגענטער עולם האט גענומען אין גרויס מורא צו לויפען פון זייערע הייזער אין די טשיירטשעס דארט מתפלל זיין צו גאט. די אינדיאנער האבען זיך צוזאמענגעקליבען אין זייערע הייליגע הייזער.

די זעלביגע פאנישע איבערלעבונגען האט געהאט די באפעלקערונג פון פיעל נאך אנדערע שטעט אין מעקסיקא. מענשען האבען מורא געהאט אריינצוגעהן צוריק אין די הייזער און זיי האבען פארבראכט די גאנצע נאכט אויף די גאסען.

דער שאדען אין מעקסיקא סיטי איז געווען נאר א מאטעריאלער, קיין טויטענס פאל האט דארט נים פאסירט.

די ערשטע ערד ציטערניש האט זיך אנגעפאנגען לעבען וואולקאן 9.45 א זייגער זונטאג ביינאכט. זי האט געדויערט מעהר פון 5 מינוט. די צווייטע האט פאסירט 10.25 א זייגער, אבער זי האט ניט לאנג געדויערט, נאר איניגע סעקונדען.

## 12000 באזוכען די נאכט שולען

די דעטראיטער אווענט שולען, עלעמענטארע און הויך־שולען האבען זיך נעכטען ווידער געעפענט אויף א טערמין ביז מארטש 26טען.

די צאהל פון באזוכער, אלע דערוואקסענע, מייסטענס אויסלענדער וואס האבען באזוכט דעם לעצטען טערמין איז זעהר פיעל געשטיגען.

אין קעסס עוו. הויי סקוהל זענען רעגיסטרירט 3,075 דאס איז מיט 1,063 מעהר ווי פאריגעס יאהר. אין סענטראל הויי סקול געפינען זיך 1679, מיט 272 מעהר ווי פאר א יאהרען.

א היבשער צוואוקס מערקט זיך אויך אין די איבריגע שולען. אין דיא נאכט שולען זענען באשעפטיגט 450 לעהרער. עס ווערען געלערנט די געוועהנליכע הייסקול סאבדזשעקטס און אויך קלאסען אין דזשעניאר קאלעדזש פאר וועלכע די שילער באקומען קרעדיט אין אנ ארבאר.

## צוועלף יעהריגער אינגעל א גנב.

מייק וואשקאוויטש, אינגאנצען 12 יאהר אלט, און איז שוין זוכה אז דיא צייטונגען זאלען וועגען איהם שרייבען. וואוינען וואוינט ער אפילו אויף 709 רעקינדער סט.. אבער פאליציי איז איהם הושד, אז ער האט זיך אריבערגעשפאציערט אויף 364 אוקלאנד עוו. און דארטען זיך אריינגעכאפט אין מיערס קראם און אוועקגע'לקח'ענט וואס ער האט נור געקענט. אויך איז ער נים געווען פויל און זיך אריבערגעכאפט אויף 358 אוקלאנד עוו. אין דער גראסערי, וואס באלאנגט צו לואיס וועלטער און איז פון דארטען אויך נים אוועק מיט לעדיגען.

ווי די זאך זאל נים זיין, זיצט איצט אונזער יונגער, 12 יאהריגער העלד אין בעמון פאליציי סטיישאן. די פאליציי רעדט אפילו, דאס אונזער העלד מייק איז ארויסגעהאלפען געווארען פון נאך צוויי מענשען אין זיין געוואגטע גנבות.

אלענפאלס, די גרעסטע טייל פון דיא צגבע'גנב"עטע זאכען האבען זיך אפגעפונען.

## נאך אן ארעסט אין בראון־מארד געהיימניש

סט. קלעמענס, מיש. יאנ. 5 — נייע פאקטען זענען וויעדער ענטדעקט געווארען אין דעם סטענלי בראון מארד, וואס איז געשעהן אין דער נאכט פון דעצ. 23טען.

די פאליציי האט לעצטענס נאכאמאל דורכגעזוכט בראונס היים און יעדע זאך וואס האט באלאנגט צו איהם מיט דער האפנונג צו דערגעהן עפעס פרישע שפּורען וועגען דעם מארד. די פאליציי אבער געפינט ניט פאר נויטיג באקאנט צו מאכען די רעזולטאטען פון דער הויזזוכונג.

לאיד פראוועסט וועלכער זיצט איינגעשפארט אין דזשייל האט מעהר קיין זאך נים צו דערצעהלען, ער האנדעלט לויט דער עצה פון זיינע לאיערס, וועלכע האבען איהם געכטען באזוכט אין דזשייל. עס ווערט אבער ערווארטעט אז פראוואסט'ס לאיערס וועלען פאר איהם אויסארבייטען א נייע ערקלעהרונג.

פראוואסטס ערשטע ערקלעהרונג איז געווען אז ער האט פארלאזט דעם טעקסי קעבס אפיס אין יענער נאכט 9.30 און פון דעם אפיס איז ער אוועק צוריק אין עדיסאן האטעל, וואו ער האט געוואוינט. ווער דער פערזאן, וואס ווערט פארדעכטיגט איז, בלייבט נאך אלץ א סוד.

## פלינטער בולגאריען וועט דעפארטירט ווערען.

פלינט, יאנואר 4. — דעניעל עטשאוו, וועלכער איז מיט א וואך צוריק ארעסטירט געווארען און איז ארויסגעלאזט געווארען פריי ביז צו א פארהער אין נעכטען ויעדער ארעסטירט געווארען אויף דעם באפעהל פון דער פעדעראלער אמעריקאנער רעגיערונג. דער ארעסטירטער איז א בולגארישער בירגער און וועט די טעג ארויסגעשיקט ווערען פון לאנד אויף דעם גרונד, אז ער האט לעצטען לייבאר דעי זיך באטייליגט אין א פאראד און מאסמיטינג וואס האט געטראגען אן אנטי פאטריאטישען כאראקטער. ביי דעם דאזיגען מיטינג זאל דער בולגאר האבען איבערגעזעצט א געפעהרליכע רעדע וואס האט באצוועקט צו שטיצען די רעגיערונג.

## א דענווער ריכטער וואס האט מוט.

### פסקנ"ט, אז דער שטאט קען ניט פארווערען די קוילען גרעבער צו סטרייקען.

דענווער, יאנ. 5 — פארן היגען דיסטריקט ריכטער באטלער איז פארגעבראכט געווארען א פעטיציע פון אטארני גענ. קיעס אום ארויסצוקריגען א שטענדיגע אינדזשאנקשאן, וועלכע זאל פארבאטען די באאמטע פון די קוילען גרעבער יוניאן ארויסצורופען סטרייקס.

דער ריכטער האט ענטזאגט די פעטיציע, באשליסענדיג, דאס די קאלארראדאר אנדוסטריעלע קאמיסיע האט ניט קיין יורידיקציע איבער פראגען וואס זענען נוגע קוילען גרעבעריי און דאריבער קען זי נים אריינמישען זיך אין די אנגעלעגענהייטען פון קוילען סטרייקס.

## העססאן וויל איינזעצען 36 באפרייטע פערזאנען

די אלע זענען באפרייט געווארען אויף בייל מיט דער צושטימונג פון ריכטער ווילקינס.

ריכטער וויליאם מ. העססאן האט נעכטען אריינגעשיקט א בריעף צו מ. ביישאפ, פארפאלגונגס אטוירני, בעטענדיג די באפאלמעכטיגונג צו ארעסטירען 36 פערזאן, וועלכע זענען באפרייט געווארען לעת־עתה אויף באנדס, ביז וואנען זייער אפיעל וועט פארגעבראכט ווערען.

ריכטער העססאן זאגט, אז אין דעם פאל פון די אלע 36 פערזאנען, מיט אן אויסנאהם פון איינעם אדער צוויי, זענען נאר צו איהם די באנדס נים געבראכט געווארען פאר באשטעטיגונג, וועלכע האבען געמוזט פארגעבראכט ווערען פאר איהם, לוים דעם פסק, וואס ריכטער ווילקינס אליין האט ארויסגעגעבען לעצטען שבת. ווילקינס פסק איז טאקע געגען זיך אליין אין ער האט זיך מודה געווען, אז ער איז געווען נים גערעכט, ווען ער האט באפרייט די 36 פערזאנען, וועלכע ווערען איצט פון ריכטער העססאן געזוכט.

דער לעצטער האט אפילו געזוכט גלייך צו ארעסטירען די 36 באפרייטע דורך ריכטער ווילקינס, ער האט אבער באשלאסען צו בעטען אן עצה ביים דיסטריקט אטוירני וועגען דער אנגעלעגענהיים.

ווי עס ווייזט זיך ארוים, האבען צוויי פון די 36 באפרייטע שוין גענאס אפגעזעצט אוים: חשבון פון זייער שטראף צו 10 טעג, א מאקס. וואס מאכט פאר אונמעגליך וועלכען נים איז אפיעל.

## בריעף אין „וועג" פאר היגע אידען

מיר דרוקען היינט, עם יערשטען ליסט פון בריעף וועלכע געפינען זיך ביי אונז אין רעדאקציע. די פערזאנען צו וועמען די בריעף זענען אדרעסירט זענען געבעטען צו קומען אין אפיס פון דעם „וועג" אפצונעהמען זיי. אויב ווער פון אונזערע לעזער ווייסען פון די געזוכטע פערזאנען זאל ער זיי לאזען וויסען וועגען דעם.

צו די פאלגענדע פערזאנען זענען דא בריעף:

צו לעא גערשטען, 270 פרעדעריק סט. דעטראיט. פון ארנאלד פון וויען. געשריבען אין דייטש.

צו ג. גאלדמאן, 515 הייסטינגס, דעטראיט. פון [illegible] ן שוועסטער גיטעל פויזנער. דער בריעף איז געשריבען אין אידיש.

צו ראובן פוקס, 389 הייסטינגס, פון זיין ברודער שמחה פוקס, פון וויען. דער בריעף איז געשריבען אין דייטש.

צו איינעם ראזענבערג, 94 הענקאק פון זיינע קאזינס פון וויען. דער בריעף איז געשריבען אין דייטש.

מר. הערבערט פון 220 וואטסאן סט. האט אונז געבראכט פאלגענדע 2 בריעף וועלכע זענען אנגעקומען צו פערזאנען אויף זיין נאמ־אדרעס.

די 2 בריעף זענען צו:

נ. גודפיין, 220 וואטסאן סט. פון זיין שוועסטער, פון ראסמאוו, רוסלאנד. זעהר וויכטיגע נייעס פאר איהם.

צו א פערזאן פון 290 אדער 220 וואטסאן פון כ. רייך, מולדא, דייטשלאנד.

זאלען די אנגעגעבענע פערזאנען קומען אין רעדאקציע אפנעהמען די בריעף.

# עניים ואביונים

## אומגליקליכע און גליקליכע

**ראמאן** פון מרדכי ספעקטאר

(פארטזעצונג)

נאך דעם ווי דער בעל עגלה האט צר־ריט די פארשוינען יעדער אויף זיין סטאנציע, האט ער אויך צו אין גאסט־הויז צוגעפיהרט דעם לעבעדיגען יונגען מאן. אייניגע מינוטען זיך איבערגערעדט מיט איהם אויפן אויער, אויפן וואונק און דער נאך איז ער מיט זיין בידעל און מיט רהלין געפאהרען צו זיך אהיים אויף דער ,,טויטער גאס״ צו זיין גרויסער לאנ־גער אלטער שטוב די ראבע מורליטשקע.

די לעזער האבען געוויס שוין לאנג ער־טראפען אז דער בעל עגלה איז אונזער אלטער באקאנטער ר׳ גאדיל דער רויטער און דער לעבעדיגער יונגער מאן איינער פון לערערבערגס חברה.

ארימע רחל! זי האט זיך איצט נעביך עהר געפונען וואס גאט האט יז מציל געווען פון איין אומגליק און האט זי ענד־ליך צוריקגעבראכט אין א אידישער שטוב, וואו מען האט יז צוגענומען זעהר פריינד־ליך, יז האט נעביך נים געוואוסט אז זי איז אריינגעפאלען אין א צווייטען אומ־גליק!...

---

-4-

### אונזער אלטע בעקאנטע

עס איז דא צייטען אין אונזער לעבען ווען מיר מענשען שטאלצירען דערמיט וואס מיר זענען געבוירען געווארען אין דעם געשטאלט פון ,,מענשען״ און נים קיין פערדע, קיין וועלף, קיין טיגערען און נאך אנדערע ווילדע חיות.

מיר שטאלצירען דען נישט דערמיט, ווען מיר זעהען ווי מענשען טהוען גוטס, ווען עס דערוועקט זיך ביי אונז דאס מענ־שען געפיהל, מיר האבען רחמנות אויף דעם צווייטען, ווען אונזער הארץ דער־ווארעמט זיך, אז מיר זעהען יענעמס צרות, יענעמס אומגליקען. מיר פיהלען מיט און העלפען.

א! דעמאלט מענען מיר טאקע באמת שטאלצירען וואס מיר זענען געבוירען מענ־שען און נים קיין ווילדע־חיות. ווארום מיר זעהען אז די מענשען שטעהען טאקע העכער פון די חיות.

נאר אין אונזער לעבען זענען דא צייטען וואס מענשען שעמען זיך פאר זיך אליין ייער מיט דעם וואס זיי זענען גע־בוירען געווארען מענשען.

מיר שעמען זיך דעמאלט ווען מיר זעהען פון מענשען אזוינע זאכען וואס מען זעהט זיי אפילו נים פון קיין ווילדע חיות — ווען מען זעהט א דער מענש טהוט פיעל ערגערע זאכען פון דער ווילדער חיה. — נאר מערקווירדיג, ווי גוט מיר ווייסען דאס אלעס, פון דעסט וועגען פארגעסען מיר גאנץ אפט אן דעם און נארען זיך אליין זאגענדיג אז מיר זענען מענשען די בעסערע פון אלע באשעפענישען פון דער וועלט.

איהר געדענקט אוודאי אז ווען דער דייטש — דער אויסלענדער קומט אראב צו אונז אין שטאדט מיט אלערליי מינים ווילדע חיות אין גרויסע און אין קליינע אייזערנע שטייגען, ווען מיר קומען אין דעם זווערינעץ, ווערען מיר באלד דערשראקען קוקענדיג אויף דעם וואלף, אויף דעם לייב, אויף דעם טיגער, אונזער פנים ווערט בלאס, מיר קוקען אויף זיי און טראכ־טען יך:

אך וואס פאר שרעקליכע ווילדע חיות זענען זיי. עס וואלט געווען שרעקליך ווען די שטייג זאל זיך פלוצים צוברעכען און יי זאלען ארויס פריי, עס איז נאר זיך צו וואונדערן ווי דער דייטש האט קיין מורא נים ארומצוגעהן נעבען די שטיינער און זיי רייצען מיט דער שטעקען כדי מען זאל זעהן ווי בעז, ווי ווילד די חיות זענען.

נו ענגען מיר נים קיין נארישע? נארען מיר זיך דען נים אליין? פארגעסען מיר זי דען נים ווען מיר שרעקען זיך פאר די חיות וואס זענען פארשפארט אין אייזער־נע שטייגען — און האבען גאר קיין מורא נים נים פאר ווילדע חיות וואס דרעהען זיך ארום צווישען אונז שטענדיג פריי, מיר זענען שטענדיג מיט זיי, זענען דען אונזערע חיות נים שרעקליכער, נים וויל־דער, נים שרעקליכער פון די ווילדע חיות וואס געפינען זיך אין די וועלדער?

ווען די חיות זאלען ארויס פון דער שטייג פריי, און אויב זיי וועלען נאר נים זיין הונגעריג און נים בעז, קען זעהר זיין א זיי זאלען קיינעם נים טשעפען און ווען נים וואלטען זיי צעריסען א צוויי־דריי מענשען און גענוג.

צווישען אונז מענשען געפינען זיך אבער אזוינע שעדליכע וואס זענען א סך וויל־דער, פיעל שרעקליכער פון אלע חיות.

עס פרעגט זיך וואס קען נאך זיין וויל־דער און שעדליכער און שרעקליכער ווי־יען דער מענש זוכט אין יענעמס אומ־גליק זיין גליק!

ערגעץ אין דער שטאדט איז א פאזשאר הייזער הויזערטשאפט ברענט. עס ווערט פון אלעס א תל, מענשען בלייבען אהן ברויט, אהן געזונד, אהן לעבען אין דעם גרויסען אומגליק און פון דעסטוועגען יא־ווען זיך באלד אייך מענשליך וואס פאל־זעווען זיך מיט דעם גרויסען אומגליק און — גנבינען און ראבעווען אוועק דאס אי־בעריגע אויף וועלכען די נשרפים האבען אייגעשטעלט זייער לעבען און וים אומ־פעיעט ארויסצוראטעווען.

וואס עקן נאך זיין ווילדער און שרעק־ליכער: ביי איין אומגליקליכע מוטער פון עטליכע קינדער שטארבט אב דער מאן, די קינדערס טאטע דער מוטערס קרוין. עס ווערט א אלמנה און די ינדער יתומים: די אומגליקליכע טראכטען שוין נים פון קיין בעסער לעבען, און ייער האפנונג איז אבגעשטארבען, זיי באנוגען זיך שוין דערמיט וואס זייער פאטער האט יזי אי־בערגעלאזט פון יין גאנץ לעבען הארעוואַ־ייע.

(פארטזעצונג פאלגט)

# דאס רויטע צימער

ראמאן פון א. סטרינדבערג

(פארטזעצונג)

— מיינט איהר דען נישט, אז ער האט געדארפט די צעהן יאהר צום שטודירען און פערשטעהן די קונסט פון שוישפיע־לען.

— ער האט דאך קיינמאל נישט גע־קענט שפיעלען, מען האט דאך איהם נישט געלאזט שפיעלען. יעדער האט פון איהם געלאכט, עפעס א מאדנע אויס־גאורז איז ער געווען ביים טעאטער. דער דירעקטאר האט אלע מאל געזאגט, אז ער טויג צו גארנישט. און ווען ער האט זיך געווענדעט צו אן אנדער טעאטער, האט מען געענטפערט, אז ער האט נישט קיין רעפערטואר!

— פאר וואס אבער איז ער נישט גע־ווארען גליקליך ווען ער האט שוין יא געמאכט אן ערפאלג?

— גלויבט איהר, אז א מענש מיט אן אונשטערבליכע נשמה איז מיט בלויז גליק צופרידען? — אבער פארוואס זא־לען מיר פון דעם רעדען? אייער. ענט־שלוס קענט איהר ניט צוריקרופען! מיילע עצות זענען איבעריג! עס איז נישטא קיין בעסערער לעהרער ווי די ערפאה־רונג, און זי איז פערשיעדען געלאהנט, אדער איבעררעכענט. פונקט אזוי ווי דער לעהרער פון א שולע. איינער בעקומט א לויב, דער אנדערער טאדעל. איהר זיים געבויריען לויב צו בעקומען, איהר זאלט נישט מיינען אז איך זאג עס ווייל איך קוק אויף אייער אבשטאמונג. צו דעם בין איך אויפגעקלעהרט גענוג, אז איך זאל איינעם גוטעם אדער בייזעם צו־שרייבען, ווייל ער שטאמט פון א גוטע אדער שלעכטע פאמיליע, ביי דיזען פאל איז די אבשטאמונג א גאנץ גלייכגילטי־גער פאקטאר, ווייל ביי דעם גילט דער מענש בלויז אלס מענש! איך ווינש אז איהר מעגט אזוי שנעל ווי מעגליך גליק האבען, גדי איהר זאלט נישט אזוי שנעל ווי מעגליך — אויפגעקלערט ווערען! איך גלויב, אז איהר פערדיענט עס.

— אבער האט איהר נישט קיין אכ־טונג פאר אייער קונסט, וואס איז גרע־סער און הערליכער פון אלע?

— די קונסט ווערט איבערגעשאצט, אזוי ווי אלץ איבער וואס מענשען שרײַ־בען ביכער, אט די איבערשאצונג איז געפעהרליך, ווייל זי קאן שאדען, א שעהן געזאגטער ליגען קען אויף איינעם אן אמת'ן איינדרוק מאכען! זי איז אזוי ווי א פאלקס פערזאמלונג, ביי וועלכע דיא אונגעבילדעטע מאסע איז די מאיארי־טעט, ווא מעהר אויסערליכע עפעקטען איז אלץ בעסער — וואס שלעכטער, אלץ בעסער! איך מיין פון דעסטוועגען נישט צו זאגען, אז מען דארף די קונסט נישט שאצען!

— דאס קען דאך נישט אייער מיי־נונג זיין!

— דאס איז מיין מיינונג, זי דארף אבער נישט זיין דער אמת.

— אבער האט איהר ווירקליך נישט קיין אכטונג פאר אייע רקונסט?

— פאר מיינע? פאר וואס גראד פאר מיינע און נישט פאר פרעמדע?

און איהר האט די טיעפזיניגע ראלען געשפיעלט. איהר האט שעקספיער גע־שפיעלט? האט אייך קיינמאל נישט דער אינטערעס געריהרט, ווען איהר האט גע־זאגט דעם טיעפען מאנאלאג „זיין אדער נישט זיין"?

— וואס מיינט איהר מיט טיעף?

— טיעפזיניג, געדאנקען־טיעף!

— איך וויל איהר זאלט עס אייך אליין ערקלעהרען, איז עס דען אזוי טיעף ווי מען זאגט, „זאל איך מיר דאס לעבען נעהמען אדער נישט? איך וואלט עס גערן געטאן, ווען איך זאל וויסען, וואס וועט נאכן טויט קומען, און דאס וועלען אלע אנדערע אויך טאן. און ווייל מיר ווייסען נישט וואס עס וועט נאכן טויט זיין, דעריבער נעהמען מיר זיך ניט דאס לעבען", איז דאס אזוי טיעפזי־ניג?

— ניין, נישט אזוי....

— נא, איהר האט שוין זיכער אויך אמאל געדענקט, אז איהר זאלט אייך דאס לעבען נעהמען! נישט אמת?

— דאס האבען אלע מענשען אמאל געדענקט.

— פאר וואס זשע האבען זיי עס נישט אויסגעפיהרט? ווייל זיי האבען עס ווי האמלעט, ניט געוואגט, ווייל זיי האבען נישט געוואוסט וואס דערנאך וועט קומען. זענען זיי דען געווען אזוי טיעפזיניג.

— נאטירליך נישט.

— אלזא איז דאס א גאנץ איינפאכ־בע באנאליטעט! מיט איין ווארט, עס איז — ווי אזוי הייסט עס, גוסטאוו?

— עס איז אלט! האט דער קלוגער אזוי ווי ווארטענדיג אויף א רעפליק גע־ענטפערט.

— יא, עס איז אלט, וואלט אבער דער ריכטער געוואוסט עפעס געוואוסט וואס דאס צוקונפטיגע לעבען וועט ברענגען, וואלט ער אנדערש געזאגט, עטוואס נייעס וואלט ער געזאגט.

— איז אלץ וואס איז ניי גוט? האט רעהנהעלם געפרעגט, פערלירענדיג דעם מוטה ביי אויסהערען די אלע נייע גע־דאנקען.

— ווענינסטענס האט דאס נייע דעם פערדינסט, וואס איז ניי! פרובירט ביי אייערע געדאנקען אליין צו דענקען, נישט מיט די וואס שטעהען אין די בי־כער פערשריעבען, וועט איהר זעהן אז אלץ וועט פאר אייך ניי זיין, ווילט איהר מיר גלויבען, אז איך האב געוואוסט וואס איהר ווילט מיר פרעגען, נאך איידער איהר זענט אריינגעקומען אהער, און איך ווייס אויך וואס איהר וועט מיך פרע־גען, ווען מיר וועלען רעדען וועגען שעקספיר?

— איהר זייט א זאנדערבארער מענש איך מוז צושטימען, אז איהר האט רעכט מיט דעם אס איהר זאגט, כאטש איך בין נישט מיט דעם מיינונג.

— נו, וואס דענקט איהר וועגען מארק־אנטאנס לייכען רעדע נעגען טויטען קער־פער פון יוליוס צעזאר? איז זי נישט מערקווירדיג?

— דאס האב איך אייך גראד איצט געוואלט פרעגען, עס איז אזוי ווי איהר זאלט קענען מיינע געדאנקען לעזען!

— איך האב דאך אייך ערשט אזוי געזאגט, נא, זאגט מיר, וואס פאר א טיעפעס געפינט איהר אין דאזיגע רעדע?

— דאס קען מען מיט קיין ווערטער ניט זאגען....

— אבער געפינט איהר נישט, אז דאס איז א געוועהנליכער פארם פון איראני־שע פראזען? מען זאגט פונקט דאס גע־גענטייל פון דעם וואס מען מיינט, און אז מען שארפט די שפיצען, מוז זיך יע־דער אין זיי צושטעכען; — אבער האט איהר אמאל שעהנערעס געלעזען ווי רא־מעא און יוליוס דיאלאג נאך דער חתונה נאכט?

— אך, די שטעלע, לאו ער זאגט עס איז די נאכטיגאל און נישט די לערכע.

— וועלכע שטעלע זאל איך דען מיי־נען, אז נישט די לאס יעדער מיינט?

— דאס איז אן איינצעלנעם פיעל בע־נוצטעס פאעטישעס בילד, וואס שטעלט זיך נאך אם אויפן עפעקט, און גלייבט איהר אז שעקספירס גרויסקייט ליגט נאר אין די פאעטישע בילדער זיינע?

— פאר וואס מוזט איהר מיר אלעס אזוי צוברעקלען? פאר וואס נעהמט איהר אוועק מיין גאנצע שטיצע?

— איך ווארף אייערע שטעקענס אוועק, כדי איהר זאלט זיך אויסלערנען אליין געהן. איבריגענס בעט איך אייך איהר זאלט אויף אלץ איינגעהן וואס איך זאג!

— איהר בעט נישט, נאר איהר צווינגט אזוי צו טאן.

— דאן מוזט איהר מיין פערקעהר אויסמיידען! — אייערע עלטערען טרוי־ערען איבער אייער טריט!

— יא, נאטירליך, אבער פון וואנען ווייסט איהר דאס?

— דאס טוען אלע עלטערן! פאר וואס איבערשאצט איהר מיין אורטיילס קראפט איהר דארפט איבערהויפט נישט איבער־שאצען!

— גלויבט איהר אז מען ווערט גליק־ליכער אז מען איבערשאצט נישט?

— גליקליכער? הם! קענט איהר זיע־מען, וואס זאל גליקליך זיין? ענטפערט מיר מיט אייער איינענע אנזיכט, נישט מיט פרעמדע ווערטער.

— ניין!

— ווען איהר גלויבט נישט, אז עס קען ווער גליקליך זיין, פאר וואס זשע פרענט איהר, צו מען קען גליקליכער ווערען? — אזוי, איהר האט עלטערען! דאס איז דום, צו האבען עלטערען!

— ווי אזוי? וואס מיינט איהר?

— געפינט איהר נישט אוננאטירליך אז דער אלטער דור זאל דעם נייעם מיט פערעלטערטע רומהייטען ערציהען? אייערע עלטערען פאדרען דאנקבארקייט פון אייך? נישט אמת?

— זאל מען זיינע עלטערען נישט דאנק־באר זיין?

— דאנקבאר פאר דעם, ווייל זיי הא־בען אונז מיט דער הילף פון דעם גענוצט צו דעם עלענד געבראכט, אונז מיט שלעכטע עסענס גענעהרט, אונז געשלא־גען, אונז אונטערדריקט, זיך אונזערע ווינשען ענטגעגנגעשטעלט? ווילט איהר מיר גלויבען, אז עס איז נאר נויטיג איין רעוואלוציאן? ניין, צוויי זענען נויטיג! פאר וואס טרינקט איהר נישט קיין אב־סינט? איהר שרעקט זיך דערפאר? זעהט איהר, ער טראגט אויף זיך דעם געגנער קרייז. ער היילט די פערוואונדעטע אויפ'ן שלאכט פעלד, דעם פריינד אזוי ווי דעם פיינד. ער בעטויבט דעם שמערץ, מאכט שטומפזיניג די געדאנקען, מאכט פער־געסען די זכרונות, דערשטיקט אלע ערע־לע געפיהלען, וועלכע פערנארען דעם מענש צו אלע נארישקייטען, און צו עני־דע לעשט ער אויס דאס ליכט פון פער־נונפט. ווייסט איהר וואס דאס ליכט פון פערנונפט איז? — ערשטענס איז עס א פראזע, און צווייטענס אן אירליכט ווי מען רופט עס אן „אירוויש". ווייסט איהר וואס דאס מיינט? דאס איז אזא ליכט וואס בלאנדזשעט ארום וואו פיש ווערען פערפוילט, דאס ליכט פון פער־נונפט איז אזא ליכט, וואס קימט פון די ערפוילטע געהירען אבזאיי. — עס איז מערקווירדיג, אלץ וואס איז גוט דא אויף דער ערד געהט אונטער און ווערט פערגעסען, וועהרענד די צעהן יאהר וואס איך האב אומטעטיג געווארט אויף מיין אונגליקליכען גליק, האב איך אלע ביטער פון די קליינשטעטלדיגע ביבליאטעקען דורכגעלעזען אלעס נארישע און בעדייד־טונגסלאזע וואס געפינט זיך אין די בי־כער, איז ציטירט און בעליעבט. דאס גוטע בלייבט לגנען, — וואס האב איך געוואלט זאגען — דערמאנט מיך אז איך זאל זיך האלטען ביי דער טהעמא...

דער זייגער האט געקלונגען זיבען, די טיר האט זיך געעפענט און . עס איז אריינגעקומען א מאן מיט גרויסען ליא־רעס, עס איז געווען א פינפציג יעהריגער מאן מיט א פעטען שווערען קאפ, און האט אויסגעזעהן ווי א מערדע־ צווישען יד צוויי שעמע אקסלען, זיינע בליקען האבען אויסגעזעהן ווי ער זאל וועלען יעדען דורכשטעכען, און די הענד האט ער אזוי געהאלטען אזוי ווי ער זאל וועל־לען צו די שטערען באמבעס ווארפען.

— דער דאקטער, האט אייער שיקזאל אין די הענט, האט פאלאנדער שטיל גע־זאגט צו רעגנהעלם. דאס איז דער קאר־מענדיאנטשיק, דער דירעקטאר און מיין טויט־פיינד.

רעגנהעלם האט אויפגעשווידערט דער־זעהענדיג דאס שרעקליכע געזיכט, וואס האט מיט א טיעפען האס געקוקט אויף פאלענדערן און האט מיט פעראכטונג ער־געץ אין דער זייט ארויין געשפיגען.

די טיר האט זיך ווידער געעפענט, און אריינגעקומען איז, כמעט אן עלטער־גאנטער מאן, אי ,די מיטעל יאהרען, מיט געלע האר און איינגעדרעהטע וואנסען, ער האט זיך אוועקגעזעצט נעבען דירעק־טאר און האט איהם גרייכט די האנד.

פארטזעצונג פאלגט.

## לעזט דעם „וועג"

# דאס רויטע צימער

ראמאן פון א. סטרינדבערג

(פארטזעצונג)

— מיינט איהר דען נישט, אז ער האט געדארפט די צעהן יאהר צום שטודירען און פערשטעהן די קונסט פון שוישפּיע־לען.

— ער האט דאך קיינמאל נישט גע־קענט שפּיעלען, מען האט דאך איהם נישט געלאזט שפּיעלען. יעדער האט פון איהם געלאכט, עפעס א מאדנע אויס־גאורז איז ער געווען ביים טעאטער. דער דירעקטאר האט אלע מאל געזאגט, אז ער טויג צו גארנישט. און ווען ער האט זיך געווענדעט צו אן אנדער טעאטער, האט מען געענטפערט, אז ער האט נישט קיין רעפּערטואר!

— פאר וואס אבער איז ער נישט גע־ווארען גליקליך ווען ער האט שוין יא געמאכט אן ערפאלג?

— גלויבט איהר, אז א מענש מיט אן אונשטערבליכע נשמה איז מיט בלויז גליק צופרידען? — אבער פארוואס זא־לען מיר פון דעם רעדען? אייער ענט־שלוס קענט איהר ניט צוריקרופען! מיינע עצות זענען איבעריג! עס איז נישטא קיין בעסערער לעהרער ווי די ערפאה־רונג און זי איז פערשידען געלאהנט, אדער איבערגעבענט. פונקט אזוי ווי דער לעהרער. פון א שולע. איינער בעקומט א לויב, דער אנדערער טאדעל. איהר זייט געבוירען לויב צו בעקומען, איהר זאלט נישט מיינען אז איך זאג עס ווייל איך קוק אויף אייער אבשטאמונג. צו דעם בין איך אויפגעקלעהרט גענוג, אז איך זאל איינעם נוטעס אדער ביידעס צו־שרייבען, ווייל ער שטאמט פון א גוטע אדער שלעכטע פאמיליע, ביי דיזען פאל איז די אבשטאמונג א גאנץ גלייכגילטי־גער פאקטאר, ווייל ביי דעם גילט דער מענש בלויז אלס מענש! איך ווינש אז איהר מעגט אזוי שנעל ווי מעגליך גליק האבען, גרי איהר זאלט נישט אזוי שנעל ווי מעגליך — אויפגעקלערט ווערען! איך גלויב, אז איהר פעדריענט עס.

— אבער האט איהר נישט קיין אכ־טונג פאר אייער קונסט, וואס איז גרע־סער און הערליכער פון אלע?

— די קונסט ווערט איבערגעשאצט, אזוי ווי אלץ איבער וואס מענשען שרי־בען ביכער, אט די איבערשאצונג איז געפעהרליך, ווייל זי קאן שאדען, א שעהן געזאגטער ליגען קען אויף איינעם אן אמת"ן איינדרוק מאכען! זי איז אזוי ווי א פאלקס פערזאמלונג, ביי וועלכע דיא אונגעבילדעטע מאססע איז די מאיארי־טעט, וואו מעהר אויסערליכע עפעקטען איז אלץ בעסער — וואס שלעכטער, אלץ בעסער! איך מיין פון דעסטוועגען נישט צו זאגען, אז מען דארף די קונסט נישט שאצען!

— דאס קען דאך נישט אייער מיי־נונג זיין!

— דאס איז מיין מיינונג, זי דארף אבער נישט זיין דער אמת.

— אבער האט איהר ווירקליך נישט קיין אכטונג פאר אייע רקונסט?

— פאר מיינע? פאר וואס גראד פאר מיינע און נישט פאר פרעמדע?

און איהר האט די טיעפזיניגע ראלען געשפּיעלט. איהר האט שעקספּיער גע־שפּיעלט? האט איך קיינמאל נישט דער אינטערעס געריהרט, ווען איהר האט גע־זאגט דעם טיעפען מאנאלאג „זיין אדער נישט זיין"?

— וואס מיינט איהר מיט טיעף?

— טיעפזיניג, געדאנקען־טיעף!

— איך וויל איהר זאלט עס אייך אליין ערקלעהרען, איז עס דען אזוי טיעף? מען זאגט, „זאל איך מיר דאס לעבען נעהמען אדער נישט? איך וואלט עס גערען געטאן, ווען איך זאל וויסען, וואס וועט נאכן טויט קומען, און דאס וועלען אלע אנדערע אויך טאן. און ווייל מיר ווייסען נישט וואס עס וועט נאכן טויט זיין, דעריבער נעהמען מיר זיך ניט דאס לעבען", איז דאס אזוי טיעפזי־ניג?

— ניין, נישט אזוי...

— נא, איהר האט שוין זיכער אויך אמאל געדענקט, אז איהר זאלט אייך דאס לעבען נעהמען! נישט אמת?

— דאס האבען אלע מענשען אמאל געדענקט.

— פאר וואס זשע האבען זיי עס נישט אויסגעפיהרט? ווייל זיי האבען עס ווי האמלעט, ניט געוואגט, ווייל זיי האבען נישט געוואוסט וואס דערנאך וועט קומען. זענען זיי דען געווען אזוי טיעפזיניג?

— נאטירליך נישט.

— אלזא איז דאס א גאנץ איינפא־כע באנאליטעט! מיט איין ווארט, עס איז — ווי אזוי הייסט עס, גוסטאוו?

— עס איז אלט! האט דער קלוגער אזוי ווי ווארטענדיג אויף א רעפליק גע־ענטפערט.

— יא, עס איז אלט, וואלט אבער דער ריכטער געווען עפעס געוואוסט וואס דאס צוקונפטיגע לעבען וועט ברענגען, וואלט ער אנדערש געזאגט, עטוואס נייעס וואלט ער געזאגט.

— איז אלץ וואס איז ניי גוט? האט רעהנהעלם געפרעגט, פערלירענדיג דעם מוטה ביי אויסהערען די אלע נייע גע־דאנקען.

— וועניגסטענס האט דאס נייע דעם פערדינסט, וואס איז ניי! פּרובירט ביי אייערע געדאנקען אליין צו דענקען, נישט מיט די וואס שטעהען אין די בי־כער פערשריעבען, וועט איהר זעהן אז אלץ וועט פאר אייך ניי זיין, ווילט איהר מיר גלויבען, אז איך האב געוואוסט וואס איהר ווילט מיר פרעגען, נאך איידער איהר זענט אריינגעקומען אהער, און איך ווייס אויך וואס איהר וועט מיך פרע־גען, ווען מיר וועלען רעדען וועגען שעקספּיר?

— איהר זייט א זאנדערבארער מענש איך מוז צושטימען, אז איהר האט רעכט מיט דעם אס איהר זאגט, כאטש איך בין נישט מיט דעם מיינונג.

— נו, וואס דענקט איהר וועגען מארק־אנטאנס לייכען רעדע נעגען טויטען קער־פער פון יוליוס צעזאר? איז זי נישט מערקווירדיג?

— דאס האב איך אייך גראד איצט געוואלט פרעגען, עס איז אזוי ווי איהר זאלט קענען מיינע געדאנקען לעזען!

— איך האב דאך אייך ערשט אזוי געזאגט, נא, זאגט מיר, וואס פאר א טיעפּעס געפינט איהר אין דאזיגע רעדע?

— דאס קען מען מיט קיין ווערטער ניט זאגען....

— אבער געפינט איהר נישט, אז דאס איז א געוועהנליכער פארם פון איראני־שע פראזען? מען זאגט פונקט דאס גע־גענטייל פון דעם וואס מען מיינט, און אז מען שארפט די שפיצען, מוז זיך יע־דער אין זיי צושטעכען; — אבער האט איהר אמאל שעהנערעס געלעזען ווי רא־מעא און יוליוס דיאלאג נאך דער חתונה נאכט?

— אך, די שטעלע, לאו ער זאגט עס איז די נאכטיגאל און נישט די לערכע.

— וועלכע שטעלע זאל איך דען מיי־נען, אז נישט די לאס יעדער מיינט?

— דאס איז אן איינצעלנעס פיעל בע־נוצטעס פאעטישעס בילד, וואס שטעלט זיך נאך אפ אויפן עפעקט, און גלייבט איהר אז שעקספּיערס גרויסקייט ליגט נאר אין די פאעטישע בילדער זיינע?

— פאר וואס מוזט איהר מיר אלעס אזוי צוברעקלען? פאר וואס נעהמט איהר אוועק מיין גאנצע שטוצע?

— איך ווארף אייערע שטעקענס אוועק, כדי איהר זאלט זיך אויסלערנען אליין געהן. איבריגענס בעט איך אייך איהר זאלט אויף אלץ איינגעהן וואס איך זאג!

— איהר בעט נישט, נאר איהר צווינגט אזוי צו טאן.

— דאן מוזט איהר מיין פערקעהר אויסמיידען! — אייערע עלטערען טרוי־ערען איבער אייער טריט!

— יא, נאטירליך, אבער פון וואנען ווייסט איהר דאס?

— דאס טוען אלע עלטערען! פאר וואס איבערשאצט איהר מיין אורטיילס קראפט איהר דארפט איבערהויפט נישט איבער־שאצען!

— גלויבט איהר אז מען ווערט גליק־ליכער אז מען איבערשאצט נישט?

— גליקליכער? הם! קענט איהר ווע־מען, וואס זאל גליקליך זיין? ענטפערט מיר מיט אייער אייגענע אנזיכט, נישט מיט פרעמדע ווערטער.

— ניין!

— ווען איהר גלויבט נישט, אז עס קען ווער גליקליך זיין, פאר וואס זשע פרעגט איהר, צו מען קען גליקליכער ווערען? — אזוי, איהר האט עלטערען! דאס איז דום, צו האבען עלטערען!

— ווי אזוי? וואס מיינט איהר?

— געפינט איהר נישט אונגאטירליך אז דער עלטער דור זאל דעם נייעם מיט פערעלטערטע דומהייטען ערציהען? אייערע עלטערען פאדערן דאנקבארקייט פון אייך? נישט אמת?

— זאל מען זיינע עלטערען נישט דאנק־באר זיין?

— דאנקבאר פאר דעם, ווייל זיי הא־בען אונז מיט דער הילף פון דעם געזעץ צו דעם עלענד געבראכט, אונז מיט שלעכטע עסענס גענעהרט, אונז געשלא־גען, אונז אונטערדריקט, זיך אונזערע ווינשען ענטגעגענגעשטעלט? ווילט איהר מיר גלויבען, אז עס איז נאר נויטיג איין רעוואלוציאן? ניין, צוויי זענען נויטיג! פאר וואס טרינקט איהר נישט קיין אב־סינט? איהר שרעקט זיך דערפאר? זעהט איהר, ער טראגט אויף זיך דעם גענפער קרייץ. ער הילט די פערוואונדעטע אויפן שלאכט פעלד, דעם פריינד אזוי ווי דעם פיינד. ער בעסליבט דעם שמערץ, מאכט שטומפזיניג די געדאנקען, מאכט פער־געסען די זכרונות, דערשטיקט אלע ערד־לע געפיהלען, וועלכע פערנארען דעם מענש צו אלע נארישקייטען, און צו ענ־דע לעשט ער אויס דאס ליכט פון פער־נונפט. ווייסט איהר וואס דאס ליכט פון פערנונפט איז? — ערשטענס איז עס א פראזע, און צווייטענס אן אירליכט ווי מען רופט עס אן „אירוויש". ווייסט איהר וואס דאס מיינט? דאס איז אזא ליכט וואס בלאנדזשעט ארום וואו פיש ווערען פערפוילט, דאס ליכט פון פער־נונפט איז אזא ליכט, וואס קומט פון די ערפוילטע געהירען אבזאיז. — עס איז מערקווירדיג, אלץ וואס איז גוט דא אויף דער ערד געהט אונטער און ווערט פערגעסען, וועהרענד די צעהן יאהר וואס איך האב אומעטיג געווארט אויף מיין אונגליקליכען גליק, האב איך אלע ביבער פון די קליינשטעטלדיגע ביבליאטעקען דורכגעלעזען אלעס נארישע און בעדיי־טונגסלאזע וואס געפינט זיך אין די בי־כער, איז ציטירט און בעליעבט. דאס גוטע בלייבט לגנז, — וואס האב איך געוואלט זאגען — דערמאנט מיך אז איך זאל זיך האלטען ביי דער טהעמא...

דער זייגער האט געקלונגען זיעבען, די טיר האט זיך געעפענט און עס איז אריינגעקומען א מאן מיט גרויסען ליאר־רעס, עס איז געווען א פינפציג יעהריגער מאן מיט א פעטען שווערען קאפּ, און האט אויסגעזעהן ווי א מערדער־ צווישען יד צוויי פעטע אקסלען, זיינע בליקען האבען אויסגעזעהן ווי ער זאל וועלען יעדען דורכשטעכען, און די הענד האט ער אזוי געהאלטען אזוי ווי ער זאל וועלען צו די שטערען באמבעס ווארפען.

— דער דאקטער, האט אייער שיקזאל אין די הענט, האט פאלאנד"ר שטיל גע־זאגט צו רעהנהעלם"ן. דאס איז דער קאר־מענדריאנטשיק, דער דירעקטאר און מיין טויט־פיינד.

רעהנהעלם האט אויפגעשוידערט דער־זעהענדיג דאס שרעקליכע געזיכט, וואס האט מיט א טיעפען האס געקוקט אויף פאלאנדערן און האט מיט פעראכטונג ער־נעץ אין דער זייט ארוין געשפיגען.

די טיר האט זיך ווידער געעפענט, און אריינגעקומען איז, כמעט אן עלע־גאנטער מאן, אין די מיטעל יאהרען, מיט געלע האר און איינגעדרעהטע וואנסען. ער האט זיך אוועקגעזעצט נעבען דירעק־טאר און האט איהם גערייכט די האנד.

פארטזעצונג פאלגט.

## לעזט דעם „וועג"

# באריכטע

וואס קומט פאר מיט די אידען אין ליטא·

דאס לאנדאנער איד· קאר· ביורא איז מודיע:

פאר דער לעצטער צייט האבען מיר ערהאלטען זעהר פיעל גוטע גרוסען וועגען דעם לעבען פון די אידען אין ליטא. אלע די ביז איצט אנגעקומענע ידיעות האבען כסדר באוויזען, אז ניט קוקענדיג דערויף, וואס די גוים צווישען די ליטווישע אידען איז זעהר גרויס, דאך איז זייער קולטורעלע און נאציאנאלע לאגע זעהר א גוטע. אלס ביישפיעל איז תמיד אנגעוויזען געווארען אויף דער ברייטער טעטיגקייט, וואס עס פיהרט און דאס אידישע מיניסטעריום מיט דעם אידישען מיניסטעריום מיט דעם אידישען מיניסטער קאלאווייטשיק בראש.

ווי מען גיט איצט איבער דעם לאנד· איד· קאר· ביורא פון א גוטאינפארמירטער און קאמפעטענטער קוועלע אין קאוונא, איז די אלגע פון דעם ליטווישען אידענטום נישט אזא גוטע ווי מען האט זיך דאס פארגעשטעלט אין אויסלאנד. ווי עס ווייזט זיך איצט ארויס איז די אזוי' פייערליכע ערקלעהרונג וועגען דער אידישער גלייכבארעכטיגונג אין דער ליטווישער רעפובליק· אין דער ווירקליכקייט נישט דורכגעפיהרט געווארען. פון נאציאנאלע רעכט איז שוין איבערהויפט אבגערעדט, נאר אפילו די געזעצליכע בירגערליכע גלייכבארעכטיגונג ווערען פאקטיש נישט אויסגעפיהרט און אפטמאל נאך פארלעצט.

לעצטע נאך איז אין קאוונא אבגעהאלטען געווארען א קאנפערענץ מיט דעלעגאטען פון דער אידישער אינטעליגענץ פון גאנץ ליטא, אויף וועלכער עס איז ברייט ארומגערעדט געווארען די פאליטישע און אידישע נאציאנאלע לאגע פון די אידען אין דער ליטווישער רעפובליק· צום סוף פון דער קאנפערענץ איז אנגענומען געווארען א פראטעסט רעזאלוציע וועגען דער ליטווישער רעגיערונג, דערפאר וואס מען האט נאך ב'ז היינט צו טאג נים אנגענומען קיין איין אידען אין וועלכער עס איז שטאדטישער שטעלע, ווי מ'של, אויף די אייזענבאהנען, פאסט, טעלעגראף אד· גל· פארקערט עס זיינען געוועזען פעלע ווי מען האט גאר אבגעשאפט א גרויסע צאהל אידישע ארבייטער, וועלכע זיינען געווען באשעפטיגט ביי דער ליטווישער אייזענבאהן.

גלייכצייטיג האט דאס איד· קאר· ביורא באקומען א ידיעה אויב קאוונא אין וועלכער מען טיילט מיט, אז די צוויי אידישע מיטגליעדער אין דעם ליטווישען קאבינעט, די הה· ראכמילעוויטש און ראזענבוים האבען זיך אפגעגעבען אין דימיסיע· ווי עס ווייזט זיך ארויס איז דאס צוריקטרעטען פון זיי פארבונדען מיט דער אלגעמיינער פאליטישער לאגע פון דעם ליטווישען אידענטום·

———::———

## די אידישע פאלקס-באנק אין ליטא.

———::———

פון קאוונע איז מען מודיע, אז דער גרינדונגס קאמיטעט פון דער אידישער פאלקס-באנק אין ליטא האט סוף גאוועמבער ערהאלטען דעם האנדעלס-מיניסטעריום די סטאטוטען פון דער באנק· מען ערווארטעט, אז די סטאטוטען וועלען א'ג'געבען באשטעטיגט ווערען און די ארגאניזאציע פון דער באנק וועט קאנען תיכף דורכגעפיהרט ווערען·

דער אקציען קאפיטאל פון דער באנק איז דריי מיליאנען מארק, צו איין טויזענד מארק פאר א'ין אקציע. די ברייטסטע אידישע פאלקס-קרייזען האבען אלזא די מעגליכקייט צו באטייליגען זיך אין דער באנק.

די הויפט אויפגאבע פון דער באנק איז צו שטיצען ד' אידישע לייה און שפארקאסעס אין ליטא· וואס פון זייער ארבייט און ערפאלג איז אבהענגיג דאס גאנצע ווירטשאפטליכע לעבען פון דעם ליטווישען אידענטום· ביליגער קרעדיט איז ה'ינט דאס איינציגע מיטעל כדי צו געבען דעם אידישען האנדעל און מלאכה א מעגליכקייט אויפצולעבען· ביליגער קרעדיט איז היינט דאס איינציגע מיטעל כדי צו געבען דעם אידישען לופט מענשען, וואס האט פארלארען זיין וועג צוליעב דעם קריגס-טומעל און לייכטע קריגס פארדינסטען, אומצוקעהרען זיך צו זיין פריהערדינער ארבייט.

די אידישע פאלקס-באנק אין ליטא ווערט געגרינדעט אויסשליסליך לויט דער איניציאטיווע פון דעם ליטווישען אידענטום גופא און פון זיין פאראנטווארטליכען ארגאן—דעם אידישען מיניסטעריום פאר אידישע אנגעלעגענהייטען די באנק דאס נארגיט צו טאן מיט די געלדער וואס ווערען געזאמעלט אין פארשיערענע לענדער כדי אויסצוהעלפען די, וואס האבען געליטען פון דער מלחמה·

יעדער איד, וואס פארשטעהט די באַדייטונג פון דער נייער פאלקס-באנק און

האט דערצו די קלענסטע מעגליכקייט קאן צייכענען לכל הפחות איין אקציע דער נידעריגער קורס. פון דער דייטשער מארק מאכט עס נאך גרינגער

אין קאוונע א·ן אין דער ליטווישער פראווינץ האבען זיך אנגעהויבען די פארזאמלונגען, אויף וועלכע עס ווערען געצייכענט די נייע אקציעס

ווער עס האט א אינטערעס פאר דער פאלקס באנק און וויל איהר העלפען, קען זיך ווענדען דירעקט קיין קאוונא צום אידישען מיניסטעריום

———::———

## לעצטע טרופען פון דער אמעריקאנער ארמיי פארלאזען פראנקרייך דעם 9 יאנ.

פאריז, יאנ· 4. — דער אפפאהר פון בריג· גענ· וויליאם ד. קאנער מיט 300 אפיציערען און סאלדאטען פון פאריז דעם זונטאג'דיגען פרייטאג וועט מ'ט זיך פארשטעלען דעם פינאלען ארויסציהען זיך פון דער אמעריקאנישע ארמייען פון פראנקרייך·

דעם 11טען יאנ. וועלען זיי אפרלאזען אנטווערפען צו פאהרען אהיים נאך אמעריקא· אלע בילדונגען, וועלכע די אמעריקאנישע רעגיערונג האט פארנומען אין פאריז צוליעב איהרע ארמ'יען, מיט אן אויסנאהם פון איינגע קליינע אפיסעס, וועלען אפגעליידיגט ווערען·

בריג. גענעראל קאנער לאזט איבער אין פראנקרי'ך א 100 אפיציערען און סאלדאטען, וועלכע וועלען זיין פארנומען מיט דער קברים רעגיסטראציע.

The only Jewish Paper Printed in Michigan

# דער וועג

The Detroit Jewish Daily

די איינציגע אידישע צייטונג געדרוקט אין מישיגאן סטייט

Published Daily by DER WEG PUBLISHING CO.

347-49 HASTINGS STREET
Telephone Main 3715

Published and distributed under permit No. 7?? authorized by the Act of October 6, 1917, on file at the Post Office of Detroit, Michigan. By order of the President, A. S. Burleson, Postmaster General.

PRICE 2c. | DETROIT, MICH., Sunday, January 11th, 1920 Vol. 1, No 186 | זונטאג, יאנואר 11טען, 1919

# דייטשען אונטערגעשריבען פרידענס-פראטאקאל אהן אמעריקא

## בערגער צוריקגעוויזען פון קאנגרעס ווערט גלייך צוריק נאמינירט

וואשינגטאן, יאנ. 10 — וויקטאר בערגער, דער סאציאליסטישער אויסדערוועהלטער קאנגרעסמאן פון מילוואקי, איז היינט צום צווייטען מאל ניט צוגעלאזען געווארען צו פארנעהמען זיין פלאץ אינ'ם קאנגרעס.

בערגער איז געקומען אין קאנגרעס בעטען, מען זאל איהם איינשווערען, כדי ער זאל קענען דארט פארנעהמען זיין פלאץ. דאלינגער, דער פארזיצענדער פון דער „וואהלען קאמיטע" האט דאן אריינגעבראכט א רעזאלוציע, אז מען זאל דעם סאציאליסטישען קאנגרעסמאן ניט צולאזען. בערגער האט געוואלט רעדען צוא דער פארגעשלאגענער רעזאלוציע, אבער מ'האט עס איהם ניט ערלויבט. די רעזאלוציע איז אנגענומען פון גאנצען קאנגרעס, א חוץ זעקס קאנגרעסלייטע, וועלכע האבען געשטימט, אז מען זאל בערגער'ן יע צולאזען.

רעפובליקאנער קאנגרעסמאן, מאן, האט דרינגליך געבעטען, מען זאל בערגער'ן צולאזען, ווייל ער איז שוין צום צווייטען מאל אויסדערוועהלט געווארען פון די בירגער פון שטאט מילוואקי.

קאנגרעסמאן וואויגט, וועלכער איז געווען דער איין איינציגער צו שטימען לטובת בערגער, דעם ערשטען מאל, האט היינט ווייטער גערעדט, אז מען זאל בערגער'ן צולאזען צום קאנגרעס:

„איך ווער אלץ מעהר איבערצייגט" האט געזאגט וואויגט, „אז בערגער איז בארעכטיגט צו פארנעהמען זיין פלאץ אין קאנגרעס, ווארום אויב בערגער איז א פאררעטער, דאן זענען דאך דא אין 5־טען דיסטריקט פון וויסקאנסין מעהר פון 25.000 שונאים פון אונזער לאנד"

נאכדעם ווי די רעזאלוציע פארגעשלאגען פון דאלינגערען איז אנגענומען געווארען, האט בערגער ארויסגעגעבען פאלגענדען סטייטמענט:

„די האנדלונג פונ'ם קאנגרעס איז איינע פון די גרעסטע אטאקען, וואס זענען געמאכט געווארען אויף דער רעפּרעזענטאטיווע פארם פון רעגירונג, און זי איז, ווירקליך, א פארלייקענונג פון דעם פאלק'ס רעכטע צו ערוועהלען דעם בירגער, וועלכער עס געפעהלט איהם".

מילוואקי, יאנ. 10 — די סאציאליסטישע קאמיטע פון 5־טען דיסטריקט פון וויסקאנסין, האט גלייך, ווי די נייעס איז אנגעקומען, אז בערגער איז פון קאנגרעס צוריקגעוויזען געווארען, בערגער'ן צוריק נאמינירט און זי האט ארויסגעגעבען פאלגענדען סטייטמענט:

„מיר וועלען האלטען אין איין נאמינירען בערגער'ן אויב די ראזיגע אונאמעריקאנישע אסיפה, וואס ווערט אנגערופען קאנגרעס, וועט פארטזעצען איהם אויסצושליסען.

„מיר ווילען, אז יעדער בירגער פון די פאראייניגטע שטאטען זאל וויסען, אז די שטים־אפגעבער פון דעם 5־טען וויסקאנסין דיסטריקט פארשטעהען גאנץ גוט וועמען זיי ווילען האבען אלס זייער פארשטעהער אין קאנגרעס, און אז מיר וועלען ניט דערלאזען, אז רזשילעט און זיין כנופיא פון וואל סטריט זאלען אונז דיקטירען וועגען דעם.

פאריז, יאנ. 10. — דער ווערסאלער אפמאך איז היינט 4.15 א זייגער ביי טאג אריין אין קראפט. אפיציעלער שלום הערשט איצט צווישען דייטשלאנד און די 13 לענדער, וועלכע האבען די ווערסאלער טריטי ראטיפיצירט.

פון אנפאנג האט באראן פאן לעסנער אונטערגעשריבען דעם פראטאקאל פון ערשטען נאוועמבער, וואו דייטשלאנד איז זיך מתחיב צו באפרידיגען די עליים פאר דער זינקונג פון דער דייטשער פלאטע אין סקאפא פלאו און צו פארזיכערען, דאס דייטשלאנד וועט נאכקומען אלע פונקטען פון דעם שלום אפמאך. דאס אונטערשרייבען פון דיזען דאקומענט איז פארגעקומען אין דעם אפיס פון אויסערן מיניסטעריום.

קלעמאנסא האט געקראגען זעהר א גרויסע אוואציע. ווען ער האט פארלאזען זיין אויטאמאביל לעבען אויסערן מיניסטעריום, פון א גרויסען עולם, וואס האט זיך געפונען ארום דיזען פלאץ.

די דייטשע דעלעגאטען זענען געווען די לעצטע וועלכע זענען געקומען צו דער פינאלער שלום־צערעמאניע.

ווען אלע דעלעגאטען זענען געווען פארזאמעלט האבען זיי אפגעהאלטען א געהיימע זיצונג וואו דער נאוועמבער־פראטאקאל איז אונטערגעשריבען געווארען. נאכהער האבען זיך אלע פריעדענס דעלעגאטען פארזאמעלט אין דעם באוואוסטען „זייגער צימער" וואו א פלענארע זיצונג פון דער שלום קאנפערענץ איז אבגעהאלטען געווארען. בארען לעסנער און הער פאן סימאן, די דייטשע שלוחים, זענען געווען די ערשטע אונטערצושרייבען דעם פראטאקאל, וואו עס איז פארצייכענט געווארען די שלום ראטיפיצירונג פון די 14 לענדער.

קיין שום באזונדער צערעמאניע איז פארגעקומען. פרעמיער לאיד דזשארדזש איז געווען דער ערשטער פון די אליאירטע צו חתמ'ענען דעם פראטאקאל. נאך איהם איז געקומען דער פראנצויזישער פרעמיער, קלעמאנסא. ווען דער לעצטער האט אונטערגעשריבען דעם פראטאקאל און זיך גענומען אומקעהרען צו זיין פלאץ האט ער זיך פלוצלונג אפגעשטעלט אין פראנט פון די דייטשע דעלעגאטען.

דייטשלאנד'ס פארשטעהער האבען זיך אויפגעשטעלט און געבייגט זיך פאר דעם פארזיצענדען פון שלום קאנפערענץ, וועלכער האט ארויסגערעדט אייניגע ווערטער אזוי שטיל, דאס די איבעריגע אין צימער האבען גאר ניט געהערט. נאכהער האט ער זיך צוריקגעקעהרט צו זיין פלאץ, ניט געבענדיג די האנט צו די דייטשע דעלעגאטען.

ווען דער ראזיגער אינצידענט איז פארגעקומען, האט אין זאל געהערשט א טויטע שטילקייט. מען האט אפילו באמערקט ווי בארען לעסנער זאל האבען געמאכט א באוועגונג מיט זיין האנט, מיט וועלכער צו באגריסען קלעמאנסאען, אבער ער האט זיך איינגעהאלטען, ווען ער האט דערזעהן, אז קלעמאנסא שטעהט מיט זיינע הענט אראפגעלאזען.

ווען די צערעמאניע פון אונטערשרייבען דעם פראטאקאל האט זיך געענדיגט, האט קלעמאנסא דאן ערקלעהרט די שלום קאנפערענץ מיט דייטשלאנד געשלאסען.

נאך דיזע ערקלעהרונג האבען די דייטשע דעלעגאטען פארלאזען דעם זאל, ניט באגריסענדיג קיינעם פון די איבריגע דעלעגאטען.

### אמעריקא'ס אמבאסאדאר שיקט צוריק די איינלאדונג צו דער שלום קאנפערענץ

דער אמעריקאנער אמבאסאדאר איז ניט געווען אנוועזענד ביי דער גאנצער צערעמאניע פון אונטערשרייבען דעם פרידענס פראטאקאל. ביז דער לעצטער מינוט, האט ער אלץ ערווארטעט צו קריגען אינסטרוקציעס פון וואשינגטאן, ווי אזוי ער זאל האנדלען. אבער ווען זיי זענען ניט דערהאלטען געווארען, האט ער אומגעקערט די איינלאדונגס־קארטען צום סעקרעטער פון שלום קאנפערענץ.

## 60,000 פון קאלטשאקס ארמ געהען איבער צו באלשעוויקעס

### אירקוטסק ביי די סאוועטען

קראסנאיארסק גענומען פון רויטער ארמיי. — אין דרום רו לאנד פארכאפט 35.000 געפאנגענע, פיעל געוועהר, אמוניצי און הונדערטע לאקאמאטיווען.

לאנדאן, יאנ. 10 — די שטאדט קראסנאיארסק, אין מזרח סיביר, איז פארנומען געווארען פון דער רויטער ארמיי, לויט א דראטלאזע טעלעגראם פון מאסקווא.

א צווייטע טעלעגראמע מעלדעט וועגען א גרויסען באלשעוויסטישען זיעג: „די לעצטע טיילען פון דער ערשטער, צווייטער און דריטער פיינדליכע ארמייען האבען זיך אונטערגעגעבען און זעכציג טויזענד געפאנגענע זענען גענומען געווארען".

א דריטע טעלעגראמע פון מאסקווא גיט איבער, דאס אין דעם איצטיגען מארש אין דרום־רוסלאנד, האבען די באלשעוויקעס פארנומען 40 קאנאנען, 1000 מאשין ביקסען, 11.000 ביקסען, 18 בארוואפענטע טריינס, 200 לאקאמאטיווען.

10.000 וואגאנען, גרויסע סקלאדען ש און אמוניציע, און 35,000 געפאנגענע

פון יאפאן ווערט געמעלדען, דאס שטאט אירקוטסק איז פארנומען גע רען פון דער רויטער ארמיי.

דער אפיציעל באריכט פון וואשינג איז, אז די פאראייניגטע שטאטען צי לעת עתה, ניט צוריק זייערע טרופען סיביר.

די לאגע פון דעניקינס ארמיי אי געפעהרליכע, צוליעב די גרויסע נצחו וואס די באלשעוויקעס האבען פאר לעצטער וואך אפגעהאלטען אין דרום לאנד. די רויטע ארמיי מארשירט א ניט באגעגענדיג קיין שום ווידערשט

## ש. ניגער שילדערט די לאגע פון די רוסישע אידען

פריטאג אווענט האט די דעטראיטער אידישע אינטעליגענץ ארראנזשירט זעהר א שעהנעם קבלת פנים פאר דעם באקאנטען אידישען ליטעראטור קריטיקער ש. ניגער.

פארטרעטער פון פארשיידענע ארגאניזאציעס האבען באגריסט דעם גאסט, די קינדער פון דער י. ל. פרץ פאלקס שול האבען דעם גאסט פרעזענטירט מיט א בוקעט בלומען. און צום שלום פון אווענט ווען דער פארזיצענדער ה. רויזענבלאט האט פארגעשטעלט דעם גאסט, האט זיך דער גאנצער עולם ווי איין מאן אויפגעשטעלט, באגריסענדיג איהם מיט שטורמישע אפלאדיסמענטען.

ניגער, נאכדעם ווי דער עולם האט זיך ענדליך איינגעשטילט און זיך אוועקגעזעצט האט דעם עולם הארציג באדאנקט און פארזיכערט, אז יעדעס מאל ווען ער באקומט אזא קבלת פנים פיהלט ער ווי מען לעגט אויף איהם ארויף א שווערע משא, און ער האפט אז ער וועט דעם אידישען פאלק אפצאהלען כאטש ראטעסווייז. דערנאך האט ניגער אויסגעדריקט א געדאנק, אז אמעריקע מיט אייראפא הויבען זיך אן בייטען מיט די ראלען.

אנשטאט דעם וואס די אידישע קולטור האט ביז דער מלחמה, געבליהט אין אייראפא, באזונדערס אין רוסלאנד, ליטא, פוילען, וועט אין דער נאהענטער צוקונפט מוזען אויסקומען פארקעהרט: די אידישע פרעס, די אידישע ליטעראטור, אידישע שולען, אידישע קולטור בכלל וועט בליהען אין אמעריקע און מיט דעם ראזיגען גייסט וועלען לעבען די אייראפאאישע אידען אין דער נאהענטער צוקונפט.

ניגער איז פון דער מיינונג, אז מיר, אלע אין אמעריקע שטעהען צו נאהענט צו זיך אליין, צו אונזערע אינסטיטוציעס, אז מיר זאלען קענען ריכטיג אפשאצען אונזערע אינסטיטוציעס.

שרעקליך איז געווען דער גערום וואס ניגער האט געבראכט פון דעם אייראפאאישען אידענטום, עס הערשט דארטען א שרעקליכער, עקאנאמישער חורבן, עס איז ניטא מעהר קיין אידישע ארבייטערשאפט און צוליעב די מאנטעגליכע ענדערונגען אין די גרענעצען צווישען די באלשעוויקעס און אוקראינע, א. ז. וו. לעבען אידען געצוואונגענערהייט נאטירליך פון דער גרענעץ. מען האנדעלט אויף אלערליי אופנים ביי דער גרענעץ, און אפילו זיבען יעהריגע קינדער אידישע, האנדלען ביי דעם גרענעץ. און אונטער אזעלכע אומשטענדען קען קיין שבת ניט זיין, קען קיין קולטור ניט געשאפען ווערען.

עס איז אויך ניט אמת, האט ניגער דערצעהלט, אז אלע אידען הונגערען. אמת, דער גרעסטער טייל הונגערט, ווייל זיי זענען עקאנאמיש באנקראט און ווייל אלע באפען זיך צום האנדעל, ווערען זיי זעהר אפט צוריק־אראפגעשווענקט פון דעם טראטואר אין דעם טיעפען עקאנאמישען אפגרונד, ווייל דער יסוד, דער פונדאמענט איז א פוילער, ניט קיין נארמאלער.

און דערווייל זענען די אמעריקאנער אידען די איינציגע וואס האבען זיך שוין איינגעארדענט, דער אידישער ישוב האט שוין דא געשלאגען ווארצלען, און עס ווייזען זיך שוין די בלומען, עס מערקען זיך שוין צופרידענגעשטעלטע רעזולטאטען.

זעהר שעהן האט ניגער אויסגעדריקט דעם געדאנק, אז דאס אידישע פאלק אפילו אין דעם איצטיגען גרעסטען ח אייך ניט אונטערגעהן, ווייל יסורים, און פיין געהען ניט פארלארען. עס אפשר נאך פריה צו רעדען וועגען איצט ווען די שאנדע דארטען איז ניט צונערעקט. ווען די דערשלאגענע נאך אויף דער קאלטער ערד, די עהרע פון איין מענשען וועט דערטרונקען אין דעם איצטיגען בלוטיגען ים, די ניט פון איין מענשען וועט דערטרו ווערען אין דעם איצטיגען בלוטיגען אבער די עהרע פון א גאנץ פאלק. צער און דער חורבן, די ליידען און פון א גאנץ פאלק אבער וועלען ניט. שווינגען ווערען. דאס אידישע פאלק ניט אונטערגעהן.

דארטען האט דער עקאנאמישער אונטערגראבען דאס אידישע לעבען אין אמעריקע האט עס גלייכצייטיג געבליהט.

## א חשוב'ער גאסט אין דעטראיט

דער באקאנטער אידישער שריפטשטעלער מר. ב. י. גאלדשטיין איז נעכטען אנגעקומען אין דעטראיט, פון מאנטרעאל, וואו ער האט מיטגעארבעט די לעצטע צייט אין „קענעדער אדלער". האט אויך עטליכע יאהר צייט רעדאקטירט עהפאלגרייך, דעם „קענעדער איד" אין וויניפעג, און גלייכצייטיג אלע יאהרען מיטגעארבעט כמעט אין אלע אידישע צייטונגען.

באזונדערס אינטערעסאנט וועט עס זיין פאר די לעזער פון „וועג" צו הערען, אז די ארויסגעבער פון „וועג" האבען נאך לאנגע פארהאנדלונגען מיט מר. גאלדשטיין'ען דורך בריעף ענדליך גע"פועלט אז ער זאל איבערנעהמען די רעדאקציע פון „וועג".

די ארויסגעבער זענען זיכער, אז אין דעם אויבענדערמאנטען שריפטשטעלער, האבען זיי א טיכטיגען ערנסטען, פעהיגען רעדאקטאר, וועלכער וועט אויסנוצען זיין לאנג־יעהריגע ערפאהרונג און פיהרען דעם „וועג" פון גרויס צו גרעסער.

אין איינעגע טעג ארום, נאכדעם ווי מר. גאלדשטיין וועט זיך אויסרוהען, און איינארדנען דעם סטעף פון מיטארבעטער, וועלען מיר פארעפענטליכען די נעמען פון דעם „וועג'ס" מיטארבעטער אונטער דער פאראנטווארטליכער רעדאקציע פון אונזער גרויסען גאסט ב. י. גאלדשטיין.



ב. י. גאלדשטיין איז געווען איינער פון די ערשטע רעדאקטערע פון „קענעדער

## היינט דער קליידער קאמפיין פאר די מלחמה ליידענדע

די היגע פיפּעלס רעליעף ארגאניזאציע זעצט היינט פאר איהר קאמפיין צו שאפען קליידער פאר די נאקעטע און בארוועסע ברידער און שוועסטער אונזערע אויף יענער זייט ים, וועלכע זענען א דאנק דער מלחמה געבליבען אהן א בגד און אהן א שוך.

דער ערפאלג פון דעם לעצטען זונטאגדיגען קאמפיין צו שאפען קליידער פאר אונזערע אידישע מלחמה קרבנות איז געווען ווייט פון דער ערווארטונג. די פיפּעלס רעליעף האט געהאפט, דאס אזא רייכע אידישע באפעלקערונג, ווי די היגע אידען זענען, וועט זיך ווארעמער אפרופען אויף דער נויט פון קליידער פאר די פאראומגליקליכטע אידען, וועלכע שטארבען פשוט אוים פון דעם פראסט, וואס פעלט זיי אוים קליידער צו באדעקען זייערע נאקעטע קערפערס פון דער קעלט.

אין פארלויף פון דער וואך זענען זעהר ווייניג קליידער־פעקלאך צוגעשיקט געווארען אין דעם אפיס פון דער רעליעף ארגאניזאציע. דער ערפאלג האט אויך פיעל געליטען פון דעם, וואס איז געווען א גרויסער מאנגעל אין וואלונטירען, וועלכע זאלען וועלען אפגעבען א ביסעל צייט פאר אזא הייליגער ארבייט.

די פיפּעלס רעליעף ארגאניזאציע בעט איצט פאר מעהר וואלונטירען. וועלען די דעטראיטער אידישע יונגע לייט און מיידלאך זיך ניט אפרופען אויף דיזען פארראנג? די דעטראיטער אידישע יוגענד דארף פארשטעהן, אז וואס מעהר וואלונטירען וועלען ארוים היינט פריה איבער די אידישע גאסען, אלץ גרעסער וועט זיין דער ערפאלג פון קליידער קאמפיין, א קאמפיין וועמענס ציעל איז צו ראטעווען פון שאנד און קעלט א גרויסען טייל פון אידישען פאלק אויף יענער זייט ים.

און די אידישע דעטראיטער באפעלקערונג מוז היינט פארריכטען, דאס וואס עס איז ניט געטאן געווארען פאר דער לעצטער וואך. זאלען די דעטראיטער אידען אנקלייבען און צוגרייטען גענוג פעקלאך און ניט לאזען ווארטען די וואלונטירען, ווען זיי וועלען צו זיי קומען.

אידישע יונגע לייט און מיידלאך, קומט אין 204 הענקאק און פארשרייבט זיך אלס וואלונטירען. טהוט אייער חוב צו אונזערע מלחמה קרבנות.

## גרויסע אידישע קאמערץ־פלאטע געפלאנעוועט

ניו יארק, יאנ. 10 — פון לאנדאן איז געקומען א זעהר אינטערעסאנטע ידיעה די ציוניסטען פלאנעווען אין גיכען צו בויען א גרויסע קאמערץ פלאטע אום אריבערצוברייגנען אימיגראנטען און צו טראנספארטירען סחורות קיין ארץ ישראל.

די פלאטע וועט האבען אייגענע אידישע מאטראזען און וועט געפיהרט ווערען אויף א גרויסען מאסשטאב.

## דעטראיטער אידישע טעכנישע שולע.

די שולע פאר מעכאנישע און טעכנישע צייכנונגען האט זיך דיזע וואך געעפענט.

די קלאסען זענען אפען אלע וואך, דינסטאג און דאנערשטאג פון 7.30 ביז 9.30 אבענד אין אידישען ארבייטער אינסטיטוט, 204 איסט הענקאק.

## „ציפקע די אלמנה" אין ניו דעטראיט טהעאטער.

היינט זונטאג מאטיני און אב. ווערט צום ערשטען מאל אין דעטראיט אויפגעפיהרט די לעבעדיגסטע קאמעדיע אויף דער אידישער ביהנע און דאס איז „ציפקע די אלמנה". דאס איז איינע פון יענע קאמעדיעס וועלכע אמוזירען אלע קלאסען טהעאטער געהערס.

„ציפקע די אלמנה" איז ניט קיין פערוויינטע טרויעריגע אלמנה, נאר א פרעהליכע, וועלכע וועט זינגען און טאנצען צוזאמען מיט אלע איהרע מיטשפּיעלער אויף דער ביהנע. אלע אקטיארען אהן אויסנאהמע האבען שעהנע גרויסע ראלען מיט וועלכע זיי וועלען פאזיטיוו אמוזירען אלע אידען וועלכע וועלען קומען זעהן „ציפקע די אלמנה" אין די ניו דעטראיט.

## 31 ארעסטירטע אויפ'ן וועג נאך רוסלאנד

נעכטען א גאנצען טאג האבען 31 ארעסטירטע ראדיקאלען פארבראכט א פרעהליכען טאג אין דער היגער תפיסה. זיי זענען זעהר צופרידען וואס מען שיקט זיי אוועק נאך עליס איילאנד פון וואנען זיי וועלען דעפארטירט ווערען אין סאוועט רוסלאנד.

פון פריה מארגענס אן האבען זיי גענומען איינפּאקען זייערע זאכען און גרייטען זיך אין וועג אריין. נאר 6 צווישען די 31 ראדיקאלען זענען געווען באזארגט צוליב דעם, וואס זיי ווייסען ניט, וואס דער גורל פון זייערע פרויען און קינדער וועט זיין צי מען וועט זיי ערלויבען מיטפאהרען מיט זיי אין רוסלאנד.

## ווי טיגע מזרחי קאנפערענץ אין אמסטערדא

(ספעציעל צום „וועג")

ניו יארק, יאנ. 10 — די היגע מזרחי ארגאניזאציע האט ערהאלטען א טעלעגראמע פון איהרע דעלעגאטען צו דער אלוועלטליכער מזרחי קאנפערענץ וואס וועט זיך אנפאנגען דאנערשטאג יאנ. דעם 15־טען אין אמשטערדאם, דאס זיי זענען אנגעקומען בשלום.

די קאנפערענץ וועט ווערען באגריסט פון די העכסטע פארשטעהער פון דער האלאנדישער רעגירונג. דאס האלאנדישע אידענטום וועט אויף דער קאנפערענץ זיין פארטראטען דורך 50 דעלעגאטען. 10 רבנים קומען אהין פון פוילען, ווי אויך דער באוואוסטער אידיש־פוילישער דעפוטאט פארבשטיין.

צווישען די ענגלישע מזרחים דעלעגאטען געפינען זיך אזעלכע באוואוסטע פערזענליכקייטען, ווי מער סטיוארט סאמועלס, טשיעף־רבי הערץ, און דר. שאהענפעלד. פון פאלעסטינא — די דעלעגאטען רבי פישמאן און חכם־באשי, רבי עוזיאל מייזעל. די דייטשע ארטאדאקסען וועלען זיין פארטראטען דורך דעם וואוסטען מאהלער הערמאן שטרוק פיק, פראפ. בארט, פראפ. ראבין או פיעל אנדערע.

## אוקראינישע מאביליזאציע און א

די אוקראינישע צייטונג „ווּפער וועלכע ערשיינט אין לעמבערג בער, אז דאס אידישע מיניסטערי קאמענעץ פאדאלסק האט באקומען אז די מאביליזאציע, וואס איז ער געווארען דורך דער אוקראינ'שער האט געהאט א באדייטענדען צווישען דער אידישער באפעלקערו בערדיטשעוו. עס זיינען מאביליזי ווארען אלע מיליטער מעהיגע ביז יאהר. דעם ערשטען טאג זאלען בען געמעלדעט א גרויסע צאהל אין משך פון די ערשטע צוויי וואכ נען מאביליזירט געווארען 800 יען זיי איבער 800 אידען.

# עניים ואביונים

## אדער גליקליכע און אומגליקליכע

ראמאן — פון מרדכי ספעקטאר

(פארטזעצונג)

— איהר האט אונז ניט געזעהן ווייל מיר געהען ארום א גאנצע טאג אין שטאט איבער די הייזער.

קוקענדיג אויף די צוויי מיידלאך איז זי זעהר פארוואונדערט געווארען און האט געפרעגט.

— וואס הייסט איהר געהט ארום דיא הייזער? ווי אזוי געהען ארום אזוינע מייד לאך אין די הייזער?

— גוט איז אייך. וואס איהר ענט א ריענסטמויד און דיענט ביי א א באלע־באסטע, וואו איהר האטאלעס גרייטס, מיר האבען גאר ניט. מיר זענען ארעם, נאקעט און בארוועס ווי איהר זעהט אונז, וואס זשע זאלען מיר טהאן, ענגן מיר דען אנר צוויי מיידלאך וואס געהען ארום איבער די הייזער?

— נא און אייערע עלטערען געהען ארום אין די הייזער?

— ניין, מיינע עלטערען זענען מיר יונג אבגעשטארבען, איך בין געוועזען ביי מיינעם א זיידען, דער זיידע איז ניט ארום געגאנגען אין די הייזער.

— מיין מאמע איז מיר אויך אבגע־שטארבען יונג, איך געדענק אויף דעם זיידען, האט זיך רייזעלע נאריש קינדעריש אריינגעמישט אין שמועס.

— מיין זיידע פלעגט נאך אליין מיט־העלפען א סך ארימע לייט.

ער איז געוועזען א גביר, האט רחל גע־פרעגט מיט א זיפץ?

— ניין ער איז אויך געוועזען אן ארי־מאן, נאר זיין שטיקעל ברויט האט ער זיך פארדיענט און א גאנצען טאג ביז שפעט אין דער נאכט פלעגט ער ארומ געהן איבער די הייזער צונויפנעמען געלד פון ארימע לייטס וועגען. איהם פלעגט יעדער געבען א נדבה, מען פלעגט איהם געבען צו צעהן גראשען א נדבה און א גרויסער גביר אמאל א קערביל אויך, חוץ דעם פלעגט מען איהם אין יעדער שטוב געבען דער א גראשען און דער צוויי. ער פלעגט מאכען א סך געלד, ניט אזוי ווי מיר וואס מיר געהען אב 10 הייזער און 20 קלייטען ביז מען ווארפט אונז א גראשען אדער א שטיקעל ברויט.

— און דאס גאנצע געלד פלעגט ער אוועקגעבען פרעמדע ארימע לייט?

— יא; איך געדענק אליין ווי ער פלעגט אוועקגעבען, און אז מיר האבען אמאהל ניט געהאט אויף קיין אנבייסען, חאטש ער פלעגט האבען געלד, פלעגט ער זאגען אז פון ארימע לייטס געלד טאר מען ניט נעהמען און פלעגט הייסען דערווייל אין קלייטעל בארגען אויף אנבייסען.

— וואו זשע פלעגט ער נעמען אויף אבצוגעבען?

— וואס הייסט? ער האט פארדיענט. ער פלעגט לערנען פאר א געשטארבענעם גביר משניות, קדי שזאגען, אויך פלעגט ער מאכען טאבאק. וואס ער פלעגט נעמען פאר יעדען פושקעל אפשר 4 גראשען און פון נאך אזוינע זאכען האט ער פארדיענט פארשטעהט זיך אז מיר האבען טאקע גע־לעבט ווי ארימע לייט.

— נא און ער איז שוין געשטארבען?

— יא שוין 8 יאהר, באלד ווי ער איז געשטארבען איז די גאנצע שטאדט גע־וועזען ביי זיין לויה, אויף מארגען האב איך שוין ניט געהאט אויף קיין אנבייסען. נאר כמעט די גאנצע שטאדט האט רחמנות געהאט אויף מיר, אלע האבען געקרעבצט אויף מיר קוקענדיג וואס איך בין אזוי גע־בליבען עלענד און האב אנגעווארען אזא טהייערען זיידען. אזא עהרליכען אידען.

אלע האבען אויך מיר רחמנות געהאט. יעדער האט מיר אריינגעשיקט אין שטוב וואס ער האט געקענט: ברויט, פלייש, געלד, א קליידעל, אלע היגע ארימע לייט האבען מיך מקנא געווען וואס איך האב געהאט אזא טהייערען אידען פאר א זיי־דען און מען האט אויף מיר אזוי רחמנות און מען גיט מיר אזוי פיעל נדבות, מען ברענגט מיר נאך א היים. נאר ניט לאנג האב איך געלעבט מיט דעם זיידענס צדקות, ניט לאנג האט זיך געצויגען מיין גליק, וואס שפעטער, האט מען אויפגע־הערט אויף מיר רחמנות האבען, וואס ווייטער און ווייטער האט מען מיר פאר־געסען מיין זיידען און אן מיר אוודאי, עס איז געקומען דערצו אז מען פלעגט מיר אהיים שוין גאר ניט ברענגען. עסען האב איך ניט געהאט וואס, וואו מען נעמט געלד האב איך אויך ניט געוואוסט. איך האב אלין געטראכט און געטראכט ביז איך בין שטארק הונגעריג געווארען, בין איך אריינגעגאנגען אין א צווייטער שטוב מיט רייזעלען און געבעטען עפים עסען. מען האט אונז גענעבען, מארגען אויך אזוי נאר אויף דעם דריטען טאג האט מען מיר אין דער צווייטער שטוב געזאגט אז זיי זענען אויך ארימע לייט, זיי געהען אויך ארום אין די הייער, זיי קענען מיר שוין מעהר ניט געבען, איך זאל בעסער ארומגעהן אין שטאדט. ווען איך האב גע־זאגט אז איך שעהם זיך, איך קען ניט בעטען, איך בין ניט געוואוינט, האבען זיך איינציגע ארימע לייט פון מיר שטארק צולאכט און חוזק געמאכט. דער האט גע־זאגט אז איך בין א קבצינטע א גרלינטע און דער פון איז גאר ניטא קיין מיאוסע־רע זאך אויף דער וועלט; דער האט גע־זאגט אז נאר גנבינען איז א בזיון, אבער בעטען א נדבה האט מען זיך ניט וואס צו שעמען, גאט האט אויך ליעב ארימע לייט און דערפאר האבען מענשען רחמנות. אזוי האבען זיי מיר איינגערעדט און גע־לאכט פון מיר און געזאגט אז א גדלן א קבצן האט אפילו גאט פיינד ובפרט נאך מענשען.

(פארטזעצונג פאלגט)

# אונזערע שטארקע צוטרויען
# האט געהאָלפען בויען דעטראָיט

מיר האבען א שטארקע, גוטע סיסטעמע אין
שטאדט, דאס איז באוואוסט צו יעדען וואס
ווייסט וואס עס טוט זיך אין אנדערע שטעדט
עס איז א גליק פאר דער שטאדט וואס מיר
האבען פון תמיד אן געהאט צוטרויען צו
דעטראָיט. וואס האט צו געזעהן ווי מיר הא-
בען אויף א סך מיילען פון אויסער שטאדט
ארויסגעצויגען טרעקס. אין יענע מיילען וואוינט
איצט דער גרעסטער טייל פון דעטראָיטער בא-
פעלקערונג, און דארטען ווערען איינגעפיהרט
די מייסטע דעטראָיטער טעטיקייטען . . .

**Detroit United Railway**

# דער וועג
THE DETROIT JEWISH DAILY

Published Daily, Except Saturdays and Jewish Holidays, by
DER WEG PUBLISHING COMPANY, INC.
347-49 Hastings St., Detroit, Mich. Main 3715.
J. RABINOWITZ, Pres. JOS. R. LEEMON, Sec.-Treas.

(Entered as Second Class mail matter at Post Office, Detroit, Mich.)

Subscription Price: By mail, or carrier, one year, $5.00; six months, $2.50.


# ריכטיגער מאן אויפן ריכטיגען פלאץ

(א פאר ווערטער צו די לעזער)

פון זיין אומשטערבליך ווערק „התועה בדרכי החיים“ זעהט זיך אז פרץ סמאלענסקין האט וועניג וואס ליעב געהאט יענעם, וועלכער האט געזאגט „איך האב געבלאנדזשעט“ אנשטאט ער זאל זאגען „איך בלאנדזשע“, לויט סמאלענסקין'ען קומט אויס, אז א מענש קען זעלטען ווען זאגען אז האט ער אמאל געבלאנדזשעט און איצט איז ער שוין א בקי אין אלע וועגען און בלאנדזשעט שוין ניט.

מיר ווייסען דאס.

און פארט קענען מיר מיט פולער פאראנטווארטליכקייט זאגען „מיר האבען געבלאנדזשעט און געמיינט אז דער אידישער עולם אין דעטראיט איז אפשר נישט אזוי ערנסט פאראינטערעסירט אין זיין לאקאלער צייטונג.

מיר האבען זיך גענארט.

מיר האבען געבלאנדזשעט.

ווען מיר האבען אויף א קליינער ווילע, נישט אויס בכיון'דיגער שולד, געמוזט צוליעב פארשטענדליכע אורזאכען פארנאכלעסיגען די מאראלע זייט פון דער צייטונג, אויף א קורצען משך, האבען מיר באלד דערזעהן דאס אומצופרידענהייט פון פיעלע פון אונזערע לעזער.

מיר האבען געמיינט, אז דער עולם איז פאראינטערעסירט בלויז אין די ידיעות און די נייעסען און ווי די טאג פראגען ווערען באלויכטען, דאס אינטערעסירט נישט דעם רוב מנין ובנין.

און מיר האבען געבלאנדזשעט.

מען האט נישט נאר באקומען בריעף געשריבען אין רעדאקציע קעגען א נייער פיינדליכער טענדענץ, נאר מען האט אויך דורך טעלעפאן פראטעסטירט און אנדערע האבען זיך נישט געפוילט און מטריח געווען אין רעדאקציע, און האבען א הייסען וכוח פארפיהרט מיט דעם מחבר פון דער טענדענץ.

נים איין מאל האט פאסירט, איבערהויפט די לעצטע עטליכע וואכען, וואס אייניגע לעזער האבען בלויז צוליעב אן אויסדרוק, וואס האט זיי געקלונגען פאלש, אדער פיינדליך, אונז אויפמערקזאם געמאכט דורך בריעף אדער דורך א פערזענליכען וויזיט.

און נישט קוקענדיג דעריף וואס אונז איז נישט גאר וואויל געפעלען די צו אפטע ברוגז'ע באמערקונגען מצד אייניגע לעזער אדער גרופען סימפאטייזער, דאך האט עס אין אונז אין הינזיכט הנאה געטאן — מיר האבען געזעהן דעם אינטערעס פון די לעזער, מיר האבען דערזעהן, אז —

מיר האבען געבלאנדזשעט.

און מיר האבען אויף אלע זייטען געזוכט א מענשען וואס זאל פאסיג זיין אנצופיהרען די וויכטיגע מאראלישע ארבייט פון אונזער צייטונג אויף אזא אופן, אז זי זאל נושא חן זיין ביים רוב מנין ובנין פון אונזער שטאדט; א מענשען וועמען עס זאלען גיין נאהענט די אידישע אינטערעסען און וועלכער זאל ווערט זיין צו טראגען אויף זיך די פאראנטווארטליכקייט פון דעם איצטיגען בלוטיג ערנסטען מאמענט, אין וועלכען דאס גאנצע אידענטום געפינט זיך.

מיר האבען געזוכט אזא איינעם. צו וועמען מיר זאלען זיך קענען מיט פולען בטחון איבערגעבען, הינטער וועמעס רוקען עס זאל שטעהן א לאנג יעהריליכע צייטונגס פראקטיקע.

און לאמיר זיך מודה זיין אז מיר האבען געזוכט אויך אזעלכען וואס אלע ארבייטען פון דער אידישער גאס זאלען איהם חשוב זיין, אלע קולטור און ארגאניזאציאנס ארבייטען זאלען איהם נאהענט זיין גלייך. ער זאל זיך נישט אריינווארפען בלויז אין איין ווינקעל פון דער אידישער טעטיגקייט ביי אונז אין שטאדט.

מיר האבען געזוכט אזא איינעם.

און מעג דאס אפשר דעם לעזער קלינגען ווי אן אדווערטייזמענט פון אמעריקאנער שניט, אבער פארט מוז עס געזאגט ווערען, אז מיט וועלכען צייטונגס מענשען מיר האבען נישט גערעדט, האט מען אונז רעקאמענדירט מר. ב. י. גאלדשטיין, געוועזענער רעדאקטאר פון צוויי טעגליכע צייטונגען אין קענעדע („קענעדער אדלער“ און „קענעדער איד“) און מיטארבייטער פון כמעט אלע אידישע פעריאדישע אויסגאבען אין אמעריקע.

און עס מוז אויך דער אמת געזאגט ווערען אז עס איז אונז נישט לייכט אנגעקומען צו פועל'ן ביים ה' גאלדשטיין אז ער זאל די פאראנטווארטליכקייט פון דער שטעלע אלס אונזער רעדאקטאר אננעהמען.

אבער דער גאסט איז שוין אין שטאדט.

און נישט קוקענדיג אויף די מאדעס ווי אזוי דא ווערען אויסגעשריען אזעלכע געלעגענהייטען, ווילען מיר איף דיעזען פלאץ באשיידען זיין און אפקומען בלויז מיט דער קורצער ערקלעהרונג, אז די וואס קענען ב. י. גאלדשטיין פון זיינע רעדאגירטע צייטונגען, פון זיין מיטארבייטערשאפט אין די ניו יארקער צייטונגען אונטער זיין אייגענעם נאמען און אונטער די פארשיעדענע פסעוודאנימען ווי בארים לעהרער, ר' ברודל א. ד. גל. ווילען איינפערשטאנען זיין מיט אונז, ווען מיר ווילען זאגען, אז מיר האבען דעם ריכטיגען מאן אויף דעם ריכטיגען פלאץ.

די נעקסטע עטליכע וואכען זאלען זיין דער עדות פון אונזער באשיידענער ערקלעהרונג.

מר. גאלדשטיין וועט אין גיכען איבערנעהמען די רעדאקציע. דערווייל איז ער עוסק מיט צונויפשטעלען זיך א פאסיגען סטאף וואס זאל איהם באהילפיג זיין אין זיין ארבייט.

דאס מענעדזשמענט פון וועג.

## צום „חנוכת הבית פון בית יתומים“

מיר ווערען היינט רייכער מיט א וויכטיגע, מיט א נאבעלער אינסטיטוציע.

דעטראיט וועט איצט האבען א בית יתומים.

און א הויז איז געקויפט געווארען אין א שעהנעם געגענד און האנטליך וועט דאס זיין א שעהנער חנוכת הבית, ווי עס פאסט ביי אזא געלעגענהייט און לאמיר האפען אז דער היינטיגער טאג וועט פייערליך [illegible]רכנען און מען וועט זיך משמח זיין מיט דער נייער אינסטיטוציע.

[illegible]ארום עס איז דאך ידוע, אז דער בית יתומים, אזוי גוט ווי פיעלע [illegible]עדישע אינסטיטוציעס וועלען מיט דער צייט זיך ארויסרייסען [illegible] זייער לאקאלען חאראקטער און מוזען ווערען נאציאנאלע אנשטאלטען. [illegible] בית יתומים מוז זיך אודאי דערהויף ריכטען.

עס וועלען [illegible] כל סוף זיך עפענען די טויערען פון אמעריקא, סוף כל סוף וועט אהער אריבערקומען יענער חלק אידען וואס באדט זיך אין טרעהרען, סוף כל סוף וועלען אויך אריבערקומען די אומגליקליכסטע פון די אומגליקליכע — די אידישע יתומים.

און שטאדט און שטעדטעל דארף פון איצט אן זיך ריכטען אויף זיי. און פון איצט אן דארף שטאדט און שטעדטעל גרינדען בתי יתומים, מושבי זקנים, תלמודי תורה, שולעס און אהן א שיער אנדערע אינסטיטוציעס, אין וועלכע יענער חלק אידען וועט זיך נויטיגען.

מיר ווילען דא אבער ביי דיזער געלעגענהייט זאגען צו די היגע אידען אז מיט'ן אויפבויען א בית יתומים, מיט פייערען א חנוכת הבית און מיט אנדערע פאראדעס זענען זיי נאך ווייט נישט אפגעקומען. זיי מוזען היינט טאקע, שוין היינט אין זינען האבען אז דער עיקר פון דער עקזיסטענץ פון דער אינסטיטוציע איז — שטיצען איהם.

היינט ביים חנוכת הבית וואלט עז די היגע אידען באדארפט אין זינען האבען אז מיט'ן געבורט פון אן אינסטיטוציע איז ווי מיט'ן געבורט פון א קינד. וואס מעהר אינטעליגענט און ערנסט עס באציהען זיך די עלטערן צו זייערע קינדערס צוקונפט אלץ, מעהר זיינען זיי זיכער מיט נחת צו האבען פון די קינדער. זיי שפארען נישט קיין געלד אויף צו בילדען זייערע קינדער, היטען זיי אפ, וואכען און באשיצען זיי. די געבורט פון דעם קינד איז ערשט דער אנהויב פון דער אנשטרענגונג.

און פונקט אזוי איז עס מיט אן אנשטאלט.

אן דעם אנפיהרונג און אויפהאלטונג פון דער אינסטיטוציע וועט זיך זעהן ווי ווייט מיר באגרייפען דאס וויכטיגקייט פון א בית יתומים; פון דער זיכערער צוקונפט פון דעם בית יתומים וועט מען קענען וויסען די אינטעליגענץ פון די היגע אידען.

מיר — פון אונזער זייט, וועלען מיט צופרידענהייט העלפען די מתעסקים אין זייער ווייטערער ארבייט אין טאן אלעס וואס געווענדט זיך אן אונז אז די נייע אינסטיטוציע זאל געקרוינט זיין מיט ערפאלג.

# אונטערן האמער

פון חיים הורוויץ

ווען איינער האט זיך אמאל אויסגעשפראכען אין צייט פון לערנען „מה נאה אילן זה“ האבען די חכמים געזאגט אז ער איז חיב מיתה, און היינט פאהרט אוועק א מאן קיין פוילען, לערנען די פויליש אידישע באציהונגען און בשעת מעשה פארווילט זיך איהם זינגען „מה יפית“ און — שא שטיל....

---

א הוהן וועלכע האט אמאל עמיגרירט אהער פון שפאניען איז דא יעצט „נפטר“ געווארען אין עלטער פון 32 יאהר.

צו פארדאנקען איהר לאנגער עקזיסטענץ איז אפשר פאר וואס זי האט זיך באצייטענס ארויסגעכאפט פון דעם אינקוויזיציע לאנד?

---

גרויסע שמד עפידעמיע צווישען די אידען אין פוילען.

ניט אומזיסט האט זיך פוילען אזוי געוואלט דעם דאנציגער האפען. זי האט זיך קענטיג געוואלט באזארגען מיט א היבש ביסעל טויף וואסער....

---

ראדיקאלען אין די טויזענדער ווערען דא ארעסטירט און ארויסגעשיקט פון לאנד.

זאל זיך דער צענזוס אביסעל אונטעראיילען, כל זמן ער האט נאך וועמען צו צעהלען.

---

מערקווירדיג, אט קומט אונז פאר — לעזענדיג די באריכטען פון ענגלאנד אין בעצוג צו פאלעסטינא — אז מיר קענען דאס לאנד אנטאפען מיט דער האנד, און אט איז זי שוין ווייט פון אונז אויף טויזענדער מיילען.

עס קומט שוין אויס אזוי, אויב איהר ווילט איז דאס ניט קיין חלום, נור א מיראזש.

---

מען האט אויסגעפונען יעצט, אז דער איטאליענישער פאעט גאבריעל ד'אנונציא, וועלכער האט פארכאפט דעם פיומער האפען, הייסט גאר באמת גבריאל ראפאפארט.

איז עס ניט מערקווירדיג, דאס בעת דער זעלבער גבריאל איז געפלויגען אין דער לופטען און געווארפען פראקלאמאציעס אין דעם שונא'ס לאגער, איז גאר קיינעם ניט איינגעפאלען אויפ'ן זינען נאכצוזוכען זיין ספר היחוס?

---

פון דעם וואס אירלאנד, עגיפטען און אינדיען ווילען ווערען אונאפהענגיג איז ענגלאנד מעהר באאורוהיגט ווי פון די רוסישע באלשעוויקעס.

זי זאגט: — „היט מיך גאט פון מיינע אייגענע“ פון די רוסישע שונאים וועל איך זיך שוין אליין היטען.

---

עסטרייך פארמשכנ'ט איהרע קונסט אוצרות צו אמעריקא פאר שפייז

וואס זאל זי נעבאך טהאן מאהלט אייך ווען אמעריקא נעהמט בא איהר בעסער צו אלס לעבעדיגע משכנות „די 50 טויזענד א'רדן“ וואס זי האט ברעה ארויסצושיקען פון לאנד וואלט זי זיכער אנגעכאפט זיך מיט ביידע הענט.

---

די אידישע אקטיארען פון ווין אפעלירען פאר שטיצע פון זייערע אמעריקאנער ברידער.

זייערע אלטע אנטיקען די פאפירענע קרוינען מיט די הילצערנע שווערדען וויל אפנים אנקעל סאַם ניט אננעהמען אלס משכון.

פון די לעבענס פראגען

# האס

אין וואגאן געהען אריין דריי פאסאזשירען: א הויכער, יונגער בלאנדער פאליאק, מיט א פרוי און קינד. דאס קינד איז אלט א יאהר צוויי, גערונדען און פאטער, א בלאנדס מיט גרויסע, קינדערשע בלאהע אויגען.

ארום וואקזאל גרינגען די בויטער. דער אספאלט פאר איהם איז פארטרונקען אין ליכט און אויף איהם פארן פענסטערל פון וואגאן שטעהען א קליינע פוילישע געזעלשאפט — באגלייטער פון דער פאמיליע. מען לאכט, מען רעדט, מען ווינקט צו דעם קינד. דאס קינד איז גליקליך, פלאפלעט אייניגע ווערטער און טאטע־מאמע קוועלען.

ביים צווייטען פענסטערל, וואס געגנאיבער, זיצען א פאר אלטע לייט, אידען, א מאן מיט א פרוי. האבען זיכער אייניקלאך, זיי קוקען אויף דאס קליין קינד און פון זייערע אויגען שפריצעלט ארויס אונמיטעלבאר דאס גוטמוטיגע מענשליך שמייכעל פון א זיידען און א באבען, דאס [illegible]יין קינד מיט זיין לאכען, מיט זיין פלאפלען, האט זיי זיכער דערמאנט זייערע אייניקלאך און אט ווארימען זיך אונשולדיג די צוויי אלטיטשקע ביי דער זון פון יונגען לעבען, וואס פאטשט מיט די הענטלאך פאר זיי.

דער קאנדוקטאר גיט א צייכען. מען זעגענט זיך שנעל אב. די יונגע פאמיליע ארדענט זיך שנעל איין, צולייגט דיא פעקלאך, און נעהמט פלאץ, ארייזעצענדיג דאס קינד אין מיטען.

דער טאטע, עטוואס פערטראכט, נעמט ארויס א פוילישע צייטונג פון קעשענע. אין די אויגען ביי איהם שטראהלט נאך א גוטמוטיגער שמייכעל פון די פריינד, פון קינד און פון זיין פרוי. די אויגען זענען אבער פיקסירט אויף דאס בלעטעל. איך זיץ אנטקעגען און בעטראכט דעם יונגען פאליאקס געזיכט, לאנגזאם, לאנגזאם, ווערט זי ערנסטער פינסטערער. דער גוטמוטיגער שמייכעל פון א פריינד און א פאטער ווערט אבגעווישט די אויגען ווערען טרוקען און הייס. דער שטערען בלאס, די נאזלעכער בלאזען זיך אן און די ליפען פערבייסען זיך.

אט לעזט ער א פאר מינוט. ניט פלוצלונג נערוועז א לייג די צייטונג, און הויבט אן מוט די בליקען ארומצובלאנדזשען איבערן וואגאן, ווי ער וואלט עמיצען א פיינד געזוכט. און אט שטעלט זיך זיין בליק אב אויף די פאר אלטיטשקע, וועלכע האבען זיך אנגעקוואלען פון קינד, און א ווילדער, א בייזער, א מעסער־שניידענדער בליק פון דעם יונגען מאן בלייבט אויף די צוויי אלטע געזיכטער שטעהן. עס פיקסירט זיי, ווי פערבשופ"ט, ווי פערהיפנאטיזירט, און דיא מעסערס פון זיינע בליקען שניידען זיך, שניידען זיך אלץ טיעפער און טיעפער אין זיי.

די מעסערס פון האס.

די אלטיטשקע ווערען פלוצלונג בלייך, דער גוטמוטיגער שמייכעל פון א זיידען מיט א באבען פערשווינדט פון זייערע אויגען. אויף זייער גאנצען פנים ניסט זיך אויס שרעק, טויט־אנגסט און ענטוישונג. און אראבנעהמענדיג די בליקען פון קינד, דרעהען זיי זיך אויס צום פענסטער, מיטנעהמענדיג די אלע גוטע געפיהלען און מענשליכע ליעבע, וועלכע זיי האבען מיט א מינוט פריהער אויף דעם קינד אויסגעשפרייט.

איבער'ן וואגאן צושפרייט זיך א וואלקען. די אלטיטשקע נורען זיך איין און וואס מעהר זיי ציהען זיך צוריק, אלץ מעהר ווערט דער יונגער פאליאק געדייצטער. און א ווארף טוענדיג זיך נערוועז, בויגט ער זיך צו צו דער פרוי און מורמעלט:

— אויסקוילען זיי, אלע אידען!

די פרוי, וועלכע איז געווען פריהער איינגאנצען פערזונקען אין איהר מוטערגליק ציטערט אויף פון דער פראזע בעטראכטענדיג מיט זארג דאס פערקרימטע געזיכט פון איהר מאן, ווי זי וואלט וועלען זוכען די אורזאכע פון זיין שלעכטען געמיטה. און פלוצלונג פאלט איהר בליק אויף די צוויי אידישע אלטיטשקע.

און גלייך, ווי זיי וואלטען געווען שולדיג אין איהר מאנ"ס שלעכטען געמיטה און אין איהר צושטערטען מוטער־טרוים, הויבט זי זיי אן צו בעשיטען מיט שטעכיגע בליקען־פיילען און אויסבייגענדיג זיך צום מאן רוימט זי איין, שיפענדיג צווישען די צייהן — ושידזי.

דאס קליין קינד, וועלכעס האט זיך די גאנצע צייט גוטמוטיג געשפיעלט און זיך געווארעמט אין די פריינדליכע גוטע בליקען פון די עלטערען און די צוויי אלטינטשקע וואס געגנאיבער, האט פלוצלונג פערוואונדערט אנגעשטעלט די קינדערשע אייגעלאך און דורשטיג געזוכט די ליעבע בליקען, וועלכע האבען עס פריהער אזוי געווארעמט.

„אומזיסט“.

פערקרומטע, בייזע געזיכטער, שפיציגע בליקען, אנגסט, פינסטערקייט.

דאס קינד קוקט א ווילע דערשראקען, ווארט, דערפיהלט זיך שרעקליך איינזאם און ברעכט אויס מיט א ביטער געוויין. דאס רייצט נאך מעהר די עלטערען.

איצט ווערען שוין די צוויי אלטיטשקע שולדיג אין דעם קינד'ס וויינען און מיט אויפגעקרימטע געזיכטער, פול מיט האס, נעהמען זיך די עלטערען איינשטילען דאס קינד. מען וויגט עס, מען קושט עס מיט טרוקענע ליפען פון האס און דערווייל ווארפט מען זיך דורך מיט פראזען: ווירזשנאנטש.

און די אונפערשטערליכע קלאנגען ניסען זיך אריין צוזאמען מיט'ן גיפט פון האס אין קינד'ס הערצעל און מיער דרעמעלט עס איין.

איך ווארף נייגעריג א בליק אויף דאס בלעטעל, וועלכעס האט דא אין איין רגע צעשמעטערט דאס גליק פון פינף מענשען. עס איז א פויליש נאראדאווע דעמאקראטיש בלעטעל.

עס איז „דווא גראשע“

ווי א משוגענער בלוט־דורשטיגער הונד האט זיך עס אין דעם מיט זון פארפלייצטען וואגאן אריינגעריסען און פערוואנדעלט איהם אין א שטייג.

און קיינער, קיינער פון די אלע 5 קראנקע אונגליקליכע מענשען, וועלכע האבען גארנישט געקלעהרט און נישט געוואלט אזוי זיין, וועלכע האבען אזוי אונשולדיג מיט א מינוט פריהער, אזוי דורשטיג דאס ריינע מענשליכע גענאסען, קיינער האט נישט געוואוסט, אז זייער שרעק, ווילדקייט, בייזקייט, האט שטראמען אט פון'ם קליין בלעטעל, וועלכע האט בייזוויליג געביסען זיי אלע אין צענטער פון זייער הארצען.

עס איז נאר איין בילדעל, עס זענען נאר 5 קרבנות פון אט דעם גרויסען משוגעים־הויז פון האס און פעראכטונג, נאר פינף בעטריעבטע אונצופריעדענע מענשען, וועלכע מען האט מיט גוואלד פער"סמ"ט, פינף פון די מיליאנען אונגליקליכע, אונצופריעדענע, וועלכע פיהלען איצט אן אלע וואגאנען, אלע שטעט און אלע דערפער פוילענ"ס.

מען איז דא בוכשטעבליך קראנק פון האס, מען איז גייסטיג צובראכען פון טיעפער פעראכטונג: אלע ריינע קוועלען פון דער מענשליכער נשמה האט די פוילישע שאוויניסטישע פרעסע פערמיסטיגט מיט איהר שמוץ, מיט איהרע ליגען, מיט איהר בלוטדורשטיגקייט. זי האט פוילען ארומגענומען מיט א געדיכטען נעץ פון ליגען, האט מיט פינסטערע וואלקענס פערצויגען אלע בליקען, מיט איהרע שווארצע האס־פליגלען פאכט זי איבער דאס וויגעל פון יעדען פויליש קינד, און מיט איהר בלוטיגען מעסער פיהרט זי איבער יעדעס אידישע עופלע. זי פער"סמ"ט די טעג מיט די נעכט פון די בירגער. זי לאזט נישט גענעסען פון ריינעם מענשליכען קוואל. מיט אויסגעטראכטע ווילדע קאשמארען פיהלט זי אן אלע אומשולדיגע מוחות מיט א הייבינער אונרוה און שרעק. ארום יעדער הויז שטעלט זי ארום טויזענדער פינסטערע געשטאלטען. זי פיהרט אריין די אייביגע נישט זיכערהייט אפילו אין די ווינקעלאך פון יונגע פארליעבטע. דאס געשפענסט פון האס, וועלכע זי רופט ארויס אין דער פוילישער נשמה צום אידען בלייבט ביי דעם נישט שטעהן, ווי א ניפטיגע בלום צעוואקסט זיך דער האס אלץ ברייטער, קריכט אריין אלץ טיעפער, און ווערט א ארגאניש טייל פון דער נשמה, וואס וועט ניט פערשווינדען, אפילו ווען דער איד וועט נישט זיין. די בלוטדורשטיגע קאשמארען, וועלכע די שאוויניסטישע פרעסע פערשפרייט אין לאנד, וועלען ניט פערשווינדען אפילו, ווען עס וועט זיך איינגעבען ווירקליך אלע אידען אין פוילען אויסצושניידען. די פוילישע רעאקציאנערע געזעלשאפט פיהרט זיך פונקט ווי יענער סקארפיאן, וועלכער בייסט זיך אליין איין מיט'ן גיפטיגען צאהן פון האס אן פערסמ"ט די אייגענע בלוטען.

עס איז אונמעגליך, אז די אלע מארד אינסטינקטען, וועלכע מען וועקט איצט ביי די אלע מענשען, זאל האבען נאר פאלגען פאר דער אידישער בעפעלקערונג אליין.

די מענשליכע נשמה איז זעהר א קאנסערוואטיווע און ווערט עפעס איינגעפלאנצט אין איהר, ווערט דאס אזוי גיך נים פערשוואונדען. און ציהט זי נישט קיין חיונה פון איין בארען זוכט זי זאפט אויף א צווייטען בארען, און ווען א פוילישער בירגער נעהט אין ווארשא, אין קעלץ, לובלין אין געוואוינט זיך איין באוואוסטזיניג אנצואווייזען אויף א הויז, פון וועלכע מען האט ניט געשאסען, — אז דארט האט מען יא געשאסען; ווען ער געוואוינט זיך צו מיט א רוהיגען געוויסען צוצוקוקען ווי מען פייניגט, מען רויבט, און מען שיסט צוליעב זיין אנווייזען — מענשען היפלאזע, וועלכע ער האט אליין פריהער נארנישט געקאנט, וועלכע ער האט קיינמאל נישט געזעהן; ווען זיין נשמה ווערט צוגעוואוינט דורך א גרוזאמען שיקזאל אויפ'ן גאנצען לעבען מיט'ן טויט אדער מיטן אונגליק פון פשוט אונשולדיגען מענשען; ווען מאכען א בלבול ווערט ביי איהם א נאציאנאלער פליכט; ווען מען איבערצייגט איהם, אז מיט די אלע פערברעכענס טוט ער א הייליגע זאך; ווען היילינקייט און פערברעכען ווערט ביי איהם צוזאמען געמישט — אזא ערציהונג בלייבט נישט נאר צו אידען, עס האט טיעפערע פאלגען, און דאס וואס ער געוואוינט זיך אין בעצוג צו זיינע אידישע שכנים וועט ער נאכדעם קאלטבלוטיג איבערטראגען צו זיינע אייגענע פוילישע שכנים. דאס פאלשע עדות־זאגען, דאס אנווייזען אויף אונשולדיגע מענשען געהט נאכדעם אריין אין פריוואטען לעבען.

און דאס לאנד ווערט דעמאראליזירט, אזא מאסע ווערט אינערליך, אין איהר הינטערבעוואוסטזיין ענטוישט, און מעג זי בלינד פאלגען, מעג זי בלינד ערפילען אלע פערברעכענס, וואס די אנפיהרער שיקען זי טהאן — אין איהרע טיעפע טיעפענישען אבער שטרויכט זיך איהר מענשליכער געפיהל. זי ווערט ענטוישט, ז ווערט דעמאראליזירט.

די פוילישע בורזשואזיע געהט נאך אויף א געפעהרליכערען וועג ווי די בורזשואזיע פון אנדערע לענדער. דארט האט מען די מאסען א דאנק דאס צוגעוואוינען צו די גרויזאמקייטען פון דער מלחמה פערזונקען אין א תהום פון פערברעכענס. זיי האבען אבער דאס נישט געמאכט פאר א אינערען סיסטעם. זיי זענען אזוי בלינד נישט געווען צו מאכען דעם אינערען האס און צערייצקייט פאר א טעגליך ברויט, צו מאכען די פערפאלגונג פון שוצלאזע אונשולדיגע בירגער פאר א נאציאנאלע פליכט, פאר דאס העכסטע געבאט.

סטאציע.

די פאסאזשירען געהען ארויס. עס ווערט א צוג ווינד און טראגט דאס בלעטעל ארויס העט ווייט פון פענסטער אויף א גרינענדע לאנקע. דארטען, זעה איך, שטעהט א פויער פון א יאהר צוואנציג און פיטערט עטליכע בהמות. גלייך ווי א שד געטראגען האט זיך דאס בלעטעל לאנגזאם צוגעקייקעלט צום ארט, וואו דער פויער האט דאס רוהיג אויפגעהויבען און זיך אוועקגעזעצט לעזען. א לאנגע צייט איז ער געווען פערטיעפט אין בלעטעל, און ווען די באהן האט זיך גערירט, האב איך שוין דעם געמיטליכען פויער געזעהן ווילד שלאגענד זיינע בהמות אנרופענדיג זיי ערדביי מיט אידישע נעמען.

נאך א נשמה איז פון האס פער"סמ"ט געווארען און זוכט דעם האס אויף עמיצען אויסצולעדיגען. און איך האב געטראכט: וואס וואלט געווען, ווען דער יונגער פויער וואלט געפאקט עמיצען אנדערש אונטער'ן האנד, וואס זאל זיין נישט קיין איד און נישט קיין בהמה, וואס וואלט ער געטאן?

# קורץ און שארף

פון לעאן שווייסקי

· אונזער רעגירונג האט פונדעסטוועגען גענוג צרות אויף איהר קאפ.

פריהער האט זי געדארפט אויסגעפינען די פרא־דייטשען, שפעטער — די „רויטע“ און יעצט — די ריכטיגע עלטער ביי אונזערע פרויען...

---

„מען דארף ליעבען אמעריקא אדער געהן צוריק פון וואנען מען איז געקומען“ — זאגט אונז איינער פון אונזערע פיהרער.

אט אפנים דער מאן ווייס, אז די ליעבע מאכט פון זעהענדיגע בלינד, פון הערענדיגע טויב און פון קלוגע — נארנים.

---

ישראל זאנגוויל איז דער אידישער ד'אנונציא, — זאגט פראפעסאר וויינצמאן.

דער אונטערשיעד איז נאר, וואס זאנגוויל האט געביטען זיין מיינונג פון „אבי א לאנד“ צו נור איין לאנד און ד'אנונציא — פון איין לאנד צו אבי לאנד.

---

פון דעסטוועגען איז א שאד, וואס מען האט די 249 ארויסגעשיקט פון'ם לאנד: איך גלייך צו הערען ווי מען „קיבעצט“ אונזער רעגירונג, פונקט ווי איך גלייך צו זעהן ווי א פליגע שטעהט זיך ביי'ם העלעפאנט פונקט אויפ'ן שפיץ פון נאז. עס קיצעלט איהם און ער וויל עס ניט ליידען.

---

מען זאגט, דאס דער קאנגרעס האלט ביים פארברענגען א ביל צו פארוועהרען כאפען פיש אין אטלאנטישען ים: די 249 זענען ארויף אויפ'ן ים ווענען די פיש אנגעשטעקט געווארען מיט באלשעוויזם.

---

נאך אלעמען, הרג"נען אונזערע פאליטישענס אליין אוועק אן איזערנע „איישו“ צו זייער נעקסטע קאמפיין מיט דעם וואס זיי מאכען צונישט די „באלשעוויסטישע געפאהר“.

# בריעף קאסטען

אב. לעווין — אוממעגליך אייך צו ענטפערען, אויף אייער פראגע. דאס געהער צו נביאות.

אסתר בעקערמאן — אייערע צוויי לידער וועלען געדרוקט זיין. אין באצוג צו אייער בריוועל, קענען מיר אייך נאר בעטען אז ווען איהר וואלט אזוי פריינדליך געווען און זיך זעהן מיט אונזער נאר וואס נעקומענעם רעדאקטאר, אין רעדאקציע אלע טאג פון 12 ביז 2 א זייגער. אייער מאנוסקריפט האבען מיר געזוכט און ליידער נישט געפונען. מיר קענען אייך פארזיכערען אז אייער פארלאנג וועט אין דער צוקונפט ערפילט ווערען און איהר וועט באקומען געהעריגע אויפמערקזאמקייט.

חיים הורוויץ — וואלט איהר נישט אויסגעזוכט אביסעלע צייט אירגענד וואס פאר א טאג צווישען 12 און 2 בייטאג זיך צו זעהן מיט מר. ב. י. גאלדשטיין, אונזער נייעם רעדאקטאר?

לעאן שווייסקי — דאס זעלבע.

# דאס רויטע צימער

ראמאן פון א. סטרינדבערג

(פארזעצונג)

רענהעלם איז אליין געבליבען מיט זיין עסען און זיינע מחשבות.

ווען פאלענדער איז אהיים געקומען, האט ער אנגעטאן זיין שלאף ראק אזוי ווי ער זאל שוין קיינעם ניט ערווארטען, אבער א שטארקע אונרוהיגקייט האט אין איהם געארבייט. ער איז אונרוהיג ארום געגאנגען אין צימער אויף און אב, אלע ווייל'ע האט ער זיך אבגעשטעלט ביים פענסטער און האט דורך די פארהאנג אין גאס ארויסגעקוקט. ער איז פארביי דעם שפיגעל, האט זיך דעם קראגען אויסגעטאן און האט איהם אוועקגעלעגט אויפ'ן טיש. דערנאך איז ער ווידער גע־גאנגען א פאר מאל אויף און אב, ער האט ארויסגענומען א פאטאגראפיע פון א דאמע, האט עס אוועקגעלעגט אונטער א פערגרעסערונגס גלאז און האט עס בע־טראכט, ווי מען בעטראכט א באציל אונ־טער א מיקראסקאפ. ביי דער ארבייט איז ער גאנץ לאנג געזעסען.

עס האט זיך געהערט טריט אויף די טרעפ. שנעל האט ער די פאטאגראפיע בעהאלטען. ער האט זיך אוועקגעזעצט ביים שרייב־טיש מיט'ן רוקען צו דער טיר. ער איז געווען אין שרייבען פער־טיעפט. האט זיך געהערט א קלאפען אין טיר — אריין! האט פאלענדער גערו־פען מיט א שטימע וואס האט גיכער געקלונגען, בייז ווי אן איינלאדונג.

א יונג מיידעל איז אריינגעקומען, קליין געוואקסען אבער זעהר אן אנגע־נעהמע שעהנע פיגור. א לענגליך שעהן געזיכט מיט בלאנדע זיידען־לאקען ארומ־גענומען, א קליין נעזעל א שמאל מויל מיט דינע רויטע קירשען ליפען האבען זיך פערצויגען אין א שמייכעל, האבען זיך געזעהן איהרע קליינע פערעל ווייסע צייהן. איהרע באקען פארמאגען דיא שעהנסטע חן גריבלאך, און שמייכלענ־דיג קען דאס קעלטסטע הארץ פאר נחת צוגעהן. אינגאנצען זעהט זי אויס ווי א צויבער מלאך'ל וואס איז פון הימעל אראבגעשיקט געווארען. די מענשען זא־לען פון איהר פערגניגען האבען.

אריינקומענדיג האט זי דעם שליסעל ארויסגענומען און האט די טיר פערריי־געלט.

פאלענדער איז געזעסען און געשריע־בען.

— דו ביזט היינט שפעט געקומען, אנגעס! האט ער געזאגט.

— יא, דאס האב איך געטאן, האט זי געענטפערט מיט איהר זילבערנעם קול'כעל, און האט אויסגעטאן איהר הוט און האט זיך באקוועם געמאכט.

— יא, מיר זענען געכטען ביינאכט לאנג אויף געווען.

— פאר וואס שטעהסטו נישט אויף און בעגריסט מיך? אזוי שטארק מיער דארפסטו נישט זיין!

— אך ענטשולדיג, איך האב פערגע־סען!

— פארגעסען? איך האב באמערקט, אז זייט א צייט פערגעסטו דיך פיעל מאל.

— אזוי? זייט ווען האסטו דאס בע־מערקט?

— זייט ווען? וואס מיינסטו? איך בעט דיך טהו אויס דעם ילאפראק מיט די פאנטאפעל!

— עס איז היינט דאס ערשטע מאל וואס איך האב פארגעסען און דוא זאגסטן זייט א צייט, איז דאס ניט זאנדערבאר? זאג!

— דו מאכסט חוזק פון מיר! וואס איז דיר? ביזט זייט א צייט אזוי זעלטנאם געווארען?

— זייט א צייט? האסטו שוין ווידער! פאר וואס זאגסטו זייט א צייט? ווייל מען מוז ליגען זאגען? פאר וואס מוז מען ליגען זאגען?

— באשולדיגסטו מיך אין ליגענס זא־גען?

— א, ניין, איך מאך נאר־שפאס.

— דו גלויבסט אז איך זעה נישט, אז דו ביזט שוין זאט פון מיר? דענקסטו, אז איך האב געוטען אוועגד נישט גע־זעהן, וואס פאר אן אויפמערקזאמקייט דו האסט געשאנקען, אט די איינגפאכע רזשעני? ווי דו האסט דעם גאנצען אבענד פאר מיר קיין ווארט נישט גע־פונען?

— דו ביזט אייפערזיכטיג?

— איך? ניין, ווייסטו, נישט א פי־צעל, ווען דו האסט זי ליעבער, דאן ארט דאס מיך נישט!

— אזוי? דו ביסט נישט אייפעיזיכ־טיג, אונטער געוועהנליכע פערהעלטניסע איז עס נישט אנגענעהם!

— אונטער געוועהנליכע פערהעלטניסע,

וואס מיינסטו מיט דעם?

— איך מיין גאנץ איינפאך — איך ליעב דיך נישט מעהר — איך בין שוין זאט פון דיר — אזוי ווי דו האסט עס אליין געזאגט!

— דאס איז ליגענס! דאס ביזטו גיט!

זאגענדיג דאס, האט זי בעוועגט מיט די שעהנע דינע נאזפליגעל און האט גע־וויזען די קליינע ווייסע צייהן.

— לאמיר בעסער פון עפעס אנדערש רעדען. זאג, ווי האלסטו עפעס פון רענ־העלם?

— זעהר פיעל! ער איז א פראכטפא־לער יונגערמאן!

— ער האט זיך איינגאנצען אין דיר פערליעבט.

— וואס דו פלוידערסט!

— דאס ערגסטע איז אבער, וואס ער וויל מיט דיר חתונה האבען.

— איך בעט דיך, פערשוין מיך מיט אזעלכע דומהייטען!

— און ווייל ער איז נאך קיין צוואנ־ציג יאהר נישט אלט וויל ער ווארטען ביז ער וועט דיך ווערט זיין, אזוי האט ער געזאגט.

— אזא נאר!

— מיט ווערט זיין מיינט ער, ווען ער וועט זיין אן אנערקענטער שוישפיע־לער, און דאס קאן ער נישט ווערען. איידער ער וועט ראלען בעקומען, קענ־סטו קענסטו איהם נישט א פאר ראלען פערשאפען?

אנגעס איז רויט געווארען, האט זיך א ווארף געטאן אויף דער סאפע און האט געוויזען איהר עלעגאנטע קליינע שיך מיט די זיידען זאקען.

— איך? איך קריעג אליין נישט קיין ראלען! געה, דו מאכסט חוזק פון מיר!

— יא, דאס טהו איך!

— דו ביסט א טייוועל, גוסטאוו! דאס קענסטו מיר גלויבען!

— אפשר יא, און אפשר נישט. דאס איז צו שווער צו ענטשיידען. ווען דוא זאלסט אבער זיין א פערשטענדיג מיי־דעל...

— שווייג!

זי האט גענומען א ווארף פאפיער־מעסער פון טיש און האט עס סטראשענ־דיג מיט שפאס אויפגעהויבען, אזש עס האט באלד ווי אן ערנסט אויסגעזעהן.

— דו ביסט היינט אזוי שעהן, אנגעס! האט פאלענדער געזאגט.

— נאר היינט? וואס מיינסטו? היינט האסטן פריהער עס נישט געזעהן?

— א! אוראי האב איך געזעהן!

— פאר וואס זשע זיפצט דו?

פארטזעצונג פאלגט.

## צו אלע אידישע פרויען ארגא־ניזאציאנען פון דעטראיט

א רעליעף קאנפערענץ פון אלע פרויען ארגאנזאציאנען אין שטאדט ווי אויך פון אזוי פרויען און מיידלאך וועלכע ווילען אבגעבען זייער צייט צו העלפען דיא מלחמה ליידענדע, וועט אבגעהאלטען ווערען דאנערשטאג אווענט דעם 15־טען יא־נואר, אין אידישען ארבייטער אינסטי־טוט, 204 הענקאק עוו.

מיר ווענדען זיך צו אייך פרויען, ווייל אלס מוטערס און שוועסטער פיהלט איהר פילייכט שטארקער ווי ווער עס איז אנ־דערש א סעם מיינט אז קליינע קינדער זאלען ארומגעהן טעג־לאנג ניט קיין גע־געסענע, און אין די גרעסטע קעלטען און פרעסט זיך ארום וואלגערען נאקעט און בארוועס אהן א דאך איבערן קאפ. דיא פיפעלס רעליעף קאמיטע האט יעצט אויפ־גענומען אזעלכע ארבייטען וואס איהר וואלט זיי אמבעסטען געקענט דורכפיה־רען.

דערום פאדערען מיר אויף יערע אר־גאניזאציע פון פרויען צו שיקען דריי דע־לעגאטען צו דיעזער קאנפערענץ, אויב איהר וועט שוין ניט האבען קיין געלע־גענהייט צוליעב דער קורצקייט פון צייט צו ערוועהלען קיין דעלעגאטען, דאן קענט איהר זיין פארטראטען דורך אייערע באַאמטע.

אויך ווענדען מיר זיך צו יעדע איינ־ציגע פרוי אדער מיידעל וועמען עס ריהרט נאר אן די ליידען פון אונזערע שוועסטער און ברידער אויף יענער זייט ים קומען צו דיעזער קאנפערענץ.

מיט אכטונג

פיפעלס רעליעף קאליטע

דעטראיטער בראנטש.

---

דער רבי פאהרט, דער רבי פאהרט

דער רבי איז שוין געקומען

מען צוכאפט די בילעטען צום חסידים באל

דאס איז דער בעסטער סמן.

טא לויפט זשע אידעלאך לויפט,

גוטע קוויטעלאך קויפט,

בא דעם רבי"ן. איז עשר ואביד ווי מיסט נאר קוויטלאך גיט ער ניט אומזיסט.

שבת אווענט, דעם 31טען יאנואר

אין אוטאפיא האל

צום חסידים מאסקען באל.

---

## היינטיגע וואך אין קאלאניאל טהעאטער.

פון מאנטאג דעם 12טען יאנואר.

די קומענדע וואך וועט אין קאלאניאל טעאטער ווערען געוויזען א גרויסע פראג־ראם פון סטאר־אקטען, פון לאעם וואָ־דעוויל, וועלכע זענען פאר א סך יאהרע, געווען די „עהר־ליינס" אקטען אין גרוי־סע טעאטערע. די העדליין אטרעקשאן פאר דיזע וואך איז לאריע ארדוועי, דער בעוואוסטער אינטערנאציאנאלער זינגער אין כאראקטער געזאנגען, וועל־כער וועט ווערען אקאמפאנירט פון דער באוואוסטער פיאנא שפילערין איירינע פישער.

דער צווייטער פיטשור איז א גאוועלטי אקט, וואס וועט אויסגעהמען זעהר ביי די פרויען. דיזער אקט איז „פעשאנס דע וואג", וואס בעשטעהט פון דריי לע־בעדיגע מאדעלען און א מאן, וועלכער דהאפירט זיי אין די לעצטע פאריזער פאסאנען פון די נייעסטע קליידער. יע־דער דעטראיטער דרעסמייקער און דע־זיינער וועט געווים וועלען זיי זעהן, כדי צו האבען א באקאנטשאפט מיט די לעצ־טע פאריזער פאסאנען. די איבעריגע אק־טען זענען: בראונס הינט, א קלוגער אקט פון חיות, מעקגריווי און ראיל אין „מא־טארינג דיפיקולטיס" הערי גארלאנד, „דהי דארק ספאט אוו דזשאי", דאונין און בונין אין א שעהנעם געזאנג און טענץ אקט.

דאס בילד פאר דיזער וואך איז גלעדי לעסלי אין „דהי מידנייט ברייד", א גע־שיכטע פון א מיידעל, וואס האט חתונה מיט איינעם, וועמען זי האט קיינמאל גע־זעהן, אין דער נאכט פינסטערניש און וועלכער ווערט גע"הרג"עט א שטונדע נאך דער חתונה. די יונגע אלמנה פיהרט דערנאך אן א שווערען קאמפף צו באווייזען די געזעצליכקייט פון איהר חתונה דאס בילד איז עכסט שפאנענד, און די גאנצע פראגראם איז פון די בעסטע, וועל־כע זענען דיזען סעזאן געוויזען געווא־רען אין קאלאניאל טהעאטער.

מאטינעעס יערען טאג 1.51 אזייגער.

די פרייזען זענען: מאטינעס — 15 און 25 סענט, אווענט צייט — 25, 35 און 50 סענט.

---

## באריכט פון געלדער

וועלכע זיינען אריינגקומען אין אפיס פון דער פיפעלס רעליעף.

פון א בר מצוה פארטי ביי מר. און מרס. רובין 330 איסט האי סט. $51. געזאמעלט דורך מר. ה. טענדער פון ווינדזאר, מרס. ס. שטרייס, מרס. בעקי בעטין און מרס. ב. ראזענבלאט.

10 דאלאר פון מר. מ. זיוואף, 289 וואָ־רען דורך מ. אייבראמס 1200 סט. ענט־ווין סט. וואס איז פארשפראכען געווא־רען ביי צוקערמאן און פיין'ס מאסענפער־זאמלונג.

4 דאלאר פון מר. ד. גאלדענבערג, 207 א. גארפיעלד, 2 דאל. פון ל. סלאווין, 333 ווארען עוו. 5 דאל. פון סענדעראוויץ, 1200 סט. ענטוויין סט. געזאמעלט דורך מר. מ. איבראמס 1200 סט. ענטוויין, וואס איז פארשפראכען געווארען ביי דעם מאסענפערזאמלונג פון צוקערמאן און פיין

2 דאלאר דאניישאן פון פאראלסקי, דורך ב. קאראסיק.

פון א פארטי ביי מר. ד. גוסין, 154 קאלבערן פל. 38.25 דורך מר. אייבראמס און מ. ליפשיץ.

דאניישאן פון ל. סלאווין 333 ווארען עוו. 3 דאלאר.

פון א חתונה ביי מר. סאנדלער 40.00 דורך מ. ליפשיץ.

פון א בר מצוה פארטי ביי מר. גלימאן 370 יאקלאנד עוו. 15 דאלאר.

א דאניישאן פון ב. קאהן און ס. סטאר לאר $5.00

פון דער פרוכט פעדלער יוניאן וואס איז געזאמעלט געווארען צווישען זייערע מיטגליעדער 17.50, איבערגעגעבען דורך זייער דעלעגאט מר. מ. גאלדבערג.

פון די וואלונטירען פאר"ן קליידער קאמפיין פון פיעלע וועלכע האבען נאך ניט געהאט צוגעגרייט זייערע פעקלאך און דערוויייל געגעבען געלד 51.00 דאלאר.

פון סטאר באקסעס דורך מ. אייבראמס און זיידמאן 15.25 דאלאר.

The only Jewish Paper Printed in Michigan

# דער וועג

די איינציגע אידישע צייטונג געדרוקט אין מישיגאן סטייט

The Detroit Jewish Daily

Published Daily by DER WEG PUBLISHING CO.

347-49 HASTINGS STREET
Telephone Main 3715

Published and distributed under permit No. ... authorized by the Act of October 6, 1917, on file at the Post Office of Detroit, Michigan. By order of the President, A. S. Burleson, Postmaster General.

PRICE 2c. DETROIT, MICH., Monday, January 12th, 1920 Vol. 1, No 182 מאנטאג, יאנואר 12טען, 1920

# זיבען הונדערט מענשען אומגעקומען ווען איטאליענישע שיף זינקט

לאנדאן, יאנ. 11. — לויט א טעלעגראמע, וואס די עקסטשיינדזש טעלעגראפ קא. האט ערהאלטען פון גענוא, איז דיא איטאליענישע פאסאזשירען שיף, פרינציפעסא מאפאלדא, געזונקען געווארען אויף איהר וועג פון בוענאס איירעס נאך גיבראלטאר.

די שיף איז ארויפגעשוואומען אויף א מינע און ארום 700 מענשליכע לעבענס זענען אומגעקומען.

די פרינציפעסא מאפאלדא, איז ארויסגעפאהרען פון בוענאס איירעס דעם 31טען דעצעמבער און פאר דער גאנצער צייט האט מען פון איהר ניט געהערט.

## צונויפקומען פון „ליעג אוו ניישאנס" באשטימט אויף דעם 16טען יאנ.

ווילסאן וועט זי צוזאמענרופען, אבער אמעריקא וועט ניט זיין פארטרעטען. — דייטשלאנד פארדריסט אמעריקא'ס אבוועזענהייט ביי שלום־צערעמאניע. — קלעמאנסא זאגט צו אומצוקערען דייטשע געפאנגענע

פאריז, יאנ. 11. — דער העכסטער קריגס־ראט האט נעכטען באשלאסען, דאס די ערשטע פארזאמלונג פון דער „ליעג אוו ניישאנס" זאל פארקומען קומענדיגען פרייטאג, דעם 16טען יאנ.

מען דענקט, דאס פרעזידענט ווילסאן, וועט ארויסשיקען די אפיציעלע איינלאדונג צו דער דאזיגער פארזאמלונג, באטש אמעריקא וועט זעלבסט דארט ניט זיין פארטראטען.

דער אמעריקאנער אמבאסאדאר אין פראנקרייך, מר. וועליס, האט גלייך טעלעגראפיש איבערגעשיקט דעם סופרים־קאונסיל'ס באשלוס צו פרעזידענט ווילסאן, און דיעזער פאקט ווערט באטראכט אלס א באשטעטיגונג, אז ווילסאן וועט די „ליעג אוו ניישאנס" צוזאמענרופען.

דער פאריזיצענדער פון דער ערשטער פארזאמלונג וועט זיין לעאן בורזשוא, דער פראנצויזישער שטאטסמאן. ער וועט האלטען א קורצע רעדע.

באלד ווי דער שלום־אפמאך אי פון די 14 לענדער ראטיפיצירט געווארען, האט באראן פאן לעסנער, דייטשלאנדס הויפט דעלעגאט צו די שלום פארהאנדלונגען, ארויסגעגעבען פאלגענדען סטייטמענט:

„איך בין גליקליך, וואס דער שלום איז ענדלי דארייין און קראפט. מיין גרעסטער פארדרוס איז, וואס אמעריקא איז איצט דאס איינציגע לאנד מיט וועמען דייטשלאנד איז נאך אלץ אין קריעג. איך האף אבער, דאס די דאזיגע לאגע וועט שנעל זיך ענדערען".

ווי עס ווערט איצט איבערגעגעבען, האבען קלעמאנסא מיט באראן פאן לעסנער זיך געדריקט די הענט אין דער געהיימער זיצונג, וואס איז פארגעקומען באלד נאך דער שלום ראטיפיצירונג. אויך האט מען זיך איצט דערוואוסט, וואס קלעמאנסא האט געזאגט צו דייטשלאנדס פארשטעהער בשעת ער האט זיך צוריקגעקערט פון אונטערשרייבען דעם פראטאקאל. ווי באוואוסט, האט קלעמאנסא דאן זיך אפגעשטעלט לעבען באראן פאן לעסנער און די איבריגע דייטשע דעלעגאטען און זיי עפּעס געזאגט. איצט האט מען זיך ערקונדיגט, דאס קלעמאנסא האט די דייטשע שלוחים דאן צוגעזאגט ארויסצוגעבען דיעזען וואך א באפעהל צו באפרייען די דייטשע געפאנגענע וועלכע געפינען זיך אין די אליאירטע לענדער.

## מערדער באפרייט דזשורי געטאדעלט

א מארדער פאל האט פאסירט לעצטען שבת. די דזשורי האט אין א מארד־קייס ארויסגעטראגען „ניט שולדיג" און זי איז עפענטליך פאר דעם געטאדעלט געווארען פון ריכטער און אויך פון דעם פראסעקיוטאר.

ראבערט גאמער, א שווארצער, איז באשולדיגט געווארען, דאס דעם 26טען סעפטעמבער לעצטען יאהר האט ער מיט זעקס שאסען פון א רעוואלווער גע'הרגעט זיין פרוי, פאירל גאמער.

די באווייזע געגען באשולדיגטען זענען געווען שווערע. דער באשולדיגטער האט אלס זיין פארטיידיגונג אנגעגעבען, דאס דער מארד איז פארגעקומען דורך אן עקסידענט. און פאסירט האט עס, ווען ער האט זיך געהאמפערט מיט איהר ביי זיך אין הויז צוליעב טאקע אט דעם דאזיגען רעוואלווער און בשעת דעם האט דער רעוואלווער אויסגעשאסען און זי דערהרגעט.

דער פראזעקיוטאר האט דאן אנגעוויזען, אז דער עקסידענט האט ניט געקענט אויף דעם אופן פארקומען, ווייל דער רעוואלווער האט געהאט א „סייפטי־קעטש".

ווייטער האבען זעקס פאליסליים אנגעוויזען, דאס ווען זיי האבען דעם באשולדיגטען ארעסטירט, האט ער זיי דערצעהלט אז ער האט געשאסען זיין פרוי צוליעב דעם וואס י פלעגט ארומגעהן מיט אנדערע מענער. צוויי פרויען וועלכע האבען געוואוינט אין דעם הויז, וואו דער מארד איז פארגעקומען, האבען עדות געזאגט, אז זיי האבען געהערט דער הערשאסענערס בעטען זיך ביי דעם באשולדיגטען צו ראטעווען איהר לעבען און ניט שיסען אין איהר.

און ניט קוקענדיג אויף די אלע באווייזען האט די דזשורי דאך דעם באשולדיגטען באפרייט.

דער פראסעקיוטינג אטוירני, אלען וו. קענעט האט דאן געזאגט:

„וואס איך וואלט וועגען דעם ענין געדארפט זאגען, וואלט פארברענט דאס פאפיר, אויף וועלכעם דאס וואלט פארשריבען געווארען. אויב 12 מענשען אין דעטראיט, נאכדעם ווי זיי האבען אויסגעהערט אזעלכע שווערע באווייזע קענען ארויסטראגען אזא ווערדיקט, דאן מוז איך זאגען, אז זיי האבען זעהר א פאלשען באגריף וואס בירגערשאפט מיינט.

דער ריכטער, פאר וועמען די קלאגע איז פארגעקומען, האט געזאגט, דאס ער דענקט, אז די דזשורי איז ניט געווען גענוג באקאנט מיט די באווייזע ווען זיי האבען ארויסגעגעבען זייער ווערדיקט.

## צו אונזערע לעזער און סובסקרייבער פון קראסטאן דיסטריקט

די דעליווערי פון „וועג" אין די הייזער פון קראסטאן דיסטריקט וועט פון היינט אן געטאן ווערען דורך אונזער, א ספעציעל אנגעשטעלטען מאן. די צייטונג וועט איהר האבען ארום 7 אזייגער. אין דער פריה. די יעניגע פון אונזערע לעזער, וועלכע באקומען ניט די צייטונג רעגולאר, זענען געבעטען אפצורופען אין אפיס פון „וועג" און אנגעבען זייער אדרעס. דאס וועט אונז העלפען איינצושטעלען א פינקטליכע און רעגעלמעסיגע דעליווערי.

מיט אכטונג,
סובסקריפשאן דעפארטמענט.

## מארטענס גרייט אלץ צו דערצעהלען

וואשינגטאן, יאנ. 11. — לודוויג מארטענס, סאוועטען פארשטעהער אין אמעריקא, האט נעכטען דערקלעהרט, דאס ער איז וויליג צו ערשיינען קומענדיגען דינסטאג פאר דער סענאט קאמיטע און דערצעהלען עפענטליך אלץ וואס ער וויסט, כדי צו ענטפלעקען פאר איהר די טעטיגקייט און פארפאלגונגען פון דעם יוסטיץ דעפארטמענט.

צווישען אנדערעס האט ער געזאגט:

„מיר פארדריסט זעהר די ראמאנטישע באבע־מעשיות, וועלכע די צייטונגען האבען אויסגעטראכט וועגען מיין „פארבאהאלטען זיך". קיין שטיקעל אמת שטעקט אין זיי".

מארטענס האט געזאגט, דאס ערשיינענדיג פאר דער סענאט קאמיטע וועט ער געבען איהר, א גענויען איבערזיכט וועגען זיין גאנצער טעטיגקייט אין אמעריקא. ער לייקענט לחלוטין אפ, דאס ער איז געווען פארמישט אין דער אמעריקאנער רעוואלוציאנערער באוועגונג, אדער ער זאל האבען געזוכט מיטלען צו שטירצען די איצט עקזיסטירענדע אמעריקאנישע רעגיערונג.

איבערגעהענדיג צו דער מיליטערישער לאגע אין רוסלאנד האט מארטענס געזאגט:

„קאלטשאק'ס ארמיי ווערט איצט צוקלאפט. איהר פארניכטונג איז א פראגע פון עטליכע טעג. די רוסישע סאוועט רעגירונג וועט באלד זיין בכח איינצופיהרען איהר סאוועטען סיסטעם אין גאנץ סיביר, ווי נאר די ווייסע ארמיי, וועט פארשווינדען.

„ס'איז ניט אמת, דאס דייטשע אפיצערען געפינען זיך אין דער רויטער ארמיי. אויך איז ניט ריכטיג, דאס די דייטשע רעגיערונג פינאנסירט די סאוועטען־רעגיערונג, אדער, אז קאמערציעלע פארהעלטנישע עקזיסטירען איצט צווישען רוסלאנד און דייטשלאנד".

## שוועדען פראטעסטירט געגען דייטשע מינען.

פאריז, יאנ. 11. — גרויס שאדען איז פאראורזאכט געווארען אין דער לעצטער צייט פון שווימענדע מינען אין די צפון־דיגע וואסערען.

די שוועדישע רעגיערונג האט פארלאנגט פון דייטשלאנד, אז זי זאל גלייך צוריק זיך נעהמען צו דער ארבייט אפצוראמען די מינען, וועלכע זי האט אין דעם משך פון דער מלחמה אויסגעלייגט.

דאס אפראמען פון די דאזיגע מינען האט דייטשלאנד אנגעפאנגען אנפאנג נאוועמבער, אבער זי האט ענדע דעצעמבער איבערגעריסען איהר ארבייט.

## קיין רעוואלוציע אין בערלין.

אמסטערדאם יאנ. 11.

דער באריכט דאס די דייטשע רעגיערונג איז געשטירצט געווארען פון א סאציאליסטישען אויפשטאנד איז ניט ריכטיג לויט א דעפעשע וואס איז היינט ערהאלטען געווארען פון בערלין.

בריסעל, יאנ. 10. רייזענדע וועלכע קומען פון דייטשלאנד גיבען איבער אנ"אונבאשטעטיגטען באריכט דאס די עבערט רעגיערונג איז געפאלען, ווען די ספארטאקיסטען האבען געמאכט אנ"אויפשטאנד און פארכאפט די מאכט. דער זעלבער באריכט דערצעהלט, דאס א גענעראל סטרייק איז ערקלעהרט געווארען איבער גאנץ דייטשלאנד.

## א ציוניסטישע דעפוטאציע ביי ד דענישע סאצאלסטען.

פון קאפענהאגען ווערט מיטגעטהיילט פאלגענדעס: די דענישע פרעסע האט געבראכט א ידיעה, אז איניגע אנגעזעהענע ציוניסטישע פירער האבען זיך פארגעשטעלט פאר דעם דענישען סאציאליסטישען פארלאמענט מיגליעד און רעדאקאר פון „סאציאל־דעמאקראטען" ה. באירג. ביערג האט מיט איהם געהאט א לענגערע קאנפערענץ איבער דער שרעקליכער לאגע פון די אידען אין דער אוקראינע. די ציוניסטישע דעפוטאציע האט דעם פיהרער פון די דענישע סאציאליסטען איבערגעגעבען א שריפטליכען באריכט אי וועלכען עס ווערט אויספיהרליך געשילדערט די גרויסע שחיטות אויף אידען אין אוקראינע און רוסלאנד.

## אידישע קאמיסיע קיין אוקראינע צו שפעט.

דער „היינט" מעלדעט: די קאמיסיע וואס די אמעריקאנער אידען שיקען נאך אוקראינע איז „בלויז" איין יאהר צו שפעט

ווי דער אוקראינער קארעספאנדענט פון דעם וואשאווער „טאג" מעלדעט, וועט די אמעריקאנער קאמיסיע, וועלכע קומט, זאגט ער, מיט א יאהר שפעטער ווי זי וואלט באדארפט קומען, ניט קענען אנגעהן מיט איהר אונטערזוכונג.

קיין אונטערזוכונג פון די פאגראמען איז איצט מעהר ניט מעגליך, זאגט ער, ווייל די ארכיוען פון דעם אידישען מיניסטעריום, אין וועלכע דער גאנצער מאטעריאל פאר אזא אונטערזוכונג האט זיך געפונען זענען פאשוואונדען און עס איז נישט מעגליך צו דערגעהן וואו זיי געפינען זיך.

## אמעריקא שפייזט אונגארישע קינדער

איבער 100,000 האלב־פארהונגערטע קינדער קוקען דארט אוים אויף אמעריקאס הילף.

בודאפעסט, יאנ. 11. — די באפעלקערונג פון בודאפעסט, וואס איז געווען אין נארמאלע צייטען, א מיליאנערינע איז איצט, א דאנק די מלחמה פליכטלינגע, צוגעוואקסען זיך אין א צוויי מיליאן מענשען.

אט די גרויסע באפעלקערונג געפינט זיך איצט אין אן אונמיטעלבארער סכנה פון הונגער־טויט. עס איז דא זעהר ווייניג שפייז־שטאף און עס איז דא א גרויסער מאנגעל אין געלט צו זיין ביכולת צו קויפען שפייז פון ערגעץ אנדערש.

דער וועדט פון די היגע אפיר געלט איז אזוי געפאלען, דאס ווען מען זאל ניט געבען אונגאריען קיין קרעדיט, דאן וועט דאס גאנצע לאנד אויסשטארבען פון הונגער און אנשטעקענדיגע קראנקהייטען, וועלכע באגלייטען שטענדיג דעם הונגער. אמעריקע טהוט איהר חלק אין פארהיטען פון דעם דאזיגען אומגליק.

די אמעריקאנישע „טשיילד און וועלפעיר מישיאן" אין אונגארן, האט זיך אונטערגענומען צו שפייזען יעדען טאג 100 טויזענד קינדער. דיזע ארגאניזאציע גלויבט דאס פון אמעריקע וועלען אנקומען גענוג געלט־מיטלען, אז זי זאל זיין ביכולת פארטזעצען איהר ארבייט אין דעם פארלויף פון דעם גאנצען ווינטער. דער ווינטער אין אונגאריען איז זעהר א קאלטער. און דארום איז די לאגע פון דער ניט דערעסענדיגער, אויסגעהונגערטער באפעלקערונג אין גרנים געפאהר.

די הילפס טעטיגקייט קומט פאר אויפן פלאץ גופא, ד. ה. מען קאכט און מען צוטיילט די שפייז אין די עפענטליכע פלעצער פון בודאפעסט, ווי אין די פאלקס־שולען, האספיטעלער, בית יתומים א. ז. וו.

## קומט אין „וועג" אפנעמען אייערע בריעף

עס זענען אנגעקומען בריעף אין אונזער רעדאקציע פאר דעטראיטער אידען פון זייערע קרובים פון יענער זייט ים. מיר בעטען זיי זאלען קומען אפנעהמען די בריעף.

די בריעף ענען צו פאלגענדע פערזאנען:

צו אייבי רייך עדליוד סט. (נומער פון נאם ניט אנגעגעבען) פון זיין ברודער נאטאן פון וויען. דער בריעף איז געשריבען אין דייטש.

צו מר. לינדער, 113 רעלמאר סט. פון חיים לינדער. דער בריעף איז געשריבען אין פויליש.

צו סאלאמאן סטאלצענבערג, 241 ווילקינס סט. פון זיין זוהן. דער בריעף איז געשריבען אין דייטש.

צו יוליוס גרין, 2140 רוש. קעמפא. העמטרעמעק, פון הענא גרין. דער בריעף איז געשריבען אין פויליש.

צו א. קופערבערג, 230 ברוידי סט. פון זיין שוועגרין ליבע קופערבערג פון דראהאביטש גאליציען. דער בריעף איז געשריבען אין דייטש.

2 בריעף צו ראובן פוקס, 435 חייסטינגס סט. פון זיין ברודער שמחה, פון וויען. דער בריעף איז געשריבען אין דייטש

צו אברהם שהארצבלאם (אדרעס אין דעטריאט ניט אנגעגעבען) פון זיין ברודער פון מיראזיטש.

## קומענדען זונטאג

קומענדען זונטאג נעמט אונזער נייער רעדאקטאר ב. י. גאלדשטיין איבער די רעדאקציע פון „וועג", איינאיינעם מיט אונזער נייעם רעדאקטאר טרעטען ארויין א גאנצע רייהע גוט באקאנטע שריפטשטעלער אין „וועג".

די נעמען פון אלע מיטארבייטער וועלען די טעג פארעפענטליכט ווערען אין „וועג" דערצעהלט דאס אלע אייערע פריינד און באקאנטע.

## ש. ניגער'ס פארטראג.

שבת אווענט, האט דער באוואוסטער אידישער ליטעראטור קריטיקער געהאלטען א פארטראג אין מעקאליסטע האל איבער די גרויסע דריי אידישע דיכטער—מענדעלי, שלום־עליכם און פרץ.

די צוהערער האבען געהאט אן"אמת"ן עסטעטישען גענוס אויסהערענדיג, ווי אזוי דער קריטיקער אונזערער האט פארגעגלידערט די פארשידענע אייגענשאפטען פון אונזער דיכטער.

ש. ניגער איז זונטאג פריה אפגעפאהרען פון דעטראיט.

## גלח פארמישט אין א גט־פראצעס

דר. לוקאשעווסקי פון 1117 טשעין סט. האט פארקלאגט דעם פוילישען גלח, סילוועסטער קאלקיעוויץ אויף 25,000 שאדען ערזאץ פאר צוברעכען זיין פאמיליע־לעבען.

דער גלח קאלקיעוויץ איז אנגעשטעלט אין דער טשווירטש סט. הייסינט און זיין רעזיגנאציע אלס גלח איז פארלאנגט געווארען נאך איידער עס איז באוואוסט געווארען אז דר. לוקאשעווסקי האט איהם פארקלאגט אויף דער דערמאנטער קלאגע.

דער קאטוילישער בישאף, גאלאגהער האט זיך אנטזאגט פון דערצעהלען עפעס וועגען דעם גאנצען ענין.

מרס. לוקאשעווסקי, דעם דאקטארס פרוי, איז פרייטאג אנגעקומען פון קליוולאנד. זי האט אפגעלייקענט פיעלע באשולדיגונגען, וואס איהר מאן האט וועגען איהר געמאכט. זי האט דערצעהלט אז דער מאן איהרער האט זי זעהר שלעכט באהאנדעלט, דאס איהר איז געווען אונמעגליך מיט איהם צו זיין און דאריבער האט זי איהם לעצטען נאוועמבער פארקלאגט אויף א גט.

ווי מרס. לוקאשעווסקי דערצעהלט, פלעגט דער מאן איהרער זי צווינגען צו טאן אפים ארבייט.

## קליין אינגעל הענגט זיך

ווען מרס. עמא שולץ פון 532 בעג סט. איז לעצטען שבת אוועק פון הויז, האט זי איבערגעלאזען ביי זיך א קליינעם אינגעל, דרייצעהן יאהר אלט, ווי ער האט זיך געשפילט אין „קאובאי". אין א שטונדע ארום ווען זי איז צוריקגעקומען האט זי איהם געטראפען הייגענדיג פון א טשוואק איבער א טיר.

מרס. שולץ האט באלד געמאכט א גוואלט, א שכן הערענדיג איהרע קולות איז ארייגעלאפען און ער האט דאס קינד באפרייט פון שטריק.

פאליציי איז באלד ארייגעקומען, אבער אלע זייערע פארזוכען אום צוריק לעבעדיג מאכען דעם געהאנגענעם, האבען זיך ניט איינגעגעבען.

לארעל האבעל, דער געהאנגענער האט זיך געפונען מיט מרס. שולץ פאר די לעצטע דריי יאהר.

## סיריער אונצופרידען מיט אידישער היים אין ארץ ישראל.

לאנדאן יאנ.—די סיריער האבען אויסגעדריקט א פראטעסט געגען א אידישער היים אין ארץ ישראל.

באריכטען פון קאירא מעלדען היינט, אז די קאנפערענץ פון סיריער וואס ווערט דא איצנד אפגעהאלטען, האט זיך געווענדעט צו דער פריעדענס־קאנפערענץ מיט א פראטעסט געגען די ציוניסטישע באשטרעבונגען און אויסזיכטען אויף פאלעסטינא.

די סיריער פארלאנגען א פאראייניגטע סיריען, פעדעראלע סיסטעם פון זעלבסט־פארוואלטונג און פראווינציעלע אוטאנאמיע.

## טעפט לויבט ברייען'ס שטעלונג צום שלום־אפמאך

פילאדעלפיא, יאנ. 11. — וויליאם טעפט, עקס פרעזידענט פון די פאראייניגטע שטאטען און רעפובליקאנער פיהרער האט נעכטען ארויסגעגעבען פאלגענדען סטייטמענט:

„מר. בריען'ס דערקלעהרונג, אז דער חוב פון די דעמאקראטישע סענאטארען איז צו מאכען קאמפראמיסען מיט דער רעפובליקאנער מעהרהייט, כדי דער שלום זאל ראטיפיצירט ווערען, איז לויבענסווערט. דיזע שטעלונג וועט געוויס אויסגענהמען ביים אמעריקאנעם פאלק. קיינער וועט דאך ניט זאגען, אז מר. בריען איז ווייניגער אויפריכטיג פ פרעזידענט ווילסאן אין זיין פארלאנג, אז דער אינטערנאציאנאלער שלום זאל פארווירקליכט ווערען.

„מר. ווילסאנ'ס בריעף, אז די פראגע פון שלום־ראטיפיצירונג זאל ווערען א לאזונג אין דעם קומענדיגען פרעזידענט־קאמפיין, האט קיין נוצען געבראכט צו די, וועלכע זוכען מיטלען, ווי אזוי צו מאכען, אז שלום זאל פארווירקליכט ווערען. נאך מעהר, דאס אמעריקאניש פאלק פאדערט דרינגליך אז א קאמפראמיס זאל געמאכט ווערען. וועגען די אנגענומענע פון סענאט רעזערוויישאנס. און ניט מ. לאדזש זי אויך ניט מר. ווילסאן, אין זייער עקשנות'דיגער שטעלונג צו דער שלום־ראטיפיצירונג, קענען האפען צו קריגען די אונטערשטיצונג פון אונזער פאלק. זיי ביידע האבען אין זינען גיכער זייערע פארטיי אינטערעסען, איידער די טובה און נוצען פון אונזער לאנד, וואס גארט אזוי שטארק נאך שלום.

„די רעפובליקאנער און דעמאקראטען אין סענאט, וועלכע ווילען ניט מאכען די שלום־ראטיפיצירונג א קאמפיין־לאזונג מוזען זיך פאראייניגען און געפינען א פארגלייכונג, קאמפראמיסליכען אויסוועג פון דער איצטיגער שווערער לאגע. זאלען זיי אין זינען האבען, אז מען טאר ניט פיהרען פארטיי־פאליטיק אויפ'ן חשבון פון אלוועלטליכען שלום, פון וועלכען דער וואוילזיין פון אונזער לאנד איז אפהענגיג. זאלען זיי מאכען א קאמפראמיס וועגען די רעזערוויישאנס, און אויב פרעזידענט ווילסאן וועט זיך אנטזאגען צו טאן זיין איינפאכע פליכט און גוטהייסען דעם שלום, דאן וועט ער טראגען די פאראנטווארטליכקייט. אבער איך קען גאר ניט פארשטעלען זיך, ער זאל אזא פאראנטווארטליכקייט אויף זיך נעמען".

## דאס ציוניסטישע ביורא אין קאפענהאגען ווערט פארמאכט.

מען איז מודיע פון קאפענהאגען, אז דאס ציוניסטישע ביורא, וואס האט אין פארלויף פון די מלחמה יאהרען עקזיסטירט אין קאפענהאגען און אזוי ארום בסדר געהאלטען אין פארבינדונג אלע ציוניסטישע ארגאניזאציעס, פארמאכט זיך אין יאנואר. די לאנדאנער ציוניסטישע צענטראל ביורא האט איצט די מעגליכקייט צו קומען אין פארבינדונג מ אלע ציוניסטישע פעדעראציעס אהן פארמיטלונג.

## ישראל זאנגוויל וועגען דער לאגע אין פאלעסטינע.

ווי ה. ישראל זאנגוויל שרייבט דעם לאנדאנער איד. קאר. ביורא האט זיך די לאגע אין פאלעסטינע לעצטענס פיעל פאר בעסערט. די ערקלערונג איז אינטערעסאנט און האט א באזונדערע באדייטונג מחמת דעם, וואס דער באריהמטער שרייבער פלעגט זיין פריהער פעסימיסטיש געשטימט וועגען דער לאגע אין ארץ ישראל.

# CLASSIFIED





# עניים ואביונים
## אדער גליקליכע און אומגליקליכע

ראמאן — פון מרדכי ספעקטאר

(פארזעצונג)

פון רעסטוועגען בין איך נאך ניט געגאנגען אין שטאדט בעטען נדבות, נאר איין מאל. איך געדענק עס ווי היינט, בין איך אזוי שטארק הונגעריג געוואָרען אז עס האט זיך מיר אויסגעוויזען אז איך פאל מיט דעם פנים צו דער ערד, און רייזעלע האט אנגעהויבען אזוי וויינען אז זי איז הונגעריג אז איך האב געפיהלט ווי דאס הארץ ווערט מיר צוריסען אויף שטיקער. אהן א שום ביון אפילו זיך ניט פארטראכט, האב איך גענומען רייזעלען ביי דער האנד און בין אוועק אין שטאדט אריין אין דער ערשטער אידישער באלעבאטישער שטוב און געזאגט: גיט מיר א נדבה, גיט מיר עפּעס עסען. די באלעבאסטע האט מיך באלד דערקענט אז איך בין ר' זלמנס א אייניקעל, יז האט אונז א נדבה געגעבען און אונז געגעבען ברויט מיט א טעלער בארשט און מיר האבען זיך אנגעגעסען.

פון דעם טאג אן ווען מיר פלעגען נאר ווערען הונגעריג פלעגען מיר אוועקגעהן אין שטאדט בעטען אלע מאהל אין איין און אין דער אנדערער שטוב.

אומעטום האט מען מיך דערקענט אז איך בין ר' זלמנס אייניקעל, אומעטום פלעגט מען מיר טראגען אנטקעגען דיא נדבה מיט עפּעס עסען, אלע האבען אויף מיר געקוקט, געוויינט, רחמנות געהאט וואס איך האב געהאט אזא טהייערען זיידען און איך דארף ארומגעהן איבער דיא הייזער, די אידענע האט געזאגט: „אך איך מיר, די — וועה אי זמיר. די — א שלאק איז מיר אויף וואס ר' זלמנס אייניקעל איז נעבעך איבערגעקומען. די — א רונער האט מיך דערשלאגען. ר' זלמן זאל אויפשטעהן פון קבר און א קוקז טהאן אויף זיין אייניקעל וואלט ער נאך אמאל געשטארבען. די — יונגע יאהרען האבען מיר דערלעבט אוודאי, אודאי האט דאס ר' זלמן ביי זנאט פארדיענט א. ז. וו.

בקיצור וועל איך אייך דערצעהלען, די גאנצע שטאדט האט ווייטער אויף מיר רחמנות געהאט; אין יעדער שטוב וואו איך האב געבעטען האט מען מיך ניט אבגעזאגט אלע ארימע לייט האבען מיך אנגעהויבען ווייטער שטארק מקנא זיין און האבען מיך גערעכענט פאר א גליקליכע, א סך פון יי זענען מיר געוואָרען אומזיסטיגע בלוטיגע שונאים, דערפאר וואס מיר גיט מען אין יעדער שטוב אין יעדער קלייט און זיי געהען אב 7 שטיבער מיט 10 קלייטען בי מען גיט זיי א נדבה; אלע ארימע לייט האבען אנגעהויבען ווארטשען ארום מיר. דער האט געזאגט: „טאמער ווייסט דו פאר וואס זי אי אזא מיוחסת. איהר זיידע אי געוועזן אן עהרליכער איד טא וואס איז? אבער זי איז יך אא קאבצנטע און געהט ארום איבער די הייזער גלייך מיט אונ, וואס איי זי מעהר מיוחסת פון אונז? אונזערע זיידעס זענען דען ניט געוועזן קיין עהרליכער אידען, יי זענען דען געוועזן גנבים חו"ש? אט אויף אזא שטייגער האבען זיך א סך ארימע לייט אויסגעדריקט וועגען מיר און איך האב באקומען א סך שונאים.

— נאר אבער אומזיסט זענען זיי מיר געוואָרען שונאים, אומזיסט האבען זיי מיר מקנא געווען אויף מיין גליק, מיין גליק האט איצטער אויך ניט לאנג געדויערט; וואס שפּעטער און שפּעטער האט מען מיך אנגעהייבען ווינציגער צו געבען און ווינציגער צו אַקקען און רחמנות האבען אויף מיר.

בקיצור איך וועל אייך קיין סך ניט דערצעהלען, עס אי געקומען דערצו אז ווען איך קום אריין אין א שטוב בעטען א נדבה קוקט מען זיך אפילו ניט אום אויף מיר, מען האט שיין פאר פארגעסען אז איך בין ר' זלמנס אייניקעל, מען לאזט מיך שטעהן און ווארטען ביז די באלעבאסטע דערמאנט זיך; אמאהל גיט זי א גראשען, אין אמאל זאגט זי אז זי האט ניט, און גאר אמאל ידעלט זי נאך מיר גוט אוים: וואס קריכט איהר אלע טאג? עס איז דא גענוג ארימע לייט צו געבען און טהוט מיר נאך א קלאפּ מיט דער טהיר; 10 הייזער מיט 20 קלייטען געה איך היינט אב אייהער מען גיט מיר א גראשען, אפילו די איבריגע ארימע לייט מאכען א סך מעהר פון מיר, ווארום זיי קענען יך שטופען, פרייער אויסחאפּען ביי דער באלעבאסטע דעם גראשען, ווייל זיך אויך שטופען וועסט דו געידעלט ווערען אונז וגעסט טאקע בלייבען פון הינטען. טאקע נאר מיט גרויסע נסים באקו איך א נדבהם, ווען נאט העלפט עס טרעפט זיך עהר א גוטער מענש מיט א גוט הארץ און האט רחמנות

— אט היינטיגען טאג, זעהען מיר ארום געגאנגען דעם גאנצען טאג קוי געמאכט 3 גראשען און געקויפט ברויט אויף יעטשערע.

רייזעלע האט דערביי א זיפץ געטהאן און רחל וואס האט די גאנצע צייט אויסגעהערט ווי שיינדעל האט דערצעהלט איז זעהר טרויעריג געוואָרען זי האט זיי נאך מעהר באטראכט און געפרעגט:

— וואס האט איהר זיך נאר אריינגעלעגט אין בעטלעריי, בעסער וואלט איהר זיך געוועזען גענומען צו עפּעס אן ארבייט, וואלט איהר פארדיענט.

שיינדעל האט זי שטארק פארוואנדערט אנגעקוקט, דא סערשטע מאל אין איהר לעבען האט זי געהערט אזא פראגע.

— ארבייט? האט זי געענטפערט, וואס הייסט ארבייט. וואס קען איך ארבייטען? איך בין דען א בעל מלאכהטע איך זאל קענען מיט מיין ארבייט פארדינען געלד?

(פארטזעצונג פאלגט)



פערלאנגט פעהיגע קענוועסער פאר'ן „וועג"
יונגע לייט וואס ווילען מאכען געלט פאר איינינגע שטונדען ארבייט צו קענוועסען פאר סובסקרייבער פאר'ן „וועג" גרויסע קאמישאן ווערט געצאָלט. איהר קענט דאס טהאן ווען איהר האט פרייע צייט. זיך מעלדען יעדען טאג און אווענדס אין אפיס פון „וועג" 347 הייסטינגס סט.



אונזער נייער טעלעפאן איז מעין 3715.

# סױרװיס —

מײנט ניט נאָר שנעלע דעליװעריעס, נאָר עס מײנט אױך גוטע
אַרבײט און מעסיגע פּרײזען

## װען איהר װעט געבען אײער ארדער פאר
# פּ ר י נ ט י נ ג
## אין
# דעם „װעג"

## קענט איהר זײן זיכער דאס
## איהר װעט קריגען סױרװיס



דורך אונזערע שנעלע אַוטאָמאַטישע פּרעסעס, זאַץ
מאַשינעס און עקספּערט פּרינטערס קענען מיר
מאכען אײער ארבײט

## שנעל, גוט און ביליג

אונזער טעלעפאן איז
**Main 3715**

## The Detroit Jewish Daily

347-49 Hastings Street

דער וועג
THE DETROIT JEWISH DAILY
Published Daily, Except Saturdays and Jewish Holidays, by
DER WEG PUBLISHING COMPANY, INC.
347-49 Hastings St., Detroit, Mich. Main 3715.
J. RABINOWITZ, Pres. JOS. R. LEEMON, Sec.-Treas.
(Entered as Second Class mail matter at Post Office, Detroit, Mich.)
Subscription Price: By mail, or carrier, one year, $5.00; six months, $2.50.

# „מארטירער"

עס מאכט נישט אויס צו וואסער פארטיי איהר געהערט. עס מאכט נישט אויס וואסערע אנשויאונגען איהר האט, איהר וועט זיכער אין אלע אופנים נישט איינשטימען מיט דער האנדלונג פון דער ניו יארקער אסעמבלי וועלכע געהט אזוי ווייט אין איהר שנאה צו אלעם, וואס איז קעגען רעאקציע, אויסצושליסען די סאציאליסטישע פארשטעהער.

די העררן פון דער ניויארקער אסעמבלי זיינען אהן שום ספק שטארקע געגנער פון דעם רוסישען באלשעוויזם. אויף דער ארט און וויזע ווי ער רעגירט דאס לאנד און ווי ער האט די רעגירונג אין האנד אריינגענומען.

דער מאטיוו צו זייער געגנערשאפט איז א גוט באקאנטער. זיי זאגען: „מאדזשאריטי רולס", די מעהרהייט רעגירט.

א גרינדונגס פארזאמלונג פאדערט למשל ענגלאנד ביי די באלשעוויקעס אין רוסלאנד.

ענגלאנד האט אפען ערקלערט, אז זי קען באין אופן נישט שליסען קיין שלום אפמאך מיט דער סאוועטען רעגירונג, ווייל די סאוועטען האבען פארכאפט דאס לאנד און די מאכט און האבען איינגעפיהרט די דיקטאטור פונ'ם פראלעטאריאט, נישט אנפרעגענדיג זיך פריהער ביים פאלק צו איז עס מרוצה מיט אזא ארדנונג.

ווארים ענגלאנד האלט פון דעם כלל אז א דעמאקראטיש לאנד דארף געפיהרט ווערען פון דער מאיאריטעט פון לאנד און נים פון קיין דיקטאטור פון א גרופע אדער קלאס, מעג די גרופע אדער דער קלאס וועלען טאן דעם לאנד וואסערע טובות ס'נים איז.

וואס זשע טוען איצט די הערען פון דער ניויארקער לעגיסלאציע?

עס איז כמעט דאס זעלבע ווי די סאוועטען רעגירונג אין רוסלאנד.

א מאיאריטעט האט ערוועהלט, לויט אלע דינים פון וואהל־קאדעקס, איהרע פארשטעהער. און די לעדזשיסלייטשור וועלכע איז א מינאריטעט קעגען די בירגער פון די פארשיידענע וואהל דיסטריקטען, שטעלט זיך קעגען דער מאיאריטעט און פיהרט זיך גלייך ווי דא וואלט געווען איינגעפיהרט די דיקטאטור פון א געוויסען קלאס.

קיינעם האבען די פארשטעהער פון יענע דיסטריקטען קיין רעה נישט געטאן און נישט געקענט טהאן, ווארים ווי גרויס עס איז נישט דאס גרויסע ניארק זיינען אבער פאראן הערוויל זעהר ווייניג דיסטריקטען, וואס זאלען ערוועהלען אזעלכע פארשטעהער אין דער אסעמבלי, אז מען זאל זיי נאכדעם מוזען אויסשליסען צוליעב זייערע צו ראדיקאלע אנשויאונגען, אדער פאדערונגען. די מאיאריטעט אין דער אסעמבלי זיינען דערוויל דאך נישט קיין סאציאליסטען און עס איז לחלוטין נישטא וואס זיך וואס צו שרעקען פאר א סאציאלער רעוואלוציע, אויף א קליינע מינאריטעט מיט אנדערע אנ־שויאונגען איז אהין ערוועהלט.

און לאמיר געבען א שפאן ווייטער און לאמיר אפילו צוגעבען אז עס קען זעהר גוט מעגליך זיין, אז אט דיזע מינאריטעט קען מיט דער צייט, אדער אין א נאהענטער צוקונפט ווערען א מעהרהייט, איז דאך דאס אויך נישט קיין אורזאכע אויסצושליסען זיי.

ווארים דאס וועט דאך געטאן ווערען אינ'ם אמעריקאנער גייסט. די פארשיעדענע וואהל דיסטריקטען וועלען איינזעהן מן הסתם, אז דיזע סאציאליסטישע פארשטעהער אין דער אסעמבלי טוען גוטע ארבייט. זיי האבען גאנץ נוציגע פלענער. נאר ווייל זיי זיינען אין דער מינדערהייט, דערפאר קענען זיי זייערע פלענער נישט ארויסברענגען מכח אל הפועל, וועט מען זיי נייע צוזעצען.

אויב אזוינס וועט געשעהן וועט דאס גאר זיין די שולד פון דער מאיאריטעט, פון די איצטיגע אסעמבלי לייט, וועלכע האבען איצט אויסגעשלאסען ווייערע סאציאליסטישע קאלעגען.

און מיט רעכט קען מען דארום זאגען אז די אסעמבלי וועלכע האט אויסגעשלאסען די סאציאליסטישע פארשטעהער האט דערפאר אליין נישט געהאנדעלט גאר איבערלעגט.

ערשטענס האט זי געגעבען א פתחון פה צו די געגנער, אז זיי זאלען אנגעבען אלס אורזאכע פון דער אויסשליסונג די דערמאהנטע באהויפטונג ד. ה. אז די אסעמבלי האט מורא אז די סאציאליסטען זאלען נים ווערען פאפולער אין לאנד הדרך זייערע געלונגענע און וויכטיגע פלענער.

עס איז אויך געווען א ידיעה, וואס האט גאר דערצעהלט, אז די אויס־שליסונג איז געקומען צוליעב דער לאסט־קאמיסיע, וועלכע זאל האבען גע'פועל'ט ביי דער אסעמבלי אויסצושליסען איהרע סאציאליסטישע פארשטעהער, איידער זיי אוספייען פארצוברענגען קלאגעס און באשול־דיגונגס־מאטעריאל קעגען דער קאמיסיע.

זאלען זשע מיר אפילו אויסלאזען השערות, איז עס אויך א זיכערע זאך אז נים מיט אזעלכע מיטלען קען מען צוהאלטען דעם צייט־זייגער או ער זאל זיך נים באוועגען פאראויס....

זעהען מיר דאך טאקע אז אפילו צייטונגען, וועלכע מען קען באין אופן נים חושד זיין אין ראדיקאליזם, חלילה, ווי למשל די היגע „גיוס", אדער די ניו־יארקער „ווארלד" און אנדערע זיינען ארוים מיט שארפע ארטיקלען קעגען אזא מין האנדלונג.

עס איז פארשטענדליך אז אויב אזעלכע ארגאנען נעהמען אונטער זייער שוין די אויסגעשלאסענע פארשטעהער פון די סאציאליסטען, וועט דאס מעהר שאדען דער אסעמבלי און איהרע טענדענצען, ווי ווען דיזע פארשטעהער זאלען נישט געווען זיין אויסגעשלאסען.

די אויסגעשלאסענע זיינען איצט מארטירער. די אסעמבלי גופא האט זיי אין מארטירער פארוואנדעלט. און מעגט איהר זיך האבען וואס פאר א בליק ס'נישט איז אויף'ן פאליטישען לעבען, מוזט איהר דאך מודה זיין אז מיר אלע סימפאטיזירען מיט א מארטירער און מיר ווערען אויפגע־בראכט אויף זיינע פארפאלגער. און בפרט שוין אין איצטיגען פאל, ווען די אסעמבלי האט געהאנדעלט נים אין דעם גייסט פון דעמאקראטיע, נים אין דעם גייסט פון אמעריקא.

אויף אזא אופן האט די אסעמבלי אפשר מעהר טובה, איידער רעה געטאן, דעם געדאנק און די אידעאלען וועלכע די אויסגעשלאסענע פאר־טרעטען.

און איין וועגס האט דערוויל די אסעמבלי דירעקט אדער נים דירעקט געהאלפען צו פארהאפלען די געשרייען קעגען דעם בייזוואונדער „ראדיקאל" וואס האט צו זיך קיין גלייכען און מיט וועלכען אונזער לאנד קען זיין א מוסטער פאר גאנץ אייראפא.

און פונקט ווי די אבלאוועס אויף ראדיקאלען אזוי אויך די אויס־שליסונג פון די סאציאליסטען וועלען נים פיהרען צו די צוועקען וואס מאנכע רעאקציאנערען רעכנען. און לאמיר האפען אז גאר נאהענט איז דער טאג ווען דיזע רעאקציאנערע מעשים וועלען מיט שנאה דערמאהנט ווערען און מיט פארדרוס פארצייכענט ווערען אלס בזיון פאר אמעריקאנער דעמאקראטיע.

# דער סוף פון אן אונטערנעהמונג.

פון א. אלמי.

מיט א פאר חדשים צוריק, ווען ביי די אידישע כלל טוער אין אמעריקא איז געבוירען געווארען דער פלאן אריבער־צוברענגען אהער די אידישע יתומים פון מזרח־אייראפא, איז מען דא געווען זיכער אז עס וועט נישט שווער זיין צו באקומען דערפאר די נויטיגע ערלויבניש פון דער אמעריקאנער רעגירונג. אמת, אמעריקא האט מורא פאר אימיגראנטען, ווייל זיי קענען נאך אהער פארשלעפען דעם באל־שעוויזם, אהער פארשטארקען די באלשע־וויסטישע עלעמענטען, וואס געפינען זיך שוין אין לאנד; אבער וואס קען מען אויס־זעצען קענען די קליינע, הונגעריגע, אויס־געמוטשעטע יתומים אונזערע? אפילו דער אנגעשראקענסטער אמעריקאנישער שטא־אטסמאן וועט דאך נישט גלויבען, אז אט געווישע די קליינע, הילפלאזע אידעלאך געפינען זיך לעניני'ס אדער טראצקי"ס אגענטען...

אט אזוי האט מען זיך געטראכט, און דער אידישער שתדלן האט פאנאנדער־געפיהרט די הענט, געפלויגען קיין וואַ־שינגטאן, געטאפט דעם דיפלאמאטישען דופק, געשריבען בריעף, דעפעשירט און זיך ערגעל פארבויגען פאר די ערעלע הע־רען און געדאנקט נאך איידער די בקשה איז באוויליגט געווארען. אפילו ר' שמואל גאמפערס, דער אימיגראנט, וואס איז דער ערגסטער שונא פון אימיגראנטען, דער לאנג יאהריגער פרעזידענט פון „פארמאכ־טע טירען", ער, וועלכער איז, ווי מען זאגט, — ווילסאנ"ס פראלעטארישער, שני למלך, — האט זיך אויך אריינגעלעגט אין עסק און אנגעשריבען א פאטעטי־שען בריעף צו מיסטער לאנסינגען, דעם שטאטס־סעקרעטער פון די פאראייניגטע שטאטען, בעטענדיג איהם ער זאל עפענען די טירען פאר די אידישע יתומים פון דער מלחמה און פאגראמען.

פארטיג, וואס נאך דארף מען? די גרויסע, וויכטיגע ארבייט לטובת אונזערע יתומים איז אפגעטאן; מ'דארף נאר קרי־גען די ערלויבניש פון וואשינגטאן און די ערלויבניש וועט „באוויליגט" ווערען א ליארע טאג: אט היינט־מארגען קומט עס. עפעס א קלייניגקייט, דער האט געזאגט, יענער האט גערעדט און אן אנדערער האט געהערט; דער ארון האט געזאגט „באס" און א צווייטער ארון האט גע־זאגט „בים". בקיצור, ס'וועט שוין אלץ זיין אין ארדנונג.

ס'איז געווען א פראגע פון טעג. דער־ווייל זענען שוין אריבער חדשים און מען הערט נישט און מ'זעהט נישט, וואשינג־טאן איילט זיך נישט און אונזערע שתדלנים זענען שטיל געווארען; וואס איז מכח די יתומים? וואו איז די ער־לויבניש, וואס די כלל טוער אונזערע האבען אונז מיט פויקען און טראמפיי־טען מבטיח געווען? — פרעגט בעסער נישט, ווייל קיינער וועט אויף דעם נישט ענטפערען. די וואס וואלטען וועלען ענט־פערען, ווייסען אליין נישט און די וואס ווייסען יא וואס צו ענטפערען, ווילען נים ענטפערען — דיפלאמאטיע...

נאך וואס האט געטויגט דער גאנצער טאראראם? וואס איז מען מיט דעם אוי־סען געווען? האבען אונזערע שתדלנים נישט פריהער געוואוסט, אז מען וועט אזא ערלויבניש נישט קריגען? זענען זיי דאך גאנצע קנעפלאך מיט וואשינגטאן. דער איינציגער ענטפער וואס א נישטדיפלא־מאטישער, נישט־שתדלנישער איד קען זיך געבען אויף דעם פלוצלונגען שטיל־שווייגען איז — אז אין וואשינגטאן וויל מען נים קיין אימיגראנטען, אלצ־איינס קליינע, צו גרויסע, ווייל פון קליי־נע ווערען גרויסע און קיינער קען ביי די קליינע יתומים נישט נעהמען קיין גאראנטיע, אז זיי וועלען אויפוואקסען שטילע, פריעדליכע מענשען, באנטשע שוויינס, וואס וועלען אויף אלצדינג זא־גען „אמן".

די בקשות, וואס מ'האט געשיקט צום אמעריקאנישען מלוכה־דעפארטמענט וועגען די יתומים זענען טאקע געווען שעהן און ריהרענד געשריבען, אבער פאלי־טיקער טארען זיך נישט לאזען באוועל־טיגען פון סענטימענטען... וואס קען נאך זיין ריהרענדער ווי די בלוט־פארגליווערענדע געשיכטען פון אוקראינע? אבער לאנסינג איז א דיפלאמאט און מעהר ווי אכט אדער צעהן מינוט קען ער נישט געבען פאר דער אידישער דעלעגאציע פון פערציג שתדלנים: מעהר ווי די אכט אדער צעהן מינוט קען ער נישט אויסהערען די טרויעריגע דערצעהלונגען וועגען דע־ניקינ"ס און פעטלורא"ס שחיטות אויף הילפלאזע אידען, — און טאן קען מען גארניט, זאגט ער מ"קען נישט!" טא מיט וואס זענען די יתומים אונזערע גרעסערע יחסנים? וואסערע פארדיענס־טען האבען די הונגעריגע יתומים פאר דער וועלטליכער דעמאקראטיע, פאר דער זעלבסטבאשטימונג פון די פעלקער?

נאטירליך, וועל איך נישט קיין נביאות זאגען אויף שפעטער. אפשר וועט זיך נאך עפעס אויסלאזען מיט דער ערלויבניש — גרעסערע אומגליקען זענען שוין געשעהן אין אונזער צייט, כאטש עס גלויבט זיך נישט, אז דאס וועט גע־שעהן, אבער איך גלויב נישט, אויב עמי־צער וועט דארפען באדויערען דעם „יתומים פלאן", ווען פון איהם וועט גאר־נישט ארויסקומען. דער פלאן, ווי שעהן און גרויסמוטיג ער זאל נישט אויסזעהן פון א פילאנטראפישען שטאנדפונקט, וואלט פון נאציאנאלען שטאנדפונקט גע־ווען זעהר טרויעריג, איבערהויפט פאר די יתומים אליין. כדי דאס קלאהרער צו פארשטעהן דארף מען זיך נעהנטער בא־קענען מיט די פארשידענע עלעמענטען וואס זענען באטייליגט אין דער אידישער הילפס טעטיגקייט.

דא[...]גען פארטראטען אלע מינים אי־דען פון אמעריקא און יעדער מין טיילט זיך ווייטער אין עטליכע באזונדערע מינים: פאראן פארשידענע אסימילאטא־רען, וואס זענען פארבונדען מיט"ן אידי־שען פאלק בלויז דורך דער פילאנטראָ־פיע, ווייטער זענען זיי כשר"ע, „אמעריר־קאנער" און אסימילאטארען, וואס זענען אין א געוויסען זין נאציאנאליסטיש גע־שטימט, ראדיקאלען, וואס זענען קיין נא־ציאנאליסטען נישט און נאציאנאליסטען וואס זענען קיין ראדיקאלען נישט, דאן קומען די נאציאנאל־ראדיקאלען, וואס זענען האלב אויף האלב, חצי־נאציאנא־ליסטען חצי־ראדיקאל, דאן קומען פאר־שידענע סארטען אטעאיסטען און נאך פארשידענע מינים פון קאלומבוס"עס אידישער תיבה.

אט די אלע וואלטען זיך געדארפט בא־טייליגען אין דער דורכפיהרונג פון דעם יתומים פלאן, און דערנאך אין דער דער־ציהונג פון די יתומים, און יעדער עלע־מענט (אדער ריכטונג אדער גרופע, אדער —רופט עס ווי איהר ווילט) וואלט נא־טירליך, געוואלט די יתומים זאלען דער־צויגען ווערען לויט זיין שולחן ערוך אדער פראגראם; יעדער ווער ס'האט א גאט אין הארץ אדער אן אידעע־פיקס אין מח, וואלט געוואלט עקספערימענטירען מיט די קליינע יתומים אין דעם פרעמדען לאנד, דאס וואלט, אהן ספק, געבראכט צו רייסערייען און צאנקערייען צווישען די אמעריקאנער אידען, וועלכע זענען אזוי פאראייניגט אין דער הילפס טע־טיגקייט.

אונזערע „יאהודים" האבען זיך שוין באצייטענס געאיילט צו געבען אנצוהערע־ניש די גרויסע לייט אין וואשינגטאן אז די אידישע יתומים וועלען דא ערצויגען ווערען אלס אמת"ע גוי"אישע אמעריקא־נער, די מאשינערי איז שוין פארטיג גע־ווען: פון איין זייט וועט מען אריינלע־גען א הילפלאזען אידישען יתום און פון דער צווייטער זייט וועט ארויס אן עכ־טער יענקי, וואס וועט נישט קענען קיין ווארט אידיש און וועט אפשר העלפען אנ־פיהרען דעם שווערען קאמפף געגען אי־מיגראנטען און ראדיקאלען. די כונה איז דא אפשר געווען א גוטע, זאלען די נא־בעלע ארונים זעהן, אז מען וויל פאר זיי צוגרייטען א טרייע, לאיאלע ארמיי „גיט נאר איין פיפס" „יא" און מיר וועלען אייך צושטעלען טויזענדער יתומים א וואונדערבאר מאטעריאל פאר"ן אמערי־קאניזם"..

נאטירליך האבען אונזערע אידען פון נאציאנאליסטישען לאגער, געהאט אן אנ־דער מיינונג און אן אנדער פלאן פאר דער דערציהונג פון די טויזענדער אידישע יתומים, אבער אויך דא זענען די מיינונ־גען פארשידען לויט די פארשידענע נאציאנאלע ריכטונגען, און די אטעאיס־טען און די אנדערע מינים האבען דא אויך א דעה — די יתומים וואלטען אויף אזא אופן אריינגעבראכט מחלוקת אין אמעריקאנער אידענטום, אבער דאס גרעסטע אומגליק, ווי געזאגט וואלט גע־ווען פאר די יתומים אליין. זייער אינדי־ווידועלער ווילען וואלט דערשטיקט גע־ווארען צווישען די פארשידענע גרופי־רונגען, ס'וואלט פאר זיי געמיינט א גייסטיגער פאגראם, וואס וואלט אפשר ערגער געווען ווי די פאגראמען פון א פעטלורא און דעניקין.

עס איז דערפאר נישטא וואס צו בא־דויערען וואס די ערלויבניש פון וואשינג־טאן איז נישט געקומען איידער עס איז אן איינהייטליכע פראגראם אויסגעאר־בייט געווארען.

# וועלכען.

(סקיצע.)

פון ז. סעגאלאוויטש

, העלא קאן זיך נים באשליסען; אמת מיט קיין סך בחורים איז זי נישט ארומ־גערינגעלט. איינגאנצען באגלייטען זי אר־מעטום און שטענדיג צוויי בחורים: יא־קאב און מאניש. און זי פיהלט אז איי־נעם פון די צוויי מוז זי זאגען: „יא" און איינעם „ניין", צוויי קאנדידאטען זיינען דא, מיט איהרע איבעריגע בא־קאנטע יונגע לייט איז זי נישט אזוי בא־פריינדעט. פיעל האלטען העלא"ן פאר א שטאלצע. זי ענטפערט אמאל צו־בייז און גאנץ אפט ערלויבט האט זי ארום זיך אזוי ווייניג קאוואלערען, נישט קוקענדיג אויף דעם וואס זי איז אזוי יונג און שעהן.

נאר די צוויי קאנדידאטען, זיי האבען זיך אין העלא"ן ביידע שטארק פארליעבט און טרעטען פון איהר נישט אפ. אין טעאטער, אויף קאנצערטען און בעלער — די דריי זיינען שטענדיג צוזאמען. אונ־טער איין ארעם האלט מאניש אונטער"ן צווייטען יאקאב. העלא געהט אין מיטען און ווארפט אויף ביידע זייטען אמאל א שמייכעל, אמאל א שטעכווערטעל.

יאקאב מיט מאנישען זענען אמאל געווען די בעסטע חברים, נאר העלא ווייסט אז זי האט צו זייער חבר"שאפט א סוף געמאכט, כאטש איהרע ביידע קא־וואלערען ווייזען דאס נישט ארויס. א, ניין. זיי זיינען מונטער און שטענדיג צו־זאמען און פריינדליך. זי באדארף אבער נאר בלייבען מיט איינעם פון זיי בע־זונדער און א פרעג טאן:

— פאני יאקאב ווי געפעהלט אייך עפעס מאניש?

און יאקאב ענטפערט אזוי:

— א וואוילער בחור, מאניש, מיין חבר, נאר אביסעל צו־זארגלאז. צופיעל לעבט מענש און פארטראכט זיך נישט, וואס מארגען קען זיין. יא, אזוי אין אל־געמיין איז ער א וואוילער בחור, ווי גע־פעהלט ער אייך, העלא?

און אז זי בלייבט אליין מיט מאנישען און פרעגט ביי איהם די זעלבע פראגע, באקומט זי אזא ענטפער:

— יאקאב, הא, יאקאב! דאס איז א צוקונפטיגער מיליאנער, א קלוגער אבער דערפאר א טרוקענער יונג. ער וואקסט מיט זיין קאלטקייט. וואס א טאג ווערט ער מעהר פערשטיינערט, אמאל איז ער מיר זעהר געפעלען געווען, היינט שוין נישט אזוי... און אייך, אייך, העלא, ווי געפעלט אייך יאקאב?

נאר העלא דערצעהלט זיי ביידען נישט ווי זיי געפעלען איהר. זי האט א שווערע אויפגאבע פאר זיך. זי באדארף אויסקלייבען פון זיי ביידען איינעם, און אין קאפ עקבערט עס כסדר:

„וועלכען"?

כאטש זי איז נאך יונג, נאר באלד ווי זי האט געענדיגט די גימנאזיע, האט זיך פאר איהר אויפגעשטעלט די פראגע: „וואס ווייטער?" לערנען ווייטער קאן זי נישט. די עלטערן זיינען געדריקט און אפילו ווען זי וואלט האבען די מעגליכ־קייט צו לערנען, וואלט זי דאס אויך נים געטאן, די ביכער האבען זיך איהר שוין צו פעל איינגעגעסען אין די ביינער, און זי האט געדאנקט גאט, ווען זי האט גע־ענדיגט די גימנאזיע, וואס זי איז שוין פטור געווארען פון דעם לערנען... ניין, לערנען וועט זי שוין נישט. און דא האט זי באמערקט, אז דער פאטער און די מו־טער זיינען אויך צוליעב איהר אומרוהי־גער געווארען. ביי זיי איז אויך געווען די פראגע „וואס ווייטער מיט העלא"ן"?

זיי האבען זיך פשוט דערפרעהט, ווען די צוויי חברים מאניש מיט יאקאב"ן זיי־נען געווארען שטענדיגע אריינגעהערס צו זיי אין שטוב. „טאמער וועט זיך עס צו־קלעפען?" האט טאטע־מאמע געטראכט, „אזעלכע בחורים מיט אזעלכע „פאס־טענס".

העלא"ן איז מעהר געפעלען געווארען מאניש. יענער פלעגט איהר ברענגען בי־כער און זיי פלעגען ביידע אינאיינעם לייענען. ער קען רעקלאמירען שעהן, און אין שטאדט איז ער באקאנט מיט רייכע יונגע לייט. העלא האט געוואוסט, אז מאניש האט ליעב א לעב צו טאן, נאר דאס פלעגט איהר ווייניג קימערען.

מיט יאקאב"ן פלעגט זי די ערשטע צייט ווייניגער פארברענגען, ער פלעגט ווייניגער צו איהר אריינגעהן, נאר יעדעס מאל, ווען ער פלעגט קומען, פלעגט ער איהר איבערלאזען אין א מאדנער אומרוהי־היגקייט. פון וואס זיי זאלען נישט ריי־דען, אויסלאזען פלעגט זיך שטענדיג מיט דעם, אז דאס לעבען איז א שווערער וועג, אז מען מוז קעמפפען פאר יעדען טריט.

איינמאל האט ער אנגעהויבען ריידען וועגען העלא"ן גופא.

— איהר טראכט אמאל, העלא, וועגען דעם, וואס עס וועט זיין מיט אייך אין א יאהר, אין צוויי, אין צעהן ארום, די שמעטערלינגג יאהרען געהען אוועק, זייט פארזיכטיג העלא!

דערנאך האט ער שוין אפענהערציגער גערעדט... ער ווייסט אלץ, ער ווייסט, אז זיין חבר מאניש איז פארליעבט אין הע־לא"ן און העלא איז צו מאניש"ן אויך נישט גלייכגילטיג, נאר ער, יאקאב, מא־ניש"ס חבר, איז אויך פארליעבט אין איהר, זאל זי זיך איינמאל פאר אלע מאל באשליסען „וועלכען"? און דאס, וואס מען זאגט, אז ער, יאקאב, איז א צו פראקטישער און צו קארגער.

— דאס איז א ליגען, העלא! א בא־ווייז האט איהר, איך אזא קארגער, ווי מען מאלט מיך, גיה נעהמען א פרוי אהן א גראשען. איהר ווייסט, העלא! איך טרייב יעדען טאג ארויס שדכנים מיט אזעלכע רייכע פארשלאגען.

און ער האט איהר דערצעהלט, אז אמאל האט ער געליטען הונגער און נויט און איצטער ווייסט ער, וואס דאס איז אזוינס לעבען. פריהער דארף מען שטארק ווערען, און דערנאך קלערען פון פאר־ברענגענישען, פון ביכער און בילדער, וואס מאניש דער לעבע־יונג האט עס שטענדיג אין זינען.

און דער רגע האט ער פאר העלא"ן אויסגעזעהען פיעל עלטער און בעסער, ווי זי האט זיך איהם פארגעשטעלט, נאר באלד נאך זיין אוועקגעהן איז געקומען מאניש און האט אנגעהויבען דערצעהלען שטארק נייעס און אלערליי אינטרעסאנ־טע פון די היגע געלד־אריסטאקראטען.

דערנאך וועגען זיין חבר"שאפט מיט דעם און יענעם דאקטאר, מיט דעם און יענעם אינטעליגענט. ער האט איהר אפילו דערצעהלט וועגען שאמפאניער, וואס מען האט פאריגע נאכט געגאסען, ווי וואסער לכבוד א מאהלער, וואס איז איצט פון פאריז געקומען, און ער, מאניש איז מיט זיי, מיט די גרעסטע אינטעליגענטען פון שטאדט באפריינדעט.

— ניין, יאקאב וועט קיינמאל אין אזא געזעלשאפט נים אריינפאלען.

דערוויילע האט מען שוין גערעדט וועגען יאקאב"ן. מאניש האט א מאך גע־טאן מיט דער האנד, עט, פונקט ווי ער וואלט דא רעדען וועגען א פארלוירענעם מענשען.

— וואס איז? האט העלא א פרעג געטאן.

— גארנישט, דער מענש האט זיך אריינגעטאן אין וועקסעלאך, האט איינ־נע געשעפטען און א סברה, אז ער וועט שוין נישט באדארפען אין גיכען זיין אויף א פאסטען, ער וועט שוין ווערען אליין א פאבריקאנט.

און העלא האט געפיהלט, אז די לעצטע ווערטער טוען איהר הנאה.

און זי האט זיך געבייזט מיט מאניש"ן

— נו, גאנץ גוט! דער מענש דער־גרייכט טאקע א סך, ער ארבייט א סך...

האט עס מאניש"ן פארדראסען. און ער האט שוין גערעדט רכילות אויף זיין געוועזענעם חבר. ער איז אזוי און אזוי, ער פארגינט זיך נישט צו פארברענגען א מאל אין א קאפע. ער שטיצט נישט זיין ארימע מוטער. ער האט גערעדט אזוי לאנג ביז ער האט געזוירקט. העלא האט איהם שוין צוגעהאלפען, און ביידע צוזאמ־מען האבען זיי צו גארנישט געמאכט יא־קאב"ן.

מאניש האט געזיגט.

אויף מארגען איז העלא געווען ביי בא־קאנטע און דארט האט זי זיך דערוואוסט אז מיט מאניש"ן איז מען זעהר נישט צופריעדען, און גאנץ מעגליך ער זאל אינ־גאנצען זיין פאסטען פארליערען. און א צווייטען ארט האט זי ווידער געהערט וועגען א גרויסע סומע געלד, וואס יאקאב זאל שוין האבען צונויפגעקליבען.

און קומענדיג אהיים איז זי ווידער געלעגען און געטראכט „וועלכען"?

יאקאב איז איהר פרעמד... ניין! בעת ער רעדט און פארטיידיגט זיך, איז ער עפעס אזוי גערעכט, נאר בעת אנדערע ריי־דען וועגען איהם, איז ער איהר אזוי מיאוס און קליינליך.

מאניש... מאניש, קאן צו איהר אזוי הארציג צוגעהן זי ווייס אז מיט יאקאב"ן וועט זי קיינמאל נישט זיין אזוי אפען־הערציג, ווי מיט מאניש"ן...

נאר מאניש פארליערט זיין פאסטען.

אך! ווען מען וואלט פון זיי ביידען קאנען מאכען איינעם...

און עס ציהען זיך אוועק ווייטער אזעל־כע טעג, אונטער איין ארעם האלט איהר מאניש און אונטער"ן צווייטען — יא־קאב.

# לידער

פון אסתר בעקערמאן

## נאר אויסרוהען זיך...

מיט די הענט פארלענגט — און די אויגען פארמאכט
אזוי זיין איך — ביז שפעט — ביז שפעט ביי דער נאכט!

די גלידער אזוי מיעד, און דער קאפ אזוי שווער!..
עס ווילט זיך נים טראכטען און קלעהרען שוין מעהר:

נאר אויסרוהען זיך, אך! — פון זארג און פון לייד —
פארשוואונדען פון מיר, איז פון לאנג שוין, די פרייד!..

— נאר אויסרוהען זיך — און פארגעסען אן אלין:..
עס שטיקען די טרעהרען — — די טרעהרען מיין האלדז!!

## גרויע טעג...

גרויע כמארעדיגע טעג
ציהען זיך ווי שלאנגען: —
איך פיהל זיך אזוי אומעדיג,
איך פיהל זיך ווי געפאנגען...

כ'בענק נאך זיסען בלומען־דופט —
כ'בענק נאך זונען־שטראהלען...
און בענקענדיג פארגעהען טעג
אין שווערע פיין און קוואלען!...

# דאס רויטע צימער

ראמאן פון א. סטרינדבערג

(פארטזעצונג)

— דאס טהוט מען שטענדיג נאך א סך טרינקען.

— מעג איך דיך אנקוקען? זענען דייני אויגען קראנק?

— דאס איז, ווייל איך האב ביינאכט נישט געשלאפען. מיין ליעבע!

— איך וועל געהן, וועסטו קענען דעם מיטאג שלאף האבען.

— געה נישט אוועק! איך וועל דאך נישט קענען שלאפען...

— איך דענק, אז איך מוז יעדענפאלס געהן... און אפשר פאר שטענדיג... איך בין טאקע אייגענטליך נאר געקומען, איך זאל דיר דאס זאגען....

איהר שטימע איז געווארען ווייך און איהרע אויגען ברעמען האבען זיך אראבגעלאזען, אזוי ווי א פארהאנג ביי א טויטען סצענע....

פאלענדער האט געענטפערט

— דאס איז שעהן, אז דו בעסט געקומען, מיר אבצוזאגען...

זי האט זיך אויפגעהויבען און האט זיך ביים שפיגעל דעם הוט אנגעטאן.

— האסטו זארפיום דא? האט זי געפרעגט.

— ניין, דאס האב איך אין טעאטער.

— דו מוסט דיך אבגעוואוינען פון צו רויכערען א ליולקע. דער רויך בלייבט שרעקליך אין די קליידער שטעקען.

איך וועל עס טאן.

זי האט זיך ארומגעדרעהט און האט זיך דאס זאקען בענדעל פערקניפּעלט.

— ענטשולדיג, האט זי געזאגט ווארפענדיג א בעטענדען בליק צו פאלענדערען.

— וואס איז דען? האט ער געענטפערט. מיט א מינע אזוי ווי ער זעהט גאר נישט.

ווייל זי האט גאר נישט געענטפערט, האט ער זיך מוט געמאכט און האט געפרעגט:

— וואוהין ווילסטו געהן?

— איך וויל געהן א קלייד אנמעסטען.

דו דארפסט נישט זיין אונרוהיג, האט זי מיט א נאאיווען טאן געענטפערט.

פאלענדער האט אבער געהערט אין עם ענטפער פאלשע אקצענטען אזוי ווי עס זאל זיין איינשטודירט, און ער האט געזאגט:

— נא, אדיע!

זי איז צו איהם צוגעגאנגען כדי זיך צו לאזען קושען, אבער ער האט איהר ארומגענומען און האט זי שטארק צוגעדריקט צו זיין ברוסט, אזוי ווי ער זאל איה רוועלען דערשטיקען, דערנאך האט ער איהר א קוש געטאן אין שטערען, האט איהר צוגעפיהרט צו די טיר, זי ארויסגעשיקט און האט געזאגט קורץ: אדיע!

## זעכצעהנטעס קאפיטעל
## אין די ווייסע בערג

אין א נאכמיטאג אין מאנאט אויגוסט, איז ארוויד פאלק ווידער געזעסען אין גארטען פון מאזעס־בערג, אבער איצט שוין אליין, ווי ער איז געווען דעם גאנצען זומער. ער איז געזעסען און געטראכט איבער זיינע ערפאהרונגען פון לעצטען ווירטעל יאהר, זייט ער איז דא צום לעצטען מאל געוועזען, מיט א סך האפנונגען און מוטה.

ער האט זיך שוין געפיהלט אלט, מיעד און גלייכגילטיג. ער האט אין די הייזער וואס שטעהען דארט אונטען, אריינגעקוקט. עס זעהט אבעראל אנדערש אויס ער האט געמיינט. ער האט זיך אין די וועלט ארומגעזעהן און די מענשען אונטער פערשיעדענע פערהעלטניסע קענען געלערענט, אזוי ווי א פאלקס דאקטאר אדער א רעפארטער זעהט אלץ. מיט דעם אונטערשיער, וואס א רעפארטער זעהט זיי אזוי ווי זיי זענען.

פאלק האט די געלעגענהייט געהאט זיי צו שטודירען און אלע געזעלשאפטליכע פארמען; ער האט באזוכט דעם רייכסטאג, קירכען־פערזאמלונגען, צוזאמען פון וואהלטעטיגע צוועקען, פאליציי אונטערזוכונגען, בעגרעבענישען און פאלקס־פארזאמלונגען, איבעראל האט ער געהערט גרויסע ווערטער און פיעלע ווערטער, אזעלכע ווערטער וואס מען באנוצט נישט אין טעגליכען געשפרעך, עפּעס באזונדערע מין ווערטער, וואס דריקען נישט אויס קיין שום געדאנק, ווייניגסטענס דעם געדאנק נישט וועלכען מען דארף ארויסזאגען. דורכדעם האט ער זיך אויסגעלערענט די מענשען איינזייטיג בעאורטיילען, און ער האט זיי אלע דערקענט פאר ליגנערישע געזעלשאפט"ס חיה"ס.

וואס ס"איז נאך ערגער געווען איז: ווייל ער האט פארלארען די אכטונג צו זיך אליין! כאטש ער האט קיין איינציגע זאך נישט געטאן מיט וועלכע ער זאל זיך דארפען שעהמען, נאר אנדערע האבען ביי איהם די אכטונג אוועקגערויבט. דאס לאזט זיך זעהר גרינג, איבעראל וואו ער איז געקומען, האט מען ארויסגעציינט גרינגשעצונג. נאך מעהר פערביטערט האט ער זיך געפיהלט, זעהענדיג ווי די קאנסערוואטיווע זשורנאליסטען, וואס פארטיידיגען דעם רעגירעס, אלץ וואס איז אלט, זיי ווערען פון יעדען געאכטעט און געשעצט, אבער דער וואס פארטיידיגט שטענדיג די גערעכטיגקייט, דעם אמת פון דער געזעלשאפט, ווערט באצאהלט מיט אלגעמיינער פאראכטונג.

ער האט זיך איצט געפונען אין א צושטאנד, צווישען פאנאטיזמוס און אבסאלוטע גלייכגילטיגקייט. עס האט נאר אבגעהאנגען אין א מאמענט צו וועלכען ער זאל זיך בויגען.

איבער"ן זומער איז איהם דאס לעבען אזוי פערביטערט געווארען, אז ער האט זיך אויף יעדען רעגען־טאג געפרעהט, און האט צופרידען צוגעזעהן ווי די בלעטער פון די בוימער זענען נעל אויף דער ערד אראבגעפאלען.

אזוי איז ער געזעסען און געטראכט וועגען די ביטערע פארגאנגענהייט און די נאך ערגערע צוקונפט.

א מאגערע ביינערדיגע האנד האט זיך אויף זיין אקסעל געלייגט און א צוויטע האט זיין האנד אנגעכאפט. עס האט זיך איהם געדאכט, אזוי ווי דער טויט זאל איהם צום טאנץ פיהרען און זאל מיט איהם אין דער אייביגער שטילקייט אריינטאנצען. ער האט זיך אומגעקוקט און האט זיך דערשראקען; איינבערג איז געשטאנען נעבען איהם, ווייס ווי א מת, מיט אן אבגעצעהרט געזיכט און עפּעס אזעלכע צומישטע אויגען, נאר דער הונגער קען אזוי מאכען.

— גוטען טאג, פאלק, האט ער שטיל געזאגט און זיין גאנצער קערפער האט גענומען ציטערען.

— גוטען טאג, ברודער איינבערג, — האט פאלק גוטמוטיג געענטפערט. זעץ דיך און טרינק א טאס קאווע. ווי געהט עס? דו זעהסט אויס אזוי ווי דו וואלסט אונטער"ן אייז געלעגען.

— א, איך בין אזוי קראנק געוועזען, אזוי קראנק!

— דו האסט געהאט אזא ביטערען זומער ווי איך.

— איז ער אויך פאר דיר אזוי שווער געוועזען? — האט איינבערג געפרעגט קוקענדיג אויף פאלק"ס פנים.

— איך דאנק גאט, אז דער פארפלוכטער זומער איז שוין פאראיבער! פאר מיינעטוועגן וואלט נעקענט א גאנץ יאהר זיין ווינטער! עס איז נענוג שלעכט וואס מען ליידעט אליין, איז אבער נאך ערגער וואס מען זעהט, אז אנדערע פרעהען זיך, איך האב אויף קיין מינוט נישט פערלאזען די שטאדט! האסטו אפשר?

— איך האב אפילו קיין בוים פאר מיינע אויגען נישט געזעהן. זיים לונדעל האט פערלאזען ליליאנס! פאר וואס זאל מען טאקע מוזען זעהן בוימער, עס איז טאקע נישט נויטיג, און אזוי מערקווירדיג איז עס אויך נישט, נאר ווייל מען קען עס נישט האבען דאס איז ביטער.

— אין מזרח ווערט וואלקענדיג, מארגען וועט זיין רעגען: באלד וועט זיין הערבסט, לחיים, ברודער!

איינבערג האט געקוקט אויפ"ן פונש און עס האט זיך איהם געדאכט, אז עס איז סם. ער האט אבער פארט געטרונקען.

— אזוי, דו האסט די שעהנע געשיכטע פון"ם שוצענגעל, אדער פון דער זעפערזיכערונגס געזעלשאפט טריטאן, געשריעבען? — האט פאלק געפרעגט, איז דאס נישט געווען קענען דיין אייגענער איבערצייגונג?

— איבערצייגונג? איך האב נישט קיין איבערצייגונג!

— האסטו טאקע נישט?

— ניין! נאר נארישע מענשען האבען איבערצייגונגען.

— ביזטו אונמאראליש, איינבערג?

— ניין! זעהסטו, ווען א נארישער מענש, האט עפּעס א געדאנק, פון זיך אדער פון אן אנדערען, מאכט ער דעם געדאנק פאר זיין איבערצייגונג. ער האלט זיך אזוי פעסט מיט דעם און באריהמט זיך מיט דעם: נישט ווייל עס איז אן איבערצייגונג, נאר ווייל עס איז זיין איבערצייגונג, די פערזיכערונגס געזעלשאפט איז טאקע א געמיינער שווינדעל, זי בעשווינדעלט פיעלע מענשען, אבער צו דער זעלבער צייט אבער, טוט זי גוטעס צו די דירעקטארען און צו די וואס ארבייטען ביי זיי, נו טוט זי דאך פיעל גוטעס אויך.

— פריינד! האסטו דען פערלארען אלע באגריפען פון עהרע.!

— מען מוז אלצדינג צו זיין פליכט אפּפערען.

— יא, דאס גיב איך צו!

— דעם מענשענס ערשטע און גרעסטע פליכט איז, צו לעבען — לעבען אום יעדען פרייז! דער געטליכער געזעץ פארדערט: דער מענשליכער געזעץ פאדערט עס!

— די עהרע אבער דארף מען נישט אפּפערען.

— ביידע געזעצען פאדערען עס, אזוי ווי איך האב געזאגט. מען דארף מיט אלץ אפּפערען.

— דו האסט נישט קיין גוטע מיינונג פון לעבען!

— פון וואנען זאל איך עס האבען?

— יא, דאס איז אמת!

— רענהעלם האט מיר א בריעף געשריעבען, ווען דו ווילסט וועל איך דיר א פאר שטעלען פארלעזען.

— ווי איך האב געהערט, איז ער צום טהעאטער געגאנגען.

— יא, ווי עס זעהט אבער אויס איז ער דארט אויף גוטע צרות.

איינבערג האט ארויסגענומען א בריעף פון זיין בוזעם־קעשענע און נעהמענדיג א שטיקעל צוקער אין מויל אריין האט ער געלעזען:

— „ווען עס איז דא ערגעץ אין דער צווייטער וועלט א גיהנם, און וועלכען איך צווייפעל זעהר...“

— דער בחור איז געווארען א פריידענקער!

— „קיין גיהנם קען נישט ערגער זיין ווי איך האב עס איצט, שוין צוויי מאנאט בין איך ביים טהעאטער, און מיר דאכט זיך, אז עס זענען שוין צוויי יאהר, א טייוועל, וואס איז פריהער געווען א זאטעל־מאכער געזעלען, און איז איצט טהעאטער דירעקטאר, ער האט איצט מיין שיקזאל אין דער האנד, און טוט מיט מיר וואס ער וויל. ער האט דעם קאנטראקט אזוי טייוואליש פארזיכטיג געשריעבען, אז ווען איך זאל וועלען אוועק פון איהם, וועט ליידען די עהרע פון מיינע עלטערען“.

„שטעל דיך נאר פאר, יעדען אווענד מוז איך אלס שטאטיסט אויפטרעטען און איך האב נאך קיין ווארט נישט אויסגערעדט, צוואנציג אווענדען כסדר, האב איך מיר געמוזט מיין פנים פערשמירען, אנטהאן קליידער וועלכע פאסען נישט צו מיין פיגור און פארשטעלען א ציגיינער. איך האב זיך געמוזט אויף די ביהנע אוועקשטעלען, נאר נישט זאגען, נאר לאזען יעדען פון מיר לאכען“.

„עס זעהט אויס, א זער האט מיך בלויז צוגענומען צו זיין פריוואט פערגעניגען נישט פאר"ן טהעאטער. איך האב איהם אמאל אויפמערקזאם געמאכט, אז ער זאל מיר געבען א ראליע צום רעדען, ווייל איך מוז דאך אויך רעדען אויסלערנען, האט ער מיר געענטפערט: „אז צוערשט מוז מען קריכען אידער מען גען געהן!“

ווען איך האב איהם געענטפערט, אז איך קען שוין געהן, האט ער געזאגט, אז עס איז א ליגען און האט געפרעגט: אויב איך דענק, אז די שוישפּיעלער קונסט, די שעהנסטע קונסט פון אלע, פאדערט נישט קיין שולע? ווען איך האב איהם געענטפערט אז דאס איז מיין מיינונג און אז איך קוק שוין ארויס ווען איך וועל אנפאנגען צו לערנען אין דער שולע, האט ער געזאגט, אז איך בין אן אנגעבילדעטער הונד און ער וועט מיך ארויסווארפען.

„דאס ערגסטע איז אבער פון דעם אלעם, וואס איך האב פערלוירען די אכטונג פאר דיעזען קונסט, וואס איז געווען דער חלום און די ליעבע פון מיין יוגענד, קען איך דען ליעב האבען א קונסט, ווען איך זעה, אז עס קומען מענשען פון גאס אהן ערציהונג, אהן בילדונג, אהן באגייסטערונג און פערשטאנד, און נאך א פאר וואכען קריגען זיי כאראקטער ראלען, היסטארישע ראלען און שפּיעלען זיי פערדראסט שלעכט, זיי וויסען גאר ניט דעם כאראקטער וואס זיי שטעלען פאר, פארשטעהט גאר ניט אין וואס פאר א צייט די דראמע האט זיך געשפּיעלט, בלויז זיי רעדען ווערטער, גראב און וואולגאריש. און איך מוז דאס אלץ צוזעהן שוועלען דעם פעריסטען קאמישען ציגיינער און קיין ווארט אויף דער ביהנע נישט אויסריידען“.

„קענסט דיר פארשטעלען, ליעבער פריינד, וואס איך לייד. עס דאכט זיך מיר איינמאל, אז דער טוולישער דירעקטאר וויל מיך ביסלעכווייז טויטען.

„עס איז אבער דא איין ליכטיגער פונקט אין דער דאזיגער טונקעלהייט: איך בין פערליעבט. דאס מיידעל איז פון ריינעם גאלד. זי ווערט נאטירליך אונטערדריקט און ווערט נעטרעטען, זייט זי האט מיט שטאלץ און פעראכטונג דעם רעזשיסאר צוריקגעוויזען זיין שענדליכען פערלאנג. זי איז די איינציגע פרוי מיט א לעבעדיגע נשמה צווישען די אלע חיות וואס קריכען דא ארום אין שמוץ, און זי ליעבט מיך מיט איהר גאנצער נשמה.

פארטזעצונג פאלגט.

---

די סיגאר מייקערס יוניאן האט געמאכט א יובילעאום צו דער געלעגענהייט דאס עס איז שוין א יאהר זינט די יוניאן סטרייקט מיט דער האוואנא סי גאר קא.

און די אינטערנאציאנאלע רעפארם־ביורא קלייבט זיך צו שטעלען א מאנומענט נאך טאבעקא...

# אידישע נייעס פון אלע וועלט טיילען

## „דזשאינט דיסטריביושאן קאמי־טע“ גיט אוס מיליאן און 305 טויזענד דאלאר דורך וויענער ברענטש.

די „דזשאינט דיסטריביושאן קאמיטע“ האט נאר וואס ערהאלטען א באריכט פון איהר ברענטש אפיס אין וויען, עסטרייך, וועלכער גיט א בילד פון שרעקליכער עלענד, נויט און קראנקהייטען וואס הער־שען צווישען די טויזענדע אידישע פליכט־לינגע, וועלכע האבען געזוכט שוץ אין דער הויפט שטאדט פון עסטרייך אין פאר־לויף פון לעצטען וועלט קריעג, ווי אויך א רעכענונג פון דעם וואס דער ברענטש אפיס פון דער „דזשאינט דיסטריביושאן קאמיטע“ טוט צו לינדערען די ליידען פון די דאזיגע אונגליקליכע אידען.

די אידישע פליכטלינגע זיינען מיים־טענס פון גאליציען, בוקאווינע און ארץ ישראל, און א קליינער צאהל, איבער הונ־דערט זיינען געקומען פון ענגלאנד, פראנקרייך און בעלגיען. א היבשער פראַ־צענט פון די פליכטלינגע זיינען אויך סאלדאטען, וועלכע זיינען געקומען קיין וויען, ווייל זיי האבען ניט געקענט צו־ריקקעהרען אהיים. צוליעב דעם וואס די פאליאקען און די אוקראינצעס האבען פארוואנדעלט זייערע געבורטס שטעדט אין א שלאכטפעלד.

צווישען די עלענדע פליכטלינגע האַ־בען זיך געפונען א היבשע צאהל סטו־דענטען און יתומים, וועמעס עלטערען זיינען געקומען קיין וויען זוכען שוץ פון קריעג און דארטען געפונען זייער טויט.

אלע פליכטלינגע אהן אויסנאהמע זיי־נען געווען אין גרויס נויט מאטעריעל, דערשלאגען גייסטיג, און זעהר הילפלאז. זאלאנג עסטרייך און אונגארן זיינען נאך געווען פעראייניגט, האבען די אידישע אנשטאלטען געקראגען א קליינע געלד שטיצע פון דער צענטראלער רעגירונג פאר די אידישע פליכטלינגע. די שטיצע איז אפילו קנאפ אויף אנצוזעטיגען די הונגעריגע, אבער זי האט געהאלפען דער־האלטען זיי ביים לעבען און ניט דערלאַ־זען זיי שטארבען פון הונגער.

אבער לעצטען פריהלינג, ווען עסטרייך און אונגארן זיינען געווארען אפיציעל פאנאנדערגעטיילט, און אויך גאליציען האט אויפגעהערט צו זיין א טייל פון עסטרייך, האבען די אידישע אנשטאל־טען אויפגעהערט צו קריגען די געלד שטיצע פון דער רעגירונג, און די אידישע פליכטלינגע זיינען געבליעבען ווי אויפ'ן וואסער.

דא איז די „דזשאינט דיסטריביושאן קאמיטע“ געקומען צו הילף. איהרע פאר־טרעטער, וואס האבען דאן באריזט די מלחמה לענדער, האבען ארגאניזירט אין וויען א ברענטש אפיס פון דער קאמיטע, וועלכער, צוזאמען מיט א קאמיטע פון פארטרעטער פון אלע אידישע עלעמענטען אין וויען, האט זיך גענומען העלפען די אונגליקליכע אידישע פליכטלינגע.

פון יוני ביז ענדע דעצעמבער, 1918, איז דורך דעם וויענער ברענטש אפיס, אויסגעגעבען געווארען אויף אלע פארמען פון הילף די סומע פון א מיליאן און 305 טויזענד דאלער.

די ערשטע ארבייט פון ברענטש אפיס ווען ער האט זיך געעפענט, איז געווען צו רעדזשיסטרירען די אלע פליכטלינגע וואס האבען זיך גענויטיגט אין הילף און צו פאר־צייכענען וועלכע סארט הילף זיי האבען גענויטיגט. צווישען יוני און דעם ערשטען אקטאבער האבען זיך רעדזשיסטרירט 5,102 אידישע נפשות, און אלע האבען זיך ווירקליך גענויטיגט אין שטיצע.

דער וויענער ברענטש אפיס פון דער „דזשאינט דיסטריביושאן קאמיטע“ האט נאטירליך ניט געווארט ביז מאנאט אָק־טאבער מיט געבען הילף. ער האט גלייך פון סאמע אנפאנג געהאלפען די פליכט־לינגע, און זינט דאן איז זיין הילפס טהע־טיגקייט געווארען מעהר פארצווייגט.

יעצט איז דער וויענער ברענטש אפיס פון „דזשאינט דיסטריביושאן קאמיטע“ טעטיג אויף די פאלגענדע אכט געביעטען:

1. רעגעלמעסיגע געלד שטיצע.

א. צו מענער און פרויען איבער 55 יאהר אלט, פאר זיך און זייערע פאמיליען; ב. צו פאמיליעס פון מלחמה געפאנגענע מענער; ג. צו אלמנות און זייערע קינדער; ד. צו רבנים, ישיבה בחורים, לעהרער; ה. צו פראפעסיאנעלע מענשען.

2. שפייז שטיצע.

פרייע קיכען ווערען אויסגעהאלטען פאר פליכטלינגע, און ספעציעלע קיכען פאר ארימע סטודענטען און שילער פון אידי־שען לעהר סעמינאר, וועלכע קריגען מאָל־צייטען צוויי מאל טעגליך, ביי טאג און אין אבענד.

3. די הילף פאר קראנקע.

ספעציעלע איינריכטונגען זענען גע־מאכט געווארען צו געבען קראנקע אידען פרייע מעדיצינישע הילף און נויטיגע שפייז פראדוקטען ווי מילך, אייער און ד.ג. חולאים וואס האבען געמוזט בלייבען אין הויז, פלעגען באזוכט ווערען פון א דאק־טאר, די איבעריגע פלעגען באזוכען דעם שפיטאל, וואס איז ספעציעל געעפענט געווארען פאר דעם צוועק.

ביז'ן מאנאט סעפטעמבער האבען אי־בער צוויי טויזענד אידישע חולאים גע־קראגען פרייע מעדיצינישע הילפע, און 417 פון זיי, וועלכע זיינען געווען ערנסט קראנק, זענען געשיקט געווארען פאר ער־האלונג נאך בארג-פלעצער און סאניטא־ריומס;

נאך 302 חולאים, וועלכע האבען זיך גענויטיגט אין ספעציעלער מעדיצינישער הילף, זענען אויסגעהאלטען געווארען אויף דעם חשבון פון „דזשאינט דיסטריביושאן קאמיטע“ אין פארשיעדענע האספיטאלען

דער ברענטש אפיס פון דער קאמיטע האט אויך א ספעציעלע געלד שטיצע צום „בריגיטא האספיטאל“ אין וויען, פאר אריינגעמען אידישע קינפעטארינס און סתם אידישע פרויען וואס ליידען פון פרוי־ען קראנקהייטען.

4. קינדער הילף.

דער וויענער ברענטש פון „דזשאינט דיסטריביושאן קאמיטע“ שטיצט עטליכע יתומים אנשטאלטען, וואו עס האלטען זיך אויף די יתומים פון אידישע פליכטלינגע וואס זיינען געשטארבען אין וויען, אדער פון אידען וואס זענען געפאלען אין שלאכט 336. אזעלכע יתומים געפינען זיך אין איין אנשטאלט, און 23 יתומות אין א צווייטען עס ווערען יעצט געמאכט פארבערייטונגען אפצוטיילען די אינגלאך פון די מיידלאך און ערציהען זיי באזונדער. דער וויענער ברענטש אפיס האט שוין געקויפט פאר דיזען צוועק עטליכע געביידען פון וויענער שטאדט פארוואלטונג.

דער וויענער ברענטש אפיס פון „דזשאינט דיסטריביושאן קאמיטע“ זארגט אויך פאר קליינע אידישע קינדער וואס זענען ניט יתומים, אבער וועלכע זיינען אזוי אויסגע־מאגערט און אפגעצעהרט פון הונגער און קעלט און קראנקהייטען, דאס זיי נויטיגען זיך אין ספעציעלער אויפפאסונג. דער דא־זיגער ברענטש האט, מיט דער הילף פון אידישען נאציאנאלען ראטה פון עסטרייך, אויסגעווירקט אז אידישע אנשטאלטען און פריוואט פאמיליעס אין האלאנד, שווייץ, און דענעמארק זאלען נעהמען אויף זיך צו זארגען פאר אזעלכע קינדער. 1450 קינ־דער זענען אויף אזא אופן געשיקט געווא־רען אין ערהאלונגס פלעצער, 160 קינדער זענען געשיקט געווארען אין ספעציעלע סאניטאריומס, און נאך א היבשע צאהל איז געשיקט געווארען צו פריוואט פאמי־ליען.

5. וואוינונג פאר פליכטלינגע.

א גרויסע צאהל אידישע פליכטלינגע, וועלכע פארדיענען ניט גענוג צו קענען באצאהלען פאר א דירה, האלטען זיך אויף אין דער „היים“ פון אידישע ארבייטער אין וויען. אין דער זעלבער היים האבען וואוינונג אויך די אידישע לערלינגע, וועל־כע די „דזשאינט דיסטריביושאן קאמיטע“ האלט אויס, די קאמיטע גיט דער „היים“ צושטייער אויף איהרע קאסטען דערפאר וואס זי לאזט די דערמאהנטע פליכטלינגע און לערלינגע וואוינען דארטען.

6. קא־אפעראטיוועו.

ארום צוועלף הונדערט אידישע פאמי־ליעס באנוצען זיך מיט דער קא־אפעראַ־טיווע פון אידישע ארבייטער און אנגע־שטעלטע. די פאמיליעס קויפען שפייז או אנדערע נויטיגע פראדוקטען אין קא־אפע־ראטיוו צו מעסיגע פרייזען, און ד[י] דזשאינט־דיסטריביושאן קאמיטע שטיצט דערפאר די קא־אפעראטיווע מיט א הלואה און סתם געלד שטיצע.

7. לאקאלע צדקה טעטיגקייטען.

די „דזשאינט דיסטריביושאן קאמיטע“ שטיצט אויך רעגעלמעסיג די וויענער לא־קאלע אידישע צדקה טעטיגקייטען, וועל־כע ווערען אנגעפיהרט פון מאדאם אניטא מעללער.

8. צוריקגעשיקטע פליכטלינגע.

דער ברענטש אפיס אין וויען באשעפ־טיגט זיך פיעל אויך מיט צוריקשיקע אידישע פליכטלינגע אהיים. דער אפיס האט שוין צוריקגעשיקט פליכטלינגע פון ענגלאנד, פראנקרייך און בעלגיען, 91 פליכטלינגע פו[ן] ארץ ישראל, און באמיהט זיך יעצט אפצושיקען פון וויען די אידישע פליכטלינגע פון גאליציען און בוקאווינא, ווי אויך די מלחמה געפאנגענע, וועלכע זענען צוליעב מאנגעל אין געלד מיטלען געבליבען שטעקען אין וויען אויף זייע וועג אהיים.

די „דזשאינט דיסטריביושאן קאמיטע“ האט ביז דעם 18־טען דעצעמבער אויס־געגעבען דורך איהר ווינער ברענטש אפיס די סומע פון איין מיליאן מיט 305 טוי־זענד דאלער. 102 טויזענד דאלער פון די־זער סומע איז אויסגעגעבען געווארען אויף שפייז, דאס איז אויסער דעם האלבען מי־ליאן פונט כשר'ע פלייש וואס די „דזש. דיסטריביושאן קאמיטע“ האט געשיקט מיט א געוויסער צייט צוריק קיין האלאנד, פון וואנען עס וועט אפגעשיקט ווערען קיין וויען, אזוי שנעל ווי דער באהן־פארקעהר וועט עס ערלויבען.

## פראבע פאר א העברעאישען טעאטער אין ניו-יארק.

די אידישע טעאטער וועלט וועט אין קורצען באַרייכערט ווערען מיט א גרויסען חשוב'ן גאסט, נעמליך, אונזער גברה, די העברעאישע שפראך.

די הסתדרות עבריה באמעריקה, וועל־כע פיהרט איצט אן א שטארקע טעטיג־קייט אויפצולעבען די העברעאישע שפראך און איינצופלאנצען די ליעבע צו העברע־איש צווישען די אידען אין אמעריקא, האָ ארגאנזירט א העברעאישע טרופע צו גע־בען העברעאישע פארשטעלונגען אין ניו־יארק ווי אויך אין אנדערע שטעדט אין אמעריקא. די ערשטע העברעאישע פאר־שטעלונג וועט זיין אין אנהויב מערץ אין אוירווינג פליים טעאטער, ניו־יארק.

פראבען פאר די ערשטע העברעאישע טעאטער פארשטעלונגען ווערען שוין גע־מאכט. עס וועט אויפגעפיהרט ווערען „דאס נייע געטא“, פון דר. טהעאדאר הערצעל, איבערזעצט אין העברעאיש פון ראובן ברייניז. מיט דיעזער פארשטעלונג וועט געלעגט ווערען דער פונדאמענט פאר א שטענדיגער ביהנע אין אמעריקא.

די העברעאישע פארשטעלונג ווערט צו־געגרייט אונטער דער דירעקציאן פון מר. הענרי לינג. דער טאלאנטפאלער שוישפיע־לער, אברהם טייטעלבלום, וועט שפיעלען די הויפט ראלע אין דער שטיק, „די נייע געטא“. די העברעאישע פיעסע ווערט איינגעשטודירט אונטער דער רעזשי פון דעם יונגען קינסטלער, מארק שוועיד, וועל־כער וועט אליין אויך אויפטרעטען אין איינע פון די ראלען.

——::——::——

דער רויטער מגן דוד פאר די פאגראם געליטענע אין אוקראינא

דער פינאנץ דעפארטמענט ביי דער ציוניסטישער ארגאניזאציע אין לאנדאן האט ערהאלטען פון רויטען מגן דוד אין ירושלים די סומע פון 317 פונט, וואס איז דורך איהם צוזאמענגעקליבען געווארען פאר די פאגראם געליטענע אין אוקראינע און פוילען. אין די נדבות האבען זיך באַ־טייליגט ירושלים מוצא, חברון, יבניאל און דמשק.

——::——::——

די מזרחי און דער גאולה-פאנד.

די מזרחי ארגאניזאציע אין לאנדאן האט בי איהר לעצטער קאנפערענץ באַ־שלאסען זיך צו באטייליגען אין דער אר־בייט פון גאולה־פאנד נור בתנאי, אז א גרויסע טייל פון די זאמלונגען זאל בא־נוצט ווערען פאר די ארטאדאקסישע ער־ציהונגס אנשטאלטען אין ארץ ישראל.

The only Jewish Paper Printed in Michigan

# דער וועג

The Detroit Jewish Daily

די איינציגע אידישע צייטונג געדרוקט אין מישיגאן סטייט

Published Daily by DER WEG PUBLISHING CO.

347-49 HASTINGS STREET Telephone Main 3715

Published and distributed under permit No. ... authorized by the Act of October 6, 1917, on file at the Post Office of Detroit, Michigan. By order of the President, A. S. Burleson, Postmaster General."

PRICE 2c. DETROIT, MICH., Monday, January 19th, 1920 Vol. 1, No 193 מאנטאג, יאנואר 19טען, 1920.


## פאר וואס אמעריקא ציהט צוריק איהר ארמיי פון סיביר

וואשינגטאן, יאנ. 17. — דער סטייט־דעפארטמענט האט געלאזט וויסען די יאפאנעזישע רעגירונג די אורזאכען פון דעם אמעריקאנעם צוריקציהען זיך פון סיביר.

די אמעריקאנישע רעגירונג ערקלערט אז די ציעלען צוליעב וועלכע איהרע סאלדאטען זענען אין סיביר געשיקט געווארען זענען דערגרייכט געווארען.

די ערקלערונג פון'ם סטייט דעפארטמענט איז אן ענטפער צו יאפאן'ס אנפראגע, צי אמעריקא וועט שיקען פארשטארקונגען אין סיביר, נאו די לאגע פאר די אנטי באלשעוויקעס איז געווארען א געפעהרליכע צוליעב די לעצטע סאוועטען נצחונות.

דער ענטפער זאגט, דאס אנצוהאלטען די איצט־עקזיסטירענדע לאגע וועט אריינציהען אמעריקא אין אונטערנעהמונגען פון אזא אונקלאהרען כאראקטער, וועלכער מאכט זיי פאר ניט ראטזאם.

ווייטער זאגט זיך דארט:

„די רעגירונג פון די פאראייניגטע שטאטען זעהט איין, דאס צו שיקען פאר־...

## בלאקאדע ארונטערגענומען געגען דעם טיגער'ס עקשנות

בלאקאדע ארונטערגענומען געגען דעם טיגער'ס עקשנות.

פאריז, יאנ. 18. — ווי ס'זעהט אויס, זענען ניט אלע פרעמיערען געווען איינשטימיג בנוגע דעם נעכטיגען באשלוס צו פיהרען אונגעשטערט קאמערציעלע פארהאנדלונגען מיט דער סאוועטען־רעגירונג.

לאיד דזשארדזש, ענגלישער פרעמיער, האט דעם פארשלאג געמאכט, כדי צו בארוהיגען די ענגלישע ארבייטער. פרעמיער ניטי פון איטאליען האט לאיד דזשארדזשן אונטערשטיצט, ערקלערענדיג, דאס דער דאזיגער באשלוס וועט האבען א גוטע ווירקונג אויף דער פאליטישער מיינונג פון זיין פאלק.

קלעמאנסא, דער פראנצויזישער „טיגער", האט פון אנפאנג זיך פעסט געגענשטעלט צו איטענר וועלכע פארהאנדלונגען מיט די באלשעוויקעס. ער האט, ענדליך, געמוזט צו שטימען צו דעם אנגענומענעם באשלוס. ער האט באשטאנען, דאס דער לעצטער פאראגראף פון דעם אנגענומענעם באשלוס — אז די שטעלונג פון די אליאירטע צו דער סאוועטען רעגירונג ...

פארשטעהער זענען איצט זעהר באאונרוהיגט. זיי האבען פאר די לעצטע מאנאטען אנגעוויזען זייערע רעגירונגען אויף דער גרויסער געפאהר, וואס שטעהט פאר אייראפא פון דעם, וואס די אנטי באלשעוויסטישע מחנות זענען צושלאגען געווארען. זיי וואונדערען זיך איצט, וואס דער פאריזער קריעגס־ראט האט גאר ניט געשענקט קיין אויפמערקזאמקייט צו זייערע דייד און אנשטאט צו ארגאניזירען א שטארקע ארמיי צו באקעמפען די „רויטע געפאהר", באשליסט ער נאר צו האבען קאמערציעלע פארהעלטניסע מיט דער סאוועטען רעגירונג.

## די ווירקונג פון דער בלאקאדע ארונטערנעהמען אויפ'ן יקרה

## דעטראיטער ארעס־טירטע „רויטע" וועלען מעגליך באפרייט ווערען

דעטראיטער ארעסטירטע „רויטע" וועלען מעגליך באפרייט ווערען.

אזוי זאגען מיליטערישע בעאמטע. זיי גלויבען דאס מ'וועט שוין ניט מעהר דעפארטירען פרעמדע ראדיקאלען.

נויארק, יאנ. 18. — נאך אלע וואהרשיינליכקייטען וועט מען ניט דעפארטירען די 36 „רויטע", אהער געבראכטע פון דעטראיט, און די 400 ארעסטירטע ראדיקאלען וועלכע זיצען איצט פאר־...

## באלשעוויקעס ארגאניזירען קאמי־טעט צו באקעמפען אנטיסעמיזם

(ספעציעל צום „וועג").

קאפענהאגען, יאנ. 18. — די אינטערנ. אידישע קאר ביורא מעלדעט, דאס די עבסעקציע בעאמטע פון סאוועטען־רוסלאנד האבען ארגאניזירט א ספעציעלען קאמיטעט, וועלכער וועט מיט אלע כחות באקעמפען אנטיסעמיטישע העצערייען אין סאוועטען־לאנד. דער קאמיטעט באשטעהט פון לענין, לונאטשארסקי, מאקסים גארקי און נאך פיעל אנדערע באלשעוויסטישע קאמיסארען.

## ישראל זאנגוויל אטאקירט וויע דער די „עלייעס".

(ספעציעל צום „וועג").

## אידישע קאנפערענץ אין מינסק נעמט אן וויכטיגע רעזאלוציעס

(ספעציעל צום „וועג").

## רבי בערלין ערוועהלט פארזיצענדער פון מזרחי־קאנפערענץ.

## ליטווינישע רעגירונג אנער־קענט אידישע קהלות

(ספעציעל צום „וועג").

## עדוואַרד פראנץ זעהר צופרידען פון זיין ווייבעלס אנטלויפען

## ענגלישער גענעראל לויבט ציוניסטען.

## וועלען פארערען שארערנעס פאר אידיש געליטענע.

## וועגען די קליידער פאר די מלחמה און פאגראם קרבנות

וויי די פיפעלס רעליעף ארגאניזאציע גיט איבער, איז די נעכטיגע חויז צו הויז זאמלונג צו קריעגען קליידער פאר די אידישע מלחמה און פאגראם־קרבנות געווען זעהר ערפאלגרייך. זי בעט אבער די אלע, וועלכע האבען ביי זיך אנגעגרייט פעקלאך מלבושים, נאר וועמען די וואלונטירען האבען ניט געהאט צייט צו באזוכען. זיי זאלען צושיקען די קליידער צום רעליעף אפיס אין פאל זיי קענען עס ניט טאן, זאר־לען זיי טעלעפאנירען צו דער רעליעף ארגאניזאציע (קעדילאק 2061) און מ'וועט שוין ביי זיי די פעקלאך אפנעמען.

די הילפס ארגאניזאציע בעטעהר, דאס אידישע פרויען זאלען וואלונטירען צום סארטירען די פעקלאך וועלכע האבען זיך אנגעקליבען פון די דריי קאמפיינס.

אידישע פרויען! טוט אייער פליכט צו אייערע פארוואגלטע ברידער און שוועסטער און העלפט אונז אין אונזער ארבייט.

די קליידער ווערען סארטירט אין 763 בוביען סט.

## טעכטער געזוכט

מר. סארווער פון 137 ליווינגסטאן האט ערהאלטען בריעף פון ברעסט־ליטאווסק פון א מוטער צו איהרע צוויי טעכטער.

## א אידישער ארטיסטען צוזאַ־מענפאהר אין פוילען

## הענדערסאן אטאקירט פוילישע פרא־וואקאציע וועגען דער סאוועט־טען געפאהר

## ארעסטער אידען אנגעקומען קיין ארץ ישראל.

## דאלאר פאר די מלחמה קרבנות געבראכט אין „וועג".

## פראנקרייך שיקט איד־ ... שאר קיין דייטשלאנד

## אונגארישער שטאטספאל־עס־נען אנטיסעמיטיזם.

## לואיס בעט „אינדושאנקשאן" געגען די פיילעו־מאגנאטען.

## 5,800 אמעריקאנער סאלדאטען פארלאזען די וואר סיביר.

איר קענט היינט נאכאמאל אנהויבען לעזען אונזער נייעם ראמאן „אינטעליגענטען" פון י. מ. סאלאמאן

# עניים ואביונים

## אדער גליקליכע און אומגליקליכע

ראמאן — פון מרדכי ספעקטאר

(פארטזעצונג)

ווען איהר גיט איהם א נדבה מיינט ניט אז ער רעכענט אז איהר טוהט איהם א טובה, נאר פונקט פארקעהרט, דערמיט וואס ער האט גענומען האט ער אייך געטאהן א טובה, ווארום וואו וואלט איהר גענומען „עולם הבא״ אויף יענער וועלט, ווען עס זאלען אויף דער וועלט ניט זיין קיין אביונים וואס זאלען ביי אייך צו־נעמען אער „צדקה״ — צדקה איז דאך דעם אידען מציל פון אלע זינד.

אויב איהר האט ליעב אמאהל זיך צו־הערען ווי די אביונים הערען צווישען זיך ווען זיי געהן ארום איבער דער שטאדט קאמפאניעס ווייז — קענט איהר הערען אזוינע שמועסען.

זיי לאזען זיך ארויס פון ר' יענקיל דעם בעל הבית הויז, וואס דארט זאגט מען קיין מאהל ניט אב קיין ארימאן א נדבה.

— כ'לעבען איך בין איהם מקנא, זאגט איינער פון דער קאמפאניע אביונים.

— וועמען ביזט דו מקנא?

— ר' יענקלען.

— פארשטעהסט זיך, דו האסט גרויסע אויגען, דארום ביזט דו איהם מקנא וואס ער האט א שעהנע דירה, און א סך געלד, ניט אומזיסט ביזט דו שוין בלינד אויף איין אויג.

— חס ושלום, ווער האט נאר אזא גרויסע תאוה, איך בין איהם גלאט מקנא וואס ער בעט זיך גוט — ער האט שכל ווי זיך צו בעטען אז אויף יענער וועלט זאל איהם זיין ווייך צו ליגען.

פארשטעהסט זיך, דער וואס האט שכל זיך צו בעטען אויף דער וועלט, דעם איז גוט צו ליגען אויף יענער וועלט, מען מעג טאקע ר' יענקלען מקנא זיין.

שפעטער אביסעל געהן זיי ארויס פון לייבקעס שטוב וואס דארט גיט מען א מאל יא א נדבה און א מאל ניט, איצטער האט מען זיי גראדע אויך ניט געגעבען.

איין ארימאן שעלט לייבקען מיט אלער־ליי קללות.

— וואס שעלסט דו איהם אזוי? פרעגט איהם א צווייטער.

— וואס היסט: וואס? מען געהט זיך אב די פיס צו איהם איידער ער גיט א גראשען, עס זאלען איהם נאר די פיס אזוי וועה טהון ווי מיר, וואלט ער געוואוסט ניט צו געבען.

— פארשפארסט איהם שוין צו שעלטען ענטווערט דער צווייטער מיט א זיפץ, פונקט ווי ער באקומט רחמנות אויף ר' לייבקען.

— פאר וואס? ער איז דען איין ארימאן ער האט דען גיט צו געבען? דאכט זיך ער האט א גרויסע שטוב און איז א נגיד.

— מיט זיין גאנץ נגידשאפט האט מען איהם גיט וואס מקנא צו זיין, איהם איז נאך פיעל ערגער פון דעם גרעסטען אביון אין דער וועלט.

— פאר וואס?

— וואס פרעגסט דו נאך, וואס פאר א פנים וועט ער האבען מיט זיין גאנץ נגידשאפט אז עס וועט קומען די צייט און גאט וועט איהם זאגען: לייבקע זיי זיך נאר מטריח צו מיר, גענוג געקאמאנדעוועט אויף דער וועלט, און וועט ביי איהם אנ־הויבען אבצונעמען חשבון: וואס האסט דו לייבקע עפעס געטוהן אויף דער וועלט, און גאט וועט איהם פריער פאר אלעם פרעגען: האס דו לייבקע, עפעס דארט געגעבען מיינע אביונים ליך א סך צדקה? דו ווייסט דאך אז איך גאט האב די אביו־נים ליעב בעסער ווי אלע מענשען אויף דער וועלט. היינט וואס וועט איהם לייבקע האבען וואס צו ענטווערען? ער וועט בליי־בען שטעהן און וועט זיך קיין ארט גיט קענען געפינען, ער וועט שוין רענסטמאל וועלען אוועקגעבען אונז זיין גאנץ פאר־מעגען, נאר מען וועט איהם זאגען: אזאס! ברודעריל לייבקע, איצטער איז שוין פאר־פאלען, איך גאט האב נאר ליעב אז מען גיט צדקה אויף יענער וועלט, דא העלפט שוין גאר גיט! און מען וועט באלד א שאף טהון מען זאל לייבקען אבשיקען אהין, וואו עס ברענט און בראט, אהין וואו אלע אידישע אבגעגאלטע בערד געפינען זיך. מען וועט איהם אלע טאג אויפצוועניש דורכפיהרען נעבען גן עדן און מען וועט איהם אנווייזען אויף ר' יענקלען וואס ער האט אונז שטענדיג געגעבען נדבות, ווי ער זיצט אויף א גאלדערנער שטוהל און שאפט מיט אלע מלאכים ווי מיט משרתים און דערנאך וועט מען לייבקען צוריק אבשיקען אין זיין רוהע! היינט וואס האסט דו איהם נאך צו שעלטען אז ער האט קיין שכל ניט זיך גוט אויסצובעטען אויף דער וועלט עס זאל איהם זיין גוט צו ליגען אויף יענער וועלט, אונז אביונים איז אלין איינס וואס ער האט אונז ניט געגעבען קיין נדבה, מיר וועלען קריגען אין איין אנדער שטוב, אבער איהם — איהם האט מען שוין פארשריבען אין דעם בוך פרן די רשעים און עס איז איהם ניט דא וואס צו מקנא צו זיין — פארשפארסט איהם שוין צו שעלטען.

און/די קאמפאניע אביונים געהן וויי־טער פון שטוב צו שטוב און מען הערט ניט אויף צו רעדען פון די בעלי בתים ווי יעדער בעט זיך אויף דער וועלט און זיי הערען ניט אויף צו מיינען אז אביונים האט נאטט באשאפען אויף דער וועלט נאר דערפאר, כדי זיי זאלען גליקליך מאכען אידען — אידען זאלען זיך קענען אנקלויבען א סך עולם הבה דורך זיי וואס זיי נעמען נדבות.

(פארטזעצונג פאלגט)

# דאס רויטע צימער

ראמאן פון א. סטרינדבערג

שלום

ווי דו ווייסט האב איך קיינמאל נישט קיין פארטיגע אנזיכטען, נאר איך ווארט אויף ערפאהרונגען. אבער נאכדעם וואס איך האב ביז איצט געזעהן, קען איך קוים לייקענען, אז די ליעבע איז עפּעס וואס.

אין שלעכטע טעאטער שטיקע האב איך נאר געזעהן אזא שנעלע כאראקטער ענטוויקלונג ווי ביי פאלק'ן. דו קענסט דיר קענען, אז ס'איז נישט צוגעגאנגען אזוי שנעל מיט די פערלאבונג. איהר פאטער איז אן־אלמן, אן עגאאיסט און א פענסיאנירטער. זיין טאכטער האט ער בעטראכט פאר זיין קאפּיטאל און ער האט געוואלט, אז זי זאל איהם דורך א רייכע הייראטה זיין עלטער אנגענעהם מאכען. ער האט גאנץ קאלט געזאגט ניין! פאלק האט דאס נישט געהערט און איז אליין ווידער דארט ארויפגעקומען, און ער האט געזאגט דעם אלטען, אז זיי וועלען אהן זיין צושטימונג הייראטהען, איך ווייס נישט, נאר איך רעכנ[?] אז יי האבען זגי. [illegible] אז זיי האבען זיך געשלאגען.

אמאל אין א אווענט ווען פאלק האט זיין פערלאבטע אהיים געפיהרט, און ווען זיי זענען געקומען נעבען איהר הויז, האבען יי געזעהן ביי די שיין פון די גאזלאמטערן דעם אלטען שטעהן ביים פענסטער, — ער האט אליין הויז וואו ער אליין וואהנט. פאלק האט געקלאפּט אין די גארטען־טיר, ער האט געקלאפּט א פּיערטעל שטונדע, אבער קיינער האט נישט געעפענט. ער האט אריבערגעקלעטערט איבער'ן צוים און איז געווארען בעפאלען פון א גרויסען הונט, וועלכען ער האט בעזיעגט און פערשלאסען אין דעם מיסט־קאסטען. (רעכענ דיר נאר, דער "רעקענדינגער פאלק"). דערנאך האט ער געצוואונגען דעם הויזקנעכט אויפצושטעהן און צו עפענען. זיי זענען שוין געווען אויפ'ן הויף, איז נאך געבליבען די הויז־טיר. ער האט געקלאפּט מיט א גרויסען שטיין אין די טיר אריין, אבער קיינער האט זיך נישט אפּגערופען. ער האט געבראכט א לייטער פון גארטען, און איז ארויפגעקראכען צום פענסטער וואו דער אלטער איז געשטאנען און האט גערופען: עפענט די טיר! אז נישט וועל איך דאס פענסטער איינברעכען!

עס האט זיך געהערט דעם אלטענס שטימע:

— אז דו וועסט דאס פענסטער איינברעכען, וועל איך דיך דערשיסען!

פאלק האט דאס פענסטער איינגעבראכען.

א ווייל[ע] האט געהערשט א טויטען־שטילקייט. ענדליך האט זיך געהערט דעם אלטענס שטימע פון אונטער דעם צובראכענעם פענסטער:

— דאס איז פּרעכטיג! דו ביזט מיין מאן!

— יאיך שלאג נישט איין קיין פענסטער, נאר פאר אייער טאכטער וועל איך אלץ טאן.

מיט דעם האט זיך די געשיכטע געענדיגט און פאלק איז פערלאבט געווארען.

פאלק וועט אין הערבסט חתונה האבען.

זי וועט בלייבען לעהרערין, דאס וואס [זי] איז. איך ווייס זעהר ווייניג פון די פרויען־פראגע, ווייל זי גערט מיך נישט אן, נאר איך גלויב אבער, אזוי פיעל ווי איך האב געזעהן, וועט אונזער גענעראציע אפּשאפען דאס אזיאטישע, וואס איז נאך פאראן ביים חתונה האבען. ביידע ווילען שליסען א פרייען קאנטראקט, קיינער ניט נישט אויף זיין זעלבסט־שטענדיגקייט. איינער זוכט נישט דעם צווייטען צו ערציהען, יעדער לערענט די שוואכקייטען פון אנדערען צו רעספּעקטירען, און ביידע האבען א קאמעראדשאפט פאר'ן לעבען וואס ווערט נישט ווייניגער וואס איין טייל פערלאנגט צערטליכקייט.

קיין צייטונג אפילו לייענט ער שוין נישט. ער ווייסט נישט מעהר, וואס עס געשעהט אויף דער וועלט. דאס שריפט־שטעלעריי האט ער זיך שוין לאנג ארויסגעשלאגען פון קאפּ. ער לעבט נאר פון זיין קעניגליכען דיענסט און פאר זיין כלה, וועלכע ער פערגעטערט. אט אזוי איז עס. ליעבער זעלען. אלץ איז אנדערש געווארען.

איצט האב איך שוין מיין איבערבליק געענדיגט און דאכט זיך אז איך האב קיינעם נישט פערגעסען. פאר הייגט איז גענוג. לעב וואהל! דו וועסט באלד ווידער פון מיר הערען.

דיין בארג.

עפילאג

עס אי[ז] נישטא קיין צווייטע העסליכע גאס אין שטאקהאלם און קיין צווייטע אלטע, שמוציגע הויז: דאס איינפאהר טויער זעהט אויס ווי אן אלטע תליה, וואו עס זענען שוין הונדערטער אויפגעהאנגען געווארען, די שטיינער פון הויף זענען פון אלטקייט ווי איין שטיק געווארען.

דאס הויז שטעהט אזוי אליין ווי אן אלטער וואנדערער וואס האט זיך א שטעקעל פלאץ אפּגעזוכט כדי דארט צו שטארבען.

און דאך גיבט עס צוויי מענשען, וועלכע קענען פאר דעם הויז נישט פאריבערגעהן אז זיי זאלען נישט שטעהן בלייבען און מיט דיהרונג כמעט מיט ליעבע דאס הויז צו בעטראכטען. פאר זיי איז דאס גרויסע טויער אן עהרען־טויער, און דאס שווארצע הויז א טייערע ליעבע רוינע מיט רייזען־רויטע ערינערונגען. נאך מעהר, ווען זיי געהען דארט פארביי, זינגט עס אין די לופט און עס שמעקט פון די ערד. אפילו אין א רעגען טאג זעהען זיי דארט די זון שיינען.

פאר דריי יאהר איז געשטאנען אונזער יונגער פריינד פאלק — מיר מוזען איהם רופען פריינד, נאכדעם ווי ער האט חרטה געהאט אויף זיינע יונגע טעות'ן. און האט געבעטען די געזעלשאפט פערציהונג. ער איז געווארען א רעספּעקטפולער מאן, וואס דיענט די רעגירונג און טראגט אין קעניגליכען זאל א רויטען פורפור־מאנטעל... אונזער יונגער פריינד איז פאר דריי יאהר געשטאנען אין דעם הויז, מיט שטעק־נאדלען אין מויל, א האמער אין קעשענע און א צוואנג אונטער די ארעם, און האט אויף דעם פענסטער פון קליינעם צימער פאר־האנגען אויפגעהאנגען.

אין עס־צימער איז געשטאנען דער גע־מרייער[?] איזאק אהן דעם ראק און האט געקלעפּט טאפּעטען אויף די ווענט, דאביי האט ער געזונגען פיעל אונבעקאנטע ליעדער. ווען ער איז מיעד געווארען, האט ער פערבעריישטעט[?] אויף א לערען קאסטען דעם פריהשטיק.

אין דרויסען האט די זון געשיינט, אזוי ליעבליך און הארציג, אזוי ווי עס איז געווען פאלק'ן אויפ'ן הארצען.

איזאק אליין האט ארויפגעבראכט פון די מילך־קראם ברויט, פּוטער און ביער, ער מיט פאלק'ן האבען פריהשטיק געגעסען.

א דראשקע איז אויף די גאס צוגעפאהרען.

— דאס איז בארג, — האט איזאק געזאגט, וואס האט ער דא צו טאן? מיט איהם איז אויך געקומען לעווין.

עס איז געווען א לאנגער בעזוך. פון צעהן פייליכע מינוטען. פאלק האט איהם אבער רוהיג אויפגענומען, ווייל ער האט געפיהלט, אז ער האט פאר שטענדיג מיט די פערגאנגענהייט געבראכען.

דערנאך איז געקומען זיין שוועגערין, פרוי בארג (בארגס מוטער) און פרוי רעוהיזאר האמאן. זי האבען אנגעפאנגען אלץ צו קריטיקירען, די טאפּעטען אין עס־צימער זענען צו טונקעל, אינ'ם צימער פון די פרוי צו העל, די פארהאנגען האבען בעדארפט ברייטער אין, דער טעפּיך פאסט זיך נישט צום מעבעל, דער זייגער איז אלט מאדיש, די קיך איז שווארץ און דער בארען איז שמוציג, אבער אלעס צוזאמען איז עס א גאנץ שעהנע וואהנונג.

דאס איז געווען די צווייטע פּלאגע פאר פאלק'ן, אבער דאס איז אויך פאר־איבערגעגאנגען.

פאלק האט געעפענט די פענסטער, ארויסצוטרייבען די אונריינע גייסטער, וואס זענען געגען אין זיין גן עדן.

און דערנאך, דערנאך איז זי געקומען. ער איז געשטאנען ביים פענסטער און האט איהר געזעהן פון טויזענד מעטער ווייט. ער האט געגלויבט, אז עס געהט פון איהר ארויס א ליכט און מאכט העל די גאנצע גאס, וואו נאר זי געהט.

ער האט געוואוסט פיעלע קליינע מעשה'לעך פון איהר גוטסקייט, ליעבענס־ווירדיגקייט, און שעהנקייט צו דערצעהלען.

ווען זי איז אריינגעקומען און האט אלץ געפונען הערליך און ענטציקענד איז איזאק געגאנגען אין קיך אריין. ער האט האלץ צושפּאלטען, געמאכט פייער. קר[?] מענרינג[?] צוריק אריין מיט א טאס אויפגעקאכטע טשאקאלאד פאר איהר, האבען זיי נאר נישט געוואוסט צו ער איז נישט געווען, אזוי פערטאן זענען זיי געווען אין די ליעבע... איזאק האט זיי פערגעווארפען, אז יי זענען ענגאאיסטען. ווייל זיי פערגעסען אין איהם, האבען זיי אלע צוזאמען געלאזט און זי האט איהם מיט א קוש איבערגעבעטען.

איזאק האט שמייכלענדיג געזאגט, אז אזא ענגאאיזם איז בערעכטיגט. די גאנצע וועלט אנערקענט דאס.

— וואס די וועלט זאגט? די וועלט זאגט:

— נו, דער פאלק האט חתונה געהאט?

— מיט וועמען דען?

— מיט א לעהרערין!

— פוי טייוועל! אזא איינע מיט בלויע ברילען און מיט קורץ געשוירענע האר?

ווייטערע אויסקונפטע דארף דער פראגע שטעלער נישט מעהר צו פערלאנגען. וואלט דער אנדערער געווען געענטפערט:

— אז ער האט חתונה געהאט מיט כאכשראם'ס טאכטער.

וואלט דער צווייטער געווען געפרעגט:

— האט זי א סך געלד פון פאטער בעקומען?

ווייטערע פראגען שטעלט די וועלט נישט, און דאס איז גוט. אבער די וועלט שטעלט אויך די פאדערונג, אז מענשען וועלכע זענען מטריח דעם גייסטליכען, דאס געזעץ און א ציימונגס רעפארמער צו זייער חתונה, מוזען אויך גליקליך זיין, יען נישט וועט זיין וועה צו זיי!

ווען זי וועט פון די שולע קומען, מיעד פון דער ארבייט, פערדריסליך איבער פערשיעדענע קלייניגקייטען און טרעפען אין גאס איהר פריינדין, יענע נעהמט איהר האנט און זאגט איהר, אז דו זעהסט נישט גליקליך אויס, עליזאבעט! דאן — איז וועה צו איהם!

ווען ער קומט פון זיין אמטס־צימער מיט פערצווייפלונג אין הארץ, ווייל כען[?] האט איהם נישט גרעסער געמאכט און ער טרעפט א פריינד וואס זאגט איהם, אז ער זעהט אויס נידערשלאגען, דאן — איז וועה צו איהר!

א. איהר אונגליקליכע, ווען איהר קענט נישט גליקליך זיין!

עס איז א ווינטער אווענט, א יאהר אדער מעהר נאכדעם, זי זיצט ביי איהר שרייבטיש און קארעגירט דאס שרייבען פון די שול־קינדער. ער זיצט ביי זיין טיש און שרייבט איבער פערשיעדענע אקטען פאר זיין אמט. דו פעדערען קרייצען, דער זייגער טיקט און דער סאמאוואר ברענט, ווען ער הויבט אויף זיין קאפּ צו רעדען... זייט ציים[?] אויף זי. זייערע בליקען טרעפען זיך צוזאמען, זיי קוקען ביידע אזוי פריינדליך און ליעב, אזוי ווי זיי וואלטען זיך שוין לאנג נים געזעהן. דערנאך שרייבען זיי ווידער.

ענדליך וועדט ער דער ערשטער מיעד.

— וועלען מיר נישט אביסעל צוזאמען פּלוידערן? — פרעגט ער. זי האט נישט דאגעגען.

— אבער פון וואס רעדען?

דאס האט שפּעטער אויך בארג געפרעגט, ווען ער האט ערקלעהרט, אז דאס חתונה האבען איז א נאטור־וויסענשאפטליכע אונמעגליכקייט, ווייל עס מוז אמאל קומען צו א שטילשטאנד. ווען מען האט שוין צוזאמען אלעס אויסגערעדט. איינער ווייסט דעם צווייטענס אלע געדאנקען, אנזיכטען און מיינונגען, מוז דאס אבסאלוטע שטילשווייגען איינטרעטען!

פאלק האט פון דעם נישט געוואלט וויסען. ער האט חתונה געהאט, דער נאר..

ענדע.

## לארד קירזאן וועגען די אוקראינישע שחיטות

אויף א מיטינג לעצטען זונטאג פון דער אנגלא־דזשואיש אסאסיאיישאן, אין לאנדאן האט סער מאנטעפיאָרע געהאלטען א רעדע, אין וועלכער ער האט ערקלעהרט, אז ער האט געהאט אן אונטערזוכונג וועגען דער אידישער לאגע אין מזרח אייראפּא מיט דעם נייעם ענגלישען אויסערען מיניסטער לארד קורי־זאן. דער לארד האט איהם געגעבען דעם פערשפּרעכען צו טאן אלעס וואס וועט נאר זיין אין זיינע מעגליכקייטען אפּצושטעלען די שחיטות און פאגראמען אויף אידען אין אוקראינע.

לארד קורזאן האט אויך ערקלעהרט, דאס א דאנק דער ענערגישער שריטע פון דער ענגלישער רעגיערונג איז פארמידען געווארען א בלוטיגער פאגראם אויף אידען אין ראסטאוו אויפ'ן דאן.

אין פערלויף פון זיין געשפּרעך מיט סער מאנטעפיארע האט לארד קורזאן ערקלעהרט, אז ער איז מיט'ן גאנצען הארץ דאפיר, עס זאל געשיקט ווערען א קאמיסיע, וועלכע זאל אונטערזוכען די פאגראמען אויף אידען אין אוקראינע און וועלכע זאל אויך באשטימען א שאדענערזאץ פאר די פאגראמירטע און רואינירטע אידען.

עס איז באקאנט געוואָרען, דאס סער סטוארט סעמיועל, דער הויפּט פון דער ענגלישער קאמיסיע, וועלכע האט אונטערזוכט די פאגראמען אויף אידען אין פוילען, האט זיך ענטזאגט צו קומען ארעסירען[?] די אנגלא־דזשואיש אסאסיאיישאן.

# דער וועג

THE DETROIT JEWISH DAILY

Published Daily, Except Saturdays and Jewish Holidays, by
DER WEG PUBLISHING COMPANY, INC.
347-49 Hastings St., Detroit, Mich. Main 3715.
J. RABINOWITZ, Pres. JOS. R. LEEMON, Sec.-Treas.
B. I. GOLDSTEIN, Editor

(Entered as Second Class mail matter at Post Office, Detroit, Mich.)

Subscription Price: By mail, or carrier, one year, $5.00; six months, $2.50.


# מר, בייקער׳ס ניט געלונגענע רעקאמענדאציע

מיט איין טאג פריהער האט אונזער קריעגס מיניסטער בייקער פאר־געשלאגען צו שטיצען פוילען אום זי זאל קענען ראטעווען די מענשהייט פון דעם דראהענדען באלשעוויזם.

און מיט איין טאג שפעטער האט אונזער פרעסע אויף א סענזאציאנעל־לען אופן מודיע געווען, אז די עליים נעהמען ארונטער די בלאקאדע פון דעם סאוויעטען רוסלאנד.

ווארים שוין לאנג צוריק האבען די עליים איינגעזעהן, אז די שפיעל איז פאר׳ן טייוועל און מען איז גענייגט געווען, זיים ללאיד דזשארדזש׳ס היסטא־רישער רעדע, צו מאכען שלום מיט די „רויטע“.

אזוי גיך ווי דער ענגלישער פריים מיניסטער האט אפען דערקלעהרט, אז מעהר איז פאר זיין לאנד נישט מעגליך צו פינאנסירען די אנטי באלשע־וויקעס און דעדביי צוגעגעבען, אז עס איז נאך נישטא יענע קראפט, וואס זאל קענען ארייגדרינגען קיין רוסלאנד און זאל נישט רואינירט ווערען — פון דאמאלט אן האט מען געוואוסט, אז דער קאמף מיט די רוסען איז גע־ענדיגט.

עס האט אפילו נאכדעם די ענגלישע פרעסע פון איין עק ביז צום אנ־דערען דערצעהלט פון די מורא׳דיגע מעשים פון די באלשעוויקעס אין דעם אריענט, ווי זיי בונטעווען אין אפגאניסטאן, אגיטירען אין עגיפטען און פראפאגאנדירען אין אינדיען; מען האט טאג איין, טאג אויס געהעצט די ענגלישע רעגיערונג צו בייטען איהר שטעלונג צום סאוויעטען־רוסלאנד און ווייטער פינאנסירען עפעס א קאלטשאק, אדער א דעניקין. אבער ללאיד דזשארדזש האט זיך אפגים נישט געלאזט איינרעדען — און די שפיעל איז געבליבען א נישט דערענדיגטע: די עליים לאזען איבער רוסלאנד צו איהר אייגענעם גורל און מזל.

יעצט זאגען די עקסטרימע געגנער פון די באלשעוויקעס, אז דערפאר האבען מאקע די עליים זיך אפגעזאגט פון דער בלאקאדע, ווייל די באלשע־וויקעס האבען אנגעפיהרט א צו אייפעריגע אגיטאציע אין דעם אריענט. אבער פונקט ווי עס איז געווען א סך איבערטריבען טראצקי׳ס אדער ליע־ניז׳ס ווירקונג אינ׳ם אריענט, פונקט אזוי איז אויך איבערטריבען די לעצטע השערה. ווארים עס דארף דאך קלאהר זיין, אז דערמיט וואס מען וועט ארונטערנעהמען די בלאקאדע וועט מען נישט אנסטראשען די רויטע פרא־פאגאנדיסטען זיי זאלען אויפגעבען זייער אגיטאציאנס ארבייט אומעטום וואו נאר זיי האבען א מעגליכקייט.

עס איז דארום זיכער, אז די הויפט אורזאכע ווארום די עליים האבען ארונטערגענומען די בלאקאדע איז אנגעגעבען אין ללאיד דזשארדזש׳ס רע־דע אין וועלכער ער האט קלאהר און שארף דערצעהלט דעם אמת, אז עס איז נישטא אזא קראפט, וואס זאל קענען ארייגדרינגען קיין רוסלאנד און ארויפצווינגען אויף זיי אן ארדנונג וואס געפעלט זיי נישט, און אז עס איז שווער אין איצטיגער צייט צו פינאנסירען מלחמות קעגען די באלשעוויקעס.

אונזער קריעגס מיניסטער האט זיך אבער נישט דערוואוסט און מיט איין טאג פריהער פארלאפט און געבראכט א פארשלאג פאר׳ן סטייט דע־פארטמענט צו שטיצען די פאלאקען אויף צו באקעמפען די באלשעוויקעס און דערמיט ארויסגעוויזען, אז ער איז א קנאפער דיפלאמאט.

וואלט ער נאך איין טאג געוואוסט, וואלט קיינער נישט געוואוסט ווי ווייט אונזער קריעגס מיניסטער הינקט אויף דיפלאמאטיע, ווארים נאך דעם שריט וואס די עליים האבען געמאכט וואלט דאך שוין מר. בייקער אודאי נישט געמאכט אזעלכע רעקאמענדאציעס.

חוץ דעם זעהט זיך אן אז אמעריקא און מיט איהר מר. בייקער הייבען נישט אן צו פארשטעהן די רוסען.

צו רעקאמענדירען אז די פאלאקען זאלען ווערען די העלדען קעגען רוסלאנד, קענען נאר „גרינהארנס“, וואס ווייסען נישט, אז די רוסען פאר־האסען די פאלאקען טויזענד מאל מעהר׳ איידער די אוקראינצעס. און זאל אין רוסלאנד הערבגעהן א ידיעה, אז דער פארהאסטער פאלאק, וועלכער האט ערשט נעכטען זיך געוואלגערט אונטער דעם קנאפעל פון די רוסען, געהט איצטער באלעבאטעווען אין רוסלאנד און איינפיהרען אן ארדנונג וואס וועט וואויל געפעלען דעם פאלאק, מעג מען זיכער זיין אז רוסלאנד וואלט זיך ארגאניזירט אהן שום אונטערשיעד פון פארטיי, קלאס, אדער שיכט און וואלט אזא לעקציע געגעבען די פאלאקען, אז אפילו קריעגס מיניסטער בייקער וואלט זיי באדויערט.

די פאלאקען ווייסען גאנץ גוט זייער איצטיגע ראלע; זיי פיהלען זיך ווי איידעמלאך אויף קעסט ביי פראנקרייך, ביי אמעריקא א. ד. ג. און אום נישט אנצואווערען די קעסט, וועלען די הונגעריגע פאנעס צו זאגען וואס זיי קענען און וואס זיי קענען נישט.

אבער פון צוזאגען און ליעב האבען — זאגט א שפריכווארט — ווערט מען נישט בדלות.

סאן אבער ממשות׳דיגע ארבייט קעגען די באלשעוויקעס, דאס וועט פוילען קיינמאל נישט וואגען. דערום איז עס גיכער צו גלויבען, אז אלע קלאנגען וועגען פוילישען קאמף מיט די באלשעוויקעס קומט אדער פון „גרינהארנס“, אדער זיי קומען פון די פאלאטען, פון דער לכתחילה מיט׳ן צוועק נישט מעהר נאר, נאך מעהר חן צו געפינען אין די אויגען פון די דערשראקענע רעאקציאנערען אין פראנקרייך, אדער אמעריקא.

אזוי צו אנדערש האט דערוויל מר. בייקער מיט זיין רעקאמענדאציע צום סטייט דעפארטמענט זיך אליין נישט אזוי געלונגען רעקאמענדירט.

# די אמעריקאנער צעהלונג

פון ב. ג. זאק.

אמעריקא נעהמט די טעג „סטאק“. צעהלט און פארשרייבט זיין באפעלקע־רונג אין יעדען ארט און ווינקעל פון דיא אלע שטאאטען, דיסטריקטען און טעריטא־ריעס וואס שטעלען צוזאמען די גרויסע אמעריקאנער מדינה.

דאס איז א ריזיגע ארבייט, און אונ־טערנעהמונג וואס ווערט גלייכצייטיג דורכ־געפיהרט איבער׳ן גאנצען לאנד און ביי וועלכער עס זיינען באשעפטיגט אזוי פיעל ווי ארום אכציג טויזענד מענשען. ווי ביי דער צוזאמענשטעלונג אבער פון יעדען אינ־ווענטאר, איז צעהלען און פארצייכנען נאך ניט אלעס; מען דארף דאס אויפגע־נומענע און פארצייכענטע צונויפרעכענען, סארטירען, שאצען, לערנען אויף פערשיע־דענע מאטעמאטישע וואגשאלען און מא־כען פערשיעדענע שלוסען און אויספיה־רונגען, און דאס איז דאס שווערסטע און סאמע וויכטיגסטע. און אט דער טייל אר־בייט איז אויך דער שווערסטער אין דער דורכפיהרונג פון דעם אמעריקאנעם צענ־זוס, אזוי שווער, אזוי פארוויקעלט און קאמפליצירט איז די דאזיגע ארבייט, דאס עס נעהמט עטליכע יאהר ביז די גענויע רעזולטאטען פון דער צעהלונג קאנען אין א פיעלזייטיגער פארם פון בעארבייטונג באקאנט געמאכט ווערען.

דער צענזוס ווערט אין אמעריקא, ווי אין קענעדע און אין א סך אנדערע מא־דערנע, ענטוויקעלטע לענדער, דורכגע־פיהרט פעריאדיש אלע צעהן יאהר, לויט א געוויסען באשטימטען פלאן וואס דארף ארויסברייגען און אין גענויע דאטען און ציפער אנווייזען דעם סכום און סך הכל פון די עקאנאמישע און מאטעריעלע פאר־העלטנישען פון גאנצען לאנד. דורכפיה־רען א צענזוס, הייסט כמעט דאס זעלבע ווי צו פיהלען דעם דופק פון דעם מעכא־נישען לעבענס ארגאניזם פון לאנד אין זיי־נע פארשידענסטע סאציאלע און עקאנא־מישע פונקציעס, צו באשטימען די צאהל, די מדרגה און די מאס פון אלעם וואס לעבט, עקזיסטירט און איז טעטיג אין לאנד. די רעגעלמעסיגע איבערצעהלונג פון דער באפעלקערונג ווערט אומעטום באטראכט אלס א זאך וואס איז פון גרויס ווערט און באדייטונג און וואס ליפערט די וויכטיגסטע מאטעריאלען און אויסקונפ־טען פאר דעם סטודיום פון דער סאציאל־עקאנאמישער וויסענשאפט בכלל און פון די מאטעריעלע באדינגונגען פון פעלקער און לענדער בפרט. פאלקס צעהלונגען ווע־רען אבער דורכגעפיהרט ניט בלויז צוליעב א סטאטישען צוועק, אום צופרידענצושטע־לען די וואס ווילען וויסען פיעל מענשע־ן געפינען זיך אין לאנד, ווער און וואס זיי זענען, וואס זיי טוען, ווי אזוי זיי ווע־רען פארטיילט און א. וו. — נאר אויך מיט אן אנדער ציעל פאר זיך, און דאס איז: כדי צו וויסען ווי אזוי דאס פאליטישע לעבען פון לאנד וואס שטיצט זיך אויף דעם יסוד פון פארלאמענטאריזם און דע־מאקראטיע זאל איינגעריכט און פאר־טיילט זיין. דער פרינציפ פון דעמאקרא־טישער פארטיילונג פון פאלקס הערשאפט, קאן עהרליך און יושר׳דיג דורכגעזעצט ווערען נאר דאן ווען מען האט פאר זיך די רעזולטאטען פון א פלאנמעסיג און סיסטעמאטיש דורכגעפיהרטער פאלקס־צעהלונג.

דאס פיהרען פון א רעגעלמעסיגער און פינקטליכער סטאטיסטיק פון אלע איינ־וואוינער איז פאר א לאנד דאס זעלבע וואס בוכפיהרונג איז פאר דעם יחיד אדער געשעפטס פירמע, און די אויפגאבע פון א צענזוס איז דעריבער צו באפרידי־גען די נויטווענדיגקייט פון אזא מין נא־ציאנאלער בוכפיהרונג. בעת אבער דער צוועק פון סטאטיסטיק בכלל קאן זיין א פארשיעדענארטיגער, אין אויג האבענדיג פארשיעדענע וויסענשאפטליכע, סאציאלא־גישע אדער געזעלשאפטליך עקאנאמישע פארשונגען און פארגלייכונגען, איז דער־פאר דער צענזוס אן אונטערנעהמונג וואס האט א דעמאגראפישע אויפגאבע פאר זיך; דאס איז צונויפזאמלען די פינקטליכ־סטע ידיעות וועגען דער צאהל און דער פארטיילונג פון דער באפעלקערונג, וועגען דעם געשלעכט, עלטער און בירגערליכען שטאנד פון די איינוואוינער, זייער אפ־שטאמונג, באשעפטיגונג, גראד פון ביל־דונג א. ז. וו., מיט איין ווארט, צונויפ־זאמלען דעם מיניטום פון אינפארמאציע וואס איז וויכטיג פאר די אדמיניסטרא־טיווע, קולטורעלע און ווירטשאפטליכע צוועקען פון א לאנד.

די דאזיגע אינפארמאציע ווערט, אין דער צווישענצייט פון איין צענזוס און א צווייטען, געהאלטען אין א צושטאנד פון שטענדיגער רעווידירונג, פון נייקייט און פרישקייט, דורך צוגעבונדענע ארונטערגע־נעגען אין אויסרעכענונגען וואס ווערען אויף דעם סמך פון געוויסע פאקטען אין פארשידענע סאציאלע אדער עקאנאמישע ערשיינונגען אין לאנד, געמאכט דורך פאך־מענשען, דורך געניטע סטאטיסטי־קער וועלכע זענען ביי דער דאזיגער אר־בייט שטענדיג באשעפטיגט און פארנו־מען, אנגעשטעלט זייענדיג פון דער רעגי־רונג.

די דורכפיהרונג פון דער איצטיגער צעה־לונג אין אמעריקא איז דערפאר א וויכ־טיגע עראייגניס אין דעם לעבען פון לאנד, וועלכע איז מיט אומגערולד פאראינטע־רעסירט צו וויסען אין וואס עס דריקט זיך אויס איהר סאציאלער צוזאוואוקס און פארמעהרונג אין די פארגאנגענע צעהן יאהר. ניט ווענינער באדייטונג האט דיא איצטיגע פאלקס צעהלונג אין די פאראיי־ניגטע שטאטען פאר די אידען, נאר אין א גאנץ אנדער זין ווי דאס אינטערעסירט איצט גאנץ אמעריקא.

מען קאן קיינמאל ניט אויף דעם סמך פון דער אמעריקאנער אפיציעלער סטא־טיסטיק וויסען גענוי פיעל אידען דארט געפינען זיך און ווי גרויס עס איז זייער ראל אין דעם עקאנאמישען און געזעל־שאפטליכן לעבן פון לאנד. דאס איז דערפאר ווייל פון דעם אמעריקאנעם צענ־זוס זיינען אויסגעשלאסען די רובריקען וועלכע קלאסיפיצירען דיא באפעלקערונג לויט רעליגיאן און אפשטאמונג; די אמע־ריקאנער האבען דעם דעמאקראטיזם אריינגעבראכט אפילו אין דער סטאטיס־טיק, אין דער ציפער שפראך און פון דארט ארויסגעווארפען און באזייטיגט אלעס וואס קען דערמאהנען אן דיא רעליגיע אדער נאציאנאלע גרופירונגען פון זייער באפעלקערונג. דער פרינציפ דערפון איז אפשר א געזונטער, א פרייער, אטהעמט מיט דעם גייסט פון לינקאלן און וואשינג־טאן; אבער אנווענדען עס בנוגע סטא־טיסטישע צאהלען און באטען איז כמעט דאס אייגענע ווי באנוצען עס אנטקעגען דעם ווערטערבוך וואס ענטהאלט די ווער־טער „רעליגיאן“, „אפשטאמונג“ און זיי ארויסווארפען פון דארט. די סטאטיסטיק, ווי דער ווערטערבוך, פרעדיגט דאך ניט קיין דאגמען, קיין מחיצות, קיין סעקטען־גייסט, זי איז בלויז דאך א מין וויסענ־שאפטליכער אינסטרומענט צו מאכען גע־וויסע פארשונגען און פארגלייכונגען פון צאהלען.

די קלאסיפיקאציע פון די איינוואוינער לויט זייער רעליגיעזער אדער נאציאנאלער צוטיילונג ווערט דערפאר אין דעם אמע־ריקאנער צענזוס פארביטען מיט א רוב־ריק וואס גיט אן די צאהל איינוואוינער לויט זייער מוטער־שפראך. אזוי ווי די מוטער־שפראך פון דעם רוב אמעריקא־נער אידען איז אידיש, נעהמט מען דיא וואס גיבען זי אן אלס זייער שפראך פאר דער איינציגער פרוביר־מאס מיט וועלכער צו באשטימען די צאהל אידען אין לאנד. פארשטעהט זיך אז די אזוי אנגעגעבענע צאהל איז געבויט אויף השערות מעהר ווי אויף זיכערע, פאזיטיווע פאקטען און איז דעריבער ווייט פון ריכטיגקייט, דען כאטש די גרעסטע צאהל אמעריקאנער אידען ריידען און פארשטעהען אידיש, און שעמען זיך עס ניט אנצוגעבען פאר דיא צענזוס־צעהלער, איז עס דאך אבער א פאקט דאס א באדייטענדער טייל פון די אזוי גערופענע „אמעריקאניזירטע“ אידען זיינען ווייט פון אונזער מאמע לשון און גיבען אן ענגליש אלס זייער מוטער־שפראך.

דער פועל יוצא דערפון איז דאס מען קען ניט וויסען גענוי ווי גרויס עס איז דער געזעלשאפטליכער אומפאנג פון אמע־ריקאנער אידענטום און וועגען זיין ראל און ווירקונג אין דעם עקאנאמישען און געזעלשאפטליכען לעבען פון אמעריקא. אירגענד וועלכע פארשטעלונג וועלכע מען מאכט זיך וועגען דעם, אירגענד וועלכע צאהל וואס מען גיט אן, איז אדער צו גרויס אדער צו קליין, אדער איבערשאצט אדער צו מיטריג.

די לעצטע אויסגאבע פון דעם אמערי־קאנער „אידישער יאהר בוך“, גיט דיא צאהל אידען אין די פאראייניגטע שטא־טען פאר דעם יאהר 1918 אן אלס דריי מיליאן און 300 טויזענד. דאס איז פאר־שטעהט זיך בלויז אן אפשאצונג.

# די לינטשעריי און דאס געזעץ

פון ג. ר.

אומברענגען א מענשען וואס איז באשולדיגט אין א פארברעכען נאר אהן א דין ומשפט און אהן א חקירה ודרישה, אדער ווי מען רופט עס אין אמעריקא מיט׳ן נאמען לינטשען, איז אן עכט באר־באריש טאט, וואס איז ניט פיעל ווייט פון קאלטבלוטיגען מארד. עס איז דארום קיין וואונדער אז איראפא קען דאס ניט באגרייפען ווי אזוי לינטשערייען זענען אין דיעזען לאנד אזא אפטע פאסירונג אין מאנכע סטייטס א גאנץ געוועהנליכע זאך. סטייטש, וואונדערט זיך די וועלט, ווי קומט עס אז אין אזא ציוויליזירטע לאנד, וואו אינדיווידועלע רעכטע פון יע־דען מענשען זענען אנערקענט און גע־אכטעט, און די לאנדעסגעזעצע העכסט רעספעקטירט, דארט זאל טרעפען אז א מאסע מענשען זאלען צעטרעטען א מענ־שענס רעכטע מיט די פיס, א שפיי טאן די געזעצען אין פנים און ווי ווילדע חיות צערייסען א מענשען? אזא בארבא־ריזמוס טרעפט נישט שוין אין יעצטיגער צייט אפילו אין די באלקאנישע האלב־ווילדע מדינות, אז זאין דער ליכטיגער אמעריקא איז לינטשעריי גאר אויפ׳ן טאגעס ארדנונג! עס איז דאריבער כדאי צו באטראכטען און זוכען צו פארשטעהן די אורזאכען פון אונזער מכת מדינה וואס הייסט „לינטשען“.

די געוועהנליכע מיינונג איז, אז דיע־זע מכה איז א נאכוועהעניש ביי דעם אמעריקאנעם פאלק פון זיין אלטער מכה שקלאפעריי, פון דער צייט ווען א מענש (מיר מיינען א שקלאף) איז געווען גע־רעכענט ווי א בהמה און זיין לעבען, ווען עס האט ניט געבראכט קיין נוצען, און א פשיטא ווען עס האט געבראכט שא־דען, איז געווען הפקר. פיעל פון אמע־ריקאנעם פאלק זענען דאמאלס געוועהנט געווען צו האלטען גערעכטיגקייט נאך זייער ווילען און צו משפט׳ען מיט איי־גענע הענט. דיעזע־מיינונג ענטהאלט אין זיך א גרויסען טייל אמת, און די ראיה איז, וואס לינטשערייען קומען פאר אם מעהרסטען אין די סאוט, וואו שקלאפעריי האט עקזיסטירט, און איבערהויפט אויף ניגערס, די קינדער און אייניקלאך פון אמאליגע שקלאפען. מיר קענען אבער מיט רעכט באהויפטען, אז אונזערע קרימינאל געזעצע און ווי זיי ווערען אויסגעפיהרט זענען אין דעם אויך א גרויסען טייל שולדיג, ווען מיר זאגען אז די געזעצע זענען שולדיג מיינען מיר דא ניט די געזעצע צו באשטראפען די לינטשער, וואס, דעם אמת צו זאגען, ווערען זיי זעלטען און זעהר מילד אויסגעפיהרט, נור מיר מיינען טאקי די געזעצע צו בע־שטראפען פארברעכער.

אונזערע קרימינאל געזעצע האבען אין זיך די מעלות, וואס זיי מאכען כמעט אונמעגליך אז אן אונשולדיגער זאל פאר־משפ׳ט ווערען און וואס זיי בעשטראפען דעם שולדיגען אויל מיט רחמנות. זיי האבען אבער אויך א גרויסען חסרון, נעמ־ליך, וואס זיי לאזען א מאסע שולדיגע ארומגעהן גאנץ פריי און די וואס ווערען שוין יא באשטראפט, קריגען זייער שטראף צו שפעט, נאכדעם ווי די רע־גירונג און די באשולדיגטע האט אפגע־קאסט מאסען געלד. דאס קומט דערפון וואס די געזעצע גיבען דעם באשולדיג־טען צופיעל קרומע וועגלאך צו אנטלויפען פון א שטראף און צופיעל אפענע הינ־טערוועגלאך אום זיך ארויס צודרעהען

מיר וועלן דא דערמאהנען אייניגע טעכנישע פונקטען פון אמעריקאנער דיני נפשות וועלכע זענען זעהר גינסטיג פאר א פארברעכער צו ניצול ווערען פון פארדיענטען שטראף.

ערשטענס, די גאנצע דזשורי, אלע צוועלף איינגעשוואוירענע מוזען זיין גע־אייניגט אין דער מיינונג אז דער בא־שולדיגטער איז ווירקליך שולדיג. ווען איין איינציגער פון דער דזשורי איז אין דעם אין צווייפעל און זיינע חברים קענען איהם ניט אויפקלעהרען, קען מען דעם באשולדיגטען ניט פאראורטיילען און דא־רום טרעפט עס אפט אז טרייעלס שלע־פען זיך אוועק צוליעב דעם וואס די דזשורים אייניגען זיך נים.

צווייטענס, קיינער וואס איז באשול־דיגט אין א פארברעכען קען ניט אויפ־געפאדערט ווערען צו געבען באוויזע קע־גען זיך זעלבסט. מען קען איהם געזעצ־ליך ניט אויספרעגען און עקזאמינירען, ווייל ער איז געשיצט דורך דעם געזעץ אז ער מעג שווייגען און ניט־ענטפערען. די פאליציי געהט אפילו ארום דיעזען געזעץ מיט דעם וואס זי זוכט דורך פער־שיעדענע מיטלען ארויסצוקריגען פון די ארעסטירטע „קאנפעשאנס“, וואס זיי זע־נען זיך כלומר׳שט אליין מודה, אבער דיעזער זיך מודה זיין האבען צולעצט א קנאפען באטרעף.

דריטענס, געוויסע אונרעגעלמעסיגע קייטען אין דער גרענד־דזשורי מאכען אפט אז א טרייל זאל זיך פארציהען אדער אז קיין ריכטיגער אורטייל זאל ני קענען ארויסגעגעבען ווערען. דאס־זעלבע איז ווען זי מאכט די קלענסטע אונפארמאליטעט אין איהר באשולדיגונ־גען.

פיערטענס, קליינע טעות׳ן אין אנגעה־מען אדער צוריקווייזען באוויזע, אין דער „טשארדזש“ פון דעם דזשאדזש, אדער אטארני זענען גענוג צו מבטל מאכען אן אורטייל, זאגאר ווען די קאורט וואס איז איהם מבטל ווייס אז דער פסק דין איז געווען א ריכטיגער.

פינפטענס, אין פיעלע סטייטס איז א געזעץ אז דער וואס ווערט גע׳משפ׳ט קען ניט מוחל זיין אויף זיין רעכט גע־אורטיילט צו ווערען פון צוועלף דזשורי־לייט. און אויב ער האט אפילו מוחל געווען זיין רעכט און א דזשורי פון עלף האט איהם געפונען שולדיג איז זייער אורטייל פסול און בטל.

זעקסטענס, דאס געזעץ אז א באשול־דיגטער קען ניט גע׳משפ׳ט ווערען צוויי מאל פאר דעם זעלבען פארברעכען. און ווען דער דזשאדזש האט דורך א פער־זעהן אין זיין „טשארדזש“ צו דער דזשו־רי זיך אויסגעדריקט אז דער אנגעקלאג־טער איז דעם פארברעכען ניט באגאנגען, אהער די דזשורי האט דורך א טעות איהם ערקלעהרט ניט שולדיג, קען מען איהם פאר דיעזען פארברעכען שוין מעהר קיינמאל ניט פארקלאגען. דיעזעס געזעץ ברענגט אויך ניט זעלטען אז פארברעכער געהען ארוים פריי.

דער רעזולטאט פון די אויבענדערמאנ־טע געזעצע איז, אז עס נעהמט זעהר לאנג ביז א פארברעכער ווערט געפונען שולדיג און נאך לענגער ביז ער באקומט זיין פארדיענטע שטראף, און אז פיעלע פארברעכער פון העכסטען גראד דרעהען זיך ארויס דורך פארשיעדענע דריי־לאך פון דער האנד פון גערעכטיגקייט. דיעזעס האט מיטגעבראכט אז פיעל פון אמעריקאנעם פאלק זאלען פארליערען דעם צוטרוי צו דער געריכטס סיסטעמע פון דיעזען לאנד, און אז ווען דער המון איז שטארק אויפגערעגט איבער א שוי־דערליכען פארברעכען וואס איז באגאנ־גען געווארען אין זיין מיטע, ווייל ער ניט אנפערטרויען דעם באשולדיגטען צו דעם רעגעלען גאנג פון די געזעצע, אויס מורא ער זאל זיך אין גאנצען ניט אויס־דרעהען זיך פון א שטראף, און דאריבער נעהמט ער די גערעכטיגקייט אין זיינע אייגענע הענד.

דיעזע געזעצע, וואס שיינען צו זיין אזוי גינסטיג צו פארברעכער, זענען גע־מאכט געווארען אין א צייט ווען מען האט רעפארמירט די אלטע צו שטרענגע געזעצען פון פאלק, וואס זענען געווען בארבאריש און גרויזאם. ווען מען האט געדארפט אומשטירצען א געריכט סיס־טעמע וואס פלעגט אן אנגעקלאגטען ניט לאזען האבען קיין פארטיידינגער און פלעגט פאר א קליינעם פארברעכען פאראורטיילען צום טויט: איצט אבער ווען אן אנגעקלאגטער האט אלע שאנסען זיך ריינצוואשען אויב ער איז ווירקליך אומשולדיג, העלפען זיי מאנכעס מאל צו פאראליזירען אונזער קרימינאל געריכט סיסטעמע און ברענגען דאצו אז דאס פאלק זאל צו איהר קיין צוטרויען ניט האבען.

# פייערלאך

„גענעראל“ וואודי אלקאהאל. האט אין א קורצער צייט אוועקגעלעגט קנא־פע דריי הונדערט מענשען.

וואודי אלקאהאל וואלט דאכט זיך געמענט קריגען דעם קאנגרעשאנעל מע־דאל, ווארום „ער“ האט מעהר מענשען אוועקגעלעגט ווי גענעראל וואוד, אין דער גאנצער צייט פון דער מלחמה...

---

דייטשלאנד האט בעקומען פון די אלייעס א צעטעל פון 1500 בעריהמטע דייטשע בעאמטע, אנפאנגענדיג פון קרוין־פרינץ ביז איינפאכע אפיצערען, וועלכע מוזען אלע צוגעשטעלט ווערען צום פראצעסירט ווערען, אלס מלחמה־פארברעכער

דאס איז ווירקליך א סקאנדאל פון די אלייעס! צו שוין זשע זענען בלויז 1500 דייטשע גדולים בעגאנגען פארברעכענס?

---

אלזא׳ האבען מיר אויסגעפיהרט, אז מען זאל שיילאק אין די סקוהלס ניט לעהרנען. אז מען וואלט בעסער אונזער מאשקאוויטשען אפגעסטאפט פון שפיע־לען שיילאק, וואלט כ׳לעבען גלייכער גע־ווען. ווארום שיילאק, ווי שעקספיער האט איהם געשריבען, קאן נאך ביי עכטהענקענדע קריסטען ארויסרופען מיטגעפיהל, דער שיילאק אבער וואס מר. מאשקאוויטש שטעלט פאר, מוז ביי אי־דען אפילו ארויסרופען אן עקעל...

---

לעצטען שבת איז אין פאריז פראק־לאמירט געווארען דער וועלט־שלום. עס הייסט, אז ענדליך האט די וועלט געשלאסען א שלום.

אבי די פראקלאמאציע איז דא, דער שלום וועט זיך שוין מסתמא נאכשלע־פען!..

---

אונזערע מיליטאריסטישע „פאטריא־טען“ שרייען גוואלד, נאר א גרויסע ארמעע פאר׳ן לאנד.

ד ס׳איז נאריש. ווייל אזוי לאנג ווי מיר האבען פראהיבישאן, קאן אונזער שטארקסטע ארמעע בעזיגט ווערען פון א שונא מיט שנאפס...

---

עטליכע הונדערט דייטשען זענען אפ־געפאהרען נאך בראזיליען און נאך גרויסע פארטייען וועלען אפפאהרען שפעטער, ווייל מאסען דייטשען ווי־לען איצט זוכען גליק אין זיד־אמעריקא.

אפילו די דייטשען אינטערעסירען זיך ניט מעהר וועגען דייטשלאנד, נור בלויז פראנקרייך אינטערעסירט זיך מיט יענער מדינה.

---

די בולגארען ווילען ארונטערווארפען זייער רעגירונג דערפאר ווייל די עלייעס האבען זיי געגעבען שלעכטע פריעדענס־קאנדיציאנען.

עס איז רעכט אהן אורזאכע אויך, קיינער וועט צו זיי קיין טענות נישט האבען.

---

די פראנצויזישע קאמיסיע ביי דעני־קינ׳ס ארמעע, פאדערט ביים פריעדענס קאנפערענץ, אז מען זאל אדערען בולגא־ריען צו אפגעבען איהר גאנצע אמוניציאן צו דעניקינען.

טאקי, צו וואס טויג איצט בולגאריען אמוליציע?

---

א צייטונג ברענגט אלס בעווייז, אז מעקסיקא איז נאך א בארבארישע לאנד דעם פאקט, וואס פרעזידענט קאראנזא האט אונטערשריעבען א ביל, לויט וועלכען אקסען קעמפפע ווערען ווידער ערלויבט אין מעקסיקא.

גערעכט. דאס איז דאך טאקע באר־באריש, אלטערטימליך, און ניט אין אנקלאנג מיט די אנגלא־זאקסישע בעגריי־פע פון צער בעלי חיים, קולאקעווען מעג נאר מענש מיט מענש און ניט מענש מיט אקס. עס איז דאך ניט עסטעטיש און ניט מאדערן..

# אין היילינגען לאנד

פון ירוחם פייער

עס איז בלויז א חלום געווען.

ווי א נאכט וואנדערער האב איך גע־וואנדערט אין דער טיפער פינסטערניש פון דער נאכט. ווי א גלות איד מיט מיין שטעקען אין האנד און א פעקעל אויף מיינע פלייצעס, א שווערע משא איז עס געווען אונערטרעגליך שווער. עס האט מיר געדאכט אז דעם גאנצען אידישען גלות מיט אלע אידישע צרות טראג איך אין מיין פאק.

אזוי בין איך געגאנגען איבער פעל־דער און וועלדער, איבער חרובע און צעשטערטע ווענען.

פון ביידע זייטען האבען זיך ארויסגע־זעהן לאנגע רייהען בית עלמינ'ס, דער גאנצער וועג איז איין לאנגער בית עלמין געווען.

מין הארץ האט מיר געציטערט פאר שרעק, א שווידער איז דורך געגאנגען מיין קערפער, איך בין געגאנגען אלץ ווייטער און ווייטער אין דער טיפער אונענדליכ־קייט, ביז דער בארגנשטערן האט אויפ־געשיינט און עס איז טאג געווארען.

א ליכטיגע וועלט האט זיך פאר מיי־נע אויגען אנטפלעקט, פון ווייטענס אין מזרח זייט האב איך א נייע וועלט דער־זעהן.

„צווישען די בליהענדע הויכע בערג הא־בען זיך די שפיצען פון גרויסע טורעמס דורכגעזעהן, איך האב אנגעהויבען פיה־לען פרישער און מונטער. מיין קארץ איז אנגעפילט געווארען מיט פרייד.

מיט שנעלע טריט בין איך געגאנגען אין דעם ריכטונג פון דער שעהנער שטאט, ענדליך בין איך צו א גרויסען טויער צוגעקומען. איך האב ארונטערגע־ווארפען די שווערע משא מיט אידישע צרות פון מיינע פלייצעס, אויסגעגלייכט מיין איינגעהויקערטען רוקען; אפגעשא־קעלט דעם צוויי טויזענד יעהריגען גלות שטויב און א פרייער מענש, פרעהליך, פול מיט לעבען בין איך אין שטאדט אריין געקומען.

געווען איז דאס, דאס צוגעזאגטע לאנד, „דער אידענשטאט".

דער אידעאל פון אידישען פאלק איז פארווירקליכט געווארען, די צוויי טוי־זענד יעהריגע שטרעבונג און וואונש, איז ערפילט געווארען. דאס לאנד האט צוריק אויפגעלעבט מיט פולען פראכט און גלאנץ. נאך פיעל שעהנער און מאדערנער ווי א מאל.

איבערגעבויט לויט די לעצטע צייכנונ־גען און סטיל פון דער אידישער ארכי־טעקטור. באוואסערט און באלויכטען, איינגעריכטעט מיט אלע באקוועמליכקיי־טען לויט די לעצטע ערפינדונג פון טעכ־ניק. די היסטארישע און הייליגע פלע־צער וועלכע זענען זייט טויזענדער יאה־רען פארנאכלעסיגט געווארען, זענען אויס געפרישט געווארען און געבליבען א ציה־רונג פאר'ן לאנד; די אלע היסטארישע פלעצער וועלכע זענען דורכגעוועבט מיט דעם לעבען און פארגאנגענהייט פון אי־דישען פאלק, די הייליג געבליבענע וואנט, וועלכע איז אזוי פיעל דורכגע־ווייקט מיט אידישע טרערען פאר די לעצ־טע צוויי טויזענד יאהר, האט באקומען א באזונדער היסטארישען גלאנץ און גע־בליבען א שטאלץ פאר דער געשיכטע.

צוזאמען מיט די פיעלע נייע זאכען וועלכע זענען געשאפען געווארען מיט דער ענטוויקלונג פון אידישען לאנד, איז אויך אויסגעבויעט געווארען א אידישער מוזעאום.

דאס איז געווען דער שעהנסטער צווייג אין דעם בליהענדען בוים פון דער אידי־שער קולטור.

א חוץ אויסערליכע שעהנקייט פון אי־דישען מוזעאום איז דאס אינערליכע רייכטום פון אידישע שאפונגען און קול־טורעלע אוצרות, אונשאצבאר געווען.

דער מוזעאום פלעגט באזוכט ווערען פון טויזענדער מענשען, וועלכע פלעגען קומען פון אלע עקען וועלט, באוואונדער־ען די אידישע קונסט און לערנען דאס לעבען פון אידישען פאלק.

איך בין געווען איינער פון די גליק־ליכסטע צו באזוכען דעם וואונדערשעה־נעם מוזעאום. באלד ביים אריינגאנג אין דער ערשטער זאל, איז אויף דער וואנט אין א מארמארנע טאבעלע אויסגעקריצט געווען די נעמען פון די קינסטלער און פארשער וועלכע האבען זייערע ווערק און שאפונגען פאר דיזען מוזעאום אוועק געגעבען. איך בין ענטוישט געבליבען ועהענדיג די נעמען פון אלע גוט באוואוסטע און וועלט באריהמטע קינסטלער מאהלער, סקולפטארען און היסטארישע פארשער, אלע אידען! איך האב זיך גע־שטעלט די פראגע, שוין זשע זענען זיי אלע צוריקגעקומען צום אידישען פאלק? שוין זשע האבען אלע אוועקגעגעבען דאס בעסטע פון זייערע ענערגיע און דענקען, אויסשליסליך דעם אידישען פאלק? מיין פראגע איז שנעל פארענטפערט געווארען ווען איך האב געמאכט א טריט ווייטער און אריינגעקומען אין ערשטען גרויסען צימער פון סקולפטאר ארבייט.

דא האט פאר מיר א נייע וועלט פון אידישען זשעניע ענטדעקט. איך האב שוין מעהר ניט באוואונדערט די גרויס־קייט פון געדאנק און פון סקולפטארס פאנטאזיע, צו פארוואנדלען אן אייכפאר־בען שטיין אין א פאגראם בילד. איך האב געפאסט א פעסטען באשלוס, אז די אי־בערלעבונג פון אידישען פאלק אין די לעצטע עטליכע יאהר, האט געדארפט ווירקען אויף דעם קינסטלערס מוזע צו באשאפען אן אויסערגעוועהנליכע פאנ־טאזיע פאר זיין קונסט [illegible]. דער קינסטלער האט געשאפען א בילד פון פאזיטיווען לעבען, פון זיינע אייגענע ער־פאהרונגען און איבערלעבונגען.

איך האב געזעהן א סטאטוע געהאקט פון שטיין, א פרוי מיט אפגעשניטענע בריסטען. א בילד וואס איז נאך ביז היינט צו טאג פון קיין קינסטלער אין דער וועלט ניט געשאפען געווארען. א בילד וואס איז ענטדעקט געווארען אין צוואנציגסטען יאהר־הונדערט פון א צי־וויליזירטע וועלט אין קאמפף פאר נא־ציאנאלע רעכטע און פאר דער מענשליכער בעפרייאונג. איך האב געזעהן א בילד פון א גוס'דיגען אידען ליגענדיג אויף דער ערד, ראנגלענדיג זיך מיט א שווין נע־בען איהם; איך האב געזעהן בילדער פון מענער מיט אפגעשניטענע גליעדער, צע־זאקטע קינדער, געשענדעטע פרויען וועל־כע האלטען פארשטעלט זייערע אויגען נאך שאנדע. אויסגעדארטע קינדער שטארבענדע פאר הונגער אין די ארעמס פון זייערע אויסגעהונגערטע מוטערס, איך האב געזעהן א בילד פון א גרופע דערשראקענע פרויען וועמענס געזיכטער האבען אויסגעדריקט טויט און שרעק פאר די אנגעקומענע מערדער, נאך און נאך צעהנדליגע אנדערע סטאטוען וועלכע הא־בען באפוצט דעם פאוויליאן פון סקולפ־טור ארבייט.

איך האב מעהר אין דער אפטיילונג ניט געקענט בלייבען, לאנגזאם האב איך מיינע פיס נאכגעשלעפט צו דער זייט פון דער טיר, אויף דער שוועל וועלכע איז געשטאנען ביים ארויסגאנג פון צי־מער בין איך באוועגלאז געבליבען זי־צען.

דאס צווייטער צימער איז געווען די אפטיילונג פון קונסט מאלעריי, צווישען די הונדערטע קליינע און גרויסע בילדער וועלכע האבען [illegible] געשטעלט די אומגלי־קען פון אידישען פאלק, ברענענדיגע היי־זער, פארברענטע שולען, בעטלענדע פרויען מיט אויסגעהונגערטע קינדער אויף די הענד. וואנדערען די אידען אין די וועלדער אנגעטאן אין טליתים און טראגענדיג ספרי תורות אין די הענד, נאך און נאך אנדערע בילדער פון זעל־טענע טיפ, האבען ניט געצווינגען צו זיך די אויפמערקזאמקייט אויף אזוי פיעל ווי די גרויסע בילד וועלכע איז געהאנ־גען אין מיטען וואנט, גלייך אנטקעגען אריינגאנג אין צימער.

דאס בילד איז געווען דאס וואונדער־בארסטע און גרויליכסטע, די שרעקליכס־טע פאנטאזיע וואס א מענשליכער גע־דאנק קען מאהלען, און וואס נאר א קינסטלער האנד קען מיט א פענזעל און מיט פארבען אויף לייוונד איבערגעבען. דאס בילד האט פארגעשטעלט א שחיטה שטאדט.

ניט קיין פאגראם קיין געוועהנליכער פון הרג'ענען אידען, ראבירען קראמען, נאר א שחיטה שטאדט, א שחיטה קעגען אונשולדיגע און מאכטלאזע אידען, און פרויען און קליינע קינדער. בערג, גאנצע בערג מיט געקוילעטע הרוגים זענען גע־לעגען אין די גאסען.

אין די אויגען איז מיר פינסטער גע־ווארען. איך האב מעהר אויף דעם בילד ניט געקענט קוקען. איך האב זיך דער־מאהנט אין די געמאהלענע בילדער וועל־כע איך האב געזעהן אין פארשיעדענע מוזעאומס. דאס בילד פון דער פראנצוי־זישער רעוואלוציאן, דאס שטורעמען פון באסטיליע, דאס בילד פון דער רעוואלו־ציאן אין דייטשלאנד אין 1848 און פער־שיעדענע מלחמה בילדער פון העלדיש ארמייען, קעמפפענדיג קעגען שונא פאר־לענדיג פון די בערג, בילדער פון שראפ־נעלען, פליהענדע שטיקער פייער, ברע־נענדע בוימער, פארגאסענע און פאר־טריקענטע שטיקער בלוט, געזונקענע שי־פען, רעטונגס שיפלאך, שווימענדע מאט־ראסען, רעטונג גארטלען, און נאך פאר־שיעדענע אומגליק און פארניכטונגס ביל־דער אין מלחמה צייט, וואס די פאנטא־זיע פון מאהלער האט געקענט פארשטע־לען און מיט פארבען פארוואנדלען אויף לייוונד. אבער די אלע אויסגערעכענטע בילדער זענען געווען ווי א קינדער שפיעל קעגען דעם בילד „די שחיטה שטאדט". איך האב פארלאזען די קונסט־זאל און אריין אין אפטיילונג פון היסטארישע זאכען.

וואונדערבארע זאכען האב איך דארט געזעהן א חוץ די היסטארישע ווערט פון די געגענשטענדע און שטומע עדות וועל־כע זענען באנוצט געווארען אלס מארד־געצייג צו דער וועלט פארניכטונג, הא־בען קיין קינסטליכען געשמאק די אלע זאכען ניט געקענט ארויסרופען. עס איז געווען בלויז א זאמלונג פון היסטארישע פארשער ספעציעל פאר דעם אידישען מוזעאום.

איך האב זיך אפגעקעהרט מיט עקעל, און ניט געקענט קוקען אויף דעם. מארד מאשינען און אנדערע כלי משחיתים וועלכע זענען געניצט געווארען אין די לעצטע מלחמות, מעסערס, העק, נאגיי־קעס, ביקסען און תליות און אנדערע גע־צייג ספעציעל פאר אידישע פאגראמען.

און א באזונדער אפטיילונג אין וועל־כען צימער אן א זיים איז געווען אויס־געשטעלט אלט־היסטארישע אינקוויזיצי־אנס ארטיקלען נאך פון דער צייט פון דער שפאנישער אינקוויזיציאן. ווידער תליות, גיליאטינעס און אטאדע־פעס. שפיזען אין לאנגע טשועקעס, צוואנ־גען, רעדער און פרעס מאשינען. אויף



# אידישע נייעס פון אלע וועלט טיילען

## די פאלעסטינא וואך איבער'ן גאנצען לאנד

אין דער וואך פון 1־טען ביז 8־טען פעברואר וועט איבער'ן גאנצען לאנד פארקומען א „פאלעסטינא וואך". דאס וועט זיין אן ערציהונג דרייוו, אין וועל־כען עס וועלען אנטייל נעהמען איבער 5 טויזענד אידישע ארגאניזאציאנען אי־בער'ן לאנד מיט'ן צוועק צו באקענען די ברייטע אידישע מאסען מיט אלץ וואס איז נוגע פאלעסטינא אין דעם איצטי־גען מאמענט.

די „פאלעסטינא וואך" איז ארא־נזשירט געווארען דורך דעם בילדונגס דע־פארטמענט פון דער ציוניסטישער אר־גאניזאציע אין אמעריקא, און אלע ציו־ניסטישע דיסטריקטען, „יונג יהודה" קלאבס, העברעאישע שולען, י. מ. ה. אסס'ן, „הדסה" פאראיינען, שוהלען און קהלה אינסטיטושאנס וועלען אין די ריע־זען ערציהונגס דרייוו נעהמען אן אקטי־ווען אנטייל. עמאנועל ניומאן, דער די־רעקטאר פון דעם ערציהונגס דעפארט־מענט פון דער ציוניסטישער ארגאניזא־ציע, האט ארויסגעשיקט אן אויפרוף צו אלע ציוניסטישע דיסטריקטען און פאר־איינען מיט דער אויפפאדערונג צו מא־כען די ערשטע יעהרליכע „פאלעסטינא וואך" אין אמעריקא פאר א גרויסען ער־פאלג.

די ערציהונגס ארבייט פון דער „פא־לעסטינא וואך" וועט באשטעהן אין מא־כען פראפאגאנדא פאר פאלעסטינא און פארגרעסערען דעם אינטערעס צום ציו־ניזם דורך פאלעסטינא פייערונגען, לעק־ציעס, פארטרעגע אין טעאטערע, האלס און דיסטריקט העדקוואדערס. אזוי ווי אין דער וואך פון 1־טען ביז'ן 8־טען פעברואר פאלט אויס חמשה עשר בשבט (4־טען פעברואר) באקומט דער ערציהונגס דרייוו פאר פאלעסטינא־פרא־פאגאנדא באזונדערע מעגליכקייטען צו ארבייטען צווישען דער יוגענד.

אין פיעלע שטעדט פאלט די „פאלעס־טינא וואך" צוזאמען מיט דעם אנפאנג פון דעם גאולה פאנד קאמפיין.

## דאס העברעאישע טעאטער אין סאוויעט־רוסלאנד

זייט א לענגערער צייט עקסיסטירט אין מאסקווע א העברעאישער טעאטער־פערבאנד „הבימה" אין דעם לעצטען האל־בען יאהר האט דער פערבאנד געמאכט בעדייטענדע פארשריט, בעזונדערס נוט איז אויסגעשטעלט געווארען די אר־טיסטישע אויסבילדונג זייט דער אנגע־זעהענער ארטיסט, און ענטוזיאסטישער אנהענגער פון דער העברעאישער סצע־נע, ע. ב. וואכטאנגאוו (א קריסט) האט איבערגענומען די לייטונג אין זיינע הענט, בעת זיין אויפהאלטען זיך אין פעטערס־בורג האט ער איינעם פון די דארטיגע זשורנאליסטען געגעבען פאלגענדע אינ־פארמאציעס וועגען דער „הבימה":

„די עפענטליכע פארשטעלונגען פון דער „הבימה" אין ווינטער־סעזאן זענען פעראנדינט געווארען אין אפריל, ד. ה. מיר קאנען זיין פאלשטענדיג צופריעדען מיט דעם פארגאנגענעם סעזאן, איצט פארנעמט זיך דער פערבאנד מיט'ן שטו־דיום פון דער שפראך און צו אויסדרי־קען אין אויך פון דער סצעניעשער טעכ־ניק לויט'ן סיסטעם פון בעקאנטען רו־סישען ארטיסט סטאניסלאווסקי, אין גי־כען וועלען מיר שפיעלען אנ־סקי'ס דרא־מעס „דער דיבוק" און „מנחם". די רעזשי פון דער לעצטער דראמא ליגט אין די הענד פון רעזשיסער פון מאסקווער קינסטלערישער טעאטער מטשעדעלאוו.

אונזער טרופע איז ביי דער ערשטער מעגליכקייט ענטשלאסען אריבערצופאה־רען קיין פאלעסטינא. „הבימה" שטעלט זיך ניט פאר איהר אויפגאבע אנדערש, ווי צו ארבייטען אין אן ענגסטען קאנ־טאקט מיט'ן אידישען פאלק, אין זיין היסטארישען לאנד, אין פאלעסטינא, כדי אבער ניט צו פערלירען דעם גייסטיגען צוזאמענהאנג מיט איהר שעפער און גרינדער, מיט'ן מאסקווער קינסטלערי־שען טעאטער, וועט אין דער צוקונפט וואהרשיינליך בלייבען אין מאסקווע א אבטיילונג פון „הבימה".

וואכטאנגאוו האט צוגעגעבען: איך בין ניט קיין איד און ביז איצט קאן איך נאך ניט קיין העברעאיש, הגם אלע פיעסען, וועלכע זענען ביז איצט גע־שטעלט געווארען דורך דער „הבימה" זע־נען דורך מיר רעזשיסירט געווארען. דער מהות פון אונזער שולע, פון סטאניס־לאווסקי'ס שולע, בעשטעהט אבער דער־פון, וואס אויף דער סצענע איז אמויכ־טיגסטען ניט דאס ווארט, נאר די איבער־לעבונג".

## לאיד דזשארדזש איף באזוך אין ארץ ישראל

אין לאנדאן זענען פארעפענטליכט גע־ווארען באריכטען, וואס ווערען ערקלערט צו קומען פון א זיכערער פאראנטווארט־ליכער קוועלע דאס דער ענגלישער פרע־מיער לאיד דזשארדזש האט זיך ער־קלערט צו זיין טיעף פאראינטערעסירט אין דער ארץ ישראל פראגע און איהר לייזונג לטובת דעם אידישען פאלק.

פון דערזעלבער קוועלע ווערט אויך גע־מעלדעט, דאס לאיד דזשארדזש גרייט זיך צו מאכען א רייזע קיין ארץ ישראל און אויסזעהן דאס לאנד באלד דערנאך ווי די פרידענס טריטי מיט טערקיי וועט זיין אונטערגעשריבען.

לעצטען זונטאג אבענד האבען די לאנ־דאנער ציוניסטען פאראנשטאלטעט א פייערליכען באנקעט לכבוד דר. מאקס נארדוי אין דעם שעהנעם פרינסעס רעס־טאראן אויף פיקא דיללי.

דר. נארדוי האט געהאלטען א זעהר בעגייסטערנדע רעדע, אין וועלכער ער האט אויסגעדריקט זיין צופרידענהייט מיט דער ציוניסטישער טעטיגקייט און אויסגעדריקט זיין האפנונג און ברכה, אז די מינדעסטע אנשטרענגונג פון די ציו־ניסטען וועט ניט זיין אומזיסט און אז אלעס וועט פיהרען צו דער ערלייזונג פון דעם אידישען פאלק, קערפערליך און גייסטיג.

מיט די שארפסטע ווערטער האט אויך מאקס נארדוי פערדאמט די אנפיהרער פון די שחיטות און פאגראמען אויף אי־דען אין די מזרח אייראפעאישע לענדער.

„איך האב דעם שטארקסטען צוטרוי־ען צו ענגלאנד — האט דר. נארדוי אויך געזאגט — דאס זי וועט זיין די רעטע־רין פון אידענטום, און אז זי וועט גע־בען די פאלעסטינא"ער אידען זעלבסט רעגירונג נאכדעם ווי זי וועט האבען דעם מאנדאט איבער'ן לאנד.

א זעהר איינדרוקספאלע רעדע האט אויך געהאלטען פראפעסאר וויצמאן, שילדערענדיג דעם גרויסען פראגרעס און פארטשריט פון דעם אידישען ישוב אין ארץ ישראל און די גלענצענדע אויסזיכטען וואס ער ניט אויף דער צוקונפט.

סער הערבערט סעמיועל איז שוין אפ־געפאהרען פון לאנדאן קיין ארץ ישראל, וואו ער וועט פיגורירען אלס דער פאר־טרעטער פון דער ענגלישער רעגירונג.

## אטאקעס אויף פוילישע אידען הערען ניט אויף

די ווארשאווער אידישע צייטונגען בא־ריכטען, דאס די פוילישע אטאקעס און רויבערייען אויף אידישע הייזער זענען נאך אלץ אין פולען גאנג, און ווי עס שיינט וועט נאר קיינמאל צו זיי קיין סוף ניט נעהמען.

די דאזיגע אבלאוועס און רויבערייען מעלדען די צייטונגען, האבען זיך לעצ־טענס הויפטזעכליך שרעקליך פארמעהרט אין מינסק, וואו פאליאקען באפאלען די אידישע הייזער אונטער דעם אויסרייד אז מען האט זיי געשיקט מאכען א רע־וויזיע, זיי שלאגען די אידישע איינוואוי־נער מכות רצח און ראבעווען אלעס וואס זיי קענען נאר אוועקטראגען.

די פוילישע רעגירונג האט ארויסגע־געבען אן ארדער, דיזע רויבערייען און רציחות אפצושטעלען, דראהענדיג שווער צו באשטראפען יעדען איינעם וואס וועט געפונען ווערען שולדיג אין פערלעצען דעם ארדער.

דער טשענסטאכאווער רב, רבי מ' ח' אש, איז לעצטענס אטאקירט געווארן פון דריי פוילישע סאלדאטען. צושויער דערצעהלען אז די אטאקע וואלט זיך געווען געענדיגט מיט טרויעריגע רעזול־טאטען ווען עס מישען זיך ניט אריין פראנצויזישע אפיצערען, וועלכע האבען פארטריבען די פאגראמטשיקעס.

די פראנצויזישע אפיצערען האבען אויך דערנאך פארשפראכען צו באשטראפען דעם רב"ס אנגרייפער.

אין ביאליסטאק זענען צוויי פוילישע אונטער־אפיצערען באפאלען די אידישע פרוי, חנה שווארץ, זי מערדערליך צו־שלאגען און ערנסט פארוואונדעט.

עס ווערט אויך געמעלדעט דאס 59 אידען וועלכע זענען לעצטענס באפרייט געווארען פון די פוילישע פריזאן קעמפס זענען אהיימגעקומען נאך ווילנא, פאר־קריפעלט און צעבראכען, אלס רעזולטאט פון דער ברוטאלער באהאנדלונג פון די פוילישע פריזאן בעאמטע. זייערע קרובים האבען זיי אבסאלוט נישט דערקענט.

די באפרייטע אידען דערצעהלען אז זיי האבען געליטען הונגער און קעלט, און אויסער דעם האבען די פריזאן בא־אמטע זיי יעדען טאג מערדערליך גע־שמיסען און זיי אנגעטאן פארשיעדענע אנדערע אונגעהערטע פיין און יסורים.

עס ווערט אויך געמעלדעט, דאס איי־ניגע ווילנער אידען זענען ערשט לעצ־טענס געשטארבען אלס רעזולטאט פון די שמיין וואס זיי האבען געקראגען פון די פוילישע פאגראמשטשיקעס.

א קייבעל פון ווארשא באריכטעט, דאס דער אידישער פארלאמענט קלוב אין פוילען האט ארויסגעלאזט א שטארקען פראטעסט קעגען דעם פוילישען בילדונגס מיניסטעריום, פאר וואס עס ווערען ער־לויבט אריינצובריינגען אנטיסעמיטישע טעקס ביכער אין די פוילישע שולען.

א דאנק דער אריינמישונג פון די אי־דישע רעפוטאטען פון פוילישען פארלא־מענט, וועלען די פוילישע אפיצערען, וועלכע זענען לעצטענס באפרייט געווארען נאכדעם ווי. זיי האבען געשענדעט און ערמארדעט זעקס אידישע מיידלאך אין לעמבערג — נאך אמאל געשטעלט ווע־רען צו א משפט.

## חיברו אימ. אייד וועט פערבינ־דען אמעריקאנער אידען מיט קרובים אין יוראפ.

פיער טויזענד מענשען האבען ביי־געוואוינט דעם לעצטען יעהרליכען מי־טינג פון דער היברו אימיגראנט אייד סאסייעטי, אפגעהאלטען אין לעקסינג־טאן אפערא הויז אז איבער 3 טויזענד לייטע האבען געמוזט צוריקגעהן אויס מאנגעל אין פלאץ.

דזשייקאב שיף האט ערעפענט די פארזאמלונג, לויבענדיג די הכנסת־אורחים פאר איהר גלענצענדער ארבייט און אפע־לירענדיג דאס די אמעריקאנער טויערען זאלען ניט פארמאכט ווערען פאר די אי־דישע אימיגראנטען. די אידען, האט דזשייקאב שיף געזאגט, זענען תמיד גע־ווען לאיאלע בירגער, זיי האבען באריי־כערט דאס לאנד און דארפען אריינגע־לאזט ווערען.

אסיסטענט סעקרעטער אוו לייבאר האנ. ל. פ. פאסט ערקלעהרט דאס די גע־זעצען קענען די אימיגראנטען שטעלען מיט זיך פאר א „משונה"דיג צוגעי־געלאטעט קאלדרע", וועלכע האבען ענד־ליך פארמאכט די טירען פאר די אידישע אימיגראנטען.

סענאטאר קינג האט אויך פארדאמט דעם בילדונגס עקזאמען, זאגענדיג אז דאס איז ניט איינגעפיהרט אפצושאפען עס הארצות, נאר מיט'ן צוועק אויסצו־שליסען די איינגעוואנדערטע. „עס איז א שאנדע", — האט ער געזאגט, „ווי

לעזט דעם „וועג"

**The Weg** — דער וועג

THE DETROIT JEWISH DAILY

די איינציגע אידישע טעגליכע צייטונג אין מישיגאן סטייט
ערשיינט יעדען פריהמארגען אויסער שבת, דורך דער
וועג פאבלישינג קאמפאני, אינקארפארייטעד
הויפט אפיס: 347-49 הייסטינגס סטריט, דעטראיט, מיש. טעלעפאן: מעין 3715.

דעטראיט, מאנטאג, דעם 19טען יאנואר, 1920.

# די ארבייט פון פרויען אין דער צוקונפ־טיגער געזעלשאפט

— פון ב. י. ג. —

איך האב שוין געשריבען אינם פאריגען ארטיקעל, אז אין א סאציאַליסטישער געזעלשאפט וועלען אלע מענשען מוזען ארבייטען. ניטא קיין חילוק, מאן צי פרוי, מיוחס, אדער נישט מיוחס.

אין דאס איז וואס פיעלע באגרייפען נאך נישט. מען האט תמיד גע־מיינט אז אין א סאציאליסטישער ארדנונג וועט די פרוי ניט דארפען אר־בייטען. בנוגע דער לאגע פון דער פרוי אין דער סאציאליסטישער געזעל־שאפט איז בכלל קיין אפגעשטעלטע מיינונג נישטא. איינינע געהען מיט דער סברא אז דאס בעסטע וואלט געווען, ווען מען זאל די פרויען להלוטין באפרייען פון ארבייט אום זיי זאלען קענען זיך מעהר אפגעבען מיט דער ווירטשאפט און אנדערע פאמיליען־פליכטען.

מען איז אבער געצווינגען צו גלויבען, אז ווען מען זאל די פרויען צוריק פארשליסען אין די קיכען און צוריק זיי איינקלאמערען אין די ענגע ראהמען פון דער באלעבאטישקייט, וואלט עס פאר די מעהרסטע פון זיי גע־ווען מעהר רעה איידער טובה. עס וואלט אויך ניט געשטימט מיט דעם גייסט פון סאציאליזם; וועלכער דארף שטרעבען צו אנטוויקלען יעדענס פעהיגקייטען, ענערגיע און טאלאנט לטובת דער געזעלשאפט.

די קינדער ערציהונג איז אפילו אצינד שוין א געזעלשאפטליכע פונק־ציאן. וואס אמאל דערגרייכט די דאזיגע פונקציע אלין העכערע מדרגות; נישט אלע פרויען, וויעדער, זיינען באשעפטיגט אין היים ארבייט. א גרויסער רוב פון זיי, זיינען אנגעשטעלט אין קראמען, אין געשעפטס־ביוראס, אין דער אינדוסטריע, אין לאבאראטאריעס, אין שולען, אוניווערזיטעטען און אין די פאבריקען.

די וועלט איז פאר די לעצטע פיער־פינף יאהר א סך דערנעהענטערט געווארען צו א נייער ארדנונג. און מיט יעדען שפאן נעהענטער צו דער דאזיגער ארדנונג האט מען רק מעהר פרויען ארויסגעצויגען פון זייערע היימען און זיי פון זייער באלעבאטישקייט און אריינגעווארפען זיי אין דער פאבריק, אין די אינדוסטריעס און קאמערציעלע ביוראס. און פונקט ווי מען קען ניט אויסלעשען די עלעקטרישע לאמפען און אויף זייער ארט אוועק־שטעלען קאנעצלעך און חלב'נע ליכטלעך, פונקט אזוי וועט מען שוין ניט קענען צוריקציהען דיזע פרויען פון די געזעלשאפטליכע ארבייטען און זיי איינקלאמערען אין דער קיך און ביי דער באלעבאטישקייט.

עס איז דערום ליגט אלע וואהרשיינליכקייטען נישט מעגליך אז מען זאל די פרויען אין א סאציאליסטישער ארדנונג אינגאנצען אויסשליסען פון געזעלשאפטליכען לעבען און דורך דעם צונעהמען ביי זיי די מעג־ליכקייט צו אנטוויקלען זייער טאלאנט אדער פעהיגקייט.

די וואס מיינען אז די פרויען זיינען פון תמיד אן ניט געווען קיין ארבייטער האבען א טעות.

עס זיינען געווען צייטען, און די צייטען זיינען בלוטיגע געווען: די מענער האבען תמיד געשארפט די שווערדען און עוסק געווען אין תכסיסי מלחמה. דעמאלט האבען די פרויען געפויערט; זיי האבען געארבייט שווער און ביטער.

מען זעהט אויך פון די איצטיגע נוצען וואס די פרוי ברענגט מיט איהרע ארבייטען אין באשעפטיגונגען, אז זי איז ניט באשאפען געווארען צו זיין בלויז אפגעשלאסען ביי קיך ארבייט.

און פונקט ווי אצינד און פונקט ווי אמאל, אזוי וועלען אויך אין דער צוקונפט ארבייטען די פרויען.

נישט מעהר וואס עס וועט זיך מעהר ניט פאדערען אזא גרויסע אנ־שטרענגונג. עס וועלען אויך געשאפען ווערען גינסטיגער מעגליכקייטען. די ארבייט וועט דעמאלט ניט רואינירען דאס געזונד און וועט נישט אוועק־נעהמען דאס גליק פון די ארבייטער.

שוין אצינד הערט זיך א קול, וואס פראקלאמירט ארבייט אלס די הייליגסטע און חשוב'סטע פונקציאן פון מענשליכען לעבען: „ארבייט מאכט זיס דאס לעבען".

אין דער צוקונפט וועט נאך מעהר דיזער געדאנק פארווירקליכט ווערען. א היינטיגער געזאגט: אין דער צוקונפט וועט דיזער געדאנק אמת זיין. אצינד איז ער לחלוטין נישט אמת. די היינטיגע ארבייט און דער היינטיגער סדר קען נישט זיס מאכען דאס לעבען. מיר לעבען אין א גע־זעלשאפט וואס באמיהעט זיך צו האלטען תמיד אין רעזערוו אן ארבייטסלאזע ארמיי מענשען וואס האבען נישט קיין בעלנים אויף זייער ארבייטס־קראפט און וואס גופא איז אן אנגעשטרענגטע, וואס פארעלטערט פאר דער צייט און רואינירט דעם מענשענ'ס געזונד. די מאדערנע ארבייט איז א שקלא־פעריי, איינטאניגע, א גרויע.

איצט קען מען זעהען די צוקונפטיגע ארבייטס־פארמע:

די פאבריקען וועלען געהערען צו די מענשען וואס ארבייטען דארטען און ניט צו די יחידים. די פאבריקען וועלען אויך אזא אופן אנגעפיהרט ווערען לטובת אלע מענשען, וואס ארבייטען אין איהר.

נעהמען מיר פאר א ביישפיעל די פאבליק סקוהלס.

די שולע איז דאס אייגענטום פון פאלק, ווערט דערום די שולע נישט אנגעפיהרט לטובת א יחיד, נאר לטובת אלע קינדער גלייך. די בעסטע הי־גיענישע באדינגונגען עקזיסטירען היינט אין דער שולע; די צייט פון לער־נען איז איינגעארדענט אזוי, אז זי זאל הארמאנירען מיט'ן געזונד פון די קינדער. דער דאזיגער צושטאנד פון קינד איז פונקט אזוי וויכטיג, ווי זיין גייסטיגער צושטאנד.

דאס זעלבע וועט זיין מיט דער פאבריק וואס וועט זיין דעם פאלקס אייגענטום: עס וועט איינגעטיילט ווערען די טאג ארבייט אזוי, אז עס זאל בלייבען צייט פאר פארגעניגען, רוה, זעלבסט־בילדונג און שפאצירגאנג.

די בעסטע היגיענישע באדינגונגען וועלען איינגעפיהרט ווערען אין די פאבריקען פונקט ווי זיי זיינען אצינד איינגעפיהרט געווארען אין די לעהר־אנשטאלטען.

פונקט ווי אין שולע איז דער עיקר בלויז דאס קינד, אזוי וועט אין דער פאבריק דער עיקר זיין דער ארבייטער.

# אינטעליגענטען

ראמאן

פון י. ל. מאלאמוט

אהרן בלאך, א רעזיינער, האט זיך גע־רעכענט אלס איינער פון די אידישע אינ־טעליגענטען אין דער ניו יארקער קאלא־ניע. בלאך, כאטש שוין אן עלטערער מענש, זייענדיג א גוטער פארדיענער, פלעגט זיך קליידען זעהר שעהן, איז תמיד געווען פול אויף אלע אונטערנעה־מונגען, קאנצערטען און לעקציעס. פלעגט קומען דער ערשטער און תמיד אוועק־געהן דער לעצטער.

א קוק טוענדיג אויף זיין גלאט ראַ־זירטען פנים, אויף זיין שעהנעם הולך, האט מען געקענט דענקען, אז בלאך איז העכסטענס אריבער צוואנציג. אין דער אמת'ן איז ער געווען א טאטע פון א האלב טוצענד קינדער, כאטש ער פלעגט זיי זעלטען אנקוקען.

מיט דער ווייב האט בלאך געהאט אזוי פיעל געמיינשאפטליכעס, וויפיעל ער פלעגט איהר איינמאל א וואך, שבת אפגעבען א האלב פון זיינע פארדינסטע, און דערמיט האט עס געהייסען, אז ער האט שוין געטאן זיין פליכט צו ווייב און קינדער.

זיין פרוי, מרים, איז אמאל געווען זעהר שעהן, נאר דאס אפטע קינדלען און די שווערע ארבייט אין הויז האט שוין לאנג פארשלונגען יעדען שפור פון שעהנקייט אויף מרים'ס געזיכט.

די ערשטע יאהרען פלעגט מרים, זיי־ענדיג א שטילע נאטור אפשווייגען, אפילו ווען בלאך פלעגט ניט אהיימקומען ביז פאר טאג.

די קינדער האבען איהר אין פאקלויף פון עטליכע יאהר אבער אזוי פארביטערט דאס לעבען, אז זי איז געווארען א צו־בראכענער שארבען, א נערוועזע, א קראנקע, און יעדעס מאל, ווען בלאך קומט ניט אהיים נאך דער ארבעט, נאר באוויזט זיך ערשט שפעט אין דער נאכט ערוועקט זיך אין איהר א כעס און זי הויבט אן מאכען סקאנדאלען. אויף וועל־כע ער, בלאך, ענטפערט אדער מיט א שפאס, אדער ענטפערט אינגאנצען ניט.

עס איז שוין געווען גאנץ שפעט אין דער נאכט, איינע פון יענע נעכט, ווען די יונגענער שטיפט און פארברענגט אין דעם פארק, און בלאך ווי דער שטייגער איז, איז פון פאבריק אנשטאט אהיים ארויסגעפאהרען אין פארק, האט זיך פארגעסען אויף מרים'ן אויף די קינדער.

ווען ער האט געעפענט די טיר פון זיין הויז, איז שוין געווען גאנץ ליכטיג, נאר ער האט אבזיכטליך אנגעצונדען די גאז, כדי אויב מרים וועט זיך אויפכאפען, זאל עס הייסען אז עס איז נאך ביי נאכט.

אזוי שנעל ווי בלאך האט זיך אנגע־הויבען אויסטאן, האט איהם מרים בא־שאנקען מיט א סארקאסטישען: „גוט פארגען, מיין הערר!" בלאך האט זיך אפגענענעצט און אפגעענטפערט:

— זאל זיין שטיל, איך וויל שלאפען!

— א דאנק דיר, כאטש דערפאר וואס דו ווילסט שלאפען, ביזטו געקומען אַ־היים. אפנים אז ווען ניט דאס שלאפען וואלסטו נאך געזעסען אין פארק.

בלאך ענטפערט ניט, און דאס רעגט מרים'ן נאך מעהר אויף.

— זאג מיר, וואס טראכטסטו זיך? האסט א שטוב מיט קינדער און דו זעהסט זיי קיינמאל אין די אויגען ניט אן. וואס וועט אויסוואקסען פון זיי, ביזט דאך עפעס א טאטע!

נאך דעם דאזיגען מאנאלאג האט זיך מרים ווי דער שטייגער איז צעוויינט, און אז מרים וויינט, ווייסט שוין בלאך, אז דאס איז א מעשה אויף א שעה צייט, און ער הויבט אן שרייען:

— אפשר וועסטו פארט זיין שטיל אמאל?

— ניין, איך וועל ניט שווייגען, הויבט מרים אן שרייען נאך העכער, איך וועל אויף להכעיס ניט זיין שטיל!

בלאך פרובירט נאכאמאל:

— איך בעט דיך, זאלסט שווייגען!

דאס זאגענדיג, דרעהט ער אויס דעם גאז ברענער און לעגט זיך אין זיין בעט, וואס שטעהט אין צווייטען צימער אנט־קעגען מרים'ס.

— שווייגען — קוויטשעט מרים הויך אויפ'ן קול, ווי איהם אויף להכעיס, — איך וויל מעהר ניט שווייגען, — גענוג געשוויגען. צעהן יאהר, אז איך שוויג!

— דו זאלסט זיין א חכמה, וואלסטו תמיד געשוויגען, — ענטפערט בלאך.

זי רעדט מעהר ניט. נור צעוויינט זיך מיט ביטערע טרעהרען

— נו, זאל שוין זיין, זאל! — וויל בלאך זי בערוהיגען, — א אידינע וואס נפים אין גלייך וויינען!

פון צווייטען צימער דערהערט זיך א געוויין פון קינדער. מרים אין נאכט־מאנטעל כאפט זיך ארונטער פון בעט און לויפט.

— שוין, דער סמבטיון שטעהט אויף!

— איז זי ביין יעצט אויף די קינדער, וואס האבען זיך ארויסגעריסען פון בעט

אין דערפריה, ווען בלאך שטעהט אויף איז אין שטוב א טומעל, אן איבער־קעהרעניש.

די עלטערע קינדער שלאגען זיך איבער א באל, וואס איינער האט ביים צווייטען ארויסגענומען פון אונטער'ן קישען.

— ס'מיין באל, איך האב איהם גע־קויפט פאר צוויי סענט ביי א אינגעל אין גאס! — שרייט איינער און שלעפט די מוטער פאר'ן פארטוך, זי זאל איהם אפנעהמען ביים ברודער דעם באל.

— אהרן, שריי אן אויף זיי, אהרן! — זאגט מרים צו בלאך'ן, וועלכער שטעהט פאר דעם שפיגעל און ראַ־זירט זיך.

— מאמע, גיב מיר מיינע קליידלעך, איך וועל זיין שפעט אין סקול. מאמע! — קוויטשעט א זעלבען יעהריג מיידע־לע פון בעט ארויס — מאמע, גיכער!...

— גיב מיר עסען! — וויינט נאך א קינד און וואַצט אין מיטען שטוב, האלב נאקעט און קלאפט מיט די פיסלאך אי־בער דער פאדלאגע.

— וואס שווייגסטו, טאטע? — שריי אן אויף זיי!

— מען קען פון אייך דול ווערען! — ברומט בלאך, אזוי שנעל ווי ער ווערט פערטיג מיט דעם ראזירען זיך. ער כאפט אויף זיך דעם מאנטעל און אנטלויפט אין רעסטאראן כאפען א ביים, איידער ער געהט אוועק צו דער ארבייט.

ווען ער איז שוין פון יענער זייט טהיר, שיקט איהם מרים נאך א גיפטי־גען בליק.

— א טאטע, אויך מיר א טאטע פון קינדער!

---

זונטאג אין דער פריה האט מען בלאך'ן תמיד געקענט טרעפען אין דער היים, מחמת ער האט שטארק ליעב גע־האט א קארטעל, און אזוי ווי ער האט אליין באוואוינט א גאנצע הויז, האט ער מייסטענס איינגעלאדען עטליכע גו־טע בעקאנטע צו זיך אהיים, געהייסען האט דאס תמיד, אז מען זאל קומען בתם פארברענגען מיט לעזען, דעקלאמי־רען ווי עס פאסט פאר אינטעליגענטע מענשען. נור דאס פערברענגען האט זיך תמיד געענדיגט מיט א קארטעל. דער דיקטער הורוויץ איז געוועזען אן אפטער אריינגעהער צו בלאך'ן אין הויז אין מי־טען דער וואך פלעגט ער זיך אריינכאַ־פען צו בלאך'ן אויף טהעע אדער צו סא־פער, און די לעצטע צייט ווען ער האט זיך דערוואוסט אז חברים מאכען שטי־פערהייט א פאיקער, האט עס איהם אויך אנגעהויבען ציהען אהין יעדען זונטאג. קיין געלד האט דער דיקטער קיין מאל ניט געהאט. ער פלעגט כסדר דארפען בארגען דעם ערשטען דאלאר ביי בלאך'ן.

א פאר מאל איז הורוויץ אוועק מיט עטליכע דאלאר געווינס און פון דאמאלס אן האט ער ניט געקענט ביישטעהן דעם נסיון און ער האט א שטארקען חשק בע־קומען צו קארטען.

— א וואויל געשעפט! — פלעגט זיך בלאך רייצען אויף שפאס מיט הור־וויץ'ן נאך יעדען מאל, ווען ער פלעגט געווינען א פאר דאלאר — קארטען בע־צאהלען זיך בעסער ווי ליטערער שריי־בען, הא, דיקטער?

און הורוויץ, זייט ער האט זיך צוגע־וויינט צו בלאך'ס געזעלשאפט, ביים קא־מע טישעל אין רעסטאראן און די לעצ־טע בלאך'ס הויז, האט ער אנגעהויבען ביס־לעכווייז צו פערליערען זיין ערנסט־קייט און האט אנגעהויבען ווערען לע־בעדיגער, שפאסאפטער:

— קארטען איז אן אינספיראציע — האט הורוויץ זיך געוויצעלט — עס טראגט אוועק פון דער ווירקליכקייט. עס בעגייסטערט, ניט אמת, הערר בלאך? — האט הורוויץ מעשה גוטער ברודער מיט געהאלפען בלאך'ס שפאסען און זיך געוויצעלט אויף איינעמס חשבון.

— יא, יא, מיין פריינד! — האט בלאך צוגעשטימט.

ביי דעם זעלבינגען קארטען טישעל האט אויך קיינמאל ניט געפעהלט דער שוויקער בעלל, שוין אן עלטערער מענש מיט א פליכעוואטען קאפ, מיט בלויז עטליכע רויטע האר, וואס האבען זיך איהם אפגעשטעלט אלס אנדענקונג פון זיין יונגער אפנים פול קנייטשען אי־בער זיין ברייטען שטערען, ארום די אוי־גען אויף די ליפען. דער דאזיגער בעלל איז געווען א מענש מיט זעהר א הייסען טעמפעראמענט, און אם שטארקסטען האט זיך ארויסגעוויזען ביים קארטען טישעל.

ער האט זעהר פיעל געוויכערט, אזוי אז גאנץ אפט האט ער פערוויכערט איין ציגאר פון צווייטען.

— הערט נור, כלי זמר, איהר שפארט דאך איין געלד, ביי אייך געהען דאך גאר קיין שוועבעלאך ניט אוועק! — האט זיך בלאך מיט איהם געוויצעלט — איהר מוזט דאך זיין א איד, א גביר.

נור בעלל האט זיך פון זיינע שפא־סען ניט אויסגעמאכט.

— יעצט בין איך ערנסט, איך שפיעל קארטען, און אויב איהר ווילט ניט פאר־שפיעלען, זאלט איהר אויפהערען שפא־סען! — האט בעלל געענטפערט, און האט זיך אין איין ווענס שטארק בע־שעפטיגט מיט זיינע קארטען. א חוץ בעלל'ן האט אויך פרענקעל דער סיגאר מאכער אפט געכאפט א קארטעל. פרענ־קעל איז ניט געווען קיין גרויסער פאר־דיענער און ביי איהם, איז דאס די לעצ־טע צייט געווארען א מיטעל צו כאפען א פאר דאלאר געווינס.

אויך אויף פרענקעל'ס חשבון האט זיך בלאך ליעב געהאט צו וויצלען.

— פרענקעל, פאר איך פאסט נאר ניט צו שפיעלען אין קארטען, א אינטע־ליגענטער מענש, א הייסער פארטיי מאן פע׳, עס איז ניט שעהן!

— נישקשה! — בערוהיגט איהם פרענקעל — ביי אייך אין הויז, מאכט ניט אויס. עס איז עפים פארט א ליטע־ראַרישער פאוקער.

און אויך פרענקעל, דער קאלטער ערנסטער אינטעליגענט איז ביים קארטען טישעל געווארען א ציניקער.

— ווי זאגט אונזער דיקטער הערר הורוויץ — איז די פארטייען איז אפ־געשטארבען דער ערנסט, די אינספירא־ציאן, קארטען איז פארט א אינטערע־סאנטע לעבעדיגע שפיעל.

עס האט אויך ניט געפעהלט קיין רייסעריין, קריגערייען ביים קארטען טישעל. דער דיקטער הורוויץ האט גע־שפיעלט עהרליך, אזוי לאנג ווי ער האט נאך געהאט געלד, קוים אבער האט ער געפיהלט אז דאס רעדעל האט זיך אי־בערגעדרעהט, און ער פערשפיעלט די לעצטע פינף און צוואנציג סענט, דאן האט ער זיך ניט געפוילט אויסצובייטען א קארט.

בעלל האט שטענדיג ליעב געהאט צו פיהרען חשבונות פון די אוועקגעלעגטע קארטען, און אזוי שנעל ווי ער האט דאס באמערקט האט ער אנגעהויבען שריי־ען:

— דיקטער, דיקטער! קיינע שוויי־נערייען, דאס איז ניט קיין פערזען וואס מען קען אויסבייטען. לעגט אוועק די קארטען, נו, שוין אוועקגעלעגט אייערע קארטען, איהר הערט צו ניין?

— עס האט איהם געפעהלט א גראם, לאזט איהם, לאזט איהם — האט זיך בלאך אויף זיין שטיינער געוויצעלט — דעם דיקטער איז אלעס ערלויבט.

— איך האב גאר ניט געטאן, וואס ווילט איהר — פלעגט הורוויץ מאכען א ערנסטען אנשטעל — וואס האט זיך אייך געחלום'ט?

— לעגט שוין אוועק אייערע קאר־טען, איך האב שוין גוט געזעהן וואס איהר האט געטאן — האט זיך בעלל צע־שריען.

— עס איז ניט אייער געשעפט, איהר הערט צו ניין? — ווערט הורוויץ שוין אין בעס און קלאפט אין טישעל מיט א פויסט — איהר פערשפיעלט איז אייך קיינער ניט שולדיג, בעלל ווארפט די קארטען און כאפט אויס דאס שיסעלע מיט געלד פון טיש — דאס איז ניט קיין שפיעל, דאס איז שווינדעל.

— איהר זייט אליין א מאַשעניק, א שווינדלער! — ווערט הורוויץ בלאס און ווארפט די קארטען. דאמאלס ערשט לעגט בעלל צוריק דאס געלד אין שיסעלע און אלע הויבען אן מאכען פארווירפע איי־נער דעם אנדערען.

— פע, ע סאיז גאר ניט מעשה אינ־טעליגענטען! — ברומט פרענקעל צו הור־וויץ'ן. יענער שמייכעלט צו איהם גאנץ שטיל, קיינער זאל ניט זעהן.

# הומאר און וויץ

### א טרייעל פאר אן אקס

א פארמער'ס אן אקס, וועלכען אלע שכנים האבען געקענט דורך דעם גלעקעל וואס ער האט אויף זיין האלז געטראגען, איז דער'הרג'עט געווארען פון אן עלעק־טריק קאר וועלכע פלעגט לויפען פארביי דעם פארם.

דער פארמער האט באלד פארקלאגט דער קאמפאני פאר 200 דאלער שאדען־ערזאץ.

ביים טרייעל האט דער קאמפאניס אד־וואקאט געהאלטען א לאנגע רעדע און האט געענדיגט מיט די ווערטער:

„הערען געשווארענע. פון דעם, אלעם וואס איהר האט געהערט, האט איהר זיך איבערצייגט, דאס עס איז געווען ניט דעם מאטארמאנ'ס שולד, וואס דער אקס איז דער'הרג'עט געווארען: דער פארזיכטיגער מאטארמאן האט געפייפט און געקלונגען ווען ער האט געזעהן דעם אקס ארומלוי־פענדיג אויף די טרעקס. ער האט דאס געטאן אום דעם אקס צו איבערשרעקען און איהם מאכען אראפגעהן פון די טרעקס. מיינע הערען, די קאמפאני איז ניט שולדיג, און מיר ערווארטען אייער אורטייל אין אונזער גינסט".

נאך איהם האט זיך געשטעלט דעם פארמער'ס אדוואקאט און נאך דעם ווי ער האט געהאלטען א לאנגע רעדע האט ער געענדיגט מיט די ווערטער:

„ווערטהע הערען געשווארענע. פון דעם אלעם וואס איהר האט געהערט דענק איך וועט איהר מוזען געבען אייער אור־טייל אין אונזער גונסט. מיין פריינד, דער געלעהרטער אדוואקאט פון דער אנ־דערער זייט, האט ערקלעהרט דאס דער קאר מאטארמאן האט געקלונגען און גע־פייפט אום דעם אקס פון די טרעקס ארונטערפיהרען. ער האט אבער פארגע־סען צו דערצעהלען, דאס אויך דער אקס האט געקלונגען און דאס קלינגען האט געדארפט געבען צו פארשטעהן אז ער דארף אפשטעלען די קאר. אבער ווי עס זעהט אויס איז דער מאטארמאן גיט בע־כער פאר דעם אקס, און די קאמפאני דארף באצאהלען ווען אקסען פיהרען איה־רע קארס.

דער פארמער האט געוואונען.

### ערעל־שטיינער

א רייכער בינעזער האט שמאלצירט מיט דעם, וואס ער האט געטראגען א בגד באזעצט מיט טייערע ערעל־שטיי־נער. אן אלטער ארימער באנצע (בינעזי־שער פרוש) האט איהם באגעגנט אויפ'ן גאס, האט זיך אפגעשטעלט פאר איהם, האט איהם באקוקט פון קאפ ביז די פיס האט זיך דאן געבוקט צו דער ערד און האט איהם זעהר שטארק געדאנקט פיר זיינע ערעל־שטיינער.

„מיין פריינד" האט געזאגט דער רייכער, „איך האב דאך דיר קיינמאל קיין ערעל־שטיינער ניט געגעבען".

„געוויס ניט", האט געענטפערט דער באנצע, „אבער איהר האט מיר געגעבען די מעגליכקייט זיי צו זעהן, און מעהר ווי דיזען גענוס פון זיי האט איהר אליין דאך אויך ניט. צווישען אונז ביידע איז נור דער אונטערשיעד, דאס איהר האט די מיה צו טראגען זיי און צו היטען, ווערענד איך בין פון דיזער ארבייט פריי".

### א פראצעס פאר אינשורענס

מיסטער טאראראם האט געקויפט טוי־זענד ערשטע קלאסע האוואנא סיגארען און האט זיי אינשורט. ער האט ריכטיג געצאהלט דער קאמפאני און האט אויס־געסמוקט אלע סיגארען אין צייט פון עט־ליכע מאנאטען. ווען קיין איינציגער סי־גאר איז ניט געבליבען האט ער אריינ־געשיקט אין דער קאמפאני א בריעף אין וועלכען ער האט ערקלעהרט אז אלע סי־גארען זענען פארברענט געווארען. די קאמפאני האט ניט געוואלט באצאהלען, און מיסטער טאראראם האט זיי איינגע־קלאגט פאר אינשורענס".

### האט ניט קיין טראבעל

ווען דער רייכער מיסטער קיטען איז געשטארבען האט מען געפונען פאלגענ־דע צוואה:

„איך לאז איבער מיין גאנצען פאר־מעגען צו די לויערס פון מיינע קינדער. צו מיין ווייב און קינדער לאז איך אי־בער וואס עס וועט זיך אפשטעלען, דורך דיזען טעסטאמענט האב איך צו פארמיי־דען פראצעסען און קריגערייען צווישען מיינע קינדער און פארמיידען דאס די אדוואקאטען זאלען ערקלעהרען אז איך האב געשריבען דיזען טעסטאמענט אהן פערשטאנד".

### סימפאטיע פון א קאלעגא

משה: דא אין צייטונג שטעהט בא־שריבען ווי א מאן איז מיאוס אריינ־געפאלען דורך א ליבעס בריעף.

פיישע: איך האב מיטלייד מיט איהם. אט גראדע אויף אזא ארט האב איך חתונה געהאט.

### א טייערע פאעזיע

פאעט: פון מיין לעצטע פאעזיע האב איך דריי וואכען געלעבט.

פריינד: אזא גרויסען פרייז האסטו עס בעקומען?

פאעט: ניט דאס. דער רעדאקטאר האט מיר אראפגעווארפען מיט דער פאעזיע פון אלע טרעפ און איך בין געלעגען דריי וואכען אין האספיטאל.

## היינטיגע פארטזעצונג.

פארשאלטען הויז.

פאר דער וועלט האט דאס געהייסען אז די פרענקעלס זיינען א גליקליך פאר און אין זייער שטוב הערשט פריעדען און גליק. נור אין דער אמת'ן איז דאס געווען א פארשאלטען הויז און אויב מאן און פרוי האבען זיך קיינמאל ניט געקריגט און עס איז ניט געקומען צו קיין עפענטליכע סקאנ־דאלען, האבען זיי אבער שטילערהייד איי־נער אויפ'ן צווייטען געטראגען א טיפע שנאה און האט זיך פארשאלטען זייערע יאהרען וואס זיי זיינען געווארען מאן און פרוי.

דוד פרענקעל, א יונגערמאן פון א יאהר צוו און צוואנציג האט זיך אין דער רוסישער קאלאניע אין ניו־יארק, געדע־כענט צווישען די אינטעליגענטען, איז געווען א באוואוסטער מענש. וועלכער האט זיך שטארק אינטערעסירט מיט דעם פאר־שריט פון דער וועלט.

וואו מען הא ערגיץ געדארפט גרינדען א נייעם פאראיין, איז פרענקעל געווען דער ערשטער מיטגליעד. אלס אינטעליגענט איז איהם אויסגעקומען צו שרייבען סיר־קולארען, ארגאנזשירען די אונטערנעהמונגען ווי ליטעראַרישע אבענדען, קאנצערטען און לעקציעס. — בטבע איז ער געווען א קאלטע נאטור און יעדע זאך וואס פרענ־קעל האט געטאן, איז דאס געווען ווי א נער וואס טהוט לשם מצוה.

אין דער באוועגונג הא ער זיך אין בעקענט מיט אידא"ן, וועלכע איז דערנאך געווארען זיין פרוי.

אידא א מיידעל פון א יאהר אכטצעהן א שלאנקע, א לעבהאפטע נור נאך זעהר נאאיווע איז אנגעקומען אין אמעריקא עלטערען, א פראסט פשוט אידיש מיידעל ניט אירגיג בעלעזען, וועלכע איז געווען זעהר עלענד, און זיך בעמיהט ארויסצו רייסען פון פאבריק, וואו איהר איז אויס געקומען צו ארבייטען אונטער זעהר שלעכ טע באדינגונגען.

אויפלעבען פלעגט אידא ווען איהר איז אויסגעקומען צו פארברענגען אן אבענד אויף א קאנצערט אדער א באלל.

די ערשטע איז זי שטענדיג געווען צו קומען אין האלל אריין, כאטש ארעם און זעהר נעט געקליידעט און איהר קינדער געזיכט, איהרע דיקע שווארצע צעפ, די אי דיש חן"עווידיג בליקען האבען צוגעצויגען דאס אויפמערקזאמקייט פון פיעלע יונגע לייט. זי האט געטאנצט אין אנהויב אבער סעל שעהמעוודיג און ביסלעכווייז איז זי אין טאנץ זאל געווארען גאנץ היימיש און צווישען א געזעלשאפט פון יונגע פריי מענשען האט זי זיך זעהר שנעל ענטוויי קעלט און האט זיך אנגעהויבען רייסען צום לעבען מי דער גאנצער קראפט פון אן אכטצעהן יעהריגעס מיידעל.

אין טאנץ זאל האט אידא ליעב געהאט צו בלייבען די לעצטע, זי האט זיך פאר קיין פאל ניט געקענט ארויסרייסען פון זאל איידער די מוזק הא אנגאנצען אויפ געהערט צו שפילען.

דוד פרענקעל, זייענדיג תמיד צווישען די טוער אין דער באוועגונג האט זיך פונקט ווי אלע בחורים מיט אידאן שטארק פאראינטערעסירט. האט זי אפט מאל אבי נעפיהרט אהיים און נאך א נעהענטערע בעקאנטשאפט האט ער געוואונען איהר ליעבע און זיי האבען געהייראט.

דוד זייענדיג א ראדיקאל האט געהאל טען פאר זיין חוב, אויפקלערען זיין גע ליעבטע און דערנאך אויך זיין פרוי, ער פלעגט איהר פארלעזען און זי אויך נעה מען מיט זיך אויף אלע לעקציעס, ווי דער שטייגער איז ביי אינטעליגענטען.

קיין גביר איז דוד ני געווען און אין א קורצע צט נאך דער חתונה האט ער מיט אידא"ן געוואוינט אין א מעבלירטען צי מער, ביידע האבען געארבייט ביי סיגארען און האבען קוים פערדיענט געגוג צום לע בען.

נאך דער חתונה האט דוד ווי ביז איצט זיך אימער אינטערעסירט אין דער באווע גונג. האט געהאט אפטע פארזאמלונגען ביז שפעט אין דער נאכט. אידא האט קיין פארזאמלונגען ניט שטארק ליעב געהאט און פלעגט אויסבלייבען אין דער היים.

וואס ווער איך דארען מאן פלעגט זי תמיד ענטפערען אן אונצופריעדענע, ווען פרענקעל פלעגט איהר איינלאדען צו א זיצונג — נאכאמאל הערען די „פאינטס צו ארדער" און „חבר טשערמאן גיט מיר אווארט?" און זי פלעגט אנהויבען אבשפע טען פון די זיצונגען — לעבעדיגע יונגע מענשען זיצען און שארפען זיך איבער א קליינינקייט פונקט ווי קינדער. אט אי באלל, א קאנצערט איז עפעס אנדערש. עס איז ליכטיג, עס שפיעלט מוזיק, מען טאנצט, מען שפעט, דאס איז אינטערע סאנט. דוד"ן פלעגט דאס שטארק גיט געפעלען, נור קריגען זיך האט ער פיינט געהאט פלעגט ער אבשווייגען און אליין אוועקגעהן צו דער זיצונג.

פארטזעצונג פאלגט

The only Jewish Paper Printed in Michigan

# דער וועג

The Detroit Jewish Daily

די איינציגע אידישע צייטונג געדרוקט אין מישיגאן סטייט

Published Daily by DER WEG PUBLISHING CO.

347-49 HASTINGS STREET Telephone Main 3715

Published and distributed under permit No. 7? authorized by the Act of October 6, 1917, on file at the Post Office of Detroit, Michigan. By order of the President, A. S. Burleson, Postmaster General.

PRICE 2c. DETROIT, MICH., Tuesday, January 20th, 1920 Vol. 1, No 194 דינסטאג, יאנואר 20טען, 1920.

# ענגלישע פלאטע שווימט שנעל צום שווארצען ים

## מארטענס סאוועטען-אמבאסאדאר ערשיינט פאר דער סענאט קאמיטע

װאשינגטאן, יאנ. 19. — לודוויג מאר־טענס, דער באלשעוויסטישער אמבאסא־דאר אין אמעריקא איז היינט ערשיענען פאר דער סענאט־קאמ׳טע, וועלכע פארש׳ט אויס די ראדיקאלע באוועגונג אינ׳ם לאנד.

מארטענס׳ען האט באגלייט זיין פאר־טיידיגער, עקס־סענאטאר הארדוויג. דער לעצטער האט געבעטען די קאמיטע, ניט איבערצורייסען מארטענס פארדערע צו ז׳ינע ערקלעהרונגען מיט אירגענד וועלכע פראגען. מארטענס וועט צושטעלען צו דעם סענאט פיעל ענגלישע און רוסישע דאקומענטען וואס וועלען באשטעטיגען זיינע ערקלעהרונגען.

„מר. מארטענס — האט דער עקס־סענאטאר געזאגט, — איז גענצליך אונ־שולדיג אין אירגענד וועלכער אגיטאציע אדער אקטיוויטעט אומשטירצען די עק־זיסט׳רענדע רעגיערונג אין אמעריקא. זיין האלטונג איז שטענדיג געווען אין איינ־קלאנג מיט די רעגעלען פון אינטערנאצי־אנאלען געזעץ. ער האט זיך תמיד אפגע־האלטען פון אריינמישען זיך אין אמערי־קאנ׳שער פאליטיק. ער איז גליקליך צו ערשיינען פאר אייך און ענטפערען אלע אייערע פראגען".

מארטענס האט דערצעהלט אין קורצען זיין לעבענס געשיכטע. ער איז געבוירען געווארען אין רוסלאנד ביי דייטשע על־טערען און איז ערצו׳גען געווארען אין א רוסישער שולע. ער האט אדורכגעמאכט א העכערע בילדונג אין רוסלאנד אלס אינ־זשעניר, אבער ער האט זיך קיינמאל ניט באנוצט דארט מיט אט דער דאזיגער פראַ־פעסיע, ווייל ער איז ארעסטירט געווארען פאר פראפאגאנד׳רען געגען דער צארי־ישער רעגיערונג. קיין משפט איז ניט אי־בער איהם געווען, פונדעסטוועגען איז ער אפגעזעסען 3 יאהר אין טורמע. דערנאך האט מען איהם ארויסגעשיקט אין דייטש־לאנד, וואו מ׳האט איהם צוגענומען אין דער ארמ׳י פאר 2 יאהר. ער איז פון דאר־טען אפגעפאהרען קיין שווייץ אום צו טרעפען זיך מיט זיינע באקאנטע פון דער רוסישער סאציאל דעמאקראטישער פאר־טיי. פון דער שווייץ איז ער אוועקגעפאה־רען קיין ענגלאנד, וואו ער האט געלעבט גאנצע 10 יאהר. גלייך, ווי די מלחמה איז אויסגעבראכען, האט מארטענס זיך פארשריבען אלס „פרעמדער שונא". אבער די ענגלישע בעאמטע האבען איהם ניט אינטערנירט, צוליב דעם וואס זיי האַ־בען איהם באטראכט אלס רוסישען ביר־גער.

אין 1916 איז ער אנגעקומען א׳ן אמע־ריקא. מען האט איהם ערלויבט צו פאר־בלייבען דארט. ער איז געווארען אן אגענט פאר א רוסישער שטאל־פירמע.

סענאטאר מאזעס, פארזיצענדער פון דער סענאט קאמיטע, האט מארטענס׳ען געפרעגט צו ער האט זיך רעגיסטרירט אלס דייטשער בירגער, ווען אמעריקא איז אריין אין קריעג. מארטענס האט געענט־פערט, דאס ער האט עס ניט געטאן, ווייל ער האט פארנעצווינגען זיין רוסישע ביר־גערשאפט.

ער האט דאן צוגעשטעלט דאקומענ־טען פון דער סאוועטען רעגירונג, דאס ער איז באשטימט געווארען צו פארטרעטען זיי אין די פאראייניגטע שטאטען. איינער פון דיזע דאקומענטען באפאלמעכטיגט מארטענס׳ען איבערצונעהמען דאס איי־גענטום פון דער רוסישער רעגיערונג און אלע פאנדען, וועלכע געפינען זיך אין אמע־ריקא.

פלוצלים איז די זיצונג איבערגער׳סען געווארען פון סענאטאר מאזעס, וועלכער ער האט ערקלעהרט דאס די צווייטע זי־צונג וועט ווארשיינליך פארקומען קומענ־דען מיטוואך. מארטענס איז לעת עתה פארהאלטען געווארען פון דער סענאט קא־מיטע.

---

מאלטא, יאנ. 16. — פארארדנונגען זענען ערהאלטען געווארען דאנערשטאג ביינאכט ארויסצושיקען א צאהל שיפען פון מאלטא, וועלכע זאל אפפאהרען צום שווארצ[ען י]ם.

וויצע אדמיראל דערעבוק איז פרייטאג אפגעפאהרען אויף דער קריעגס שיף „איי־ראן דיוק", ווערענדיג באגלייט פון דיא „צושטערער", סעראפים און סטערפעסט; נאך פיעל שיפען ווערען פארפארטיגט צום אפפאהרען קומענדען זונטאג.

לאנדאן יאנ. 19. — בנוגע דעם באריכט פון מאלטא, דאס שיפען זענען פון דארט אפגעפאהרען, האט די ענגלישע אדמי׳ראַ־ליטעט ערקלעהרט, דאס מ׳קען איהם אנ־נעהמען פאר ריכטיג.

ווי די אדמיראליטעט גיט איבער זענען די שיפען אוועקגעשיקט געווארען צו באַ־שיצען איהרע בירגער, און א׳נטערעסען אינ׳ם פאל דער באלשעוויסטישער מארש וועט זיי שטעלען אין געפאהר.

## נאטע וועגען „קייזער" שטורעמט אויף האלאנד

ברוסעל, יאנ 19. — ד׳ נאטע, וואס דער העכסטער קריעגס־ראט האט ארויס־געשיקט צו האלאנד וועגען דער אויסלי־פערונג פון דייטשען עקס־קייזער, האט ארויסגערופען צווי׳שען האלענדישען פאלק גרויס אויפרעגונג.

מ׳רעכנט, דאס מ׳וועט זעהן פועל׳ן בי׳ דעם געוועזענעם קייזער, ער זאל זיך פרי־ווילינ איבערגעבען אין די הענט פון די אליאירטע.

די נאטע, וואס איז איצט פארעפענט־ליכט געווארען צו דער האלענדישער רע־גיערונג, ערקלעהרט זעלבסט, דאס לויט׳ן אנגענומענעם אינטערנאציאנאלען געזעץ קענען די אליאירטע ניט משפט׳ן דעם גע־וועזענעם הערשער פון דייטשלאנד. זיי פאדערען א׳הם אבער ארויס צוליעב דעם וואס דער „אינטערנאציאנאלער געוויס־סען" פארלאנגט, דאס זיינע מעשים — וועלכע די נאטע רעכענט אויס — זאלען ניט בלייבען אונבאשטראפט.

---

### גאנץ אונגאריען טרויערט צוליעב׳ן „שלום".

בערלין, יאנ. 1. — די „לאקאל אנ־ציינער" האט ערהאלטען א דעפעש פון איהר בודאפעסטער קארעספאנדענט, דאס גאנץ אונגאריען איז פול מיט טרו׳ער צו־ליעב די שווערע שלום באדינגונגען, וועל־כע זענען איצט פארעפענטליכט געווארען. אלע צייטונגען זענען ארויס מיט שוואר־צע ראהמען. שווארצע פאהנען זענען ארויס געצויגען געווארען אויף אלע פאלקס־היי־זער און פיעל פר׳וואטע געביידעס. דיא טעאטערע זענען פון דער רעגיערונג פאר־מאכט געווארען אויף דריי טעג.

---

## רומענישער אנטיסעמיטיזם ניט אפגעשוואכט.

ספעציעל צום „וועג".

שטאקהאלם, יאנ. 19. אויף ווי ווייט דער איינגעבארענער אנטיסעמיטיזם איז ניט פארקלענערט געווארען ביי דער דאר־טיגער רעגירונג קען דיענען דער פאלגענ־דער פאקט, דערצעהלט אין דער בוקא־רעסטער צייטונג „מאנטערא".

א אידישער יונגערמאן האט געזוכט א שטעלע אויף דער באהן. ער האט אנגע־שריבען וועגען דעם צום דירעקטאר פון די אייזענבאהנען. ער האט שנעל ערהאלטען פון איהם אן ענטפער, דאס ער זאל זיך ווענדען מיט זיין ביטע קיין פאלעסטינא, ווייל לויט דעם שלום־אפמאך, געהערט פאלעסטינא צו די אידען.

---

לעגען מארגען די קוויטירונגען פון די אדעסער פראגרעסיווער אונטער־שטיצ[ונגס] פאראיין געהאלטען פאר די אוקראינער אידען.

## קלעמענסא רעזיגנירט, מילעראן אויפ געפאדערט צו פארנעמען זיין פלאץ

פאריז, יאנ. 18. — נעכטען האט פרע־מיער קלעמאנסא׳ס גאנצער קאבינעט רע־זיגנירט. פרעזידענט פואנקארע האט גע־רופען דעם געוועזענעם סאציאליסט׳ישען פיהרער, אלעקסאנדער מילעראן און איהם איבערגעגעבען ער זאל צוזאמענשטעלען א מיניסטארען קאבינעט.

מר. מילעראן האט צוגעזאגט צו געבען זיין ענטפער מאנטאג בייטאג.

דאס רעזיגנירטע מיניסטער׳ום איז גע־ווען אין אמט זינט דעם 16טען נאוועמ־בער 1917.

מר. מילעראן איז איצט גובערנאטאר פון דער צוגענומענער דייטשער פראווינץ עלזאס, ער איז נעכטען 4:30 בייטאג גע־רופען געווארען פון פרעזידענט פואנקא־רע. ער האט דארט פארבראכט 10 מינו־טען און איז באלד אוועק צום נ׳יי־ער־וועהלטען פרעזידענט, מר. דעשאנעל. ער האט זיך אויך געזעהן מיט קלעמאנסא׳ן און לעאן בורזשוא. ארום 7 אזייגער אין אוונט הא׳ט ער זיך אומגעקעהרט צוריק אין פרעזידענט׳ס פאלאץ, וואו דער פאר־מאלער פארשלאג צו ארגאניזי׳רען דעם מיניסטארען קאבינעט איז א׳הם געמאכט געווארען

פאריז, יאנ. 19. — היינט האט דער נייער פראנצויזישער פרעמיער, אלעקסאנ־דער מילעראן אפגעהאלטען די ערשטע זי־צונג מיט ז׳נע אויסגעקליבענע מיניסטא־רען. מען רעכנט, דאס נאך היינט אין אוונט וועלען זיי אלע פארגעשטעלט ווע־רען פאר׳ן פרעזידענט און זייערע נאמי־נאציעס וועלען מארגען שוין זיין אפגע־דרוקט אין „זשורנאל אפיסיעל".

דער נ׳יער קאבינעט באשטעהט פון 13 מיניסטארען. נאר צוויי פון דעם אלטען מיניסטעריום זענען איינגעלאדען געווא־רען פון מילעראנען צו פארנעהמען שטע־לעס אין דעם נייעם קאבינעט.

רענע וויוויאני, געוועזענער פרעמיער, האט ז׳ך ענטזאגט אנצונעהמען א מיניס־טארען־שטעלע, כאטש ער האט פאריזי־כערט מילעראנ׳ען זיין שטיצע אין דעפו־טאטען־הויז.

## אונגארישע אידען פארלאנגען אינ־טערנאציאנאלע קאמיסיע

(ספעציעל צום „וועג".)

לאנדאן, יאנ. 19. די אידישע פאר־שטעהער פון אונגאריען האבען אויף א פארזאמלונג באשלאסען צו פאדערען אן אינטערנאציאנאלע קאמיסיע, וועלכע זאל אויספארשען די אונערטרעגליכע לעבענס־באדינגונגען וואס ס״זענען איצט באשאַ־פען געווארען פון דער רעגירונג פאר דער אידישער באפעלקערונג.

זיי וועלען דער קאמיסיע צושטעלען דאקומענטלע באווייזע, ווי אזוי אידישע בירגער ווערען פון דער איצטיגער רעגי־רונג אויף טריט און שריט פארפאלגט. מ״כאפט אומשולדיגע אידען און מען פאר־שפארט זיי אהן א פארוואס אין די טור־מעס.

60 אידישע פראנצויזישע פאמיליעס זענען פון אינסבורגער דיסטריקט דורך דער רעגירונג ארויסגעטריבען געווארען. קיינע באשולדיגונגען זענען געגען זיי ניט אנגעגעבען געווארען.

### וויכטיגער גאסט אין דעטראיט.

מר. לעאן זאלאטקאף, רעדאקטאר פון שיקאגא׳ר „קוריער" איז אנגעקומען אין דעטראיט צו פאראינטערעסירען די הי־גע אידען וועגען א גרויסער דרוקערי אין ירושלים.

מר. זאלאטקאף איז דער סעקרעטער פון אן ארגאניזאציע, וועלכע האט זיך געגרינדעט אין שיקאגא לטובת דער ירושלים׳ער דרוקערי.

---

היברו האספיטאל אססאסיאיישאן

א ספעשעל מיטינג וועט אפגעהאלטען ווערען פון די היברו האספיטאל אססאסי־איישאן היינט, דינסטאג דעם 20טען יאנ. אין לייבאר לייסעאום, 62 ליווינגסטאן סט. אלע מעמבערס זיינען געבעטען אנ־וועזענד צו זיין.

## אמעריקאן פעדערייישאן אוו לייבאר געגען סעדישאן ביל׳ס

סעמועל גאמפערס האט נעכטען ארויס געגעבען א סטייטמענט אינ׳ם נאמען פון דער אמעריקאן פעדערייישאן אוו לייבאר בנוגע די רעאקציאנערע געזעץ־פארשלעגע וואס ווערען פארהאנדעלט פונם סענאט און קאנגרעס. ערקלעהרט, דאס די „אמע־ריקאן פעדערייישאן אוו לייבאר" וועט מיט אלע מעגליכע כחות באקעמפען דעם סעדישאן געזעץ.

די ארגאניזירטע ארבייטער וועלען, לויט גאמפערס סטייטמענט, אטאק׳רען סטערלינג ביל וועלכער איז שוין אנגענו־מען פון סענאט, ווי אויך דעם גרעהעם־ביל, וועלכען דער קאנגרעס באטראכט איצט אויפן פארלאנג פון אטארני דזשע־נעראל פאלמער.

גאמפערס זאגט זיך ארויס, דאס דיא בי׳דע געזעצען, אויב מ׳זאל זיי אין לע־בען איינפיהרען, וועלען זיין אין געגענ־זאץ פון דער אמעריקאנער קאנסטיטוציע און זיי וועלען אוועקרויבען פון פאלק די שטארקסטע און גרינדליכסטע גאראנטיעס פון פר׳יהייט.

„אויב דאס פאלק, — זאגט גאמפערס — וואלט געוואוסט די געפאהרען, וואס די ביידע געזעצען ענטהאלטען אין זיך, וואלט א צארן־שטורם זיך איבערגעטראַ־גען איבער׳ן גאנצען לאנד.

„מ׳האט ברייט און ווייט אנאנסירט, דאס דיעזע בילס פארזיכערען גענצליך רעדע־פרייהייט, נאר זיי פארחיטען אז ארויפגעצוואונגענע רעוואלוציע, באלשע־וויזם און אנארכיע. אין לעבען אבער ווע־לען זיי איינפיהרען אן אויטאקראטישע צענזור איבער גאנצען פאלק.

„מיר ערלויבען ניט קיינעם צו צוויי־פלען אין אונזער לאיאליטעט צו דער אמע־ריקאנער קאנסטיטוציע, צו אונזערע פר׳יע אינסטיטוציעס. קיין זעלבסט רעספעקטי־רענדער מענש האט ווען ניט אין געהאט אירגענד וועלכען חשד וועגען אונזער אי־בערגעבענהייט צו אמעריקאנישען פאלק. מ׳ר זענען פאר עוואלוציע, ניט פאר רע־וואלוציע. מיר שטעהען פעסט פאר׳ן באַ־לאט, ניט פאר טעראריזם. מיר גלויבען אין מאיאריטעטס רעגיערונג, ניט אין דיק־טאטור פון באלשעוויזם, בארבאריזם, אדער פראפיטירונג.

„מ׳ר טרעטען ארויס געגען די סעדי־שאן בילס, ווייל יעדע געזעצליכען ציע־לען, וואס זיי האבען אין זינען, קענען ווערען דערגרייכט דורך די איצט עקזיס־טירענדע געזעצען. די אונגעזעצ׳ליכקייטען פון די פארגעשלאגענע בילס זענען גענצ־ליך אויטאקראטיש, אימפעריאליסטיש און ניט אמעריקאניש".

---

### „פליו" בושעוועט איבער גאנץ פוילען

פאריז, יאנ. 19. — די פארשטעהער פון דעם אמעריקאנישען „רויטען קרייץ" האבען צוגעשיקט אינפארמאציעס, דאס איבער גאנץ פוילען הערשט איצט א שטארקע „אינפלוענציא". דער כאראק־טער פון דער דאזיגער קראנקהייט איבער־ראשט די מעדיצינישע געלעהרטע. דיא חולאת צ׳יכענט זיך אויס מיט איהר פלוצ־לינגען אטאקירען און מיט די פיעל קרבנות וואס זי פאראורזאכט.

הונדערטע מענשען שטארבען יעדען טאג אין ווארשע. דריי פערטעל פון דיא האספיטאלען אנגעשטעלטע זענען זעלבסט קראנק אויף דער דאזיגער אינפלוענציא.

די דאקטוי׳ריב פון „רויטען קרייץ", וועלכע האבען געהאט ערפאהרונג מיט פיבער־קראנקהייטען אין אמעריקא און אין פראנקרייך זענען פארוואונדערט פון דער נייער פוילישער חולאת. די מעהרסטע קראנקע שטארבען אוועק אין פארלויף פון די ערשטע 24 שטונדען. א׳בערהויפט ליידען פון דער „פלו" פרויען און יונגע פערזאנען.

דאס איז שוין די דריטע „פלו" עפי־דעמיע פון וועלכער פוילען האט געליטען פאר די לעצטע יאהרען.

## 49 נפשות אומגעקומען ווען אמעריקאנער שיף זינקט.

סטאקהאלם, יאנ. 19. — די אמעריקא־נישע שיף מאקאנע איז ארויף אויף א פעלז לעבען די „נידינגען לייט" און א׳ז געזונקען. 49 פון דער מאנשאפט זענען דערטרונקען געווארען.

די מאקאנע איז געווען א שיף פון 5,311 טאן און זי האט באלאנגט צו דער נייארקער פירמע „בארבער עט קא".

### אמעריקאנער טראנספארט האלט ביים זינקען

די ארמיי טראנספארט פאוהעטאן גע־פינט זיך אין סכנה׳דיגער לאגע, 700 מ״יל פון נויארק. דער אויזוען האט געפלאצט און אויך רינט אריין אין שיף וואסער.

די פאסאזשירען וועלען ווערען ארי־בערגעפיהרט אויף אנדערע שיפען, וועל־כע זענען א׳הר געקומען צו הילף.

### פרויען געגען קירצערע אר־בייטס שטונדען פאר זיי

נויארק, יאנ. 19. — די פרויען ליגע פאר גלייכע מעגליכקייטען האט אנגעשרי־בען א בריעף־פראטעסט געגען פארקיר־צערען די ארבייטס שטונדען ספעציעל פאר פרויען.

דער פראטעסט איז געשיקט געווארען צו וויליאם הייס, פארזיצענדער פון דער רעפובליקאנער נאציאנאלער קאמיטע, צו־ליעב דעם, וואס די רעפובליקאנער פאר־טיי האט א פונקט אין איהר פראגראם, וואס זאגט זיך ארויס פאר קירצערע אר־בייטס שטונדען פאר פרויען.

דער פראטעסט אינפארמירט הייס׳ען, דאס די, וועלכע ווילען אדורכפיהרען דעם דאזיגען פונקט, „רעפרעזענטירען ניט די ארבייטער פרוי". „מיר האפען — זאגט זיך ווייטער אין פראטעסט — דאס איהר וועט ניט אונטערשטיצען געזעצען וועל־כע וועלען אפשטעלען פראגרעס און וועל־כע וועלען מאכען פאר אונז, פרויען, אונ־מעגליך צו קאמפעטירען מיט מענער ארבייטער".

## אידען וועלען סטרייקען צוליעב די פוילישע זונטאגס געזעצע

ספעציעל צום „וועג".

לאנדאן, יאנ. 19. פון ווארשע ווערט געמעלדעט, דאס די גאנצע אידישע באַ־פעלקערונג גרייט זיך צו א סטרייק, אויב די רעגירונג וועט ניט מאדעפיצירען די צוואנגס געזעצען פון זונטאג־רוה, פאר די אידען פון פוילען מיינען אט די געזעצען אן אונפארמיידליכען עקאנאמישען חורבן, ווייל כמעט אלע אידישע געשעפטען זע־נען פארשלאסען אום שבת, ווען זיי זא־לען אויך זונטאג זיין געצוואונגען צו האל־טען „רוה", וועלען זיי ניט זיין בכח אנצו־האלטען זייערע עקאנאמישע פאזיציעס.

דער זונטאג געזעץ געהט אריין אין קראפט דעם קומענדען 9־טען פעברואר.

די אידישע ארבייטער האבען אין ווער־שע געגרינדעט א קאמיטעט, וועלכער וועט צוטיילען צווישען דער אידישער באפעל־קערונג אמעריקאנישע רעליעף געלט, ספע־ציעל צוגעשיקט צו איהם.

### 24 טויזענד פליכטלינגע ווערען ארויסגעשיקט פון וויען.

ספעציעל צום „וועג".

קאפענהאגען, יאנ. 19. דער אינערען־מיניסטער פון עסטרייך האט אין פאר־לאמענט געהאלטען א רעדע וועגען די אי־דישע פליכטלינגע, וועלכע האבען זיך פאר דער לעצטער צייט אנגעקליבען אין וויען. ער האט ערקלעהרט, דאס גלייך, ווי מ״וועט קריגען גענוג וואגאנען, וועלען 24 טויזענד אידישע „פרעמדע" ארויסגע־שיקט פון וויען.

---

### סין־פיינער פיהרער געלויבט פון גאווערנאר סמיט

נויארק, יאנ. 19. — גאווערנאר אלפרעד סמיט האט נעכטען צוגעשיקט א בריעף צו א מאסען פארזאמלונג, וואו דע ואלע־רא, דער ערוועהלטער פרעזידענט פון דער אירישער „רעפובליק" איז געווען פאר־זיצענדער.

גאווערנאר סמ׳ט דריקט אין בריעף אויס זיין באדויערונג וואס איהם איז אונ־מעגליך פערזענליך צו קומען צו דער פאר־זאמלונג, וואו די פרייהייט פון שטאט ניו־יארק ווערט פרעזענטירט דעוואלערא׳ן. ער ווארט מיט אונגעדולד, זאגט זיך א׳ן בריעף, אויף ואלערא׳ן וועלכער וועט קו־מען אין אלבאני דעם 21טען יאנ. ער ווינשט מיט׳ן גאנצען הארצען דער איי־רישער רעפובליק א ווירקליכען ערפאלג.

„דע־וואלערא — זאגט סמיט אין זי׳ן בריעף — דארף סימפאטיש באטראכט ווערען פונ׳ם אמעריקאנישען פאלק צוליב זיין קאמף פאר איירלאנד׳ס באפרייאונג, ווייל נאציאנאלע זעלבסט באשט׳מונג איז דער באזיס פון דער „דעקלעריישאן אוו אינדעפענדענס".

$2,500,000 איז אין נויארק געשאפען געווארען פאר דער אידישער הלואה.

### 50 דעטראיטער נורסעס פאה־רען אפ קיין שיקאגא

די דעטראיטער האספיטאלען זענען גע־בעטען געווארען פון שיקאגא׳ר געזונטס־דעפארטמענט צו שיקען הילף צו באקעמ־פען דארט די „פליו".

50 נורסעס זענען באלד אהין אוועק־געשיקט געווארען. זיי האבען זיך אליין וואלונטירט.

איינינע נורסעס פון דער גרייס האס־פיטאל זענען אויך ווילינ צו פאהרען קיין שיקאגא. זיי וועלען די טעג געשטעלט ווערען צום עקזאמען.

דעטראיט איז אויך געבעטען געווארען צו שיקען נורסעס אין „גרייט לייקס", וואו פלאטען־סטיישאן ליידעט פון „פלו". פיעל נורסעס האבען זיך אנגעבאטען צו פאהרען אהין.

מרס. וואנהאן פון דער וועין קאונטי נורסעס אססאסיאיישאן האט ערקלעהרט, דאס די׳ אלע נורסעס פאהרען אפ פון דאר־טען אויף דעם פארלאנג פון רויטען קרייץ. ז׳ האט דערביי צוגעגעבען, דאס דעטראיט וועט ניט אויספעהלען קיין נורסעס, אין פאל די עפידעמיע זאל זיך דא באווייזען.

---

### שיקאגא ליידעט איצט מעהר פון דער „פליו" ווי אין יאהר 1918.

שיקאגא, יאנ. 19. — 12 טויטענס־פאלען פון „פלי" און 1,002 נייע קראנ־קע, זענען די באריכטען, וואס די געזונטס קאמישיאנער האט שבת ערהאלטען. דיא אלע צופאלען זענען פארגעקומען פאר די לעצטע 24 שטונדען.

אין פארגלייך מיט דער עפידעמיע פון לעצטען יאהר, איז די איצטיגע א פיעל ערנסטערע.

---

### קומט אפנעהמען אייערע בריעף אין „וועג"

צו א. איצקאוויטש, 232 וו׳ינדער סט. פון טארנאפאל דער בריעף איז געשריבען אין פויליש.

צו אייזעק קענדאל (נאמען פון נאס ניט אנגעגעבען) פון עליאס שפאץ, פון וויען. דער בריעף געשריבען אין דייטש.

צו ל. רעסלער, 315 מעקאם סט. פון משה לייזנער פון וויען.

# CLASSIFIED

**די בעסטע פרייזען**
פאר דיימאנדס און אלערליי דזשועלרי
צאהלט
**The Boston Refiners**
169 Griswold St.
3rd floor take Elevator

**קעש רעדזשיסטערס — נעשא־נאלס, אלערליי סטיילס. גע־קויפט און פארקויפט.**
DETROIT USED CASH REGISTER CO.
66 Broadway, Cadillac 5112

פארלאנגט א מאן אדער פרוי מיט עקס־פיריענס און גוטע רעפערענס צו נעה־מען קעהר אין א הארדוועהר און קראָ־קערי סטאָר. גוט באצאהלט צו דעם ריכטיגען מענשען. פרעגען מ. ב שא־פירא, 511 הייסטינגס סטריט (24

צו פארקויפען אין גליכע געלד. לייכטע טערמס, א 3 סטאָרי בריק שאפ, אויך א 4 פאמיליע הויז נעבען הייסטינגס סטריט, פרעגען 176 עליאָט סטריט.

צו פארקויפען א גראסערי סטאָר. 4 רומס, 2 יאהר ליס. רענט 50 דאלאר. פרעגען 564 סאמערזעט (23

ליבערטי וועט לאונדרי פארלאנגט א מאן צו סארטירען וועש. קיינע עקספיריענס נויטיג. שבת ניט געארבעט. גוט בע־צאהלט. 374 קאסטער (20

**צו פארקויפען א קארנער אין בעסטען לאקיישאן פון הייס־טינגס סט.** 4 סטאָרס און רומס. קעש $19,000. מוז שנעל פארקויפט ווערען. פרעגען מר. האוסמאן, 146 מישיגאן עוועניו. (19

**פארלאנגט** א מיידעל אין אן אפיס. מוז לעזען אידיש. זיך מעלדען אין אפיס פון „וועג“.

**צו פארקויפען א גראסערי** מיט 4 רומס. א גוטער ליס. ביליגע רענט. פון 500 ביז 600 דאלאר א וואך ביז־נעס. פרעגען אין אפיס פון „וועג“ באקס 20. (19

**צו פארקויפען** א גוט עטאבלירטע גראסערי; 3 ליווינג רומס, ליעסר, קלין סטאק. פרעגען „וועג“ באקס 100. (18

צו פארקויפען ביליג אן אפ־טו־דייט דעליקאטעסען סטאָר אין א גוטען נעי־בערהוד. פרעגען אין אפיס פון „וועג“ באקס 15. (20

**פארלאנגט אנצונעמען סוב־סקרייבער פאר׳ן „וועג“. ליבע־ראלע קאמישאנס געצאלט. קענען מאכען 100 דאלאר א וואך.** פרעגען אין אפיס פון „וועג“.

פארלאנגט א בענק טעלער מיט עק־ספיריענס, איינער וואס רעדט אי־דיש, רוסיש מעגליך פויליש. וועט זיך גוט באצאהלען. פרעגען בענק און דעטראיט, 477 הייסטינגס סט.

די נייע ווילקינס סט. תלמוד תורה פערלאנגט אן עקספיריענסד סעקרע־טאר און בוכהאלטער.

פארלאנגט ארבייטער פאר א סקרעפ יארד. מיר צאהלען 60 סענט א שטונדע פרעגען: אין אפיס פון „וועג“ אדער 373 מעקאם סט. טעלעפאן מעין 3146.

# געדיינקט דעם חסידים מאסקען באל

**שבת אווענד דעם 31טען יאנואר**
אין גרויסען
**אימפיע האל**
האי און הייסטינגס

---

**דר. ב. וועקסלער**
רענטיסט
האט געמופט אין 196 הענדרי סטריט
טעל. מארקעט 1940

מיר צאהלען די העכסטע פרייזען פאר
**פוירניטשור און סטאָווס**
רופט אונז אפ, אדער זעהט זיך מיט אונז פערזענליך
**550-2 Mich. Av.**
**Glendale 6174W**

ע פונעט זיך אייך לוינען צו בעזוכען
**קרוגער בראס. דראג סטאָר**
מיר האבען 2 סטאָרס און דארום וועט איהר קויפען פיעל בילינער ביי אונז פארפיומען, סטיישאנערי און מעדיצין. אונזערע פרעסקריפ־שאנס ווערען געמאכט פון די בעסטע רעדזשיסטרירטע דראגיסטען.
**קרוגער בראס.**
518 הייסטינגס. קאָר. ברוסטער

**דר. ה. סטאריקאף**
דענטיסט
490 הייסטינגס סטריט
דער פלאץ פאר גוטע ארבייט גוטע בעהאנדלונג — ליבעראלע פרייזען.

ווילט איהר אייערע
**שלעסער, שליסלען קארפענ־טער זעגען, טולס און אנדערע ארבייט**
גוט געמאכט און גאראנטירט?
סו קומט צו
**מ. דאמניטש**
245 מאנטקאלםסט.

*LEVIN'S BAKERY*
757 אוקלאנד ע ו.
די שענסטע, בעסטע, סאניטארישע בעקערי אין דעטראיט.
איהר ווענט איינגעלאדען צו אינ־ספעקטען אונזער בעקערי.

**קוואסלאוו און קאטליערס**
האלסייל און ריטייל
דריי גודס, מענס און ליידיס פוירנישינגס, ניו גודס א. ז. וו.
454 הייסטינגס סטריט

***I. Sarver***
קאנטראקטאר פאר
**פיינטינג, פייפער העננינג רעקארייטאר און פלאסטערער**
137 ליווינגסטאן
גוטע ארבייט און ביליג.
שבת און יום טוב געשלאסען.

**פארד קארס און אנדערע קארס**
קומט און קלייבט אויס פון אונזער גרויסען סטאק. מיר קויפען פאר קעש און פאר־קויפען אויף לאנגע טערמינען
**Maurice W. Fox Co.**
**Boulevard Near Oakland**

---

**אויפמערקזאם!**
ווער עס דארף פיקסען א הויז זאל קומען צו אונז קויפען
**לאמבער מאטעריאל**
מיר האבען א סטאק פון נעי־זומע טירען, ווינדאוס נייע סטייל. אויך ברעטער אין טרבע־שער.
נאכפרעגען:
**ניערמאן, 267 האי סט. איסט**

**ניו יארק סטאר קלאָדהינג קא.**
596 הייסטינגס סט. קאר. בענטאן
**סוטס, קאוטס, דזשענטס פוירנישינג, העטס, יאנג מענס און באיס קלאָדינג.**
אונזערע פרייזען זענען תמיד די מע־סיגסטע אין שטאָדט.
**פ. בונין. פראפ.**

**פערלאנגט פעהיגע באיעס צו**
עליווערען דעם „וועג“ אין די הייזער יע־רען פריהמארגען. אויך אזעלכע וואס ווי־לען אליין פארקויפען דעם „וועג“ אין אסען און אין די רעסטאראנטס.
נור פעהיגע באיעס פון עלטער פון 14 ביז 16 יאהר אלט. זיך מעלדען יעדען טאג צווישען 4—5 א זייגער נאכמיטאג אין אפיס פון „וועג“ 347 הייסטינגס סט.

**ספעשיל דעראקשען!**
אויף דרעס־גודס ווי אויך פענסי דריי־גודס קווילטס, בלענקעטס בעסטער ברענד אנדערוועהר צו די בילינסטע פרייזען מאכט קיין מיסטייק
**פילאר עלפיע דרעסס און דריי גודס הויז**
671 הייסטינגס סטריט
קארנער ליווינגסטאן

**מאושען־פיקטשור אפרייטארס**
לערענט זיך פאר
לייכטע און ריינע ארבייט, קורצע שטונ־דען, גוטע ווידזשעס קוואליפיקיישאן גאראנטירט.
**Movie Operator's School**
33 Sproat
מאנטאג, מיטוואך און פרייטאג
7:30 אבענד

**Detroit Pipe & Supply Co.**
395- Gratiot Ave. Cherry 2918
מיר קויפען און פארקויפען נייע און סע־קאנד הענד אלע סארטען פייפס, פיטינגס אויך בילדונג מאטעריאלען.
מיר צאהלען די בעסטע מארקעט פרייזען.

אויב עס איז
**עלעקטרישע ארבייט**
זעהט זיך מיט
**Joseph Cordaro**
עלעקטרישע ארבייט און אינזשינירינג
901 Congress E.
טעלעפאן ערושוואור 8784
דער מאן וואס האט געמאן די עלעקטריק ארבייט אין „וועג“.

**פערלאנגט פעהיגע**
קענוועסערס פאר׳ן „וועג“.




---

# עניים ואביונים
## אדער גליקליכע און אומגליקליכע

ראמאן — פון מרדכי ספעקטאר

(פארטזעצונג)

די אביונים וואס רעכענען זיך פאר איינוואהנער לעבען זיך כמעט רוהיג, יעדער אין פארזיכערט מיט די גראשענס וואס ער מאכט יעדען טאג, עס געפינט זיך אויך צווישען זיי א צווי דריי וואס פאר־מאגען קאפיטאל און מאקע די איינענע אביונים פאלזעווען זיך ביי זיי מיט קרע־דיט, פארשטעהט זיך אויף א געוויסען פראצענט, זיי מאכען אויך צווישען זיך געשעפטען ה. ה. מען געהט קאמפאניעס מען מאכט שותפות, מארגען געהט מען פארלעך, און איבערמארגען יעדער באזונ־דער און וויפיעל יעהער מאכט טהיילט מען זיך; מען מאכט חילופים, למשל: דער האט דעם טאג אויסגעבעטען א סך ברויט און דער א פאר אלטע שטיועל וואס זיי־נען אויף איהם קליין און דער א קינדעריש היטעל, דער א ווייבערשע העמדאון די אי־דענע האט אויסגעבעטען א פאר פלודערען פאר דעם מאן וואס ליגט שוין פון א יאהר צעהן אין דער ערד, דא האט א קליין איינ־געל אויסגעבעטען א גרויסען אלטען חסידישען זיידענעם חאלאט א. ז. וו. דאס אלעס ווערט צווישען זיך געביטען אדער געקויפט, פון דעם חאלאט ווערען עטליכע ווייבערישע טיכער מיט לעבער אהן עקען, עטליכע לאטעס און לאטקעלעך אויף פון די קליינע צוריסענע שטיועל ווערען עטליכע פאר גרויסע שטיועל; די וואס האט אויסגעבעטען די פאר פלודערען בייט זיך מיט דעם וואס האט אויסגעבעטען דאס ווייבערישע העמד, און איינער דעם אנדערען צאהלט נאך צו אדער א שטיקעל שווארץ ברויט מיט צוויי גראשען אדער א שטיקעל ווייס ברויט אהן צוויי גראשען א. ז. וו.

עס זיינען דא אויך צווישען זי „דריי־קעפ“ (גלייך ווי ביי אונז שטאָרט־קעפ, שמאָרט־פארזארגער) וואס טהוען טובות, האבען רחמנות און עקספלאאטירען הונ־דערטער מענשען איבער זי׳ערס א גראשען ז. ה. צעהן מענשען תארעווען אויף איי־נעם וואס עסט שטענדיג דאס אבגעשעל־טע איי און טהוט אליין נארניט.—

עס זענען דא אזויגע וואס האלטען אויס עטליכע אביונים מאנסבילען, ווייבער, איינגלאך מיט עסען קליידען און קווארטיר און די אומגליקליכע מוזען א גאנצען טאג ארומלויפען נאך נדבות און וואס יעדער מאכט מוז מען אוועקגעבען דעם בעל־בית וואס זיצט שטענדיג אין דער היים, חוץ מאנטאג און דאנערשטאג ווען ער געהט זיך אביסעל דורך און ווינציגער פון צוויי גרא־שען א נדבה נעהמט ער ניט.

צווישען אביונים זענען אויך דא אומ־גליקליכע און גליקליכע, פעהיגע און פוי׳לע צו דער ארבייט, איינער פארמאגט די אלע פעהינקייטען צו מאכען א סך און איינער ניט; פון די אומגליקלי׳כע וואס דינענען די בעלי בתים איז ער פעהיג איז איהם גוט, דער בעל הבית היט איהם מעהר אב פון אלע אביונים, מען רעדט שוין אפילו שי־דוכים או׳ך און יעדער קבצן זואלט מיט פארגענינגען איהם אוועקגעגעבען זיין טאָכ־טער פאר א כלה; דער וואס איז אבער ניט פעהיג איז איהם אוודאי ביטער, ער איז קיינמאל ניט ז׳כער מיט זיין שטעלע, זיין בעל בית איז איהם שטענדיג גרייט אבצו־זאגען און עס לעסט זיך איהם נאר ניט פיהלאך, ער לויפט איבער די הייזער ביז שפעט אי׳ן דער נאכט ער זאל צו זיין בעל בית ניט קומען מיט ליידיגע הענט.

די אביונים איינוואוינער זענען דאס מעהר געבוירענע קבצנים, נאר צווישען אידען איז נאך דא א סארט קבצנים מ׳ים וועלכע מיר וועלען זיך באקענען אין דעם ווייטערדיגען קאפיטעל.—

7

**עמיגראציאנע אביונים.**

זיי זיינען נאר א באזונדער סארט קבצנים; ווי אלי׳ן, זייער לעבען אונטער־שיידעט זיך שטארק פו די איינוואוינער דאס מעהר פון זיי זענען ניט קיין געבוי־רענע קבצנים, נאר דורך צופאלען זענען זי׳ געקומען צו אזא שטאנד. מען קען גע־ווים זאגען אז יעדער פון זיי אי איבער־געגאנגען פייער און וואסער איידער ער האט זיך געוואוינט אזוי קאלטבלוטיג אויס צושטרעקען די הענט און בעטען נדבות, יעדער פון ז׳י האט א רייכע אינטערעסאנ־טע לעבענסגעשיכטע (ביאגראפיע).

העדעגריג דערצעהלען זייער לעבענסגע־שיכטע קען יעדער פאר זיך א סך גוטע ביישפיעלען נעהמען, אין זייער לעבען קענט איהר געפינען פר׳ד און נאך מעהר— א סך טרעהרען; צרות, נויטה, די אמת׳ע מלחמה פאר דעם שטיקעל ברויט, אויף יע־דער טריט אין זייער לעבען — צעהנדליגע בערג, טאהלען, סקאלעס, איזערנע ווענט,

אלעס אלעס האבען זיי איבערגעטראגען, ז׳ך דורכגעשלאגען און לעבען וו׳יטער, ד.ה. זיי קעמפען ווייטער איבער דעם שטיקעל ברויט זיי רוהען זיך אפילו נאך ניט אב.

דער אביאם (אומפאנג) פון אונזער ער־צעהלונג ערלויבט אונז ניט זיך ארי׳ן לא־זען אין יעדענס לעבען פון די אומגליקלי־כע, ווי ווייט מעגליך וועלען מיר זיך נאר מעהר האלטען און זיך אבשטעלען בי די פערזאנען וועלכע אונז א׳נטערעסירען אין דער ערצעהלונג, נאר פריהער מוזען מיר זיך אין קורצען בכלל באקענען מיט זייער לעבען, כאטש נאר פון אויבען.

צווישען די עמיגראנטען זענען אויך דא אלערליי, עס איז דא פוסגעהער און אזוי־נע וואס פאהרען מיט זי׳ער איינען פערד און וועגיל.

דער ארימאן מיט דעם פערדעל פאהרט גאר ניט אב מעהר ווי דער פוסגעהער געהט אב מיט די פיס, נאר פונקט פארקעהרט, גאנץ אפט קומט דער פוסגעהער פריהער אין שטאָדט ווי דער וואס פאהרט, פשוט דערפאר, ווייל דאס אומגליקליך פערדעל מיט דער עגלה ווערט אלע מאהל פארזונ־קען אז מען מוז אל׳ין ארויסשלעפען, אפי׳ל יאר אין דעם שענסטען וועטער בלייבט דאס אויך אמאל שטעהן און כאטש דער הרג׳ע עס, ווייל זיך עס ניט ריהרען פון דעם ארט. און מיינט ניט חו׳ש פאר שלעכ־טיגקייט ווייל ער ניט שלעפען קיין ארימאן צו פאר פו׳לקייט, נאר פשוט דאס אומ־גליקליכע באשעפעניש איז גאר ניט גליק־ל׳יכער פון זיין בעל בית און האט נעבאך אלי׳ן קיין כח ניט צו שלעפען זיין אייגע־נע פעל או׳ף זיך, נים נאר דעם וואגען מיט זיין בעל בית.

(פארטזעצונג פאלגט)

**זייט זיכער!**
איך אינשור אלץ און אלעמען. לייף און עקסידענט אינשורענס, פליימ־גלעס און אוטאמאביל אינשורענס. איך אינ־שור אויך געגען גנבה און גזילה, אויך ווארקמען קאמפענסיישאן אינשורענס.
דער נאמען **גרינבערג** איז אייך זיכער באקאנט.
**Greenberg Insurance Agency**
535 Dime Bank Bldg Cherry 740

**וויכטיג פיר שניידערס!**
לייטע וועלכע ווילען פערדינען פון $75 ביז $150 א וואך, לערענט זיך דעזיי־נינג און גריידינג; זעהט זיך מיט דעם בעוואוסטען דעזיינער פון נויארק.
מיר שניידען אויך צו פעטערנס פיר שניידערס.
**THOMAS TAYLOR**
32 Center Street
הענרי קלעי האטעל

א מענש ווערט געשאצט נאך זיינע קליידער!
א סוט אדער קאוט געמאכט ביי
**ר. קאזלאוו**
325 הייסטינגס סטריט
וועט אויף אייך ליגען ווי אויסגעגאסען. ווען איהר קומט איינמאל בלייבט איהר אונזער קאסטאמער פאר אימער
טעלעפאן, טשערי 1675־עם.

**קויפט וואו אלע קויפען**
**קאפלאנ׳ס בארגיין סטאר**
483 הייסטינגס סטריט
קענט איהר קויפען אלעס פון די פאל־געגדע ליינס:
קאמפליט ליין פון דרעס גודס פון סילקס, וואלענס און קאטין גודס. פערשידענע פענסי ארטיקלען ווי, בעד ספרעדס, קורטענס; טייבעל קאווערס; שעטס און סקארפס. קאמפליט ליין איף ליידיס פענ־סי אנדערוועהר און קארסעטס. מענס פארנישינגס און אנדערוועהר.
**ספעשעל! ספעשעל!**
א גרויסער אסארטמענט אין וואלענס פאר מענער און בויס סוטס און קאוטס. א קאמפליט ליין פון טיילאר און דרעס־מייקערס טרימינגס.
פארגעסט ניט דעם נאמבער
**483 הייסטינגס סטריט**
מעסיגע פרייזען. גוטע באהאנדלונג.
צופרידענהייט גאראנטירט.

---

**פאר סמוקערס מבינים**
***DURAND***
האט א 25 יאהריגע רעפוטאציע. גע־מאכט נאר פון ריינער האוואנא. פרובירט היינט א דוראנד. איהר וועט קיין חרטה ניט האבען. פאדערט די־ראנד ביי אייער דיעלער.
**DAVIS CIGAR MFG. CO**
געמאכט אין דעטראיט.

**פערלאנגט פעהיגע קענוועסער פאר׳ן „וועג“**
יונגע לייט וואס ווילען מאכען געלט פאר איי׳ניגע שטונדען ארבייט צו קענווע־סען פאר סובסקרייבער פאר׳ן „וועג“ גר־סע קאמישאן ווערט נעצאלט. איהר קענט דאס טהאן ווען איהר האט פרייע צייט. זיך מעלדען יעדען טאג און אווענדס אין אפיס פון „וועג“ 347 הייסטינגס סט.

**אוקלאנדער אידען**
פיקסען זייערע **ציין** ביי
**Dr. H. Goodman**
דענטיסט
געמופט פון 427 וואדוואָרד
737 אוקלאנד עוו.

# לעזט דעם „וועג“

**די נאטור איז דער בעסטער דאקטאר.**
ווען איהר ליידעט פון רומאטיזם, הארץ, קידנעס אדער סטאמאק אפילו קראנקהייטען וועלכע זיינען סיפילי־סטיש, ווענדעט זיך צו מיר. מיינע מעדיצינען וועלכע זיינען געמאכט פון געוויקסען, זיינען דער ווירקזאמ־סטער מיטעל צו די אלע קראנק־הייטען. —די ווירקזאמסטע מיטלען פיר פרויען קראנקהייטען.
**ס. גרין, 769 בוביען סט.**

---

דער באוואוסטער חזן
# ל. ד. רייבלין
פון אהבת אחים שוהל
(אוקלאנד)
נעהמט אן **סדור קדושין**
אויך אנדערע שטחות מיט די בעס־
צופרידענהייט.
511 קעמעראן עוועניו
טעל. העמלאק 1130 ראבעליו

דער בעסטער מוהל אין שטא־
און מסדר קידושין
**חזן דוד גאלדען**



אין 248 איסט האי סטריט
טעלעפאן, מעין 4120

**Reliable Store Fixture Co.**
מיר האבען א גרויסען אויסוואהל פון אלערהאנד סטאר פיקסטשורס, ווא־קייסעס, שאו־קייסעס, אייז באקסעס, קאונטארס, שעלווס, סייפס, סקייל־רעדזשיסטערס, נייע און געוויזשט פרייזען מעסיגע. ארענטליכע בעהאנ־לונג. 2 סטאָרס.
ריליייבל סטאר פיקטשור קא
305 גרעשיאט עוועניו
טעל. קאדילאק 2445
277 מישיגאן עוועניו
טעל. קאדילאק 4924 עם.

# ראזענפעלד׳ס
# רוסישע טערקישע שוויץ באד

פאר אלע וועלכע זוכען ריינליכקייט און גוטע בעהאנדלונג.
30 גרויסע מארבעל וואנעס — צוויי כשרע מקוואות
שוויץ פאר פרויען יעדען מיטוואך. 6-184 אלפרעד סט. ביטווין ענטוויין און בוביען.

**שעכטער׳ס דראג סטאר**
477 הייסטינגס סט.
טעלעפאן, טשערי 5763
פרעסקריפשאנס פארפערטיגט מיט די גרעסטע פינקטליכקייט צו יעדער צייט

דער ארעסער
מוהל־ספעציאליסט
און מסדר קדושין
**רעוו. ש. ז. שיינבערג**
248 פעררי עוו. איסט
טעלעפאן נארטהוועי 3724 עם
פאר ארימע זיכער אומזיסט

# איך וויל עקזאמענירען אייערע אויגען



אויב אייערע אויגען בארערען אייך ניט וואס עס איז קומט גלייך צו מיר איך וועל אייך זאגען וואס דער טראבעל איז. אויב איהר דארפט גלעסעס קען איך אייך באַ־זארגען מיט די בעסטע, וועלכען שיים איהר ווילט.

**גלעסעס אזוי ביליג ווי $3.00**



מיין אפיס איז אויף דעם קארנער קליפארד און גריזוואלד אין עכטען הארץ פון שטאדט
איך קען אייך געבען די בעסטע און שנעל־סטע סורוויס.
קומט מיך זעהן אזוי שנעל ווי מעגליך.
**Lou Goldberg**
רעדזשיסטרירטער אפטאמעטריסט און מאנופעקטשורינג אפטישען
245 Griswold St.
מעין 453 — אפען אווענטס.
זונטאג ביי אפאינטמענט.

אונזער נייער טעלעפאן איז מעין 3715.

# אינטעליגענטען

ראמאן פון י. ל. מאלאמוט

(פארטזעצונג)

א פערשאלטענע הויז

פאר דער וועלט האט דאס געהייסען אז די פרענקעלס זענען א גליקליך פאר און אין זייער שטוב הערשט פריעדען און גליק. נור אין דער אמת'ן איז דאס געוועזען א פערשאלטענע הויז. און אויב מאן און פרוי האבען זיך קיין מאל נים געקריגענט און עס איז נים געקומען צו קיין עפענטליכע סקאנדאלען, האבען זיי אבער שטילערהייט איינער אוים'ן צווייטען געטראגען א טיפע שנאה און זיך פערשאלטען זייערע יאהרען וואס זיי זענען געווארען מאן און ווייב.

דוד פרענקעל, א יונגערמאן פון א יאהר צוויי און צוואנציג האט זיך, אין דער רוסישער קאלאניע אין ניו יארק, גערעכענט צווישען די אינטעליגענטען, איז געווען א בעוועגונגס מענש, וועלכער האט זיך שטארק אינטערעסירט מיט דעם פארטשריט פון דער וועלט.

וואו מען האט ערגעץ געדארפט גרינ-דען א נייעם פעראיין, איז פרענקעל גע-ווען דער ערשטער מיטגליעד. אלס אינ-טעליגענט איז איהם אויסגעקומען צו שרייבען די סירקולארען, אראנזשירען די אונטערנעהמונגען ווי ליטעראריש'ע אווענ-דען, קאנצערטען און לעקציעס.

בטבע איז ער געווען א קאלטע נאטור און יעדע זאך וואס פרענקעל האט גע-טאן, איז דאס געווען ווי איינער וואס טוט דאס לשם מצוה.

אין דער בעוועגונג האט ער זיך אויך באקענט מיט אידא'ן, וועלכע איז דער-נאך געווארען זיין פרוי.

אידא, א מיידעל פון א יאהר אכט-צעהן, א שלאנקע, א לעבהאפטע, נור נאך זעהר א נאאיווע, איז אנגעקומען אין אמעריקא אהן עלטערען, א פראסט פשוט אידיש מיידעל, נים איבעריג בעלעזען, וועלכע איז געווען זעהר עלענד, און זיך בעמיהט ארויסצורייסען פון פאבריק. וואו איהר איז אויסגעקומען צו ארביי-טען אונטער זעהר שלעכטע בעדינגונגען.

אויפלעבען פלעגט אידא ווען איהר איז אויסגעקומען צו פערברענגען אן אבענד אויף א קאנצערט אדער באל.

די ערשטע איז זי שטענדיג געווען צו קומען אין האלל אריין, כאטש ארעם נור, זעהר נעט געקליידעט און איהר קינ-דערש געזיכט, איהרע דיקע שווארצע צעפ, די אידיש חן'עוודיגע בליקען האבען צוגעצויגען דאס אויפמערקזאמקייט פון פיעלע יונגע לייט. זי האט געטאנצט אין אנהויב אביסעל שעמעוודיג, און ביס-לעכווייז איז זי אין טאנץ זאאל געווארען גאנץ היימיש און צווישען א געזעלשאפט פון יונגע פרייע מענשען, האט זי זיך זעהר שנעל ענטוויקעלט און האט זיך אנגעהויבען רייסען צום לעבען מיט דער גאנצער קראפט פון אן אכטצעהן יעה-ריגעם מיידעל.

אין טאנץ זאאל האט אידא ליעב גע-האט צו בלייבען די לעצטע. זי האט זיך פאר קיין פאל נים געקענט ארויסרייסען פון זאאל איידער די מוזיק האט אינגאנ-צען אויפגעהערט צו שפיעלען.

דוד פרענקעל, זייענדיג תמיד צווישען די טוער אין דער בעוועגונג האט זיך פונקט ווי אלע בחורים מיט אידא'ן שטארק פאראינטערעסירט. האט איהר אפט מאל אפגעפיהרט אהיים און נאך א נעהנטערע בעקאנטשאפט, האט ער גע-וואונען איהר ליעבע און זיי האבען גע-הייראט.

דוד, זייענדיג א ראדיקאל האט געהאל-טען פאר זיין חוב, אויפצוקלערען זיין געליעבטע און דערנאך אויך זיין פרוי. ער פלעגט איהר פארלעזען און זי אויך נעהמען מיט זיך אויף אלע לעקציעס, ווי דער שטייגער איז ביי אינטעליגענטען.

קיין גביר איז דוד נים געווען, און אין א קורצע צייט נאך דער חתונה האט ער מיט אידא'ן געוואוינט אין א מעב-לירטען צימער. ביידע האבען געארבייט ביי סינאקס און האבען קוים פערדיענט גענוג צום לעבען.

נאך דער חתונה האט דוד ווי ביז יעצט זיך אימער אינטערעסירט אין דער באוועגונג, האט געהאט אפטע פערזאמ-לונגען ביז שפעט אין דער נאכט. אידא האט קיין פערזאמלונגען נים שטארק ליעב געהאט און — פלעגט אויסענבליי-בען אין דער היים.

— וואס וועל איך דארטען טאן? — פלעגט זי תמיד ענטפערען אז אונצו-פריעדענע, ווען פרענקעל פלעגט איהר איינלאדען צו א זיצונג, — נאכאמאל הערען די „פוינטס צו ארדער" און „חבר טשערמאן, גים מיר א ווארט"? און זי פלעגט אנהויבען אפשפאטען פון די זי-צונגען — לעבעדיגע יונגע מענשען זיצען און שפארען זיך איבער א קליינינקייט פונקט ווי קינדער, אט א באלל, א קאנ-צערט, איז עפעס אנדערש. עס איז ליכ-טיג, עס שפילט מוזיק, מען טאנצט, מען שטיפט, דאס איז אינטערעסאנט.

דוד'ן פלעגט דאס שטארק נים געפעלען, נור קריגען זיך האט ער פיינד געהאט, פלעגט ער אפשווייגען און אליין אוועק געהען צו דער זיצונג.

אידא'ן פלעגט נמאס ווערען דאס זי-צען איינע אליין, און זי פלעגט געהען שלאפען, א ברוגזע.

שפעט ביינאכט, ווען פרענקעל פלעגט אהיים קומען פון די זיצונגען, האבען זיך גאנץ אפט אפגעשפיעלט שטילע נור נים זעהר קיין אנגענעהמע סצענקעס.

— אידא, דו שלאפסט שוין לאנג?

קיין ענטפער.

— אידאטשקא, אפשר וואלסטו גע-מאכט א גלאז טהע?

ענטפערט אידא אפילו גאנץ שטיל, נור מיט א שטאך:

— אפשר האט אידא קיין כח נים און דארף שוין באלד אויפשטעהן צו דער ארבייט?

פיהלט פרענקעל, אז זי איז ברוגז און ער טהוט זיך אוים אויף אהן ווערטער און לעגט זיך שלאפען.

ווען ער לעגט זיך, דרעהט זיך אידא אום מיט'ן פנים צום וואנד, נור אין הארצען האפט זי אז דוד וועט זי באלד איבערבעטען...

נור דוד שלאפט איין און כאפט זיך אויף ערשט מיט דעם קלינגען פון וועק-זייגער, און האט קוים גענוג צייט עפיס איבערצוכאפען און ביידע געהען אין פאבריק צו דער ארבייט.

געהענדיג וויל ער זי איבערבעטען נור יעצט וויל זי איהם נים אויסהערען. זי איז אויף איהם בייז און רעדט נים.

אין א שטיקעל צייט ארום האט אידא זיך איינגעשפארט אז דוד זאל איינגאנ-צען אויפהערען צו געהן צו מיטינגען און לעקציעס.

— עס איז שוין צייט דיר א טראכט צו טאן וועגען אייגענע מעבעל, כאטש מיט דריי צימערען.. — האט זי איהם א זאג געטאן, אינמאל ווען ער האט איהר דוקא צוליעב געטאן און איז גע-בליבען אין דער היים אין אבענד נאך דער ארבייט.

— וואס איז פלוצלונג? — האט ער שטיל א פרעג געטאן, און אנגעשטעלט אויף איהר א פאר אויגען, פול מיט פער-וואונדערונג.

— פלוצלונג? עס איז גאר נים אזוי פלוצלונג, — האט זי שטרענג פארטגע-זעצט, — באשער דו ביזט א שטארק פערנומענער מענש, דו קהל'סט זיך, דו ווייסט נים-קיין חשבון... — זי איז אנ-געשוויגען געווארען.

— עפיס רעדסטו מיר אזוי מאדנע, אידא! — האט ער ברוגזלעך באמערקט.

— איך קען מעהר נים ארבייטען — האט זי שטיל מיט א צובראכען געמיטה א זאג געגעבען, — איך מוז מיך אויס-טאן דעם קארסעט, פערשטעהסט?..

נאך א פאר מינוטען נאכדענקען און נאכדעם ווי ער האט זי אפגעמאסטען מיט די אויגען, האט ער זיך אוועקגע-זעצט און גאנץ רוהיג, קאלטבלוטיג א זאג געגעבען:

— מילא, נו וועט מען קויפען מעבעל, עס איז נים אזוי געפעהרליך. נישקשה.. עס וועט שוין רעכט זיין.

— אזוי, הייסט עס, ביזטו גאנץ צו-פריעדען, הא? — האט זי איהם נאכגע-שיקט א בייזען בליק, און האט א ברוגז'ע זיך אויסגעדרעהט מיט דעם פנים צום פענסטער.

— אט דאס איז דער אמת'ער תירוץ. אנגעמאסטען פאר א אינטעליגענט — האט אידא איהם געשטאכען, — אבער מיט דער דאזיגער טענה, וועסטו נים אבקומען, — האט זי פארטגעזעצט.

— מען וועט סוף כל סוף אויך מוזען ברענגען א דאקטאר! — האט אידא איהם געגעבען אנצוהערעניש.

— וועט מען מוזען! — האט ער מיט גוואלד צוגעשטימט, — אבער זאל שוין זיין גענוג וועגען דעם.

נור אידא האט ווייטער גערעדט:

— מען דארף האבען אזוי פיעל זאכען!

— האט זי ווייטער גערעדט, — און ער מאכט זיך נים וויסענדיג. מען דארף העמדעלאך, קליידעלעך, און ער — גאר נים, ער פטר'ט אלעס אוועק אונטער דער האנד.

— הער מיר שוין אויף צו דבעהען א מוח. דו הערסט צו ניא! — האט פרענ-קעל שוין מעהר נים געקענט אויסהאל-טען און איז א בייזער ארוים פון הויז. אידא האט פערבראכען די הענד, האט זיך געריסען ביים קאפ פון פערצווייפ-לונג.

— אינטעליגענט! — האט זי צו זיך אליין גערעדט מיט פארוויירפ, — א חיה. ער איז נים מעהר ווי א חיה. און זי איז געלעגן איינגעגראבען מיט'ן קאפ אין קישען, האט געקרעכצט און גע-זיפצט אויף איהר ביטער מזל.

— שוין גלייכער געווען צו הייראטהען מיט א פראסטאק און אונוויסענדען! — האט זי צו זיך אליין גערעדט. — ביי יענעם וואלט א ווייב אין אזא לאגע נים געדארפט אויסשטעהן אזוי פיעל צרות.

פרענקעל איז יענע נאכט אהיים גע-קומען גאנץ שפעט.

— האסט שוין געשפיעלט קארטען!

— האט זי איהם אפגעמאסטען מיט איהרע בליקען און האט דערקענט אויף זיין פערפלאמט פנים אז ער האט פער-שפיעלט.

— איך האב נים געשפיעלט! — האט ער ווי אויף זיין שטייגער געענטפערט. ער האט ארויסגעכאפט עטליכע דאלער און איהר דערלאנגט.

— נא, אט האסטו געלד! — האט ער א ברוגז'ער איהר דאס צוגעווארפען. זי האט דאס איבערגעצעהלט. דארטען זע-נען געווען זעקס איינציגע דאלאר. אירא-ניש האט זיך אידא צולאכט:

— דערפון הייסט דאס, וועט מען מאכען די קינדבעט, הא? מיט זעקס דא-לאר — זי האט דאס געלד איהם צוריק א ווארף געטאן.

(פארטזעצונג פאלגט)

## ארבייטער העלפען שאפען 10 מיליאן גאולה פאנד.

אלע ארבייטער פון לייפער"ס פענטס שאפ 61 האפקינס סט., ברוקלין האבען באשלא-סען די גאנצע וואך צו ארבייטען אווער-טיים, און די געלט זאל געהן פאר"ן צעהן מיליאן דאלער גאולה פאנד.

דיזע ארבייטער האבען דעם אמת אידי-שען גייסט פון „געבען און הייסען יענעם געבען", ז באגנוגענען זיך נים מיט דעם וואס זיי אליין גיבען, נאר אפעלירען צו אלע אידישע ארבייטער פון זייער טרייד ווי אויך פון אלע אנדערע טריידס נאכצו-פאלגען זער גאבעלען ביישפיעל און אנ-ווענדען אלע זייערע קרעפטען צו קייבען נאך מעהר ווי 10 מיליאן דאלער.

אידישע ארבייטער זיינען אימער גע-ווען די וועלכע האבען אם מעהרסטען גע-פיהלט די ליידען און עלענד פון אידישען גלות לעבען, און צו יעדער געלעגענהייט האבען זיי זיך אזוי ווארים און הארציג אפגערופען מיט זייערע ביישטייערונגען פאר אלעס וואס איז אידיש. און יעצט ווען מיר האבען זוכה געווען דאס מען גיט אונז די מעגליכקייט צו מעכען אן ענדע צום פינסטערען גלות, מען לאזט אונז בוי-ען אונזער אייגענע היים, א היים פאר"ן אידישען פאלק אין דעם אידישען לאנד, א היים פאר די הונדערט טויזענדע פאגרא-מירטע היימלאזע אידען מוז דער אידישער ארבייטער זיך אוועקשטעלען אין די ער-שטע הילפס-רייהען.

די ביישטייערונג צום גאולה פאנד איז נים קיין צדקה נאר א הייליגע פליכט, און יע-דער זאל געבען וויפיעל ער קען, מעהר ווי-פיעל ער קען.

פארשלאפט ני די גרויסע שונרע. לא-מיר ווייזען דער וועלט אז מיר זיינען זי ווערטה.

פאראייניגט אייך אין אייערע שעפער, לאקאלען און העלפט מאכען דעם גאולה פאנד א פולען ערפאלג.

## דר. חיים וויצמאן גיט 250 פונט סטערלינג דער „הדסה" מעדי-קאל יוניט.

פון א בריעף צו מיס הענריעטא סזאלד ראטירט דעם 7-טען דעצעמבער פון ארץ ישראל, ערפאהרען מיר, דאס ביי זיין לעצטען באזוך אין ארץ ישראל האט דר. חיים וויצמאן אפגעשטאטעט א וויזיט דעם ראטשילד האספיטאל און די היים פון די נוירסעס, וואס ווערען אויסגע-האלטען אויסשליסליך מן דעם „הדסה" מעדיקאל יוניט, און באקוקענדיג אויפ-מערקזאם דיזע אינסטיטושאנס האט ער אויסגעדריקט זיין העכסטע צופרידענהייט מיט דער ארבייט פון דעם מעדיקאל יו-נים.

ווערענד דר. חיים וויצמאן האט בא-זוכט די פאטאלאגישע לאבאראטאריע פון דעם מעדיקאל יוניט, האט דר. ראמאן זיך פאר איהם באקלאגט אז דער האספי-טאל ליידט פון דעם, וואס זי האט נים קיין עלעקטרישע ליכט. דר. וויצמאן האט באלד נעפרעגט וואס עס באדארף קאסטען די איינפיהרונג [illegible] עלעקטרישען סיס-טעם אין דעם האספיטאל. ווען מען האט איהם געזאגט אז א סומע פון 250 פונט שטערלינג וועט גענוג זיין, האט ער דעם זעלבען טאג נאך צוגעשיקט א פערזענ-ליכען טשעק אויף דיזער סומע.

# דער וועג

**THE DETROIT JEWISH DAILY**

Published Daily, Except Saturdays and Jewish Holidays, by
DER WEG PUBLISHING COMPANY, INC.

347-49 Hastings St., Detroit, Mich. Main 3715.

J. RABINOWITZ, Pres. JOS. R. LEEMON, Sec.-Treas.

B. I. GOLDSTEIN, Editor

(Entered as Second Class mail matter at Post Office, Detroit, Mich.)

Subscription Price: By mail, or carrier, one year, $5.00; six months, $2.50.


# פאלעסטינא אלס אידישע היים אין איצטיגען מאמענט

עס לויטערען זיך אויס ביסלעכווייז די וואלקענס וואס זיינען ביז איצט פארצויגען געווען איבער די אידישע הימלען; דא און דארטען באווייזט זיך א קלאהרע שיין, א העלער שטראהל.

מיר זיינען געווען די לעצטע חדשים פעסימיסטיש אין באצוג צו דעם גורל פון פאלעסטינא.

די צו אפטע אטאקעס פון אונזער געאכטעטען ישראל זאנגוויל אויף די ציוניסטישע פיהרער און אין איין וועגס אויך, אויף דער ענגלישער רעגיערונג, וועלכע קומט נישט נאך איינגאנצען, אדער שטעלט נישט גאר צופריעדען די זעהר גוטע, אבער אפילו צו גרויסע פארלאנגען פון אונזער ישראל זאנגוויל, האט אריינגעווארפען ביטערען חשד אויף די אויסזיכטען אויף פאלעסטינא.

עס זיינען געווען צייטען, ווען אונז האט זיך געדאכט, אז די אלע בשורות טובות און אלע ישועות, וואס מיר האבען ערווארטעט פון דער באלפור דעקלאראציע, וועלען זיך אויסלאזען מיט נישטיגע פריווילעגיעס, מיט קליינע הנחות און אומבאדייטענדע קאנצעסיעס.

עס האט געמאכט דעם איינדרוק אז אפילו קיין געהעריגע אימיגראציע וועט נישט ערלויבט ווערען קיין פאלעסטינא און אז אידען וועלען זיך מוזען אהין אריינרייסען, אדער אריינגנב'ענען דורך כל ערליי מיטלען.

און עס איז נישט אויסגעשלאסען, אז אונזערע אידישע, ציוניסטישע דיפלאמאטען האבען טאקע אין דער לכתחילה זיך באגנוגענט, אדער זיך געמוזט באגנוגענען מיט קליינע הנחות און קאנצעסיעס.

עס קען זעהר מעגליך זיין אז די ה"ה וויייצמאן, סאקאלאוו און זייערע גלייכען האבען איינגעזעהן אז כפי זיי קענען גארנישט אויפטאן; און כפי די שטימונג ביי די נייע וועלט־צעטיילער איז נישט גינסטיג פאר אידען, האבען זיי ניט ווילענדיגערהייד געמוזט מאכען קאמפראמיסען, איינע נאך די אנדערע. ערשט נאך די שארפע אטאקעס פון ישראל זאנגוויל און נאך די שטאלצע רייד פון דר. מאקס נארדוי, האבען זיי צוריקגעוואונען מוט און אנגעהויבען צו ריידען אנדערע רייד.

און עס קען אויך מעגליך זיין, אז די אומרוהען אויף דעם אריענט, וואס האבען אזוי באזארגט געמאכט די בריטישע הערשאפט, האבען געצוואונגען די עליים צו בייטען זייער שטעלונג צו אידען און אונזערע דיפלאמאטען האבען דעם דאזיגען מאמענט אויסגענוצט.

ווי עס זאל נישט זיין, איינס איז זיכער: עס איז איצט נישטא קיין גערים פלאץ פאר דעם פעסימיזם אין דעם ציוניסטישען לאגער.

די ידיעה וואס דר. חיים וויייצמאן האט געבראכט פון פאלעסטינא מכח דער איצטיגער פריינדליכער באציהונג פון די ענגלישע בעאמטע אין ארא־בער צו דער אידישער באפעלקערונג און דעם ציוניזם אין ארץ ישראל איז בודאי אן ערפרעהענדע.

מעהר נאך דארף אויפגענומען ווערען מיט באזונדער פרייד די ידיעה אז די בויאונג פון א נאציאנאלער היים אין ארץ ישראל האט זיך שוין אנגעהויבען.

אמגיכטיגסטען און אמשטארקסטען ווירקט די פרייליכע ידיעה, אז דרייסיג טויזענד אוקראינער אידען וועלען היינטיגס יאהר איינוואנדערען קיין פאלעסטינא.

אמת טאקע, דאס ווען מען פארגלייכט די צאהל 30,000 מיט דעם דריט־האלבען מיליאנענדיגען אוקראינער אידענטום, איז דאס ווי א טראפען אין ים. ווען פון דריטהאלבען מיליאן וועלען בלויז דרייסיג טויזענד אפגעצויגען ווערען פון אונטער דער פאגראמען־האק, איז דאס נאך נישט קיין אורזאכע צו פרעהען זיך.

עס איז אבער פארט א נחמה, ווען מען ווערט זיכער אז כאטש דרייסיג טויזענד נפשות וועלען זיך ראטעווען פון דעם בלוטיגסטען יאמער טאל. און די רעטונג וועלען זיי געפינען אין דער אייגענער היים.

די ידיעה וואס מיר האבען נעכטען געדרוקט אין „וועג", אז 600 אידען זיינען ארויסגעפאהרען פון אדעס קיין פאלעסטינא, זאל אפנים די ערשטע פארטיע אוקראינער אידען זיין.

און האפענטליך אז די טויערען פון פאלעסטינא וועלען מיט דער צייט געעפענט ווערען אויך פאר די אנדערע אידען פון דעם שארית הפליטה אין אוקראינע, אויב עס וועלען, געוועהנליך, געשאפען ווערען די מיטלען.

אזוי צי אנדערש — פאלעסטינא פאר אידען איז ארויס פון דער ראהם פון טעארעטישע פשטים און פשט'לעך און איז געווארען אדער ווערט א ווירקליכקייט, און וואס מען קען נישט צווייפלען מעהר.

הגם האבען מיר דאך געהערט אז הערבערט סעמיועל, דער פריהערדיגער פאסטמייסטער דזשענעראל פון ענגלאנד איז געשיקט געווארען פון דער ענגלישער רעגיערונג מיט'ן צוועק צו ברענגען די ווידעראויפבויאונג פון דער אידישער היים צו ממשות'דיגע מעשים, און דאס מיינט דאך דער וויכטיגסטער אנהויב פון מקיים זיין די באלפור דעקלאראציע אין אזא פארמע, וואס זאל זיין צוגעפאסט צו ביידע צדדים. און טאקע דערפאר איז דער אויסוואהל פון הערבערט סעמועל פאר דיזען צוועק זעהר א גלוקליכער.

דאקטאר מאקס נארדוי, וועלכער איז פון דער לכתחילה, גלייך מיט אונז אלעמען, געווען ענטוישט און געשריען, גלייך מיט אונז, אז די ציוניסטישע פיהרער האבען נישט געהאנדעלט גענוג שטאלץ און מוטיג; אז זיי האבען נישט אויסגענוצט דעם מאמענט ווי געהעריג און נישט געפאדערט גענוג, נאר זיך באגנוגענט מיט כמעט אומבאדייטענדע קאנצעסיעס — דר. מאקס נארדוי איז איצט צופריעדען מיט דעם ציוניזם ווי ער איז טעטיג אין איצטיגען מאמענט, און זעהט אז די ארבייט זאל ווייטער אנגעהן אויף א כבוד'יגען און מוטיגען אופן.

דאס אליין איז א גוטע גאראנטיע אז דער פעסימיזם און ענטוישונג האט זיך געענדיגט. עס איז מעהר פאר ענטוישונג קיין פלאץ נישטא אין די ציוניסטישע קרייזען. עס איז א צייט פון ארבייט און נישט פארצווייפלונג.

איינער נאך — אונזער זאנגוויל — קוקט נאך דורך טונקעלע ברילען. מי יודע ווען אויך ער וועט צופריעדען זיין מיט דער ארבייט פון די ציוניסטען.

# דעטראיט'ס געבורטסטאג.

דעם 18־טען יאנואר 1920, א טאג וואס איז עהנליך צו אלע טעג פון א גאנצן יאהר און איז פאר דעם דעטראיטער ניט קיין ביסעל אנדערש פון אירגענד וועלכען אנדערען טאג און דאך איז דער טאג פון גרויסער היסטארישען באדייטונג פאר יעדען דעטראיטער.

מיט 118 יאהר צוריק, אין 1802 האט די קליינע דעטראיטער באפעלקערונג זיך אינקארפארירט אלס א שטאדט דורך א ביל וואס איז אריינגעטראגען געווארען אין דער לעדזשיסלייטשור פון דער נארד־וועסטערן טעריטאריע און זיך אנגעהויבען צו פארזאמלען אין טשיליקאט.

אין יענער צייט איז די היינטיגע מעטראפאליס פון מישיגאן געווען זעהר קליין אבער שוין גאנץ שטאלץ אויף די דריי הונדערט הייזער וואס זי האט פארמאגט.

אפילו שוין דאן, גאר אין אנהויב פון איהר געשיכטע האט דעטראיט שוין ארויסגעוויזען איהר פראגרעסיווען גייסט און די בירגער האבען אונטערגעשריבען א פעטיציע אז דעטראיט זאל ווערען א שטעדטעל, און אין יאנואר 1802 איז די פעטיציע איבערגעגעבען געווארען צו דער לעדזשיסלייטשור.

די אינקארפארייש'אן־ביל איז פארגעשלאגען געווארען פון סאלאמאן סובלי, איינער פון די זיילען פון דעטראיט אין יענער צייט, ווען די שטאדט האט זיך שטארק געניטיגט אין הייסע אונטערשטיצער.

די ביל איז דורכגעגאנגען אין דער אסעמבלי און האט ניט באגעגנט קיינע שוועריגקייטען, נאר „דאס העכערע הויז" דער קאנסול איז געווען גאנץ אנדערש געשטימט און געהאט אויסצוזעצען אנטקעגען געוויסע פונקטען און האט דעריבער פארגעשלאגען איינינע אמענדמענטען.

אבער די אסעמבלי האט דאס ניט געוואלט ליידען און האט זיך ענטזאגט צו געבען איהר צושטימונג צום קאנסיל.

אלס רעזולטאט דערפון איז אויסגעקומען צו אפעלירען צו א דריטע קערפערשאפט, און עס איז באשטימט געווארען א קאנפערענץ קאמיטעט.

נאך לאנגע בעראטונגען האט דער דאזיגער קאמיטעט ארויסגעטראגען א באשלוס וואס סאיז געווען לטובה דער אסעמבלי'ס שטאנדפונקט, ד. ה. אז די ביל זאל דורכגעהן אהן קיינע אמענדמענטס און דעטראיט זאל הייסען א שטעדטעל.

די אונטערשריפטען פון עדוואורד טיפין דער ספיקער פון „רעפרעזענטעטיוו הויז" פאר דער טעריטאריע און ראבערט אליוואר, דער פרעזידענט פון דער טעריטאריעל קאורט זענען ארויפגעלעגט געווארען אויף די פעטיציעס, און די ביל איז דורכגעגאנגען אין איהר אריגינעלער פארם דעם 18־טען יאנואר, 1802, און דאן איז דעטראיט אפיציעל און געזעצליך געווארען א שטעדטעל און יענע ביל האט געדיענט אלס דער ערשטער טשארטער פאר דעטראיט.

סאלאמאן סיבלי, וועלכער האט געברויכט זיין גאנצען איינפלוס אז די ביל זאל דורכגעהן, איז דערפאר שטארק באשוינט געווארען און עס איז איהם געגעבען געווארען די פרייהייט פון דעטראיט. די ערשטע שטאדטישע טאטעס אין יענער צייט זענען געווען דזשאן עסקין, דזשאן דאודמיד, דזשיימס הענרי, טש. פרענסיס דזשיראר[ד]ין און דזשאזעף קעמפא. דאס זענען געווען דעטראיט'ס טראסטיעס, סעקרעטער איז געווען פעטער אדריאן, ראבערט עבבאט אסעסאר, דזש. קלעמענס קאלעקטאר, עליאס וואלין דער „טאון מארשאל".

אין פעברואר זענען די טראסטיעס איינגעשווארען געווארען און זיי האבען זיך אנגעהויבען איינפיהרען פארבעסערונג אין שטאדט, מאכענדיג פארשיידענע געזעצען פאר די בירגער.

די ערשטע פראגע וואס האט אלעמען דאן באשעפטיגט איז געווען דער פייער דעפארטמענט. ביז דאן האט דעטראיט דאס ניט פארמאגט.

מען קען זיך פארשטעלען וואס פאר א פייער בריגאדע דעטראיט האט געשאפען. צוויי מענשען האט דער פייער דעפארטמענט געצאהלט, און די מאשינעריע איז באשטאנען פון אן אלטער וואסער אינזשין, וואס דעטראיט האט אפגעקויפט ביי די ענגלענדער.

דערנאך האט קאנסול הערטראמק, דער דאמאלדיגער פייער קאמאנדיר צוגעזעצט צו די ערשטע צוויי נאך צוועלף סאלדאטען און די 14 פערזאן האבען געהיט און באשיצט דעטראיט פון פייער.

אויף וויפיעל מען האט געקענט זיך געקענט פארלאזן אויף די דאמאלדיגע פייער לייט מעג דינען דער פאקט וואס יעדעס הויז האט געהאלטען א פעסעל וואסער פאר א נויט אין פאל פון א פייער, כאטש די פייערלייט פלעגען רעגעלמעסיג באזוכען יעדעס הויז אין דעטראיט און זעהן אז די קוימענס זאלען זיין ריין פון סאזשע אום צו פארהיטען פייערען. יעדע הויז האט געמוזט האבען צוויי לייטערס, איינע צו דערגרייכען דעם דאך און א צווייטע צו קענען צוקומען צו דעם קוימען.

קיין מענש האט ניט געטארט האבען אין זיין באזיץ מעהר ווי א האלב פעסעל שיס־פולווער.

ווערענדיג פארטיג מיט די לאס אין פייער דעפארטמענט, האבען די שטאדט־טאטעס אנגעהויבען פאסען געזעצען פאר דער „טראפיק".

כאטש מען האט ניט געקענט זאגען אז דעטראיט איז דאמאלס געווען צו געדיכט באפעלקערט, פלעגט עס דאך א סך מענשען באאומרוהיגען, ווייל כמעט אלע האבען געהאט פערד און וועגלאך און דער עיקר אז צוויי פראנצויזען פלעגען זיך טרעפען אין גאס האט יעדער איינער שטאלצירט אויף זיין פערדעל, און כדי עס זאל ניט קומען צו קיין „שלאגענדע באווייזע" פלעגט בלייבען איין אויסוועג: לאזען זיך אויף א „רייס" אום צו באווייזען פאר אלעמען, וועלכער פערדעל עס לויפט „בעסער".

און וואו צו לויפען האט זיך קיינער ניט געקימערט. מען האט געמענט לויפען אפילו דורך דער „מעין סטריט" און קיינער האט זיך ניט געקימערט וואס מען שרעקט איבער קינדער, אדער מען פארוואונדעט אמאל א פארבייגעהער.

נאכדעם ווי די שטאדט־טאטעס האבען געזעהן, אז דעטראיט וועט קיינמאל ניט ווערען קיין שטאדט, אויב די בירגער וועלען ניט אויפהערען „רייסען" אין מיטען שטאדט, איז געפאסט געווארען א טראפיק געזעץ, וואס האט פארבאטען אלע „רייסעס" אין די גאסען. מען האט אויך געמוזט פאהרען לאנגזאם, פארזיכטיג, שטיל, און עס וואלט אפשר נאך ער היום געווען אזוי, ווען ניט דער אוטאמאביל.

ווען אונזערע שטאדט־טאטעס זאלען היינט אפשטעהן פון דער ערד און זעהן וואס עס טוט זיך אין דעטראיט אויף וואודווארד עוועניו, ווי הונדערטער מאשינען לויפען און יאגען זיך ווי טיגער טייוואלים, ווי קארס און אוטאמאבילען יאגען איבער איינע די אנדערע, ווי א קליינער עקספרעס וועגעל וויל א מאל ביידע איבעריאגען, און ווי דער דעטראיטער בירגער איז אפט אזוי פארטראגען אז ער קימערט זיך ניט, ניט וועגען דעם אוטאמאביל, ניט דער קאר, און לויפט איבער'ן גאס, פארטומעלט, פארהאוועט אויף סכנות נפשות יעדע מינוט איז א רעגעל ביי איהם, וואלטען זיי פאר שרעק נאכאמאל געשטארבען!

האבענדיג אייגעטאן אזעלכע גוטע זאכען פאר דעטראיט, האבען די שטאדט־טאטעס באשלאסען אז זיי דארפען עפעס טאן פאר זיך אליין, האבען זיי זיך באשטימט שכירות פאר זייער ארבייט: דער טרעזשורער האט באקומען דריי פראצענט פון אלע שטאדטישע געלדער, וואס קומען אריין צו איהם. דאס אייגענע מיט'ן קאלעקטאר. דער סעקרעטאר א דאלאר פאר יעדען מיטינג וואס די שטאדט־טאטעס האלטען, און א סענט פון יעדען צענד ווערטער וואס ער דארף איבערזעצען פאר די ענגלענדער און פראנצויזען אין די „נאטיצען", כדי זיי זאלען וויסען ווי זיך אויפצופיהרען.

דער טאון מארשאל און מעסענדזשער האבען באקומען א דאלאר א טאג פאר זייער דינען דער שטאדט און די בירגער.

די שטאדט־טאטעס האבען אפנים שוין אין יענער צייט געזעהן, אז דעטראיט איז א שטאדט פון פראספעריטעט, ווייל שוין דאן האבען זיי געמאכט א „שפייז אדמיניסטראציע" וואס האט באשטימט די פרייז פון א ברויט און אויך די וואג פון יעדען ברויט.

א ברויט אין יענער צייט האט געדארפט וועגען דריי פונט און האט ניט געטארט — אה, וואס פאר א גליקליכע צייטען! — קאסטען מעהר פון א „סיקספענס".

און אויך יענע צייטען האבען לאנג ניט אנגעהאלטען. שוין אין דזשולי אין דעם אייגענעם יאהר איז מעהל געווארען טייערער און אנשטאט זעקס האט מען גענומען אכט פענס פאר א לאבען ברויט.

און כדי צו באקעמפען דעם דאמאלסדיגען „יקרות" האט די שטאדט געעפענט א „פאבליק מארקעט" און די דעטראיטער שטאט־טאטעס זענען דאן געווען שטרענגער ווי די היינטיגע.

שפייז האט געמוזט פארקויפט ווערען בלויז אויפ'ן שטאטישען מארק און ווער עס האט ניט געפאלגט איז שטראפירט געווארען. עס זענען אויך געווען צוויי ספעציעלע מארק־טעג אין דעטראיט, (ירידים) דינסטאג און פרייטאג.

ווען דעטראיט איז דאן געווארען א „שטאדט" איז דאס געווען א ווילד ארט. מען מעג זאגען א זעהר און זעהר „נאס" ארט.

און אויך דאן האט מען שוין אנגעהויבען באגרענעצען דעם פארקויף פון ביטערע טראפען, האט מען פריהער פארבאטען צו פארקויפען דעם ביטערען טראפען אום שבת, חוץ די רייזענדע.

האט אבער דער עולם אנגעהויבען רייזען אום זונטאג.

דאמאלס איז געפאסט געווארען נאך א געזעץ וואס האט פארבאטען צו פארקויפען שנאפס צו מינדעריעהריגע, צו אינדיאנער און שווארצע שקלאפען אהן דער צושטימונג פון עלטערן אדער בעלי בתים, אבער צו דער היינטיגער טרוקענקייט איז דעטראיט נאך אלץ ניט געקומען אין יענער צייט.

אזוי איז געווען די דעטראיט מיט 118 יאהר צוריק, ניט אזוי שטיל און אפילו ניט אזוי שעהן ווי מען מיינט, נאר טומלדיג, רעשיג, שטורמיש, גראדע ווי אין יענער צייט איז שוין געלעגען באהאלטען פאר דעטראיט דאס קוועק־זילבער, וואס האט געגעבען געבורט צו דער היינטיגער, ציוויליזירטער דעטראיט מיט א באפעלקערונג פון העכער א מיליאן איינוואוינער.

(א בלעטעל געשיכטע)
**פון בן דניאל**

# פראטעקציע

(א פעטערבורגער בילדעל)
**פון א. ל. ד"אר**

א יונגער מאן אין אן אויסגעריבען רעקעל, מיט א בלאסען אויסגעמוטשעטען פנים, האט מיר דערלאנגט א בריעף.

— פון אלעקסאנדראוו'ן! — האט ער א זאג געטאן מיט א בעשיידענעם שמייכעל.

— אזוי, פון אלעקסאנדראוו'ן?! זעהר אנגענעהם. זעצט זיך..

מיט אלעקסאנדראוו'ן דעם ארטיסט, וואס איז זעהר בארימט, בין איך שוין שעהנע עטליכע יאהר נאהנט באפריינדעט, און איך האב ווירקליך, פון טיפען הארצען זיך דערפרעהט מיט זיינעם א בריעף.

נערוועז האב איך אויפגעריסען דעם קאנווערט און דורכגעלעזען:

„מיין ליעבער! איך רעקאמענדיר דיר זעהר דעם איבערגעבער פון מיין בריעף. דאס איז א טאלאנטפולער פאעט, ער שרייבט אויסגעצייכענט פעליעטאנען און קריטישע ארטיקלען; ער ווייסט גוט בוכהאלטעריע; שפילט ניט שלעכט פידעל, זוך פאר איהם אויס ערגעץ א שטעלע. דו האסט דאך פיעל באקאנטשאפט אין דער צייטונגס־וועלט און אויך צווישען ארטיסטען און זאגאר ביי נגידים. איך בין זיכער, אז דו וועסט עס טאן צוליעב מיר. א הערצליכען גרוס, אלעקסאנדראוו".

אין דער צייט וואס איך האב געלעזען דעם בריעף, איז דער יונגערמאן געזעסען בעשיידען אנטקעגען מיר און געשמייכעלט.

— איהר זייט שוין לאנג באקאנט מיט אלעקסאנדראוו'ן? — האב איך געפרעגט.

— מיט אלעקסאנדראוו'ן?..

דער יונגערמאן איז רויט געווארען ביז איבער די אויערען.

— ניט לאנג.. ערשט נעכטען זיך באקאנט.

— קאן דאס זיין? ער שרייבט דאך וועגען אייך, אזוי ווי ער וואלט אייך קענען פון קינדהייט אן.. ווער־זשע האט אייך באקאנט געמאכט?

דער יונגערמאן האט ארויפגעלאזט די אויגען ווי א שולדיגער.

— דאס איז א גאנצע געשיכטע.. אפשר האט איהר א סיגארעט?

— ביטע, מיט פערגעניגען.

דער יונגער־מאן האט צוגערוקט צו זיך מיין פאפיראסניצא און איינינע סעקונדען געקליבען א סיגארעטל, הגם אלע זענען געווען אלץ־איינס און עהנליך איינער צום אנדערען.

— אויב איהר ווילט, וועל איך אייך דערצעהלען פון אנהייב אן.

— ביטע.

דער יונגערמאן האט פארוויכערט א פאפירעס, פארצויגען מיט גרויס הנאה און גענומען דערצעהלען:

„..געקומען בין איך אהער פאר צוויי וואכען און געבראכט מיט זיך א רעקאמענדאציע צו א לאנדסמאן פון זיינעם א נאהענטען פריינד.

„דער לאנדסמאן האט מיך אויפגענומען זעהר פריינדליך, געגעבען א גלאז טהעע, מכבד געווען מיט א סיגארעט און געזאגט:

— איך בין א קליין מענטשעלע. שטיינס גענאגט, א מעקלער אויף דער בערזשע. וואס זשע קאן איך טאן פאר אייך? איך וועל אייך געבען א בריעף צו מיינעם א באקאנטען — צו א שרייבער ביים פריסטאוו. ער האט דורך מיר אמאל גע־קויפט באנק בילעטען און פארדינט פון זיי עטליכע טויזענד. וועט ער צוליעב מיר אייך טאן א טובה.

„מיין לאנדסמאן האט אנגעשריבען וועגען מיר זעהר א ווארימען בריעף. און ווען יענער האט דורכגעלעזען, מאכט ער:

— א, א, זעהר צופריעדען! ליידער..

„נאכדעם האט ער פארקנייטשט דעם שטערען.

— ליידער איז ביי אונז אומעטום פארנומען.. בנאמנות, איך ווייס ניט, וואס קאן איך עפעס צוטראכטען. איבער־ריגענס..

„זיין פנים האט גענומען שיינען.

— איבעריגענס, קאן איך אייך געבען א בריעף צו אנטאנאוו'ן. ער איז א דירעקטאר פון א טעאטער. ביי איהם וועט זיך, ווארשיינליך, געפינען א שטעלע, און פאר מיר וועט ער אלץ טאן..

„דער דירעקטאר פון טעאטער האט מיך גאנץ פיין אויפגענומען, נאר האט טיף בעדויערט:

— פאר דעם שרייבער ביים פריסטאוו וואלט איך אלץ געטאן, נאר זאל איך אזוי ניט וויסען פון קיין שלעכטס, ווי איך ווייס ניט, וואס פאר א טובה. סיידען..

„אנטאנאוו האט מיט אמאל פרעהליך אויסגעשריען:

— איהר ווייסט וואס? איך וועל אייך געבען א בריעף צו אונזער פרימאדאנא, עלווירע אלבערטאוונא. אין איהר איז פארליעבט דער באנקיר אריפלוטאוו. עס איז א געלדענער געדאנק! פאר מיר וועט די פרימאדאנא אלץ טאן.

„די פרימאדאנא האט מיך אויפגענומען זעהר פריינדליך, מכבד געווען מיט טהעע, געגעבען א סיגארעט און זאגאר געגלעט מיין קאפ און זיך געוואונדערט וואס מיין פנים איז אזוי יונג און מיינע האאר אזוי גרוי... דערנאך האט זי מיך גענומען אויספרעגען, פון וואנען איך בין און ווער זענען מיינע קרובים. ענדליך האט זי אנגעשריבען א ווארימען בריעף, און איבערגעבענדיג מיר דעם בריעף, האט זי מיט זיכערקייט געזאגט:

— ער, דער באנקיר, וועט אייך געבען א שטעלע. זייט רוהיג!

„אנפאנגס האט דער באנקיר מיך אויפגענומען ניט איבעריג פריינדליך, נור איבערלעזענדיג דעם בריעף פון דער פרימאדאנא, האט ער מיך ארומגענומען און אוועקגעזעצט אנטקעגען זיך און פארגע־לעגט א סיגארעטל.

— איך וואלט אייך זעהר וועלען געבען א שטעלע! זעהר וואלט איך וועלען!

— האט דער באנקיר עטליכע מאל איך בערגערדט. — ליידער איז ביי מיר פול־איבער־פול. וואס טוט מען מיט אייך? איך הויב ניט אן צו וויסען.

„איך האב זיך שוין אויפגעהויבען און געוואלט אוועקגעהן, נאר דער באנקיר האט מיך געכאפט ביים האנד, אזוי ווי מיט שרעק:

— שטעהט, ווארט! איך טאר אייך ניט לאזען. איך מוז צוליעב מיין עלווירען עפעס טאן פאר אייך.. שא! גוט וואס איך האב זיך דערמאנט! איך וועל אייך געבען א בריעף צו ראטמיראוו'ן, ער איז א טעאטער־דירעקטאר, א מענש מיט א גרויסע בעקאנטשאפט.

„ראטמיראוו האט מיך גאנץ פיין אויפגענומען. מכבד געווען מיט טהעע און מיט א סיגארעט.

— ס'וואלט זיך וועלען אייך העלפען! איך זעה דאך, איהר האט אזא רעקאמענדאציע. פון ארכיפלוטאוו'ן! א קלייניגקייט, ער פארמאגט דאך העכער פון פינף מיליאן.. נאר וואס קאן איך טאן פאר אייך?

„ער האט גענומען רייבען דעם שטערען און ענדליך האט ער פרעהליך אויסגעשריען:

— איך וועל אייך געבען א בריעף צו אלעקסאנדראוו'ן. ער איז דא יעצט אין פעטערבורג און פאר מיר וועט ער אלץ טאן.

„אלעקסאנדראוו האט מיך אויך אויפגענומען גאנץ פיין. איך מכבד געווען מיט טהעע און מיט א סיגארעט, אויך בעדויערט וואס ער האט פאר מיר קיין שטעלע ניט און צום סוף זיך דערמאנט און געגעבען מיר א בריעף צו אייך".

— ארעמער יונגער־מאן! — האט זיך ביי מיר פון הארצען ארויסגעריסען, אויסהערענדיג ביז'ן סוף די טרויעריגע געשיכטע.

— איהר שרייבט שירים? — פרעג איך איהם.

דער יונגער־מאן האט א שמייכעל געטאן..

— איך שרייב שוואך. דאס האט דער הערר אלעקסאנדראוו פון זיך צוגעגעבען, כדי אייך צו פאראינטערעסירען. נאר בוכהאלטעריע קאן איך טאקע גוט.

— דאס איז גוט! איך האב א באקאנטען קאמערסאנט.. איך וועל אייך געבען צו איהם א בריעף.

דער יונגערמאן האט אראפגעלאזען די אויגען.

— איהר האט א טעות — האב איך זיך צעהיצט, — מיין בריעף וועט אייך ברענגען נוצען, ניט ווי יענע פוסטע רעקאמענדאציעס.. איך וועל שרייבען צו א באשיידענעם עהרליכען מענשען, וואס האט א גוט הארץ און פיהלט מיט.. קורץ איהר וועט זעהן.

איך האב אנגעשריבען א בריעף, א ווארעמען, אריהרענדען.

— נאט, — האב איך דערלאנגט דעם יונגענמאן א פארמאכטען קאנווערט — געהט נאך היינט. איך בין..

נאר/אין דערזעלבער סעקונדע האט דער יונגערמאן געכאפט מיט'ן אויג דעם אדרעס און אויף זיינע ליפען האט זיך אויסגעדריקט א איראניש'ער שמייכעל.

— איהר קענט דעם אדרעסאט? — האב איך א פרעג געטאן.

— יע.. דאס איז דאך מיין לאנדסמאן. דער זעלביגער בירזשע־מעקלער צו וועמען איך האב געבראכט דעם ערשטען בריעף..

א היבשע ווייליע זענען מיר ביידע געזעסען מיט אראפגעלאזטע אויגען.. מיר האבען מורא געהאט א קוק צו טאן איינער אויף דעם צווייטען...

מיר זיינען געווען ווירקליך א רחמנות אויף דעם עלענדען יונגען־מאן אין דעם אויסגעריבענעם רעקעל. „מען מוז איהם העלפען" — האב איך געדאנקען ביי זיך בעשלאסען.

## אמעריקאנער כלל־טועה און די אידישע קא־אפעראטיווען.

דער פארשטעהער פון דער גראדנער ארבייטער קאאפעראטיוו ה. בירנער האט געהאט פאלגענדען אינטערעסאנטען געשפרעך מיט דעם פארשטעהער פון דער אמעריקאנער מיסיע, ה. באטשקא. ה. בירנער האט געפרעגט דעם ה. באשקא וועגן דער צוזאמענשטעלונג פון דעם אמעריקאנעם קאמיטעט ה. באטשקא האט געענטפערט, אז ער קען ניט געבען קיין שום אינפארמאציע וועגען דער פאליטישער פיזיאנאמיע פון די מיטגליעדער פון קאמיטעט, ער קאן נאר אנווייזען אויף דעם, אז אין דעם קאמיטעט געהען אריין פארשטעהער פון אלע סאציאלע שיכטען און ריכטונגען צווישען זיי אויך פארשטעהער פון דער ארבייטערשאפט. ה. בירנער האט איהם דאן געשטעלט די פראגע צו עס איז ניט מעגליך, אז דער גראדנער ארבייטער קאאפעראטיוו זאל דורך זיין פארמיטלונג, אריינגעהן אין פארבינדונג מיט די פארטרעטער פון די אמעריקאנער אידישע ארבייטער־ארגאניזאציעס. ה. באטשקא האט זיך אפגעזאגט מיטצוהעלפען דעם ארבייטער קאאפעראטיוו אין דעם הינזיכט און האט זאגאר ערקלעהרט, אז אויב דער ארבייטער קא־אפעראטיוו וועט זיך איינגעבען זיך צופארבינדען מיט די אמעריקאנער ארבייטער ארגאניזאציעס און באקומען פון זיי אונטערשטיצונג, וועט דער אמעריקאנער קאמיטעט תיכף אפציהען די געפלאנטע אונטערשטיצונג פאר'ן ארבייטער קא־אפעראטיוו. דאן האט ה. בירנער אנגעוויזען דערויף, אז אין ווילנא און פאראן אן ארטאדאקסישע געזעלשאפט וועלכע באקומט אונטערשטיצונג פון די אמעריקאנישע ארטאדאקסישע געזעלשאפטען, וואס עס שטערט איהר ניט אין דער זעלבער צייט צו באקומען א סובסידיע פונ'ם אמעריקאנישען קאמיטעט. דערויף האט ה. באטשקא געענטפערט, אז ער ווייסט ניט פון דעם פאקט, נאר יעדענפאלס דארף נאך זיין מיינונג דער אמעריקאנער קאמיטעט אפציהען די אונטערשטיצונג פון דער ארטאדאקסישער חברה און וועט אויך זעהען ווירקען אין דער הינזיכט, אויב די אינפארמאציעס פון דעם ה. בירנער זענען ריכטיג.

## דער מתים-טאנץ

עס איז געווען ווי א שלוס-סצענע פון א שלעכטער אפערא. דער העלד איז טויטליך פארוואונדעט און ליגט א שטארבענדער אויף דער ערד. אבער ער שטארבט נאך אלץ נישט. ער מוז נאך זינגען, און ער זינגט און זינגט, און די אריע ציהעט זיך אהן א שיעור, און ער שטעלט זיך גאר אויף די פיס און צו־גיסט זיך אין זיסע נגונים, און דער אונ־געדולדיגער צוהערער הויבט שוין אן צו צווייפלען, צי וועט דער טענאר ענד־ליך שטארבען און מען וועט שוין געהן בשלום אהיים.

אזוי איז עס געווען מיט'ן פאליטישען טויט פון איגנאצי פאדערעווסקי. מיט א זעלטענער עקשנות האט ער נישט גע־וואלט אפטרעטען פון דער פאליטישער סצענע און אלץ ווייטער געצויגען זיין פזמון, אפילו נאך דאן געצויגען, ווען לויט'ן טעקסט און לויט'ן גאנג פון דער דראמאטישער סצענע האט ער שוין לאנג געדארפט ליגען הינטער אנאראפגעלא־זענעם פארהאנג, און אז ער האט ענדליך געענדיגט, האט מען פריי אפגעאטעמט.

מתים טאנץ 2

מיר וועלען געוויס נישט פארגיסען קיין טרערען אויפ'ן פאליטישען קבר. אין משך פון די צעהן מיט א האלבען חדש, וואס פאדערעווסקי איז געשטאנען ביים רודער, האט די רעגירונגס פאליטיק גע־טראגען נאר קנאפע סמנים פון לעבען. זי האט שוין לאנג געשמעקט מיט'ן קבר, איידער נאך עס איז געקומען די דיספּוּ־טיע. קנאפע 11 חדשים האבען זיך מי־ניסטארען געטומעלט און געארבייט, און האבען אבסאלוט קיין זאך נישט אויפגע־טאן. אויף א טריט האט זיך נישט א רוק געטאן די מלוכה שיף, מעהר נישט עס האט זיך נאכאמאל ארויסגעוויזען די פול־שטענדיגע קראפטלאזיגקייט פון דעם פארשטארבענעם „פאך־קאבינעט" און זיין גאנצע אומפעהיגקייט צו וואסער נישט פראדוקטיווער ארבייט, זיין בולט'־

ער און קלאנגערינגע פאליטישע אימפאר־טענץ.

איצטער זענען די הערען ארויס פון דער סצענע, און זייער שעף איז אויך פארמעל געווארען א פאליטישער מת.

ווי געזאגט, וועלען מיר איהם געוויס נישט בעוויינען, אבער קיין יום־טוב־שטימונג האבען מיר אודאי און אודאי נישט.

ווארום, וואו מאיז די שמחה?

איינער איז אוועק א צווייטער וועט קומען, אנשטאט פאדערעווסקי — אן אנדערער „פאך־מאן" וואס איז דער אונ־טערשיעד? מענשען וועלען זיך בייטען, אבער די סיסטעם בלייבט, וועגען עפעס ממשות'דיגע ענדערונגען איז קיין רייד נישטא. עס איז געווען א כלומרשט „פאכאוועער" קאבינעט מיט א בעהאלטע־נעם פאליטישען אונטערשלאק, און עס וועט זיין א נייער „פאכאוועער" קאבינעט מיט א ביסעל מעהר אדער ווענינער פאר־שטעלטען אונטערשלאק. עס איז געווען א רעגירונג, אין וועלכער עס האט זיך אויסגעדריקט די אומפעהיגקייט פון די פארשיערענע קלאסען צו רעגירען אויף א פראקטבארען אופן, און עס וועט זיין א רעגירונג, וועלכע וועט זיין דער זעל־בער אויסדריק פון דער זעלבער קרענק.

מתים געהען אוועק, מתים קומען אויף זייער ארט, וואס איז די שמחה? מען בייט די פיגורען אויף דעם פאליטישען שאכבערט. מען קריכט פון דער הויט ארויס, כדי צו שאפען נייע קאמבינא־ציעס, מען שפייזט און מען רודערט אויף דעם עולם מיט פערזענליכע אינטריגעס און פיקאנטע סענסאציעס. עס איז אבער אלץ — לויטער שאלעכץ, עס איז אלץ די אויבערפלעך פון לעבען. עס איז אלץ א שטורם אין א גלאז וואסער. בעצם בלייבט דאך דאס לעבען פארגליווערט, בעצם איז פאר דער ברייטער מאסע אלץ איינס, ווי עס וועלען דארטען הייסען די פאר מענשען, וואס פארנעהמען די פאר־

יתום'טע מיניסטארען־שטולען. בעצם איז אלץ געבליעבען ביים אלטען.

מיר האבען נישט געלעגט קיין האפ־נונג אויף די אלטע מענשען. מיר ער־ווארטען אויך פון די נייע גארנישט — ביירען נייע צרות. מיר וועלען זיך ווייטער צוקוקען צו זייער ארבייט, ווייל ס'איז אינטערעסאנט און לעהר־רייך צו קוקען אויף די קראפטלאזע קאנוואולסיעס מיר זענען אבער אין דער הינזיכט בלויזע צושויער.

די ברייטע מאסען שטעהען אן א זיים. מען פרעגט זיי נישט, און זיי אליין בלייבען שטום. זיי קוקען זיך אבער צו. און זיי ציהען דערפון א לעהרע פאר זיך. און עס וועט קומען דער טאג, ווען זיי וועלען רעדען און האנדלען. און דאן וועט ענדליך נעהמען א סוף דער לאנגער און נודנער מתים־טאנץ.

וו—קי.

---



# אידישע נייעס פון אלע וועלט טיילען

### קלאוד מאנטעפיארע איבער דעם וואוקס פון אנטעסימיטיזם.

דאס לאנדאנער איד. קאר. ביורא איז מודיע:

אויף א פאראמלונג פון דער „אנגלא־דזשואיש אסאסיאיישאן", וואס איז אפּ־געהאלטען געווארען דעם 14־טען דעצעמ־בער אין דער געביידע פון דר צענטראלער סינאגאגע אין לאנדאן האט דער פּרעזי־צענדער ה. קלאוד מאנטעפיארע צווישען אנדערעס געזאגט פאלגענדעס:

„עס וואלט געווען א גרויסער טעות פון אונזער צד צו איגנארירען דעם וואוקס פון אנטעסימיטיזם אין משך פון די לעצטע 5 יאהר, פונקט ווי ס'וואלט געווען א טעות גלאט אזוי צו פארגרעסערען און אין איבערטרייבען דעם דאזיגען טרויע־ריגען פאקט. די דאזיגע צרה האבען מיר צו פארדאנקען דער מלחמה. מען קען דאס גאנץ אפען באמערקען אין ענגלאנד און עס וואלט פשוט געווען אן אונזין צו פאר־מאכען די אויגען צו דער אונאנגענעמענער ערשיינונג. עס באמערקט זיך אין א פיעל געפעהרליכער פארם אין דייטשלאנד, עסטרייך, און אונגארן וואס איז נוגע אונ־זער איינענער לאנד האט ה. מאנטעפיארע צוגעגעבען — זענען מיר ענגלענדער און ענגלענדער האבען מיר בדעה צו פארבליי־בען, און איך בין גאנץ רוהיג וועגען דעם אויסגאנג דא.

עס איז אן עקלהאפטער ליגען צו אי־דענטיפיצירען די אידען מיט באלשעוויזם אבער בעת יעדער פון אונז ווארט אויפ'ן פאל פון דער דאזיגער גרויזאמער און פאר־אכטעטער טיראניע און קאריקאטור פון דעמאקראטיע איז מען דאך אין דער זעל־בער צייט אויך שטארק באאונרוהיגט וועגען דעם גורל פון די אידען אונטער דער פאלגען".

א צווייטער רעדנער, סער פיליפּס מאג־נוס, מיטגליעד פון דעם ענגלישען פארלא־מענט האט געזאגט, אז די באשולדיגונ־גען, דאס אלע אידען זיינען באלשעוויקעס זיינען שוין גענצליך צוריקגעוויזען געווא־רען. בלי ספק, צווישען אידען געפינען זיך אויך באלשעוויקעס, אבער די צאהל פון אנ־טי באלשעוויקעס צווישען זיי איז אומ־ציילבאר.

ווען מען נעמט אין אנבעטראכט די בא־דינגונגען, אונטער וועלכע די אידען אין רוסלאנד האבען געלעבט, באמערקט ווייטער סער מאגנוס, קען מען זיך נים וואונ־דערען, אז איינינע פון זיי מאכען אן אנ־שטרענגונג זיך צו באפרייען און פאלען אריין אין די הייהען פון די באלשעוויקעס. עס זיינען נים פאראן קין אידען, וואס ווי־לען זעהען די צוריקאויפבויאונג פונ'ם צא־ריזם אין רוסלאנד.

מר. לוסיען וואולף סעקרעטאר פונ'ם פאראייניגטען אויסלענדישען קאמיטעט „פון דער אידישער באארד אוו דעפיוטים" האט געזאגט, אז די שלום־אפמאכען הא־בען געגעבען די אידען אזוי פיעל, וויפיעל מען האט נאר געקענט ערווארטען און אפשר נאך מעהר ווי מען האט געהאפט השגחה פון דער רעגירונג וואס וועט נאכ־איז ווערט צו באמערקען, אז דאס ווארט „איד" איז אפילו נישט געווען דערמאנט אין דער פארמול, וואס זיי האבען פארגע־שטעלט דער קאנפערענץ לעצטען פעברואר זיי האבען געפיהלט, אז זיי קעמפען נים נאר דעם אידישען קאמף אליי [זאנדערען] אן אלגעמיינעם קאמף פאר פריהייט, פאר־ליטישען פראגרעס און גלייכהם.

### לאנדאן און קאפענהאגען ווע־רען עמיגראציאנס פונקטען פאר פאלעסטינא.

צוויי גרויסע צענטרען ווערען גע־פלאנט אין אייראפא אויף צו רעגולירען די עמיגראציע נאך ארץ ישראל, און דאס זענען קאפענהאגען און לאנדאן, אזוי לויטעט אן ערקלעהרונג פון דעם אלוועלט־ליכען ציוניסטישען אפיס אין לאנדאן.

אזוי שנעל ווי ענגלאנד וועט באקומען דעם מאנדאט אויף פאלעסטינא ווערט ערווארטעט א ברייטע עמיגראציע פון אידישע מאסען נאך דעם נייעם היימ־לאנד. די אלוועלטליכע ציוניסטישע אר־גאניזאציע מאכט דעריבער שוין אלע נויטיגע פארבערייטונגען פאר דער רעגו־לירונג פון דיזער עמיגראציע. צענטראלע עמיגראציאן ביוראס ווערען געשאפען אין קאפענהאגען און לאנדאן. דאס ערשטע ביורא וועט האבען די אויפגאבע צו אר־גאניזירען די אידישע עמיגראציע פון

מזרח און צענטראל אייראפא ווי אויך פון סקאנדינאוויען. דאס ביורא אין לאנ־דאן וועט זיך באשעפטיגען מיט דער עמיגראציע פון ענגלאנד, ענגלישע קא־לאניעס, פראנקרייך, איטאליען, שפא־ניען, שווייץ, האלאנד, דער באלקאן, נארטה אפריקא און אזיען.

עס וועלען אויך איינגעפיהרט ווערען עמיגראציאנס ביוראס אין אלע לענדער פון וואנען עמיגראציע ווערט ערווארטעט. און ספעציעלע עמיגראציאנס ביוראס אין די הויפט האפענס ווי אדעס, טריעסט סאלאניקא און קאנסטאנטינאפאל.

א צענטראלער אפיס פאר די אנגעקו־מענע עמיגראנטען וועט געשאפען ווע־רען אין יפו אדר אין חיפה, אויב איינע אדער די אנדערע וועט באשטימט ווערען פאר'ן הויפט האפען, וואו די עמיגראנ־טען וועלען אראפשטאטען. אפטיילונגען פון די אימיגראציאנס ביוראס וועלען נא־טירליך געשאפען ווערען אין אלע ווינק־לאך פון ארץ ישראל, וועלכע וועלען עמ־פפאנגען די אנגעקומענע, זיי העלפען זיך באזעצען און צו דער זעלבער צייט אינ־פארמירען דעם ציוניסטישען הויפט אפיס אין לאנדאן וועגען דעם אלגעמיינעם מצב.

—::—::—

### די גוטע ארבייט פון הכנסת־אורחים

לעצטענס איז אפגעהאלטען געווארען א צוזאמענפאהר פון טוער פון דעם ניו יארקער הכנסת אורחים, וועלכער האט אפטיילונגען איבער גאנץ אמעריקא

פיעלע דעלעגאטען זענען געקומען צו פאהרען פון ד' ווייטסטע שטעדט. מען האט באהאנדעלט וויכטיגע פראגען וואס זענען נוגע דער. אידישער עמיגראציאנס־פראבלעם.

רעוועראנד מאסליאנסקי האט געריהרט דעם עולם צו טרעהרען שילדערענדיג די צרות פון די אידען אין די מלחמה לענ־דער. געוועזענער דזשאדזש ל. סאנגערס האט גערעדט וועגען די נויטווענדיגקייט פון א ליבעראלער אויסטייטשונג פון די אימיגראנטען געזעצען. מר. ל. קאמייקא, וועלכער פאהרט אפ אין גיכען מיט מר. מול קיין אייראפא, האט אין קורצע ווער־טער איבערגעגעבען דעם פלאן פון זייער ארבייט דארט.

ער האט ערקלעהרט דאס זיי וועלען עפענען ביוראס אין פיעלע שטעדט אין אייראפא און די הויפט ארבייט פון די ביוראס וועט זיין צו פארבינדען די אי־דען וואס האבען זיך רעדזשיסטרירט דא אין אמעריקא מיט זייערע קרובים אין אייראפא. די צאהל רעגיסטרירטע איז איצט איבער דרייסיג טויזענד.

מר. דזש. ל. בערנשטיין, דער פּרעזי־דענט פון הכנסת אורחים האט ערקלערט אז דאס פאראייניגען די אמעריקאנער אידען מיט זייערע קרובים איז איצט איינע פון די הויפט ארבייטען. ער האט אפגעגעבען א באריכט, וועלכער ציינט, דאס די הכנסות אורחים צעהלט איצט איבער הונדערט טויזענד מיטגליעדער, מיט איבער 24 טויזענד מעה רווי לעצ־טען יאהר.

מר. הערי פישעל, דער טשערמאן פו דער בילדינג קאמיטע באריכטעט דאס די ארבייט פון דער הכנסות אורחים אין זיך אזוי צוואוקסען, דאס די גע־ביידע אויף 229 איסט בראדוויי, איז צו קליין געווארען פאר דעם צוועק. מ[ען] האט דארום אפגעקויפט די היסטארישע געביידע פון דער אסטאר לייברערי אלס די נייע היים פאר דער הכנסת אורחים. דאס וועט קאסטען אומגעפעהר פיער הונדערט טויזענד דאלאר.

באגריסונגען זענען אנגעקומען צו דער פארזאמלונג פון גאוו. סמיטה, גאווערנאר קולידזש, און גאווערנאר ספראל, אין וועלכע זיי האבען געלויבט די טעטיג־קיים פון דער הכנסת אורחים און די אידישע אימיגראנטען.

צו דעם מיטינג זענען אויך געווען פארטרעטער פון סיאטעל, וואשינגטאן, שיקאגא, באסטאן, און באלטימאר. דער מיטינג האט געגעבען א ווארימען פאהר געזונד צו די צוויי שלוחים מר. ל. קא־מייקא און מר. יעקב מול, וועלכע פאה־רען אפ אין פוילען מיט דער שיף מאר ריטאניא, יאנואר דעם 28־טען.

### פאלעסטינער קינסטלער אין העברע־אישע פארשטעלונג פון דאס „נייע געטא"

—::—::—

די טרופע "העברעאישע שוישפילער" (המשחקים העברים), וועלכע איז ארגא־ניזירט געווארען פון דער הסתדרות עברית באמעריקה צו געבען העברעאישע פאר־שטעלונגען אין ניו יארק, ווי אויך אי'ן די אנדערע שטעדט אין אמעריקא, האט צו־געקראגען צוויי טאלאנטפולע יונגע קינסט־לעריננען פון פאלעסטינא. דיעזע זיינען מיסס ליזא ווארשאו און מ'ס רבקה בת־נון. די ערשטע גאלא העברעאישע פארשטע־לונג וועט זיין דאנערשטאג אבענד, דעם 18־טען מערץ, אין אוירווינג פּליים טהע־אטער. עס וועט דאן אויפגעפיהרט ווערען רד'. הערצעל'ס דאס „נייע געטא" אין העברעא'שער איבערזעצונג פון ראובן בריינין. די העברעאישע שוישפילער שטו־דירען שוין איין זייערע ראלען און מאכען פראבען. די אויפפיהרונג איז אונטער דער דירעקציאן פון הענרי לינן און אונטער דער רעזשי פון יונגען שוישפילער מארק שווייד, וועלכער וועט אויך אויפטרעטען אין איינע פון די ראלען.

די הסתדרות עברית האט ערהאלטען מא־סען בריעף פון יחידים און ארגאנ'זאצי־אנען אין פיעלע שטעדט אויסדריקענדיג גרויס בעגייסטערונג פאר דער אונטער־נעהמונג פון גרינדען א העברעאישע ביהנע אין אמעריקא אויף א גרו'סען מאסשטאב און פארשפרעכענדיג די גרעסטע שטיצע.

דער טיקעט פארקויף פאר דער ערשטער העברעאישער פארשטעלונג האט זיך שוין אנגעפאנגען, און די אויסזיכטען זיינען אז די העברעאישע ב'הנע וועלכע די הסתדרות עברית האט ארגאניזירט וועט האבען דעם געווינשטען ערפאלג.

—::—::—

### ציוניסטען ענטפערן „מארנינג פאסט".

איזראעל קאהען האט אין נאמען פון דער ציוניסטישער ארגאניזאציע צוגעשיקט א בריעף צו דער לאנדאנער אנטיסעמיטי־שער „מארנ'נג פאסט". אין וועלכען ער האט אפגעלייקענט די באהויפטונג וואס איז געווען פארעפענטליכט אין יענער צייר טונג, אז די ציוניסטען אונטערדריקען אין פאלעסטינא די אי'נגעבוירענע אראבער. בנוגע דער קלאגע, אז די ציוניסטען קאנ־טראלירען די פאלעסטינא בעאמטע, האט קאהען ערקלעהרט, אז זיי מוזען האנדלען אין איינקלאנג מיט דער ענגלישער פא־ליסי און יעדער א'נער וואס איגנארירט זי אדער שטעלט זיך געגען איהר, קען נים בלייבען אויף זיין פאסטען. און ווידער וועגען דעם פרעטעקס פון די אימפעריאלע בריט'שע פרינציפען האט קאהען ער־קלעהרט, אז ענגלאנד האט נים אנערקענט פאלעסטינא, זי האט בלויז געקראגען דעם מאנדאט איבער פאלעסטינא ביז די בא־פעלקערונג וועט זיין ראוי זיך אליין צו רעגירען.

די "מארנ'נג פאסט" ענטזאגט זיך אבער צוריקציהען איהרע באהויפטונ־גען, ערקלעהרענדיג, אז זי האט זיי גע־קראגען פון פארלעסליכע קוועלען. אידען און באלשעוויזם.

איזראעל זאנגוויל האט פארעפענטליכט א בריעף אין דער „טיימס" אין וועלכען ער שלי'דערט צוריק די באשולדיגונג, אז אלע אידען זיינען באלשעוויקעס. צוזאמען מיט דעם בריעף האט ער אויך צוגעשיקט דאקומענטען, וואס באוויזען, אז אידען פיהרען אן אנטי באלשעוויסטישע פראפאגאנדע, און דערביי ערקלעהרט זאנגוויל, אז אלע פארט'יען פאגראמירען די אידען.

זאנגוויל האט אויך ערהאלטען א אי־רישען פלאקאט פון אדעס, אונטערגעשרי־בען פון אברהם בצלאל, אין וועלכען עס ווערט אפעלירט צו די אידישע ארבייטער אז זיי זאלען ארגאניז'רען באטאליאנען וואס זאלען זיך אקעגען שטעלען קעגען א רומענישער אקופאציע, ווייל דאס וועט שטעלען אין געפאהר די עקזיסטענץ פון א האלבען מיליאן אידען.

—::—::—

### וועגען דער עמיגראציע קיין פאלעסטינא.

די רעגולירונג פון דער עמיגראציע נאך ארץ ישראל וועט באשטעהן הויפטזעכליך אין קלאסיפיצירען די באשעפטיגונגען און פינאנציעלע מעגליכקייטען פון די עמיגרי־רענדע ווי אויך אין א שטרענגען מעדיצי־נישען עקזאמען, וואס איז זעהר נויטיג פאר א געזונדער און ניצליכער אימיג־ראציע. מען דארף נים פארגעסען, אז פאר דעם ערשטען אנפאנג פון אויפבויען די נאציאנאלע אידישע היים אין ארץ ישראל זענען נויטיג וואס שטארקע און פאסי־גערע קרעפטען, דעריבער איז א שטרענגער פיזישער קאנטראל און קלאסיפיצירונג פון די אימיגראנטען נאך ארץ ישראל פון גרויי־סער וויכטיגקייט.

פון קאנסטאנטינאפאל ווערט געמעל־דען אז דארטען זענען אנגעקומען א גרויסע צאהל אידישע פליכטלינגע, וועלכע זיינען אנטטרונען גרויסען געפאהר, ווייל די טויערן נאך ארץ ישראל זענען נאך נים אין גאנצען אפען. די דארטיגע ציוניסטי־שע ארגאניזאציע האט געשאפען אן אינ־פארמאציאנס ביורא, וואס וועט געבען אויסקינפטע צו די אימיגראנטען וועגען דער אמת"ער לאגע אין פאלעסטינא או זיי העלפען אין זייער שווערער לאגע.

עס פארשטעהט זיך, אז די שאפונג פון צענטראלע עמיגראציאנס פונקטען אין קא־פענהאגען און לאנדאן מיט אפטיילונגען אין אלע וויכטיגע אידישע צענטרען פאר דער רעגולירונג פון דער עמיגראציע נאך ארץ ישראל, ווי אויך די נויטיגע אפיסעס אין ארץ ישראל גופא, וואס וועלען העלפען די אימיגראנטען צו עטאבלירען זיך, זיינען פארבונדען מיט ריעזיגע קאסטען. די אל־וועלטליכע ציוניסטישע ארגאניזאציע אונטערנעהמט דעריבער צו שאפען לרווי־סע פאנדען פאר דעם צוועק און די אמע־ריקאנער ציוניסטישע ארגאניזאציע, מיט איהר קאמפיין פאר דעם 10 מליאן דאלער גאולה פאנד, קומט העלפען די ריעזיגע עמיגראציאנס ארבייט נאך ארץ ישראל, וואס שטעהט אונז פאהר אין דער נאהענ־טער צוקונפט.

א ספעציעלער עמיגראציאנס ביורא וועט אויך געשאפען ווערען אין ניו־יארק, וואס וועט האבען צו טאן מיט די אידען פו נארטה, סאוט און צענטראל אמעריקא, ווי אויך פון קענעדא, וואס ווילען אויס־וואנדערען נאך ארץ ישראל.

### די אורזאכען פון קראנקהייטען.

עס איז שוין לאנג באוויזען געווארען אז אין שטויב און מיסט ליגען באהאל־טען די אורזאכען פון אלע קראנקהייטען.

עס איז דעריבער זעהר וויכטיג פאר יע־דע הויזווירטין צו האלטען ריין נים נאר דאס הויז, נאר אויך דעם „יארד" און דעם קעלער.

די באארד אוו העלט פאדערט אז לע־בען יעדען הויז זאלען זיך געפינען רע־סעפטאקעלס פאר אשעס און שפייז אב־פאל. די רעסעפטיקעלס געמאכט פון קאנ־קרים זענען די בעסטע, קומען מיט א שווערער דעק. און איהר לעגט אהין אריין די אשעס, די נארבערוש און אלע אבפאר־לען וואס קליבען זיך אן פון הויז יעדען טאג.

די קאנקרים רעסעפטיקעל געמאכט ביי די דעטראיט קאנקרים רעסעפטיקעל קא. זענען דיא בעסטע. *)

### פינאנציעלער רעפארט פון דעטראיט היברו האספיטאל אסאסיאיישאן

פון סעב. 16, 1916 ביז דעצ. 12, 1919.

| | |
|---|---|
| ביי דעם טרעזשורער הר. בערנשטיין | |
| סעב. 16, 1916 — — — | 88.55 |
| ד'וס פון מעמבערס — — — | 263.50 |
| פראפיט פון באל יאנואר 24טען 1917 — — — | 584.25 |
| ביי דער פארזאמלונג פון פאר־ברענען דעם מארטגיידזש | 344.60 |
| טעג רעי אין אויגוסט 1"16 | 399.00 |
| דאנעישאנס פון סאסייטיס און אי'נצעלנע — — — | 1352.17 |
| שולדען צום טרעזשורער — | 5.76 |
| טאטאל — — — — | $3037.83 |

אויסגאבען:

| | |
|---|---|
| דער לעצטער פיימענט אויף דעם מארטגיידזש — — — | $1169.05 |
| אויסגעצאלט צו לאיערס — | 28.75 |
| טעקסעס פאר דעם לאט פאר דריי יאהר — — — — | 1283.41 |
| פייוומענט טעקסעס — — | 11.88 |
| פרינטינג — — — — — | 183.77 |
| פאסטי'דזש און סטיישיאנערי | 46.88 |
| רענט פאר מיטינג האלס — | 161.50 |
| לאמבער — — — — — | 99.00 |
| פאר קאלעקשאן באקסעס צום טעג טאג — — — — | 12.21 |
| פארשיערענעס — — — — | 41.38 |
| טאטאל — — — — | $3037.83 |

פארמעגען:

א פרי און קליר לאט 200 ביי 173½ אויף קארנער הענדרי און ענטווייז.

שולדען:

צום טרעזשורער, $5.76 און טעקסעס פאר 1919

פינאנס קאמיטע:

פ. עטינגער, מאקס היימאן, דייוויד וועלט, ד. ספ'וואק.

דעצ. 29, 1919

*) צו פארקויפען א דעליקאטעסען סטאר, מיט 3 רומס, אין 314 וועסטמינסטער. טעלעפאן העמלאק 58־דזשיי. (25

# The Weg — דער וועג
THE DETROIT JEWISH DAILY

די איינציגע אידישע טעגליכע צייטונג אין מישיגאן סטייט.
ערשיינט יעדען פריהמארגען אויסער שבת, דורך דער
וועג פאבלישינג קאמפאני, אינקארפארייטעד
הויפט אפיס: 347-49 הייסטינגס סטריט, דעטראיט, מיש. טעלעפאן: מעין 3715.

דעטראיט, דינסטאג, דעם 20טען יאנואר, 1920.


## איין מענש קען אמאל אבלאפען די גאנצע וועלט

ב. י. ג — ן.

צו וואס פאר א צרות א רכילות קען אמאל פארפיהרען, האט מען שוין טויזענדער פאקטען אין ביישפיעלען געבראכט. א רכילות האט שוין נישט איין מאל צערשטערט א פאמיליע; ניט איין מענש איז שוין פון דער וועלט אוועק צוליעב א רכילות פון א לומפ; עס זיינען שוין נישט איין איין משפחה די מיטגליעדער זיך געווארען בלוטיגע שונאים צוליעב דעם וואס א געמייגער מענש האט אנגעפיהרט א רכילות.

עס זיינען זאגאר פאראן פאקטען פון מלחמות וואס זיינען פארגעקומען צוליעב א פאלשען מענשען וואס האט פארפיהרט א רכילות צווישען איין לאנד און א צווייטען.

און דער אנטיק איז וואס די וועלט ווייס דאס און פונדעסטוועגען זיינען תמיד פאראן אויערען וואס הערען זיך איין צו די רכילות'ניקעס, צו די פאלשע שמייכלער און צו די פארידער.

נישט נאר וועט מען זיך זעלטען וועלען נעהמען די מיה צו געהן אויסגעפינען אויב דער רכילות'ניק האט געזאגט אן אמת, אדער נישט, נאר מען וועט תמיד, פון דער ערשטער רגע ווען מען הערט אויס דאס רכילות יענעם ווערען א שונא. מען וועט נישט נאכפרעגען, נישט מאכען קיין חקירה ודרישה, נישט אינטערעסירען זיך אויסצוגעפינען דעם אמת, נאר באלד זיך לאזען איבעררייצען, וועלען איבעררייסען בעציהונגען, וועלען לאזען אין גאנג זייערע געפיהלען.

עס איז אמאל גארנישט נויטיג אז דער רכילות'ניק זאל פארפיהרען א רכילות; ער דארף זיך גארנישט באמיהען אזוי פיעל און צונויפשלעפען א וואנד מיט א וואנד.

אמאל איז גענוג אז אזא חברה־מאן זאל אמאל בלויז א וואונק טאן, זאל בלויז געבען אנדייטונגען, אנציהען אימיצענס פאנטאזיע און ער זאל פונקט אזוי פיעל ווירקען, ווי גלייך ער וואלט גערעדט און אנגערצעהלט מעשיות. ווארים, ווי געזאגט האט די וועלט אפענע אויערען; די מענשען זיינען צו נאריש אדער צו קליינליך און זיי קימערען זיך נישט אויסצוגעפינען דעם אמת. ווען זיי געפינען דאס יא אויס, איז עס אין מעהרסטע פעלע שוין צו שפעט.

און אט נאט אייך א ריכטיגען ביישפיעל:

מיט ארום א חודש צוריק איז די גאנצע וועלט געגאנגען באדראס וועגען דעם, אז אין א מיטוואך וועט זיך די וועלט איבערקעהרען.

עס איז אוועק א קלאנג אז א פראפעסאר אלבערט פ. פארטא האט אויסגעפונען, לויט זיינע ידיעות אין שטערן־זעהעריי, אז פלאנעטען וועלען זיך צוזאמענשטויסען.

שטעלט זיך גאר ארויס אז פון דעם גאנצען שרעק האט עפעס א לץ די געשיכטע וועגען דער וועלט אונטערגאנג פארשפרייט און טויזענדער מענשען האבען אין דעם געגלויבט. פראפעסארען האבען וועגען דעם דעפאמירט און די פרעסע האט וועגען דעם געדרוקט ארטיקלען.

עס שטעלט זיך ארויס אז די גאנצע מעשה איז אן אויסגעטראכטע. עס הייסט אז די נביאות איז קיינמאל ניט געזאגט געווארען.

נאך מעהר, עס צייגט זיך ארויס אז קיינער קען ניט און ווייס ניט ווער עס איז דער פראפעסאר אלבערט פ. פארטא וואס האט עס געזאלט האבען געזאגט די נביאות, אז עס דארף די וועלט אונטערגעהן.

מאנאטען לאנג האט מען גערעדט וועגען דיעזע נביאות. מען האט די גאנצע צייט געהאלטען פראפעסאר פארטא'ן אין מויל. מען האט געשריבען וועגען איהם ארטיקלען אין דערמאהנט איהם איבעראל, און קיינעם איז גאר ניט איינגעפאלען א פרעג צו טהאן: „ווער איז ער אט דיעזער פראפעסאר פארטא? איז ער טאקע א פראפעסאר? און אויב א פראפעסאר וואו איז ער פראפעסאר?"

די וועלט האט דערהערט דעם נאמען „פראפעסאר פארטא" און מען האט אנגענומען אלס א זיכערע זאך אז דיעזער „פראפעסאר" איז זיכער א גרויסער געלעהרטער, אם ווייניגסטענס אן אסטראנאם. און אז ער האט טאקע באגרינדעט אויף פאקטען זיין פראפעצייהונג פון א וועלט אונטערגאנג. מען האט וועגען איהם דערצעהלט גרויסע זאכען און די וואס האבען געציטערט פאר א וועלט אונטערגאנג זיינען געווען זיכער אז דער פראפעסאר פארטא ווייס וואס ער רעדט. אפילו די פאחורערונגען פון אמת גרויסע אסטראנאמען האט ניט געהאלפען. אזוי פיעל אמונה האט מען געהאט אין פראפעסאר פארטא'ן, אבוואהל קיינער האט פריהער זיין נאמען ניט געהערט און קיינער האט נאך ניט געהאט דערצעהלט וואו דיעזער פראפעסאר געפינט זיך, און צי געפינט זיך בכלל אזא פראפעסאר.

עס איז באהויפטעט געווארען אז דיזער פארטא איז א פראפעסאר פון אסטראנאמיע אין דעם אוניווערזיטעט פון מישיגען. דער עולם האט עס געגלויבט.

ערשט ממש א שעה פאר דער וועלט אונטערגאנג, האט מען אויסגעפונען אז אין יענעם אוניווערזיטעט איז גאר נישטא אזא פראפעסאר און אז עס איז בכלל דארט נישטא א פערזאן מיט אזא נאמען. מען האט אנגעהויבען נאכפרעגען זיך ביי אסטראנאמען און זיי האבען ערקלעהרט אז זיי האבען פון אן אסטראנאם פארטא קיינמאל ניט געהערט און דאס האט נאטירליך געמיינט צו זאגען אז ווען ער וואלט געווען א באדייטענדער אסטראנאם וואלט מען פון איהם געהאט געהערט, אם ווייניגסטענס צווישען די אסטראנאמען.

איז דאך געוועזען די פראגע ווער איז ער טאקע דיעזער פראפעסאר פארטא און וואו געפינט ער זיך דיעזער נביא פון א וועלט אונטערגאנג?

מענשען זיינען ערשט איצט געווארען פאראינטערעסירט אויסצוגעפינען ווער ער איז און וואו ער געפינט זיך, און אז מען זוכט געפינט מען.

מען האט ענדליך אויסגעפונען אז געפינען געפינט זיך אזא פארשוין אין סאן פראנציסקא, און ער איז ניט קיין אסטראנאם נאר אן ארכיטעקט, און אז ער איז ניט קיין פראפעסאר נאר אן ארויסגעבער פון א וויסענשאפטליכען זשורנאל.

מען האט זיך מיט איהם פארנאנדערגערעדט וועגען זיין נביאות און ער האט געלייקענט שטיין און ביין. פארטא האט נעמליך ערקלעהרט אז ער האט קיינמאל ניט פאראויסגעזאגט אז די וועלט וועט אונטערגעהן. אלעס וואס ער האט געזאגט איז, אז עס וועלען פארקומען שטורמס אויפ'ן פאסיפישען ברעג און אז דיזע שטורמס דארפען ניט גראדע פארקומען דעם 17טען, נאר אין פארלויף פון די קומענדע פאר וואכען. וועגען דעם אז די וועלט דארף אונטערגעהן, זאגט פארטא, האט ער קיינמאל קיין נביאות ניט געזאגט. דאס האט אימיצער אנדערש געזאגט אין זיין נאמען.

ווי איהר זעהט קען אמאל א רכילות'ניק, א בלאפער א גאנצע וועלט פארבלאפען און קיינער וועט זיך ניט נעהמען די מיה נאכצוזוכען און מאכען חקירות ודרישות.

אפילו די וויסענשאפט וועלט כאפט זיך ערשט נאך אלעמען צו זוכען אויסצוגעפינען אמת.

# הומאר און וויץ

### א קלוגער ריכטער

אדוואקאט (בעטענד) — איהר האט מיין קליענט פאראורטיילט אויף זיבען יאהר זעהט איהר דען ניט, דאס ער איז קראנק און שוואך און וועט מעהר ניט קענען לעבען ווי א העלפט דערפון!

ריכטער — אויב אזוי וועל איך איהם פאראורטיילען אויף לעבענסלאנג.

### א גוטע רעדע

„איך וועל אייך איבערצייגען דזשענטלמען אף די דזשורי", האט אנגעפאנגען א יונגער ארוואקאט צו פארטיידיגען זיין קליענט. „דאס עס וואר אונמעגליך פאר דעם אנגעקלאגטען צו ערמארדען דעם מאן.

1־טענס וועלען מיר איבערצייגען דאס דער אנגעקלאגטער איז געווען ווייט פון דעם ארט וואו דער מארד איז געשעהן.

2־טענס וועלען מיר באווייזען דורך ריכטיגע עדות דאס זיי האבען אליין געזעהן דעם אנגעקלאגטען אויף דעם ארט וואו דער מארד איז געשעהן, און וועלכע האבען ניט געזעהן, ער זאל איהם מארדען.

3־טענס וועלען מיר באווייזען דאס קיין גיפט איז ניט געפונען געווארען אין ערמארדעטענס קערפער.

4־טענס וועלען מיר איבערצייגען דאס דער טויטער האט באגאנגען זעלבסטמארד.

„און 5־טענס קענען מיר דייטליך און ריכטיג בעווייזען דאס דער ערמארדעטער לעבט".

„מיר בעטען דערום די הערלען געשווארענע צו נעמען אין אנבעטראכט דאס אלעס און באפרייען דעם אנגעקלאגטען".

### א ריכטיגער בעוויז

ריכטער — דו ביזט אנגעקלאגט אז נעכטען נאך האלבע נאכט ביזטו אריין געקראכען צו מר. ראבען אין וואהנונג.

גנב — דאס איז א ליגען.

ריכטער — דא זיינען אבער דא עדות וואס האבען דאס געזעהן.

גנב — דאס איז אונמעגליך, ווייל איך האב מיך גוט ארומגעקוקט אין אלע זייטען קיינער זאל מיך ניט זעהן.

### א נארישע מויד

טאכטער — אך מאמא, ווען איך וואלט געווען א שעהנע!

מוטער — זארג ניט מיין טאכטער, יונגע לייט מיטשכל קוקען ניט אויף שעהנקייט.

טאכטער — איז דער טאטע אויך געווען א יונגער־מאן מיט שכל?

### לעבענס רעגעלען

בעטראכט גוט איידער דו לאזט עפעס ארויס פון מויל. בעטראכט אלע דיינע טאטען און רעכען אוים דיין יעדען שריט, עמפפאנג דיין שיקזאל ווי דו האסט פארדיענט, און האב קיין טענות אויף דער וועלט. אורטייל יעדען מענשען פון דער גערעכטער זייט. פרעה זיך מיט דיין חלק אויף דער וועלט, זיי צופריעדען מיט דער ביסעל וואס דו האסט, און האב ניט פיינד דעם וואס מוסרט דיך.

(פון פרקי אבות).

### איבער גליקליך

משה — דו לעבסט עפעס גליקליך מיט דיין פרוי?

שמחה — וואס הייסט גליקליך? איבער גליקליך!

משה — וואס הייסט איבער גליקליך?

שמחה — אויב איך וועל זי איבערלעבען, וועל איך זיין איבער גליקליך.

### וואס איז דער אונטערשיעד?

ביי איינעם וואס איז געזעסען אין דזשייל האט א משארטי ליידי איינמאל געפרעגט, פאר וואס פאר א פארברעכען ער זיצט.

— פאר אנטלויפען מיט א פאאר שיף וואס האבען בעלאנגט צו אן אשת איש, — האט ער געענטפערט.

— איך פערשטעה נישט, — האט די ליידי געפרעגט, — וואס איז דער אונטערשיעד אויב די שיף האבען באלאנגט צו א מיידעל אדער צו אן אשת איש? דער פארברעכען איז דאך דערזעלבער.

— עס איז שוין יא א גרויסער אונטערשיעד, — האט דער פריזאנער געענטפערט. — די אשת איש איז געווען אין די שיף.

## יעקב שיפס אפיעל פארן גאולה פאנד.

יעקב שיף האט ארויסגעלאזען אן אויפרוף צו די אמעריקאנער אידען צו דער געלעגענהייט פון דעם 10 מיליאן דאלער גאולה פאנד, וואס די ציוניסטישע ארגאניזאציע אין אמעריקע זאמעלט איצט פאר דער אויסבויאונג פון דער נאציאנאלער אידישער היים אין ארץ ישראל. אין דעם אויפרוף בעט ער די אמעריקאנער אידען זיי זאלען זיך פאראייניגען פאר דער אויפבויאונג פון ארץ ישראל.

## פאלעסטינא מוז האבען פיעל וועלדער.

אין ענגלישען זשורנאל „דער נאהענטער מזרח" איז פון איינעם וואס קען גוט פאלעסטינא, געדרוקט פאלגענדען ארטיקעל, צווישען אנדערעס שרייבט ער:

„אבשלום איז הענגען געבליבען צווישען די בוימער ווען ער הא גערייטען אויף זיין פערד, היינטיגע צייטען אבער קען איינער גאלאפירען פון דן ביז באר שבע און ער וועט ניט נויטיג האבען אנצובויגען דעם קאפ אים ני צו פארטשעפען זיך.

„וואס פאלעסטינא האט איצט נויטיגער פון אלעס איז א שטארקע בעוועלדערונג. יאהרהונדערטע לאנג, וואס פאלעסטינא ליידעט זעהר שטארק איבער דער ארימקייט אין בוימער".

„די בוימער זיינען נאטירליך אויך נויטיג פאר פיעלע אנדערע צוועקען, ווי פאר הייצונג, געביידען, מעבעל, א. ד. ג. אום פאלעסטינא זאל קענען ווערען א ציוויליזירט לאנד איז עס נויטיג צו באזארגען מיט פיעל וועלדער."

ווי אונזערע לעזער ווייסען שוין זאמלען איצט די אמעריקאנער ציוניסטען 10 מיליאן דאלאר פאר פארשיעדענע פאלעסטינא צוועקען.

א נאך היבשער טייל פון אט דער סומע וועט פארוועגדעט ווערען אום פאלעסטינא צו בארעקען מיט א נעץ פון וועלדער אין וועלכע דאס לאנד נויטיג זיך אזוי.

## 150 טויזענד גרים ווילען זיך באזעצען אין ארץ ישראל.

מיט דריי דורות צוריק האט א געוויסע דער רוסישער קירכע און אנגענומען דעם צאהל עכטע רוסען זיך אבגעריסען פון אידישען שבת. ביסלעכווייז זיינען זיי אינגאנצען איבערגעגאנגען צום אידישען גלויבען.

די רוסישע קירכע האט זיי גע"רודפ"ט און פיעלע פון זיי זיינען געווען געצוואונגען זיך צו באזעצען אין ווטעיין סיביר.

די צאהל פון אט די מאדערנע „גרים" האט געהאלטען אין איין וואקסען, עס האבען זיך געגרינדעט גאנצע גרים־קהלות ארום דער וואלגא, אין די אוראלער און זאווקאזער בערג, ווי אויך אין סיביר.

ביז 1917 האבען דיעזע גרים זיך עפענטליך אלס אידען ניט ארויסגעגעבען. ערשט אין יאהר 1917 ווען דער בארימטער רוסיש אידישער שריפטשטעלער אנ—סקי האט זייערע קאלאניעס באזוכט און זיי אויפגעפאדערט זייער אידישקייט עפענטליך צו באקאנען, זיינען זיי געווארען פאלקאמע אידען.

ביז צו דער רעוואלוציע האבען די גרים געמוזט באהאלטענערהייט פראקטיצירען זייער אידישקייט, איצט אבער טאן זיי דאס עפענטליך. זיי זיינען איצט זעהר איבערגעגעבענע אידען— נאר וואס זיי דאווענען אין רוסיש, ווייל זיי קענען ניט העברעאיש.

איצט רייסען זיי זיך נאך פאלעסטינא אזוי גיך ווי די טויערען פון ארץ ישראל וועלען געעפענט ווערען—וועלען זיי זיין צווישען די ערשטע וואס וועלען אהין איינוואנדערען.

ווי מיר זעהען האט מען זיך וואס צו זארגען, אפשר וועלען אויספעהלען לייטע וואס וועלען זיך באזעצען אין פאלעסטינא שוין באלד אום די מדבריות אין פרוכטבארע לענדערייען צו פארוואנדלען.

וואס עס איז נויטיג, איז, אז ארץ ישראל זאל זיין פארבערייטעט צו קענען אויפנעהמען אזוי פיעל אידען ווי נור מעגליך.

The only Jewish Paper Printed in Michigan

# דער וועג

די איינציגע אידישע צייטונג געדרוקט אין מישיגאן סטייט

The Detroit Jewish Daily

Published Daily by DER WEG PUBLISHING CO.

347-49 HASTINGS STREET
Telephone Main 3715

Published and distributed under permit No. 7?? authorized by the Act of October 6, 1917, on file at the Post Office of Detroit Michigan. By order of the President, A. S. Burleson, Postmaster General.

PRICE 2c. | DETROIT, MICH., Sunday, January 25th, 1920 Vol. 1, No 196 | זונטאג יאנ. 25, 1920

## פוילישער יוסטיץ-מיניסטער ענטזאגט אידישען ריכטער'ס רעזיגנאציע

### לאדזער ריכטער קאהען רעזיגנירט צוליעב ארגאניזירטען אנטיסעמיטיזם פון אנדערע ריכטער.

(ספעציעל צום "וועג".)

לאנדאן, יאנ. 24. דער אנטיסעמיטיזם אין פוילען האט זיך אויף קיין פאל פארקלענערט. די שנאה האט ארומגענומען אלע שיכטען פון דעם פוילישען פאלק, אפילו די יוסטיץ־באאמטע וואס דארפען לויט זייער סאציאלען מצב, זיין פריי פון אירגענד וועלכע פאראורטיילען.

אם למשל, איז אין לאדז פון די ריכטער ארגאניזירט געווארען א קאמפיין געגען דעם אידישען ריכטער קאהען, זיי האבען איהם בוכשטעבליך פארפאלגט מיט פאשיירענע בלבולים. די אפענע אנטיסעמיטישע שפיצלאך פון זיינע "חברים" האבען דעם אידישען ריכטער געצוואונגען אריינצושיקען זיין רעזיגנאציע צום יוסטיץ־מיניסטער.

דער יוסטיץ מיניסטער האט ריכטער קאהנ'ס רעזיגנאציע דערווייל ניט אנגענומען. ער האט אוועקגעשיקט אין לאדז א ספעציעלע קאמיסיע אויספארשען די אנטיסעמיטישע באוועגונג צווישען די דארטיגע ריכטער געגען קאהן.

## „פלו" קראנקע אין דעטראיט 1523

### 760 נייע קראנקע באריכטעט פאר די לעצטע 24 שטונדען.

דער געזונט דעפארטמענט האט נעכטען באקאנט געמאכט, אז פרייטאג זיינען איהם געמעלדעט געווארען וועגען 760 נייע „פליו" קייסעס. אריינרעכענדיג די דאזיגע, וואס זיינען געמעלדעט געווארען זינט לעצטען זונטאג, ווערט די צאהל אינפלוענציא קראנקען פעלע אין דעטראיט דערגרייכען 1523.

דר. העגרי פ. וואגהען, געזונט־קאמישאנער האט אנאנסירט, אז דער פארד האספיטאל וועלכער האט איצט פלאץ פאר 300 פאציענטען וועט אפגעגעבען ווערען צו דער באארד אוו העלטה; דאס איבערגעהן פון דעם פארד האספיטאל אין די הענד פון דער באארד אוו העלטה, וועט אבשאפען די ענגשאפט אין די אנדערע האספיטעלער.

אין אלע האספיטעלער געפינען זיך איצט 200 פאציענטען, וועלכע ליידען פון אינפלוענציא און ניומאניא. די דאקטוירים זיינען איצט דורכ אויס פארנומען מיט די פלו־קראנקע; זיי טהוען קיינע אנדערע ארבייט — זיי לייגען אב אפילו אפעראציעס.

### 170 ניומאניע קראנקע

דער געזונט דעפארטמענט גיט איבער, אז פרייטאג זיינען געמעלדעט געווארען 32 ניומאניע „קייסעס", און פאר דער גאנצער וואך זיינען געמעלדעט געווארען 170. דאנערשטאג און פרייטאג זיינען 2 מענשען געשטארבען פון אינפלוענציא און 14 פון ניומאניא. דורך דער גאנצער וואך זענען אין באארד אוו העלטה געמעלדעט געווארען 5 טויטענפעלע פון אינפלוענציא און 30 פון ניומאניא.

לויט די באריכטען, וואס זענען ערהאלטען געווארען פון פארשיעדענע פעקטארים צייגט זיך ארויס, אז אונגעפעהר 200 ארבייטער ליידען שוין פון דער עפידעמישער קראנקהייט. אין דער פארד פעקטארי אליין, ווערט באריכטעט, אז 170 ארבייטער זענען ניט געקומען צו דער ארבייט, ליידענדיג פון פארקיהלעגרע קראנקייטען.

די מישיגאן סטייט טעלעפאן קאמפאני האט אויך געמעלדעט וועגען 29 אינפלוענציא קראנקע צווישען איהרע ארבייטער אלע מיט דער אויסנאהמע פון איינע, זענען ניט קיין ערנסטע.

### קיין „פליו" עפידעמיע אין די פאבליק שולען

פון די היגע פובליק שולען זענען דערווייל קיינע „פלו" צופאלען ניט געמעלדען געווארען. שריטע ווערען גענומען פון די „באארד אוו העלטה" באאמטע צו פארזיטען די סקול קינדער פון דער פלו עפידעמיע.

דראגיסטען ווערען אויפגעפאדערט פון די דאקטוירים צו מאכען וואס שנעלער די מעדיצינען פאר קראנקע, וואס ליידען פון אינפלוענציא אדער ניומאניא. די דאקטוירים זענען געווען געצוואונגען צו בעטען די דראגיסטען צו שענקען צו וואס מער אויפמערקזאמקייט צו די מעדיצינען פאר די פליו קראנקע.

### גיט'א זיך וואס צו שרעקען, זאגט סטייט העלטה קאמישיאנער

לענסינג, מיש. יאנ. 23. — מר. ריטשארד דאלין, סטייט העלטה קאמישיאנער, ריידענדיג וועגען דער אינפלוענציא עפידעמיע, האט ערקלעהרט אז די עפידעמיע האט נאך ניט דערגרייכט אזא שטארקע, אז מען זאל ווערען אונרוהיג.

„אלעס מעגליכעס וועט געטאן ווערען) — האט דער קאמישיאנער געזאגט — צו פארהיטען אז די קראנקהייט זאל זיך ניט פארשפרייטען. א באפעהל איז ארויסגעגעבען געווארען, אז לוויות פון אינפלוענציא קרבנות זאל געהאלטען ווערען פריוואט און די, וועלכע וועלען ניט פאלגען וועלען פארלירען זייערע לייסענס.

דאקטוירים מוזען באריכטען יעדע אינפלוענציא קייס צו די העלטה באארדס פון זייערע שטעדט

## דעטראיט אין געפאהר פון א קויהלען הונגער

די דירעקטארען פון דער דעטראיט קויהלען עקסטשענדזש האט נעכטען בעקאנט געמאכט די אונאנגענעהמע נייעס, אז די שטאט דעטראיט האט קויהלען בלויז פאר צעהן טעג מעהר. און אויב דורך דיזער צייט וועלען ניט אריינקומען מעהר קויהלען איז די שטאט אין געפאהר פון א קויהלען הונגער — ניט נאר די פעקטאריס, נאר זאגאר פריוואטע הייזער וועלען ניט האבען גענוג קויהלען.

די דירעקטארען פון דעם דערמאהנטען „עקסטשענדזש" באשולדיגען די ריילראוד אדמיניסטריישאן אין אונגלייכע פארטהיילונג פון די קויהלען: זיי בעהויפטען, אז די קארס מיט קויהלען וועלכע זיינען געווען באשטימט פאר דעטראיט, זיינען געשיקט געווארען קיין סינסינעטי און טאלידא. און די קאנטראקטען, וואס דער עקסטשענדזש האט געמאכט מיט די מאין קאמפאניעס, האט זיך ארויסגעוויזען צו זיין א ווערטלאזע שטיקעל פאפיער.

לויט די דירעקטארען פון דער דעטראיטער קויהלען בירזשע ערקלעהרען, ווייסען די ריילראוד בעאמטע ניט צו ווען בעלאנגט די קויהלען וועלכע זי פיהרט. אויף דער אילינאיז סענטראל, זאגען זיי, געפינען זיך 3200 קארס מיט קויהלען, וועלכע ווערען פארערעבענט אלס פארלארען און די אדמיניסטריישאן נעהמט זיך ניט די מיהע אויסצוגעפינען צו וועמען די קויהלען געהערען. צווישען די דערמאנטע 3200 קארס, בעהויפטען די דירעקטארען, געפינען זיך הונדערטע קארס אפר דעטראיט.

אין דערזעלבער צייט האבען די היגע קויהלען דיעלערס נעקראגען צו וויסען, אז 700 קארס קויהלען, וועלכע בעלאנגען צו זיי געפינען זיך אין טאלידא, און אין דעטראיט געפינען זיך איצט 800 קארס. צוזאמען 1500 קארס, וועלכע די ריילראוד בעאמטע ווייסען פאר זיכער אז דאס בעלאנגט צו דעטראיטער דיעלערס.

## פאטער און זוהן שטארבען טרינקענדיג אייגענע געמאכטע ביער

מאסקיגאן, מיש. יאנ. 23. — די אייגענער פון דיזער שטעדטעל קענען נאך צו זיך ניט קומען פון דער שרעקליכער טראגעדיע וואס איז פארגעקומען אין דער קליינער גילבערט פאמיליע, וואו דער פאטער אויגל 39 יאהר אלט און זיין 15 יאהריגער זוהן, עלמער זיינען נעכטען אין דער פריה געפונען געווארען טויט אין זייער שלאף־צימער.

דער פאטער און זוהן זיינען שוין געווען טויט נאך לעצטען זונטאג. נאר קיינער האט פון דער טראגעדיע ניט געוואוסט. לעצטען דאנערשטאג אין דער פריה, איז דער אלטער דזשעקסאן גילבערט דער פאטער פון עלמור געקומען פון ראווינא באזוכען זיין זוהן. אריינקומענדיג אין חויז האט דער אלטער קיינעם ניט געפונען. ער איז צוגעגאנגען צו דער בעדרום און עפענענדיג די טהיר האט דער אלטער דערזעהן פאר זיך א שרעקליכען בילד. זיין זוהן און איניקעל זיינען ביידע געווען טויט אין בעט.

לויט די פאליצייא ערקלעהרט זיינען די גילבערטס קרבנות פון די זעלבסגעמאכטע אייגענע געמאכטע ביער. לעצטען זונטאג, האבען פאטער און זוהן, פאר'ן געהן שלאפען געגעסען א לייכטען מאלצייט און פארטרונקען מיט א פאר באטעלס ביער, וועלכע זיי האבען אליין געמאכט, און די ביער זאגט די פאליציי האט ענטהאלטען גיפטיגע שטאפען.

## קענעדער ארבייטער פלאנעווען א גענעראל סטרייק אלס פראטעסט געגען פאראורטיילונג פון ארבייטער פירער.

וויניפעג, יאנ. 22. — די היגע ארבייטער האבען לעצטען שבת אבגעהאלטען א געהיימען מיטינג אויף וועלכען עס איז באשלאסען געווארען ארויסצורופען א גענעראל סטרייק אין גאנץ קענעדע אלס פראטעסט געגען דער פאראורטיילונג פון ר. ב. ראססעל, דער ארבייטער פיהרער, וועלכער איז געווען איינער פון די הויפט פיהרער פון דעם גענעראל סטרייק פון לעצטען מאי. ראסעל איז פאר'משפט געווארען צו צוויי יאהר פריזאן. דער מאניטאבא קאורט אוו אפיעלס האט באשטעטיגט דעם אורטהייל פון ניעדריגען קאורט.

ווען דער גענעראל סטרייק וועט ארויסגערופען ווערען איז נאך ניט באשטימט. די היגע ארבייטער פיהרער וועלען זיך פריהער בעראטהען מיט די ארבייטער פיהרער פון ענגלאנד אידער זיי וועלען ארויסרופען דעם גענעראל סטרייק.

## בולגארישע סטרייקער פאר'משפט צום טויט.

סאלאניקי, יאנ. 24. קריגסצושטאנד איז ערקלעהרט געווארען אין פיעל בולגארישע שטעדט צוליעב די לעצטע אומרוהען. איינינע אייזענבאהן סטרייקער זענען פון ד קריגס־געריכטען פאר'משפט געווארען צום טויט. זיי זענען באשולדיגט געווארען אין אויפרייסען אייזענבאהן בריקען.

אין בורגיסער אומרוהען זענען געפאלען צוויי קרבנות א סאלדאט און א קארטוניסט.

## 82 מיליאן דאלער א יאהר פארלאנגען שטאט דעפארטמענטס

82 מיליאן דאלאר — דאס איז די קלינע סומע וואס דארף קאסטען צו פארוואלטען אונזער שטאט פאר דעם קומענדען יאהר. אזוי ערקלעהרט קאנטראלער, הענרי סטעפענס, וועלכער האט אויף זיך דיא אויפגאבע אויסצורעכענען אלע שטאטישע אויסגאבען. אין דעם בודזשעט ערקלעהרט מר. סטעפענס ווערט שוין אריינגערעכענט די 17,600 דאלאר וואס עס קאסט אויסצוהאלטען" דעם מעיאר מיט זיינע פריוואטע סעקרעטערס; די סיוויל סירוויס קאמישאן $34,400; דיא סטריט ריילווע קאמישאן 25,000 דאלאר און $23,414 אויסצוהאלטען וואסער לייטע אויף דעם בעלל אייל ברידזש.

## ענגלישער טשיעף און פאליס דערשאסען אין אירלאנד

דאבלין, אירלאנד, יאנ. 22. — אסיסטענט פאליס קאמישיאנער רעדמאנד איז נעכטען ביינאכט דערשאסען געווארען פון אן אונבאקאנטען מאן געהענדיג שפאצירען אויף הארקורט סטריט, איינע פון די הויפט גאסען פון דאבלין. דער שיסער איז פארשוואונדען געווארען.

דער דערשאסענער פאליס קאמישיאנער איז געקומען אהער פון בעלפאסט צו העלפען די היגע פאליס דעטעקטיוו צו אונטערדריקען די „שין פעינערס" דעמאנסטראציעס.

אין בעלפאסט, ווערט באריכטעט, איז רעדמאנד געווען אן „ערפאלגרייכער" קאנסטעבולערי אפיסער.

## באלשעוויקעס שלאגען פאר שלום אוקראינע

### יאפאן און טשעכען פארלאזען אירקוטסק.

לאנדאן, יאנ. 24. ווי די לעמבערגער צייטונגען גיבען איבער, האבען די באלשעוויקעס פארגעשלאגען די אוקראינער שלום.

די באדינגונגען זיינען פאלגענדע:

1) די אנערקענונג פון דער אוקראינער פאלקס־רעפובליק;

2) די פאלשטענדיגע נייטראליטעט פון אוקראינע צום ציווילען רוסישען קריעג

3) דאס ארויסציהען פון דער סאוועטען ארמיי פון דער אוקראינישער טעריטאריע.

4) די אנערקענונג פון דער רעפובליקאנער רעגירונג, פון וועלכער ס. זעפא איז פרעמיער.

5) די אנערקענונג מצד דער אוקראינער רעגירונג פון דער דארטיגער באלשעוויסטישער פארטיי אויסער ווען זי וועט מאכען א פארזוך דורך גוואלד־מיטלען שטירצען די רעגירונג.

6) פרייע קאמערציעלע פארהעלטניסע.

די היגע "דיילי מעיל" מעלדעט דאס די יאפאנעזישע ארמיי האט פארלאזט אירקוטסק. די טשעכען הויבען אויך אן צו עוואקואירען דעם אירקוטסקער געגענד.

## וועט דייטשלאנד אריינגענומען ווערען אין דער „ליג".

לאנדאן, יאנ. 24. — אין היגע אפיציעלע קרייזען שמועסט מען גאנץ שטארק, אז ענגלאנד איז צו גונסטען אריינצונעהמען דייטשלאנד אין דער נאציאנען ליגע, און אויב די אנדערע מעכטע, ווי פראנקרייך און איטאליען זאלען ניט זיין דאגעגען, איז גאנץ מעגליך, אז דייטשלאנד וועט אינגיכען אריין אין דער ליגע.

דער סעקרעטאר פון דער „ליגע" ערקלעהרט אבער אז דער ליידיגער פלאץ אין דער ליגע ווערט געהאלטען פאר ירייטער סטייט, אבער ער איז מיט דער מיינונג, אז פרעמיער ווענעזעלאס פון גריכענלאנד וועט פארנעהמען מר. ווילסאנ'ס פלאץ, אלס דער „לייטענדער גייסט" פון דעם ליגע.

## סעדישאן בילס היציג דעבאטירט אין קאנגרעס

וואשינגטאן, יאנ. 24. דער סטערלינג און גרעהעם בילס זענען נעכטען גאנץ היים דעבאטירט געווארען אין קאנגרעס. ער איז אטאקירט געווארען פון מיטגליעדער פון ביידע פארטייען.

אלפרעד בעקמאן, פון סינסינעטי, געוועזענער אסיסטענט אטוירני דזשענעראל און אונטער וועמעס אויפזיכט די סעדישאן קייסעס זענען אנגעפיהרט געווארען, איז שארף ארויסגעטראטען געגען די רעאקציאנערע געזעץ פארשלאגער.

ער האט געזאגט, דאס די געזעצע וועלען, אויב מ"וועט זיי אננעמען, זיין א גרעסערע "מכה" פאר'ן אמעריקאנעם פאלק, ווי די קאמוניסטישע באוועגונג, פון וועלכע זיי ווילען פארהיטען. אלע פארברעכענס קענען, לויט זיין מיינונג, באשטראפט ווערען דורך די איצט עקזיסטירענדע געזעצען. די געפאהר וואס דראהעט אונז פון די ראדיקאלען — זאגט בעקמאן — טאר אונז ניט צווינגען אוועקצורויבען פון דעם פאלק זיין ראדיציאנעלע פרייהייט. אונטערדריקונג רופט תמיד ארויס א רעוואלוציע. אין די לענדער וואו די מאסען זיינען אמטעהרסטען פארפאלגט געווארען, האט די רעוואלוציע אמגרעסטען געזיעגט".

### קאנגרעסמאן שיקט גאמפערסען צום... טייוועל

דער קאנגרעסמאן בלענטאן, פון טעקסעס, האט גערעדט צום גונסטען פון ביידע „סעדישאן בילס". ער האט געזאגט, דאס כמעט דער גאנצער קאנגרעס איז געווען איינפערשטאנען מיט די פארשלעגע, ביז ס"איז געקומען ס. גאמפערס און האט פראטעסטירט אינ'ם נאמען פון די ארבייטער געגען זיי.

"דאן, האט ער געזאגט, זאל יעדער מיטגליעדער פונ'ם קאנגרעס שטימען, ווי ער פארשטעהט און וואס אנבעלאנגט גאמפערס"ען זאל ער געהן צום... טייוועל".

מר. פאלמער איז נאך אלץ ניט ערשיינען פערזענליך פאר דער קאנגרעס־קאמיטע צו ערקלעהרען, ווארום ער האט חרטה געקראגען און איז איצט געגען די "סעדישאן בילס". ער ווערט באשולדיגט אין קריעגען "קאלטע פיס".

## אידען גלויבט פון ענגלישע און אמעריקאנער "גדולים".

(ספעציעל צום "וועג".)

לאנדאן, יאנ. 24. נעכטען איז געווארען 50 יאהר זינט די אידישע היסטארישע געזעלשאפט האט זיך געגרינדעט אין לאנדאן. לכבוד דיזער ערייגניס, איז פאראנשטאלט געווארען א באנקעט, אויף וועלכען ס"זענען איינגעלאדען געווארען פיעל פון די הויכע דיפלאמאטישע ספערען.

דער לארד קאנסעלאר ביקערהעד און דער אמעריקאנישער אמבאסאדאר מר. דייוויס האבען געהאלטען רעדעס, וואו זיי האבען געלויבט די אידישע נאציע לארד רעדינג, דער באוואוסטער אידישער דיפלאמאט, האט זיך אפגעשטעלט אויפ"ן אידישען שטארקען פאטריאטיזם צו ענגלאנד און אויף די גרויסע קרבנות, וואס זייהאבען געבראכט אויפ"ן שלאכטפעלד.

## ווילען בעסער ארומגעהן ליידיג, אידער אפראמען דעם שנעע פאר 60 סענט א שטונדע.

לעבען אן עמפלאימענט אפיס אין דאונטאון זענען געשטאנען איבער דריי הונדערט ארבייטסלאזע און געווארט אויף א מעגליכקייט צו קריגען עפעס צו פארדינען.

דזשייק נייט אויפזעהער פון "סטריט קלינינג דעפארטמענט" איז געקומען און האט זיי אלעמען פארגעשלאגען א צייטווייליגע שטעלע—צו ראמען שניי. זיי האבען באלד איינגעוויליגט, אבער הערענדיג, דאס מ'וויל זיי ניט געבען מעהר ווי 60 סענט א שונדע, האבען זיי אלע ווי איינער ענטזאגט זיך פון דעם פארשלאג. זייער פארלאנג איז געווען 70 סענט א שטונדע.

מר. נייט האט זייער פארלאנג ניט געוואלט, אדער ניט געקאנט נאכקומען. אזוי זענען די דריי הונדערט דערווייל געבליבען ארבייטסלאז.

## שלעזינגער זאגט צו 100 טויזענד מארק ווארשעווער שניידער יוניאנס

### שלוחים פון דזשאינט דיסטריבושאן קאמיטע פאהרען אפ קיין פוילען.

(ספעציעל צום "וועג".)

פאריז, יאנ. 24. מר. ב. שלעזינגער איז די טעג אנגעקומען קיין ווארשע, די אידישע פראפעסיאנעלע פאראיינען (יוניאנס) האבען דעם פארשטעהער פון דער מעכטיגער אמעריקאנער קלאוק־מאכער יוניאן געמאכט א שעהנעם "קבלת־פנים".

מר. שלעזינגע האט צוגעזאגט די אידישע ווארשעווער יוניאנס 100 טויזענד מארק אינ"ם נאמען פון זיין ארגאניזאציע. די רעלענאציע פון דער דזשאינט דיסטריבושאן קאמיטע איז אהער אנגעקומען. די צווייטע וואך פאהרט זי אפ קיין פוילען צו פארנעהמען זיך מיט דעם צוטיילען הילף צו די דארטיגע אידישע נויטבאדערפטיגע.

## דזשורי קאנדידאטען פאר ניובערי טריעל אויסגעקליבען

גרענד רעפידס, יאנואר 24. — דזשאדזש ס. וו. סעשאנס פון יונייטעד סטייטס דיסטריקט קאורט האט נעכטען באקאנט געמאכט אז ער האט שוין פארטיג די ליסטע פון די 135 קאנדידאטען פון וועלכע עס וועט אויסגעקליבען ווערען א דזשורי צו משפט'ן יונייטעד סטייטס סענאטאר הענרי ס. ניובעררי, וועלכער ווערט באשולדיגט אין אויסגעבען צוא פיעל געלד פאר זיין עלעקשאן.

די אויסקלייבונג פון דער דזשורי וועט זיך אנפאנגען קומענדען דינסטאג אין דער פריה. עס ווערט ערווארטעט, אז די קאורט רום וועט זיין געפאקט מיט נייגעריגע און פריינדע פון דעם באשולדיגטען סענאטאר. אבער די ערשטע פאר טעג וועלען די נייגעריגע מוזען בלייבען אויסער דער קאורט הויז, ווארים עס וועט מוזען געמאכט ווערען פלאץ פאר די דזשורי קאנדידאטען, רעגירונגס בעאמטע און קארעספאנדענטען פון אלע וויכטיגע צייטונגען פון לאנד.

## דייטשלאנד וועט ניט ארויספאדערן עקס-קייזער

### מערהסטע פאריזער צייטונגען צופרידען מיט האלאנד"ס ענטפער.

בערלין, יאנ. 24. די "בורזשען גאזעטע" מעלדעט, דאס די דייטשע רעגירונג האט באשלאסען ניט צו פאדערען פון האלאנד די אויסליפערונג פון עקס־קייזער, ווייל דייטשלאנד האט זיך ניט פארפליכטעט דאס צו טאן.

די "אלגעמיינע צייטונג" זאגט, דאס קיינע נאטעס פון די "עלייעס" זענען צו־געשיקט געווארען צו דער עבערט־רעגירונג, זי זאל בעטען האלאנד איהר ארויסגעבען דייטשלאנד"ס לעצטען הערשער.

פאריז, יאנ. 24. אלע צייטונגען באהאנדלען היינט עדיטאריעל ד נאטע פון האלאנד צו די "עלייעס", אין וועלכער זי ענטזאגט זיך נאכצוקומען זייער פארלאנג בנוגע דאס אויסליפערען פון עקס־קייזער.

די רעשינאליסטישע צייטונגען זענען אויפגעבראכט אויף האלאנד, אבער די גרעסטע צאהל צייטונגען זענען זעהר צופריעדען מיט איהר באשלוס.

גוסטאוו הערוועע, דער אמאליגער אנטי־מיליטאריסט און לעצטענס שטארקער "פאטריאט" שרייבט אין זיין צייטונג "לא וויקטואר" פאלגענדעס:

ס"איז פיעל בעסער פאר דער וועלט, אז ווילהעלם זאל בלייבען דארט, וואו ער איז איצט, וואלט מען ערלויבט נאפאלעאנען שטארבען אין אמעריקא פון א ראק, וואלט, אפשר, די נאפאלעאן לעגענדע ניט אזוי ווייט פארשפרייט זיך."

## מוזען לערנען 200 שטונדען א יאהר — לויט דער אמעריקאניזירונגס פראגראם.

וואשינגטאן, יאנ. 24. דער נייער אמעריקאניזירונג ביל, פארגעשלאגען פון קאנגרעסמאן קענאן, וועט נויטען אלע אמעריקאנער איינוואוינער — בירגער, אדער פרעמדע — צווישען 16 און 21 יאהר, וועלכע קענען ניט לעזען און שרייבען, צו באזוכען ספעציעלע שולען, 200 שטונדען א יאהר.

לכתחילה, איז פארגעשלאגען געווארען פאר פרעמדע א שטרענגערער געזעץ, אבער, כדי אויסצומיידען אירגענד וועלכע רייבונגען מיט פרעמדע מלוכות, האט מען געמאכט איין פארשלאג פאר אינגע ווי פאר פרעמדע.

## פעדעראלע פרייזען-קאמיטע באשטימט פאר דעטראיט.

נעכטען איז פארעפענטליכט געווארען דער פערסאנאל פון דער פרייזען־קאמיטע, וואס די פעדעראלע רעגירונג, דורך מר. פאלמער"ן, האט באשטימט פאר דעטראיט.

די קאמיטע וועט האבען איהר ערשטע זיצונג אין איינינע טעג ארום. זי וועט קענען באשטימען פרייזען פאר עסענווארג, קליידער קוילען, רענט און ד. ג. זי וועט אויך אויספארשען אלע קלאגען, וואס וועלען געמאכט ווערען קעגען פראפיטירונגען. די שולדיגע וועלען דאן פארקלאגט ווערען פון דיסטריקט אטוירני אין קרימינעלען געריכט.

# ענִיים ואביונים
## אדער גליקליכע און אומגליקליכע

ראמאן — פון מרדכי ספעקטאר

(פארטזעצונג)

— אוי גאט, ווי שלעכטע יאהרען על־טערען א מענשען און איך האב אייך גע־רעכענט פאר אייניגע יאהרען וואס איך — מיר געהט שוין דאס 55טען יאהר.

— האט איהר דא איבערגעלאזט על־טערען ווען איהר זענט אוועקגעפאהרען? האט ברייגע ווייטער געפרעגט.

— יא, נאר ווער ווייסט צו זיי לעבען נאך, איך האב זיי איבערגעלאזט אויף אין א סך צרות.

לאה האט ווייטער געוואלט עפעס רע־דען, נאר זי האט זיך באלד צוריקגע־האפט.

— איך בין ניט געקומען צו מיינע עלטערען, ליעבע ברייגע, אויב זיי לע־בען נאך, האלטען זיי מיך שוין געווים פון לאנג פאר געשטארבען.

— נאר איך פארשטעה ניט, ווי אזוי באהאלט מען זיך אזוי פאר פריינד, בא־קאנטע און פאר אייגענע עלטערען?

— פרעגט מיך איצטער נאר ניט, ליעבע ברייגע, איך בין צופיעל אומגליק־ליך איך זאל אייך קענען אזוי גיך זיצענ־דיג אויף דעם וואגען פון אלעם דערצעה־לען, איך בעט אייך קיינעם דא ניט דער־מאנען אז איך בין א הינע, צואיך קען דא אימעצען, שפעטער וועל איך אייך פון אלעם דערצעהלען.

דאס זענען געווען זייערע לעצטע רייד ווען זיי זיינען אריינגעקומען אין הויף פון דער קלויז; די אביונטע לאה האט גענאט פון איהר לעבען א סך צו דער־צעהלען, דארום האט זי אבגעלעגט אויף א צווייטען מאל — יא, איהר לעבענס־געשיכטע איז אזוי אינטערעסאנט ווי ביי אלע עמיגראציאנע אביונים.

נאך דעם וואס לאה האט זיך אביסעל איהרע צובראכענע ביינער אבגערוהט פון וועג, האט זי איהר קלומיקעל איבערגע־געבען ברייגען. און איז ארויסגעגאנגען פון הויף, אבער ניט לאנג איז זי ווייטער געגאנגען, זי האט זיך באלד אבגעשטעלט און אנגעהויבען צו זיך אליין רעדען:

— ענדליך נאך אזוי פיעל צרות און לייד, האט מיך גאט געבראכט אין דער שטאדט וואו מיין לעצטע האפנונג איז געבליבען; נאר וואו זאל איך פריהער געהן? אויף דער טויטער גאס? ניין, איך וויל זיך פריהער זעהען מיט ר' זלמינען. ער וועט מיר אבגעבען מיין טאכטער, ער וועט מיר ווייזען מיין טאכטער, ער וועט מיך ברענגען צו זיין אייניקעל שיינדעלען, וואס לאט זיך אזוי פיעל גע־אפפערט פאר דעם אומגליקליכען קינד. איך וועל געהן פריהער צו דער קלויז, וואו ר' זלמן דאווענט שטענדיג, איך וועל דארט אויפווארטען ביז ער וועט ארויס־געהן, איך וועל איהם באלד דערקענען, ער אבער מיך ניט; און ווי איז דאס מעג־ליך? ער קען מיך פאר א יונג שעהן מיי־דעל, ריין, שעהן אנגעטאן מיט א לויטער פנים, און איצט וועט ער פאר זיך זעהן איין ארימע אלטע אידענע, שווארץ פון צרות, אבגעברענט פון דער זון, איינגע־טריקענט פון טרוקען אויסגעבעטען ברויט צעריסענע קליידער, אלערליי אלטע שמא טעס! א, ער וועט זיך גאר ניט גלויבען אז איך בין די לאה וואס איך האב איהם אומזיסט אזוי פיעל יסורים אנגעטאן און אפילו דאנקבאר ניט געווען, איך וועל איהם הונדערט מאל איבערבעטען: ער וועט מיר פארצייהען, ער איז א גוטער, ער וועט מיר אבגעבען מיין טאכטער, ער וועט איהר דערצעהלען אז איך בין איהר מוטער!

און לאה איז צוגעגאנגען צו דער טיר פון קלויז און האט געווארט טאמער וועט ארויסגעהן ר' זלמינע; אלערליי אידען און יונגע לייט זענען מיט זייערע תפילים זעק אונטערן ארעם ארויסגעגאנגען פון קלויז, נאר ר' זלמינען האט זי ניט גע־זעהן; א טייל וואס האבען געזעהן שטעהן א ארימע אידענע האבען איהר געגעבען א נדבה און לאה האט מיט אראבגעלאז־טע אויגען צוגענומען, ווארום זי איז שוין לאנג דערצו געוואהנט געווארען, ובפרט אז ביי איהר אין קעשענע האט זי נישט געהאט.

זי האט שוין מעהר קיין געדולד ניט געהאט צו ווארטען און איז צוגעגאנגען צו א איינגעל וואס איז נאר וואס ארויס־געגאנגען פון קלויז און האט איהם גע־פרעגט צו ר' זלמן דאווענט נאך.

— איך קען ניט קיין שום ר' זלמינע, האט דאס איינגעל געענטפערט אויף אלע איהרע פראגען, פרעגט דעם שמש טא־מער ווייסט ער. און מיט די רייד איז ער ווייטער אריינגעלאפען און האט ארויס־געשיקט דעם שמש, האטש זי האט איהם ניט געבעטען.

דער שמש האט דערזעהן און ארימע אידענע האט ער געמאכט א קרום פנים.

— וואס פאר א ר' זלמן דארפט איהר?

— דעם אלטען ר' זלמינע וואס וואהנט אויף דער טויטער גאס, ווער קען איהם דען ניט?

— חא, חא, האט זיך דער שמש צו־לאכט, זי האט זיך דערמאנט ווען דיא באבע איז א מויד געוועזען. דאכט זיך אלע קבצנים ווייסען אז ר' זלמינע איז שוין לאנג אויף דער אמת'ער וועלט, און איהר האט זיך קוים אויסגעקראצט; א פנים אז איהר קומט פון יענער־וועלט, נו האט איהר איהם דארט נאר ניט בא־געגענט?

מיט די ווערטער איז דער שמש צו־ריק אריין אין קלויז, לאה'ן איז געווא־קען שטארק טונקעל אין די אויגען, זי האט געפיהלט ווי די פיס האקען זיך איהר אונטער.

(פארטזעצונג פאלגט)

# אינטעליגענטע

ראמאן פון — י. ל. מאלאמוט

(פארזעצונג)

איינמאל, ווען זי האט שפאציערט אין שטאדטישען גארטען מיט נאך צוויי מיידלאך, האבען זיי איהם אנגעטראפען ווי ער האט אויך שפאציערט און איז געווען שטארק פערטראכט.

— הערר בעלל! — האט זיך איהר פלוצלונג פערגלוסט איהם אפצושטעלען.

— וואס זענט איהר אזוי פערטראכט?

ער האט זיך אומגעקוקט, האט זיך געגריסט צו די מיידלאך און האט דערנאך געענטפערט:

— איך טראכט אז פילאדעלפיא איז א גאנץ שעהנע שטאדט, נור אביסעל צו בעל הבתיש. עס איז ביי אייך לאנגווייליג. ניטא מיט וועמען א ווארט אויסצורעדען, מיט וועמען צו האפען א שפאציער.

די אנדערע מיידלאך האבען געשוויגען. נור אניוטא, וועלכע איז איבעראשט געווארען פון זיין אפענהערציגקייט האט ווייטער געצויגען מיט איהם דאס געשפרעך.

— פילאדעלפיא איז גאר אזא פערשלאפענע שטאדט, ווי איהר, ניו יארקער דענקט.

בעלל האט ווייטער גערעדט:

— אין ניו יארק, צום ביישפיעל, קענט איהר ניט טרעפען אז דריי מיידלאך זאלען זיך שפאציערען אהן חאטש איין בחור, חאטש איך, נאך מיין מיינונג דענק, אז עס קען ניט זיין שטארק אינטערעסאנט צו שפאציערען מיט איין בחור — האט בעלל זיך צעלאכט.

— פאר וואס עפיס? — האט אניוטא געשמייכעלט און איבערגעפרעגט.

— עס איז ניט אינטערעסאנט פאר די מיידלאך. יעדע איינע פיהלט זיך ווי איבריג און וואלט וויגשען, אללע אנדערע זאלען זיך אוועקגעהן, און אזוי ווי די צוויי מיידלאך האבען זיך געפיהלט ווי איבריג, מחמת אניוטא האט זיי איהם ניט בעקאנט, האבען זיי באלד גע־

זאגט גוטע נאכט און אניוטא האט זיך אפגעשטעלט אין שטאדט גארטען, מיט עם מוזיק לערער.

זיי האבען ביידע שפאציערט. ער בעלל האט גערעדט וועגען מוזיק, וועגען גע־זאנג און ווען אניוטא האט איהם א זאג געגעבען אז זי האט אמאל געהאט א שעה־נע סאפראנא האט ער צוגעלעגט:

— איהר דארפט זיך ניט שעהמען און זאגען — אמאל — איהר האט נאך יעצט אויך א שעהנע שטימע. דאס קען איך דערקענען פון אייער טאן און דער שפראך.

אניוטא האט זיך געפיהלט געשמייכעלט, מחמת זי האט געוואוסט, אז ער, אלס א מוזיק לעהרער איז געווים א מבין אויף א שטימע.

דאס מאל האט בעלל שוין אויף איהר א גאר גוטען איינדרוק געמאכט, און ווען ער האט זי בעגלייט אהיים, האט ער ארויסגענומען א וויזיט קארטעל און עס איהר דערלאנגט.

— קומט אמאל ארויף אין מיין סטודיא, איך וועל אייך הערען זינגען און אייך זאגען באשטימט, אויב איהר האט א גוטע שטימע.

— און אפשר, אויב איך וועל זיך פיהלען גוט, וועל איך פאר אייך עפיס שפיעלען פון מיינע אייגענע קאמפאזיציעס — האט בעלל צוגעלעגט, נאכדעם ווי אניוטא האט אנגענומען זיין פארשלאג און האט איהם פערשפראכען אז מארגען אבענד וועט זי ארויפקומען צו איהם.

זי איז די זעלבע נאכט געווען זעהר צופריעדען פון איהר נאהענטער בעקאנטשאפט און אויף מארגען נאך דער ארבייט האט זי זיך אויסגעפוצט און איז אוועק אין דער מוזיק סטודיא. ער איז געווען באשעפטיגט מיט א לעקציע, האט זיך ענטשולדיגט און זי געבעטען אפווארטען עטליכע מינוט און ווען ער איז פארטיג נעווארען מיט זיין לעקציע, איז ער

— יעצט ווילען מיר הערען וואס איהר קענט! — האט בעלל א זאג געגעבען און האט א פרוב געטאן און האט איהר געהייסען נעהמען טענער.

אניוטא האט געלאכט.

— איך האב דאך אייך ניט געזאגט אז איך האב א שטימע. איהר דארפט ניט פיעל ערווארטען פון מיר, מחמת איהר וועט שטארק ענטוישט ווערען.

— איהר נעמט נור א טאן, ווי איך הייס אייך און האט ניט מורא — האט בעלל געענטפערט.

אניוטא האט זיך געפיהלט זעהר געשמייכעלט, ווען בעלל האט איהר א זאג געגעבען:

(פארזעצונג פאלגט)

## צו אלע אידישע ארגאניזאציעס פון דעטראיט:—

פעברואר צוויי (2) אזייגער ביינאכט, אין אידישען ארבייטער אינסטיטוט 204 הענקאק עוו א.

אויף וועלכער ס'וועט אנוועזענד זיין ב. צוקערמאן דער דושענעראל סעקרעטער פון דער פיפעלס רעליעף, אלע ארגאניזאציעס זיינען אויפגעפאדערט צו שיקען צו צוויי דעלעגאטען צו דיעזער קאנפערענץ וואו ס'וועט אפגעגעבען ווערען א באריכט וועגען פליידער קאמפיין און וועגען דער אלגעמיינער ארבייט פון דער פיפעלס רעליעף.

אויך וועט פארגעלעגט ווערען די אלע נייע פלענער וועלכע די פיפעלס רעליעף האט אויפגענומען. זאל קיין איין ארגאניזאציע ניט פארפעהלען צו שיקען פארטרעטער צו דיעזער קאנפערענץ.

**די דעלעגאטען זענען געבעטען מיט ברענגען מיט זיך קרעדענשעלס.**

מיט אכטונג

**פיפעלס רעליעף קאמיטע**

דעטראיטער בראנטש

נ.ב. האט מען שוין בא אייך צוגענומען דעם פעקעל קליידער וואס איהר האט אנגעגרייט פאר די מלחמה ליידענדע? אויב נאך ניט, דאן ברענגט אייער פעקעל אין אפיס פון דער

**פיפעלס רעליעף, 490 הייסטינגס**

אדער רופט אפ קעדילאק 2061

## קאלאניאל טעאטער

די פראגראם פון דעם קאלאניאל טעאטער נעקסטע וואך וועט זיין איינע פון די בעסטע פון הייניגען סיזאן, דער הויפט אקט איז "געהייראט דורך ווייערלעס". די גרעסטע מעכאנישע פראדאקשאן געשפילט פון לאעווו"ס צירקוס—דורכנעפיהרט פון 8 פערזאן. דיאיבעריגע טייל פון פראגראם בשטעהט פון 5 אנדערע אקטען וועלען זיכער צופריעדענשטעלען דעם גרויסען פובליקום וואס קומט שטענדיג אין דעם פאפולערען טעאטער אויף וואודווארד עוו. אנשטענדיג ערלייד, די פיקטשור פאר דער וואך וועט זיין "די הויז פון טויזענד ליכט". א סענסאציאנעלע מיסטעריעזע פארשטעלונג. צום ערשטען מאל געציינג אין דעטראיט.



## צו זינגען סטן ניגען פון מלך אביון

| | |
|---|---|
| זייט איהר א יורד? — — — — — — — — — — — — | צום רבין |
| איז אייער ווייב אן עקרה — — — — — — — — — — | צום רבין |
| איז א דיבוק אריין אין אייער שווינער — — — — — | צום רבין |
| איז אייער ווייב אן ארורה? — — — — — — — — — | צום רבין |
| איז די פינאקעל קליפע אריין אין אייער מאן? — — | צום רבין |
| זייט איהר מחולה........? — — — — — — — — | צום רבין |

## ער זאל לעבען - וועט אלעסען העלפען

שבת שירה אווענט דעם 31־טען יאנואר 1920 אין אוטאפיא האל

— היי און הייסטינגס —

# אינטעליגענטען

ראמאן פון י. ל. מאלאמוט

(פארזעצונג)

איינמאל, ווען זי האט שפאציערט אין שטאדטישען גארטען מיט נאך צוויי מיידלאך, האבען זי איהם אנגעטראפען ווי ער האט אויך שפאציערט און איז געוועזען שטארק פערטראכט.

— הערר בעלל! — האט זיך איהר פלוצלונג פערגלוסט איהם אפצושטעלען — וואס זענט איהר אזוי פערטראכט?

ער האט זיך אומגעקוקט, האט זיך גענריסט צו די מיידלאך און האט דער־נאך געענטפערט:

— איך טראכט אז פילאדעלפיא איז א גאנץ שעהנע שטאדט, נור אביסעל צו בעל הבתיש. עס איז ביי אייך לאנג־ווייליג. ניטא מיט וועמען א ווארט אויס־צורעדען, מיט וועמען צו חאפען א שפא־ציער.

די אנדערע מיידלאך האבען געשוויגען. נור אניוטא, וועלכע איז איבעראשט געווארען פון זיין אפענהערציגקייט האט ווייטער געצויגען מיט איהם דאס גע־שפרעך.

— פילאדעלפיא איז גאר אזא פער־שלאפענע שטאדט, ווי איהר, ניו יארקער דענקט.

בעלל האט ווייטער גערעדט:

— אין ניו יארק, צום ביישפיעל, קענט איהר ניט טרעפען אז דריי מייד־לעך זאלען זיך שפאציערען אהן חאטש איין בחור, חאטש איך, נאך מיין מיינונג דענק, אז עס קען ניט זיין שטארק אינ־טערעסאנט צו שפאציערען מיט איין בחור — האט בעלל זיך צולאכט.

— פאר וואס עפיס? — האט אניוטא געשמייכעלט און איבערגעפרעגט.

— עס איז ניט אינטערעסאנט פאר די מיידלאך. יעדע איינע פיהלט זיך ווי איבריג און וואלט ווינשען, אללע אנדערע זאלען זיך אוועקגעהן, און אזוי ווי די צוויי מיידלאך האבען זיך געפיהלט ווי איבריג, מחמת אניוטא האט זיי איהם ניט בעקאנט, האבען זיי באלד גע־

זאגט גוטע נאכט און אניוטא האט זיך אפגעשטעלט אין שטארט גארטען מיט ... עם מוזיק לעהרער.

זיי האבען ביידע שפאציערט. ער בעלל האט גערעדט וועגען מוזיק, ... זאנג און ווען אניוטא האט איהם א זאג געגעבען אז זי האט אמאל געהאט א שעה־נע סאפראנא האט ער צוגעלעגט:

— איהר דארפט זיך ניט שעהמען און זאגען — אמאל — איהר האט נאך יעצט אויך א שעהנע שטימע. דאס קען איך דערקענען פון אייער טאן און רעד שפראך.

אניוטא האט זיך געפיהלט געשמיי־כעלט, מחמת זי האט געוואוסט, אז ער, אלס א מוזיק לעהרער איז געוויס א מבין אויף א שטימע.

דאס מאל האט בעלל שוין אויף איהר א גאר גוטען איינדרוק געמאכט, און ווען ער האט זי בעגלייט אהיים, האט ער ארויסגענומען א וויזיט קארטעל און עס איהר דערלאנגט.

— קומט אמאל ארויף אין מיין סטו־דיא, איך וועל אייך הערען זינגען און אייך זאגען באשטימט, אויב איהר האט א גוטע שטימע.

— און אפשר, אויב איך וועל זיך פיהלען גוט, וועל איך פאר אייך עפיס שפיעלען פון מיינע אייגענע קאמפאזי־ציעס — האט בעלל צוגעלעגט, נאכדעם ווי אניוטא האט אנגענומען זיין פאר־שלאג און האט איהם פערשפראכען אז מארגען אבענד וועט זי ארויפקומען צו איהם.

זי איז די זעלבע נאכט געוועזען זעהר צופריעדען פון איהר נאהענטער בעקאנט־שאפט און אויף מארגען נאך דער ארבייט האט זי זיך אויסגעפוצט און איז אוועק אין דער מוזיק סטודיא. ער איז געוועזען באשעפטיגט מיט א לעקציע, האט זיך ענטשולדיגט און זי געבעטען אפווארטען עטליכע מינוט און ווען ער איז פארטיג געווארען מיט זיין לעקציע, איז ער

— יעצט וועלען מיר הערען וואס איהר קענט! — האט בעלל א זאג געגע־בען און האט א פרוב געטאן און האט איהר געהייסען נעהמען טענער.

אניוטא האט געלאכט.

— איך האב דאך אייך ניט געזאגט אז איך האב א שטימע. איהר דארפט ניט פיעל ערווארטען פון מיר, מחמת איהר וועט שטארק ענטוישט ווערען.

— איהר נעמט נור א טאן, ווי איך הייס אייך און האט ניט מורא — האט בעלל געענטפערט.

אניוטא האט זיך געפיהלט זעהר גע־שמייכעלט, ווען בעלל האט איהר א זאג געגעבען:

(פארזעצונג פאלגט)

## צו אלע אידישע ארגאניזאציעס פון דעטראיט:—

פעברואר צוויי (2) אזייגער ביטאג, אין אידישען ארבייטער אינסטיטוט 204 הענקאק עוו א.

אויף וועלכער ס'וועט אנוועזענד זיין ב. צוקערמאן דער דזשענעראל סעקרעטער פון דער פיפעלס רעליעף, אלע ארגאניזא־ציעס זיינען אויפגעפאדערט צו שיקען צו צוויי דעלעגאטען צו דיעזער קאנפערענץ וואו ס'וועט אפגעגעבען ווערען א באריכט וועגען פלידער קאמפיין און וועגען דער אלגעמיינער ארבייט פון דער פיפעלס רע־ליעף.

אויך וועט פארגעלעגט ווערען די אלע נייע פלענער וועלכע די פיפעלס רעליעף האט אויפגענומען. זאל קיין איין ארגא־ניזאציע ניט פארפעהלען צו שיקען פאר־טרעטער צו דיעזער קאנפערענץ.

**די דעלעגאטען זענען געבעטען מיט ברענגען מיט זיך קרעד־דענשעלס.**

מיט אכטונג

**פיפעלס רעליעף קאמיטע**

דעטראיטער בראנטש

נ.ב. האט מען שוין בא אייך צוגענומען דעם פעקעל קליידער וואס איהר האט אנ־געגרייט פאר די מלחמה ליידענדע? אויב נאך ניט, דאן ברענגט אייער פע־קעל אין אפיס פון דער

**פיפעלס רעליעף, 490 הייסטינגס**

ארער רופט אפ קעדילאק 2061

## קאלאניאל טעאטער

די פראגראם פון דעם קאלאניאל טע־טער נעקסטע וואך וועט זיין אויינע פון די בעסטע פון היינטיגען סיזאן, דער הויפט אקט איז "געהייראט דורך ווייערלעס". די גרעסטע מעכאנישע פראדוקשאן גע־שפיעלט פון לאעוו'ס צירקוס—דורכגע־פיהרט פון 8 פערזאן. דיאיבעריגע טייל

פון פראגראם בעשטעהט פון 5 אנדערע אקטען וועלען זיכער צופריעדענשטעלען דעם גרויסען פובליקום וואס קומט שטענ־דיג אין דעם פאפולערען טעאטער אויף וואודוואורד עוו. אנפאנגענדיג ערלייה, די פיקטשור פאר דער וואך וועט זיין "די הויז פון טויזענד ליכט". א סענזאציאנעל מיסטעריעזע פארשטעלונג. צום ערשטען מאל געצייגט אין דעטראיט.

---



## צו זינגען סטן ניגען פון טלך אביון

זייט איהר א יורד? — — — — — — — — — — — — — — צום רבין

איז אייער ווייב אן עקרה — — — — — — — — — — צום רבין

איז א דיבוק אריין אין אייער שווינער — — — — — — צום רבין

איז אייער ווייב אן ארורה? — — — — — — — — — — צום רבין

איז די פינאקעל קליפע אריין אין אייער מאן? — — צום רבין

זייט איהר מחולה........? — — — — — — — — — צום רבין

## ער זאל לעבען וועט אלעמען העלפען

שבת שירה אווענט דעם 31־טען יאנואר 1920 אין ארטאפיא האל

הוי און הייסטינגס

# דער וועג

**THE DETROIT JEWISH DAILY**

Published Daily, Except Saturdays and Jewish Holidays, by
DER WEG PUBLISHING COMPANY, INC.
347-49 Hastings St., Detroit, Mich. Main 3715.
J. RABINOWITZ, Pres. JOS. R. LEEMON, Sec.-Treas.
B. I. GOLDSTEIN, Editor
(Entered as Second Class mail matter at Post Office, Detroit, Mich.)
Subscription Price: By mail, or carrier, one year, $5.00; six months, $2.50.

דעטראיט, 25 יאנואר, 1920:


# דער אמעריקאנער גייסט

צי מען האט טשארלז יוהז יא, אדער נישט צוגעלאזט צו פארטיידיגען די אויסגעשלאסענע סאציאליסטישע אסעמבלי לייט איז נישט וויכטיג. וויכטיג איז, אז לואיס מארשאל און יוהז האבען זיך אונטערגענומען צו פארטיידיגען די סאציאליסטישע פארשטעהער אין דער אסעמבלי אין אלבאני.

מיר האבען געהאט א רעכט צו דענקען, אז די אדוואקאטען וואס וועלען די האזיגע „קיים" אנגעהמען, וועלען מן הסתמא זיין פון ראדיקאלען לאגער. אדער דאס וועלען זיין מארים הילקווים, איז דורכגעלאפען א מחשבה, אדער מאיר לאנדאן און אפשר ביידע אינאיינעם.

אבער אז דער פראמינענטער „יאהודי" לואיס מארשאל און דער — אפשר נאכמעהר — באקאנטער רעפובליקאנער יוהז זאלען דאס טאן — דאס האט זיך נישט געלעגט אויפ'ן שכל.

וואדים כידוע זיינען דאך די סאציאליסטישע פארשטעהער אויסגעשלאסען געווארען פאר זייער ראדיקאלער שטרעבונג, פאר זייערע סאציאליסטישע אנשויאונגען. נו, זיינען דאך דיזע אנשויאונגען און שטרעבונגען דערהויעדער די הערדען מארשאל און יוהז פונקט אזוי גוט ווי זיי זיינען דערהויעדער די רעאקציאנערע אסעמבלי לייט.

אין נאך עטוואס, און מאכע אויך אינטערעסאנטערעס:

דער שעף רעדאקטאר פון די „ניו יארק וואירלד", מר. פרענק י. קאב האט אין ניויארק געהאלטען א רעדע מכח פרייע רעדע און פרייע פרעסע, און אין זיין רעדע ביטער אטאקירט יעדען פארזוך צו אונטערדריקען פרייע רעדע סיי דער רעדנער איז א „רויטע ר", אדער א „שווארצער".

די „ניו יארק וואירלד", דארף מען נישט פארגעסען, איז דער ארגאן פון דער איצטיגער רעגירונג. דאס איז דער מעכטיגסטער ארגאן פון דער דעמאקראטישער פארטיי און פונדעסטוועגען האט זיך מר. קאב נישט אפגעשראקען צו פארטיידיגען די רעכטע וואס די עקסטרימע ראדיקאלען נעהמען זיך צו ריידען, וואס זייער הארץ גלוסט, אויף דעם סמך פון פרייע רעדע און פרייע פרעסע.

צו לעצט ווערען מיר געוואר אז ענגלישע צייטונגען זאמלען געלד מיט דעם צוועק אנצופיהרען א קאמף מיט דער אסעמבלי אין אלבאני אום אויסצוקעמפען די רעכטע פון די אויסגעשלאסענע סאציאליסטען.

א היגע וועכענטליכע צייטונג איז לעצטען פרייטאג ארויסגעקומען מיט א לייט־ארטיקעל, אין וועלכען עס ווערט מעהרסטענטיילס גערעדט מכח די ארויסגעשיקטע ראדיקאלען אין אגב אורחא ווערט אויך דערמאהנט דער געריידער פון די אויסגעשלאסענע סאציאליסטישע פארשטעהער.

די צייטונג מאכט פשוט חוזק פון די אסעמבלי לייט.

„אפנים — שרייבט דער לייט־ארטיקלער — די אסעמבלי לייט האבען נישט מעהר ווי געוואלט א טאפ טאן אונזער דופק, אום צו דערוויסען זיך אויב מיר פיהלען נאך און דענקען ווי עכטע אמעריקאנער. זיי ווילען אפנים וויסען, די אלבאני'ר אסעמבלי לייט, צי מיר זיינען גרייט צו באקעמפען יעדען איינעם וואס האט חשק צו איינקלאמערען זי אין קלאמערען, וואס זיינען פאבריצירט געווארען אין פרייסען, אדער אינ'ם אמאליגען דייטשלאנד".

די צייטונג נעהמט דעם גאנצען ענין נישט ערנסט, כאטש ווי מען קען זיך משער זיין פונ'ם ערשטען טייל פונ'ם לייט־ארטיקעל, וואו עס רעדט זיך וועגען די רויטע ראדיקאלען, איז זיך דער עדיטאריעל שרייבער לחלוטין נישט מצער, וואס מען האט זיי ארויסגעשיקט פון אמעריקא.

אדרבה עס רעדט דער שרייבער פון די עקסטרימע ראדיקאלען מיט פארביטערניש, כאטש ער איז בפירוש קעגען דעפארטירונג. אין די ווארט: „עם הארמאנירט נישט מיט די טראדיציעס פון דער פרייער אמעריקא".

זיי זיינען מאקע, דריגגט דער שרייבער, די ערגסטע מענשען. אבער אמעריקא איז גענוג שטארק צו לאזען זיי לויפען, און כל זמן זיי באגעהען נישט קיין גוואלד־טאטען, האט מען קיין רעכט נישט זיי צו דעפארטירען.

* * * *

און איהר שטעהט און וואונדערט זיך:

דאכט זיך על פי שכל וואלטען די דערמאהנטע צייטונגען און די פיעלע וואס מיר דערמאהנען נישט און וועלכע האבען אויך שארף אטאקירט די פארשווערונג פון דער אלבאני'ר אסעמבלי, — זיי וואלטען דאך באדארפט זיין אויף דער זייט פון די אסעמבלי־לייט.

די אדוואקאטען, וואס האבען זיך אונטערגענומען צו פארטיידיגען די אויסגעשלאסענע סאציאליסטען, און די צייטונגען, וועלכע זאמלען פאנדען אויף צו באקעמפען דעם באשלוס פון דער אסעמבלי, וואלטען דאך, אדרבה, באדארפט פארטיידיגען די האנדלונג פון דער אסעמבלי.

די אויסגעשלאסענע פארשטעהער זיינען דאך, אמת געזאגט, ביטערע געגנער פון זייער איצטיגע קאפיטאליסטישע פארטיידיגער.

זאלען זיי מארגען צוריק אריינקומען אין דער אסעמבלי און זאלען זיי האבען מעגליכקייט, אדער געלעגענהייט, וועלען זיי אטאקירען דיזע בעלי טובות.

און אנדערש קען דאך דאס נישט זיין. און עס דארף מאקע נישט זיין, זיי זיינען פון א באזונדער קלאס, וואס איז אויסען צו באקעמפען זיינע געגנער אינ'ם לאגער פון דעם אנדערען קלאס.

שטעלט זיך פאר אז אינם איצטיגען רוסלאנד וואלט די אויסשליסונג פון עטליכע געגנער פון א געזעצגעבערישער אינסטיטוציע גארנישט געווען קיין גרויסער גוואלד. ווייסען מיר דאך, אז מען האט די געגנער אפילו קיין שטים־רעכט קיין חשק נישט געהאט צו געבען אין דעם סאוועטען־רוסלאנד.

אבער מאכע דאס אליין פארענטפערט די פראגע:

אינם באלשעוויסטישען רוסלאנד איז די רעגיערונג נאך צו יונג און יעדער געגנער איז פעהיג אונטערצוגראבען איהר אויטאריטעט און מאכט.

די רוסישע באלשעוויקעס קענען זיך נישט פארגינען צו זיין מילד מיט געגנער, מיט באקעמפער. עס איז ביי זיי די גאנצע ארדנונג אויף משקלות און אהן א דיקטאטור איז אוממעגליך אנצוהאלטען, אפילו אט די ארדנונגס־לאזע ארדנונג.

אזוי גיך ווי די באלשעוויקעס האבען זיך אבער דערפיהלט אביסעל זיכערער, האבען זיי שוין צוגעלאזט געגנער צו די בעראטונגען. וואס אמאל וועלען זיי אלץ מעהר אויסברייטערען די רעכטע פונ'ם געגנער.

אין אמעריקא אבער איז קיין שום תירוץ נישטא פאר יענע וואס ווילען פארקוקען די קאנסטיטוציע און דאס געזעץ; אין אמעריקא איז קיין בארעכטיגונג נישטא אויף צו באקעמפען א געגנער מיט אומלעגאלע אדער אומקאנסטיטוציאנעלע מיטלען.

דארטען איז רעוואלוציע, כאאס, אומארדנונג.

דא איז דערוויל גאנץ ווייט פון דעם.

דער אמעריקאנער וואס איז אנגעזאפט מיט די טראדיציעס פון אמעריקא; וואס האט ליעב די פרייהייט, מיט וועלכער זיין לאנד שטאלצירט, קען נישט באגרייפען אזא מין האנדלונג ווי למשל די פון דער אלבאני'ר אסעמבלי.

מעג מאכען די האנדלונג איהם גופא א גרויסע טובה ברענגען אינ'ם איצטיגען מאמענט, איז עס נאך קיין ארויזאבע נישט, אז ער זאל דאס אנערקענען פאר ריכטיג.

דער עכטער אמעריקאנער איז נאך אלעמען א דעמאקראט און פארהאסט ביוראקראטישע, אדער רעאקציאנערע האנדלונג. און דערפאר זיינען מארשאל און יוהז פארטיידיגער פון די אויסגעשלאסענע סאציאליסטען און די פרעסע, די קאפיטאליסטישע אפילו, אטאקירט די אסעמבלי.

# דאס גאולה ליעד

פון מאררים ראזענפעלד

די צייט איז רייף, מיר דארפען געלד
אום אויפצובויען אונזער וועלט.
דאס לאנד איז גרייט אונז צו עמפפאנגען.
מיר דארפען יונגעס, פרישעס בלוט,
מיר דארפען גייסט, מיר דארפען מוטה,
מיר דארפען הערען געלד'נע קלאנגען.
לאמיר געבען, געבען, געבען,
דאס מיינט פרייהייט, דאס מיינט לעבען,
דאס מיינט אונזער היים צו בויען,
דאס מיינט אונזער גאט צו טרויען,
דאס מיינט ענדיגען דעם גלות,
זיינע שווארצע, בעזע קללות,
דאס מיינט געהן צוריק נאך ציון,
דאס מיינט פון דאס ניי צו בליהען,
נו, עפענט הענד און הערצער זיכער!
העלפט מאכען אונזער גאולה זיכער!

מיר האבען לאנג גענוג געווארט
דער צער זאל ווערען אונסגע'צער'ט,
און די געווינשטע שעה זאל שלאגען,
אז גאט זאל אונזער וועה דערזעהן,
און אויסרופען: „עס א[illegible]עשעהן!
יא, אייער טאג וועט ווידער טאגען!"
לאמיר ברינגען, ברינגען, ברינגען,
אויסלייז־געלד זאל קלינגען, קלינגען!
אונזער הארץ זאל גרויסקייט צייגען!
אונזער גאולה־פאנד זאל שטייגען!
דאס איז ניט קיין צדקה, אידען!
דאס מיינט קויפען אונזער פריעדען,
דאס מיינט אמת זי באשטרעבען,
אונזער פאלק זאל ווידער לעבען.
אז אונזער גייסט זאל ווידער טייגען
און ווידער אונזער גרויסקייט צייגען!

מיר זוכען קארגע צעהן מיליאן
אום אויפצוהייבען אונזער פאהן,
דאס איז שפאט־ביליג, שוועסטער, ברידער.
נים קארגט דעם אידישען מעטאל
צו קרעפטיגען דעם אידעאל,
צו קרוינען אונז אלס אומה ווידער.
לאמיר מעהרען, מעהרען, מעהרען!
זאל דער גאלד'נער קלאנג זיך הערען!
ניין! מיר טארען איצט ניט קארגען,
זאל דאס געלד זיך העכער בארגען!
זאל דער געלד־בארג ווערען גרעסער!
העלפען אונזער צוקונפט בעסער.
פיר אונז גאט און לאנד, און גלויבען
לאמיר זיך איצטער הויך ערהויבען!

# פראבלעמען פאר אלוועלטליכער הילפס קאנפערענץ

פון א. רייזען.

ענדליך איז שוין באשטימט געווארען, אז די לאנג געפלאנטע אלוועלטליכע הילפס־קאנפערענץ זאל געהאלטען ווערען אינ'ם חודש מערץ אין צייריך, שווייצאריען און אויב עס זאל ניט ווייטער זיין קיין אונפאראויסגעזעהענע סיבות פארזיכערם מען אונז, וועט די קאנפערענץ שוין מעהר ניט אפגעלעגט ווערען.

עס איז אלזא שוין פארבליבען גאנץ ווייניג צייט ביז צו דער קאנפערענץ, און אויב מיר ווילען, אז זי זאל ערפיהלען איהרע אויפגאבען, וועלכע מען דערווארט פון איהר, מוז די פארבליבענע צייט אויסגענוצט ווערען אמפולסטען, קלאהר צו מאכען די פראבלעמען, וועלכע רינגלען ארום דירעליעף ארבייט אונזערע.

כל זמן, מיר פון דער־הייס ים זענען געגנצליך געווען אפגעריסען פון דער אלטער היים, האבען מיר ניט געקענט וויסען, אויף וויפיעל אונזער ארבייט דערגרייכט איהר ציעל אדער ניט, יעצט אבער, ווען דער פאסט פארקעהר מיט אזעלכע פלעצער ווי פוילען און ליטא איז שוין כמעט נארמאל, הויבען מיר אן צו דערגעהן, אז דארטען איז מען וויים ניט צופריעדען מיט דער פארמע פון אונזער טעטיגקייט, און אין דער אידישער פרעסע פון אייראפא, וועלכע האט זיכער דעם ברייטסטען איינפלוס ביים המון, שפיגעלט זיך דיזע אומצופרידענהייט אפ גאנץ בולט.

מיר דא האבען זיכער גאנץ ערנסט געמיינט מיט אונזער הילפס־טעטיגקייט, מיר דא מיט די 10 סענטיגע און דאלערס, וועלכע מיר האבען געקליבען, האבען זיכער גערעכנט. אז מיר צאהלען אפ א נאציאנאלען חוב, וועלכער וועט זיין זעהר ליעב ביי די מקבלים; פאר אונז איז נאר געווען די פראגע, ווארום מיר שאפען אזוי ווייניג הילף, און מיר האבען באדויערט די קליינע סומע, וועלכע איז געזאמעלט געווארען. ציינט זיך אבער ארויס, אז וועגען אונזער הילף דענקט מען דארטען גאנץ אנדערש.

שרייבט למשל פ. קאפלאן, רעדאקטאר פון דער ביאלאסטאקער צייטונג, "דאס נייע לעבען" וועגען דער אמעריקאנער הילפס־טעטיגקייט, באזונדערס יעצט ווען מען שטעהט פאר'ן אויפבוי פון די אידישע קהלות, און קומט צום שלוס, אז די אמעריקאנער הילף האט פיעל געשאדעט מיט דעם, וואס זי האט אפגעטויט די איניציאטיווע ביי די נויטליידענדע. פאלגענדער אויסצוג פון יענעם ארטיקעל איז העכסט אינטערעסאנט:

"אין דער פרעסע און פון פארשיעדענע ריבונעס האט מען שוין א סך מאהל אנגעוויזען אויפ'ן גרויסען מאראלישען היזק וואס עס ברענגט אונז די אמעריקאנער "פרייע האנט", וועלכע האט א גרויסען טייל פון אונזער באפעלקערונג "פארשנאדעט", געמאכט פאר בעטלערס, קבצנים, און געטויט בא זיי די איניציאטיווע פון זעלבסטהילף. נאך מעהר: זי האט אויך אטראפירט די געזעלשאפטליכע ענערגיע, וואס פלעגט שטראמען ווי א קוואל פון לעבען אין איטלעכער אינסטיטוציע און בכלל אונטערנעהמונג. אלע לעבען איצט פון גרייטען, פון דער ברייטער האנט פון דער רייכער אמעריקאנער מיט.

„איצט האלט עס ביי א איבערבראך אין פאליטיק פון דער גרויסער אמעריקאנער אקציע. ס'וועט אויפהערען די פארם פון נדבות און איצטיגען „קליינעם" מאסשטאב און ס'וועט זיך אנהויבען אן אקציע פון „איבערבויען" דעם חרוב געווארענעם אידישען לעבען אין פוילען און ליטא. מ'רעדט וועגען גראנדיעזע בענק אויפ'ן אמעריקאנישען שטייגער, וועגען קרעדיט אינסטיטוציעס, וועגען קאאפעראטיווער טעטיגקייט, אונזערע כלל־טוערס טוען שוין דאס זייעריגע: זיי זיצען מיט פארלענגטע הענט און ווארטען, ביז וואנען ס'וועט זיך זיי אראפשיטען דער דאזיגער נייער מן פון הימעל..

אבער לאמיר זיך דערלויבען א ביסעל אפיקורסות אינ'ם אבסאלוטען נוץ אפילו פון דער דאזיגער נייער גרויסער אקציע. וואסערע פארמען די אמעריקאנער הילף זאל ניט אננעמען, איינס איז אבער קלאר: דאס איז הילף און ניט זעלבסטהילף. אמעריקא קען אונז געבען געלט, אבער ניט איניציאטיווע. אדרבה, אונזער אייגענע איניציאטיווע שטעהט אין א פארקערטער פראפארציאנעלער פארהעלטניש צו די נעגעבענע געלטען, וואס מעהר מ'וועט אונז געבען, אלץ ווייניגער וועלען מיר אליין זוכען און שאפען. און קיין שום אוצרות, אפילו די אמעריקאנער, קענען ניט קלעקען צו דעקען דעם דעפיציט פון דעם אויסגעטריקענטען אוצר פון פאלקס־ענערגיע און פאלקס איניציאטיווע".

און אזוי שרייבט יעצט דארטען מעהר ווי איין פערזאן. נעהמט למשל די זעהר פאפולערע ווארשעווער צייטונג „דער טאג" (דער געוועזענער „היינט") שרייבט מען דארטען אויך כמעט אטין דעמזעלבען טאן. אין דעם ווארשעווער „טאג" איז פאראן א ארטיקעל וועגען דער אמעריקאנער הילף פאר די אוקראינער אידען (דער ארטיקעל איז געשריבען פון איינעם, ב. סמאליאר) ווערט דארטען צווישען אנדערעס געזאגט:

„די ארטיגע אמעריקאנער קאמיטעטען אויף אוקראינא האבען די ערשטע צייט אפילו נישט געפרופט א קלעהר טאן וועגען העלפען די נויטבאדערפטיגע וואס זענען א דאנק פארשיעדענע אומשטענדען פון דער לעצטער צייט געבליבען אהן פרנסה און אהן ברויט. זיי האבען ניט געשטעלט זייער ארבייט אויפ'ן פרינציפ פון געבען א מעגליכקייט, דורך די אמעריקאנער מיטלען, „זיך שטעלען צוריק אויף די פיס" און האבען פאקטיש געפיהרט זייער ארבייט אין די ראמען פון ארויסגעבען אומזיסטע מיטאגען וכדומה, מיט וואס זיי האבען ענטוויקעלט דאס שנארעריי צווישען דער אידישער באפעלקערונג און אונטערגעריסען דעם בארען פון זעלבסט טעטיקייט און זעלבסט־הילף".

ענטוויקעלט שנארעריי, אפגעטויט די אייגענע איניציאטיווע — אזוי דענקט מען דארטען וועגען אמעריקאנער רעליעף. אזוי דענקען כמעט אלע דארטען, און עס איז שוין געקומען אזוי ווייט, אז אין מאנכע פלעצער דיסקוטירט מען, צו מען מעג נעהמען געלדער פונ'ם אמעריקאנער „רעליעף פאר געוויסע צוועקען. אזוי ווערט אין דער ווילנער „אידישע צייטונג" דיסקוטירט וועגען דיסקוטירט וועגען די נוצען פון די רעליעף געלדער, און ענליכע דיסקוסיעס קומען פאר אין גראדנער „דער נייער מארגען" און ענליכע ארגאנען.

עס איז דארום נעשאפען געווארען אין דער הילפס ארבייט א פראבלעם, פון וועלכע מיר האבען פריהער גאר ניט געוואוסט און ווילען מיר ערנסט ערפילען אונזער אויפגאבע, מוז קודם כל דיזע פראגע געלעזט ווערען.

דערוויל רעדט מען נאך ביי אונז פון קאנסטרוקטיווען רעליעף און מעהר ניט, די הילפס־ארבייט אבער געהט אן אויפ'ן אלטען שטייגער ווי ביז איצט, און אפילו וועגען קאנסטרוקטיווען רעליעף גלויבט מען אין מאנכע קרייזען צו געבען זיי, די מקבלים, א פארטיגע זאך, „מייד אין אמעריקא", און מען וויל זיך גאר־ניט קימערען פאר דעם, וואס מען דענקט דארטען אויף יענער זייט ים וועגען דעם.

פאר דער אלוועלטליכע הילפס קאנפערענץ וועט דארום ניט נאר שטעהן די וויכטיגע פראגע, ווי אזוי צו שאפען די פיעלע מיליאנען, וועלכע זענען נויטיג פאר רעקאנסטרוקציע נאר פונקט אזא ברענענדע פראגע וועט אויך זיין צו לעזען דאס פראבלעם, ווי אזוי צו באזייטיגען די חסרונות פון דער יעצטיגער הילפס טעטיגקייט, וועלכע אנטוויקעלט „שנארעריי" און טויט אפ די האפנונגען ביי נעהמער.

אויב אין דעם ערשטען פראבלעם, אין דער פראגע ווי אזוי צו שאפען די נויטיגע מיליאנען, קען די אידישע אמעריקא פיעל זאגען דער אלוועלטליכער קאנפערענץ, וועט אבער אין דער צווייטער פראגע די גרעסטע וויכטיגקייט מוזען צוגעשריבען ווערען צו די רייד פון די דעלעגאציעס פון פוילען, ליטא, גאליציען, רומעניען, און אנדערע לענדער וואו די אידישע קהלות דארפען אויפגעבויט ווערען.

צו זייער ווארט, וועלען מיר פון דער זייט ים זיך מוזען צוהערען. אויב מען וויל ניט פארזעצען דאס, אויף וועלכען עס באקלאגען זיך יעצט אזוי שטארק די דארטיגע כלל־טוער און די דארטיגע אידישע פרעסע.

# שאטענס פון שפינוועב

פון משה נאדיר

### דער גרויסער „דענקער"

אמאל איז געווען אן עלענד מיידעל, א פרומס, האט זי געגלויבט אין גאט און אין דער מענשהייט אין אלגעמיין. אבער אין מאנסביל ספעציעל האט זי נישט געגלויבט.

נישט געהאלטען דאפון.

האט זי געלייענט א סך מאנדשיינענדיגע ראמאנען וועגען „וואהרער", אויפריכטיגער ליעבע', אהא! און — געבליבען אן אלט און פארוועלקט מענשענקינד ביז העט־העט אין די יאהרען.

איז זי געווארען אומעטיג און בלייכער פון טאג צו טאג, האט נאר רעבאטירט וועגען ריינער „אויפרישטיגער" ליעבע און געלעכצט נאך א פאר ווארימע מאנסביל ארעמס און ברייטע מענער אקסלען.

האט זי זיך בעקאנט מיט א בחור, וועלכער האט ווייניג גערעדט, דערפאר אבער האט ער א סך — זעהר־אונגעהויער פיעל־א־סך — געדענקט! נאר רעדען האט ער גערעדט זעהר־אונגעהויער־פיעל ווענג — כמעט גארנישט. נישט חלילה דערפאר וואס ער האט נישט געהאט וואס צו זאגען — ווי סע טרעפט אמאל ביי מאנכע דענקער — נאר דערפאר וואס ער האט צופיעל געדענקט, האט ער נישט געהאט קיין צייט צו רעדען.

איז ער אפילו איהר, דער אלטער יונגער פרוי געווארען מיאוס און דערעסען און — זי האט איהם אוועקגעשיקט. אויף זיין ארט האט זי איינגעהאנדעלט א פאפוגאי — זעהר א שעהנעם, זעהר אן ערנסטען, זעהר א רעדעווידיגען.

ווי אזוי האט זי געוואוסט, אז דער פאפוגאי איז זעהר א רעדעווידיגער? איז דער תירוץ: דער מאן פון'ם פויגעלגעשעפט האט איהר פארזיכערט, אז דער פאפוגאי רעדט ווי א וואסער.

אז ס'איז אוועק א וואך און צוויי און דריי און דער פאפוגאי האט נאך אלץ געשוויגען איז דאס פון ליעבע־רעדעוודיגע מיידעל געווארען אביסעל אומרוהיג און געגומען דעם פויגעל און איהם צוריק געטראגען צום פויגעל־סוחר.

— סטייטש? — זי אזוי.

— סטייטש? — ער אזוי.

— סטייטש, ער רעדט נישט דער פויגעל! — זי אזוי צו'ן איהם.

קוקט זי דער פויגעלדינגער איד אן און ניט א מאך.

— ס'איז אפשר אמת, מיין ליעב מיידעל, אז דער פאפוגאי רעדט ווייניג, כמעט גארנישט. דערפאר אבער איז ער א גרויסער דענקער!...

זי האט איהם געווארפען דעם פויגעל אין קאפ אריין.

### 2
### א ביהנע וואס וואקסט

אמאל איז געווען א איד, פלעגט ער געהן אין אידישען טעאטער, באטראכטען ווי דער קונסט־ליעבענדער עולם עסט מיט גרויס מיטגעפיהל די גרויסע, קליינלעכדיגע עפעל און שרייט: בראוואָ, הוראָ, ספּיטש!

האט אין איהם, אינ'ם ליטעראַרישען צושויער, הייסט עס, געוואקסען ס'אידיש־דראמאטישע הארץ, מיט אביסעל מוזיק, פליעז, און ער האט זיך געפיהלט שטאלץ דארויף, וואס ער האט א פיין באנקביכעל, וואס גיט איהם די מעגליכקייט ליעב צו האבען אונטער אלע אומשטענדען.

נאר איינמאל האט ער באמערקט ווי דאס „פארטוך" אויף א געוויסער אידישער ביהנע איז אביסעל קירצליך און עס גרייכט נישט ביז אראפ, און נאך איידער די פארשטעלונג הויבט זיך אן זעהט מען שוין ארויס די שיך פון די געוויסע קינסטלער וואס שארען זיך ארום אויף דער בעסערער אידישער ביהנע צו יעדער צייט. אמן.

איז דער דאזיגער צוקוקענדיגער, ראט קריטיש־קריטיזירענדער איד ארויסגעלאפען הינטער די קוליסען, געכאפט דעם הויפט קינסטלער פון אלע הויפט־קינסטלער און ער האט איהם געזאגט, אז דער פארהאנג איז אביסעל צו קורץ, און אז עס זעהען זיך ארויס די דראמאטישע פיס.

האט איהם דער הויפט פון אלע הויפט קינסטלער א ווייל באטראכט מיט צוויי אונטערגעפינזעלטע אויגען און דאן האט ער באמערקט זעהר קלוג:

— נו, זעהט איהר שוין! — איהר טענה'ט דאך אלץ, מאכט ער, אז די אידישע ביהנע וואקסט נישט. — לאזט זיך אויס, מאכט ער, אז זי האט די לעצטע צייט אזא וואוקס געטאן, קיין עין־הרע נישט, אפילו דאס פארטוך איז אויך איהר קורץ געווארען!..

### 3
### דער קונסט־קענער

אן אויפגעקומענער עושר, האט ער געהאט א שעהנע, אומשולדיגע ביבליאטעק, וועלכע ער האט קיינמאל נישט געטשעפעט.. א שעהן אונשולדיג ווייב מיט א ביאנא, ביי וועלכער זי (דאס א זעהר אומשולדיגע ווייב!) פלעגט פון צייט צו צייט זיך אנקוקען — איבערשרעקען די מיזי, הנם און אויך, האט ער געהאט — קונסט־בילדער.

איינמאל אין א שעהנעם, אדער נישט קיין שעהנעם פריהמארגען איז ער זיך גישב: אלע רייכע לייט האבען אויל־בילדער, וועט ער זיך אויך לאזען מאכען אן „אויל־פיקטשע" פון זיין שעהן פנים, מיט די כמעט־אפגעבויגענע הארטע וואנצען..

איז ער אוועק צום גרויסען מאהלער, וועלכער האט געהאט א שם פאר די גרויסע קונסט... פרייזען וואס ער האט גערעכענט, און ער האט צו איהם אזוי געזאגט:

— מיסטער, איך וויל, אז איהר זאלט מיר א מאך טון אן אויל־פיקטשע, אבער א פעטע.. ווי זאגט איהר: עס זאל אזש רינען איבער די פיסקעס. איך קען עס ב"ה אפארדען!

האט איהם דער מאהלער אפגעמאסטען מיט א קלוגען בליק און איהם גע-

[illegible]

דער קונסט־ליעבהאבער, גענומען א וואגע פון בוימעל, אויסגעטרונקען א פלעשעל אוילבורט־בוימעל און פארביסען מיט פעטע בלינצעס איינגעטונקען אין בוימעל און — איז אוועק נעהמען די ריכטיגע „אויל־פיקטשע".

אין צווישען איהם און דעם מאהלער פארגעקומען אט־אזא מין שטיקעל שמועס:

מאהלער — זייט אזוי גוט און גיט א דרעה דעם קאפ אביסעל אויף לינקס, וועט זיין א בעסערע ליכט.

דער איד — נעווער מיין די ליכט! איהר גיסט בעסער צו אביסעל מעהר אויל! ושאלעווט נים!

מאהלער — שמייכעלט אביסעל אויפריכטיגער, פליעז!

דער איד — נעווער מיין מיין שמייכלען! גיסט בעסער אונטער אביסעל מעהר בוימעל.. איך וויל עס זאל ארויסקומען א רייך בילד. מיט א סך אויל, איך קען עס ב"ה אפארדען..

מאהלער — הערט זיך אויף דראבלען ס'אויער, זייט אזוי גוט!

דער איד — דאס איז נישט וויכטיג! וויכטיג איז, אז איהר זאלט גיסען וואס מעהר אויל.. עס זאל ארויסקומען א וואוילהאבענד־בילד. א פעטע, נישט קיין קבצניש.

מאהלער — ס'איז אלרייט, איך ווייס וואס איך האב צו טאן!

דער איד — נעווער מיין וואס איהר ווייסט! איך ווייס בעסער! איהר בליאפעט בעסער אונטער א פריש גאלונטשיקעל מיט אויל. ושאלעווט נישט קיין געלד.. איך קען דאס ב"ה אפארדען..

פאר'ן שלאפען געהן האט דער גרויסער מאהלער א גנניץ געטאן און געטראכט אויפ'ן שפיץ פון דעם נעמליכען געניץ!

— די גרעסטע קונסט־מבינים זענען בארט די אידען מיט אייגענע הייזער!

### 4.
### גערעטעניש

אמאל איז געווען א איד האט ער געהייסען קלמן, איז ער געווען א וואוילער איד א בכבוד'ער מיט א הדרת־פנים און ער איז געווען א — רעווערענד.

דער באריהמטער רעווערענד קלמן.

„רעווערענד קלמן וועלכער איז וועלטבאריהמט און באקאנט און באליעבט ביי אלעמען, בעט באקאנט צו מאכען, אז ער האט זיך שוין צוריקגעקעהרט פון זיין רייזע קיין קאנארס, און ער איז אפען פאר ביזנעס".

פלעין אידיש!

מאכט זיך אמאל א מעשה, אז דער רעווערענד קלמן, וועלכער איז געווען היבש ליך פארהיראט און א טאטע פון עטליכע שעהנע, בכבוד'ע קינדערלאך, האט באדארפט פאהרען קיין ווירדזשיניא, פאר „ביזנעס". איז פאראן צוויי וועגען: ענטוועדער מען פאהרט מיט דער באהן דורך באלטימאר, אדער מען פאהרט מיט דער

פארטזעצונג אויף זייטע 6

# מאָרגענטוי׳ס באַריכט וועגען די פאָגראָמען אין פוילען

## דער פולער אָפיציעלער באַריכט צום סטייט דעפּאַרטמענט

דער „הײנט" פון וועלכען מיר דרוקען איבער דיזען באריכט, מאכט פאָלגענדע באמערקונג צו דעם:

„מאָרגענטוי"ס באריכט איז ענדליך דאָ. מיר גיבען דאָ די פולע איבערזעצונג פון דעם דאָקומענט, וועלכער האָט, אזוי לאַנג ווי ער איז געווען א סוד, אזוי פיעל בייז בלוט געמאכט ביי אונזערע ברידער אין פוילען, ווי אויך ביי אונז דאָ. דער דאָקומענט איז אָפען, און מען קען וועגען איהם אָפען רעדען.

מאָרגענטוי, אלזאָ, האָט אונז איינגאַנצען נישט אָפּגענאַרט. מעהר ווי דאָס, ער האָט אפילו איבערשטיגען די ערוואַרטונגען, וועלכע מיר האָבען געהאַט נאָך די שלעכטע קלאַנגען, וואָס מען האָט אין פאַראויס פאַרשפּרייט וועגען באריכט. און אויב די שלוסען וואָס ער ציהט זענען נישט אין אזאַ גייסט, ווי מיר וואָלטען עס וועלען זעהן, מוז מען דאָך געדענקען, אז מאָרגענטוי קוקט מיט אַנדערע אויגען אויף דער לאַגע, ווי עס קוקען נאַציאָנאַלע אידען, וואָס זענען אויסגעוואַקסען און געקומען פון פוילען.

מען קען מאָרגענטוי׳ס באריכט איינטיילען אין צוויי טיילען: דער פּראָטאָקאָל פון די געשעהענישען און די עצה וואָס ער גיט, ווי אויך זיין בליק אויף דער לאַגע.

אין דעם ערשטען טייל, אין פּראָטאָקאָל, שטעלט ער פעסט די גענויע פאַקטען וועגען די פּאָגראָמען, אויב אפילו ער רופט זיי אָן בלויז „עקסצעסען". ער ווייזט אָן אין יעדען פאַל, אז די שולדיגע זענען נישט באַשטראָפט געוואָרען. ער ווייזט אָן (אין מינסקער פּאָגראָם), אז די אידען זענען גע׳מאָרדעט געוואָרען נור בלויז צוליעב דעם, ווייל זיי זענען אידען. ער צעקלאַפּט די באַשולדיגונג אין באַלשעוויזם (ווילנאַ און אַנדערע שטעדט). ער ווייזט אָן אויף דער שולד פון דער פּוילישער פּרעסע מיט איהר אַגיטאַציע אויף דער בערד־רייסעריי. אויף דעם באָיקאָט, ער ווייזט ענדליך אָן, אז ווען עס זאָלען אין דער געהעריגער צייט אָנגענומען ווערען די געהעריגע מיטלען וואָלט צו אזעלכע שחיטות ניט געקומען. רעדענדיג וועגען באָיקאָט, באַשולדיגט ער אויך די פּוילישע רעגירונג אין דעם, אז זי באַטייליגט זיך אין באָיקאָט. (דער פאַל מיט די אידישע אייזענבאַהן־אָנגעשטעלטע). ער פאָדערט אויף די רעגירונג צו פאַרעפענטליכען די ליסטע פון פאַר"־משפּט"ע, כדי דערמיט אויסצומיידען ווייטערדיגע שחיטות. דאָס אַלץ, געלייגנט אין דעם ריכטיגען גייסט, איז דאָס, וואָס עס האָט געדאַרפט געזאָגט ווערען.

קומט עס אָבער צום צווייטען טייל, צו זיין אייגענעם איינדרוק און שלום, פאַרלירט מאָרגענטוי דעם באָדען, און ער וואַקעלט זיך אַהין און אַהער. אויף דער זעלבער רעגירונג, וועלכע ער האָט פריהער באַשולדיגט אין נישט אָננעהמען די געהעריגע מיטלען אָפּצושטעלען די שחיטות, לעגט ער האָפנונגען, אז זי וועט זיין גוט און פרום. וויסענדיג פריהער, אז די רעגירונג אַליין באַטייליגט זיך אין באָיקאָט, האָפט ער שפּעטער, אז די זעלבע רעגירונג וועט נישט מאַכען קיין אונטערשיעד צווישען איד און נישט־איד. זיין באריכט וועגען די אידישע פּאַרטייען (פּונקט 13), לייענט זיך אזוי, אז מען קען איהם אויסטייטשען ווי מען וויל, און אידישע שונאים קענען דאָ לייכט געפינען א באַרעכטיגונג פאַר דעם אַנטיסעמיטיזם. ער ווייזט אָן, אז די אידישע שטימונג פאַר דעם אַרטיקעל 93 פון פריעדענס־אָפּמאַך (דער טראַקטאַט וועגען די רעכט פון נאַציאָנאַלע מינדערהייטען), איז טיילווייז שולדיג פאַר דער אידען־פיינדליכער שטימונג אין פוילען, און אין פּונקט 18 פון זיין באריכט האָפט ער ווייטער, אז די צווייטע קאָמיסיע, וואָס די פעלקער־ליגע וועט שיקען קיין פוילען, וועט העלפען איינפיהרען דעם דאָזיגען טראַקטאַט.

עס איז אַלזאָ קלאָר, אז אין אָט דעם צווייטען טייל, אין דעם איינדרוק און די עצות, האָט זיך מאָרגענטוי געפונען אין דער לאַגע פון איינעם, וואָס האָט זיך געדאַרפט רעכענען אי מיט דעם, וואָס מען האָט פון איהם ערוואַרטעט, אַלס א איד, אי מיט דעם, וואָס פון איהם האָבען ערוואַרטעט די, וועלכע האָבען איהם קיין פוילען געשיקט. ער האָט נישט געקענט פאַרלייקענען דעם אמת, וועלכען ער האָט געזעהן, אָבער ער האָט אויך געמוזט געבען עפּעס צו יענע, וועלכע ערוואַרטען, אז פוילען זאָל זיין די נייע ישועה פון דער וועלט. דאָס לעצטע פיהלט זיך אויך אין דעם שוואַכען טאָן, מיט וועלכע ער באַשולדיגט — כאָטש ער באַשולדיגט ווירקליך — די פּוילישע רעגירונג אין די פאָרגעקומענע פּאָגראָמען.

פאַרשטעהט זיך, אז דאָס אַלץ קען געבען א פתחון פה צו די אידישע שונאים. מען קען לערנען פון דעם באריכט, אז די פּוילישע רעגירונג איז ניט שולדיג, און אזוי טוען טאַקי אייניגע אַמעריקאַנער צייטונגען. אָבער מען קען מיט נאָך מעהר רעכט לערנען פון דעם באריכט, אז די פּוילישע רעגירונג איז יאָ שולדיג. די, וואָס זענען פאַראינטערעסירט אין פוילען, אַלס א ישועה געגען דעם באָלשעוויזם, וועלען אזוי נישט טאָן, אָבער צו דען האָבען מיר קיין מיטלען נישט? די דיפּלאָמאַטיע פון דער וועלט איז שטאַרקער פון אונז.

עס איז אומעגליך פאַר א נאַציאָנאַלען אידען זיך אונטערצושרייבען אונטער מאָרגענטוי"ס באריכט, ווייל ער איז אַליין זעהר ווייט פון זיין א נאַציאָנאַלער איד. און ער האָט נישט געקענט זעהן די געשעהענישען מיט אונזערע אויגען. אָבער דער באריכט איז אויך נישט דאָס, וואָס מען האָט וועגען איהם פאַרשפּרייט. מען קען בלויז לערנען פון איהם, אז מאָרגענטוי פּרעדיגט אַסימילאַציע, אָבער לערנען פון איהם קען מען נאָך א סך זאַכען. און אפילו דער דאָזיגער באריכט גופא, ווי אומבאַשטימט ער איז אין פאַרשיעדענע שטעלען, קען פון אונז אויסגענוצט ווערען אין דעם קאַמפּף, וועלכען מיר פיהרען און וועלען נאָך לאַנג דאַרפען פיהרען מיט אונזערע פּוילישע פאַרפאָלגער".

פאָלגענדעס איז מאָרגענטוי"ס באריכט וועלכער לעזט זיך ווערטערליך ווי פאָלגט:

צו דער אַמעריקאַנער קאָמיסיע צו פאַרהאַנדלען פריעדען.

דזשענטלמען:

1. א מיסיע באַשטעהענדיג פון מר. הענרי מאָרגענטוי, בריגאַדיר גענעראַל עדגאַר דזשאַדווין און מר. האָמער ה. דזשאָנסאָן, איז באַשטימט געוואָרען פון דער אַמעריקאַנער קאָמיסיע צו פאַרהאַנדלען שלום, אויסצופאָרשען די אידישע ענינים אין פוילען. די באַשטימונג פון אזאַ מיסיע איז פאַראויס פאַראַלאַנגט געוואָרען פון מר. פּאַדערעווסקי, דעם פּרעזידענט פון פּוילישען מיניסטאָר־רעך ראַט. דעם 30־טען יוני, 1919, האָט סעקרעטערי לענסינג געשריעבען צו דער מיסיע:

„עס איז געוואונשען, אז די מיסיע זאָל מאַכען א גרינדליכע אויספאָרשונג פון אַלע ענינים וואָס ריהרען אָן די באַציהונגען צווישען אידען און די ניט־אידישע עלעמענטען אין פוילען. דאָס וועט, פאַרשטעהט זיך, אַריינרעכענען די אויספאָרשונג פון פאַרשיעדענע שחיטות פּאָגראָמען און אַנדערע עקסצעסען, וועלכע האָבען געזאָלט פאָרקומען, דעם עקאָנאָמישען באָיקאָט און אַנדערע פאַרפאָלגונגס־ מיטלען געגען די אידען, אָבער פעסטשטעלען דעם אמת דאַרף ניט זיין דער איינציגער צוועק דערביי. עס דאַרף געטאָן ווערען בלויז מיט דער אַבזיכט צו זוכען און געפינען די סבות, וועלכע ליגען הינטער אזעלכע עקסצעסען און פאַרפאָלגונגען, כדי צו געפינען א מעגליכע היילונג דערצו. די אַמעריקאַנער רעגירונג, אזוי ווי איהר ווינשט איז אינספּירירט פון א פריינדליכען פאָרשלאַג צו דינען אַלע עלעמענטען אין נייעם פוילען, קריסטען אזוי ווי אידען. איך בין איבערצייגט אז פון אַלע מיטלען, וואָס וועלען אָנגענומען ווערען צו פאַרלייכטערען די לאַגע פון די אידען, וועלען אויך געניסען די איבעריגע טייל פון דער באַפעלקערונג, און או — פאַרקעהרט, יעדע זאַך, וואָס וועט געטאָן ווערען פאַר דעם אַלגעמיינעם וואוילשטאַנד פון פוילען אַלס גאַנצעס, וועט אויך זיין פאַר"ן גוטען פון דער אידישער ראַסע. איך בין זיכער, אז די מיטגלידער פון אייער מיסיע וועלען צוטרעטען צו דער זאַך אין ריכטיגען גייסט, פריי צו פאַראורטיילען אין דער אָדער יענער זייט און איבערפילט מיט"ן פאַרלאַנג פון ענטדעקען דעם אמת און געפינען קאָנסטרוקטיווע מיטלען צו פאַרבעסערען די לאַגע, אין וועלכער עס זענען פאַראינטערעסירט אַלע פריינד פון פוילען".

2. די מיסיע איז אָנגעקומען קיין וואַרשאַ דעם 13־טען יולי, 1919, און געבליבען אין פוילען ביז דעם 13־טען סעפּטעמבער, 1919. עס זענען באַזוכט געוואָרען אַלע פּלעצער, וואו עס זענען פאָרגעקומען די הויפּט עקסצעסען. אויסער דעם האָט די מיסיע אויך שטודירט די עקאָנאָמישע און סאָציאַלע באַדינגונגען אין אזעלכע פּלעצער ווי לאָדז, קראָקוי, גראָדנאָ, פּויזען, כעלם, לובלין און סטאַניסלאַוו דורכפאָהרענדיג מיט"ן אויטאָמאָביל איבער 2500 מייל דורך רוסיש, עסטרייכיש און דייטש פוילען, איז די מיסיע אויך געקומען אין נאָהענטער באַריהרונג מיט די איינוואוינער פון די קליינע שטעדטלאַך און דערפער. כדי זיך געהעריג צו באַקענען מיט די איצטיגע קולטורעלע און סאָציאַלע באַדינגונגען, האָט די מיסיע אויך באַזוכט ערציהונגס־ אינסטיטוציעס, ביבליאָטעקען, שפּיטאָלען, מוזעאומס, קונסט גאַלעריען, יתומים־אַנשטאַלטען און טורמעס.

3. די אויספאָרשונגען פון די עקסצעסען זענען געמאַכט געוואָרען מעהרסטענס אין דער אָנוועזענהייט פון פאָרשטעהער פון דער פּוילישער רעגירונג און אידישע קהלות. אין פילע פעלע זענען אויך אָנוועזענד געוועזען מיליטערישע און ציווילע בעאַמטע און, וואו מעגליך, זענען אויך אויסגעפאָרשט געוואָרען די בעאַמטע, וואָס האָבען געהאַלטען די קאָמאַנדע אין דער צייט, ווען די עקסצעסען זענען פאָרגעקומען. אין דער אַרבייט האָבען די פּוילישע רעגירונג און דער אַמעריקאַנער מיניסטער קיין פוילען, היו גיבסאָן, געהאָלפען דער קאָמיסיע מיט אַלע מעגליכקייטען. דעפּוטאַציעס פון אַלערליי אָרגאַניזאַציעס זענען אויפגענומען און אויסגעהערט געוואָרען. א [illegible] צאָהל עפענטליכע מיטינגען און פאַרזאַמלונגען זענען באַזוכט געוואָרען, און די מיסיע האָט זיך באַמיהט צו קריגען א קאָרעקטען איינדרוק פון דעם, וואָס האָט פּאַסירט, פון דעם איצטיגען גייסטיגען צושטאַנד פון דעם עולם און פון דער שטעלונג וואָס פאַרשיעדענע גרופּען האָבען איינע צו דער אַנדערער.

4. די אידען זענען אַריין אין פוילען אין א גרויסען צאָהל אין פאַרלויף פון צוועלפטען און דרייצעהנטען יאָהרהונדערט, ווען זיי האָבען אויסגעוואַנדערט פון דייטשלאַנד און אַנדערע לענדער צוליעב די ביטערע פאַרפאָלגונגען. זייער שפּראַך איז געווען דייטש, וועלכע האָט זיך ביסלעכווייז ענטוויקעלט אין א דייטש־העברעאישען דיאַלעקט, אָדער אידיש. אזוי פאַר דער דאָזיגער עמיגראַציאָן האָבען אין פוילען עקזיסטירט בלויז צוויי קלאַסען (די ערד־אייגענטימער און ערד־אַרבייטער) איז דער אידישער אימיגראַנט געוואָרען דער פּיאָניר אין האַנדעל און פינאַנץ, באַזעצענדיג זיך אין די שטעדט און דערפער, מיט דער צייט איז עס בעקאַנט געוואָרען איבער גאַנץ אייראָפּאַ, אז פוילען איז א פּלאַץ, וואו אידען קענען געפינען רוה און זייער צאָהל איז אַלץ פאַרגרעסערט געוואָרען, א דאַנק די פאַרפאָלגונגען אין מערב אייראָפּאַ. נאָך שפּעטער, אַלס רעזולטאַט פון אידישען גירוש פון רוסלאַנד און דער פאַרשטאַרקונג פון דער „טשערטאַ אָסעדלאָסטי" און פון די מאַי־געזעצען פון 1882, איז זייער צאָהל נאָך מעהר פאַרגרעסערט געוואָרען.

5. נישט קוקענדיג אויף דעם פאַקט, וואָס אידען האָבען אין פוילען געפונען א פרייען פּלאַץ, זענען דאָרט אין פאַרשיעדענע צייטען פאָרגעקומען אַנטי־אידישע באַוועגונגען. די איצטיגע אַנטי־אידישע שטימונג האָט אָנגענומען א קלאָרע פּאָליטישע פאָרם נאָך דער רוסישער רעוואָלוציע פון 1905. די שטימונג האָט דערגרייכט די העכסטע מדרגה אין 1912, ווען די פּוילישע נאַראָדאָווע דעמאָקראַטען האָבען נאָמינירט אַן אַנטיסעמיט צו פאַרטרעטען וואַרשאַ אין דער רוסישער דומאַ און די אידען האָבען אָפּגעגעבען זייערע שטימען פאַר א פּוילישען סאָציאַליסט און געוואונען די וואַהלען. די נאַראָדאָווע־ דעמאָקראַטישע פּאַרטיי האָט דעמאָלט אָנגעהויבען א שטאַרקע אַנטי־סעמיטישע באַוועגונג. אין דער צייט פון דער דייטשער ציוויליזירטער אָקופּאַציע איז די באַוועגונג צייטווייליג איינגעשטילט געוואָרען. צו שלוס פון דער גרויסער מלחמה האָט דער כאַאָטישער און אונגאַטירליכער צושטאַנד, אין וועלכען פוילען האָט זיך געפונען, געשאַפען א גוטען באָדען פאַר סאָציאַלע אומרוהען, וועלכע, צוזאַמען מיט דער שטימונג פאַר נאַציאָנאַלער זעלבסטבאַשטימונג, וואָס האָט זיך פאַרשטאַרקט אין דער וועלט, האָבען פאַרשאַרפט די געפיהלען צווישען די אידישע און ניט־אידישע עלעמענטען.

די שאָוויניסטישע רעאַקציע, וואָס איז באַשאַפען געוואָרען דורך דער דערגרייכונג פון א לאַנג־ אויסגעהאָפטער פרייהייט, האָט צייטיג געמאַכט די געזעלשאַפטליכע מיינונג פאַר א שטימונג געגען אידען און געגען פרעמדע, און דאָס איז שטאַרק פּראָפּאַגאַנדירט געוואָרען פון דער פּרעסע און פּאָליטישענס. דאָס האָט ענדליך ערמוטיגט צו פיזישע מאַניפעסטאַציעס אָדער ברוטאַלע אויסברוכען פון א אומבאַשטימטער סאָציאַלער לאַגע.

6. ווען אין נאָוועמבער, 1918 האָבען די עסטרייכישע און דייטשע אָקופּאַציאָנס־אַרמעען פאַרלאָזט פוילען, איז דאָרט קיין שטאַרקע רעגירונג נישט געווען, ביז עס איז אָנגעקומען גענעראַל פּילסודסקי, וועלכער איז אַנטלאָפען פון א דייטשער געפענגניס, און אין פאַרלויף פון אָט דעם פּעריאָד, איידער די פּוילישע רעפּובליק איז באַשאַפען געוואָרען, זענען עס פאָרגעקומען די ערשטע עקסצעסען. דעם געברויך פון וואָרט „פּאָגראָם" ווערט מיט א כיון אויסגעמיטען, ווייל דאָס וואָרט באַרופט זיך אויף אַלץ, פון קליינע פאַרברעכענס ביז פאַראויס־ אויסגערעכענטע און גרינדליך אָרגאַניזירטע שחיטות. קיין באַשטימטע דעפיניציעס קען אין אַלגעמיין נישט גענוי פאַרשטאַנען ווערען. עס זענען פאָרגעקומען אַכט הויפּט־עקסצעסען, וועלכע זענען דאָ באַשריעבען אין כראָנאָלאָגישער אָרדנונג:

(פאָרטזעצונג פאָלגט)



# א שרייבער מיט א שויב

(סקיצע)

פון מרים קאַרפּילאָוו

טאָג איין, טאָג אויס איז ער ביים פענסטער וואָס מיט"ן צובראָכענעם שויב געזעסען און זיך פון קעלט אין דרייען געבויגען.

טאָג איין, טאָג אויס איז ער צום מענעדזשער פון דער צייטונג אין אָפיס געגאַנגען, זיך ביי איהם געבעטען ער זאָל א גאַנצען שויב אויפ׳ן אָרט פון צובראָכענעם אַריינשטעלען. און ס׳האָט ניט געהאָלפען. דער מענעדזשער האָט געזאָגט, דאָס ערשטענס האָט ע ר מיט שויבען גאָר נישט צו טאָן. און אז ס׳איז א י ה ם קאַלט, זאָל ער זיך וואַרימער אָנטאָן. און אז ס׳בלאָזט א ביסעל, איז אויך נים אזוי געפעהרליך, זאָל ער בעסער די גאַנצע "ווינדאָו" עפענען, אסור אויב א ביסעל מעהר פרישע לופט וועט איהם שאַדען! אדרבה, ס׳וועט איהם נאָך געזינטער מאַכען. אויב ער קען עס אָבער דורכאויס ניט פערליידען, זאָל ער עס פאַרקלעפּען מיט א פּייפּער אָדער פאַרשטעלען מיט א ברעטעל. נאָר זאָל ער איהם, דעם מענעדזשער, מיט אזעלכע זאַכען נים באָדערען. ער האָט וויכטיגערע זאַכען צו־אַטענדען.

די רעדאַקציע איז געווען א פּראָווינציעלע, זי האָט פון קיין גרויס שטאָטיגע איינריכטונגען נים געוואוסט און, פון עקאָנאָמיע וועגען, נים געוואָלט וויסען. דער אַרויסגעבער פון דער צייטונג, א גאַנץ רייכער, האָט די שרייבער זיינע דוקא אַן אָרימען געהאַלט געגעבען. און א „מאַסטער" האָט מען ביי איהם באַדאַרפט זיין „נאַ ווסיע רוקי". איינער האָט בעדאַרפט קענען אָנשרייבען א מעשה, מאַכען אַן אַרטיקעל, אָפּגעבען א באַריכט, צונויפשטעלען אַן אַדווערטייזמענט, מאַכען א שטיקעל נייעס און שרייבען א קאָרעספּאָנדענץ אַלץ האָט ער באַדאַרפט קענען!

דער שרייבער וואָס איז ביים פענסטער מיט"ן צובראָכענעם שויב געזעסען, האָט שוין אַלץ געקענט, אָבער ווייל די צובראָכענע שויב האָט איהם זעהר נערוועז געמאַכט, האָט ער גאָר נישט געטאָן. ער האָט זיך נאָר געערגערט. פאַר וואָס דער ווינד בלאָזט אויף איהם און איז כסדר געלאָפען די טיר פון רעדאַקציע (וואָס איז אַנטקעגען פענסטער געווען) גיכער צומאַכען, אז קיין צוג־ווינד זאָל איהם נים כאַפּען.

— איהר׳ט זעהן, האָט ער צו די איבעריגע שרייבער מיט גאַל געזאָגט, איהר וועט זעהן, אז אָט די צובראָכענע שויב וועט מיך אַוועק׳הרג׳ענען. איך בין א שוואַכער, א נערוועזער מענש און אָט די רעדאַקציע וועט מיין קבר זיין.

— איהר׳ט נאָך לעבען און לעבען, — האָבען איהם די מיטאַרבייטער געטרייסט. — ס׳וועט אייך גאָר נישט זיין.

ער האָט אָבער גע׳טענה׳ט, אז ס׳וועט איהם יאָ זיין און באַשלאָסען צו מאַכען אַן אָנשטרענגונג: אויף זיין אייגענעם חשבון א שויב אין דעם פענסטער אַריינשטעלען.

אזוי גיך ווי ער האָט די שויב אַריינגעשטעלט, האָבען ענדערונגען אין רעדאַקציע גענומען פאָרקומען.

עס האָט נים לאַנג גענומען און די ענדערונגען האָבען זיך אויף דעם בע׳שויבטען שוין שרייבער נים צום גוטען אָפּגערופען: מען האָט איהם געהייסען מעהר ווי ביז דער צייט, אויף אַלע געביטען צו שאַפען. זיין שוואַכער געזונד האָט עס איהם נים ערלויבט, און מ׳האָט איהם געלאָזט וויסען, דאָס מען מוז איהם פון זיין דזשאָב ענטזאָגען.

ער האָט נים געוואָלט מ׳זאָל איהם אָפּזאָגען; ער האָט געוואָלט רעזיגנירען. האָט מען איהם געלאָזט רעזיגנירען, און איידער ער האָט איינגאַנצען אָפּגערעזיגנירט, איז ער אַריין צום מענעדזשער און אין טיר פון זיין אָפיס ווי א ביין אין האַלז שטעהן געבליבען.

— וואָס פאַרלאַנגט איהר? — האָט איהם דער מענעדזשער געפרעגט.

— איך פאַרלאַנג, האָט ער געזאָגט,— איהר זאָלט מיר פאַר דעם שויב באַצאָהלען.

— וועלכע שויב, וואָס"ער שויב ! ?

— האָט איהם דער מענעדזשער אָנגעקוקט.

— אָט די שויב וואָס איך האָב אין אייער פענסטער אַריינגעשטעלט.

— ווער׳ס אייך געבעטען אַריינשטעלען?

— וואָס הייסט ווער? — יענע איז געווען צעבראָכען, האָב איך דאָך געמוזט א גאַנצע אַריינשטעלען.

— איז אז איהר האָט ג ע מ ו ז ט, טאָ וואָס ווילט איהר פון מיר האָבען?

— איהר זאָלט מיר פאַר דער שויב דאָס געלד אומקעהרען. ס׳קומט מיר.

— ס׳האָט אייך נאָר געקומט פאַר אייער אַרבייט. שויבען — איז נים אייער ביזנעס ביי אונז אַריינצושטעלען, — האָט איהם דער מענעדזשער שטרענג געזאָגט — און, באָדערט אונז נים. מיר האָבען וויכטיגערע זאַכען צו אַטענדען!

— איהר זאָלט מיר פאַר׳ן שויב דאָס געלד אַרויסגעבען ! — האָט שוין דער שרייבער הויך געפאָדערט. — ווען נים—

— ווען נים ? —

— ווען נים — — וועט איהר שוין זעהן וואָס איך וועל טאָן! און דאָס זאָגענדיג, איז ער צום פענסטער וואָס מיט זיין שויב צוגעלאָפען, האָט זי געוואָלט צעברעכען, נאָר ער האָט זיך באַטראַכט, זיין כעס איינגעשטילט, די שויב פאָרזיכטיג אַרויסגענומען, זי מיט א גרויסען פּאַפּיער אַרומגעוויקעלט און מיט זיך אַוועקגעטראָגען

לציס זאָגען, דאָס די רעדאַקציע האָט י א ק ב י דאָס געלד אַליין אַריינצושטעלען א שויב געוואָלט פאַרשפּאָרען, און האָט צוריק דעם מיטאַרבייטער מיט זיין שויב געהייסען רופען..

— — — — — — —

מאָראַל: ברעכט נים קיין שויבען, נאָר נעהמט זיי אַרויס גאַנצע, וועט איהר זיי נאָך אַמאָל צוריק קענען אַריינשטעלען..

# דער קאַמף פון די דעטראָיטער ראַדי־קאַלען איבער די האַוז און די מעסס.

פון י. פינקעלשטיין.

די פאַרביטערטע שנאה צווישען די דעטראָיטער "רעכטע" און "לינקע", אָדער בעסער געזאָגט איצטיגע סאָציאַליסטען און קאָמוניסטען האָט זיך פאַר די לעצטע פאַר וואָכען צופלאַקערט מיט נייער קראַפט. די אורזאַכע פון דעם איצטיגען קאַמף איז אָבער ווייט פון צו זיין א ריין פּרינציפּיעלע אַנשטאָט פריהערדיגע מיינונגס פאַרשיעדענהייטען איבער פּראָגראַמען און טאַקטיק איז גאָר דער צענטער פון איצטיגען קאַמף „די האַוז אָף די מעסעס" די הויז אין וועלכער די קאָמוניסטען האָבען פאַר די לעצטע פאַר חדשים אָנגעפיהרט זייער פּאַרטיי־טעטיגקייט. אונגעפעהר מיט א יאָהר און א האַלב צוריק האָבען די מיטגליעדער פון דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי געקויפט די דאָזיגע בילדינג. די מלחמה פאַרפאָלגונגען פון איין זייט און פון דער צווייטער זייט די מורא פון די קאָנסערוואַטיווע האָל קיפּערס צו פאַרדינגען זייערע האָלס פאַר ראַדיקאַלע אונטערנעהמונגען האָט באַוואויגען די סאָציאַליסטישע פּאַרטיי צו באַזאָרגען זיך מיט אַן אייגענער היים. אַן אָרגאַניזאַציע מיט דעם נאָמען „ווארקערס עדיוקיישאָנאַל עלייענס" איז דאַן געגרינדעט געוואָרען פאַר דיזען צוועק, א טשאַרטער איז אַרויסגענומען געוואָרען און אין א [illegible] קורצער צייט האָט די סאָציאַליסטישע פּאַרטיי אַרויסגעלאָזט שערס, וועלכע זיינען ווילינג געקויפט געוואָרען פון אַלע אַרבייטער אָרגאַניזאַציאָנען און אויך יחידים.

געזאָלט האָט די האַוז אָף מעסעס זיין א היים פון אַלע ראַדיקאַלע אָרגאַניזאַציאָנען אָהן אונטערשיעד פון פּאַרטיי צי ריכטונג. געזאָלט האָט די הויז זיין א צענטער פון אַרבייטער ליכט און בילדונג... אויסגעלאָזט האָט זיך עס אָבער גאַנץ אַנדערש.

די טרויעריגע שפּאַלטונג אין די סאָציאַליסטישע רייהען פון אַמעריקאַ מיט אַן אַכט חדשים צוריק האָט אויך דעטראָיט דערגרייכט און דער קאַמף האָט זיך צופלאַקערט. ווי א קאָרטען שטיבעל זיינען די ערשטע פאַרזוכען פון נוצליכער קאָנסטרוקטיווער אַרבייט צופאַלען, און די נעכטיגע טרוימער פון אַן אייגענער היים, האָבען זיך אָנגעפאַנגען אַרומצוזידלען, זידלען איינער דעם צווייטען און באַליידיגען מיט שענדליכע נעמען.

די "לינקע" דאָס הייסט די איצטיגע קאָמוניסטען זיינען דאַן געווען א מאַיאָריטעט און נאַטירליך זיינען זיי געווען די וואָס האָבען ממילא איבערגענומען די ממשלה איבער דער הויז, און רעגירט די אינסטיטושאָן לויט דעם שולחן ערוך פון "דיקטאַטור פון פּראָלעטאַריאַט" ווי זיי האָבען דאָס וואָרט פאַרשטאַנען.

אז געכטיגע חברים און גענאָסען זאָל מען נים פאַרדינגען קיין האָל פאַר מיטינגען, ווייל זיי זיינען כלומרשט פּרינציפּיעלע געגנער און שונאים פון דער רעוואָלוציאָן, איז דאַן געווען א געוועהנליכע זאַך; יעדער, ווער עס האָט נאָר נים געגלויבט אז די קאָמוניסטישע תורה איז די איינציגע אמת"ע תורה, האָט קיין שאַנס נים געהאַט אז זיין מיינונג זאָל טאָלערירט ווערען. די רוסישע ברענטשעס זיינען געווען די הערשענדע מאַכט אין "האַוז אָף די מעסעס", און וואָס לענין זאָל האָבען געזאָגט צו נים געזאָגט, דאָרט אין רוסלאַנד, איז דאָ צעהנפאַך שטרענגער און מיט מער התמדה דורכגעפיהרט געוואָרען. עס איז געקומען א צייט ווען פאַר קיין מעסיגען סאָציאַליסט איז קיין אַנדער נאָמען נים געווען ווי שיידעמאַן, נאָסקע און נאָך אזוינע צאַצקענדיגע נעמען, אונטער דעם פייער פון אזאַ זיגלאָזען האַס, איז פאַרשטענדליך געווען, דאָס פילע פאַרניכטיגע סאָציאַליסטען, צווישען וועלכע עס זיינען אגב אורחא געווען א געוויסע צאָהל וואָס זיינען אין גרונד איינשטימיג מיט די קאָמוניסטען, זאָלען זיך אָדער איינגאַנצען צוריקציהען פון וועלכער ס"איז טעטיגקייט, אָדער אַריבערפּעקלען זיך אין לייבאָר ליי־סעאום, וואו די לופט איז נאָך נים געווען אזוי שטיקענד. עס איז געקומען א צייט ווען די מעסיגע סאָציאַליסטען האָבען שוין כמעט איינגאַנצען זיך פאַרגעסען אין דעם הויז און לאַנגזאַם אָנגעפאַנגען ווידער אויפצובויען די צושטערטע רייהען פון דער מיטגליעדערשאַפט נאָך דעם גרויסען שטורם. די לאָזונג פון די פיהרער פון דער דעטראָיטער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי איז געווען "איגנאָרירען" די געגנער ווי ווייט מעגליך און צוטרעטען צו אָרגאַניזאַציאָנס־אַרבייט. און ווירקליך האָט די דאָזיגע לאָזונג געווירקט. אויב מען האָט נאָך אין יענער צייט נים געקאָנט פיעל אָנצייגען אין

פאָרטזעצונג אויף פּייזש 6.

# The Weg

# דער וועג

THE DETROIT JEWISH DAILY

די איינציגע אידישע טעגליכע צייטונג אין מישיגאן סטייט

ערשיינט יעדען פריהמארגען אויסער שבת, דורך דער

וועג פאבלישינג קאמפאני, אינקארפארייטעד

הויפט אפיס: 347-49 הייסטינגס סטריט, דעטראיט, מיש. טעלעפאן: מעין 3715

דעטראיט, 25טער יאנואר, 1920


## ווי אזוי מען דערקענט די נאטור פון די קינדער ביי די שפילעריי

פון ב. י. ג—ן

אינ'ם פרייטאג'דיגען ארטיקעל אויף דעם זעלבען פלאץ האב איך גע־שריבען וועגען דער גוטער ווירקונג וואס די געזעלשאפטליכע שפילעריי האט אויף די קינדער גופא, סיי פון געזונדם שטאנדפונקט און סיי פון מא־ראלישען שטאנדפונקט.

וויכטיגער זיינען נאך די דאזיגע געזעלשאפטליכע שפילעריי פאר די לעהרער, פעדאגאגען און ערציהער. ביי אט די שפילעריי האבען די לעה־רער די בעסטע מעגליכקייט צו שטודירען די טבע, דעם כאראקטער פון די קינדער.

און דאס רוב לעהרער נוצען טאקע אויס די געלעגענהייט און אלע מאל ווען די קינדער שפילען, שטעהען זיי פון ווייטענס און שטודירען זיי.

ווארים ביי אזעלכע שפילען ווייזט דאס קינד ארויס זיין אינדיווידוא־ליטעט, זיינע אינערליכע נייגונגען, זיין גאנצע נשמה און פון וואס און ביי וואס זי רעגט זיך און פלאטערט.

און נישט נאר פון די געזעלשאפטליכע קינדערשע שפילעריי קען דער לעהרער דערקענען דעם קינדס נשמה און זיין כאראקטער, נאר אפילו פון די אינדיווידועלע, ד. ה. פון די שפילעריי, מיט וועלכע דאס קינד איז פאר־טאן און פאראינטערעסירט ביחידות, אין דער איינזאמקייט.

מען דערציילט למשל אז דער ערפינדער פון דאמפף מאשינען, פלעגט אין זיין קינדהייט תמיד זיין פאראינטערעסירט מיט די טעפ און טשאיני־קעס וואס האבען געקאכט אויף דעם אויווען. ער האט זיך נישט געקענט אפרייסען פון א קאכענדיגען טעפעל. וויפיעל מען האט איהם נישט געבעטען ער זאל אוועקגעהן פון אויווען, האט מען ביי איהם נישט געקענט פועלן.

וועלכע מוטער וועט עס דען לאזען איהר קינד שטעהן ביים אויווען? האט טאקע דזשיימס וואט'ס מאמע (אייגענטליך נישט קיין מאמע, נאר א טאנטע) איהם געטריבען פון קיך: „געה ארויס פון דאנען וועסט זיך נאך ווען ס'ניט אפ'שרפ'ענען".

האט מען איהם ארויסגעטריבען אויף א מינוט, און אבי זיין ערציהער־רין האט זיך נאר פארקוקט אויף א רג ע', איז ער שוין ווידער געווען ביי די טעפ. האט געהייבען די פאקרישקעס און זיך צוגעקוקט ווי עס קאכט דאס וואסער, ווי עס זעצט די פארע און ווי עס זידט און שוימט.

א פארשטענדיגער לעהרער, פעדאגאג וואלט דעמאלט נאך געוועזען פאר־שטאנען אז דעם אינגעל אינטערעסירט דער דאמפף.

דאס אידישע וואונדער אינגעל, דזשיימס סידיס, פון פילאדעלפיע האט אין זיין קינדהייט זיך געריסען צו ביכער. ער האט געקענט אפזיצען שעות לאנג און קוקען אויף איין בלעטעל און דאס נישט איבערמישען. איהם האט געצויגען צו די קליינינקע אותיות'לעך, וועלכע זיינען איהם אזוי ווילד בעקאנט געווען.

דארווין דער גרעסטער נאטור פארשער פלעגט אין זיין פריהער יוגענד פאר־בירען אפצופארבען די ערד אין גארטען מיט רויטער אדער בלויער פארב. עס האט זיך איהם רק אויסגעוויזען, אז ווי אזוי די ערד וועט געפארבט זיין אזא קאליר גראז וועט די ארויסגעבען. רויטע פארב — וועט מן הסתם וואקסען רויטע גראז.

דערפאר וואקסט דאס גראז גרין — האט ער אמאל געזאגט צו זיינעם א חבר — ווייל אימיצער האט אמאל די ערד באגאסען מיט גרינער פארב.

און עס האט איהם שוין געצויגען צום פארשען און צום מאכען פאר־שידענע־ערליי עקספערימענטען.

דער פעהיגער לעהרער וואלט באלד דערקענט אז ער וואקסט מיט א נייגונג אדער טאלאנט צו אזא וויסענשאפט־צווייג.

אין דער שפיל קען דער מבין פארשטעהן די נאטור, די פעהיגקייט און די נייגונגען פון דעם קינד.

נאך א מעלה איז פאראן פונ'ם לעהרער'ס צוקוקען זיך צו דער קינדער שפיעל, און נעמליך: די קינדער ווערען נאהענט און פריינדליך צו איהם, ווען עלטערען זאלען זיין מיט זייערע קינדער ביי זייערע שפילעריי און מאכע נעהמען אמאל אן אנטייל, ווען נייטיג, וועלען זיי ביי זייערע קינדער שטארק נושא חן זיין, און וועלען געווינען די קינדערס צוטרוי. די קינדער וועלען זיי באטראכטען ווי פריינד, חברים.

נאטירליך איז די בעסטע שפיעל די, וואס פאדערט גימנאסטיק, ווי לויפען, גליטשען זיך, „סקייטינג", פייסיקעל־פאהרען, אדער שליטלען זיך.

די ווינטער טעג זיינען א תענוג פאר די קינדער.

די שליטענס, דאס גליטשען זיך, אדער לויפען מיט די גליטש־שעסערס, צי אפילו דאס טאפטשען אין שנעע איז א סך געזונדער ווי די בעסטע מאכלים און ווי די בעסטע משקאות.

די געזונדע ווינטער לופט איז נויטווענדיג צו דער ענטוויקלונג פון די לונגען.

גליטשען זיך, ווי „סקייטינג" למשל, קרעפטיגט די מוסקולען פון די פיס און מען פארהיט דערמיט א סך קראנקהייטען און שוואכקייט פון די פיס און פונ'ם גאנצען קערפער.

איך ווידערהאל דאס נאכאמאל, ווייל איך ווייס אז עס זיינען פארהאן א סך אידישע עלטערען וואס ווילען זייערע קינדער נישט לאזען אין די קאלטע טעג אויף דער גאס. זיי האלטען זיי אין די הויזער, אנגעהייצטע חדרים ביי די אויווענס.

זאל מען זשע וויסען אז די שטוב איז טויזענד מאל מעהר דושנע, אומ־ריין און אומגעזונד אום ווינטער איידער אום זומער.

זאלען די עלטערען האבען איין כלל:

וואס ווייניגער שטוב און וואס מעהר גאס.

דאס איז א כלל פאר אלע מאל. מעהר אבער דארף דער כלל גילטען פאר ווינטער. יעדער שפיעל אום ווינטער איז גוט און געזונד פאר די יונגע קינ־דער. אדרבה ערמוטיגט אייערע קינדער צו לויפען און צו גליטשען זיך און צו געניסען אלע פארגעניגענס וואס דער ווינטער פארמאגט.

## איינזאמע מענשען

### א

די געסט זענען שוין אלע געווען פאר־זאמעלט ביי דר. נאטאנזאן אין עס־צי־מער, האבען צווישען זיך גערעדט און זיך געוויצעלט. דאס גאנצע הויז איז געווען יום טוב'דיג באלויכטען און אילומינירט לכבוד דער „סורפרייז פארטי", וואס דר. נאטאנזאן האט צוגעגרייט פאר זיין פרוי, נינא, אהן איהר וויסען.

אלע מאל האט דער טיר־גלאק מיט א געפילדער אנגעקלונגען, און מערי דאס דינסט־מיידעל, פלעגט א פארוויטעלטע ארייגלויפען פארשעהמט פון א זייטיג־צימער, זיך דורכשארען ארום די ווענט, זיך באמיהענדיג ניט אנצוריהרען קיינעם פון די געסט, ווי זיי וואלטע געווען אויס־געגאסען פון גלאז, און ארונטערלויפען די שטיגע, צוריקקומענדיג אלע מאל מיט א בוקעט פרישע, שמעקענדיגע בלומען, אדער א קעסטעל שאקאלאד.

דאס פרישע פעקעל פלעגט אויפוועקען אלעמענס נייגעריגקייט און די געסט פלע־גען אלע אנשפיצען מויל און אויערען און צו געהן באטראכטען דעם נייעם געשאנק וואס פרוי נאטאנזאן האט באקומען.

דער טיש איז געווען געגרייכט, מיט א שנעע־קלאהרען טישטוך, אנגעשטעלט מיט אלערליי געבעקס און געטראנקען. אין דער מיט'ן האט ארויסגעשיינט א בוקעט רוי־טע רויזען, געשמאקפול אראנזשירט.

עס איז שוין געווען ארום צעהן דער זייגער, און דר. נאטאנזאן, א הויכער, א מאגערער, מיט איינגעפאלענע באקען, לאנגע וואנסען, און שטארקע, שווארצע ברעמען, זעהר ערנסט און צוטומעלט איז אומגעלאפען פון איין גרופע געסט צו דער אנדערער, און נאסט פריינדליך, איינער טראקטירט מיט סיגארעטען, א צווייטען געבעטען זיצען, האט זיך באמיהעט צו זיין זעהר רוהיג, אבער אויף זיין פנים איז גע־ווען צו לעזען א באהאלטענע שרעק.

— און די מחותנת'טע אליין, וואו איז?

— האט לאסקין, איינער פון די געסט, דעם דאקטאר'ס און אלטער בעקאנטער א פרעג געגעבען, און ווייטער גערעדט:

— עס איז דאך שוין עלף דער זייגער, ווען וועט מען אביסעל פארברענגען, און איך בין נאך ניט קיין געגעסענער פון צוועלף אזייגער אן!

דר. נאטאנזאן, איז נאך מעהר צוטר־ישלט געווארען און אנשטאט צו ענטפע־רען לאסקין'ען אויף זיין פראגע, וואו ני־נא איז, האט ער אנגעהויבען רופען די געסט צום טיש:

— אן איבערראשונג, זאל זיין אן אי־בערראשונג, קומט אלע צום טיש, — מיר וועלען עפעס געמען אין מויל ארייך, אז נינא וועט קומען, זאל זי אונז אלעמען שוין טרעפען פרעהלאך, לעבעדיג, נו, קומט צום טיש!

און דר. נאטאנזאן האט זיך אוועקגע־שטעלט אויבענאן ביי דעם טיש און גע־רופען די געסט צום זעצען זיך.

דער עולם האט אבער ניט געהאט קיין שטארקען חשק.

— דאס איז ניט קיין סורפרייז פארטי — האט לאסקין, א איד, וואס האט זיך ליעב געהאט צו קלינגערען און וויצלען גע־טענה'ט:

— ביי א סורפרייז פארטי פיהרט זיך, אז די געסט פארזאמלען זיך, נאכדעם ווי מען שיקט ארויס דעם פערזאן וואס מען וויל סורפרייזען, כדי עס זאל הייסען, אז ער ווייסט גאר ניט... אבער דער פערזאן אליין איז זעהר נייגעריג און קומט באלד צוריק.

אוי שנעל ווי ער דארף אריינקומען טוען די געסט איהם א טובה, זוערען שטיל לעשען אויס דאס ליכט, און שרעקען איהם איבער מיט א טומעל, א ליארם, אט אזוי מאכט מען איינעם א סורפרייז!

די געסט האבען שטארק אנגעקוואלען ן לאסקין'ס רייד און האבען געלאכט ך אויפ'ן קול.

ד. נאטאנזאן אבער, האט נערוועז גע־... די שפיץ וואנסען, זיך געביסען די הינטערשטע ליפ און אלע מינוט געקוקט אויפ'ן זייגער.

לאסקין, וועלכער פלעגט אפט ארייננקו־מען צו די נאטאנזאנס און האט גוט גע־קענט נינא'ן, האט פארשטאנען, אז דעם דאקטאר איז זעהר ניט אנגענעם וואס נינא איז נאך ניטא. האט זיך דער ער־שטער אוועקגעזעצט צום טיש, זיך אנגע־גאסען א גלעזעלע קאניאק און גערופען צו די געסט:

— קומט טאקע צום טיש, ווייל עס ווערט שפעט. אפנים, אז דאס איז טאקע אן אמת'ע סורפרייז פארטי און מרס. נא־טאנזאן ווייסט טאקע ניט, אז זי האט געסט.

נאטאנזאן איז לאסקין'ען געווען אזוי דאנקבאר, און כמעט אריינשטופענדיג א פאר געסט מיט גוואלד צום טיש, האט ער א זאג געגעבען:

— כ'לעבען, זי ווייסט ניט. איך האב איהר געזאגט בייטאג, אז איך וועל היינט קומען שפעט אהיים, און זי קען ארויס־געהן אביסעל.

דער עולם האט געמוזט זיין גוט אויס־געהונגערט, באלד האט עס אנגעהויבען קלינגען מיט די גלעזלאך. אלע האבען שטארק געלויבט דעם קאניאק, און לויט בעגדיג געגומען נאך אביסעל, דער דר. איז געווען פארטראגען רופענדיג צו מע־רי'ן אין קיך ארײן.

— נאך מאסלינעס, מערי נאך ברויט מיט פוטער, נאך קאניאק!

לאסקין האט דערציילט וויצען און אלע האבען געלאכט פון איהם, ווייל ער איז שוין געווען אביסעל אנגעטרונקען.

שטארק געערגערט דערפון האט זיך בלויז די פרוי זייגע, אניוטא, א בלאסע, א הויכע, מיט א גלאנצעדיג פנים, א קרענקליכע, איינגאנצען דער קאנטראסט פון איהר מאן, וואס איז געווען א קור־צער, א דיקער מיט א פארבלאזען פנים און גראבע ליפען.

— לאסקין, האסט שוין איבערגעכאפט די מאס, זאלען שוין דיינע שונאים רע־דען, לאסקין. זעה, דו פלאנטערסט דאך שוין מיט דער צונג!

— נשקשה, ער איז ניט שיכור, לאזט איהם! — האט דאקטאר נאטאנזאן איהם ענטשולדיגט, — דערציילט לאסקין, ענדיג דעם וויץ.

אין קארידאר האבען זיך דערהערט טריט, אלע זענען שטיל געבליבען, ענדליך קומט זי, נינא. צוליעב וועמען אלע זע־נען זיך צונויפגעקומען זי איבערראשען.

— וואס זענט איהר שטיל געבליבען, זינגט, רעדט, לעבעדיג, פריילאך! — האט לאסקין געכאפט א פריש גלעזעל קאניאק, און האט דערנאך דער ערשטער אנגעהויבען זינגען א פריילאכס.

— לאמיר אלע אינאיינעם, אינאיינעם, אינאיינעם... און די געסט האבען אונטער געהאלפען, און צונעפליעסקעט פארענדי־גענדיג:

— נינא'ן מקבל פנים זיין!

עס איז געוואלען לעבעדיג, טומעלדיג, מען האט געפליעסקעט און זיך געהויבען צום טאנצען.

די טיר האט זיך געעפענט און נינא, א הויכע און שלאנק ווי א סטרונע, א ברונע־טע, מי טאווען ברוינע, פייכטע, שמייכ־לענדע, מיט ליפען שטייפע, דינע עטוואס פאנאנדערגעעפענט איז אריינגעקומען, האט אלעמען אפגעמאסטען מיט א שפא־טישען בליק, ניט זאגענדיג קיין ווארט, ציניש א שמייכעל געטאן.

די געסט האבען פארלארען די שטימען, דאס געזאנג איז איבערגעריסען געווארען, און עס האט זיך דערפיהלט ווי מיט ני־נא'ס אריינקומען האט זיך אויף אריינ־גע'גנב'עט א קאלטער ווינט.

דר. נאטאנזאן, א בלאסער האט דאס דער ערשטער דערפיהלט, און איז צוגע־לאפען צו זיין פרוי:

— דו האסט עס ניט ערווארטעט, הא? אן איבערראשונג פאר דיר?

נינא, האט זיך צולאכט.

— פאר וואס עפעס פאר מיר?

זי איז נאך אלץ געשטאנען אין דעם מאנטעל, ווי איינע, וואס פאלט אריין צווישען ווילד־פרעמדע.

לאסקין האט זיך פרובירט וויצלען:

— זעהר שעהן, דאקטארשע, מען קומט צו דער קעגרפעטאריז, טרעפט מען זי ניט אין דער היים!

נינא האט ניט געענטפערט.

די געסט האבען זיך אנגעהויבען לאנג־ווייליגען.

נינא האט נאכלעסיג אראבגעווארפען פון זיך דעם מאנטעל, האט מיטאמאל בא־מערקט די בלומען, איז זי צוגעגאנגען

## (בלעטער פון א פאמיליען־בוך)

י. ל. מאלאטש

צום טישעל, וואו זיי זענען געשטאנען אויסגעשטעלט אין פארשידענע וואזעס, האט דא א גלעט געטאן, דא צוגעלעגט דאס פנים און אריינגעצויגען אין זיך דעם ארמאט, און אן די געסט האט זי זיך איינגאנצען ניט געקימערט. אין זיך האט זי געטראכט:

„זיי האבען דאך געקענט צושיקען די בלומען און אליין בלייבען אין דער היים".

דער עולם האט אנגעהויבען געגעצען. מע האט זיך געפיהלט ווי שולדיג נענען זיך אליין, ווייל געוועהן האבען אלע, אז דער סורפרייז איז ניט אנגעלעגט.

דער דאקטאר האט עטליכע מאל זיך גע־סטארעט צו דערמונטערען דעם עולם, ער זאל טרינקען, זינגען, פארברענגען, עס האט זיך אבער ניט געקלעפט, און בלויז איינמאל האט נינא א פרעג געגעבען:

— פאר וואס פארברענגט איהר ניט?

זי האט דאס אבער געזאגט מיט דעם געוועהנליכען שפאטישען שמייכעלע, אז ס'האט זיך קיינעם ניט געקענט וועלען בלייבען לענגער ביים טיש.

ביים אוועקגעהן האט זיך נאך געטר־מעלט עטליכע מינוט, ביז מערי און דער דאקטאר האבען צונויפגעזוכט אלעמענס הוטלען מיט די מאנטלען.

איינס א זייגער זענען אלע געסט שוין געווען פון יענער זייט טיר.

דער טיש האט אויסגעזעהן ווי נאך א פאגראם. מערי איז אריינגעקומען פון קיך, און האט געוואלט אפראמען, נאר נינא האט שטיל א זאג געטאן:

— לאז דאס אויף נאכן פריה, מערי!

אליין איז זי צוגעגאנגען און אויסגעדרעהט די עלעקטרישע לעמפלאך, לאזענדיג בלויז איין טיש־לאמפ. אין לעזע צימער, זיך אריינגעווארפען אין א ווייכען שאקלע־שטוהל וואס איז געשטאנען אין א ווינקעל און זיך איינגענעסען מיט די אויגען אין די בלומען, וואס האבען ארויסגעקוקט פון צווייטע צימער.

דער דאקטאר האט זי אפגעמאסטען מיט זיין ערנסטען בליק, האט אלעמאל אן עפען געטאן דאס מויל, אבער די שטיל־קייט וואס ס'איז געווארען נאכדעם ווי די געסט זענען זיך צעגאנגען האט ביי איהם ווי אפגענומען דאס לשון, און אן ענטוישטער איז ער געבליבען שטעהן אנט קעגען נינא'ן, וואס איז געזעסען אין שאק־קעל־שטוהל, שטיל, איינזאם ווי אין צי־מער וואלט חוץ איהם דא קיינער ניט גע־ווען.

## דער קאמף פון די רעטראיטער ראדיקאלען איבער די "האוז אף די מעסעס".

פארזעצונג פון פיידוס 5

רונג אין די ראדיקאלע רייהען לאנגזאם אפגעשטעלט געווארען און גאנץ אפט האט זיך גערעכט אז, די וואס האבען געכטען געקעמפט צווישען זיך, וועלען פיליכט מארגען ווידער קעמפען האנד אין האנד פאר זייער געמיינשאפטליכען אידעאל.

דעם שיקזאל, ווי עס ווייזט אויס, האט זיך אבער פארוואל מיט אונזערע דעטראי־טער סאציאליסטישע פיהרער א ביטערען שפאס צו שפיעלען:

ווען ד פאליציי האט אנגעהויבען ארעס־טירען די מיטגליעדער פון דער קאמוניסטי־שער פארטיי און "ראידען" די האוז אף די מעסעס האט זיך דאן די דאזיגע פיהרער פארוואלט דורך אן אינדזשאנקשאן פון א' דעטראיטער רעאקציאנערען דזשאדזש דאס בילדינג צוריק אין זייערע הענט ארייגצוקריגען; די דעטראיטער רעגיר־רונגס משרתים זיינען ווי ווילדע שאקאלען באפאלען די נעסטען פון די קאמוניסטישע מיטגליעדער דאן אין רעזען "פאסענדען" מאמענט האט זיך די סאציאליסטישע פיהרער פארוואלט פון זייערע געגנער די מנחה...

פארלוירענע "ירושה" צוריקקריגען, ניט דורך קיין אנדערען וועג ווי דורך אינ־דזשאנקשאן.

און עס שטעלט זיך א פראגע: גלויבען טאקע די פיהרער פון דער דעטראיטער סא־ציאליסטישער פארטיי אז די האוז אף די מעסעס „דאס שטיק ריעל־עסטייט" צו־ליעב וועלכען זיי שלעפען זיך מיט זייערע געגנער אין קאורטס איז וויכטיגער ווי דער פרעסטיזש פון דער סאציאליסטישער פארטיי אין דעטראיט; גלויבען טאקע די פיהרער אז די גרויסע מיטגליעדערשאפט וועט גוטהייסען אזעלכע אינדזשאנקשאנס אין אזא צייט ווי איצט?

ווען דער שרייבער פון דיזע צייילען, האט געלייענט דעם שענדליכען דאקומענט פון דעם סאציאליסטישען לאיער און וועל־כען ער זוכט צו באווייזען אז זיי (די געג־נער) גלויבען אין רעוואלוציאן און די סא־ציאליסטען פון אינדזשאנקשאן זיינען גע־זעצליעבענדע בירגער, וואס גלויבען אין באלאט און אין רעפארמען, האט ער ערשט דערפיהלט די שאנדע פון דער דאזיגער עקעלהאפטער טראני־קאמעדיע.

דאס דאזיגע שטיקעל ארבייט, אויב עס זאל געשיצט ווערען פון די מיגליעדער פון דער סאציאליסטישער פארטיי, וועט לא־זען א פלעק אויף דיזער ארגאניזאציאן וועלכען עס וועט שווער זיין אפצוואשען אזוי שנעל וואס די טענות פון די סאצי־אליסטישע פיהרער זאלען ניט זיין, ווי גרויס די חטאים וואס זייערע געגנער זיי־נען באגאנגען זאלען זיי ניט זיין — קיין בארעכטיגונג פאר דיזען מעשה ווע־לען זיי ניט, און קענען ני האבען. מיר לע־בען איצט אין א צייטפון גרויסע געשע־העניש; סמנים פון א נאהענטען שטורם מערקען זיך שוין אויף דעם פארוואלקענ־טען הימעל. אין אזא צייט מעהר ווי ווען עס איז, איז נויטיג אז דער געפיהל פון פאראנטוואורטליכקייט זאל ניט פארגעסען ווערען, די מיטגליעדער פון דער סאציא־ליסטישער פארטיי מוזען זעהען גלייך פון דיזער זאנדערבארער אננלעגענהייט אן ענד צו מאכען. וועלען זיי אבער ערלויבען זערע פיהרער ווייטער מיט דער קיים אנצו־געהן, דאן וועט אויף זייערע פלייצעס פא־לען די שווערע לאסט פון אונזערינעם גע־וויסען. אימער וועט זיי פארפאלגען דער קין סימן פון פאררעטער.

## שאטענס פון שפינאזע.

פארזעצונג פון פיידוש 4

שיף דירעקט קיין נארפאלק. (זעהט די „טיים־טעיבעלס!")

האט דער רעווערענד קלמן אויסגעקלי־בען דעם ערשטען וועג — כאטש עס איז ווייניגער באקוועם.

אנרזאכע: פאראן א געוויס ווייבעל אין באלטימאר!

האט רעווערענד קלמן פארבראכט אין באלטימאר שעהנע עטליכע טעג און מערקווירדיג! דאס האט איהם געראטע־וועט פון גרעסטען אומגליק. ווארים די שיף מיט וועלכער ער וואלט געווען אפ־געפאהרען (ווען ער זאל געווען פאהרען נישט דורך באלטימאר) האט זיך גראד אנגעשלאגען אין א פעלז און איז אונטערגעגאנגען, מיט אלע פאר־כאזשירען.

אז דער רעווערענד קלמן האט דאס דערהערט האט ער זיך געווישט די הענט, געבענשט גומל און א גליקליכער, מיט א צעקאמטער, שעהנער בארד, איז ער אוועק צוריק צו זיין ווייב און קינדער, וועלכע האבען זיכער געמיינט, אז ער איז חלילה דערטרונקען געווארען.

אויף דער פראגע פון זיין פרוי, ווי אזוי ער האט זיך געראטעוועט, האט רעווערענד קלמן אויפגעהויבען די אויגען צום הימעל און געענטפערט:

— אונזער גאט האט עס געטאן! לא־מיר איהם דאנקען!

און ער האט זיך געשטעלט דאווענען די מנחה...

## הומאר און וויץ

### געגנוג פאר זיך

**בערל** — העללאו, שמערל, ווי האלט עפעס מיט דיינע פינאנסען?

**שמערל** — גאט זיי דאנק, איך האב וויפיעל איך באדארף.

**בערל** — טו לייה מיר 25 דאלאר אויף א פאר וואכען.

**שמערל** — האסט מיך ניט פאר־שטאנען, איך האב וויפיעל איך באדארף, ניט וויפיעל דו בעדארפסט...

### א שרעקליכער חלום

**שלום** — יאקעלזאהן דער פראצענט־ניק קען ניט איינשלאפען פאר שרעק.

**משולם** — וואס איז דער מעהר מיט איהם?

**שלום** — עס האט זיך איהם איינ־מאל געחלומ"ט אז ער האט צעטיילט א האלב פארמעגען אויף צדקה. יעצט האט ער מורא טאמער וועט זיך איהם חלומ"ען אז ער האט צעטיילט אויך זיין אנדער העלפט פארמעגען און ער וועט ווערען א קבצן.

### א פראקטישע מיידעל

**פאעט** — זאגט מיר, פריילין, ליעבט איהר עפעס דעם גרויסען פאעט היינריך היינע?

**אלטע מויד** — צו וואס? ער איז דאך שוין לאנג טויט!

### אנגענעהם...

**דזשעני** — איך האב געהערט, אז מאקס און סעם האבען זי איבער דיר געקריגענט.

**פעני** — טאקע? עס איז מיר ווירק־ליך אנגענעהם דאס צו הערען. וואס האבען זיי דען געזאגט וועגען מיר?

**דזשעני** — זיי האבען גערופען איי־נער דעם אנדערען אידיאט, מיינענדיג, אז דער אנדערער איז אין דיר פער־ליעבט.

### א זיכערע זאך

**טרייטעל** — זאג מיר, שכנה, דו ביזט דאך א כחם, דענקסטו, אז מיר ווע־רען קריגען ארץ ישראל?

**שכנה** — א שאלה א ביסעל! אז ענגלאנד האט צוגעזאגט וועט זי מסתמא האלטען ווארט.

**טרייטעל** — און וואס וועט זיין אז ענגלאנד וועט חלילה זיך צוריק־ציהען?

**שכנא** — שוטה איינער! דאן וועט דאך ארץ ישראל זיכער בלייבען ביי אונז!

### גוטע הערצער.

**מעני** — זאג מיר, בעני, ערקלעהר דאס מיר: — איך בין נעכטען געווען אויף א באנקעט פון תלמוד תורה האב איך ־ארט געזעהן אידישע ווייבער מיט אזעל־כע דרעסעס וואס דער פראנט איז געווען אויסגעשניטען זעהר טיעף, האב איך זיך פשוט געשעהמט.

**בעני** — נאר איינער! דאס ווילען זיי אז אלע זאלען זעהן דאס זיי האבען גו־טע ריינע כשר'ע הערצער.

### א וואונש

**נעפע** (צו זיין אנקעל) — אנקעל! איך האב געענדיגט קאלעדזש. איך בין שוין א דאקטאר.

**אנקעל** — אויב אזוי ווינש איך דיר א קרענק זאל עס אנקומען צו דיר.

### א געטרייער פאטער.

ביי א ברית מילה האט דער מוהל, מאכענדיג דעם קינד מי שברך, געפרעגט דעם פאטער, וואס פאר א נאמען ער וויל זיין נייגעבארענעם זוהן געבען. דער פא־טער האט גלייך געזאגט: „משה־חיים־יעקב־שמואל־אפרים".

— נאך וואס אזוי פיעל? — וואונ־דערט זיך דער מוהל.

— איך וועל אייך זאגען — מאכט דער פאטער, — איך בין א איד אן ארי־מאן, קיין גרויס פארמעגען קען איך מיין זוהן נישט געבען, ווייל איך כאטש מאכען א גרויסען נאמען.

### צופיעל סימנים טויג שוין ניט

ביי א איד א למדן אז די פרוי זיינע האט געבוירען א מיידעל, האט ער גע־זאגט „בת תחילה סימן יפה לבנים", אז עס ווערט צוערשט געבוירען א מיידעל איז א גוטער סימן אויף זיהן. נאכדעם אז זי האט דאס צווייטע מאל אויך גע־בוירען א מיידעל, האט ער געזאגט אז איין סימן איז גוט איז צוויי נאך בעסער. אבער אז זי האט שוין צום דריטען מאל געבוירען א מיידעל, האט ער געזאגט: „איך האב שוין מורא פאר ר' יהודה'ס סימנים".

The only Jewish Paper Printed in Michigan

Published Daily by DER WEG PUBLISHING CO.

# דער וועג

The Detroit Jewish Daily

די איינציגע אידישע צייטונג געדרוקט אין מישיגאן סטייט

1447-49 HASTINGS STREET
Telephone: Main 2719

Published and distributed under permit No. 719 authorized by the Act of October 6, 1917, on file at the Post Office of Detroit Michigan. By order of the President, A. S. Burleson, Postmaster General.

PRICE 2c. DETROIT, MICH., Monday, January 26th, 1920 Vol. 1, No 197 מאנטאג, יאנ. 26, 1920

# אמעריקאנער געשעפטס לייטע פאדערן פון סטייט דעפארטמענט דאס רעכט צוהאנדלען מיט סאוועט רוסלאנד

## ווילסאן, „סעקרעטארי און לייבאר" געגען דער קאמוניסטישער פארטיי

וואשינגטאן, יאנ. 25. — נעכטען האט „סעקרעטארי און לייבאר" מר. ווילסאן ארויסגעגעבען זיין באשלוס וועגען דער קאמוניסטישער פארטיי אין אמעריקא.

ווי באוואוסט, האט מען צו איהם זיך באקלאגט, דאס די איבערפאלען אויף די קאמוניסטישע ארגאניזאציעס איבער אמעריקא, זענען נים געווען געזעצליך, און מ'האט פון איהם פארלאנגט ער זאל זעהן אפשטעלען די אונגעזעצליכע טעטיגקייט פון יוסטיץ דעפארטמענט. מר. ווילסאן איז דאס דער, וואס גיט ארוים דער ענט־גילטיגען באשלוס וועגען דעפארטירען פרעמדע ראדיקאלען. מיט א פאר טעג צו־ריק איז ארויסגעטראטען דער סעקרעטארי ווילסאן געגען פאלמער'ן פאר זיין איבער־געאיילטע ארעסטען פון ראדיקאלען. ער האט זיך אפילו ארויסגעזאגט, דאס דיא גרעסטע צאהל פון די ארויסגעשיקטע אויף דער „ביפארד" זענען געווען אומ־שולדיג. מען האט דארום ערווארט, דאס זיין באשלוס וועגען דער קאמוניסטישער פארטיי וועט זיין גינסטיג פאר די ארעס־טירטע. אויסגעלאזען האט זיך אבער גאר אנדערש.

מר. ווילסאן אין זיין באשלוס ערקלערט די קאמוניסטישע פארטיי פאר א רעוואָ־לוציאנערע ארגאניזאציע, וועלכע וויל מיט גוואלט־מיטלען אונטערגראבען די עקזיס־טירענדע ארדנונג זי איז נים קיין פאלי־טישע פארטיי, לויט זיין מיינונג און איה־רע פרעמדע מיטגליעדער קענען, לויט'ן בוכשטאב פון געזעץ, ארויסגעשיקט ווערען פון לאנד.

דער באשלוס פון מר. ווילסאן איז גע־קומען צוליעב א קלאגע צו איהם פון א עסטרייכישען בירגער, וועלכער איז ארעס־טירט געווארען צוליעב זיין באלאנגען צו דער קאמוניסטישער פארטיי.

דער נאמען פון'ם ארעסטירטען איז ענגעלברערט פרייז.

### טשורטשיל וויל נאכמאן אמע־ריקא און דעפארטירען פרעמדע ראדיקאלען.

לאנדאן, יאנ. 25. ווינסטאן שורשיל געוועזענער ליבעראלער אנפיהרער און איצט קריגס־מיניסטער און לאיד דזשארדזש קאבינעט, שרייבט אין דער „לאנדאנער, פון דער אמעריקאנער רעגירונג און פאר „סאנדעי העראלד" וועגען דער טאקטיק פאלגען די ראדיקאלע באוועגונג אין לאנד. ער שטימט איין מיט דער וואשינגטאָ־נער אדמיניסטראציע און איהר דעפארטי־רען פרעמדע ראדיקאלען און שלאגט פאר דאס ענגלאנד זאל אויך אננעהמען די זעל־בע מיטלען געגען איהרע, „פרעמדע אונ־געווינשטע".

"די ראזיגע טאקטיק — זאגט דער קריגס־מיניסטער איז די אמת"ע רפואה, און וואו נאר מ"האט זי אנגעווענדעט איז זי געווען זעהר ערפאלגרייך".

ווינסטאן שווירשיל איז אין ענגלאנד פאררעכענט אלס דער גרעסטער שונא פון דער רוסישער סאוועטען רעגיערונג. ע איז דער וואס שטיצט איצט אונטער די אוים־געלאזענע געפאהר פאר פוילען פון דעם אלשעוויסטישען מארש. ער ווערט איצט פון אלע ליבעראלע קרייזען באטראכט אלס עאקציאנער, און דארום איז נים קיין וואונדער וואס ער איז אזוי צופרידען פון דער היסטעריק, וואס הערשט איצט אין אמעריקא וועגען דער ראדיקאלער געפאהר

מ'רעכנט אבער דאס צוליעב דער שטאר־קער ארבייטער באוועגונג דא אין ענגלאנד וועט די רעגיערונג זיך נים צוהערען צו די עצות פון איהר קריגס מיניסטער.

וואשינגטאן, יאנ. 25. — אויף א מי־טינג פון דער אמעריקאנער און רוסישע ביזנעסלייטע אסאסיאיישאן איז דיסקוטירט געווארען די פראגע וועגען וועגען זיך צום געריכט מיט א „מאנדאמוס" צו צווינגען דעם סטייט דעפארטמענט צו ער־לויבען אמעריקאנער ביזנעס לייטע צו האנדלען מיט דער סאוועט רוסלאנד.

צווישען די אמעריקאנער ביזנעסלייטע וועלכע זיינען געווען אנוועזענד צום מי־טינג האבען זיך געפונען עמערסאן פ. דזשענינגס, פרעזידענט פון דער לעי מא־שין קא. פון לייטאן, פא.; מארים פעקינג קאמפאני פון שיקאגא; א פארטרעטער פון בארדען מילך קא. און אנדערע גרויסע מא נופעקטשורערס פון פערשידענע ארטיק־לען, אין וועלכע די סאוועט רוסלאנד נוי־טיגט זיך אצינד.

ראדלי פיעלד מילאן, דער לאיער פון ליודוויג ס. ק. מארטענס, דער פארטרעטער פון דער סאוועטען רעגירונג אין אמערי־קא איז אויך אנוועזענד געווען צום מי־טינג. מעלאן האט ערקלעהרט, אז ער פאר־טרעט זיינע אייגענע אינטערעסען און די אינטערעסען פון זיינע קליענטען אין ניו יארק.

א קאמיטע איז באשטימט געווארען צו באזוכען סעקרעטארי לענסינג און אויפ־פאדערן איהם צוריקצוציהען דעם פאר־באט צו האנדלען מיט רוסלאנד. א רעזא־לוציאן איז אויך אנגענומען געווארען אויפצופאדערן די רעגיערונג אבצושאפען אלע באגרענצונגען פון האנדעלס פארביג־דונגען מיט רוסלאנד, ווייל די בלאקאדע איז שוין ארונטערגענומען געווארען.

אין דער רעזאלוציאן ווערט אויך גע־זאגט, אז ענגלאנד און אנדערע לענדער האנדלען שוין מיט רוסלאנד און עס איז ניטא קיין אורזאכע ווארום אמעריקא זאל נים ערלויבט ווערען צו טאן דאס זעלבע.

## צאהל פון אינפלוענציע קראנקע פארמעהרט זיך אין דעטראָיט

די דעטראיטער באארד און העלטה האט נעכטען באקאנט געמאכט, אז דורך דעם שבת'דיגען טאג זיינען געמעלדעט געווא־רען 765 נייע אינפלוענציא קייסעס און 130 ניומאניא קייסעס. צוזאמען מיט די קייסעס וואס זיינען געמעלדעט געווארען זינט לעצטען זונטאג ווערט די צאהל פון די ליידענדע פון דער עפידעמישער קראנ־קיים דערגרייכען 2,258. שבת זיינען 13 מענשען געשטארבען פון ניומאניא און 3 פון אינפלוענציא. דורך דער וואך זיינען פארגעקומען 95 טויטענפעלע, 85 פון ניו־מאניא און 10 פון דער „פליו".

דר. וואהן, דער העלטה קאמישיאנער, איז נים בעאונרוהיגט איבער דער עפידע־מיא. ער זאגט, אז די צאהל טויטענפעלע פון אינפלוענציא או ניומאניא קראנקהיי־טען פאר דער פערגאנגענער וואך איז בלויז מיט צוואנציג מעהר ווי אין דער זעלבער וואך פון לעצטען יאהר.

איצט איינגעטיילט אין 35 דיסטריקטען, און אין דיזע דיסטרקטען זיינען ארויסגע־שיקט געווארען 100 נוירסעס, וועלכע באר זוכען יעדע הויז און העלפען מיט ראטה און טהאט יעדען פערזאן וועלכער ליידעט פון דער קראנקהיים. אין אלע האספיטא־לער ווערען געמאכט פלעצער פאר אינ־פלוענציא קראנקע. פינף און זיעבעציג פאר־ציענטען געפינען זיך איצט אין דעם פארד האספיטאל און אונגעפעהר 300 אין די אנדערע האספיטעלער.

### 12 העלטה דעפארטמענט בע־אמטע קראנק פון דער „פלו"

די באאמטע פון העלטה דעפארטמענט, וואו עס ווערען געמעלדעט אלע אינפלוּ־ענציא פעלע האבען זיך נים געקענט אויס־היטען פון דער אנשטעקענדער קראנקהיים און 12 פון זיי זיינען „אבגעלעגט" געווא־רען זיי זיינען אבער אויסער געפאהר, זאגט דר. וואנהען, דער העלט קאמישאנער.

די מישיגען סטייט טעלעפאן קאמפאני מעלדעט, אז 400 פון איהרע 2700 טעלע־פאן אפערייטארס זיינען שבת נים געקר־מען צו דער ארבייט, ליידענדיג פון פאר־קיהלענדע קראנקהייטען. די אייגענטימער פון די רומינג הייזער וואו די מיידלאך וואוינען האבען געמאכט א פארזוך ארויס־צוזעצען פון די רומס, אבער זיי זיינען בע־סער געווארען נאכדעם ווי די דאקטוירים האבען זיי ערקלעהרט, אז אויב מיט אינלע פון די מיידלאך וועטפאסירען אן אונגליק וועלען זיי, די באלעבאסטעס פון די לאזשי הייזער זיין פאראנטווארטליך.

### ערלויבען צו פארקויפען שנאפס פאר אינפלוענציא קראנקע אין ניו יארק

מר. רזשיימס שעוליס, דער אסיסטענט פון פעדעראל פראהיבישאן אגענט אין נויארק האט שוין אנגעפאנגען ארויסצו־געבען לייסענס צו דראגיסטען, וועלכע וועלען ערלויבט ווערען צו פארקויפען שנאפס וואס וועט באנוצט ווערען אלס מע דיצין פאר אינפלוענציא ליידענדע.

די דראגיסטען וועלען ערלויבט ווערען צו פארקויפען שנאפס בלויז צו די וואס וועלען צייגען א דאקטארס רעצעפט, און יעדער דראגיסט וועט מוזען איינלייגען אם וועניגסטענס טויזענד דאלאר באנדס אלס גאראנטיע אז ער וועט נים פארקוי־פען קיין שנאפס צו געזונטע.

די שטראף, ווערט געזאגט, וועט באלד אויפגעמאכט ווערען אזוי שנעל ווי עס וועט אויסגעפונען ווערען, אז דער בא־טרעפענדער דראגיסט האט איבערטראטען דעם פראהיבישאן געזעץ.

### שטאדט איינגעטיילט אין די־סטריקטען.

לויט די באאמטע פון געזונד־דעפארט־מענט ערקלעהרען ווערט אלעס מעגליכעס געטאן צו פארהיטען אז די עפידעמיע זאל זיך נים פארשפרייטען. די שטאדט איז

## סענאטאר פאר שווערע שטראף גע־גען־פראפיטירונג

וואשינגטאן, יאנ. 25. — נעכטען איז סענאטאר קאפער אינ'ם סענאט ארויס מים א שטארקער רעדע געגענדער אונגע־שטערטער פראפיטירונג, וואס געהט איצט אן אין לאנד.

ער האט געפאדערט, מ'זאל ארורכפיה־רען געזעצען, דורך וועלכע ס"זאל קענען די, וואס ווערען באשולדיגט אין נעמען צו הויכע פרייזען פאר לעבענס ארטיק־לען, באשטראפען מיט טורמע. ער האט זיך אויסגעדריקט דאס די „פראפיטירס" זענען פיעל שעדליכער פון די „רויטע".

סענאטאר קופער האט אינ'ם פארלויף פון זיין רעדע אנגעוויזען אז דאר פאלק ואלט זיך אליין געקימטט העלפען, ווען עס זאל זיין ארגאניזירט און באיקאטירען די, וואס שינדען אפ זיין הוים.

ער האט אנגעוויזען מים ציפערען וועגען די אומגעהויער גרויסע פארדינסטען, וואס געוויסע פירמעס אין לאנד האבען פאר'ן לעצטען יאהר געמאכט.

„א 50 פראצענט'דיגע העכערונג אויף שיך — ווערט ערווארט קומענדען זומער. לויט דער ערקלעהרונג פון דעם פרעזי־דענט פון נאציאנאלע שיך טרעוולערס אסאסיאיישאן. אין דעם זעלבען טאג איז פארעפענטליכט געווארען א נייער רעווי־דענד פון דער סענטראל לעדער קא. מיט א יאהר צוריק איז דער אלגעמיינער סטאק פ. ן דער האזינער קאמפאני געשטאנען 58, היינט שטעהט ער שוין 105.

אין דער צייט, וואס דאס פאלק דענקט וועגען ארומגעהן בארוועס, שפאצירט זיך ארום דיזע קאמפאני אויף סאמעט. מיט א יאהר צוריק האט מען געזאגט דאס די מלחמה באדערפענישע מאכען דעם יקרות אויף שיך. איצט ווייסט אוים, דאס דער יקרות איז נאר צוליעב דעם „סאמעט".

דער סינאטאר האט זיך דאן אפגע־שטעלט אויפן גרויסען יקרות אויף צוקער. ער האט אנגעוויזען דאס די פראפיטירונג אויף דיזען געביט טרעפט איבער אלעם.

### דעטראיטער פאליסמאן קריגט 25 יאהר פריזאן פאר ערמארדען זיין ווייב

מעררול וועלענטיין, געוועזענער פאליס־מאן, איז שבת פאראורטהיילט געווארען צו 25 יאהר סטייט פריזאן פאר ערמאר־דען זיין ווייב. דער מערדער האט פון אנ־פאנג טריעל זיך ערקלעהרט אונשולדיג אין דער קלאגע פון ערשטען גראד מארד, אבער שפעטער האט ער אויף דעם ראטה פון זיינע לאיערס צוריקגעצויגען זיין ער־קלעהרונג פון נים שולדיג און זיך ער־קלעהרט שולדיג אין צווייטען גראד מארד. אמים האט ער זיך געראטעוועט פון איי־ביגע פריזאן, ווארים אין מישיגאן סטייט איז ניטא קיין טויט־שטראף.

א צווייטער פאטראלמאן פרעדעריק ס. דאבבס, וועלכער איז פראצעסירט געווא־רען אויף דער באשולדיגונג אין ערמאר־דען עדווארד בראון איז פון דער דזשורי אין גאנצען באפרייט געווארען.

### א מיליאן טיפוס קראנקע אין באלטי־שע פראווינצען און פוילען.

ווארשא, יאנ. 25. — די אונסאניטארע צושטענדע אין די געגענדען פון רוסיש־פוילישען גרעניץ, ווערט לעמעלדעט אין די אורזאכע פון; דער שרעקליכער עפידע־מיע וואס הערשט אין פוילען און אין די באלטישע פראווינצען. דער קראס בעאמ־טע ערקלעהרט, אז פליכטלינגע פון רוס־לאנד לויפען איבער"ן גרענעץ נים ווערענ־דיג אונטערזוכט פון דאקטוירים, און דיע־זע פליכטלינגע זיינען אנגעשטעקט מיט דער טיפוס קראנקהיים.

### לאנדאנ־ער אסימילאטארישע קרייזען קעהרען זיך אום צום ציוניזם.

(ספעציעל צום "וועג")

לאנדאן, יאנ. 25. די מיטינג פון הער־בערט סעמועל קיין פאלעסטינא האט גע־מאכט א זעהר גוטען איינדרוק אויף פיעל פון די חניגע אסימלטארען. זיי הויבען שוין אן בעסער צו פארשטעהן די צוועקען פון דעם ציוניזם און זיי זאגען צו איהם העל־פען, זיי האבען שוין פיעל געגעבען פאר'ן גאולה פאנד.

### הילפס־יוניט אפגעפאהרען קיין פוילען

(ספעציעל צום "וועג")

פאריז, יאנ. 25. מארגען, דעם 26־טען יאנ. פאהרט אפ פון דאנען די הילפס יוניט געשיקט קיין פוילען פון דער ניו־יארקער דזשאינט דיסטריביושאן קאמיטע.

די „יוניט" האט זיך איינגעטיילט אין 3 גרופען. איין גרופע וועט האבען די אוים־זיכט איבער קינדער־הילף; א צווייטע וועט זיך פארנעהמען אויסשליסליך מיט סאני־טארישע הילף פאר דער אידיש־פוילישער באפעלקערונג; די דריטע וועט ארגאני־זירען דעפאען פון עסנווארג, קליידער און ה. ג.

### מזרחי פאר באשרענקטער אי־מיגראציע קיין פאלעסטינא.

(ספעציעל צום "וועג")

אמסטערדאם, יאנ. 25. די אלוועלטליכע מזרחי קאנפערענץ האט זיך געשלאסען אנגענומענדיג פיעלע וויכטיגע רעזאלוציעס. אינער פון איהרע באשלוסען איז וועגען א צענטראלער ביורא אין לאנדאן. אין דער ביורא זענען ערוועהלט געווארען דער טשיעף רבי הערץ, סער סטוארט סעמועלס פראפ. פיס, דר. שעחנפעלד און פארב־שטיין:

די מזרחי קאנפערענץ האט זיך ארויס־געזאגט פאר א באשרענקטע אימיגראציע אין פאלעסטינא.

### סערקוויר דינער „ודוי"

### איז זיך מודה אין מארד פון איהר שוועסטער.

ארלעאנס, יאנ. 25, מרס. אליא ווארעל האט זיך היינט אויף איהר טויטען בעט מודה געווען, דאס זי איז די מערדערין פון איהר שוועסטער, מרס. סאלאמאן ניידפער וועלכע איז מיט 30 יאהר צוריק געפונען געווארען אדערשאסענע. זי איז גלייך נאך דיזער ערקלעהרונג געשטארבען.

אינ"ם משך פון די נאכטע 30 איז אויף מרס. ווארעל קיין שום פארדאכט געווען דאס זי זאל זיין פארמישט אינ"ם מארד פון איהר שוועסטער.

דאס איז געווען אין יאהר 1890. און מיט א קורצער צייט צוריק איז געשטאר־בען א רייכער־פארמער, י. לואיס און ער האט איבערגעלאזט דריי טעכטער, וועל־כע האבען גערארפט איהם ירשה"נען. די איצט פארשטארבענע מרס. ווארעל איז דאן געווען א מיידעל. די עלטערע צוויי זענען געווען פארהייראט. צווישען די דריי שוועסטער זענען פארגעקומען מחלוקת צו ליעב דער ירושה און איינמאהל האט מאן געפונען די מרס. ניידפער, די עלטסטע שוועסטער דערשאסען א טויטע, צו יענער צייט איז דער מאן פון דער צווייטער טאכ־טער, מר. רזש. פינדליי ארעסטירט געווא־רען ווערענדיג פארדאכט אינ"ם מארד. נאך א לאנגער אונטערזוכונג, איז ער בא־פרייט געווארען, ווייל מען האט געגען איהם קיין גענוגע באווייזע געהאט.

אזוי איז געבליבען דער מיסטעריעזער מארד נים אויפגעקלערט. היינט אבער האט מען זיך דערוואוסט פון דער איצט פאר־שטארבענער מרס. ווארעל, דאס זי האט עם דערשאסען די עלטסטע שוועסטער, מרס. ניידפער.

## 245 לעהרער רעזיגנירען פון דעט־ראיטער סקולס

מר. פריינק קאודי, סופעראינטענדענט פון דעטראיטער פאבליק סקוהלס האט נעכטען איבערראשט דעטראיטער בירגער ווען ער האט באקאנט געמאכט, אז פאר די לעצטע זעקס מאנאטען האבען נים ווע־ניגער פון 245 טיטשערס (32 מענער און 213 פרויען) פון די הינע פאבליק סקוהלס רעזיגנירט פון זייערע שטעלעס דערפאר ווייל זיי האבען נים געקראגען גענוג ווייר רזשעס צו מאכען אן אנשטענדיגען לעבען אין היינטיגען יקרות. די רעזיגנירטע טי־טשערס, בעהויפטעט מר. קאודי, האבען שוין געקראגען באשעפטיגונגען, וועלכע צאהלען זיך פיעל בעסער ווי לעהרעריי.

און טראָץ דעם, וואס אזא פארהעלט־ניסמעסיג גרויסע צאהל לעהרער האבען פארלאזען זייערע שטעלעס אין די הינע סקולס, פון רעסטוועגען דענקט נים דער סקוהל סופעראינטענדענט, אז דער מאנ־געל אין לעהרער איז ערנסט. ער בעהויפ־טעט, אז די נעפלאנעוועטע באשטימונג פון 1500 דאלאר א יאהר אלס מינימום יידזשעס פאר פאבליק סקוהל טיטשערס וועט צוציהען אהער פיעלע טיטשערס פון אנדערע שטעדט און סטייטס.

אין די קלענערע שטעדטלאך און ווילע־דזשעס אבער פיהלט זיך אן ערנסטער מאנגעל אין ערציהער, האט מר. קאודי געזאגט. און אויב די אדמיניסטריישאנס פון די פראווינציעלע שטעדטלאך פון מי־שיגאן סטייט וועלען נים נעהמען קיין ערנסטע שריטע צו פארבעסערן די לאגע פון די סקוהל טיטשערס דאן איז דער גאנצער פאבליק סקוהל סיסטעם אין די אפסטייט שטעדטלאך רואינירט.

נים גענוגענדיגע טיטשערס ווערען „טיטשערס".

אז דער מאנגעל אין טיטשערס אין גאנץ מישיגאן סטייט איז ווירקליך ערנסט, בע־ווייזט דער פאקט וואס די נארמאל סקולס (טיטשערס קאלעדזש) גיבען ארוים טי־טשער־סערטיפיקייטס צו מיידלאך, וועל־כע האבען נאך א פאר יאהר צו לערנען פאר זייער פראפעסיאן און דיעזע אונגע־ענדיגטע טיטשערס, ווערען אנגעשטעלט אין די פאבליק סקולס אלס רעגעלע טי־טשערס.

פרעזידענטען פון די נארמאלל סקוהלס האבען אנגעפאנגען א קאמפיין צווישען די געענדיגטע הייסקוהל מיידלאך זיי זאלען זיך נעהמען צו דער לעהרער פרא־פעסיאן. צו דער קאמפיין וועט ברענגען די געווינשטע רעזולטאטען בלייבט צו זעהן.

### רב גאסטער געגען ציוניסטישען אקציאנס־קאמיטעט.

(ספעציעל צום "וועג")

לאנדאן, יאנ. 25. רבי משה גאסטער, טשיעף רבי פון די לאנדאנער ספרד"ישע אידען איז ארויסגעטראטען געגען דעם ציוניסטישען אקציאנס קאמיטעט. ווי בא־וואוסט, איז מאקס נארדוי דא נים לאנג ארוים מיט לויב געזאנגען צו דער העכ־סטער ציוניסטישער אינסטיטוציע; דאס האט געגעבען דער רב גאסטער א מעגליכ־קייט איצט אפצורעכענען זיך מיט די ציו־ניסטישע פיהרער, מיט וועמענס טאקטיק איז ער שוין פון לאנג אן נים איינפער־שטאנען.

### געוועזענער גאווערנאר פראטעסטירט געגען פארפאלגען רויטע

שיקאגא, יאנ. 25. — נעכטען איז דא פארגעקומען א פארזאמלונג, וואו בא־וואוסטע פערזענליכקייט אין עפענטליכען אמעריקאנעם לעבען האבען פראטעסטירט געגען דער אונויטיגער און נים באַרעכ־טיגטער פארפאלגונג פון די אזוי גערופענע „רויטע".

די פארזאמלונג איז אנגעפיהרט געווא־רען אונטער דער אויפזיכט פון דער בא־ריהמטער פרייהייטס־קעמפערין, מיס דזש־ערעמס. פראפ. י. פרייד פון שיקאגא אוני־ווערסיטעט איז געווען אייגער פון די רעדנער.

דער הויפט רעדנער איז געווען געוועז־נער גאווערנאר, י. פ. דאן, וועלכער האט אין שארפע אויסדריקע פראטעסטירט גע־גען דעם אופן, ווי מ'האט באהאנדעלט אין שיקאגא די ארעסטירטע ראדיקאלען.

ער האט געזאגט, דאס די באשרייבונג אין די צייטונגען פון די לעצטע געשעהנישען זענען ריכטיג, דאן מוז ער זאגען, דאס די קאנסטיטוציאנעלע רעכטע פון אמעריקאנישען פאלק זענען ביייווילינג פארניכטעט געווארען. „א געזעצברעכער איז אמט — האט מר. דאן ערקלערט, איז אזוי געפעהרליך ווי א געזעצברעכער אויסער אינגער וועלכען אמט".

נרוים פארדאכט ווערט ארויסגערופען וועגען דעם, צו דער ארעסטירטער דזשאן יד איז טאקע דער באוואוסטער ראדיקא־לער פיהרער, אדער נאר א צווייטע פער־זאן. נויארקער דעטעקטיווס ווערען ארוים גערופען צו באשטימען וועגען דעם דאזי־גען ענין.

## CLASSIFIED









# עניים ואביונים
## אדער גליקליכע און אומגליקליכע
ראמאן פון מרדכי ספעקטאר

(פארטזעצונג)

— ר' זלמינקע איז געשטארבען! — האט זי צו זיך געזאגט, עס האט זיך איהר אויס געוויזען א ... האט דיווערטראויסגעשריען מיט אלע כחות, אז אלע וועלען זיך צונויף לויפען אויף איהר געשריי, עס האט זיך איהר אבער טאקע נאר אויסגעוויזען, גיט נאר קיינער איז נישט צונעלאפען צו איהר נאר קיינער האט גיט געהערט איהר שטי־לשוויין, ווייל זי איז זעהר געבליבען אהן כחות, עס האט זיך נאר אויסגעוויזען אז זי סאפעט.

א צווייטע ארימע אידענע וואס אי אויך געשטאנען ניט ווייט פון דער טהיר און האט געוואוסט טאמער וועלען די וואס גע־זען פון דאוונען איהר געבען עפעס א נדבה, האט אלעס געזעהן און געהערט ווי זי האט געדערט מיט שמש און ווי זיא איז פון די רייד זעהר דערשראקען געווארען; זי איז צוגעגאנגען צו איהר געהענטער.

— איך האב געדאכט זיך געהערט, ווי איהר פרעגט אויף ר' זלמינען?

ווי לאה האט דערהערט דעם נאמען איז אביסעל געקומען צו זיך.

— יא אויף ר' זלמינען — ער איז גע־שטארבען?

— יא שוין באלד 1 יאהר, איך געדענק אקוראט. ניט דא מעהר אזוינע אידען ווי ער, און דער גרעסטער צרה פלעגט ער אונז שטענדיג העלפען.

— האט ער איבערגעלאזט עפיס קינדער

— יא צוויי אייניקלעך, זיי געהען אויך ארום אין די הייזער, נאר איך האב זיי שוין לאנג ניט באגעגענט. זיי קעהרען אפשר זיין קראנק.

— ווי רופט מען זיי?

— די עלטערע שיינדעל, און די קלענ־ערע רייזיל.

לאה האט זיך פון דעם נייעס דערפרייט, אבער פיהל מעהר געפיהלט זיך אומגליק־ליך.

— זיי געהען אויך ארום אין די הייזער. זיי ווייסען אויך דעם ווייסטען טעם פון דעם אויסגעבעטעלטען שטיקעל ברויט. אוי גאט! ר' זלמינקעס אייניקעל דארף ארומגעהן איבער פרעמדע טהירען און איך קען זיי מיט גאר ניט העלפען, איך וועל קומען צו זיי קען זיין איך זאל נאך זייער אויסגעבעטענעם שטיקעל ברויט אויפ־עסען. וואו און צו וואס בין איך געקומען אהער? האב איך דען ניט געקענט ארומ־געהן אין די הייזער דארט וואו איך בין געוועזען, ניט זיך און יענעם אויפרייסען די אלטע וואונדען?

זי האט זיך אביסעל פארטראכט ווי עפיס זיך דערמאנט אן א סך שרעקליכע זאכען, און טאקע באלד זיך אויפגעכאפט מיט גרויס פרייד און אויפגענאנגען פון דער קלייז:

— געלויבט ביזטו גאט! איך בין גליק־ליך, זיי לעבען — מיין טאכטער לעבט! זי טראגט אויף זיך־אין ארענטליכען נא־מען „ר' זלמנס אייניקעל“! זי געהט מיט שיינדעלען ארום איבער די הייזער זיך אויסבעטלען א שטיקעל ברויט, א וואס קען נאך זיין בעסער פאר ארימע עלענדע יונגע מיידלעך? זיך בענגיגען מיט אויס־געבעטעלט ברויט, מיט איין אויסגעבעט־עלטע מלבוש... גוט, עס קען בעסער ניט זיין איך בין גליקליך!

די איינענע ווערטער האט זי אויך גע־זאגט ברייגען, די ארימע אידענע פון דעם ביידעל, מיט וועלכע זי איז געקומען צו פאהרען קיין ד.

ברייגע האט ניט אנגעהויבען צו פאר־שטעהן די ווערטער.

— וואס זאגט איהר, האט זי געפרעגט לאה'ן, דאכט זיך אז עס איז גאר ניט דא קיין ערגערס פאר יעדען; ובפרט נאך פאר א יונג מיידעל ווי בעטען נדבות, אלעאונ־זערע פריינד זאלען דערפון ניט וויסען און אונזערע שונאים זאלען דאראויף איבערקו־מען.

— אלע מענשען זאל גאט דערויף אב־היטען; נאר איין ארים עלענד מיידעל אויב זי וויל זיין ערליך, דארף זי נאר בעטען נדבות, א גראשען א נדבה גיט יעדער ווער עס האט נאר און פרעגט גאר ניט־איבער פאר וואס און פאר ווען אלץ בעסער איי־דער א מיידעל זאל אנקומען צו יענעם נאך טובות..

— נאר איך פארשטעה אייך ניט, לאה עפעס רעדט איהר ניט ווי עס דארף צו זיין.. א מיידעל אז זי איז ארים און עלענד, דארף זיך סטארען צו פארדינען איהר ברויט, עס איז נאר א חילול השם יונגע מענשען זאלען ארומגעהן נאך נדבות ווי ארים און עלענד זיי זאלען ניט זיין; זיי זענען געזונד קענען זיי הארעווען; מילא הגם לאז גאט מוחל זיין וואס מיר עסען ניט קיין פארהארעוועט ברויט. עס איז אונז אודאי ניט ניחא. גאט ווייס דעם

אמת אז פון יעדען גראשען וואס מיר גע־מען א נדבה פארצאפט זיך אונז דאס בלוט, האטש יענער זאגט ניט אב און גיט מיט א פריינדליך פנים, נאר וואס קענען מיר טהאן, איך בין באפאלען מיט קינ־דערלעך. מיין מאן קען אזוי פיעל ניט פאר דינען אבער יונגע קינדער, יונגע מייד־לאך איז א זינד פאר גאט ווען זיי קענען הארעווען און זיך פארדינען, און איהר זאגט...

— הארעווען און פארדינען! א יונג ארים עלענד מיידעל זאל הארעווען און פארדינען!

די ווערטער האט לאה כמעט אויסגעשרי־גען מיט כעס, ווי גלייך זי וויל זיך עפיס מיט די ווערטער אן יענעם נוקם זיין, אדער מיט זיי אויסגיסען איהר פארבי־טערט הארץ.

לאה האט מעהר ניט גערעדט; זיצענ־דיג אויף דער ערד נעבען וואגען האט זי אנגעשפארט דעם קאפ אן ראד, ווי זיך אבגערוהט פון א שווער ארבייט, זי האט נאר אלע מאל איבערגעחזרט די ווערטער: איין עלענד מיידעל זאל הארעווען און פאר דינען!!

ברייגע האט אלץ געקוקט אויף איהר און עפיס געצווייפעלט אין איהרע רייד.

— די אויגען האבען זיך עפיס ביי איהר איבערגעקעהרט, האט ברייגע געזאגט צו זיך. זי ווייס ניט וואס זי רעדט; זי קען זיין משוגע...

ווען ברייגע אל זיך אבער געוועזען מעהר צוקוקען צו איהרע אויגען, וואלט זי גע־זעהן אז לאה'ס אויגען זענען נאך ניט ווי ביי א משוגענע — זי וואלט נאר געזעהן אז איהרע אויגען ווילען עפיס א סך, א סך ווארהייט דערצעהלען, שרעקליכעס דערצעהלען. נאר זיי קענען ניט.

(פארטזעצונג פאלגט)



# לעזט דעם „וועג“

## ראמאן — פון מרדכי ספעקטאר

(פארטזעצונג)

— ר׳ זלמינ׳ל איז געשטארבען!.. האט זי צו זיך געזאגט, עס האט זיך איהר אויס געוויזען א י האט דיזערטעראויסגעשריען מיט אלע כחות, אז אלע וועלען זיך צונויף לויפען אויף איהר געשריי. עס האט זיך איהר אבער טאקע נאר אויסגעוויזען, נוט נאר קיינער איז נישט צוגעלאפען צו איהר. נאר קיינער האט ניט געהערט איהר שטי־געוויין, ווייל זי איז זעהר געבליבען אהן כחות, עס האט זיך נאר אויסגעוויזען אז זי סאפעט.

א צווייטע אַרימע אידענע וואס אי אויך געשטאנען ניט ווייט פון דער טהיר און האט געוואַרט טאמער וועלען די וואס גע־הען פון דאווענען איהר געבען עפעס א נדבה, האט אלעס געזעהן און געהערט ווי זי האט גערעדט מיט שמש און ווי זי איז פון די רייד זעהר דערשראקען געווארען; זי איז צוגעגאנגען צו איהר נעהענטער.

— איך האב דאכט זיך געהערט ווי איהר פרעגט אויף ר׳ זלמינען?

ווי לאה האט דערהערט דעם נאמען איז אביסעל געקומען צו זיך.

— יא אויף ר׳ זלמינען — ער איז גע־שטארבען?

— יא שוין באלד 1 יאהר, איך געדענק אקוראט. ניט דא מעהר אזוינע אידען ווי ער, אין דער גרעסטער צרה פלעגט ער אונז שטענדיג העלפען.

— האט ער איבערגעלאזט עפיס קינדער?

— יא צוויי אייניקלעך, זיי געהען אויך ארום אין די הייזער, נאר איך האב זיי שוין לאנג ניט באגעגנט. זיי קעהרען אפשר זיין קראנק.

— ווי רופט מען זיי?

— די עלטערע שיינדעל און די קלענע רייזיל.

לאה האט זיך פון דעם נייעס דערפרייט, אבער פיהל מעהר געפיהלט זיך אומגליק־ליך.

— זיי געהען אויך ארום אין די הייזער. זיי ווייסען אויך דעם ווייסטען טעם פון דעם אויסגעבעטעלטען שטיקעל ברויט, אוי גאט! ר׳ זלמינס אייניקעל דארף ארומגעהן איבער פרעמדע טהירען און איך קען זיי מיט נאר ניט העלפען, איך וועל קומען צו זיי קען זיין איך זאל נאך זייער אויסגעבעטען שטיקעל ברויט אויס־עסען. וואו און צו וואס בין איך געקומען אהער? האב איך דען ניט געקענט ארומ־געהן אין די הייזער דארט וואו איך בין געווען, ניט זיך און יענעם אויפרייסען די אלטע וואונדען?

זי האט זיך אביסעל פארטראכט ווי עפיס זיך דערמאנט און א סך שרעקליכע זאכען, און טאקע באלד זיך אויפגעכאפט מיט גרויס פרייד און אויסגענאגען פון דער קלייז:

— געלויבט ביזטו גאט! איך בין גליק־ליך, זיי לעבען — מיין טאכטער לעבט! זי טראגט אויף זיך־איין ארענטליכען נא־מען „ר׳ זלמנס אייניקעל״! זי געהט מיט שיינדעלען ארום איבער די הייזער זיך אויסבעטלען א שטיקעל ברויט, א וואס קען נאך זיין בעסער פאר ארימע עלענדע יונגע מיידלעך? זיך בעגניגען מיט אויס־געבעטעלט ברויט, מיט איין אויסגעבע־טעלט מלבוש.. גוט, עס קען בעסער ניט זיין איך בין גליקליך!

די אייגענע ווערטער האט זי אויך גע־זאגט ברייינען, די אַרימע אידענע פון דעם ביידעל, מיט וועלכע זי איז געקומען .. צו פאהרען קיין ד־

ברייגע האט ניט אנגעהויבען צו פאר־שטעהן די ווערטער.

— וואס זאגט איהר, האט זי געפרעגט לאה׳ן, דאכט זיך אז עס איז נאר ניט דא קיין ערגערס פאר יעדען; ובפרט נאך פאר א יונג מיידעל ווי בעטען נדבות, אלעאנ־דערע פריינד זאלען דערפון ניט וויסען און אונזערע שונאים זאלען דארויף איבערקו־מען.

— אלע מענשען זאל גאט דערויף אב־היטען. נאר איין ארים עלענה מיידעל אויב זי וויל זיין עהרליך, דארף זי נאר בעטען נדבות. א גראשען א נדבה גיט יעדער ווער עס האט נאר און פרעגט נאר ניט איבער פאר וואס און פאר ווען אלץ בעסער איי־דער א מיידעל זאל אנקומען צו יענעם נאך טובות..

— נאר איך פארשטעה אייך ניט, לאה עפעס רעדט איהר ניט ווי עס דארף צו זיין.. א מיידעל אז זי איז ארים און עלענד, דארף זיך סטארען צו פארדינען איהר ברויט, עס איז נאר א חילול השם יונגע מענשען זאלען ארומגעהן נאך נדבות ווי ארים און עלענד זיי זאלען ניט זיין; זיי זענען געזונד קענען זיי הארעווען; מילא אונז לאז נאט מוחל זיין וואס מיר עסען ניט קיין פארהארעוועט ברויט. עס איז אונז אוודאי ניט ניחא. גאט ווייס דעם

אמת אז פון יעדען גראשען וואס מיר גע־מען א נדבה פארצאפט זיך אונז דאס בלוט, האטש יענער זאגט ניט אב און ניט מיט א פריינדליך פנים, נאר וואס קענען מיר טהאן, איך בין באפאלען מיט קינ־דערלעך. מיין מאן קען אזוי פיעל ניט פאר דיענען אבער יונגע קינדער, יונגע מייד־לאך איז א זינד פאר גאט ווען זיי קענען הארעווען און זיך פארדינען, און איהר זאגט..

— הארעווען און פארדיענען! א יונג ארים עלענד מיידעל זאל הארעווען און פארדיענען!

די ווערטער האט לאה כמעט אויסגעשרי־גען מיט כעס, ווי גלייך זי וויל זיך עפיס מיט די ווערטער און יענעם נוקם זיין, אדער מיט זיי אויסגיסען איהר פארבי־טערט הארץ.

לאה האט מעהר ניט גערעדט; זיצענ־דיג אויף דער ערד נעבען וואגען האט זי אנגעשפארט דעם קאפ אן ראד, ווי זיך אבגערוהט פון א שווער ארבייט, זי האט נאר אלע מאל איבערגעחזרט די ווערטער: אַרים עלענד מיידעל זאל הארעווען און פאר דיענען!!

ברייגע האט אלץ נעקוקט אויף איהר און עפיס געצווייפעלט אין איהרע רייד.

— די אויגען האבען זיך עפיס ביי איהר איבערגעקעהרט, האט ברייגע געזאגט צו זיך. זי ווייס ניט וואס זי רעדט, זי קעהר זיין משוגע...

ווען ברייגע אל זיך אבער געוועזען מעהר צוקוקען צו איהרע אויגען, וואלט זי גע־זעהן אז לאה׳ס אויגען זענען נאך ניט ווי ביי א משוגענע — זי וואלט נאר געזעהן אז איהרע אייגען ווילען עפיס א סך, א סך ווארהייט דערצעהלען, שרעקליכעס דערצעהלען, נאר זיי קענען ניט.

(פארטזעצונג פאלגט)

# אינטעליגענטע

**ראמאן פון י. ל. מאלאמוט**

(פארטזעצונג)

— און אויסגעצייכענטע שטימע אבער, ניט קיין קולטיווירטע.

און בעלל האט איהר געגעבען צו פער־שטעהן אז, עס איז א שאדע וואס זי פערנאכלעסיגט איהר שטימע.

— עס איז א מתנה פון דער נאטור, וואס ווערט ניט געגעבען צו יעדען איי־נעם, — האט בעלל יעצט מיט איהר ארגומענטירט. זי איז געזעסען און האט זיך איינגעהערט. — שטעלט אייך פאר אז א מענש האט אין זיך א קראפט אנדערע צו בעגייסטערען מיט זיין טא־לאנט, דארף מען דאך איהם דערויף אויפמערקזאם מאכען, מיך וואונדערט וואס קיינער האט אייך ביז יעצט ניט אויפמערקזאם געמאכט אויף אייער שטי־מע. און בעלל האט איהר פארגעשלאגען אז זי זאל זיך אנהויבען לעהרנען מו־זיק. ער האט איהר פערשפראכען אז ער וועט ביי איהר די ערשטע צייט ניט נעהמען קיין געלד.

דעם זעלבען אויף דער נאכט האט בעלל פאר איהר געשפיעלט.

זיין שפיעלען האט זי בעצויבערט. ער האט געשפיעלט פידעל, טשעלא און אויך גיטאר און אין יעדען אינסטרומענט האט ער בעזעסען אן אויסערגעוועהנליכע טעכ־ניק און זי איז לאנג, לאנג געזעסען יע־נעם אבענד און איז שטארק ענטציקט געווארען פון זיין שפיעלען.

שפעט אין דער נאכט האט זי פער־לאזען זיין סטודיא. דאס ערשטע מאל אין לעבען איז זאיהר אויסגעקומען צו הערען אזוי שפיעלען און איהר האט איבערהויפט הנאה געטאן, וויסענדיג אז דאס האט ער געשפיעלט בלויז צו־ליעב איהר.

זי איז געווען גליקליך, איבער גליק־ליך. פון דאן אן האבען זיי זיך אפט געטראפען ביי איהם אין סטודיא. ער האט זיך מיט איהר זעהר פיעל אפגעגע־בען און זי האט פון איין זייט געפיהלט א טיפע דאנקבארקייט פאר זיינע שטונ־דען וואס ער שענקט איהר, פון דער אנדערער זייט איז זי געווען בע־צויבערט פאר זיין שפיעלען. דעם דאזי־גען אבענד איז זי געווען איבערגליק־ליך.

בעלל האט געדארפט געבען א גרויסען קאנצערט און ער האט איהר מיט עטלי־כע טעג צוריק געגעבען אן איינלאדונגס־בילעט צו דעם דאזיגען קאנצערט. זי איז געוועזען שטארק בעשעפטיגט, האט זיך אויפגענעהט א ניי זיידען קלייד ספעציעל צו בעגייען אויף דיעזען קאנ־צערט און געטראכט האט זי די גאנצע צייט נור פון איהם.

— ער איז גרויס! — האט זי גע־רעדט צו זיך אליין, בעת זי איז געשטאי־נען פאר דעם שפיגעל און האט זיך פער־קנעפעלט איהר ניי קלייד.

— ער איז גרויס אלס מוזיקער און איז זעהר, זעהר אינטערעסאנט.

זי איז שוין דאמאלט געווען זיינע א נאהענטע בעקאנטע און האט זיך גע־פיהלט זעהר שטאלץ דערויף. אין דער צייט נען בעלל האט מיט זיין פידעל בעגייסטערט טויזענדער מענשען אין דער גרויסער „אקאדעמיע אף מוזיק", איז אניוטא געזעסען אין דער פארערשטער רייהע, גאר נאהענט צו דער ביהנע, וואו בעלל איז יעצט געזעסען.

דאס מאל האט זי איהם געזעהן אזוי גרויס ווי קיינמאל ניט ביז יעצט.

— טויזענדער אויגען קוקען אויף איהם. ער איז דער צויבערער, וואס טראגט אלעמען מיט אויף זיינע פליגעל אין די העכערע ספערען, צו שעהנערע וועלטען.

און אין הארצען האט זי דערפיהלט ווי א ברויזענדער שטורם האט אנגע־הויבען אויסברעכען. עס האט איהר זיך געוואלט אויפשטעהן און ארויף אויף דער פלאטפארם צו איהם, צו איהר לעהרער, צו איהר בעלל, וועלכען זי האט יעצט דערפיהלט, אז זי ליעבט איהם מיט דער גאנצער נשמה און מיט בלוט פון הארצען. בלומען קרענצע האבען זיך בעוויזען אויף דער ביהנע. דאס האט מען איהם דערלאנגט און מיט אמאל האט זי דער־פיהלט א פערלאנג, אז דיעזער בעלל זאל בעלאנגען צו איהר, דיעזע אלע בלומען צוזאמען מיט זיין גרויסען נאמען, אלעס זאל בעלאנגען צו איהר. און די גאנצע צייט וואס ער האט געשפיעלט האט איהר פאנטאזיע זי אוועקגעטראגען גאנץ הויך, אין דער ווייטער צוקונפט. זי האט זיך געזעהן אלס די געליעבטע פון בעלל, וועלכער איז גרויס און שטארק בארימט אין דער גאנצער וועלט און זי טיילט מיט איהם זיין לעבען יעדען טאג און יאהר.

אויפגעוואכט פון איהרע ליעבע פאנ־טאזיעס האט זי זיך, ווען אלע זענען זיך שוין כמעט געווען צעגאנגען פון זאאל. טרעהרען האבען זי אנגעהויבען שטיקען. עס האט זי שטארק געערגערט, וואס איהר פאנטאזיע האט זיך איבערגעריסען דורך דער ווירקליכקייט.

נור ווען בעלל איז אונטערגעקומען פון דער פלאטפארם. האט איהר דערלאנגט די קרענץ, זי זאל זיי איהם העלפען אהיים טראגען, האט איהם אניוטא זעהר ווארים געדריקט ביידע הענט.

— ווי פיהלט איהר זיך אניוטא? — האט זי בעלל בעגריסט און איהר געגע־בען א קאמפלימענט:

— איך האב געזעהן, געזעהן, איהר האט גע'חלומ'ט.

— האט רחמנות און שווייגט, קומט ארויס פון זאאל, מיר פעהלט לופט — האט אניוטא א זאג געגעבען און האט אראפגעלאזען די אויגען צו דער ערד.

— אזוי שלעכט האט היינט מיין שפיעלען אויף אייך געווירקט? — האט בעלל זיך גוטמוטיג געוויצעלט.

— איבער אייער שפיעלען איז שוין גאר ניט צו וויצלען זיך! — האט אניוטא קרענקליך באמערקט און האט צום צווייטען מאל איהם א זאג געגעבען.

— קומט פארט ארויס!

פון דעם קאנצערט זאאל איז אניוטא געגאנגען שטיל. זי האט זיך געפיהלט ווי א פויגעל וועלכע איז מיטען פליהען, פאלט זי פון א גרויסער הויכקייט. זי האט זיך געסטארעט צו זיין רוהיג, דאך האט זי געפיהלט אז דאס פנים פלאמט איהר. דאס הארץ האט געקלאפט ווי מיט האמערס און ווען ער האט פארגעשלא־גען, אז זיי זאלען אריין אין א קאפע, האט זי מיט פערגעניגען איינגעשטימט.

אין קאפע איז בעלל באגעגענט גע־ווארען זעהר ווארים פון פיעלע בעקאנ־טע. זי איז אויף זיי אלעמען געווען בייז, ווייל יעדער האט געזוכט מיט איהם צו רעדען א פאר ווערטער. אנדערע הא־בען איהם בעשאטען מיט קאמפלימענטען און האבען איהר ניט געגעבען קיין מעג־ליכקייט צו יעצען און רעדען מיט אזיהם. אזוי ווי איהר האט זיך יעצט געוואלט.

נאך דעם ווי ער האט באשטעלט פאר זיך א גלאז וויין און פאר איהר מילך, אויף איהר פערלאנג, האט זי איהם געגע־בען גאנץ שטיל צו פערשטעהן, אז זי פיהלט זיך ניט איבריג גוט דא און וואלט א בעלן געווען צו פערלאזען דעם קאפע.

— מיר וואלטען א פנים געווען זעהר ניט קיין פאסיגע חברים! — האט ער מיט אמאל איהר א זאג געגעבען שטיל אבער ווי דאס רעדעל ארום איהם איז זיך צעגאנגען — איך פיהל זיך יעצט זעהר גוט געשטימט און איך וואלט דא גאנץ פיין פערבראכט ביז שפעט אין דער נאכט. און איהר, א פנים וואלט שוין געדאנקט גאט, אז איהר זאלט שוין זיין אין דער היים. זי איז געבליעבען זיצען צערשעהמט. איהר איז אויסגעקומען, אז ער האט איהר מיט די דאזיגע ווערטער זיי געגעבען אנצוהערעניש, אז זי איז ניט קיין פאסענדע פערזאן פאר איהם און זי האט זיך דערפיהלט אזא טיעפען שמאך אין הארצען.

— טהוט מיר א טובה און פיהרט מיך ארויס פון דאנען. דערנאך וועט איהר זיך קענען געהען צוריק.

— אלזא גוט. איך געה מיט אייך!

— האט ער צוגעשטימט און האט זיך אויפגעהויבען.

— זענען אייך פיליכט די בלומען צו שווער? — האט ער א פרעג געגעבען און אנגעשטעלט זיינע טיעפע בלויע אוי־גען אויף איהר?

זי האט זיך מילד צעשמייכעלט.

— אין געגענטייל, די בלומען זענען מיר זעהר אנגענעהם. הלואי שענקט איהר זיי מיר.

— איך וועל זיך מיט אייך צעטיילען! — האט בעלל איהר געענטפערט און זיי זענען ארויס פון קאפע.

— ווילט איהר געהן גלייך אהיים־ — האט ער זי א פרעג געגעבען, ווען זיי זע־נען שוין געווען אין גאס.

— איך וועל געהן אין אייער סטודיא. אויב איהר וועט מיר פערשפרעכען צו שפיעלען מענדעלסאנ'ס „ליעדער אהן ווערטער" — האט זי א זאג געגעבען.

— יעצט? איך האב דאך היינט שוין אזוי פיעל געשפיעלט! — האט ער זיך ענטשולדיגט — אן אנדערש מאל. ניט היינט מיין פריינד!

(פארזעצונג פאלגט)

דער וועג
THE DETROIT JEWISH DAILY
Published Daily, Except Saturdays and Jewish Holidays, by
DER WEG PUBLISHING COMPANY, INC.
347-49 Hastings St., Detroit, Mich. Main 3715.
J. RABINOWITZ, Pres. JOS. R. LEEMON, Sec.-Treas.
B. I. GOLDSTEIN, Editor
(Entered as Second Class mail matter at Post Office, Detroit, Mich.)
Subscription Price: By mail, or carrier, one year, $5.00; six months, $2.50.

דעטראיט, 26טער יאנואר 1920.

# פאר אוקראינער אידען

אוקראינא, דאס איז אידישע טרעהרען אויסגעווייקטע אוקראינע האט ...יסגעשיקט א דעלעגאציע פון צוויי אידען אין פוילען.

...י צוויי דעלעגאטען זיינען אנגעקומען קיין ווארשא, און זיי האבען צו ד... ...ישע אידען אזוי געזאגט:

„איהר זאלט וויסען זיין, אז ניינציג פראצענט פון אייערע ברידער אין אוקראינע געהען ביכשטעבליך אויס פאר הונגער. קיין ארבייט איז נישטא; דער מסחר איז טויט: מגפות בושעווען אין שטאדט און שטעדטעל; די שפיטאלען זיינען איבערפול; קיין רפואות זיינען נישטא.

און שטארבען זיי, די אוקראינער אידען, זיינען אפילו קיין תכריכים נישטא.

„אומגליקליכער פון אומגליקליך זיינען די אידישע קינדער אין אוקראינע. זיי ווערען פארדארבען מאראליש און פארקרענקט פיזיש. די מעהרסטע פון זיי זיינען געווארען שנארערס, בעטלערס; ברויט־בעטלערס"...

מיר וואלטען געוואלט, אז דער לעזער זאל איין מאל און א צווייטען מאל איבערלייענען דעם באריכט פון די אוקראינער דעלעגאטען.

איבערלייענען זאל דער לעזער דעם באריכט און געדענקען, אז טרוקען און נישט טאפארבט און נישט מיט מליצה איז דער באריכט.

מיר זיינען געוואוינט צו זאגען אויף א מענשען וואס פארדיענט ווייניג, אז ער שטארבט פון הונגער.

דאס איז מליצה.

עס איז נישט די ווירקליכקייט; עס איז ניט דער נאקעטער, פאקטישער אמת.

אין אונזערע מקומות שטארבט מען פאר הונגער... אין מליצה. אבער חלילה נישט אין דער אמת'ן.

ווען אפילו דער היגער ארימאן קען נישט ארבייטען, קומט אן נאך צבה, שטארבט ער אויך נישט, חלילה, פאר הונגער.

קיין טויטע הונגעריגע געפינט מען נישט אין די גאסען און קיין פארפרוירענע אויך נישט.

א קינד פון ארימע עלטערן פארקויפט, צום ערגסטען פאל, צייטונגען אין גאס, אבער ער בעטעלט נישט.

אין אוקראינע איז דער אומגליק אהן א ברעקעל מליצה:

מען עסט נישט א טאג, מען עסט נישט צוויי און דריי טעג, מען ווערט געשוואלען, מען גוסס'ט און — מען שטארבט פאר הונגער!

פשוט און פראסט.

מען פריהרט און מען קומט אום פון קעלט.

איז דאס נישט ווי מען זאגט ביי אונז בדרך מליצה: „אך, ס'איז א קריחה נאר אומצוקומען". דארטען קומט מען טאקע אום.

די קינדער געהען מיט די פארוויסע־פיסלעך אויף דעם שנעע, קיהלען זיך צו באקומען ניומאניע, מען נעהמט זיי אוועק — אויב זיי זיינען געווען גליקליך צו באקומען א לעדיג פלאץ — אין א שפיטאל. און אין שפיטאל האבען זיי קיין כח נישט צו קעמפען מיט דעם חולאת און קומען אום... אהן מליצה.

אין דעם באריכט פון דער דעלעגאציע איז א ווארט נישט דערמאהנט מכח די פאגראמען און די מאסען שחיטות, וואס זיינען פארגעקומען אין דער רציחה'שער אוקראינע.

פארשוויגען די געשטארבענע, וויפיעל צעהנדליגע טויזענדער זיי זאלען נישט זיין, וועט מען זיי שוין נישט לעבעדיג מאכען.

מען דארף פארכאפּען און זיך באמיהען אז די לעבעדיגע זאלען נישט שטארבען — פאר הונגער, פאר קעלט, פון עפידעמיעס.

וואס האט איהר, העדר אידישער איינוואוינער פון דעטראיט, געטאן פאר אט דעם שארית הפליטה? וויפיעל נפשות האט איהר פארהיכערט פון הונגער־טויט?

מיר וויסען אז דא איז פאראן אן אוקריינער פאראיין. מיר האבען קיין רעכט נישט צו צווייפלען אין זיין גוטער ארבייט. מיר זיינען פארגלויבט אז די אוקראינער אידען אין דעטראיט טוען זייער חוב און זיינען אויפריכטיג אין זייער טעטיגקייט.

מיר וואלטען נאכמעהר און נאך זיכערער געקענט זאגען דאס, ווען די זער פאראיין זאל ארויסקומען מיט זיינע מעשים אין דער עפענטליכקייט. פאר אזא זאך וועלען מיר בודאי קיין פלאץ נישט קארגען.

וואס מיר קענען זיך אבער נישט אפּוואונדערען איז — ווארום טוען דא די פרויען גארנישט אין דיזען הינזיכט.

מען וועט אונז זאגען, אז פאראן כסתמא פרויען וואס זיינען באהילפיג אין דעם איצטיגען (מענער) פאראיין.

אבער דאס איז נאך נישט קיין אורזאכע, ווארום עס זאלען דא די פרויען נישט גרינדען א באזונדער פאראיין, וואו זייער טעטיגקייט וואלט אהן שום צווייפעל באדייטענדערע נוצען געבראכט, איידער זייער מיטהילף.

דער בית יתומים האט אונז באוויזען, אז די היגע פרויען קענען א סך אויפטאן, ווען זיי נעהמען זיך עפּעס פיר.

זיי מוזען פארנעהמען אויך די גרינדונג פון א פאראיין פון אוקראינער אידישע פרויען אין דעטראיט.

וועמען נאך דארף מעהר וועה טאן דער גורל פון דעם אידישען אוקראינע ווי דער אידישער פרוי? ווער נאך קען מעהר פיהלען דעם צער פון דעם קינד, וואס בלייבט פאר'יתום'ט נאך א שחיטה פון הייראמאקעס? וועמעס הארץ פיהלט דען מעהר מיט יענער מאמע וואס מוז צוקוקען, ווי איהרע קינדער געהען אויס פאר איהר אין די אויגען פאר אביסעל מילך, אדער א שטיקעל ברויט?

ווי ושע איז דאס, וואס מיר האבען דא נישט קיין איין פאראיין אפילו פון אוקראינער פרויען?

עס זיינען פאראן שטעדט, וואו די פרויען זיינען מעהר טעטיג לטובת די אוקראינער אידען, איידער די מענער פאראיינען.

סוף כל סוף וועלען זיך עפענען די אפּגעשלאסענע טויערען; סוף כל סוף וועלען מיר אימשטאנד זיין צו דערלאנגען הילף צו די אומגליקליכע. זאל ושע יענער מאמענט נישט טרעפען די פרויען אין דעטראיט נישט ארגאניזירט און נישט טעטיג ביי דער הילפס ארבייט.

מיר וואלטען גערן געהאלפען אין דער ארגאניזירונג פון אזא פרויען פאראיין, אדער פאראיינען.

# ווי לענין האט באגראבען די פראוואסלאוויע

פון דר. מ. ל. קארד

דער גרויסער רוסישער שריפטשטעלער לעאן טאלסטאי האט אפט באטאנט אז דער גרעסטער פון אלע פארברעכענס פון דעם צארישען רעזשים איז באשטאנען אין אונטערדריקען דעם ריינעם רעליגיעזען געפיהל פון דעם רוסישען פויער און ארויפצווינגען גראבע, מגושם־דיגע אבערגלויבישע משוגעת'ן, אונטער דער מאסקע פון „פראוואסלאוונער פרומקייט". „די מאכט פון פינסטערניש", ווי טאלסטאי האט טרעפליך כאראקטעריזירט די צארישע ארדנונג, האט זיך ניט אפּגעשטעלט פאר קיין מיטעל צו פארפינסטערען דאס געוויסען פון די פאלקס מאסען, און אין דער דאזיגער ארבייט זענען די פראוואסלאווע גלחים צום גרעסטען טייל געווען די געטרייעסטע דיענער פון דעם צארישען רעזשים.

פון אלע פינסטערע אבערגלויבענס וואס די צארישע גלחים האבען ארויפגעצוואונגען אויף דעם רוסישען פאלק האט אמסייסטען געווירקט אויף די פאלקס־פאנטאזיע דער גלויבען אין די אונשטערבליכקייט פון די פיעלע „הייליגע" פון דער פראוואסלאווער קירכע. אין הונדערטער קלויסטערס איבער דער לענג און דער ברייט פון דער רוסישער אימפעריע זענען געהאלטען געווארען „די הייליגע ביינער" צו וועלכע די אונוויסענדע רוסישע פויערים האבען זיך געבוקט אונטער דעם איינפלוס פון דער פראוואסלאווער קירכע — די פלגש פון דעם צאריזם.

די איצטיגע סאוויעט רעגירונג פון רוסלאנד, וועלכע פארהאלט זיך שטרענג נייטראל אין אלע רעליגיעזע פראגען, איז געצוואונגען געווען, צוליעב איהר אייגענער עקזיסטענץ, צו פיהרען אן אורבארימליכען קאמפּף געגען דעם פראוואסלאוונעם אבערגלויבען. זי האט עס אבער געטאן ניט דורך שטרענגע פארפאלגונגען, נאר דורך אויפקלעהרונג. און עהנליכע געגנער פון די באלשעוויקעס גיבען צו אז די אויפקלעהרענדע ארבייט פון דער סאוויעט רעגירונג לכל הפחות אויף דעם געביט פון רעליגיאן איז געקרוינט געווארען מיט ערפאלג.

צוויי באריהמטע קארעספאנדענטען, וואס זענען לעצטענס געווען אין רוסלאנד — ביידע ניט קיין באלשעוויקעס — דערצעהלען וועגען דעם ערפאלג פון דעם טאקטפולען קאמפּף פון די סאוועטען געגען דער טרויעריגער ירושה פון ראוואסלאווגע אבערגלויבענס וואס דער צאריזם האט איבערגעלאזט.

פראפעסאר וו. ט. גוד, קארעספאנדענט פון „מאנטשעסטער גארדיען" זאגט אזוי:

„א ספעציפישער אקט פון די באלשעוויקעס איז דער בעסטער שליסעל צו ערקלעהרען זייער שטעלונג בנוגע רעליגיאן. איינע פון די שטארקסטע פאפולערע איינרעדענישען איז געווען אז די קערפּער פון געוויסע הייליגע מענער זענען געבליבען גאנץ און ניט פארפוילט אין זייערע ארונות. אט די ארונות זענען פארגעמערט געווארען פון די רוסישע פויערים.

„אין דער אנוועזענהייט פון קאמיסארען, פראמינענטע קירכען בעאמטע, לאקאלע קאמיסארען און אנדערע בירגער, זענען מאנכע פון די ארונות געעפענט געווארען און ווי מען האט געקענט ערווארטען האט זיך ארויסגעצייגט, אז זייער גלויבען האט ניט געהאט קיין שום גרונד. דעם רעזולטאט דערפון אויף די פשוט'ע פרומע מענשען איז לייכטער זיך פארצושטעלען ווי צו באשרייבען.

אין א בריעף פון קאוונא, דעם 1־טען סעפטעמבער, צו דער שיקאגאער „דיילי ניוס", בעשרייבט מר. איזיק דאן לעווין די איינצעלהייטען פון דעם געשיקטען טויט־קלאפּ וואס די באלשעוויקעס האבען דערלאנגט דער פראוואסלאוויע. אט זענען די פאקטען ווי מר. לעווין דערצעהלט זיי:

„די ארונות פון די רוסישע „הייליגע" זענען געעפענט געווארען אין די קלויסטערס פון סאוויעט רוסלאנד און דאס פאלק האט דערזעהן בחוש ווי די גלחים האבען איהם גענארט און באשווינדעלט אין פארלויף פון די יאהר הונדערטע. אנשטאט די „גאנץ געבליבענע קערפערס" פון די הייליגע האט די עפענטליכע אונטערזוכונג אין דער געגענווארט פון דעם פאלק באוויזען אז עס האבען זיך דארט געפונען ניט מעהר ווי נאכגעמאכטע פיגורען.

יאהר הונדערטע איז אנגעגאנגען אט דער מסחר פון הייליגע, אין יעדען רוסישען מאנאסטיר האבען זיך געפונען אזעלכע קאסטענס מיט מענשליכע פיגורען וועלכע האבען צו זיך צוגעצויגען גרויסע מאסען עולי רגל פון אלע טיילען פון רוסלאנד, אריינברענגענדיג ריזיגע הכנסות דער פראוואסלאווער קירכע. איצט איז דער גאנצער עסק בטל געווארען.

די באלשעוויקעס האבען באשלאסען אויפצודעקן דעם ווירקליכן צושטאנד פון די „הייליגע קערפערס". אין דער אנוועזענהייט פון הויכע קירכען בעאמטע און פארטרעטער פון'ם פאלק איז די ערשטע אונטערזוכונג פארגענומען אין דער שטאדט וואראניעזש, און דערנאך האט די באוועגונג זיך פארשפרייט איבער'ן גאנצען לאנד, ווי א פייער געטריבען פון א ווינד. אין וואראניעזש איז אויפגעעפענט געווארען דער ארון פון דעם „הייליגען מיטראפאן" או עס איז דארט געפונען געווארען א נאכגעמאכטע פיגור אנגעשטאפּט מיט וואטע.

דער ערצבישאפ פון וואראניעזש, וועלכער איז דערביי אנוועזענד געווען, האט צוגעגעבען אז „עס איז, פארשטעהט זיך, זעהר טרויעריג צו קוקען אויף אזא זאך" וועגען דעם ארון פון דעם הייליגען „טיכאן" האט ד. ערדארטיגער ערצבישאפ געזאגט:

„איך האב בעזונדערס געגלויבט אין דער „גאנצקייט" פון דעם הייליגען טיכאן. זיין פיגור האט אזוי בולט ארויסגעשטארצט אז מען האט ווירקליך געקענט גלויבען אז דאס איז א מענשליכער קערפער. [...]ן דער פאטער פון דעם זאדאמיקי מאנאסטיר, האט מיר דערצעהלט וואס מען האט דארט געפונען, האב איך זיך געפיהלט זעהר געערגערט, ווייל אלע זענען געווען איבערצייגט אז דער קערפער פון דעם הייליגען טיכאן איז געבליבען גאנץ."

דער קערפער פון דעם „הייליגען טיכאן" איז בעשטאנען פון קארטאן און וועלכען עס זענען געלעגען עטליכע שיינער.

אויף דעם פשוט'ען פאלק האט די אויפדעקונג געמאכט א געוואלדיגען רושם. איינער פון די עדות ביי דער אויפדעקונג פון דעם „הייליגען מיטראפאן" האט ארויסגעגעבען פאלגענדע ערקלעהרונג:

„ביז דער ארון איז געעפענט געווארען בין איך, אלס גלויביגער, געשטאנען אין דער קירכע אהן א היטעל, ניט קוקענדיג אויף די ביטערע קעלט, און מיין הארץ האט געפלאטערט פאר שרעק. ווען דער ארון איז אויפגעעפענט געווארען און דער גאנצער שווינדעל האט זיך אנטפלעקט איז מיין גאנצער גלויבען פארשוואונדען און זיין ארט האט פארנומען א געפיהל פון עקעל און פאראכטונג פאר דעם חוצפה־דיגען באטרוג".

„דעם 29 אפריל — דערצעהלט ווייטער מר. לעווין — זענען אין דער אנוועזענהייט פון דער באפעלקערונג געעפענט געווארען די ארונות פון דעם הייליגען „וואסיל" און דעם „הייליגען קאנסטאנטין" אין דער קאטעדראלע (סאבאר) פון יאראסלאוו און פון דעם „הייליגען פיאדאר" אין דעם ספאסקי מאנאסטיר. די „גאנץ געבליבענע קערפערס" זענען באשטאנען פון ביינער, וואטע, קוילען, שפענדלאך א. ז. וו. דעם 18־טען מאי אין דער שטאדט טווער זענען אונטערזוכט געווארען דער „פרומער מיכאיל" און דער „בעל מופת ארסעי" אין דער אנוועזענהייט פון פארטרעטער וואס זענען געוועהלט געווארען פאר דיעזען צוועק פון דער גאנצער באפעלקערונג. אין פארטרעטער פאר יעדע 300 איינוואוינער פון דער שטאדט. עהנליכע פאסירונגען זענען פארגעקומען אין פיעלע אנדערע שטעדט, וואו עס האבען זיך געפונען „הייליגע ארונות".

א גרויסע סענסאציע איז פארגעקומען — דערצעהלט ווייטער מר. לעווין, — ווען עס איז געעפענט געווארען דער ארון פון'ם „הייליגען אלעקסאנדער סווירסקי" אנער פון די פראמינענטסטע „קדושים" פון דער פראוואסלאווער קירכע. עס איז געגאנגען אזוי ווייט, אז דער גלח מ. י. פאמין האט זיך געפיהלט געצוואונגען צו פארלאזען די קירכע און שרייבען דעם פאלגענדען בריעף צו דעם בישאפ פון אלענעץ און פעטראזאוואדסק.

„דער קערפער פון אלעקסאנדער סווירסקי, וועלכער האט זיך ארויסגעצייגט צו זיין א פראסטע פיגור פון וואקס, האט באוויזען די גאטעסלעסטערענע עקספלואטאציע פון דעם פשוט'ען המון דורך א גרופע פון זעלבסטזיכטיגע פערזאנען. איהר, די הויכע גלחים, האט געוויס דערפון געוואוסט, אבער איהר האט שטרענג געהאלטען דעם סוד פון אונז, די קלענערע גלחים, און נאך מעהר — פון דעם פאלק. איהר האט ערלויבט אז מען זאל זיך בוקען צו געצען אנשטאט צו הייליגע, ערמוטיגענדיג די עבודה־זרה'ם דורך אייער בייזשפיעל און דרשות. איהר האט בכיון פארטונקעלט די אויגען און די מחר פון דעם פאלק צוזאמען מיט די אונוויסענדע מאנאכען וועלכע האבען אייך געגלויבט. אט די סטארע פון אייערע דיענער, וועלכע האבען געמאלקען דאס פאלק פאר יענע וואס האבען געוואוסט דעם אמת, זענען איצט אין דער לאגע פון א בלינדען וואס איז פלוצלונג געווארען זעהענדיג דורך די שטארקע שטראהלען פון דער זון.

„וועה וועט זיין צו אייך ווען דאס אויפגעקלעהרטע פאלק וועט זיך אויפהויבען און נעהן אויף אייך מיט שרעקליכען צארן, פאדערענדיג אן ענטפער און א רעכנונג וועלכע איהר וועט נים אימשטאנד זיין צו געבען".

אט אזוי האט די סאוועטען מאכט געגעבען דעם טויט קלאפּ איהר געפעהרליכסטען שונא — דעם פראוואסלאוונעם אבערגלויבען וועלכער איז געווען א פיעל גרעסערע סכנה פאר דער רעוואלוציאן ווי די דעניקינס און קאלטשאק'ס און אלע פינסטערע כחות צוזאמענגענומען.

# אונזער וועכענטליכער בריעף פון ניו יארק

דורך א. א. פ. ב.

## אוקראינער פארבאנד פאראייניגט. — אונגליקליכער צופאל מיט קוירנעל קאטלער. די אידישע ביהנע און די אידישע פרעסע. — ד צוקונפט פון רויטען מגן דוד.

ענדליך האבען מיר אן אנהויב פון איינינקייט אין די רייהען פון אוקראינער אידענטהום, און נאך „אפאזיציעס" און „סכסוכים", וואס האבען געדויערט איינינע מאנאטען, האבען זיך איצט אלע קאמיטעס פאראייניגט און וועלען ארבייטען צוזאמען פאר דער שנעלער איינבערופונג פון א קאנווענשאן, וועלכע זאל רעארגאניזירען דעם פארבאנד און צוטרעטען צו פראקטישע הילפס־ארבייט פאר די אידען פון אוקראינע.

פיעל האט אין דעם געהאלפען דאס אראפנעהמען פון דער רוסישער בלאקאדע. כמעט גאנץ אוקראינע געפינט זיך אין די הענט פון די באלשעוויקעס, און כל זמן די בלאקאדע געגען רוסלאנד איז געווען אין פולער קראפט האבען פיעלע געצווייפעלט, אויב ס'איז עפּעס מעגליך צו טאן פאר די אוקראינער אידען אויף א געזעצליכען וועג, און דאס האט שטארק אפּהענגיג געמאכט די ארבייער און די ארבייט. איצט, ווען א וועג קיין אוקראינע ווערט געעפענט, און דורך ענערגישע ארבייט קען געבראכט ווערען הילף צו די גרויסע אוקראינישע שטעדט און פון דארט קען עס אריבערגעשיקט ווערען אויך צו די קליינע שטעדטלאך, האבען אלע געפיהלט אז עס וואלט געווען א פארברעכען ווייטער צו פארברענגען די צייט אויף אינערליכע סכסוכים און רייבונגען. און א קאמיטע פון 6 פערזאן, וועלכע רעפרעזענטירט די ענערגישע עלעמענטען צום פארבאנד, איז געקומען אין קאנפערענץ מיט דער קאנווענשאן קאמיטע פון פארבאנד גופא, און נאך לאנגע הייסע דעבאטען איז מען געקומען צו א פארשטענדעניס דורך וועלכער פון די צוויי קאמיטעס איז געווארען 1 קאמיטע פון 13 פערזאן, וועלכע האט די אויפגאבע צו באזארגען א נייע קאנווענשאן אזוי שנעל ווי מעגליך און דערווייל צוגרייטען אלע רעליעף ארגאניזאציעס און לאנדסמאנשאפטען צו א ברייטע טעטיגקייט.

עס מוז געזאגט ווערען, דאס אינדירעקט האט מר. יאזעף באראנדעס געהאלפען צו דער פאראייניגונג מיט זיין ערקלעהרונג צו ביידע צדדים, אז ער וועט ניט צוטרעטען צום פארבאנד, אזוי לאנג ווי די כחות זיינען צוטיילט און צוריסען, איצט איז צו האפען, אז אלע אוקראינער סאסייעטיס וועלען זיך נעהמען ענערגיש צו דער ארבייט. די פאראייניגטע קאנווענשאן קאמיטע פון 13 האט איהרע אייגענע אפיסערס, איהר טשערמאן איז מר. מ. מייערסאן; א. ווייס, וויים טשערמאן פון ניו יארקער הכנסת אורחים, אדער ווי ער רופט זיך אפיציעל - היברו אימיגראנט איד סאסייעטי.

אונז טהוט ליד צו מעלדען, אז קוירנעל הערי קאטלער, דער באריהמטער אידישער כלל־טוער און געוועזענער טשערמאן פון אידישען קאנגרעס, ליגט איצט געפעהרליך קראנק און זיין קראנקהייט איז געקומען פלוצלונג, אומערווארטעט פאר איהם און פאר זיינע פריינד. קוירנעל קאטלער איז מיט א וואך צוריק געווען אויף א מיטינג פון דער קאנגרעס קאמיטע צו באטראכטען די פראגע פון צוזאמענרופען פון דעם אידישען קאנגרעס. דער מיטינג איז פארגעקומען אין אפיס פון דזשאדזש מעק, און עס אי געווען צו באמערקען, אז קוירנעל קאטלער איילט זיך מעהר פון אלע אנדערע אוועקצוגעהן. אום 7 אוהר האט ער פארלאזען דעם מיטינג, און 15 מינוט שפּעטער האט ער באקומען א פאראליטישען שלאג. איצט ליגט ער פאראליזירט אין ניו־יארק, די גרעסטע פראפעסארען שטעהען איהם צו דינסט, און זיי גיבען גרויסע האפנונגען אויף זיין געזונד, דערווייל איז זיין לאגע זעהר ערנסט.

קוירנעל קאטלער האט אין פארלויף פון די לעצטע עטליכע יאהר זיך פשוט מקריב געווען פאר אידישע כלל־ארבייט. עס איז ני געווען זעלטען צו טרעפען איהם אין ניו יארק אויף זיין ערשטער קאנפערענץ 10 אזייגער אין דער פריה און אויף זיין לעצטער קאנפערענץ שפּעט נאך האלבע נאכט. ער האט פארנאכלעסיגט זיין געזונד און זיין פארמעגען, און אי אלע מאהל געווען דארט, וואו אידישע פליכטען האבען איהם גערופען. אין דעם אווענט ווען ער אי קראנק געווארען האט ער זיך נאך אויך געקליבען צו געהן פון דעם קאנגרעס מיטינג צו א מיטינג פארן 10 מיליאן דאלאר גאולה־פאנד, פאר וועלכען ער האט פארשפּראכען צו ווידמען זיין ענערגיע און זיינע גרויסע פעהיגקייטען.

מיר זיינען זיכער, א מיר דריקען אויס די געפיהלען פון גאנצען אמעריקאנער אידענטום ווינשענדיג איהם א רפואה שלמה און א שנעלען צוריקקעהר צו זיין גרויסער און נוצליכער טעטיגקייט אין אידישען לעבען.

אז די אידישע פרעסע זאל פון איהר פלאטפארם קריטיקירען די אידישע ביהנע, דאס איז קיין נייעס ניט.

הייגטיגע וואך האט זיך אבער געמאכט פונקט א פארקעהרטער פאל אין ניו־יארק. פון דער ביהנע פון סעקאנד עוועניו טעאטער איז אטאקירט געווארען דער „פארווערטס" און זיין רעדאקטאר אב. קאהאן פון א אידישען אקטיאר.

אין סעקאנד עוועניו שפּיעלט דער יונגער טאלאנטפולער קאמיקער לודוויג זאץ. פארגלוסט זיך מר. אב. קאהאן צו שרייבען אן ארטיקעל, אז זאץ איז א גרויסער טאלאנט, אבער ער איז ניט קיין קאמיקער, נאר א דראמאטישער שוישפּיעלער. דערנאך האט וועגען דעם דער „פארווערטס" געדרוקט א רייהע בריעף, א. ז. וו. א.ז.וו.

דאס אלעס איז געטאן געווארען גאנץ אונשולדיג. דער „פארווערטס" פיהלט דעם טעמפעראמענט פון עולם. זאץ איז געווארען פאפולער, מען האט וועגען איהם געגער מען רעדען, האט דער „פארווערטס" גענומען שרייבען.

ווייזט אבער אויס אז זאץ וויל זיך ניט שיידען מיט זיין רעפּוטאציע אלס קאמיקער, און בא זיין עהרען־אווענט פאריגען מיטוואך האט דער יונגער שוישפּיעלער אויסגענוצט די ביהנע פאר א ביטערער אטאקע אויפ'ן „גרויסען רעדאקטאר" וואס פארשטעהט ניט דעם אונטערשייד צווישען פורים שפּיעלעריי און אמת'ן קאמיזם א. ז. וו. א. ז. וו. די אטאקע איז געווען ביטער, און איז כמעט אריבער די גרענעצען פון דעם וואס אן אקטיאר ערלויבט זיך צו רעדען פון דער ביהנע.

דאס האט פאראורזאכט א סענזאציע, מען רעדט וועגען דעם, אז דער „פארווערטס" וועט זיך אפּרעכענען מיט איהם דערפאר, און מען דעבאטירט, אויב זאץ'ס ארויסטריט געגען „פארווערטס" איז מוטה אדער חוצפה, און אויב ער האט מעהר טאלאנט אדער שכל.

די צוקונפט פון רויטען מגן דוד איז איצט אפּהענגיג פון דער קאנווענשאן וואס ווערט פארופען אין פילאדעלפיע אנפאנג דער ערשטער וואך אין פעברואר.

אין נאציאנאלען אפיס פון רויטען מגן דוד אין ניו יארק קומען איצט פאר א רייהע קאנפערענצען נאך קאנפערענצען און מיטינגס נאך מיטינגס וועגען דער ווייטערדיגער עקזיסטענץ און ווייטערדיגער ארבייט פון דיעזער ארגאניזאציע. די מעהרסטע מיינונגען זיינען געניינט צו צוציהען צום רויטען מגן דוד נייע קרעפטען און אויסנוצען זיין טעטיגקייט פאר ברייטע רעליעף ארבייט און פאר הילף צו די מלחמה יתומים וואס זיינען פארבליבען אויף יענער זייט ים.

# ליעדער

## ווינטער־שטימונג.

פון אסתר בעקערמאן

מיך — דעם שליטען איינגעשפּאנט<br>
אין די לייצעס — פעסט אין האנד,<br>
פאהר איך מיר, עס איז א פראכט!<br>
אין א העלער ווינטער־נאכט.

אלעס איז מיט שניי באדעקט!<br>
און צום שלאף, האט אויסגעשטרעקט<br>
זיך די שעהנע מוטער־ערד,<br>
און די נאכט — זי קוקט פארקלעהרט!

רונד־ארום איז אלעס שטיל —<br>
און איך פאהר — גאר אהן א ציעל!<br>
אין א העלער ווינטער נאכט<br>
און דאס הארץ — עס זינגט און לאכט!..

## שטאהל און אייזען.

(צייט־געדיכט)

פון א. פאנטאסמאגאר

שטאהל און אייזען, אייזען און שטאהל —<br>
קאלט איז דער אייזען, הארט איז דער שטאהל,<br>
הויך איז דער בארג, און טיעף איז דער טהאל,<br>
שארף איז די שעהר, און ווייך איז די זואל,<br>
שטיל איז דער שעפּס — מען הערט ניט זיין קול,<br>
שטאהל און אייזען, אייזען און שטאהל...

שטאהל און אייזען, אייזען און שטאהל —<br>
גליהענד ווערט אייזען, ווי צונטער ווערט שטאהל,<br>
ערהייבט זיך א שטורם פון'ם טיעפען טהאל,<br>
גרייכט צום שפּיץ בארג דער דונערנדער קול;<br>
דער שעפּס ווערט א לייב, ווי דראט ווערט זיין וואל —<br>
מען קאן מעהר ניט שעהרען אהן צאהל<br>
שטאהל און אייזען, אייזען און שטאהל...

שטאהל און אייזען, אייזען און שטאהל —<br>
אין דער געשיכטע איז'ס ניט דאס ערשטע מאהל,<br>
ווען דער קנעכט וויל מעהר ניט טראגען דעם עול;<br>
עס שטירצט דאן בארג און ערהייבט זיך טהאל,<br>
איין שאל ווענט איבער די אנדערע שאל,<br>
ווארים דער קול פון המון איז פון שדי דער קול —<br>
שטאהל און אייזען, אייזען און שטאהל!..

———::———::———

# בתי מלאכה „אחוה" אין ירושלים

איינע פון די ערשטע און וויכטיגסטע ארבייטען וואס די ציון קאמיסיע האט גרינדען פון ארבייט'ס הייזער אין ירושלים אונטער'ן נאמען „אחוה". גע־גרינדעט האט מען דיעזער בתי מלאכה מיט א דאבעלען צוועק, נעמליך געבען באשעפטיגונג צו אידישע פרויען און יונגע מיידלאך און אויך צושטעלען קליידער פאר די בתי יתומים, האספּיטעלער א. א. וו.

פיעל באשעפטיגונג האט זיי געגעבען די ענגלישע רעגירונג וועלכע האט דארט געלאזט נייהען א גרויסען טהייל פון די סאלדאטסקע קליידער.

דער צאהל מיידלאך און פרויען באשעפטיגט דארט איז הונדערט און פערציג, פון וועלכע א גרויסע טייל האט גע־האט געלעבט פון חלוקה און בעטלען.

די אנשטאלטען האבען לעצטען יאהר אריינגעבראכט א ריוח פון 500 פונט.

# מארגענטוי'ס באריכט וועגען די פאגראמען אין פוילען

פארטזעצונג

1. קיעלץ, נאוו. 11, 1918.

קורץ נאך דעם, ווי די עסטרייכישע סאלדאטען האבען פארלאזט קיעלץ, האבען די אידען פון דער שטאדט געקלאגען די ערלויבניש פון דער פוילישער מאכט, צו האלטען א מיטינג אין פוילישען טעאטער. דער צוועק פון דעם דאזיגען מיטינג איז געוועזען, צו פארהאנדלען די אידישע נאציאנאלע שטרעבונגען. עס האט זיך אנגעהויבען ארום 2 א זייגער בייטאג און דאס טעאטער איז געוועזען איבערגעפאקט. אין פארלויף פון נאכמיטאג האט זיך א עולם פון פוילישע סטודענטען, גענומען פארזאמלען ארום טעאטער. ארום 6.30 האט זיך דער מיטינג גענומען שליסען און ווען אין טעאטער זענען געבליבען בלויז ארום 300 מענשען, איז אריין די מיליציע און גענומען זוכען געוועהר. א קורצע ווייל נאכדעם, אין דער צייט וואס די מיליציע איז נאך געווען אין טעאטער, איז א המון ציווילע און אייניגע סאלדאטען אריין אין אודיטאריום און גענומען טרייבען די אידען צו די טרעפ. אויף די טרעפ איז געשטאנען א דאבעלטע ליניע פון מענשען, באוואפענט מיט שטעקענס, באיאנעטען, און געשלאגען די אידען וואס זענען ארויס פון דער געביידע. ווען די אידען זענען געקומען אויף דער גאס, זענען זיי ווידער געשלאגען געווארען פון המון וואס האט געווארט אויף זיי. אלס רעזולטאט פון דעם אנפאל זענען 4 אידען דערשלאגען געווארען צום טויט און א גרויסע צאהל איז פארוואונדעט געווארען. א צאהל ציווילע זענען אנגעקלאגט געווארען פאר באטייליגען זיך אין דעם עקסצעס, אבער זיי זענען נאך ביז איצט נישט געבראכט געווארען פאר'ן גריכט.

2. לעמבערג, נאוו. 21-23, 1918.

אקטאבער דעם 30-טען, ווען די עסטרייכישע מלוכה האט צוזאמענגעבראכען, האבען די אוקראינער סאלדאטען, וועלכע זענען פריהער געווען אין עסטרייכישע דיענסט, איבערגענומען די הערשאפט איבער'ן שטאדט. עטליכע הונדערט פוילישע יונגע לייט, צוזאמען מיט א רייהע וואלונטירען פון צווייפעלהאפטען כאראקטער, האבען צוריקגענומען א העלפט פון שטאדט און געהאלטען עס ביז וואנען עס זענען אנגעקומען פוילישע פארשטארקונגען דעם 21-טען נאוועמבער. די אידישע באפעלקערונג פון שטאדט האט זיך ערקלעהרט נייטראל, אבער דער פאקט, אז דער אידישער געגענד האט זיך געפונען אין דער שטאדט-טייל וואס איז פארנומען פון די אוקראינער, אז די אידען האבען ארגאניזירט זייער אייגענע מיליץ, און ווייטער, דער קלאנג אז אייניגע אידען האבען געשאסען אויף די סאלדאטען, האט אויפגעבלאזען אן אנטיסעמיטישען געפיהל צווישען די פוילישע סאלדאטען, וואס איז שנעל אריבער צווישען דעם אנקומענדען מיליטער. די לאגע איז נאך מעהר פארוויקעלט געווארען צוליעב דער אנוועזענהייט פון ארום 15000 דעזערטירען און א סך פארברעכער, וואס די אוקראינער האבען ארויסגעלאזט פון טורמע. אט די עלעמענטען זענען גרויס געווען אנטייל צו נעהמען אין יעדער אונארדנונג, ספעציעל אין א גרויסער רויבעריי, וואו זיי וועלען קענען געווינען עטוואס פאר זיך.

נאכדעם ווי די אוקראינער זענען אינגאנצען אוועק פון שטאדט, האבען די צווייפעלהאפטע עלעמענטען, צוראבירט הייזער און געשעפטען אין אידישען קווארטאל אויף א סך מיליאנען קראנען און האבען זיך ניט צוריקגעהאלטען צו מארדען, ווען די אידען האבען זיך געשטעלט געגען זיי. אין פארלויף פון די אונרוהען, וואס האבען אנגעהאלטען דעם 21טען, 22-טען און 23טען נאוועמבער, זענען 64 אידען דער'הרג'עט געווארען און א סך אייגענטום איז פארניכטעט געווארען. 38 הייזער זענען אונטערגעצונדען געווארען און צוליעב דער פאראליזירונג פון פייער-דעפארטמענט, זענען פארברענט געווארען ביז'ן פונדאמענט. די שוהל איז אויך פארברענט געווארען און א גרויסע צאהל ספרי תורות זענען אומגעקומען. צוליעב דער שוואכער דיסציפלין צווישען די קלענערע אפיצערען איז נאך שווערער געווארען צו אונטערדריקען די אונרוהען. זיי האבען ניט אנגענומען קיין שטרענגע מיטלען. דעם 23-טען, ווען פאטרולען פון אפיצערען אונטער ערפאהרענער פיהרערשאפט זענען ארויסגעשיקט געווארען, איז די רויבעריי און גוואלדטאט אפגעשטעלט געווארען.

די פוילישע רעגירונג האט דורכ'ן יוסטיץ מיניסטער אנגעהויבען א שטרענגע אונטערזוכונג. דעם 24-טען דעצעמבער פון די פאסירונגען פון 21טען, 22טען און 23טען נאוועמבער. א ספעציעלע קאמיסיע אונטער'ן פארזיץ פון א ריכטער פון העכסטען געריכט, איז געזעסען אין לעמבערג ארום צוויי מאנאטען און ארויסגעטראגען א ברייטען אפיציעלען באריכט, וואס איז איבערגעגעבען געווארען דער קאמיסיע. טראץ די איבערפולטע קאלענדארען פון די ארטיגע געריכט-הייזער, וואו איבער 7000 קייסעס ווארטען, זענען 164 פערזאן, צווישען זיי 10 אידען, גע'משפט געווארען אין פארמישט זיין אין די נאוועמבער-אונרוהען. א סך אזעלכע קייסעס ווארטען פאר'ן משפט. 54 פערזאן זענען פאראורטיילט געווארען צו א שטראף פון 10 טעג ביז 18 מאנאטען טורמע. אויסער דעם האט דער ארטיגער קריעגס-געריכט ארויפגעלייגט א שטראף פון מיליטערישע פערזאנען, אין אייניגע פאלען, ביז דריי יאהר טורמע. די קאמיסיע האט ערהאלטען א ידיעה, אז די רעגירונג האט אנגעפאנגען צו צאהלען די קלעימס פאר שאדען-ערזאץ, וואס די פאסירונגען האבען פאראורזאכט.

3. פינסק, 5טער אפריל, 1919.

שפעט נאך מיטאג דעם 5-טען אפריל, 1919, א מאנאט אדער עטוואס שפעטער נאך דער פוילישער אקופאציע פון פינסק, זענען ארום 75 אידען פון ביידע געשלעכטער, צוזאמענגעקומען זיך מיט דער אפיציעלער ערלויבניש פון שטאדט קאמענדאנט, אין דעם מיטען-זאל פון דער פאלקס-הויז אויף קופיעצקא גאס, צו פארהאנדלען וועגען דער פאנאנדערטיילונג פון דעם רעליעף, וואס די אמעריקאנער דזשאינט דיסטריביושאן קאמיטע האט געשיקט. ווען די פארזאמלונג האט געהאלטען ביים שליסען זיך, האט זיך אריינגעריסען א גרופע סאלדאטען, וועלכע האבען ארעסטירט די גאנצע פארזאמלונג און גענישטערט איי'הויז. זיי האבען בארויבט די ארעסטירטע און אוועקגעמארשירט מיט זיי צו דער זשאנדארמעריע. פון דארטען זענען די ארעסטירטע אוועקגעפיהרט געווארען צום מארק און אויסגעשטעלט געווארען אין א ליניע מיט'ן רוקען צום קלויסטער-וואנט. קיין פייער איז ערגעץ ניט געווען, אויסער די ליכט פון אויטאמאביל. די 6 פרויען און ארום 35 מענער זענען אפגעזונדערט געווארען פון דער מאסע און די איבעריגע, 35 אין צאהל, זענען דערשאסען געווארען מיט ווענינ איבערלעגונג און אהן וועלכען משפט. פארטאג זענען דריי פארוואונדעטע דערשאסען געווארען אין קאלטען בלוט, אזוי גלייך ווי מען האט געזעהן, אז אין זיי באוועגט זיך נאך א פונק לעבען.

די פרויען און די מענער, וועלכע זענען אפגעטיילט געווארען, זענען פארשפארט געווען אין טורמע ביז דאנערשטאג. די פרויען האט מען אויסגעטאן און געשלאגען אזוי מערדערליך, אז זיי זענען געלעגען עטליכע וואכען אין בעט. דאס זעלבע האט מען געטאן מיט די מענער.

די פוילישע בעאמטע האבען אפיציעל פארזיכערט, אז עס איז געווען אורזאך צו פארדעכטיגען די פארזאמלונג אין באלשעוויסטישער אנהעגערשאפט. מיר זענען איבערצייגט, אז אויף דער פארזאמלונג איז ניט דערמאנט געווארען קיין באלשעוויסטישע זאך, צוגעבענדיג, אז צוויי אידישע סאלדאטען האבען באריכטעט פון געוויסער באלשעוויסטישער טעטיגקייט אין שטאדט, זענען מיר איבערצייגט, אז מאיאר לושאנסקי, דער קרויז-קאמאנדיר, האט ארויסגעוויזען א געפעהרליך לייכטזיניגע גרייטקייט צו בויען אויף אזעלכע אומבאשטעטיגטע באהויפטונגען און אויף דעם ניט געזונטען גרונד האט ער אנגעווענדעט אונפארצייליכע שטרענגע מיטלען געגען אנגעזעהנע בירגער, וועמעס כאראקטער האט לייכט געקענט פעסטגעשטעלט ווערען, אויב מען וואלט אנגעפרעגט ביי יעדען באקאנטען קריסטליכען איינוואוינער פון שטאדט.

די אפיציעלע ערקלעהרונג פון גענעראל ליסטאווסקי, קאמאנדיר פון דעם געגענד, אז די אידישע באפעלקערונג האט דעם 5-טען אפריל אטאקירט די פוילישע סאלדאטען, איז אהן וועלכע עס איז גרינדע. מיר זענען אויך איבערצייגט, אז די באראטונג, וועגען וועלכער מאיאר לושאנסקי רעדט, אז עס איז ענהליך געווען צו א קריעגס געריכט, איז געווען א גאנץ לייכטע זאך, אהן וועלכען עס איז גערכטליכען כאראקטער, ווייל צווישען ארעסט און דער ערמארדונג האט געדויערט ווייניגער פון א שטונדע. עס איז פעסטגעשטעלט געווארען, אז עס איז ניט געמאכט געווארען קיין געוויסענהאפטער פארזוך אויסצוגעפינען וועגען די קלאגען אדער, ווענינסטענס, געוואהר צו ווערען ווער די ארעסטירטע זענען. כאטש אן אפיציעלע אונטערזוכונג איז געמאכט געווארען וועגען דער קייס, איז קיינער פון די שולדיגע פאר דער ווילקירליכער הינריכטונג ניט באשטראפט געווארען, אפילו ניט גע'משפט געווארען. די קאמיסיע פון פארלאמענט האט ניט פארעפענטליכט די רעזולטאטען פון איהר אונטערזוכונג.

4. לידא, 17טער אפריל, 1919.

דעם 17'טען אפריל, "191, האט דאס פוילישע מיליטער גענומען לידא פון די רוסישע באלשעוויקעס, נאכדעם ווי די שטאדט איז אריינגעפאלען אין זייערע הענט. האבען די פוילישע סאלדאטען געלאזט זיך ראבעווען די אידישע הייזער. 39 אידען זענען דער'הרג'עט געווארען, א סך אידען, צווישען זיי דער רב, זענען ווירקליך ארעסטירט געווארען און געהאלטען געווארען 28 שטונדען אהן עסען און שרעקליכע באדינגונגען, אויף 60 קאמיענסקא גאס. אידען זענען געצוואונגען געווען צו טאן שווערע ארבייט ניט קוקענדיג אויף עלטער אדער געזונטס-צושטאנד. עס זעהט ניט אויס, אז ווער עס איז איז באשטראפט געווארען פאר די עקסצעסען אדער אז שריט זענען גענומען געווארען צו פארגיטיגען די קרבנות פון די רויבערייען.

5. ווילנא, אפריל 19-21, 1919.

דעם 19-טען אפריל זענען פוילישע אפטיילונגען אריין אין דער שטאדט ווילנא. די שטאדט איז ענטגילטיג פארנומען געווארען פון די פאליאקען נאך א דריי-טאגיגער גאסען-שלאכט. אין פארלויף פון וועלכער זיי האבען פארלארען 33 מאן. אין פארלויף פון דער זעלבער צייט זענען דער'הרג'עט געווארען ארום 65 אידען. פון די באוויזען, וואס זענען צונעשטעלט געווארען, ווייזט זיך ארויס, אז קיינער פון די דאזיגע דער'הרג'עטע, צווישען וועלכע עס זענען געווען 4 פרויען און 8 מענער פון איבער 50 יאהר אלט, האט ניט געהאט קיין שייכות מיט די באלשעוויקעס. 8 אידען זענען געטריבען געווארען אויף א שטח פון דריי קילאמעטער ביז הינטער דער שטאדט און זענען געשאסען געווארען אהן דעם מינדעסטען אנשטעל פון וועלכען עס איז פראצעס אדער אויספארשונג. אנדערע זענען דערשאסען געווארען בשעת די סאלדאטען האבען בארויבט אידישע הייזער. קיין ליסט פון פוילישע ציווילע וואס זענען דער'הרג'עט געווארען אין פארלויף פון דער צייט, האט די מיסיע ניט געקראגען. אין נאמען פון דער רעגירונג אבער איז ערקלערט געווארען אז די ציווילע באפעלקערונג פון ווילנא האט זיך באטייליגט אין דער שלאכט פון ביידע צדדים און אז אייניגע ציווילע האבען געשאסען אויף די סאלדאטען. אין פארלויף פון די דריי טעג זענען די פוילישע סאלדאטען און ציווילע אריין אין נאך צוויי טויזענד אידישע הייזער און געשעפטען און די איינוואוינער זענען בארויבט געווארען און געשלאגען געווארען. די אידישע קהלה ערקלערט, אז די אידישע פארלוסטען באטרעפען ביז איבער 10 מיליאן רובל. ביי אייניגע פון די ארעסטטע פאמיליעס האט מען בארויבט זייערע שיך און קלידער. הונדערטער אידען זענען ארעסטירט געווארען און דעפארטירט פון דער שטאדט, אייניגע פון זיי זענען אריינגעשטופט געווארען אין פראכט-וואגאנען און זענען געהאלטען געווארען פיער טעג אהן ברויט און וואסער. אלטע מענער און פרויען זענען אוועקגעפיהרט געווארען אהן א פראצעס אדער אויספארשונג. אין דער דאזיגער ליסט זיינען אריין אייניגע פון די פראמינענטסטע אידען פון ווילנא, אזעלכע, ווי די פראמינענטע אידישע שריפטשטעלער יאפפע און ניגער. לאנגע טעג האבען די פאמיליעס פון די דאזיגע געפאנגענע נארניט געהערט וועגען זיי און זיי האבען מורא געהאט, אז מען האט זיי דער'הרג'עט. די סאלדאטען האבען זיך אריינגעריסען אין דער שוהל און האבען געשענדעט די ספרי-תורות. ביז דעם 3-טען אוגוסט 1919, ווען די מיסיע איז געווען אין ווילנא, איז קיינער פון די סאלדאטען אדער ציווילע, וואס זיינען פאראנטווארטליך געוועזען פאר די דאזיגע עקסצעסען, ניט באשטראפט געווארען.

6. קאלבוסאווא, 7-טער מאי, 1919

עטליכע טעג בעפאר דעם 7-טען מאי, 1919, האבען די אידען פון קאלבוסאוואא, זיך געשראקען, אז עקסצעסען וועלען פארקומען, ווייל עס זיינען פארגעקומען ראיאטען אין די שכנ'ישע שטעדט דזשאזשאוו און גלאזגאוו. דיעזע ראיאטען זענען געווען דער רעזולטאט פון פאליטישע אגיטאציעס אין דיעזען דיסטריקט ווי אויך פון א אויפרעגונג, וואס איז פאראורזאכט געווארען א דאנק א בלוט-בלבול, אין וועלכער דער באשולדיגטער איד איז פריינעשפראכען געווארען. דעם 6-טען מאי איז נאך קאלבוסאוואא א קאמפאניע סאלדאטען געשיקט געווארען אום צו פארהינדערען ערווארטעטע אונרוהען. דעם 7-טען מאי, מאנטאג גאנץ פריה, האט זיך אין שטאדט באוויזען א גרויסע צאהל פויערים, צווישען וועלכע עס האבען זיך געפונען פיעלע געוועזענע סאלדאטען פון דער עסטרייכישער ארמיי. די ראיאטערס האבען ענטוואפענט די סאלדאטען און דריי פויערים זענען דער'הרג'עט געווארען. דערנאך האבען זיי פארטגעזעצט צו ראבירען אידישע סטארס און צו שלאגען יעדען אידען, וועלכער איז נאר אין זייערע הענט אריינגעפאלען. אכט אידען זענען דער'הרג'עט געווארען וועהרענד אט די עקסצעסען. ערשט שפעטער נאכמיטאג איז ארדנונג געשאפען געווארען, ווען א נייע גרופע סאלדאטען האט זיך באוויזען. ביז איצט איז איינער פון די ראיאטערס פאר'משפט געווארען פון דער פוילישער רעגירונג און איז הינגעריכטעט געווארען.

(פארטזעצונג קומט)

## אן אידיליע

(זכרונות פון א שעהנער צייט)
פון מ. מלמד

די נאכט איז געווען א ליכטיגע, און אויסגעשטערענטע, נאר א שטארק קאלטע ווי עס טרעפט געוועהנליך, גאנץ אפט אין יענע מקומות ארום דעצעמבער און יאנואר. די לבנה האט באלויכטען דאס פעלד, דעם וועג, און די הייזער דערביי, און האט געווארפען גרויסע שאטענס פון די הויכע בערג וואס רינגלען ארום דאס דארף רעכטס און לינקס. דער ווייסער שניי האט געגלימצערט אין דער נאכט, און האט אנגענעהם און פרעהליך געסקריפעט אונטער די פיס. אמת, מ'פילט זיך צו א ביסעל ארויסצוקריכען פון אונטער דער ווארימער קאלדרע אין אזא קאלטען פארטאג, אבער ביזטו שוין אין דרויסען, מיט דעם ווארימען, פוטערנעם היטעל אראפגערוקט איבער די אויערען, און דאס קורצע פעלצעל וואס ווארימט אם לייב, עפענסטו דאס מויל אזוי ברייט ווי עס לאזט זיך, און ציהסט אין זיך די פרישע, אייז-קאלטע לופט, דערמאלט קוקסטו זיך ארום אויף דער ברייטער, שעהנער וועלט וואס ליגט אין א טיעפען שלאף, אויף די שטערענדלאך וואס פינקלען אזוי חן'עוודיג ארונטער פון'ם בלויען הימעל, און עס טוט דיר הנאה וואס דו ביזט אויפגעשטאנען אזוי פריה ווען „גאט אליין שלאפט נאך" ווען שטיל איז אלץ ארום און ארום, און נאר דער בארג-גייסט שוועבט ארום אויף זיינע לייכטע פליגעל, וואס דאס שארפסטע אויג קען זי ניט דערזעהן, און וואס דער פיינסטער געהער קען ניט פארנעהמען זייער גערויש.

אנגעפעלצט פון קאפ ביז די פיס בין איך ארויס אויפ'ן הויף און האב גענומען צוגרייטען די פערד און דעם וואגען ארויסצופאהרען באצייטענס אין וואלד אריין נאך האלץ. איך ווארף צו פרישע חיי צו די פערד און גיב זיי יעדען א קליינעם חלק האבער; איך שמיר די רעדער פון וואגען און איך טראכט דערביי, אז חכמים זענען טאקע די גוי'עשע שכנים, די פארמערס, זיי גרייטען אן דאס האלץ פאר'ן ווינטער בעת עס איז נאך ווארים אין דרויסען, פארשפארען זיי צו פאהרען אצונד, אין אזא פראסטיגער נאכט אין וואלד אריין... אי'ה איבער איאהר וועל איך שוין זיין קליגער...

ווען עס באווייזט זיך דער ערשטער ראזעווער פאס אויפ'ן הימעל אין מזרח-זייט, א סמן, אז דארט-ווייט הינטער די בערג, שיינט שוין די זון, בין איך שוין כמעט אינגאנצען צוגעגרייט צום פאהרען, איך דארף נור אויסמעלקען די קוה, און אויסטרינקען אויף גיך א גלאז הייסע מילך וואס מרים, זאל לעבען, גרייט דערווייל צו פאר מיר אין קיך. א ברירה האט זי... צוליעב דעם וואס איך פאהר אין די בערג, מוז זי אויך אויפשטעהן א גרויסען פארטאג, און זיך שטערען דעם געשמאקען שלאף. איך טרינק אפ אויף גיך, כאפ דאס קליינע פעקילע מיט עסען און ווארף עס אריין אין וואגען, דערנאך קריך איך אליין ארויף, און מאך זיך באקוועם אין דער ווייכער, שמעקעדיגער היי. איך געזעגען זיך ווארם מיט מיין ווייבעל, און זאג איהר אז זי זאל קושען די קינדערלאך פאר מיר; אזא טבע איז שוין ביי מיר — ווען איך פאהר אין וואלד, געזעגען איך זיך אזוי, גלייך איך וואלט געפאהרען ערגעץ אין א ווייטען געפעהרליכען וועג... איך פאהר ארויס פון הויף, און דרעה א פאר מאל אוים דעם קאפ צוריק, מרים קוקט מיר נאך א חיבעשע ווייל, ביז איך פארנעהם זיך אויס'ן ברייטען וועג וואס פיהרט מיך ארויס פון'ם דארף.

דער וועג ציהט זיך בארג ארויף, טאה-און בערג, גריבער און שטיינער, די רעדער קלאפען זיך אן יעדע ווייל, און ווארפען דעם וואגען אין אלע זייטען. מיר איז ניט באקוועם צו זיצען אין וואגען, און חוץ דעם נעהמט מיך דורך די קעלט דורכ'ן פעלצעל. און איך באשליס, אז געהן צו פוס איז פראקטישער, געה איך מיר נאך פאוואלינקע נאכ'ן וואגען, פארשטופט די הענט אין די ארבעל, און פייף מיר אונטער א נגונ'דעל. די פערד שלעפען פארוואליע דעם וואגען בארג-ארויף. זיי גליטשען זיך אויפ'ן הארטען שנעע, מאכען שטארק מיט די זייטען, און בלאזען ארויס א גאנצען וואלקען מיט וואסער-פארע פון די נאזלעכער. די שפיץ בערג באגילדען זיך פון די ערשטע שטראהלען פון דער זון, און דער שניי, וואס ביינאכט איז ער געווען מאט, ווייס, באקומט איצט א העלע ראזקייט. און דערמאנט א שעמעוודינע רויטקייט אין די בעקעלאך פון א יונגינקער מיידעל, בעת זי קריגט דעם ערשטען קוש פון איהר חתן. מיט דעם שטייגען פון דער זון ווערט אלץ ווארימער און ווארימער, און ווען איך קום צום פלאץ, וואו איך דארף נעהמען דאס האלץ, פיהל איך שוין אזוי ווארים, אז איך ווארף אראפ פון קאפ דאס פוטערנע היטעל און פון קערפער דאס ווארימע פעלצעל, איך שפאן אויס די פערד, בינד זיי צו די היי פון וואגען, און אליין נעהם איך די האק אויפ'ן האקסעל, און הויב אן קלעטערען אויפ'ן בארג צו זוכען טרוקענע האלץ.

ארום צעהן יעדעם זייגער איז די זון שוין

פארטזעצונג אויף סיידש 8.

בלויז ארום 300 מענשען, איז אריין די מיליציע און גענומען זוכען געוועהר. א קורצע ווײלע נאכדעם, אין דער צייט וואס די מיליציע איז נאך געווען אין טעאטער, איז א המון ציווילע און אייניגע סאלדאטען אריין אין אודיטאריום און גענומען טרייבען די אידען צו די טרעפ. אויף די טרעפ איז געשטאנען א דאבעלטע ליניע פון מענשען, באוואפענט מיט שטעקענס, באיאנעטען, און געשלאגען די אידען וואס זענען ארויס פון דער געביידע. ווען די אידען זענען געקומען אויף דער גאס, זענען זיי ווידער געשלאגען געווארען פון המון וואס האט געוואכט אויף זיי. אלס רעזולטאט פון דעם אנפאל זענען 4 אידען דערשלאגען געווארען צום טויט

פארשטארקונגען דעם 21־טען נאוועמבער. די אידישע באפעלקערונג פון שטאדט האט זיך ערקלערט נייטראל, אבער דער פאקט, אז דער אידישער געגענד האט זיך געפונען אין דער שטאדטטייל וואס איז פארנומען פון די אוקראינער, אז די אידען האבען ארגאניזירט זייער אייגענע מיליץ, און ווייטער, דער קלאנג אז אייניגע אידען האבען געשאסען אויף די סאלדאטען, האט אויפגעבלאזען און אנטיסעמיטישען געפיהל צווישען די פוילישע סאלדאטען, וואס איז שנעל איבערגעגאנגען צווישען דעם אנקומענדען מיליטער. די לאגע איז נאך מעהר פארוויקעלט געווארען צוליעב דער אנוועזענהייט פון ארום 15000 דעזערטירען און א סך פארברעכער, וואס די אוקראינער האבען ארויס־

פון פייער־דעפארטמענט, זענען פארברענט געווארען ביז'ן פונדאמענט. די שוהל איז אויך פארברענט געווארען און א גרויסע צאהל ספרי תורות זענען אומגעקומען. צוליעב דער שוואכער דיסציפלין צווישען די קלענערע אפיצערען איז נאך שווערער געווארען צו אונטערדריקען די אומרוהען. זיי האבען ניט אנגענומען קיין שטרענגע מיטלען. דעם 23־טען, ווען פאטרולען פון אפיצערען אונטער ערפאהרענער פיהרערשאפט זענען ארויסגעשיקט געווארען, איז די רויבעריי און גוואלדטאט אפגעשטעלט געווארען.

די פוילישע רעגירונג האט דורכ'ן יוסטיץ מיניסטער אנגעהויבען א שטרענגע אונטערזוכונג; דעם 24־טען דע־

שטראף פון מיליטערישע פערזאנען, אין אייניגע פאלען, ביז דריי יאהר טורמע. די קאמיסיע האט ערהאלטען א ידיעה, אז די רעגירונג האט אנגעפאנגען צו צאהלען די קלעימס פאר שאדען־ערזאץ, וואס די פאסירונגען האבען פאראורזאכט.

3. פינסק, 5טער אפריל, 1919.

שפעט נאך מיטאג דעם 5־טען אפריל, 1919, א מאנאט אדער עטוואס שפעטער נאך דער פוילישער אקופאציע פון פינסק, זענען ארום 75 אידען פון ביידע געשלעכטער, צוזאמענגעקומען זיך מיט דער אפיציעלער ערלויבניש פון שטאדט קאמענדאנט, אין דעם מיטען־זאל פון דער פאלקס־הויז אויף קופיעצקא גאס,

סען געווארען מיט ווייניג איבערלעגונג און אהן וועלכען משפט. פארטאג זענען דריי פארוואונדעטע דערשאסען געווארען אין קאלטען בלוט, אזוי גלייך ווי מען האט געזעהן, אז אין זיי באוועגט זיך נאך א פונק לעבען.

די פרויען און די מענער, וועלכע זענען אפגעטיילט געווארען, זענען פארשפארט געווארען אין טורמע ביז דאנערשטאג. די פרויען האט מען אויסגעטאן און געשלאגען אזוי מערדערליך, אז זיי זענען געלעגען עטליכע וואכען אין בעט. דאס זעלבע האט מען געטאן מיט די מענער.

די פוילישע בעאמטע האבען אפיציעל פארזיכערט, אז עס איז געווען אורזאך צו פארדעכטיגען די פארזאמלונג אין באלשעוויסטישער אנהענגערשאפט. מיר זענען איבערצייגט, אז אויף דער פארזאמלונג איז ניט דערמאנט געווארען קיין באלשעוויסטישע זאך, צוגעבענדיג, אז צוויי אידישע סאלדאטען האבען באריכטעט פון געוויסער באלשעוויסטישער טעטיגקייט אין שטאדט, זענען מיר איבערצייגט, אז מאיאר לוזשאנסקי, דער קרייז־קאמאנדיר, האט ארויסגעוויזען א געפעהרליך לייכטזיניגע גרייטקייט צו בויען אויף אזעלכע אומבאשטעטיגטע באהויפטונגען און אויף דעם ניט געזונטען גרונד האט ער אנגעווענדעט אונפארצייליכע שטרענגע מיטלען געגען אנגעזעהנע בירגער, וועמעס כאראקטער האט לייכט געקענט פעסטגעשטעלט ווערען, אויב מען וואלט אנגעפרעגט ביי יעדען באקאנטען קריסטליכען איינוואוינער פון שטאדט.

די אפיציעלע ערקלערונג פון גענעראל ליסטאוויסקי, קאמאנדיר פון דעם געגענד, אז די אידישע באפעלקערונג האט דעם 5־טען אפריל אטאקירט די פוילישע סאלדאטען, איז אהן וועלכע עס איז גרינדע. מיר זענען אויך איבערצייגט, אז די באראטונג וועגען וועלכער מאיאר לוזשאנסקי רעדט, אז עס איז עהנליך געווען צו א קריעגס געריכט, איז געווען א גאנץ לייכטע זאך, אהן וועלכען עס איז גע־

און געהאלטען געווארען 28 שטונדען אהן עסען אין שרעקליכע באדינגונגען, אויף 60 קאמיענסקא גאס. אידען זענען געצוואונגען געווען צו טאן שווערע ארבייט ניט קוקענדיג אויף עלטער אדער געזונטס־צושטאנד. עס זעהט ניט אויס, אז ווער עס איז איז באשטראפט געווארען פאר די עקסצעסען אדער אז שריט זענען גענומען געווארען צו פארגיטיגען די קרבנות פון די רויבערייען.

5. ווילנא, אפריל 19־21, 1919.

דעם 19־טען אפריל זענען פוילישע אפטיילונגען אריין אין דער שטאדט ווילנא. די שטאדט איז ענטגילטיג פארנומען געווארען פון די פאליאקען נאך א דריי־טאגיגער גאסען־שלאכט אין פארלויף פון וועלכער זיי האבען פארלארען 33 מאן. אין פארלויף פון דער זעלבער צייט זענען דערהרג'עט געווארען ארום 65 אידען. פון די באווייזען, וואס זענען צוזאמענגעשטעלט געווארען, ווייזט זיך ארויס, אז קיינער פון די דאזיגע דערהרג'עטע, צווישען וועלכע עס זענען געווען 4 פרויען און 8 מענער פון איבער 50 יאהר אלט, האט ניט געהאט קיין שייכות מיט די באלשעוויקעס. 8 אידען זענען געטריבען געווארען אויף א שטח פון דריי קילאמעטער ביז הינטער דער שטאדט און זענען געשאסען געווארען אהן דעם מינדעסטען אנשטעל פון וועלכען עס איז פראצעס אדער אויספארשונג. אנדערע זענען דערשאסען געווארען בשעת די סאלדאטען האבען בארויבט אידישע הייזער. קיין ליסט פון פוילישע ציווילע וואס זענען דערהרג'עט געווארען אין פארלויף פון דער צייט, האט די מיסיע ניט געקראגען. אין נאמען פון דער רעגיערונג אבער איז ערקלערט געווארען אז די ציווילע באפעלקערונג פון ווילנא האט זיך באטייליגט אין דער שלאכט פון ביידע צדדים און אז אייניגע ציווילע האבען געשאסען אויף די סאלדאטען. אין פארלויף פון די דריי טעג זענען די פוילישע סאלדאטען און

ביז דעם 3־טען אוגוסט 1919, ווען די מיסיע איז געווען אין ווילנא, איז קיינער פון די סאלדאטען אדער ציווילע, וואס זיינען פאראנטווארטליך געוועזען פאר די דאזיגע עקסצעסען, ניט באשטראפט געווארען.

6. קאלבוסאווא, 7־טער מאי, 1919.

עטליכע טעג בעפאר דעם 7־טען מאי, 1919, האבען די אידען פון קאלבוסאווא זיך געשראקען, אז עקסצעסען וועלען פארקומען, ווייל עס זיינען פארגעקומען ראיאטען אין די שכנ'ישע שטעדט דזשאזשאוו און גלאזגאוו. דיזע ראיאטען זענען געווען דער רעזולטאט פון פאליטישע אגיטאציעס אין דיזען דיסטריקט ווי אויך פון א אויפרעגונג, וואס איז פאראורזאכט געווארען א דאנק א בלוט־בלבול, אין וועלכער דער באשולדיגטער איד איז פריינגעשפראכען געווארען. דעם 6־טען מאי איז נאך קאלבוסאווא א קאמפאניע סאלדאטען געשיקט געווארען אום צו פארהינדערען ערווארטעטע אונרוהען. דעם 7־טען מאי, מאנטאג גאנץ פריה, האט זיך אין שטאדט באוויזען א גרויסע צאהל פויערים, צווישען וועלכע עס האבען זיך געפונען פיעלע געוועזענע סאלדאטען פון דער עסטרייכישער ארמיי. די ראיאטערס האבען אנטוואפענט די סאלדאטען און דריי פויערים זענען דערהרג'עט געווארען. דערנאך האבען זיי פארטגעזעצט צו ראבירען אידישע סטארס און צו שלאגען יעדען אידען, וועלכער איז נאר אין זייערע הענט אריינגעפאלען. אכט אידען זענען דערהרג'עט געווארען און מעהרערע זענען פארוואונדעט געווארען. ערשט שפעטער נאכמיטאג איז ארדנונג געשאפען געווארען, ווען א נייע גרופע סאלדאטען האט זיך באוויזען. ביז איצט איז איינער פון די ראיאטערס פאר'משפט געווארען פון דער פוילישער רעגירונג און איז הינגעריכטעט געווארען.

(פארטזעצונג קומט)



# אן אידיליע

(זכרונות פון א שעהנער צייט)
פון מ. מלמד

די נאכט איז געווען א ליכטיגע, און ווייסגעשטערנטע, נאר א שטארק קאלטע ווי עס טרעפט געווענליך, גאנץ אפט אין יענע מקומות ארום דעצעמבער און יאנואר. די לבנה האט באלויכטען דאס פעלד, דעם וועג, און די הייזער דערביי, און האט געווארפען גרויסע שאטענס פון די הויכע בערג, וואס רינגלען ארום דאס דארף רעכטס און לינקס. דער ווייסער שנעע האט געגלימצערט אין דער נאכט, און האט אנגענעהם און פרעהליך געקריפעט אונטער די פיס. אמת, מ'פילט זיך צו א ביסעל ארויסצוקריכען פון אונטער דער ווארימער קאלדרע אין אזא קאלטען פארטאג, אבער ביזטו שוין אין דרויסען, מיט דעם ווארימען, פוטערנעם היטעל אראפגערוקט איבער די אויערן, און דאס קורצע פעלצעל וואס ווארימט אם לייב, עפענסטו דאס מויל אזוי ברייט ווי עס לאזט זיך, און ציהסט איין די פרישע, אייז־קאלטע לופט, דערמאלט קוקסטו זיך ארום אויף דער ברייטער, שעהנער וועלט וואס ליגט אין א טיעפען שלאף, אויף די שטערנדלאך וואס פינקלען אזוי חן'עוודיג ארונטער פון'ם בלויען הימעל, און עס טוט דיר הנאה וואס דו ביזט אויפגעשטאנען אזוי פריה ווען „גאט אליין שלאפט נאך" ווען שטיל איז אלץ ארום און ארום, און נאר דער בארג־גייסט שוועבט ארום אויף זיינע לייכטע פליגעל, וואס דאס שארפסטע אויג קען זי ניט דערזעהן, און וואס דער פיינסטער געהער קען ניט פארנעהמען זייער גערויש.

אנגעפעלצט פון קאפ ביז די פיס בין איך ארויס אויפ'ן הויף און האב גענומען צוגרייטען די פערד און דעם וואגען ארויסצופאהרען באצייטענס אין וואלד אריין נאך האלץ. איך ווארף צו פרישע חיי צו די פערד און גיב זיי יעדען א קליינעם חלק האבער; איך שמיר די רעדער פון וואגען און איך טראכט דערביי, אז חכמים זענען טאקע די גוי'עשע שכנים, די פארמערס, זיי גרייטען אן דאס האלץ פאר'ן ווינטער בעת עס איז נאך ווארים אין דרויסען, פארשפארען זיי צו פאהרען אצונד, אין אזא פראסטיגער נאכט אין וואלד אריין.. אי'ה איבער איאהר וועל איך שוין זיין קליגער..

ווען עס באווייזט זיך דער ערשטער ראזעווער פאס אויפ'ן הימעל אין מזרח־זייט, א סמן, אז העט־ווייט הינטער די בערג, שיינט שוין די זון, בין איך שוין כמעט איינגאנצען צוגעגרייט צום פאהרען, איך דארף נור אויסמעלקען די קוה, און אויסטרינקען אויף גיך א גלאז הייסע מילך וואס טרים, זאל לעבען, גרייט דערווייל צו פאר מיר אין קיך. א ברירה האט זי.. צוליעב דעם וואס איך פאהר אין די בערג, מוז זי אויך אויפשטעהן א גרויסען פארטאג, און זיך שטערען דעם געשמאקען שלאף. איך טרינק אפ אויף גיך, כאפ דאס קליינע פעקילע מיט עסען און ווארף עס אריין אין וואגען, דערנאך קריך איך אליין ארויף, און מאך זיך באקוועם אין דער ווייכער, שמעקעדיגער היי.. איך געזעגען זיך ווארם מיט מיין ווייבעל, און זאג איהר אז זי זאל קושען די קינדערלאך פאר מיך; אזא טבע איז שוין ביי מיר — ווען איך פאהר אין וואלד, געזעגען איך זיך אזוי, גלייך איך וואלט געפאהרען ערגעץ אין א ווייטען געפעהרליכען וועג.. איך פאהר ארויס פון הויף, און דרעה א פאר מאל אויס דעם קאפ צוריק, טרים קוקט מיר נאך א חיבה'שע ווײלע, ביז איך פארנעהם זיך אויפ'ן ברייטען וועג וואס פיהרט מיך ארויס פון'ם דארף.

דער וועג ציהט זיך בארג ארויף, טאהל און בארג, גריבער און שטיינער, די רעדער קלאפען זיך אן יעדע ווײלע, און ווארפען דעם וואגען אין אלע זייטען. מיר איז ניט באקוועם צו זיצען אין וואגען, און חוץ דעם נעהמט מיך דורך די קעלט דורכ'ן פעלצעל. און איך באשליס, אז געהן צו פוס איז פראקטישער. געה איך מיר נאך פאוואלינקע נאכ'ן וואגען, פארשטופט די הענט אין די ארבעל, און פייף מיר אונטער א נגונ'דעל. די פערד שלעפען פאוואליע דעם וואגען בארג־ארויף. זיי גליטשען זיך אויפ'ן הארטען שנעע, מאכען שטארק מיט די זייטען, און בלאזען ארויס א גאנצען וואלקען מיט וואסער־פארע פון די נאז־לעכער. די שפיץ בערג באגילדען זיך פון די ערשטע שטראהלען פון דער זון, און דער שניי, וואס ביינאכט איז ער געווען מאט, ווייס, באקומט איצט א העלע ראזקייט און דערמאנט א שעמעוודיגע רויטקייט אין די בעקעלאך פון א יונגער מיידעל, בעת זי קריגט דעם ערשטען קוש פון איהר חתן. מיט דעם שטייגען פון דער זון ווערט אלץ ווארימער און ווארימער, און ווען איך קום צום פלאץ, וואו איך דארף נעהמען דאס האלץ, פיהל איך שוין אזוי ווארים, אז איך ווארף אראפ פון קאפ דאס פוטערנע היטעל און פון קערפער דאס ווארימע פעלצעל. איך שפאן אויס די פערד, בינד זיי צו די היי פון וואגען, און אליין נעהם איך די האק אויפ'ן האקסעל, און הויב אן קלעטערען אויפ'ן בארג צו זוכען טרוקענע האלץ.

ארום צעהן יעדער זייגער איז די זון שוין

פארטזעצונג אויף פיידזש 8.



פארטזעצונג פון פיידזש 5

# איינזאמע מענשען

The Weg

דער וועג

THE DETROIT JEWISH DAILY

# דער וועג — The Weg

THE DETROIT JEWISH DAILY

די איינציגע אידישע טעגליכע צייטונג אין מישיגאן סטייט
ערשיינט יעדען פריהמארגען אויסער שבת, דורך דער
וועג פאבלישינג קאמפאני, אינקארפאריימעד.

הויפט אפיס: 347-49 הייסטינגס סטריט, דעטרויט, מיש. טעלעפאן: מעין 3715.

דעטרויט, 26טער יאנואר 1920.


## די פרויען ארבייטער אין די סטייטס נאך דער מלחמה

פון ב. י. ג—ן

די „נויארק אינדוסטריעל קאמישאן" האט זיך פאראינטערעסירט אין דער לאגע פון די פרויען־ארבייטער נאך דער מלחמה, אין זייער צאהל און באלוינונג. מיט די סטאטיסטישע ציפערען וואס יענע קאמיסיע האט געזאמעלט וויל איך זיך דא באנוצען. אט די קאלטע ציפערען ווערען פאר דעם וואס איז פאראינטערעסירט אין דער פראגע באלעהרענד זיין:

ארום און ארום האבען זיך אין נויארק סטייט געפונען פרויען ארבייטער (באשעפטיגטע אין פאבריקען) פאר דער מלחמה דריי הונדערט טויזענד.

ווען אין אפריל 1917 איז די אמעריקאנער רעגירונג אריין אין דער קריעג אויף דער זייט פון די עליים, האט זיך אויפגעהויבען די פראגע מכח דער צוקונפט פון די וואס האבען פארנומען דאס פלאץ פון די וואס זיינען פון די פאבריקען אפגעריסען געווארען און פארשיקט געווארען צום שלאכטפעלד; וואס וועט זיין מיט די פרויען — הייסט עס — וועלכע האבען פארנומען אין די פאבריקען דאס פלאץ פון די מענער? וועלען זיי אויך נאך דער מלחמה בלייבען אין דער אינדוסטריע? זיינען זיי אזוי גוט פעהיג ווי די מענער? שטעלען זיי דעם פאבריקאנט צופריעדען? וואס זיינען זייערע שכירות? מיט וויפיעל איז דער אונטערשיעד פון זייערע שכירות און די שכירות, וואס די מענער פלעגען באקומען?

ווען מען איז באקאנט מיט דעם שטודיום, וואס די „נויארק אינדאסטריעל קאמישאן" האט פארעפענטליכט, און שפעטער ארויסגעגעבען געווארען פון דער „ביורא אף וויממען און אינדוסטרי", קען מען געפינען תשובות אויף אזעלכע פראגען, וואס מען האט אפטמאל געהערט. אין אמעריקע אינ׳ם משך פון 1917 און אין אנדערע מדינות פונ׳ם אנהויב דער מלחמה אן.

דרייצעהן טויזענד מיט 643 פרויען האבען פארנומען די שטעלעס פון יענע יונגע לייט, וועלכע האבען געמוזט געהן אין מיליטער דיענסט.

אין זיבעצעהן אינדוסטריעס זיינען דיזע פרויען באשעפטיגט. זיי זענען כולל פון מעטאל און כעמישע ארבייט ביז א קנעפעל.

אין הונדערט מיט זיבעצעהן פלענטס ארבייטען דיעזע פרויען. דיא מעהרסטע פון זיי זיינען אויסגעפארשט און אונטערגעזוכט געווארען פון פארשיעדענע קאמיטעטען.

די קאמיטעטען האבען נאכדעם באריכטעט, אז אין די פאבריקען, וועלכע זיי האבען באזוכט, זיינען די פרויען באשעפטיגט ביי אזעלכע ארבייטען, צו וועלכע עס פאדערט זיך איבונג און ערפאהרונג; אנדערע זיינען אויך באשעפטיגט ביי אזא שווערער ארבייט, צו וועלכע מען האט פריהער קיין פרויען נים צוגעלאזט.

לערך מעהר פון א העלפט פון דער צאהל פרויען־ארבייטער, וועלכע האבען פארנומען די ערטער פון מענער־ארבייטער, זיינען צוגעוועהנט געווארען צו זייערע מלאכות אזוי, אז זיי זאלען קענען אנהאלטען זייערע שטעלעס אויך אין די צייטען פון שלום.

צוויי און פופציג פראצענט פון די אלע פלענטס, וואו פרויען ארבייטען אויף די ערטער פון די מענער, האבען אויך איצט נאך דער מלחמה נים אפגעזאגט אפילו איין פרוי; צוויי און אכציג פראצענט האבען געהאלטען אלע אדער טיילען פון זייערע פרויען אנגעשטעלטע; לערך צוויי־דריטעל פון די ענטזאגטע פרויען־ארבייטער זיינען נאר ענטזאגט געווארען נאר דערפאר וואס די רעגירונגס קאנטראקטען האבען זיך געענדיגט און נאר א קליינער פראצענט, כמעט אן אומבאדייטענדער איז ענטזאגט געווארען אום צו מאכען פלאץ פאר די צוריקגעקעהרטע סאלדאטען און מאטראזען.

די גרעסטע גרופע פון ענטזאגטע פרויען, וועלכע מען האט אפגעזאגט איבער זייער אייגענער שולד, קען פאררעכנט זיין די 23 פראצענט ענטלאסענע אויף דעם גרונד פון איבערטרעטען די אנגענומענע דיסציפלין און אדמיניסטראציאנס פאראדקעס. אזעלכעס האט טאקע מעהר נים פאסירט ווי נאר אין פינף פלעצער, פאבריקען, אדער „פלענטס", אבער פארט האט מען אין דיעזע פינף ערטער אנגעהאנגען די שולד אן דעם וואס די ארבייטער האבען געהערט צו דעם פרויען־געשלעכט. איבערהויפט האט מען דאס אין איין פלאץ באטאנט. פון דיעזען פלאץ זיינען טאקע די ענטזאגטע פרויען געווען אין א באדייטענדער צאהל.

זעקס און א האלב פראצענט זיינען נים צוגעלאזט געווארען צו קיין שווערער ארבייט; 2.3 פראצענט זיינען נים געווען געשיקט, און פעהיג געווען ווי די מענער און די בעלי בתים זיינען פון זיי נים צופריעדען געווען, און בלויז 1.1 פראצענט האבען ארויסגעוויזען אומפעהיגקייט און אומוויסענהייט ביי מעכאנישער ארבייט און אויך דא האט מען געקענט — לויט דער באשטעטיגונג פון די פירמען — ארויסזעהן, אז די שולד איז נים צו ווארפען אויף דעם פרויען־געשלעכט, אז פרויען דארף מען נים איינגעוועהנען צו אזעלכע ארבייטען. האט מען זיי אין דער היים צו ארבייט נים צוגעלאזט און זיי זיינען דערום פארבליבען אומפעהיג און אומוויסענד.

אזוי צי אנדערש, בלייבט עס דערווייל א פאקט, אז אין אלע ערטער האט מען נים געהאט קיין שלעכטעס צו זאגען מכח דער פעהיגקייט פון די פרויען־ארבייטער. אין קיין פאבריק האבען נים די בעלי בתים און נים די פארוואלטער און ארבייטער־אויפפאסער זיך באקלאגט אויף דער פעהיגקייט פון זייערע פרויען ארבייטער, וועלכע האבען פארנומען די פלעצער פון די מענער.

## איינזאמע מענשען

(בלעטער פון א פאמיליען־בוך)

י. ל. מאלאמוט

ב

אין א ווייל ארום האט דער דאקטאר איבערגעריסען די שטילקייט, און האט ני־א׳ן אנגעהויבען מאכען פארוואורף:

— שעהן האסטו באראנקט דיינע געסט ניטא וואס צו זאגען!

נינא, האט בלויז איין קוק געגעבען אויף דער ריכטונג, וואו דער דאקטאר איז געשטאנען, אבער האט גאר נים געענטפערט.

דאקטאר נאטאנזאן האט ווייטער גערעדט אין זעלבען טאן:

— מענשען קומען, שיקען בלומען, שאקאלאד, מ׳מאכט אן איבערראשונג, און דו, גאר נים! שעהן אזוי, הא, נינא?

קיין ענטפער.

פאר וואס שווייגסטו? זאג, אז דו האסט נים געהאנדעלט ריכטיג! — האט דער דאקטאר פארענדיגט.

— ניין, איך וועל דאס נים זאגען! — האט נינא קאלט אפגעענטפערט.

פאר וואס, דו שלעכטער מענש? פאר וואס אזא האנדלונג?

— ווייל אזוי פיהל איך! — האט נינא ענדליך אנגעהויבען רעדען — ס׳ווערט מיר פון זיי נים נאר נים פרעהליכער, נאר טויזענד מאל אומעטיגער, זייער געזעלשאפט אינטערעסירט מיך נים. זייערע מתנות זענען מיר נים צום הארצען, נו, א גענוגענדע ערקלעהרונג פאר דיר?

דער דאקטאר האט געשאקעלט באדויערענד מיט׳ן קאפ און נים געענטפערט.

נינא האט ווייטער גערעדט.

— ס׳קען זיין, אז איך האב געדארפט אריינלויפען און איבערראשט ווערען, ווייזען זיך זעהר פרעהליך, זיין אלעמען דאנקבאר, איינעם שענקען א שמייכעל, אן אנדערען, א פריינדליך ווארט, און אלעמען פארווארפען מיט קאמפלימענטען. אבער וואס זאל איך טאן, אז איך קען דאס נים טאן, איך קען נים, און פארטיג, וואס זשע, ס׳א נייעס פאר דיר צו הערען, אז די געזעלשאפט אינטערעסירט מיך נים? דו קענסט דאך מיך שוין נים פון נעכטען אן!

דאקטאר נאטאנזאן, אנשטאט זיך צו בארוהיגען, האט אנגעהויבען ווערען אויפגערעגט, איז צו צום עס־טיש, זיך אנגעגאסען א פול גלעזעל קאניאק, איז אריין צוריק אין קאבינעט און האט איצט אנגעהויבען רעדען אין א פארביטערטען טאן.

— נו, יא, איך פארשטעה, דו האסט ברעה די אלע שטיק צו פראווען גאנץ אפט, וואס דען? רופט מען דיך אין געזעלשאפט, ווילסטו נים געהן, האסט אן אויסרייד: די געזעלשאפט לאנגווייליגט דיך. קומט מען צו דיר, נעמסטו אזוי אויף מענשען, אז ווען זיי וואלטען האבען שכל, וואלטען זיי דיין שוועל נים איבערגעטראטען, און די אפנים האלטסט נאך, אז דאס איז א געוואלדיגע חכמה, עט, און זין, ווייטער גארנישט.

נינא האט נים געענטפערט.

דער דאקטאר איז פון איהר שווייגען נאך מעהר אויפגערעגט געווארען און געזוכט צו שטילען זיין כעס אין קאניאק, אבער נאכ׳ן צווייטען גלעזעל האט ער שוין גאנץ הויך אויפן קול געשריען:

— ווירקליך, איך וואלט וועלען וויסען, פאר וואס קומט דאס מיר? ס׳מיט דיר נים אין תמיד צו זיצען, נים צווישען מענשען ארויסצוגעהן, אט פשוט, ווי עפעס א ווילדע זאך!

נינא האט זיך אויפגעהויבען פון שאקעל שטוהל, זיך געשטעלט ביים פענסטער, קוקענדיג אין דער נאכט אריין.

נאטאנזאן האט נים אויפגעהערט צו שרייען:

— קאפריזען, האסט געזעהן? א פרוי קאפריזעוועט איינמאל, א וואך, א חודש, א יאהר, אבער אייביג גאר, יאהר איין, יאהר אויס ווי איז דאס געהערט געווארען ווי קען מען עס אייביג נעמען א מאן און פארביטערען דאס לעבען?

נינא האט זיך אומגעקעהרט און גאנץ קאלטבלוטיג א זאג געטאן:

— קיינער פארביטערט דיר נים דאס לעבען. קענסט געהן וואוהין דו ווילסט אהן מיר, און קענסט לאדען צו זיך, וועמען דו ווילסט, נאר דארפסט נים ערווארטען פון מיר, איך זאל זיך מיט זיי אפגעבען, כ׳האב דאס דיר שוין וויפיעל מאל געזאגט. אזוי בין איך, ס׳איז פארפאלען!

— ניין, דאס וועט נים געשעהן! איך קען נים געהן אהן דיר, און קען נים לאדען צו זיך קיין מענשען, אז יעדער איינער זאל מיך דערנאך אנקוקען ווי א משוגענעם, וואס איז אפנים אייביג צוריסען מיט דער פרוי און זי האט נים, נים פאר איהם, נים פאר זיינע באקאנטע קיין איין גוט ווארט.

— וואס זשע ווילסטו, איך זאל לעבען צוליעב זיי, שמייכלען צוליעב זיי, ניין, איך קען דאס זיי נים צוליעב טאן! — האט נינא שפאטיש געענטפערט.

נאטאנזאן איז מיט אמאל ווילד געווארען און האט איהר אריינגעשריען אין פנים אריין:

— ווען זילבערמאן אבער קומט, דאן איז שוין אלעס רעכט, הא? צוליעב איהם שמייכעלט מען יא, צוליעב איהם מאכט מען טיי, וואס? צוליעב איהם, געהט מען נאך האלבע נאכט אין גאס שפאצירען, צוליעב איהם יא. — בעת ער האט גערעדט האט ער אלעמאל אונטערגעשטראכען און אויסגעצויגען דאס ווארט „איהם" און געקוקט אויף איהר פול מיט פארדרוס און ערגערניש.

נינא האט א שמייכעל געטאן.

— יא, איך האב עס שוין געהערט, איך ווייס דאך וואס דיך פארדריסט. עס פארדריסט דיך, פאר וואס עס געפינט זיך א מענש וואס לאנגווייליגט מיך נים און איך געה אמאל ארויס מיט איהם, נישקשה, קענסט זיכער זיין, אז איך בין נים פארליעבט אין איהם.

אין נאטאנזאנ׳ען האט שוין אנגעהויבען רעדען די איפערזוכט.

— ניין, נים פארליעבט אין איהם, וואס דען? מיט איהם כאטש טאג און נאכט ארומשלעפען זיך, מיט איהם איז תמיד דא צייט און אלע אנדערע זיינען קיין מענשען נים, נים קלוג גענוג, נים שעהן גענוג. וואס זשע דען איז דאס, אדרבא ווי קענסטו דאס ערקלעהרען?

— כ׳האב דיר שוין נים איינמאל ערקלעהרט. ער איז א קינסטלער, ער שפילט זעהר שעהן, איך האב ליעב מוזיק, און ווען ער שפילט איז מיר גאנץ אנגענעהם אפילו ווען ער רעדט וועגען קונסט, וועגען מוזיק, איז מיר אויך אנגענעהם. נו, וואס איז דאס פאר אזא חטא?

נאטאנזאן האט די ערקלעהרונג איהר צוריקגעווארפען.

— יא, איך ווייס, קונסט, מוזיק, אנגענעהם, איך האב שוין געהערט די מעשה! עס איז מיר שוין איבעלדיג!

נינא איז בייז געווארען.

— נעמט מען, און מען זאגט איהם: זייט אזוי גוט און קומט מעהר נים אהער! דו ביזט דאך דער ווירט. דיר איז דאס ערלויבט!

— פאר וואס דארף איך דאס טאן? וואס האב איך מיט איהם? ער קומט נים צו מיר. דו אליין מעגסט דאס איהם זאגען, האט נאטאנזאן גע׳טענה׳ט, און אויפגערעגטער.

— ניין, איך נים. איך האב צו איהם גאר נים. ער איז אפשר דער איינציגער וואס פארשטעהט מיך, אפילו ווען איך בין נים פרעהלאך, אפילו ווען איך שווייג!

נאטאנזאן איז צו צום עס־טיש, האט אויסגעטרונקען א דריטע גלעזעל קאניאק און זיך לאזענדיג לויפען צו זיך אין שלאף־צימער האט ער בייז געברומט:

— ביזט געווען און וועסט שוין בלייבען א ווילדע באשעפעניש, קיין לייט וועט שוין פון דיר נים זיין.

איך ווייס נאר, אז דו וועסט מיר שוין אייביג, אייביג פארביטערען דאס לעבען, מיינע יאהרען און טעג, בעסער וואלט איך דיך נים געווען דערקענט!

(סוף אין נעקסטען נומער)

## הומאר און וויץ

### א מיטעל געגען שוואכע הערצער

אט דאס איז א משל געגען די שוואכע הערצער וואס האבען מורא, אז טאמער וועלען אידען האבען אן אייגענעם סטאאט אין ארץ ישראל וועלען אונז די אנטיסעמיטען אין אנדערע לענדער אויפווארפען און זאגען: איהר האט אן אייגענע לאנד, טא געהט אהין.

צו א אידישען מיליאנער אין פעטראגראד האט זיך א קאמיטע געווענדעט ער זאל געבען א נדבה אויף א פראוואסלאווערנע קירכע.

דער איד האט גענומען טראכטען: וויפיעל זאל ער געבען? זאל ער געבען א גרויסע נדבה וועלען די אנטיסעמיטען זאגען: „זעהט, ווי דער איד ווארפט זיך מיט געלד! דאס האט ער אנגערויבט פון אונזערע ברידער!" זאל ער געבען א קליינע נדבה, וועט די קאמיטע אויף איהם פאראיבעל האבען: נו, האט דער עושר געטאן אזוי: ער האט געגעבען הונדערט רובעל אין זיין אייגענעם נאמען און 900 רובעל האט ער געהייסען פארשרייבען אהן א נאמען „אנאנים" איז ער שוין יוצא פאר ביידע צדדים.

אבער ווען די ליסטע פון די נדבות פאר דער קירכע איז געווען אפגעדרוקט אין „נאוואיע ווערעמיא", האט דער רעדאקטאר פון דער אנטיסעמיטישער צייטונג געמאכט אזא באמערקונג אין זיינע נאטיצען: „זעהט, ווי דער אידישער מיליאנער ווכט אויפצורייסען אלעמענס אויגען מיט זיינע שמוציגע הונדערט קארבאנצעס. וועהרענד אונזערער, א טרייער רוס, וועלכער האט געגעבען ניין מאל אזוי פיעל וויל גאר נים אז מען זאל וויסען ווער ער איז!"

הייגט געה היט זיך פאר׳ן „למה יאמרו הגוים".

### די מלחמה איז שולדיג

א מאן איז אריינגעקומען אין א רעסטאראן און האט דארט אויפגעגעסען פאר 5 סענט א שטיקעל קייק און פאר 5 סענט האט ער אויסגעטרונקען א טאסע קאפע. ווען ער האט געדארפט אוועקגעהן, האט איהם דער רעסטאראטאר געהייסען בעצאהלען 12 סענט.

— „עקסקיוז מי, מיסטער", — האט דער קאסטאמער פראטעסטירט. — 5 און 5 מאכט צוזאמען 10, און נים 12.

— דאס איז אלץ געווען פאר דער מלחמה, — האט דער רעסטאראטאר געענטפערט. — יעצט, צוליעב די הויכע פרייזען איז עס 12.

### א שנעלער מסחר

סטארקיפער — דיזער סוט קאסט צעהן דאלאר.

קאסטאמער — צעהן דאלאר? וואס רעדט איהר? עס איז קוים ווערטה דריי דאלאר.

סטארקיפער — וועט איהר דאס געבען? — טא וועלען מיר מאכען א מסחר.

### א צוטשעפענים

מעני — ווייסט אפשר וואס מאכט דזשייק? איך האב געהערט אז ער ווערט בעסער.

בעני — ער איז שוין געווען בעסער, אבער עס האט זיך צו איהם צוגעטשעפעט נאך עפעס.

מעני — וואס?

בעני — זיין ווייב, זי האט איהם געכאפט מאכענדיג חנ׳דעלעך צו דער נייבס.

### זעלבסט שוץ

אין א האמבורג עוועניו קאר אין ניו יארק איז געזעסען א מאן און געלעזען א צייטונג. נעבען איהם איז געשטאנען א יונגע ווייבעל מיט א גרויסען און לאנגען „שפיעז" אין איהר העט. יעדען מאל וואס די קאר פלעגט זיך א קעהר טאן פלעגט די ווייבעל פאלען דעם מאן גלייך אין שויס אריין. דאס האט איהם אבער נים אזוי געארט ווי די גרויסע פין מיט׳ן שארפען שפיץ וואס האט ארויסגעשטעקט פון איהר העט. ענדליך איז דער מאן אויפגעשטאנען און אפגעגעבען זיין פלאץ צו דער ווייבעל.

— טהענק יו, — האט די ווייבעל געזאגט מיט א שמייכעל, — איהר זייט א מענש מיט געפיהל.

— איך טו דאס נים אויס געפיהל — האט דער מאן געענטפערט, — נאר ווייל מיין לעבען איז מיר טייער.



## אן אידיליע

פארטזעצונג פון פיידוש 5

הויך אין הימעל, זי ווארעמט און גלעט מיט דער צערטליכקייט פון א מאמע, עס ווערט היים, טראפענס שווייס קומען מיר ארויס אויפ׳ן שטערן, איך שלעפ א קלאץ נאך א קלאץ און א בוים נאך א בוים, איך מאטער זיך און ארבייט שווער, אבער ארום דריי דעם זייגער לעג איך שוין דאס האלץ אויפ׳ן וואגען, און בינד עס איין מיט א גראבען שטריק. ביז איך בין פארטיג מיט׳ן איינשפאנען צוריק די פערד, ווערט דער זייגער שוין פיער. די זון הויבט אן זיך אראפצוזעצען אין מעריב־זייט, און וואס לענגער עס ווערען די שאטענס פון די בערג, אלץ קעלטער ווערט די לופט. איצט דערפיהל איך, אז איך בין אינגאנצען נאס פון׳ם שניי, ווייל בעת איך האב געקלעטערט אויפ׳ן בארג בין איך געקראכען אויף אלע פיער, טיעף אין שניי, ווען די זון האט געווארעמט האב איך עס נים געפיהלט, איצט אבער האבען די נאסע בגדים אנגעהויבען פארפרוירען צו ווערען אויף מיין לייב, איך האב געציטערט פון קעלט, און דאך נים געקענט ארונטערגעהן פון וואגען כדי צו דערווארעמען זיך; דער וועג אהיים איז כסדר בארג־אראפ, מען מוז זיצען אויפ׳ן וואגען, און האלטען שטייף די לייצעס.

קאלט. עס דוכט זיך מיר, אז דער הויך וואס קומט ארויס פון מיין מויל, ווערט פארפרוירען אין דער לופט. עס ווערט טונקעלער, די זון האט זיך שוין געזעצט פון יענער זייט בארג, און אין מיטען הימעל, פונקט איבער מיין קאפ, הענגט שוין די זילבערנע לבנה, און שמייכעלט צו מיר אזוי היימלעך און ליעב, מיר דאכט, זי ברייגגט מיר א גרוס פון מיין ליעבער היים, דארט אונטען אין טהאל.. א ווארעם שטיבעל, א ווייכע בעט.

די שאטענס פון די בערג שפרייטען זיך ווייטער און ווייטער. פארשלינגען מיך, די פערד, דעם וואגען און דאס האלץ; אבער ביסלעכווייז רוק איך זיך ארויס פון צווישען די הויכע בערג, זיי דערווייטערען זיך פון מיר, ווערען קלענער און שיטערער, און איך דערזעה א שארפען שאטען וואס פאלט אויפ׳ן ווייסען שניי, פון דעם וואגען, פון די פערד, און פון מיר, פון אויבען.. איך קוק אויף מיין אייגענעם שאטען, איך זעה עפעס א מנושם׳דיגע, קורץ־גראבע בריה, אנגעפעלצט און איינגעהויקערט אין דרייען. אפשר בין איך שוין גאר אינגאנצען געווארען א שטיק „אייז"?.. איך פיהל נים קיין פיס, און פיהל נים קיין הענט. מיט דאס לעצט ביסעל ווארימקייט דריק איך צונויף די פינגער ארום די לייצעס. און איך קוק אנגעשטרענגט אין דער ווייטער טונקעלער נאכט, און איך דערפרעה זיך ווען איך דערזעה די ערשטע ליכטלאך פון דארף, או זאג איך וויל טרעפען וועלכעס פייערל עס שיינט ארויס פון מיין חיים..

אביסעלע זיך פארשפעטיגט, טאקע נאר א קליין ביסעלע.. אויפ׳ן וועג באגעגען איך שוין מרים׳ן מיט טרעהרען אין די אויגען, זי קוקט שוין ארויס אויף מיר פון א שעה צייט, „איז ווייניגער א שטיקעל האלץ, אבי זיין אין דערהיים אין צייט", — אזוי רעדט זי צו מיר, און בעת איך שפאן אויס, דערצעהלט זי מיר דערווייל, אז אלץ איז אין ארדנונג. די קוה האט זי שוין אליין אהיים געטריבען פון פעלד, געגעבען איהר חיי, נור מעלקען וועל איך דארפען.. „ווייל מיינע פינגער, דו ווייסט דאך".. „אוודאי וועל איך אליין מעלקען, ווי דען?"..

שרה׳לע לויפט אונטער, העלפט מיר אויסשפאנען די פערד, פיהרט זיי צום וואסער, און דערנאך צום שטאל. ניין, דאס האלץ ווארף איך שוין היינט נים ארונטער פון וואגען, צו קאלט אצונד, זאל זיין מארגען.. מיט פארפרוירענע פינגער מעלק איך די קוה, און, נאך א פאר מינוט, און אט בין איך שוין אין שטוב.

גאט מיינער, ווער קען מיר שאצען און באצאהלען פאר דעם ראזיגען יום טוב אין מיין קליין ארים שטיבעל, אין מיין ליכטיגער, ווארימער היים, נאך א טאג שווערע ארבעט אין וואלד.

איך בייט איבער מיינע קליידער, אפילו וועש טו איך אן טרוקענע, ריינע, און אויפ׳ן הארצען איז לייכט פרעהליך, עס ווילט זיך זינגען, שפיעלען זיך מיט די קינדער, נור די ווארימקייט אין שטוב נעהמט מיר דורך, איך דערפיהל די מידקייט אין יעדען אבר, דער שלאף שליסט מיר די אויגען נאך איידער איך געה אוועק פון טיש. — — „מאך דאס בעט, איך בעט דיך".. דאס בעט איז קאלט, נור עס שמעקט מיט פרישקייט, מיט זויבערקייט, מרים דעקט מיך איין, די קינדערלאך קושען מיך „גוטנאכט".. שעהנע, זיסע חלומות.

וואו און וואו איז דאס אלץ געווען?..

גאט, וויל אנג, ווי לאנג איז שוין אין דעם, איצט איז עס ניטא מעהר, נאר נים, גאר נים איז געבליבען...

און אפשר איז דאס אלעס בלויז א זיסער חלום געווען?...

די איינציגע אידישע טעגליכע צייטונג אין מישיגאן סטייט
ערשיינט יעדען פריהמארגען אויסער שבת, דורך דער
וועג פאבלישינג קאמפאני, אינקארפארייטעד
הויפט אפיס: 347-49 הייסטינגס סטריט, דעטראיט, מיש. טעלעפאן: מעין 3715.
דעטראיט, 26טער יאנואר 1920.

# די פרויען ארבייטער אין די סטייטס נאך דער מלחמה

פון ב. י. ג—ן

די „נויארק אינדוסטריעל קאמישאן" האט זיך פאראינטערעסירט אין דער לאגע פון די פרויען־ארבייטער נאך דער מלחמה, אין זייער צאהל און באלייגונג. מיט די סטאטיסטישע ציפערען וואס יענע קאמיסיע האט גע־זאמעלט וויל איך זיך דא באנוצען. אט די קאלטע ציפערען וועלען פאר דעם וואס איז פאראינטערעסירט אין דער פראגע באלעהרענד זיין:

ארום און ארום האבען זיך אין נויארק סטייט געפונען פרויען ארביי־טער (באשעפטיגטע אין פאבריקען) פאר דער מלחמה דריי הונדערט טויזענד.

ווען אין אפריל 1917 איז די אמעריקאנער רעגירונג אריין אין דער קריעג אויף דער זייט פון די עליים, האט זיך אויפגעהויבען די פראגע מכח דער צוקונפט פון די וואס האבען פארנומען דאס פלאץ פון די וואס זיינען פון די פון די פאבריקען אפגעריסען געווארען און פארשיקט געווארען צום שלאכטפעלד; וואס וועט זיין מיט די פרויען — הייסט עס — וועלכע האבען פארנומען אין די פאבריקען דאס פלאץ פון די מענער? וועלען זיי אויך נאך דער מלחמה בלייבען אין דער אינדוסטריע? זיינען זיי אזוי גוט פעהיג ווי די מענער? שטעלען זיי דעם פאבריקאנט צופריעדען? וואס זיינען זייערע שכירות? מיט וויפיעל איז דער אונטערשיעד פון זייערע שכירות און די שכירות, וואס די מענער פלעגען באקומען?

ווען מען איז באקאנט מיט דעם שטודיום, וואס די „נויארק אינדאסט־ריעל קאמישאן" האט פארעפענטליכט, און שפעטער ארויסגעגעבען געווא־רען פון דער „ביורא אף וויסען און אינדוסטרי", קען מען געפינען תשובות אויף אזעלכע פראגען, וואס מען האט אפטמאל געהערט, אין אמעריקא אינ'ם משך פון 1917 און אין אנדערע מדינות פונ'ם אנהויב דער מלחמה אן.

דרייצעהן טויזענד מיט 643 פרויען האבען פארנומען די שטעלעס פון יענע יונגע לייט, וועלכע האבען געמוזט געהן אין מיליטער דיענסט.

אין זיבעצעהן אינדוסטריעס זיינען דיזע פרויען באשעפטיגט. זיי זע־נען כולל פון מעטאל און כעמישע ארבייט ביז א קנעפעל.

אין הונדערט מיט זיבעצעהן פלענטס ארבייטען דיזע פרויען. די מעהרסטע פון זיי זיינען אויסגעפארשט און אונטערגעזוכט געווארען פון פארשידענע קאמיטעטען.

די קאמיטעטען האבען נאכדעם באריכטעט, אז אין די פאבריקען, וועל־כע זיי האבען באזוכט, זיינען די פרויען באשעפטיגט ביי אזעלכע ארביי־טען, צו וועלכע עס פאדערט זיך איבונג און ערפאהרונג; אנדערע זיינען אויך באשעפטיגט ביי אזא שווערער ארבייט, צו וועלכע מען האט פריהער קיין פרויען נים צוגעלאזט.

לערך מעהר פון א העלפט פון דער צאהל פרויען־ארבייטער, וועלכע האבען פארנומען די ערטער פון מענער־ארבייטער, זיינען צוגעוועהנט גע־ווארען צו זייערע מלאכות אזוי, אז זיי זאלען קענען אנהאלטען זייערע שטעלעס אויך אין די צייטען פון שלום.

צוויי און פופציג פראצענט פון די אלע פלענטס, וואו פרויען ארבייטען אויף די ערטער פון די מענער, האבען אויך איצט נאך דער מלחמה נים אפגעזאגט אפילו איין פרוי; צוויי און אכציג פראצענט האבען געהאלטען אלע אדער טיילען פון זייערע פרויען אנגעשטעלטע; לערך צוויי־דריטעל פון די ענטזאגטע פרויען־ארבייטער זיינען נאר ענטזאגט געווארען נאר דערפאר וואס די רעגירונגס קאנטראקטען האבען זיך געענדיגט און נאך א קלייגער פראצענט, כמעט אן אומבאדייטענדער איז ענטזאגט געווארען אום צו מא־כען פלאץ פאר די צוריקגעקעהרטע סאלדאטען און מאטראזען.

די גרעסטע גרופע פון ענטזאגטע פרויען, וועלכע מען האט אפגעזאגט איבער זייער אייגענער שולד, קען פארעכענט זיין די 23 פראצענט ענט־לאסענע אויף דעם גרונד פון איבערטרעטען די אנגענומענע דיסציפלין און אדמיניסטראציאנס פאראדקעס. אזעלכעס האט טאקע מעהר נים פאסירט ווי נאר אין פינף פלעצער, פאבריקען, אדער „פלענטס", אבער פארט האט מען אין דיזע פינף ערטער אנגעהאנגען די שולד אן דעם וואס די ארביי־טער האבען געהערט צו דעם פרויען־געשלעכט. איבערהויפט האט מען דאס אין איין פלאץ באטאנט. פון דיזען פלאץ זיינען טאקע די ענטזאגטע פרויען געוועזען אין א באדייטענדער צאהל.

זעקס און א האלב פראצענט זיינען נים צוגעלאזט געווארען צו קיין שווערער ארבייט; 2.3 פראצענט זיינען נים געווען געשיקט און פעהיג גענוג ווי די מענער און די בעלי בתים זיינען פון זיי נים צופריעדען געווען, און בלויז 1.1 פראצענט האבען ארויסגעוויזען אומפעהיגקייט און אומטויג־לעכקייט פיי מעכאנישער ארבייט און אויך דא האט מען געקענט — לויט דער באשטעטיגונג פון די פארמען — ארויסזעהן, אז די שולד איז נים צו ווארפען אויף דעם פרויען־געשלעכט, אז פרויען דארף מען נים איינגעוועה־נען צו אזעלכע ארבייטען. האט מען זיי אין דער היים צו ארבייט נים צו־געלאזט און זיי זיינען דערום פארבליבען אומפעהיג און אומוויסענד.

אזוי צי אנדערש, בלייבט עס דערווייל א פאקט, אז אין אלע ערטער האט מען נים געהאט קיין שלעכטעס צו זאגען מכח דער פעהיגקייט פון די פרויען־ארבייטער. אין קיין פאבריק האבען נים די בעלי בתים און נים די פארוואלטער און ארבייטער־אויפזעהער זיך באקלאגט אויף דער פעהיגקייט פון זייערע פרויען ארבייטער, וועלכע האבען פארנומען די פלעצער פון די מענער.

ב

אין א ווייל ארום האט דער דאקטאר איבערגעריסען די שטילקייט, און האט ני־נא'ן אנגעהויבען מאכען פארוואורף:

— שעהן האסטו באראנקט דיינע געסט ניטא וואס צו זאגען!

נינא האט בלויז איין קוק געגעבען אין דער ריכטונג, וואו דער דאקטאר איז גע־שטאנען, אבער האט גאר נים געענטפערט. דאקטאר נאטאנזאן האט ווייטער גע־רעדט אין זעלבען טאן:

— מענשען קומען, שיקען בלומען, שאָ־קאלאר, מ'מאכט אן איבערראשונג, און דו, גאר נים! שעהן אזוי, הא, נינא?

קיין ענטפער.

פאר וואס שווייגסטו? זאג, אז דו האסט נים געהאנדעלט ריכטיג! — האט דער דאקטאר פארענדיגט.

— ניין, איך וועל דאס נים זאגען! — האט נינא קאלט אפגעענטפערט.

פאר וואס, דו שלעכטער מענש? פאר וואס אזא האנדלונג?

— ווייל אזוי פיהל איך! — האט נינא ענדליך אנגעהויבען רעדען — ס'ווערט מיר פון זיי נים נאר נים פרעהליכער, נאר טויזענד מאל אומעטיגער, זייער געזעל־שאפט אינטערעסירט מיך נים. זייערע מתנות זענען מיר נים צום הארצען, נו, א גענוגענדע ערקלעהרונג פאר דיר?

דער דאקטאר האט געשאקעלט באדויערנד מיט'ן קאפ און נים געענטפערט.

נינא האט ווייטער גערעדט.

— ס'קען זיין, אז איך האב געראפט אריינלויפען און איבערראשט ווערען, וויי־זען זיך זעהר פרעהלאך, זיין אלעמען דאנק באך, איינעם שענקען א שמייכעל, און אנ־דערען, א פריינדליך ווארט, און אלעמען פארווארפען מיט קאמפלימענטען, אבער וואס זאל איך טאן, אז איך קען דאס נים טאן, איך קען נים, און פארטיג, וואס דשע ס'א נייעס פאר דיר צו הערען, אז די גע־זעלשאפט אינטערעסירט מיך נים? דו קענסט דאך מיך שוין נים פון נעכטען אן!

דאקטאר נאטאנזאן, אנשטאט זיך צו בארוהיגען, האט אנגעהויבען ווערען אויפ־גערעגט, איז צו צום עס־טיש, זיך אנגע־גאסען א פול גלעזעל קאניאק, איז אריין צוריק אין קאבינעט און האט איצט אנגע־הויבען רעדען אין א פארביטערטען טאן.

— נו, יא, איך פארשטעה, דו האסט ברעה די אלע שטיק צו פראווען גאנץ אפט, וואס דען? רופט מען דיך אין גע־זעלשאפט, ווילסטו נים געהן, האסט אן אויסרייד: די געזעלשאפט לאנגווייליגט דיך. קומט מען צו דיר, נעמסטו אזוי אויף מענשען, אז ווען זיי וואלטען האבען שכל, וואלטען זיי דיין שוועל נים איבער־געטראטען, און דו אפנים האלטסט נאך, אז דאס איז א געוואלדיגע חכמה, עט, און זין, ווייטער גארנישט.

נינא האט נים געענטפערט.

דער דאקטאר איז פון איהר שווייגען נאך מעהר אויפגערעגט געווארען און גע־זוכט צו שט־לען זיין כעס אין קאניאק, אבער נאכ'ן צווייטען גלעזעל האט ער שוין גאנץ הויך אויפן קול געשריען:

— ווירקליך, איך וואלט וועלען ווי־סען, פאר וואס קומט דאס מיר? ס'מיט דיר נים אין תוך צו זיצען, נים צווישען מענשען ארויסצוגעהן, אט פשוט, ווי עפעס א ווילדע זאך!

נינא האט זיך אויפגעהויבען פון שאַ־קעל שטוהל, זיך געשטעלט ביים פענס־טער, קוקענדיג אין דער נאכט אריין.

נאטאנזאן האט נים אויפגעהערט צו שרייען:

— קאפריזען, האסט געזעהן? א פרוי קאפריזעוועט איינמאל, א וואך, א חודש, א יאהר, אבער אייביג גאר. יאהר איין, יאהר אויס ווי איז דאס געהערט געווארען ווי קען מען עס אייביג נעמען א מאן און פארביטערען דאס לעבען?

נינא האט זיך אומגעקעהרט און גאנץ אבסלוטיג א זאג געטאן:

קיינער פארביטערט דיר נים דאס לעבען. קענסט געהן וואוהין דו ווילסט אהן מיר, און קענסט לאדען צו זיך, וועמען דו ווילסט, נאר דארפסט נים ערווארטען פון מיר. איך זאל זיך מיט זיי אפגעבען, כ'האב דאס דיר שוין וויפיעל מאל געזאגט. ווי בין איך, ס'איז פארפאלען!

— ניין, דאס וועט נים געשעהן. איך קען נים געהן אהן דיר, און קען נים לא־דען צו זיך קיין מענשען, אז יעדער איי־נער זאל מיך דערנאך אנקוקען ווי א משר־געגעם. וואס איז אפנים אייביג צוריסען מיט דער פרוי און זי האט נים, נים פאר איהם, נים פאר זיינע באקאנטע קיין איין גוט ווארט.

— וואס דשע ווילסטו, איך זאל לעבען צוליעב זיי, שמייכלען צוליעב זיי, ניין. איך קען דאס זיין נים צוליעב טאן! — האט נינא שפאטיש געענטפערט.

נאטאנזאן איז מיט אמאל ווילד געווא־רען און האט איהר אריינגעשריען אין פנים אריין:

— ווען זילעברמאן אבער קומט, דאן איז שוין אלעס רעכט, הא? צוליעב איהם שמייכעלט מען יא, צוליעב איהם מאכט מען טיי, וואס? צוליעב איהם, געהט מען נאך האלבע נאכט אין גאס שפאציערען, צוליעב איהם יא. — בעת ער האט גע־רעדט האט ער אלעמאל אונטערגעשטרא־כען און אויסגעצויגען דאס ווארט „איהם" און געקוקט אויף איהר פול מיט פארדרוס און ערגעניש.

נינא האט א שמייכעל געטאן.

— יא, איך האב עס שוין געהערט, איך ווייס דאך וואס דיך פארדריסט. עס פאר־דריסט דיך, פאר וואס עס געפינט זיך א מענש וואס לאנגווייליגט מיך נים און איך געה אמאל ארויס מיט איהם, נישקשה, קענסט זיכער זיין, אז איך בין נים פאר־ליעבט אין איהם.

אין נאטאנזאנ'ען האט שוין אנגעהוי־בען רעדען די אייפערזיכט.

— ניין, נים פארליעבט אין איהם, וואס דען? מיט איהם כאטש טאג און נאכט ארומשלעפען זיך, מיט איהם איז תמיד דא צייט און אלע אנדערע זיינען קיין מענ־שען נים, נים קלוג גענוג, נים שעהן גע־נוג. וואס דשע דען איז דאס, אדרבא ווי קענסטו דאס ערקלעהרען?

— כ'האב דיר שוין נים איינמאל ער־קלעהרט. ער איז א קינסטלער, ער שפילט זעהר שעהן, איך האב ליעב מוזיק, און ווען ער שפילט איז מיר גאנץ אנגענעהם אפילו ווען ער רעדט וועגען קונסט, וועגען מוזיק, איז מיר אויך אנגענעהם. נו, וואס איז דאס פאר אזא חטא?

נאטאנזאן האט די ערקלעהרונג איהר צוריקגעווארפען.

— יא, איך ווייס, קונסט, מוזיק, אנ־גענעהם, איך האב שוין געהערט די מעשה! עס איז מיר שוין איבעלדיג!

נינא איז בייז געווארען.

— נעמט מען, און מען זאגט איהם: זייט אזוי גוט און קומט מעהר נים אהער! דו ביזט דאך יעדר ווירט. דיר איז דאס ער־לויבט!

— פאר וואס דארף א י ך דאס טאן? וואס האב איך מיט איהם? ערקומט נים צו מיר. דו אליין מעגסט דאס איהם זא־גען, האט נאטאנזאן גע'טענה'ט, און אויפ־גערעגטער.

— ניין, איך נים, איך האב צו איהם גאר נים. ער איז אפשר דער איינציגער וואס פארשטעהט מיך, אפילו ווען איך בין נים פרעהלאך, אפילו ווען איך שווייג!

נאטאנזאן איז צו צום עס־טיש, האט אויסגעטרונקען א דריטע גלעזעל קאניאק און זיך לאזענדיג לויפען צו זיך אין שלאפ־צימער האט ער בייז געברומט:

— ביזט געווען און וועסט שוין בלייבען א ווילדע באשעפעניש, קיין לייט וועט שוין פון דיר נים זיין.

איך ווייס נאר, אז דו וועסט מיר שוין אייביג, אייביג פארביטערען דאס לעבען, מיינע יאהרען און טעג, בעסער וואלט איך דיך נים געווען דערקענט!

(סוף אין נעקסטען נומער)

---

דער צערטליכקייט פון א מאמע, עס ווערט היים, טראפענט שוויים קוטען מיר ארויס אויפ"ן שטערן, איך שלעפ א קלאץ נאך א קלאץ און א בוים, נאך א בוים, איך מאטער זיך און ארבייט שווער, אבער ארום דריי דעם זייגער לעג איך שוין דאס האלץ אויפ"ן וואגען, און בינד עס איין מיט א גראבען שטריק. ביז איך בין פאר־טיג מיט"ן איינשפאנען צוריק די פערד, ווערט דער זייגער שוין פיער. די זון הויבט אן זיך ארפצוזעצען אין מעריב־זייט, און וואס לענגער עס ווערען די שא־טענס פון די בערג, אלץ קעלטער ווערט די לופט. איצט דערפיהל איך, אז איך בין איינגאנצען נאס פונ"ם שניי, ווייל בעת איך האב געקלעטערט אויפ"ן בארג בין איך געקראכען אויף אלע פיער, טיעף אין שניי, ווען די זון האט געווארעמט האב איך עס נים געפיהלט, איצט אבער האבען די נאסע בגדים אנגעהויבען פאר־פרוירען צו ווערען אויף מיין לייב, איך האב געציטערט פון קעלט, און דאך נים געקענט ארונטערגעהן פון וואגען כדי צו דערוואַרמען זיך; דער וועג אהיים איז כסדר בארג־אראפ, מען מוז זיצען אויפ"ן וואגען, און האלטען שטייף די לייצעס.

קאלט. עס דוכט זיך מיר, אז דער הויף וואס קומט ארויס פון מיין מויל, ווערט פארפרוירען אין דער לופט. עס ווערט טונקעלער, די זון האט זיך שוין געזעצט פון יענער זייט בארג, און אין מיטען הימעל, פונקט איבער מיין קאפ, הענגט שוין די זילבערנע לבנה, און שמייכעלט צו מיר אזוי היימליך און ליעב, מיר דאכט, זי בריינגט מיר א גרוס פון מיין ליעבער היים, דארט אונטען אין טהאל.. א ווארעם שטיבעל, א ווייכע בעט.

די שאטענס פון די בערג שפרייטען זיך ווייטער און ווייטער. פארשלינגען מיך, די פערד, דעם וואגען און דאס האלץ; אבער ביסלעכווייז רוק איך זיך ארויס פון צווישען די הויכע בערג, זיי דערווייטערען זיך פון מיר, ווערען קלענער און שיטערער, און איך דערזעה א שארפען שאטען וואס פאלט אויפ"ן ווייסען שניי, פון דעם וואגען, פון די פערד, און פון מיר, פון אויבען.. איך קוק אויף מיין איינגענעם שאטען, איך זעה עפעס א מנושם"דיגע, קורץ־גראבע בריה, אנגע־פעלצט און איינגעהויקערט אין דרייען. אפשר בין איך שוין נאך אינגאנצען גע־ווארען א שטיק אייז?.. איך פיהל נים קיין פיס, און פיהל נים קיין הענט. מיט דאס לעצט ביסעל ווארימקייט דריק איך צונויף די פינגער ארום די לייצעס. און איך קוק אנגעשטרענגט אין דער ווייטער טונקעלער נאכט, און איך דערפרעה זיך ווען איך דערזעה די ערשטע ליכטלאך פון דארף, אז זאיך וויל טרעפען וועלכעס פיי־ערעל עס שיינט ארויס פון מיין היים..

---

אביסעלע זיך פארשפעטיגט, טאטע נאר א קליין ביסעלע.. אויפ"ן וועג באנגענען איך שוין מרים"ן מיט טרעהרען אין די אויגען, זי קוקט שוין ארויס אויף מיר פון א שעה צייט, „איז וועניגער א שטי־קעל האלץ, אבי זיין אין דערהיים אין צייט", — אזוי רעדט זי צו מיר, און בעת איך שפאן אויס, דערצעהלט זי מיר דערווייל, אז אלץ איז אין ארדנונג. די קוה האט זי שוין אליין אהיים געטריבען פון פעלד, געגעבען איהר חיי, נור מעל־קען וועל איך דארפען.. „ווייל מיינע פינגער, דו ווייסט דאך".. „אודאי וועל איך אליין מעלקען, ווי דען?"..

שרה"לע לויפט אונטער, העלפט מיר אויסשפאנען די פערד, פיהרט זיי צום וואסער, און דערנאך צום שטאל. ניין, דאס האלץ ווארף איך שוין קיינט נים ארונטער פון וואגען, צו קאלט אצונד, זאל זיין מארגען.. מיט פארפרוירענע פינגער מעלק איך די קוה, און, נאך א פאר מינוט, און אט בין איך שוין אין שטוב.

נאט מיינער, ווער קען מיר שאצען און באצאהלען פאר דעם דאזיגען יום טוב אין מיין קליין ארים שטיבעל, אין מיין ליכטיגער, ווארימער היים, נאך א טאג שווערע ארבעט אין וואלד.

איך בייט איבער מיינע קליידער, אפילו וועש טו איך אן טרוקענע, ריינע, און אויפ"ן הארצען איז לייכט פרעהליך, עס ווילט זיך זינגען, שפיעלען זיך מיט די קינדער, נור די ווארימקייט אין שטוב נעהמט מיר דורך, איך דערפיהל די מיד־קייט אין יעדען אבר, דער שלאף שליסט מיר די אויגען נאך איידער איך געה אוועק פון טיש. — — „מאך דאס בעט, איך בעט דיך".. דאס בעט איז קאלט, נור עס שמעקט מיט פרישקייט, מיט זויבער־קייט, מרים דעקט מיך איין, די קינ־דערלאך קושען מיך „גוטנאכט".. שעהנע, זיסע חלומות.

וואו און וואו איז דאס אלץ געוועז?.. נאט, וויל אנג, ווי לאנג איז שוין אין דעם.. איצט איז עס ניטא מעהר, נאר נים, נאר נים איז נעבליבען...

און אפשר איז דאס אלעס בלויז א זי־סער חלום געווען?...

---

# הומאר און וויץ

— דאס איז אלץ געווען פאר דער מלחמה, — האט דער רעסטאראטאר גע־ענטפערט. — יעצט, צוליעב די הויכע פרייזען איז עס 12.

## א שנעלער מסחר

סטארקיפער — דיזער סוט קאסט צעהן דאלאר.

קאסטאמער — צעהן דאלאר? וואס רעדט איהר? עס איז קיים ווערטה דריי דאלאר.

סטארקיפער — וועט איהר דאס גע־בען? — טא וועלען מיר מאכען א מסחר.

## א צוטשעפעניס

מעני — ווייסט אפשר וואס מאכט דזשייק? איך האב געהערט אז ער ווערט בעסער.

בעני — ער איז שוין געווען בעסער, אבער עס האט זיך צו איהם צוגעטשע־פעט נאך עפעס.

מעני — וואס?

בעני — זיין ווייב, זי האט איהם געכאפט מאכענדיג חנ'דרעלעך צו דער נייבס.

## זעלבסט שוץ

אין א האמבורג עוועניו קאר אין ניו יארק איז געזעסען א מאן און געלעזען א צייטונג. נעבען איהם איז געשטאנען א יונגע ווייבעל מיט א גרויסען און לאנ־ גען „שפיעז" אין איהר העט. יעדען מאל וואס די קאר פלעגט זיך א קעהר טאן פלעגט די ווייבעל פאלען העם מאן פלייך אין שוים אריין. דאס האט איהם אבער נים אזוי געארט ווי די גרויסע פין מיט'ן שארפען שפיץ וואס האט ארויסגעשטעקט פון איהר העט. ענדליך איז דער מאן אויפגעשטאנען און אפגעגעבען זיין פלאץ צו דער ווייבעל.

— טהענק יו, — האט די ווייבעל גע־זאגט מיט א שמייכעל, — איהר זייט א מענש מיט געפיהל.

— איך טו דאס נים אויס געפיהל — האט דער מאן געענטפערט, — נאר ווייל מיין לעבען איז מיר טייער.

## א מיטעל געגען שוואכע הערצער

אט דאס איז א משל געגען די שוואכע הערצער וואס האבען מורא, אז טאָ־מער וועלען אידען האבען אן איינגענעם שטאאט אין ארץ ישראל וועלען אונז די אנטיסעמיטען אין אנדערע לענדער אויס־ווארפען און זאגען: איהר האט אן איי־גענע לאנד, טא געהט אהין.

צו א אידישען מיליאנער אין פעטרא־גראד האט זיך א קאמיטע געווענדעט ער זאל געבען א נדבה אויף א פראוואסלאוו־נע קירכע.

דער איד האט געגומען טראכטען: ווי פיעל זאל ער געבען? זאל ער געבען א גרויסע נדבה וועלען די אנטיסעמיטען זאגען: „זעהט, ווי דער איד ווארפט זיך מיט געלד! דאס האט ער אנגערויבט פון אונזערע ברידער!" זאל ער געבען א קליינע נדבה, וועט די קאמיטע אויף איהם פאראיבעל האבען: נו, האט דער עושר געטאן אזוי: ער האט געגעבען הונדערט רובעל אין זיין איינגענעם נא־מען און 900 רובעל האט ער געהייסען פארשרייבען אהן א נאמען „אנאנים" איז ער שוין יוצא פארביידע צדדים.

אבער ווען די ליסטע פון די נדבות פאר־דער קירכע איז געווען אפגעדרוקט אין „נאוואיע ווראמיא", האט דער רע־דאקטאר פון דער אנטיסעמיטישער צייטונג געמאכט אזא באמערקונג אין זיינע נאטיצען: „זעהט, ווי דער אידישער מי־ליאנער זוכט אויפצורייסען אלעמענס אויגען מיט זיינע שמוציגע הונדערט קארבאנצעס. וועהרענד אונזערע, א טרייער רוס, וועלכער האט געגעבען ניין מאל אזוי פיעל וויל נאר נים אז מען זאל וויסען ווער ער איז!"

היינט נעה הים זיך פאר'ן „למה יאמרו הגוים".

## די מלחמה איז שולדיג

א מאן איז אריינגעקומען אין א רעס־טאראן און האט דארט אויפגעגעסען פאר 5 סענט א שטיקעל קייק און פאר 5 סענט האט ער אויסגעטרונקען א טאסע קאפע. ווען ער האט נעדארפט אוועקגעהן, האט איהם דער רעסטאראטאר געהייסען בע־צאהלען 12 סענט.

— „עקסקיוז מי, מיסטער", — האט דער קאסטאמער פראטעסטירט. — 5 און 5 מאכט צוזאמען 10, און נים 12.

The only Jewish Paper Printed in Michigan

# דער וועג

The Detroit Jewish Daily

די איינציגע אידישע צייטונג געדרוקט אין מישיגאן סטייט

Published Daily by DER WEG PUBLISHING CO.

547-49 HASTINGS STREET Telephone Main 3715

Published and distributed under permit No. 1?? authorized by the Act of October 6, 1917, on file at the Post Office of Detroit, Michigan. By order of the President, A. S. Burleson, Postmaster General.

PRICE 2c. DETROIT, MICH., Tuesday, January 27th, 1920 Vol. 1, No 198 דינסטאג, 27טער יאנואר 1920

# סאוועטען־רוסלאנד גענוג שטארק צופארטיידיגען זיך געגען דער וועלט, זאגט מארטענס

וואשינגטאן, יאנ. 26. — היינט איז פארגעקומען די צווייטע זי־צונג פון דער סענאט־קאמיסיע, צו וועל־כער לודוויג מארטענס, באלשעוויסטישער אמבאסאדאר, איז גערופען געווארען אלס אן עדות.

ווי מארטענס האט דערצעהלט האט די סאוועטען רעגירונג א רעזערוו פון $500,000,000 אין גאלד. די דאזיגע סו־מע וואלטען די באלשעוויקעס געוואלט אויסגעבען אין פרעמדע לענדער, כדי צו קויפען דארטען נויטיגע ארטיקלען. קיין גאלד, האט מארטענס געזאגט, געפינט זיך אין די פריוואטע בענק.

לויט מארטענס'ען האבען די פיהרער פון די סאוועטען אויפגעגעבען די אידעע פון אלוועלטליכער רעוואלוציע, ווייל זיי זענען גענוג שטארק צו קעמפען געגען דער גאנצער וועלט. דאס — האט מארטענס גע־זאגט — איז באשלאסען געווארען מיט א קורצער צייט צוריק. אט האט לענין פער־זענליך געשריבען צו די איטאליענישע סאָ־ציאליסטען, זיי זאלען קיין רעוואלוציע ניט מאכען".

„סאוועטען רוסלאנד — האט מאר־טענס פארטגעזעצט — פיהלט זיך איצט בכח צו באשיצען זיך אליין געגען דער וועלט, און דארום טראכט איצט ניט די רו־סישע רעגירונג וועגען איינפיהרען אין אנ־דערע לענדער א סאוועטען פארם, אלס א פארט־יידיגונגס־מיטעל".

מארטענס האט ווייטער דערצעהלט, דאס ער האט געמאכט מיט אמעריקאנער פירמען קאנטראקטען אויף 7 מיליאן דאָ־לער. ער האט איינגעקויפט שיך, קליידער, מעדיצין און נאך אנדערע נויטיגע ארטיק־לען. דער סטייט דעפארטמענט אבער, זאגט מארטענס, ערלויבט ניט קיין שי־פען צו פיהרען דיזע ארטיקלען קיין רוס־לאנד. מארטענס האט צוגעזאגט דער סע־נאט קאמיטע צו ברענגען א ליסט פון פיר־זענד אמעריקאנער פירמעס, וועלכע האָ־בען מיט איהם געשלאסען קאנטראקטען.

## אפיום־ נעסט ענדעקט אויף גרינוואוד

נעכטען פריה האט זיך דער היגער פאָ־ליציי איינגעגעבען צו פארכאפען א נעסט פון אפיום הענדלער. זי איז איבערפאלען דאס הויז אויף 197 גרינוואוד עוו. און ארעסטירט דריי כינעזער, וועלכע ווי פאָ־ליציי דענקט, זענען געווען די גרעסטע סוחרים פון דעם אפיום־ארטיקעל. זי האט אויך פארכאפט דעם דאזיגען פארשלאָפער־דען ארטיקעל אויף א סומע פון $10,000.

דאס הויז איז געווען איינגעריכטעט מיט די שעהנסטע מעבעל. דיוואנט זענען גע־ווען אויסגעפוצט מיט זיידענע און סאמעט. אין־איין צימער זענען געשטאנען דריי שעהן אויסגעשטאטעטע בעטען און לעבען יעדער בעט איז געווען א טישעל מיט א ליולקע פאר'ן אפיום.

די פאליציי האט שוין מיט איינינע וואָ־כען צוריק געווארפען אן אויג אויף דעם הויז. פאר דער צייט האבען זיי באמערקט דאס ניט נאר פלעגען אהין אריינגעהן רייכע כינעזער נאר, אפילו ווייסע רייך גע־קליידעטע פרויען און מענער.

ווען די פאליציי איז דאס הויז איבער־פאלען, האט דער איינגעטימער לאנג־סינג, א כינעזער, געוואלט זי אונטערקויפען. ער האט זיי דערלאנגט א הונדערט דאלער ביל. ווען ער איז אינפארמירט געווארען, דאס ער וועט מוזען זיך באלד אריינזעצען אין דעם פאטרול וואגען, האט לאנג־סינג געמיינט אז זיין כאבאר איז צו קליין און ער האט ארויסגענומען נאך 50 דאל. און דערלאנגט דער פאליציי.

ווי פאליציי דענקט, האט דיזער פלאץ "געטאן געשעפט" פאר איבער צוויי מאָ־נאטען.

## 3,224 „פלו" קראנקע אין שטאט

### זעקס שטארבען פון אינפלוענציא, 14 פון ניומאניא.

דר. הערי פ. וואהגאן, העלטה קאמי־שיאנער האט נעכטען באקאנט געמאכט, אז דורך דעם זונטאג'דיגען טאג זיינען פארגעקומען 6 טויטענפעלע פון אינפלו־ענציא און 14 פון ניומאניא, און עס זיי־נען אין באארד אוו העלטה געמעלדעט געווארען 695 קייסעס פון אינפלוענציא, צוזאמען מיט די קייסעס וואס זיינען גע־מעלדעט געווארן דורך דער גאנצער וואך וועט די צאהל „פליו" קייסעס דערגרייכען ביז 4,224.

דער געזונדהייט קאמישיאנער ערקלערט אבער אז די גרעסטע צאהל פון די וואס זיינען קראנק געווארען אויף דער אינפלו־ענציא, זיינען שוין געזונד געווארען. יע־דע הויז, וואו א קראנקער געפינט זיך, זאגט דער דאקטאר, ווערט קאראנטירט אויף 7 טעג. אלס שוץ פאר'ן פאציענט, כדי ער זאל ניט ארויסגעהן אין א שוואַ־כען צושטאנד און קריגען ניומאניא.

מייסטע פון די אינפלוענציא חולאים ווערען געזונד אין דריי טעג. די צאהל פון טויטע־פעלע פאר די לעצטע וואך איז פארגלייך מיט די צאהל טויטענפעלע פון לעצטען יאהר אין דער זעלבער וואך, באַ־הויפטעט דר. וואהגאן, איז 55 פראצענט קלענער. [?]

# וועט שטרענג באשטראפט ווערען פאר צושליסען גאז פון קראנקע שכן

דזשארדזש מאגרא, א לענדלארד פון 766 טילמאן עוו. האט נעכטען געקראגען א לעקציע פון אסיסטענט פראסעקיוטאר קאקס, פאר זיין אונמענשליכע האנדלונג אין צושליסען דעם גאז מיטער פון זיין שכן פרעד בראדבעק, וועמעס פרוי און קינד ליגען קראנק.

מר. קאקס האט געלאזט וויסען דעם זארצלאזען לענדלארד, אז אויב די בראד־בעק קינד וועט שטארבען, וועט ער איהם האלטען פאראנטווארטליך און וועט מאַ־כען געגען איהם א קלאגע פון „מענסלאַ־טער".

לויט מר. בראדבעק האט דערצעהלט דעם פראסעקיוטאר האט מאגרא צוגע־שלאסען דעם גאז מיטער דערפאר וואס ער, בראדבעק, וועלכער איז איצט אין א שלעכטען פינאנציעלען צושטאנד, האט ניט באצאהלט די רענט אין פראויס. ער האט זיך ביי'ם לענדלארד געבעטען ווי ביי א גזלן ער זאל ניט אבשטאפען די גאז און ניט שטעלען אין געפאהר דאס לעבען פון זיין קראנקעס קינד, אבער דאס בע־טען האט גאר ניט גערירט דאס לענד־לארדישע הארץ.

מר. קאקס, רעדענדיג וועגען די האנד־לונג פון דעם טיראנישען לענדלארד, האט אזוי געזאגט:

„דאס איז איינע פון די ערנסטע קלאַ־געס וואס זענען געבראכט געווארען אין מיין אפיס און דורך דיזער קלאגע וועל איך געבען די לענדלארדס צו פארשטעהן, אז זיי האבען פליכטען און פאראנטווארט־ליכקייטען, וועלכע זיי מוזען רעספעקטי־רען. פון דער אונטערזוכונג וואס איך האב געמאכט אין דיזער קייס, ציינט זיך ארויס אז בראדבעק איז ניט שולדיג קיין רענט. ער האט זיך ענטזאגט צו צאָ־לען די רענט אין פראויס, ווייל ער איז איצט ניט אימשטאנד דאס צו טהאן. יע־דענפאלס, צו די רענט איז באצאהלט צו ניט, איך וועל ניט דולדען א לענדלארד, וועלכער מאכט א פארזוך ארויסצוזעצען זיין שכן אונטער אזעלכע קרימישע אומ־שטענדען. אויב דאס קינד שטארבט, וועט מאגרא פארקלאגט ווערען אויף דער באַ־שולדיגונג פון מינסלאטער".

## 1 טויט, 2 פעהלען אין האטעל פייער

א פייער, וואס האט אויסגעבראכען זונטאג נאך א האלבע נאכט אין האטעל האפפמאן, וואדווארד עוו. האט פארור־זאכט דעם טויט פון א. ס. ווערנעל א גאסט אין דעם האטעל און געשטעלט אין געפאהר דעם געזונד פון 80 מענשען וועל־כע זיינען געווען געצוואונגען ארויסצו־לויפען אין זייערע נאכט־קליידער אין ביי־טערען פראסט.

ווערנעל איז פון די פיערלייטע געפונ־ען געווארען טויט אין דער רום נומער 216 פון האטעל. זיין קערפער איז געווען לייכט ציברענט. אין דער זעלבער רום זענען גע־שלאפען נאך 2 מענער, און די פאליציי האט נאך ביז איצט קיין אהנונג וואו זיי געפינען זיך.

די אורזאך פון פייער איז נאך פארלוי־פיג'ניט באקאנט. אלעס וואס מען ווייס איז, אז דער פייער האט זיך אנגעפאנגען עטליכע מינוט נאך 12 ביינאכט אין קע־לער פון דער פינף שטאקיגער האטעל־געביידע.

די שאדען באטרעפט אונגעפעהר צוויי הונדערט טויזענד דאלאר.

## בני ברית סעקרעטערי אפעלירט פאר שטיצע פאר די פאגראמירטע אידען אין פוילען און אוקראינא

אטלאנטיק סיטי, יאנ. 26. — א. ב. זעלענפריינד פון שיקאגא, סעקרעטער פון קאנסטיטוציאנעלען ארדער בני ברית, האט נעכטען אויף דער קאנווענשאן פון דריטען דיסטריקט פון ארדער, וועלכער נעמט אריין די סטייטס פון ניו דזשוירזי, פענסילווייניא, דעלעווער און וועסט וויר־דזשיניא געמאכט א שטארקען אפיעל צו שטיצען די אידען פון פוילען און אוקראַ־אינא.

דעם גארנענעם מעדאל, וואס ווערט גע־געבען צו יעדער יעהרליכע קאנווענשאן האט געקראגען דר. סימאן וואלף פון וואַ־שינגטאן, דער גרינדער פון דער בית יתו־[?]

## מאכנא, אידישער הענקער, צווינגט אידיש מיידעל צו הייראטען מיט איהם

(ספעציעל צום „וועג").

קאפענהאגען, יאנ. 26. די אידישע פרעס־ביורא מעלדעט, דאס דער באוואוס־טער פאגראמשטיק, מאכנא, האט געצוואונגען אן אידיש מיידעל זי זאל מיט איה חתונה האבען. אין דעם טאג פון דער חתונה האט ער ארויסגעגעבען א באפעהל, אז אלע אידישע בירגער זאלען איהם ברענ־גען „דרשה־געשאנק".

די נעשיכטע האט פאסירט אין האלי־פאליע, אין פאראליען, וואו ער האט לעצ־טענס געמאכט זיין הויפט־קווארטיר. גלייך ווי מאכנא איז אנגעקומען אהין, האבען זיינע הייראמאקעס צורעלירט אלע אי־דישע געשעפטען און געשלאגען די אידען מכת רצח.

## איהר געליעבטער וויל איהר ניט אפפיהרען אהיים, שיסט זי זיך.

די יונגע לייט און מיידלאך, וועלכע האבען לעצטען זונטאג ביינאכט אזוי פרעהליך פארבראכט טאנצענדיג אין א זאל, מישיגען עוו. און 24טע סט., וועלען פאר א לאנגע צייט געדענקען, וואס זיי האבען געזעהן און געהערט יענעם אבענד. זיי האבען געזעהן ווי א 18 יאהריגע מייד־על ווירדזשיניא סינקי פון 72 פאללארד סטרים האט זיך געווערטעלט מיט איהר „געליעבטען" סטענלי, וועלכער האט צו־ליעב אומבעקאנטע אורזאכען ניט געוואלט אפפיהרען איהר אהיים. נאכהער האבען די זעלבע טענצערס דערהערט א שאס. דעם שאס האט אבגעפייערט די זעלבע מייד־על. די קויהל האט אבער קיינעם ניט גע־טראפען אויסער דער שיסערין אליין.

אויף'ן וועג צום האספיטאל האט וויר־דזשיניא דערצעהלט דער פאליציי, אז זי טראגט אימער מיט זיך א רעוואלווער כדי זי זאל ניט מורא האבען צו געהן אליין אהיים ביינאכט. ביי דעם טאנץ, האט זי געזאגט, האט זי דעם פיסטאל געוויזען איהר געליעבטען, און, נעהערנדער זי האט נעהאלטען דעם מארד אינסטרומענט אין האנד, האט זי ניט ווילענדיג אויסגעשאָ־סען און די קויל האט געטראפען איהר אונטער'ן הארצען.

דאקטוירים אין רעסיווינג האספיטאל ערקלעהרען אז איהר לאגע איז זעהר ערנסט.

## סעמועלס ערקלערט פוילישע רעגי־רונג ‚הילפסלאז געגען אנטיסעמיטיזם

(ספעציעל צום „וועג").

לאנדאן, יאנ. 26. די אידישע „באארד אוו דעפיוטיס" האט נעכטען געמאכט א באנקעט לכבוד סער סטוארט סעמועלס, אין זיין רעדע, האט סעמועלס ערקלעהרט, דאס די פוילישע רעגירונג איז מאכטלאז אין איהר קאמף געגען דעם אנטיסעמי־טיזם, וועלכער האט ארומגענומען כמעט אלע שיכטען פון פוילישען פאלק. זי וואלט זעהר וועלען, אז די „עקסצעסען" געגען דער אידישער באפעלקערונג זאל אויפהע־רען, אבער איהר ווירקונג איז צו קליין, זי זאל זיין בכח צו פארהיטען די אידישע איינוואוינער פון דער שנאה, וואס דאס פאלק פיהלט געגען זיי.

סער סעמועלס האט אבער באמערקט, דאס די פוילישע רעגירונג זעהט איין, דאס זי נויטיגט זיך זעהר אין די אידישע עלעמענטען צוליעב זייער בילדונג.

לארד וואלטער ראטשילד האט אויס־געדריקט, אינ"ם נאמען פון די ענגלישע אידען, א דאנק פאר דער גוטער ארבייט פון דער סעמועלס קאמיסיע אין פוילען.

## פראמינענטע ארגאני־זאציע צו פארטייד'גען רעדע־פרייהייט

ניו־יארק, יאנ. 26. דא האט זיך נעכטען פארמירט אן ארגאניזאציע וועלכע ווערט אנפיהרען אין די געריכטען א קאמף פאר רעדע־פרייהייט. דער נאמען פון דער אר־גאניזאציע איז: די אמעריקאנישע ציווילע פרייהייטען יוניאן". צווישען די באאמטע פון דער נייער ארגאניזאציע געפינען זיך א זעלבע פראמינענטע נעמען, ווי העלען קעלען, רזשיין עדעמס, העלען פיליפס סטאקס, פראפ. ה. פ. ווארד, פון ניו־יאר־קער טעאלאגישען סעמינאריום.

די נאציאנאלע עקזעקוטיווע פון דער דאזינער ארגאניזאציע באשטעהט פון דזש. מאורער, פרעזידענט פון פענסילווייר־נער פעדערייישאן אוו לייבאר; ד. מעקדאַ־נאלד, פרעזידענט פון אילינאיז פעדעריי־שאן אוו לייבאר; מאריס הילקוויט, דער באוואוסטער סאציאליסטישער יוריסט; פראפ. ראבערט מארס לאוועט, און דזש. סייער.

פראפעסאר ווארד האט ערקלעהרט דאס די ארגאניזאציע וועט אנפיהרען איבער'ן גאנצען לאנד א קאמף געגען די פארזוכען פון דער רעגירונג איבערצוטרעטען די קאנ־סטיטוציאנעלע פרייהייטען צו דער זעלבער צייט, וועט זי זעהען דאס דער אינדוסטריעלער קאמף זאל געפיהרט ווע־רען אין די ראמען פון דער קאנסטיטוציע.

## בראדסקי געשטארבען.

פון קיעוו איז צו דער אידישער ביורא אנגעקומען די טרויריגע בשורה, דאס דער אידישער גרויסער נדבן בראדסקי איז דאר־טען געשטארבען.

דער גאר וואס פארשטארבענער בראד־סקי האט זיך גערעכענט פאר איינעם פון די חשוב"סטע אידען אין רוסלאנד. ער איז געווען א גרויסער מיליאנער און דאך האט ער זיך אינטערעסירט מיט אלע אי־דישע ענינים, ספעציעל מיט דער אידישער קהלה אין קיעוו ער איז געווען א תלמיד פון דעם באוואוסטען העברעאישען שריפט־שטעלער, יהל"ל.

## גרויסער פראטעסט מיטינג אין ניו־יארק געגען אלבאני'ר אסעמבלי.

ניו־יארק, יאנ. 25. די סאציאליסטישע פארטיי האט נעכטען געהאט א זיצונג אין דער רענד סקוהל און באשלאסען צו אר־גאניזירען אויף דעם 28־טען יאנ. א ריע־זיגע פראטעסט פארזאמלונג אין מעדיסאן סקווער גארדען געגען דער פארגוואלטונג וואס איז געטאן געווארען פון דער אלבאַ־ני"ר אסעמבלי אויסשליסענדיג פינף גע־פארטיידיגונג פון די צוריקגעוויזענע סאָ־סענאטארען האבען צו געזאגט קומען ספע־ציעל צו דיזער פארזאמלונג און לאזען הערען איבער'ן לאנד זייער פראטעסט.

אויך האט די סאציאליסטישע פארטיי באַ־שלאסען צו זאמלען א פאנד לטובת דער פארטיידיגונג פון די צוריקגעוויזענע סאַ־ציאליסטען.

## א לעבעדיגער גרוס פון יעקב דינעזאן.

א קינד פון „דינעזאנס־שולען און קינדער היימען", וואס איז נאר וואס אנ־געקומען פון ווארשע, וועט איינטייל נע־מען אין דעם ליטעראריש־מוזיקאלישען אוונט, וואס דער י. ל. פרץ ליטעראַרישער פאראיין, ארגאנזשירט אויף מיטוואך, יאַ־נואר 28. אין לייבאר ליסעאום. אינ"ם אוונט וועלען זיך באטייליגען די בעסטע קרעפטען פון דעטראיט.

## סאוועטען־ארמיי לעבען כינע־זישער גרעניץ.

לאנדאן, יאנ. 26. א דראטלאזע טעלעג־ראמע פון מאסקווע מעלדעט, דאס דער באלשעוויסטישער פויערען קארפוס איז אנגעקומען צו דער כינעזישער גרעניץ, ניט ווייט פון קארבא, אויפ'ן מערב"שען טייל פון מאנגאליע.

## יאפאנעזישע ארמיי בלייבט אין סיביר

טאקיא, יאפאן, יאנ. 26. — פרעמיער הארא האט נעכטען אין זיינע ענטפערס צו אנפראגען פון פיעלע דעפוטאטען אין פארלאמענט ערקלעהרט, אז דאס שיקען א נייע ארמיי קיין סיביר איז „אונפער־מיידליך נויטווענדיג צו העלפען די טשע־כא סלאוואקען און צו היטען די אייזענ־באהן ליניען. עס איז אויך נויטיג, האט דער פרעמיער ערקלעהרט, פאר דער זי־כערהייט פון דעם יאפאנעזישען גארניזאן.

דער יאפאנעזער פרעמיער האט אויך בעהויפטעט, אז דאס וואס אמעריקא האט צוריקגעצויגען איהר ארמעע פון סיביר איז נישט קיין אורזאך ווארום יאפאן זאל אויך אזוי טהאן. יאפאן'ס אינטערע־סען אין ווייטען מזרח, האט ער געזאגט, זיינען גאנץ פארשיידען פון די אינטערע־סען פון אמעריקא, ענגלאנד אדער פראנק־רייך.

דער יאפאנעזישער אויסלענדישער מי־ניסטער אוטשינדא האט ערקלעהרט, אז יאפאן איז ניט אימשטאנד צוריקצוציהען איהר ארמעע פון סיביר צוליעב דעם וואס די קארעאנער, וועלכע געפינען זיך אין וולאדיוואסטאק שטיצען די באוועגונג פאר אונאבהענגיגקייט פון קארעא, און דיזעלבע קארעאנער רעוואלוציאנערען פאנספירירען צוזאמען מיט די באלשעווי־קעס געגען „יאפאנ'ס אינטערעסען".

## ווילהעלם וועט נע־משפט ווע־רען אין זיין אבוועזענהייט.

וואשינגטאן, יאנ. 26. אי[?]ינע דיפ־לאמאטישע קרייזען דענקט [?], דאס די אליאירטע וועלען משפט'ן דעם עקס־קאי־זער אין זיין אבוועזענהייט.

לויט די אינפארמאציעס, וואס דער הי־גער סטייט דעפארטמענט האט ערהאלטען איז דער פארלאנג צו באשטראפען וויל־העלמ'ען פיעל אפגעשוואכט געווארען אין פראנקרייך. אפילו אין ענגלאנד, וואו דיע־זער פארלאנג איז געווען א לאזונג אין די פאר א יאהרינע וואהלען, קוקט מען איצט אויך סקעפטיש אויף דעם גאנצען ענין.

צווישען די פארשטעהער אין דעם העב־סטען קריגס־ראט הערשט אבער די מיי־נונג, דאס [?] עהען אויספיהרען דעם [?]טראפען דעם עקס־[?] ווי מען קען ניט צווינ־[?]ען האלאנד זי זאל איהם אויסליפערען, וועט מען דערום מאכען דעם משפט אהן ווילהעלמען.

מ'דענקט דאס דער משפט וועט פארקו־מען אין לאנדאן, ניט פריהער ווי אנהויב זומער.



## קאנווענשאן פון אידיש־רומע־נישע פארבאנדען אין פילא־דעלפיע.

מיר האבען ערהאלטען אן אויפרוף פון דער „נאציאנאלער קארפערשאפט" פון די אמעריקאנער רומענישע אידען וועגען דער קאנווענשאן, וואס ס'וועט פארקומען סך מענדען זונטאג, דעם ערשטען פעברואר אין פילאדעלפיע.

אין דער „נאציאנאלער קערפערשאפט" האבען זיך פאראייניגט די ביז איצט עק־זיסטירענדע „פעדעראציע פון רומענישע אידען אין אמעריקא" און „אמעריקאנער יוניאן פון רומענישע אידען", כדי געמיינ־זאם אנצופיהרען די הילפס און רעקאנסט־רוקציע־טעטיגקייט פאר די אידען אין רו־מעניען.

די דערמאנטע קאנווענשאן [?] ארבייטען פנענער ווי אזוי די או[?]יט זאל מיט ערפאלג אנגעפיהרט ווערען.

אלע אידיש־רומענישע ארגאניזאציעס זענען בארעכטיגט צושיקען 5 דעלעגאטען אויף דער קאנווענשאן.

## ר' יאסעלע ראזענבלאטס קאנצערט

זונטאג אוונער איז פארגעקומען ר' יא־סעלע'ס קאנצערט אין ארקעסטער האל.

דער עולם, ווי מען האט זיך געקענט מיינען, איז געווען פון פריהער איז באשטאנען פון לויטער אידען און האבען זייער יאַ־סעלע'ן אויפגענומען עכט אידישלעך, מיט הארציגען אפלויז און מיט אזא אפלויז האָ־בען זיי איהם אויך באגלייט נאך איטלי־כען נומער.

די פראגראם — אנב אורחא באמערקט, א זעהר שווערע — איז באשטאנען מעהר־טענטס פון אידישע נומערען. אנגעהויבען מיט א אידיש לויט יאהר־צייט און גע־ענדיגט מיט דעם (אנקאר) „הבן יקיר לי אפרים".

עס איז שוין זייט גאנץ לאנג ווען ר' יאסעלע זאל אזא שווערע פראגראמע דורכ־[?]הרען אויף א קאנצערט און פון אנהויב [?] סוף אזוי גלאטיג און געלונגען ווי נאר [?] יאסעלע קען. די ענגלישע און אפערא־[?]יעס, אזוי גוט ווי די אידישע און חזנישע נומערען זיינען דורכגעפיהרט מיט פראכט און גלאנץ.

איבערהויפט האבען אויסגענומען „שומר ישראל" און „אלקי הנשמה שנתת בי". אין דיזע צוויי נומערען האט מען געזעהן די גרויסקייט פון ר' יאסעלען.

אן אויספיהרליכע קריטישע אפשאצונג וועגען דעם קאנצערט און וועגען ר' יאסעלע'ן בכלל וועט אונז געבען דער היגער באריהמטער חזן מינקאווסקי, וועלכער איז

חוץ זיין טאלאנט אין מוזיק אויך בע־קאנט מיט זיינע ארטיקלען איבער דער חזנ'שער מוזיק.

## סאציאל־דעמאקראטען אין האָ־לאנד פראטעסטירען געגען אי־דישע פאגראמען.

(ספעציעל צום „וועג").

אמסטערדאם, יאנ. 26. די האלענדישע סאציאל־דעמאקראטישע פארטיי האט היינט, אויף איהרע א קאנגרעס זיצונג, אנגענומען א רעזאלוציע געגען די אידישע פאגראמען, וואס זענען לעצטענס פארגע־קומען אין אוקראינע. זי האט אויפגעפאָ־דערט דעם אלוועלטליכען פראלעטאריאט צו פראטעסטירען ענטשיג געגען די ווילדע מעשים פון די קאזאקען און הייראמאקעס, געגען די אומזיסטע אידישע בלוט־פאר־גיסונגען.

## פוילען מאביליזירט אן ארמיי

קאפענהאגען, יאנ. 26. — די היגע צייט־טונג די „פאליטיקען" דרוקט א באריכט פון ווארשע, אז דער פוילישער קאבינעט האט נעכטען אונטערגעשריבען א מאבי־ליזאציאנס ארדער. אין דעם באריכט ווערט געזאגט, אז דער מאביליזאציאנס באפעהל איז אונטערגעשריבען געווארען, ווייל די באלשעוויקעס דערנעהנטערען זיך צום פוילישען גרעניץ.






# ענויים ואביונים

## אדער גליקליכע און אומגליקליכע

ראמאן — פון מרדכי ספעקטאר

(פארטזעצונג)

8

דעם פאדראטשיקס זוהן

זוי לאה האט קיין כח נים געהאט אנ־הויבען צו דערצעהלען א מעשה אויף א גאנצען טאג, פון דעסטוועגען וואלט זי געוויזען דערצעהלט, זי האט געפיהלט אז דערמיט וואלט איהר א סך גרינגער געווען, נאר אין איהר לאנגער געשיכטע זענען געווען אייניגע איהרע אייגענע פלעקען, וואס זי האט זיך נאך ביז היינט געשעמט צו דערצעהלען, ווארים עס האט זיך איהר אויסגעוויזען אז ברייגע וואלט איהר דערויף געענטפערט: „נאט האט אייך געשטראפט פאר אייערע זינד״ דעם פארוואורף וואלט זי נים איבערגעטראגען, איך האב נים געזינדיגט נים פאר גאט און נים פאר מענשען, פלעגט זי שטענדיג צו זיך זאגען ווען זיפלעגט פון זיך אלעס דערמאנען — מען האט מיך פארדארט, מען האט מיך אבגענארט און אומגליקליך געמאכט, נאר קיין וועלט וועל איך נים איבערערדען, אומזיסט האב איך אזוי פיעל איבערגעליטען.

די פלעקין פון לאה׳ס לעבען זענען דיא לעזער בעקאנט פון אנהויב ערצעהלונג.

די לעזער געדענקען אויך געוויס ווי אין דער שרקליכער צייט ביי ר׳ זלמינען אין שטיבעל. האט זי מיט גרויס פארדראס און מיט גרויס כעס דערצעהלט פון איהרע עלטערן, ווי שלכב זיי האבן זי ערצויגן, ווי נאריש זיי האבען געטאן דערמיט וואס זיי האבען זי, וואס האט זעך גערעכענט פאר א וועלטליך מיידעל, געוואלט נויטען א כלה ווערען פאר א פוסטע קלויזנער אינגעל.

זי האט אבער נים אוספעיעט צו דערצעהלען מיט נאך פיעל מעהר כעס פון נאך אינעם. —

דאס איז געוועזען טאקע אין דער אייגענער צייט ווען לאה איז געוועזען ביי איהרע עלטערן, געזסן אין קלייט און געוועזען א בריה. שדוכים האט מען איהר גערעדט פון אלע זייטען, איהרע עלטערן, ענגע, פארשטהט זיך, די שדוכים געפעלען ווארום דער חתן האט זיך אנגעקערט מיט דעם גרעסטען חסיר פון ה—ער רבי׳ן במעט א איינען אייניקעל פון דעם רבינס אין עלטער פעטער, דער איז געוועזן גלאט א זיידן קינד. אז מער ווי א אידיש ווארט איז פון זיין מויל קיין מאל נים ארויסגעגאנגען א. ו. וו.

לאה׳ן זענען אבער די אלע מעלות פון די חתנים נים געפעלען און זי האט זיך געפיהלט זעהר אומגליקליך.

אין דער אייגענער צייט האט זיך אראב געיאוועט אין ד. א יונגער מאן בלוט און מילך, שעהן און געזונד, שטענדיג אויסגעצוואגען און אויסגעפוצט ווי א טאקעקליידעט נאך, דער נייסטער מאדע ווי אין דער גרויסער וועלט, שטענדיג לעבעדיג און פרהליך.

געקענט האט מען דעם יונגען מאן אונטער דעם נאמען „דעם פאדריאטשיקס זוהן״ און אזוי האט מען איהם טאקע גערופען, ווייל זיין פאטער ה׳ זיינוויל דאבאווסקע, וואס האט שטענדיג געוואהנט אין אדעס, האט נים לאנג אבגענומען די גאנצע פאדריארען אין ר—ער אויעזד; פריהער איז ער אליין א קליינע צייט געוועזן אין ד. און דערנאך האטערארבגעשיקט זיין זונדעלע פיאדער איוואנאוויטש דבאווסקע.

דעם פאדריאטשיקס זוהן אבער האט איבערגעגעבען די סלוזשאטשע זיי זאלען געשטעלען פאדריאד און אליין האט ער אנגעהויבען אויסקוקען די ר—ער שעהנע מיידלאך און האט געפונען אז ר׳ שמואל בער׳ס מיידעל לאה וואס געפינט זיך שטענדיג אין קלייט, איז די שעהנסטע פון אלע.

לאנג נים געטראכט און ער האט אנגעהויבען אפטער אריינקומען אין קלייט, גענעבען אפט צו לייזען, איבערגעבן קליינע פאקופקעס פאר דעם פאדריאד איהר פאטער.

איהרע עלטערן האבען קיין מאל נים געשטערט דעם פאדריאטשיקס זוהן רעדען מיט לאה׳ן, ווארום ר איז זיך א קונה און נאך א גוטער קונה. מען קען נאך כאפען עפעס פארדיענסט נעבען דעם פאדריאד אויך.

לאה פלעגט הערען פון איהר פאטער שטענדיג לויבען דעם פאדראטשיקס זוהן:

— חאטש ער איז נים קיין פרומער איד, א חסיד, ווי א אמת׳ער איד דארף זיין — פלעגט ר׳ שמואל בער זאגען — פון דעסטוועגען איז ער זערה א וואוילער מענש, א איד קען ביי איהם פארדיענען א קערביל, חאטש ער איז פון דידיישען, נאר צווישען די לייט די געגאלטע בערד געפינען זיך אויף א מאל גוטע מענשען

און ווער ווייסט? עס שטעהט זיך בפירוש אז כל ישראל יש להם חלק לעולם הבא״. און טאקע דערפאר וואס די לייטזענע נים אזוי קארג אויף דעם גראשען און געבען א אידען צו לייזען א קערבעל, וועלען זיי טאקע האבען עולם הבא.

מהר פון צוויי חדשים האט זיך דעם פאדריאטשיקס זוהן גערערעהט ביי ה׳ שמואל בער אין קלייט, אלעס האט ער גע־טהאן ער זאל ווערען א הייימישער, קייער האט איהם נים געשטערט אין דעם וואס ער האט פארגומען, מיט איהרע עלטערן האט ער זיך געפיהרט זעהר פראסט ד. ה. נים געבלאזען פון זיך א באראן צו א פריץ, טאקע גאר ווי א פראסטער איד, גערעדט שטענדיג מיט זיי אויף פראסט אידיש, געקומען צו זיי אלע שבת עסען ציש און קוגעל און זעהר לויבען די שבת־דיגע עסענס און געזאגט: אז אזוינע צוויי טייערע פארציעס ווי פיש מיט קוגעל און אפילו פיטשע האט ער נים באגעגענט אויף אלע טישען פון אלע פעלקער פון דער וועלט; אויף פלג טער אפט זאגען ר׳ שמואל בער׳ן: איהר זאלט נים מיינען אז דאס וואס איך געה אהן פעות, קורץ געקליידעט און אביסעל אונטערגעגאלט בין איך שוין קיין איד נים. איך בין אויך א פראסטער איד גלייך מיט אייך, נאר וואס זאל מען טהאן, מען וואהנט זיך צווישען גוים, מוז מען זיך פיהרען ווי זיי, וואס טהוט מען דען נים צוליעב פרנסה?

ר׳ שמואל בער פלעגט גאר אנקוועלען פון דעם אידישען געאלטען יונגען מאנטשיק פון דעם דייטשעל.

א חסיד האט פיינט א געגאלטען אידען נאך ערגער פון דעם ערקסטען גוי. ער וויל זיך קיינמאל מיט איהם נים פארנעהן, נים איהם זעהן ביי זיך אין שטוב בכלל, כ האבען מיט איהם קיין שום געשעפטען ער אנטלויפט. שטענדיג פון איהם, היינט ייער שמועסט שוין פון אזוינע זאכען ווי זיך משדך זיין מיט איהם.

(פארטזעצונג פאלגט)













## אינטעליגענטע

ראמאן פון י. ל. מאלאמוט

(פארטזעצונג)

— דאן, וועל איך געהן גלייך אהיים!

— האט זי שטיל א זאג געטאן. זי האט געפיהלט ווי צו עפענען איהר הארץ און איהם ארויסזאגען וואס אין איהר קומט פאר, ווי היים זי ליעבט איהם. נור זי אט מעהר גאר ניט גערערט. ווען ער האט זי צוגעפיהרט צו איהר הויז, איז זי געבליעבען שטעהן, עס האט זיך איהר יעצט ניט געוואלט זיך שיידען פון איהם.

— פיליכט וועט איהר אויך ארויפגעהן צו אונז? — האט זי זיך איינגעשטעלט און איהם אנגעבעטען.

— מען שלאפט דאך שוין ביי אייך!

— האט ער ווי גיזוכט זיך צו ענטשולדיגען — עס איז שפעט.

— דאס מאכט ניט אויס, איך שלאף דאך ניט! — האט אניוטא געענטפערט — איהר קענט ארויפגעהן, אויב אייך איז אנגענעהם. איך וועל מאכען טהעע, וועל כ׳ון הסתם געפינען עפים אויף צובייסען, אלזא? — האט אניוטא אויף איהם אנגעשטעלט א פאר אויגען פול מיט געבעט

— קומט ארויף אויף א ווייל.

ער האט מעהר גאר ניט געזאגט און איז מיטגעגאנגען.

ווען זיי זענען ארויפגעקומען און אניוטא האט ליכטיג געמאכט ביי זיך אין צימער, האט זי זיך דערפיהלט ווי פריי געבארען.

זי איז געווען העכסט גליקליך וואס ער זיצט ביי איהר אין צימער.

— פיהלט זיך ווי אין דער היים! — האט זי א צופריעדענע געשמייכעלט און איהם א זאג געטאן — גיט מיר אייער מאנטעל!

ער האט איהר דערלאנגט דעם מאנטעל און מיט צירטליכקייט האט זי זיין מאנטעל שטיל צוגעטראגען צו איהר קלאפענדעם הארץ. זי האט איהם אבער גלייך אויפגעהאנגען, מורא האבענדיג ער זאל דאס ניט באמערקען.

— וואס וועט איהר טרינקען? — האט זי איהם ליעבליך א פרעג געטאן

— טהע אדער קאפע?

— ניט קיין טהע און ניט קיין קאפע!

— האט, בעלל זיך צעלאכט און איהר געענטפערט.

— וואס זשע דען, פיעלייכט מילך?

— האט זי זיך נאכגעפרעגט ביי איהם

— ווילט איהר אפשר פרישע מילך? עס שטעהט אויף אייז.

— ניין, אויב איהר קענט מיר געבען א גלעזעל וויין, וועל איך טרינקען! — האט ער גאנץ אפענהערציג א זאג געגעבען. זי האט נאכגעקלערט א פאר מינוטען און דערנאך האט זי א פרעהליכע אויסגערופען:

— יא, איהר קריגט וויין! איהר וועט מיר ענטשולדיגען אין מאמענט בלויז.

און אין עטליכע מינוטען איז אניוטא צוריק געקומען מיט א גראפין רויטען וויין און צוויי גלעזלאך.

איהר געזיכט האט געשטראהלט, דאס פנים האט איהר געפלאמט און זי איז געזעסען א גליקליכע און האט איהם געקוקט אין געזיכט אריין.

— איהר זייט יעצט גאנץ אינטערעסאנט! — האט בעלל איהר באמערקט, בעת זי האט זיך אויפגעשטעלט און איהם אנגענאסען א קאפאל וויין. — טרינקט!

— אויף גליק! — האט בעלל אויסגעאראפגענומען זיינע בליקען פון איהר. ער האט געפיהלט וואס אין איהר פרויען הארץ געהט פאר און ער האט זיך אי שטארק גיפרעהט דערפון וואס זי איז אין איהם פארליעבט. ער איז אבער אויך געווען שטארק אונצופריעדען, ווייל ער האט געפיהלט אז ווען זי זאל זיך אמאל דערוויסען וועגען זיין פערגאנגענהיים וועט זי זיך ריהרען פון זיגען.

אניוטא ווידער, איז געוועזען איבערגליקליך. זי האט איהם אנגענאסען א צווייטען באקאל וויין און האט איהם צוגעטראגען.

— איהר האט דאך געוואלט וויין, וואדרום זשי טרינקט איהר ניט?

— עס איז ניט אינטערעסאנט צו טרינקען אליין. טרינקט אויך מיט! — האט בעלל א זאג געגעבען, און ער האט גענומען און האט אנגענאסען וויין אין צווייטען גלעזעל אריין.

— איך האב אין מיין לעבען קיין וויין ניט געטרונקען! — האט אניוטא א זאג געגעבען און האט זיך צעלאכט.

— דאס איז גאר ניט טאזא העלדישקייט! — האט בעלל געערט — מענשען זענען שטארק אינטערעסאנט, ווען זיי טרינקען.

— דענקט איהר באמת אזוי? — האט זי קינדיש איבערגעחזר׳ט.

— יא, אזוי איז דאס.

— דאן טרינקט איהר פריהער און ווען איהר וועט ווערען אינטערעסאנט, דאן וועל איך אויך טרינקען.

— אפגעמאכט! — האט בעלל אויסגערופען און האט אויסגעטרונקען דעם צווייטען גלאז און האט א שאקעל געטאן מיט דעם קאפ, ווי איינער, וואס וויל ארונטערשיסלען א שווערע משא פון זיך.

ער האט זיך געהייסען געבען נאך וויין.

— יעצט גיט נאך וויין, איך פיהל אז דער וויין טוט מיר גוטים.

זי האט געשמייכעלט און א צופריעדענע האט זי איהם אנגענאסען נאך א באקאל וויין.

— איהר זאלט נור דערנאך ניט זאגען אז בעלל איז שיכור! — האט ער זיך גיוויצעלט.

זי האט איהם ארויפגעלעגט די האנט אויף זיין מויל.

— איהר דארפט ניט רעדען אזוי, דאס איז גאר ניט אינטערעסאנט.

ער האט זיך צעלאכט הויך אויפ׳ן קול.

— כא, כא! האט איהר ווען געזעהן א שכור? — און ער האט מיט אמאל אנגעהויבען פלאנטערען מיט דער צונג. ער האט אליין געפיהלט אז ער רעדט אויס׳ן וועג, נור ער איז געוועזען פרעהליך און האט געפלוידערט:

— עס איז אמת אז מענשען זענען אינטערעסאנטער ווען זיי טרינקען. זיי זענען דאן נאטירליכער, פשיער. זיי ווארפען ארונטער די מאסקע וואס די ציוויליזאציאן האט אויף זיי ארויפגעלעגט. זיי ווערען דאן איינפאכע קינדער.

זי איז געזעסען און האט זיך צוגעהערט צו יעדעס ווארט, וואס ער האט אויסגערעדט. זי האט גיפיהלט, אז ער רעדט יעצט ניט צו דער זאך, אבער ער איז איהר געווען ליעב. זי האט זיך געפרעהט מיט דיב געדאנק, אז איהר וואונש איז ערפילט געווארען, און ער, דער גרויסער קינסטלער זיצט ביי איהר אין צימער, פיהלט זיך גוט און דאס האט זי צופריעדען געשטעלט.

— יעצט זייט איהר אינטערעסאנט! — האט אניוטא איהם א זאג געגעבען און האט זיך קינדיש צעלאכט.

— דאן זאלט איהר האלטען אייער פארשפרעכען! — האט ער א זאג געטאן

— איהר האט פארשפראכען צו טרינקען מיט מיר.

— זייט איהר אלזא נאך ניט שכור!

— האט אניוטא באמערקט. — מען זאגט אז א שכור פארגעסט אלעס.

— ניין, דאס האבען נאראנים אויסגעטראכט — האט בעלל געשפאסט, — א שכור געדענקט אלעס און ווייס אפילו אז ער איז שכור. נור איהר דארפט זיך פונדעסטוועגען ניט אויסדרעהען — האט ער זיך געהאלטען ביי זיין אפמאך, — גיסט אן אייער גלעזעל און ווייזט, אז איהר קענט האלטען ווארט.

— אויף גליק! — און זי האט זיך פערהוסט, אזוי שנעל ווי זי האט אראפגעשלונגען די ערשטע פאר טראפען.

— יעצט וועט איהר מיר גלויבען, אז איך האב קיינמאל קיין וויין ניט געטרונקען.

— דאס שאדעט ניט, וויין איז זעהר א גוטע זאך.

— הלואי זאל דאס אמת זיין! — האט אניוטא געשפאסט — דערווייל פיהל איך ערשט אז עס דרעהט זיך מיר דער קאפ און אין וויין האב איך קיין טעם ניט געפיהלט.

— טרינקט אויס אייער גלעזעל, עס איז ניט מעהר ווי רעכט, אז איהר זאלט ווייזען, אז איהר קענט טרינקען א גלעזעל וויין, ווין ניט קען איך נאך דענקען, אז איהר האט מעהר ניט בעצוועקט ווי נור מיך אנצושכור׳ן — האט בעלל זיך געוויצעלט.

— איך גלויב גאר ניט אז איהר זייט שכור! — האט אניוטא איהם פערזיכערט.

— איך וואלט אויך ניט וועלען, אייך זעהן שכור. — האט זי באמערקט.

— איך וואלט אבער אליין וועלען ... פרעהליך.

— גוט, איך טו אייך צוליעב!

זי האט זיך אנגעשטרענגט, האט אויסגעטרונקען דאס גלאז וויין.

— יעצט זאלט איהר אבער שוין מעהר ניט טרינקען!

— ביי מיין ווארט הערר בעלל, איך פיהל אז מיין קאפ דרעהט זיך.

— דאס איז גאר ניט. עס וועט פאראיבער.

(פארזעצונג פאלגט)

## אנטעל גענטען

ראמאן פון י. ל. מאלאמוט

(פארטזעצונג)

— דאן, וועל איך געהן גלייך אהיים!

— האט זי שטיל א זאג געטאן. זי האט געפיהלט ווי צו עפענען איהר הארץ און איהם ארויסזאגען וואס אין איהר קומט פאר, ווי היים זי ליעבט איהם. נור זי אט מעהר גאר ניט גערעדט. ווען ער האט זי צוגעפיהרט צו איהר הויז, איז זי געבליעבען שטעהן, עס האט זיך איהר יעצט נים געוואלט זיך, שיידען פון איהם.

— פילייכט וועט איהר אויך ארויפגעהן צו אונז? — האט, זי זיך איינגעשטעלט און איהם אנגעבעטען.

— מען שלאפט דאך שוין ביי אייך!

— האט ער זי גיזוכט זיך צו ענטשולדיגען — עס איז שפעט.

— דאס מאכט נים אויס, איך שלאף דאך נים! — האט אניוטא געענטפערט — איהר קענט ארויפגעהן, אויב אייך איז אנגענעהם. איך וועל מאכען טהעע, וועל כן הסתם געפינען עפים אויף צובייסען, אלזא? — האט אניוטא אויף איהם אנגעשטעלט א פאר אויגען פול מים געבעט

— קומט ארויף אויף א ווייליע.

ער האט מעהר גאר נים געזאגט און איז מיטגעגאנגען.

ווען זיי זענען ארויפגעקומען און אניוטא האט ליכטיג געמאכט ביי זיך אין צימער, האט זי זיך דערפיהלט ווי פריי געבארען.

זי איז געווען העכסט גליקליך וואס ער זיצט ביי איהר אין צימער.

— פיהלט זיך ווי אין דער היים! — האט זי א צופריעדענע געשמייכעלט און איהם א זאג געטאן — גיט מיר אייער מאנטעל!

ער האט איהר דערלאנגט דעם מאנטעל און מיט צירטליכקייט האט זי זיין מאנטעל שטיל צוגעטראגען צו איהר קלאפענדעם הארץ. זי האט איהם אבער גלייך אויפגעהאנגען, מורא האבענדיג ער זאל דאס נים באמערקען.

— וואס וועט איהר טרינקען? — האט זי איהם ליעבליך א פרעג געטאן

— טהעע אדער קאפע?

— נים קיין טהע און נים קיין קאפע!

— האט בעלל זיך צעלאכט און איהר געענטפערט.

— וואס זשע דען, פיעלייכט מילך?

— האט זי זיך נאכגעפרעגט ביי איהם

— ווילט איהר אפשר פרישע מילך? עס שטעהט אויף אייז.

— ניין, אויב איהר קענט מיר געבען א גלעזעל וויין, וועל איך טרינקען! — האט ער גאנץ אפענהערציג א זאג געגעבען. זי האט נאכגעקלערט א פאר מינוטען און דערנאך האט זי א פרעהליכע אויסגערופען:

— יא, איהר קריגט וויין! איהר וועט מיר ענטשולדיגען אין מאמענט בלויז.

און אין עטליכע מינוטען איז אניוטא צוריק געקומען מיט א גראפין רויטען וויין און צוויי גלעזלאך.

איהר געזיכט האט געשטראהלט, דאס פנים האט איהר געפלאמט און זי איז געוועזן א גליקליכע און האט איהם געקוקט אין געזיכט אריין.

— איהר זיים יעצט גאנץ אינטערעסאנט! — האט בעלל איהר באמערקט, בעת זי האט זיך אויפגעשטעלט און איהם אנגעגאסען א קאפאל וויין — טרינקט!

— אויף גליק! — האט בעלל אויסגעאראפגענומען זיינע בליקען פון איהר. ער האט געפיהלט וואס אין איהר פרייען הארץ געהט פאר און ער האט זיך אי שטארק גיפרעהט דערפון וואס זי איז אין איהם פארליעבט. ער איז אבער אויך געווען שטארק אונצופריעדען, ווייל ער האט געפיהלט אז ווען זי זאל זיך אמאל דערוויסען וועגען זיין פערגאנגענהייט וועט זי זיך ריהרען פון זינען.

אניוטא ווידער, איז געוועזן איבערגליקליך. זי האט איהם אנגעגאסען א צווייטען קאפאל וויין און האט איהם צוגעטראגען.

— איהר האט דאך געוואלט וויין, וואָרום זשע טרינקט איהר נים?

— עס איז נים אינטערעסאנט צו טרינקען אליין. טרינקט אויך מיט! — האט בעלל א זאג געגעבען, און ער האט גענומען און האט אנגעגאסען וויין אין צווייטען גלעזעל אריין.

— איך האב אין מיין לעבען קיין וויין נים געטרונקען! — האט אניוטא א זאג געגעבען און האט זיך צעלאכט.

— דאס איז גאר ניש טאזא העלדישקייט! — האט בעלל גערעדט — מענשען זענען שטארק אינטערעסאנט, ווען זיי טרינקען.

— דענקט איהר באמת אזוי? — האט זי קינדיש איבערגעחזר'ט.

— יא, אזוי איז דאס.

— דאן טרינקט איהר פריהער און ווען איהר וועט ווערען אינטערעסאנט, דאן וועל איך אויך טרינקען.

— אפגעמאכט! — האט בעלל אויסגערופען און האט אויסגעטרונקען דעם צווייטען גלאז און האט א שאקעל געטאן מיט דעם קאפ, ווי איינער, וואס וויל ארונטערטרייסלען א שווערע משא פון זיך.

ער האט זיך געהייסען געבען נאך וויין.

— יעצט גיט נאך וויין, איך פיהל אז ער וויין טוט מיר גוטים.

זי האט געשמייכעלט און א צופריעדענע האט זי איהם אנגעגאסען נאך א באקאל וויין.

— איהר זאלט נור דערנאך נים זאגען אז בעלל איז שיכור! — האט ער זיך גיוויצעלט.

זי האט איהם ארויפגעלעגט די האנט אויף זיין מויל.

— איהר דארפט ניט רעדען אזוי. דאס איז גאר ניט אינטערעסאנט.

ער האט זיך צעלאכט הויך אויפ'ן קול.

— כא, כא! האט איהר ווען געזעהן א שכור? — און ער האט מיט אמאל אנגעהויבען פלאנטערען מיט דער צונג ער האט אליין געפיהלט אז ער רעדט אויס'ן וועג, נור ער איז געוועזן פרעהליך און האט געפלוידערט:

— עס איז אמת אז מענשען זענען אינטערעסאנטער ווען זיי טרינקען. זיי זענען דאן נאטירליכער, פרייער. זיי ווארפען ארונטער די מאסקע וואס די ציוויליזאציאן האט אויף זיי ארויפגעליגט. זיי ווערען דאן איינפאכע קינדער.

זי איז געזעסען און האט זיך צוגעהערט צו יעדעס ווארט, וואס ער האט אויסגערעדט. זי האט גיפיהלט, אז ער רעדט יעצט נים צו דער זאך, אבער ער איז איהר געווען ליעב. זי האט זיך געפרעהט מיט דיב געדאנק, אז איהר וואונש איז ערפילט געווארען, און ער, דער גרויסער קינסטלער זיצט ביי איהר אין צימער, פיהלט זיך גוט און דאס האט זי צופריעדען געשטעלט.

— יעצט זיים איהר אינטערעסאנט!

— האט אניוטא איהם א זאג געגעבען און האט זיך קינדיש צעלאכט.

— דאן זאלט איהר האלטען אייער פארשפרעכען! — האט ער א זאג געטאן

— איהר האט פארשפראכען צו טרינקען מיט מיר.

— זיים איהר אלזא נאך נים שכור!

— האט אניוטא באמערקט. — מען זאגט אז א שכור פארגעסט אלעס.

— ניין, דאס האבען נאראנים אויסגעטראכט — האט בעלל געשפאסט, — א שכור געדענקט אלעס און ווייס אפילו אז ער איז שכור. נור איהר דארפט זיך פונדעסטוועגען נים אויסדרעהען — האט ער זיך געהאלטען ביי זיין אפמאך, — גיסט אן אייער גלעזעל און ווייזט, אז איהר קענט האלטען ווארט.

— אויף גליק! — און זי האט זיך פערהוסט, אזוי שנעל ווי זי האט אראפגעשלונגען די ערשטע פאר טראפען.

— יעצט וועט איהר מיר גלויבען, אז איך האב קיינמאל קיין וויין נים געטרונקען.

— דאס שאדעט נים, וויין איז זעהר א גוטע זאך.

— הלואי זאל דאס אמת זיין! — האט אניוטא געשפאסט — דערווייל פיהל איך ערשט אז עס דרעהט זיך מיר דער קאפ און אין וויין האב איך קיין טעם נים געפיהלט.

— טרינקט אוים אייער גלעזעל, עס איז נים מעהר ווי רעכט, אז איהר זאלט ווייזען, אז איהר קענט טרינקען א גלעזעל וויין, ווען נים קען איך נאך דענקען, אז איהר האט מעהר נים בעצוועקט ווי נור מיך אנצושכור'ן — האט בעלל זיך געוויצעלט.

— איך גלויב גאר נים אז איהר זיים שכור! — האט אניוטא איהם פערזיכערט.

— איך זאלט אויך נים וועלען אייך זעהן שכור. — האט זי באמערקט.

— איך וואלט אבער אליין וועלען ... פרעהליך.

— גוט, איך טו אייך צוליעב!

זי האט זיך אנגעשטרענגט, האט אויסגעטרונקען דאס גלאז וויין.

— יעצט זאלט איהר אבער שוין מעהר נים טרינקען!

— ביי מיין ווארט הערר בעלל, איך פיהל אז מיין קאפ דרעהט זיך.

— דאס איז גאר נים. עס וועט פאראיבער.

(פארזעצונג פאלגט)

דער וועג
THE DETROIT JEWISH DAILY
Published Daily, Except Saturdays and Jewish Holidays, by
DER WEG PUBLISHING COMPANY, INC.
347-49 Hastings St., Detroit, Mich. Main 3715.
J. RABINOWITZ, Pres. JOS. R. LEEMON, Sec.-Treas.
B. I. GOLDSTEIN, Editor
(Entered as Second Class mail matter at Post Office. Detroit, Mich.)
Subscription Price: By mail, or carrier, one year, $5.00; six months, $2.50.

דעטראיט, 27טער יאנואר, 1920

# און אזוי האט גערעדט דער אסימילאטאר

דער אמת איז אז דער פולער באריכט פון הענרי מארגענטוי וועגען זיין מיסיע אין פוילען האט קיינעם נישט באדארפט איבערראשען.

נאך בעת מארגענטוי איז אין פוילען געווען האט מען שוין געהערט וועגען זיין פאנעהמונג אין די דארטיגע רעגירונגס קרייזען, וועגען זיינע ויכוחים מיט די פוילישע אידיש-פיינדליכע דיפלאמאטען און וועגען זיין שטעלונג, ווען איהם האט דער צופאל אין דער אידישער גאס געבראכט — פון דעם אלעמען האט זיך בולט אנגעזעהן, אז מארגענטוי איז געפאהרען פון דער לכתחילה מיט'ן צוועק צו פארגלעטען און פארקוקען עולות און מיט אלע מעגליכקייטען אויסצוזוכען עפעס אן אויסגאנג אויף פשרות.

מען האט דאס געוואוסט נאך דעמאלט, ווען מארגענטוי איז אין פוילען געווען.

מיר האבען דא אפגענומען גרוסען, ווי דער איד מארגענטוי האט פארפיהרט ויכוחים מיט פוילישע למדנים, וועלכע האבען איהם אין אידישע ענינים באוויזען, אז ער ווייס פון אידישקייט א סך ווייניגער ווי א פוילישער גרויסער אנטיסעמיט, אבער מיטעלמעסיגער קענער און כמעט אן אומבאוואוסטער אין דער וועלט; מיר האבען געהערט ווי די פוילישע גאס האט איהם מיט שנאה און באליידיגונג אויפגענומען אין פיעלע ערטער און ער האט פארשוויגען; מיר האבען געהערט ווי ער האט באדארפט פאר געוויסע ענינים אנקומען פאר ערקלעהרונגען צו א דריטער פערזאן; — ווי אזוי ער האט גערעדט מיט אידישע פארשטעהער און ווי אזוי מיט פוילישע, און עס האט אונז באדארפט קלאהר ווערען, אז מיר וועלען פון מארגענטוי'ס באריכט נישט אויפגעריכט ווערען און דעם אידישען פאלק וועט פון דעם באריכט קיין טובות זיכער נישט ארויסקומען.

מיר זיינען נישט ענטוישט געבליבען.

עס איז שפעטער צוגעקומען א מיינונג, אדער אן אויסצוג פון גענעראל דזשאדווין באריכט. דזשאדווין איז דער צווייטער קאמישיאנער, וואס איז מיט מארגענטוי'ן געווען אין פוילען.

פון דזשאדווין'ס אויסצוג האט זיך שוין אפען אנגעזעהן די פיינדליכע שטעלונג צו די פוילישע אידען.

און ווידער איז קלאהר געווארען. אדער עס האט באדארפט קלאהר ווערען, אז מארגענטוי וועט זיך נישט אילען און אפשר מאקע נישט קענען איינרייסען מיט זיינע קאלעגען און וועט איינגעהן אויף גרויסע פשרות. ער וועט באין אופן נישט וועלען ארויסווייזען צו בולט זיין אידישקייט אין א רעפארט, וואס טראגט אן אפיציעלען און פאליטישען כאראקטער.

מארגענטוי, דער אסימילאטארישער „יאהודי", וועט זיך היטען מיט זיין אידישקייט און ווי אלע אסימילאטארען אין אזעלכע פעלע, וועט ער מיט זיין באהעלטעניש ווערען עקסטרים.

און נאך איין שפאן ווייטער קען מען געהן:

מיר האבען געזעהן פון דער שטעלונג וואס דאס אפיציעלע אמעריקא, וואשינגטאן, האט גענומען צו פוילען און מיר האבען געקענט פארשטעהן, אז מארגענטוי וועט נישט ארויסקומען קעגען איהר.

אמעריקא, שיער נישט ווי פראנקרייך, האט אריינגענומען פוילען אין א גאלדען וויעגעלע; מען האט פוילען אונטער א שוץ פארטוך געהאלטען און געצערטעלט.

אין דערזעלבער צייט האט מען ד א איבער אזא אדער אנדער אורזאכע מיט נישט ווייניג שנאה געקוקט אויף די וואס רעדען א שלעכט ווארט קעגען פוילען. א סך ארויסגעהאלפען אין דעם האט דער פויליש-ענגלישער ארגאן, די לאנדאנער „טיימס", וועלכע האלט אין איין שיטען פעך און שוועבעל אויף די אידען אין פוילען.

מארגענטוי איז נים דער מענש, וואס זאל ארויסגעהן אין קאמף מיט די אלע שטערונגען. עס פעהלט איהם מוט דערצו און עס פעהלט איהם אויך זעלבסטבאוואוסטזיין.

ווען מען פארגלייכט מארגענטוי'ן מיט סיר סטואורט סעמועלס פון ענגלאנד, זעהט מען ערשט אן בולט, אז אזוי גיך ווי דער איד פארלירט זיין באזיס אלס איד און הויבט אן צו מאכען קאמפראמיסען מיט זיין אידישקייט, מוז ער נישט ווילענדיגערהייד פארלירען אויך זיין מוט און זעלבסטווירדע.

מיר ווייסען נאך נישט וואס סיר סעמועלס רעפארט וועט ענטהאלטען. זיכער וועט אויך ער מאכען קאמפראמיסען. דאס פאדערט שוין די פאליטיק. אבער ער וועט אהן שום ספק נישט אוועק מיט זיינע קאמפראמיסען אויף אזא וועג, ווי מארגענטוי איז אוועק.

און דער עיקר — ער וועט נישט בארעכטיגען דאס, וואס די פוילישע אנטיסעמיטישע רעגירונג טוט איצט להכעיס איהרע פארפליכטונגען אין דער טריטי בנוגע מינאריטעטען רעכטע.

אין דער שטעלע, וואו מארגענטוי רעדט וועגען די אויסגעקעמפטע מינאריטעטען רעכטע, זעהט זיך שוין אן דער אסימילאטאר אין פולער גרייס, אדער אין פולען קליינליכקייט.

כמעט איז ער מסכים מיט דער פוילישער אנטיסעמיטישער פאליטיק.

כמעט איז ער מסכים, אז די אויסגעקעמפטע מינאריטעט רעכטע האבען געקענט אויפרעגען און אויפהעצען די אנטיסעמיטישע פאלאקען.

דאס איז דאך אן עכט מארגענטוי'שער שטאנדפונקט:

וואלט ער דאך אין אמעריקא געוואלט, אז די אידען זאלען יוצא זיין מיט א טעמפעל; מיט א אידישען חזן ארויסגעהאלפען פון שיקסעס, אלס משוררים; מיט א חאבבאי וואס איז נישט איד און נישט גלח; מיט צופאהרען פון איין יום כפור צום אנדערען צו דער שוהל פאר א „גאטעס געבעט" וכדומה אזא אידישקייט, אן וואס אונזערע רעפארמעס האלטען זיך.

עס וואלטען אפשר די מארגענטויס זיך ווייניג וואס מער געווען ווען אויך דא, אין אמעריקא, וואלט מען די מישטיינס געזאגט, מינאריטעטען רעכטע נישט געדולדעט.

אמת, טאקע עס האט מר. מארגענטוי זיך געהיט און איז נישט ארויסגעטראטען אין זיין באריכט דירעקט קעגען די באזונדערע שולען, למשל אין פוילען, אבער ווען ער וויל פארגלעטען דעם פוילישען אנטיסעמיטיזם זאגט ער שוין, אז פוילען, אלס א פאלק וואס איז אליין געווען אונטערדריקט, קען נישט הולדען, ווען מען וויל אז זי זאל פינאנסירען קולטורעלע אויטאנאמיע.

ער איז אויך מסכים מיט די פינסטערע כחות פון פוילען אז דער פאראגראף 93 פון דער טריטי, וואו עס רעדט זיך מכח מינאריטעטען רעכטע, האט פארשארפט דעם אנטיסעמיטיזם.

פארשארפט דעם אנטיסעמיטיזם — גיט ער ווייטער צו — האט אויך דער ערפאלג פון גאראנטירען די רעכטע פון דער אידישער שפראך.

און דא קומט שוין מארגענטוי מיט כמעט א שטיקעלע מסורה, ווען ער דערצעהלט אז אונזער אידיש דארף פארהאסט זיין, ווייל ער שטעהט אין קריבה'שאפט מיט דעם דייטשען דיאלעקט.

עס רעדט אלזא דא אי מארגענטוי דער פאליטיקער און שלום מאכער און אי מארגענטוי דער „יאהודי" דער אסימילאטאר.

און דאס אינטערעסאנטסטע דערביי איז, וואס נאך דעם אלעמען איז ערשט דער דאזיגער באריכט נישט וואיל געפעלען דעם אזוי פיעל אויסגעליבטען אמעריקאנער גייסט.

עס זיינען אין דער אמעריקאנער קאמיסיע קין פוילען געפאהרען 3 אמעריקאנער פארשטעהער: 1 איד און 2 יענקים.

דעם באריכט וואס מיר דרוקען, איז ערשט דער מינאריטעט באריכט פון 1 מארגענטוי'ן.

דער מאיאריטעט באריכט וועט מסתמא ערשט קומען. די קריסטען זיינען ערשט נים איינשטימיג מיט מארגענטוי'ן. ביי זיי איז פוילען גאר אן אויסשולדיג לעמעלע.

# לידער

פון ש. נעפאם.

## קוש מיר אויס

קוש מיר אויס מיין זעלען טרויער,
קוש מיר אויס דו פריהלינגס ווינט,
שעפצע פסאלמען אויף מיין אויער,
און פארשווינד אין לאבערינט.

שטיל פון בוים א טוי וועט טריפען
ניטערדיג מיט ליעבעס פרייד,
מיט מיין לאך וועט לאנג ווער שטיפען
אויף וועל דרימלען שטילערהייט

נאכט וועט בלויע פליגעל שפרייטען
נאכטיגאלען פלויטען-קלאנג
דורך די זילבער וואלקען קייטען
טראגען וועט זיך דער געזאנג.

קוש מיר אויס מיין זעלען טרויער,
קוש מיר אויס דו פריהלינגס ווינט,
שעפצע פסאלמען אויף מיין אויער,
און פארשווינד אין לאבערינט.

## אין וועג

ווייסע פליגעל, פאכען, פאכען,
זילבער קווייטען שויבען מאלען,
ווייסע וועגען, דעכער קלאהרע,
די געזימסען מיט קריסטאלען.

שמייסער, שמייסער, ווארט א ווייל!
כ'וועט פון לוכט מיין ברוסט געצונדען.
שארף די גליטשערס, ווייט דער שליטען,
כ'איז מיין יוגענד לאנג פארשוואונדען..

יונגע לויפען, יונגע שוועבען
אין דעם ווינטער-טאנץ זיך דרעהען,
אבער איך אין שנעע דעם טיפען
לאנגזאם מוז צו פוס נאך געהען.

## קאסירער פון קאטוילישער טשוירטש באשולדיגט אין גנבה.

דזשאזעף קולאק איז דער קאסירער פון דער קאטוילישער טשוירטש, ברענטש 22 פון „האלי טריניטי". די גבאים פון דיזער טשוירטש האבען איהם פארקלאגט דאס ער האט צוגענומען טשוירטש געלט אויף דער סומע פון 531 דאל. זיין משפט איז פארגעקומען פאר'ן ריכטער קאטער.

# אונזער גייסטיגער חורבן

פון ב. ג. זאק.

טראגיש איז דאס לעבען פון אונזער פאלק אין פארשיעדענע הינזיכטען, נאך טראגישער אבער, אין יענע הינזיכטען אין וועלכע קיין פאלק א חוץ אונז אידען, איז נאך נים געפרופט געווארען, קיין פאלק קאן אונז נים פארשטעהן און מיטפיהלען, קיין פאלק האט נים דורכגעלעבט און דורכגעמאכט דאס וואס מיר. און מיר אליין, פארשטעהען מיר דען און באגרייפען מיר דען דעם גאנצען אומפאנג פון אונזער טראגעדיע?

ווי א שרעקליכער קאשמאר זענען די לעצטע עטליכע יאהר פארביי אונז פארבייגעלאפען, וואס האבען מיר נים דורכגעלעבט און דורכגעמאכט אונטער דער צייט? די ווילדסטע און בלוטיגסטע פארפאלגונגען, גרויזאמע פאגראמען, שוידערליכע שחיטות און הריגות, און יסורים און צרות אהן א שיעור און אהן א ברעג, וועלכע ציהען זיך ווי א לאנגע קייט פון די ערשטע טעג פון דער גרויסער וועלט-מלחמה אן, ביז צו דער ענדע פון דעם ערשטען פרידענס יאהר, און מיר האלטען נאך זיכער נים ביים סוף, ווער ווייס ווי פיעל בלוטיגע רינגען עס וועלען אין דער דאזיגער קייט נאך אריינגעפלאכטען ווערען?

מיר צעהלען אונזערע קרבנות, אונזערע אויסגעקוילעטע געשעכטעטע, פארפייניגטע. 125 טויזענד אידען אויסגעשאכטעט אין אוקראינע — דאס איז אונזער פרייז פאר דער וועלט פרידען בלויז אין איין ווינקעל פון אייראפא, נאכדעם ווי די מלחמה איז לאנג שוין איינגעשטילט געווארען. דאס איז א צוגאב צו די שווערע קרבנות וועלכע מיר האבען געבראכט אויפ'ן מזבח פון פרייהייט און דעמאקראטיע.

אבער ווי גרויס און שרעקליך עס איז אונזער נאציאנאלער בראך, דער אומגליק וואס איז אונז באפאלען, קאנען מיר דאך געפינען פאראלעלען, וועלכע עס איז פארלייכטערונגען, מיר זענען נים די איינציגע וואס האבען פון דער מלחמה געליטען, כאטש דאס קען אונז נים טרייסטען, און מיר זענען אפילו נים דאס איינציגע פאלק אויף וועמען מען האט געמאכט פאגראמען און הריגות און מיט זיין בלוט געמוזט זעטיגען טייפעלישע אינסטינקטען פון מענשליכע חיות, די ארמעניער למשל, האבען דעם זעלבען גורל געהאט. הונדערט טויזענדער פון זיי זענען פון די טערקישע בארבארען אויסגעשלאכטעט געווארען.

אומפארגלייכליך אבער איז אונזער גרויסער חורבן פון אן אנדער זייט: דער חורבן אין אונזערע מחות און הערצער, צו אונזער גייסטיגען בראך. קאן מען זיין שום פאראלעל נים געפינען, קיין פאלק האט עס נים דורכגעמאכט און מאכט עס נים דורך וואס מיר. אין אט דער הינזיכט אויסער מיר אליין, איז בכלל נים פעהיג פון דער זייט צו זעהן און פארשטעהן אונזער גרויסע טראגעדיע.

מיר שטעהען איצט ביים שיידוועג פון אונזער געשיכטע, און מאכען דורך א זעהר געפעהרליכע צייט, וועלכע פאדערט די אנשטרענגונג און פאראייניגונג פון אלע אונזערע כחות אום מיר זאלען נים אומפאלען, אום מיר זאלען זיך קאנען אויף די פיס האלטען, איבערקומען די אלע שווערע געפאהרען וואס רינגלען אונז ארום. עס איז דער סאמע קריטישטער מאמענט אין אונזער לעבען, א מאמענט, ווען אונזער עקסיסטענץ אלס פאלק הענגט אויף די וואגשאלען און ווען יאוש און האפנונג האבען זיך באגעגענט און צוהערען צווישען זיך א קאמפף, און אין דעם דאזיגען קריטישען אויגענבליק העלען מיר: א שמד-עפידעמיע, טויפונגען זענען געווארען און אפטע ערשיינונג אונטער די דייטשע אידען וועלכע האבען זיך גענומען פארבייטען דעם צלם אויף מגן דוד. עס פארלאזען די יונגע אינטעליגענטע טיילען, די רייהען פון דעם אומגליקליכען, ליידענדען אידישען פאלק. צופיעל מרה שחורה, צופיעל אומעט, צופיעל נידערגעשלאגענקייט הערשט אין אונזער גאס, אין אונזערע הייזער און אונזערע פאמיליען קרייזען, אין אונזערע נאציאנאלע רייהען, איבער וועלכע עס הענגט דער שלייער פון טרויער, געהט מען דעריבער אוועק צו די גוים, זיך טרעסטען און וואריעמען ביי זיי!..

מיר באוויינען אונזערע טויטע, און באדויערען די לעבעדיגע טויטע וועלכע געהען פון אונז אליין אוועק, וועלכע האבען נים דעם מוטה צו שטעהן בלייבען ביי זייט פון זייער פאלק אין דעם איצטיגען מאמענט, מיר באדויערען — נים דאס וואס אונזערע נאציאנאלע אקציעס זענען אין דייטשלאנד אזוי געפאלען, נאר דאס וואס דאס דייטשע אידענטום איז אזוי געפאלען, געזונקען און לאזט זיך געהן מיט'ן שטראם פון אן אונגעוויינדער און דעמאראליזירטער רעאקציע פון וועלכען פיעלע אידישע מחות זענען פארכאפט געווארען. אט די שמד-ערשיינונג אונטער די דייטשע אידען, דאס איז דער רעזולטאט פון גייסטיגער פוסטקייט, פון אינעוועניגסטער עפוילטקייט און דאס דארף באדויערט ווערען.

קאן נאך א פאלק אנצייגען אויף א גרעסערען אינעוועניגסטען חורבן און גייסטיגער דעמאראליזאציע, ווי דאס זעהט זיך ארויס דורך דער פיינער און פערדערטערישער טאט פון יענע דייטשע לויבענסגענאסען אונזערע, וועלכע פארקויפען די אידישע בכורה פאר דעם גויאישען טאפ לינזען און נעמען אן קריסטענטום, פארבייטענדיג עס פאר דער אידישער רעליגיאן, פאר דער אידישער מאראל, פאר די אידישע אידעאלען, פאר די אידישע האפנונגען?

ביי אונז אבער איז דאס פאקט, א ווירקליכע לעבענס ערשיינונג, און פאסירען פאסירט דאס אין א צייט וואס מיר בלוטען אזוי פיעל פאר אונזער עקסיסטענץ, בעת צעהנדליגע טויזענדער פון אונז זענען נאר וואס אויסגעקוילעט און אויסגעמארדעט געווארען פאר דער זינד וואס מיר זענען געבארען געווארען אידען, וואס מיר האבען דעם מוט צו זיין אידען, און — ווען די הילף, די רעטונג פון אונזער פאלק ליגט אין אינעוועניגסטער פעסטקייט, גאנצקייט, סאלידאריטעט, און אט די דאזיגע זייט פון אונזער טראגעדיע, דער חורבן אין די אידישע מחות, אין א צייט ווען דער וועה-געשריי פון דעם אומגליקליכען מארטירער פאלק הילכט אין אלעמענס אויערען, רופט און וועקט די סימפאטיען פון אלע מענשליכע הערצער, איז פיעל טראגישער און שרעקליכער ווי דער מאטעריעלער חורבן וואס מיר האבען געהאט.

עס איז געווען אמאל א צייט, ווען מען האט צוהערענדיג זיך צו דעם וואס איז נאך געקומען אין לעבען פון די דייטשע אידען, געקאנט האבען פאר זיך א קלאהרע פארשטעלונג וועגען דעם אינעוועניגסטען צושטאנד פון דעם אידענטום אין אלע לענדער, די פסיכאלאגיע פון דעם אידענטום האט פאר אונז אפגעשפיגעלט די פסיכאלאגיע און די גייסטיגע לעבענס פארמען פון די אידען אין דער גאנצער וועלט. זייט די צייטען פון מענדעלסאן, האבען די דייטשע אידען, ביז מיט עטליכע צעהנדליגע יאהר צוריק, געשפיעלט די באדייטענדע ראלע אין דעם גייסטיגען און קולטורעלען לעבען פון די אידען אין גאנץ אייראפא, יעדע וויכטיגע ענדערונג וואס איז פארגעקומען אין די גייסטיגע און פסיכאלאגישע באגריפען פון אייראפעאישען אידענטום אין 19-טען יאהרהונדערט, איז געווען דער פועל יוצא פון דער רעוואלוציע וועלכע דער אידישער מח און דאס אידישע געפיהל האט געהאט דורכגעמאכט אין דייטשלאנד, אזוי איז באשאפען געווארען די „השכלה" באוועגונג, ווי „חכמת היהודות", דאס רעפארם אידענטום און די אסימילאציע, וועלכע לודוויג פיליפסאן האט באגרינדעט.

אבער נים אלע מאל האט עס אזוי אנגעהאלטען, זייט די לעצטע עטליכע צעהנדליג יאהר האבען די דייטשע אידען קיין אריגינעלען געדאנק און נייעם גייסטיגען ווערט נים אריינגעבראכט אין דעם אוצר פון דער אידישער קולטור, אליין שפייזענדיג און נעהרענדיג זיך מיט דאס וואס איז געקומען פון מזרח אייראפא, וואס דאס רוסיש און גאליציער אידענטום האט באשאפען און ארויסגעגעבען.

מיר זעהען דערפאר דאס אין די לעצטע עטליכע צעהנדליג יאהר האבען די דייטשע אידען אנגעהויבען צו ווערען מינדערער אין צאהל און זיי פארשווינדען. די אפטע טויפונגען און געמישטע הייראטען האבען אונטערגעגראבען די יסודות פון אידישען לעבען אין דייטשלאנד, אפגעשוואכט איהם פיזיש ווי גייסטיג, און דאס גאנצע דייטשע אידענטום געבראכט צו א שטופע פון מאראלישען אונטערגאנג.

די שרעקליכע איבערלעבונגען און צעשטערונגען פון דער לעצטער צייט, די פאגראמען און שחיטות אויף אידען און אפילו נים דער אנטיסעמיטיזם אין דייטשלאנד גופא וואס האט זיך איצט אזוי צעשפיעלט — דאס אלעס האט נים געקענט קרעפטיגען און אויפבויען דעם געפאלענעם מוט פון די דייטשע אידען, וועלכע זוכען טרייסט אין קריסטענטום..

און איז דאס אליין נים א גרויסע און שרעקליכע טראגעדיע?

# א בריעף פון וויען

פון לייבל טובש*)

## דער זיעג פון א אידישען שפארט קלוב געגען א דייטשען. — א אנטיסעמיטישע מפלה. — א גרויסע פאליטישע טעגליכע צייטונג גיט ארויס א חנוכה-נומער.

שוין נישט איינמאל האבען דענקענדע מענשען דארויף אנגעוויזען, אז דער אנטיסעמיטיזם מיט זיין סיסטעם אונז אידען אלס א מינדערווערטיגע, אלס א נידעריגע אומה, צו בעהאנדלען, האט אונז דוקא גוטע דינסטען געלייסטעט. דערפאר, וואס ביי גלייכע פעהיגקייטען ווערען מיר, אלס אידען, תמיד צוריקגעזעצט, דערפאר מוזען מיר אונזערע כחות די גייסטיגע אזוי גוט ווי די פיזישע, תמיד מעהר אנשטרענגען, כדי אונזערע פאזיציעס צו דערהאלטען. א איד אלס בעאמטער, למשל, מוז תמיד טיכטיגער זיין, ווי זיין נישט-אידישער קאלעגע, כדי ער זאל קענען בעקומען אן אנשטעלונג, ווייל ביי גלייכע פעהיגקייטען וואלט ער זי קיינמאל נישט בעקומען.

אט די ערפאהרונגען מאכען מיר אידען אויף שריט און טריט אין אונזער לעבען, און אט דאס האט זיך אויך דייטליך ארויסגעוויזען ביים פוסבאל-מאטש ביים ווערט קאמף צווישען דעם אידישען ספארט-קלוב „הכוח" און דעם דייטשען „גערמאניא".

הגם דער שפארט בכלל איז נישט קיין „פאליטיקום" האט דער אנגעקינדיגטער ווערט-קאמפף צווישען א אידיש-נאציאנאלען און א דייטש-נאציאנאלען שפארט-קלוב פון דער ערשטער מינוט אן, ווי ער איז נאר באקאנט געווארען, אויף זיך געצויגען די אויפמערקזאמקייט נישט נאר פון שפארטלייט, זאנדערען אויך פון ברייטע פארטיי-לאגערס. די אנטיסעמיטישע פרעסע האט נאטירליך דעם גאנצען, און פאר זיך נאר שפארטליכען ענין, געמאכט פאר א „אידענפראגע". עפעס אנדערש קען מען דאך פון אט דער חבורה נישט דערווארטען. „אידען אקעגען דייטשען" האבען זיי ארויסגעגעבען דעם פאראל נאך מיט עטליכע וואכען פריהער און דאס איז געוועזען די בעסטע רעקלאמע, די שטארקסטע אגיטאציע פאר'ן ווערט-קאמפף „הכוח-גערמאניא", מעהר ווי פאר אלע עהנליכע ווערט-קאמפפען, וואס קומען פאר אלע מאהל אין אזא שטאדט ווי וויען.

און דער טאג פון דער ענטשיידונג איז געקומען. פופצעהן טויזענד מענשען זענען צוזאמענגעקומען אויפ'ן גרויסען שפארט-פלאץ אין פראטער; א המון, וואס דער פלאץ האט איהם צום ערשטען מאל ביי אזא געלעגענהייט געהאט בייזאמען; מענשען פון אלע קרייזען פון דער וויענער אידישער און נישט-אידישער געזעלשאפט, פארטרעטער פון ברודער-חברות אין וויען, פעסט און גראז, פארטרעטער פון'ם שטאט'ס אמט, מיניסטעריום פאר פאלקסגעזונדהייט, רעפארטערס פון אלע גרויסע פאליטישע און שפארט-צייטונגען, די אנגעזעהנסטע פיהרענדע שפארט-פערזענליכקייטען א. ז. וו. אלע, אלע זענען זיי צוזאמענגעקומען זיך צוקוקען צו דער „מלחמה בשלום" צווישען „הכוח" און „גערמאניא" און מיט קלאפענדיגע הערצער אפגעווארט דעם סוף פון אט דעם אזוי אינטערעסאנט געמאכטען און אינטערעסאנט געווארענעם ווערט-קאמפף.

און דער סוף איז געווען א גלענצענדער נצחון פון „הכוח" איבער „גערמאניא"! א נצחון, נישט, ווי די אנטיסעמיטישע פרעסע האט על קודם א נאמען געגעבען, פון „אידען אקעגען דייטשען", ניין, דאס האבען אונזערע קיינמאל נישט געזאגט און קיינמאל נישט פערלאנגט, נאר א נצחון פון דער אידישער געשיקטליכקייט פון אידישער מוח און כוח-ארבייט, וועלכע מיר מוזען תמיד האבען אין א סך א גרעסערער מאס, ווי אנדערע — כדי מיר זאלען בעהאנדעלט ווערען אלס גלייכווערטיגע, אלס עבענבירטיגע, אלס מענשליכע מענשען.

זעלבסטפארשטענדליך, אז אזא פארקומעניש, וואס איז געשעהען בפני קהל ועדה קען נישט ווערען פארשוויגען, אזוי ווי די וויענער צייטונגען זענען זיך נוהג ביי ענינים, וואס זענען נוגע אונז אידען, ס'מעג אפילו זיין די וויכטיגסטע. דאס מאל האט אפילו דער מלאך רע געמוזט בעל-כרח'ן זאגען אמן. און אזוי האבען אויך אלע הינע צייטונגען ספעציעל די שטאדט צייטונגען געבראכט גרויסע אויספיהרליכע באריכטען איבער דעם ווערט-קאמף און זיין גלענצענד רעזולטאט פאר דעם אידישען שפארט-קלוב „הכוח".

איז עס בלויז א צופאל, וואס דער זיעג פון „הכוח" איבער „גערמאניא" איז אויסגעפאלען געווארען אינ'ם זונטאג פון דער חנוכה-וואך? אוודאי! ס'איז אבער דאך א גוטער סימטאם, א גוטער סימן, ווי מ'זאגט, אט דאס צופעליגע צוזאמענטרעפען. פאר דריטהאלבען טויזענט יאהר זענען געווען די גרויסע מלחמות צווישען אונז אידען און אונזערע איביגע שונאים, די יוונים. דער נצחון פון די מוטיגע מכבים אקעגען שטארקען שונא ווערט ביז היינט געפייערט אכט טאג דורכאנאנד בכל תפוצות ישראל. אויך וויען, ס'הייסט דאס אידישע וויען, קען מען זאגען, שטעהט אינ'ם צייכען פון די מכבי'ער פייערען. די ערשטע און אויך די גרעסטע מכבי'ער פייער איז פאראנשטאלטעט געווארען צום ערשטען חנוכה-אווענד.

פונ'ם ציוניסטישען לאנדעס קאמיטע אין די גרויסע לאקאלען פון „זאפיען-זאלען", כמעט דאס גרעסטע לאקאל אין גאנץ וויען. נאך מיט עטליכע טאג פאר'ן אבענד איז שוין קיין קארטען נישט געווען צו באקומען און מ'האט געמוזט אנווענדען גרויס פראטעקציע און דערצו נאך ספענדען פאר'ן נאציאנאל פאנד, איינער זאל דעם אנדערען אבגעבען א קארטע. און ס'איז קיין חדוש נים. מחמת אלס פעסטרעדנער ביי אט דער חנוכה-פייער איז אויפגעטרעטען אונזער ראבינער, הרב דר. צבי פרץ חיות. און הגם אונזער דאקטאר חיות רעדט עפענטליך ביי יעדער פאסענדער געלעגענהייט, אזוי אז חוץ זיינע דרשות אין טעמפעל און חוץ זיינע וויסענשאפטליכע פארטרעגע האבען די וויענער אידען א געלעגענהייט איהם צו הערען רעדען איטליכס מאל ביי איין אנאנדער עפענטליכער אידישער פערזאמלונג, דא איבער די פאגראמען, דארט איבער ארץ ישראל, דא איבער דעם מינאריטעטס-שוץ און דארט איבער די פאליטישע לאגע פון אידען בכלל וכדומה, קען זיך דאך דער עולם נישט אנזעטיגען און קוים ווערט מען געוואהר, אז הרב דר. חיות וועט רעדען, אזוי ציהעט עס דעם עולם ווי א מאגנאט און מ'לויפט קאפ אויף קאפ.

נאכ'ן ערשטען חנוכה אבענד, פעראנשטאלטעט פונ'ם ציוניסטישען לאנדעס-קאמיטע פאלגען ערשט א גאנצע רייהע פון ווייטערע אבענדען, וואס זענען פעראנשטאלטעט פון פערשיעדענע ציוניסטישע און נאציאנאל אידישע חברות און קערפערשאפטען. אינטערעסאנט איז אבער אז חוץ די חברות און קערפערשאפטען, וואס האבען איינגעטליך דארויף א „פריווילעג" איז דאס יאהר דאס פעראנשטאלטען פון מכבי'ער אבענדען געווארען א „געשעפט" אפילו פאר פריוואטע פער- [illegible] אזוי זעהען מיר אין אלע גאסען פלאקאטירט א חנוכה-אבענד פעראנשטאלטעט פון א בעקאנטען קאנצערט-ביורא, איינער ווידער איז פעראנשטאלטעט פון א קאפע-הויז.

און נאך עפיס באמערקען מיר דא צום ערשטען מאל, וואס מיר זענען עס ביז היינט גאר נישט געוואוינט און האבען עס ביז היינט נאך נישט געזעהן: א גרויס פאליטיש טאג-בלאט, די „וויענער מארגען צייטונג" ערשיינט דעם ערשטען חנוכה אלס חנוכה-פעסט נומער מיט פאסענדע ארטיקלען, געדיכטען וכדומה. מיר בעזיצען, אמת, אין וויען נישט ווייניג פון די אזוי גערופענע „יודענבלעטער", ארויסגעגעבען, רעדאקטירט און אויך געלעזען נאר פון אידען. אט אלע יענע בלעטער, פאר וועלכע מען מאכט געוועהנליך פעראנטווארטליך דעם כלל ישראל און וועלכע מ'ווארפט אונז פאר ביי א יעדער פאסענדיגער און נישט פאסענדיגער געלעגענהייט, זיי גיבען אויך ארויס גרויסע פעסט-אויסגאבען, אבער נאר לכבוד „וויהנאכטען", לכבוד „אסטערן" און לכבוד „פינגסטען", קיינמאל וועט זיך אבער דארט חס וחלילה נישט געפינען א זכר פון א אידישען יום טוב, ווי למשל פסח און שבועות, שוין גאר נישט צו רעדען פונ'ם אויסגעשפראכענעם נאציאנאלען יום טוב חנוכה. און דערפאר איז עס פאר יעדען אידישען אידען א גרויסע פערגניגען, דערפאר איז עס פאר יעדען נאציאנאלען אידען א תענוג צו זעהן, אז אויך אונזער שעה האט געשלאגען און על כל פנים איין בלאט געפינט זיך, וואס איז נישט מעהר אזוי „שעמעוודיג", אזוי צודריקנעצווינגען ווי זיינע אנדערע חברים, איין בלאט וואס איז אלס פאליטישע טאג-צייטונג נישט ווייניגער בעדייטענד פון די אנהערע.

*) ה' לייבל טובש איז איינער פון די אנגעזעהנסטע אידען אין עסטרייך, א גרויסער רעדנער, באוואוסטער כלל-טוער, א ציוניסטען-פיהרער, וועלכער האט אנטייל גענומען כמעט אין אלע ציוניסטישע קאנגרעסען. דורך דעם א. א. פ. ב. איז אונז געלונגען איהם צו באקומען אלס שטענדיגען וויענער קארעספאנדענט. — די רעד.

## אלץ הייסט וויגארע

מרס. זשאמע — האט אייער טאכטער, הייסט עס חתונה געהאט פאר א דאקטאר?

מרס. ליאמע — יא, און איך בין אזוי צופריעדען!

מרס. זשאמע — וואס איז?

מרס. ליאמע — וואס רעדט איהר? אזא וויגארע! איצט וועל איך דאך קענען קרענקע זאמיסט.

# מאָרגענטױ'ס באַריכט װעגען די פּאָגראָמען אין פּױלען

פאָרטזעצונג

**7. טשענסטאָכאָװ, 26־טער מאַי, 1919.**

דעם 27טען מאַי, 1919, האָט אַ שאָס פון אַן אומבעקאַנטער פּערזאָן לײכט פאַרװאונדעט אַ פּױלישען סאָלדאַט אין טשענסטאָכאָװ, אַ קלאַנג האָט זיך פאַרשפּרײט, אַז דער שאָס שטאַמט פון די אידען און שטאַרט האָבען אױסגעבראָכען ראַיאָטען, אין װעלכע פּױלישע סאָלדאַטען און ציװילע בירגער האָבען זיך באַטײליגט. װעהרענד דיזע ראַיאָטען זענען פינף אידען — צװישען װעלכע עס האָט זיך געפונען אַ דאָקטאָר, װעלכער האָט זיך געאײלט צו ברענגען הילף צו אײנעם פון די פאַרװאונדעטע, — דערשלאָגען געװאָרען צום טױט, און אַ גרױסע צאָהל זענען פאַרװאונדעט געװאָרען. פראַנצױזישע אָפיסערס, װעלכע האָבען זיך געפונען אין טשענסטאָכאָװ, האָבען זיך אַקטיװ באַטײליגט אין אָפּשטעלען װײטערע מערדערײען.

**8. מינסק, 8טער אױגוסט, 1919.**

דעם 8טען אױגוסט, 1919 האָבען די פּױלישע טרופּען צוגענומען די שטאָדט מינסק פון די באָלשעװיקעס. אַרום 10 אין דער פריה האָבען די פּױלישע טרופּען אַרײנמאַרשירט אין שטאָדט און אַרום 12 אַזײגער איז די שטאָדט שױן געװען אין זײער אַבסאָלוטער קאָנטראָל. ניט קוקענדיג דאַרױף װאָס אין מינסק האָבען זיך געפונען גענעראַל דזשאַדװין און אַנדערע מיטגליעדער פון דיזער קאָמיסיע און טראָץ די פאַראָרדנונגען פון פּױלישען קאָמאַנדירענדען גענעראַל, װאָס האָבען פאַרבאָטען גװאַלדטאַטען געגען ציװילע בירגער, זענען אײן און דרײסיג אידען דער"הרג"עט געװאָרען פון די סאָלדאַטען. בלױז אײנעם פון זײ קען מען אױף װעלכען עס איז אױפען פאַרבינדען מיט דער באָלשעװיסטישער רעגירונג, אַכצעהן פון די קרבנות זענען ערמאָרדעט געװאָרען לױט אַ פאָראױס־אױסגעאַרבײטען פּלאַן; צװײ פון די מערדערײען זענען באַגאַנגען געװאָרען אין פאַרבינדונג מיט רױבערײען, די איבעריגע אָבער זענען, לױט אַלע װאַרשײנליכקײטען, דער"הרג"עט געװאָרען בלױז דערפאַר, װײל זײ זענען אידען. נאָכמיטאָג און אין אָבענד פון 8טען אױגוסט האָבען פּױלישע סאָלדאַטען מיט דער הילף פון ציװילע בירגער אױסגעראַבירט 377 געשעפטען, װאָס האָבען אַלע באַלאַנגט צו אידען. עס מוז אָבער באַמערקט װערען, אַז אַרום 90 פּראָצענט פון די מינסקער קראָמען באַלאַנגען צו אידען. קײן ערנסטער פאַרזוך איז ניט געמאַכט געװאָרען אָפּצושטעלען די רױבערײען, ביז דעם קאָמענדאַנט אין דערפריה, װען ריכטיגע אָפיסער־פּאַטרולען זענען געשיקט געװאָרען אין די גאַסען און אָרדנונג איז אײנגעשטעלט געװאָרען. די פּריװאַטע הײזער פון פיעלע אידען זענען אױך איבערפאַלען געװאָרען פון סאָלדאַטען, װעלכע האָבען אַלעמען געשלאָגען און באַראַבעװעט. די פּױלישע רעגירונג האָט באַהױפּטעט, אַז פיער פּױלישע סאָלדאַטען זענען דער"הרג"עט געװאָרען, װען זײ האָבען געמאַכט אַ פאַרזוך צו סטאָפּען די רױבערײען. עס איז אױך דער קאָמיסיע באַהױפּטעט געװאָרען, אַז מאַנכע פון די ראַיאָטערס זענען הינגעריכטעט געװאָרען.

9. דאָ און דאָרט זענען פאָרגעקומען אײנצעלנע פאַלען פון מערדערײען, װעלכע זענען ניט אַרײנגערעכענט געװאָרען אין די פריהערדיגע פּאַראַגראַפען. עס איז ניט באַטראַכט געװאָרען פאַר נױטיג זײ אױספיהרליך צו באַשרײבען װײל זײ שטעלען מיט זיך ניט פאָר עטװאָס כאַראַקטעריסטישעס װאָס איז שױן אין די פריהערדערמאָהנטע הױפּט־עקסצעסען ניט באַאָבאַכטעט געװאָרען. באַטראַכטענדיג דיזע עקסצעסען אַלס גאַנצעס דאַרף מען אין זינען האָבען, אַז פון די אַכט שטעדט און שטעטלאַך, אין װעלכע זעהר גרױסע אומאָרדנונגען זענען פאָרגעקומען, זענען בלױז קיעלץ און טשענסטאָכאָװ, װאָס געפינען זיך אין די גרענעצען פון קאָנגרעס־פּױלען. אין קיעלץ און אין קאָלבוסאָװאַ זענען די עקסצעסען באַגאַנגען געװאָרען פון ציװילע בירגער און פון פּױערים. אין טשענסטאָכאָװ האָבען ציװילע בירגער און סאָלדאַטען זיך באַטײליגט אין די אומרוהען. אין מינסק זענען די עקסצעסען געװען הױפּטזעכליך די שולד פון אײן אָפיסער, אין לעמבערג, לידאַ, װילנאַ און מינסק זענען די עקסצעסען באַגאַנגען געװאָרען פון סאָלדאַטען, װעלכע האָבען די שטעדט אײנגענומען און ניט פון דער ציװילער באַפעלקערונג. אין די לעצטע דרײ שטעדט איז דאָס אַנטיסעמיטישע פאָראורטײל פון די סאָלדאַטען אַנגעצונדען געװאָרען פון דער באַשולדיגונג, אַז די אידען זענען באָלשעװיקעס, װעהרענד אין לעמבערג איז די שנאה צו די אידען פאַרשטאַרקט געװאָרען דורך דער באַשולדיגונג אַז די אידען זענען געגאַנגען האַנד אין האַנד מיט די אוקראַינער. דיזע עקסצעסען זענען דערפאַר געװען, לױט זײער כאַראַקטער, פּאָליטיש מעהר װי אַנטיסעמיטיש.

די פאַראַנטװאָרטליכקײט פאַר די ראַזינגע עקסצעסען ליגט אין גרעסטען טײל אױף די ניט־דיסציפּלינירטע און שלעכט באַזאָרגטע פּױלישע רעקרוטען, װעלכע זענען ניט קאָנטראָלירט געװאָרען פון זײערע אומגעאיבטע און זעהר אָפט שרעקיגע אָפיצערען, און האָבען געזוכט צו פּראָפיטירען אױפ"ן חשבון פון דעם טײל פון דער באַפעלקערונג װעלכע זײ האַלטען פאַר פרעמד און פײנדליך צו דער פּױלישער נאַציאָנאַליטעט און שטרעבונגען. עס איז באַקאַנט, אַז די אײנפיהרונג פון דיסציפּלין אין אַ נײער און ניט־געאיבטער אַרמעע איז אַ זאַך פון עקסטרעמער שװעריגקײט. פון דער צװײטער זײט באַװײזט דער שנעלער סוף פון די אומרוהען אין לעמבערג נאָכדעם, װי עס זענען אָנגענומען געװאָרען די געהעריגע מיטלען פון קאָנטראָל, אַז אַ שטאַרקער באַשלוס צו ברענגען אָרדנונג און פעסטער געברױך פון רעפּרעסיװע מיטלען, קען פאַרמײדען, אָדער װעניגסטענס, פאַרקלענערען אַזעלכע עקסצעסען. מען דאַרף דעריבער גלױבען, אַז אַ שטרענגערע געאײניגטע פּאָליטיק און אַ ברײטערע פאַרעפענטליכונג פון די מיליטערישע און געריכטס־הינריכטונגען װאָלט פאַרקלענערט די עקסצעסען, ענטמוטיגט די גונג צװישען די סאָלדאַטען, אַז מען קען אומבאַשטראָפטהײד באַגעהן רױבערײ און פאַרברעכענס.

10. פּונקט אַזױ װי דאָס גאַנצע אידישע פאָלק קען ניט באַשולדיגט װערען פאַר טאַטען פון עטליכע פון זײערע אומװיסענדע גלױבענס גענאָסען, פּונקט אַזױ װאָלט ניט געװען ריכטיג, װען מען זאָל דאָס גאַנצע פּױלישע פאָלק באַשולדיגען פאַר גװאַלדטאַטען װאָס זײנען באַגאַנגען געװאָרען פון אונקאָנטראָלירטע סאָלדאַטען און געװיסע מאָבס. אָט די אַלע גװאַלדטאַטען זײנען גאַנץ װאָהרשײנליך געװען אונאָרגאַניזירט װאָרים װען זײ װאָלטען געװען געפּלאַנעװעט פון פריהער, װאָלטען די טױטע געװען טױזענדער אַנשטאָט די 280. מען גלױבט, דאָס די פּאָגראָמען זײנען געקומען אַלס רעזולטאַט פון פּאַנאַנדערגעשפּרײטע אַנטיסעמיטישע פאָראורטײלע, דאָס די אידישע באַפעלקערונג איז פּאָליטיש פײנדליך צו דער פּױלישער רעגירונג. װען די פּױלישע גרענעצען װעלען באַשטימט װערען, און װען די אינערליכע לאַגע װעט זיך אײנשטעלען, װעט די פּױלישע רעגירונג געװיס קענען באַשיצען אַלע קלאַסען. אַזױ װי די פּױלישע רעפּובליק האָט אונטערגעשריבען די טריטי, װעלכע פאַרזיכערט די [illegible] פון ראַסען און גלױבענס מינאָריטעטען, קען עס געװיס ערװאַרטעט װערען, דאָס די רעגירונג װעט פולהאַרציג אױף זיך נעהמען די פאַראַנטװאָרטליכקײט ניט נור פון פאַרהיטען אַלע איהרע קלאַסען ביגער פון װעלכע עס איז אַנגרײפען, אָבער אױך צו זעהן ענטװיקלען די מאַסען און זײ אױסבילדען אױף אַזױ װײט, דאָס אַזעלכע זאַכען זאָלען מעהר ניט פאָרקומען.

11. אױסער די פּאָגראָמען, זײנען אױך באַריכטעט געװאָרען צו דער קאָמיסיע פיעל אַנדערע סאָרטען פון פערפאָלגונגען. צום בײשפּיעל, אין כמעט יעדע פּױלישע שטאָדט און שטעדטעל האָבען סאָלדאַטען אָפּגעשטעלט אידען און האָבען אָדער אָפּגעשאָרען אָדער אױסגעריסען זײערע בערד, אַזױ װי פרומע אידען באַטראַכטען דאָס אָרונטערנעהמען פון זײערע בערד אַלס אַן עבירה, האָט אָט די פאָרם פון פאַרפאָלגונג אַ ספּעציעל פײנליכען אױסדרוק פאַר זײ. אַלס אַ רעזולטאַט דערפון האָבען פיעל אין גאַנצען מורא אַרומצופאָהרען, דער רעזולטאַט פון אָט די אַלע קלענערע פאַרפאָלגונגען איז צו האַלטען די אידישע באַפעלקערונג אין אײן מורא און ציטערען פאַר גרעסערע פאַרפאָלגונגען װאָס קענען װידער קומען.

(סוף אין נעקסטען נומער).

## ער און דער בױם

(אַ מיניאַטור)

פון ב. י. גאָלדשטײן

לעבען בױם איז ער געשטאַנען. און ס'איז ניט געװען קענטיג צי שפּאַרט ער זיך אָן אָן איהם, אָדער ער האַלט איהם אונטער.

געשטאַנען, און מיט אַן עקשנות די פּלײצעס געגלײכט.

אַ משוגעת־בליק האָט געפינקעלט אין זײנע אױגען און זײנע ליפּען האָבען געציטערט און זיך באַװעגט אין דער קרום װי בײ אַן אַלטען אָהן צײנערדיגען זקן.

אײן אַרבעל אַן אַראָפּגעפּליקטער, מיט אַ קױטיג פאַרפלעקט העמד; אָהן אַ היטעל, צעשױבערט און צעקראַצטעט.

ערגיץ אױף'ן לײב האָט ער געפיהלט נאַסע טראָפּענס אײנציגע האָבען־װי װאַרימע אַרבעסלעך זיך געקײקעלט דאָ אױף דער פּלײצע, דאָ פון אַן אַקסעל און שפּעטער האָט זיך איהם גאָר געדוכט, אַז דאָס װײקלען זיך בלוט טראָפּענס ערגיץ אױף'ן האַרצען...

לעבען בױם איז ער געשטאַנען און אַרױסגעקוקט צו'ן איהם מיט אַ חידוש־דיגען אױסדרוק: „אַ העלפט פון איהם ניט געבליבען".

די צװײגען אָפּגעבראָכען, אַנדערע אָפּגעשאָסען, די קאָרע אָפּגעשפּרונגען און צעשפּאַלטען.

אַ קלײן בערגעלע ציגעל ליעגט בײם זײט.

פון װאַנען האָבען זיך דאָ ציגעל גענומען?

ער רײסט זיך אָפּ פון אָרט, גיט זיך אַ קוק אַרום אין אַלע זײטען מיט אַן ערנסטער מינע: מען זעהט ניט קײנעם און מען הערט ניט קײנעם.

עס האָט אַ ביטערער שמײכעל אַ קאַרב געטאָן זײן צעשראָקען פּנים. די ברײט צאַנאַנדערגעריבענע, װילדע אױגען האָבען מיט אַ טעמפּען קאַלטען גלאַנץ זיך בעצױגען: — קײנעם זעהט מען ניט איבער דעם גאַנצען ברײטען פעלד, אָנגעװאָרפען מיט ציגעל, האַלבע װענט, װאָס זעהען אױס װי ברײטע, קורצע מצבות װאָס װאַקסען פון דער ערד אַרױס; גריבער זעט צעװאָרפענע אָנגעפילט מיט זאַמד...

אַלעס ליעגט בײ דר'ערד —

בלױז ער און דער בױם...

בײ איהם איז ערגיץ אַ װאונד.

אװדאי.

אַנדערש װאָלט בלוט ניט געטריפט.

נאָר װעה טוט איהם אין ערגיץ ניט.

דער קאָפּ נאָר איז, דאַכט זיך, הײס.

און װײלע־װײז גיט זיך אַ דרעה, אַ שװינדעל דאָס גאַנצע פעלד און ער מיט'ן בױם. דעמאָלט פאַלט ער האַרטער צו צו איהם און עס זעהט אױס װי צװײ האַלטען זיך פרײנדליך אַרומגענומען אין אַ װילדען־שטורם־װינט.

נאָר קײן װעהטאָג פיהלט ער ניט.

די אױגען בלױז קלעפּען זיך. נאָר ער'ט ניט שלאָפען. ער טאָר ניט. אָה, נײן, ער טאָר ניט אַנידערפאַלען אַצינד.

שעהן װאָלט געװען — לױפט איהם דורך אַ מחשבה — װען די זײניגע קומען אָן.

עס קען דאָך ניט זײן, אַז אַלע. זאָלען שױן טױט זײן; — אַז פון אַלעמען איז קײן שריד ופליט ניט געבליבען...

װעלען זײ שאָקלען מיט'ן קאָפּ — „אָט, עה אַ חורבן. אַפילו די ערד צעגראָבען און אױפגעריסען. אַלט און יונג, מאַן און פרױ — קײנעם ניט געשױנט... פאַר װאָס? קוק, זעה דעם צאָרן"...

און אפשר װעלען זײ זיך גאָר אַ כאַפּ טאָן: —

„זעה־נור. װי קומסטו פּלוצים אַהער? װאָס זשע, מאַכע אַנטלאָפען?"

װעט ער קוקען אױף זײ און שמײכלען.

נײן.

ער װעט צו צו אײנעם, איהם אַ כאַפּ טאָן פאַר'ן גאַרגעל, װעט איהם װי אַ רײף אױסבױגען און איהם אַזױ װילד און ברענענדיג אַ קוק טאָן אין די אױגען, אַז אַלע װעלען זיך דערשרעקען און װי דערשראָקענע פױגעל אין אַלע זײטען זיך צעלױפען.

דאָס װעט זײן פײן!

„משוגע" — װעלען זײ מורמלען אײנס צום אַנדערען און װעלען היטען זײן װערען ריהר.

װאָרום װשע קומען זײ ניט?

אפשר — — —

עס איז דאָך מעגליך: ער מיט'ן בױם. בײדע, אײן אײנציגע איבערבלײבענישען פון אַ ישוב... עס איז מעגליך.

עס ציהט איהם צו דר'ערד. אין מױל איז טרוקען און הײס. עס ציהט זיך אין מױל אַ הײטעל אַריבער.

אַ־נו, צי קען ער נאָך אַ װאָרט, אַ קלאַנג אַרױסגעבען: —

„ה־ע־ע־י!"

און אַ װידערקלאַנג האָט איהם דעם זעלבען „העעי!" צוריקגעבראַכט.

ער לאָזט זיך אַראָפּ נידעריגער און נידעריגער. די קניהעם בױגען זיך, בױגען זיך.

— נײן! דו װעסט האַלטען, צי ניט?

און ער קוקט צום בױם װי אױף אַ לעהר־אינגעל, װאָס האָט זיך פאַרגעסען אױף זײן אַרבײט.

זײן בליק װערט באַלד װײכער און דער קינבאַק ציטערט װי פון אַ שטאַרקען קלאַפּ.

ער באַטראַכט דעם בױם. ער דערמאָנט זיך אַקוראַטנע װיפיעל װײט, אין שטח, ער איז געשטאַנען פון שטיבעל. איז געװען באַהאַנגען מיט אַ באַרג מיט צװײגען. און איצט? — װי ער אַלײן, אַזױ איז אױך דער בױם — אױסגעמאָגערט אָפּגעשונדען, צעפּליקט און פאַר'יתום'ט. קױם װאָס די נשמה זשיפּעט אין איהם.

נשמה — — — בע... ניטאָ קײן נשמות.

אַ נשמה דאַרף זײן צאַרט, עמפּפינדליך און הײליג מיטפיהלענד.

ער און דער בױם האָבען בײדע הינטישע נשמות. ס'אַרט זײ קײן זאַך נישט אָט שטעהט ער, דער אָפּגעשונדענער בױם און זעהט אָן — עס אַרט איהם ניט.

און ער אַלײן — איהם אַרט אױך ניט: נײן, קײן זאַך אַרט איהם ניט. אַפילו נעכטען בײנאַכט װען ער האָט אױף אַלע פיער, װי אַ קראַנקע, ציטערדיגע חיה זיך פאַרטשקעװעט איבער די בלאָטיגע װעגען און האָט געהערט אַ קרעכץ. זיכער — אַן אײנענער געװען. אפשר באַדאַרפט איהם אַ װאונד פאַרבינדען... אפשר נאָר איבערלעגען: פון איהם אַ משא אַראָפּװאַרפען...

שאַ — אפשר איז עס אַ לעצטער קרעכץ פון אַ גוסס געװען, האַ?

— יאָ פאַרדומפּען, װי פון אונטער דער ערד אַרױס האָט דער קרעכץ זיך געריסען...

— און אפשר — — —

ער פאַרװאָרפט בײדע הענט אין זײנע צעשױבערטע האָר און גראַבעלט מיט אַ קאַנװאָלסיװער שנעלקײט איבער'ן שאַרבען...

— און אפשר האָט די ערד אַלײן געקרעכצט.

ער גלאָצט אױס די אױגען און קוקט אין דער װײטער װײטקײט אָהן שום אױסדרוק, װי ער װאָלט װאַרטען אױף אַן אונטערסאַנטער ערשײנונג אין דער לופטען. פּלוצים גיט ער זיך אַ כאַפּ אַן אונ'ם צעפּליקטען רעקיל: — און טאַטער האָט גאָר אַ באַגראָבענער געקרעכצט... דערפיהלט אַ װעהטאָג און געקרעכצט.

אָבער געאַרט האָט עס איהם ניט.

אַ רגע בלױז זיך אָפּגעשטעלט. דעם אָטהעם אײנגעהאַלטען און װײטער געקראָכען. װי אַ מיעדער װאָרעם אױף'ן בױך, מיט אַלע פיער געפּױזעט, געראַטשקעװעט זיך...

דער מענש, דער מאַיעסטעטיש שעהנער מענש, אין װעמעס קערפּער עס איז דאָ אַזױ פיעל שכל װיפיעל אין הימלישע מחות — דער מענש האָט װי אַ מיאוס'ער װאָרעם זיך געראַטשקעװעט, אַנטלאָפען.

און קרעכצט אימיצער — זאָל ער קרעכצען, זאָל ער אױסגעהן, זאָל ער אין די לעצטע אַגאָניעס פאַרשילטען זיך און זײן אין — טױט.

מוטער װאָס האָט איהם געבױרען.

װעמען אַרט עס?

זאָל אַלעס פאַרװיסט און אָפּגעװישט װערען פון דר'ערד, װי אין נח'ס צײטען.

קרעכצען — פוי.

דער בױם קרעכצט ניט.

דאָ איז שטיל, אַ מחיה.

מען הערט ניט דאָס האַװקען פון די ביקסען, דאָס בילען פון די צעטראַסקענע, די גװאַלדען פון די צעשאָסענע.

שאַ, שטיל...

דאָ איז איהם גוט. מען זעהט ניט קײן רױך, ניט קײן שטױב. אַ לױטערער הימעל.

שאַ...

ער לאָזט זיך אַראָפּ. פאַלט צו מיט'ן קאָפּ צו די אַרױסגעשטאַרטשעטע װאָרצלען — — — ער און דער בױם. שטיל...

The Weg

דער וועג

THE DETROIT JEWISH DAILY

די איינציגע אידישע טעגליכע צייטונג אין מישיגאן סטייט
ערשיינט יעדען פריהמארגען אויסער שבת, דורך דער
וועג פאבלישינג קאמפאני, אינקארפארייטעד

הויפט אפיס: 347-49 הייסטינגס סטריט, דעטראיט, מיש טעלעפאן: מעין 3715.

דעטראיט, 27טער יאנואר, 1920

# דאס ווירקליכע און דאס א יסגע־טראכטע לעבען

פון ב. י. ג—ן

ביי דעם אירישען נאוועליסט וויליאם קארלטאן, אין זיין ראמאן „דהי פראפעט" ווערט געשילדערט א פרויען־טיפ, וועמעס געליעבטער איז א געוועזענער מערדער.

דאס מיידעל איז א דערשלאגענע געווען, און עלענדע. זי האט תמיד זיך געפלאגט, אין אריםקייט און דחקות.

ווען איהר געליעבטער איז ארעסטירט געווארען, איז זי געווען זיכער אז ער איז אומשולדיג זי איז קראנק געלעגען און האט ביים פראצעס ניט געקענט אנוועזענד זיין.

ביי דעם קריינן פאהער האט זיך ארויסגעשטעלט אז דער געליעבטער איז דער מערדער. מען האט איהם אזוי פארפלאנטערט מיט די פראגען, אז ער האט זיך אליין מודה געווען און האט דעם גאנצען אמת דערצעהלט.

ווען די געליעבטע האט אויף איהר טויטענבעט דערהערט, אז איהר געליעבטער האט זיך מודה געווען אין מארד פארברעכען, האט זי איהם א בריוועלע געשריבען, אין וועלכען זי האט איהם גרזידעלט און געשאלטען — „וואלט איך אצינד אויף דעם טויטענבעט ניט געלעגען — שרייבט זי איהם — וואלט איך אליין געהאלפען דעם תליון ענגער פארציהען דעם שטריק אויף דיין האלז. דו ביסט דער ערגסטער מענש וואס איך האב ווען ס'איז אין מיין לעבען אנגעגעגענט: דו האסט מיך גענארט. דו ביסט א שורקע און א לומפ. האסט מיך פארנאַרט און איך האב די ליפען פון א מערדער געקושט.. נאר ווייל דו ביסט געווען דער ערשטער, וועלכער האט צו מיר אויסגערעדט די ווערטער „איך האב דיך ליעב", ווייל דו ביסט געווען דער ערשטער, צו וועמען איך האב זיך מיט ליעבשאפט געטוליעט און וועלכער האט צו מיר איינמאהל אזוי פיעל גוטע און שעהנע ווערטער גערעדט, דערפאר בין איך דיר אלצדינג מוחל און ווען איך זאל אצינד נישט ליעגען אויף דעם טוי־ בעט, וואלט איך אצינד געלאפיי צו דיר און וואלט דעם תליון מיין לייב פאר דיינעם אפגעגעבען: מיט מיין לעבען וואלט איך, דיין לעבען אויסגעלייזט פון די הענט פון דעם הענקער."

איך האב זיך וויליאם קארלטאן'ס ראמאן דערמאהנט אצינד, ווען איך האב אן עהנליכע דערצעהלונג, נישט אין ביכער, נישט אין אויסגעטראכטע ראמאנען, נאר פון לעבען געהערט דערצעהלען.

אין דער וועסט האט א פארמערס א זון דער'הרג'עט א מענשען. מען האט זיך פון דעם מערדער דערוואוסט און מען האט דעם יונגנמאן, אויף וועמען עס איז געפאלען דער חשד, ארעסטירט.

האט דער יונגער מערדער א געליעבטע געהאט.

ווען זי האט דערהערט, אז מען האט איהר ציקונפטיגען חתן ארעסטירט אויף דעם חשד פון מארד, האט זי געלאכט.

זי האט נישט געוויינט, זיך נישט מצער געווען.

„ער האט תמיד דעם אמת דערצעהלט; מיין חתן האט פון מיר קיין זאך נים פארליקעט. וואלט ער געווען א מענשען דער'הרג'עט וואלט איך די ערשטע דאס באדארפט וויסען. ער וואלט עס מיר צו ערשט געווען דערצעהלט. איך האב קיין זארג נישט. ער וועט באפרייט ווערען. דאס איינציגע איבער וועלכען איך בין זיך יא מצער, איז דאס וואס ער ליעגט אצינד, פארשפארט, אומזיסט און אומנישט, איבער א בלבול, אן אומגעלומפערטער חשד".

אין געריכט האט זיך ארויסגעשטעלט, אז עס איז טאקע, אין אמת'ן דער מערדער. ער האט טאקע גע'הרג'עט דעם ערמארדעטען, טאקע ביי איהם צוגענומען געלד און, טאקע דער געליעבטער נישט דערצעהלט..

ווען מען האט ביי איהם געוואלט אויסגעפינען די מאטיווען פון מארד, האט ער זיך צעוויינט, און געזאגט — אז ער האט איהם ערמארדעט אויס דעם מאטיוו פון ריוו. ער האט ביי דעם ערמארדעטען געזעהען געלד א סך און אזוי ווי ער איז ארים געווען, און אזוי ווי ער האט געוואלט חתונה האבען און די איינציגע מניעה איז געווען נאר דאס געלד, דערום האט ער זיך ענטשלאסען צו אזא בלוטיגען טאט.

נאכדעם איז געגאנגען א צעטעל פון איינצעלהייטען: ווי אזוי ערמארדעט, וואס האט ער געטאן נאכ'ן מארד, ווען עס איז פארגעקומען, וואו ער האט דאס געלד באהאלטען ובדומה אזעלכע איינצעלהייטען.

האט זיך ארויסגעשטעלט, אז דאס געלד האט ער באגראבען; נאכ'ן מארד איז ער צו דער כלה געקומען, מיט איהר פארבראכט און אפילו א שפאציער געמאכט מיט א פערד און וועגעלע איבען דארף.

דאס מיידעל, הערענדיג די ודוי פון איהר קינפטיגען חתן איז אין חלשות געפאלען, האט נאכדעם היסטעריקע באקומען, האט די האר פון קאפ געריסען און מיט קולי קולות געשריען, אז זי וועט זיך פארגיפטען, אז זי וועט זיך א מיתה אנטאן — „סקייטש איך האב געקושט א מערדער אין דעם אייגענעם טאג, ווען ער האט א מענשען דער'הרג'עט.

אין די אויערען האבען אבער איהר געקלינגען די ווערטער: „איך בין ארים געווען און דאס איז געווען די הינדערניס, דער אפהאלט פון דער חתונה". זי האט נישט נאר זיך נים פארגיפטעט, ווי זי קאט דעם ערשטען טאג געזאגט, נאר האט איהם נאך אין זיין צעל עסען און בלומען געבראכט. און ווען דער טויטע אויפזעהער האט איהר איין מאל פארזוירפע געמאכט למאי זי האט אזוי לייכט און גיך פארגעסען און מוחל געווען דעם מערדער, האט זי געענטפערט: — איהר זענט נים קיין פרוי. קיינמאל זענט איהר אפשר עלענד געווען. קיין מאל נים געליטען אפשר פון א בייזער שטיעף מאמען; איך האב אבער קיין מאל קיין גלעט, קיין גוט ווארט נים געהאט פון קיינעם. איהר ווייסט דערום נישט ווי טייער עס קען ווערען ביי אזא איינעם, א מענש וועלכער קומט מיט גוטע, ליעבע ווערטער און רעדט אזוי שעהן פון ליעבע און פון א ווייטער, שעהנער צוקונפט" — — — —

ווי עהנליך עס איז אפטמאל דאס אויסגעטראכטע לעבען, וואס עס מאהלען טאלאנטירטע שריפטשטעלער, צו דעם אמת'ן ווירקליכען לעבען, וואס מיר טרעפען אן אויף אונזער וועלטעל.

# נאך אקאפיטעל אידישע צרות אין אוקראינע

פון דר. משה רובן

# איינזאמע מענשען

(בלעטער פון א פאמיליען־בוך)

י. ל. מאלאמוט

פאר די אויערען, ווען דאס שטעלט אונזק אזוי פיעל פארערונגען ?

(סוף מארגען)

# היברו האספיטאל אסאסיאיישאן.

א ספעשעל מיטינג איז אפגעהאלטען געווארען דינסטאג דעם 20־טען יאנואר אין ליטאר לייסעאום, 62 ליווינגסטאן סט. עס איז פארגעקומען עלעקשאן פאר אפיסערס, און די פאלגענדע זיינען עלעקטעד געווארען:—

א. קאטצין, פרעזידענט, ס. טאמארין ערשטער וויס־פרעזידענט, דר. א. ע. בערענשטיין טרעזשורי, מר. ליפניק פינ. סעקרעטארי, ל. קאהען, רעק. סעק.

באָרד אוו דירעקטארס: ס. שאפירא, גאלדשטיין, פרידמאן, סמארינסקי, ראבערט גרינבלאט, מרס. פריינק, גרינבערג מ. קאטין, מרס. טאמארין, פ. עטינגער, מרס. דראפקין, ה. וועלט, טאקער, ראזען, סאקאלאוו, ג. קאהען.

ביי דיזען מיטינג איז געגעבען געווארען א וואוט אוו טיינקס צו די לידיעס עקזיליערי סאסייעטי פאר זייער גוטער ארבייט פאר דעם האספיטאל.

דער נעקסטער מיטינג וועט זיין דינסטאג אוונט דעם 27־טען יאנואר אין נוסח האדי שוהל, 268 אלפרעד ניער הייסטינגס, גוטע רעדנער וועלען אדרעסירען דעם מיטינג, אלע מעמבערס זיינען געבעטען אנוועזענד צו זיין.

———::——::———

# בריעף קאסטען.

מארים ווייגמאן — איהר מוזט קומען אין אפיס און דער מאן וועט אייך דאן זאגען זיין תשובה.

מ. סיימאן — 1) ראנג, 2) וועט אין די קומענדע נומערען פארעפענטליכט ווערען.

אסתר בעקערמאן — וועט פארעפענט ליכט ווערען.

נ. ל—ם — וועלען דאס איבערלייענען ביי א געלעגענהייט. עס איז מורא'דיג גרויס; צעצויגענע

בערגער — נאר נישט געאיילט. זאל בעסער איהם באנג טאן.

א לעזער פון ווינדזאר — שעהנעם דאנק אייך פאר אייער בריעוועל. זייט זיכער אז די צייטונג וועט יעצט נישט צוריקנעהן. מעהר צו גלויבין, אז זי וועט וואס אמאל אלץ מעהר אויסגעבעסערט ווערען.

בן צבי — 1) וועהט דעם פריהערדיגען ענטפער צום לעזער אין ווינדזאר, 2) עס לענט זיך אוים מיט א סך, נישט מיט קיין קעי.

The only Jewish Paper Printed in Michigan

# דער וועג

די איינציגע אידישע צייטונג געדרוקט אין מישיגאן סטייט

The Detroit Jewish Daily

Published Daily by DER WEG PUBLISHING CO.

347-49 HASTINGS STREET Telephone Main 3715

Published and distributed ... permit No. ... authorized by the Act of October 6, 1917, on file at the Post Office of Detroit, Michigan. By order of the President, A. S. Burleson, Postmaster General.

PRICE 2c. DETROIT, MICH., Wednesday, January 28th, 1920 Vol. 1, No 199 מיטוואך, 28טער יאנואר 1920




# אנטי-באלשעוויקעס אטאקירען אמעריקאנער ארמיי אין סיביר.

וואשינגטאן, יאנ. 27. די סענאט קאמיטע ריקאנישע מיליטערישע אפטיילונג לעבען ווערכני-אודינסק איז פלוצלינג, אהן איר גענד וועלכען מאטיוו, אטאקירט געווא-רען פון א באפאנצערטען וואגאן, וועלכער האט ... אלאנגט צו דעם אנטי באלשעוויק גענ. סעמיאנאוו. די אמעריקאנער האבען זיך פארטיידיגט און א שלאכט איז אויס-געבראכען. צוויי אמעריקאנער זענען גע-הרג'עט געווארען. זיי זענען קארל ראבינס פון לואיסוויל, טעני, און דזשאן מאנט-גאמערי פון ניורי, פא.; פון די קאזאקען יענען געפאלען 5. צווישען דער גענעראל יואס האט אנגעפיהרט דעם איבערפאל. דער באפאנצערטער וואגאן מיט 54 קא-זאקען צווישען זיי 6 אפיציערען זענען גע-פאנגען געווארען.

די געפאנגענע האבען אונטערגעשריבען א סטייטמענט, אין וועלכען זיי ערקלערען דאס זיי האבען אטאקירט די אמע-ריקאנער מיט'ן צוועק זיי צו באראבעווען, אין אז דער באפאנצערטער וואגאן האט פון 1טען יאנ. אן, זיך באשעפטיגט מיט מערדעריי. 40 מענער און דריי פרויען זענען געווען זיינע קרבנות פאר דיעזער צייט.

---

## פלו קראנקע פארגרעסערט; טויטענפעלע וועניגער אין דעטראיט

דר. הענרי פ. וואנהען, העלט קאמישא-נער אין זיין טעגליכען סטייטמענט וועגען דער אינפלוענציע עפידעמיע אין דעטרויט האט געכטען ערקלעהרט, אז מאנטאג זיי-נען אין באארד אוו העלטה געמעלדעט גע-ווארען 1197 ניע קייסעס פון אינפלוענציע און טראין דעם, זאגט דער דאקטאר, וואס די צאהל פון די קייסעס ווערט גרעסער פון רעסטווענען זיינען די טויטענפאלע פון דער קראנקהייט פראפארציאנעל קלענער ווי עס איז געווען צו ערווארטען.

לעצטען מאנטאג זיינען 14 מענשען געשטארבען פון אינפלוענציא, און 16 פון ניומאניא, פאר דער גאנצער וואך זייכען פארגעקומען 88 טויטענפעלע פון ביידע קראנקהייטען. אין דער פאר א יאהריגער עפידעמיע זיינען געשטארבען 123 אין דערזעלבער וואך.

פון מארגן אן וועלען אין אלע גרויסע טהעאטערע געצייגט ווערען דורך מאווינג פיקטשורס ווי אזוי זיך פארהיטען פון דער אינפלוענציע.

## מישיגאן ליבעראלען פלאנעווען אגיטאציאנס קאמפיין.

מר. ווארען סיבלי וועלט, דער פארזי-צענדער פון דער מישיגאן אבטילונג פון דער נאציאנאלער 48-ער קאמיטע, וועלכע האט אפגעהאלטען איהר קאנווענשאן אין סט. לואיס מיט א פאר מאנאטען צוריק, האט נעכטען אנאנסירט, אז די מישיגאן מיטגליעדער פון דער קאמיטע וועלען פר-מענדען מאנטאג אפהאלטען א קאנפערענץ אין האטעל פארט-שעלבי, אויף דער קאנ-פערענץ וועט פארהאנדעלט ווערען די ווע-גען און מיטלען ווי אנצופיהרען פראפא-גאנדע צווישען די איינוואוינער פון מיש-גען סטייט פאר די פרינציפען און אידעען פון דער קאמיטע.

די קאנפערענץ וועט ערעפענט ווערען 10:30 פאר מיטאג; די צווייטע זיצונג וועט פארקומען 2 אזייגער נאכמיטאג, און 8 אוהר אווענט וועט שטאטפינדען אן עפענטליכער מאסמיטינג אין עלקס-טעמ-פעל, לאפאיעט בולווארד און קעסס עוו. עלען מעק-קוירדי, דער נאציאנאלער סעק רעטאר פון דער קאמיטע וועט זיין דער הויפט רעדנער ביים מאסמיטינג.

די 48-ער קאמיטע האט שוין ארויסגע-שיקט צו אלע איהרע מיטגליעדער איבערן גאנצען לאנד די פאליטישע פלאטפארמע, וועלכע זי האט אנגענומען אויף איהר קאנ-ווענשאן אין סט. לואיס. די אנגענומענע פלאטפארמע אבער ווערט געזאגט, איז צייטוויילי"ג און די מיטגליעדער פון דער ליבעראלער פארטיי וועלען אויף דער קאנ-ווענשאן וועלכע וועט שטאטפינדען אנ-פאנג זומער, באשטימען, צי די אר-גאניזאציע זאל זיך ארגאניזירען אין א באזונדערע פאליטישע פארטיי, אדער זיך אנשליסען אן דער זאגענאנטער נאן-פאר-טיזאן ליגע און די נאר וואס געגרינדעטע לייבאר פארטיי, אדער אנטירען פאר פראגרעסיווע געזעצען דורך ... אלטע פארטייען.

## דעטראיט האט נאך אלץ ניט קיין קוילען.

700 קארס קוילען פאר דעטראיט, וועלכע האבען פארבלאנדזשעט אין טא-לירא זענען, ניט קוקענדיג אויף די פאר-שפרעכונגען פון די אייזענבאן-בעאמטע, נאך אלץ ניט אנגעקומען אהער.

## יונגע פרוי געפונען טויט אין א האטעל

מרס. מאוד סקאטט ריטשארדס, 30 יאהר אלט פון גרענד רעפידס, מיש. איז נעכטען אין דער פריה געפונען געווארען טויט אין איהר רום איז א ראון טאונער האטעל, מיט א ליידיגע פלעשעל אין האנד. קאראנער דר. מארגאן פארקער ער-קלעהרט, אז די פרוי איז שוין טויט פון דריי טעג.

צו די פרוי איז באגאנגען זעלבסט-מארד אדער ערמארדעט געווארען קען די פאליציי נאך פארלויפיג ניט זאגען באַ-שטימט. עס איז דא א גוטע אורזאכע צו גלויבען, אז זי האט זיך גענומען דאס לע-בען טרינקענדיג סם פון דער פלעשעל, וועלכע די פאליציי האט געפונען אין איהר האנד. אויסער דעם, אויף'ן פלאר אין איהר רום האט די פאליציי געפונען פאר-נאנדערגעווארפען צעהנדליגע ליידיגע פלעשער, גלעזער, קליידער, בעט-געוואנט און בריעף. די שופלאדען פון די קאמאדען זיינען געווען אויפגעריסען — דאס אלעס צייגט אז זי איז משוגע געווארען איידער זי איז געשטארבען דורך זעלבסט מארד.

דאגעגען אבער האבען די דעטעקטיווס ענטדעקט געוויסע סמנים, לויט וועלכע עס צייגט זיך ארוים, אז מרס. ריטשארדס האט אנגעפיהרט א הערואישען קאמפף מיט אן אנגרייפער. איהרע הענד זיינען געווען באשפריצט מיט בלוט און באַ-שפרינקעלט איהר נאכט קלייד. איהרע אקסלען און באקען זיינען געווען בארעקט מיט וואונדען. און צווישע די בריעף וואס זיינען געווען פארנאנדערגעווארפען אויף דער פלאר, האט מען געפונען א קורצען בריעף מיט פארגענדען אינאהלט:

"ווען איך וועל קומען קיין דעטראיט, וועל איך אריין צו דיר אין צימער, אפילו ווען איך וועל מוזען אויפברעכען די טיר." דער בריעף איז געווען אונטערגעשריבען "א. ע. ד."

דיעזער קורצער בריעף גיט דער פא-ליציי א גענינענדע אורזאכע צו גלויבען, אז די פרוי איז ערמארדעט געווארען.

פון די אנדערע בריעף וואס מען האט געפונען אין איהר טראנק, האט די פאלי-ציי ערפאהרען, אז זי האט געוואוינט מיט איהרע א שוועסטער אין גרענד רעפידס, און אז זי איז געווען באשעפטיגט ביי א פירמא אין וואקעשא, וויסקאנסין.

## בית יתומים באדאנקט די מנדבים

דער בית יתומים פארעפענטליכט איצט די סומען געלט וואס זיינען אריינגעקומען אין פארלויף פון דעם חנוכת הבית.

פון 10 יאנ. ביז'ן 19-טען ה.מ. זענען אריינגעקומען קעש אויף א סומע פון $9,862.54.

הבטחות און חובות זענען דא אויף א סומע פון $5,118.50.

די פארוואלטונג פון בית יתומים באַ-דאנקט פון טיפען הארצען די אלע אידען וואס האבען זיך אזו ווארם אפגערופען אויף דער נויט פון די אונגליקליכע אידי-שע יתומים.

## גרוליכע פיראמידע פון 95 אידישע קעפ

(ספעציעל צום „וועג")

לאנדאן, יאנ. 27. דא זענען היינט ער-האלטען געווארען ידיעות פון א גרויליכער געשעהעניש, וואס ס'האט פאסירט דעם 11-טען יאנ. אין דעם שטעדטעל סלאוועסני, וואלין, דאס מענשליכע הארץ מוז פאר-שטיינערט ווערען לייענדיג דיעזע גע-שיכטע.

אין יענע טעג האט פעטלורא פארלאזט דאס דאזיגע שטעדטעל פאר זיין אוועק-געהן, האט ער אויסקוילעט 95 אידען — צווישען זיי דעם רב קאפלאן — אפגע-האקט די קעפ פון די טויטע און אויפ'ן מארק אויפגעשטעלט א שרעק-אויפוואר-פענדע פיראמידע פון 95 אידישע קעפ.

## יעליסאוועטגראד אין די הענט פון באלשעוויקעס.

לאנדאן, יאנ. 27. א דראטלאזע דע-פעשע פון מאסקווע מעלדעט, דאס די סא-וועטען ארמיי האט פארנומען יעליסאוועט-גראד און אז זי יאגט נאך דעם שונא אין דער מערב"ישער ריכטונג.

די ענגלישע רעגיערונג האט ניט ערהאל-טען קיין באשטעטיגונג פון דער ידיעה אז די באלשעוויסטישע קאוואלעריע איז אריינגעדרונגען אין אינדיען און פערסיען.

## 3,000 קאמוניסטען ווערען ארויסגעשיקט פון לאנד

וואשינגטאן, יאנ. 27. — מר. דזשיי ר. הואווער, אסיסטענט פון אטארני דזשע-נעראל פאלמער, וועלכער גיט זיך אב מיט'ן פארפאלגען די ניט נאטוראליזירטע מיטגליעדער פון דער קאמוניסטישער פאר-טיי, האט ערקלעהרט, אז 3 טויזענד פון 3,600 פארהאלטענע קאמוניסטען אין עלים איילאנד זיינען „פאלקאמענע קייסעס" פאר דעפארטירען, און זיי וועלען ארויסגעשיקט ווערען פון לאנד, אזוי שנעל ווי די רעגיערונג וועט האבען אנגעגרייט שיפען צו פיהרען זיי קיין סאוויעט רוס-לאנד.

די קייסעס זיינען „פאלקאם" דערפאר ערקלעהרט מר. הואווער, ווייל די אגענ-טען פון דער פעדעראלער רעגיערונג דאר-פען בלויז צייגען דעם דעפארטמענט, אז דזשאסטים א מעמבערשיפ קארד פון דער קאמוניסטישער פארטיי. אלס באווייז גע-גען אן ארעסטירטען „רויטען" און ער איז „פארטיג" פאר ארויסגעשיקט צו ווערען פון לאנד.

## דייטשען בעטען „עלייעס" ניט צו משפט-ען מלחמה-פאר-ברעכער.

פאריז, יאנ. 27. די דייטשע רעגיערונג האט היינט צונעשיקט א נאטע צום שלום-קאנפערענץ, אין וועלכער זי בעט וויעדער, דאס די אליאירטע זאלען אויפגעבען זייער פלאן וועגען משפט"ען די דייטשע מילי-טערישע פארשטעהער, פאר זייער באגעהן פארברעכענס אונטער דרוק פון מיליטע-רישע נויטווענדיגקייטען.

## אונגארן וועט דעם שלום-אפמאך ניט אונטערשרייבען

לאנדאן, יאנ. 27. — גראף א. אפאני, דער הויפט פון דער אונגארישער דעלע-גאציע צו אונטערהאנדלען שלום מיט די אליאירטע, וועט די צווייטע וואך אנקו-מען אין פאריז וואו ער וועט איבערגעבען דער שלום קאנפערענץ דעם באשלוס פון דער רעגיערונג ניט אונטערצושרייבען דעם שלום-אפמאך, לויט זיין איצטיגער פארם.

## 400 דעטראיטער ראדיקאלען וועלען דעפארטירט ווערען.

ווי מר. בארקליי, הויפט אגענט פון יוס-טיץ דעפארטמענט, גיט איבער, וועלען אינגיכען אלע 400 ארעסטירטע ראדיקאלען דעפארטירט ווערען. ער האט ערהאלטען א באשלוס פון וואשינגטאן, דאס אלע פרעמדע וועלכע האבען באלאנגט צו דער קאמוניסטישער פארטיי זאלען אומבא-דינגט ארויסגעשיקט ווערען פון לאנד.

ווי דר. פרענטים אימיגראציע-אינספעק-טאר גיט איבער, וועלען די היגע ארעסטיר-טע „רויטע" ווערען אריבערגעשיקט קיין עלים-איילאנד אין פארלויף פון די קומענדע צוויי וואכען. פון דארטען וועלען זיי גע-שיקט ווערען אין סאוועטען רוסלאנד.

דער פארהער פון אלע ארעסטירטע איז שוין פארענדיגט.

## סענאט פאר סאלדאט-שולע אין שולען

וואשינגטאן, יאנ. 27. די סענאט קאמיטע פאר מיליטערישע אנגעלעגענהייטען האט נעכטען מיט א מאיאריטעט פון 9 שטימען געגען 4 גוטגעהייסען דעם ביל וועלכער שרייבט פאר, אז יעדער סקוהל באי אין עלטער פון 18 ביז 21 יאהר זאל געצוואונ-גען ווערען זיך צו לערנען מיליטערישע איבונגען אמוויניגסטען פיער מאנאטען א יאהר. נאך דער לעהרע, לויטעט דער ביל וועט דער סטודענט פאררעכענט ווע-רען אין רעזערוו (זאפאס). אין דעם ביל ווערט אויך אויסדריקליך געזאגט, אז אין קיין פאל וועט דער זאפאסנער ניט קענען גערופען ווערען צו מיליטער אויסער אין צייט פון קריעג.

די פראפעסאר און דיפארטיידיגער פון דעם פארגעשלאגענעם סאלדאט-שינא-גע-זעץ, האבען אין דעם ביל ארייננעשטעלט א פונקט, אז דער קריעג דעפארטמענט זאל פארקלענערען די עקזיסטירענדע אר-מעע יעדען יאהר, אויף פינף פראצענט, אזוי, אז פינף יאהר שפעטער וועט אמע-ריקא האבען אן ארמעע פון 280 טויזענד פרייוויליגע סאלדאטען און 18 טויזענד אפיציערען.

די פיער סענאטארען פון דער מיליטערי-שער קאמיטע וועלכע האבען געשטימט געגען דעם ביל, האבען ערקלעהרט, אז זיי וועלען אנפיהרען א קאמף אין סענאט גע-גען די איינפיהרונג פון מיליטאריזם אין די סקוהלס.

## $55 געזאמעלט פאר די מלחמה קרבנות.

מר. מעקס טעקסי, 690 קעמעראן עוו. האט נעכטען געבראכט אין „וועג" א טשעק אויף 55 דאלער פאר די אידישע מלחמה קרבנות. דאס געלט האט ער געזאמעלט דעם 11-טען יאנ. אינ'ם הויז פון מר. ד. קאהען, 272 הענדרי סט. וואו עס איז דאן פארגעקומען א צוזאמענקומונג פון פריינד און באקאנטע צוליעב מר. קאהן'ס זוהן'ס געבורטסטאג.

## קאלטשאק'ס מפלות, דערצעהלט פון אן ענגלישען קארעספאנדענט

לאנדאן, יאנ. 27 — דער קארעספאנ-דענט פון דער היגער „דיילי מייל" טע-לעגראפירט פון כארבין וועגען די לעצטע נידערלאגעס וואס קאלטשאקס ארמייען האבען געליטען אין זייער „קאמף" גע-גען די באלשעוויקעס. ער זאגט, דאס מען מוז זיין גוט באקאנט מיט דער איצטיגער סיטואציע אין סיביר, כדי צו פארשטעהן ריכטיג די פאלשטענדיגע מפלה, וואס קאלטשאק האט ערליטען לעבען אמסק. פון קאלטשאק'ס אפטרעטען פון אוראל אן, האבען די באלשעוויקעס ניט באגע-געגנט קיין שום ווידערשטאנד.

„אלע געשיכטעס וועגען ערנסטע שלאכטען — דערצעהלט דער קארעספאנ-דענט — זענען חלומות. אט האבען 40 טויזענד אנטי באלשעוויסטישע סאלדא-טען לעבען אמסק זיך אונטערגעגעבען פרייוויליג. פיעל ווערטפאלע מאטעריאלען זענען דאן אריינגעפאלען צו די באלשע-וויקעס אין די הענט, כמעט די גאנצע הילף און אמוניציע וואס ענגלאנד האט געשיקט צו קאלטשאק'ן האבען די סא-וועטען ארמייען דארט פארכאפט.

פון פריהלינג אן, איז די גאנצע מילי-טערישע ארגאניזאציע פון קאלטשאקס ארמיי געווען שוואך. דער מיליטערישער הויפט שטאב איז געווען ניט קאמפע-טענט און זיינע אויפגאבען. די ארמיי איז געווען אונצופריעדען צוליעב דער אכזר'-ישער דיסציפלין, דעם מאנגעל אין שפייז און דער חוצפה'דיגער האלטונג פון די אפיציערען".

## גענ. דעניקין מיט'ן שטאב אויף ענגלישער שיף (?)

פאריז, יאנ. 27. — לויט א דעפעשע צו דער „עקא דע פאריז" איז דעניקין מיט זיין שטאב אנטלאפען און זיי געפינען זיך איצט אויף אן ענגלישער שיף.

## אליאירטע קאנסולען פארלא-זען אדעס.

זשענעווא, יאנ. 27. — די רומענישע פרעס ביורא מעלדעט, דאס די פארשטע-הער פון די אליאירטע לענדער האבען פארלאזט אדעס און אפגעפאהרען קיין טרעזיבאנד. זיי האבען פיעל שיפען מיט שפייז דערטראנקען אינ'ם פארט.

די זעלבע דעפעש בארוכטעט, דאס א רויטע ארמיי פון 20 טויזענד סאלדאטען מיט פיעל לופט שיפען און טאנקס, פאררנר מען פון די ענגלישע סאלדאטען, געפינט זיך נאהענט לעבען אדעס.

## אייזענבאהן אין ארץ ישראל אפגעקויפט פון ציוניסטען— סעמועלס אנגעקומען אין מצרים.

(ספעציעל צום "וועג")

לאנדאן, יאנ. 27. א באריכט איז דא ערהאלטען געווארען, דאס די פאלעסטינער ציוניסטישע ארגאניזאציע האט אפגע-קויפט די שמיק אייזענבאהן צווישען חיפה און לוד.

הערבערט סעמועלס איז אנגעקומען אין מצרים, פון וואנען ער פאהרט די טעג אפ קיין פאלעסטינא.

## אידישע קאלאניע חרוב.

(ספעציעל צום „וועג").

לאנדאן, יאנ. 26. אין דער קאלאניע מתולה, פאלעסטינא, זענען 108 אידישע איינוואוינער געבליבען היימלאז צוליעב א מלחמה וואס איז אויסגעבראכען צווי-שען די בעדואינער און דער קריסטליכער באפעלקערונג.

## ווינדזאר" אידען קלייבען קליי-דער פאר די פאגראמירטע.

די אידישע רעליעף קאמיטע פון ווינד-זאר, האט באשלאסען צונויפצוקלייבען אלטע בגדים וועלכע מען נוצט ניט פאר זיך, אויך שיך, וואס איז נאך מעגליך צו טראגען און דאס שיקען צו אונזערע אומגליקליכע שוועסטער און ברידער אין יוראפ, וועלכע ליידען הונגער און נויט. זיי ווענדען זיך ספעציעל צו די פרויען דאס זיי זאלען אוי גוט זיין און האבען אלעס אין איין באנדעל גרייט פאר זונ-טאג, דעם 1-טען פעברואר.

א קאמיטע וועט נעהן קאלעקטען די באגדלאך. פיליכט-פארפעהלען זיי צו קר-מען אין אימיצענס הויז, איז מען גע-בעטען צו טעלעפאנירען צום סעקרעטאר מר. ראגין, 1348, און ער וועט דאס שוין באזארגען.

מיט אכטונג,

די אידישע רעליעף קאמ. פון אר. רינג בר. 502 פון ווינדזאר.

## אין מארגעדיגען נומער „וועג".

אן ארטיקעל פון מ. זיידמאן וועגען דער איינבערופונג פונ"ם אידישען קאנג-רעס און וועגען די געגנער פון קאנגרעס פון קאנגרעס.

א געלונגענער פעליטאן אין גראמען פון דעם דיכטער און שריפטשטעלער עליאש מכח דער ארונטערגענומענער בלאקאדע.

אן אויספיהרליכע אפהאנדלונג איבער דער באריהמטער ענגלישער שריפטשטע-לערין דזשארדזש עליאט און איהר שייכות מיט דעם אידישען פאלק, געשריבען פון ב. י. גאלדשטיין, רעדאקטאר פון „וועג".

ווי זיך אויסצוהיטען פון דער „פלו"— איז א פאר פאקטען געשריבען פון דר. ב. דובאווסקי, וואס יעדער דארף וויסען

מאכט זיך א געוואוינהייט צו לייענען אלע טאג אונזער לעצטע פיידזש, וואו אוי-סער אן עדיטאריעל יעדען טאג געפינט איהר אויך פארשיעדענע וויצען, פעליטא-נען אדער הומארעסקעס.

# א מאנארכיסטישע פארשווערונג אין דייטשלאנד

## ערצבערגער פינאנץ מיניסטער פארוואונדעט.

בערלין, יאנ. 26. מאטיאס ערצבערגער, פינאנס-מיניסטער אין עבערט'ס-קאבינעט, איז היינט בייטאג פארוואונדעט געווארען פון א רעוואלווער - שאס.

הער ערצבערגער איז געווען אין קרימי-נעלען געריכט, וואו ס'קומט פאר די קלאַ-גע וואס ס'האט געגען איהם געמאכט דער אמאליגער וויצע-קאנצלער הער העלפעריך.

ווי נאר ער איז פון געריכט-צימער ארויס האט איינער אויף איהם אויסגעשא-סען.

ערצבערגער'ס וואונד איז, לויט דער ערקלעהרונג פון דאקטוירים, ניט קיין גע-פעהרליכע.

דער מערדער איז א סטודענט מיט'ן נאמען פאן הירשפעלד. דעם זעלבען טאג האט ער געשריבען א בריעף צו זיינע על-טערען, דאס „אויס פאטריאטישע מא-טיוון" וועט ער היינט שיסען אויף דעם פינאנץ מיניסטער.

בערלין, יאנ. 27. — אין פארלויף פון די לעצטע 12 שטונדען זענען אלע רעגיע-רונגס געביידעס ארומגערינגעלט מיט פיל מיליטער. מאשין-ביקסען זיינען אויסגע-שטעלט אין פיעלע גאסען. באריקאדען זע-נען געמאכט געווארען אין די גאסען וואס פיהרען צו דעם רייכסטאג. אלע קארס און אויטאמאבילען וואס זיינען פארביינעפאהרען לעבען דעם געגענד זענען פון מיליטער אפגעשטעלט און באזוכט געווארען.

א קלאנג האט זיך פארשפרייט, דאס די רעגירונג האט זיך דערוואוסט וועגען א מאנארכיסטישער פארשווערונג, וועלכע איז נעפלאנט געווארען אויף היינט, דעם געבורטסטאג פון ווילהעלמען. דאריבער האט עס נאסקע, דייטשלאנד'ס דיקטאטאר צו-נויפגעזאמעלט אזוי פיעל מיליטער אין בערלין.

די אפיציעלע פארשטעהער פון דער רעגירונג ערקלעהרען, דאס די פארטיי-היגונגס מיטלען זענען אנגענומען געווא-רען, ניט צוליעב דער געפאהר פון דער מאנארכיסטישער פארטיי, נאר צוליעב דעם אטענטאט אויף ערצבערגער'ן.

נעכטען האט מען געמעלדעט, דאס די מאנארכיסטען וועלען, אין זייער ערשטען ארויסטריט, איבערפאלען די ראדיקאלען און אונאבהענגיגע סאציאליסטען.

דער ענגלישער און איטאליענישער פארשטעהער זיינען געווען מיט א באזוך ביים פארוואונדעטען ערצבערגער'ן און איהם אויסגעדריקט, אינ'ם נאמען פון זייערע רעגירונגען, מיטגעפיהל.

## אידישע געלעהרטע פארזאמלען זיך אין באזעל.

ניו-יארק, יאנ. 26. פיעל אידישע גע-לעהרטע וועלען זיך אינגיכען צוזאמענקו-מען אין באזעל צו באטראכטען פלענער וועגען דעם געפלאנטען אוניווערסיטעט אין ירושלים.

צווישען די געלעהרטע וועלען זיין אנ-וועזענד דער בארימטער פראפעסאר אל-בערט איינשטיין, (א איד) פון בערלינער אוניווערסיטעט, וועלכער האט לעצטענס אויפגערודערט די וויסענשאפטליכע וועלט מיט זיין געגנערשאפט צו ניוטאנ'ס גע-זעצען פון גראוויטאציאן.

פראפעסאר געדעס, פון עדינבורגער אוניווערסיטעט, איז דער הויפט ארכיטעקט פון דער ירושלים"ער אוניווערסיטעט. ער רעכנעט דאס ער וועט נאך דיעזען נאר זיין אימשטאנד צו פארפערטיגען די געבידען פאר די כעמישע לאבאראטאריעס.

## פוילישע אידען מערדעריש גע-שלאגען אויף א רייזע קיין ווארשע.

(ספעציעל צום „וועג")

קאפענהאגען, יאנ. 27. די אידישע אינפ. ביורא מעלדעט, דאס די לעצטע צייט האבען די איבערפאלען אויף אידען פון דאס ניי אויפגעלעבט. אידען ווערען באפאלען אומעטום און זייער לאגע איז הילפסלאז. לעצטע וואך זענען אידען, וואס זענען גע-פאהרען אויפ"ן באהן קיין ווארשא, לעבען דער סטאנציע מישקאוו באפאלען געווא-רען פון די האלערטשיקעס און מערדעריש געשלאגען געווארען.

די טיפוס-עפידעמיע הערשט איצט אי-בער גאנץ פוילען; דערהויפט ליידען פון איהר די גאליציאנער אידען.

---

אויס מאנגעל אין פלאץ האט ניט געקענט אריין אין היינטיגען נומער ביידע ראמאנען.

# פעברוארי סטאק רעדוצירענדע רסייל

## אגענטען פאר קאלומביא גראפאנאלאס און רעקארדס

### וואלנוט ניין פיעס סוויט



דער בופעט איז 60 אינטשעס לאנג מיט א 54 אינטש טייבעל און א פראכט פולער טשיינע קעבינעט. די שערס האבען פראכטפאלע בלויע לעדערנע סיטס.

### דזשענואין וואלנוט



דאס איז זיכער דער שעהנסטער בעד רום סעט אוי האונזער פלאר. גרויסער דרעסער מיט א שווערע פלייט שפיגעל, א וואונדערבארע דרעסינג טייבעל, א טשיפערעט מי א מאסיווער באו ענד. פעברואר סייל פרייז — — — $387.50

### דזשענויין רעד סידאר טשעסט



אין גיכען וועט איהר שוין אוועקלעגען איבערן זומער אייערע פאר קאוטס. אבער מיט וואס זענט איהר זיכער, אז ווען איהר וועט יי דערנאך וויעדער אויספאקעווען וועלען זיי ניט זיין צופרעסען פון מויל? א קליינע אינוועסטמענט אין א סידאר טשעסט איז פונקט ווי אאינשורענס פאליסי אויף אייערע וועליואבעלס. דער סייל פרייז איז — $26.50

### סילק שייד פיאנא לאמפען.



כאטש זיי האבען זיך זעהר גוט אויספארקויפט אין יום טוב סעזאן, איז אונזער אויסוואהל דאך געוועזן אזוי גרויס, אז מיר קענען אייך מיט פארגעניגען נאך צו קלייבען א פאסענדען לאמפ מיט דעם ריכטיגען שייד. פעב. סייל $16.25

### א שווערער טעפעסטרי סוויט



א זעהר שעהנער סוויט, מיט ווייכע קושענס מי ספרינגס און ספרינג ארם־רעסט. דעוונפארט אפהאלסטעד אין שעהנעם גרין און ראוז טעפעסרי. פעברוארי סייל פרייז — — — — — — — — — $287.50

### שטאהלענע בעטען



דאס דאזיגע סימאנס בעט האט א שווערען קאנטינועס פאסט און 5 איין אינטשיגע פילערס, סייל פרייז בלויז — — — — — — — $16.75

### גרויסע סייז קריב



עס וועט נעהמען גאנץ לאנג ביז איהר וועט ווייטער האבען א געלעגענהייט צו קויפען איינעם פון די דאזיגע גרויסע סייזעס ווייסער ענאמעל קריבס מיט זייטען וואס לאזען זיך ארונטער און מיט א שטארקער ספרינג בלוי פאר $12.50

### פעריאד טישען



ערשט ערהאלטען א שיפמענט פון דיזע מאהאגאני קווין ענן, לייברערי טישען, פונקט ווי דער קאט ווייזט דאס. פעב. סייל פרייז $39.00

### ווייער ספרינגס



דיזע ווייסע ענאמעל בעזינעטס האבען ספרינגס אויסגעוועבט פון דראט און זענען זעהר באקוועם צו מופען. פרייז בלויז אין פעב. סייל $4.00

### סאליד אוק ראקערס



דיזע סאליד אוק ראקערס האבען ריכטיגע לערער סיטס און זענען בלויז געפרייזט $19.00

### פעריאד סטייל



דיזער פראכטפולער הייבעק ראקער איז אין קווין אננא סטייל און געבעט מיט סילק טאפעסטרי, ספעשעל פרייז $37.50

### אמת׳ע לעדער



מיר דארפען פארקויפען זיבען דזשענואין לעדער ראקערס צו $39.00

### א סימאנס בעד



אט איז א טשענס פאר אייך צו קריגען א 2 אינטש קאנטיניוס פאסט אויף דער שפאט ביליגסטער פרייז פון $14.00

### א וואלנוט סוויט פון 9 שטיק



9 שטיקלאך מעבעל אלס איהר וועט באטראכטען. זעהר ווידדיג פאר אייערע בעסע אנגעלעגנטע געסט. פון וואונדערבארע שיפענדייל מאיף זעהר צוציהענר. איהר קענט דאס ניט אפשעצען ביז איהר זעהט דאס ניט. דער סייל פרז $470.00

### לאיד לום קערידזש



קיין זאך ניט אזוי באקוועם און וויכטער ווי דער לאיד לום קארדראי בעק קווירטען קערידזש. פעב. סייל פרייז $29.00

### דע-לוקס 4 רום אוטפיט



דאס איז פאר א פאר פאלק וואס וויל היי גרייד פוירניטשור א פראכטפולער וואלנאט דיינינג רום סוויט, א בעט רום פון פיער שטיקלעך, דזשענואין לעדער ראקערס, דזשענואין מאהאגאני לייברערי טייבעל, דאס אלעס שלסיט איין דעם אוטפיט $550.50

### א וואלנוט סוויט פון 8 שטיק



שעלט יך נאך פאר ווי אער דיינינג רום וועט אויסזעהן מיט אזעלכע אכט שיקלאך מעבעל. פון דעם גראציעזען פעריאד וויליאר און מערי. גרויסער בופעט. 54 אינטש טיש פו דזשענואיין אמעריקאן וואלנוט. די טשערס פון דזשענואיין לעדער. פעב סייל פרייז — $235.00

### רעשטלאך אין קארפעטס



מיר האבען עטליכע שטיקלאך קארפעטס אין פארשידענע סייזען פון 2 ביז 12 יארד. סייל פרייז בלויז 69 סענט

# McCOY BROTHERS

**Complete Home Furnishers**

**616-622 Oakland Avenue**

# דער וועג

**THE DETROIT JEWISH DAILY**

Published Daily, Except Saturdays and Jewish Holidays, by DER WEG PUBLISHING COMPANY, INC.

347-49 Hastings St., Detroit, Mich. Main 3715

J. RABINOWITZ, Pres. JOS. R. LEEMON, Sec.-Treas.

B. I. GOLDSTEIN, Editor

(Entered as Second Class mail matter at Post Office, Detroit, Mich.)

Subscription Price: By mail, or carrier, one year, $5.00; six months, $2.50.

דעטראיט, 28טער יאנואר, 1920


# ווען דער שונא האט א פתחון פה

געדענקט איהר יענע צייט ווען די טערקישע מלוכה איז פלוצים געווארען ברייט הארציג און צעעפענט איהרע סאלדאטסקע ארמס און אריינגענומען אין זיי אלעמען אהן אויסנאהמע און אויך די אידען, נאטירליך.

די אידען האבען מוחל געווען די טובה.

הונדערט מיט איין אורזאכע וואלטען מסתמא די טערקישע אידען געווען געקענט אנגעבען, ווארום עס האט זיי אפגעשמייסען אנצונעמען זיך אין דער טובה, וואס די טערקישע רעגירונג האט זיי דעמאלט געטאן; הונדערט מיט איין תירוץ וואלטען זיי מסתמא געווען געקענט האבען, וואס זאל זיי רעכטפארטיגען פאר נישט ווילען איבערגעבען זיך צו דער טערקישער סאלדאטשינא.

אבער אונזערע שונאים'ס אויערען זיינען תמיד טויב צו אונזערע תירוצים און זייערע אויגען זיינען תמיד בלינד צו אונזערע אורזאכען און סיבות.

איינס בלויז איז געווען בולט פאר זיי און קלאהר: — די אידען אין טערקיי זיינען געווארען גלייכבארעכטיגט. טערקיי האט פאר זיי געעפענט די טויערען פון די קאזארמעס און אנשטאט צו לויפען אין דער קאזארמע, לויפען גאר די טערקישע אידען — קיין אמעריקא.

אזא מין זינד האבען אונז די אומות העולם נישט געוואלט מוחל זיין.

געדענקט איהר דאך מן הסתם די קולות וואס מען האט דעמאלט געמאכט מכח די אידישע „פאראזיטען, וואס ווארפען זיך ארויף אויף די לענדער נאר אום אויסצוזויגען דאס בלוט און אום אנצוזעטיגען זיך מיט כל טוב, מיט אלע רייכטהימער, וואס דאס לאנד פארמאגט. און ווען עס קומט אין צייט פון א נויט, דעמאלט באהאלט מען זיך די אידען, אנטלויפען זיי קיין אמעריקא“.

דאס איז דער פזמון געווען.

דאס איז געווען די שטימע וואס האט זיך געטראגען איבער אלע אנטיסעמיטישע בלעטער, וואס האט זיך געריסען פון אלע מיילער פון די שונאי ישראל.

און מיר?

מיר האבען געוואוסט, אז מיר ווייסען נישט די לאגע פון אונזערע ברידער אין טערקיי: מיר אידען זענען געווען יודעים שאינם יודעים. אבער פונדעסטוועגען האבען מיר, ראשית, נ ים איינגעזעהן די עולה ווען א פרעמד אריבערגעקומענער וויל קיין סאלדאט נים ווערען און ווערען א סאלדאט נישט ווייל מען מוז איהם האבען, ווייל דאס לאנד נויטיגט זיך אין איהם, נאר פשוט — ווייל דאס לאנד איז נישט ענטוויקעלט, נישט ציוויליזירט און גרייט זיך צו מיליטער מיט יאהרען; און יאהרען פריהער כדי ט א מ ע ר וועט מען עס אמאל באדארפען.

מיר האבען אויך געוואוסט אז א אי דייש־טערקישער יונגערמאן פון 21 יאר אלט, איז שוין א טאטע פון א צוויי, דריי קינדערלעך, און האט פאלקאמע רעכט צו דענקען אז איידער ער נעהמט פארזארגען דאס פאטערלאנד פאר דער וויטער צוקונפט, מוז ער פריהער פארזארגען זיין אייגען ווייב און קינד, אין דער געגענווארט.

מיר האבען געוואוסט נאך איין זאך. און דאס איז אפשר דער עיקר פון אלע עיקרים. אין ווען אזא זאך זאל עקזיסטירען אין אירגענד וואס פאר אן אנדער לאנד, וואלטען נישט נאר מיר, נאר אלע בירגער וואלטען פראטעסטירט און בלוט וואלט זיך אין די גאסען געגאסען, און מען וואלט שוידערליכע קריעג און רעוואלוציעס געמאכט קעגען דער רעגירונג.

מיר מיינען, נעמליך, דאס געזעץ אין טערקיי אז מיט א סומע, וואס באטרעפט אויף דעם היגען געלד, לערך צוויי הונדערט דאללאר קען זיך יעדער בירגער אויסקויפען פון מיליטער דיענסט.

קענט איהר זיך משער זיין אז אזא געזעץ זאל עקזיסטירען אין ענגלאנד אין די פאראייניגטע שטאטען, אין דייטשלאנד, צי אפילו אין דעם אמאליגען רוסלאנד?

און צי קענט איהר זיך משער זיין אז אזא געזעץ זאל געשאפען ווערען אין אמעריקא, אדער אין אירגענד וועלכען איירא־פעאישען לאנד און דארטען זאל נישט ווערען א רעוואלוציע, א בלוט באד, אין וועלכער עס זאל דערטרינקען ווערען די רעגירער און די רעגירונג?

נאך, ווי שוין געזאגט, האבען די שונאי ישראל דאס אלעס אין אכט נישט גענומען. זיי איז וויכטיג געווען איין זאך: מען האט געקראגען וואס צו רעדען שלעכטס וועגען דעם אידישען פאלק, און מען דארף די געלעגענהייט נישט אויסלאזען; מען דארף אויף זיי אויסגיסען אזוי פיעל פעך און שוועבעל, וויפיעל נאר מען קען.

איצט ערשט האט מען זיך געכאפט: —

א מבין אין מיליטערישע ענינים, וועלכער האט אנטייל גענומען אין דעם היסטארישען קאמף ארום ירושלים איז דורך א סיבה, וואס ווערט נישט פארעפענטליכט צוליעב פאליטישע סודות, געווען א שטיקעל צייט אויף דעם טערקישען מלחמה פלאץ און זיך באקענט מיט די טערקישע סאלדאטען און מיט זייער כאראקטער.

ער שרייבט קורץ און קלאהר: —

„איך האב דארטען (צווישען די טערקישע סאלדאטען אינ'ם לאגער) נישט געזעהען קיין איין סאלדאט פון איינעם פון יענע פרעמדע נאציאנאליטעטען, וועלכע זיינען אזוי פיעל פאראן אין טערקיי.

„און עס וואונדערט מיך נישט.

איך וואונדערט מיך אצינד לחלוטין נישט ווארום די אידען האבען אמאל אויסגעמידען די טערקישע מיליטער־דיענסט און זיינען געלאפען זוכען שוץ ביי די ברעגעס פון דער בריטישער אימפעריע און די יונייטעד סטייטס.

„איך קען זיך באין אופן נישט פארשטעלען מיין טערקישען לאגער מיט א אידען, ארמענער אדער אנדערען.

„די טערקישע סאלדאטען זיינען ווילד, גראב, אונערצויגען און קומען אלע פון די נידעריגסטע שיכטען פון דער טערקיי“.

„אזעלכע זיינען, אמת געזאגט, גוטע קעמפפער, ווען זיי טרעפען גאר אן דעם שונא פנים אל פנים. זייער קאמף באשטעהט אבער נאר אין רציחה און אין ווארפען זיך ווי ווילדע פערד אין דעם פייער. זיי שרעקען זיך נים, אדער זיי פארלירען אין זייער רציחה די שרעק.

„אין זייער באנעהמונג ווי אין זייער פריוואטער הנהגה זעהט מען נישט אפילו קיין סימן פון א ציוויליזירטען מענשען.

„אזא מין איפפיהרונג האט מען געקענט גלויבען אויף ווילדע אינדיאנער, אדער אנדערע מענשען־פרעסענדע שבטים אין די מדבריות.

„אז עס זאלען זיך געפינען מענשען, וואס האבען, אדער פרעטענדירען צו האבען א רעליגיאן און זאלען אזוי אומוויסענד און אזוי ווילד זיין, דאס האט זיך נישט געגלויבט.

„צו פיהרען מיט זיי א קאמף מיט שטארקייט א[illegible] ווי קלאפען מיט'ן קנויפט אין אן אייזערנער וואנד. מיט זיי דארף מען קעמפען מיט שכל. מען דארף, אין א מלחמה מיט אזא לאגער, בלויז קענען די סאלדאטען“.

אט דאס איז דער כאראקטער פון די טערקישע סאלדאטען, פון די ב ע ס ט ע סאלדאטען אין דעם טערקישען לאגער.

זיי זיינען קעמפפער, ווילדע קעמפפער, ווייל זיי האבען געהאט איבונג.

און איבונג האבען זיי געהאט, ווייל ווייל זיי האבען נישט געהאט קיין צוויי הונדערט דאללאר אויסצוקויפען זיך פון מיליטערישער דיענסט.

דעם דאזיגען פאקט בערמאהנט נישט דער ענגלישער מיליטערישער באאמטער. ניכער מסתמא דערפאר וואס ער איז מיט דעם פאקט, מיט דעם געזעץ נים באקאנט.

אצינד ווען עס זאל באקאנט ווערען אין אייראפא, אז די אידען אין טערקיי אנטלויפען פון די טערקישע קאזארמעס, וואלט מען זיך אפשר נישט געוואונדערט; די צייטונגען וואלטען נישט געספייעט מיט פעך און שוועבעל צו גיסען.

א לאנד וואס אונטערשטרייכט אין איהרע געזעצען, אז דאס בלוט פון די ארימע איז הפקר און דאס בלוט פון די וואס האבען צוויי הונדערט דאללאר פאר באקשיש, פאר אויסקויפען זיך, איז חשוב — אזא רעגירונג קען נישט ערווארטען אז מענשען מיט פארשטאנד, אז מענשען וואס האבען גאט אין הארצען, זאלען זיך פאר איהר מפקיר זיין, זאלען זייער בלוט פאר איהר פארגיסען.

אפילו אזעלכע מדינות וואס זענען בנוגע יושר און מענשליכקייט צוריקגעשטאנען, ווי למשל רוסלאנד אין דער צייט פון דעם לעצטען ראמאנאוו — אפילו דארטען האט מען פון אזא אומגעלומפערטקייט נישט געהערט.

נאר קוקען דען אונזערע שונאים אויף יושר און מענשליכקייט, ווען עס מאכט זיך זיי א געלעגענהייט צו באשמוצען דעם אידישען נאמען?

---

# איף דעניקינס שליאך

פון מ. ש.

אין פארלעצטען נומער פון דער וואכענשריפט „ניישאן“ איז דא אן אינטערעסאנטע קארעספאנדענץ פון הענרי אלסבערג וועגען דעם וואס עס טוט זיך אין דעניקינ'ס קעניגרייך. די קארעספאנדענץ איז דאטירט אדעס, דעם ערשטען דעצעמבער, דאס הייסט אין דער צייט ווען דעניקינ'ס ארמייען זענען נאך נים געווען אזוי צעבראכען און פארטריבען פון איבעראל ווי איצט.

אלסבערג דערצעהלט, אז ער איז געפאהרען אין א מיליטערישען צוג צוזאמען מיט דעם אמעריקאנער מיליטערישען אטאשע, קאירנעל סמיטה, פון קיעוו ביז בארקאוו, און דער פאקט וואס ער איז געפאהרען אין א מיליטערישען צוג איז א נעפאנצערטען וואגאן או מיט צוויי לאקאמאטיווען פון ביידע זייטען האט איהם און די איבריגע נעראטעוועט פון ערמארדעט צו ווערען, אדער לכל הפחות פון בארויבט צו ווערען. איבעראל, איבער אין גאנץ אוקראינע, דערצעהלט אלסבערג, האבען איצט די רויבער דאס ווארט און שטעלען אפ אלע צוגען און נעהמען אוועק פון די רייזענדע אלץ וואס זיי פארמאגען, נים זעלטען טוען זיי אויס די רייזענדע נאקעט און געהען אוועק מיט דאס אנגערויבטע. נעפאהרען איז ער אין א „טעפליושקא“, פראכט וואגאן, וואס איז צוגעפאסט געווארען פאר פאסאזשירען, אבער דאס איז דאס בעסטע וואס מען האט געקענט קריגען. גאנץ אוקראינע האט נים קיין לאקאמאטיווען, האט נים קיין וואגאנען, און די צוגען וואס געהען, האבען נים קיין באהייצונג.

פון קיעוו ביז כארקאוו נעהמט נים לאנג צו פאהרען, אבער זיי זענען געפאהרען א פאר טעג. ערשטענס ווייל אפט האט מען זיך געמוזט אפשטעלען צוליעב דעם וואס עס האט געפעהלט הייץ מאטעריאל. דעניקין האט דאן געהאט דעם גאנצען דאנעצער באסיין, אלע דאנער קויהלען מינען זענען געווען אין זיינע הענט. אבער מיט וועמע צו ארבייטען אין די מינען איז נים געווען. די ארבייטער ווילען נים ארבייטען פאר איהם. דער רעזולטאט איז אז עס איז ניטא קיין קויהלען און עס איז ניטא קיין הייץ.

אויסער דעם איז וואו מען איז געפאהרען איז געווען א פראנט און מען האט זיך געשלאגען, און מען האט געמוזט אפווארטען אדער אפקירעווען אז א זייט. קורסק האבען זיי געמוזט אויסמיידען, ווייל די באלשעוויקעס האבען זיך דערנעהנטערט אהין. פאלטאווא האט מען אויך געמוזט אויסמיידען ווייל דארט איז געשטאנען מאכנא מיט זיינע מחנות. און אזוי אין פיעלע אנדערע פלעצער.

דאס באנדיטענטום אין גאנץ אוקראינע באזונדערס אין די געגענדען וואס זענען געווען פארנומען צו יענער צייט פון דעניקינ'ען, דערצעהלט אלסבערג, האט אנגענומען אזא פארמע, אז דאס שיינט צו זיין די איינציגע אינדוסטריע דארט. די באנדיטען האבען אויסגעארבייט געוויסע געזעצען, וואס אלע אנדערע באנדיטען פאלגען נאך און עס איז איבעריג צו דערצעהלען, אז די באנדיטען ווערען דארט דער איינציגער רייכער קלאס. ער האט צום ביישפיעל, געהערט, אז מען שטעלט אפ צוגען מיט דעם וואס מען רייסט אויף די רעלסען, אבער מען רייסט קיינמאל נים אויף קיין בריקען. ער האט געוואלט וויסען פאר וואס די באנדיטען האבען דאס אזוי פיעל איינזעהעניש מיט די בריקען, האט מען איהם ערקלעהרט, אז דאס טוען זיי ווייל דאס לוינט זיך בעסער פאר זייער „געשעפט“. אין אוקראינע איז איצט ניטא מיט וואס צו פארריכטען קיין בריקען און ניטא מיט וועמען. איז ווען זיי זאלען אויפרייסען א בריק וועלען דארט שוין קיינמאל נים קענען געהן קיין צוגען, וועלען זיי נים האבען וועמען צו רויבען. א רעלסע קען מען לייכט פארריכטען און די צוגען געהען ווייטער און עס איז ווייטער דא „פרנסה“ פאר די באנדיטען.

דעניקין, איז זעהר נים באליעבט ביי די מאסען. פעטליורא און זיינע אדיר טאנטען מאכנא און זעליאני, וועלכע זענען, פארביינעהענדיג, גרויסע פאגראמטשטשיקעס, האבען א סך מעהר אנהענגער. דאס קומט דערפון וואס די לעצטע פארשפרעכען די פויערען אלץ אין דער וועלט און אודאי לאנד, וועהרענד דעניקין פיהרט זיך אויף ווי א דיקטאטאר און אונטערדריקט די באפעלקערונג מיט א שווערע האנד.

דאס דארף און אוקראינע איזאיצט געווארען רייך דורך די באנדיטען און די פאגראמטשטשיקעס, ווארים א היבשע צאהל פון די באנדיטען און פאגראמטשטשיקעס זענען דארפס מענשען און וואס זיי ראבעווען אן, פיהרען זיי אוועק צו זיך אין דארף אריין. איהר טרעפט איצט אין די דערפער פראסטע פויערטעס אויסגעפוצט אין די טייערסטע בגדים און מיט אהן א שיעור גאלד און בריליאנטען. אין איין דארף האט ער אליין געזעהן ווי א פראסטע פויערשע פאמיליע האט געטרונקען טעע פון זילבערנע כלים. דעניקינ'ס סאלדאטען און אפילו זיינע אפיצערען זאגען זיך אויך נים אפ פון געראבירטעס. מען טרעפט אין זיין ארמיי א היבשע ביסעל אפיצערען, וועמעס פינגער זענען פול מיט בריליאנטען.

דעניקינ'ס ארמיי איז אזא, וואס מען קען זיך אויף איהר נים פארלאזען און וועלכער מען קען נים געטרויען. זיינע מייסטע סאלדאטען זיינען פריהער געווען אין די באלשעוויסטישע ארמייען און זיי אנטלויפען און שטעהען ווייטער צו צו די באלשעוויקעס. מר. אלסבערג גיט צו, אז דאס זעלבע קומט אפט פאר אויך אין די רייהען פון די באלשעוויקעס, אבער ביי דעניקינ'ען איז דאס כמעט ווי א כלל. ווען דעניקין נעהמט אין פלען באלשעוויקעס, ערמארדעט ער גלייך אלע אפיצערען וואס מען האט פארכאפט און דערנאך קלייבט מען אויס פון די סאלדאטען די יעניגע וואס זענען פרייוויליג אריינגעטראטען אין דער רויטער ארמיי און מען דערשיסט זיי אויך. די איבערגעבליבענע גיט מען די ברירה, אדער ערמארדעט צו ווערען, אדער אריינטרעטען אין דעניקינ'ס ארמיי און עס פארשטעהט זיך, אז זיי טרעטען אריין ליעבערשט אין זיין ארמיי, און אנטלויפען אזוי שנעל ווי זיי קענען נאר באוויזען. נים אלע מאל לויפען זיי אריבער צו די באלשעוויקעס. די מייסטע אנטלויפען אין די דערפער און באהאלטען זיך, דארטען. דער רוסישער עולם איז שוין מיעד פון דער מלחמה און וויל זיך צוריק נעהמען פאר ערד ארבייט.

מר. אלסבערג דערצעהלט פון די פאגראמען וואס ער האט אליין צוגעזעהן אין קיעוו און באשרייבט זייערע שרעקען. אבער דאס איז פאר דעם אידישען לעזער מעהר קיין נייעס נים. ער באשרייבט דעם הונגער, וואס הערשט דארט און דעם מאנגעל אין הייץ מאטעריאלען. אזוי אז אפילו אין די מילדע ווינטערען זענען הונדערטע פארפרארען געווארען. עס איז דא איין פלאץ אין דער גאנצער שטאדט, וואו די מייסטע נעפינען זיך די גאנצע טעג און דאס איז אין די בעטען. דאס איז דער איינציגער ארט אין יעדער הויז וואו מען קען זיך אנווארעמען. ברויט פעהלט, אבער מייסטענס ביי די ארימע, די רייכע קריגען וואס זיי ווילען. פארשטעהט זיך, פאר אומגעהויער גרויסע פרייזען. די ספעקולאציע בליהט דארט אינדוסטריע זענען רואינירט. דערפאר בליהט דער האנדעל מיט גאלדווארג און אויף דעם העכסטען אופן. האנדעל און בריליאנטען. די רויבער ברענגען זייערע אנגעראבירטע זאכען אין די געשעפטען און קריגען פאר דעם גאנץ גוט באצאהלט.

וועגען די באלשעוויקעס דערצעהלט מר. אלסבערג אז זיי זענען באגאנגען געוויסע גוואלדטהאטען ווען זיי האבען פארנומען קיעוו. זיי האבען דארטען דערשאסען 250 פיהרער פון דער קאנטר־רעוואלוציע, אבער דאס איז גאר קיין פארגלייך נים צו די מעשים פון די אזוי גערופענע „דאבראוואלצעס“, ווי עס רופען זיך דעניקין'ס סאלדאטען און אפיצערען: דאס זענען גאר קיין מענשען נים, נאר עפעס משונה'דיגע חיות אין מענשען געשטאלט. א מענשען'ס לעבען איז ביי זיי גאר נישט ווערט און די צאהל פון די וואס זענען אומגעקומען פון זייערע הענט וועט פיליכט קיינמאל נים באקאנט ווערען, אזוי גרויס איז זי. פרויען ווערען אטאקירט אויף שריט און טריט און קיינער איז ני זיכער מיט'ן לעבען. אודאי ני די אידען.

---

# וועגען א סקיצע

פון ב. י. גאלדשטיין

וואס הייסט: א גוטע סקיצע?

נאך מיין חות דעת נאך קען איטליכער אינטעליגענטער יונגערמאן אנשרייבען א סקיצע, וואס זי זאל נישט נאר זיין דרוקבאר, נאר זאל אויך קענען פאררעכענט ווערען צווישען די בעסערע סקיצען.

„סקיצע“ איז נישט דאס וואס מען רופט אין ענגלישען „שארט סטארי“. אן ערצעהלונג וועלכע איז ביים שרייבער גראד ארויסגעקומען קורץ, ווערט געשריבען, אדער דארף געשריבען ווערען גאנץ אנדערש, ווי א סקיצע.

א שטיק צייט איז פארלאפען פון יענער צייט, ווען מען האט געשריבען קורצע מעשה'לעך, ביז דער צייט ווען די סקיצע איז געשאפען געווארען.

„שארט סטארי“ איז דערום נישט די אמת'ע טייטש פון „סקיצע“. בעסער איז טיין „סקעטש“.

אין רוסיש הייסט דאס „אטשערק“ אין פראנצויזיש — עסקיז, אין דייטש און אין אידיש — „סקיצע“.

פאע און אהוטארן אין אמעריקא און פראספער מערימע אין פראנקרייך זיינען געווען די טאטעס פון דער מאדערנער סקיצע, ווי מיר פארשטעהען די סקיצע היינט.

עדגאר עלען פאע האט זאגאר א גאנצען שלחן ערוך באשאפען מכח סקיצען־שרייבערי.

אין זיין „פילאסאפי אף קאמפאזישאן“ באשטימט פאע אז א פאעמא טאר נישט זיין אויסגעצויגען מעהר ווי אויף הונדערט שורות, ווייל אנדערש מיעדט זי אויס דעם לעזער. פונקט אזוי דארף אויך זיין די סקיצע. טאמער איז די סקיצע צו לאנג און דער לעזער שטעלט זיך אפ אינמיטען לעזען, צערשטערט דאס שוין די גאנצקייט פון דער „זאך“. כל זמן דער שרייבער האלט דעם לעזער אונטער זיין קאנטראלע איז דעם לעזער'ס נשמה ביים שרייבער אין האנד. אזוי גיך ווי עס ווערט אן איבעררייס, געהט דער לעזער שוין ארויס פונ'ם שרייבער'ס רשות.

אין דער גאנצער קאמפאזיציע, פונקט ווי אין דער פאעמא טאר נישט זיין קיין איבעריג ווארט אפילו, וואס האט קיין שייכות נישט מיט דעם מיין, העם תוכן פון דער סקיצע.

אזוי האט עדגאר עלען פאע מיט איער הונדערט יאהר צוריק געשטעלט א פאדערונג צום קינסטלער און ביז היינט רעכענט זיך די קריטיק מיט דיזע פאדערונג.

די סקיצע זאגען מיר, מוז האבען אין גאנצע האנדלונג. איין שטימונג, איין טאן און איין קאליר. יעדער זייטיג בילד, סצענע, אדער אפילו איין איבריג, זייטיג ווארט טאר אין א סקיצע נישט זיין.

דעמאלט הייסט עס — א גוטע סקיצע.

איז דאס געווארען געווארען ביי סקיצען אין דעם שניט פון די רעאליסטען, ווי אונזער אברהם רייזען למשל און זיינס גלייכען.

גאנץ אנדערש איז דאס שוין מיט דער סקיצע, וועלכע ווערט געשאפען פון, דורך און לשם שטימונג.

שטימונג איז שוין אזא קאמפליצירטע שיטה אין דער ליטעראטור, וואס נאר גרויסע מבינים אדער געפיהלפולע מענשען דארפען, מעגען און זאלען געהן.

קיין אנדערען וועט זיך קיינמאל נישט איינגעבען.

צו א שטימונגס סקיצע קען מען שוין אמת זאגענדיג קיין שלחן ערוך נישט אנווענדען, ווייל אזא סקיצע ווערט אנגעשריבען, אדער בעסער געזאגט: רייסט זיך ארויס אין א מאמענט פון באגייסטערונג און ווען א מענש געפינט זיך אין א באגייסטערטען צושטאנד קען ער זיך שווערליך האלטען אן געוויסע רעגלען. מען איז דעמאלט צו אימפולסיוו, אז מען זאל זיך צוהערען צו דעם, וואס וויל דינים, רעגלען דיקטירען.

אבער דער קינסטלער וועט פונדעסטוועגען אינסטינקטיוו דערפיהלען יעדע קלענסטע פאלשע נאטקע, יעדען פאלשען שטריך. ביי א קינסטלער וועט אינסטינקטיוו די שטימונג סקיצע זיך אויסגיסען, ווי א געטאקטע פאעמא, אהן אן איבעריגער סצענע, בילד, אדער אפילו ווארט.

איך וועל לדוגמא נעהמען די סקיצע פון ה' י. ל. מאלאמוט, געדרוקט אין דיזער צייטונג די לעצטע פאר טעג. אייגענטליך האב איך טאקע צוליעב דעם דאס היינטיגע ארטיקעל געשריבען. עס דאכט זיך מיר, אז דאס איז א גוטע שטימונגס סקיצע, ווען — — —

ווען מען זאל דאס דריטע קאפיטעל ארונטערשניידען.

ה' מאלאמוט האט זיך אין דיזער סקיצע א שפיעל געטאן מיט א מענשליכע נשמה. און שעהן און פול מיט רחניות איז דער ייאזוער מענש (דעם דאקטאר'ס פרוי, נינא) און קוקט מען זיך איין אין מיט'ן איינ פון א קינסטלער, מוז מען באיעדען צאלד און קנייטש פון דיזער נשמה קומען אינספיראציע, מוז מען אריין אין התפעלות. און האט מען א שאפערישען חוש אין זיך, מוז ער דעמאלט כח באקומען עפעס שעהנעס, שטארקעס צו שאפען.

נישט איין מאל האט פאסירט מיט'ן שרייבער פון דיזע צייליען צו באאבאכטען אזא מין טיפ. עס וועט מיך פארשטעהן דער מבין, ווען איך וועל זאגען, אז אין יענע מינוטען האב איך זיך איינגאנצען אויסגעטאן פון דעם גאנצען גשמיות און פון דער געגענווארטיגען רעאלען לעבען וואס דריקענדער ס'איז געווען די איינזאמקייט, אלץ ווייטער איז געווען די ווירקליכקייט, דאס נשמות און אזוי צעשפילט האט זיך דער שאפערישער ווילען. אז אפילו דער טיפ גופא האט אויפגעהערט צו עקזיסטירען. עס איז געבליבען בלויז די אנגערעגטע פאנטאזיע, די אינספיראציע.

די שאפונג אין אזא רגע איז ווי דער קאכענדיגער ים: אי בארוהיגענד אי רעגענר.

אין אזא מאמענט דארף זיך אויסגיסען שטיקער קונסט.

און די הויפט קונסט באשטעהט דא אין דער שטימונג, נישט אין די ווערטער.

זעהט כאטש די אפגעהאקטע, האלבע ווערטער וואס דעם דאקטאר'ס פרוי ענטפערט אויף דעם דאקטאר'ס מוסר, אין י. ל. מאלאמוט'ס סקיצע. דאכט זיך קורצענקע ווערטער; זאצען, ווי מען וואלט זיי מיט א מעסער אפגעשניטען, אזוי קורץ זיינען זיי און פארט שאפט זיך נישט נאר די שטימונג, וואס דער שרייבער איז אויסען געווען, נאר אויך יענע שטימונג, אין וועלכער נינא איז געווען איינגעקלאמערט די נאכט פון דעם איבערראשונגס־אונטערהאלט.

אין די ערשטע צוויי קאפיטלעך, ווי קורץ זיי זיינען, האט זיך דעם שרייבער איינגעגעבען צו אפמאהלען כמעט בולט די צוויי טיפען.

דאס דריטע קאפיטעל איז שוין מעשה בפני עצמה.

ווארים מוסיף געווען האט ער גארנישט ווען ער האט פלוצים אריינגעבראכט א נייעם טיפ, דעם מוזיקער סילווערמאן.

האט ער דערמיט געוואלט צייגען, מיט וועמען נינא'ן איז אנגענעהם צו פארברענגען און דערמיט אוועקגערויבט ביים לעזער דעם תענוג פון אליין וועגען דעם נאכצודענקען.

נאך די ערשטע צוויי קאפיטלעך בלייבט דער לעזער איבער מיט דעם חשק זיך אריינצוטראכטען אין דער טיעף־ליידענדער נשמה פון נינא'ן, וועלכע באדט זיך אין א ים פון צער און בענקעניש נאך עפעס.

עפעס אן אונבאשטימטעס, וואס איז אזוי ווייט פון דעם אמת'ן לעבען, וואס איז אזוי ווייט פון אונזער וועלטל.

און פלוצים קומט ער און רויבט אוועק ביים לעזער אט דיזע מחשבות און ווייזט איהם ממש אן: אט זעהסט, אט דיזער פיאנא־שפילער איז נינא'ס אידעאל.

נינא איז שוין בכן נישט איבערגעלאזט געווארען צו דער פאנטאזיע, נאר צום אויג.

חוץ דעם איז עס טאקע נישט אמת.

ווארים וואלט זילבערמאן נישט געווען, ווי מר. מאלאמוט מאהלט איהם אויס, נאר זאל ער זיין אפילו אזעלכער ווי מען רופט דאס אין רוסיש: א „מאלטשוגאן“, אדער אפילו א פשוט'ער גראמאפאן מיט שעהנע רעקארדס, פון וועלכע עס זאלען זיך גיסען צארטע, פיינע טענער, וואס זאלען בכח זיין נינא'ן אוועקצוטראגען פון איהר רעאלען לעבען און זי מעהר צר נויפטוליען מיט איהר אינערליפען שטענדיגען צער, וואס נאגט און רייסט שטיקער פון דער נשמה, וואלט זי אויך פונם גראמאפאן אויף א מינוט נישט אפגעטראטען.

עס איז אלזא, לויט מיין חות דעת, לחלוטין איבעריג און אויך פאלש דאס דריטע קאפיטעל.

און נאר דערפאר האב איך זיך דערוויף אפגעשטעלט לענגער, ווייל די ערשטע צוויי קאפיטלעך, וועלכע זיינען, אליין א גאנצע „זאך“, זיינען צו אימפולסיוו און צו שטימונגספאל אנגעשריבען, אז עס זאל נישט בראוו זיין ווענען זיי א קריטישען איבערבליק צו שרייבען.

פאר מיר וואס איז באקאנט מיט מאלאמוט'ס שרייבען שוין א היבשע פאר יאהר, אין זיין „אין איינזאמקייט“ געווען אן אנגענעהמע איבערראשונג. איך האב געלייענט זיינע געלונגענע קינדער מעשה'לעך, הומארסקעס, רעאליסטיש געמאהלענע לענגערע ערצעהלונגען, אדער ווי מען רופט זיי אין דער צייטונג „ראמאנען“, בעסער וואלט געווען — „נאוועלען“. אזא איינדרוקספאלע שטימונגס סקיצע האב איך פון איהם נאך נישט געלייענט.

וועט ער מיך פאלגען און ביי אן אנדער געלעגענהייט בלויז די ערשטע צוויי קאפיטלעך דרוקען, וועט דאס זיין דאס בעסטע פון זיין שאפונג.

ביי דיזער געלעגענהייט, וויל איך זאגען אז איך וועל זיך וועגען דער היינטיגער טעמא פון סקיצען־שרייבעריי נאך אמאל אומקעהרען. איך פיהל אז אין אונזער שטאדט זיינען פאראן נישט ווייניג אינטעליגענטע יונגע מענשען. זיינען דאך דא פאראן א היבש ביסעל פאעטען. קיין סקיצען שרייבער, אדער אפילו מעמוארען שרייבער זיינען דא נישטא. איך ווייס אז פיעלע מיינען דאס אנצושרייבען א סקיצע אדער ערצעהלונג פאדערט זיך מי יודע וואס פאר א פעהיגקייטען. נאך אן אויספיהרליכער דערקלעהרונג וועגען סקיצען־שרייבעריי, גלויב איך, אז פיעלע וועלען זיך פרובירען אויך אויף דיזען געביעט פון דער ליטעראטור.

איך פון מיין זייט וואלט מיט פארגעניגען געהאלפען יעדען יונגענמאן, וואס וועט פרובירען שאפען ערצעהלונגען.

אין אלגעמיין איז מיר חשוב די אידישע ליטעראטור און איך בין גרייט אפצוגעבען מיין צייט, כאטש זי איז מיר זעהר באשרענקט, אויף צו העלפען, ער שידי מגעת, יעדען אנפאנגער, אדער נייער קראפט.

---

קאסטאמער — זעהט, ווייטער, אט האב איך געפונען א הויזען קנעפעל אין מיין סופ.

ווייטער — א. שעהנעם דאנק. איך, איך זוך שוין דאס קנעפעל זייט דריי טעג.

# מארגענטוי'ס באריכט וועגען די פאגראמען אין פוילען

פארזעצונג

10. ווייל עס איז געווען ליכט אויס־ צופארשען די פאגראמען און אויך געפינען ווייט מעגליך די שולדיגע, איז אבער דער אויסצוגעפינען די מאס פון דאס קרימינירען געגען די אידען. די קרימינירונג, באשטעהט הויפטזעכליך אין דעם עקאנאמישען באיקאט. די נאצ־ יאנאלע דעמאקראטישע פארטיי האט אגיטירט דאס עקאנאמישע דער־ שטיקונג פון די אידען דורך דער פרעסע, אפיציעלע מעלדונגען, ווי אויך דורך ן, איז די קריסטליכע בעפעלקערונג געפאדערט ניט צו האנדלען מיט די אידען. לאנד באלעבאטים ווערען גערא־ טען ניט צו פערקויפען זייער לאנד צו די אידען, און אפט ווען דאס איז יא געטאן געווארען, זיינען די נעמען פון די פערקוי־ פער אפגעדרוקט געווארען אין שווארצע ציירקולארען, זאגענדיג דאס די פערקויפער זיינען „טויט צו פוילען".

פילו איצטער ווערט אט דער קאמ־ פיין אנגעפיהרט פון דער ניט פוילישער פרעסע, וועלכע האלט אין ריידען, דאס דער עקאנאמישער באיקאט דארף ט ווערען אלס א מיטעל פאר פוילען צו ווערען פון די אידען. אט די אציע האט געלאזט דעם איינדרוק די פוילישע אידען, דאס אן אונזיכט־ שטריק איז פערצויגען אויף זייערע ער, און זיי זאגען, אז דאס איז די ער־ פארפאלגונג וואס זיי זיינען געניטם טראגען. קריסטליכע ארבייטער ן פיעל מאל זיך ענטזאגט צו ארביי־ מיט אידישע. דער פראצענט פון דען אויף קהלה'שע שטעלען, איבער־ אויף די קלענערע שטעלען ווי באהנען אנגעשטעלטע, פייערלייטע פאליציי לייטע איז א סך פארקלע־ געווארען זינט די נייע רעגירונג איז אין מאכט. די קאמיסיע האט געגען דאקומענטען, וועלכע באווייזען די רעגירונג האט ענטזאגט א סך עע אנגעשטעלטע אויף די אייזענבאה־ ון האט זיי געגעבען סערטיפיקייטס ע זאגען, דאס די איינציגע אורזאך, אס זיי זיינען ענטזאגט געווארען ער פאקט דאס זיי זיינען אידען.

11. דאס עטאבלירען פון קאאפעראַ־ געשעפטען איז פון די אידען קרעמער ומען געווארען אלס א פארמע פון יסקרימינירונג. עס שטעלט זיך אבער ארויס אז דאס איז א גאנץ לעגאלער פער־ פארקלענערן די טעטיגקייט און די עטירונג פון דעם מיטעלמאן. אומ־ בער ווייזע, ווען די געשעפטע זיינען נט געווארען זיינען זיי אדווערטייזט רען אלס א מיטעל צו באקעמפען ידען קרעמער. די אידען דאריבער ן געקראגען די איבערציינונג דאס שעפטען זיינען געגרינדעט געווארען אטאקירען. אבוואהל עס איז מעג־ דאס די אנפיהרונג פון אט די פטען, ווי אויך פריוואטע פערזאנען, בער דאך צוגעגעבען ווערען, אז דאס ז עקאנאמישע טעטיגקייט, וועלכע געמיינדע האט דאס רעכט אנצופיה־ אויף דער אנדער זייט אבער, ען פיעל אידישע קאאפעראטיווע פטען, ווי אויך פריוואטע פערזאנען, די רעגירונג דיסקרימינירט געגען ין דאס פאנאנדערטיילען די שפייז ראלירט פון דער רעגירונג.

12. די רעגירונג האט אפגעלייקענט זי פיהרט אן א פאליסי פון דיסקרי־ געגען אידען, אבוואהל זי לייקענט דאס אין איינציגע פעלע האט דאס עקענט פארפיהרען. פאהרשטעהער ער רעגירונג האבען פערזיכערט דער סיע, דאס אזוי פיעל וויפיעל עס ליגען אין זייער מאכט וועט דאס רימינירען בעזייטיגט ווערען.

13. און באטראכטענדיג די אורזאכען האבען געבראכט די אנטיסעמיטישע ונג, וועלכע האבען פאראורזאכט דאס עס איז פריהער בעשריבען געווארען, ען געדענקען, דאס זינט פוילען איז ערגעטיילט געווארען אין 1795, ן די פאליאקען אלינגעזוכט זיך ווי־ צו פאראייניגען און צו קריגען אלס אלק זייער פרייהייט, אט דער דיגער וואונש אנצוהאלטען זייערע אנאלע שטרעבונגען האט זיי געב־ ט דערצו, דאס זיי האבען געקוקט א האס אויף אלעס, וואס האט נור נט שטערען זייערע ציעלען. דאס געפיהרט צו א קאנפליקט מיט אנדע־ אידישע ארגאניזאציעס, וועלכע האבען ערט, דאס זיי ווילען קריגען קולטורע אויטאנאמיע פינאנציעל אונטערשטיצט די רעגירונג. דערצו נאך האט די לונג וואס די אידען האבען גענומען ארטיקעל 93 פון דער ווערסאלער , וועלכע גאראנטירט דאס רעכט די ראסע און רעליגיעזע מינאריטעט־ אין פוילען, געבראכט א ווייטערע ופרידענהייט געגען זיי. מעהר פאר

אלעס אבער, איז די פוילישע נאציאנאלע שטימונג געגען דאס, וואס זיי רופען דער „פרעמדער" כאראקטער פון דער אידי־ שער מאסע אין פוילען. איבערהויפט זעהען דאס אפט די פאליאקען אין די באזונדערארטיגע קליידער, וואס די אידען טראגען. אין זייער היטען דעם שבת, אין טאן ביזנעס זונטאג, אין זייער כשרות, אין טראגען בערד און ריידען זייער אייגענע שפראך. דער באזיס פון זייער שפראך איז א דייטשער דיאלעקט, און דער פאקט דאס דייטשלאנד איז גע־ ווען — און איז — א פיינד פון פוילען, כמאט די גאנצע זאך נאך מעהר אונבע־ ליעבט. דאס קאנצענטרירען פון די אידישע מאסען אין געוויסע געגנדען פון די פוילישע שטעדט, האט אויך דייטליך צוגעגעבען, דאס די אידען זיינען אבגעזונדערט פון אלע איבעריגע בירגער.

14. די אנגעצויגענע באציהונגען צווי־ שען אידען און ניט אידען זיינען שפעטער נאך אנגעצויגענער געווארען—ניט נור דורך דער גרויסער מלחמה, אין פארלויף פון וועלכער פוילען איז געווען דאס שלאכט־פעלד פאר רוסישע, דייטשע און עסטרייכישע ארמעען. נאר אויך דורך די איצטיגע סכסוכים מיט די באלשעווי־ קעס און אוקראינער. פוילען געפינט זיך איצט עקאנאמיש אין סאמע נידריגסטען שטאנד. מאנופאקטור און קאמערץ האבען פאקטיש אויפגעהערט. דער דוחק דער יקרות, און די פאלקאמענע שפייז־ פארטיילונג איז א דראענדע געפאהר פאר דעם געזונד און וואהלזיין פון דער שטאָד־ טישער בעפעלקערונג. אין רעזולטאט ליידען הונדערטער טויזענדער פון הונגער געהען ארום האלב אנגעטאהענע טויזענ־ דער שטארבען פון קראנקהייטען, שטארבען מיט א הונגער טויט. דאך וואס דער האנדעל איז טויט, רופט זיך ספעצ־ יעל אפ אויף דער אידישער בעפעלקערונג וועלכע איז כמעט אין גאנצען אנגעוויזען אויף האנדעל. צוליעב די אלע אויבען באשריבענע אומשטענדען, האבען די פרייזען זיך פארדאפעלט און פארדריי־ פאכט, אבער די באפעלקערונג ווערט אויפגערייצט געגען די אידישע סוחרים; אויף זיי ווארפט זי די שולד פאר דער אומנארמאלער שטייגונג פון די פרייזען וואס שטאמט נאר פון אנדערע אורזא־ כען.

15. די גרויסע מאיאריטעט פון די אידען אין פוילען באלאנגט צו באזונ־ דערע אידישע פאליטישע פארטייען. די גרעסטע פון זיי זענען די ארטאדאקסישע ציוניסטישע און נאציאנאלע פארטייען. אזוי ווי די אידען פארמירען באזונדערע פאליטישע גרופען, איז מעגליך, אז מאנ־ כע פון די פוילישע אנטי־אידישע האנד־ לונגען זענען ג'כער פון א פאליטישען, און ניט פון אן אנטיסעמיטישען כא־ ראקטער. די הע־שענדע פאליטישע פאר־ טייען גיבען צו זייערע אנהענגער רעגיע־ רונגס פאסטענס און רעגירונגס־פריווי־ לעגיעס. עס איז אבער צו האפען, אז די מאיאריטעט פון פוילישען פאלק וועט זיך ניט האלטען ביי דעם סיסטעם אין באַ־ צוג צו רעגירונגס פאזיציעס. וואס זע־ נען ניט ריין פאליטישע. עס דארף קיין אונטערשיעד ניט געמאכט ווערען ביים אויסוואהל פון פראפעסארען און לעהרער פון אייזענבאהן אנגעשטעלטע, פאליציס־ טען, פייערלייט און בכלל ביים באשטי־ מען אויף אזעלכע שטעלעס, וואס אין ענגלאנד און די פאראייניגטע שטאאטען געהען זיי ארונטער אונטער „סיוויל סוויר־ ווייס". פוילען דארף איינזעהן, אז אזעל־ כע שטעלעס דארפען ניט אריינגעצויגען ווערען אין פאליטיק. טיכטיגקייט און דיענסט קען נור דערגרייכט ווערען, ווען מען שטעלט אן די בעסטע מענשען, אהן אונטערשיעד פון פארטיי און רעליגיאן.

16. די באציהונגען צווישען אידען און ניט־ אידען וועלען אהן ספק זיך פאר־ בעסערען אין א שטארקער דעמאקראטי־ שער פוילען. כדי דאס זאל גיכער דער־ גרייכט ווערען, דארף זיין פארשטענדי־ גונג און מיטארבייטשאפט צווישען 86 פראצענט קריסטען און 14 פראצענט אי־ דען. די 86 פראצענט דארפען פארשטעהן אז זיי קענען ניט ארויסשטעלען א פעס־ טען פראנט געגען זייערע שכנים, אויב זיבען פראצענט פון דער באפעלקערונג איז אומצופרידען, איינגעשראנקען און אונאקטיוו. די מיאריטעט דארף אויפ־ געמונטערט ווערען מיטצוהעלפען מיט זייער גאנצען כח און איינפלוס — צו מאכען פוילען פאר א גרויס געאייניגט לאנד. — אזא לאנד איז נויטיג אין צענטראל אייראפא אום אנטקעגנצו־ שטעהן די געוואלדיגע סכנות, וואס דרא־ הען איהר. פוילען מוז וואס שנעלער ענט־ וויקלען זיך צו פולער קראפט; מיט איהר פיהרונג דארף זי צוערשט פארדיענען און דערנאך קריגען די פולהארציגע מאראלע, פינאנציעלע און עקאנאמישע שטיצע פון דער גאנצער וועלט, וואס דאס אליין קען ערשט פאריכערען ערפאלג דער רעפוב־ ליק אין דער צוקונפט.

פארלאנגט א נייע קאמיסיע זאל באשטימט ווערען.

17. עס איז אונמעגליך געווען פאר דער מיסיע, אין די צוויי חדשים וואס זי האט פארבראכט אין פוילען — צו טאן מעהר, ווי צו באקענען זיך מיט דער אל־ געמיינער לאגע פון דער באפעלקערונג. כדי צו פארמולירען א לייזונג פון דער אידישער פראגע איז נויטיג א פאָרזיכ־ טיגע און ברייטע אונטערזוכונג — ניט נור ווענען דער עקאנאמישער לאגע פון די אידען, נור אויך וועגען די נייע באַ־ דערפנישען פון פוילען, און די באדערפ־ נישען פון פוילען וועלען מיט באשטימט־ קייט ניט קענען פעסטגעשטעלט ווערען, ביז פוילענס גרענעצען וועלען ניט פיק־ סירט ווערען, און ביז פוילענס באציהונ־ גען מיט רוסלאנד וועלען ענדגילטיג ניט רעגולירט ווערען. ווארים מיט רוסלאנד האט פוילען פריהער געהאט איהר גרעסטען האנדעל. קאמענדירט, אז די ליגע פון אדער די גרעסטע נאציאנען, נען פאראינטערעסירט אין דעם פראב־ לעם זאלען שיקען קיין פוילען א קאמי־ [illegible]

[illegible] דורך דעם געעפענט ווערען פאר די אי־ דען; או עס וועט זיין די אויפגאבע פון דער פראיעקטירטער קאמיסיע צו העל־ פען די אידען צו פראפיטירען דערפון און צו געווינען דעמזעלביגע אנזעהן, וואס זייערע גלויבענס־גענאסען האבען [illegible] פוילען, וואס אלע זיינע מיטגליעדער גע־ ניסען די זעלביגע רעכט און טראגען די זעלבינע פליכט.

מיט רעספעקט פארבריינגענדיג
(אונטערגעצייכענט)
הענרי מארגענטוי.

## ווי מען ענטפערט אויף די צענזוס פראגען

פון א סניטקאָווער

אויב אין וואשינגטאן קלייבען זיך אן אזעלכע דאקומענטען, ווי דער וואס מיר געהען איך דא איבערגעבען, קען מען זיך שוין אליין משער זיין וואס פאר א טאלק מיר קענען דערגעהן דורך דעם צענזוס.

די גאנצע ארבעט באשטעהט אין ענט־ פערען אויף פראגען וואס געפינען זיך אויף א „קוועסטשיאנער" וואס איז צוגע־ גרייט פאר דיעזען צוועק.

דער קוועסטשיאנער האט פראגען און ענטפערען.

פאר א ביישפיעל לייענט איצט איבער דאס פאלגענדע:

פראגע: — וואס קעהרט איהר זיך אן מיט דעם הערר מיט וועלכען איהר לעבט?

ענטפער: — א לעבען. (פארגרייזט פון דעם ענגלישען ווארט „וויף" אויף „לייף"). ווייטער.

פראגע: — איז דאס אייערע אן איי־ גענע הויז, אדער איהר צאהלט דירה געלט?

ענטפער: — סינגעל.

פראגע: — צו וועלכען געשלעכט גע־ הערט איהר?

ענטפער: — איטאליענר.

פראגע: — אין וועלכע הייראטס באַ־ ציהונגען?

ענטפער: — נישקשה.

פראגע: — קענט איהר לעזען? (שרייבט יא אדער ניין.)

ענטפער: — ביידע.

פראגע: — וואו זענט איהר געבארען?

ענטפער: — גרייט לייקס, אינזשעני־ רינג קארפוס.

פראגע: — קענט איהר ריידען ענג־ ליש? (שרייבט יא אדער ניין).

ענטפער: — איינס פון די ביידע.

פראגע: — וואס איז אייער באשעפ־ טיגונג?

ענטפער: — א שוסטער. (לעזט ווייטער).

פראגע: — ביי וועמען זענט איהר באַ־ שעפטיגט?

ענטפער: — אין א לאמבער יארד.

פראגע: — זענט איהר אן ארבעטסגע־ בער, אדער אן ארבעטער פאר ווידזשעס, אדער סאלארי, אדער ארבעט איהר פאר זיך אליין?

ענטפער: — יא.

פראגע: — וואס פאר א שפראך רעדט איהר?

ענטפער: — א פראטעסטאנט.

פאר א מוסטער פון חכמה, איז דאס ראכט זיך נענוג. דער צענזוס האט אנ־ געהויבען טאן זיין ארבעט מיט צוויי וואכען צוריק און אין יוני וועלען מיר וויסען די רעזולטאטען. אבער וואס די רעזולטאטען וועלען זיין, קען קיינער סיך חכם ניט זיין.

דארפען דארף דאס זיין אזוי. פאראן גוטע און שלעכטע מענשען, פראפיטי־ רער און באנקירען, נייע אויפגעקומענע גביהים, און פריש־געבאקענע קבצנים, און אזוי ווי וואשינגטאן וועט מאכען א סך הכול און איהם פארשליסען ביי זיך, וועט יעדער איינער קענען א פאהר טאן אין וואשינגטאן און א פראג געבען למשל:

— וויפיעל לאנדרי לייט האב איך אין מיין שטאָט?

און וואשינגטאן וועט אויפשליסען דאס קעסטעלע, וואו דער סך הכול ליגט וועט א בלעטער טאן אין קאטאלאג און גלייך ארויסלעזען דעם ענטפער: 432.695 אדער עהנליכעס. עס קען זיין או מען וועט זיך נאך לאנג ארומרייסען אין סע־ נאט ארום די „רעזערוויישאנס" אין דער טריטי, אדער עס וועט נאך אניך ווייטער אויך פאסירען אז א ברויף אויפגעלעגט אין ניו יארק זאל אונז אנקומען אין א פאר יאהר ארום, אבער דערפאר אז מיר וועלען זיין נייגעריג צו וויסען, וויפיעל מענשען געפינען זיך אין אמעריקא וואס זענען געבארען זאגען מיר, אין סאמאט־ רא, וועט מען אונז גלייך זאגען.

אבער שפאס אין א זייט.

איצט ווען מיר לעבען אין א צייט, ווען די וועלט האלט זיך אין באנייען, אין ענדערען,, ווען אלעס ווערט אזוי פינקטליך, איצט וועט איהר דאך נישט גלויבען, אז עס זענען נאך דא עלטערע פרויען וואס לאזען ארונטער די אויגען און הויבען אן רויט ווערען, ווען זיי דאר־ פען ענטפערען פאר'ן צענזוס ווי אלט זיי זענען, געהט זשע, זייט מוחל, כאפט א שפאציער מים"ן מאן, וואס שטעלט די פראגען, נעמט איהר עפעס זעהן.

א ביזנעס פרוי, למשל, טעלעפאנירט ארייז צום צענזוס אפיס:

— היות ווי זי איז געווען ביי דער ארבעט בעת דער צענזוס האט ביי איהר אויף דער קווארטיר. נעשטעלט פראגען, און די באלעבאסטע האט געענטפערט פאר אלע וואס וואוינען ביי איהר, נאר זענען ניט געווען אין הויז, בכן איז זי איבערצייגט, אז יענע האט ניט געענט־ פערט ריכטיג, זי האט ניט געקענט ענט־ פערען ריכטיג.

פרעגט דער אפיס:

— וואס האט יענע געענטפערט?

ענטפערט די ביזנעס פרוי:

— איך ווייס ניט, וואס יענע האט געענטפערט, נאר זיכער איז, אז זי האט ניט געענטפערט ריכטיג.

— צום ביישפיעל? — פרעגט מען זי איבער נאכאמאל.

— אט צום ביישפיעל וועגען מיין על־ טער. איך בין זיכער, אז זי האט מיר פארשריעבען פיעל עלטער ווי איך בין, ווייל איך זעה אויס א סך עלטער, איהר ווייסט דאך, פאראן א סך מענשען, וואס זעהען אויס עלטער ווי זיי זענען אין דער אמת"ן... בפרט פרויען, א יא?

און דער אפיס האט צוליעב געטאן דער פרוי, איהר פארשפראכען אריינצו־ שיקען נייע „קוועסטשאנירס" אז זי זאל אליין פאר זיך ענטפערען ווי אלט זי איז.

אין אנאנדער הויז איז א פרוי נעקור מען פון צענזוס אין א הויז, וואו עס וואוינען צוויי עלטערע מיידלאך, אלעס איז געגאנגען גוט, ביז — נו, ביז ס'בע־ קומען צו דער פראגע: ווי אלט זיי זע־ נען.

די פרויען האבען זיך נעקארטשעט און גערדעהט, אהער און אהין, אבער האבען אויף דער פראגע ניט געענטפערט.

אויף מארגען האט דער צענזוס אפיס געשיקט א מאן אין דעם איינגענעם הויז ארייז.

— מיר איז גאנץ ענאל וואס איהר וועט ענטפערען. — ערקלעהרט דער מאן, — אבער אנקעל סעם וויל וויסען, און איהר וועט אזוי גוט זיין און מיר זאגען ווי אלט איהר זענט.

און די פרויען האבען געהאלטען אין איין בעטען זיך:

— וואס האט מען צו אונז, מיר האַ־ בען קיינמאל ניט לעבען, אונזער עלטער קיינעם נישט געזאגט, איבערהויפט נאך צו א מאן!

ערשט ווען דער מאן האט זיי ערקלערט אז דאס געזעץ באשטראפט מיט הונ־ דערט דאלאר אדער פריזאן איז איינע פון די פרויען צוגעגאנגען און ארונטער־ געצויגען די פארהאנגען איבער"ן פענס־ טער און ענדליך א זאג געטאן.

— פינף און פערציג.

און דער צענזוס מאן ערקלעהרט, אז אויב יענע פרוי איז פינף און פערציג, איז ער נאך ניט געבארען געווארען.

א חוץ דעם פאסירט אז אין די אויס־ לענדישע קווארטאלען, צושרעקען זיך אי־ טאליענער און לויפען ארום מיט מעסער אנטקעגען דעם צענזוס מאן.

אין שווארצען קווארטאל אין דעט־ ראיט, איז מען איינגעם באפאלען מיט א מעסער ווייל ער האט נעפרעגט יענעם: „זענט איהר טויב אדער שטום"?

האט זיך יענער שטארק באליידיגט און איהם פאריאגט מיט א רעוואלווער.

אין אן אנדער הויז ביי א איטאליענער האט דער צענזוס מאן באמערקט אז די ספאגעטי וואס קאכט זיך, שמעקט זעהר גוט. האט מען זיך מיט איהם דער־ פרעהט, איהם אוועקגעזעצט אויבענאן און איהם מכבד געווען מיט דער ספאגעטי, אזוי, אז ער האט אפגעגעסען, איז ער קוים אנטלאפען פון הויז, און שוין ניט געוואלט שטעלען קיין פראגען.

סיי ווי, קלוגער וועלען מיר פון צענ־ זוס ניט ווערען.

זי ווייס מעגליך די שולדיגע, איזאבער שווערער אויסצוגעפינען די מאס פון דאס דיסקרימינירען געגען די אידען. די דיסקרימינירונג באשטעהט הויפטזעכליך אין דעם עקאנאמישען באיקאט. די נאציאנאלע דעמאקראטישע פארטיי האט בסדר אגיטירט דאס עקאנאמישע דערשטיקונג פון די אידען דורך דער פרעסע, דורך אפיציעלע מעלדונגען, ווי אויך דורך רעדען, איז די קריסטליכע בעפעלקערונג אויפגעפאדערט ניט צו האנדלען מיט די אידען. לאנד באלעבאטים ווערען געראטען ניט צו פערקויפען זייער לאנד צו די אידען, און אפט ווען דאס איז יא געטאן געווארען, זיינען די נעמען פון די פערקויפער אפגעדרוקט געווארען אין שווארצע ציקולארען, זאגענדיג דאס די פערקויפער זיינען „טויט צו פוילען".

אפילו איצטער ווערט אט דער קאמפיין אנגעפיהרט פון דער ניט פוילישער פרעסע. וועלכע האלט אין דיידען, דאס דער עקאנאמישער באיקאט דארף בענוצט ווערען אלס א מיטעל פאר פוילען פטור צו ווערען פון די אידען. אט די אגיטאציע האט געלאזט דעם איינדרוק אויף די פוילישע אידען, דאס אן אונזיכטבארע שטריק איז פערצויגען אויף זייערע העלזער, און זיי זאגען, אז דאס איז די ערשטע פארפאלגונג וואס זיי זיינען געגויט צו ערטראגען. קריסטליכע ארבייטער האבען פיעל מאל זיך ענטזאגט צו ארבייטען מיט אידישע. דער פראצענט פון די אידען אויף קהל'שע שטעלען, איבערהויפט אויף די קלענערע שטעלען ווי אייזענבאהנען אנגעשטעלטע, פייערלייטע און פאליציי לייטע איז א סך פארקלענערט געווארען זינט די נייע רעגירונג איז ארוין אין מאכט. די קאמיסיע האט געקראגען דאקומענטען, וועלכע באווייזען דאס די רעגירונג האט ענטזאגט א סך אידישע אנגעשטעלטע אויף די אייזענבאהנען און האט זיי געגעבען סערטיפיקיטס וועלכע זאגען, דאס די איינציגע אורזאך, פארוואס זיי זיינען ענטזאגט געווארען איז דער פאקט דאס זיי זיינען אידען.

11. דאס עטאבלירען פון קאאפעראטיווע געשעפטען איז פון די אידען קרעמער אנגענומען געווארען אלס א פארמע פון דיסקרימינירונג. עס שטעלט זיך אבער ארויס אז דאס איז א גאנץ לעגאלער פערזוך צו פארקלענערען די טעטיגקייט און די פראפעטירונג פון דעם מיטעלמאן. אומגליקליכער ווייזע, ווען די געשעפטען זיינען געעפענט געווארען זיינען זיי אדווערטייזט געווארען אלס א מיטעל צו באקעמפען די אידען קרעמער. די אידען דאריבער האבען געקראגען די איבערצייגונג דאס די געשעפטען זיינען געגרינדעט געווארען זיי צו אטאקירען. אבוואהל עס איז מעגליך דאס די אנפיהרונג פון אט די געשעפטען, ווי אויך פריוואטע פערזאנען מוז אבער דאך צוגעגעבען ווערען, אז דאס איז א עקאנאמישע טעטיגקייט, וועלכע יעדע געמיינדע האט דאס רעכט אנצופיהרען. אויף דער אנדער זייט אבער, טענה'ען פיעל אידישע קאאפעראטיווע געשעפטען, ווי אויך פריוואטע פערזאנען, דאס די רעגירונג דיסקרימינירט געגען זיי אין דאס פאנאנדערטיילען די שפייז קאנטראלירט פון דער רעגירונג.

12. די רעגירונג האט אפגעלייקענט דאס זי פיהרט אן א פאליסי פון דיסקרימינירען געגען אידען, אבוואהל זי לייקענט ניט, דאס אין איינציגע פעלע האט דאס יא געקענט פאסירען. פארשטעהער פון דער רעגירונג האבען פערזיכערט דער קאמיסיע, דאס אזוי פיעל וויפיעל עס וועט ליגען אין זייער מאכט וועט דאס דיסקרימינירען בעזייטיגט ווערען.

13. און באטראכטענדיג די אורזאכען וואס האבען געבראכט די אנטיסעמיטישע שטימונג, וועלכע האבען פאראורזאכט דאס וואס עס איז פריהער בעשריבען געווארען, מוז מען געדענקען, דאס זינט פוילען איז פאנאנדערגעטיילט געווארען אין 1795, האבען די פאליאקען אלזנעזוכט זיך ווידער צו פאראייניגען און צו קריגען אלס א פאלק זייער פרייהייט. אט דער בסדר'דיגער וואונש אנצוהאלטען זייערע נאציאנאלע שטרעבונגען האט זיי געבראכט דערצו, דאס זיי האבען געקוקט מיט א האס אויף אלעס, וואס האט נור געקענט שטערען זייערע ציעלען. דאס האט געפיהרט צו א קאנפליקט מיט אנדערע אידישע ארגאניזאציעס, וועלכע האבען ערקלערט, דאס זיי ווילען קריגען קולטורעלע אויטאנאמיע פינאנציעל אונטערשטיצט פון די רעגירונגען. דערצו נאך האט די שטעלונג וואס די אידען האבען גענומען צום ארטיקעל 93 פון דער ווערסאלער טריטי, וועלכע גאראנטירט דאס רעכט פון די ראסען און רעליגיעזע מינאריטעטען אין פוילען, געמאכט א ווייטערע אונצופרידענהייט געגען זיי. מעהר פאר

... קאראקטער פון דער אידישער מאסע אין פוילען. איבערהויפט זעהען דאס אפט די פאליאקען אין די באזונדערארטיגע קליידער, וואס די אידען טראגען. אין זייער היטען דעם שבת, אין טאן ביזנעס זונטאג, אין זייער כשרות, אין טראגען בערד און ריידען זייער אייגענע שפראך. דער באזיס פון זייער שפראך איז א דייטשער דיאלעקט, און דער פאקט דאס דייטשלאנד איז געווען — און איז — א פיינד פון פוילען, במאט די גאנצע זאך נאך מעהר אונבאליעבט. דאס קאנצענטרירען פון די אידישע מאסען אין געוויסע געגענדען פון די פוילישע שטעדט, האט אויך דייטליך צוגעגעבען, דאס די אידען זיינען אבגעזונדערט פון אלע איבריגע בירגער.

14. די אנגעצויגענע באציהונגען צווישען אידען און ניט אידען זיינען שפעטער נאך אנגעצויגענער געווארען—ניט נור דורך דער גרויסער מלחמה, אין פארלויף פון וועלכער פוילען איז געווען דאס שלאכט־פעלד פאר רוסישע, דייטשע און עסטרייכישע ארמעען. נאר אויך דורך די איצטיגע סכסוכים מיט די באלשעוויקעס און אוקראינער. פוילען געפינט זיך איצט עקאנאמיש אין סאמע נידריגסטען שטאנד. מאנופאקטור און קאמערץ האבען פאקטיש אויפגעהערט. דער דוחק דער יקרות, און די פאלקאמענע שפייזפארטיילונג איז א דראענדע געפאהר פאר דעם געזונד און וואהלזיין פון דער שטאדטישער בעפעלקערונג. אין רעזולטאט ליידען הונדערטער טויזענדער פון הונגער געהען ארום האלב אנגעטאהענע טויזענדער שטארבען פון קראנקהייטען, שטארבען מיט א הונגער טויט. דאס וואס דער האנדעל איז טויט, רופט זיך ספעציעל אפ אויף דער אידישער בעפעלקערונג וועלכע איז כמעט אין גאנצען אנגעוויזען אויף האנדעל. צוליעב די אלע אויבען באשריבענע אומשטענדען, האבען די פרייזען זיך פארדאפעלט און פארדרייפאכט, אבער די באפעלקערונג ווערט אויפגערייצט געגען די אידישע סוחרים; אויף זיי ווארפט זי די שולד פאר דער אומנארמאלער שטייגונג פון די פרייזען וואס שטאמט נאר פון אנדערע אורזאכען.

15. די גרויסע מאיאריטעט פון די אידען אין פוילען באלאנגט צו באזונדערע אידישע פאליטישע פארטייען. די גרעסטע פון זיי זענען די ארטאדאקסישע ציוניסטישע און נאציאנאלע פארטייען. אזוי ווי די אידען פארמירען באזונדערע פאליטישע גרופען, איז מעגליך, אז מאנכע פון די פוילישע אנטי־אידישע האנדלונגען זענען גיכער פון א פאליטישען, און ניט פון אן אנטיסעמיטישען כאראקטער, די הערשענדע פאליטישע פארטייען [illegible]

... ניט האלטען ביי דעם סיסטעם אין באצוג צו רעגירונגס פאזיציעס, וואס זענען ניט ריין פאליטישע. עס דארף קיין אונטערשייד ניט געמאכט ווערען ביים אויסוואהל פון פראפעסארען און לעהרער פון אייזענבאהן אנגעשטעלטע, פאליציסטען, פייערלייט און בכלל ביים באשטימען אויף אזעלכע שטעלעס, וואס אין ענגלאנד און די פאראייניגטע שטאאטען געהען זיי ארונטער אונטער „סיוויל סוירוויס". פוילען דארף איינזעהן, אז אזעלכע שטעלעס דארפען ניט אריינגעצויגען ווערען אין פאליטיק. טיכטיגקייט און דיענסט קען דערגרייכט ווערען, ווען מען שטעלט אן די בעסטע מענשען, אהן אונטערשייד פון פארטיי און רעליגיאן.

16. די באציהונגען צווישען אידען און ניט־אידען וועלען אהן ספק זיך פארבעסערען אין א שטארקער דעמאקראטישער פוילען. כדי דאס זאל גיכער דערגרייכט ווערען, דארף זיין פארשטענדיגונג און מיטארבייטשאפט צווישען 86 פראצענט קריסטען און 14 פראצענט אידען. די 86 פראצענט דארפען פארשטעהן אז זיי קענען ניט ארויסשטעלען א פעסטען פראנט געגען זייערע שכנים, אויב זיבען פראצענט פון דער באפעלקערונג איז אומצופרידען, איינגעשראנקען און אונאקטיוו. די מינאריטעט דארף אויפגעמונטערט ווערען מיטצוהעלפען מיט זייער גאנצען כח און איינפלוס — צו מאכען פוילען פאר א גרויס געאייניגט לאנד. — אזא לאנד איז נויטיג אין צענטראל אייראפא אום אנטקעגענצושטעהן די געוואלדיגע סכנות, וואס דראהען איהר. פוילען מוז וואס שנעלער ענטוויקלען זיך צו פולער קראפט. מיט איהר פיהרונג דארף זי צוערשט פארדינען און דערנאך קריגען די פולהארציגע מאראלע, פינאנציעלע און עקאנאמישע שטיצע פון דער גאנצער וועלט, וואס דאס אליין קען ערשט פארזיכערען ערפאלג דער רעפובליק אין דער צוקונפט.

### פארלאנגט א נייע קאמיסיע זאל באשטימט ווערען.

17. עס איז אונמעגליך געווען פאר דער קאמיסיע, אין די צוויי חדשים וואס זי האט פארבראכט אין פוילען — צו טאן מעהר, ווי צו באקענען זיך מיט דער אלגעמיינער לאגע פון דער באפעלקערונג. כדי צו פארמולירען א לייזונג פון דער אידישער פראגע איז נויטיג א פערזענליכע און ברייטע אונטערזוכונג — ניט נור וועגען דער עקאנאמישער לאגע פון די אידען, נור אויך וועגען די נייע באדערפענישען פון פוילען. און די באדערפנישען פון פוילען וועלען מיט באשטימטקייט ניט קענען פעסטגעשטעלט ווערען, ביז פוילענס גרענעצען וועלען ניט פיקסירט ווערען, און ביז פוילענס באציהונ־ [illegible]

... כער זיי לעבען. די פריינד פון די פוילישע אידען אין אמעריקא, ענגלאנד, און אנדערשוואו, וועלכע האבען שוין ארויסגעוויזען אזא גרויסע אינטערעס אין זייער וואהלזיין, — די זעלביגע פריינד וועלען מיט פרייד זיך אנכאפען אן דער געלעגענהייט מיטצוהעלפען. דער קאמיסיע אויסצוארבייטען יעדע פאסיגע לייזונג, וואס די קאמיסיע וועט פארשלאגען. דער פאקט, אז עס קען נעהמען א דור אדער צוויי ביז דער ציעל וועט ניט דערגרייכט ווערען, דארף ניט ענטמוטיגען.

אדער די גרעסטע נאציאנען, וואס זיינען פאראינטערעסירט אין דעם פראבלעם זאלען שיקען קיין פוילען א קאמיסיע, וואס זאל באשטעהן פון אנערקענטע אינדוסטריעלע פעדאגאגישע, אגריקולטורעלע און אלע אנדערע פאך עקספערטען. און די קאמיסיע זאל פארבלייבען דארט אזוי לאנג, ווי עס וועט נויטיג זיין גרינדליך אויסצופארשען דאס פראבלעם.

18. די קאמיסיע זאל אויסגעפינען א פלאן, וואס זאל גאראנטירען די אידען פון פוילען די זעלביגע עקאנאמישע און סאציאלע געלעגענהייטען, וואס זייערע גלויבנס־ברידער געניסען אין אנדערע פרייע לענדער. א נייע פוילישע קאנסטיטוציע האלט אין געשאפען ווערען. אין אלגעמיינע שטריכען איז אט דער נאציאנאלער אינסטרומענט שוין אנגעצייכענט געווען אין דעם ספעציעל אפמאך מיט די אליאירטע און אסאציאירטע לענדער; און אין יענעם אפמאך האט פוילען זיך אונטערגענומען טריי צו זיין צו די פרינציפען פון פרייהייט און גערעכטיגקייט און מינאריטעטען רעכט; און מיר קענען זיכער זיין, אז פוילען וועט טריי זיך האלטען צו איהר פארפליכטונג, וועלכע איז דורכאויס אין איינקלאנג מיט די בעסטע טראדיציעס פון דער נאציאן. א נייע לעבען וועט דורך דעם געעפענט ווערען פאר די אידען; און עס וועט זיין די אויפגאבע פון דער פראיעקטירטער קאמיסיע צו העלפען די אידען צו פראפיטירען דערפון און צו געווינען דעמזעלביגען אנזעהן, וואס זייערע גלויבנס־גענאסען האבען

19. אלע בירגער פון פוילען דארפען איינזעהן, אז זיי מוזען דאך לעבען צוזאמען. זיי קענען ניט אפגעשיידט ווערען אייגע פון די אנדערע — ניט דורך געוואלד און ניט דורך געריכט. אזוי גיך ווי אלע בירגער פון פוילען וועלען פאלשטענדיג באגרייפען דעם פאקט, וועלען זיי מוזען טאן אליין, וואס איז אין זייער כח צו קומען צו א בעסערער פארשטענדניס; צו פארלייכטערן די עקזיסטירענדע אומשטענדען — און ניט צו פארמעהרען די אנטיפאטיע און אומצופרידענהייט. די פוילישע נאציאן דארף איינזעהן, אז איהרע ערגסטע שונאים זיינען די, וואס העצען צו אינערליכע סכסוכים. א הויז, וואס איז צעטיילט אין זיך גופא, קען זיך נישט האלטען, עס דארף זיין נור איין קלאס בירגער אין פוילען, וואס אלע זיינע מיטגליעדער געניסען די זעלביגע רעכט און טראגען די זעלביגע פליכט.

מיט רעספעקט פארבריינגענדיג
(אונטערגעצייכענט)
הענרי מארגענטוי.

# ווי מען ענטפערט אויף די צענזוס פראגען

פון א סניטקאווער

אויב אין וואשינגטאן קלייבען זיך אן אזעלכע דאקומענטען, ווי דער וואס מיר געהען איך דא איבערגעבען, קען מען זיך שוין אליין משער זיין וואס פאר א טאלק מיר קענען דערגעהן דורך דעם צענזוס.

די גאנצע ארבעט באשטעהט אין ענטפערען אויף פראגען וואס געפינען זיך אויף א „קוועסטשיאנער" וואס איז צוגעגרייט פאר דיעזען צוועק.

דער קוועסטשיאנער האט פראגען און ענטפערען.

פאר א ביישפיעל לייענט איצט איבער דאס פאלגענדע:

פראגע: — וואס קעהרט איהר זיך אן מיט דעם הערר מיט וועלכען איהר לעבט?

ענטפער: — א לעבען. (פארגרייזט פון דעם ענגלישען ווארט „וויף" אויף „לייף"). ווייטער.

פראגע: — איז דאס אייערע אן אייגענע הויז, אדער איהר צאהלט דירה געלט?

ענטפער: — סינגעל.

פראגע: — צו וועלכען געשלעכט געהערט איהר?

ענטפער: — איטאליענער.

פראגע: — אין וועלכע הייראטס באציהונגען?

ענטפער: — נישקשה.

פראגע: — קענט איהר לעזען? (שרייבט יא אדער ניין.)

ענטפער: — ביידע.

פראגע: — וואו זענט איהר געבארען?

ענטפער: — גרייט לייקס, אינזשענירינג קארפוס.

פראגע: — קענט איהר ריידען ענגליש? (שרייבט יא אדער ניין).

ענטפער: — איינס פון די ביידע.

פראגע: — וואס איז אייער באשעפטיגונג?

ענטפער: — א שוסטער.

(לעזט ווייטער).

פראגע: — ביי וועמען זענט איהר באשעפטיגט?

ענטפער: — אין א לאמבער יארד.

פראגע: — זענט איהר אן ארבעטסגעבער, אדער אן ארבעטער פאר וויידזשעס, אדער סאלארי, אדער ארבעט איהר פאר זיך אליין?

ענטפער: — יא.

פראגע: — וואס פאר א שפראך רעדט איהר?

ענטפער: — א פראטעסטאנט.

פאר א מוסטער פון חכמה, איז דאס דאכט זיך גענוג. דער צענזוס האט אנגעהויבען טאן זיין ארבעט מיט צוויי וואכען צוריק און אין יוני וועלען מיר וויסען די רעזולטאטען. אבער וואס די רעזולטאטען וועלען זיין, קען קיינער קיין חכם ניט זיין.

דארפען דארף דאס זיין אזוי. פאראן גוטע און שלעכטע מענשען, פראפיטירער און באנקירען, נייע אויפגעקומענע גבירים, און פריש־געבאקענע קבצנים, און אזוי ווי וואשינגטאן וועט מאכען א סך הכול און איהם פארשליסען ביי זיך, וועט יעדער איינער קענען א פאהר טאן אין וואשינגטאן און א פרעג געבען למשל:

— וויפיעל לאנדרי לייט האב איך אין מיין שטאדט?

און וואשינגטאן וועט אויפשליסען דאס

פאר יאהר ארום, אבער דערפאר אז מיר וועלען זיין נייגעריג צו וויסען, וויפיעל מענשען געפינען זיך אין אמעריקא וואס זענען געבארען זאגען מיר, אין סאמאטרא, וועט מען אונז גלייך זאגען.

אבער שפאס אין א זייט.

איצט ווען מיר לעבען אין א צייט, ווען די וועלט האלט זיך אין באנייען, אין ענדערען,, ווען אלעס ווערט אזוי פינקטליך, איצט וועט איהר דאך נישט גלויבען, אז עס זענען נאך דא עלטערע פרויען וואס לאזען ארונטער די אויגען און הויבען אן רויט ווערען, ווען זיי דארפען ענטפערען פאר"ן צענזוס ווי אלט זיי זענען, גערהט זשע, זייט מוחל, באפט א שפאציערע מיט"ן מאן, וואס שטעלט די פראגען, נעמט איהר עפעס זעהן.

א ביזנעס פרוי, למשל, טעלעפאנירט אריין צום צענזוס אפיס:

— היות ווי זי איז געווען ביי דער ארבעט בעת דער צענזוס האט ביי איהר אויף דער קווארטיר. געשטעלט פראגען, און די באלעבאסטע האט געענטפערט פאר אלע וואס וואוינען ביי איהר, נאר זענען ניט געווען אין הויז, בכן איז זי איבערצייגט, אז יענע האט ניט געענטפערט ריכטיג, זי האט ניט געקענט ענטפערען ריכטיג.

פרעגט דער אפיס:

— וואס האט יענע געענטפערט?

ענטפערט די ביזנעס פרוי:

— איך ווייס ניט, וואס יענע האט געענטפערט, נאר זיכער איז, אז זי האט ניט געענטפערט ריכטיג.

— צום ביישפיעל? — פרעגט מען זי איבער נאכאמאל.

— אט צום ביישפיעל וועגען מיין עלטער. איך בין זיכער, אז זי האט מיר פארשריבען פיעל עלטער ווי איך בין, ווייל איך זעה אויס א סך עלטער. איהר ווייסט דאך, פאראן א סך מענשען, וואס זעהען אויס עלטער ווי זיי זענען אין דער אמת"ן... בפרט פרויען, א יא?

און דער אפיס האט צוליעב געטאן דער פרוי, איהר פארשפראכען אריינצושיקען נייע „קוועסטשאנירס" אז זי זאל אליין פאר זיך ענטפערען ווי אלט זי איז.

אין אנאנדער הויז איז א פרוי געקומען פון צענזוס אין א הויז, וואו עס וואוינען צוויי עלטערע מיידלאך, אלעס איז געגאנגען גוט, ביז — נו, ביז ס'געקומען צו דער פראגע: ווי אלט זיי זענען.

די פרויען האבען זיך געקארטשעט און גערדעהט, אהער און אהין, אבער האבען אויף דער פראגע ניט געענטפערט.

אויף מארגען האט דער צענזוס אפיס געשיקט א מאן אין דעם איינגעם הויז אריין.

— מיר איז גאנץ אגאל וואס איהר וועט ענטפערען. — ערקלעהרט דער מאן, — אבער אנקעל סעם וויל וויסען, און איהר וועט אזוי גוט זיין און מיר זאגען ווי אלט איהר זענט.

און די פרויען האבען געהאלטען אין איין בעטען זיך:

— וואס האט מען צו אונז, מיר האבען קיינמאל אין לעבען, אונזער עלטער קיינעם נישט געזאגט, איבערהויפט נאך צו א מאן!

ערשט ווען דער מאן האט זיי ערקלערט אז דאס געזעץ באשטראפט מיט הונדערט דאלאר אדער פריזאן איז איינע פון די פרויען צוגעגאנגען און ארונטערגעצויגען די פארהאנגען איבער'ן פענסטער און ענדליך א זאג געטאן:

— פינף און פערציג!

און דער צענזוס מאן ערקלעהרט, אז אויב יענע פרוי איז פינף און פערציג; איז ער נאך ניט געבארען געווארען.

א חוץ דעם פאסירט אז אין די אויסלענדישע קווארטאלען, צושרעקען זיך איטאליענער און לויפען ארויס מיט מעסער אנטקעגען דעם צענזוס מאן.

אין שווארצען קווארטאל, אין דעטראיט, איז מען איינעם באפאלען מיט א מעסער ווייל ער האט געפרעגט יענעם: „זענט איהר טויב אדער שטום"?

האט זיך יענער שטארק באליידיגט און איהם פאריאגט מיט א רעוואלווער.

אין אן אנדער הויז ביי א איטאליענער האט דער צענזוס מאן באמערקט אז די ספאגעטי וואס קאכט זיך, שמעקט זעהר גוט, האט מען זיך מיט איהם דערפרעהט, איהם אוועקגעזעצט אויבענאן און איהם מכבד געווען מיט דער ספאגעטי, אזוי, אז ער האט אפגעגעסען, איז ער קוים אנטלאפען פון הויז, און שוין ניט געוואלט שטעלען קיין פראגען.

סיי ווי, קלוגער וועלען מיר פון צענזוס ניט ווערען.

# The Weg — [ד]ער וועג
THE DETROIT JEWISH DAILY

די איינציגע אידישע טעגליכע ציימונג אין מישיגאן סטיים
ערשיינט יעדען פריהמארגען אויסער שבת. דורך דער
וועג פאבלישינג קאמפאני, אינקארפארייטעד.

[אפ]פיס אפיס: 347-49 הייסטינגס סטריט, דעטראיט, מיש. טעלעפאן: מעין 3715.

דעטראיט, 28טער יאנואר, 1920.


## דרשות געהאלטען ניט אויפ'ן ריכטיגען פלאץ

פון ב. י. ג—ן

א פרעדיגער אין ענגלאנד האט זיך געמאכט פאר א מיסיע צו באַ־ווייזען דעם ענגלישען פאלק, אז פרויען זיינען מעהר וואולגאר איידער מענער.

דער דאזיגער פרעדיגער איז א גלח. אין זיינע סירמאנס איז די הויפט טעמא אין די ליעבלינגס־טעמא, אז די פרוי איז גרעבער, אומהעפליכער און וואולגארער איידער דער מאן.

רעווערענד פ. ה. מאיער הייסט דער גלח.

אין זיין לעצטען דרוש האט ער געזאגט פאלגענדעס:

„איך האב נישט מורא פאר דעם מאנגעל אין שפייז; איך שרעק זיך נישט אפ פאר די עקאנאמישע אומרוהען אין לאנד. פאר וואס איך האב יא מורא איז פאר די קאנזעקווענטען וואס וועלען קומען דורכדעם וואס אונזערע פרויען האבען פארלירען זייער אמאליגע צניעות, זייער אמאליגע באַ־שיידענהייט.

דאס לאנד איז באמת אין א געפאהר. די איצטיגע גייע מאדעס איבער־צייגען אז איך האב תמיד רעכט געהאט, זאגענדיג אז די פרוי איז וואולגאר. דאס וואס מיר האבען געהאלטען פאר נאבעל, דאס וואס אונזערע מאמעס האבען געהאלטען פאר באשיידען, דאס פעהלט דער היינטיגער פרוי.

„נישט נאר די קליידונג פון דער היינטיגער פרוי איז א באווייז פון דעגענעראציע און פארדארבענקייט. מען קען דאס אויך זעהען פון זייערע מאנערען, פון זייערע באנעהמונגען און געזעלשאפט און בפרט אין דער געזעלשאפט פון מענער.

„די פרויען האבען ענטוויקעלט צווישען זיך א דריטען געשלעכט, וועל־כער איז נישט מוסקוליסטיש שטארק ווי דער מאן און נישט צארט און באשיידען ווי די פרוי. דאס איז עפעס א צוזאמענמישעכץ פון די ערגסטע עלעמענטען פון ביידע געשלעכטער".

אזוי האט אין זיין לעצטען סירמאן (דרשה) געזאגט דער ענגלישער פריעסט פאר זיינע צוהערער.

מיר האבען דא, אין אמעריקא, נישט געהערט אזא שארפען אנגריף אויף דעם „שעהנעם", „שוואכען" געשלעכט.

ווי זשע איז דאס טאקע דא? מיר שטעהן דאך אזוי נאהענט צום ענ־גלישען פאלק.

לאמיר נעהמען די קליידונג פון דער היגער פרוי.

מען קען נישט לייקענען דעם פאקט, אז די נייע דרעסעס, פון לעצטען פאסאן זיינען — זאל דאס אונזערע פרויען נישט פארדריסען — אפיסעל צו קורץ. די ווייסטען ווידער זיינען צו טיעף דעקאלטירט. און קומט מען צו די גרויסארטיגע וועטשערינקעס פון אינזערע רייכע פוסט און פאסניקעס זעהט איהר אז די „גייטגאונס" וואלטען באדארפט נאך א היבש ביסעל צייג אויף צו קענען צודעקען די אויפגעדעקטע טיילען פון קערפער, ווי למשל דעם רוקען, די הענט און ביוסט.

אפטמאל וואונדערט איהר זיך ווי ווערען זיי נים פארפרוירען אין אזעל־כע קעלטען מיט האלב נאקעטע דרעסעס.

מען קען נאך קיין טענות נישט האבען צום יונגוואַרג, וועלכע האבען א ליידענשאפט צו באווייזען זיך אין געזעלשאפט מיט זייערע שעהנע הענט. ווען איהר זעהט אבער פיערציג און פופציג יעהריגע מיאוסקייטען איינינע איינגעטרוקענט ווי די שטעקענס און אנדערע פעטע, ווי אפגעגאסענע, און אויך זיי דרעסען זיך ווי די וועגוס פון מילא, מוז מען זיי אדער אויסלאכען, אדער אפזידלען, ווארים דאס איבערצייגט באמת אז זיי זיינען וואולגאר און אז זיי האבען פארלוירען די באשיידענהייט.

באשיידענהייט איז אמת זאגענדיג אדער א געוואוהנהייט אדער א טבע, ד. ה. עס ליעגט אינם כאראקטער פון דער פרוי צו זיין באשיידען.

עס זיינען פאראן פרויען וואס קליידען זיך ווי הייליגע נאנעס און אין דערזעלבער צייט זאלען זיי אויף אייך אזא קוק טהאן, אז איהר זאלט רויט ווערען. און פארקעהרט זיינען פאראן פרויען וואס טראגען טיעף דעקאל־טירטע קליידער און זיינען דאך באשיידען. עס איז זיי שווער געווען דאס ערשטע מאל אזא קלייד אנצוטאן, אבער זיי האבען זיך איינגעוועהנט צו דעם.

צי באשיידענהייט אין קליידונג איז ווערט זיך איינצוגעוועהנען, וואַ־רים דאס ווערט אפגעשאצט. אבער צי איז דער דערמאהנטער פריעסט טאקע גערעכט מיט זיינע אנפאלען? צי איז דאס דען אין דער אמת'ן אן עהפינדונג פון בלויז דער היינטיגער פרוי?

זוכט נאר אויס עפעס א גראווירטע בילד פון די פרויען, וואס מיט א הונדערט יאהר צוריק און איהר וועט זעהן, אז אויך זיי זיינען געגאנגען דעקאלטירט, דורכזיכטיגע דרעסעס און אפגעדעקטע פלייצעס.

די עלטער באבע פון די היינטיגע ענגלישע פרויען האט זיך בכלל נים געשעמט פאר א דעקאלטירט קלייד.

עס איז אבער דערפאר א גרויסער אונטערשייד אין די מאנערען, נישט אר פון מיט א יאהר הונדערט צוריק, נאר אפילו פון מיט א יאהר 15 אדער 2 צוריק.

און אין דעם איז נים שולדיג די פרוי, נאר די ארדנונג, אין וועלכער יר לעבען.

די היינטיגע פרוי קומט טעגליך אין בארירונג מיט דעם מאן. די פרוי פון היינט האט זיך איינגעלערנט צו פארלאזען אויף די אייגענע פע־[ה]יגקייטען און נים אויף די פעהיגקייטען פונ'ם מאן.

די היינטיגע פרוי דענקט אנדערש, איז מעהר טאלעראנט, מעהר מו־טיג און מעהר רעכטדענקענד ווי די פרויען פון א פופציג, אדער אפילו 20 יאהר צוריק.

דערפאר זייען זיי מעהר מוסקוליסטיש און ווייניגער צארט. מעהר וואבענדיג אין זייערע באנעהמונגען און מעהר פראסט אין זייערע מאנע־רען. וואס זיי האבען געווינען אין איין זאך, האבען זיי פארלירען אין [א]ער צווייטער.

ווייל דער דערמאנטער גלח האבען צארטע, דעליקאטע און שעהן מאַ־ניערענדיגע פרויען, דאן זאל ער פרעדיגען אז מען זאל די פרוי נישט לאזען אין די פאבריקען, נישט לאזען זיי זיך צונויפקומען — אויף דעם מארק פון מסחר קאנקורענץ.

דער היינטיגער מאן זוכט אבער נישט מעהר יענע פרוי, ווייל חוץ דעם וואס אזעלכע זיינען כמעט נישטא, איז איהם גלאט מעהר געפעלען א פע־היגע, א קלוגע און א זעלבסטשטענדיגע פרוי. דער מאן אליין האט זיך אפ־געוועהנט פון צו באגייסטערען זיך פאר א ליאלקע.

איך מיין דערום אז דער פריעסט איז לחלוטין נישט גערעכט ווען ער זידעלט און מוסר'ט די פרויען. ער וואלט באדארפט דעם זעלבען מוסר זא־גען פאר די מענער. זאלען זיי די גאנצע ארדנונג איבעראנדערשען און דאן וועט די פרוי ווענינער קומען אין באריהרונג מיט'ן מאן און וועט ווידען צארט, פיין און דעליקאט און זיין מעהר באשיידען.

## אינזאמע מענשען

(בלעטער פון א פאמיליען־בוך)

י. ל. מאלאמוט

(סוף)

ער, דער דאקטאר, איהר מאן, ער פאר־שטעהט זי לחלוטין ניט, אדער וויל זי ניט פארשטעהן.

— צו וואס דאס גאנצע הויז מיט באלע־אבטישקייט, ווער דארף דאס?

— ווער דארף די ליענסט? פאר וואס נעך איננאנצען שאפען מיט איהר? צו וואס דארף מען געסט, צו וואס קומען צו זיי און זיי לאדען צו זיך?

און וועגען מאן האט זי געטראכט:

— ווען ער וואלט נאך ניט געפאדערט אזוי אפט אז זי זאל רק זיין אויפגעלעגט, וואלט זי איה מאפשר נאך געקענט פאר־טראגען!

און ווען אין הויז זאל ניט יעדע זאך דארפען שטעהן אזוי פינקטליך ווי צום באשטעל, וועט נאך אין הויז אויך ניט געווען אזוי לאנגווייליג.

איהרע געדאנקען זענען איבערגעריסען געווארען, ווען מרי האט אויף א טעציל אריינגעטראגען די טיי.

זילבערמאן האט זיך אויפגעהויבען, זאג טוענדיג:

— נו, גענוג געלאנגווייליגט זיך מיט דער מוזיקע?

נינא איז געבליבען זיצען אין שאקעל־שטוהל, האט נאר אביסעל ארויסגעשטעקט דעם קאפ פון שאל:

— טרינקט טיי, זילבערמאן.

זילבערמאן האט זיך געזעצט און עס צי־מער, און ה[אט] פראטעסטירט.

— שעהן נעמסטו דאס צו א גאסט, הייסט מיר טרינקען טיי, און אליין זיצט זי דארטען און שאקעלט זיך.

נינא האט זיך אויפגעהויבען און אי־ראניש באמערקט:

— אבער אלע פאדערען זיי. און איי־גענער מאן, א פרעמדער מאן, וואס זשע אין דער היים טרינקט די ווייב אויך מיט אייך טיי?

אין דער היים פאדער איך נאך מעהר. נינא. — האט זילבערמאן גערעדט. — וואס זשע מיינסט טאקע, אז ס'איז אזא גרויס גליק דיך צו האבען פאר א ווייב? אט נאר ניט, אז דו ביזט נאטאנזאן'ס פרוי, איז אדרבא, קום איך מיט דיר כא־פען א שמועס, דערפאר ווייל דו ביזט אנ־דערש, ניט קלוגער, דו הערסט, ניט קלו־גער נאר פארט אנדערש ווי אלע פרויען. [ד]ו ווייסט דאך כ'האב ניט ליעב די בא־[ש]ודערטע, מאראלע פרויען, ביי וועמען די [ה]ייראט איז א אינסטיטוציע. און דאס ווירטשאפט א קולט. אבער אין דער אמת'ן איז נאטאנזאן אינטעליגענטער פאר מיר, ברייטהארציגער פאר מיר, און אז ער [ו]וערט ניט פארנודיעט פון דיין איינזאמ־קייט, מוז ער נאר זיין שטערבליך פאר־ליעבט אין דיר. אבער ווען דו ביזט מיין [פ]רוי? קיין איין חודש וואלט איך מיט [ד]יר ניט געקענט וואוינען אין איין הויז.

נינא שמייכעלט, און ברענגט די האר איהרע ענדליך אין ארדנונג.

— יא, כ'האב עס שוין אמאל געהערט [פ]ון אייך! אפנים זא איהר זענט אלע איין שווארץ יאהר: איהר שפיעלט און מיר דארפען טאנצען.

זילבערמאן האט אנגעהויבען רעדען מיט מעהר טעמפעראמענט, ווי עס וואלט איהם געגאנגען אין לעבען אריין.

— מיין פרוי מוז ניט טאן אלסהינג ווי איך טהו, אבער איך וויל, זי זאל ניט זעהן קיין פאר מרה־שחורה'טע. איך וויל ניט, זי זאל מיך לאנגווייליגען מיט איהר אומעט. כ'קען קוים מיין אייגענעם אומעט בא־הערשען!

— זאל שוין זיין גענוג, זילבערמאן. טרינקט טיי און שפיעלט נאך עפעס, — האט נינא א זאג געטאן, שמייכלענדיג און איהם צוגערוקט די צוקער־פושקע.

— כ'האב דאך אייך קיינמאל זיך ניט אנגעבאטען צו זיין אייער פרוי, וואס דארפט איהר זיך אזוי וארפען מיט מיר? דאנקען גאט, ס'האלט נאך ניט דערביי!

זילבערמאן האט אוועקגעשטעלט די טיי.

— נו, כ'האב דאך בלויז געשפאסט. איך קען דאך דיך, נינא. כ'האב עס ניט געמיינט.

— זאלט איהר מיר קיינמאל ניט פאר־ווארפען מיין אומעט און מיין איינזאמ־קייט. עס איז דאך מיין אומעט און אויך מיר האב איך מיר מיינע רעכט צו פיהלען אזוי און אויס מיט די רעדעס! — האט נינא געענטפערט. האט זילבערמאנ'ען אריינגעווארפען און איבריג שטיקעל צוקער, נעמט טרינקט די טיי, איהר זייט טאקע א בן יחיד ביי מיר, אבער איהר דארפט זיך ניט איבערנעמען אזוי שטארק. קומט שפיעלט נאך עפעס. דער דאקטאר קומט שוין באלד.

— האסט פונדעסטוועגען אביסעל גע־וויסענביס פאר דיין דאקטאר. — האט זילבערמאן באמערקט. האט אויסגעשטעלט דאס גלאז און זי געמענדיג פאר'ן האנד גאנץ לייכט א זאג געגעבען — קום, איך וועל דיר שפילען.

נינא האט סארקאסטיש א זאג געגע־בען:

— דער דאקטאר זאל וויסען, וואלט ער זיך פון זינען געריהרט.

— אז איך האב דיר געהאלטען פאר דער האנד, מיינסטו? — האט זילבערמאן געזאגט. — ער איז א נאר. פאר אזעלכע ווי נינא, קענסטו איהם זאגען, דארף מען ניט איבערטראכטען, קענסט דאס איהם זאגען אין מיין נאמען.

נינא האט געשמייכעלט.

— אלע מענער זיינען נאראנים, און אפשר זענען אלע מענער זינדיג, און דער־פאר געטרויען זיי ניט זייערע אייגענע פרויען.

— יא. איצטער האסטו ארויסגעזאגט א טיפען אמת, נינא, מיר זענען אלע זינדיג, האט זילבערמאן באמערקט. מיר זינדיגען מיט די הענט, ווען מיר קענען ניט ארומנעמען דעם גאנצען קערפער און איהם אזוי צודריקען צו זיך, אז דאס הארץ זאל זיך א ריס טאן צום ארויס־שפרינגען, נעמען מיר כאפ'ן בלויז די האנד. און ווען מיר קענען ניט קושען מיט די ליפען וואס שרפה'ן און ברענען ווי א פלאם פייער, דאן קושען מיר מיט די אויגען, מיר עסען זיך איין אזוי טיף, אז מיר קושען אויס יעדעס אבר מיט איין שארפען בליק, וואס נידערט ארונטער ביז די טיפענישען פון דער נשמה.

זילבערמאן האט זיך אוועקגעזעצט ביי דעם קלאוויר און ווי איינגעצונדען זיך פאר־געסען אין נינא'ן, האט ער מיט ביידע הענט זיך ווי א שטורם א לאז געטאן אי־בער דער קלאוויר, שפילענדיג אין שנע־לער טעמפא, מורמלענדיג צו זיך אליין.

— בין איך דאך אויך צייטענווייז אזוי פאראיינזאמט, אז נאר דו, מיין ארעמע קלאוויר פיהלסט דאס. דאמאלס קום איך צו דיר, און קוש אויס דיין יעדעס בייני־דעל, יעדעס נ[...]יעדער מיט מיינע פינגער, גיב ארויין אין דיר, מיין צער, מיין פיין, און דו כאפסט אויף מיי שטיל געבעט ווי אויף פליגלען און טראגסט זיך מיט מיין תפלה, מיט מיין אומעטיגען ניגון צו די הימלען, איבער די ימים, די שטורמישע, די ברויזענדע און דאן ווערט מיר מיט־אמאל אזוי גוט.

דער שנעלער טאן האט זיך אין זיין שפיעלען אויגנבליקליך געביטען, גאנץ שטיל האבען זיינע פינגער קוים די קלא־ווישען באריהרט. א רוהיגע צופרידענהייט האט זיך אין דעם שפילען געהערט, א גליקליכער האט ער שטיל געמורמעלט:

— עס טרעפט, אז איך טראף אן א זאר גוטע, שמייכלענדע אויגען, ווייכע, טיפע וואס דערצעהלען אויף פון איינ־זאמקייט, פון אומעט און בענקשאפט. וואס קיינער ווייסט ניט פון וואנען עס איז געקומען, און וואוהין דאס פיהרט. אמאלס קום איך און שפיעל פאר יע־נעם איינזאמען, יענעם מיעדען, פאר־בענקטען. איך שפיעל איהם אויס זיין צער, זיין פיין, זיין אומרוהיגע נשמה זע־טיג איך מיט מיינע אומעטיגע טענער, איך פארוויעג איהם מיט א שטיל, זיס ליעד, און עס ווערט מיר דאן אזוי גוט אויף מיין הארצען, עס ווייזט זיך מיר אויס, אז איך האב א נשמה פון טיפען תהום פון וואמגזין נגראטעוועט. איך האב די שרים וועלט פאריאגט, דאמאלס איז מיר אזוי גוט. און די פיאנא באגלייטונג האט זי צוגעברומט: אזוי גוט, אזוי גוט!

נינא, וועלכע איז געשטאנען הינטער זיינע פלייצעס, זיך איינגעהערט צו זיין שפיעלען, האט זיך מיט אימפעט א לאז געטאן צו איהם.

— גענוג, זילבערמאן, איך האב עס אליין געוואוסט, שוין גאנץ לאנג. קומט מיר וועלען געהן שפאצירען, ביידע איינ־זאמע מענשען. קומט, ווייל אז איהר וועט נאך לאנג אזוי שפיעלען און רעדען, וועל איך, איך וויים אליין ניט וואס אפטאן היינט, קומט! — און זי האט איהם מיט אלע קרעפטען געצויגען ביי די אקסלען פון בענקעל.

זילבערמאן האט זיך אויפגעהויבען גע־גען זיין ווילען, האט פארדרייט א פריי־שע ליולקע, און ארייגגעהענדיג צוריק אין עס־צימער באמערקט:

— דאס קען איך דיר יא זאגען, נינא, אויב דו ווייסט עס ניט. ווען איך פיהל זיך עלענד און איינזאם, זעהסטו מיך ניט! דאמאלס הערט מיך נאר גאט!

נינא האט אפגעזיפצט, איז צוגעגאנ־נען גאנץ נאהענט צו איהם, איהם דער־לאנגט ביידע הענט:

— היינט האב איך געהערט, זילבער־מאן, געהערט און פארנומען. מיין ברודער אין איינזאמקייט! שוין אזא צייט, אז איך קען דיך, היינט גיב איך דיר מיין ערשטען קוש, און זי האט איהם אבגעפרעסט א צארטען קוש אויף די ליפען, און פארענ־דיגט:

— פון היינט אן וועל איך דיר זא־גען „דו" ביינאנד וועט אונז די איינזאמ־קייט ליעבערשט ווערען. און ביי די הענט ווי צוויי קליינע קינדער זענען זיי פון הויז פארשוואונדען.

## רעפובליקאנער אסעמבלימאן וויל ארויסווארפען קאמיטע וואס משפט די 5 סאציאליסטען

אלבאני, נ. י. יאנ. 26. — וויליאם ג. איימאס רעפובליקאנער אסעמבלימאן פון ניו יארק וועט היינט מאכען א פארזוך צו ענטלאסען די זאגענאנטע דזשודישערי קאמיטע וועלכע פיהרט די „טרייעל" פון די פינף סאציאליסטישע אסעמבלי לייטע און ניט ערלויבען די דערמאנטע קאמיטע פארזעצען די אונטערזוכונג.

## א לעבעדיגער גרוס פון דער יעקב דינעזאן שולע אין ווארשא

די שוועסטער ברכה און שרה גלאזער, יונגע שילערינס פון דער שולע, וועלען אנטייל נעהמען אין דעם מוזיקאליש־לי־טערארישען אוונט וואס ווערט היינט אראנזשירט פון דעם י. ל. פרץ ליטערא־רישען פאראיין, אין ליבאר לייסעאום.

א רייכע פראגראמע איז פארבערייט גע־ווארען און איינינע גוט באקאנטע לאקא־לע קרעפטען נעהמען אנטייל אין דיזען אוונט.

קומט און ברענגט אייערע פריינד.

י. ל. פרץ ליטערארישער פאראיין





## אידישע נייעס פון אלע וועלט טיילען

### צוויי יאהריגעס קינד געפונען דער־שטיקט פון גאז.

עני הארט, 2 יאהר אלט פון 1065 פענ־סילווייניא עוו. איז נעכטען פון איהר מו־טער מרס. מארסעלא הארט, געפונען גע־ווארען טויט אין בעט, וועלכע איז גע־שטאנען אין קיטשען נעבען גאז הייוועלע.

לויט מרס. הארט האט דערצעהלט דער פאליציי איז זי געווען געצוואונגען אריינ־צושטעלען די קינדערשע בעט אין קיטשען ווייל זי האט ניט געהאט קיין קויהלען צו בעהייצען די הויז, און די איינציגע בע־הייצונג, וואס זי האט געהאט איז געווען דער גאז הייוועלע אין קיטשען.

נעכטען ביינאכט, האט די אונגליקלי־כע מוטער דערצעהלט דער פאליציי, האט זי מיט איהרע צוויי מיידעלעך מארדזשא־רי דריי און א האלב יאהר אלט און עני 2 יאהר, זיך געלייגט שלאפען אין דער בעט און ווען זי האט זיך אויפגעכאפט האט זי געפיהלט א שרעקליכען קאפ־שמערצען. פון די גאז וועלכע האט געשטראמט פון דער אפענער פייפ. מיט גרויס מיה איז איהר געלונגען צו צולויפען צום פענס־טער, אויסגעבראכען א גלאז און געשריי־ען נאך הילפע. ווען די שכנים זיינען זיך צוזאמענגעקומען האבען זיי דערזעהן ווי די אונגליקליכע מאמע יאמערט איבער דעם טויטען קערפער פון איהר צוויי יאה־ריגע טעכטערל עני, וועלכע איז שוין גע־ווען טויט פון עטליכע שטונדען. די צוויי־

### גרויסער ענטוזיאזם פאר דעם גאולה־פאנד קאמפיין „איבער'ן לאנד"

לאר גאולה־פאנד, וואס האט זיך אנגע־הויבען אין ניו יארק דעם 18־טען יאנואר, האט זיך אין דער פראווינץ נאר טייל־ווייז אנגעפאנגען אין דעם טאג. יעדען טאג קומט צו א נייער סטייט אדער שטאדט, וואס ווארפט זיך אריין מיט גרויס ענערגיע אין דעם קאמפיין פאר'ן גאולה פאנד. באריכטען פון פיעלע פלע־צער זענען ערהאלטען געווארען, וואס צייגען, אז די פראווינץ רופט זיך אפ זעהר ווארים פאר דעם גאולה פאנד, ווע־מעס געלדער עס געהען פאר דער אויפ־בויאונג פון דער נאציאנאלער אידישער היים אין ארץ ישראל.

מר. עבדיה גראסמאן, האט באזוכט איי־ניגע סאוטה־וועסטערן סטייטס, וואו ער האט געמאכט ארגאניזשמענטס פאר דעם גאולה פאנד קאמפיין. לואיסוויל, קענטאַ־קי, האט זיך אונטערגענומען צו שאפען די קוואטא פון $50.000. עס איז גע־גרינדעט געווארען א טויזענד דאלאר קלוב, מיט אלפרעד בראנדייס אלס טשער־מאן. סוא סיטי, אייאווא, האט פארשפרא־כען צו שאפען די קוואטא פון $25.000. אין אמאסא, נעבראסקא, געהט שוין אן א לעבעדיגער קאמפיין פאר דעם גאולה פאנד און עס ווערט ערווארטעט, אז זי וועט שאפען $75.000. דאס מיינט, מיט $25.000 מעהר פון איהר קוואטא.

אין ניו דזשוירסי סטייט ווערט דער קאמפיין אנגעפיהרט פון מר. הער לע־וואר. דיעזער סטייט דארף שאפען די קוואטא פון $625.000.

פארט וויין, אינדיאנא, האט אויסגע־קליבען א טעטיגע קאמיטע אום צו שא־פען איהר קוואטא פון $16.500. עסקא־נאבא, מישיגאן, מיט 10 שכנ"ישע שטעט־לאך ארום האבען אונטערגענומען צו שאפען די קוואטא פון $15.000. אין ווירדזשיניא ווערט דער קאמפיין אנגע־פיהרט מיט ערפאלג פון מר. אירווינג נאלפארב. די רעפארמירטע אידען פון נארפאלק האבען פארשפראכען זייער הילף.

### גאווערנאר קאקס פון אהייא עפענט דעם סטייט קאמפיין דיעזען זונטאג.

דער קאמפיין פון סטייט אהייא פאנגט זיך אן היינט זונטאג, דעם 25טען יא־נואר, מיט א גרויסען מאספיטינג אין גרעי"ס ארמארי אין קליוולאנד, וואו דער גאווערנאר פון סטייט דזשעימס קאקס וועט זיין פון די הויפט רעדנער. עס וועלען אויך רעדען ריכטער בעק, סענאטאר פאמארין און מר. לואיס ליפסקי. יצחק כרמל, דער דירעקטאר פון ציוניסטישען ביורא, וועט זיין דער אנפיהרער פון דעם סטייט קאמפיין מיט ראבי סילווער אלס טשערמאן. די קוואטא פון אהייא איז א האלב מיליאן דאלאר.

### שיף מיט פסח־דיגע מעהל פאר $250.000 שוין אפגערייזט נאך פוילען.

### די דזשאינט דיסטריביושאן קא־מיטע גרייט אויך צו א לאדונג מעהל פאר די אידען אין ליטא, קורלאנד און די באלטישע פראווינצען.

די „דזשאינט דיסטריביושאן קאמיטע" מאכט באקאנט, אז די שיף „ווויסלא", פון דער „פויליש אמעריקאן ליין" איז די וואך אפגעפאהרען מיט פסח"דיגע מעהל פאר די אידען אין פוילען.

די לאדונג מעהל וועט גרייכען די האַ־פען שטאדט דאנציג אונגעפעהר אין צוויי וואכען צייט. פו דאנציג וועט די לאדונג אפגעפיהרט ווערען נאך ווארשא, און פון ווארשא וועט די מעהל פארטיילט ווערען צו די פראווינציעלע קהלות אין פוילען.

די אמעריקאן רעליעף אדמיניסטריי־שאן, פון וועלכער הואווער איז געווען דער אדמיניסטראטאר, וועט העלפען אין דער שנעלער פערטיילונג פון די פסח"די־גע מעהל, זא דאס עס איז פאלשטענדיג זיכער, אז די נויטליידענדע אידישע קהלות אין פוילען וועלען דאס מאל הא־בען מצה אויף פסח.

די לאדונג פון פסח"דיגע מעהל פאר פוילען קאסט א פערטעל מיליאן דאלאר.

אויסער פוילען שיקט די דזשאינט דיסטריביושאן קאמיטע אויך פסח"דיגע מעהל פאר די אידען אין ליטא, קורלאנד און אין די באלטישע פראווינצען. די קאמיטע האט שוין געקויפט די ווייץ, וועלכע ווערט יעצט געמאהלען אונטער דער ספעציעלער השגחה פון רבנים, און אין פערלויף פון די נעקסטע עטליכע וואָ־כען וועט די לאדונג מעהל שוין זיין אין וועג.

The only Jewish Paper Printed in Michigan

Published Daily by DER WEG PUBLISHING CO.

# דער וועג

The Detroit Jewish Daily

די איינציגע אידישע צייטונג געדרוקט אין מישיגאן סטייט

347-49 HASTINGS STREET
Telephone Main 3715

Published and distributed under permit No. 7?? authorized by the Act of October 6, 1917, on file at the Post Office of Detroit, Michigan. By order of the President, A. S. Burleson, Postmaster General.

PRICE 2c. — DETROIT, MICH., Thursday, January 29th, 1920 Vol. 1, No 199 — דאנערשטאג, יאנואר 29, 1920.

# ליטווינאוו שלאגט ווידער פאר שלום „עלייעס"

לאנדאן, יאנ. 28. — באריס ליטווינאוו, דער באלשעוויסטישער דעלעגאט צו פארהאנדלען מיט ענגלאנד אין קאפענהאגען וועגען די קריגס געפאנגענע, האט היינט געלאזט וויסען ענגלאנד די שלום באדינגונגען פון דער סאוועטען רוסלאנד.

די באלשעוויקעס זענען וויליג צו דעמאביליזירען די רויטע ארמיי, ניט צו פיהרען מעהר קיין פראפאגאנדא אין פרעמדע לענדער, אויב די אליאירטע וועלען רוסלאנד גאראנטירען שלום.

די דאזיגע גאראנטיעס זאלען זיין:

1) די פאלשטענדיגע פארזיכערונג, דאס רוסלאנד וועט מעהר ניט איבערפאלען ווערען פון אירגענד וועלכע אטאקען אונטערשטיצט פון די „עלייס";

2) דאס ארויספיהרען פון דער סאוועט רוסלאנד אלע פרעמדע מיליטער;

3) סאנקציאנירען קאמערציעלע פארהאנדלונגען מיט דער סאוועט רעגירונג;

מ. ליטווינאוו האט ערקלעהרט, דאס אויב די אליאירטע וועלען צושטימען צו די שלום-באדינגונגען, דאן וועלען אין רוסלאנד איינגעלאדען ווערען זייערע מיליטערישע פארשטעהער, וועלכע זאלען אכטונג געבען אויף דער דעמאביליזאציע פון דער באלשעוויסטישער ארמיי, ווי אויך אויף דעם נאכקומען פון אלע איבעריגע סאוועטען-הבטחות.

רוסלאנד, ווערט איבערגעגעבען, נויטיגט זיך גיכער אין א קאמערציעלען, ווי אין א דיפלאמאטישען שלום.

קראסין, איינער פון די טעטיגסטע קאמיסארען, איז גרייט איינצולאדען אין רוסלאנד וויסענשאפטליכע עקספערטען, צוזאגענדיג זיי נאר א הויכען געהאלט.

## סאוועטען און עסטלאנד שרייבען אונטער שלום-אפמאך.

לאנדאן, יאנ. 28. לויט א דעפעשע פון ריגא, וועט מארגען אונטערשריבען ווערען דער שלום צווישען עסטלאנד און סאוועטען רוסלאנד.

דער שלום-אפמאך האט א פונקט, לויט וועלכען רוסלאנד פארפליכטעט זיך צו העלפען עסטלאנד אין פינאנציעלען און מאטעריעלען הינזיכטען.

עסטלאנד וועט קריגען פון רוסלאנד 16 מיליאן רובעל אין גאלד. איהר איז געמאכט געווארען קאנצעסיעס צו בויען אן אייזענבאהן פון רעוועל ביז מאסקווע. דריי הונדערט לאקאמאטיווען און פיעל אנדערע בוי - מאטעריאלען וועט איהר רוסלאנד צושטעלען.

## באלטישע מלוכות ווערען נייטראליזירט.

לאנדאן, יאנ. 28. א מאסקווער דראטלאזע טעלעגראמע מעלדעט, דאס די קאנפערענץ פון די באלטישע מלוכות אין העלזינגפארס, האט דעם 23-טען יאנואר באשלאסען אנצונעהמען דעם פלאן פון נייטראליזירונג פאר די אלע באלטישע שטאטען.

ענדגילטיגע דעטאלען וועלען ווערען אויסגעארבייט אויף א צווייטער קאנפערענץ וואו אלע באלטישע לענדער וועלען אנטייל נעמען.

ס'איז אויך אנגענומען געווארען א באשלוס וועגען דער צאהל מיליטער, וואס יעדע פון די דאזיגע מלוכות זאל באזיצען.

## האנדלען מיט רוסלאנד נאך אלץ פארבאטען.

וואשינגטאן, יאנ. 28. — דער סטייט דעפארטמענט האט היינט צוריקגעוויזען דעם פארלאנג פון א גרופע אמעריקאנער געשעפטסלייט, ארויפצונעהמען דעם פארבאט פון רוסישען האנדעל.

דער פראגע וועגען קאמערציעלע פארהעלטניסע מיט דער סאוועט רעגירונג, ערקלעהרט דער סטייט דעפארטמענט, וועט מוזען געלעזט ווערען פון יעדער רעגירונג באזונדער. אין פאריז איז נאר זאל קענען פארהאנדלען אזעלכע אינטערנאציאנאלע פראגען מיט דער צושטימונג פון די פעראייניגטע שטאטען.

דער קאונסיל פון אמבאסאדארען אין פאריז האט די איניציאטיווע צו געבען אינפארמאציעס צו די רעגירונגען, אבער באשלוסען ווערען אנגענומען דורך אנדערע דיפלאמאטישע וועגען.

אין סטייט דעפארטמענט איז היינט אנגעקומען פון א גרופע אמעריקאנישע באנקירען, דאס מ'זאל קלאהר מאכען די שטעלונג פון אמעריקא צו דער „רוסישער פראגע", בנוגע האנדלען מיט דער סאוועטען מאכט.

## צו 15 יאהר אנטלויפט זי מיט א 42 יאהריגען

מיס עדנא קאמינגס איז איינגאנצען אלט 17 יאהר. און דאך איז שוין א מוטער פון א פיער מאנאטיגעס קינד, און פארפיהרט איצט א קלאגע געגען דעם פאטער פון איהר קינד, מר. מעקס סועס.

מר. מעקס סועס איז א רייזענדער פאר א געוויסער פירמא, מיט צוויי יאהר צוריק האט ער זיך באקאנט מיט דער 15-יעהריגער מיס קאמינגס — ער איז דאן אלט געוועזן 42 יאהר — אין דעוועגפארט און זיי זיינען ביידע „אנטלאפען". איהרע עלטערן האבען די גאנצע צייט ניט געוואוסט וואו זי געפינט זיך. פאר די לעצטע צייט האבען זיי געוואוינט אלס מאן און ווייב— זיי האבען געזעצליך קיינמאהל חתונה געהאט — אין מרס. פישער'ס הויז, 888 סאסטלאן עוו. ווען זיי זענען אהין אנגעקומען האט די מיס עדנא געבראכט איהרם א קינד'א מאנאט אלט.

אזוי האבען זיי געלעבט גאנץ רוהיג, ווי ס'פיהרט זיך ביי לייטען. דאך איז מאכען, דאס זונטאג ביי טאג זאל מיס עדנא קאמינגס געפינען „חתונה-בילעטען", וואו ס'ווערט געזאגט דאס מר. מעקס סועס און אן אנדער פרוי געהן חתונה האבען זי איז געווארען אויפגערעגט, געמאכט א סקאנדאל, איז אוועק צו דער פאליציי און אויסדערצעהלט איהר גאנצע געשיכטע.

די פאליציי האט באלד טעלעגראפירט איהרע עלטערן. מר. סועס איז ארעסטירט ער האט זיך פון אנפאנג ענטזאגט צו מאכען אירגענד וועלכע ערקלעהרונגען אין דער אנוועזענהייט פון דער סטענאגראפיסטען. ער איז אבער דערנאך „בעסער" געווארען און ערקלעהרט זיין „בארייטוויליגקייט" צו הייראטען געזעצליך מיט מיס עדנא, וועלכע איז געוועזן זיין פרוי — ער האט עס אליין מודה געווען — פאר גאנצע צוויי יאהר.

## היילאנד-פארק סקוהל סופעראינטענדענט בעט סטרייקענדע לעהרער צו געהן צוריק צו דער ארבייט.

מר. ט. דזש. נעפפ, סופעראינטענדענט פון די היילאנד פארק סקוהלס, וועלכער איז אויך דער פרעזידענט פון דער מישיגען סטייט טיטשערס אססאסיאישאן, האט זיך אין א סטייטמענט אויסגעשפראכען געגען די טיטשערס, וועלכע זיינען ארויס אין סטרייק פאר העכערע וויידזשעס.

דער סופעראינטענדענט ערקלעהרט, אז ער איז געגען סטרייק דערפאר וואס די טיטשערס האבען פארלאזען די סקוהלס איידער זייערע קאנטראקטען זיינען אויסגעגאנגען.

## 4 דעטראיטער סקולס געשלאסען צוליעב אינפלוענציע, 1424 נייע קראנקע

לויט דעם באריכט פון דעטראיטער באארד אוו העלטה איז דינסטאג געוועזן דער קריטישסטער טאג פון דער אינפלוענציא עפידעמיע. דורך'ן טאג, ערקלערט דר. הענרי פ. וואפהאן, העלטה קאמישאנער, זיינען געמעלדעט געווארען ניט וועניגער פון 1424 נייע אינפלוענציא קייסעס.

די האפנונג, אז די היגע פאבליק סקולס וועלען ניט ליידען פון דער עפידעמיע, איז ליידער ניט פארווירקליכט געווארען. 4 פאבליק סקולס — די סילל, ראוז, ראטי און די לאנגפעללאו — זענען געווען געצוואונגען צו שליסען די טירען, ווייל אייניגע דזשעניטארס און אינזשינירס זיינען קראנק געווארען אויף דער אינפלוענציא, און צו פארהיטען די קינדערלאך פון דער עפידעמיא, האבען די סקוהל בעאמטע באשלאסען צו פארמאכען די סקולס ביז די עפידעמיע וועט זיין פאראיבער.

### פיעלע טיטשערס קראנק

פון דעם ביזנעס דעפארטמענט פון דער באארד אוו עדיוקיישאן ווערט געמעלדעט, אז יעדען טאג פארלאנגט מען צוויי הונדערט ארויסהעלפער טיטשערס צו פארנעמען די פלעצער פון די, וועלכע זיינען קראנק געווארען אויף דער „פלו".

אין אפיס פון דער באארד אף עדיוקיישאן, ווערט געמעלדעט, אז 16 פון זייערע אנגעשטעלטע ליגען קראנק אויף דער אינפלוענציא.

### 550 טעלעפאן מיידלאך אנגעשטעקט פון דער עפידעמיע

די מישיגען סטייט טעלעפאן קאמפאני מעלדעט, אז נעכטען זיינען נאך עלף מיידלאך קראנק געווארען אויף דער „פלו" און צוזאמען מיט די וואס זיינען קראנק געווארען דורך דער וואך וועט די צאהל פון אינפלוענציא פעללע צווישען די „העללאו" מיידלאך דערגרייכען 550. די טעלעפאן קאמפאני פיהלט א שטארקען מאנגעל אין ארבייטער. זי אפעלירט דארום צו די סובסקרייבער און אלגעמיינעם פובליקום צו נוצען דעם טעלעפאן בלויז ווען עס איז אבסאליוט נויטיג.

די צאהל טויטענפעלע פון דער עפידעמיע פאר די לעצטע ניין טעג האט שוין דערגרייכט 112. לעצטען יאהר אין דעם 9טען טאג פון דער עפידעמיע איז דיא צאהל טויטענפעלע געווען 154. פאר די גאנצע ניין טעג זיינען געמעלדעט געווארען אין דעטראיטער באארד אוו העלטה 5,836 קייסעס. עטליכע הונדערט מעהר ווי לעצטען יאהר.

הונדערט נייע ניומאניא קייסעס זענען פארגעקומען דינסטאג; מאנטאג זיינען געמעלדעט געווארען 58 קייסעס. פון דיזער קראנקהייט זיינען דינסטאג געשטארבען 18 מענשען און פון דער אינפלוענציא 15.

### קלאבס געגען פלאקארדען די הייזער פון „פלוי" קראנקע

דער ק. וואניס קלוב האט נעכטען, אויף א מיטינג אין סטאטלער האטעל, אנגענומען א רעזאלוציאן געגען אויסהענגען אינפלוענציא פלאקארטען אויף דיא הייזער אין וועלכע עס געפינען זיך קראנקע אויף דער אינפלוענציא און געגען פארשפרייטונג ליטעראטור און צייגען דירך מואווינג פיקטשורס ווי אזוי זיך אויסצוהיטען פון דער קראנקהייט. די מעמבערס פון דעם דערמאנטען קלוב בעהויפטען, אז אזא סארט פראפאגאנדא איז שעדליך פאר'ן געזונד און די ביזנעס פון שטאדט.

## 5טען אפריל וועט דעטראיט שטימען וועגען געזאלין קארס

די זעקס קאונסיל לייטע, וועלכע זיינען אנוועזענד געווען צו דער נעכטיגער זיצונג פון סיטי קאנסיל האבען איינשטימיג אנגענומען קאונסילמאן קאסטאטאר'ס סיטי ארדינענס, וועלכע רעקאמענדירט אנצונעהמען מעיאר קאזענס פלאן ארויסצולאזען פאר 15 מיליאן דאלאר סיטי באנדס און פאר די נייע קאר ליינס, אבשאפען די שרעקליכע ענגשאפט אין דעטראיטער קארס.

דער סיטי קאונסיל דעם פראיעקט אנגענומען, מיינט נאך ניט אז די שטאדט קען שוין ארויסלאזען די באנדס. דער פלאן מוז אויך גוטגעהייסען ווערען פון די דעטראיטער בירגער, און דארום וועט דער פלאן ארויפגעשטעלט ווערען אויף'ן באלאט אין די קומענדע עלעקשאנס דעם 5טען אפריל.

ס'וועט זיך פאדערען, דאס 60 פראצענט וועהלער זאלען שטימען פאר'ן פלאן אום ער זאל אנגענומען ווערען.

## גאמפערס אטאקירט ווידער די סאוועטען רעגיערונג.

וואשינגטאן, יאנ. 28. — סעמועל גאמפערס איז היינט ארויס מיט א שארפען עדיטאריעל אין דער „אמעריקאן פעדערעישאניסט" געגען דער סאוועטען רעגירונג.

דערהויפט טרעט גאמפערס ארויס געגען דעם פונקט פון דער סאוועטען קאנסטיטוציע, אין וועלכער ס'ווערט ערקלעהרט די אוניווערסאלע פארפליכטונגען פון יעדען רוסישען בירגער צו ארבייטען. ער זאגט, דאס דיזער פונקט ווענדט געצוואונגענער ארבייט פארשקלאפט דעם רוסישען פאלק.

גאמפערס טרעט ארויס געגען די, וואס זאגען, דאס די אמת'ע לאגע פון דער באלשעוויסטישער רוסלאנד איז ניט באוואוסט און דארום מוז מען זיך אפהאלטען ארויסצוטראגען אירגענד וועלכען אורטייל וועגען איהר. ער זאגט, אז דאס איז ניט ריכטיג. „דער באלשעוויזם איז אונז באוואוסט — ערקלעהרט גאמפערס — מיר וויסען זייער ווילקירישע מעשים און דעם אוטאקראטישען באגריף, וואס ענטהאלט אין זיך די דיקטאטור פון דער מינאריטעט, און וועלכע ווערט פון דיא באלשעוויקעס געלויבט אלס די העכסטע און פארפאלקאמענסטע פארם פון דער מענשליכער געזעלשאפט".

## אטאווא'ר דאקטאר פארזיכערט „פלו" איז ניט די „פלו"

אטאווא, יאנ. 28. — דר. ה. ס. טשוירטש איינער פון די היגע בארימסטע דאקטוירים, האט היינט געמאכט די באהויפטונג דאס די אלע באריכטען וועגען דער „פלו" אין שיקאגא, נויארק און אנדערע פלעצער זענען ניט ריכטיג. לויט זיין מיינונג, זענען די אלע באריכטעטע קראנקענפעלע מעהר ניט ווי דער רעזולטאט פון שטארקער פארקיהלונג.

דער זעלבער דאקטאר פארזיכערט, דאס די מענשהייט וועט פאר פיעל דורות זיין באשיצט געגען דער „פלוי". אין זיין גרויסער פראקטיק, ערקלעהרט ער, פאר דיעזען יאהר, האט ער נאך ניט געהאט קיין איין פאציענט וואס זאל ליידען פון דער אינפלוענציא.

## פרוי האט באגאנגען זעלבסטמארד.

אן אונטערזוכונג וואס איז געמאכט געווארען איבער דעם טויט פון מרס. מאוד סקאט ריטשארדס, וועלכע איז געפונען געווארען טויט אין איהר רום אין א דאונטאונער האטעל, האט איבערצייגט דער פאליציי, אז די פרוי האט זיך גענומען דאס לעבען, איינאהטעמענדיג גאז.

ווי דעטעקטיווס דערצעהלען זעלבסטמערדערין געליטען פון ... שאן, און פאר די לעצטע ...

זי באנוצט איינשלאפענדע ד...

## נאציאנאליסטען זיעגען אין „באארד אוו דעפיוטיס"

(ספעציעל צום „וועג")

לאנדאן, יאנ. 28. די דעמאקראטישע און נאציאנאלע עלעמענטען אין דער ענגלישער אידישער „באארד אוו דעפיוטיס" האבען נעכטען אפגעהאלטען א גרויסען זיעג איבער דער אסימילאטארישער פראקציע.

ס'האט זיך געהאנדעלט וועגען שיקען א אידישע דעלעגאציע אין פאריז, זי זאל פאדערען ביי דער שלום-קאנפערענץ פארזיכערונגען געגען אידישע פארפאלגונגען אין געוויסע אייראפעאישע לענדער. די אסימילאטארען מיט לוסיען וואלף און לארד ראטשילד האבען געקעמפט געגען דעם, אנגעבענדיג די באוואוסטע אלטע טענות פון „משה'ס גלויבענס" בירגער. די דעמאקראטישע דעלעגאטען האבען גענומען שטיצע פאר זייער רעזאלוציע אין דער פערזאן פון סער סטוארט סעמועלס.

די רעזאלוציע פון די נאציאנאליסטען צו אינסטרואירען די „דזשאינט-קאמיטי פון אויסערן אנגעלעגענהייטען" — וועלכען ס'געהן ארײן פארשטעהער פון דער „באארד אוו דעפיוטיס" און „א דזשואיש אסאסיאיישאן" — צו א רעלעגאציע אין פאריז, איז ... געווארען מיט 74 געגען 48 ...

## 253 רויטע אויף עליס איילאנד באפרייט אויף בייל

נויארק, יאנ. 28. — פון די 528 ראדיקאלען, וועלכע זיינען מיט א מאנאט צוריק ארעסטירט געווארען און אבגעשיקט געווארען קיין עללים איילאנד, וואו זיי ערווארטען זייער פאהרער וועגען דעפארטירען זיינען אויפ'ן אינזעל בלויז געבליבען 275. די איבעריגע זיינען ארויסגעלאזען געווארען אויף בייל ביז דעם פארהער. יעדען טאג ווערען זעקס ראדיקאלען באפרייט אויף בייל.

די אימיגריישאן בעאמטע באהויפטען, אז צווישען די ארעסטירטע קאמוניסטען, וועלכע ווערען געהאלטען אויף'ן אינזעל געפינען זיך בלויז 63 „פאלקאמענע קייסעס" דאס הייסט, די וואס זיינען שוין „פארטיג" פאר דעפארטירען. פון די 63 זיינען 43 ארעסטירט געווארען אין דעטראיט און 20 זיינען איבערגעבליבען פון דעם טראנספארט רויטע וועלכע איז אבגעשיקט געווארען מיט דער „בופארד".

די לאיערס פון די באפרייטע ראדיקאלען זאגען, אז די בעפרייטע וועלען שוין פארבלייבען אויף דער פרייהייט, ווייל די אימיגריישאן בעאמטע האבען קיינע באווייזע, אז זיי זענען מיטגליעדער פון דער קאמוניסטישער פארטיי.

## עממא גאלדמאן און אלעקסאנדער בערקמאן אויפגענומען מיט גרויס פאראד אין פעטראגראד.

וואשינגטאן, יאנ. 28. — לידוויג ס. ק. מארטענס, דער פארטרעטער פון דער סאוועטען רעגירונג אין אמעריקא, האט נעכטען פארעפענטליכט א טעלעגראמע וואס ער האט ערהאלטען פון רוסלאנד אין וועלכע עס ווערט געמעלדעט, אז 249 דעפארטירטע אנארכיסטען זענען אנגעקומען אין פעטראגראד, וואו זיי זענען אויפגענומען מיט גרויס באגייסטערונג פון דער סאוועטען רעגירונג און פון דער באפעלקערונג פון פעטראגראד.

די טעלעגראמע לעזט זיך ווי פאלגט:

„מיר זיינען באגעגנט געווארען ביי דעם גרענעץ פון סאוועט רוסלאנד און אין פעטראגראד מיט אויסערגעוועהנליך גרויסען ענטהוזיאזם. אונזער אויפנאהמע איז העכסט באגייסטערנד. מיר געניסען דיא פריינדליכקייט פון פעטראגראד. די דעפארטירטע האט מען געגעבען פלאץ אין סמאלני אינסטיטוט. זיי וועלען געשיקט ווערען ארבייטען אין די שטעדט אדער פלעצער וואו זיי וועלען אליין באשטי... די איינוואוינער פון דיזער ... דען הונגער און קעלט, אבי... און איבערגעבענהייט ... אין צוויי וואכען ... קיין מאסקווא ...

## דריי יונגע באנדיטען ארעסטירט.

פאליציי האט נעכטען פארהאלטען דריי יונגע קינדער אלס באנדיטען. דער עלטסטער, דזשאזעף נימערשטיין, איז אלט 17 יאהר די אנדערע צוויי צו — 14 יאהר.

זיי ווערען באשולדיגט דאס זיי האבען מיט געוועהר אפגעשטעלט דריי מענשען אויף דער גאס און פארלאנגט געלט. דער ערשטער „האלד אפ" זייעדער איז געווען א „גרויסער" ערפאלג... דער „קרבן" זייערער האט זיך ערשטענס גוט אויסגעלאכט פון זיי, דערנאך האט ער ארויסגענומען דריי סענט מיט א פעקעל סיגארס און האט זיי עס דערלאנגט. דער צווייטער „האלד-אפ" איז פאר די יונגע באנדיטלאך געווען ניט גאר אנציהענד: דער מענש, וועמען זיי האבען אפגעשטעלט האט זיי גוט איי־געפאטשט און זיי געהייסען ... גען. דער דריטער האט זיי גע... יעבען פענט און א דאלארי...

## יוגא-סלאווי...

The only Jewish Paper Printed in Michigan

איינציגע צייטונג געדרוקט אין מישיגאן סטייט

דער וועג

The Detroit Jewish Daily

Published Daily by DER WEG PUBLISHING CO.

347-49 HASTINGS STREET
Telephone Main 3715

Published and distributed under permit No. 7?? authorized by the Act of October 6, 1917, on file at the Post Office of Detroit, Michigan. By order of the President, A. S. Burleson, Postmaster General.

PRICE 2c. | DETROIT, MICH., Thursday, January 29th, 1920 Vol. 1, No 199 | דאנערשטאג, יאנואר 29, 1920

# ליטווינאוו שלאגט ווידער פאר שלום „עליעס"

לאנדאן, יאנ. 28. — בארים ליט־ווינאוו, דער באלשעוויסטישער דעלעגאט צו פארהאנדלען מיט ענגלאנד אין קאפענהא־גען וועגען די קריגס געפאנגענע, האט היינט געלאזט וויסען ענגלאנד די שלום באדינגונגען פון דער סאוועטען רוסלאנד.

די באלשעוויקעס זענען וויליג צו דע־מאביליזירען די רויטע ארמיי, ניט צו פיהרען מעהר קיין פראפאגאנדא אין פרעמ־דע לענדער, אויב די אליאירטע וועלען ליטלאנד גאראנטירען שלום.

די דאזיגע גאראנטיעס זאלען זיין:

1) די פאלשטענדיגע פארזיכערונג, דאס רוסלאנד וועט מעהר ניט איבערפאלען ווערען פון אידגענער וועלכע אטאקען אונ־טערשטיצט פון די „עליס";

2) דאס ארויספיהרען פון דער סאוועט רוסלאנד אלע פרעמדע מיליטער;

3) סאנקציאנירען קאמערציעלע פאר־האנדלונגען מיט דער סאוועטען רעגירונג;

מ. ליטווינאוו האט ערקלעהרט, דאס אויב די אליאירטע וועלען צושטימען צו די שלום־באדינגונגען, דאן וועלען אין רוסלאנד איינגעלאדען ווערען זייערע מי־ליטערישע פארשטעהער, וועלכע זאלען אכטונג געבען אויף דער דעמאביליזאציע פון דער באלשעוויסטישער ארמיי, ווי אויך אויף דעם נאכקומען פון אלע איבע־ריגע סאוועטען־הבטחות.

רוסלאנד, ווערט איבערגעגעבען, נויי־טיגט זיך גיכער אין א קאמערציעלען, ווי אין א דיפלאמאטישען שלום.

קראסין, איינער פון די טעטיגסטע קא־מיסארען, איז גרייט איינצולאדען אין רוסלאנד וויסענשאפטליכע עקספערטען, צוזאגענדיג זיי נאר א הויכען געהאלט.

מאכט געווארען קאנצעסיעס צו בויען אן אייזענבאהן פון רעוועל ביז מאסקווע. דריי הונדערט לאקאמאטיוועז און פיעל אנדערע בוי־מאטעריאלען וועט איהר רוסלאנד צושטעלען.

## באלטישע מלוכות ווערען נייט־ראליזירט.

לאנדאן, יאנ. 28. א מאסקווער דראט־לאזע טעלעגראמע מעלדעט, דאס די קאנ־פערענץ פון די באלטישע מלוכות אין העל־זינגפארס, האט דעם 23־טען יאנואר בא־שלאסען אנצונעהמען דעם פלאן פון נייט־ראליזירונג פאר די אלע באלטישע שטאטען.

ענדגילטיגע דעטאלען וועלען ווערען אויס געארבייט אויף א צווייטער קאנפערענץ וואו אלע באלטישע לענדער וועלען אנטייל נעמען.

ס'איז אויך אנגענומען געווארען א בא־שלוס וועגען דער צאהל מיליטער, וואס יע־דע פון די דאזיגע מלוכות זאל באזיצען.

## האנדלען מיט רוסלאנד נאך אלץ פארבאטען.

וואשינגטאן, יאנ. 28. — דער סטייט דעפארטמענט האט היינט צוריקגעוויזען דעם פארלאנג פון א גרופע אמעריקאנער געשעפטסלייט, ארויסצונעהמען דעם פאר־באט פון רוסישען האנדעל.

דער פראגע וועגען קאמערציעלע פאר־העלטניסע מיט דער סאוועט רעגירונג, ערקלעהרט דער סטייט דעפארטמענט, וועט מוזען גצלעזט ווערען פון יעדער רע־גירונג באזונדער. אין פאריז איז גאר זאל קענען פארהאנדלען אזעלכע אינטער־נאציאנאלע פראגען מיט דער צושטימונג פון די פאראייניגטע שטאטען.

דער קאנסיל פון אמבאסאדארען אין פאריז האט די אויפגאבע צו געבען איינפאר מאציעס צו די רעגירונגען, אבער בא־שלוסען ווערען אנגענומען דורך אנדערע דיפלאמאטישע וועגען.

אין סטייט דעפארטמענט איז היינט אנגעקומען פון א גרופע אמעריקאנישע באנקירען, דאס מ'זאל קלאהר מאכען די שטעלונג פון אמעריקא צו דער „רוסישער האנגע", בנוגע האנדלען מיט דער סא־וועטען מאכט.

## סאוועטען און עסטלאנד שריי־בען אונטער שלום־אפמאך.

לאנדאן, יאנ. 28. לויט א דעפעשע פון רינא, וועט מארגען אנגעשריבען ווערען דער שלום צווישען עסטלאנד און סאווע־טען רוסלאנד.

דער שלום־אפמאך האט א פונקט, לויט וועלכען, רוסלאנד פארפליכטעט זיך צו העלפען עסטלאנד אין פינאנציעלען און מאטעריעלען הינזיכטען.

עסטלאנד וועט קריגען פון רוסלאנד 16 מיליאן רובעל אין גאלד. איהר איז גע־

## צו 15 יאהר אנטלויפט זי מיט א 42 יאהריגען

מיס עדנא קאמינגס איז איינגאנצען אלט 17 יאהר. און דאך איז שוין א מוטער פון פון א פיער מאנאטיגעס קינד, און פאר־פיהרט איצט א קלאגע געגען דעם פאטער פון איהר קינד, מר. מעקס סועס.

מר. מעקס סועס איז א רייזענדער פאר א געווסער פירמא. מיט צוויי יאהר צוריק האט ער זיך באקאנט מיט דער 15־יעה־ריגען מיס קאמינגס — ער איז דאן אלט געווען 42 יאהר — און דעוועגפארט און זיי זיינען ביידע „אנטלאפען". איהרע על־טערן האבען די גאנצע צייט ניט געוואוסט וואו זי געפינט זיך. פאר די לעצטע צייט האבען זיי געוואוינט אלס מאן און ווייב — זיי האבען געזעצליך קיינמאהל חתונה גע־האט — אין מרס. פישער'ס הויז, 888 סאסטלאן עוו. ווען זיי זענען אהין אנגע־קומען האט די מיס עדנא געבראכט איהרס א קינד א מאנאט אלט.

אזוי האבען זיי געלעבט גאנץ רוהיג, ווי ס'פיהרט זיך ביי לייטען. דארף זיך מאכען, דאס זונטאג ביינאג זאל מיס עד־נא קאמינגס געפינען „חתונה־בילעטען", וואו ס'ווערט געזאגט דאס מר. מעקס סר־עס און אן אנדערע פרוי געהן חתונה האבען זי איז געווארען אויפגערעגט, געמאכט א סקאנדאל, איז אוועק צו דער פאליציי און אויסדערצעהלט איהר גאנצע געשיכטע.

די פאליציי האט באלד טעלעגראפירט איהרע עלטערן. מר. סועס איז ארעסטירט ער האט זיך פון אנפאנג ענטזאגט צו מא־כען אירגענד וועלכע ערקלעהרונגען אין דער אנוועזענהייט פון דער סטענאגראפיס־טען. ער איז אבער דערנאך „בעסער" גע־ווארען און ערקלעהרט זיין „באריי־קייט" צו הייראטען געזעצליך מיט מיס עדנא, וועלכע איז געוועזן זיין פרוי — ער האט עס אליין מודה געווען — פאר גאנצע צוויי יאהר.

## היילאנד־פארק סקוהל סופער־אינטענדענט בעט סטרייקענדע לעהרער צו געהן צוריק צו דער ארבייט.

מר. ט. דזש. נעפפ, סופערינטענדענט פון די היילאנד פארק סקוהלס, וועלכער איז אויך דער פרעזידענט פון דער מישיגען סטייט טיטשערס אססאסיאישאן, האט זיך אין א סטייטמענט אויסגעשפראכען געגען די טיטשערס, וועלכע זיינען ארויס אין סטרייק פאר העכערע ווייזשעס.

דער סופערינטענדענט ערקלעהרט, אז ער איז געגען סטרייק דערפאר וואס די טיט־שערס האבען פארלאזען די סקוהלס איי־דער זייערע קאנטראקטען זיינען אויסגע־גאנגען.

# 4 דעטראיטער סקולס געשלאסען צו־ליעב אינפלוענציע, 1424 נייע קראנקע

לויט דעם באריכט פון דעטראיטער באארד אוו העלטה איז דינסטאג געווען דער קריטישסטער טאג פון דער אינפלו־ענציא עפידעמיע. דורך'ן טאג, ערקלערט דר. הענרי פ. וואפהאן, העלטה קאמישיא־נער, זיינען געמעלדעט געווארען ניט ווע־ניגער פון 1424 נייע אינפלוענציא קיי־סעס.

די האפנונג, אז די היגע פאבליק סקולס וועלען ניט ליידען פון דער עפידעמיע, איז ליידער ניט פארווירקליכט געווארען. 4 פאבליק סקולס — די סילל, ראוז, ראטי און די לאנגפעללאו — זענען געווען גע־צוואונגען צו שליסען די טירען, ווייל איי־ניגע דושעניטארס און אינזשינירס זיי־נען קראנק געווארען אויף דער אינפלוענ־ציא, און צו פארהיטען די קינדערלאך פון דער עפידעמיא, האבען די סקוהל בעאמ־טע באשלאסען צו פארמאכען די סקולס ביז די עפידעמיע וועט זיין פאראיבער.

פיעלע טיטשערס קראנק

פון דעם ביזנעס דעפארטמענט פון דער באארד אוו עדיוקיישאן ווערט געמעלדעט, אז יעדען טאג פארלאנגט מען צוויי הונ־דערט ארויסהעלפער טיטשערס צו פארנע־מען די פלעצער פון די, וועלכע זיינען קראנק געווארען אויף דער „פלוי".

אין אפיס פון דער באארד אוו עדיו־קיישאן, ווערט געמעלדעט, אז 16 פון זיי־ערע אנגעשטעלטע ליגען קראנק. אויף דער אינפלוענציא.

### 550 טעלעפאן מיידלאך אנגעשטעקט פון דער עפידעמיע

די מישיגען סטייט טעלעפאן קאמפא־ני מעלדעט, אז נעכטען זיינען נאך עלף מיידלאך קראנק געווארען אויף דער „פלוי" און צוזאמען מיט די וואס זיינען קראנק געוואָרען דורך דער וואך וועט די צאהל פון אינפלוענציא פעללע צווישען די „הע־לאו" מיידלאך דערגרייכען 550. די טע־לעפאן קאמפאני פיהלט א שטארקען מאנ־געל אין ארבייטער. זי אפעלירט דארום צו די סובסקרייבער און אלגעמיינעם פוב־ליקום צו נוצען דעם טעלעפאן בלויז ווען עס איז אבסאלוט נויטיג.

די צאהל טויטענפעלע פון דער עפידע־מיע פאר די לעצטע ניין טעג האט שוין דערגרייכט 112. לעצטען יאהר אין דעם 9טען טאג פון דער עפידעמיע איז דיא צאהל טויטענפעלע געווען 154. פאר די גאנצע ניין טעג זיינען געמעלדעט געווא־רען אין דעטראיטער באארד אוו העלטה 5,836 קייסעס. עטליכע הונדערט מעהר ווי לעצטען יאהר.

הונדערט נייע גיומאניא קייסעס זע־נען פארגעקומען דינסטאג; מאנטאג זיי־נען געמעלדעט געווארען 58 קייסעס. פון דיזער קראנקהייט זיינען דינסטאג גע־שטארבען 18 מענשען און פון דער אינ־פלוענציא 15.

### קלאבס געגען פלאקארדען די הייזער פון „פלוי" קראנקע

דער ק. וואגיס קלוב האט נעכטען, אויף א מיטינג אין סטאטלער האטעל, אנגענומען א רעזאלוציאן געגען אויסהענ־גען אינפלוענציא פלאקארטען אויף דיא הייזער אין וועלכע עס געפינען זיך קראנ־קע אויף דער אינפלוענציא. אין געגען פארשפרייטונג ליטעראטור און ציינגען דורך מאווינג פיקטשורס ווי אזוי זיך אויסצוהיטען פון דער קראנקהייט. די מעמבערס פון דעם דערמאנטען קלוב בע־הויפטען, אז אזא סארט פראפאגאנדא איז שעדליך פאר'ן געזונד און די ביזנעס פון שטאדט.

## 5טען אפריל וועט דעט־ראיט שטימען וועגען געזאלין קארס

די זעקס קאונסיל לייטע, וועלכע זיינען אנוועזענד געווען צו דער נעכטיגער זי־צונג פון סיטי קאנסיל האבען איינשטימיג אנגענומען קאונסילמאן קאסטאטאר'ס סי־טי ארדינענס, וועלכע רעקאמענדירט אנ־צונעהמען מעיאר קאזענס פלאן ארויסצור־לאזען פאר 15 מיליאן דאלאר סיטי באנדס און פאר די [illegible] נייע קאר ליינס, אבשאפען [illegible] די שרעקליכע ענג־שאפט [illegible] דעטראיטער קארס.

[illegible] וואס דער סיטי קאונסיל [illegible] דעם פראיעקט אנגענומען, מיינט דאך ניט אז די שטאדט קען שוין ארויס־לאזען די באנדס. דער פלאן מוז אויך גוט־געהייסען ווערען פון די דעטראיטער ביר־גער, און דארום וועט דער פלאן ארויפ־געשטעלט ווערען אויף'ן באלאט אין די קומענדע עלעקשאנס דעם 5טען אפריל.

ס'וועט זיך פאדערען, דאס 60 פרא־צענט וועהלער זאלען שטימען פאר'ן פלאן אום ער זאל אנגענומען ווערען.

## גאמפערס אטאקירט ווידער די סאוועטען רעגיערונג.

וואשינגטאן, יאנ. 28. — סעמועל גאמ־פערס איז היינט ארויס מיט א שארפען עדיטאריעל אין דער „אמעריקאן פעדע־ראשיאניסט" געגען דער סאוועטען רע־גירונג.

דערהויפט טרעט גאמפערס ארויס גע־גען דעם פונקט פון דער סאוועטען קאנ־סטיטוציע, אין וועלכער ס'ווערט ער־קלעהרט די אוניווערסאלע פארפליכטונ־גען פון יעדען רוסישען בירגער צו אר־בייטען. ער זאגט, דאס דיזער פונקט ווע־גען געצוואונגענער ארבייט פארשקלאפט דעם רוסישען פאלק.

גאמפערס טרעט ארויס געגען די, וואס זאגען, דאס די אמת'ע לאגע פון דער באלשעוויסטישער רוסלאנד איז ניט בא־וואוסט און דארום מוז מען זיך אפהאל־טען ארויסצוטראגען אירגענד וועלכען

אורטייל וועגען איהר. ער זאגט, אז דאס איז ניט ריכטיג. „דער באלשעוויזם איז אונז באוואוסט — ערקלעהרט גאמפערס — מיר וויסען זייער ווילקירישע מעשים און דעם אוטאקראטישען באגריף, וואס ענטהאלט אין זיך די דיקטאטור פון דער מינאריטעט, און וועלכע ווערט פון דיא באלשעוויקעס געלויבט אלס די העכסטע און פארפאלקאמענסטע פארם פון דער מענשליכער געזעלשאפט".

## אטאוואר דאקטאר פארזיכערט „פלו" איז ניט די „פלו"

אטאווא, יאנ. 28. — דר. ה. ס. משווירטש איינער פון די היגע בארימטסטע דאקטוי־רים, האט היינט געמאכט די באהויפטונג דאס די אלע באריכטען וועגען דער „פלו" אין שיקאגא, נויארק און אנדערע פלעצער זענען ניט ריכטיג. לויט זיין מיינונג, זע־נען די אלע באריכטעטע קראנקענפעלע מעהר ניט ווי דער רעזולטאט פון שטאר־קער פארקיהלונג.

דער זעלבער דאקטאר פארזיכערט, דאס די מענשהייט וועט פאר פיעל דורות זיין באשיצט געגען דער „פלוי". אין זיין גרוי־סער פראקטיק, ערקלעהרט ער, פאר דיע־זען יאהר, האט ער נאך ניט געהאט קיין איין פאציענט וואס זאל ליידען פון דער אינפלוענציא.

## פרוי האט באגאנגען זעלבסט־מארד.

אן אונטערזוכונג וואס איז געמאכט גע־ווארען איבער דעם טויט פון מרס. מאוד סקאט ריטשארדס, וועלכע איז געפונען געווארען טויט אין איהר רום אין א דאון־טאונער האטעל, האט איבערצייגט דער פאליציי, אז די פרוי האט זיך גענומען דאס לעבען, איינאהטמענדיג כלאראפ־פארם.

ווי דעטעקטיוום דערצעהלען [illegible] זעלבסטמערדערין געליטען פון [illegible] שאן, און פאר די לעצע פאר [illegible] זי באנוצט אינשלאפענדע דר[illegible]

## נאציאנאליסטען זיעגען אין „באארד אוו דעפיוטיס"

(ספעציעל צום „וועג")

לאנדאן, יאנ. 28. די דעמאקראטישע און נאציאנאלע עלעמענטען אין דער ענג־לישער אידישער „באארד אוו דעפיוטיס" האבען נעכטען אפגעהאלטען א גרויסען זיעג איבער דער אסימילאטארישער פראק־ציע.

ס'האט זיך געהאנדעלט וועגען שיקען א אידישע דעלעגאציע אין פאריז, זי זאל פאדערען ביי דער שלום־קאנפערענץ פאר־זיכערונגען געגען אידישע פארפאלגונגען אין געוויסע אייראפעאישע לענדער. די אסימילאטארען מיט לוסיען וואלף און לארד ראטשילד האבען געקעמפט געגען דעם, אנגעבענדיג די באוואוסטע אלטע דעם, אנגעבענדיג די באוואוסע אלטע טענות פון „משה"ס גלויבענס" בירגער. די דעמאקראטישע דעלעגאטען האבען גע־פונען שטיצע פאר זייער רעזאלוצי אין דער פערזאן פון סער סטוארט סעמועלס.

די רעזאלוציע פון די נאציאנאליסטען צו אינסטרואירען די „דזשאינט־קאמיטי פון אויסערן אנגעלעגענהייטען" — וועלכען ס'געהן ארייין פארשטעהער דער „באארד אוו דעפיוטיס" און "א דזשואיש אסאסיאיישאן" — צו א דעלעגאציע אין פאריז, איז [illegible] געווארען מיט 74 געגען 48

„[illegible]ימס" [illegible]

## 253 רויטע אויף עלים איילאנד באפרייט אויף בייל

נויארק, יאנ. 28. — פון די 528 רא־דיקאלען, וועלכע זיינען מיט א מאנאט צוריק ארעסטירט געווארען און אבגע־שיקט געווארען קיין עלליס איילאנד, וואו זיי ערווארטען זייער פארהער וועגען דע־פארטירען זיינען אויפ'ן אינזעל בלויז גע־בליבען 275. די איבעריגע זיינען ארויס־געלאזען געווארען אויף בייל ביז דעם פארהער. יעדען טאג ווערען זעקס ראדי־קאלען באפרייט אויף בייל.

די אימיגריישאן בעאמטע באהויפטען, אז צווישען די ארעסטירטע קאמוניסטען, וועלכע ווערען געהאלטען אויף'ן אינזעל געפינען זיך בלויז 63 „פאלקאמענע קיי־סעס", דאס הייסט, די וואס זיינען שוין „פארטיג" פאר דעפארטירען. פון די 63 זיינען 43 ארעסטירט געווארען אין דע־טראיט און 20 זיינען איבערגעבליבען פון דעם טראנספארט רויטע וועלכע איז אב־געשיקט געווארען מיט דער „בופארד".

די לאיערס פון די באפרייטע ראדיקא־לען זאגען, אז די בעפרייטע וועלען שוין פארבלייבען אויף דער פרייהייט, ווייל די אימיגריישאן בעאמטע האבען קיינע בא־ווייזע, אז זיי זענען מיטגליעקער פון דער קאמוניסטישער פארטיי.

## עממא גאלדמאן און אלעקסאנ־דער בערקמאן אויפגענומען מיט גרויס פאראד אין פעטראגראד.

וואשינגטאן, יאנ. 28. — לודוויג ס. ק. מארטענס, דער פארטרעטער פון דער סאוועטען רעגיערונג אין אמעריקא, האט נעכטען פארעפענטליכט א טעלעגראמע וואס ער האט ערהאלטען פון רוסלאנד אין וועלכע עס ווערט געמעלדעט, אז 249 דע־פארטירטע אנארכיסטען זענען אנגעקומען אין פעטראגראד, וואו זיי זענען אויפגע־נומען מיט גרויס באגייסטערונג פון דער סאוועטען רעגירונג און פון דער באפעל־קערונג פון פעטראגראד.

די טעלעגראמע לעזט זיך ווי פאלגט: „מיר זיינען באלענגט געווארען ביי דעם גרענעץ פון סאוועט רוסלאנד און אין פע־טראגראד מיט אויסערגעוועהנליך גרוי־סען ענטהוזיאזם. אונזער אויפנאהמע איז העכסט באגייסטערנד. מיר געניסען דיא פריינדליכקייט פון פעטראגראד. די דע־פארטירטע האט מען געגעבען פלאץ אין סמאלני אינסטיטוט. זיי וועלען געשיקט ווערען ארבייטען אין די שטעדט אדער פלעצער וואו זיי וועלען אליין באשטי[illegible] די איינוואוינער פון דיזער [illegible] דען הונגער און קעלט, אבי[illegible] און איבערגעבענהיי[illegible] אין צוויי וואכען [illegible]

## דריי יונגע באנדיטען ארעס־טירט.

פאליציי האט נעכטען פארהאלטען דריי יונגע קינדער אלס באנדיטען. דער עלט־סטער, דזשאזעף נימערשטיין, איז אלט 17 יאהר די אנדערע צוויי צו — 14 יאהר.

זיי ווערען באשולדיגט דאס זיי האבען מיט געוועהר אפגעשטעלט דריי מענשען אויף דער גאס און פארלאנגט געלט. דער ערשטער „האלד אפ" זייערער איז געווען א „גרויסער" ערפאלג... דער „קרבן" זיי־ערער האט זיך ערשטענס גוט אויסגעלאכט פון זיי, דערנאך האט ער ארויסגענומען דריי סענט מיט א פעקעל סיגארס און האט זיי עס דערלאנגט. דער צווייטער „האלד־אפ" איז פאר די יונגע באנדיטלאך געווען ניט גאר אנציהענד: דער מענש, וועמען זיי האבען אפגעשטעלט האט זיי גוט איי־נגעפאטשט און זיי געהייסען [illegible] גען. דער דריטער האט זיי גע[illegible] יעבען סענט און א דאלארד[illegible]

יוגא־סלאווי[illegible]

The only Jewish Paper Printed in Michigan

# דער וועג

די איינציגע אידישע צייטונג געדרוקט אין מישיגאן סטייט

Published Daily by DER WEG PUBLISHING CO.

The Detroit Jewish Daily

347-49 HASTINGS STREET Telephone Main 3715

Published and distributed under permit No. 179 authorized by the Act of October 6, 1917, on file at the Post Office of Detroit, Michigan. By order of the President, A. S. Burleson, Postmaster General.

PRICE 2c. DETROIT, MICH. Tuesday, January 27th, 1920 Vol. 1, No 198 דינסטאג, 27טער יאנואר 1920

# סאוועטען-רוסלאנד גענוג שטארק צופארטיידיגען זיך געגען דער וועלט, זאגט מארטענס

וואשינגטאן, יאנ. 26. — היינט איז פארגעקומען די צווייטע זיצונג פון דער סענאט־קאמיסיע, צו וועלכער לודוויג מארטענס, באלשעוויסטישער אמבאסאדאר, איז גערופען געווארען אלס אן עדות.

ווי מארטענס האט דערצעהלט האט די סאוועטען רעגירונג א רעזערוו פון $500,000,000 אין גאלד. די דאזיגע סומע וואלטען די באלשעוויקעס געוואלט אויסגעבען אין פרעמדע לענדער, כדי צו קויפען דארטען נויטיגע ארטיקלען. קיין גאלד, האט מארטענס געזאגט, געפינט זיך אין די פריוואטע בענק.

לויט מארטענס'ען האבען די פיהרער פון די סאוועטען אויפגעגעבען די אידעע פון אלוועלטליכער רעוואלוציע, ווייל זיי זענען גענוג שטארק צו קעמפען געגען דער גאנצער וועלט. דאס — האט מארטענס געזאגט — איז באשלאסען געווארען מיט א קורצער צייט צוריק. אט האט לענין פערזענליך געשריבען צו די איטאליענישע סאציאליסטען, זיי זאלען קיין רעוואלוציע ניט מאכען".

„סאוועטען רוסלאנד — האט מארטענס פארגעזעצט — פיהלט זיך איצט בכח צו באשיצען זיך אליין געגען דער וועלט, און דארום טראכט איצט ניט די רוסישע רעגירונג וועגען איינפיהרען אין אנדערע לענדער א סאוועטען פארם, אלס א פארטיידיגונגס־מיטעל".

מארטענס האט ווייטער דערצעהלט, דאס ער האט געמאכט מיט אמעריקאנער פירמען קאנטראקטען אויף 7 מיליאן דאלער. ער האט איינגעקויפט שיך, קליידער, מעדיצין און נאך אנדערע נויטיגע ארטיקלען. דער סטייט דעפארטמענט אבער, זאגט מארטענס, ערלויבט ניט קיין שיפען צו פיהרען דיעזע ארטיקלען קיין רוסלאנד. מארטענס האט צוגעזאגט דער סענאט קאמיטע צו ברענגען א ליסט פון טויזענד אמעריקאנער פירמעס, וועלכע האבען מיט איהם געשלאסען קאנטראקטען.

## סאוועטען-ארמיי לעבען כינעזישער גרעניץ.

לאנדאן, יאנ. 26. א דראטלאזע טעלעגראמע פון מאסקווע מעלדעט, דאס דער באלשעוויסטישער פויערען קארפוס איז אנגעקומען צו דער כינעזישער גרעניץ, ניט ווייט פון קאבדא, אויפ'ן מערב'שען טייל פון מאנגאליע.

## יאפאנעזישע ארמיי בלייבט אין סיביר

טאקיא, יאפאן, יאנ. 26. — פרעמיער הארא האט נעכטען אין זיינע ענטפערס צו אנפראגען פון פיעלע דעפוטאטען אין פארלאמענט ערקלעהרט, אז דאס שיקען א נייע ארמיי קיין סיביר איז „אונפערמיידליך נויטווענדיג צו העלפען די משעכא סלאוואקען און צו היטען די אייזענבאהן ליניען. עס איז אויך נויטיג, האט דער פרעמיער ערקלעהרט, פאר דער זיכערהייט פון דעם יאפאנעזישען גארניזאן.

דער יאפאנעזער פרעמיער האט אויך בעהויפטעט, אז דאס וואס אמעריקא האט צוריקגעצויגען איהר ארמעע פון סיביר איז נישט קיין אורזאכע ווארום יאפאן זאל אויך אזוי טהאן. יאפאנ'ס אינטערעסען אין ווייטען מזרח, האט ער געזאגט, זיינען גאנץ פארשיידען פון די אינטערעסען פון אמעריקא, ענגלאנד או פראנקרייך.

דער יאפאנעזישער אויסלענדישער מיניסטער אוטשינדא האט ערקלעהרט, אז יאפאן איז ניט אימשטאנד צוריקצוציהען איהר ארמעע פון סיביר צוליעב דעם וואס די קארעאנער, וועלכע געפינען זיך אין וולאדיוואסטאק שטיצען די באוועגונג פאר אונאבהענגיגקייט פון קארעא, און דיזעלבע קארעאנער רעוואלוציאנערען קאנספירירען צוזאמען מיט די באלשעוויקעס געגען „יאפאנ'ס אינטערעסען".

## אפיום- נעסט ענטדעקט אויף גרינוואוד

נעכטען פריה האט זיך דער היגער פאליציי איינגעגעבען צו פארכאפען א נעסט פון אפיום הענדלער. זי איז איבערפאלען דאס הויז אויף 197 גרינוואוד עוו. און ארעסטירט דריי כינעזער, וועלכע ווי פאליציי דענקט, זענען געווען די גרעסטע סוחרים פון דעם אפיום־ארטיקעל. זי האט אויך פארכאפט דעם דאזיגען פארשלאפענדען ארטיקעל אויף א סומע פון $10,000.

דאס הויז איז געווען איינגעריכטעט מיט די שעהנסטע מעבעל. דיוואנען זענען געווען אויסגעפוצט מיט זיידענע און סאמעט. אין איין צימער זענען געשטאנען דריי שעהן אויסגעשטאטעטע בעטען און לעבען יעדער בעט איז געווען א טישעל מיט א ליולקע פאר'ן אפיום.

די פאליציי האט שוין מיט איינינגע וואכען צוריק געווארפען אן אויג אויף דעם הויז. פאר דער צייט האבען זיי באמערקט דאס קיין נאר פלעגען אהין אריינגעהן רייכע כינעזער נאר, אפילו ווייסע רייך געקליידעטע פרויען און מענער.

ווען די פאליציי איז דאס הויז איבערפאלען, האט דער איינגעטימער לאנג־סינג, א כינעזער, געוואלט זי אונטערקויפען. ער האט זיי דערלאנגט א הונדערט דאלער ביל. ווען ער איז אינפארמירט געווארען, דאס ער וועט מוזען זיך באלד ארייננזעצען אין דעם פאטרול וואגען, האט לאנג־סינג געמיינט אז זיין כאבאר איז צו קליין און ער האט ארויסגענומען נאך 50 דאל. און דערלאנגט דער פאליציי.

ווי פאליציי דענקט, האט דיעזער פלאץ "געטאן געשעפט" פאר איבער צוויי מאנאטען.

## קאנווענשאן פון אידיש-רומענישע פארבאנדען אין פילאדעלפיע.

מיר האבען ערהאלטען אן אויפרוף פון דער "נאציאנאלער קערפערשאפט" פון די אמעריקאנער רומענישע אידען וועגען דער קאנווענשאן, וואס ס'וועט פארקומען קומענדען זונטאג, דעם ערשטען פעברואר אין פילאדעלפיע.

אין דער „נאציאנאלער קערפערשאפט" האבען זיך פאראייניגט די ביז איצט עקזיסטירענדע „פעדעראציע פון רומענישע אידען אין אמעריקא" און „אמעריקאנער יוניאן פון רומענישע אידען", כדי געמיינזאם אנצופיהרען די הילפס און רעקאנסטרוקציע־טעטיגקייט פאר די אידען אין רומעניען.

די דערמאנטע קאנווענשאן [illegible] ארבייטען פנענער ווי אזוי די ארבייט זאל מיט ערפאלג אנגעפיהרט ווערען.

אלע אידיש־רומענישע ארגאניזאציעס זענען בארעכטיגט צושיקען 5 דעלעגאטען אויף דער קאנווענשאן.

## ווילהעלם וועט גע־משפט ווערען אין זיין אבוועזענהייט.

וואשינגטאן, יאנ. 26. אין [illegible] דיפלאמאטישע קרייזען דענקט [illegible], דאס די אליאירטע וועלען משפט'ן דעם עקס־קאיזער אין זיין אבוועזענהייט.

לויט די אינפארמאציעס, וואס דער היגער סטייט דעפארטמענט האט ערהאלטען איז דער פארלאנג צו באשטראפען ווילהעלם'ען פיעל אפגעשוואכט געווארען אין פראנקרייך. אפילו אין ענגלאנד, וואו דיעזער פארלאנג איז געווען א לאזונג אין די פאר א יאהריגע וואהלען, קוקט מען איצט אויך קאלטבלוטיג אויף דעם גאנצען ענין.

צווישען די פארשטעהער אין דעם העכסטען קריגס־ראט הערשט אבער די מיינונג, דאס [illegible] אויספיהרען דעם [illegible] באשטראפען דעם עקס [illegible] ווי מען קען ניט צווינגען האלאנד זי זאל איהם אויסליפערען, וועט מען דערום מאכען דעם משפט אהן ווילהעלמען.

מ'דענקט דאס דער משפט וועט פארקומען אין לאנדאן, ניט פריהער ווי אנהויב זומער.



## ר' יאסעלע ראזענבלאטס קאנצערט

זונטאג אווענד איז פארגעקומען ר' יאסעלע'ס קאנצערט אין ארקעסטער האל.

דער עולם, ווי מען האט זיך געקענט משער זיין פון פריהער איז באשטאנען פון לייטער אידען און האבען זייער יאסעלע'ן אויפגענומען עכט אידישלעך, מיט הארציגען אפלויז און מיט אזא אפלויז האבען זיי איהם אויך באגלייט נאך איטליכען נומער.

די פראגראם — אנב אורחא באמערקט, א זעהר שווערע — איז באשטאנען מעהרסטענס פון אידישע נומערן. אנגעהויבען מיט א אידיש ליעד יאהר־צייט און געענדיגט מיט דעם (אנקאר) „הבן יקיר לי אפרים".

עס איז שוין זייט גאנץ לאנג ווען ר' יאסעלע זאל אזא שווערע פראגראמע דורכפיהרען אויף א קאנצערט און פון אנהויב ביז סוף אזוי גלאטיג און געלונגען ווי נאר ר' יאסעלע קען. די ענגלישע און אפערא ארִיעס, אזוי גוט ווי די אידישע און חזנישע נומערן זיינען דורכגעפיהרט מיט פראכט און גלאנץ.

איבערהויפט האבען אויסגענומען „שומר ישראל" און „אלוקי הנשמה שנתת בי". אין דיעזע צוויי נומערן האט מען געזעהן די גרויסקייט פון ר' יאסעלע'ן.

אן אויספיהרליכע קריטישע אפשאצונג וועגען דעם קאנצערט און וועגען ר' יאסעלע'ן בכלל וועט אונז געבען דער היגער באריהמטער חזן מינקאווסקי, וועלכער איז חוץ זיין טאלאנט אין מוזיק אויך בעקאנט מיט זיינע ארטיקלען איבער דער חזנ'ישער מוזיק.

## סאציאל-דעמאקראטען אין האלאנד פראטעסטירען געגען אידישע פאגראמען.

(ספעציעל צום „וועג").

אמסטערדאם, יאנ. 26, די האלענדישע סאציאל־דעמאקראטישע פארטיי האט היינט, אויף איהרע א קאנגרעס זיצונג, אנגענומען א רעזאלוציע געגען די אידישע פאגראמען, וואס זענען לעצטענס פארגעקומען אין אוקראינע. זי האט אויפגעפאדערט דעם אלוועלטליכען פראלעטאריאט צו פראטעסטירען העפטיג געגען די ווילדע מעשים פון די קאזאקען און היידאמאקעס, געגען די אומזיסטע אידישע בלוט־פארגיסונגען.

## פוילען מאביליזירט אן ארמיי

קאפענהאגען, יאנ. 26. — די היגע צייטונג די „פאליטיקען" דרוקט א באריכט פון ווארשע, אז דער פוילישער קאבינעט האט נעכטען אונטערגעשריבען א מאביליזאציאנס ארדער. אין דעם באריכט ווערט געזאגט, אז דער מאביליזאציאנס באפעהל איז אונטערגעשריבען געווארען, ווייל די באלשעוויקעס דערנעהענטערען זיך צום פוילישען גרענעץ.

## 3,224 „פלו" קראנקע אין שטאט

### זעקס שטארבען פון אינפלוענציא, 14 פון ניומאניא.

דר. הערי פ. וואהגאן, העלטה קאמישאנער האט נעכטען באקאנט געמאכט, אז דורך דעם זונטאג'דיגען טאג זיינען פארגעקומען 6 טויטענפעלע פון אינפלוענציא און 14 פון ניומאניא, און עס זיינען אין באארד אוו העלטה געמעלדעט געווארען 695 קייסעס פון אינפלוענציא, צוזאמען מיט די קייסעס וואס זיינען געמעלדעט געווארען דורך דער גאנצער וואך וועט די צאהל „פליו" קייסעס דערגרייכען ביז 4,224.

דער געזונדהייט קאמישיאנער ערקלערט אבער אז די גרעסטע צאהל פון די וואס זיינען קראנק געווארען אויף דער אינפלוענציא, זיינען שוין געזונד געווארען. יעדע הויז, וואו א קראנקער געפינט זיך, זאגט דער דאקטאר, ווערט קאראנטירט אויף 7 טעג, אלס שוץ פאר'ן פאציענט, כדי ער זאל ניט ארויסגעהן אין א שוואכען צושטאנד און קריגען ניומאניא.

מייסטע פון די אינפלוענציא חולאים ווערען געזונד אין דריי טעג. די צאהל פון טויטע־פעלע פאר די לעצטע וואך איז פארגליך מיט די צאהל טויטענפעלע פון לעצטען יאהר אין דער זעלבער וואך, באהויפטעט דר. וואהגאן, איז 55 פראצענט וויניגער.

## א לעבעדיגער גרוס פון יעקב דינעזאן.

א קינד פון „דינעזאנס־שולען און קינדער היימען", וואס איז נאר וואס אנגעקומען פון ווארשע, וועט איינטייל נעמען אין דעם ליטעראריש־מוזיקאלישען אווענט, וואס דער י. ל. פרץ ליטעראַרישער פאראיין, אראנזשירט אויף מיטוואך, יאנואר 28. אין לייבאר לייסעאום. אינ'ם אווענט וועלען זיך באטייליגען די בעסטע קרעפטען פון דעטראיט.

## ווערט שטרענג באשטראפט וועגען פארצושליסען גאז פון קראנקען שכן

דזשאהדזש מאנרא, א לענדלארד פון 766 טילמאן עוו. האט נעכטען געקראגען א לעקציע פון אסיסטענט פראסעקיוטאר קאקס, פאר זיין אונמענשליכע האנדלונג אין צושליסען דעם גאז מיטער פון זיין שכן פרעד בראדבעק, וועמעס פרוי און קינד ליגען קראנק.

מר. קאקס האט געלאזט וויסען דעם זארצלאזען לענדלארד, אז אויב די בראדבעק קינד וועט שטארבען, וועט ער איהם האלטען פאראנטווארטליך און וועט מאכען געגען איהם א קלאגע פון „מענסלאטער".

לויט מר. בראדבעק האט דערצעהלט דעם פראסעקיוטאר האט מאנרא צוגעשלאסען דעם גאז מיטער דעריבער וואס ער, בראדבעק, וועלכער איז איצט א שלעכטער פינאנציעלער צושטאנד, האט ניט באצאהלט די רענט אין פאראוים. ער האט זיך ביי'ם לענדלארד געבעטען ווי ביי א גזלן ער זאל ניט אבשטאפען די גאז און ניט שטעלען אין געפאהר דאס לעבען פון זיין קראנקעס קינד, אבער דאס בעטען האט גאר ניט גערירט דאס לענדלארדישע הארץ.

מר. קאקס, ריידענדיג וועגען די האנדלונג פון דעם טיראנישען לענדלארד, האט אזוי געזאגט:

„דאס איז איינע פון די ערגסטע קלאגעס וואס זענען געבראכט געווארען אין מיין אפיס און דורך דיעזער קלאגע וועל איך געבען די לענדלארדס צו פארשטעהן, אז זיי האבען פיקטע און פאראנטווארטליכקייטען, וועלכע זיי מוזען רעספעקטירען. פון דער אונטערזוכונג וואס איך האב געמאכט אין דיעזער קייס, ציינט זיך ארויס אז בראדבעק איז ניט שולדיג קיין רענט. ער האט זיך ענטזאגט צו צאהלען די רענט אין פאראויס, ווייל ער איז איצט ניט אימשטאנד דאס צו טהאן. יעדענפאלס, צו די רענט איז באצאהלט צו ניט, איך וועל ניט דולדען א לענדלארד, וועלכער מאכט א פארזוך ארויסצוזעצען זיין שכן אונטער אזעלכע קרימישע אומשטענדען. אויב דאס קינד שטארבט, וועט מאנרא פארקלאגט ווערען אויף דער באשולדיגונג פון מינסלאטער".

## 1 טויט, 2 פעהלען אין האטעל פייער

א פייער, וואס האט אויסגעבראכען זונטאג נאך א האלבע נאכט אין האטעל האפמאן, וואדוואַרד עוו. האט פאראורזאכט דעם טויט פון א. ס. ווערנעל א גאסט אין דעם האטעל און געשטעלט אין געפאהר דעם געזונד פון 80 מענשען וועלכע זיינען געווען געצוואונגען ארויסצולויפען אין זייערע נאכט־קליידער אין ביטערען פראסט.

ווערנעל איז פון די פייערלייטע געפונען געווארען טויט אין דער רום נומער 216 פון האטעל. זיין קערפער איז געווען ליכט צובערנט. אין דער זעלבער רום זענען געשלאפען נאך 2 מענער, און די פאליציי האט נאך ביז איצט קיין אהנונג וואו זיי געפינען זיך.

די אורזאך פון פייער איז נאך פארלויפיג ניט באקאנט. אלעס וואס מען ווייס איז, אז דער פייער האט זיך אנגעפאנגען עטליכע מינוט נאך 12 ביינאכט אין קעלער פון דער פינף שטאקיגער האטעל־געביידע.

דער שאדען באטרעפט אונגעפעהר צוויי הונדערט טויזענד דאלאר.

## מאכנא, אידישער הענקער, צווינגט אידיש מיידעל צו הייראטען מיט איהם

(ספעציעל צום „וועג").

קאפענהאגען, יאנ. 26. די אידישע פרעס־ביורא מעלדעט, דאס דער באוואוסטער פאגראמשטשיק, מאכנא, האט געצוואונגען אן אידיש מיידעל זי זאל מיט איהם חתונה האבען. אין דעם טאג פון דער חתונה האט ער ארויסגעגעבען א באפעהל, אז אלע אידישע בירגער זאלען איהם ברענגען „דרשה־געשאנקס".

די געשיכטע האט פאסירט אין האליפאליע, אין פאראליען, וואו ער האט לעצטענס געמאכט זיין הויפט־קווארטיר. גלייך ווי מאכנא איז אנגעקומען אהין, האבען זיינע היידאמאקעס צוראבירט אלע אידישע געשעפטען און געשלאגען די אידען מכת רצח.

## בני ברית סעקרעטערי אפעלירט פאר שטיצע פאר די פאגראמירטע אידען אין פוילען און אוקראינא

אטלאנטיק סיטי, יאנ. 26. — א. ב. זעלענפריינד פון שיקאגא, סעקרעטער פון קאנסטיטוציאנעלען ארדער בני ברית, האט נעכטען אויף דער קאנווענשאן פון דריטען דיסטריקט פון ארדער, וועלכער נעמט אריין די סטייטס פון ניו דזשוירזי, פענסילווייניא, דעלעווער און וועסט ווירדזשיניא געמאכט א שטארקען אפיעל צו שטיצען די אידען פון פוילען און אוקראינא.

דעם גאלדענעם מעדאל, וואס ווערט געגעבען צו יעדער יעהרליכע קאנווענשאן האט געקראגען מר. סימאן וואלף פון וואשינגטאן, דער גרינדער פון דער בית יתו[illegible]

## סעמועלס ערקלערט פוילישע רעגירונג „הילפסלאז" געגען אנטיסעמיטיזם

(ספעציעל צום „וועג").

לאנדאן, יאנ. 26. די אידישע „באארד אוו דעפיוטיס" האט נעכטען געמאכט א באנקעט לכבוד סער סטוארט סעמועלס, אין זיין רעדע, האט סעמועלס ערקלעהרט, דאס די פוילישע רעגירונג איז מאכטלאז אין איהר קאמף געגען דעם אנטיסעמיטיזם, וועלכער האט ארומגענומען כמעט אלע שיכטען פון פוילישען פאלק. זי וואלט זעהר וועלען, אז די „עקסצעסען" געגען דער אידישער באפעלקערונג זאל אויפהערען, אבער איהר ווירקונג איז צו קליין, זי זאל זיין בכח צו פארהיטען די אידישע איינוואוינער פון דער שנאה, וואס דאס פאלק פיהלט געגען זיי.

סער סעמועלס האט אבער באמערקט, דאס די פוילישע רעגירונג זעהט איין, דאס זי נויטיגט זיך זעהר אין די אידישע עלעמענטען צוליעב זייער בילדונג.

לארד וואלטער ראטשילד האט אויסגעדריקט, אינ'ם נאמען פון די ענגלישע אידען, א דאנק פאר דער גוטער ארבייט פון דער סעמועלס קאמיסי' אין פוילען.

## פראמינענטע ארגאניזאציע צו פארטיידיגען רעדע-פרייהייט

ניו־יארק, יאנ. 26. דא האט זיך נעכטען פארמירט אן ארגאניזאציע וועלכע וועט אנפיהרען אין די געריכטען א קאמף פאר רעדע־פרייהייט. דער נאמען פון דער ארגאניזאציע איז: די אמעריקאנישע ציווילע פרייהייטען יוניאן". צווישען די באאמטע פון דער נייער ארגאניזאציע געפינען זיך א זעלבע פראמינענטע נעמען, ווי העלען קעלער, דזשיין עדעמס, העלען פיליפס סטאקס, פראפ. ה. פ. ווארד, פון ניו־יארקער טעאלאגישען סעמינאריום.

די נאציאנאלע עקזעקוטיווע פון דער ראזינער ארגאניזאציע באשטעהט פון דזש. מאורער, פרעזידענט פון פענסילווייניער פעדערייזאן אוו לייבאר; ד. מעקדאנאלד, פרעזידענט פון אילינאיז פעדערייזאן אוו לייבאר; מארים הילקוויט, דער באוואוסטער סאציאליסטישער יוריסט; פראפ. ראבערט מארס לאוועט, און דזש. סייער.

פראפעסאר ווארד האט ערקלעהרט דאס די ארגאניזאציע וועט אנפיהרען איבער'ן גאנצען לאנד א קאמף געגען די פארזוכען פון דער רעגירונג איבערצוטרעטען די קאנסטיטוציאנעלע פרייהייטען צו דער זעלבער צייט, וועט זי זעהען דאס דער אינדוסטריעלער קאמף זאל געפיהרט ווערען אין די ראמען פון דער קאנסטיטוציע.

## בראדסקי געשטארבען.

פון קיעוו איז צו דער אידישער ביורא אנגעקומען די טרויעריגע בשורה, דאס דער אידישער גרויסער נדבן בראדסקי איז דארטען געשטארבען.

דער נאר וואס פארשטארבענער בראדסקי האט זיך גערעכענט פאר איינעם פון די חשוב'סטע אידען אין רוסלאנד. ער איז געווען א גרויסער מיליאנער און דאך האט ער זיך אינטערעסירט מיט אלע אידישע ענינים, ספעציעל מיט דער אידישער קהלה אין קיעוו ער איז געווען א תלמיד פון דעם באוואוסטען העברעאישען שריפטשטעלער, יהל"ל.

## גרויסער פראטעסט מיטינג אין ניו-יארק געגען אלבאני'ר אסעמבלי.

ניו־יארק, יאנ. 25. די סאציאליסטישע פארטיי האט נעכטען געהאט א זיצונג אין דער רענד סקוהל און באשלאסען צו ארגאניזירען אויף דעם 28־טען יאנ. א ריעזיגע פראטעסט פארזאמלונג אין מעדיסאן סקווער גארדען געגען דער פארגוואלטיגונג וואס איז געטאן געווארען פון דער אלבאני'ר אסעמבלי אויסשליסענדיג פינף געוועהלטע סאציאליסטישע אסעמבלימען. די סענאטארען האבען צו געזאגט קומען ספעציעל צו דיעזער פארזאמלונג און לאזען הערען איבער'ן לאנד זייער פראטעסט.

אויך האט די סאציאליסטישע פארטיי באשלאסען צו זאמלען א פאנד לטובת דער פארטיידיגונג פון די צוריקגעוויזענע סאציאליסטען.

## איהר געליעבטער וויל איהר ניט אפפיהרען אהיים, שיסט זי זיך.

די יונגע לייט און מיידלאך, וועלכע האבען לעצטען זונטאג ביינאכט אזוי פרעהליך פארבראכט טאנצענדיג אין א זאל, מישיגען עוו. און 24טע סט., וועלען פאר א לאנגע צייט געדענקען, וואס זיי האבען געזעהן און געהערט יענעם אבענד. זיי האבען געזעהן ווי א 18 יאהריגע מיידעל ווירדזשיניא סינטרי פון 72 פאללארד סטריט האט זיך צעווערטעלט מיט איהר „געליעבטען" סטענלי, וועלכער האט צוליעב אומבעקאנטע אורזאכען ניט געוואלט אפפיהרען איהר אהיים. נאכהער האבען די זעלבע טענצערס דערהערט א שאס. דעם שאס האט אבגעפייערט די זעלבע מיידעל. די קויהל האט אבער קיינעם ניט געטראפען אויסער דער שיסערין אליין.

אויפ'ן וועג צום האספיטאל האט ווירדזשיניא דערצעהלט דער פאליציי. אז זי טראגט אימער מיט זיך א רעוואלווער כדי זי זאל ניט מורא האבען צו געהן אליין אהיים ביינאכט. ביי דעם טאנץ, האט זי געזאגט, האט זי דעם פיסטאל געוויזען איהר געליעבטען, און וועהרענד זי האט געהאלטען דעם מארד אינסטרומענט אין האנד, האט זי ניט ווילענדיג אויסגעשאסען און די קויל האט געטראפען איהר אונטער'ן הארצען.

דאקטוירים אין רעסיווינג האספיטאל ערקלעהרען אז איהר לאגע איז זעהר ערנסט.

## CLASSIFIED





# ענײם ואביונים
## אדער גליקליכע און אומגליקליכע
ראמאן — פון מרדכי ספעקטאר

(פארטזעצונג)

8

**דעם פאדריאטשיקס זוהן**

ווי לאה האט קיין מאל ניט געהאט אנ-הויבען צו דערצעהלען א מעשה אויף א גאנצען טאג, פון דעסטוועגען וואלט זי געוואלט דערצעהלט, זי האט געפיהלט אז דערמיט וואלט איהר א סך גרינגער געווען, נאר אין איהר לאנגער געשיכטע זענען געווען אייניגע איהרע אייגענע פלעקען, וואס זי האט זיך נאך ביז היינט גע-שעמט צו דערצעהלען, ווארים עס האט זיך איהר אויסגעוויזען אז ברייגע וואלט איהר דערויף געענטפערט: „גאט האט אייך געשטראפט פאר אייערע זינד״ דעם פארוואורף וואלט זי ניט איבערגעטראגען, „איך האב ניט געזינדיגט ניט פאר גאט און ניט פאר מענשען, פלעגט זי שטענדיג צו זיך זאגען ווען זיפלעגט פון זיך אליין דערמאנען — מען האט מיך פאר-רט, מען האט מיך אבגענארט און אום גליקליך געמאכט, נאר קיין וועלט וועל איך ניט איבערערען, אומזיסט האב איך אזוי פיעל איבערגעליטען.

די פלעקין פון לאה׳ס לעבען זענען דיא לעזער בעקאנט פון אנהויב ערצעהלונג.

די לעזער געדענקען אויך געוויס ווי אין דער שרקליכער צייט ביי ר׳ זלמינען אין שטיבעל. האט זי מיט גרויס פארדראס און מיט גרויס כעס דערצעהלט פון איהרע עלטערן, ווי שלכב זיי האבען זי ערצויגן, יי נאריש זיי האבען געטאן דערמיט וואס יי האבען זי. וואס האט זיך געראכענט פאר א וועלטליך מיידעל, געוואלט גויטען א כלה ווערען פאר א פוסטע קלויזנער איננגעל.

זי האט אבער ניט אוספעיעט צו דער-צעהלען מיט נאך פיעל מעהר כעס פון נאך איינעם. —

דאס איז געוועזען טאקע אין דער אייגער צייט ווען לאה איז געוועזען ביי איהרע עלטערן, געזסן אין קלייט און וועזען א בריה, שרוכים האט מען איהר געדעט פון אלע זייטען, איהרע עלטערן, ענעז, פארשטהט זיך, די שרוכים געפע-ן ווארום דער חתן האט זיך אנגעקערט מיט דעם גרעסטען חסיר פון ח—ער רבי׳ן בעט א איינען אייניקעל פון דעם רבינס איין עלטער פעטער. דער איז געוועזן גלאט א זיידן קינד. אז מער ווי א אידיש ווארט איז פון זיין מויל קיין מאל ניט ארויסגע-גאנגען א. ז. וו.

לאה׳ן זענען אבער די אלע מעלות פון די התנים ניט געפעלען און זי האט זיך געפיהלט זעהר אומגליקליך.

אין דער אייגענער צייט האט זיך אראב געוואוינט אין ר. א יונגער מאן בלוט און מילך, שעהן און געזונד, שטענדיג אויס-געצוואגען און אויסגעפוצט ווי א טאק-עקליידעט נאך, דער נייסטער מאדע ווי אין דער גרויסער וועלט, שטענדיג לעבע-דיג און פרהליך.

געקענט האט מען דעם יונגען מאן אונ-טער דעם נאמען „דעם פאדריאטשיקס זוהן״ און אזוי האט מען איהם טאקע גע-רופען, ווייל זיין פאטער ה׳ זיינוויל דאר-באווסקע. וואס האט שטענדיג געוואהנט אין אדעס, האט ניט לאנג אבגענומען די קאזיאנע פאדריאדען אין ר—ער אויעזד; פריהער איז ער אליין א קליינע צייט גע-וועזען אין ר. און דערנאך האטעראראב-געשיקט זיין זונדעלע פיאדער איוואנאוויטש דבאווסקע.

דעם פאדריאטשיקס זוהן אבער האט איבערגעגעבען די סלושאטשע זיי זאלען זוטשעגען פאדריאד און אליין האט ער אנגעהויבען אויסקוקען די ר—ער שעהנע מיידלאך און האט געפונען אז ר׳ שמואל בער׳ס מיידעל לאה. וואס נעפינט זיך שטענדיג אין קלייט. איז די שעהנסטע פון אלע.

לאנג ניט געטראכט און ער האט אנ-געהויבען אפטער אריינקומען אין קלייט, גענעבען אפט צו לייזען, איבערגעבען קליי-נע פאקופקעס פאר דעם פאדריאד איהר פאטער.

איהרע עלטערן האבען קיין מאל ניט געשטערט דעם פאדריאטשיקס זוהן רע-דען מיט לאה׳ן, ווארום ר איז זיך א קונה און נאך א גוטער קונה. מען קען נאך כא-פען עפעס פארדינענט נעבען דעם פאד-ריאד אויך.

לאה פלעגט הערען פון איהר פאטער שטענדיג לויבען דעם פאדריאטשיקס זוהן.

— האטש ער איז ניט קיין פרומער איד, א חסיד ווי א אמת׳ער איד דארף זיין — פלעגט ר׳ שמואל בער זאגען — פון דעסטוועגען איז ער זערה א וואוילער מענש. א איד קען ביי איהם פארדינען א קערביל, האטש ער איז פון דידייטשען, נאר צווישען די לייט. די נעגאלטע בערד געפינען זיך אויך א מאל גוטע מענשען

און ווער ווייסט? עס שטעהט זיך בפירוש אז כל ישראל יש להם חלק לעולם הבא״. און טאקע דערפאר וואס די לייטזענען ניט אזוי קארג אויף דעם גראשען און גע-בען א אידען צו לייזען א קערבעל. וועלען זיי טאקע האבען עולם הבא.

מהר פון צוויי חדשים האט זיך דעם פאדריאטשיקס זוהן נעדרעהט ביי ה׳ שמואל בער אין קלייט, אלעס האט ער גע טהאן ער זאל ווערען א היימישער. קייער האט איהם ניט געשטערט אין דעם וואס ער האט פארנומען, מיט איהרע על-טערען האט ער זיך געפיהרט זעהר פראסט ר. ה. ניט געבלאזען פון זיך א באראן צו א פריין, טאקע נאר ווי א פראסטער איד, נערעדט שטענדיג מיט זיי אויף פראסט אידיש, נעקומען צו זיי אלע שבת עסען קוגעל און זעהר לויבען די שבת-דיגע עסענס און געזאגט: אז אזוינע צוויי טעריע פארציעס ווי פיש מיט קוגעל און אפילו פיטשע האט ער ניט באגעגענט אויף אלע טישען פון אלע פעלקער פון דער וועלט; אויך פלג טער אפט זאגען ר׳ שמואל בער׳ן: איהר זאלט ניט מיינען אז דאס וואס איך גיה אהן פעות, קורץ געקליידעט און אביסעל אונטערגענאלט בין איך שוין קיין איד ניט. איך בין אויך א פראסטער איד גלייך מיט אייך, נאר וואס זאל מען טהאן, מען וואהנט זיך צווישען גוים, מוז מען זיך פיהרען ווי זיי, ואס טהוט מען דען ניט צוליעב פרנסה?

ר׳ שמואל בער פלעגט נאר אנקוועלען פון דעם אידישען נעגאלטען יונגען מאנטשיק פון דעם דייטשעל.

א חסיד האט פיינט א געגאלטען אידען נאך ערגער פון דעם ערקססטען גוי. ער וויל זיך קיינמאל מיט איהם ניט פארגעהן, ניט איהם זעהן ביי זיך אין שטוב בכלל ניט, האבען מיט איהם קיין שום געשעפטען ער אנטלויפט. שטענדיג פון איהם, היינט ייער שמועסט שוין פון אזוינע זאכען ווי זיך משדך זיין מיט איהם.

(פארטזעצונג פאלגט)



## לעזט דעם „וועג״



# אונזער נייער טעלעפאן איז מעין 3715

# אינטעליגענטע

ראמאן פון י. ל. מאלאמוט

(פארטזעצונג)

— דאן, וועל איך געהן גלייך אהיים!

— האט זי שטיל א זאג געטאן. זי האט געפיהלט ווי צו עפענען איהר הארץ און איהם ארויסזאגען וואס אין איהר קומט פאר, ווי היים זי ליעבט איהם. נור זי האט מעהר גאר ניט גערערט. ווען ער האט זי צוגעפיהרט צו איהר הויז, איז זי געבליעבען שטעהן, עס האט זיך איהר יעצט ניט געוואלט זיך שיידען פון איהם.

— פילייכט וועט איהר אויך ארויפגעהן צו אונז? — האט זי זיך איינגעשטעלט און איהם אנגעבעטען.

— מען שלאפט דאך שוין ביי אייך!

— האט ער װי גיזוכט זיך צו ענטשולדיגען — עס איז שפעט.

— דאס מאכט ניט אויס, איך שלאף דאך ניט! — האט אניוטא געענטפערט — איהר קענט ארויפגעהן, אויב אייך איז אנגענעהם. איך וועל מאכען טהעע, וועל בין הסתם געפינען עפּיס אויף צובייסען, אלזא? — האט אניוטא אויף איהם אנגעשטעלט א פאר אויגען פול מיט נעבעט

— קומט ארויף אויף א ווײלע.

ער האט מעהר גאר ניט געזאגט און איז מיטגעגאנגען.

ווען זיי זענען ארויפגעקומען און אניוטא האט ליכטיג געמאכט ביי זיך אין צימער, האט זי זיך דערפיהלט ווי פריי געבארען.

זי איז געווען העכסט גליקליך וואס ער זיצט ביי איהר אין צימער.

— פיהלט זיך ווי אין דער היים! — האט זי א צופריעדענע געשמייכעלט און איהם א זאג געטאן — גיט מיר אייער מאנטעל!

ער האט איהר דערלאנגט דעם מאנטעל און מיט צירטליכקייט האט זי זיין מאנטעל שטיל צוגעטראגען צו איהר קלאפּענדעם הארץ. זי האט איהם אבער גלייך אויפגעהאנגען, מורא האבענדיג ער זאל דאס ניט באמערקען.

— וואס וועט איהר טרינקען? — האט זי איהם ליעבליך א פרעג געטאן — טהעע אדער קאפע?

— גיט קיין טהע און ניט קיין קאפע!

— האט בעלל זיך צעלאכט און איהר געענטפערט.

— וואס זשע דען, פיעלייכט מילך?

— האט זי זיך נאכגעפרעגט ביי איהם — ווילט איהר אפשר פרישע מילך? עס שטעהט אויף אייז.

— ניין, אויב איהר קענט מיר געבען א גלעזעל וויין, וועל איך טרינקען! — האט ער גאנץ אפענהערציג א זאג געגעבען. זי האט נאכגעקלערט א פאר מינוטען און דערנאך האט זי א פרעהליכע אויסגערופען:

— יא, איהר קריגט וויין! איהר וועט מיר ענטשולדיגען אין מאמענט בלויז.

און אין עטליכע מינוטען איז אניוטא צוריק געקומען מיט א גראפין רויטען וויין און צוויי גלעזלאך.

איהר נעזיכט האט געשטראהלט, דאס פנים האט איהר געפלאמט און זי איז געזעסען א גליקליכע און האט איהם גע־קוקט אין געזיכט אריין.

— איהר זייט יעצט גאנץ אינטערעסאנט! — האט בעלל איהר באמערקט, בעת זי האט זיך אויפגעשטעלט און איהם אנגעגאסען א קאפאל וויין — טרינקט!

— אויף גליק! — האט בעלל אויסגעטרונקען זיינע בליקען פון איהר. ער האט געפיהלט וואס אין איהר פרויען הארץ געהט פאר און ער האט זיך אי שטארק גיפרעהט דערפון וואס זי איז אין איהם פארליעבט. ער איז אבער אויך געווען שטארק אונצופריעדען, ווייל ער האט געפיהלט אז ווען זי זאל זיך אמאל דערוויסען וועגען זיין פערגאנגענהייט וועט זי זיך ריהרען פון זינען.

אניוטא ווידער, איז געווען איבערגליקליך. זי האט איהם אנגעגאסען א צווייטען קאפאל וויין און האט איהם צוגע־טראגען.

— איהר האט דאך געוואלט וויין, וואָרום זשע טרינקט איהר ניט?

— עס איז ניט אינטערעסאנט צו טרינקען אליין. טרינקט אויך מיט! — האט בעלל א זאג געגעבען, און ער האט גענומען און האט אנגעגאסען וויין אין צווייטען גלעזעל אריין.

— איך האב אין מיין לעבען קיין וויין ניט געטרונקען! — האט אניוטא א זאג געגעבען און האט זיך צעלאכט.

— דאס איז גאר ניש טאזא העלדישקייט! — האט בעלל גערערט — מענשען זענען שטארק אינטערעסאנט, ווען זיי טרינקען.

— דענקט איהר באמת אזוי? — האט זי קינדיש איבערגעחזר'ט.

— יא, אזוי איז דאס.

— דאן טרינקט איהר פריהער און

ווען איהר וועט ווערען אינטערעסאנט, דאן וועל איך אויך טרינקען.

— אפגעמאכט! — האט בעלל אויסגערופען און האט אויסגעטרונקען דעם צווייטען גלאז און האט א שאקעל געטאן מיט דעם קאפ, ווי איינער, וואס וויל ארויפטרייסלען א שווערע משא פון זיך.

ער האט זיך געהייסען געבען נאך וויין.

— יעצט גיט נאך וויין, איך פיהל אז דער וויין טוט מיר גוטעס.

זי האט געשמייכעלט און א צופריעדענע האט זי איהם אנגעגאסען נאך א באקאל וויין.

— איהר זאלט נור דערנאך ניט זאגען אז בעלל איז שיכור! — האט ער זיך גיוויצעלט.

זי האט איהם ארויפגעלעגט די האנט אויף זיין קויל.

— איהר דארפט ניט רעדען אזוי, דאס איז גאר ניט אינטערעסאנט.

ער האט זיך צעלאכט הויך אויפ'ן קול.

— כא, כא! האט איהר ווען געזעהן א שכור? — און ער האט מיט אמאל אנגעהויבען פלאנטערען מיט דער צונג. ער האט אליין געפיהלט אז ער רעדט אויס'ן וועג, נור ער איז געוועזען פרעהליך און האט געפלוידערט:

— עס איז אמת אז מענשען זענען אינטערעסאנטער ווען זיי טרינקען. זיי זענען דאן נאטירליכער, פרייער. זיי וארפען ארונטער די מאסקע וואס די ציוויליזאציאן האט אויף זיי ארויפגעלייגט, זיי ווערען דאן אייפאכע קינדער.

זי איז געזעסען און האט זיך צוגעהערט צו יעדעס ווארט, וואס ער האט אויסגערערט. זי האט גיפיהלט, אז ער רעדט יעצט ניט צו דער זאך, אבער ער איז איהר געווען ליעב. זי האט זיך געפרעהט מיט דיב געדאנק, אז איהר וואונש איז ערפילט געווארען, און ער, דער גרויסער קינסטלער זיצט ביי איהר אין צימער, פיהלט זיך גוט און דאס האט זי צופריעדען געשטעלט.

— יעצט זייט איהר אינטערעסאנט!

— האט אניוטא איהם א זאג געגעבען און האט זיך קינדיש צעלאכט.

— דאן זאלט איהר האלטען אייער פארשפרעכען! — האט ער א זאג געטאן — איהר האט פארשפראכען צו טרינקען מיט מיר.

— זייט איהר אלזא נאך ניט שכור!

— האט אניוטא באמערקט. — מען זאגט אז א שכור פארגעסט אלעס.

— ניין, דאס האבען נאראנים אויסגעטראכט — האט בעלל געשפאסט, — א שכור געדענקט אלעס און ווייס אפילו אז ער איז שכור. נור איהר דארפט זיך פונקטלעך ניט אויסדרעהען — האט ער זיך געהאלטען ביי זיין אפמאך, — גיסט אן אייער גלעזעל און ווייזט, אז איהר קענט האלטען ווארט.

— אויף גליק! — און זי האט זיך פערהוסט, אזוי שנעל ווי זי האט אראפגעשלונגען די ערשטע פאר טראפען.

— יעצט וועט איהר מיר גלויבען, אז איך האב קיינמאל קיין וויין ניט געטרונקען.

— דאס שאדעט ניט, וויין איז זעהר א גוטע זאך.

— הלואי זאל דאס אמת זיין! — האט אניוטא געשפאסט — דערווייל פיהל איך ערשט אז עס דרעהט זיך מיר דער קאפ און אין וויין האב איך קיין טעם ניט געפיהלט.

— טרינקט אויס אייער גלעזעל, עס איז ניט מעהר ווי רעכט, אז איהר זאלט ווייזען, אז איהר קענט טרינקען א גלעזעל וויין, ווען ניט קען איך נאך דענקען, אז איהר האט מעהר ניט בעצוועקט ווי נור מיך אנצושכור'ן — האט בעלל זיך גע־וויצעלט.

— איך גלויב גאר ניט אז איהר זייט שכור! — האט אניוטא איהם פערזיכערט.

— איך װאלט אויך ניט וועלען אייך זעהן שכור. — האט זי באמערקט.

— איך וואלט אבער אליין וועלען , פרעהליך.

— גוט, איך טו אייך צוליעב!

זי האט זיך אנגעשטרענגט, האט אויסגעטרונקען דאס גלאז וויין.

— יעצט זאלט איהר אבער שוין מעהר ניט טרינקען!

— ביי מיין ווארט הערר בעלל, איך פיהל אז מיין קאפ דרעהט זיך.

— דאס איז גאר ניט. עס וועט פאראיבער.

(פארזעצונג פאלגט)

דער וועג

THE DETROIT JEWISH DAILY

Published Daily, Except Saturdays and Jewish Holidays, by
DER WEG PUBLISHING COMPANY, INC.
347-49 Hastings St., Detroit, Mich. Main 3715.
J. RABINOWITZ, Pres. JOS. R. LEEMON, Sec.-Treas.
B. I. GOLDSTEIN, Editor
(Entered as Second Class mail matter at Post Office, Detroit, Mich.)
Subscription Price: By mail, or carrier, one year, $5.00; six months, $2.50.

דעטראיט, 27טער יאנואר, 1920

# און אזוי האט גערעט דער אסימילאטאר

דער אמת איז אז דער פולער באריכט פון העגרי מארגענטוי וועגען זיין מיסיע אין פוילען האט קיינעם נישט באדארפט איבערראשען.

נאך בעת מארגענטוי איז אין פוילען געווען האט מען שוין געהערט וועגען זיין באנעהמונג אין די הארטיגע רעגיערונגס קרייזען, וועגען זיינע ויכוחים מיט די פוילישע אידיש־פיינדליכע דיפלאמאטען און וועגען זיין שטעלונג, ווען איהם האט דער צופאל אין דער אידישער גאס געבראכט — פון דעם אלעמען האט זיך בולט אנגעזעהן, אז מארגענטוי איז געפאה־רען פון דער לכתחילה מיט'ן צוועק צו פארגלעטען און פארקוקען עולות און מיט אלע מעגליכקייטען אויסצוזוכען עפעס אן אויסגאנג אויף פשרות.

מען האט דאס געוואוסט נאך דעמאלט, ווען מארגענטוי איז אין פוי־לען געווען.

מיר האבען דא אפגענומען גהוסען, ווי דער איד מארגענטוי האט פאר־פיהרט ויכוחים מיט פוילישע למדנים, וועלכע האבען איהם א י ן א י ד י־ש ע ע נ י נ י ם באוויזען, אז ער וויים פון אידישקייט א סך ווענינער ווי א פוילישער גרויסער אנטיסעמיט, אבער מיטעלמעסיגער קענער און כמעט אן אומבאוואוסטער אין דער וועלט; מיר האבען געהערט ווי די פוילישע גאס האט איהם מיט שנאה און באליידיגונג אויפגענומען און פיעלע ער־טער און ער האט פארשוויגען; מיר האבען געהערט ווי ער האט באדארפט פאר געוויסע עניגים אנקומען פאר ערקלערונגען צו א דריטער פערזאן; — ווי אזוי ער האט גערעדט מיט אידישע פארשטעהער און ווי אזוי מיט פוילישע, און עס האט אונז באדארפט קלאהר ווערען, אז מיר וועלען פון מארגענטוי'ס באריכט נישט אויפגעריכט ווערען און דעם אידישען פאלק וועט פון דעם באריכט קיין טובות זיכער נישט ארויסקומען.

מיר זיינען נישט ענטוישט געבליבען.

עס איז שפעטער צוגעקומען א מיינונג, אדער אן אויסצוג פון גענעראל דזשאדווין באריכט. דזשאדווין איז דער צווייטער קאמישיאנער, וואס איז מיט מארגענטוי'ן געווען אין פוילען.

פון דזשאדווין'ס אויסצוג האט זיך שוין אפען אנגעזעהן די פיינדליכע שטעלונג צו די פוילישע אידען.

און וויעדער איז קלאהר געווארען. אדער עס האט באדארפט קלאהר ווערען, אז מארגענטוי וועט זיך נישט אילען און אפשר מאקע נישט קענען איינרייסען מיט זיינע קאלעגען און וועט אייגעגעהן אויף גרויסע פשרות.

ער וועט באין אופן נישט וועלען ארויסווייזען צו בולט זיין אידישקייט אין א רעפארט, וואס טראגט אן אפיציעלען און פאליטישען כאראקטער.

מארגענטוי, דער אסימילאטארישער „יאהודי", וועט זיך היטען מיט זיין אידישקייט און ווי אלע אסימילאטארען אין אזעלכע פעלע, וועט ער מיט זיין באהעלטעניש ווערען עקסטרים.

און נאך איין שפאן ווייטער קען מען געהן:

מיר האבען געזעהן פון דער שטעלונג וואס דאס אפיציעלע אמעריקא, וואשינגטאן, האט גענומען צו פוילען און מיר האבען געקענט פארשטעהן, אז מארגענטוי וועט נישט ארויסקומען קעגען איהר.

אמעריקא, שיער נישט ווי פראנקרייך, האט ארייגענומען פוילען אין א גאלדען וויעגעלע; מען האט פוילען אונטער א שוין פארטוך געהאלטען און געצערטעלט.

אין דערזעלבער צייט האט מען ד א איבער אזא אדער אנדער אורזאכע מיט נישט ווייניג שנאה געקוקט אויף די וואס רעדען א שלעכט ווארט קע־גען פוילען. א סך ארויסגעהאלפען אין דעם האט דער פויליש־ענגלישער ארגאן די לאנדאנער „טיימס", וועלכע האלט אין איין שיטען פעך און שוועבעל אויף די אידען אין פוילען.

מארגענטוי איז ניט דער מענש, וואס זאל ארויסגעהן אין קאמף מיט די אלע שטערונגען. עס פעהלט איהם מוט דערצו און עס פעהלט איהם אויך זעלבסטבאוואוסטזיין.

ווען מען פארגלייכט מארגענטוי'ן מיט סיר סטויארט סעמועלס פון ענגלאנד, זעהט מען ערשט אן בולט, אז אזוי גיך ווי דער איד פארלירט זיין באזוס אלס איד און הויבט אן צו מאכען קאמפראמיסען מיט זיין אידיש־קייט, מיז ער נישט ווילענדיגערהייד פארלירען אויך זיין מוט און זעלבסט־ווירדע.

מיר ווייסען נאך נישט וואס סיר סעמועלס רעפארט וועט ענטהאלטען. זיכער וועט אויך ער מאכען קאמפראמיסען. דאס פאדערט שוין די פאלי־טיק, אבער ער וועט אהן שום ספק נישט אוועק מיט זיינע קאמפראמיסען אויף אזא וועג, ווי מארגענטוי איז אוועק.

און דער עיקר — ער וועט נישט בארעכטיגען דאס, וואס די פוילישע אנטיסעמיטישע רעגיערונג, מיט איצט להכעים איהרע פארפליכטונגען אין דער טריטי בנוגע מינאריטעטען רעכטע.

אין דער שטעלע, וואו מארגענטוי רעדט וועגען די אויסגעקעמפטע מינאריטעטען רעכטע, זעהט זיך שוין אז דער אסימילאטאר אין פולער גרויס, אדער אין פולען קליינליכקייט.

כמעט איז ער מסכים מיט דער פוילישער אנטיסעמיטישער פאליטיק. כמעט איז ער מסכים, אז די אויסגעקעמפטע מינאריטעט רעכטע האבען געקענט אויפרעגען און אויפהעצען די אנטיסעמיטישע פאלאקען.

דאס איז דאך אן עכט מארגענטוי'שער שטאנדפונקט:

וואלט ער דאך אין אמעריקא געוואלט, אז די אידען זאלען יוצא זיין מיט א טעמפעל; מיט אידישען חזן ארויסגעהאלפען פון שיקסעס, אלס משוררים; מיט א חאבבאי וואס איז נישט איד און נישט גלח; מיט צופאה־רען פון איין יום כפור צום אנדערען צו דער שוהל פאר א „גאטעס געבעט" וכדומה אזא אידישקייט, און וואס אונזערע רעפארמעס האלטען זיך.

עס וואלטען אפשר די מארגענטויס זיך ווייניג וואס מצער געווען ווען אויך דא, אין אמעריקא, וואלט מען די טישטיינס געזאגט, מינאריטעטען רעכטע נישט געדולדעט.

אמת טאקע עס האט מר. מארגענטוי זיך געהיט און איז נישט ארויס־געטראטען אין זיין באריכט דירעקט קעגען די "באזונדערע שולען" למשל אין פוילען, אבער ווען ער וויל פארגלעטען דעם פוילישען אנטיסעמיטיזם זאגט ער שוין, אז פוילען, אלס א פאלק וואס איז אליין געווען אונטערדריקט, קען נישט דולדען, ווען מען וויל אז זי זאל פינאנסירען קולטורעלע אויטא־נאמיע.

ער איז אויך מסכים מיט די פינסטערע כחות פון פוילען אז דער פא־ראגראף 93 פון דער טריטי, וואו עס רעדט זיך מכח מינאריטעטען רעכי־טע, האט פארשארפט דעם אנטיסעמיטיזם.

פארשארפט דעם אנטיסעמיטיזם — גיט ער ווייטער צו — האט אויך דער ערפאלג פון גארענטירען די רעכטע פון דער אידישער שפראך.

[...]

אין קרובה'שאפט מיט דעם דייטשען דיאלעקט.

עס רעדט אלזא דא אי מארגענטוי דער פאליטיקער און שלום מאבער און אי מארגענטוי דער „יאהודי" דער אסימילאטאר.

און דאס אינטערעסאנטסטע דערביי איז, וואס נאך ידעם אלעמען איז ערשט דער דאזיגער באריכט נישט וואיל געפעלען דעם אזוי פיעל אויס־געליבטען אמעריקאנער גייסט.

עס זיינען אין דער אמעריקאנער קאמיסיע קיין פוילען געפאהרען 3 אמעריקאנער פארשטעהער: 1 איד און 2 יענקים.

דעם באריכט וואס מיר דרוקען, איז ערשט דער מינאריטעט באריכט פון 1 מארגענטוי'ן.

דער מאיאריטעט באריכט וועט מסתמא ערשט קומען. די קריסטען

---

# ליעדער

פון ש. נעפאם.

## קוש מיר אויס

קוש מיר אויס מיין זעעלען טרויער,
קוש מיר אויס דו פריהלינגס ווינט,
שעפצע פסאלמען אויף מיין אויער,
און פארשווינד אין לאבערינט.

שטיל פון בוים א טוי וועט טריפען
ציטערדיג מיט ליעבעס פרייד,
מיט מיין לאק וועט לאנג ווער שטיפען
איך וועל דרימלען שטילערהייט.

נאכט וועט בלויע פליגעל שפרייטען
נאכטיגאלען פלויטען־קלאנג
דורך די זילבער וואלקען קייטען
טראגען וועט זיך דער געזאנג.

קוש מיר אויס מיין זעעלען טרויער,
קוש מיר אויס דו פריהלינגס ווינט,
שעפצע פסאלמען אויף מיין אויער,
און פארשווינד אין לאבערינט.

## אין וועג

ווייסע פליגעל, פאכען, פאכען,
איבער קווייטען שויבען מאלען,
ווייסע וועגען, רעבער קלאהרע,
די נעזימסען מיט קריסטאלען.

שמייסער, שמייסער, ווארט א וויילע!
כ'וועט פון לוכט מיין ברוסט געצונדען.
שארף די גליטשערס, ווייט דער שליטען,
כ'איז מיין יוגענד לאנג פארשוואונדען.

יונגע לויפען, יונגע שוועבען
אין דעם ווינטער־טאנץ זיך דרעהען,
אבער איך אין שנעע דעם טיעפען
יאנגזאם מוז צו פוס נאך געהען.

---

## קאסירער פון קאטוילישער טשוירטש באשולדיגט אין גנבה.

דזשאזעף קולאק איז דער קאסירער פון דער קאטוילישער טשוירטש, ברענטש 22 פון „האלי טריניטי". די גבאים פון די־זער טשוירטש האבען איהם פארקלאגט דאס ער האט צוגענומען טשוירטש געלט אויף דער סומע פון 531 דאל. זיין משפט איז פארגעקומען פאר'ן ריכטער קאטער.

---

# אונזער גייסטיגער חורבן

פון ב. ג. זאק.

טראגיש איז דאס לעבען פון אונזער פאלק אין פארשיעדענע היגזיכטען, נאך טראגישער אבער, אין יענע הינזיכטען אין וועלכע קיין פאלק א חוץ אונז אידען איז נאך נים געפרופט געווארען, קיין פאלק קאן אונז נים פארשטעהן און מיט־פיהלען, קיין פאלק האט נים דורכגע־מאכט און דורכגעלעבט דאס וואס מיר. און מיר אליין, פארשטעהן מיר דען און באגרייפען מיר דען דעם גאנצען אומ־גאנג פון אונזער טראגעדיע?

ווי א שרעקליכער קאשמאר זענען די לעצטע עטליכע יאהר פארביי אונז פאר־ביי געלאפען, וואס האבען מיר נים דורכ־געלעבט און דורכגעמאכט אונטער דער צייט? די ווילדסטע און בלוטיגסטע פאר־פאלגונגען, גרויזאמע פאגראמען, שוידער־ליכע שחיטות און הריגות, און יסורים און צרות אהן א שיעור און אהן א ברעג, וועלכע ציהען זיך ווי א לאנגע קייט פון די ערשטע טעג פון דער גרויסער וועלט מלחמה אן, ביז צו דער ענדע פון דעם ערשטען פרידענס יאהר, און מיר האל־טען נאך זיכער נים ביים סוף, ווער ווייס פיעל בלוטיגע רינגען עס וועלען אין דער דאזיגער קייט נאך אריינגע־פלאכטען ווערען?

מיר צעהלען אונזערע קרבנות, אונזערע אויסגעקוילעטע געשענדעטע, פארפייניג־טע. 125 טויזענד אידען אויסגעשאכטען אין אוקראינע — דאס איז אונזער פרייז פאר דער וועלט פרידען בלויז אין איין ווינקעל פון איירפא, נאכדעם ווי די מלחמה איז לאנג שוין איינגעשטילט גע־ווארען. דאס איז א צוגאב צו די שווערע קרבנות וועלכע מיר האבען געבראכט אויפ'ן מזבח פון פרייהייט און דעמאקרא־טיע.

אבער ווי גרוים און שרעקליך עס איז אונזער נאציאנאלער בראך, דער אומ־גליק וואס איז אונז באפאלען, קאנען מיר דאך געפינען פאראלעלען, וועלכע עס איז פארלייכטערונגען, מיר זענען נים די איינציגע וואס האבען פון דער מלחמה געליטען, כאטש דאס קען אונז נים טרייסטען, און מיר זענען אפילו נים דאס איינציגע פאלק אויף וועמען מען האט געמאכט פאגראמען און הריגות און מיט זיין בלוט געמוזט זעטיגען טייפעלישע אינסטינקטען פון מענשליכע חיות, די ארמעניער למשל, האבען דעם זעלבען גורל געהאט. הונדערט טויזענדער פון זיי זע־נען פון די טערקישע בארבארען אויס־געשלאכטעט געווארען.

אומפארגלייכליך אבער איז אונזער גרויסער חורבן פון אן אנדער זייט: דער חורבן אין אונזערע מחות און הערצער, צו אונזער גייסטיגען בראך קאן מען קיין שום פאראלעל נים געפינען, קיין פאלק האט עס נים דורכגעמאכט און מאכט עס נים דורך וואס מיר. אין אט דער הינזיכט אויסער מיר אליין, איז בכלל נים פעהיג פון דער זייט צו זעהן און פארשטעהן אונזער גרויסע טראגעדיע.

מיר שטעהען איצט ביים שיידוועג פון אונזער געשיכטע, און מאכען דורך א זעהר געפעהרליכע צייט, וועלכע פאדערט די אנשטרענגונג און פאראייניגונג פון אלע אונזערע כחות אום מיר זאלען נים אומפאלען, אום מיר זאלען זיך קאנען אויף די פיס האלטען, איבערקומען די אלע שווערע געפאהרען וואס רינגלען אונז ארום. עס איז דער סאמע קריטיש־סטער מאמענט אין אונזער לעבען, א מא־מענט, ווען אונזער עקסיסטענץ אלס פאלק ענגט אויף די וואגשאלען און ווען יאוש און האפנונג האבען זיך באגעגנט און ראנגלען צווישען זיך א קאמפף, און אין אט דאזיגען קריטישען אויגענבליק הער־ען מיר: א שמד־עפידעמיע, טויזענדער געטויפטע זענען געווארען אין אפטע ערשיינונג אונטער די דייטשע אידען וועלכע האבען זיך גענומען פארבייטען דעם צלם אויף מגן דוד. עס פארלאזען די יונגע אינ־טעליגענטע טיילען, די רייהען פון דעם אומגליקליכען, ליידענדען אידישען פאלק. צופיעל מרה שחורה, צופיעל אומעט, צו־פיעל נידערגעשלאגענקייט הערשט אין אונזער גאס, אין אונזערע הייזער און אונזערע פאמיליען קרייזען, אין אונזערע נאציאנאלע רייהען, איבער, וועלכע עס הענגט דער שלייער פון טרויער, געהט מען דעריבער אוועק צו די גוים, זיך טר־ייסטען און ווארימען ביי זיי!...

מיר באוויינען אונזערע טויטע, און באדויערען די לעבעדיגע טויטע וועלכע געהען פון אונז אליין אוועק, וועלכע האבען נים דעם מוטה צו שטעהן בלייבען ביי זייט פון זייער פאלק אין דעם איצ־טיגען מאמענט, מיר באדויערען — נים דאס וואס אונזערע נאציאנאלע אקציעס זענען אין דייטשלאנד אזוי געפאלען, נאר דאס וואס דאס דייטשע אידענטום איז אזוי געפאלען, געזונקען און לאזט זיך געהן מיט'ן שטראם פון אן אונגעזונדער און דעמאראליזירטער רעאקציע פון וועל־כען פיעלע אידישע מחות זענען פאר־כאפט געווארען. אט די שמד־ערשיינונג אונטער די דייטשע אידען, דאס איז דער רעזולטאט פון גייסטיגער פוסטקייט, פון אינעווייניגסטער צעפוילטקייט און דאס דארף באדויערט ווערען.

קאן נאך א פאלק אנצייגען אויף א גרעסערען אינעווייניגסטען חורבן און גייס־טיגער דעמאראליזאציע, ווי דאס זעהט זיך ארויס דורך דער פיינער און פערדע־טערישער טאט פון יענע דייטשע לוי־בענסגענאסען אונזערע, וועלכע פארקוי־פען די אידישע בכורה פאר דעם גויאישע טאפ לינזען און נעמען אן קריסטענטום, פארבייטענדיג עס פאר דער אידישער רעליגיאן, פאר דער אידישער מאראל, פאר די אידישע אידעאלען, פאר די איד־דישע האפנונגען?

ביי אונז אבער איז דאס פאקט, א ווירקליכע לעבענס עראייגניס, און פאסי־רען פאסירט דאס אין א צייט וואס מיר בלוטען אזוי פיעל פאר אונזער עקסיס־טענץ, בעת צעהנדליגע טויזענדער פון אונז זענען נאר וואס אויסגעקוילעט און אויסגעמארדעט געווארען פאר דער זינד וואס מיר זענען געבארען געווארען אי־דען, וואס מיר האבען דעם מוט צו זיין אידען, און — ווען די הילף, די רעטונג פון אונזער פאלק ליגט אין אינעווייניגס־טער פעסטקייט, גאנצקייט, סאלידארי־טעט, און אט די דאזיגע זייט פון אונ־זער טראגעדיע, דער חורבן אין די אידישע מחות, אין א צייט ווען דער וועה־געשריי פון דעם אומגליקליכען מארטירער פאלק הילכט אין אלעמענס אויערען, רופט און וועקט די סימפאטיען פון אלע מענשלי־כע הערצער, איז פיעל טראגישער און שרעקליכער ווי דער מאטעריעלער חורבן וואס מיר האבען געהאט.

עס איז געווען אמאל א צייט, ווען מען האט צוהערענדיג זיך צו דעם וואס איז נאך געקומען אין לעבען פון די דייטשע אידען, געקאנט האבען פאר זיך א קלאהרע פארשטעלונג וועגען דעם אינ־ווענינסטען צושטאנד פון דעם אידענטום אין אלע לענדער, די פסיכאלאגיע פון דעם אידענטום האט פאר אונז אפגע־שפיגעלט די פסיכאלאגיע און די גייסטי־גע לעבענס פארמען פון די אידען אין דער גאנצער וועלט. זייט די צייטען פון מענדעלסאן, האבען די דייטשע אידען, ביז מיט עטליכע צעהנדליגע יאהר צוריק, געשפיעלט די באדייטענדע ראלע אין דעם גייסטיגען און קולטורעלען לעבען פון די אידען אין גאנץ איירא, יעדע וויכטיגע ענדערונג וואס איז פארגעקו־מען אין די גייסטיגע און פסיכאלאגישע באגריפען פון אייראפעאישען אידענטום אין 19־טען יאהרהונדערט, איז געווען דער פועל יוצא פון דער רעוואלוציע וועלכע דער אידישער מח און דאס אידי־שע געפיהל האט געהאט דורכגעמאכט אין דייטשלאנד, אזוי איז באשאפען גע־ווארען די „השכלה" באוועגונג, ווי „חכמת היהדות", דאס רעפארם אידענ־טום און די אסימילאציע, וועלכע לוד־וויג פיליפסאן האט באגרינדעט.

אבער ניט אלע מאל האט עס אזוי אנגעהאלטען, זייט די לעצטע עטליכע צעהנדליג יאהר האבען די דייטשע אידען קיין אריגינעלען געדאנק און נייעם גייס־טיגען ווערט ניט אריינגעבראכט אין דעם אוצר פון דער אידישער קולטור, אליין שפייזענדיג און נעהרענדיג זיך מיט דאס וואס איז געקומען פון מזרח איירפא, וואס דאס רוסיש און גאליציער אידענ־טום האט באשאפען און ארויסגעגעבען.

מיר זעהען דערפאר דאס אין די לעצ־טע עטליכע צעהנדליג יאהר האבען די דייטשע אידען אנגעהויבען צו ווערען מינדערוויכטיג אין צאהל און זיי פארשווינדען. די אפטע טויפונגען און געמישטע הייראטען האבען אונטערגעגראבען די יסודות פון אידישען לעבען אין דייטש־לאנד, אפגעשוואכט איהם פיזיש ווי גייס־טיג, און דאס גאנצע דייטשע אידענטום געבראכט צו א שטופע פון מאראלישען אונטערגאנג.

די שרעקליכע איבערלעבונגען און צע־שטערונגען פון דער לעצטער צייט, די פאגראמען און שחיטות אויף אידען און אפילו ניט דער אנטיסעמיטיזם אין דייטשלאנד גופא וואס האט זיך איצט אזוי צעשפיעלט — דאס אלעס האט ניט געקענט קרעפטיגען און אויפבויען דעם געפאלענעם מוט פון די דייטשע אידען, וועלכע זוכען טרייסט אין קריסטענטום.

און איז דאס אליין ניט א גרויסע און שרעקליכע טראגעדיע?

---

# א בריעף פון וויען

פון לייבל טובש*)

## דער זיעג פון א אידישען שפארט קלוב געגען א דייטשען. — א אנטיסעמיטישע מפלה. — א גרויסע פאליטישע טעגליכע צייטונג גיט ארויס א חנוכה־נומער.

שוין נישט איינמאל האבען דענקענדע מענשען דארויף אנגעוויזען, אז דער אנ־טיסעמיטיזם מיט זיין סיסטעם אונז אי־דען אלס א מינדערווערטיגע, אלס א ניעדריגע אומה, צו בעהאנדלען, האט אונז דוקא גוטע דינסטען געלייסטעט. דערפאר, וואס ביי גלייכע פעהיגקייטע ווערען מיר, אלס אידען, תמיד צוריקגע־זעצט, דערפאר מוזען מיר אונזערע כחות די גייסטיגע אזוי גוט ווי די פיזישע, תמיד מעהר אנשטרענגען, כדי אונזערע פאזיציעס צו דערהאלטען. א איד אלס בעאמטער, למשל, מוז תמיד טיכטיגער זיין, ווי זיין נישט־אידישער קאלעגע, כדי ער זאל קענען בעקומען אן אנשטעלונג, ווייל ביי גלייכע פעהיגקייטען וואלט ער זי קיינמאל נישט בעקומען.

אט די ערפאהרונגען מאכען מיר אי־דען אויף שריט און טריט אין אונזער לעבען, און אט דאס האט זיך אויך דייט־ליך ארויסגעוויזען ביים פוסבאל־מאטש, ביים וועט קאמפף צווישען דעם אידישען שפארט־קלוב „הכוח" און דעם דייטשען „גערמאניא".

הגם דער שפארט בכלל איז נישט קיין „פאליטיקום" האט דער אנגעקינדיגטער וועט־קאמפף צווישען א אידיש־נאציאנא־לען און א דייטש־נאציאנאלען שפארט־קלוב פון דער ערשטער מינוט אן, ווי ער איז נאר באקאנט געווארען, אויף זיך גע־צויגען די אויפמערקזאמקייט נישט נאר פון שפארטלייט, זאנדערען אויך פון ביי־דע פארטיי־לאגערס. די אנטיסעמיטישע פרעסע האט נאטירליך דעם גאנצען, א און פאר זיך נאר שפארטליכען עני־ן, תיכף געמאכט פאר א „אידענפראגע". עפעס אנדערש קען מען דאך פון אט דער חברה נישט דערווארטען. „אידען אקעגען דייטשען" האבען זיי ארויסגעגעבען דעם פאראל נאך מיט עטליכע וואכען פריהער און דאס איז געוועזען די בעסטע רעק־לאמע, די שטארקסטע אגיטאציע פאר'ן וועט־קאמפף „הכוח־גערמאניא", מעהר ווי פאר אלע עהנליכע וועט־קאמפפען, וואס קומען פאר אלע מאהל אין אזא שטאדט ווי וויען.

און דער טאג פון דער ענטשיידונג איז געקומען. פופצעהן טויזענד מענשען זענען צוזאמענגעקומען אויפ'ן גרויסען שפארט־פלאץ אין פראטער; א המון, וואס דער פלאץ האט איהם צום ערשטען מאל ביי אזא געלעגענהייט געהאט בייזאמען; מענשען פון אלע קרייזען פון דער וויע־נער אידישער און נישט־אידישער גע־זעלשאפט, פארטרעטער פון ברודער־חברות אין וויען, פעסט און גראץ, פאר־טרעטער פון'ם שטאט"ס אמט, מיניס־טעריום פאר פאלקסגעזונדהיים, רעפאר־טערס פון אלע גרויסע פאליטישע און שפארט־צייטונגען, די אנגעזעהנסטע פיה־רענדע שפארט־פערזענליכקייטען א. ז. וו. אלע, אלע זענען זיי צוזאמענגעקומען זיך צוקוקען צו דער „מלחמה בשלום" צווי־שען „הכוח" און „גערמאניא" און מיט קלאפענדיגע הערצער אפגעווארט דעם סוף פון אט דעם אזוי אינטערעסאנט געמאכטען און אינטערעסאנט געווארענעם וועט־קאמפף.

און דער סוף איז געווען א גלענצענדער נצחון פון „הכוח" איבער „גערמאניא"! א נצחון, נישט, ווי די אנטיסעמיטישע פרעסע האט עס קודם א נאמען געגעבען, פון „אידען אגעגען דייטשען", ניין, דאס האבען אונזערע קיינמאל נישט געזאגט און קיינמאל נישט פערלאנגט, נאר א נצחון פון דער אידישער געשיקטליכקייט פון אידישער מוח און כוח ארבייט, וועל־כע מיר מוזען תמיד האבען אין א סך א גרעסערער מאס, ווי אנדערע — כדי מיר זאלען בעהאנדעלט ווערען אלס גלייכווער־טיגע, אלס עבענבירטיגע, אלס מענשליכע מענשען.

זעלבסטפארשטענדליך, אז אזא פאר־קומעניש, וואס איז געשעהען בפני קהל ועדה קען נישט ווערען פארשוויגען, אזוי ווי די וויענער צייטונגען זענען זיך נוהג ביי ענינים, וואס זענען נוגע אונז אידען, ס'מעג אפילו זיין די וויכטיגסטע. דאס מאל האט אפילו דער מלאך רע געמוזט בעל־כרחו'ן זאגען אמן. און אזוי האבען אויך אלע היגע צייטונגען ספעציעל די שטאדט צייטונגען געבראכט גרויסע אויס־פיהרליכע בעריכטען איבער דעם וועט־קאמפף און זיין גלענצענדער רעזולטאט פאר דעם אידישען שפארט־קלוב „הכוח".

איז עס בלויז א צופאל, וואס דער זיעג פון „הכוח" איבער „גערמאניא" איז אויס געפאלען געווארען אינ'ם זונטאג פון דער חנוכה־וואך? אוודאי! ס'איז אבער

[...]

טרעפען. פאר דריטהאלבען טויזענט יאהר זענען געוועזען די גרויסע מלחמות צווי־שען אונז אידען און אונזערע אייביגע שונאים, די יוונים. דער נצחון פון די מו־טיגע מכבים אקעגען שטארקען שונא ווערט ביז היינט געפייערט אכט טאג דורכאנאנד בכל תפוצות ישראל. אויך וויען, ס'הייסט דאס אידישע וויען, קען מען זאגען, שטעהט אינ'ם צייכען פון די מכבי'ער פייערען. די ערשטע און אויך די גרעסטע מכבי'ער פייער איז פאראנשטאל־טעט געווארען צום ערשטען חנוכה־אוונט.

פונ'ם ציוניסטישען לאנדעס קאמיטע אין די גרויסע לאקאלען פון „זאפיען־זאלען", כמעט דאס גרעסטע לאקאל אין גאנץ וויען. נאך מיט עטליכע טאג פאר'ן אבענד איז שוין קיין קארטען נישט גע־ווען צו באקומען און מ'האט געמוזט אנ־ווענדען גרוים פראטעקציע און דערצו נאך ספענדען פאר'ן נאציאנאל פאנד, אייגער זאל דעם אנדערען אבגעבען א קארטע. און ס'איז קיין חדוש נים. מחמת אלס פעסטרעדנער ביי אט דער חנוכה־פייער איז אויפגעטרעטען אונזער ראבי־נער, הרב דר. צבי פרץ חיות. און הגם אונזער דאקטאר חיות רעדט עפענטליך ביי יעהער פאסענדער געלעגענהייט, אזוי אז חוץ זיינע דרשות אין טעמפעל און חוץ זיינע וויסענשאפטליכע פארטרעגע האבען די וויענער אידען א געלעגענהייט איהם צו הערען רעדען איטליכם מאל ביי איין אנאנדער עפענטליכער אידישער פער־זאמלונג, דא איבער די פאגראמען, דארט איבער ארץ ישראל, דא איבער דעם מי־נאריטעטס־שוץ און דארט איבער די פא־ליטישע לאגע פון אידען בכלל וכדומה, קען זיך דאך דער עולם נישט אנזעטיגען און קוים ווערט מען געוואהר, אז הרב דר. חיות וועט רעדען, אזוי ציהעט עס דעם עולם ווי א מאגנאט און מ'לויפט קאפ אויף קאפ.

נאכ'ן ערשטען חנוכה אבענד, פאראנ־שטאלטעט פונ'ם ציוניסטישען לאנדעס־קאמיטע פאלגט ערשט א גאנצע רייהע פון ווייטערע אבענדען, וואס זענען פאר־אנשטאלטעט פון פערשיעדענע ציוניסטי־שע און נאציאנאל אידישע חברות און קערפערשאפטען. אינטערעסאנט איז אבער אז חוץ די חברות און קערפערשאפטען, וואס האבען אייגענטליך דארויף א „פריי־ווילעג" איז דאס יאהר דאס פאראנשטאל־טען פון מכבי'ער אבענדען געווארען א „געשעפט" אפילו פאר פריוואטע פער־

גאסען פלאקאטירט א חנוכה־אבענד פער־אנשטאלטעט פון א בעקאנטען קאנצערט־ביורא, איינער ווידער איז פאראנשטאל־טעט פון א קאפע־הויז.

און נאך עפיס באמערקען מיר דא צום ערשטען מאל, וואס מיר זענען עס ביז היינט גאר נישט געוואוינט און האבען עס ביז היינט נאך נישט געזעהן: א גרויס פא־ליטיש טאגבלאט, די „וויענער מארגענ־צייטונג" ערשיינט דעם ערשטען חנוכה אלס חנוכה־פעסט גומער מיט פאסענדע ארטיקלען, געדיכטען וכדומה. מיר בעווי־צען, אמת, אין וויען נישט ווייניג פון די אזוי גערופענע „יודענבלעטער", ארויס־געגעבען, רעדאקטירט און אויך געלעזען נאר פון אידען. אט אלע יענע בלעטער, פאר וועלכע מען מאכט געוועהנליך פער־אנטווארטליך דעם כלל ישראל און וועל־כע מ'ווארפט אונז פאר ביי א יעדער פא־סענדיגער און נישט פאסענדיגער געלע־גענהייט, זיי גיבען אויך ארוים גרויסע פעסט־אויסגאבען. אבער נאר לכבוד „ווייהנאכטען", לכבוד „אסטערן" און לכבוד „פינגסטען", קיינמאל וועט זיך אבער דארט חס וחלילה נישט געפינען א זכר פון א אידישען יום טוב, ווי למשל פסח און שבועות, שוין גאר נישט צו רע־דען פונ'ם אויסגעשפראכענעם נאציאנא־לען יום טוב חנוכה. און דערפאר איז עס פאר יעדען אידישען אידען א גרויסע פער־גניגען, דערפאר איז עס פאר יעדען נא־ציאנאלען אידען א תענוג צו זעהן, אז אויך אונזער שעה האט געשלאגען און על כל פנים איין בלאט געפינט זיך, וואס איז נישט מעהר אזוי „שטעמוזיג", אזוי צו־ריקגעצויגען ווי זיינע אנדערע חברים, איין בלאט וואס איז אלס פאליטישע טאג־צייטונג נישט ווייניגער בעדייטענד פון די אנהערע.

*) ה" לייבל טויבש איז איינער פון די אנגעזעהנסטע אידען אין עסטרייך, א גרויסער רעדנער, באוואוסטער כלל־טוער, א ציוניסטען־פיהרער, וועלכער האט אנטייל גענומען כמעט אין אלע ציוניס־טישע קאנגרעסען. דורך דעם א. א. פ. ב. איז אונז געלונגען איהם צו באקומען אלס שטענדיגען וויענער קארעספאנדענט. די רעד.

---

## אלץ הייסט ווינארע

מרס. זשאנע — האט אייער טאכטער, הייסט עס חתונה געהאט פאר א דאק־טאר?

מרס. ליאמע — יא, און איך בין אזוי צופריעדען!

מרס. זשאנע — וואס איז?

מרס. ליאמע — וואס רעדט איהר? אזא ווגארע! איצט וועל איך דאך קענען

# מאָרגענטוי'ס באריכט וועגען די פאגראמען אין פוילען

פארטזעצונג

### 7. טשענסטאכאוו, 26־טער מאי, 1919.

דעם 27טען מאי, 1919, האט א שאס פון אן אומבעקאנטער פערזאן לייכט פארוואונדעט א פוילישען סאלדאט אין טשענסטאכאוו, א קלאנג האט זיך פארשפרייט, אז דער שאס שטאמט פון די אידען און שטארט האבען אויסגעבראכען ראיאטען, אין וועלכע פוילישע סאלדאטען און ציווילע בירגער האבען זיך באטייליגט. וועהרענד דיזע ראיאטען זענען פינף אידען — צווישען וועלכע עס האט זיך געפונען א דאקטאר, וועלכער האט זיך געאיילט צו ברענגען הילף צו איינעם פון די פארוואונדעטע, — דערשלאגען געווארען צום טויט, און א גרויסע צאהל זענען פארוואונדעט געווארען. פראנצויזישע אפיסערן, וועלכע האבען זיך געפונען אין טשענסטאכאוו, האבען זיך אקטיוו באטייליגט אין אפשטעלען ווייטערע מערדערייען.

### 8. מינסק, 8טער אויגוסט, 1919.

דעם 8טען אויגוסט, 1919 האבען די פוילישע טרופען צוגענומען די שטאדט מינסק פון די באלשעוויקעס. ארום 10 אין דער פריה האבען די פוילישע טרופען אריינמארשירט אין שטאדט און ארום 12 אזייגער איז די שטאדט שוין געווען אין זייער אבסאלוטער קאנטראל. ניט קוקענדיג דאראויף וואס אין מינסק האבען זיך געפונען גענעראל דזשאדוויין און אנדערע מיטגלידער פון דיזער קאמיסיע און טראץ די פאראָרדנונגען פון פוילישען קאמאנדירענדען גענעראל, וואס האבען פארבאטען גוואלדטאטען געגען ציווילע בירגער, זענען איין און דרייסיג אידען דער"הרג"עט געווארען פון די סאלדאטען. בלויז איינעם פון זיי קען מען אויף וועלכען עס איז אויפן פארבינדען מיט דער באלשעוויסטישער רעגירונג. אכצעהן פון די קרבנות זענען ערמארדעט געווארען לויט א פאראויס־אויסגעארבייטעט פלאן; צוויי פון די מערדערייען זענען באגאנגען געווארען אין פארבינדונג מיט רויבערייען. די איבריגע אבער זענען, לויט אלע ווארשיינליכקייטען, דער־הרג"עט געווארען בלויז דערפאר, ווייל זיי זענען אידען. נאכמיטאג און אין אבענד פון 8טען אויגוסט האבען פוילישע סאלדאטען מיט דער הילף פון ציווילע בירגער אויסגעראבירט 377 געשעפטען, וואס האבען אלע באלאנגט צו אידען. עס מוז אבער באמערקט ווערען, אז דורך 90 פראצענט פון די מינסקער קראמען באלאנגען צו אידען. קיין ערנסטער פארזוך איז ניט געמאכט געווארען אפצושטעלען די רויבערייען, ביז דעם קרמענגרן אין דערפריה, ווען ריכטיגע אפיסער־פאטרולען זענען געשיקט געווארען אין די גאסען און ארדנונג איז איינגעשטעלט געווארען. די פריוואטע הייזער פון פיעלע אידען זענען אויך איבערפאלען געווארען פון סאלדאטען, וועלכע האבען אלעמען געשלאגען און בארויבען. די פוילישע רעגירונג האט באהויפטעט, אז פיער פוילישע סאלדאטען זענען דער־הרג"עט געווארען, ווען זיי האבען געמאכט א פארזוך צו סטאפען די רויבערייען. עס איז אויך דער קאמיסיע באהויפטעט געווארען, אז מאנכע פון די ראיאטערס זענען היינגעריכטעט געווארען.

9. דא און דארט זענען פארגעקומען איינצעלנע פאלען פון מערדערייען, וועלכע זענען ניט אריינגערעכענט געווארען אין די פריהערדיגע פאראגראפען. עס איז ניט באטראכט געווארען פאר נויטיג זיי אויספיהרליך צו באשרייבען ווייל זיי שטעלען מיט זיך ניט פאר עטוואס באראקטעריסטישעס וואס איז שוין אין די פריהערדערמאהנטע הויפט־עקסצעסען ניט באאבאכטעט געווארען. באטראכטענדיג דיזע עקסצעסען אלס גאנצעס דארף מען אין זינען האבען, אז פון די אכט שטעדט און שטעטלאך, אין וועלכע זעהר גרויסע אונארדנונגען זענען פארגעקומען, זענען בלויז קיעלץ און טשענסטאכאוו, וואס געפינען זיך אין די גרעניצען פון קאנגרעס־פוילען. אין קיעלץ און אין קאלבוסאווא זענען די עקסצעסען באגאנגען געווארען פון ציווילע בירגער און פון פויערים. אין טשענסטאכאוו האבען ציווילע בירגער און סאלדאטען זיך באטייליגט אין די אומרוהען. אין מינסק זענען די עקסצעסען געווען הויפטזעכליך די שולד פון אין אפיסער, אין לעמבערג, לידא, ווילנא און מינסק זענען די עקסצעסען באגאנגען געווארען פון סאלדאטען, וועלכע האבען די שטעדט איינגענומען און ניט פון דער ציווילער באפעלקערונג. אין די לעצטע דריי שטעדט איז דאס אנטיסעמיטישע פאראורטייל פון די סאלדאטען אנגעצונדען געווארען פון דער באשולדיגונג, אז די אידען זענען באלשעוויקעס, וועהרענד אין לעמבערג איז די שנאה צו די אידען פארשטארקט געווארען דורך דער באשולדיגונג אז די אידען זענען נייטראל אין האנדעל מיט די אוקראינער. דיזע עקסצעסען זענען דערפאר, געווען, לויט זייער כאראקטער, פאליטיש מעהר ווי אנטיסעמיטיש.

די פאראנטווארטליכקייט פאר די דאזיגע עקסצעסען ליגט אין גרעסטען טייל אויף די ניט־דיסציפלינירטע און שלעכט באזארגטע פוילישע רעקרוטען, וועלכע זענען ניט קאנטראלירט געווארען פון זייערע אומגעאיבטע און זעהר אפט שרעקיגע אפיצערן, און האבען געזוכט צו פראפיטירען אויפ'ן חשבון פון דעם טייל פון דער באפעלקערונג וועלכע זיי האלטען פאר פרעמד און פיינדליך צו דער פוילישער נאציאנאליטעט און שטרעבונגען. עס איז באקאנט, אז די איינפיהרונג פון דיסציפלין אין א נייער און ניט־געאיבטער ארמעע איז א זאך פון עקסטרעמער שווערינקייט. פון דער צווייטער זייט באווייזט דער שנעלער סוף פון די אומרוהען אין לעמבערג נאכדעם, ווי עס זענען אנגענומען געווארען די נעהעריגע מיטלען פון קאנטראל, אז א שטארקער באשלוס צו ברענגען ארדנונג און פעסטער געברויך פון רעפרעסיווע מיטלען, קען פארמיידען, אדער וועניגסטענס, פארקלענערען אזעלכע עקסצעסען. מען דארף דעריבער גלויבען, אז א שטרענגערע נעאייניגטע פאליטיק און א ברייטערע פאראנטווארטליכונג פון די מיליטערישע און געריכטס־היינריכטונגען וואלט פארקלענערט די עקסצעסען, ענטמוטיגט די נונג צווישען די סאלדאטען, אז מען קען אומבאשטראפטערהייד באגעהן רויבערייען און פארברעכענס.

10. פונקט אזוי ווי דאס גאנצע אידישע פאלק קען ניט באשולדיגט ווערען פאר טאטען פון עטליכע פון זייערע אונווישענדע גלויבענס גענאסען, פונקט אזוי וואלט ניט געווען ריכטיג, ווען מען זאל דאס גאנצע פוילישע פאלק באשולדיגען פאר גוואלדטאטען וואס זיינען באגאנגען געווארען פון אונקאנטראלירטע סאלדאטען און געוויסע מאבס. אט די אלע גוואלדטאטען זיינען גאנץ ווארשיינליך געווען אונארגאניזירט ווארים ווען זיי וואלטען געווען געפלאנעוועט פון פריהער, וואלטען די טויטע געווען טויזענדער אנשטאט די 280. מען גלויבט, דאס די פאגראמען זיינען געקומען אלס רעזולטאט פון פאנאנדערגעשפרייטע אנטיסעמיטישע פאראורטיילע, דאס די אידישע באפעלקערונג איז פאליטיש פיינדליך צו דער פוילישער רעגירונג. ווען די פוילישע גרענעצען וועלען באשטימט ווערען, און ווען די אינערליכע לאגע וועט זיך איינשטעלען, וועט די פוילישע רעגירונג געוויס קענען באשיצען אלע קלאסען. אזוי ווי די פוילישע רעפובליק האט אונטערגעשריבען די טריטי, וועלכע פארזיכערט די רעכטע פון ראסען און גלויבענס מינאריטעטען, קען עס געוויס ערווארטעט ווערען, דאס די רעגירונג וועט פולהארציג אויף זיך נעהמען די פאראנטווארטליכקייט ניט נור פון פארהיטען אלע איהרע קלאסען ביגער פון וועלכע עס איז אנגרייפען, אבער אויך צו זעהן ענטוויקלען די מאסען און זיי אויסבילדען אויף אזוי ווייט, דאס אזעלכע זאכען זאלען מעהר ניט פארקומען.

11. אויסער די פאגראמען, זיינען אויך באריכטעט געווארען צו דער קאמיסיע פיעל אנדערע סארטען פון פערפאלגונגען. צום ביישפיעל, אין כמעט יעדע פוילישע שטאדט און שטעדטעל האבען סאלדאטען אפגעשטעלט אידען און האבען אדער אפגעשארען אדער אויסגעריסען זייערע בערד, אזוי ווי פרומע אידען באטראכטען דאס ארונטערנעהמען פון זייערע בערד אלס אן עבירה, האט אט די פארם פון פארפאלגונג א ספעציעל פיינדליכען אויסדרוק פאר זיי. אלס א רעזולטאט דערפון האבען פיעל אין גאנצען מורא ארומצופאהרען, דער רעזולטאט פון אט די אלע קלענערע פארפאלגונגען איז צו האלטען די אידישע באפעלקערונג אין איין מורא און ציטערען פאר גרעסערע פארפאלגונגען וואס קענען ווידער קומען.

(סוף אין נעקסטען נומער).

## ער און דער בוים

(א מיניאטור)

פון פ. י. גאלדשטיין

לעבען בוים איז ער געשטאנען. און ס'איז ניט געווען קענטיג צו שפארט ער זיך אן אן איהם, אדער ער האלט איהם אונטער.

געשטאנען, און מיט אן עקשנות די פלייצעס געגלייכט.

א משוגעת־בליק האט געפינקעלט אין זיינע אויגען און זיינע ליפען האבען געציטערט און זיך באוועגט אין דער קרום ווי ביי אן אלטען אהן ציינערדיגען זקן.

איין ארבעל אן אראפגעפליקטער, מיט א קויטיג פארפלעקט העמד; אהן א היטעל, צעשויבערטע און צעבראסטעם.

ערגיץ אויפ'ן ליב האט ער געפיהלט נאסע טראפענס איינציגע האבען ווי וואיימע ארבעסלעך זיך געקייקעלט דא אויף דער פלייצע, דא פון אן אקסעל און שפעטער האט זיך איהם גאר געדוכט, אז דאס ייקלען זיך בלוט טראפענס ערגיץ אויפ'ן הארצען..

לעבען בוים איז ער געשטאנען און ארויפגעקוקט צו'ן איהם מיט א חידוש־דיגען אויסדרוק: „א העלפט פון איהם ניט געבליבען".

די צווייגען אפגעבראכען, אנדערע אפגעשאסען, די קארע אפגעשפרונגען און צעשפאלטען.

א קליין בערגעלע ציגעל ליגענט ביים זיים.

פון וואנען האבען זיך דא ציגעל גענומען?

ער רייסט זיך אפ פון ארט, גיט זיך א קוק ארום אין אלע זייטען מיט אן ערנסטער מינע: מען זעהט ניט קיינעם און מען הערט ניט קיינעם.

עס האט א ביטערער שמייכעל א קארב געטאן זיין צעשראקען פנים. די ברייט זאנאנדערגעריסענע, ווילדע אויגען האבען מיט א טעמפען קאלטען גלאנץ זיך בעצויגען: — קיינעם זעהט מען ניט איבער דעם גאנצען ברייטען פעלד, אנגעווארפען מיט ציגעל, האלבע ווענט, וואס זעהן אויס ווי ברייטע, קורצע מצבות וואס וואקסען פון דער ערד ארויס; גריבער זעס צעווארפענע אנגעפילט מיט זאמד..

אלעס ליגענט ביי דר'ערד —

בלויז ער און דער בוים..

ביי איהם איז ערגיץ א וואונד.

אוודאי.

אנדערש וואלט בלוט ניט געטריפט.

נאר וועה טוט איהם אין ערגיץ ניט.

דער קאפ נאר איז, דאכט זיך, היים. און ווילע־ווייז גיט זיך א דרעה, א שווינדעל דאס גאנצע פעלד און ער מיט'ן בוים. דעמאלט פאלט ער הארטער צו צו איהם און עס זעהט אויס ווי צוויי האלטען זיך פריינדליך ארומגענומען אין א ווילדען־שטורם־ווינט.

נאר קיין וועהטאג פיהלט ער ניט.

די אויגען בלויז קלעפען זיך. נאר ער'ט ניט שלאפען. ער טאר ניט, אה, ניין, ער טאר ניט אנידערפאלען אצינד.

שעהן וואלט געווען — לויפט איהם דורך א מחשבה — ווען די זייניגע קומען אן.

עס קען דאך ניט זיין, אז אלע זאלען שוין טויט זיין; — אז פון אלעמען איז קיין שריד ופליט ניט געבליבען...

וועלען זיי שאקלען מיט'ן קאפ — „אט, עה א חורבן. אפילו די ערד צעגראבען און אויפגעריסען. אלט און יונג, מאן און פרוי — קיינעם ניט געשוינט... פאר וואס? קוק, זעה דעם צארן"..

און אפשר וועלען זיי זיך נאר א כאפ טאן: —

וועט ער קוקען אויף זיי און שמייכלען. ניין.

ער וועט צו צו איינעם, איהם א כאפ טאן פאר'ן גארגעל, וועט איהם ווי א רייף אויסבויגען און איהם אזוי ווילד און ברענענדיג א קוק טאן אין די אויגען, אז אלע וועלען זיך דערשרעקען און ווי דערשראקענע פויגעל אין אלע זייטען זיך צעלויפען.

דאס וועט זיין פיין!

„משוגע" — וועלען זיי מורמלען איינס צום אנדערען און וועלען היטען זיין יעדען ריהר.

ווארום זשע קומען זיי ניט?

אפשר — — —

עס איז דאך מעגליך: ער מיט'ן בוים. ביידע, איין איינציגע איבערבלייבענישען פון א ישוב.. עס איז מעגליך.

עס ציהט איהם צו דר"ערד. אין מויל איז טרוקען און היים. עס ציהט זיך אין מויל א הייטעל אריבער.

א־נו, צי קען ער נאך א ווארט, א קלאנג ארויסגעבען: —

„ה־ע־י־י!"

און א ווידערקלאנג האט איהם דעם זעלבען „העעי!" צוריקגעבראכט.

ער לאזט זיך אראפ נידעריגער און נידעריגער. די קניהעס בויגען זיך, בויגען זיך.

— ניין! דו וועסט האלטען, צי ניט?

און ער קוקט צום בוים ווי אויף א לעהרנגעל, וואס האט זיך פארגעסען אויף זיין ארבייט.

זיין בליק ווערט באלד ווייכער און דער קינבאק ציטערט ווי פון א שטארקען קלאפ.

ער באטראכט דעם בוים. ער דערמאנט זיך אקוראטנע וויפיעל וויים, אין שטח, ער איז געשטאנען פון שטיבעל, איז געווען באהאנגען מיט א בארג מיט צווייגען. און איצט? — ווי ער אליין, אזוי איז אויך דער בוים — אויסגעמאגערט אפגעשונדען, צעפליקט און פאר'יתום'ט. קוים וואס די נשמה זשיפעט אין איהם.

נשמה — — — בע־ נימא קיין נשמות.

א נשמה דארף זיין צארט, עמפפינדליך און הייליג מיטפיהלענד.

ער און דער בוים האבען ביידע היגטיגע נשמות. ס'ארט זיי קיין זאך נישט אט שטעהט ער, דער אפגעשונדענער בוים און זעהט און — עס ארט איהם ניט.

און ער אליין — איהם ארט אויך ניט: ניין, קיין זאך ארט איהם ניט. אפילו נעכטען ביינאכט ווען ער האט אויף אלע פיער, ווי א קראנקע, ציטערדיגע חיה זיך געראטשקעוועט איבער די בלאטיגע וועגען און האט געהערט א קרעכץ. זיכער — אן איינענער געווען. אפשר באדארפט איהם א וואונד פארבינדען.. אפשר נאר איבערלעגען; פון איהם א משא אראפווארפען..

שא — אפשר איז עס א לעצטער קרעכץ פון א גוסס געווען, הא?

— יא פארדומפען, ווי פון אונטער דער ערד ארויס האט דער קרעכץ זיך געריסען..

— און אפשר — — —

ער פארווארפט ביידע הענט אין זיינע צעשויבערטע האר און גראבעלט מיט א קאנוואולסיווער שנעלקיים איבער'ן שארבען..

— און אפשר האט די ערד אליין געקרעכצט.

ער גלאצט אויס די אויגען און קוקט אין דער ווייטער ווייטקייט אהן שום אויסדרוק, ווי ער וואלט ווארטען אויף און איב־

„[illegible]

צעפליקטען רעקיל: — און מאמער האט גאר א באגראבענער געקרעכצט.. דערפיהלט א וועהטאג און געקרעכצט.

אבער געאארט האט עס איהם ניט.

א רגע בלויז זיך אפגעשטעלט. דעם אטהעם איינגעהאלטען און ווייטער. געקראכען. ווי א מיערער ווארעם אויף'ן בויך, מיט אלע פיער געפויזעט, געראטשקעוועט זיך..

דער מענש, דער מאיעסטעטיש שעהנער מענש, אין וועמעס קערפער עס איז דא אזוי פיעל שכל וויפיעל אין הימלישע מחות — דער מענש האט ווי א מיאוס'ער ווארעם זיך געראטשקעוועט, אנטלאפען.

און קרעכצט אימיצער — זאל ער קרעכצען, זאל ער אויסגעהן, זאל ער אין די לעצטע אגאניעס פארשילטען זיך און זיין מוטער וואס האט איהם געבוירען.

וועמען אארט עס?

זאל אלעס פארוויסט און אפגעוויסט ווערען פון דר'ערד, ווי און נח'ס צייט.

קרעכצען — פוי.

דער בוים קרעכצט ניט.

דא איז שטיל, א מחית.

מען הערט ניט דאס האווקען פון די ביקסען, דאס בילען פון די צעטראסקענע, די גוואלדען פון די צעשאסענע.

שא, שטיל..

דא איז איהם גוט. מען זעהט ניט קיין רויך, ניט קיין שטויב. א לויטערער הימעל.

שא..

ער לאזט זיך אראפ. פאלט צו מיט'ן קאפ צו די ארויסגעשטארטשעטע ווארצלען — — — ער און דער בוים. שטיל און — טויט.

# דער וועג

THE DETROIT JEWISH DAILY

Published Daily, Except Saturdays and Jewish Holidays, by
DER WEG PUBLISHING COMPANY, INC.
347-49 Hastings St., Detroit, Mich. Main 3715
J. RABINOWITZ, Pres. JOS. R. LEEMON, Sec.-Treas.
B. I. GOLDSTEIN, Editor

(Entered as Second Class mail matter at Post Office, Detroit, Mich.)

Subscription Price: By mail, or carrier, one year, $5.00; six months, $2.50.

דעטראיט, 28טער יאנואר, 1920


## ווען דער שונא האט א פתחון פה

געדענקט איהר יענע צייט ווען די טערקישע מלוכה איז פלוצים גע־ווארען בהיים הארציג און צעעפענט איהרע סאלדאטסקע ארעמס און ארייג־גענומען אין זיי אלעמען אהן אויסנאהמע און אויך די אידען, נאטירליך.

די אידען האבען מוחל געווען די טובה.

הונדערט מיט איין אורזאכען וואלטען מסתמא די טערקישע אידען גע־ווען געקענט אנגעבען, ווארום עס האט זיי אפגעשטויסען אנצונעהמען זיך אין דער טובה, וואס די טערקישע רעגירונג האט זיי דעמאלט געטאן; הונ־דערט מיט איין תירוץ וואלטען זיי מסתמא געווען געקענט האבען, וואס זאל זיי רעכטפארטיגען פאר נישט וועלען איבערגעבען זיך צו דער טער־קישער סאלדאטשינא.

אבער אונזערע שונאים'ס אויערען זיינען תמיד טויב צו אונזערע תירוצים און זייערע אויגען זיינען תמיד בלינד צו אונזערע אורזאכען און סיבות.

איינס בלויז איז געווען בולט פאר זיי און קלאהר: — די אידען אין טערקיי זיינען געווארען גלייכבארעכטיגט. טערקיי האט פאר זיי געעפענט די טויערען פון די קאזארמעס און אנשטאט צו לויפען אין דער קאזארמע לויפען גאר די טערקישע אידען — קיין אמעריקא.

אזא מין זינד האבען אונז די אומות העולם נישט געוואלט מוחל זיין.

געדענקט איהר דאך מן הסתם די קולות וואס מען האט דעמאלט גע־מאכט מכח די אידישע „פאראזיטען, וואס ווארפען זיך ארויף אויף די לענ־דער נאר אום אויסצוזויגען דאס בלוט און אנצוזעטיגען זיך מיט כל טוב, מיט אלע רייכטהימער, וואס דאס לאנד פארמאגט. און ווען עס קומט אין צייט פון א נויט, דעמאלט באהאלטען זיך די אידען, אנטלויפען זיי קיין אמעריקא".

דאס איז דער פזמון געווען.

דאס איז געווען די שטימע וואס האט זיך געטראגען איבער אלע אנ־טיסעמיטישע בלעטער, וואס האט זיך געריסען פון אלע מיילער פון די שונאי ישראל.

און מיר?

מיר האבען געוואוסט, אז מיר ווייסען נישט די לאגע פון אונזערע ברידער אין טערקיי; מיר אידען זענען געווען יודעים שאינם יודעים. אבער פונדעסטוועגען האבען מיר, ראשית, נים איינגעזעהן די עולה ווען א פרעמד ארייבערגעקומענער וויל קיין סאלדאט נים ווערען. און ווערען א סאלדאט נישט ווייל מען מוז איהם האבען, ווייל דאס לאנד נויטיגט זיך אין איהם, נאר פשוט — ווייל דאס לאנד איז נישט ענטוויקעלט, נישט ציוויליזירט און גרייט זיך צו מיליטער מיט יאהרען; און יאהרען פריהער כדי ט א מ ע ר וועט מען עס אמאל באדארפען.

מיר האבען אויך געוואוסט אז א אידיש־טערקישער יונגערמאן פון 21 יאהר אלט, איז שוין א טאטע פון א צוויי, דריי קינדערלעך, און האט פאלקאמע רעכט צו דענקען אז איידער ער נעהמט פארזארגען דאס פאטערלאנד פאר דער ווייטער צוקונפט, מוז ער פריהער פארזארגען זיין אייגען ווייב און קינד, אין דער געגענווארט.

מיר האבען געוואוסט נאך איין זאך. און דאס איז אפשר דער עיקר פון אלע עיקרים. אין ווען אזא זאך זאל עקזיסטירען אין אירגענד וואס פאר אן אנדער לאנד, וואלטען נישט נאר מיר, נאר אלע בירגער וואלטען פראטעסטירט און בלוט וואלט זיך אין די גאסען געגאסען, און מען וואלט שוי־דערליכע קריעג און רעוואלוציעס געמאכט קעגען דער רעגירונג.

מיר מיינען, נעמליך, דאס געזעץ אין טערקיי אז מיט א סומע, וואס באטרעפט אויף דעם היגען געלד, לערך צוויי הונדערט דאלאר קען זיך יע־דער בירגער אויסקויפען פון מיליטער דיענסט.

קענט איהר זיך משער זיין אז אזא געזעץ זאל עקזיסטירן אין ענגלאנד און די פאראייניגטע שטאטען, אין דייטשלאנד, צי אפילו אין דעם אמאליגען רוסלאנד?

און צי קענט איהר זיך משער זיין אז אזא געזעץ זאל געשאפען ווערען אין אמעריקא, אדער אין אירגענד וועלכען אייראפעאישען לאנד און דארטען זאל נישט ווערען א רעוואלוציע, א בלוט באד, אין וועלכער עס זאל דער־טרינקען ווערען די רעגירער און די רעגירונג?

נאר, ווי שוין געזאגט, האבען די שונאי ישראל דאס אלעס אין אכט נישט גענומען. זיי איז וויכטיג געווען איין זאך: מען האט געקראגען וואס צו רעדען שלעכטס וועגען דעם אידישען פאלק, און מען דארף די געלעגענהייט נישט אויסלאזען; מען דארף אויף זיי אויסגיסען אזוי פיעל פעך און שוועבעל, וויפיעל נאר מען קען.

איצט ערשט האט מען זיך געכאפט: —

א מבין אין מיליטערישע ענינים, וועלכער האט אנטייל גענומען אין דעם היסטארישען קאמף ארום ירושלים איז דורך א סיבה, וואס געהערט נישט פארעפענטליכט צוליעב פאליטישע סודות, געווען א שטיקעל צייט אויף דעם טערקישען מלחמה פלאץ און זיך באקענט מיט די טערקישע סאל־דאטען און מיט זייער כאראקטער.

ער שרייבט קורץ און קלאהר: —

„איך האב הארטען (צווישען די טערקישע סאלדאטען אינ'ם לאגער) נישט געזעהען קיין איין סאלדאט פון איינעם פון יענע פרעמדע נאציאנאלי־טעטען, וועלכע זיינען אזוי פיעל פאראן אין טערקיי.

„און עס וואונדערט מיך נישט.

איך וואונדער מיך אצינד לחלוטין נישט ווארום די אידען האבען אמאל אויסגעמידען די טערקישע מיליטער־דיענסט און זיינען געלאפען זוכען שוץ ביי די ברעגעס פון דער בריטישער אימפעריע און די יונייטעד סטייטס.

„איך קען זיך באין אופן נישט פארשטעלען מיין טערקישען לאגער מיט א אידען, ארמענער אדער אנדערען.

„די טערקישע סאלדאטען זיינען ווילדע, גראב, אינערצויגען און קומען אלע פון די נידעריגסטע שיכטען פון דער טערקיי".

„אזעלכע זיינען אמת געזאגט, גוטע קעמפפער, ווען זיי טרעפען נאר אן דעם שונא פנים אל פנים. זייער קאמף באשטעהט אבער נאר אין רציחה און אין ווארפען זיך ווי ווילדע פערד אין דעם פייער. זיי שרעקען זיך ניט, אדער זיי פארלירען אין זייער רציחה די שרעק.

„אין זייער באנעהמונג ווי אין זייער פריוואטער הנהגה זעהט מען נישט אפילו קיין סימן פון א ציוויליזירטען מענשען.

„אזא מין איבערפיהרונג האט מען געקענט גלויבען אויף ווילדע אינדי־[אנער], צו האבען א רעליגיאן און זאלען אזוי אומוויסענד און אזוי ווילד זיין, דאס האט זיך נישט געגלויבט.

„צו פיהרען מיט, זיי א קאמף מיט שטארקייט [illegible] ווי קלאפען מיט'ן פויסט אין אן אייזערנער וואנד. מיט זיי דארף מען קעמפען מיט שכל. מען דארף, אין א מלחמה מיט אזא לאגער, בלויז קענען די סאלדאטען".

אט דאס איז דער כאראקטער פון די טערקישע סאלדאטען, פון די ב ע ס ט ע סאלדאטען אין דעם טערקישען לאגער.

זיי זיינען קעמפפער, ווילדע קעמפפער, ווייל זיי האבען געהאט איבונג. און איבונג האבען זיי געהאט, נ ייל ווייל זיי האבען נישט געהאט קיין צוויי הונדערט דאלאר אויסצוקויפען זיך פון מיליטערישער דיענסט.

דעם דאזיגען פאקט דערמאהנט נישט דער ענגלישער מיליטערישער באאמטער. גיכער מסתמא דערפאר וואס ער איז מיט דעם פאקט, מיט דעם געזעץ נים באקאנט.

אצינד ווען עס זאל באקאנט ווערען אין אייראפא, אז די אידען אין טערקיי אנטלויפען פון די טערקישע קאזארמעס, וואלט מען זיך אפשר נישט געוואונדערט; די צייטונגען וואלטען נישט געספייעט מיט פעך און שוועבעל צו גיסען.

א לאנד וואס אונטערשטרייכט אין איהרע געזעצען, אז דאס בלוט פון די ארימע איז הפקר און דאס בלוט פון די וואס האבען צוויי הונדערט דאלאר פאר באקשיש, פאר אויסקויפען זיך, איז חשוב — אזא רעגירונג קען נישט ערווארטען אז מענשען מיט פארשטאנד, אז מענשען וואס האבען גאט אין הארצען, זאלען זיך פאר־איהר מפקיר זיין, זאלען זייער בלוט פאר איהר פארגיסען.

אפילו אזעלכע מדינות וואס זענען במנע יושר און מענשליכקייט צו־ריקגעשטאנען, ווי למשל רוסלאנד אין דער צייט פון דעם לעצטען ראמא־נאוו — אפילו דארטען האט מען פון אזא אומנעלומפערטקייט נישט געהערט.

נאר היינט ביי אונזערע שונאים איז יושר און מענשליכקייט, ווען עס [...]

## אויף דעניקינס שליאך

פון מ. ש.

אין פארלעצטען נומער פון דער וואָ־כענשריפט „ניישאן" איז דא אן אינטע־רעסאנטע קארעספאנדענץ פון הענרי אלס־בערג וועגען דעם וואס עס טוט זיך אין דעניקינ'ס קעניגרייך. די קארעספאנדענץ איז דאטירט אדעס, דעם ערשטען דעצעמ־בער, דאס הייסט אין דער צייט ווען דע־ניקינ'ס ארמייען זענען נאך ניט געווען אזוי צעבראכען און פארטריבען פון אי־בעראל ווי איצט.

אלסבערג דערצעהלט, אז ער איז גע־פאהרען אין א מיליטערישען צוג צוזא־מען מיט דעם אמעריקאנער מיליטערישען אטאשע, קוירנעל סמיטה, פון קיעוו ביז כארקאוו, און דער פאקט וואס ער איז געפאהרען אין א מיליטערישען צוג אין א געפאנצערטען וואגאן און מיט צוויי לא־קאמאטיוון פון ביידע זייטען האט איהם און די איבריגע [illegible] געראטעוועט פון ער־מארדעט צו ווערען, אדער לכל הפחות פון בארויבט צו ווערען. איבעראל, איבער אין גאנץ אוקראינע, דערצעהלט אלס־בערג, האבען איצט די רויבער דאס ווארט און שטעלען אפ אלע צוגען און נעהמען אוועק פון די רייזענדע אלץ וואס זיי פארמאגען. ניט זעלטען טוען זיי אויס די רייזענדע נאקעט און געהען אוועק מיט דאס אנגערויבטע. געפאהרען איז ער אין א „טעפּלושקא", פראכט וואגאן, וואס איז צוגעפאסט געווארען פאר פאסאזשי־רען, אבער דאס איז דאס בעסטע וואס מען האט געקענט קריגען. גאנץ אוקראי־נע האט ניט קיין לאקאמאטיוון, האט ניט קיין וואגאנען, און די צוגען וואס געהען, האבען ניט קיין באהייצונג.

פון קיעוו ביז כארקאוו נעהמט ניט לאנג צו פאהרען, אבער זיי זענען געפאה־רען א פאר טעג. ערשטענס ווייל אפט האט מען זיך געמוזט אפשטעלען צוליעב דעם וואס עס האט געפעהלט הייץ מא־טעריאל. דעניקין האט דאן געהאט דעם גאנצען דאנעצער באסיין, אלע דאנער קויהלען מינען זענען געווען אין זיינע הענט. אבער מיט וועמען צו ארבייטען אין די מינען איז ניט געווען. די ארבייטער ווילען ניט ארבייטען פאר איהם. דער רעזולטאט איז אז עס איז ניטא קיין קויהלען און עס איז ניטא קיין האלץ.

אויסער דעם איז וואו מען איז גע־פאהרען איז געווען א פראנט און מען האט זיך געשלאגען, און מען האט גע־מוזט אפווארטען אדער אפקירעווען אן א זייט. קורסק האבען זיי געמוזט אויסמיי־דען, ווייל די באלשעוויקעס האבען זיך דערנעהנטערט אהין. פאלטאווא האט מען אויך געמוזט אויסמיידען ווייל דארט איז געשטאנען מאכנא מיט זיינע מחנות. און אזוי אין פיעלע אנדערע פלעצער.

[illegible]ם באנדיטענטום אין גאנץ אוקראי־נע, באזונדערס אין די געגענדען וואס זע־נען געווען פארנומען צו יענער צייט פון דעניקינ'ען, דערצעהלט אלסבערג, האט אנגענומען אזא פארמע, אז דאס שיינט צו זיין די איינציגע אינדוסטריע דארט. די באנדיטען האבען אויסגעארבייט גע־וויסע געזעצען, וואס אלע אנדערע באנ־דיטען פאלגען נאך און עס איז איבעריג צו דערצעהלען, אז די באנדיטען ווערען דארט דער איינציגער רייכער קלאס. ער האט צום ביישפיעל, געהערט, אז מען שטעלט אפ צוגען מיט דעם וואס מען רייסט אויף די רעלסען, אבער מען רייסט קיינמאל ניט אויף קיין בריקען. ער האט געוואלט וויסען פאר וואס די באנדיטען האבען דאס אזוי פיעל איינזעהעניש מיט די בריקען, האט מען איהם ערקלערט, אז דאס טוען זיי ווייל דאס לוינט זיך בעסער פאר זייער „געשעפט". אין אוק־ראינע איז איצט ניטא מיט וואס צו פארריכטען קיין בריקען און ניטא מיט וועמען, און ווען זיי זאלען אויפרייסען א בריק וועלען דארט שוין קיינמאל ניט קענען געהן קיין צוגען, וועלען זיי ניט האבען וועמען צו רויבען. א רעלסע קען מען לייכט פארריכטען און די צוגען געהען ווייטער און עס איז ווייטער דא „פרנסה" פאר די באנדיטען.

דעניקין, איז זעהר ניט באליעבט ביי די מאסען. פעטליורא און זיינע אדיו־טאנטען מאכנא און זעליאני, וועלכע זע־נען פארביינעהענדיג, גרויסע פאגראמ־שטשיקעס, האבען א סך מעהר אנהענ־גער. דאס קומט דערפון וואס די לעצטע פארשפרעכען די פויערען אלץ אין דער וועלט און אודאי לאנד, וועהרענד דעני־קין פיהרט זיך אויף ווי א דיקטאטאר און אונטערדריקט די באפעלקערונג מיט א שווערע האנד.

דאס דארף אין אוקראינע איז איצט גע־ווארען רייך דורך די באנדיטען און די פאגראמשטשיקעס, ווארים א היבשע צאהל פון די באנדיטען און פאגראמשטשיקעס זענען דארפס מענשען און וואס זיי רא־בעווען אן, פיהרען זיי אוועק צו זיך אין דארף אריין. איהר טרעפט איצט אין די דערפער פראכטפולע פויערטעס אויסגעפוצט אין די טייערסטע בגדים און מיט אהן א שיעור געלד און בריליאנטען. אין איין דארף האט ער אליין געזעהן ווי א פראס־טע פויערשע פאמיליע האט געטרונקען טעע פון זילבערנע כלים. דעניקינ'ס סאלדאטען און אפילו זיינע אפיצערען זאגען זיך אויך ניט אפ פון גראבירטע־ מען טרעפט אין זיין ארמיי א היבשע ביסעל אפיצערען, וועמעס פינגער זענען פול מיט בריליאנטען.

דעניקינ'ס ארמיי איז אזא, וואס מען קען זיך אויף איהר ניט פארלאזען און וועלכער מען קען ניט געטרויען. זיינע מייסטע סאלדאטען זיינען פריהער געווען אין די באלשעוויסטישע ארמייען און זיי אנטלויפען און שטעהען ווייטער צו צו די באלשעוויקעס. מר. אלסבערג גיט צו, אז דאס זעלבע קומט אפט פאר אויך אין די רייהען פון די באלשעוויקעס, אבער ביי דעניקינ'ען איז דאס כמעט ווי א כלל. ווען דעניקין נעהמט אין פלען באל־שעוויקעס, ערמארדעט ער גלייך אלע אפי־צערען וואס מען האט פארכאפט און דערנאך קלייבט מען אויס פון די סאל־דאטען די יעניגע וואס זענען פרייוויליג ארייננעטראטען אין דער רויטער ארמיי און מען דערשיסט זיי אויך. די איבער־געבליעבענע גיט מען די ברירה, אדער ערמארדעט צו ווערען, אדער אריינטרע־טען אין דעניקינ'ס ארמיי און עס פאר־שטעהט זיך, אז זיי טרעטען אריין ליע־בערשט אין זיין ארמיי, און אנטלויפען אזוי שנעל ווי זיי קענען נאר באוויזען. ניט אלע מאל לויפען זיי אריבער צו די באלשעוויקעס. די מייסטע אנטלויפען אין די דערפער און באהאלטען זיך דארט. דער רוסישער עולם איז שוין מיעד פון דער מלחמה און וויל זיך צוריק נעהמען פאר ערד ארבייט.

מר. אלסבערג דערצעהלט פון די פאג־ראמען וואס ער האט אליין געזעהן אין קיעוו און באשרייבט זייערע שרעקען.

אבער דאס איז פאר דעם אידישען לעזער מעהר קיין נייעס ניט. ער באשרייבט דעם הונגער, וואס הערשט דארט און דעם מאנגעל אין הייץ מאטעריאלען, אזוי אז אפילו אין די מילדע ווינטערן זענען הונ־דערטע פארפרארען געווארען. עס איז דא איין פלאץ אין דער גאנצער שטאדט, וואו די מייסטע געפינען זיך די גאנצע טעג און דאס איז אין די בעטען. דאס איז דער איינציגער ארט אין יעדער הויז וואו מען קען זיך אנווארעמען. ברויט פעהלט, אבער מייסטענס ביי די ארימע, די רייכע קריגען וואס זיי ווילען. פאר־שטעהט זיך, פאר אונגעהויער גרויסע פרייזען. די ספעקולאציע בליהט דארט. אינדוסטריע זענען רואינירט. דערפאר בליהט דער האנדעל מיט גאלדווארג און אויף דעם העכסטען אופן. האנדעל און בריליאנטען. די רויבער ברענגען זייערע אנגעראבירטע זאכען אין די געשעפטען און קריגען פאר דעם גאנץ גוט באצאהלט.

וועגען די באלשעוויקעס דערצעהלט מר. אלסבערג אז זיי זענען באגאנגען געוויסע גוואלדטהאטען ווען זיי האבען פארנומען קיעוו. זיי האבען דארטען דערשאסען 250 פיהרער פון דער קאנטר־רעוואלוציע, אבער דאס איז גאר קיין פארגלייך ניט צו די מעשים פון די אזוי גערופענע „דאב־ראוואלצעס", ווי עס רופען זיך דעני־קין'ס סאלדאטען און אפיצערען. דאס זענען גאר קיין מענשען ניט, נאר עפעס משונה'דיגע חיות אין מענשען געשטאלט. א מענשען'ס לעבען איז ביי זיי גאר נישט ווערט און די צאהל פון די וואס זענען אומגעקומען פון זייערע הענט וועט פיליכט קיינמאל ניט באקאנט ווע־רען, אזוי גרויס איז זי. [illegible] ווערען אטאקירט אויף שריט און טריט און קיי־נער איז ני זיכער מיט'ן לעבען. אודאי ני די אידען.

## וועגען א סקיצע

פון ב. י. גאלדשטיין

וואס הייסט: א גוטע סקיצע?

נאך מיין חות דעת נאך קען איטליכער אינטעליגענטער יונגערמאן אנשרייבען א סקיצע, וואס זי זאל נישט נאר זיין דרוק־באר, נאר זאל אויך קענען פארעכענט ווערען צווישען די בעסערע סקיצען.

„סקיצע" איז נישט דאס וואס מען רופט אין ענגלישען „שארט סטארי". אן ער־צעהלונג וועלכע איז ביים שרייבער גראד ארויסגעקומען קורץ, ווערט געשריבען, אדער דארף געשריבען ווערען גאנץ אנ־דערש, ווי א סקיצע.

א שטיק צייט איז פארלאפען פון יע־נער צייט, ווען מען האט געשריבען קורצע מעשה'לעך, ביז דער צייט ווען די סקיצע איז געשאפען געווארען.

„שארט סטארי" איז דערום נישט די אמת'ע טייטש פון „סקיצע". בעסער איז שוין „סקעטש".

אין רוסיש הייסט דאס „אטשערק" אין פראנצויזיש — עסקיז, אין דייטש און אין אידיש — „סקיצע".

פאע און האטארן אין אמעריקא און פראספער מערימע אין פראנקרייך זיינען געווען די טאטעס פון דער מאדערנער סקיצע, ווי מיר פארשטעהען די סקיצע היינט.

עדגאר עלן פאע האט זאגאר א גאנ־צען שלחן ערוך באשאפען מכח סקיצען־שרייבעריי.

אין זיין „פילאסאפי אף קאמפאזישאן" באשטימט פאע אז א פאעמא טאר נישט זיין אויסגעצויגען מעהר ווי אויף הונ־דערט שורות, ווייל אנדערש מיעדט זי אוים דעם לעזער. פונקט אזוי דארף אויך זיין די סקיצע. טאמער איז די סקיצע צו לאנג און דער לעזער שטעלט זיך אפ אינ־מיטען שוין, צערשטערט דאס שוין די גאנצקייט פון דער „זאך". כל זמן דער שרייבער האלט דעם לעזער אונטער זיין קאנטראלע איז דעם לעזער'ס נשמה ביים שרייבער אין האנד. אזוי גיך ווי עס ווערט אן איבעררייס, געהט דער לעזער שוין ארויס פונ'ם שרייבער'ס רשות.

אין דער גאנצער קאמפאזיציע, פונקט ווי אין דער פאעמא טאר נישט זיין קיין איבעריג ווארט אפילו, וואס האט קיין שייכות נישט מיט דעם מיין, דעם תוכן פון דער סקיצע.

אזוי האט עדגאר עלן פאע מיט אי־בער הונדערט יאהר צוריק געשטעלט א פאדערונג צום קינסטלער און ביז היינט רעכענט זיך די קריטיק מיט דיזע פאדע־רונג.

די סקיצע זאגען מיר, מוז האבען איין גאנצע האנדלונג, איין שטימונג, איין טאן און איין קאליר. יעדער זייטיג בילד, סצע־נע, אדער אפילו איין איבעריג, זייטיג ווארט טאר אין א סקיצע נישט זיין.

דעמאלט הייסט עס — א גוטע סקיצע.

איז דאס גערעדט געווארען ביי סקי־צען אין דעם שנים פון די רעאליסטען, ווי אונזער אברהם רייזען למשל און זיינע [...]שרייבען.

גאנץ אנדעריש איז דאס שוין מיט דער סקיצע, וועלכע ווערט געשאפען פון, דורך און לשם שטימונג.

שטימונג איז שוין אזא קאמפליצירטע שיטה אין דער ליטעראטור, וואס נאר גרויסע מבינים אדער געפיהלפולע מענשען דארפען, מעגען און זאלען געהן.

קיין אנדערען וועט זיך קיינמאל נישט איינגעבען.

צו א שטימונגס סקיצע קען מען שוין אמת זאגענדיג קיין שלחן ערוך נישט אנ־ווענדען, ווייל אזא סקיצע ווערט אנגע־שריבען, אדער בעסער געזאגט: רייסט זיך ארויס אין א מאמענט פון באגייסטע־רונג און ווען א מענש געפינט זיך אין א באגייסטערטען צושטאנד קען ער זיך שווערליך האלטען אן געוויסע רעגלען. מען איז דעמאלט צו אימפולסיוו, אז מען זאל זיך צוהערען צו דעם, וואס וויל דינים, רעגלען דיקטירען.

אבער דער קינסטלער וועט פונדעסט־וועגען אינסטינקטיוו דערפיהלען יעדע קלענסטע פאלשע נאטע, יעדען פאלשען שטריך. ביי א קינסטלער וועט אינ־סטינקטיוו די שטימונג סקיצע זיך אויס־גיסען, ווי א געטאקטע פאעמא, אהן אן איבעריגער סצענע, בילד, אדער אפילו ווארט.

איך וויל לדוגמא נעהמען די סקיצע פון ה' י. ל. מאלאמוט, געדרוקט אין דיע־זער צייטונג די לעצטע פאר טעג. איינגענט־ליך האב איך טאקע צוליעב דעם דאס היינטיגע ארטיקעל געשריבען. עס דאכט זיך מיר, אז דאס איז א גוטע שטימונגס סקיצע. ווען — — —

ווען מען זאל דאס דריטע קאפיטעל ארונטערשניידען.

ה' מאלאמוט האט זיך אין דיעזער סקיצע א שפיעל געטאן מיט א מענשלי־כע נשמה. אין שעהן און פול מיט רחמנות איז דער „אויזער מענש (דעם דאקטאר'ס פרוי, נינא) און קוקט מען זיך איין אין מיט'ן איין פון א קינסטלער, מוז מען בא־יעדען שאלד און קניימש פון דיעזער נשמה קומען אינספיראציע, מוז מען אריין אין התפעלות. און האט מען א שאפערישען חוש אין זיך, מוז ער דעמאלט כח באקו־מען עפעס שעהנעס, שטארקעס צו שאפען.

„נישט איין מאל האט פאסירט מיט'ן שרייבער פון דיזע צייל[ען] צו באאבאכטען אזא מין טיפ. עס וועט מיך פארשטעהן דער מבין, ווען איך וועל זאגען, אז אין יענע מינוטען האב איך זיך איינגעזען אויסגעטאן פון דעם גאנצען נשמות און פון דער געגענווארטיגען רעאלען לעבען וואס הריקענדער ס"איז געווען די איינ־זאמקייט, אלץ ווייטער איז געווען די ווירק־ליכקייט, דאס נשמות און אזוי צעשפילט האט זיך דער שאפערישער ווילען, אז אפילו דער טיפ גופא האט אויפגעהערט [...]

די אנגערעגטע פאנטאזיע, די אינספּיראַ־ציע.

די שאפונג אין אזא רגע איז ווי דער קאכענדיגער ים: אי בארוהיגענד אי רע־גענד.

אין אזא מאמענט דארף זיך אויסגיסען שטיקער קונסט.

און די הויפט קונסט באשטעהט דא אין דער שטימונג, נישט אן די ווערטער.

זעהט באטש די אפגעהאקטע, האלבע ווערטער וואס דעם דאקטאר'ס פרוי ענט־פערט אויף דעם דאקטאר'ס מוסר, אין י. ל. מאלאמוט'ס סקיצע. דאכט זיך קור־צענקע ווערטער; זאצען, ווי מען וואלט זיי מיט א מעסער אפגעשניטען. אזוי קורץ זיינען זיי און פארט שאפט זיך נישט נאר די שטימונג, וואס דער שרייבער איז אוי־סען געווען, נאר אויך יענע שטימונג, אין וועלכער נינא איז געווען איינגעקלאמערט די נאכט פון דעם איבערראשונגס־אונ־טערהאלט.

אין די ערשטע צוויי קאפיטלעך, ווי קורץ זיי זיינען, האט זיך דעם שרייבער איינגעגעבען צו אפמאהלען כמעט בולט די צוויי טיפען.

דאס דריטע קאפיטעל איז שוין מעשה בפני עצמה.

ווארים מוסיף געווען האט ער גארנישט ווען ער האט פלוצים ארייננעבראכט א נייעם טיפ, דעם מוזיקער סילווערמאן.

האט ער דערמיט געוואלט ציינען, מיט וועמען נינא'ן איז אנגענעהם צו פארברענגען און דערמיט אוועקגערויבט ביים לע־זער דעם תענוג פון אליין וועגען דעם נאכצודענקען.

נאך די ערשטע צוויי קאפיטלעך בלייבט דער לעזער איבער מיט דעם חשק זיך ארייננצוטראכטען אין דער טיפע־לייד[ענ]דער נשמה פון נינא'ן, וועלכע באדט זיך אין א ים פון צער און בענקעניש נאך עפעס.

עפעס אן אונבאשטימטעס, וואס איז אזוי ווייט פון דעם אמת'ן לעבען, וואס איז אזוי ווייט פון אונזער וועלטל.

און פלוצים קומט ער און רויבט אוועק ביים לעזער אט דיזע מחשבות און ווייזט איהם ממש אן: אט זעהסט, אט דיעזער פיאנא־שפילער איז נינא'ס אידעאל.

נינא איז שוין בכן נישט איבערגעלאזט געווארען צו דער פאנטאזיע, נאר צום אויג.

חוץ דעם איז עס טאקע נישט אמת.

ווארים וואלט זילבערמאן נישט געווען, ווי מר. מאלאמוט מאהלט איהם אויס, נאר זאל ער זיין אפילו אזעלכער ווי מען רופט דאס אין רוסיש: א „מאלטשוגאו", אדער אפילו א פשוט'ער גראמאפאן מיט שעהנע רעקארדס, פון וועלכע עס זאלען זיך גיסען צארטע, פיינע טענער, וואס זאלען בכח זיין נינא'ן אוועקצוטראגען [...]

נויפטוליען מיט איהר אינערליכען שטענ־דיגען צער, וואס נאגט און רייסט שטיקער פון דער נשמה, וואלט זי אויך פונם גראמאפאן אויף א מינוט נישט אפגעטרא־טען.

עס איז אלזא, לויט מיין חות דעת, לחלוטין איבעריג און אויך פאלש דאס דריטע קאפיטעל.

און נאר דערפאר האב איך זיך דערויף אפגעשטעלט לענגער, ווייל די ערשטע צוויי קאפיטלעך וועלכע זיינען אליין א גאנצע „זאך", זיינען צו אימפולסיוו און צו שטימונגספול אנגעשריבען, אז עס זאל נישט בדאי זיין וועגען זיי א קרי־טישען איבערבליק צו שרייבען.

פאר מיר וואס איז באקאנט מיט מא־לאמוט'ס שרייבען שוין א היבשע פאר יאהר, איז זיין „אין איינזאמקייט" געווען אן אנגענעהמע איבערראשונג. איך האב געלייענט זיינע געלונגענע קינדער מעשה־לעך, הומארעסקעס, רעאליסטיש געמאהלע־נע לענגערע ערצעהלונגען, אדער ווי מען רופט זיי אין דער צייטונג „ראמאנען", בעסער וואלט געווען — „נאוועלען". אזא איינדרוקספאלע שטימונגס סקיצע האב איך פון איהם נאך נישט געלייענט.

וועט ער מיך פאלגען און ביי אן אנ־דער געלעגענהייט בלויז די ערשטע צוויי קאפיטלעך דרוקען, וועט דאס זיין דאס בעסטע פון זיין שאפונג.

ביי דיזער געלעגענהייט, וויל איך זא־גען אז איך וועל זיך וועגען דער היינטי־גער טעמא פון סקיצען־שרייבעריי נאך אמאל אומקעהרען. איך פיהל אז אין אונ־זער שטאדט זיינען פאראן נישט ווייניג אינטעליגענטע יונגע מענשען. זיינען דאך דא פאראן א היבש ביסעל פאעטען, קיין סקיצען שרייבער, אדער אפילו מעמוארען־שרייבער זיינען דא נישטא. איך ווייס אז פיעלע מיינען דאס אנצושרייבען א סקיצע אדער ערצעהלונג פאדערט זיך מי יודע וואס פאר א פעהיגקייטען. נאך אן אויספיהרליכער דערקלערונג וועגען סקי־צען־שרייבעריי, גלויב איך, אז פיעלע וועלען זיך פרובירען אויף אויף דיעזען גע־ביעט פון דער ליטעראטור.

איך פון מיין זייט וואלט מיט פארגע־ניגען געהאלפען יעדען יונגענמאן, וואס וועט פרובירען שאפען ערצעהלונגען.

אין אלגעמיין איז מיר חשוב די אידי־שע ליטעראטור און איך בין גרייט אפ־צוגעבען מיין צייט, כאטש זי איז מיר זעהר באשרענקט, אויף צו העלפען. ער שידי מנעת, יעדען אנפאנגער, אדער ניי־ער קראפט.

---

קאסטאמער — זעהט, ווייטער, אט האב איך געפונען א האר אין קנעפּעל אין מיין סופּ.

ווייטער — א שעהנעם דאנק אייך, איך זוך שוין דאס קנעפּעל זייט דריי [...]

# מאָרגענטוי'ס באריכט וועגען די פאגראמען אין פוילען

פארטזעצונג

10. ווייל עס איז געווען לייכט אויס־צופארשען די פאגראמען און אויך געפינען זיי ווייט מעגליך די שולדיגע, איז אבער שווערער אויסצוגעפינען די מאס פון דאס דיסקרימינירען נעגען די אידען. די דיסקרימינירונג באשטעהט הויפטזעכליך אין דעם עקאנאמישען באיקאט, די נאציאנאלע דעמאקראטישע פארטיי האט בסדר אגיטירט, דאס עקאנאמישע דער־שטיקונג פון די אידען דורך דער פרעסע, דורך אפיציעלע מעלדונגען, ווי אויך דורך רעדען, איז די קריסטליכע בעפעלקערונג אויפגעפאדערט ניט צו האנדלען מיט די אידען. לאנד באלעבאטים ווערען געראטען ניט צו פערקויפען זייער לאנד צו די אידען, און אפט ווען דאס איז יא געטאן געווארען, זיינען די נעמען פון די פערקוי־פער אפגעדרוקט געווארען אין שווארצע צירקולארען, זאגענדיג דאס די פערקויפער זיינען „טויט צו פוילען".

אפילו איצטער ווערט אט דער קאמ־פיין אנגעפיהרט פון דער ניט פוילישער פרעסע, וועלכע האלט אין דיידען, דאס דער עקאנאמישער באיקאט דארף בענוצט ווערען אלס א מיטעל פאר פוילען פטור צו ווערען פון די אידען. אט די אגיטאציע האט געלאזט דעם איינדרוק אויף די פוילישע אידען, דאס אן אונזיכער־הייט שטריק איז פערצויגען אויף זייערע העלזער, און זיי זאגען, אז דאס איז די ערשטע פארפאלגונג וואס זיי זיינען געצווינגען צו ערטראגען. קריסטליכע ארבייטער האבען פיעל מאל זיך ענטזאגט צו ארביי־טען מיט אידישע. דער פראצענט פון די אידען אויף קהלה'שע שטעלען, איבער־הויפט אויף די קלענערע שטעלען ווי אייזענבאהנען אנגעשטעלטע, פייערלייטע און פאליציי לייטע איז א סך פארקלע־נערט געווארען זינט די נייע רעגירונג איז אריין אין מאכט. די קאמיסיע האט געקראגען דאקומענטען, וועלכע באווייזען דאס די רעגירונג האט ענטזאגט א סך אידישע אנגעשטעלטע אויף די אייזענבאה־נען און האט זיי געגעבען סערטיפיקייטס וועלכע זאגען, דאס די איינציגע אורזאך פארוואס זיי זיינען ענטזאגט געווארען איז דער פאקט דאס זיי זיינען אידען.

11. דאס עטאבלירען פון קאאפעראטיווע געשעפטען איז פון די אידען קרעמער אנגענומען געווארען אלס א פארמע פון דיסקרימינירונג. עס שטעלט זיך אבער ארויס אז דאס איז א גאנץ לעגאלער פער־זוך צו פארקלענערען די טעטיגקייט און די פראפעסירונג פון דעם מיטעלמאן. אומ־גליקליכער ווייזע, ווען די געשעפטען זיינען געעפענט געווארען זיינען זיי אדווערטייזט געווארען אלס א מיטעל צו באקעמפען די אידען קרעמער. די אידען דאריבער האבען געקראגען די איבערצייגונג דאס די געשעפטען זיינען געגרינדעט געווארען צו אטאקירען. אבוואהל עס איז מעג־ליך דאס די אנפיהרונג פון אט די געשעפטען, ווי אויך פריוואטע פערזאנען כוו אבער דאך צוגעגעבען ווערען, אז דאס איז אן עקאנאמישע טעטיגקייט, וועלכע יעדע געמיינדע האט דאס רעכט אנצופיה־רען. אויף דער אנדער זייט אבער, טענה'ען פיעל אידישע קאאפעראטיווע געשעפטען, ווי אויך פריוואטע פערזאנען, דאס די רעגירונג דיסקרימינירט נעגען זיי אין דאס פאנאנדערטיילען די שפייז קאנטראלירט פון דער רעגירונג.

12. די רעגירונג האט אפגעלייקענט דאס זי פיהרט אן א פאליסי פון דיסקרי־מינירען נעגען אידען. אבוואהל זי לייקענט ניט, דאס אין איינציגע פעלע האט דאס [illegible] געקענט פארפיהרען. פאהרשטעהער פון דער רעגירונג האבען פערזיכערט דער קאמיסיע, דאס אזוי פיעל וויפיעל עס וועט ליגען אין זייער מאכט וועט דאס דיסקרימינירען בעזייטיגט ווערען.

13. און באטראכטענדיג די אורזאכען וואס האבען געבראכט די אנטיסעמיטישע שטימונג, וועלכע האבען פאראורזאכט דאס וואס עס איז פריהער בעשריבען געווארען, מוז מען געדענקען, דאס זינט פוילען איז פאנאנדערגעטיילט געווארען אין 1795, האבען די פאליאקען אלעמאל געשטרעבט זיך ווי־דער צו פאראייניגען און צו קריגען אלס א פאלק זייער פרייהייט. אט דער בסדר'דיגער וואונש אנצוהאלטען זייערע נאציאנאלע שטרעבונגען האט זיי געב־בראכט דערצו, דאס זיי האבען געקוקט מיט א חשד אויף אלעם, וואס האט נור געקענט שטערען זייערע ציעלען. דאס האט געפיהרט צו א קאנפליקט מיט אנדע־רע אידישע ארגאניזאציעס, וועלכע האבען ערקלערט, דאס זיי ווילען קריגען קולטורע־לע אויטאנאמיע פינאנציעל אונטערשטיצט פון די רעגירונגען. דערצו נאך האט די שטעלונג וואס די אידען האבען גענומען צום ארטיקעל 93 פון דער ווערסאלער טריטי, וועלכע גאראנטירט דאס רעכט פון די ראסען און רעליגיעזע מינאריטע־טען אין פוילען, געבראכט א ווייטערע אונצופרידענהייט נעגען זיי. מעהר פאר אלעם אבער, איז די פוילישע נאציאנאלע שטימונג נעגען דאס, וואס זיי רופען דער „בעמערער" כאראקטער פון דער אידי־שער מאסע אין פוילען. איבערהויפט זעהען דאס אפט די פאליאקען אין די באזונדערארטיגע קליידער, וואס די אידען טראגען. אין זייער היטען דעם שבת, אין טאן ביזנעס זונטאג, אין זייער כשרות, אין טראגען בערד און ריידען זייער אייגענע שפראך. דער באזיס פון זייער שפראך איז א דייטשער דיאלעקט, און דער פאקט דאס דייטשלאנד איז גע־ווען — און איז — א פיינד פון פוילען, מאכט די גאנצע זאך נאך מעהר אונבע־ליעבט. דאס קאנצענטרירען פון די אידישע מאסען אין געוויסע געגענדען פון די פוילישע שטעדט, האט אויך דייטליך צוגעגעבען, דאס די אידען זיינען אבגעזונדערט פון אלע איבעריגע בירגער.

14. די אנגעצויגענע באציהונגען צווי־שען אידען און ניט אידען זיינען שפעטער נאך אנגעצויגענער געווארען—ניט נור דורך דער גרויסער מלחמה, אין פארלויף פון וועלכער פוילען איז געווען דאס שלאכט־פעלד פאר רוסישע, דייטשע און עסטרייכישע ארמעען. נאר אויך דורך די איצטיגע סכסוכים מיט די באלשעווי־קעס און אוקראינער. פוילען געפינט זיך איצט עקאנאמיש אין סאמע נידריגסטען שטאנד. מאנופאקטור און קאמערץ האבען פאקטיש אויפגעהערט. דער דוחק דער יקרות, און די פאלקאמענע שפייז־פארטיילונג איז א דראענדע געפאהר פאר דעם געזונד און וואהלזיין פון דער שטאד־טישער בעפעלקערונג. אין רעזולטאט ליידען הונדערטע טויזענדער פון הונגער געהען אלום האלב אנגעטאהענע טויזענ־דער שטארבען פון קראנקהייטען, שטארבען מיט א הונגער טויט. דאס וואס דער האנדעל איז טויט, רופט זיך ספעציעל אפ אויף דער אידישער בעפעלקערונג וועלכע איז כמעט אין גאנצען אנגעוויזען אויף האנדעל. צוליעב די אלע אויבען באשריבענע אומשטענדען, האבען די פרייזען זיך פארדאפעלט און פארדריי־פאכט, אבער די באפעלקערונג ווערט אויפגערייצט נעגען די אידישע סוחרים; אויף זיי ווארפט זי די שולד פאר דער אומנארמאלער שטייגונג פון די פרייזען וואס שטאמט גאר פון אנדערע אורזא־כען.

15. די גרויסע מאיאריטעט פון די אידען אין פוילען באלאנגט צו באזונ־דערע אידישע פאליטישע פארטייען. די גרעסטע פון זיי זענען די ארטאדאקסישע ציוניסטישע און נאציאנאלע פארטייען. אזוי ווי די אידען פארמירען באזונדערע פאליטישע גרופען, איז מעגליך, אז מאנ־כע פון די פוילישע אנטי־אידישע האנד־לונגען זענען גיכער פון א פאליטישען, און ניט פון אן אנטיסעמיטישען כא־ראקטער. די הערשענדע פאליטישע פאר־טייען גיבען צו זייערע אנהענגער רעגיע־רונגס פאסטענס און רעגירונגס־פריווי־לעגיעס. עס איז אבער צו האפען, אז די מאיאריטעט פון פוילישען פאלק וועט זיך ניט האלטען ביי דעם סיסטעם אין באצוג צו רעגירונגס פאזיציעס. וואס זע־נען ניט ריין פאליטישע. עס דארף קיין אונטערשיעד ניט געמאכט ווערען ביים אויסוואהל פון פראפעסארען און לעהרער פון אייזענבאהן אנגעשטעלטע, פאליצים־טען, פייערלייט און בכלל ביים באשטי־מען אויף אזעלכע שטעלעס, וואס אין ענגלאנד און די פאראייניגטע שטאאטען געהען זיי ארונטער אונטער „סיוויל סוויר־ויס". פוילען דארף איינזעהן, אז אזעל־כע שטעלעס דארפען ניט אריינגעצויגען ווערען אין פאליטיק. טיכטיגקייט און דיענסט קען נור דערגרייכט ווערען, ווען מען שטעלט אן די בעסטע מענשען, אהן אונטערשיעד פון פארטיי און רעליגיאן.

16. די באציהונגען צווישען אידען און ניט־אידען ווילען אהן ספק זיך פאר־בעסערען אין א שטארקער דעמאקראטי־שער פוילען. כדי דאס זאל אבער דער־גרייכט ווערען, דארף זיין פארשטענדי־גונג און מיטארבייטשאפט צווישען 86 פראצענט קריסטען און 14 פראצענט אי־דען. די 86 פראצענט דארפען פארשטעהן אז זיי קענען ניט ארויסשטעלען א פעס־טען פראנט נעגען זייערע שכנים, אויב זיבען פראצענט פון דער באפעלקערונג איז אומצופרידען, איינגעשראנקען און אונאקטיוו. די מינאריטעט דארף אויפ־געמונטערט ווערען מיטצוהעלפען, מיט זייער גאנצען כח און איינפלוס — צו מאכען פוילען פאר א גרויס [illegible] איינינגט לאנד. — אזא לאנד איז נויטיג אין צענטראל אייראפא אום אנטקעגענצו־שטעהן די גוואלדיגע סכנות, וואס דראהען איהר. פוילען מוז וואס שנעלער ענט־וויקלען זיך צו פולער קראפט; מיט איהר פיהרונג דארף זי צוערשט פארדיענען און דערנאך קריגען די פולהארציגע מאראלע, פינאנציעלע און עקאנאמישע שטיצע פון דער גאנצער וועלט, וואס דאס אליין קען ערשט פארזיכערען ערפאלג דער רעפובליק אין דער צוקונפט.

פארלאנגט א נייע קאמיסיע זאל באשטימט ווערען.

17. עס איז אונמעגליך געווען פאר דער מיסיע, אין די צוויי חדשים וואס זי האט פארבראכט אין פוילען — צו טאן מעהר, ווי צו באקענען זיך מיט דער אל־געמיינער לאגע פון דער באפעלקערונג. כדי צו פארמולירען א לייזונג פון דער אידישער פראגע איז נויטיג א פארזיכ־טיגע און ברייטע אונטערזוכונג — ניט נור וועגען דער עקאנאמישער לאגע פון די אידען, נור אויך וועגען די נייע באַ־דערפנישען פון פוילען. און די באדערפ־נישען פון פוילען וועלען מיט באשטימט־קייט ניט קענען פעסטגעשטעלט ווערען, ביז פוילענס גרענעצען וועלען ניט פיק־סירט ווערען, און ביז פוילענס באציהונ־גען מיט רוסלאנד וועלען ענדגילטיג ניט רעגולירט ווערען. ווארים מיט רוסלאנד האט פוילען פריהער געהאט געפיהרט איהר גרעסטען האנדעל. עס ווערט רע־קאמענדירט, אז די ליגע פון נאציאנען, אדער די גרעסטע נאציאנען, וואס זיי־נען פאראינטערעסירט אין דעם פראב־לעם זאלען שיקען קיין פוילען א קאמי־סיע, וואס זאל באשטעהן פון אנערקענטע אינדוסטריעלע פעראנגישע, אגריקולטור־רעלע און אלע אנדערע פאך עקספערטען. אין די קאמיסיע זאל פארבלייבען דארט אזוי לאנג, ווי עס וועט נויטיג זיין גרינד־ליך אויסצופארשען דאס פראבלעם.

18. די קאמיסיע זאל אויסגעפינען א פלאן, וואס זאל גאראנטירען די אידען פון פוילען די זעלבינע עקאנאמישע און סאציאלע געלעגענהייטען, וואס זייערע גלויבענס־ברידער געניסען אין אנדערע פרייע לענדער. א נייע פוילישע קאנ־סטיטוציע האלט אין געשאפען ווערען. אין אלגעמיינע שטריכען איז אט דער נאציאנאלער אינסטרומענט שוין אנגע־צייכענט געווען אין דעם ספעציעלען אפמאך מיט די אליאירטע און אסאצי־אירטע לענדער; און אין יענעם אפמאך האט פוילען זיך אונטערגענומען טריי צו זיין צו די פרינציפען פון פרייהייט און גערעכטיגקייט און מינאריטעטען רעכט; און מיר קענען זיכער זיין, אז פוילען וועט טריי זיך האלטען צו איהר פארפליכטונג, וועלכע איז דורכאויס אין איינקלאנג מיט די בעסטע טראדיציעס פון דער נאציאן. א נייע לעבען וועט דורך דעם געעפענט ווערען פאר די אי־דען; און עס וועט זיין די אויפגאבע פון דער פראיעקטירטער קאמיסיע צו העל־פען די אידען צו פראפיטירען דערפון און צו געווינען דעמזעלבינגע אנזעהן, וואס זייערע גלויבענס־גענאסען האבען אנדערשוואו געוואונען, אלס ווערטפולע שותפים צו דער געמיינשאפט, אין וועל־כער זיי לעבען. די פריינד פון די פויל־ישע אידען אין אמעריקא, ענגלאנד, און אנדערשוואו, וועלכע האבען שוין ארויס־געוויזען אזא גרויסען אינטערעס אין זיי־ער וואהלזיין. — די זעלבינע פריינד וועלען מיט פרייד זיך אנכאפען אן דער געלעגענהייט מיטצוהעלפען דער קאמי־סיע אויסצוארבייטען יעדע פאסיגע ליי־זונג, וואס די קאמיסיע וועט פארשלאגען. דער פאקט, אז עס קען נעהמען א דור אדער צוויי ביז דער ציעל וועט ניט דער־גרייכט ווערען, דארף ניט ענטמוטיגען.

19. אלע בירגער פון פוילען דארפען איינזעהן, אז זיי מוזען דאך לעבען צו־זאמען. זיי קענען ניט אפגעשיידט ווער־ען איינע פון די אנדערע — ניט דורך געוואלד און ניט דורך געריכט. אזוי גיך ווי אלע בירגער פון פוילען וועלען פאלשטענדיג באגרייפען דעם פאקט, ווע־לען זיי מוזען טאן אלץ, וואס איז אין זייער כח צו קומען צו א בעסערער פאר־שטענדניס; צו פארלייכטערען די עקזיס־טירענדע אומשטענדען — און ניט צו פארמעהרען די אנטיפאטיע און אומצו־פרידענהייט. די פוילישע נאציאן דארף איינזעהן, אז איהרע ערגסטע שונאים זיי־נען די, וואס העצען צו אינערליכע סכסוכים. א הויז, וואס איז צעטיילט אין זיך גופא, קען זיך נישט האלטען. עס דארף זיין נור איין קלאס בירגער אין פוילען, וואס אלע זיינע מיטגליעדער גע־ניסען די זעלבינע רעכט און טראגען די זעלבינע פליכט.

מיט רעספעקט פארברייגענדיג
(אונטערגעצייכענט)
הענרי מארגענטוי.

## ווי מען ענטפערט אויף די צענזוס פראגען

פון א סניטקאווער

אויב אין וואשינגטאן קלייבען זיך אן אזעלכע דאקומענטען, ווי דער וואס מיר געהען איך דא איבערגעבען, קען מען זיך שוין אליין משער זיין וואס פאר א טאלק מיר קענען דערגעהן דורך דעם צענזוס.

די גאנצע ארבעט באשטעהט אין ענט־פערען אויף פראגען וואס געפינען זיך אויף א „קוועסטשיאנער" וואס איז צוגע־גרייט פאר דיעזען צוועק.

דער קוועסטשיאנער האט פראגען און ענטפערען.

פאר א ביישפיעל לייענט איצט איבער דאס פאלגענדע:

פראגע: — וואס קעהרט איהר זיך אן מיט דעם הערר מיט וועלכען איהר לעבט?

ענטפער: — א לעבען. (פארגרייזט פון דעם ענגלישען ווארט „וויף" אויף „לייף"). ווייטער,

פראגע: — איז דאס אייערע און איי־גענע הויז, אדער איהר צאהלט דירה געלט?

ענטפער: — סינגעל.

פראגע: — צו וועלכען געשלעכט גע־הערט איהר?

ענטפער: — איטאליענר.

פראגע: — אין וועלכע הייראטס בא־ציהונגען?

ענטפער: — נישקשה.

פראגע: — קענט איהר לעזען? (שרייבט יא אדער ניין.)

ענטפער: — בידע.

פראגע: — וואו זענט איהר געבארען?

ענטפער: — גרייט לייקס, אינזשעני־רינג קארפס.

פראגע: — קענט איהר ריידען ענג־ליש? (שרייבט יא אדער ניין).

ענטפער: — איינס פון די ביידע.

פראגע: — וואס איז אייער באשעפ־טיגונג?

ענטפער: — א שוסטער.

(לעזט ווייטער).

פראגע: — ביי וועמען זענט איהר בא־שעפטיגט?

ענטפער: — אין א לאמבער יארד.

פראגע: — זענט איהר אן ארבעטסגע־בער, אדער אן ארבעטער פאר ווייד־זשעס, אדער סאלארי, אדער ארבעט איהר פאר זיך אליין?

ענטפער: — יא.

פראגע: — וואס פאר א שפראך רעדט איהר?

ענטפער: — א פראטעסטאנט.

פאר א מוסטער פון חכמה, איז דאס ראכט זיך גענוג. דער צענזוס האט אנ־געהויבען טאן זיין ארבעט מיט צוויי וואכען צוריק און אין יוני וועלען מיר וויסען די רעזולטאטען. אבער וואס די רעזולטאטען וועלען זיין, קען קיינער קיין חכם ניט זיין.

דארפען דארף דאס זיין אזוי. פאראן גוטע און שלעכטע מענשען, פראפיטי־רער און באנקירען, נייע אויפגעקומענע גבירים, און פריש־געבאקענע קבצנים, און אזוי ווי וואשינגטאן וועט מאכען א סך הכול און איהם פארשליסען ביי זיך, וועט יעדער איינער קענען א פאהר טאן אין וואשינגטאן און א פרעג געבען למשל:

— וויפיעל לאנדרי לייט האב איך אין מיין שטאדט?

און וואשינגטאן וועט אויפשליסען דאס קעסטעלע, וואו דער סך הכול ליגט, וועט א בלעטער טאן אין קאטאלאג און גלייך ארויסלעזען דעם ענטפער: 432.695 אדער עהנליכעס. עס קען זיין אז מען וועט זיך נאך לאנג ארומרייסען אין סע־נאט ארום די „רעזערוויישאנס" אין דער טריטי, אדער עס וועט נאך אפשר ווייטער אויך פאסירען אז א בריעף אויפגעלעגט אין ניו יארק זאל אונז אנקומען אין א פאר יאהר ארום, אבער דערפאר אז מיר וועלען זיין נייגעריג צו וויסען, וויפיעל מענשען געפינען זיך אין אמעריקא וואס זענען געבארען זאגען מיר, אין סאמאט־רא, וועט מען אונז גלייך זאגען.

אבער שפאס אין א זייט.

איצט ווען מיר לעבען אין א צייט, ווען די וועלט האלט זיך אין באנייען, אין ענדערען, ווען אלעס ווערט אזוי פינקטליך, איצט וועט איהר דאך נישט גלויבען, אז עס זענען נאך דא עלטערע פרויען וואס לאזען ארונטער די אויגען און הויבען אן רויט ווערען, ווען זיי דאר־פען ענטפערען פאר'ן צענזוס ווי אלט זיי זענען, נעהט זשע, זייט מוחל, כאפט א שפאציער מיט'ן מאן, וואס שטעלט די פראגען, נעמט איהר עפעס זעהן.

א ביזנעס פרוי, למשל, טעלעפאנירט אריין צום צענזוס אפיס:

— היות ווי זי איז געווען ביי דער ארבעט בעת דער צענזוס האט ביי איהר אויף דער קווארטיר. געשטעלט פראגען, און די באלעבאסטע האט געענטפערט פאר אלע וואס וואוינען ביי איהר, נאר זענען ניט געווען אין הויז, בכן איז זי איבערצייגט, אז יענע האט ניט געענט־פערט ריכטיג, זי האט ניט געקענט ענט־פערען ריכטיג.

פרעגט דער אפיס:

— וואס האט יענע געענטפערט?

ענטפערט די ביזנעס פרוי:

— איך ווייס ניט, וואס יענע האט געענטפערט, נאר זיכער איז, אז זי האט ניט געענטפערט ריכטיג.

— צום ביישפיעל? — פרעגט מען זי איבער נאכאמאל.

— אט צום ביישפיעל וועגען מיין על־טער. איך בין זיכער, אז זי האט מיר פארשריעבען פיעל עלטער ווי איך בין, ווייל איך זעה אויס א סך עלטער, איהר ווייסט דאך, פאראן א סך מענשען, וואס זעהען אויס עלטער ווי זיי זענען אין דער אמת'ן... בפרט פרויען, א יא?

און דער אפיס האט צוליעב געטאן דער פרוי, איהר פארשפראכען אריינצו־שיקען נייע „קוועסטשאנירס" אז זי זאל אליין פאר זיך ענטפערען ווי אלט זי איז.

אין אנאנדער הויז איז א פרוי געקו־מען פון צענזוס אין א הויז, וואו עס וואוינען צוויי עלטערע מיידלאך, אלעס איז געגאנגען גוט, ביז — נו, ביז ס'בע־קומען צו דער פראגע: ווי אלט זיי זע־נען.

די פרויען האבען זיך געקארטשעט און געדרעהט, אהער און אהין, אבער האבען אויף דער פראגע ניט געענטפערט.

אויף מארגען האט דער צענזוס אפיס געשיקט א מאן אין דעם איינעם הויז אריין.

— מיר איז גאנץ עגאל וואס איהר וועט ענטפערען. — ערקלעהרט דער מאן, — אבער אנקעל סעם וויל וויסען, און איהר וועט אזוי גוט זיין און מיר זאגען ווי אלט איהר זענט.

און די פרויען האבען געהאלטען אין איין בעטען זיך:

— וואס האט מען צו אונז, מיר הא־בען קיינמאל אין לעבען, אונזער עלטער קיינעם נישט געזאגט, איבערהויפט נאך צו א מאן!

ערשט ווען דער מאן האט זיי ערקלערט אז דאס געזעץ באשטראפט מיט הונ־דערט דאלאר אדער פריזאן איז איינע פון די פרויען צוגעגאנגען און ארונטער־געצויגען די פארהאנגען איבער'ן פענס־טער און ענדליך א זאג געטאן.

— פינף און פערציג.

און דער צענזוס מאן ערקלעהרט, אז אויב יענע פרוי איז פינף און פערציג, איז ער נאך ניט געבארען געווארען.

א חוץ דעם פאסירט אז אין די אויס־לענדישע קווארטאלען, צושרעקען זיך איטאליענער און לויפען ארוים מיט מעסער אנטקעגען דעם צענזוס מאן.

אין שווארצען קווארטאל אין דעט־ראיט, איז מען איינעם באפאלען מיט א מעסער ווייל ער האט געפרעגט יענעם: „זענט איהר טויב אדער שטום"?

האט זיך יענער שטארק באליידיגט און איהם פאריאגט מיט א רעוואלווער.

אין אן אנדער הויז ביי א איטאליענער האט דער צענזוס מאן באמערקט אז די ספאגעטי וואס קאכט זיך, שמעקט זעהר גוט, האט מען זיך מיט איהם דער־פרעהט, איהם אוועקגעזעצט אויבענאן און איהם מכבד געווען מיט דער ספאגעטי, אזוי, אז ער האט אפגעגעסען, איז ער קוים אנטלאפען פון הויז, און שוין ניט געוואלט שטעלען קיין פראגען.

סיי ווי, סלוגער וועלען מיר פון צענ־זוס ניט ווערען.

The Weg

דער וועג
THE DETROIT JEWISH DAILY

די איינציגע אידישע טעגליכע צייטונג אין מישיגאן סטייט
ערשיינט יעדען פריהמארגען אויסער שבת, דורך דער
וועג פאבלישינג קאמפאני, אינקארפארייטעד

פט אפיס: 347-49 הייסטינגס סטריט, דעטראיט, מיש. טעלעפאן: מעין 3715.

דעטראיט, 28טער יאנואר, 1920.

## דרשות געהאלטען ניט אויפ׳ן ריכטיגען פלאץ

פון ב. י. ג—ן

א פרעדיגער אין ענגלאנד האט זיך געמאכט פאר א מיסיע צו באווייזען דעם ענגלישען פאלק, אז פרויען זיינען מעהר וואולגאר איידער מענער.

דער דאזיגער פרעדיגער איז א גלח, און זיינע סוירמאנס איז די היפסטעמא און די ליעבלינגס־טעמא, אז די פרוי איז גרעבער, אומהעפליכער און וואולגארער איידער דער מאן.

רעווערענד פ. ד. מאיער הייסט דער גלח.

אין זיין לעצטען דרוש האט ער געזאגט פאלגענדעס:

„איך האב נישט מורא פאר דעם מאנגעל אין שפייז; איך שרעק זיך נישט אפ פאר די עקאנאמישע אומרוהען אין לאנד. פאר וואס איך האב יא מורא איז פאר די קאנזעקווענצען וואס וועלען קומען דורכדעם וואס אונזערע פרויען האבען פארלוירען זייער אמאליגע צניעות, זייער אמאליגע באשיידענהייט.

דאס לאנד איז באמת אין א געפאהר. די איצטיגע נייע מאדעס איבערצייגען אז איך האב תמיד רעכט געהאט, זאגענדיג אז די פרוי איז וואולגאר. דאס וואס מיר האבען געהאלטען פאר נאבעל, דאס וואס אונזערע מאמעס האבען געהאלטען פאר באשיידען, דאס פעהלט דער היינטיגער פרוי.

„נישט נאר די קליידונג פון דער היינטיגער פרוי איז א באווייז פון דעגענעראציע און פארדארבענקייט. מען קען דאס אויך זעהען פון זייערע מאנערען, פון זייערע באנעהמונגען און געזעלשאפט און בפרט אין דער געזעלשאפט פון מענער.

„די פרויען האבען אנטוויקעלט צווישען זיך א דריטע געשלעכט, וועלכער איז נישט מוסקולוסטיש שטארק ווי דער מאן און נישט צארט און באשיידען ווי די פרוי. דאס איז עפעס א צווישענשעפעניש פון די ערגסטע עלעמענטען פון ביידע געשלעכטער".

אזוי האט אין זיין לעצטען סוירמאן (דרשה) געזאגט דער ענגלישער פריעסט פאר זיינע צוהערער.

מיר האבען דא, אין אמעריקא, נישט געהערט אזא שארפען אנגריף אויף דעם „שעהנעם", „שוואכען" געשלעכט.

ווי ווייט איז דאס מאקע דא? מיר שטעהן דאך אזוי נאהענט צום ענגלישען פאלק.

לאמיר נעהמען די קליידונג פון דער היגער פרוי.

מען קען נישט לייקענען דעם פאקט, אז די נייע דרעסעס, פון לעצטען פאסאן זיינען — זאל דאס אונזערע פרויען נישט פארדריסען — אפילו צו קורץ. די ווייסטען ווידער זיינען צו טיעף דעקאלטירט. און קומט מען צו די גרויסארטיגע הויכשטעהענדע פון אונזערע רייכע פוסט און פאשיאן־עס זעהט איהר אז די „גייטאונס" וואלטען באדארפט נאך א היבש ביסעל צייג אויף צו קענען צודעקען די אויפגעדעקטע טיילען פון קערפער, ווי למשל עם רוקען, די הענט און ביוסט.

אפשטאל וואונדערט איהר זיך ווי ווערען זיי נים פארפרירען אין אזעלכע קעלטען מיט האלב נאקעטע דרעסעס.

מען קען נאך קיין טענות נישט האבען צום יונגוואורג, וועלכע האבען א ליידענשאפט צו באווייזען זיך אין געזעלשאפט מיט זייערע שעהנע הענט. ווען איהר זעהט אבער פופציג און פופציג יעהריגע מיאוסקייטען איינגעאיינגעטרוקענט ווי די שטעקענס און אנדערע פעטע, ווי אפגעגאסענע, און אויך זיי דרעסען זיך ווי די ווענוס פון מילא, מוז מען זיי אדער אויסלאכען, אדער אפזידלען, ווארים דאס איבערצייגט באמת אז זיי זיינען וואולגאר און אז זיי האבען פארלוירען די באשיידענהייט.

באשיידענהייט איז אמת זאגענדיג אדער א געוואוהנהייט אדער א טבע, ד. ה. עס ליעגט אינם כאראקטער פון דער פרוי צו זיין באשיידען.

עס זיינען פאראן פרויען וואס קליידען זיך ווי הייליגע נאנעס און אין דערזעלבער צייט זאלען זיי אייך אזא קוק טהאן, אז איהר זאלט רוים ווערען. און פארקעהרט זיינען פאראן פרויען וואס טראגען טיף דעקאלטירטע קליידער און זיינען דאך באשיידען. עס איז זיי שווער געווען דאס ערשטע מאל אזא קלייד אנצוטאן, אבער זיי האבען זיך איינגעוועהנט צו דעם.

צו באשיידענהייט אין קליידונג איז ווערט זיך איינצוגעוועהנען, וואדים דאס ווערט אפגעשאצט. אבער צי איז דער דערמאהנטער פריעסט טאקע גערעכט מיט זיינע אנפאלען? צי איז דאס דען אין דער אמת׳ן ערפינדונג פון בלויז דער היינטיגער פרוי?

נעמט נאר אוים עפעס א גראווירט בילד פון די פרויען, וואס מיט א הונדערט יאהר צוריק און איהר וועט זעהן, אז אויך זיי זיינען געגאנגען דעקאלטירט, דורכזיכטיגע דרעסעס און אפגעדעקטע פלייצעס.

די עלטער באבע פון די היינטיגע ענגלישע פרויען האט זיך כלל נים אפגעשראקען פאר א דעקאלטירט קלייד.

עס איז אבער דערפאר א גרויסער אונטערשייד אין די מאנערען, נישט אר פון מיט א יאהר הונדערט צוריק, נאר אפילו פון מיט א יאהר 15 אדער 2 צוריק.

און אין דעם איז נים שולדיג די פרוי, נאר די ארדנונג, אין וועלכער יר לעבען.

די היינטיגע פרוי קומט טעגליך אין באריהרונג מיט דעם מאן. די רוי פון היינט האט זיך איינגעלערנט צו פארלאזען אויף די אייגענע פעהיגקייטען און נים אויף די פעהיגקייטען פונ׳ם מאן.

די היינטיגע פרוי דענקט אנדערש, איז מעהר טאלעראנט, מעהר מוטיג און מעהר רעכטדענקענד ווי די פרויען פון א פופציג, אדער, אפילו 20 יאהר צוריק.

דערפאר זייען זיי מעהר מוסקוליסטיש און וועניגער צארט. מעהר וואכענדיג אין זייערע באנעהמונגען און מעהר פראסט אין זייערע מאנערען. וואס זיי האבען געווינען אין איין זאך, האבען זיי פארלוירען אין ער צווייטער.

וויל דער דערמאהנטער גלח האבען צארטע, דעליקאטע און שעהן מאנירענדיגע פרויען, דאן זאל ער פרעדיגען אז מען זאל די פרוי נישט לאזען אין די פאבריקען, נישט לאזען זיי זיך צונויפקומען — אויף דעם מארק פון מסחר קאנקורענץ.

דער היינטיגער מאן זוכט אבער נישט מעהר יענע פרוי, וועיל חוץ דעם וואס אזעלכע זיינען כמעט נישטא, איז איהם גלאט מעהר געפעלען א פערהיגע, א קלוגע און א זעלבסטשטענדיגע פרוי. דער מאן אליין האט זיך אפגעוועהנט פון צו באגייסטערן זיך פאר א ליאלקע.

## איינזאמע מענשען

(סוף)

ער, דער דאקטאר, איהר מאן, ער פארשטעהט זי לחלוטין נים, אדער וויל זי נים פארשטעהן.

— צו וואס דאס גאנצע הויז מיט באלעבאטישקייט, ווער דארף דאס?

— ווער דארף די דינסט? פאר וואס זיך איינגאנצען שאפען מיט איהר? צו וואס דארף מען עסען, צו וואס קומען צו זיי און זיי צו לאדען צו זיך?

און ווענען מאן האט זי געטראכט:

— ווען ער וואלט נאך נים געפאדערט אזוי אפט אז זי זאל רק זיין אויפגעלעגט, וואלט זי איה מאפשר נאך געקענט פארטראגען!

און ווען אין הויז זאל נים יעדע זאך דארפען שטעהן אזוי פינקטליך ווי צום באשטעל, וועט נאך אין הויז אויך נים געווען אזוי לאנגוויליג.

איהרע געדאנקען ווענען איבערגעריסען געווארען, ווען מרי האט אויף א טעציל אריינגעטראגען די טיי.

זילבערמאן האט זיך אויפגעהויבען, און זאג טוענדיג:

— נו, נענוג געלאנגווייליגט זיך מיט דער מוזיקע?

נינא איז געבליבען זיצען אין שאקעלשטוהל, האט נאר אביסעל ארויסגעשטעקט דעם קאפ פון שאל:

— טרינקט טיי, זילבערמאן.

זילבערמאן האט זיך גענעצט אין עס ציטער, און האט פראטעסטירט.

— שעהן נעמסטו דאס צו א גאסט. הייסט מיר טרינקען טיי, און אליין זיצט זי דארטען און שאקעלט זיך.

נינא האט זיך אויפגעהויבען און איראניש באמערקט:

— אבער אלע פאדערען זיי. און איינער מאן, א פרעמדער מאן, וואס זשע אין דער היים טרינקט די ווייב אויך מיט אייך טיי?

אין דער היים פאדער איך נאך מעהר, נינא. — האט זילבערמאן גערעדט. — וואס זשע מיינסט טאקע, אז ס'איז אזא גרויס גליק דיך צו האבען פאר א ווייב? אט נאר נים, אז דו ביזט נאטאנזאן'ס פרוי, איז אדרבא, קום איך מיט דיר כאפען א שמועס, דערפאר ווייל דו ביזט אנדערש, נים קלוגער, דו הערסט, נים קלוגער נאר פארט אנדערש ווי אלע פרויען. ו ווייסט דאך כ'האב נים ליעב די באדערטע, מאראלע פרויען, ביי וועמען די ייראט איז א אינסטיטוציע. און דאס ווירטשאפט א קולט. אבער אין דער אמתן איז נאטאנזאן אינטעליגענטער פאר מיר, ברייטהארציגער פאר מיר, און אז ער ווערט נים פארנודיעט פון דיין איינזאמקייט, מוז ער נאר זיין שטערבליך פארליעבט אין דיר. אבער ווען דו ביזט מיין פרוי? קיין איין חודש וואלט איך מיט דיר נים געקענט וואוינען אין איין הויז.

נינא שמייכעלט, און ברענגט די האר איהרע ענדליך אין ארדנונג.

— יא, כ'האב עס שוין אמאל געהערט פון אייך! אפנים זא איהר זענט אלע איין שווארץ יאהר: איהר שפיעלט און מיר דארפען טאנצען.

זילבערמאן האט אנגעהויבען רעדען מיט מעהר טעמפעראמענט, ווי עס וואלט איהם געגאנגען אין לעבען אריין.

— מיין פרוי מוז נים טאן אלסדינג ווי איך טהו, אבער איך וויל זי נים זעהן קיין פאר מרה־שחורה'טע. איך וויל נים. זי זאל מיך לאנגווייליגען מיט איהר אומעט. כ'קען קוים מיין אייגענעם אומעט באהערשען!

— זאל שוין זיין גענוג, זילבערמאן. טרינקט טיי און שפילט נאך עפעס, — האט נינא א זאג געטאן, שמייכלענדיג און איהם צוגערוקט די צוקער־פושקע.

— כ'האב דאך איך קיינמאל זיך נים אנגעבאטען צו זיין אייער פרוי. וואס דארפט איהר זיך אזוי וארפען מיט מיר? דאנקען גאט, ס'האלט נאך נים דערביי!

זילבערמאן האט אוועקגעשטעלט די טיי.

— נו, כ'האב דאך בלויז געשפאסט. איך קען האך דיך, נינא. כ'האב עס נים געמיינט.

— זאלט איהר מיר קיינמאל נים פארווארפען מיין אומעט און מיין איינזאמקייט. עס איז דאך מיין אומעט און אויף מיר האב איך מיר מיינע רעכט צו פיהלען אזוי ווי אונז אוים מיט די דעבאטעו! — האט נינא געענטפערט. — האט זילבערמאן'ען אריינגעווארפען אין איבריג שטיקעל צוקער. נעמט טרינקט די טיי, איהר זייט טאקע א בן יחיד ביי מיר, אבער איהר דארפט זיך נים איבערנעמען אזוי שטארק. קומט שפילט נאך עפעס. דער דאקטאר קומט שוין באלד.

— האט פונדעסטוועגען אביסעל געוויסענביסע פאר דיין דאקטאר, — האט זילבערמאן באמערקט. האט אועקגעשטעלט דאס גלאז און זי געמענדיג פאר'ן האנד גאנץ לייכט א זאג געגעבען — קום, איך וועל דיר שפילען.

נינא האט סארקאסטיש א זאג געגעבען:

— דער דאקטאר זאל וויסען, וואלט ער זיך פון זינען געריהרט.

— אז איך האב דיר געהאלטען פאר דער האנד, מיינסטו? — האט זילבערמאן געלאכט. — ער איז א נאר. פאר אזעלכע ווי נינא, קענסטו איהם זאגען, דארף מען נים איבערטראכטען, קענסט דאס איהם זאגען אין מיין נאמען.

נינא האט געשמייכעלט.

— אלע מענער זענען נארנים. און אפשר זענען אלע מענער זינדיג, און רעדפאר געטרויען זיי נים זייערע אייגענע פרויען.

— יא. איצטער האסטו ארויסגעזאגט טיעפען אמת, נינא. מיר זענען אלע זינדיג, האט זילבערמאן באמערקט. מיר ייגדיגען מיט די הענט, ווען מיר קענען נים ארומנעמען דעם גאנצען קערפער און איהם אזוי צודריקען צו זיך, אז דאס הארץ זאל זיך א ריס טאן צום ארויסשפרינגען, נעמען מיר כאפט בלויז די האנד. און ווען מיר קענען נים קושען מיט די ליפען וואס שרפה'ן און ברענען ווי א פלאם פייער, דאן קושען מיר מיט די אויגען, מיר עסען זיך איין אזוי טיעף, אז מיר קושען אוים יעדעס אבר מיט איין שארפען בליק, וואס גיבערט ארונטער ביז די טיעפעניששען פון דער נשמה.

זילבערמאן האט זיך אוועקגעזעצט ביי דעם קלאוויר און ווי איינגאנצען זיך פארגעסען אין נינא'ן, האט ער מיט ביידע הענט זיך ווי א שטורם א לאז געטאן איבער דער קלאוויר, שפילענדיג אין שנעלער טעמפא, מורמלענדיג צו זיך אליין.

— ביז איך דאך אויך ציימענווייז אזוי פאראיינזאמט, אז נאר דו, מיין ארעמע קלאוויר פיהלסט דאס. דאמאלס קום איך צו דיר, און קוש אוים דיין יעדעס ביינדעל, יעדעס גליעד מיט מיינע פינגער, גיב ארויין אין דיר, מיין צער, מיין פיין, און דו כאפסט אויף מיין שטיל געבעט ווי אויף פליגלען און טראגסט זיך מיט מיין תפלה, מיט מיין אומעטיגען ניגון צו די הימלען, איבער די ימים, די שטורמישע, די ברויזענדע און דאן ווערט מיר מיטאמאל אזוי גוט.

דער שנעלער טאן האט זיך אין זיין שפיעלען אוינגעבליקליך געביטען, גאנץ שטיל האבען זיינע פינגער קוים די קלאווישען באריהרט. א רוהיגע צופרידענהייט האט זיך אין דעם שפיעלען געהערט, א גליקליכער האט ער שטיל געמורמעלט:

— עס טרעפט, אז איך טרעף און א זאר גוטע, שמייכלענדע אויגען. ווייכע, טיעפע וואס דערצעהלען אויך פון איינזאמקייט, פון אומעט און בענקשאפט. וואס קיינער ווייסט נים פון וואנען עס איז געקומען, און וואוהין דאס פיהרט. אמאלס קום איך און שפיעל פאר יענעם איינזאמען, יענעם מיעדען, פארבענקטען. איך שפיעל איהם אוים זיין צער, זיין פיין, זיין אומרוהיגע נשמה זעטיג איך מיט מיינע אומעטיגע טענער, איך פארוויעג איהם מיט א שטיל, זים ליעד, און עס ווערט מיר דאן אזוי גוט אויף מיין הארצען, עס ווייזט זיך מיר אוים, אז איך האב א נשמה פון טיעפען תהום און וואמנזין נעראטעוועט. איך האב די שדים וועלט פארזאגט, דאמאלס איז מיר אזוי גוט. און די פיאנא באגלייטונג האט ווי צוגעבראמט: אזוי גוט, אזוי גוט!

נינא, וועלכע איז געשטאנען הינטער זיינע פלייצעס, זיך איינגעהערט צו זיין שפיעלען, האט זיך מיט אימפעט א לאז געטאן צו איהם.

— גענוג, זילבערמאן, איך האב עס אליין געוואוסט, שוין גאנץ לאנג. קומט מיר וועלען געהן שפאצירען, ביידע איינזאמע מענשען. קומט, ווייל אז איהר וועט נאך לאנג אזוי שפיעלען און רעדען, וועל איך, איך וויים אליין נים וואס אפטאן היינט, קומט! — און זי האט איהם מיט אלע קרעפטען געצויגען ביי די אקסלען פון בענקעל.

זילבערמאן האט זיך אויפגעהויבען געענטפערט, ווילען, האט פארדרייכערט א פרישע ליולקע, און אריינגעהענדיג צוריק אין עס־צימער באמערקט:

— דאס קען איך דיר יא זאגען, נינא, אויב דו ווייסט עס נים. ווען איך פיהל זיך עלענד און איינזאם, ועהסטו מיך נים! דאמאלס הערט מיך נאר גאט!

נינא האט אפגעזיפצט, און צוגעגאנגען...

## בלעטער פון א פאמיליען־בוך

(בלעטער פון א פאמיליען־בוך)
י. ל. מאלאמוט

גען גאנץ נאהענט צו איהם, איהם דערלאנגט ביידע הענט.

— היינט האב איך געהערט, זילבערמאן, געהערט און פארגומען. מיין ברודער אין איינזאמקייט! שוין אזא צייט, אז איך קען דיך, היינט גיב איך דיר מיין ערשטען קוש. און זי האט איהם אבגעפרעסט א צארטען קוש אויף די ליפען, און פארשוואונדען.

— פון היינט און וועל איך דיר זאגען „דו" ביינאנד וועט אונז די איינזאמקייט ליעבערשט ווערען, און ביי די הענט ווי צוויי קליינע קינדער זענען זיי פון הויז פארשוואונדען.

## רעפובליקאנער אסעמבלימאן וויל ארויסווארפען קאמיטע וואס משפט די 5 סאציאליסטען

אלבאני, נ. י. יאנ. 26. — וויליאם ג. איימאס רעפובליקאנער אסעמבלימאן פון ניו יארק וועט היינט מאכען א פארזוך צו ענטלאסען די זאגענאנטע דושאדישערי קאמיטע וועלכע פיהרט די „טרייעל" פון די פינף סאציאליסטישע אסעמבלי לייטע און נים ערלויבען די דערמאנטע קאמיטע פארטזעצען די אונטערזוכונג.

## א לעבעדיגער גרוס פון דער יעקב דינעזאן שולע אין ווארשא

די שוועסטער ברכה און שרה גלאזער, יונגע שילערינס פון דער שולע, וועלען אנטייל נעהמען אין דעם מוזיקאליש־ליטערארישען אווענט וואס ווערט היינט אראנזשירט פון דעם י. ל. פרץ ליטערארישען פאראין, אין ליבאר לייסעאום.

א רייכע פראגראמע איז פארבערייט געווארען און איינינע גוט באקאנטע לאקאלע קרעפטען נעהמען אנטייל אין דיזען אווענט.

קומט און ברענגט אייערע פריינד.

י. ל. פרץ ליטערארישער פאראין

## מוזיקאליש לעטערארישער אווענד

היינט אווענט, אום 8.30

אין לייבאר לייסעאום

די פאלגענדע פערזאנען וועלען אנטהייל נעהמען:

1. מרס. לואיז בלאנק — — — פיאנא
2. ברכה און שרה גלאזער—רעקלאמאציע
3. ה. רויזענבלאט — — — פארלעזונג
4. ה. בלאנק — — — — — — געזאנג
5. אננא לייט — — — — — רעקלאמאציע
6. ה. מילגראם — — — — רעקלאמאציע

אראנזשירט פון דעם היגען י. ל. פרץ ליטערארישען פאראין

איינטריט 25 סענט.

## א גרויסארטיגער באל

ווערט געגעבען פון די

פראגרעסיווע לידיעס אונטערשטיצונגס פאראין

שבת דעם 31־טען יאנואר, 8 אוהר אוו.

אין לייבאר לייסעאום

62 ליווינגסטאן סטריט

איינטריט 35 סענט

# אידישע נייעס פון אלע וועלט טיילען

## צוויי יאהריגעס קינד געפונען דערשטיקט פון גאז

ניו יארק, (...) ...

עני הארט, 2 יאהר אלט פון 1065 פענסילוויינא עוו. איז געבטען פון איהר מוטער מרס. מארסעלא הארט, געפונען געווארען טויט אין בעט, וועלכע איז געשטאנען אין קיטשען נעבען גאז הייוועלע.

לויט מרס. הארט האט דערצעהלט דער פאליציי איז זי געווען געצוואנגען אריינצושטעלען די קינדערשע בעט אין קיטשען ווייל זי האט ניט געהאט קיין קויהלען צו בעהייצען די הויז און די איינציגע בעהייצונג, וואס זי האט געהאט איז געווען דער גאז הייוועלע אין קיטשען.

נעכטען ביינאכט, האט די אונגליקליכע מוטער דערצעהלט דער פאליציי, האט זי מיט איהרע צוויי מיידעלעך מארדושארי דריי און א האלב יאהר אלט און עני 2 יאהר, זיך געלייגט שלאפען אין דער בעט און ווען זי האט זיך אויפגעכאפט האט זי געפיהלט א שרעקליכען קאפ־שמערצען פון די גאז וועלכע האט געשטראמט פון דער אפענער פייפ. מיט גרויס מיה איז איהר געלונגען צו צולויפען צום פענסטער, אויסגעבראכען א גלאז און געשריען נאך הילפע. ווען די שכנים זיינען זיך צוזאמענגעקומען האבען זיי דערזעהן ווי די אונגליקליכע מאמע יאמערט איבער דעם טויטען קערפער פון איהר צוויי יאהריגע טעכטערל עני, וועלכע איז שוין געווען טויט פון עטליכע שטונדען. די צווייטע ...

## גרויסער ענטוזיאזם פאר דעם גאולה־פאנד קאמפיין איבער'ן לאנד

לאר גאולה־פאנד, וואס האט זיך אנגעהויבען אין ניו יארק דעם 18־טען יאנואר, האט זיך אין דער פראווינץ נאר טיילווייז אנגעפאנגען אין דעם טאג. יעדען טאג קומט צו א נייער סטייט אדער שטאדט, וואס ווארפט זיך אריין מיט גרויס ענערגיע אין דעם קאמפיין פאר'ן גאולה פאנד. באריכטען פון פיעלע פלעצער זענען ערהאלטען געווארען, וואס צייגען, אז די פראווינץ רופט זיך אפ זעהר ווארים פאר דעם גאולה פאנד, וועמעס געלדער עס געהען פאר דער אויפבויאונג פון דער נאציאנאלער אידישער היים אין ארץ ישראל.

מר. עבדיה גראסמאן, האט באזוכט איינינע סאוטה־וועסטערן סטייטס, וואו ער האט געמאכט אראנזשמענטס פאר דעם גאולה פאנד קאמפיין. לואיסוויל, קענטאקי, האט זיך אונטערגענומען צו שאפען די קוואטא פון ‎$50.000. עס איז גענרינדעט געווארען א טויזענד דאלאר קלוב, מיט אלפרעד בראנדייס אלס טשערמאן. סוא סיטי, אייאווא, האט פארשפראכען צו שאפען די קוואטא פון ‎$25.000. אין אמאסא, נעבראסקא, געהט שוין אן א לעבעדיגער קאמפיין פאר דעם גאולה פאנד און עס ווערט ערווארטעט, אז זי וועט שאפען ‎$75.000. דאס מיינט, מיט ‎$25.000 מעהר פון איהר קוואטא.

אין ניו דזשוירסי סטייט ווערט דער קאמפיין אנגעפיהרט פון מר. הער לעוואר. דיעזער סטייט דארף שאפען די קוואטא פון ‎$625.000.

... פארט וויען, אינדיאנא, האט אויסגעקליבען א טעטיגע קאמיטע אום צו שאפען איהר קוואטא פון ‎$16.500. עסקאנאבא, מישיגאן, מיט 10 שכנ"ישע שטעטלאך ארום האבען אונטערגענומען צו שאפען די קוואטא פון ‎$15.000. אין ווירדזשיניא ווערט דער קאמפיין אנגעפיהרט מיט ערפאלג פון מר. אוירווינג גאלפארב. די רעפארמירטע אידען פון נארפאלק האבען פארשפראכען זייער הילף.

## גאווערנאר קאקס פון אהייא עפענט דעם סטייט קאמפיין דיעזען זונטאג

דער קאמפיין פון סטייט אהייא פאנגט זיך אן היינט זונטאג, דעם 25־טען יאנואר, מיט א גרויסען מאסמיטינג אין גרעי"ס ארמארי אין קליוולאנד, וואו דער גאווערנאר פון סטייט דזשעימס קאקס וועט זיין פון די הויפט רעדנער. עס וועלען אויך רעדען ריכטער בעק, סענאטאר פאמארין און מר. לואיס ליפסקי. יצחק כרמל דער דירעקטאר פון ציוניסטישען בירא, וועט זיין דער אנפיהרער פון דעם סטייט קאמפיין מיט ראבי סילווער אלס טשערמאן. די קוואטא פון אהייא איז א האלב מיליאן דאלאר.

## שיף מיט פסח־דיגע מעהל פאר ‎$250.000 שוין אפגערייזט נאך פוילען.

## די דזשאינט דיסטריביושאן קאמיטע גרייט אויך צו א לאדונג מעהל פאר די אידען אין ליטא, קורלאנד און די באלטישע פראווינצען.

די „דזשאינט דיסטריביושאן קאמיטע" מאכט באקאנט, אז די שיף „וויסלא", פון דער „פויליש אמעריקאן ליין" איז די וואך אפגעפאהרען מיט פסח"דיגע מעהל פאר די אידען אין פוילען.

די לאדונג מעהל וועט גרייכען די האפען שטאדט דאנציג אונגעפעהר אין צוויי וואכען צייט. פו דאנציג וועט די לאדונג אפגעפיהרט ווערען נאך ווארשא, און פון ווארשא וועט די מעהל פארטיילט ווערען צו די פראווינציעלע קהלות אין פוילען.

די אמעריקאן רעליעף אדמיניסטריישאן, פון וועלכער הואווער איז געווען דער אדמיניסטראטאר, וועט העלפען אין דער שנעלער פערטיילונג פון די פסח"דיגע מעהל, זא דאס עס איז פאלשטענדיג זיכער, אז די נויט־ליידענדע אידישע קהלות אין פוילען וועלען דאס מאל האבען מצה אויף פסח.

די לאדונג פון פסח"דיגע מעהל פאר פוילען קאסט א פערטעל מיליאן דאלאר.

אויסער פוילען שיקט די דזשאינט דיסטריביושאן קאמיטע אויך פסח"דיגע מעהל פאר די אידען אין ליטא, קורלאנד און אין די באלטישע פראווינצען. די קאמיטע האט שוין געקויפט די ווייץ, וועלכע ווערט יעצט געמאהלען אונטער דער ספעציעלער השגחה פון רבנים, און אין פרלויף פון די נעקסטע עטליכע וואכען וועט די לאדונג מעהל שוין זיין אין וועג.



זידעלט און מוסר׳ט די פרויען. ער וואלט באדארפט דעם זעלבען מוסר זאגען פאר די מענער. זאלען זיי די גאנצע ארדנונג איבעראנדערשען און דאן וועט די פרוי וועניגער קומען אין באריהרונג מיט׳ן מאן און וועט ווידען ...

The only Jewish Paper Printed in Michigan

# דער וועג

The Detroit Jewish Daily

די איינציגע אידישע צייטונג געדרוקט אין מישיגאן סטייט

Published Daily by DER WEG PUBLISHING CO.

347-49 HASTINGS STREET
Telephone Main 3715

Published and distributed under permit No. 7?? authorized by the Act of October 6, 1917, on file at the Post Office of Detroit, Michigan. By order of the President, A. S. Burleson, Postmaster General.

PRICE 2c. DETROIT, MICH., Thursday, January 29th, 1920 Vol. 1, No 199 דאנערשטאג, יאנואר 29, 1920

# ליטווינאוו שלאגט ווידער פאר שלום „עליעס"

לאנדאן, יאנ. 28. — באריס ליטווינאוו, דער באלשעוויסטישער דעלעגאט צו פארהאנדלען מיט ענגלאנד אין קאפענהאגען וועגען די קריגס געפאנגענע, האט היינט געלאזט וויסען ענגלאנד די שלום באדינגונגען פון דער סאוועטען רוסלאנד.

די באלשעוויקעס זענען וויליג צו דעמאביליזירען די רויטע ארמיי, ניט צו פיהרען מעהר קיין פראפאגאנדא אין פרעמדע לענדער, אויב די אליאירטע וועלען רוסלאנד גאראנטירען שלום.

די דאזיגע גאראנטיעס זאלען זיין:

1) די פאלשטענדיגע פארזיכערונג, דאס רוסלאנד וועט מעהר ניט איבערפאלען ווערען פון אירגענד וועלכע אטאקען אונטערשטיצט פון די „עליים";

2) דאס ארויספיהרען פון דער סאוועט רוסלאנד אלע פרעמדע מיליטער;

3) סאנקציאנירען קאמערציעלע פארהאנדלונגען מיט דער סאוועטען רעגירונג;

מ. ליטווינאוו האט ערקלעהרט, דאס אויב די אליאירטע וועלען צושטימען צו די שלום־באדינגונגען, דאן וועלען אין רוסלאנד איינגעפאדערן ווערען זייערע מיליטערישע פארשטעהער, וועלכע זאלען אבטונג געבען אויף דער דעמאביליזאציע פון דער באלשעוויסטישער ארמיי, ווי אויך אויף דעם נאכקומען פון אלע איבעריגע סאוועטען־הבטחות.

רוסלאנד, ווערט איבערגעגעבען, נויטיגט זיך גיכער אין א קאמערציעלען, ווי אין א דיפלאמאטישען שלום.

קראסין, איינער פון די טעטיגסטע קאמיסארען, איז גרייט איינצולאדען אין רוסלאנד וויסענשאפטליכע עקספערטען, צוזאגענדיג זיי נאר א הויכען געהאלט.

## סאוועטען און עסטלאנד שרייבען אונטער שלום־אפמאך.

לאנדאן, יאנ. 28. לויט א דעפעשע פון ריגא, וועט מארגען אונגעשריבען ווערען דער שלום צווישען עסטלאנד און סאוועטען רוסלאנד.

דער שלום־אפמאך האט א פונקט, לויט וועלכען רוסלאנד פארפליכטעט זיך צו העלפען עסטלאנד אין פינאנציעלען און מאטעריעלען הינזיכטען.

עסטלאנד וועט קריגען פון רוסלאנד 16 מיליאן רובעל אין גאלד. איהר איז גע־

...מאכט געווארען קאנצעסיעס צו בויען אן אייזענבאהן פון רעוועל ביז מאסקווע. דריי הונדערט לאקאמאטיווען און פיעל אנדערע בוי־מאטעריאלען וועט איהר רוסלאנד צושטעלען.

## באלטישע מלוכות ווערען נייט־ראליזירט.

לאנדאן, יאנ. 28. א מאסקוער דראטלאזע טעלעגראמע מעלדעט, דאס די קאנפערענץ פון די באלטישע מלוכות אין העלזינגפארס, האט דעם 22־טען יאנואר באשלאסען אנצונעהמען דעם פלאן פון נייטראליזירונג פאר די אלע באלטישע שטאטען.

ענדגילטיגע דעטאלען וועלען ווערען אויסגעארבייט אויף א צווייטער קאנפערענץ וואו אלע באלטישע לענדער וועלען אנטייל נעמען.

ס'איז אויך אנגענומען געווארען א באשלוס וועגען דער צאהל מיליטער, וואס יעדע פון די דאזיגע מלוכות זאל באזיצען.

## האנדלען מיט רוסלאנד נאך אלץ פארבאטען.

וואשינגטאן, יאנ. 28. — דער סטייט דעפארטמענט האט היינט צוריקגעוויזען דעם פארלאנג פון א גרופע אמעריקאנער געשעפטסלייט, ארויפצונעהמען דעם פארבאט פון רוסישען האנדעל.

דער פראגע וועגען קאמערציעלע פארהעלטניסע מיט דער סאוועט רעגירונג, ערקלעהרט דער סטייט דעפארטמענט, וועט מוזען געלעזט ווערען פון יעדער רעגירונג באזונדער. אין פאריז איז נאר זאל קענען פארהאנדלען אזעלכע אינטערנאציאנאלע פראגען מיט דער צושטימונג פון די פעראייניגטע שטאטען.

דער קאונסיל פון אמבאסאדארען אין פאריז האט די איינגאבע צו געבען אינפארמאציעס צו די רעגירונגען, אבער באשלוסען ווערען אנגענומען דורך אנדערע דיפלאמאטישע וועגען.

אין סטייט דעפארטמענט איז היינט אנגעקומען פון א גרופע אמעריקאנישע באנקירען, דאס מ'זאל קלאהר מאכען די שטעלונג פון אמעריקא צו דער „רוסישער פראגע". בנוגע האנדלען מיט דער סאוועטען מאכט.

# 4 דעטראיטער סקולס געשלאסען צוליעב אינפלוענציע, 1424 נייע קראנקע

לויט דעם באריכט פון דעטראיטער באארד אוו העלטה איז דינסטאג געוועזען דער קריטישסטער טאג פון דער אינפלוענציא עפידעמיע. דורך'ן טאג, ערקלערט דר. הענרי פ. וואפהאן, העלטה קאמישאנער, זיינען געמעלדעט געווארען ניט ווענינגער פון 1424 נייע אינפלוענציא קייסעס.

די האפנונג, אז די היגע פאבליק סקולס וועלען ניט ליידען פון דער עפידעמיע, איז לײדער ניט פארווירקליכט געווארען. 4 פאבליק סקולס — די סילל, ראוז, ראטי און די לאנגפעללאו — זענען געוועזן גענויטיגט צו שליסען די טירען, ווייל אייניגע דזשעניטארס און אינזשינירס זייענען קראנק געווארען אויף דער אינפלוענציא, און צו פארהיטען די קינדערלאך פון דער עפידעמיא, האבען די סקוהל בעאמטע באשלאסען צו פארמאכען די סקולס ביז די עפידעמיע וועט זיין פאריבער.

### פיעלע טיטשערס קראנק

פון דעם ביזנעס דעפארטמענט פון דער באארד אוו עדיוקיישאן ווערט געמעלדעט, אז יעדען טאג פארלאנגט מען צוויי הונדערט ארויסהעלפער טיטשערס צו פארנעמען די פלעצער פון די, וועלכע זיינען קראנק געווארען אויף דער „פליו".

אין אפיס פון דער באארד אוף עדיוקיישאן, ווערט געמעלדעט, אז 16 פון זייערע אנגעשטעלטע ליגען קראנק. אויף דער אינפלוענציא.

### 550 טעלעפאן מיידלאך אנגעשטעקט פון דער עפידעמיע

די מישיגען סטייט טעלעפאן קאמפאני מעלדעט, אז נעכטען זיינען נאך עלף מיידלאך קראנק געווארען אויף דער „פליו" און צוזאמען מיט די וואס זיינען קראנק געווארען דורך דער וואך וועט די צאהל פון אינפלוענציא פעללע צווישען די „העלאו" מיידלאך דערגרייכען 550. די טעלעפאן קאמפאני פיהלט א שטארקען מאנגעל אין ארבייטער. זי אפעלירט דארום צו די סובסקרייבער און אלגעמיינעם פובליקום צו נוצען דעם טעלעפאן בלויז ווען עס איז אבסאלוט נויטיג.

די צאהל טויטענפעלע פון דער עפידעמיע פאר די לעצטע נייען טעג האט שוין דערגרייכט 112. לעצטען יאהר אין דעם 9טען טאג פון דער עפידעמיע איז דיא צאהל טויטענפעלע געוועזן 154. פאר די גאנצע ניין טעג זיינען געמעלדעט געווארען אין דעטראיטער באארד אוו העלטה 5,836 קייסעס. עטליכע הונדערט מעהר ווי לעצטען יאהר.

הונדערט נייע ניומאניא קייסעס זענען פארגעקומען דינסטאג; מאנטאג זיינען געמעלדעט געווארען 58 קייסעס. פון דיזער קראנקהייט זיינען דינסטאג געשטארבען 18 מענשען און פון דער אינפלוענציא 15.

### קלאפס געגען פלאקארדען — די הייזער פון „פליו" קראנקע

דער ק. וואנים קלוב האט נעכטען, אויף א מיטינג אין סטאטלער האטעל, אנגענומען א רעזאלוציאן געגען אויסהענגען אינפלוענציא פלאקארטען אויף דיא הייזער אין וועלכע עס געפינען זיך קראנקע אויף דער אינפלוענציא. און געגען פארשפרייטונג ליטעראטור און צייגען דורך מאווינג פיקטשורס ווי אזוי זיך אויסצוהיטען פון דער קראנקהייט. די מעמבערס פון דעם דערמאנטען קלוב בעהויפטען, אז אזא סארט פראפאגאנדא איז שעדליך פאר'ן געזונד און די ביזנעס פון שטאדט.

# 253 רויטע אויף עליס איילאנד באפרייט אויף בייל

נויארק, יאנ. 28. — פון די 528 ראדיקאלען, וועלכע זיינען מיט א מאנאט צוריק ארעסטירט געווארען און אבגעשיקט געווארען קיין עלליס איילאנד, וואו זיי ערווארטען זייער פארהער וועגען דעפארטירען זיינען אויס'ן אינזעל בלויז געבליבען 275. די איבעריגע זיינען ארויסגעלאזען געווארען אויף בייל ביז דעם פארהער. יעדען טאג ווערען זעקס ראדיקאלען באפרייט אויף בייל.

די אימיגריישאן בעאמטע באהויפטען, אז צווישען די ארעסטירטע קאמוניסטען, וועלכע ווערען געהאלטען אויף'ן אינזעל געפינען זיך בלויז 63 „פאלקאמענע קייסעס", דאס הייסט, די וואס זיינען שוין „פארטיג" פאר דעפארטירען. פון די 63 זיינען 43 ארעסטירט געווארען אין דעטראיט און 20 זיינען איבערגעבליבען פון דעם טראנספארט רויטע וועלכע איז אבגעשיקט געווארען מיט דער „בופארד".

די לאיערס פון די באפרייטע ראדיקאלען זאגען, אז די בעפרייטע וועלען שוין פארבלייבען אויף דער פרייהייט, ווייל די אימיגריישאן בעאמטע האבען קיינע באווייזע, אז זיי זענען מיטגליעדער פון דער קאמוניסטישער פארטיי.

## עממא גאלדמאן און אלעקסאנדער בערקמאן אויפגענומען מיט גרויס פאראד אין פעטראגראד.

וואשינגטאן, יאנ. 28. — ליודוויג ס. ק. מארטענס, דער פארטרעטער פון דער סאוועטען רעגירונג אין אמעריקא, האט נעכטען פארעפענטליכט א טעלעגראמע וואס ער האט ערהאלטען פון רוסלאנד אין וועלכע עס ווערט געמעלדעט, אז 249 דעפארטירטע אנארכיסטען זענען אנגעקומען אין פעטראגראד, וואו זיי זענען אויפגענומען מיט גרויס באגייסטערונג פון דער סאוועטען רעגירונג און פון דער באפעלקערונג פון פעטראגראד.

די טעלעגראמע לעזט זיך ווי פאלגט: „מיר זיינען באגעגנט געווארען ביי דעם גרענעץ פון סאוועט רוסלאנד און אין פעטראגראד מיט אויסערגעוועהנליך גרויסען ענטהוזיאזם. אונזער אויפנאהמע איז העכסט באגייסטערנד. מיר געניסען דיא פריינדליכקייט פון פעטראגראד. די דעפארטירטע האט מען געגעבען פלאץ אין סמאלני אינסטיטוט. זיי וועלען געשיקט ווערען ארבייטען אין די שטעדט אדער פלעצער וואו זיי וועלען אליין באשטי[...] די איינוואוינער פון דיזער שטאדט [...] דען הונגער און קעלט, אבי[...] און איבערגעבענהייט [...] אין צוויי וואכען [...] ליין מאסקווא [...]

## דריי יונגע באנדיטען ארעסטירט.

פאליציי האט נעכטען פארהאלטען דריי יונגע קינדער אלס באנדיטען. דער עלטסטער, דזשאזעף נימערשטיין, איז אלט 17 יאהר די אנדערע צוויי צו — 14 יאהר.

זיי ווערען באשולדיגט דאס זיי האבען מיט געוועהר אפגעשטעלט דריי מענשען אויף דער גאס און פארלאנגט געלט. דער ערשטער „האלד אפ" זייערער איז געוועזן א „גרויסער" ערפאלג... דער „קרבן" זייערער האט זיך ערשטענס גוט אויסגעלאכט פון זיי, דערנאך האט ער ארויסגענומען דריי סענט מיט א פעקעל סיגארס און האט זיי עס דערלאנגט. דער צווייטער „האלד אפ" איז פאר די יונגע באנדיטלאך געוועזן ניט גאר אנציהענד: דער מענש, וועמען זיי האבען אפגעשטעלט האט זיי גוט [...] געפאטשט און זיי געהייסען [...] גען. דער דריטער האט זיי גע[...] יעבען סענט און א דאלארד[...]

## יוגא־סלאווי[...]

# נאציאנאליסטען זיעגען אין „באארד אוו דעפיוטיס"

(ספעציעל צום „וועג")

לאנדאן, יאנ. 28. די דעמאקראטישע און נאציאנאלע עלעמענטען אין דער ענגלישער אידישער „באארד אוו דעפיוטיס" האבען נעכטען אפגעהאלטען א גרויסען זיעג איבער דער אסימילאטארישער פראקציע.

ס'האט זיך געהאנדעלט וועגען שיקען א אידישע דעלעגאציע אין פאריז, זי זאל פאדערען ביי דער שלום־קאנפערענץ פארזיכערונגען געגען אידישע פארפאלגונגען אין געוויסע אייראפעאישע לענדער. די אסימילאטארען מיט לוסיען וואלף און לארד ראטשילד האבען געקעמפט געגען דעם, אנגעבענדיג די באוואוסטע אלטע טענות פון „משה"ס גלויבענס" בירגער. די דעמאקראטישע דעלעגאטען האבען נעפונען שטיצע פאר זייער רעזאלוציע אין דער פערזאן פון סער סטוארט סעמועלס.

די רעזאלוציע פון די נאציאנאליסטען צו אינסטרואירען די „דזשאינט־קאמיטי פון אויסערן אנגעלעגענהייטען" — וועלכען ס'געהן ארויין פארשטעהער דער „באארד אוו דעפיוטיס" און „א דזשואיש אסאסיאיישאן" — צו א דעלעגאציע אין פאריז, איז [...] געווארען מיט 74 געגען 48.

„טיימס" [...] א[...]

(ר[...])

[...] אורטייל וועגען איהר. ער זאגט, אז דאס איז ניט ריכטיג. „דער באלשעוויזם איז אונז באוואוסט — ערקלעהרט גאמפערס — מיר וויסען זייער ווילקירישע מעשים און דעם אויטאקראטישען באגריף, וואס ענטהאלט אין זיך די דיקטאטור פון דער מינאריטעט. און וועלכע ווערט פון דיא באלשעוויקעס געליבט אלס די העכסטע און פארפאלקאמענסטע פארם פון דער מענשליכער געזעלשאפט".

## אטאוואר דאקטאר פארזיכערט „פלו" איז ניט די „פלו"

אטאווא, יאנ. 28. — דר. ה. ס. טשווירטש איינער פון די היגע בארימטסטע דאקטוירים, האט היינט געמאכט די באהויפטונג דאס די אלע באריכטען וועגען דער „פלו" אין שיקאגא, נויארק און אנדערע פלעצער זענען ניט ריכטיג. לויט זיין מיינונג, זענען די אלע באריכטעטע קראנקענפעלע מעהר ניט ווי דער רעזולטאט פון שטארקער פארקיהלונג.

דער זעלבער דאקטאר פארזיכערט, דאס די מענשהייט וועט פאר פיעל דורות זיין באשיצט געגען דער „פליו". אין זיין גרויסער פראקטיק, ערקלעהרט ער, פאר דיעזען יאהר, האט ער נאך ניט געהאט קיין איין פאציענט וואס זאל ליידען פון דער אינפלוענציא.

## פרוי האט באגאנגען זעלבסטמארד.

אן אונטערזוכונג וואס איז געמאכט געווארען איבער דעם טויט פון מרס. מאוד סקאט ריטשארדס, וועלכע איז געפונען געווארען טויט אין איהר רום אין א דאונטאונער האטעל, האט איבערצייגט דער פאליציי, אז די פרוי האט זיך גענומען דאס לעבען, איינאהטעמענדיג קאלארפארם.

ווי דעטעקטיוום דערצעהלען [...] זעלבסטמערדערין געליטען פו[...] שאן. און פאר די לעצטע פאר [...]

# 5טען אפריל וועט דעטראיט שטימען וועגען געזאלין קארס

די זעקס קאונסיל לייטע, וועלכע זיינען אנוועזענד געוועזן צו דער נעכטיגער זיצונג פון סיטי קאנסיל האבען איינשטימיג אנגענומען קאונסילמאן קאסטאטאר'ס סיטי ארדינענס, וועלכע רעקאמענדירט אנצונעהמען מעיאר קאזענס פלאן ארויסצולאזען פאר 15 מיליאן דאלאר סיטי באנדס און פאר די [...] נייע קאר ליינס. [...] אבשאפ[...] די שרעקליכע ענגשאפ[...] דעטראיטער קארס.

[...] וואס דער סיטי קאונסיל [...] דעם פראיעקט אנגענומען, מיינט נאך ניט אז די שטאדט קען שוין ארויסלאזען די באנדס. דער פלאן מוז אויך ערשט גוטגעהייסען ווערען פון די דעטראיטער בירגער, און דארום וועט דער פלאן ארויסגעשטעלט ווערען אויף'ן באלאט אין די קומענדע עלעקשאנס דעם 5טען אפריל.

ס'וועט זיך פאדערען, דאס 60 פראצענט וועהלער זאלען שטימען פאר'ן פלאן אום ער זאל אנגענומען ווערען.

## גאמפערס אטאקירט ווידער די סאוועטען רעגירונג.

וואשינגטאן, יאנ. 28. — סעמועל גאמפערס איז היינט ארויס מיט א שארפען עדיטאריעל אין דער „אמעריקאן פעדעראשיאניסט" געגען דער סאוועטען רעגירונג.

דערהויפט טרעט גאמפערס ארויס געגען דעם פונקט פון דער סאוועטען קאנסטיטוציע, אין וועלכער ס'ווערט ערקלעהרט די אוניווערסאלע פארפליכטונגען פון יעדען רוסישען בירגער צו ארבייטען. ער זאגט, דאס דיזער פונקט ווענדעט געצוואונגענער ארבייט פארשקלאפט דעם רוסישען פאלק.

גאמפערס טרעט ארויס געגען די, וואס זאגען, דאס די אמת'ע לאגע פון דער באלשעוויסטישער רוסלאנד איז ניט באַ[...]

# צו 15 יאהר אנטלויפט זי מיט א 42 יאהריגען

די פאליציי האט באלד טעלעגראפירט איהרע עלטערען. מר. סועס איז ארעסטירט ער האט זיך פון אנפאנג ענטזאגט צו מאכען אירגענד וועלכע ערקלעהרונגען אין דער אנוועזענהייט פון דער סטענאגראפיסטען. ער איז אבער דערנאך „בעסער" געווארען און ערקלעהרט זיין „בארייטקייט" צו הייראטען גלייך מיט מיס עדנא, וועלכע איז געוועזן זיין פרוי — ער האט עס אליין מודה געווען — פאר גאנצע צוויי יאהר.

מיס עדנא קאמינגס איז אינגאנצען אלט 17 יאהר. און דאך איז שוין א מוטער פון א פיער מאנאטיגעס קינד, און פארפיהרט איצט א קלאגע געגען דעם פאטער פון איהר קינד, מר. מעקס סועס.

מר. מעקס סועס איז א רייזענדער פאר א געוויסער פירמא. מיט צוויי יאהר צוריק האט ער זיך באקענט מיט דער 15־יעהריגער מיס קאמינגס — ער איז דאן אלט געוועזן 42 יאהר — אין דעווענפארט און זיי זיינען בײדע „אנטלאפען". איהרע עלטערן האבען די גאנצע צייט ניט געוואוסט וואו זי געפינט זיך. פאר די לעצטע צייט האבען זיי געוואוינט אלס מאן און ווייב — זיי האבען געזעצליך קיינמאהל חתונה געהאט — אין מרס. פישער'ס הויז, 888 קאסטלאך עוו. ווען זיי זענען אהין אנגעקומען האט די מיס עדנא געבראכט איהרם א קינד א מאנאט אלט.

אזוי האבען זיי געלעבט גאנץ רוהיג, ווי ס'פיהרט זיך ביי לייטען. דארף זיך מאכען, דאס זונטאג ביינאג זאל מיס עדנא קאמינגס געפינען „חתנה־בילעטען", וואו ס'ווערט געזאגט דאס מר. מעקס סועס און אן אנדער פרוי געהן חתונה האבען. זי איז געווארען אויפגערעגט, געמאכט א סקאנדאל, איז אוועק צו דער פאליציי און [...]

## היילאנד־פארק סקוהל סופעראינטענדענט בעט סטרייקענדע לעהרער צו געהן צוריק צו דער ארבייט.

מר. ט. דזש. לעפפ, סופעראינטענדענט פון די היילאנד פארק סקוהלס, וועלכער איז אויך דער פרעזידענט פון דער מישיגען סטייט טיטשערס אססאסיאיישאן, האט זיך אין א סטייטמענט אויסגעשפראכען געגען די טיטשערס, וועלכע זיינען ארויס אין סטרייק פאר העכערע וויידזשעס.

דער סופעראינטענדענט ערקלעהרט, אז ער איז געגען סטרייק דערפאר וואס די טיטשערס האבען פארלאזען די סקוהלס אייד[...]

The only Jewish Paper Printed in Michigan

# דער וועג

The Detroit Jewish Daily

די איינציגע אידישע צייטונג געדרוקט אין מישיגאן סטייט

Published Daily by DER WEG PUBLISHING CO.

347-49 HASTINGS STREET
Telephone Main 3715

Published and distributed under permit No. 7? authorozed by the Act of October 6, 1917, on file at the Post Office of Detroit, Michigan. By order of the President, A. S. Burleson, Postmaster General.

PRICE 2c. DETROIT, MICH., Thursday, January 29th, 1920 Vol. 1, No 199 — דאנערשטאג, יאנואר 29, 1920.

# ליטווינאוו שלאָגט ווידער פאָר שלום „עלייעס"

לאָנדאָן, יאנ. 28. — בארים ליט־ווינאָוו, דער באָלשעוויסטישער רעלעגאט צו פארהאנדלען מיט ענגלאנד אין קאָפּענהאַ־גען וועגען די קריגס געפאנגענע, האָט היינט געלאָזט וויסען ענגלאנד די שלום באדינגונגען פון דער סאָוועטען רוסלאנד.

די באָלשעוויקעס זענען וויליג צו דע־מאביליזירען די רויטע ארמיי, ניט צו פיהרען מעהר קיין פּראָפּאגאנדא אין פרעמ־דע לענדער, אויב די אלעאירטע וועלען רוסלאנד גאראנטירען שלום.

די דאָזיגע גאראנטיעס זאָלען זיין:

1) די פאָלשטענדיגע פארזיכערונג, דאס רוסלאנד וועט מעהר ניט איבערפאלען ווערען פון אירגענד וועלכע אטאקען אונ־טערשטיצט פון די „עליים";

2) דאס ארויסציהען פון דער סאָוועט רוסלאנד אלע פרעמדע מיליטער;

3) סאנקציאָנירען קאָמערציעלע פאר־האנדלונגען מיט דער סאָוועטען רעגירונג;

מ. ליטווינאָוו האָט ערקלעהרט, דאס אויב די אליאירטע וועלען צושטימען צו די שלום־באדינגונגען, דאן וועלען אין רוסלאנד איינגעלאַדען ווערען זייערע מי־ליטערישע פארשטעהער, וועלכע זאָלען אבטונג געבען אויף דער דעמאביליזאציע פון דער באָלשעוויסטישער ארמיי, ווי אויך אויף דעם נאכקומען פון אלע איבע־ריגע סאָוועטען־הבטחות.

רוסלאנד, ווערט איבערגעגעבען, נויי־טיגט זיך גיכער אין א קאָמערציעלען, ווי אין א דיפּלאָמאטישען שלום.

קראסין, איינער פון די טעטיגסטע קאָ־מיסארען, איז גרייט איינצולאַדען אין רוסלאנד וויסענשאפטליכע עקספּערטען, צוזאָגענדיג זיי נאָר א הויכען געהאלט.

מאכט געוואָרען קאנצעסיעס צו בויען אן אייזענבאהן פון רעוועל ביז מאָסקווע. דריי הונדערט לאָקאָמאָטיווען און פיעל אנדערע בוי־מאַטעריאלען וועט איהר רוסלאנד צושטעלען.

## באלטישע מלוכות ווערען נייט־ראליזירט.

לאָנדאָן, יאנ. 28. א מאָסקוער דראָט־לאָזע טעלעגראמע מעלדעט, דאָס די קאָנ־פערענץ פון די באלטישע מלוכות אין העל־זינגפארס, האָט דעם 23־טען יאנואר בא־שלאָסען אָנצונעהמען דעם פּלאַן פון נייט־ראליזירונג פאר די אלע באלטישע שטאַטען.

ענדגילטיגע דעטאַלען וועלען ווערען אויס־געארבייט אויף א צווייטער קאָנפערענץ וואו אלע באלטישע לענדער וועלען אנטייל נעמען.

ס'איז אויך אָנגענומען געוואָרען א בא־שלוס וועגען דער צאָהל מיליטער, וואָס יע־דע פון די דאָזיגע מלוכות זאָל באזיצען.

## האנדלען מיט רוסלאנד נאָך אלץ פארבאָטען.

וואשינגטאָן, יאנ. 28. — דער סטייט דעפּארטמענט האָט היינט צוריקגעוויזען דעם פארלאנג פון א גרופּע אמעריקאנער געשעפטסלייט, אָראָפּצונעהמען דעם פאר־באָט פון רוסישען האנדעל.

דער פראגע וועגען קאָמערציעלע פאר־העלטניס מיט דער סאָוועט רעגירונג, ערקלעהרט דער סטייט דעפּארטמענט, וועט מוזען געלעזט ווערען פון יעדער רע־גירונג באזונדער. אין פאריז איז גאר זאָל קענען פארהאנדלען אזעלכע אינטער־נאציאָנאלע פראגען מיט דער צושטימונג פון די פאראייניגטע שטאַטען.

דער קאָנסיל פון אמבאסאדאָרען אין פאריז האָט די אויפגאבע צו געבען אינפאָר־מאציעס צו די רעגירונגען, אָבער בא־שלוסען ווערען אָנגענומען דורך אנדערע דיפּלאָמאטישע וועגען.

אין סטייט דעפּארטמענט איז היינט אָנגעקומען פון א גרופּע אמעריקאנישע באַנקירען, דאָס מ'זאָל קלאָהר מאכען די שטעלונג פון אמעריקא צו דער „רוסישער פראגע", בנוגע האנדלען מיט דער סאָ־וועטען מאכט.

## סאָוועטען און עסטלאַנד שריי־בען אונטער שלום־אָפּמאַך.

לאָנדאָן, יאנ. 28. לויט א דעפּעשע פון רינא, וועט מאָרגען אונטערגעשריבען ווערען דער שלום צווישען עסטלאנד און סאָווע־טען רוסלאנד.

דער שלום־אָפּמאַך האָט א פּונקט, לויט וועלכען רוסלאנד פארפליכטעט זיך צו העלפען עסטלאנד אין פינאנציעלען און מאטעריעלען הינזיכטען.

עסטלאנד וועט קריגען פון רוסלאנד 16 מיליאָן רובעל אין גאָלד. איהר איז גע־

# 4 דעטראָיטער סקולס געשלאָסען צו־ליעב אינפלוענציע, 1424 נייע קראנקע

לויט דעם באריכט פון דעטראָיטער באָארד אָוו העלטה איז דינסטאָג געווען דער קריטישסטער טאָג פון דער אינפלו־ענציא עפּידעמיע. דורך'ן טאָג, ערקלערט דר. הענרי פ. וואָפּהאָן, העלטה קאָמישיאָ־נער, זיינען געמעלדעט געוואָרען ניט ווע־ניגער פון 1424 נייע אינפלוענציא קיי־סעס.

די האָפנונג, אז די היגע פּאבליק סקולס וועלען ניט ליידען פון דער עפּידעמיע, איז לייידער ־ניט פארווירקליכט געוואָרען. 4 פּאבליק סקולס — די סילל, ראָוז, ראָטי און די לאָנגפעללאָו — זענען געוועזען גע־צוואונגען צו שליסען די טירען, ווייל איי־נינע רושעניטאָרס און אינזשינירס זיי־נען קראנק געוואָרען אויף דער אינפלוענ־ציא, און צו פאָרהיטען די קינדערלאך פון דער עפּידעמיא, האָבען די סקוהל בעאמ־טע באשלאָסען צו פארמאכען די סקולס ביז די עפּידעמיע וועט זיין פאריבער.

### פיעלע טיטשערס קראנק

פון דעם ביזנעס דעפּארטמענט פון דער באָארד אָוו עדיוקיישאָן ווערט געמעלדעט, אז יעדען טאָג פארלאנגט מען צוויי הונ־דערט ארויסהעלפער טיטשערס צו פארנע־מען די פּלעצער פון די, וועלכע זיינען קראנק געוואָרען אויף דער „פליו".

אין אָפיס פון דער באָארד אָף עדיו־קיישאָן, ווערט געמעלדעט, אז 16 פון זיי־ערע אנגעשטעלטע ליגען קראנק. אויף דער אינפלוענציא.

### 550 טעלעפאָן מיידלאך אנגעשטעקט פון דער עפּידעמיע

די מישיגען סטייט טעלעפאָן קאָמפּא־ני מעלדעט, אז נעכטען זיינען נאָך עלף מיידלאך קראנק געוואָרען אויף דער „פליו" און צוזאמען מיט די וואָס זיינען קראנק געוואָרען דורך דער וואָך וועט די צאָהל פון אינפלוענציא פעללע צווישען די „העל־לאָו" מיידלאך דערגרייכען 550. די טע־לעפאָן קאָמפּאני פּיהלט א שטארקען מאנ־געל אין ארבייטער. זי אַפּעלירט דארום צו די סובסקרייבער און אלגעמיינעם פּוב־ליקום צו נוצען דעם טעלעפאָן בלויז ווען עס איז אבסאָליוט נויטיג.

די צאָהל טויטענפעלע פון דער עפּידע־מיע פאר די לעצטע ניין טעג האָט שוין דערגרייכט 112. לעצטען יאָהר אין דעם ?טען טאָג פון דער עפּידעמיע איז דיא צאָהל טויטענפעלע געווען 154. פאר די גאנצע ניין טעג זיינען געמעלדעט געוואָ־רען אין דעטראָיטער באָרד אָוו העלטה 5,836 קייסעס. עטליכע הונדערט מעהר ווי לעצטען יאָהר.

הונדערט נייע ניומאָניא קייסעס זע־נען פארגעקומען דינסטאָג; מאָנטאָג זיי־נען געמעלדעט געוואָרען 58 קייסעס. פון דיזער קראנקהייט זיינען דינסטאָג גע־שטארבען 18 מענשען און פון דער אינ־פלוענציא 15.

### קלאָפּס געגען פּלאקאַרדען די הייזער פון „פליו" קראנקע

דער ק. וואָנים קלוב האָט נעכטען, אויף א מיטינג אין סטאטלער האָטעל, אָנגענומען א רעזאָלוציאָן געגען אויסהענ־גען אינפלוענציא פּלאקאַרטען אויף די הייזער אין וועלכע עס געפינען זיך קראנ־קע אויף דער אינפלוענציא. אין געגען פארשפּרייטונג ליטעראטור און ציינען דירך מאָווינג פּיקטשורס ווי אזוי זיך אויסצוהיטען פון דער קראנקהייט. די מעמבערס פון דעם דערמאָנטען קלוב בע־הויפּטען, אז אזא סאָרט פּראָפּאגאנדא איז שעדליך פאר'ן געזונד און די ביזנעס אין שטאָדט.

# 253 רויטע אויף עלים איילאנד באפרייט אויף בייל

נויאָרק, יאנ. 28. — פון די 528 ראַ־דיקאלען, וועלכע זיינען מיט א מאָנאט צוריק ארעסטירט געוואָרען און אבגע־שיקט געוואָרען קיין עללים איילאנד, וואו זיי ערוואַרטען זייער פארהער וועגען דע־פּאָרטירען זיינען אויף'ן אינזעל בלויז גע־בליבען 275. די איבעריגע זיינען ארוים־געלאָזען געוואָרען אויף בייל ביז דעם פארהער. יעדען טאָג ווערען זעקס ראדי־קאלען באפרייט אויף בייל.

די אימיגריישאָן בעאמטע באהויפּטען, אז צווישען די ארעסטירטע קאָמוניסטען, וועלכע ווערען געהאלטען אויף'ן אינזעל געפינען זיך בלויז 63 „פאלקאמענע קיי־סעס", דאָס הייסט, די וואָס זיינען שוין „פארטיג" פאר דעפּארטירען. פון די 63 זיינען 43 ארעסטירט געוואָרען אין דע־טראָיט און 20 זיינען איבערגעבליבען פון דעם טראנספּאָרט רויטע וועלכע איז אָב־געשיקט געוואָרען מיט דער „בופארד".

די לאָיערס פון די באפרייטע ראדיקא־לען זאָגען, אז די בעפרייטע וועלען שוין פארבלייבען אויף דער פרייהייט, ווייל די אימיגריישאָן בעאמטע האָבען קיינע בא־ווייזע, אז זיי זענען מיטגליעדער פון דער קאָמוניסטישער פּארטיי.

## עממא גאָלדמאַן און אלעקסאַנ־דער בערקמאַן אויפגענומען מיט גרוים פאראַד אין פּעטראָגראַד.

וואשינגטאָן, יאנ. 28. — לידוויג ס. ק. מארטענס, דער פארטרעטער פון דער סאָוועטען רעגירונג אין אמעריקא, האָט נעכטען פארעפענטליכט א טעלעגראמע וואס ער האָט ערהאלטען פון רוסלאנד אין וועלכע עס ווערט געמעלדעט, אז 249 דע־פּאָרטירטע אנארכיסטען זענען אָנגעקומען אין פּעטראָגראַד, וואו זיי זענען אויפגע־נומען מיט גרוים באגייסטערונג פון דער סאָוועטען רעגירונג און פון דער באפעל־קערונג פון פּעטראָגראַד.

די טעלעגראמע לעזט זיך ווי פאָלגט: „מיר זיינען באגעגענט געוואָרען ביי דעם גרענעץ פון סאָוועט רוסלאנד און אין פּע־טראָגראַד מיט אויסערגעוועהנליך גרוי־סען ענטהוזיאזם. אונזער אויפנאהמע איז העכסט באגייסטערנד. מיר געניסען דיא פריינדליכקייט פון פּעטראָגראַד. די דע־פּארטירטע האָט מען געגעבען פּלאַץ אין סמאָלני אינסטיטוט. זיי וועלען געשיקט ווערען ארבייטען אין די שטעדט אָדער פּלעצער וואו זיי וועלען אליין באשטי־ די איינוואוינער פון דיזער ש־ דען הונגער און קעלט, אבי־ און איבערגעבענהייט־ אין צוויי וואכען־ ריין מאָסקווא

## דריי יונגע באַנדיטען ארעס־טירט.

פּאָליציי האָט נעכטען פארהאַלטען דריי יונגע קינדער אלס באַנדיטען. דער עלט־סטער, דזשאָזעף לימערשטיין, איז אלט 17 יאהר די אנדערע צוויי צו — 14 יאהר.

זיי ווערען באשולדיגט דאָס זיי האָבען מיט געוועהר אָפּגעשטעלט דריי מענשען אויף דער גאָס און פארלאנגט געלט. דער ערשטער „האָלד אפּ" זייערער איז געווען א „גרויסער" ערפאָלג... דער „קרבן" זיי־ערער האָט זיך ערשטענס גוט אויסגעלאכט פון זיי, דערנאָך האָט ער ארויסגענומען דריי סענט מיט א פּעקעל סיגארס און האָט זיי עס דערלאנגט. דער צווייטער „האָלד־אפּ" איז פאר די יונגע באנדיטלאך געווען ניט גאָר אנציהענד: דער מענש, וועמען זיי האָבען אָפּגעשטעלט האָט זיי גוט אי־געפּאטשט און זיי געהייסען ז־ נען. דער דריטער האָט זיי גע־ יעבען סענט און א דאלארי

יוגאָ־סלאווע

# 5טען אפּריל וועט דעט־ראָיט שטימען וועגען גאָזאָלין קאַרס

די זעקס קאָונסיל לייטע, וועלכע זיינען אנוועזענד געווען צו דער נעכטיגער זי־צונג פון סיטי קאָנסיל האָבען איינשטימיג אָנגענומען קאָונסילמאַן קאסטאטאַר'ס סי־טי אָרדינענס, וועלכע רעקאָמענדירט אָנ־צונעהמען מעיאָר קאָוזענס פּלאַן ארויסצו־לאָזען באַנדס פאר 15 מיליאָן דאָלאר סיטי באַנדס און פאר די ... נייע קאר ליינס, אבשאפ... ם די שרעקליכע ענג־שאפ... דעטראָיטער קאַרס.

... ס וויאָס דער סיטי קאָונסיל ... דעם פּראָיעקט אָנגענומען, מיינט נאָך ניט אז די שטאָדט קען שוין ארויס־לאָזען די באַנדס. דער פּלאַן מוז אויך גע־נעהמיגט ווערען פון די דעטראָיטער ביר־גער, און דארום וועט דער פּלאַן ארויס־געשטעלט ווערען אויף'ן באַלאָט אין די קומענדע עלעקשאַנס דעם 5טען אפּריל.

ס'וועט זיך פאָדערען, דאָס 60 פּראָ־צענט וועהלער זאָלען שטימען פאר'ן פּלאַן אום ער זאָל אָנגענומען ווערען.

## גאָמפּערס אטאַקירט ווידער די סאָוועטען רעגירונג.

וואשינגטאָן, יאנ. 28. — סעמועל גאָמ־פּערס איז היינט ארויס מיט א שארפען עדיטאָריעל אין דער „אמעריקאן פעדע־ראשיאָניסט" געגען דער סאָוועטען רע־גירונג.

דערהויפּט טרעט גאָמפּערס ארויס גע־גען דעם פּונקט פון דער סאָוועטען קאָנ־סטיטוציע, אין וועלכער ס'ווערט ער־קלעהרט די אוניווערסאלע פארפליכטונ־גען פון יעדען רוסישען בירגער צו אר־בייטען. ער זאָגט, דאָס דיזער פּונקט ווע־גען געצוואונגענער ארבייט פארשקלאַפט דעם רוסישען פאָלק.

גאָמפּערס טרעט ארויס געגען די, וואָס זאָגען, דאָס די אמת'ע לאגע פון דער באָלשעוויסטישער רוסלאנד איז ניט בא־וואוסט און דארום מוז מען זיך אָפּהאַל־טען ארויסצוטראָגען אירגענד וועלכען אורטייל וועגען איהר. ער זאָגט, אז דאָס איז ניט ריכטיג. „דער באָלשעוויזם איז אונז באוואוסט — ערקלעהרט גאָמפּערס — מיר ווייסען זייער ווילקירישע מעשים און דעם אוטאָקראטישען באנגייף, וואָס ענטהאַלט אין זיך די דיקטאטור פון דער מינאָריטעט, און וועלכע ווערט פון דיא באָלשעוויקעס געלויבט אלס די העכסטע און פארפאָלקאָמענסטע פאָרם פון דער מענשליכער געזעלשאַפט".

## אָטאווא'ר דאָקטאָר פארזיכערט „פלו" איז ניט די „פלו"

אָטאווא, יאנ. 28. — דר. ה. ס. טשוירטש איינער פון די היגע בארימטסטע דאָקטוי־רים, האָט היינט געמאכט די באהויפּטונג דאָס די אלע באריכטען וועגען דער „פלו" אין שיקאגאָ, נויאָרק און אנדערע פּלעצער זענען ניט ריכטיג. לויט זיין מיינונג, זע־נען די אלע באריכטעטע קראנקענפעלע מעהר ניט ווי דער רעזולטאט פון שטאר־קער פארקיהלונג.

דער זעלבער דאָקטאָר פארזיכערט, דאָס די מענשהייט וועט פאר פיעל דורות זיין באשיצט געגען דער „פלו". אין זיין גרוי־סער פּראקטיק, ערקלעהרט ער, פאר דיע־זען יאהר, האָט ער נאָך ניט געהאט קיין איין פּאציענט וואָס זאָל ליידען פון דער אינפלוענציא.

## פרוי האָט באגאנגען זעלבסט־מאָרד.

אן אונטערזוכונג וואָס איז געמאכט גע־וואָרען איבער דעם טויט פון מרס. מאָוד סקאָט ריטשארדס, וועלכע איז געפונען געוואָרען טויט אין איהר רום אין א דאַנ־טאָונער האָטעל, האָט איבערצייגט דער פּאָליציי, אז די פרוי האָט זיך גענומען דאָס לעבען, איינאָטעמענדיג כלאָראָ־פאָרם.

ווי דעטעקטיוום דערצעהלען ... זעלבסטמערדערין געליטען פו... שאן, און פאר די לעצטע פאר ... זי באנוצט אינשלאָפענדע דר...

## נאציאָנאליסטען זיעגען אין „באָארד אָוו דעפּיוטיס"

(ספּעציעל צום „וועג")

לאָנדאָן, יאנ. 28. די דעמאָקראטישע און נאציאָנאלע עלעמענטען אין דער ענג־לישער אידישער „באָארד אָוו דעפּיוטיס" האָבען נעכטען אָפּגעהאַלטען א גרויסען זיעג איבער דער אסימילאטארישער פראק־ציע.

ס'האָט זיך געהאנדעלט וועגען שיקען א אידישע דעלעגאציע אין פאריז, זי זאָל פאָדערען ביי דער שלום־קאָנפערענץ פאר־זיכערונגען געגען אידישע פארפאָלגונגען אין געוויסע אייראָפּעאישע לענדער. די אסימילאטאָרען מיט לוסיען וואָלף און לאָרד ראָטשילד האָבען געקעמפט געגען דעם, אנגעבענדיג די באוואוסטע אלטע טענות פון „משה"ס גלויבענס" בירגער. די דעמאָקראטישע דעלעגאטען האָבען גע־פונען שטיצע פאר זייער רעזאָלוציע אין דער פּערזאָן פון סער סטוארט סעמועלס.

די רעזאָלוציע פון די נאציאָנאליסטען צו אינסטרואירען די „דזשאָינט־קאָמיטע פון אויסערן אנגעלעגענהייטען" — וועלכען ס'געהן אריין פארשטעהער דער „באָארד אָוו דעפּיוטיס" און „א דזשואיש אסאָסיאיישאָן" — צו ... א דעלעגאציע אין פאריז, איז ... געוואָרען מיט 74 געגען 48.

„טיימס" ...

# צו 15 יאהר אנטלויפט זי מיט א 42 יאהריגען

מיס עדנא קאמינגס איז אינגאנצען אלט 17 יאהר. און דאך איז שוין א מוטער פון פון א פיער מאָנאטיגעס קינד, און פאר־פיהרט איצט א קלאגע געגען דעם פאטער פון איהר קינד, מר. מעקס סועס.

מר. מעקס סועס איז א רייזענדער פאר א געוויסער פירמא. מיט צוויי יאהר צוריק האָט ער זיך באקאנט מיט דער 15־יעה־ריגער מיס קאמינגס — ער איז דאן אלט געווען 42 יאהר — אין דעווענפּאָרט און זיי זיינען ביידע „אנטלאָפען". איהרע על־טערן האָבען די גאנצע צייט ניט געוואוסט וואו זי געפינט זיך. פאר די לעצטע צייט האָבען זיי געוואוינט אלס מאַן און ווייב — זיי האָבען געזעצליך קיינמאָהל חתונה גע־האט — אין מרס. פישער'ס הויז, 888 פּאסטלאָן עוו. ווען זיי זענען אהין אָנגע־קומען האָט די מיס עדנא געבראכט איהרם א קינד א מאָנאט אלט.

אזוי האָבען זיי געלעבט גאנץ רוהיג, ווי ס'פיהרט זיך ביי לייטען. דארף זיך מאכען, דאָס זונטאג בייטאג זאָל מיס עד־נא קאמינגס געפינען „חתונה־בילעטען", וואו ס'ווערט געזאָגט דאָס מר. מעקס סו־עס און אן אנדער פרוי געהן חתונה האָבען זי איז געוואָרען אויפגערעגט, געמאכט א סקאנדאל, איז אוועק צו דער פּאָליציי און אויסדערצעהלט איהר גאנצע געשיכטע.

די פּאָליציי האָט באלד טעלעגראפירט איהרע עלטערן. מר. סועס איז ארעסטירט ער האָט זיך פון אנפאנג ענטזאָגט צו מא־כען אירגענד וועלכע ערקלעהרונגען אין דער אנוועזענהייט פון דער סטענאָגראפיס־טען. ער איז אבער דערנאָך „בעסער" גע־וואָרען און ערקלעהרט זיין „בארייטקייט" צו חיירעטען געזעצליך מיט מיס עדנא, וועלכע איז געווען זיין פרוי — ער האָט עס אליין מודה געווען — פאר גאנצע צוויי יאהר.

## היילאנד־פּארק סקוהל סופּער־אינטענדענט בעט סטרייקענדע לעהרער צו געהן צוריק צו דער ארבייט.

מר. ט. דזש. נעפּפּ, סופּערינטענדענט פון די היילאנד פּארק סקוהלס, וועלכער איז אויך דער פּרעזידענט פון דער מישיגען סטייט טיטשערס אסאָסיאיישאָן, האָט זיך אין א סטייטמענט אויסגעשפּראָכען געגען די טיטשערס, וועלכע זיינען ארוים אין סטרייק פאר העכערע ווייזשעס.

דער סופּערינטענדענט ערקלעהרט, אז ער איז געגען סטרייק דערפאר וואָס די טיט־שערס האָבען פארלאָזען די סקוהלס איי־דער זייערע קאָנטראקטען זיינען אויסגע־גאנגען.

# עניים ואביונים

## אַדער גליקליכע און אומגליקליכע

ראָמאַן — פון מרדכי ספעקטאָר

(פאָרזעצונג)

נאָר ווען אָבער דער איינגעער גע-גאָלטער יוד, דער דייטש, דער אפיקורוס גיט אביסל נאָך דעם חסיד, ד. ה.: ער זאָגט אז די איז זעהר גוט, צו א רבי'ן דאַרף א איד פאָהרען א פּאָר פאות מיט א לאַנגען קאַפּטען זענען זעהר שעהן, קוגעל און פישא זיינען אויסגעצייכענט, שבת"דיגער „שלום עליכם" צוגעהט זיך אין יעדען אבר, און בכלל אלע פעלקער פון דער גאַנצער וועלט מעגען מקנא זיין די יודען פאַר די אַלע זאַכען, און ער דער געגאָלטער איד קען ניט מקיים זיין די אַלע זאַכען ווייל ער איז געצוואונגען דערצו איבער דער וויסטער פרנסה — מען איז צווישען גוים אין גלות אזוי, אדער מיט עפּעס אַנדערע שמייכלערייען אויף אַלע פאַנאַטישע דומהייטען, וועט דער חסיד אזא געגאָל-טען יודען, ער מעג זיין דער גרעסטער אפיקורוס, קיין מאָל ניט פאַרבייטען פאַר קיין צעהן חסידים, און פרייט זיך שטענדיג דערויף: „האָטש א געגאָלטע באָרד און פּאָרט א יוד".

די געגאָלטע יודען וואָס האָבען גע-שעפּטען מיט חסידים און דאַרפען אָפּט האָבען זייער לאַסקע פּראַקטיצירען אזוי תמיד, דאַרום זאָלט איהר זיך ניט וואונ-דערען וואָס ביי די גוטע יודישע שבת"-דיגע טישען געפינט מען אויך אָפט יודען מיט געגאָלטע בערד וואָס האַפּען שיריים גלייך מיט די חסידים. —

שעפּטען מיט חסידימ[illegible]

פּיאָדאָר איוואַנאָוויטש האָט געקענט חסידים, ער האָט אויך באַדאַרפט האָבען א חסידישע לאַסקע, האָט ער געשפּיעלט זיין ראָליע זעהר גוט, ביז ער האָט זיך אזוי איינגעקויפט צו ר' שמואל בער אין שטוב פאַר א היימישען אז מען האָט איהם אין קיין שום זאַך ניט געשטערט, מיט קיין שום זאַך זיך ניט געהיט פאַר איהם.

נאָר עס זיינען שוין אוועקגעגאַנגען צוויי חדשים און פּיאָדאָר איוואַנאָוויטש האָט נאָך גאָר ניט געפועלט, האָטש ער פלעגט דעם גאַנצען טאָג איבערזיצען אין קלייט. רעדען מיט לאה'ן אויפקלערען אז זי זאָל ניט מיינען אז די שטאָדט ר... מיט די חסידים זיינען די גאַנצע וועלט, עס איז נאָך דאָ א גאַנצע וועלט וואו מען וויסט פון א לעבען, דאָ לעבט מען נאָך פאַנאַטיש, די חסידים זיינען פאַרפיהרט א. ז. וו.

לאה פלעגט איהם שטענדיג נאָכגעבען און זיך אָפּט קלאָגען פאַר איהם: ווי שלעכט עס איז צו זיין א- חסידישע טאָכטער און וואָהנען אין א קליינע שטאָדט ווי ר.... און לעבען אזוי נאַריש ווי זיי ווילען. —

— איך בין גאָר ניט קיין חסידה, האָט זי איהם דערצעהלט ווייטער, חאָטש איך בין געבוירען אין א קליין שטעדטיל, ערצויגען געוואָרען ביי חסידישע עלטע-רען, גאָר ניט געלערענט, פון דעסטוועגען וויים איך ווי מען לעבט ביי אייך אין די גרויסע שטעדט, און דאָ מוז איך זיך פיהרען ווי מיינע פאַנאַטישע עלטערן ווילען; וואָס זאָל איך טהון? אָט רעדען זיי מיר שידוכים — אזוינע חתנים וואָס איך קען זיי ניט און וויים זיי ניט, איך האָב נאָר געהערט ווי זיי זיינען פּוסטע קלויזנער יונגלעך, און וואָס קען איך טהון, איך וועל נאָך מוזען זיך לאָזען אַלן פאַר-שלייערען.

דעם פּאַראַטשיקס זוהן האָט גאָר אַנ-געקוואָלען וואָס לאה איז ניט קיין פאַ-נאַטיש מיידיל און ווערט אַלע מאָל אויפ-געקלערטער און ער האָט זי ווייטער אויפגעקלערט אויף אזוי פיעל, אַז זי האָט געזאָגט, אז זי וועט באַיין אופן ניט וועלען ווערען א כלה פאַר די חתנים וואָס דער פאָטער הייסט איהר. —

פּיאָדאָר איוואַנאָוויטש האָט זיך אָבער גאַנצע צוויי חדשים מיט פּוסטע ליעדער ניט געקענט באַגניגען; אין דער גרויסער שטאָדט אָדעסאַ וואו ער האָט שטענדיג געוואָהנט פלעגט ער הערען דערצעהלען: „אַז מיט די פּראָווינציאַלנע חסידישע מיידלאַך דאַרף מען גאָר קיין פּאָליטיקע ניט פיהרען, זיי דערזעהן נאָר א פּאָר לאַנגע הויזען, א געפּרעסטען קאָל-נער, א געשווירענע פּאָלקע, לויפען זיי אַליין נאָך מיטצנוויין, פּאָליטיקע פיהרען אויף יאַהרען לאַנג דאַרף מען נאָר מיט די גרויסשטאָטישע וואָס שפּיעלען פּיאַנאָ, און רעדען פראַנצויזיש". און איצטער ג... איך נאָך דאָ איין אָדעסער יונגער ... אָן, פּיאָדאָר איוואַנאָוויטש, וואָדזשט ... זיך) זיך אַרום מיט א חסידיש ... שוין צוויי חדשים און ניט.... קוש נאָך ניט געכאַפּט!.. מיר אַרוס פון איהר אויפ-

ע! האָט זיך פּיאָדאָר איוואַנאָוויטש באַטראַכט, א פּנים איך קען ניט, איך האָב זיך מיט איהר אויפגעפיהרט שלעכט, צו וואָס האָב איך נאָר באַדאַרפט אָנהויבען מאַכען מיט איהר צערעמאָניעס, און פיהרען פּאָליטיקע גאַנצע צוויי חדשים, איך וואָלט געוועזען באַדאַרפט דעם דעם ערשטען טאָג גלייך צוטרעטען.... מיט די לייט דאַרף מען זיך נאָר אזוי באַגעהן, נאָר וואָס האָב איך צו רעדען וואָס עס וואָלט געוועזען, עס איז שוין פאַרפאַלען און דערווייל איז זי טשאַר-טאָווסקע שעהן! חאַ, חאַ, עס וועט מיר קיינער ניט גלויבען, אין אָדעססאַ האָב איך ניט געזעהן אזא שעהן מיידעל, און דאָ אין ר... איז דאָ עפּעס א חסידיש מיידעל און איך שוויג. נאָר מען דאַרף שוין זיין קלינגער — אָהן שום פאַררער-דעס. דאַרף מען גלייך צוטרעטען. —

אומר ועשה — געזאָגט און געטאָהן!

אין א שעהנעם שבת"דיגען טאָג ווען מען האָט אָבגעגעסען און פּיאָדאָר איוואַ-נאָוויטש האָט אָבגעלויבט דעם קוגעל, ווען ר' שמואל בער און זיין ווייב זיינען אוועקגעגאַנגען שלאָפען לכבוד דעם שבת"-דיגען ביי טאָג, האָט לאה אָבגערוימט פון טיש און געעכענט ווי תמיד, זיך אנידערזעצען מיט פּיאָדאָרען רעדען פון אויפגעקלערטע זאַכען ד. ה. טאַקע ווייטער ווי אין די גרויסע שטעדט לעבען מענשען ווי עס דאַרף צו זיין און ווי אין די קליינע שטעדטלאַך לעבען חסידים פאַנאַטיש און ווילען זייערע טעכטער נאָר חתונה מאַכען פאַר קלויזנער בחורים; נאָר פּיאָדאָר איוואַנאָוויטש אַנשטאָט צו רעדען פון אויפגעקלערטע זאַכען האָט ער שטיל אָהן ווערטער גוט אַרומגענומען לאה'ן, עטוואָס זי אוועקגעפיהרט אין דער זייט ווי מען וויל איינעם א סוד זאָ-גען, דאָרט האָט ער זי צוגעקוועטשט אין זיינע אָרעמס און איהר א קלינגענדיגען קוש געגעבען!.. דערנאָך האָט נאָך עפּעס שטאַרק א קלונג געטהאָן.. עס איז פאַרגע-קומען עפּעס שרעקליכעס. ער האָט נעבעך אַליין ניט געוואוסט וואָס דערנאָך איז פאַרגעקומען. דערפאַר האָט זי געוואוסט וואָס זי האָט געטהאָן...

(פאָרזעצונג פאָלגט)

# מאָרגענטוי'ס באריכט וועגען די פאָגראָמען אין פוילען

פאָרטזעצונג

10. ווייל עס איז געווען לייכט אויס־צופאָרשען די פאָגראָמען און אויך געפינען זיי ווייס מעגליך די שולדיגע, איזאָבער שווערער אויסצוגעפינען די מאָס פון דאָס דיסקרימינירען געגען די אידען. די דיסקרימינירונג באשטעהט הויפּטזעכליך אין דעם עקאָנאָמישען באָיקאָט. די נאַצ־יאָנאַלע דעמאָקראַטישע פּאַרטיי האָט כסדר אַגיטירט דאָס עקאָנאָמישע דער־שטיקונג פון די אידען דורך דער פּרעסע, דורך אָפיציעלע מעלדונגען, ווי אויך דורך רעדען, איז די קריסטליכע בעפעלקערונג אויפגעפאָדערט ניט צו האנדלען מיט די אידען. לאַנד באַלעבאַטים ווערען געראָ־טען ניט צו פערקויפען זייער לאַנד צו די אידען, און אָפט ווען דאָס איז יאָ געטאָן געוואָרען, זיינען די נעמען פון די פערקוי־פער אָפּגעדרוקט געוואָרען אין שוואַרצע צירקולאַרען, זאָגענדיג דאָס די פערקויפער זיינען „טויט צו פוילען".

אפילו איצטער ווערט אָט דער קאַמ־פּיין אָנגעפיהרט פון דער ניט פוילישער פּרעסע, וועלכע האַלט אין איין דיידען, דאָס דער עקאָנאָמישער באָיקאָט דאַרף בענוצט ווערען אַלס אַ מיטעל פאַר פוילען פּטור צו ווערען פון די אידען. אָט די אַגיטאַציע האָט געלאָזט דעם איינדרוק אויף די פוילישע אידען, דאָס אַן אונזיכט־באַלע שטריק איז פערצויגען אויף זייערע העלזער, און זיי זאָגען, אַז דאָס איז די ער־שטע פּערפאָלגונג וואָס זיי זיינען געניט צו ערטראָגען. קריסטליכע אַרבייטער האָבען פיעל מאָל זיך ענטזאָגט צו אַרבײ־טען מיט אידישע. דער פּראָצענט פון די אידען אויף קהלה'שע שטעלען, איבער־הויפּט אויף די קלענערע שטעלען ווי אייזענבאַהנען אַנגעשטעלטע, פּיערלייטע און פּאָליציי לייטע איז אַ סך פאַרקלע־נערט געוואָרען זינט די נייע רעגירונג איז אריין אין מאַכט. די קאָמיסיע האָט געקראָגען דאָקומענטען, וועלכע באַווייזען דאָס די רעגירונג האָט ענטזאָגט אַ סך אידישע אַנגעשטעלטע אויף די אייזענבאַה־נען און האָט זיי געגעבען סערטיפיקייטס וועלכע זאָגען, דאָס די איינציגע אורזאַך פאַרוואָס זיי זיינען ענטזאָגט געוואָרען איז דער פאַקט דאָס זיי זיינען אידען.

11. דאָס עטאַבלירען פון קאָאָפּעראַ־טיווע געשעפטען איז פון די אידען קרעמער אָנגענומען געוואָרען אַלס אַ פאָרמע פון דיסקרימינירונג. עס שטעלט זיך אָבער ארויס אַז דאָס איז אַ גאַנץ לעגאַלער פער־זוך צו פאַרקלענערען די טעטיגקייט און די פּראָפּעטירונג פון דעם מיטעלמאַן. אומ־גליקליכער ווייזע, ווען די געשעפטען זיינען געעפענט געוואָרען זיינען זיי אַדווערטייזט געוואָרען אַלס אַ מיטעל צו באַקעמפען די אידען קרעמער. די אידען דאַריבער האָבען געקראָגען די איבערצייגונג דאָס די געשעפטען זיינען געגרינדעט געוואָרען זיי צו אַטאַקירען. אָבוואָהל עס איז מעג־ליך דאָס די אָנפיהרונג פון אָט די געשעפטען, ווי אויך פּריוואַטע פּערזאָנען לוז אָבער דאָך צוגעגעבען ווערען, אַז דאָס איז אַן עקאָנאָמישע טעטיגקייט, וועלכע יעדע געמיינדע האָט דאָס רעכט אָנצופיה־רען. אויף דער אַנדער זייט אָבער, טענה'ען פיעל אידישע קאָאָפּעראַטיווע געשעפטען, ווי אויך פּריוואַטע פּערזאָנען, דאָס די רעגירונג דיסקרימינירט געגען זיי אין דאָס פאַנאַנדערטיילען די שפּייז קאָנטראָלירט פון דער רעגירונג.

12. די רעגירונג האָט אָפּגעלייקענט דאָס זי פיהרט אַן אַ פּאָליסי פון דיסקרי־מינירען געגען אידען, אָבוואָהל זי לייקענט ניט, דאָס אין איינציגע פעלע האָט דאָס יאָ געקענט פאָרפיהרען. פאָהרשטעהער פון דער רעגירונג האָבען פערזיכערט דער קאָמיסיע, דאָס אַזוי פיעל וויפיעל עס וועט ליגען אין זייער מאַכט וועט דאָס דיסקרימינירען בעזייטיגט ווערען.

13. און באַטראַכטענדיג די אורזאַכען וואָס האָבען געבראַכט די אַנטיסעמיטישע שטימונג, וועלכע האָבען פאָראורזאַכט דאָס וואָס עס איז פריהער בעשריבען געוואָרען, מוז מען געדענקען דאָס זינט פוילען איז פאַנאַנדערגעטיילט געוואָרען אין 1795, האָבען די פּאָליאַקען אַלץ געזוכט זיך ווי־דער צו פאַראייניגען און צו קריגען אַלס אַ פאָלק זייער פרייהייט. אָט דער כסדר'דיגער וואונש אָנצוהאַלטען זייערע נאַציאָנאַלע שטרעבונגען האָט זיי געב־ראַכט דערצו, דאָס זיי האָבען געקוקט מיט אַ האָס אויף אַלעס, וואָס האָט נור געקענט שטערען זייערע ציעלען. דאָס האָט געפיהרט צו אַ קאָנפליקט מיט אַנדע־רע אידישע אָרגאַניזאַציעס, וועלכע האָבען ערקלערט, דאָס זיי ווילען קריגען קולטורע לע אויטאָנאָמיע פינאַנציעל אונטערשטיצט פון די רעגירונגען. דערצו נאָך האָט די שטעלונג וואָס די אידען האָבען גענומען צום אַרטיקעל 93 פון דער ווערסאַלער טריטי, וועלכע גאַראַנטירט דאָס רעכט פון די ראַסען און רעליגיעזע מינאָריטע־טען אין פוילען, געבראַכט אַ ווייטערע אונצופרידענהייט געגען זיי, מעהר פאַר

אַלעם אָבער, איז די פוילישע נאַציאָנאַלע שטימונג געגען דאָס, וואָס זיי רופען דער „פרעמדער" כאַראַקטער פון דער אידי־שער מאַסע אין פוילען. איבערהויפּט זעהען דאָס אָפט די פּאָליאַקען אין די באַזונדערארטיגע קליידער, וואָס די אידען טראָגען. אין זייער היטען דעם שבת, אין טאָן ביזנעס זונטאָג, אין זייער כשרות, אין טראָגען בערד און ריידען זייער אייגענע שפּראַך. דער באַזים פון זייער שפּראַך איז אַ דייטשער דיאַלעקט, און דער פאַקט דאָס דייטשלאַנד איז גע־ווען — און איז — אַ פיינד פון פוילען, במאַט די גאַנצע זאַך נאָך מעהר אונגע־ליעבט. דאָס קאָנצענטרירען פון די אידישע מאַסען אין געוויסע געגענדען פון די פוילישע שטעדט, האָט אויך דייטליך צוגעגעבען, דאָס די אידען זיינען אָבגעזונדערט פון אַלע איבעריגע בירגער.

14. די אָנגעצויגענע באַציהונגען צווי־שען אידען און ניט אידען זיינען שפּעטער נאָך אָנגעצויגענער געוואָרען — ניט נור דורך דער גרויסער מלחמה, אין פאַרלויף פון וועלכער פוילען איז געווען דאָס שלאַכטפעלד פאַר רוסישע, דייטשע און עסטרייכישע אַרמעען. נאָר אויך דורך די איצטיגע סכסוכים מיט די באָלשעווי־קעס און אוקראַינער. פוילען געפינט זיך איצט עקאָנאָמיש אין סאַמע נידריגסטען שטאַנד. מאַנופאַקטור און קאָמערץ האָבען פאַקטיש אויפגעהערט. דער דוחק דער יקרות, און די פאָלקאָמענע שפּייז־פאַרטיילונג איז אַ דראָענדע געפאַהר פאַר דעם געזונד און וואָהלזיין פון דער שטאָד־טישער בעפעלקערונג. אין רעזולטאַט ליידען הונדערטער טויזענדער פון הונגער געהען אַלום האַלב אָנגעטאָהענע טויזענ־דער שטאַרבען פון קראַנקהייטען, שטאַרבען מיט אַ הונגער טויט. דאָס וואָס דער האַנדעל איז טויט, רופט זיך ספּעצ־יעל אָפּ אויף דער אידישער בעפעלקערונג וועלכע איז כמעט אין גאַנצען אָנגעוויזען אויף האַנדעל. צוליעב די אַלע אויבען באַשריבענע אומשטענדען, האָבען די פּרייזען זיך פאַרדאָפּעלט און פאַרדריי־פאַכט, אָבער די באַפעלקערונג ווערט אויפגערייצט געגען די אידישע סוחרים; אויף זיי וואַרפט זי די שולד פאַר דער אומנאָרמאַלער שטייגונג פון די פּרייזען וואָס שטאַמט נאָר פון אַנדערע אורזאַ־כען.

15. די גרויסע מאַיאָריטעט פון די אידען אין פוילען באַלאַנגט צו באַזונ־דערע אידישע פּאָליטישע פּאַרטייען. די גרעסטע פון זיי זענען די אָרטאָדאָקסישע ציוניסטישע און נאַציאָנאַלע פּאַרטייען. אַזוי ווי די אידען פאָרמירען באַזונדערע פּאָליטישע גרופּען, איז מעגליך, אַז מאַנ־כע פון די פוילישע אַנטי־אידישע האַנד־לונגען זענען גיכער פון אַ פּאָליטישען, און ניט פון אַן אַנטיסעמיטישען כאַ־ראַקטער. די הערשענדע פּאָליטישע פּאַר־טייען גיבען צו זייערע אָנהענגער רעגיע־רונגס פּאָסטענס און רעגירונגס־פּריווי־לעגיעס. עס איז אָבער צו האָפען, אַז די מאַיאָריטעט פון פוילישען פאָלק וועט זיך ניט האַלטען ביי דעם סיסטעם אין באַ־צוג צו רעגירונגס פּאָזיציעס, וואָס זע־נען ניט ריין פּאָליטישע. עס דאַרף קיין אונטערשיעד ניט געמאַכט ווערען ביים אויסוואָהל פון פּראָפעסאָרען און לעהרער פון אייזענבאַהן אַנגעשטעלטע, פּאָליציס־טען, פּייערלייט און בכלל ביים באַשטי־מען אויף אַזעלכע שטעלעס, וואָס אין ענגלאַנד און די פאַראייניגטע שטאַאַטען געהען זיי אַרונטער אונטער „סיוויל סערוויס". פוילען דאַרף איינזעהן, אַז אַזעל־כע שטעלעס דאַרפען ניט אַרייננעצויגען ווערען אין פּאָליטיק. טיכטיגקייט און דיענסט קען נור דערגרייכט ווערען, ווען מען שטעלט אָן די בעסטע מענשען, אָהן אונטערשיעד פון פּאַרטיי און רעליגיאָן.

16. די באַציהונגען צווישען אידען און ניט־אידען וועלען אָהן ספק זיך פאַר־בעסערען אין אַ שטאַרקער דעמאָקראַטי־שער פוילען. כדי דאָס זאָל גיכער דער־גרייכט ווערען, דאַרף זיין פאַרשטענדי־גונג און מיטאַרבייטשאַפט צווישען 86 פּראָצענט קריסטען און 14 פּראָצענט אי־דען. די 86 פּראָצענט דאַרפען פאַרשטעהן אַז זיי קענען ניט ארויסשטעלען אַ פּעס־טען פראָנט געגען זייערע שכנים, אויב זיבען פּראָצענט פון דער באַפעלקערונג איז אומצופרידען, איינגעשראַנקען און אונאַקטיוו. די מיטאָריטעט דאַרף אויפ־געמונטערט ווערען מיטצוהעלפען מיט זייער גאַנצען כח און איינפלוס — צו מאַכען פוילען פאַר אַ גרויס געאייניגט לאַנד. — אַזאַ לאַנד איז נויטיג אין צענטראַל אייראָפּאַ אום אַנטקעגענצו־שטעהן די געוואַלדיגע סכנות, וואָס דראָ־העז איהר. פוילען מוז וואָס שנעלער ענט־וויקלען זיך צו פולער קראַפט; מיט איהר פיהרונג דאַרף זי צוערשט פאַרדיענען און דערנאָך קריגען די פולהאַרציגע מאָראַלע, פינאַנציעלע און עקאָנאָמישע שטיצע פון דער גאַנצער וועלט, וואָס דאָס אליין קען ערשט פאַרזיכערען ערפאָלג דער רעפּוב־ליק אין דער צוקונפט.

פאַרלאַנגט אַ נייע קאָמיסיע זאָל באַשטימט ווערען.

17. עס איז אונמעגליך געווען פאַר דער מיסיע, אין די צוויי חדשים וואָס זי האָט פאַרבראַכט אין פוילען — צו טאָן מעהר, ווי צו באַקענען זיך מיט דער אַל־געמיינער לאַגע פון דער באַפעלקערונג. כדי צו פאָרמולירען אַ לייזונג פון דער אידישער פראַגע איז נויטיג אַ פאַרזיכ־טיגע און ברייטע אונטערזוכונג — ניט נור וועגען דער עקאָנאָמישער לאַגע פון די אידען, נור אויך וועגען די נייע באַ־דערפנישען פון פוילען. און די באַדערפ־נישען פון פוילען וועלען מיט באַשטימט־קייט ניט קענען פעסטגעשטעלט ווערען, ביז פוילענס גרענעצען וועלען ניט פיק־סירט ווערען, און ביז פוילענס באַציהונ־גען מיט רוסלאַנד וועלען ענטגילטיג ניט רעגולירט ווערען. וואָרים מיט רוסלאַנד האָט פוילען פריהער געהאַט געפיהרטאַנדערשוואַ געוואונען, אַלס ווערטפולע איהר גרעסטען האַנדעל. עס ווערט רע־שותפים צו דער געמיינדשאַפט, אין געל־קאָמענדירט, אַז די ליגע פון נאַציאָנען, כער זיי לעבען. די פריינד פון די פויל־אָדער די גרעסטע נאַציאָנען, וואָס זייער־שע אידען אין אַמעריקאַ, ענגלאַנד, און נען פאַראינטערעסירט אין דעם פּראָב־אַנדערשוואַ, וועלכע האָבען שוין ארויס־לעם זאָלען שיקען קיין פוילען אַ קאָמי־געוויזען אַזאַ גרויסען אינטערעס אין זייער סיע, וואָס זאָל באַשטעהן פון אָנערקענטער וואָהלזיין, — די זעלביגע פריינד אינדוסטריעלע פּראָגנאָגישע, אַגריקולטור־וועלען מיט פרייד זיך אָנכאַפּען אָן דער רעלע און אַלע אַנדערע פאַך עקספּערטען. געלעגענהייט מיטצוהעלפען. דער קאָמי־און די קאָמיסיע זאָל פאַרבלייבען דאָרט סיע אויסצואַרבייטען יעדע פּאַסיגע ליי־אַזוי לאַנג, ווי עס וועט נויטיג זיין גרינד־זונג, וואָס די קאָמיסיע וועט פאַרשלאָגען. ליך אויסצופאָרשען דאָס פּראָבלעם. דער פאַקט, אַז עס קען נעהמען אַ דור

18. די קאָמיסיע זאָל אויסגעפינען אָדער צוויי ביז דער ציעל וועט ניט דער־פּלאַן, וואָס זאָל גאַראַנטירען די אידען גרייכט ווערען, דאַרף ניט ענטמוטיגען. פון פוילען די זעלביגע עקאָנאָמישע און 19. אַלע בירגער פון פוילען דאַרפען סאָציאַלע געלעגענהייטען, וואָס זייערע איינזעהן, אַז זיי מוזען דאָך לעבען צו־גלויבענס־ברידער געניסען אין אַנדערע זאַמען. זיי קענען ניט אָפּגעשיידט ווע־פרייע לענדער. אַ נייע פוילישע קאָנ־רען איינע פון די אַנדערע — ניט דורך סטיטוציע האַלט אין געשאַפען ווערען־געוואַלד און ניט דורך געריכט. אַזוי אין אַלגעמיינע שטריכען איז אָט דער־עיק ווי אַלע בירגער פון פוילען וועלען נאַציאָנאַלער אינסטרומענט שוין אָנגע־פּאָלשטענדיג באַגרייפען דעם פאַקט. ווע־צייכענט געווען אין דעם ספּעציעלען זיי ציעלען זיי מוזען טאָן אַליין, וואָס איז אין אָפּמאַך מיט די אַליאירטע און אַסאָצי־זייער כח צו קומען צו אַ בעסערער פאַר־אירטע לענדער; און אין יענעם אָפּמאַך שטענדנים; צו פאַרלייכטערען די עקזים־האָט פוילען זיך אונטערגענומען טריי־מירענדע אומשטענדען — און ניט צו צו זיין די פּרינציפּען פון פרייהייט פאַרמעהרען די אַנטיפּאַטיע און אומצו־און גערעכטיגקייט און מינאָריטעטען פרידענהייט. די פוילישע נאַציאָן דאַרף רעכט; און מיר קענען זיכער זיין, אַז איינזעהן, אַז איהרע ערגסטע שונאים זוי־פוילען וועט טריי זיך האַלטען צו איהר נען די, וואָס העצען צו אינערליכע פאַרפליכטונג, וועלכע איז דורכאויס אין סכסוכים. אַ הויז, וואָס איז צעטיילט אין איינקלאַנג מיט די בעסטע טראַדיציעס זיך גופא, קען זיך נישט האַלטען. עס פון דער נאַציאָן. אַ ניי לעבען וועט דאַרף זיין נור איין קלאַס בירגער אין דורך דעם געעפענט ווערען פאַר די אי־פוילען, וואָס אַלע זייגע מיטגליעדער גע־רען; אַז עס וועט זיין די אויפגאַבע פון ניסען די זעלביגע רעכט און טראָגען די יער פּראָיעקטירטער קאָמיסיע צו העל־זעלביגע פליכט.

פען די אידען צו פּראָפּיטירען דערפון און צו געווינען דעמזעלביגען אָנזעהן, וואָס זייערע גלויבענס־גענאָסען האָבען

מיט רעספּעקט פאַרבלייבענדיג
(אונטערגעצייכענט)
הענרי מאָרגענטוי.

## ווי מען ענטפערט אויף די צענזוס פראגען

פון א סניטקאווער

אויב אין וואשינגטאן קלייבען זיך אָן אַזעלכע דאָקומענטען, ווי דער וואָס מיר געהען אויך דאָ איבערגעבען, קען מען זיך שוין אליין משער זיין וואָס פאַר אַ טאָלק מיר קענען דערגעהן דורך דעם צענזוס.

די גאַנצע אַרבעט באַשטעהט אין ענט־פערען אויף פראַגען וואָס געפינען זיך אויף אַ „קוואַסטשיאָנער" וואָס איז צוגע־גרייט פאַר דיזען צוועק.

דער קוואַסטשיאָנער האָט פראַגען און ענטפערען.

פאַר אַ ביישפּיעל לייענט איצט איבער דאָס פאָלגענדע:

פראַגע: — וואָס קעהרט איהר זיך אָן מיט דעם הערר מיט וועלכען איהר לעבט?

ענטפער: — אַ לעבען. (פאַרגרייזט פון דעם ענגלישען וואָרט „ווייף" אויף „לייף"). ווייטער.

פראַגע: — איז דאָס אייערע אָן איי־גענע הויז, אָדער איהר צאָהלט דירה געלט?

ענטפער: — סינגעל.

פראַגע: — צו וועלכען געשלעכט גע־הערט איהר?

ענטפער: — איטאַליענר.

פראַגע: — אין וועלכע הייראַטס באַ־ציהונגען?

ענטפער: — נישקשה.

פראַגע: — קענט איהר לעזען? (שרייבט יא אדער ניין.)

ענטפער: — ביידע.

פראַגע: — וואו זענט איהר געבאָרען?

ענטפער: — גרויס לייקס, אינדיאַנער רינג קאַרפוס.

פראַגע: — קענט איהר לייענען ענג־ליש? (שרייבט יא אָדער ניין).

ענטפער: — איינס פון די ביידע.

פראַגע: — וואָס איז אייער באַשעפ־טיגונג?

ענטפער: — אַ שוסטער.

(לעזט ווייטער).

פראַגע: — ביי וועמען זענט איהר באַ־שעפטיגט?

ענטפער: — אין אַ לאָמבער יאַרד.

פראַגע: — זענט איהר אַן אַרבעטסגע־בער, אָדער אַן אַרבעטער פאַר ווידזשעס, אָדער סאַלאַרי, אָדער אַרבעט איהר פאַר זיך אַליין?

ענטפער: — יאָ.

פראַגע: — וואָס פאַר אַ שפּראַך רעדט איהר?

ענטפער: — אַ פּראָטעסטאַנט.

פאַר אַ מוסטער פון חכמה, איז דאָס ראַכט זיך נענוג. דער צענזוס האָט אָנ־געהויבען טאָן זיין אַרבעט מיט צוויי וואָכען צוריק און אין יוני וועלען מיר וויסען די רעזולטאַטען. אָבער וואָס די רעזולטאַטען וועלען זיין, קען קיינער קיין חכם ניט זיין.

דאַרפען דאַרף דאָס זיין אַזוי. פאַראַן גוטע און שלעכטע מענשען, פּראָפּיטי־רער און באַנקירען, נייע אויפגעקומענע גבירים, און פריש־געבאַקענע קבצנים, און אַזוי ווי וואַשינגטאָן וועט מאַכען אַ סך הכול און איהם פאַרשליסען ביי זיך, וועט יעדער איינער קענען אַ פּאָהר [illegible] משל: — וויפיעל אַנדערע לייט האָב איך אין מיין שטאָדט?

קעסטעלע, וואו דער סך הכול ליגט וועט אַ בלעטער טאָן אין קאַטאַלאַג און גלייך ארויסלעזען דעם ענטפער: 432,695 אָדער עהנליכעס. עס קען זיין אַז מען וועט זיך נאָך לאַנג ארומרייסען אין סע־נאַט ארום די „רעזערוויישאַנס" אין דער טריטי, אָדער עס וועט נאָך אַניף ווייטער אויך פּאַסירען אַז אַ בריעף אויפגעלעגט אין ניו יאָרק זאָל אונז אָנקומען אין אַ פּאָר יאָהר ארום, אָבער דערפאַר אַז מיר וועלען זיין נייגעריג צו וויסען, וויפיעל מענשען געפינען זיך אין אַמעריקאַ וואָס זענען געבאָרען זאָגען מיר, אין סאַמאַט־ראַ, וועט מען אונז גלייך זאָגען.

אָבער שפּאַס אין אַ זייט.

איצט ווען מיר לעבען אין אַ צייט, ווען די וועלט האַלט זיך אין באַנייען, אין ענדערען, ווען אַלעס ווערט אַזוי פּינקטליך, איצט וועט איהר דאָך נישט גלויבען, אַז עס זענען נאָך דאָ עלטערע פרויען וואָס לאָזען אַרונטער די אויגען און הויבען אָן רויט ווערען, ווען זיי דאַר־פען ענטפערען פאַר'ן צענזוס ווי אַלט זיי זענען, נעהט זשע, זייט מוחל, כאַפּט אַ שפּאַציער מיט'ן מאַן, וואָס שטעלט די פראַגען, נעמט איהר עפּעס זעהן.

אַ ביזנעס פרוי, למשל, טעלעפאָנירט אריין צום צענזוס אָפיס:

— היות ווי זי איז געווען ביי דער אַרבעט בעת דער צענזוס האָט ביי איהר אויף דער קוואַרטיר נעשטעלט פראַגען, און די באַלעבאָסטע האָט געענטפערט פאַר אַלע וואָס וואוינען ביי איהר, נאָר זענען ניט געווען אין הויז, בכן איז זי איבערצייגט, אַז יענע האָט ניט געענט־פערט ריכטיג, זי האָט ניט געקענט ענט־פערען ריכטיג.

פרעגט דער אָפיס:

— וואָס האָט יענע געענטפערט?

ענטפערט די ביזנעס פרוי:

— איך ווייס ניט, וואָס יענע האָט געענטפערט, נאָר זיכער איז, אַז זי האָט ניט געענטפערט ריכטיג.

— צום ביישפּיעל? — פרעגט מען זי איבער נאָכאַמאָל.

— אָט צום ביישפּיעל וועגען מיין על־טער. איך בין זיכער, אַז זי האָט מיר פאַרשריעבען פיעל עלטער ווי איך בין, ווייל איך זעה אויס אַ סך עלטער, איהר ווייסט דאָך, פאַראַן אַ סך מענשען, וואָס זעהען אויס עלטער ווי זיי זענען אין דער אמת'ן... בפרט פרויען, אַ יאָ?

און דער אָפיס האָט צוליעב געטאָן דער פרוי, איהר פאַרשפּראָכען אריינצו־שיקען נייע „קוואַסטשאַנירס" אַז זי זאָל אַליין פאַר זיך ענטפערען ווי אַלט זי איז.

אין אַנאַנדער הויז איז אַ פרוי געקרו־מען פון צענזוס אין אַ הויז, וואו עס וואוינען צוויי עלטערע מיידלאַך, אַלעס איז געגאַנגען גוט, ביז — נו, ביז ס'געקומען צו דער פראַגע: ווי אַלט זיי זע־נען.

די פרויען האָבען זיך נעקאַרטשעט און געדרעהט, אַהער און אַהין, אָבער האָבען אויף דער פראַגע ניט געענטפערט.

אויף מאָרגען האָט דער צענזוס אָפיס געשיקט אַ מאַן אין דעם איינענעם הויז אריין.

— מיר איז גאַנץ ענאָל וואָס איהר וועט ענטפערען. — ערקלעהרט דער מאַן, — אָבער אָנקעל סעם וויל וויסען, און איהר וועט אַזוי גוט זיין און מיר זאָגען ווי אַלט איהר זענט.

און די פרויען האָבען געהאַלטען אין איין בעטען זיך:

— וואָס האָט מען צו אונז, מיר האָ־בען קיינמאָל ניט לעבען, אונזער עלטער קיינעם נישט געזאָגט, איבערהויפּט נאָך צו אַ מאַן!

ערשט ווען דער מאַן האָט זיי ערקלערט אַז דאָס געזעץ באַשטראָפט מיט הונ־דערט דאָלאַר אָדער פּריזאָן איז איינע פון די פרויען צוגעגאַנגען און אַרונטער־געצויגען די פּאַרהאַנגען איבער'ן פענס־טער און ענדליך אַ זאָג געטאָן.

— פינף און פערציג.

און דער צענזוס מאַן ערקלעהרט, אַז אויב יענע פרוי איז פינף און פערציג, איז ער נאָך ניט נעבאָרען געוואָרען.

אַ חוץ דעם פּאַסירט אַז אין די אויס־לענדישע קוואַרטאַלען, צושרעקען זיך אי־טאַליענער און לויפען ארום מיט מעסער אַנטקעגענען דעם צענזוס מאַן.

אין שוואַרצען קוואַרטאַל, אין דעט־ראָיט, איז מען איינעם באַפאַלען מיט אַ מעסער ווייל ער האָט נעפרעגט יענעם: „זענט איהר טויב אָדער שטום"?

האָט זיך יענער שטאַרק באַליידיגט און איהם פאַריאַגט מיט אַ רעוואָלווער.

אין אַן אַנדער הויז ביי אַ איטאַליענער האָט דער צענזוס מאַן באַמערקט אַז די ספּאַגעטי וואָס קאָכט זיך, שמעקט זעהר גוט, האָט מען זיך מיט איהם דער־פרעהט, איהם אַוועקגעזעצט איבערגעזאָגט און איהם מכבד געווען מיט דער ספּאַגעטי, אַזוי, אַז ער האָט אָפּגעגעסען, איז ער קוים אַנטלאָפען פון הויז, און שוין ניט געוואָלט שטעלען קיין פראַגען.

סיי ווי, קלוגער וועלען מיר פון צענ־זוס ניט ווערען.

# CLASSIFIED

# מארגענטוי'ס באריכט וועגען די פאגראמען אין פוילען

פארטזעצונג

10. ווייל עס איז געווען לייכט אויסצופארשען די פאגראמען און אויך געפינען ווי ווייט מעגליך די שולדיגע, איז אבער שווערער אויסצוגעפינען די מאס פון דאס דיסקרימינירען געגען די אידען. די דיסקרימינירונג באשטעהט הויפטזעכליך אין דעם עקאנאמישען באיקאט. די נאציאנאלע דעמאקראטישע פארטיי האט כסדר אגיטירט דאס עקאנאמישע דערשטיקונג פון די אידען דורך דער פרעסע, דורך אפיציעלע מעלדונגען, ווי אויך דורך רעדען, איז די קריסטליכע בעפעלקערונג אויפגעפאדערט ניט צו האנדלען מיט די אידען. לאנד באלעבאטים ווערען געראטען ניט צו פערקויפען זייער לאנד צו די אידען, און אפט ווען דאס איז יא געטאן געווארען, זיינען די נעמען פון די פערקויפער אפגעדרוקט געווארען אין שווארצע צירקולארען, זאגענדיג דאס די פערקויפער זיינען „טויט צו פוילען".

אפילו איצטער ווערט אט דער קאמפיין אנגעפיהרט פון דער ניט פוילישער פרעסע, וועלכע האלט אין ריידען, דאס דער עקאנאמישער באיקאט דארף בענוצט ווערען אלס א מיטעל פאר פוילען פטור צו ווערען פון די אידען. אט די אגיטאציע האט געלאזט דעם איינדרוק אויף די פוילישע אידען, דאס אן אונזיכטבארע שטריק איז פערצויגען אויף זייערע העלזער, און זיי זאגען, אז דאס איז די ערגסטע פארפאלגונג וואס זיי זיינען גענויט צו ערטראגען. קריסטליכע ארבייטער האבען פיעל מאל זיך ענטזאגט צו ארבייטען מיט אידישע. דער פראצענט פון די אידען אויף קהלה'שע שטעלען, איבערהויפט אויף די קלענערע שטעלען ווי אייזענבאהנען־אנגעשטעלטע, פייערלייטע און פאליציי לייטע איז א סך פארקלענערט געווארען זינט די נייע רעגירונג איז אריין אין מאכט. די קאמיסיע האט געקראגען דאקומענטען, וועלכע באווייזען דאס די רעגירונג האט ענטזאגט א סך אידישע אנגעשטעלטע אויף די אייזענבאהנען און האט זיי געגעבען סערטיפיקייטס וועלכע זאגען, דאס די איינציגע אורזאך פארוואס זיי זיינען ענטזאגט געווארען איז דער פאקט דאס זיי זיינען אידען.

11. דאס עטאבלירען פון קאאפעראטיווע געשעפטען איז פון די אידען קרעמער אנגענומען געווארען אלס א פארמע פון דיסקרימינירונג. עס שטעלט זיך אבער ארויס אז דאס איז א גאנץ לעגאלער פערזוך צו פארקלענערן די טעטיגקייט און די פראפעטירונג פון דעם מיטעלמאן. אומגליקליכער ווייזע, ווען די געשעפטען זיינען געעפענט געווארען זיינען זיי אדווערטייזט געווארען אלס א מיטעל צו באקעמפען די אידען קרעמער. די אידען דאריבער האבען געקראגען די איבערצייגונג דאס די געשעפטען זיינען געגרינדעט געווארען זיי צו אטאקירען. אבוואהל עס איז מעגליך דאס די אנפיהרונג פון אט די געשעפטען, ווי אויך פריוואטע פערזאנען מוז אבער דאך צוגעגעבען ווערען, אז דאס איז אן עקאנאמישע טעטיגקייט, וועלכע יעדע געמיינדע האט דאס רעכט אנצופיהרען. אויף דער אנדער זייט אבער, מענה'ען פיעל אידישע קאאפעראטיווע געשעפטען, ווי אויך פריוואטע פערזאנען, דאס די רעגירונג דיסקרימינירט געגען זיי אין דאס פאנאנדערטיילען די שפייז קאנטראלירט פון דער רעגירונג.

12. די רעגירונג האט אפגעלייקענט דאס זי פיהרט אן א פאליסי פון דיסקרימינירען געגען אידען, אבוואהל זי לייקענט ניט, דאס אין איינציגע פעלע האט דאס יא געקענט פאסירען. פארשטעהער פון דער רעגירונג האבען פערזיכערט דער קאמיסיע, דאס אזוי פיעל וויפיעל עס וועט ליגען אין זייער מאכט וועט דאס דיסקרימינירען בעזייטיגט ווערען.

13. און באטראכטענדיג די אורזאכען וואס האבען געבראכט די אנטיסעמיטישע שטימונג, וועלכע האבען פאראורזאכט דאס וואס עס איז פריהער בעשריבען געווארען, מוז מען געדענקען, דאס זינט פוילען איז פאנאנדערגעטיילט געווארען אין 1795, האבען די פאליאקען אלץ געזוכט זיך ווידער צו פאראייניגען און צו קריגען אלס א פאלק זייער פרייהייט. אט דער [illegible]

אלעם אבער, אין די פוילישע נאציאנאלע שטימונג געגען דאס, וואס זיי רופען דער „פרעמדער" כאראקטער פון דער אידישער מאסע אין פוילען. איבערהויפט זעהען דאס אפט די פאליאקען אין די באזונדערארטיגע קליידער, וואס די אידען טראגען, אין זייער היטען דעם שבת, אין טאן ביזנעס זונטאג, אין זייער כשרות, אין טראגען בערד און ריידען זייער אייגענע שפראך. דער באזיס פון זייער שפראך איז א דייטשער דיאלעקט, און דער פאקט דאס דייטשלאנד איז געווען — און איז — א פיינד פון פוילען, כמעט די גאנצע זאך נאך מעהר אונבעליעבט. דאס קאנצענטרירען פון די אידישע מאסען אין געוויסע געגענדען פון די פוילישע שטעדט, האט אויך דייטליך צוגעגעבען, דאס די אידען זיינען אבגעזונדערט פון אלע איבעריגע בירגער.

14. די אנגעצויגענע באציהונגען צווישען אידען און ניט אידען זיינען שפעטער נאך אנגעצויגענער געווארען — ניט נור דורך דער גרויסער מלחמה, אין פארלויף פון וועלכער פוילען איז געווען דאס שלאכט־פעלד פאר רוסישע, דייטשע און עסטרייכישע ארמעען. נאר אויך דורך די איצטיגע סכסוכים מיט די באלשעוויקעס און אוקראינער. פוילען געפינט זיך איצט עקאנאמיש אין סאמע נידריגסטען שטאנד. מאנופאקטור און קאמערץ האבען פאקטיש אויפגעהערט. דער דוחק, דער יקרות, און די פאלקאמענע שפייז־פארטיילונג איז א דראענדע געפאהר פאר דעם געזונד און וואהלזיין פון דער שטאדטישער בעפעלקערונג. אין רעזולטאט ליידען הונדערטער טויזענדער פון הונגער. געהען ארום האלב אנגעטאהענע טויזענדער שטארבען פון קראנקהייטען, שטארבען מיט א הונגער טויט. דאס וואס דער האנדעל איז טויט, רופט זיך ספעציעל אפ אויף דער אידישער בעפעלקערונג וועלכע איז כמעט אין גאנצען אנגעוויזען אויף האנדעל. צוליעב די אלע אויבען באשריבענע אומשטענדען, האבען די פרייזען זיך פארדאפעלט און פאררדרייפאכט, אבער די באפעלקערונג ווערט אויפגערייצט געגען די אידישע סוחרים; אויף זיי ווארפט זי די שולד פאר דער אומנארמאלער שטייגונג פון די פרייזען וואס שטאמט נאר פון אנדערע אורזאכען.

15. די גרויסע מאיאריטעט פון די אידען אין פוילען באלאנגט צו באזונדערע אידישע פאליטישע פארטייען. די גרעסטע פון זיי זענען די ארטאדאקסישע ציוניסטישע און נאציאנאלע פארטייען. אזוי ווי די אידען פארמירען באזונדערע פאליטישע גרופען, איז מעגליך, אז מאנכע פון די פוילישע אנטי־אידישע האנדלונגען זענען געווען פון א פאליטישען, און ניט פון אן אנטיסעמיטישען כאראקטער. די הערשענדע פאליטישע פארטייען גיבען צו זייערע אנהענגער רעגירונגס פאסטענס און רעגירונגס־פריווילעגיעס. עס איז אבער צו האפען, אז די מאיאריטעט פון פוילישען פאלק וועט זיך ניט האלטען ביי דעם סיסטעם אין באצוג צו רעגירונגס פאזיציעס. וואס זענען ניט ריין פאליטישע. עס דארף קיין אונטערשיעד ניט געמאכט ווערען ביים אויסוואהל פון פראפעסארען און לעהרער פון אייזענבאהן אנגעשטעלטע, פאליציסטען, פייערלייט און בכלל ביים באשטימען אויף אזעלכע שטעלעס, וואס אין ענגלאנד און די פאראייניגטע שטאטען געהען זיי ארונטער אונטער „סיוויל סערוויס". פוילען דארף איינזעהן, אז אזעלכע שטעלעס דארפען ניט אריינגעצויגען ווערען אין פאליטיק. טיכטיגקייט און דיענסט קען נור דערגרייכט ווערען, ווען מען שטעלט אן די בעסטע מענשען, אהן אונטערשיעד פון פארטיי און רעליגיאן.

16. די באציהונגען צווישען אידען און ניט־אידען וועלען אהן ספק זיך פארבעסערען אין א שטארקער דעמאקראטישער פוילען. כדי דאס זאל גיכער דערגרייכט ווערען, דארף זיין פארשטענדיגונג און מיטארבייטשאפט צווישען 86 פראצענט קריסטען און 14 פראצענט אידען. די 86 פראצענט דארפען פארשטעהן אז זיי קענען ניט ארויסשטעלען א פעסטען פראנט געגען זייערע שכנים, אויב זיבען פראצענט פון דער באפעלקערונג איז אומצופרידען, איינגעשראנקט און אונאקטיוו. די מינאריטעט דארף אויפגעמונטערט ווערען מיטצוהעלפען מיט זייער גאנצען כח און איינפלוס — צו מאכען פוילען פאר א גרויס געאייניגט לאנד. — אזא לאנד איז נויטיג אין צענטראל אייראפא אום אנטקעגענצושטעהן די געוואלדיגע סכנות, וואס דראהען איהר. פוילען מוז וואס שנעלער ענטוויקלען זיך צו פולער קראפט; מיט איהר פיהרונג דארף זי צוערשט פארדיענען און דערנאך קריגען די פולהארציגע מאראלע, פינאנציעלע און עקאנאמישע שטיצע פון דער גאנצער וועלט, וואס דאס אליין קען ערשט פארזיכערען ערפאלג דער רעפובליק אין דער צוקונפט.

פארלאנגט א נייע קאמיסיע זאל באשטימט ווערען.

17. עס איז אונמעגליך געווען פאר דער מיסיע, אין די צוויי חדשים וואס זי האט פארבראכט אין פוילען — צו טאן מעהר, ווי צו באקענען זיך מיט דער אלגעמיינער לאגע פון דער באפעלקערונג. כדי צו פארמולירען א לייזונג פון דער אידישער פראגע איז נויטיג א פארזיכטיגע און ברייטע אונטערזוכונג — ניט נור וועגען דער עקאנאמישער לאגע פון די אידען, נור אויך וועגען די נייע באדערפנישען פון פוילען. און די באדערפנישען פון פוילען וועלען מיט באשטימטקייט ניט קענען פעסטגעשטעלט ווערען, ביז פוילענס גרענעצען וועלען ניט פיקסירט ווערען, און ביז פוילענס באציהונגען מיט רוסלאנד וועלען ענטגילטיג ניט רעגולירט ווערען. ווארים מיט רוסלאנד האט פוילען פריהער געהאט איהר גרעסטען האנדעל. עס ווערט רעקאמענדירט, אז די ליגע פון נאציאנען, אדער די גרעסטע נאציאנען, וואס זיינען פאראינטערעסירט אין דעם פראבלעם זאלען שיקען קיין פוילען א קאמיסיע, וואס זאל באשטעהן פון אנערקענטע אינדוסטריעלע פערזאנען, אגריקולטורעלע און אלע אנדערע פאך עקספערטען. און די קאמיסיע זאל פארבלייבען דארט אזוי לאנג, ווי עס וועט נויטיג זיין גרינדליך אויסצופארשען דאס פראבלעם.

18. די קאמיסיע זאל אויסגעפינען א פלאן, וואס זאל גאראנטירען די אידען פון פוילען די זעלבינע עקאנאמישע און סאציאלע געלעגענהייטען, וואס זייערע גלויבנס־ברידער געניסען אין אנדערע פרייע לענדער. א נייע פוילישע קאנסטיטוציע האלט אין געשאפען ווערען. אין אלגעמיינע שטריכען איז אט דער נאציאנאלער אינסטרומענט שוין אנגעצייכענט געווען אין דעם ספעציעלען אפמאך מיט די אליאירטע און אסאציאירטע לענדער; און אין יענעם אפמאך האט פוילען זיך אונטערגענומען טריי צו זיין צו די פרינציפען פון פרייהייט און גערעכטיגקייט און מינאריטעטען רעכטען; און מיר קענען זיכער זיין, אז פוילען וועט טריי זיך האלטען צו איהר פארפליכטונג, וועלכע איז דורכאויס אין איינקלאנג מיט די בעסטע טראדיציעס פון דער נאציאן. א נייע לעבען וועט דורך דעם געעפענט ווערען פאר די אידען; און עס וועט זיין די אויפגאבע פון דער פראיעקטירטער קאמיסיע צו העלפען די אידען צו פראפיטירען דערפון און צו געווינען דעמזעלביגען אנזעהן, וואס זייערע גלויבענס־גענאסען האבען געפיהרט אנדערשוואו געוואונען, אלס ווערטפולע רע־שותפים צו דער געמיינדשאפט, אין וועלכער זיי לעבען. די פריינד פון די פוילישע אידען אין אמעריקא, ענגלאנד, און אנדערשוואו, וועלכע האבען שוין ארויסגעוויזען אזא גרויסען אינטערעס אין זייער וואהלזיין, — די זעלבע פריינד וועלען מיט פרייד זיך אנכאפען אן דער געלעגענהייט מיטצוהעלפען דער קאמיסיע אויסצוארבייטען יעדע פאסיגע לייזונג, וואס די קאמיסיע וועט פארשלאגען. דער פאקט, אז עס קען נעהמען א דור אדער צוויי ביז דער ציעל וועט ניט דערגרייכט ווערען, דארף ניט ענטמוטיגען.

19. אלע בירגער פון פוילען דארפען איינזעהן, אז זיי מוזען דאך לעבען צוזאמען. זיי קענען ניט אפגעשיידט ווערען איינע פון די אנדערע — ניט דורך געוואלד און ניט דורך געריכט. אזוי גיך ווי אלע בירגער פון פוילען וועלען פולשטענדיג באגרייפען דעם פאקט, וועלען זיי מוזען טאן אליין. וואס איז אין זייער כח צו קומען צו א בעסערער פארשטענדניס; צו פארלייכטערן די עקאנאמישע אומשטענדען — און ניט צו פארמעהרען די אנטיפאטיע און אומצופרידענהייט. די פוילישע נאציאן דארף איינזעהן, אז איהרע ערגסטע שונאים זיינען די, וואס העצען צו אינערליכע סכסוכים. א הויז, וואס איז צעטיילט אין זיך גופא, קען זיך נישט האלטען, עס דארף זיין נור איין קלאס בירגער אין פוילען, וואס אלע זיינע מיטגליעדער געניסען די זעלבינע רעכט און טראגען די זעלבינע פליכט.

מיט רעספעקט פארבלייבענדיג
(אונטערגעצייכענט)
הענרי מארגענטוי.

## ווי מען ענטפערט אויף די צענזוס פראגען

פון א סניטקאווער

אויב אין וואשינגטאן קלייבען זיך אן אזעלכע דאקומענטען, ווי דער וואס מיר געהען איצט דא איבערגעבען, קען מען זיך שוין אליין משער זיין וואס פאר א טאלק מיר קענען דערגעהן דורך דעם צענזוס.

די גאנצע ארבעט באשטעהט אין ענטפערען אויף פראגען וואס געפינען זיך אויף א „קוועסטשיאנער" וואס איז צוגעגרייט פאר דיעזען צוועק.

דער קוועסטשיאנער האט פראגען און ענטפערען.

פאר א ביישפיעל לייענט איצט איבער דאס פאלגענדע:

פראגע: — וואס קעהרט איהר זיך אן מיט דעם הערר מיט וועלכען איהר לעבט?

ענטפער: — א לעבען. (פארגרייזט פון דעם ענגלישען ווארט „וויף" אויף „לייף"). ווייטער.

פראגע: — איז דאס אייערע אן אייגענע הויז, אדער איהר צאהלט דירה געלט?

ענטפער: — סינגעל.

פראגע: — צו וועלכען געשלעכט געהערט איהר?

ענטפער: — איטאליענער.

פראגע: — אין וועלכע הייראטס באציהונגען?

ענטפער: — נישקשה.

פראגע: — קענט איהר לעזען? (שרייבט יא אדער ניין.)

ענטפער: — ביידע.

פראגע: — וואו זענט איהר געבארען?

ענטפער: — גרייט לייקס, אינזשעניערינג קארפוס.

פראגע: — קענט איהר ריידען ענגליש? (שרייבט יא אדער ניין).

ענטפער: — איינס פון די ביידע.

פראגע: — וואס איז אייער באשעפטיגונג?

ענטפער: — א שוסטער. (לעזט ווייטער).

פראגע: — ביי וועמען זענט איהר באשעפטיגט?

ענטפער: — אין א לאמבער יארד.

פראגע: — זענט איהר אן ארבעטסגעבער, אדער אן ארבעטער פאר ווייגעס, אדער סאלארי, אדער ארבעט איהר פאר זיך אליין?

ענטפער: — יא.

פראגע: — וואס פאר א שפראך רעדט איהר?

ענטפער: — א פראטעסטאנט.

פאר א מוסטער פון חכמה, איז דאס ראכט זיך גענוג. דער צענזוס האט אנגעהויבען טאן זיין ארבעט מיט צוויי וואכען צוריק און אין יוני וועלען מיר וויסען די רעזולטאטען. אבער וואס די רעזולטאטען וועלען זיין, קען קיינער קיין חכם ניט זיין.

דארפען דארף דאס זיין אזוי. פאראן גוטע און שלעכטע מענשען, פראפיטירער און באנקירען, נייע אויפגעקומענע נגידים, און פריש־געבאקענע קבצנים, און אזוי ווי וואשינגטאן וועט מאכען א סך הכול און איהם פארשליסען ביי זיך, וועט יעדער איינער קענען א פאהר טאן אין וואשינגטאן און א פרעג געבען למשל:

— וויפיעל לאנדרי לייט האב איך אין מיין שטאדט?

און וואשינגטאן וועט אויפשליסען דאס גלייך ארויסלעזען דעם ענטפער: 432,695 אדער עהנליכעס. עס קען זיין אז מען וועט זיך נאך לאנג ארומרייסען אין סענאט ארום די „רעזערוויישאנס" אין דער טריטי, אדער עס וועט נאך אניף ווייטער אויך פאסירען אז א ברייף אויפגעלעגט אין ניו יארק זאל אונז אנקומען אין א פאר יאהר ארום, אבער דערפאר אז מיר וועלען זיין נייגעריג צו וויסען, וויפיעל מענשען געפינען זיך אין אמעריקא וואס זענען געבארען זאגען מיר, אין סאמאטרא, וועט מען אונז גלייך זאגען.

אבער שפאס אין א זייט.

איצט ווען מיר לעבען אין א צייט, ווען די וועלט האלט זיך אין באנייען, אין ענדערען, ווען אלעס ווערט אזוי פינקטליך, איצט וועט איהר דאך נישט גלויבען, אז עס זענען נאך דא עלטערע פרויען וואס לאזען ארונטער די אויגען און הויבען אן רויט ווערען, ווען זיי דארפען ענטפערען פאר'ן צענזוס ווי אלט זיי זענען, געהט זשע, זייט מוחל, כאפט א שפאציער מיט'ן מאן, וואס שטעלט די פראגען, גוט איהר עפעס זעהן.

א ביזנעס פרוי, למשל, טעלעפאנירט אריין צום צענזוס אפיס:

— היות ווי זי איז געווען ביי דער ארבעט בעת דער צענזוס האט ביי איהר אויף דער קווארטיר געשטעלט פראגען, און די באלעבאסטע האט געענטפערט פאר אלע וואס וואוינען ביי איהר, נאר זענען ניט געווען אין הויז, בכן איז זי איבערצייגט, אז יענע האט ניט געענטפערט ריכטיג, זי האט ניט געקענט ענטפערען ריכטיג.

פרעגט דער אפיס:

— וואס האט יענע געענטפערט?

ענטפערט די ביזנעס פרוי:

— איך ווייס ניט, וואס יענע האט געענטפערט, נאר זיכער איז, אז זי האט ניט געענטפערט ריכטיג.

— צום ביישפיעל? — פרעגט מען זי איבער נאכאמאל.

— אט צום ביישפיעל וועגען מיין עלטער. איך בין זיכער, אז זי האט מיר פארשריעבען פיעל עלטער ווי איך בין, ווייל איך זעה אויס א סך עלטער, איהר ווייסט דאך, פאראן א סך מענשען, וואס זעהען אויס עלטער ווי זיי זענען אין דער אמת"ן... בפרט פרויען, א יא?

און דער אפיס האט צוליעב געטאן דער פרוי, איהר פארשפראכען אריינצושיקען נייע „קוועסטשאנערס" אז זי זאל אליין פאר זיך ענטפערען ווי אלט זי איז.

אין אנאנדער הויז איז א פרוי געקומען פון צענזוס אין א הויז, וואו עס וואוינען צוויי עלטערע מיידלאך, אלעס איז געגאנגען גוט, ביז — נו, ביז ס'בעד קומען צו דער פראגע: ווי אלט זיי זענען.

די פרויען האבען זיך געקאכעשעט און געדרעהט, אהער און אהין, אבער האבען אויף דער פראגע ניט געענטפערט.

אויף מארגען האט דער צענזוס אפיס געשיקט א מאן אין דעם איינענעם הויז אריין.

— מיר איז גאנץ ענגל וואס איהר וועט ענטפערען. — ערקלעהרט דער מאן, — אבער אנקעגען וויל וויסען, און איהר וועט אזוי גוט זיין און מיר זאגען ווי אלט איהר זענט.

און די פרויען האבען געהאלטען אין איין בעטען זיך:

— וואס האט מען צו אונז, מיר האבען קיינמאל ניט געבען, אונזער עלטער קיינעם נישט געזאגט, איבערהויפט נאך צו א מאן!

ערשט ווען דער מאן האט זיי ערקלערט אז דאס געזעץ באשטראפט מיט הונדערט דאלאר אדער פריזאן איז איינע פון די פרויען צוגעגאנגען און ארונטערגעצויגען די פארהאנגען איבער'ן פענסטער און ענדליך א זאג געטאן.

— פינף און פערציג.

און דער צענזוס מאן ערקלעהרט, אז אויב יענע פרוי איז פינף און פערציג, איז ער נאך ניט געבארען געווארען.

א חוץ דעם פאסירט אז אין די אויסלענדישע קווארטאלען, צושרעקען זיך איטאליענער און לויפען ארוים מיט מעסער אנטקעגען דעם צענזוס מאן.

אין שווארצען קווארטאל, אין דעטרויט, איז מען איינעם באפאלען מיט א מעסער ווייל ער האט געפרעגט יענעם: „זענט איהר טויב אדער שטום"?

האט זיך יענער שטארק באליידיגט און איהם פאריאגט מיט א רעוואלווער.

אין אן אנדער הויז ביי א איטאליענער האט דער צענזוס מאן באמערקט אז די ספאגעטי וואס קאכט זיך, שמעקט זעהר גוט, האט מען זיך מיט איהם דערפרעהט, איהם אויסגעזעצט אויבענאן און איהם מכבד געווען מיט דער ספאגעטי, אזוי, אז ער האט אפגעגעסען, איז ער קוים אנטלאפען פון הויז, און שוין ניט געוואלט שטעלען קיין פראגען.

סיי ווי, קלוגער וועלען מיר פון צענזוס ניט ווערען.

דער וועג
THE DETROIT JEWISH DAILY
Published Daily, Except Saturdays and Jewish Holidays, by DER WEG PUBLISHING COMPANY, INC.
347-49 Hastings St., Detroit, Mich. Main 3715
J. RABINOWITZ, Pres. JOS. R. LEEMON, Sec.-Treas.
B. I. GOLDSTEIN, Editor
(Entered as Second Class mail matter at Post Office, Detroit, Mich.)
Subscription Price: By mail, or carrier, one year, $5.00; six months, $2.50.
דעטראיט, 28סטער יאנואר, 1920

# ווען דער שונא האט א פתחון פה

געדענקט איהר יענע צייט ווען די טערקישע מלוכה איז פלוצים גע־ווארען ברייט הארציג און צעעפענט איהרע סאלדאטסקע ארמס און אריינ־גענומען אין זיי אלעמען אהן אויסנאהמע און אויך די אידען, נאטירליך.

די אידען האבען מוחל געווען די טובה.

הונדערט מיט איין ארזאכע וואלטען מסתמא די טערקישע אידען גע־ווען געקענט אנגעבען, ווארום עס האט זיי אפגעשטויסען אנצוכאפען זיך אן דער טובה, וואס די טערקישע רעגירונג האט זיי דעמאלט געטאן; הונ־דערט מיט איין תירוץ וואלטען זיי מסתמא געווען געקענט האבען, וואס זאל זיי רעכטפארטיגען פאר נישט וועלען איבערגעבען זיך צו דער טער־קישער סאלדאטשינא.

אבער אונזערע שונאים'ס איערען זיינען תמיד טויב צו אונזערע תירוצים און זייערע אויגען זיינען תמיד בלינד צו אונזערע אורזאכען און סיבות.

איינס בלויז איז געווען בולט פאר זיי און קלאהר: — די אידען אין טערקיי זיינען געווארען גלייכבארעכטיגט. טערקיי האט פאר זיי געעפענט די טויערן פון די קאזארמעס און אנשטאט צו לויפען אין דער קאזארמע־לויפען גאר די טערקישע אידען — קיין אמעריקא.

אזא מין זינד האבען אונז די אומות העולם נישט געוואלט מוחל זיין.

געדענקט איהר דאך מן הסתם די קולות וואס מען האט דעמאלט גע־מאכט מכח די אידישע „פאראזיטען, וואס ווארפען זיך ארויף אויף די לענ־דער נאר אום אויסצוזויגען דאס בלוט און אום אפצוזעטיגען זיך מיט כל טוב, מיט אלע רייכטהימער, וואס דאס לאנד פארמאגט. און ווען עס קומט אין צייט פון א נויט, דעמאלט באהאלט מען זיך די אידען אנטלויפען זיי קיין אמעריקא".

דאס איז דער פזמון געווען.

דאס איז געווען די שטימע וואס האט זיך געטראגען איבער אלע אנ־טיסעמיטישע בלעטער, וואס האט זיך געריסען פון אלע מיילער פון די שונאי ישראל.

און מיר?

מיר האבען געוואוסט, אז מיר ווייסען נישט די לאגע פון אונזערע ברידער אין טערקיי: מיר אידען זענען געווען יודעים שאינם יודעים. אבער פונדעסטוועגען האבען מיר, ראשית, נים איינגעזעהן די עולה ווען א פרעמד אריבערגעקומענער וויל קיין סאלדאט נים ווערען און ווערען א סאלדאט נישט וויל מען מוז. אזהם האבען, ווייל דאס לאנד נויטיגט זיך אין איהם, נאר פשוט — ווייל דאס לאנד איז נישט ענטוויקעלט, נישט ציוויליזירט און גרייט זיך צו מיליטער מיט יאהרע; און יאהרען פריהער כדי ט א מ ע ר וועט מען עס אמאל באדארפען.

מיר האבען אויך געוואוסט אז א אי דיש־טערקישער יונגערמאן פון 21 יאר אלט, איז שוין א טאטע פון א צוויי, דריי קינדערלעך, און האט פאלקאמע רעכט צו דענקען אז איידער ער נעהמט פארזארגען דאס פאטערלאנד פאר דער ווייטער צוקונפט, מוז ער פריהער פארזארגען זיין אייגען ווייב און קינד, אין דער געגענווארט.

מיר האבען געוואוסט נאך איין זאך. און דאס איז אפשר דער עיקר פון אלע עיקרים. און ווען אזא זאך זאל עקזיסטירען אין אורגענד וואס פאר אן אנדער לאנד, וואלטען נישט נאר מיר, נאר אלע בירגער וואלטען פראר־טעסטירט און בלוט וואלט זיך אין די גאסען געגאסען, און מען וואלט שווי־דערליכע קריעג און רעוואלוציעס גע מאכט קעגען דער רעגירונג.

מיר מיינען, נעמליך, דאס געזעץ אין טערקיי אז מיט א סומע, וואס באטרעפט אויף דעם היגען געלד, לער ך צוויי הונדערט דאלאר קען זיך יע־דער בירגער אויסקויפען פון מיליטער דיענסט.

קענט איהר זיך משער זיין אז אזא געזעץ זאל עקזיסטירן אין ענגלאנד אין די פאראייניגטע שטאטען, אין דייטשלאנד, צי אפילו אין דעם אמאליגען רוסלאנד?

און צי קענט איהר זיך משער זיין אז אזא געזעץ זאל געשאפען ווערען אין אמעריקא, אדער אין אירגענד וועלכען אייראפעאישען לאנד און דארטען זאל נישט ווערען א רעוואלוציע, א בלוט באד. און וועלכער עס זאל דער־טרינקען ווערען די רעגירער און די רעגירונג?

נאר, ווי שוין געזאגט, האבען די שונאי ישראל דאס אלעס אין אכט נישט גענומען. זיי איז וויכטיג געווען איין זאך: מען האט געקראגען וואס צו רעדען שלעכטס וועגען דעם אידישען פאלק, און מען דארף די געלעגנהייט נישט אויסלאזען; מען דארף אויף זיי אויסגיסען אזוי פיעל פעך און שוועבעל, וויפיעל נאר מען קען.

איצט ערשט האט מען זיך געכאפט: —

א מבין אין מיליטערישע ענינים, וועלכער האט אנטייל גענומען אין דעם היסטארישען קאמף ארום ירושלים איז דורך א סיבה, וואס ווערט נישט פארעפענטליכט צוליעב פאליטישע סודות, געווען א שטיקעל צייט אויף דעם טערקישען מלחמה פלאץ און זיך באקענט מיט די טערקישע סאל־דאטען און מיט זייער כאראקטער.

ער שרייבט קורץ און קלאהר: —

„איך האב דארטען (צווישען די טערקישע סאלדאטען אינ'ם לאגער) נישט געזעהן קיין איין סאלדאט פון איינעם פון יענע פרעמדע נאציאנאלי־טעטען, וועלכע זיינען אזוי פיעל פאראן אין טערקיי.

„און עס וואונדערט מיך נישט.

איך וואונדערט מיך איצטער לחלוטין נישט ווארום די אידען האבען אמאל אויסגעמידען די טערקישע מיליטער־דיענסט און זיינען געלאפען זוכען שוץ ביי די ברעגעס פון דער בריטישער אימפעריע און די יונייטעד סטייטס.

„איך קען זיך באין אופן נישט פארשטעלען קיין טערקישען לאגער מיט א אידען, ארמענער אדער אנדערען.

„די טערקישע סאלדאטען זיינען ווילד, גראב, אנערצויגען און קומען אלע פון די נידעריגסטע שיכטען פון דער טערקיי".

„אזעלכע זיינען אמת געזאגט, גוטע קעמפפער, ווען זיי טרעפען נאר אן דעם שונא פנים אל פנים. זייער קאמף באשטעהט אבער נאר אין רציחה און אין ווארפען זיך ווי ווילדע פערד אין דעם פייער. זיי שרעקען זיך נים, אדער זיי פארלירען אין זייער רציחה די שרעק.

„און זייער באנעהמונג ווי אין זייער פריוואטער הנהגה זעהט מען נישט אפילו קיין סימן פון א ציוויליזירטען מענשען.

„אזא מין איבערהיטונג האט מען געקענט גלויבען אויף ווילדע אינדי־אנער, אדער אנדערע מענשען־פרעסענדע שבטים אין די מדבריות.

צו האבען א רעליגיאן און זאלען אזוי אומוויסענד און אזוי ווילד זיין, דאס האט זיך נישט געגלויבט.

„צו פיהרען מיט זיי א קאמף מיט שטארקיים [...] ווי קלאפען מיט'ן פויסט אין אן אייזערנער וואנד. מיט זיי דארף מען קעמפען מיט שכל. מען דארף, אין א מלחמה מיט אזא לאגער, בלויז קענען די סאלדאטען".

אט דאס איז דער כאראקטער פון די טערקישע סאלדאטען, פון די בעסטע סאלדאטען אין דעם טערקישען לאגער.

זיי זיינען קעמפפער, ווילדע קעמפפער, ווייל זיי האבען געהאט איבונג. און איבונג האבען זיי געהאט, ווייל זיי האבען נישט געהאט קיין צוויי הונדערט דאלאר אויסצוקויפען זיך פון מיליטערישער דיענסט.

דעם דאזיגען פאקט דערמאהנט נישט דער ענגלישער מיליטערישער באאמטער. גיכער מסתמא דערפאר וואס ער איז מיט דעם פאקט, מיט דעם געזעץ נים באקאנט.

אצינד ווען עס זאל באקאנט ווערען אין אייראפא, אז די אידען אין טערקיי אנטלויפען פון די טערקישע קאזארמעס, וואלט מען זיך אפשר נישט געוואונדערט; די צייטונגען וואלטען נישט געספייעט מיט פעך און שוועבעל צו גיסען.

א לאנד וואס אונטערשטרייכט אין איהרע געזעצען, אז דאס בלוט פון די ארימע איז הפקר און דאס בלוט פון די וואס האבען צוויי הונדערט דאלאר פאר באקשיש, פאר אויסקויפען זיך, איז חשוב — אזא רעגירונג קען נישט ערווארטען אז מענשען מיט פארשטאנד, אז מענשען וואס האבען גאט אין הארצען, זאלען זיך פאר איהר מפקיר זיין, זאלען זייער בלוט פאר איהר פארגיסען.

אפילו אזעלכע מדינות וואס זענען בנוגע יושר און מענשליכקייט צו־ריקגעשטאנען, ווי למשל רוסלאנד אין דער צייט פון דעם לעצטען ראמא־נאוו — אפילו דארטען האט מען פון אזא אומגעלומפערטקייט נישט געהערט.

נאר קוקען דען אונזערע שונאים אויף יושר און מענשליכקייט, ווען עס ...

# אויף דעניקינס שליאך

פון מ. ש.

אין פאלעצטען נומער פון דער וואָ־כענשריפט „ניישאן" איז דא אן אינטע־רעסאנטע קארעספאנדענץ פון הענרי אלס־בערג וועגען דעם וואס עס טוט זיך אין דעניקינ'ס קעניגרייך. די קארעספאנדענץ איז דאטירט אדעס, דעם ערשטען דעצעמ־בער, דאס הייסט אין דער צייט ווען דע־ניקינ'ס ארמייען זענען נאך נים געווען אזוי צעבראכען און פארטריבען פון אי־בעראל ווי איצט.

אלסבערג דערצעהלט, אז ער איז גע־פאהרען אין א מיליטערישען צוג צוזא־מען מיט דעם אמעריקאנער מיליטערישען אטאשע, קוירנעל סמיטה, פון קיעוו ביז כארקאוו, און דער פאקט וואס ער איז געפאהרען אין א מיליטערישען צוג און א געפאנצערטען וואגאן או מיט צוויי לא־קאמאטיוען פון ביידע זייטען האט איהם און די איבריגע געראטעוועט פון ער־מארדעט צו ווערען, אדער לכל הפחות פון באראבעט צו ווערען. איבעראל, איבער אין גאנץ אוקראינע, דערצעהלט אלס־בערג, האבען איצט די רויבער דאס וואָרט און שטעלען אפ אלע צוגען און נעהמען אוועק פון די רייזענדע אלץ וואס זיי פארמאגען, ניט זעלטען טוען זיי אויס די רייזענדע נאקעט און געהען אוועק מיט דאס אנגערויבטע. געפאהרען איז ער אין א „טעפליושקא", פראכט וואגאן, וואס איז צוגעפאסט געווארען פאר פאסאזשי־רען, אבער דאס איז דאס בעסטע וואס מען האט געקענט קריגען. גאנץ אוקראי־נע האט ניט קיין לאקאמאטיוען, האט ניט קיין וואגאנען, און די צוגען וואס געהען, האבען ניט קיין באהייצונג.

פון קיעוו ביז כארקאוו נעהמט ניט לאנג צו פאהרען, אבער זיי זענען געפאה־רען א פאר טעג. ערשטענס ווייל אפט האט מען זיך געמוזט אפשטעלען צוליעב דעם וואס עס האט געפעהלט הייץ מא־טעריאל. דעניקין האט דאן געהאט דעם גאנצען דאנעצער באסיין, אלע דאנער קויהלען מינען זענען געווען אין זיינע הענט. אבער מיט וועמען צו ארבייטען אין די מינען איז ניט געווען. די ארבייטער ווילען ניט ארבייטען פאר איהם. דער רעזולטאט איז אז עס איז ניטא קיין קויהלען און עס איז ניטא קיין האלץ.

אויסער דעם איז וואו מען איז גע־פאהרען איז געווען א פראנט און מען האט זיך געשלאגען, און מען האט גע־מוזט אפווארטען אדער אפקירעווען אן א זייט. קורסק האבען זיי געמוזט אויסמיי־דען, ווייל די באלשעוויקעס האבען זיך דערנעהנטערט אהין; פאלטאווא האט מען אויך געמוזט אויסמיידען ווייל דארט איז געשטאנען מאכנא מיט זיינע מחנות. און אזוי אין פיעלע אנדערע פלעצער.

דאס באנדיטענטום אין גאנץ אוקראי־נע, באזונדערס אין די געגענדען וואס זע־נען געווען פארנומען צו יענער צייט פון דעניקינ'ען, דערצעהלט אלסבערג, האט אנגענומען אזא פארמע, אז דאס שיינט צו זיין די איינציגע אינדוסטריע דארט. די באנדיטען האבען אויסגעארבייט גע־וויסע געזעצען, וואס אלע אנדערע באנ־דיטען פאלגען נאך און עס איז איבעריג צו דערצעהלען, אז די באנדיטען ווערען דארט דער איינציגער רייכער קלאס. ער האט צום ביישפיעל געהערט, אז מען שטעלט אפ צוגען מיט דעם וואס מען רייסט אויף די רעלסען, אבער מען רייסט קיינמאל ניט אויף קיין בריקען. ער האט געוואלט וויסען פאר וואס די באנדיטען האבען דאס אזוי פיעל איינזעהעניש מיט די בריקען, האט מען איהם ערקלעהרט, אז דאס טוען זיי ווייל דאס לוינט זיך בעסער פאר זייער „געשעפט". אין אוק־ראינע איז איצט ניטא מיט וואס צו פארריכטען קיין בריקען און ניטא מיט וועמען, איז ווען זיי זאלען אויפרייסען א בריק וועלען דארט שוין קיינמאל ניט קענען געהן קיין צוגען, וועלען זיי ניט האבען וועמען צו רויבען. א רעלסע קען מען לייכט פארריכטען און די צוגען געהען ווייטער און עס איז ווייטער דא „פרנסה" פאר די באנדיטען.

דעניקין, איז זעהר נים באליעבט ביי די מאסען, פעטליורא און זיינע אדיו־טאנטען מאכנא און זעליאני, וועלכע זע־נען, פארביינעהענדיג, גרויסע פאגראמ־שטשיקעס, האבען א סך מעהר אנהענ־גער. דאס קומט דערפון וואס די לעצטע פארשפרעכען די פויערען אלץ אין דער וועלט און אודאי לאנד, ווערענד דעני־קין פיהרט זיך אויף ווי א דיקטאטאר און אונטערדריקט די באפעלקערונג מיט א שווערע האנד.

דאס דארף אין אוקראינע איז איצט גע־ווארען רייך דורך די באנדיטען און די פאגראמשטשיקעס, ווארים א היבשע צאהל פון די באנדיטען און פאגראמשטשיקעס זענען דארפס מענשען און וואס זיי רא־בעווען אן, פיהרען זיי אוועק צו זיך אין דארף אריין. איהר טרעפט איצט אין די דערפער פראסטע פויערטעס אויסגעפוצט אין די טייערסטע בגדים און מיט אהן א שיעור גאלד און בריליאנטען. אין איין דארף האט ער אליין געזעהן ווי א פראס־טע פויערשע פאמיליע האט געטרונקען טעע פון זילבערנע כלים. דעניקינ'ס סאלדאטען און אפילו זיינע אפיצערען זאגען זיך אויך נים אפ פון גראבירטע־מען טרעפט אין זיין ארמיי א היבשע ביסעל אפיצערען, וועמעס פינגער זענען פול מיט בריליאנטען.

דעניקינ'ס ארמיי איז אזא, וואס מען קען זיך אויף איהר נים פארלאזען און וועלכער מען קען נים געטרויען. זיינע מייסטע סאלדאטען זיינען פריהער געווען אין די באלשעוויסטישע ארמייען און זיי אנטלויפען אט שטעהן ווייטער צו צו די באלשעוויקעס. מר. אלסבערג גיט צו, אז דאס זעלבע קומט אפט פאר אויך אין די רייהען פון די באלשעוויקעס, אבער ביי דעניקינ'ען איז דאס כמעט ווי א כלל. ווען דעניקין נעהמט אין פלען באל־שעוויקעס, ערמארדעט ער גלייך אלע אפי־צערען וואס מען האט פארכאפט און דערנאך קלייבט מען אויס פון די סאל־דאטען די יעניגע וואס זענען פרייוויליג אריינגעטראטען אין דער רויטער ארמיי און מען דערשיסט זיי אויך. די איבער־געבליעבענע גיט מען די ברירה, אדער ערמארדעט צו ווערען, אדער אריינטרע־טען אין דעניקינ'ס ארמיי און עס פאר־שטעהט זיך, אז זיי טרעטען אריין ליע־בערשט אין זיין ארמיי, און אנטלויפען אזוי שנעל ווי זיי קענען נאר באוויזען. נים אלע מאל לויפען זיי אריבער צו די באלשעוויקעס. די מייסטע אנטלויפען אין די דערפער און באהאלטען זיך דארט. דער רוסישער עולם איז שוין מיעד פון דער מלחמה און וויל זיך צוריק נעהמען פאר ערד ארבייט.

מר. אלסבערג דערצעהלט פון די פאג־ראמען וואס ער האט אליין צוגעזעהן אין קיעוו און באשרייבט זייערע שרעקען.

אבער דאס איז פאר דעם אידישען לעזער מעהר קיין נייעס נים. ער באשרייבט דעם הונגער, וואס הערשט דארט און דעם מאנגעל אין הייץ מאטעריאלען, אזוי אז אפילו אין די מילדע ווינטערען זענען הונ־דערטע פארפרארען געווארען, עס איז דא איין פלאץ אין דער גאנצער שטאדט, וואו די מייסטע געפינען זיך די גאנצע טעג און דאס איז אין די בעטען. דאס איז דער איינציגער ארט אין יעדער הויז וואו מען קען זיך אנווארעמען. ברויט פעהלט, אבער מייסטענס ביי די ארימע, די רייכע קריגען וואס זיי ווילען, פאר־שטעהט זיך, פאר אומגעהויער גרויסע פרייזען. די ספעקולאציע בליהט דארט אינדוסטריע זענען רואינירט, דערפאר בליהט דער האנדעל מיט גאלדווארג און אויף דעם העכסטען אופן. האנדעל און בריליאנטען. די רויבער ברענגען זייערע אנגערויבטע זאכען אין די געשעפטען און קריגען פאר דעם גאנץ גוט באצאהלט.

וועגען די באלשעוויקעס דערצעהלט מר. אלסבערג אז זיי זענען באגאנגען געוויסע גוואלדטהאטען ווען זיי האבען פארנומען קיעוו. זיי האבען דארטען דערשאסען 250 פיהרער פון דער קאנטער־רעוואלוציע, אבער דאס איז גאר קיין פארגלייך נים צו די מעשים פון די אזוי גערופענע „דא־בראוואלצעס", ווי עס רופען זיך דעני־קין"ס סאלדאטען און אפיצערען. דאס זענען גאר קיין מענשען נים, נאר עפעס משונה"דיגע חיות אין מענשען געשטאלט. א מענשען"ס לעבען איז ביי זיי גאר־נישט ווערט און די צאהל פון די וואס זענען אומגעקומען פון זייערע הענט וועט פיליכט קיינמאל נים באקאנט ווע־רען, אזוי גרוים איז זי. פרויען ווערען אטאקירט אויף שריט און טריט און קיי־נער איז ני זיכער מיט'ן לעבען. אודאי ני די אידען.

# וועגען א סקיצע

פון ב. י. גאלדשטיין

וואס הייסט: א גוטע סקיצע?

נאך מיין חות דעת נאך קען איטליכער אינטעליגענטער יונגערמאן אנשרייבען א סקיצע, וואס זי זאל נישט נאר זיין דרוק־באר, נאר זאל אויך קענען פאררעכענט ווערען צווישען די בעסערע סקיצען.

„סקיצע" איז נישט דאס וואס מען רופט אין ענגלישען „שארט סטארי": אן ער־צעהלונג וועלכע איז ביים שרייבער־גראד ארויסגעקומען קורץ, ווערט געשריבען, אדער דארף געשריבען ווערען גאנץ אנ־דערש, ווי א סקיצע.

א שטיק צייט איז פארלאפען פון יע־נער צייט, ווען מען האט געשריבען קורצע מעשה'לעך, ביז דער צייט ווען די סקיצע איז געשאפען געווארען.

„שארט סטארי" איז דערום נישט די אמת'ע טייטש פון „סקיצע". בעסער איז שוין „סקעטש".

אין רוסיש הייסט דאס „אטשערק" אין פראנצויזיש — עסקיז, אין דייטש און אין אידיש — „סקיצע".

פאע און האטארן אין אמעריקא און פראספער מערימע אין פראנקרייך זיינען געווען די טאטעס פון דער מאדערנער סקיצע, ווי מיר פארשטעהען די סקיצע היינט.

עדגאר עלען פאע האט זאגאר א גאנ־צען שלחן ערוך באשאפען מכח סקיצען־שרייבעריי.

אין זיין „פילאסאפי אף קאמפאזישאן" באשטימט פאע אז א פאעמא טאר נישט זיין אויסגעצויגען מעהר ווי אויף הונ־דערט שורות, ווייל אנדערש מידעט זי אויס דעם לעזער. פונקט אזוי דארף אויך זיין די סקיצע. טאמער איז די סקיצע צו לאנג און דער לעזער שטעלט זיך אפ אינ־מיטען לעזען, צערשטערט דאס שוין די גאנצקייט פון דער „זאך". כל זמן דער שרייבער האלט דעם לעזער אונטער זיין קאנטראלע איז דעם לעזער'ס נשמה ביים שרייבער אין האנד. אזוי גיך ווי עס ווערט אן איבערדריס, געהט דער לעזער שוין ארויס פונ'ם שרייבער'ס רשות.

אין דער גאנצער קאמפאזיציע, פונקט ווי אין דער פאעמא טאר נישט זיין קיין איבעריג ווארט אפילו, וואס האט קיין שייכות נישט מיט דעם מיין, דעם תוכן פון דער סקיצע.

אזוי האט עדגאר עלען פאע מיט אי־בער הונדערט יאהר צוריק געשטעלט א פאדערונג צום קינסטלער און ביז היינט רעכענט זיך די קריטיק מיט דיזע פאדע־רונג.

די סקיצע זאגען מיר, מוז האבען איין גאנצע האנדלונג, איין שטימונג, איין טאן און איין קאליר. יעדער זייטיג בילד, סצע־נע, אדער אפילו איין איבריג, זייטיג וואָרט טאר אין א סקיצע נישט זיין.

דעמאלט הייסט עס — א גוטע סקיצע.

איז דאס געווען געווארען ביי סקי־צען אין דעם שנים פון די רעאליסטען, ווי אונזער אברהם רייזען למשל און זיינם ...ליבען.

גאנץ אנדערש איז דאס שוין מיט דער סקיצע, וועלכע ווערט געשאפען פון, דורך און לשם שטימונג.

שטימונג איז שוין אזא קאמפליצירטע שיטה אין דער ליטעראטור, וואס נאר גרויסע מבינים אדער געפיהלפולע מענשען דארפען, מעגען און זאלען געהן.

קיין אנדערען וועט זיך קיינמאל נישט איינגעבען.

צו א שטימונגס סקיצע קען מען שוין אמת זאגענדיג קיין שלחן ערוך נישט אנ־ווענדען, ווייל אזא סקיצע ווערט אנגע־שריבען, אדער בעסער געזאגט: רייסט זיך ארויס אין א מאמענט פון באגייסטע־רונג און ווען א מענש געפינט זיך אין א באגייסטערטען צושטאנד קען ער זיך שווערליך האלטען אן געוויסע רעגלען. מען איז דעמאלט צו אימפולסיוו, אז מען זאל זיך צוהערען צו דעם, וואס וויל דינים, רעגלען דיקטירען.

אבער דער קינסטלער וועט פונדעסט־וועגען אינסטינקטיוו דערפיהלען יעדע קלענסטע פאלשע נאטקע, יעדען פאלשען שטריך. ביי א קינסטלער וועט אינ־סטינקטיוו די שטימונג סקיצע זיך אויס־גיסען, ווי א געטאקטע פאעמא, אהן אן איבעריגער סצענע, בילד, אדער אפילו ווארט.

איך וויל לדוגמא נעהמען די סקיצע פון ה' י. ל. מאלאמוט, געדרוקט אין דיע־זער צייטונג די לעצטע פאר טעג. איינגענט־ליך האב איך טאקע צוליעב דעם דאס היינטיגע ארטיקעל געשריבען. עס דאכט זיך מיר, אז דאס איז א גוטע שטימונגס סקיצע, ווען — — —

ווען מען זאל דאס דריטע קאפיטעל ארונטערשניידען.

ה' מאלאמוט האט זיך אין דיזער סקיצע א שפיעל געטאן מיט א מענשלי־כע נשמה. און שעהן און פול מיט רחניות איז דער „אוזער מענש (דעם דאקטאר'ס פרוי, נינא) און קוקט מען זיך אזוי אין מיט"ן איין פון א קינסטלער, מוז מען בא־יעדען פאלד און קנייטש פון דיזער נשמה קומען אינספיראציע, מוז מען אריין אין התפעלות. און האט מען א שאפערישען חוש אין זיך, מוז ער דעמאלט כח באקו־מען עפעס שעהנעס, שטארקעס צו שאפען.

נישט איין מאל האט פאסירט מיט'ן שרייבער פון דיזע ציילען צו באאבאכטען אזא מין טיפ. עס וועט מיך פארשטעהן דער מבין, ווען איך וועל זאגען, אז אין יענע מינוטען האב איך זיך איננאנצען אויסגעטאן פון דעם גאנצען גשמיות און פון דעם געגענווארטיגען רעאלען לעבען וואס דריקענדער ס'איז געווען די איינ־זאמקייט, אלץ ווייטער איז געווען די ווירק־ליכקייט, דאס גשמיות און אזוי צעשפילט האט זיך דער שאפערישער ווילען. אז אפילו דער טיפ גופא האט אויפגעהערט ...

די אנגערעגטע פאנטאזיע, די אינספירא־ציע.

די שאפונג אין אזא רגע איז ווי דער קאכענדיגער ים: אי בארוהיגענד אי רע־גענד.

אין אזא מאמענט דארף זיך אויסגיסען שטיקער קונסט.

און די הויפט קונסט באשטעהט דא אין דער שטימונג, נישט אן די ווערטער.

זעהט באטש די אפגעהאקטע, האלבע ווערטער וואס דעם דאקטאר'ס פרוי ענט־פערט אויף דעם דאקטאר'ס מוסר, אין י. ל. מאלאמוט'ס סקיצע. דאכט זיך קור־צענקע ווערטער; זאצען, ווי מען וואלט זיי מיט א מעסער אפגעשניטען, אזוי קורץ זיינען זיי און פארט שאפט זיך נישט נאר די שטימונג, וואס דער שרייבער איז אויי־סען געווען, נאר אויך יענע שטימונג, אין וועלכער נינא איז געווען איינגעקלאמערט די נאכט פון דעם איבערראשונגס־אונ־טערהאלט.

אין די ערשטע צוויי קאפיטלעך, ווי קורץ זיי זיינען, האט זיך דעם שרייבער איינגעגעבען צו אפמאהלען כמעט בולט די צוויי טיפען.

דאס דריטע קאפיטעל איז שוין מעשה בפני עצמה.

ווארים מוסיף געווען האט ער גארנישט ווען ער האט פלוצים אריינגעבראכט א נייעם טיפ, דעם מוזיקער סילווערמאן.

האט ער דערמיט געוואלט צייגען, מיט וועמען נינא'ן איז אנגענעהם צו פארברענ־גען און דערמיט אויסגעדריבט ביים לע־זער דעם תענוג פון אליין וועגען דעם נאכצוטראכטען.

נאך [...] ערשטע צוויי קאפיטלעך בלייבט דער לעזער איבער מיט דעם חשק זיך ארגינצוטראכטען אין דער טיף־לייד־ענ־דער נשמה פון נינא'ן, וועלכע באדט זיך אין א ים פון צער און בענקעניש נאך עפעס.

עפעס אן אונבאשטימטעס, וואס איז אזוי ווייט פון דעם אמת'ן לעבען, וואס איז אזוי ווייט פון אונזער וועלטל.

און פלוצים קומט ער און רויבט אוועק ביים לעזער אט דיזע מחשבות און ווייזט איהם ממש אן: אט זעהסט, אט דיזער פיאנא־שפילער איז נינא'ס אידעאל.

נינא איז שוין בכן נישט איבערגעלאזט געווארען צו דער פאנטאזיע, נאר צום אויג.

חוץ דעם איז עס טאקע נישט אמת.

ווארים וואלט זילבערמאן נישט געווען, ווי מר. מאלאמוט מאהלט איהם אוים, נאר זאל ער זיין אפילו אזעלכער ווי מען רופט דאס אין רוסיש: א „מאלטשונאו", אדער אפילו א פשוט'ער גראמאפאן מיט שעהנע רעקארדס, פון וועלכע עס זאלען זיך גיסען צארטע, פיינע טענער, וואס זאלען בכח זיין נינא'ן אוועקצוטראגען [...] איהר רעאלען לעבען און זי מעהר צר־גויפטוליען מיט איהר אנגעריבען שטענ־דיגען צער, וואס נאגט און רייסט שטיקער פון דער נשמה, וואלט זי אויך פונם גרא־מאפאן אויף א מינוט נישט אפגעטרא־טען.

עס איז אלזא, לויט מיין חות דעת, לחלוטין איבעריג און אויך פאלש דאס דריטע קאפיטעל.

און נאר דערפאר האב איך זיך דערויף אפגעשטעלט לענגער, ווייל די ערשטע צוויי קאפיטלעך, וועלכע זיינען אליין א גאנצע „זאך", זיינען צו אימפולסיוו און צו שטימונגספאל אנגעשריבען, אז עס זאל נישט בראי זיין וועגען זיי א קרי־טישען איבערבליק צו שרייבען.

פאר מיר וואס איז באקאנט מיט מא־לאמוט'ס שרייבען שוין א היבשע פאר יאהר, אין זיין „אין איינזאמקייט" געווען אן אנגענעהמע איבערראשונג. איך האב געלייענט זיינע געלונגענע קינדער מעשה־לעך, הומארעסקעס, רעאליסטיש געמאהלע־נע לענגערע ערצעהלונגען, אדער ווי מען רופט זיי אין דער צייטונג „ראמאנען", בעסער וואלט געווען — „נאוועלען". אזא איינדרוקספאלע שטימונגס סקיצע האב איך פון איהם נאך נישט געלייענט.

וועט ער מיך פאלגען און ביי אן אנ־דער געלעגענהייט בלויז די ערשטע צוויי קאפיטלעך דרוקען, וועט דאס זיין דאס בעסטע פון זיין שאפונג.

ביי דיזער געלעגענהייט, וויל איך זא־גען אז איך וועל זיך וועגען דער היינטי־גער טעמא פון סקיצען־שרייבעריי נאך אמאל אומקעהרען. איך פיהל אז אין אונ־זער שטאדט זיינען פאראן נישט וועניג אינטעליגענטע יונגע מענשען. זיינען דאך דא פאראן א היבש ביסעל פאעטען, קיין סקיצען שרייבער, אדער אפילו מעמוארען שרייבער זיינען דא נישטא. איך ווייס אז פיעלע מיינען דאס אנצושרייבען א סקיצע אדער ערצעהלונג פאדערט זיך מי יודע וואס פאר א פעהיגקייטען. נאך אן אויספיהרליכער דערקלעהרונג וועגען סקי־צען־שרייבעריי, גלויב איך, אז פיעלע וועי־לען זיך פראבירען אויף אויף דיזען גע־ביעט פון דער ליטעראטור.

איך פון מיין זייט וועל מיט פארגע־ניגען געהאלפען יעדען יונגענמאן, וואס וועט פראבירען שאפען ערצעהלונגען.

אין אלגעמיין איז מיר חשוב די אידי־שע ליטעראטור און איך בין גרייט אפ־צוגעבען מיין צייט, כאטש זי איז מיר זעהר באשרענקט, אויף צו העלפען, ער־שידי מנעת, יעדען אנפאנגער, אדער ניי־ער קראפט.

---

קאסטאמער — זעהט, וויטער, אט האב איך געפונען א הויזען קנעפעל אין מיין סופ.

וויטער — א שעהנעם דאנק אייך, איך זוך שוין דאס קנעפעל זייט דריי טעג.


פעברוארי סטאק רעדוצירענדע רסייל
אנגעטען פאר קאלומביא גראפאנאלאס
און רעקארדס
Columbia Note the Notes
וואלנוט ניין פיעס סוויט
דער בופעט איז 60 אינטשעס לאנג מיט א 54 אינטש טייבעל און א פראכט פולער טשיינע קעבינעט. די שערס האַבען פראכטפאלע בלויע לעדערנע סיטס.
דזשענואיין וואלנוט
דאס איז זיכער דער שעהנסטער בעד רום סעט אוי דאונזער פלאר. גרויסער דרעסער מיט א שווערע פלייט שפיגעל, א וואונדערבארע דרעסינג טייבעל, א טשיפערעט מי א מאסיווער באוענד. פעברואר סייל פרייז — — — $387.50
א שווערער טעפעסטרי סוויט
א זעהר שעהנער סוויט, מיט ווייכע קושענס מי ספרינגס און ספרינג ארם־רעוועגפארט אפהאלסטער אין שעהנעם גרין און ראוז טעפעסטרי. פעברוארי סייל פרייז — — — — — — — — $287.50
דזשענויין רעד סידאר טשעסט
אין ניכען וועט איהר שוין אוועקלעגען איבערן זומער אייערע פאר קאוטס. אבער מיט וואס זענט איהר זיכער, אז ווען איהר וועט יי דערנאך ווידער אויספאקעווען וועלען זיי ניט זיין צופרעסען פון מויל? א קליינע אינוועסטמענט אין א סידאר טשעסט איז פונקט ווי אאינשורענס פאליסי אויף אייערע ווערטפולע בעלים. דער סייל פרייז איז — $26.50
סילק שייד פיאנא לאמפען.
כאטש זיי האבען זיך זעהר גוט אויסגעקויפט אין יום טוב סעזאן, איז אונזער אויסוואהל דאך געווען אזוי גרויס, אז מיר קענען אייך מיט פארגעניגען נאך צו קלייבען א פאסענדען לאמפ מיט דעם ריכטיגען שייד. פעב. סייל $16.25
שטאהלענע בעטען
דאס דאזיגע סימאנס בעט האט א שווערען קאנטינועס פאסט און 5 אייןאינטשיגע פיללערס, סייל פרייז בלויז — — — — — — — $16.75
גרויסע סייז קריב
עס וועט נעהמען גאנץ לאנג ביז איהר וועט ווייטער האבען א געלעגענהייט צו קויפען איינעם פון די דאזיגע גרויסע סייזעס ווייסער ענאמעל קריבס מיט זייטען וואס לאזען זיך ארונטער און מיט א שטארקער ספרינג בלוי פאר $12.50
פעריאד טישען
ע'שט ערהאלטען א שיפמענט פון דיזע מאהאגאני קווין ענן, לייברערי טישען, פונקט ווי דער קאט ווייזט דאס. פעב. סייל פרייז $39.00
ווייער ספרינגס
דיזע ווייסע ענאמעל בעזינעטס האבען ספרינגס אויסגעוועבט פון דראט און זענען זעהר באקוועם צו מופען. פרייז בלויז אין פעב. סייל $4.00
סאליד אוק ראקערס
דיזע סאליד אוק ראקערס האבען ריכטיגע לעדער סיטס און זענען בלויז געפרייזט $19.00
פעריאד סטייל
דיזער פראכטפולער הייבעק ראקער איז אין קווין אננא סטייל און געבעט מיט סילק טאפעסטרי, ספעשעל פרייז $37.50
אמה„ע לעדער
מיר דארפען פארקויפען זיבען דזשענואיין לעדער ראקערס צו $39.00
א סימאנס בעד
אט איז א טשענס פאר אייך צו קריגען א 2 אינטש קאנטיניוס פאסט אויף דער שפאט בילינסטער פרייז פון $14.00
א וואלנוט סוויט פון 9 שטיק
9 שטיקלאך מעבעל אלס איהר וועט באטראכטען. זעהר ווירדיג פאר אייערע בעסטע אנגעלעגנטע געסט. פון וואונדערבארע שיפענדרייל מאיף זעהר צוציהענד. איהר קענט דאס ניט אפשעצען ביז איהר זעהט דאס ניט. דער סייל פרייז $470.00
לאיד לום קערידזש
קיין זאך ניט אזוי באקוועם און ווינטער ווי דער לאיד לום קארדראי בעק קוירטען קערידזש. פעב. סייל פרייז $29.00
דע-לוקס 4 רום
אוטפיט
דאס איז פאר א פאר פאלק וואס וויל היי גרייד פוירניטשור א פראכטפולער וואלנאט דייניגג רום סוויט, א בעט רום פון פיער שטיקלעך, דזשענואיין לעדער ראקערס, דזשענואיין מאהאגאני לייברערי טייבעל, דאס אלעס־שלסיט אין דעם אוטפיט $550.50
א וואלנוט סוויט פון 8 שטיק
שעלט יך נאך פאר ווי אער דייגינג רום וועט אויסזעהן מיט אזעלכע אכט שיקלאך מעבעל. פון דעם גראציעזען פעריאד וויליאר און מערי. גרויסער בופעט. 54 אינטש טיש פו דזשענואיין אמעריקאן וואלנוט. די טשערס פון דזשענואיין לעדער. פעב סייל פרייז — $235.00
רעשטלאך אין קארפעטס
מיר האבען עטליכע שטיקלאך קארפעטס אין פארשידענע סייזען פון 2 ביז 12 יארד. סייל פרייז בלויז 69 סענט
McCOY BROTHERS
Complete Home Furnishers
616-622 Oakland Avenue

# מארגענטוי׳ס באריכט .וועגען די פאגראמען אין פוילען

פארטזעצונג

10. ווייל עס איז געווען לייכט אויס־צופארשען די פאגראמען און אויך געפינען יוי ווייט מעגליך די שולדיגע, איז אבער שווערער אויסצוגעפינען די מאס פון דאס דיסקרימינירען געגען די אידען. די דיסקרימינירונג באשטעהט הויפטזעכליך אין דעם עקאנאמישען באיקאט. די נאצ־יאנאלע דעמאקראטישע פארטיי האט כסדר אגיטירט דאס עקאנאמישע דער־שטיקונג פון די אידען דורך דער פרעסע, דורך אפיציעלע מעלדונגען, ווי אויך דורך רעדען, איז די קריסטליכע בעפעלקערונג אויפגעפאדערט ניט צו האנדלען מיט די אידען. לאנד באלעבאטעס ווערען געווא־רנט ניט צו פערקויפען זייער לאנד צו די אידען, און אפט ווען דאס איז יא געטאן געווארען, זיינען די נעמען פון די פערקוי־פער אפגעדרוקט געווארען אין שווארצע צירקולארען, זאגענדיג דאס די פערקויפער זיינען „טויט צו פוילען".

אפילו איצטער ווערט אט דער קאמ־פיין אנגעפיהרט פון דער ניט פוילישער פרעסע, וועלכע האלט אין דיידען, דאס דער עקאנאמישער באיקאט דארף בענוצט ווערען אלס א מיטעל פאר פוילען פטור צו ווערען פון די אידען. אט די אגיטאציע האט געלאזט דעם איינדרוק אויף די פוילישע אידען, דאס אן אונזיכט־באר שטריק איז פערצויגען אויף זייערע העלזער, און זיי זאגען, אז דאס איז די ער־שטע פארפאלגונג וואס זיי זיינען גענויט צו ערטראגען. קריסטליכע ארבייטער האבען פיעל מאל זיך ענטזאגט צו ארביי־טען מיט אידישע. דער פרעזענט פון די אידען אויף קהלה'שע שטעלען, איבער־הויפט אויף די קלענערע שטעלען ווי אייזענבאהנען אנגעשטעלטע, פייערלייטע און פאליציי לייטע איז א סך פארקלע־נערט געווארען זינט די נייע רעגירונג איז אריין אין מאכט. די קאמיסיע האט נעקראגען דאקומענטען, וועלכע באווייזען דאס די רעגירונג האט ענטזאגט א סך אידישע אנגעשטעלטע אויף די אייזענבאה־נען און האט זיי געגעבען סערטיפיקייטס וועלכע זאגען, דאס די איינציגע אורזאך, פארוואס זיי זיינען ענטזאגט געווארען איז דער פאקט דאס זיי זיינען אידען.

11. דאס עטאבלירען פון קאאפערא־טיווע געשעפטען איז פון די אידען קרעמער אנגענומען געווארען אלס א פארמע פון דיסקרימינירונג. עס שטעלט זיך אבער ארויס אז דאס איז א גאנץ לעגאלער פער־זוך צו פארקלענערען די טעטיגקייט און די פראפעטירונג פון דעם מיטעלמאן. אומ־גליקליכער ווייזע, ווען די געשעפטען זיינען געעפענט געווארען זיינען זיי אדווערטייזט געווארען אלס א מיטעל צו באקעמפען די אידען קרעמער. די אידען דאריבער האבען געקראגען די איבערצייגונג דאס די געשעפטען זיינען געגרינדעט געווארען זיי צו אטאקירען. אבוואהל עס איז מעג־ליך דאס די אנפיהרונג פון אט די געשעפטען, ווי אויך פריוואטע פערזאנען מוז אבער דאך צוגעגעבען ווערען, אז דאס איז אן עקאנאמישע טעטיגקייט, וועלכע יעדע געמיינדע האט דאס רעכט אנצופיה־רען. אויף דער אנדער זייט אבער, מענה'ען פיעל אידישע קאאפעראטיווע געשעפטען, ווי אויך פריוואטע פערזאנען, דאס די רעגירונג דיסקרימינירט געגען זיי אין דאס פאנאנדערטיילען די שפייז קאנטראלירט פון דער רעגירונג.

12. די רעגירונג האט אפגעלייקענט דאס זי פיהרט אן א פאליסי פון דיסקרי־מינירען געגען אידען, אבוואהל זי לייקענט ניט, דאס אין איינציגע פעלע האט דאס יא געקענט פארפיהרען. פאהרשטעהער פון דער רעגירונג האבען פערזיכערט דער קאמיסיע, דאס אזוי פיעל וויפיעל עס וועט ליגען אין זייער מאכט וועט דאס דיסקרימינירען בעזייטיגט ווערען.

13. און באטראכטענדיג די אורזאכען וואס האבען געבראכט די אנטיסעמיטישע שטימונג, וועלכע האבען פאראורזאכט דאס וואס עס איז פריהער בעשריבען געווארען, מוז מען געדענקען, דאס זינט פוילען איז פאנאנדערגעטיילט געווארען אין 1795, האבען די פאליאקען אלץ געזוכט זיך ווי־דער צו פאראייניגען און צו קריגען אלס א פאלק זייער פרייהייט. אט דער בסדר'דיגער וואונש אנצוהאלטען זייערע נאציאנאלע שטרעבונגען האט זיי געב־בראכט דערצו, דאס זיי האבען געקוקט מיט א האס אויף אלעם, וואס האט נור געקענט שטערען זייערע ציעלען. דאס האט געפיהרט צו א קאנפליקט מיט אנדע־רע אידישע ארגאניזאציעס, וועלכע האבען ערקלערט, דאס זיי ווילען קריגען קולטורע אין אויטאנאמיע פינאנציעל אונטערשטיצט פון די רעגירונגען. דערצו נאך האט די שטעלונג וואס די אידען האבען גענומען צום ארטיקעל 93 פון דער ווערסאלער טריטי, וועלכע גאראנטירט דאס רעכט פון די ראסען און רעליגיעזע מינאריטע־טען אין פוילען, געבראכט א ווייטערע

אלעס אבער, איז די פוילישע נאציאנאלע שטימונג געגען דאס, וואס זיי רופען דער „פרעמדער" כאראקטער פון דער אידי־שער מאסע אין פוילען. איבערהויפט זעהען דאס אפט די פאליאקען אין די באזונדערארטיגע קליידער, וואס די אידען טראגען. אין זייער היטען דעם שבת, אין טאן ביזנעס זונטאג, אין זייער כשרות, אין טראגען בערד און ריידען זייער אייגענע שפראך. דער באזיס פון זייער שפראך איז א דייטשער דיאלעקט, און דער פאקט דאס דייטשלאנד איז גע־ווען — און איז — א פיינד פון פוילען, כמעט די גאנצע זאך נאך מעהר אונבע־ליעבט. דאס קאנצענטרירען פון די אידישע מאסען אין געוויסע געגענדען פון די פוילישע שטעדט, האט אויך דייטליך צוגעגעבען, דאס די אידען זיינען אבגעזונדערט פון אלע איבעריגע בירגער.

14. די אנגעצויגענע באציהונגען צווי־שען אידען און ניט אידען זיינען שפעטער נאך אנגעצויגענער געווארען — ניט נור דורך דער גרויסער מלחמה, אין פארלויף פון וועלכער פוילען איז געווען דאס שלאכט־פעלד פאר רוסישע, דייטשע און עסטרייכישע ארמעען. נאר אויך דורך די איצטיגע סכסוכים מיט די באלשעווי־קעס און אוקראינער. פוילען געפינט זיך איצט עקאנאמיש אין סאמע נידריגסטען שטאנד. מאנופאקטור און קאמערץ האבען פאקטיש אויפגעהערט. דער דוחק דער יקרות, און די פאלקאמענע שפייז־פארטיילונג איז א דראענדע געפאהר פאר דעם געזונד און וואהלזיין פון דער שטאד־טישע בעפעלקערונג. אין רעזולטאט ליידען הונדערטער טויזענדער פון הונגער געהען ארום האלב אנגעטאהענע טויזענ־דער שטארבען פון קראנקהייטען, שטארבען מיט א הונגער טויט. דאס וואס דער האנדעל איז טויט, רופט זיך ספעצ־יעל אפ אויף דער אידישער בעפעלקערונג וועלכע איז כמעט אין גאנצען אנגעוויזען אויף האנדעל. צוליעב די אלע אויבען באשריבענע אומשטענדען, האבען די פרייזען זיך פארדאפעלט און פארדריי־פאכט, אבער די באפעלקערונג ווערט אויפגערייצט געגען די אידישע סוחרים; אויף זיי ווארפט זי די שולד פאר דער אומנארמאלער שטייגונג פון די פרייזען וואס שטאמט נאר פון אנדערע אורזא־כען.

15. די גרויסע מאיאריטעט פון די אידען אין פוילען באלאנגט צו באזונ־דערע אידישע פאליטישע פארטייען. די גרעסטע פון זיי זענען די ארטאדאקסישע ציוניסטישע און נאציאנאלע פארטייען. אזוי ווי די אידען פארמירען באזונדערע פאליטישע גרופען, איז מעגליך, אז מאנ־כע פון די פוילישע אנטי־אידישע האנד־לונגען זענען גיכער פון א פאליטישען, און ניט פון אן אנטיסעמיטישען כא־ראקטער. די העכשענדע פאליטישע פאר־טייען גיבען צו זייערע אנהענגער העניע־רינגס פאסטענס און רעגירונגס־פריווי־לעגיעס. עס איז אבער צו האפען, אז די מאיאריטעט פון פוילישען פאלק וועט זיך ניט האלטען ביי דעם סיסטעם אין באצוג צו רעגירונגס פאזיציעס. וואס זע־נען ניט ריין פאליטישע. עס דארף קיין אונטערשייד ניט געמאכט ווערען ביים אויסוואהל פון פראפעסארען און לעהרער פון אייזענבאהן אנגעשטעלטע, פאליציס־טען, פייערלייט און בכלל ביים באשטי־מען אויף אזעלכע שטעלעס, וואס אין ענגלאנד און די פאראייניגטע שטאאטען געהען זיי ארונטער אונטער „סיוויל סויר־וויס". פוילען דארף איינזעהן, אז אזעל־כע שטעלעס דארפען ניט אריינגעצויגען ווערען אין פאליטיק. טיכטיגקייט און דיענסט קען נור הערגרייכט ווערען, ווען מען שטעלט אן די בעסטע מענשען, אהן אונטערשייד פון פארטיי און רעליגיאן.

16. די באציהונגען צווישען אידען און ניט־אידען יעלען אהן ספק זיך פאר־בעסערען אין א שטארקער דעמאקראטי־שער פוילען. כדי דאס זאל גיכער דער־גרייכט ווערען, דארף זיין פארשטענדי־גונג און מיטארבייטשאפט צווישען 86 פראצענט קריסטען און 14 פראצענט אי־דען. די 86 פראצענט דארפען פארשטעהן אז זיי קענען ניט ארויסשטעלען א פעס־טען פראנט געגען זייערע שכנים, אויב זיבען פראצענט פון דער באפעלקערונג איז אומצופרידען, איינגעשראנקען און אונאקטיוו. די מינאריטעט דארף אויפ־געמונטערט ווערען מיטצוהעלפען מיט זייער גאנצען כח און איינפלוס — צו מאכען פוילען פאר א גרויס געאייניגט לאנד. — אזא לאנד איז נויטיג אין צענטראל אייראפא אום אנטקעגענצו־שטעהן די געוואלדיגע סכנות, וואס דראָ־העו איהר. פוילען מוז וואס שנעלער ענט־וויקלען זיך צו פולער קראפט; מיט איהר פיהרונג דארף זי צוערשט פארדיענען און דערנאך קריגען די פולהארציגע מאראלע, פינאנציעלע און עקאנאמישע שטיצע פון דער גאנצער וועלט, וואס דאס אליין קען ערשט פארזיכערען ערפאלג דער רעפוב־ליק אין דער צוקונפט.

פארלאנגט א נייע קאמיסיע זאל באשטימט ווערען.

17. עס איז אונמעגליך געווען פאר דער מיסיע, אין די צוויי חדשים וואס זי האט פארבראכט אין פוילען — צו טאן מעהר, ווי צו באקענען זיך מיט דער אל־געמיינער לאגע פון דער באפעלקערונג. כדי צו פארמולירען א לייזונג פון דער אידישער פראגע איז נויטיג א פארזיכ־טיגע און ברייטע אונטערזוכונג — ניט נור וועגען דער עקאנאמישער לאגע פון די אידען, נור אויך וועגען די נייע בא־דערפענישען פון פוילען. און די באדערפ־נישען פון פוילען וועלען מיט באשטימט־קייט ניט קענען פעסטגעשטעלט ווערען, ביז פוילענס גרענעצען וועלען ניט פיק־סירט ווערען, און ביז פוילענס באציהונ־גען מיט רוסלאנד וועלען ענטגילטיג ניט רעגולירט ווערען. ווארים מיט רוסלאנד האט פוילען פריהער געהאט געפיהרט איהר גרעסטען האנדעל. עס ווערט רע־קאמענדירט, אז די ליגע פון נאציאנען, אדער די גרעסטע נאציאנען, וואס זע־נען פאראינטערעסירט אין דעם פראב־לעם זאלען שיקען קיין פוילען א קאמי־סיע, וואס זאל באשטעהן פון אנערקענטע אינדוסטריעלע, פינאנציעלע, אגריקולטו־רעלע און אלע אנדערע פאך עקספערטען. די קאמיסיע זאל פארבלייבען דארט אזוי לאנג, ווי עס וועט נויטיג זיין גרינד־ליך אויסצופארשען דאס פראבלעם.

18. די קאמיסיע זאל אויסגעפינען א פלאן, וואס זאל גאראנטירען די אידען פון פוילען די זעלביגע עקאנאמישע און סאציאלע געלעגענהייטען, וואס זייערע גלויבענס־ברידער געניסען אין אנדערע פרייע לענדער. א נייע פוילישע קאנ־סטיטוציע האלט אין געשאפען ווערען. אין אלגעמיינע שטריכען איז אט דער נאציאנאלער אינסטרומענט שוין אנגע־צייכענט געווען אין דעם ספעציעלען אפמאך מיט די אליאירטע און אסאצי־אירטע לענדער; און אין יענעם אפמאך האט פוילען זיך אונטערגענומען טריי צו זיין צו די פרינציפען פון פרייהייט און גערעכטיגקייט און מינאריטעטען רעכט; און מיר קענען זיכער זיין, אז פוילען וועט טריי זיך האלטען צו איהר פארפליכטונג, וועלכע איז דורכאויס אין איינקלאנג מיט די בעסטע טראדיציעס פון דער נאציאן. א נייע לעבען וועט דורך דעם געעפענט ווערען פאר די אי־דען; און עס וועט זיין די אויפגאבע פון דער פראיעקטירטער קאמיסיע צו העל־פען די אידען צו פראפיטירען דערפון און צו געווינען דעמזעלביגען אנזעהן וואס זייערע גלויבענס־גענאסען האבען אנדערשוואו געוואונען, אלס ווערטפולע מיטשותפים צו דער געמיינדשאפט, אין וועל־כער זיי לעבען. די פריינד פון די פוילי־שע אידען אין אמעריקא, ענגלאנד, און אנדערשוואו, וועלכע האבען שוין ארויס־געוויזען אזא גרויסע אינטערעס אין זיי־ער וואהלזיין, — די זעלביגע פריינד וועלען מיט פרייד זיך אנכאפען אין דער געלעגנהייט מיטצוהעלפען. דער קאמי־סיע אויסצוארבייטען יעדע פאסיגע ליי־זונג, וואס די קאמיסיע וועט פארשלאגען. דער פאקט, אז עס קען געהמען א דור אדער צווי ביז דער ציעל וועט דער־גרייכט ווערען, דארף ניט ענטמוטיגען.

19. אלע בירגער פון פוילען דארפען איינזעהן, אז זיי מוזען דאך לעבען צו־זאמען. זיי קענען ניט אפגעשיידט ווע־רען איינע פון די אנדערע — ניט דורך געוואלד און ניט דורך געריכט. אזוי גיך ווי אלע בירגער פון פוילען וועלען פאלשטענדיג באגרייפען דעם פאקט, וועלען זיי מוזען טאן אלץ, וואס איז אין זייער כח צו קומען צו א בעסערער פאר־שטענדניס; צו פארלייכטערען די עקזיס־טירענדע אומשטענדען — און ניט צו פארמעהרען די אנטיפאטיע און אומצו־פרידענהייט. די פוילישע נאציאן דארף איינזעהן, אז איהרע ערגסטע שונאים זיי־נען די, וואס העצען צו אינערליכע סכסוכים. א הויז, וואס איז צעטיילט אין זיך גופא, קען זיך נישט האלטען. עס דארף זיין נור איין קלאס בירגער אין פוילען, וואס אלע זיינע מיטגלידער גע־ניסען די זעלביגע רעכט און טראגען די זעלביגע פליכט.

מיט רעספעקט פארבלייבענדיג
(אונטערגעצייכענט)
הענרי מארגענטוי.

# ווי מען ענטפערט אויף די צענזוס פראגען

פון א סניטקאווער

אויב אין וואשינגטאן קלייבען זיך אן אזעלכע דאקומענטען, ווי דער וואס מיר געהען איך דא איבערגעבען, קען מען זיך שוין אליין משער זיין וואס פאר א טאלק מיר קענען דערגעהן דורך דעם צענזוס.

די גאנצע ארבעט באשטעהט אין ענט־פערען אויף פראגען וואס געפינען זיך אויף א „קוועסטשיאנער" וואס איז צוגע־גרייט פאר דיעזען צוועק.

דער קוועסטשיאנער האט פראגען און ענטפערען.

פאר א ביישפיעל לייענט איצט איבער דאס פאלגענדע:

פראגע: — וואס קעהרט איהר זיך אן מיט דעם הערר מיט וועלכען איהר לעבט?

ענטפער: — א לעבען. (פארגרייזט פון דעם ענגלישען ווארט „וויף" אויף „לייף"). ווייטער.

פראגע: — איז דאס אייערע אן איי־גענע הויז, אדער איהר צאהלט דירה געלט?

ענטפער: — סינגעל.

פראגע: — צו וועלכען געשלעכט גע־הערט איהר?

ענטפער: — איטאליענר.

פראגע: — אין וועלכע הייראטס בא־ציהונגען?

ענטפער: — נישקשה.

פראגע: — קענט איהר לעזען? (שרייבט יא אדער ניין.)

ענטפער: — ביידע.

פראגע: — וואו זענט איהר געבארען?

ענטפער: — גרייט לייקס, אינזשעני־רינג קארפוס.

פראגע: — קענט איהר ריידען ענג־ליש? (שרייבט יא אדער ניין).

ענטפער: — איינס פון די ביידע.

פראגע: — וואס איז אייער באשעפ־טיגונג?

ענטפער: — א שוסטער.

(לעזט ווייטער).

פראגע: — ביי וועמען זענט איהר בא־שעפטיגט?

ענטפער: — אין א לאמבער יארד.

פראגע: — זענט איהר אן ארבעטסגע־בער, אדער אן ארבעטער פאר ווידזשעס, אדער סאלארי, אדער ארבעט איהר פאר זיך אליין?

ענטפער: — יא.

פראגע: — וואס פאר א שפראך רעדט איהר?

ענטפער: — א פראטעסטאנט.

פאר א מוסטער פון חכמה, איז דאס דאכט זיך גענוג. דער צענזוס האט אנ־געהויבען טאן זיין ארבעט מיט צוויי וואכען צוריק און אין יוני וועלען מיר וויסען די רעזולטאטען. אבער וואס די רעזולטאטען וועלען זיין, קען קיינער סיין חכם ניט זיין.

דארפען דארף דאס זיין אזוי. פאראן גוטע און שלעכטע מענשען, פראפיטי־רער און באנקירען, נייע אויפגעקומענע נבירים, און פריש־געבאקענע קבצנים, און אזוי ווי וואשינגטאן וועט מאכען א סך הכול און איהם פארשליסען ביי זיך, וועט יעדער איינער קענען א פאהר טאן אין וואשינגטאן און א פרעג געבען למשל:

— וויפיעל לאנדרי לייט האב איך אין מיין שטאדט?

און וואשינגטאן וועט אויפשליסען דאס

קעסטעלע, וואו דער סך הכול ליגט וועט א בלעטער טאן אין קאטאלאג און גלייך ארויסלעזען דעם ענטפער: 432,695 אדער עהנליכעס. עס קען זיין אז מען וועט זיך נאך לאנג ארומרייסען אין סע־נאט ארום די „רעזערוויישאנס" אין דער טריטי, אדער עס וועט נאך אנין ווייטער אויך פאסירען אז א בריעף אויפנעלענט אין ניו יארק זאל אונז אנקומען אין א פאר יאהר ארום, אבער דערפאר אז מיר וועלען זיין „ביינערליך" צו וויסען, וויפיעל מענשען געפינען זיך אין אמעריקא וואס זענען געבארען זאגען מיר, אין סאמאט־רא, וועט מען אונז גלייך זאגען.

אבער שפאס אין א זייט.

איצט ווען מיר לעבען אין א צייט, ווען די וועלט האלט זיך אין באנייען, אין ענדערען, ווען אלעס ווערט אזוי פינקטליך, איצט וועט איהר דאך נישט גלויבען, אז עס זענען נאך דא עלטערע פרויען וואס לאזען ארונטער די אויגען און הויבען אן רויט ווערען, ווען זיי דאר־פען ענטפערען פאר'ן צענזוס ווי אלט זיי זענען, געהט זשע, זייט מוחל, כאפט א שפאציער מיט'ן מאן, וואס שטעלט די פראגען, נעמט איהר עפעס זעהן.

א ביזנעס פרוי, למשל, טעלעפאנירט אריין צום צענזוס אפיס:

— היות ווי זי איז געווען ביי דער ארבעט בעת דער צענזוס האט ביי איהר אויף דער קווארטיר געשטעלט פראגען, און די באלעבאסטע האט געענטפערט פאר אלע וואס וואוינען ביי איהר, נאר זענען ניט געווען אין הויז, בכן איז זי איבערצייגט, אז יענע האט ניט געענט־פערט ריכטיג, זי האט ניט געקענט ענט־פערען ריכטיג.

פרעגט דער אפיס:

— וואס האט יענע געענטפערט?

ענטפערט די ביזנעס פרוי:

— איך ווייס ניט, וואס יענע האט געענטפערט, נאר זיכער איז, אז זי האט ניט געענטפערט ריכטיג.

— צום ביישפיעל? — פרעגט מען זי איבער נאכאמאל.

— אט צום ביישפיעל וועגען מיין על־טער. איך בין זיכער, אז זי האט מיר פארשריבען פיעל עלטער ווי איך בין, ווייל איך זעה אויס א סך עלטער, איהר ווייסט דאך, פאראן א סך מענשען, וואס זעהען אויס עלטער ווי זיי זענען אין דער אמת'ן... בפרט פרויען, א יא?

און דער אפיס האט צוליעב געטאן דער פרוי, איהר פארשפראכען אריינצו־שיקען נייע „קוועסטשאנירס" אז זי זאל אליין פאר זיך ענטפערען ווי אלט זי איז.

אין אנאנדער הויז איז א פרוי געקו־מען פון צענזוס אין א הויז, וואו עס וואוינען צוויי עלטערע מיידלאך, אלעס איז געגאנגען גוט, ביז — נו, ביז ס'איז גע־קומען צו דער פראגע: ווי אלט זיי זע־נען.

די פרויען האבען זיך געקארטשעט און גערעדט, אהער און אהין, אבער האבען אויף דער פראגע ניט געענטפערט.

אויף מארגען האט דער צענזוס אפיס געשיקט א מאן אין דעם אינגענעם הויז אריין.

— מיר איז גאנץ ענגל וואס איהר וועט ענטפערען. — ערקלעהרט דער מאן, — אבער אנקעל סעם וויל וויסען, און איהר וועט אזוי גוט זיין און מיר זאגען ווי אלט איהר זענט.

און די פרויען האבען געהאלטען אין איין בעטען זיך:

— וואס האט מען צו אונז, מיר האבען קיינמאל ניט לעבען, אונזער עלטער קיינעם נישט געזאגט, איבערהויפט נאך צו א מאן!

ערשט נאך דעם ווען דער מאן האט זיי ערקלעהרט אז דאס געזעץ באשטראפט מיט הונ־דערט דאלאר אדער פריזאן איז איינע פון די פרויען צוגעגאנגען און ארונטער־געצויגען די פארהאנגען איבער'ן פענס־טער און ענדליך א זאג געטאן.

— פינף און פערציג.

און דער צענזוס מאן ערקלעהרט, אז אויב יענע פרוי איז פינף און פערציג, איז ער נאך ניט געבארען געווארען.

א חוץ דעם פאסירט אז אין די אויס־לענדישע קווארטאלען, צושרעקען זיך אי־טאליענער און לויפען ארויס מיט מעסער אנטקעגען דעם צענזוס מאן.

אין שווארצען קווארטאל, אין דעטר־ראיט, איז מען איינעם באפאלען מיט א מעסער ווייל ער האט געפרעגט יענעם: „זענט איהר טויב אדער שטום"?

האט זיך יענער שטארק באליידיגט און איהם פאריאגט מיט א רעוואלווער.

אין אן אנדער הויז ביי א איטאליענער האט דער צענזוס מאן באמערקט אז די ספאגעטי וואס קאכט זיך, שמעקט זעהר גוט, האט מען זיך מיט איהם דער־פרעהט, איהם אוועקגעזעצט אויבענאן און איהם מכבד געווען מיט דער ספאגעטי, אזוי, אז ער האט אפגעגעסען, איז ער קוים אנטלאפען פון הויז, און שוין ניט געוואלט שטעלען קיין פראגען.

סיי ווי, קלוגער וועלען מיר פון צענ־

# מאָרגענטוי'ס באריכט וועגען די פאגראמען אין פוילען

פארטזעצונג

10. ווייל עס איז געווען לייכט אויסצופארשען די פאגראמען און אויך געפינען ווי ווייט מעגליך די שולדיגע, איזאבער שווערער אויסצוגעפינען די מאָס פון דאס דיסקרימינירען געגען די אידען. די דיסקרימינירונג באשטעהט הויפטזעכליך אין דעם עקאנאמישען באיקאט. די נאציאנאלע דעמאקראטישע פארטיי האט בסדר אגיטירט דאס עקאנאמישע דערשטיקונג פון די אידען דורך דער פרעסע, דורך אפיציעלע מעלדונגען, ווי אויך דורך רעדען, אין די קריסטליכע בעפעלקערונג אויפגעפאָדערט ניט צו האנדלען מיט די אידען. „לאנד באלעבאטים ווערען געראטען ניט צו פערקויפען זייער לאנד צו די אידען, און אפט ווען דאס איז יא געטאן געוואָרען, זיינען די נעמען פון די פערקויפער אפגעדרוקט געוואָרען אין שווארצע צירקולאַרען, זאגענדיג דאס די פערקויפער זיינען „טויט צו פוילען".

אפילו איצטער ווערט אַט דער קאמפיין אנגעפיהרט פון דער ניט פוילישער פרעסע. וועלכע האלט אין ריידען, דאס דער עקאנאמישער באיקאט דארף בענוצט ווערען אלס א מיטעל פאר פוילען פטור צו ווערען פון די אידען. אַט די אגיטאציע האט געלאזט דעם איינדרוק אויף די פוילישע אידען. דאס אן אונזיכטבארע שטריק איז פערצויגען אויף זייערע העלזער, און זיי זאגען, אז דאס איז די ערשטע פארפאלגונג וואס זיי זיינען געצווינגען צו ערטראגען. קריסטליכע ארבייטער האבען פיעל מאל זיך ענטזאגט צו ארבייטען מיט אידישע. דער פראצענט פון די אידען אויף קהלה'שע שטעלען, איבערהויפט אויף די קלענערע שטעלען ווי אייזענבאהנען אנגעשטעלטע, פייערלייטע און פאליציי לייטע איז א סך פארקלענערט געוואָרען זינט די נייע רעגירונג איז אריין אין מאכט. די קאמיסיע האט געקראגען דאקומענטען, וועלכע באווייזען דאס די רעגירונג האט ענטזאגט א סך אידישע אנגעשטעלטע אויף די אייזענבאהנען און האט זיי געגעבען סערטיפיקייטס וועלכע זאגען, דאס די איינציגע אורזאך, פארוואס זיי זיינען ענטזאגט געוואָרען איז דער פאקט דאס זיי זיינען אידען.

11. דאס עטאבלירען פון קאאפעראטיווע געשעפטען איז פון די אידען קרעמער אנגענומען געוואָרען אלס א פארמע פון דיסקרימינירונג. עס שטעלט זיך אבער ארויס אז דאס איז א גאנץ נאטירלעכער פערזוך צו פארקלענערען די טעטיגקייט און די פראפעסירונג פון דעם מיטעלמאן. אומגליקליכער ווייזע, ווען די געשעפטען זיינען געעפענט געוואָרען זיינען זיי אדווערטייזט געוואָרען אלס א מיטעל צו באקעמפען די אידען קרעמער. די אידען דאריבער האבען געקראגען די איבערצייגונג דאס די געשעפטען זיינען געגרינדעט געוואָרען זיי צו אטאקירען. אבוואהל עס איז מעגליך דאס די אנפיהרונג פון אט די געשעפטען, ווי אויך פריוואטע פערזאנען ביז אבער דאך צוגעגעבען ווערען, אז דאס איז אן עקאנאמישע טעטיגקייט, וועלכע יעדע געמיינדע האט דאס רעכט אנצופיהרען, אויף דער אנדער זייט אבער, טענה'ען פיעל אידישע קאאפעראטיווע געשעפטען, ווי אויך פריוואטע פערזאנען, דאס די רעגירונג דיסקרימינירט געגען זיי אין דאס פאנאנדערטיילען די שפייז קאנטראָלירט פון דער רעגירונג.

12. די רעגירונג האט אפנעלייקענט דאס זי פיהרט אן א פאליסי פון דיסקרימינירען געגען אידען, אבוואהל זי לייקענט נים, דאס אין איינציגע פעלע האט דאס יא געקענט פארפיהרען. פארשטעהער פון דער רעגירונג האבען פערזיכערט דער קאמיסיע, דאס אזוי פיעל וויפיעל עס וועט ליגען אין זייער מאכט וועט דאס דיסקרימינירען בעזייטיגט ווערען.

13. און באטראכטענדיג די אורזאכען וואס האבען געבראכט די אנטיסעמיטישע שטימונג, וועלכע האבען פאראורזאכט דאס וואס עס איז פריהער בעשריבען געוואָרען, מוז מען געדענקען, דאס זינט פוילען איז פאנאנדערגעטיילט געוואָרען אין 1795, האבען די פאליאקען אלזנעזוכט זיך ווידער צו פאראייניגען און צו קריגען אלס א פאלק זייער פרייהייט. אַט דער בסדר'דיגער וואונש אנצוהאלטען זייערע נאציאנאלע שטרעבונגען האט זיי געבראכט דערצו, דאס זיי האבען געקוקט מיט א חשד אויף אלעס, וואס האט נור געקענט שטער'ען זייערע ציעלען. דאס האט געפיהרט צו א קאנפליקט מיט אנדערע אידישע ארגאניזאציעס, וועלכע האבען ערקלערט, דאס זיי ווילען קריגען קולטורעלע אויטאנאמיע פינאנציעל אונטערשטיצט פון די רעגירונגען. דערצו נאך האט די שטעלונג וואס די אידען האבען גענומען צום ארטיקעל 93 פון דער ווערסאלער טריטי, וועלכע גאראנטירט דאס רעכט פון די ראסען און רעליגיעזע מינאריטעטען אין פוילען, געבראכט א ווייטערע אונצופרידענהייט געגען זיי. מעהר פאר

אלעס אבער, איז די פוילישע נאציאנאלע שטימונג געגען דאס, וואס זיי רופען דער „פרעמדער" כאראקטער פון דער אידישער מאסע אין פוילען. איבערהויפט זעהען דאס אפט די פאליאקען אין די באזונדערארטיגע קליידער, וואס די אידען טראגען. אין זייער היטען דעם שבת, אין טאן ביזנעס זונטאג, אין זייער כשרות, אין טראגען בערד און ריידען זייער אייגענע שפראך. דער באזיס פון זייער שפראך איז א דייטשער דיאלעקט, און דער פאקט דאס דייטשלאנד איז געווען — און איז — א פיינד פון פוילען, כמעט די גאנצע זאך נאך מעהר אונבעליעבט. דאס קאנצענטרירען פון די אידישע מאסען אין געוויסע געגענדען פון די פוילישע שטעדט, האט אויך דייטליך צוגעגעבען, דאס די אידען זיינען אבגעזונדערט פון אלע איבעריגע בירגער.

14. די אנגעצויגענע באציהונגען צווישען אידען און ניט אידען זיינען שפעטער נאך אנגעצויגענער געוואָרען — ניט נור דורך דער גרויסער מלחמה, אין פארלויף פון וועלכער פוילען איז געווען דאס שלאכט־פעלד פאר רוסישע, דייטשע און עסטרייכישע ארמעען. נאר אויך דורך די איצטיגע סכסוכים מיט די באלשעוויקעס און אוקראינער. פוילען געפינט זיך איצט עקאנאמיש אין סאמע נידריגסטען שטאנד. מאנופאקטור און קאמערץ האבען פאקטיש אויפגעהערט. דער דוחק דער יקרות, און די פאלקאמענע שפייז פארטיילונג איז א דראנגדע געפאהר פאר דעם געזונד און וואהלזיין פון דער שטאדטישער בעפעלקערונג. אין רעזולטאט ליידען הונדערטער טויזענדער פון הונגער געהען ארום האלב אנגעטאהענע טויזענדער שטארבען פון קראנקהייטען, שטארבען מיט א הונגער טויט. דאס וואס דער האנדעל איז טויט, רופט זיך ספעציעל אפ אויף דער אידישער בעפעלקערונג וועלכע איז כמעט אין גאנצען אנגעוויזען אויף האנדעל. צוליעב די אלע אויבען באשריבענע אומשטענדען, האבען די פרייזען זיך פארדאפעלט און פארדרייפאכט, אבער די באפעלקערונג ווערט אויפגערייצט געגען די אידישע סוחרים; אויף זיי ווארפט זי די שולד פאר דער אומנארמאלער שטייגונג פון די פרייזען וואס שטאמט נאר פון אנדערע אורזאכען.

15. די גרויסע מאיאריטעט פון די אידען אין פוילען באלאנגט צו באזונדערע אידישע פאליטישע פארטייען. די גרעסטע פון זיי זענען די ארטאדאקסישע ציוניסטישע און נאציאנאלע פארטייען. אזוי ווי די אידען פארמירען באזונדערע פאליטישע גרופען, איז מעגליך, אז מאנכע פון די פוילישע אנטי־אידישע האנדלונגען זענען גיכער פון א פאליטישען, און ניט פון אן אנטיסעמיטישען כאראקטער. די העכשטענדע פאליטישע פארטייען גיבען צו זייערע אנהענגערע רעגירונגס פאסטענס און רעגירונגס־פריווי־לעגיעס. עס איז אבער צו האפען, אז די מאיאריטעט פון פוילישען פאלק וועט זיך ניט האלטען ביי דעם סיסטעם אין באצוג צו רעגירונגס פאזיציעס. וואס זעגען ניט ריין פאליטישע. עס דארף קיין אונטערשיעד ניט געמאכט ווערען ביים אויסוואהל פון פראפעסארען און לעהרער פון אייזענבאהן אנגעשטעלטע, פאליציסטען, פייערלייט און בכלל ביים באשטימען אויף אזעלכע שטעלעס, וואס אין ענגלאנד און די פאראייניגטע שטאאטען געהען זיי ארונטער אונטער „סיוויל סוירוויס". פוילען דארף איינזעהן, אז אזעלכע שטעלעס דארפען ניט אריינגעצויגען ווערען אין פאליטיק. טיכטיגקייט און דיענסט קען נור דערגרייכט ווערען, ווען מען שטעלט אן די בעסטע מענשען, אהן אונטערשיעד פון פארטיי און רעליגיאן.

16. די באציהונגען צווישען אידען און ניט־אידען וועלען אהן ספק זיך פארבעסערען אין א שטארקער דעמאקראטישער פוילען. כדי דאס זאל גיכער דערגרייכט ווערען, דארף זיין פארשטענדיגונג און מיטארבייטשאפט צווישען 86 פראצענט קריסטען און 14 פראצענט אידען. די 86 פראצענט דארפען פארשטעהן אז זיי קענען ניט ארויסשטעלען א פעסטען פראנט געגען זייערע שכנים, אויב זיבען פראצענט פון דער באפעלקערונג איז אומצופרידען, איינגעשראנקען און אונאקטיוו. די מינאריטעט דארף אויפגעמונטערט ווערען מיטצוהעלפען מיט זייער גאנצען כח און איינפלוס — צו מאכען פוילען פאר א גרויס געאייניגט לאנד. — אזא לאנד איז נויטיג אין צענטראל אייראפא אום אנטקעגענצושטעהן די גוואלדיגע סכנות, וואס דראהען איהר. פוילען מוז וואס שנעלער ענטוויקלען זיך צו פולער קראפט; מיט איהר פיהרונג דארף זי צוערשט פארדינען און דערנאך קריגען די פולהארציגע מאראלע, פינאנציעלע און עקאנאמישע שטיצע פון דער גאנצער וועלט, וואס דאס אליין קען ערשט פארזיכערען ערפאלג דער רעפובליק אין דער צוקונפט.

פארלאנגט א נייע קאמיסיע זאל באשטימט ווערען.

17. עס איז אונמעגליך געווען פאר דער מיסיע, אין די [...] חדשים וואס זי האט פארבראכט אין פוילען — צו טאן מעהר, ווי צו באקענען זיך מיט דער אלגעמיינער לאגע פון דער באפעלקערונג. כדי צו פארמולירען א לייזונג פון דער אידישער פראגע איז נויטיג א פארזיכטיגע און ברייטע אונטערזוכונג — ניט נור וועגען דער עקאנאמישער לאגע פון די אידען, נור אויך וועגען די נייע באדערפנישען פון פוילען. און די באדערפנישען פון פוילען וועלען מיט באשטימטקייט ניט קענען פעסטגעשטעלט ווערען, ביז פוילענס גרענעצען וועלען ניט פיקסירט ווערען, און ביז פוילענס באציהונגען מיט רוסלאנד וועלען ענטגילטיג ניט רעגולירט ווערען. ווארים מיט רוסלאנד האט פוילען פריהער געהאט געפיהרט אנדערשוואו געוואונען, אלס ווערטפולע איהר גרעסטען האנדעל. עס ווערט רע־שותפים צו דער געמיינדשאפט, און וועל־קאמענדירט, אז די ליגע פון נאציאנען, כער זיי לעבען. די פריינד פון די פוילישע אדער די גרעסטע נאציאנען, וואס זיי־ש אידען אין אמעריקא, ענגלאנד, און נען פאראינטערעסירט אין דעם פראב־אנדערשוואו. וועלכע האבען שוין ארויס־לעם זאלען שיקען קיין פוילען א קאמי־געוויזען אזא גרויסען אינטערעס אין זייסיע, וואס זאל באשטעהן פון אנערקענטע'ער וואהלזיין. — די זעלביגע פריינד אינדוסטריעלע פערזאנגישע, אגריקולטור־וועלען מיט פרייד זיך אנכאפען אן דער רעלע און אלע אנדערע פאך עקספערטען. געלעגענהייט מיטצוהעלפען. דער קאמיאין די קאמיסיע זאל פארבלייבען דארטסיע אויסצוארבייטען יעדע פאסיגע ליי־אזוי לאנג, ווי עס וועט נויטיג זיין גרינד־זונג, וואס די קאמיסיע וועט פארשלאגען. ליך אויסצופארשען דאס פראבלעם. דער פאקט, אז עס קען נעהמען א דור

18. די קאמיסיע זאל אויסגעפינען אדער צוויי ביז דער ציעל וועט ניט דער־פלאן, וואס זאל גאראנטירען די אידען גרייכט ווערען, דארף ניט ענטמוטיגען. פון פוילען די זעלביגע עקאנאמישע און 19. אלע בירגער פון פוילען דארפען סאציאלע געלעגענהייטען, וואס זייער איינזעהן, אז זיי מוזען דאך לעבען צו־גלויבנס: ברידער געניסען אין אנדערע זאמען. זיי קענען ניט אפגעשיידט ווער־פרייע לענדער. א נייע פוילישע קאנ־רען איינע פון די אנדערע — ניט דורך סטיטוציע האלט אין געשאפען ווערען־געוואלד און ניט דורך געריכט. אזוי אין אלגעמיינע שטריכען איז אַט דער גיך ווי אלע בירגער פון פוילען וועלען נאציאנאלער אינסטרומענט שוין אנגע־פאלשטענדיג באגרייפען דעם פאקט, וועצייכענט געווען אין דעם ספעציעלען זיי מוזען טאן אליין, וואס איז אין אפמאך מיט די אליאירטע און אסאציי־זייער כח צו קומען צו א בעסערער פאר־אירטע לענדער; און אין יענעם אפמאך שטענדניס; צו פארלייכטערען די עקזיס־האט פוילען זיך אונטערגענומען טריי־מידענדע אומשטענדען — און ניט צו צו זיין צו די פרינציפען פון פרייהייט פארמעהרען די אנטיפאטיע און אומצוערן גערעכטיגקייט און מינאריטעטען פרידענהייט. די פוילישע נאציאן דארף רעכט; און מיר קענען זיכער זיין, אזאיינזעהן, אז איהרע ערגסטע שונאים זיי־פוילען וועט טריי זיך האלטען צו איהר נען די, וואס העצען צו אינערליכע פארפליכטונג, וועלכע איז דורכאוים אין סכסוכים. א הויז, וואס איז צעטיילט אין איינקלאנג מיט די בעסטע טראדיציעס זיך גופא, קען זיך נישט האלטען. עס פון דער נאציאן. א ניי לעבען וועט דארף זיין נור איין קלאס בירגער אין דורך דעם געעפענט ווערען פאר די אי־פוילען, וואס אלע זיינע מיטגליעדער גע־דען; או עס וועט זיין די אויפגאבע פון ניסען די זעלביגע רעכט און טראגען די ־ער פראיעקטירטער קאמיסיע צו העל־זעלביגע פליכט. פען די אידען צו פראפיטירען דערפון און צו געווינען דעמזעלביגען אנזעהן, וואס זייערע גלויבענס־גענאסען האבען

מיט רעספעקט פארברייננענדיג
(אונטערגעצייכענט)
הענרי מארגענטוי.

## ווי מען ענטפערט אויף די צענזוס פראגען

פון א סניטקאווער

אויב אין וואשינגטאן קלייבען זיך אן אזעלכע דאקומענטען, ווי דער וואס מיר געהען אייך דא איבערגעבען, קען מען זיך שוין אליין משער זיין וואס פאר א טאלק מיר קענען דערגעהן דורך דעם צענזוס.

די גאנצע ארבעט באשטעהט אין ענטפערען אויף פראגען וואס געפינען זיך אויף א „קוועסטשיאנער" וואס איז צוגעגרייט פאר דיעזען צוועק.

דער קוועסטשיאנער האט פראגען און ענטפערען.

פאר א ביישפיעל לייענט איצט איבער דאס פאלגענדע:

פראגע: — וואס קעהרט איהר זיך אן מיט דעם הערד מיט וועלכען איהר לעבט?

ענטפער: — א לעבען. (פארגרייזט פון דעם ענגלישען ווארט „וויף" אויף „לייף"). ווייטער.

פראגע: — איז דאס אייערע אן אייגענע הויז, אדער איהר צאהלט דירה געלט?

ענטפער: — סינגעל.

פראגע: — צו וועלכען געשלעכט געהערט איהר?

ענטפער: — איטאליענר.

פראגע: — אין וועלכע היראטס באציהונגען?

ענטפער: — נישקשה.

פראגע: — קענט איהר לעזען? (שרייבט יא אדער ניין.)

ענטפער: —ביידע.

פראגע: — וואו זענט איהר געבארען?

ענטפער: — גרייט לייקס, אינזשענירינג קארפוס.

פראגע: — קענט איהר ריידען ענגליש? (שרייבט יא אדער ניין).

ענטפער: — איינס פון די ביידע.

פראגע: — וואס איז אייער באשעפטיגונג?

ענטפער: — א שוסטער. (לעזט ווייטער).

פראגע: — ביי וועמען זענט איהר באשעפטיגט?

ענטפער: — אין א לאמבער יארד.

פראגע: — זענט איהר אן ארבעטסגעבער, אדער אן ארבעטער פאר וויידזשעס, אדער סאלארי, אדער ארבעט איהר פאר זיך אליין?

ענטפער: — יא.

פראגע: — וואס פאר א שפראך רעדט איהר?

ענטפער: — א פראטעסטאנט.

פאר א מוסטער פון חכמה, איז דאס דאכט זיך גענוג. דער צענזוס האט אנגעהויבען טאן זיין ארבעט מיט צוויי וואכען צוריק און אין יוני וועלען מיר וויסען די רעזולטאטען. אבער וואס די רעזולטאטען וועלען זיין, קען קיינער קיין חכם ניט זיין.

דארפען דארף דאס זיין אזוי. פאראן גוטע און שלעכטע מענשען, פראפיטירער און באנקירען, נייע אויפגעקומענע נבירים, און פריש־געבאקענע קבצנים, און אזוי ווי וואשינגטאן וועט מאכען א סך הכול און איהם פארשליסען ביי זיך, וועט יעדער איינער קענען א פאהר טאן אין וואשינגטאן און א פראג געבען למשל:

— וויפיעל לאנדרי לייט האב איך אין מיין שטאדט?

און וואשינגטאן וועט אויפשליסען דאס קעסטעלע, וואו דער סך הכול ליגט וועט א בלעטער טאן אין קאטאלאג און גלייך ארויסלעזען דעם ענטפער: 432.695 אדער עהנליכעס. עס קען זיין אז מען וועט זיך נאך לאנג ארומרייסען אין סענאט ארום די „רעזערוויישאנס" אין דער טריטי, אדער עס וועט נאך אויף ווייטער אויך פאסירען אז א בריעף אויפגעלעגט אין ניו יארק זאל אונז אנקומען אין א פאר יאהר ארום, אבער דערפאר אז מיר וועלען זיין נייגעריג צו וויסען, וויפיעל מענשען געפינען זיך אין אמעריקא וואס זענען געבארען זאגען מיר, אין סאמאטרא, וועט מען אונז גלייך זאגען.

אבער שפאס אין א זייט.

איצט ווען מיר לעבען אין א צייט, ווען די וועלט האלט זיך אין באנייען, אין ענדערען, ווען אלעס ווערט אזוי פינקטליך, איצט וועט איהר דאך נישט גלויבען, אז עס זענען נאך דא עלטערע פרויען וואס לאזען ארונטער די אויגען און הויבען אן רויט ווערען, ווען זיי דארפען ענטפערען פאר'ן צענזוס ווי אלט זיי זענען, נעהט זשע, זייט מוחל, באפט א שפאציער מיט'ן מאן, וואס שטעלט די פראגען, נעמט איהר עפעס זעהן.

א ביזנעס פרוי, למשל, טעלעפאנירט אריין צום צענזוס אפיס:

— היות ווי זי איז געווען ביי דער ארבעט בעת דער צענזוס האט ביי איהר אויף דער קווארטיר געשטעלט פראגען, און די באלעבאסטע האט געענטפערט פאר אלע וואס וואוינען ביי איהר, נאר זענען ניט געווען אין הויז, בכן איז זי איבערצייגט, אז יענע קאָן ניט געענטפערט ריכטיג, זי האט ניט געקענט ענטפערען ריכטיג.

פרעגט דער אפיס:

— וואס האט יענע געענטפערט?

ענטפערט די ביזנעס פרוי:

— איך וויים ניט, וואס יענע האט געענטפערט, נאר זיכער איז, אז זי האט ניט געענטפערט ריכטיג.

— צום ביישפיעל? — פרעגט מען זי איבער נאכאמאל.

— אַט צום ביישפיעל וועגען מיין עלטער. איך בין זיכער, אז זי האט מיר פארשריבען פיעל עלטער ווי איך בין, ווייל איך זעה אוים א סך עלטער, איהר ווייסט דאך, פאראן א סך מענשען, וואס זעהען אוים עלטער ווי זיי זענען אין דער אמת"ן... בפרט פרויען, א יא?

און דער אפים האט צוליעב געטאן דער פרוי, איהר פארשפראכען אריינצושיקען נייע „קוועסטשאנירס" אז זי זאל אליין פאר זיך ענטפערען ווי אלט זי איז.

אין אנאנדער הויז איז א פרוי געקומען פון צענזוס אין א הויז, וואו עס וואוינען צוויי עלטערע מיידלאך, אלעס איז געגאנגען גוט, ביז — נו, ביז ס'בעקומען צו דער פראגע: ווי אלט זיי זענען.

די פרויען האבען זיך געקארטשעט און געדרעהט, אהער און אהין, אבער האבען אויף דער פראגע ניט געענטפערט.

אויף מארגען האט דער צענזוס אפים געשיקט א מאן אין דעם איינענעם הויז אריין.

— מיר איז גאנץ ענגל וואס איהר וועט ענטפערען. — ערקלעהרט דער מאן, — אבער אנקעל סעם וויל וויסען, און איהר וועט אזוי גוט זיין און מיר זאגען ווי אלט איהר זענט.

און די פרויען האבען געהאלטען אין איין בעטען זיך:

— וואס האט מען צו אונז, מיר האבען קיינמאל ניט לעבען, אונזער עלטער קיינעם נישט געזאגט, איבערהויפט נאך צו א מאן!

ערשט ווען דער מאן האט זיי ערקלערט אז דאס געזעץ באשטראפט מיט הונדערט דאלאר אדער פריזאן איז איינע פון די פרויען צוגעגאנגען און ארונטערגעצויגען די פארהאנגען איבער'ן פענסטער און ענדליך א זאג געטאן.

— פינף און פערציג.

און דער צענזוס מאן ערקלערט, אז אויב יענע פרוי איז פינף און פערציג, איז ער נאך ניט געבארען געווארען.

א חוץ דעם פאסירט אז אין די אויסלענדישע קווארטאלען, צושרעקען זיך איטאליענער און לויפען ארוים מיט מעסער אנטקעגען דעם צענזוס מאן.

אין שווארצען קווארטאל, אין דעטראיט, איז מען איינעם באפאלען מיט א מעסער ווייל ער האט געפרעגט יענעם: „זענט איהר סויב אדער שטום"?

האט זיך יענער שטארק באליידיגט און איהם פאריאגט מיט א רעוואלווער.

אין אן אנדער הויז ביי א איטאליענער האט דער צענזוס מאן באמערקט אז די ספאגעטי וואס קאכט זיך, שמעקט זעהר גוט, האט מען זיך מיט איהם דערפרעהט, איהם געקענצעט איבערגעטאן און איהם מכבד געווען מיט דער ספאגעטי, אזוי, אז ער האט אפגעגעסען, איז ער קוים אנטלאפען פון הויז, און שוין ניט געוואלט שטעלען קיין פראגען.

סיי ווי, קלוגער וועלען מיר פון צענזוס ניט ווערען.

The Weg

דער וועג

THE DETROIT JEWISH DAIL

די איינציגע אידישע טעגליכע צייטונג אין מישיגאן סטייט
ערשיינט יעדען פריהמארגען אויסער שבת, דורך דער
וועג פאבלישינג קאמפאני, אינקארפארייטעד

פיס: 347-49 הייסטינגס סטריט, דעטראיט, מיש. טעלעפאן: מעין 3715.

דעטראיט, 28טער יאנואר, 1920.

# דרשות געהאלטען ניט אויפ'ן ריכטיגען פלאץ

פון ב. י. ג—ן

א פרעדיגער אין ענגלאנד האט זיך געמאכט פאר א מיסיע צו באַ־
ייזען דעם ענגלישען פאלק, אז פרויען זיינען מעהר וואולגאר איידער מענער
דער דאזיגער פרעדיגער איז א גלח. און זיינע סירמאנס איז די הויפט
עמא אין די ליעבלינגס־טעמא, אז די פרוי איז גראבער, אומהעפליכער
ן וואולגארער איידער דער מאן.

רעווערענד פ. ה. מאיער הייסט דער גלח.

אין זיין לעצטען דרוש האט ער געזאגט פאלגענדעס:

„איך האב נישט מורא פאר דעם מאנגעל אין שפייז; איך שרעק זיך
ישט אפ פאר די עקאנאמישע אומרוהען אין לאנד. פאר וואס איך האב יא
ורא איז פאר די קאנזעקווענצען וואס וועלען קומען דורכדעם וואס אונזערע
רויען האבען פארלוירען זייער אמאליגע צניעות, זייער אמאליגע באַ־
יידענהיים.

דאס לאנד איז באמת אין א געפאהר. די איצטיגע גייע מאדעס איבער־
ייגען אז איך האב תמיד רעכט געהאט, זאגענדיג אז די פרוי איז וואולגאר.
ס וואס מיר האבען געהאלטען פאר נאבעל, דאס וואס אונזערע מאמעס
אבען געהאלטען פאר באשיידען, דאס פעהלט דער היינטיגער פרוי.

„נישט נאר די קליידונג פון דער היינטיגער פרוי איז א באווייז פון
נגענעראציע און פאַרדארבענקייט. מען קען דאס אויך זעהען פון זייערע
אנערען, פון זייערע באנעהמונגען און געזעלשאפט און בפרט אין דער
זעלשאפט פון מענער.

„די פרויען האבען ענטוויקעלט צווישען זיך א דריטען געשלעכט, געל־
ר איז נישט מוסקולינסטיש שטארק ווי דער מאן און נישט צארט און
שיידען ווי די פרוי. דאס איז עפעס א צוזאמענמישעכץ פון די ערגסטע
לעמענטען פון ביידע געשלעכטער".

אזוי האט אין זיין לעצטען סירמאן (דרשה) געזאגט דער ענגלישער
ייעסט פאר זיינע צוהערער.

מיר האבען דא, אין אמעריקא, נישט געהערט אזא שארפען אנגריף
יף דעם „שעהנעם" „שוואכען" געשלעכט.

ווי זשע איז דאס טאקע דא? מיר שטעהן דאך אזוי נאהענט צום ענ־
לישען פאלק.

לאמיר נעהמען די קליידונג פון דער היגער פרוי.

מען קען נישט לייקענען דעם פאקט, אז די נייע דרעסעס, פון לעצטען
אסאן זיינען — זאל דאס אונזערע פרויען נישט פארדריסען — אפיסעל
קורץ. די ווייסטען וויעדער זיינען צו סיעף דעקאלטירט. און קומט מען צו
גרויסארטיגע וועטשערינקעס פון אינזערע רייכע פיסט און פאסניקעס
קט איהר אז די „נייטגאונס" וואלטען באדארפט נאך א היבש ביסעל
ג אויף צו קענען צודעקען די אייגענדעקטע טיילען פון קערפער, ווי למשל
ם רוקען, די הענט און ביוסט.

אפשטאל וואונדערט איהר זיך ווי ווערען זיי ניט פארפרוירען אין אזעל־
קעלטען מיט האלב נאקעטע דרעסעס.

מען קען נאך קיין טענות נישט האבען צום יונגוואַרג, וועלכע האבען
ליידענשאפט צו באווייזען זיך אין געזעלשאפט מיט זייערע שעהנע הענט.
ן איהר זעהט אבער פיערציג און פופציג יעהריגע מיאוסקייטען אייניגע
ינגעטרוקענט ווי די שטעקענס און אנדערע פעטע, ווי אפגעגאסענע, און
יך זיי דבעסען זיך ווי די וועגוס פון מילא, מוז מען זיי אדער אויסלאכען,
ער אפוידלען. ווארים דאס איבערצייגט באמת אז זיי זיינען וואולגאר
אז זיי האבען פארלוירען די באשיידענהיים.

באשיידענהיים איז אמת זאגענדיג אדער א געוואהנהייט אדער א
ע, ד. ה. עס ליעגט אינם כאראקטער פון דער פרוי צו זיין באשיידען.

עס זיינען פאראן פרויען וואס קליידען זיך ווי הייליגע נאנעס און אין
זעלבער צייט זאלען זיי אייך אזא קוק טהאן, אז איהר זאלט ריים
רען. און פארקעהרט זיינען פאראן פרויען וואס טראגען סיעף דעקאל־
טע קליידער און זיינען דאך באשיידען. עס איז ווי שווער געווען דאס
טע מאל אזא קלייד אנצוטאן, אבער זיי האבען זיך איינגעוועהנט צו
ם.

צו באשיידענהייט אין קליידונג איז ווערט זיך אויסצוגעוועהנען, וואו־
ן דאס ווערט אפגעשאצט. אבער צי איז דער דערמאהנטער פריעסט
קע גערעכט מיט זיינע אנפאלען? צי איז דאס דען אין דער אמת'ן און
פינדונג פון בלויז דער היינטיגער פרוי?

זוכט נאר אויס עפעס א גראַווירט בילד פון די פרויען, וואס מיט א
דערט יאהר צוריק און איהר וועט זעהן, אז אויך זיי זיינען געגאנגען
קאלטירט, הויכזיכטיגע דרעסעס און אפגעדעקטע פלייצעס.

די עלטער באבע פון די היינטיגע ענגלישע פרויען האט זיך כלל ניט
עשראקען פאר א דעקאלטירט קלייד.

עס איז אבער דערפאר א גרויסער אונטערשייד אין די מאנערען, נישט
פון מיט א יאהר הונדערט צוריק, נאר אפילו פון מיט א יאהר 15 אדער
צוריק.

און אין דעם איז ניט שולדיג די פרוי, נאר די ארדנונג, אין וועלכער
לעבען.

די היינטיגע פרוי קומט טעגליך אין באריהרונג מיט דעם מאן. די
פון היינט האט זיך אויסגעלערענט צו פארלאזען אויף די אייגענע פע־
קייטען און ניט אויף די פעהיגקייטען פונ'ם מאן.

די היינטיגע פרוי דענקט אנדערש, איז מעהר טאלעראנט, מעהר מר
און מעהר רעכטדענקענד ווי די פרויען פון א פופציג, אדער אפילו 20
ר צוריק.

דערפאר זייען זיי מעהר מוסקולינסטיש און ווענינער צארט. מעהר
ענדיג אין זייערע באנעהמונגען און מעהר פראסט אין זייערע מאנע־
וואס זיי האבען געווינען אין איין זאך, האבען זיי פארלוירען אין
צווייטער.

ויל דער דערמאנטער גלח האבען צארטע, דעליקאטע און שעהן מא־
ענדיגע פרויען. דאן זאל ער פרעדיגען אז מען זאל די פרוי נישט לאזען
די פאבריקען, נישט לאזען זיי זיך צוזויפקומען אויף דעם מארק, פון
ר קאנקורענץ.

דער היינטיגער מאן זוכט אבער נישט מעהר יענע פרוי. ווייל חוץ דעם
אזעלכע זייטען כמעט נישטא, איז איהם גלאט מעהר געפעלען א פער
א קלוגע און א זעלבסשטענדיגע פרוי. דער מאן אליין האט זיך אפ־
והנט פון צו באגייסטערען זיך פאר א ליאלקע.

איך מיין דערום אז דער פריעסט איז לחלוטין נישט גערעכט ווען ער
וידעלט און מוסר'ט די פרויען. ער וואלט באדארפט דעם זעלבען מוסר זא־
גען פאר די מענער. זאלען זיי די גאנצע ארדנונג איבעראנדערשען און דאן
וועט די פרוי ווענינער קומען אין באריהרונג מיט'ן מאן און וועט רייזען
צארט, פיין און דעליקאט און זיין מעהר באשיידען.

# איינזאמע מענשען

(בלעטער פון א פאמיליען־בוך)

י. ל. כאלאמוט

(סוף)

— עה דער דאקטאר, איהר מאן, ער פאר־שטעהט זי לחלוטין ניט, אדער וויל זי ניט פארשטעהן.

— צו וואס דאס גאנצע הויז מיט באלע־אבטישקייט, ווער דארף דאס?

— ווער דארף די דינענט? פאר וואס גיך איינגאנצען שאפען מיט איהר? צו וואס דארף מען געסט, צו וואס קומען צו זיי און זיי לאדען צו זיך?

און וועגען מאן האט זי געטראכט:

— ווען ער וואלט נאך ניט געפאדערט אזוי אפט אז זי זאל רק זיין אויפגעלעגט, וואלט זי איה מאפשר נאך געקענט פאר־בראגען!

און ווען אין הויז זאל ניט יעדע זאך דארפען שטעהן אזוי פינקטליך ווי צום באשטעל, וועט נאך אין הויז אויך ניט געווען אזוי לאנגווייליג.

איהרע געדאנקען זענען איבערגעריסען געווארען, ווען מרי האט אויף א טעציל אריינגעטראגען די טיי.

זילבערמאן האט זיך אויפגעהויבען, א זאג טוענדיג:

— נו, גענוג געלאנגווייליגט זיך מיט דער מוזיקע?

נינא איז געבליבען זיצען אין שאקעל־שטוהל, האט נאר אביסעל ארויסגעשטעקט דעם קאפ פון שאל:

— טרינקט טיי, זילבערמאן.

זילבערמאן האט זיך גענעצט אין עס צי־מער, און האט פראטעסטירט.

— שעהן נעמסטו דאס צו א גאסט. הייסט מיר טרינקען טיי, און אליין זיצט זי דארטען און שאקעלט זיך.

נינא האט זיך אויפגעהויבען און איר־ראניש באמערקט:

— אבער אלע פאדערען זיי. און איי־גענער מאן, א פרעמדער מאן, וואס זשע אין דער היים טרינקט די ווייב אויך מיט איך טיי?

אין דער היים פאדער איך נאך מעהר.

נינא. — האט זילבערמאן גערעדט. — וואס זשע מיינסט טאקע, אז ס'איז אזא גרויס גליק דיך צו האבען פאר א ווייב? אט נאר ניט, אז דו ביזט נאטאנזאן'ס פרוי, איז אדרבא, קום איך מיט דיר כא־פען א שמועס, דערפאר ווייל דו ביזט אנ־דערש, ניט קלוגער, דו הערסט, ניט קלו־גער נאר פארט אנדערש ווי אלע פרויען. ך ווייסט דאך כ'האב ניט ליעב די באר־ודערטע, מאראלע פרויען, ביי וועמען די יראט איז א אינסטיטוציע. און דאס ווירטשאפט א קולט. אבער אין דער אמתן איז נאטאנזאן אינטעליגענטער פאר מיר, ברייטהארציגער פאר מיר, און אז ער וערט ניט פארנודיעט פון דיין איינזאמ־קייט, מוז ער נאר זיין שטערבליך פאר־ליעבט אין דיר. אבער ווען דו ביזט מיין פרוי? קיין איין חודש וואלט איך מיט יר ניט געקענט וואוינען אין איין הויז.

נינא שמייכעלט. און ברענגט די האר איהרע ענדליך אין ארדנונג.

— יא, כ'האב עס שוין אמאל געהערט פון אייך! אפנים זא איהר זענט אלע איין שווארץ יאהר: איהר שפילט און מיר דארפען טאנצען.

זילבערמאן האט אנגעהויבען רעדען מיט מעהר טעמפעראמענט, ווי עס וואלט איהם געגאנגען אין לעבען אריין.

מיין פרוי מוז ניט טאן אלסדינג ווי איך טהו, אבער איך וויל זי ניט זעהן קיין פאר מרה־שחורה'טע. איך וויל ניט, זי זאל מיך לאנגווייליגען מיט איהר אומעט. כ'קען קוים מיין אייגענעם אומעט בא־הערשען!

— זאל שוין זיין גענוג, זילבערמאן. טרינקט טיי און שפילט נאך עפעס, — האט נינא א זאג געטאן, שמייכלענדיג און איהם צוגערוקט די צוקער־פושקע.

— כ'האב דאך אייך קיינמאל זיך ניט אנגעבאטען צו זיין אייער פרוי. וואס דארפט איהר זיך אזוי ווארפען מיט מיר? דאנקען גאט, ס'האלט נאך ניט דערביי!

זילבערמאן האט אוועקגעשטעלט די טיי.

— נו, כ'האב דאך בלויז געשפאסט. איך קען האך דיך, נינא. כ'האב עס ניט געמיינט.

— זאלט איהר מיר קיינמאל ניט פאר־ווארפען מיין אומעט און מיין איינזאמ־קייט. עס איז דאך מיין אומעט און אויך מיר האב איך מיר מיינע רעכט צו פיהלען אזוי און אויס מיט די רעבאטען! — האט נינא געענטפערט. האט זילבערמאן'ען אריינגעווארפען אן איבריג שטיקעל צוקער, נעמט טרינקט די טיי, איהר זייט טאקע א בן יחיד ביי מיר, אבער איהר דארפט זיך ניט איבערנעמען אזוי שטארק. קומט שפיעלט נאך עפעס. דער דאקטאר קומט שוין באלד.

— האסט פונדעסטוועגען אביסעל גע־וויסענביסע פאר דיין דאקטאר, — האט זילבערמאן באמערקט. האט אועקגעשטעלט דאס גלאז און זי געמענדיג פאר'ן האנד גאנץ לייכט א זאג געגעבען — קום, איך וועל דיר שפילען.

נינא האט סארקאסטיש א זאג געגע־בען:

— דער דאקטאר זאל וויסען, וואלט ער זיך פון זינען געריהרט.

— אז איך האב דיר געהאלטען פאר דער האנד, מיינסטו? — האט זילבערמאן געלאכט. — ער איז א נאר. פאר אזעלכע ווי נינא, קענסטו איהם זאגען, דארף מען ניט איבערטראכטען, קענסט דאס איהם זאגען אין מיין נאמען.

נינא האט געשמייכעלט.

— אלע מענער זיינען נאראנים. און אפשר זענען אלע מענער זינדיג, און דער־פאר געטרויען זיי ניט זייערע אייגענע פרויען.

— יא. איצטער האסטו ארויסגעזאגט א טיפען אמת, נינא, מיר זענען אלע זינדיג, האט זילבערמאן באמערקט. מיר זיינען מיט די הענט, ווען מיר קענען ניט ארומנעמען דעם גאנצען קערפער און איהם אזוי צודריקען צו זיך, אז דאס הארץ זאל זיך א ריס טאן צום ארויס־שפרינגען, נעמען מיר כאטש בלויז די האנד. און ווען מיר קענען ניט קושען מיט די ליפען וואס שרפה'ן און ברענען ווי א פלאם פייער, דאן קושען מיר מיט די אויגען, מיר עסען זיך איין אזוי טיעף, אז מיר קושען אויס יעדעס אבר מיט איין שארפען בליק, וואס נידערט ארונטער ביז די טיעפענישען פון דער נשמה.

זילבערמאן האט זיך אועקגעזעצט ביי דעם קלאוויר און ווי איינגאנצען זיך פאר־געסען אין נינא'ן, האט ער מיט ביידע הענט זיך ווי א שטורם א לאז געטאן אי־בער דער קלאוויר, שפילענדיג אין שנע־לער טעמפא, מורמלענדיג צו זיך אליין.

— ביז איך דאך אויך ציטענווייז אזוי פאראיינזאמט, אז נאר דו, מיין ארעמע קלאוויר פיהלסט דאס. דאמאלס קום איך צו דיר, און קוש אויס דיין יעדעס ביינ־דעל, יעדעס גליעדער מיט מיינע פינגער, גיב ארײן אין דיר, מיין צער, מיין פיין, און דו באפסט אויף מיי שטיל געבעט ווי אויף פליגלען און טראגסט זיך מיט מיין תפלה, מיט מיין אומעטיגען ניגון צו די הימלען, איבער די ימים, די שטורמישע, די ברויזענדע און דאן ווערט מיר מיט־אמאל אזוי גוט.

דער שנעלער טאן האט זיך אין זיין שפיעלען אויגענבליקליך געביטען, גאנץ שטיל האבען זיינע פינגער קוים די קלא־ווישען באריהרט. א רוהיגע צופרידענהייט האט זיך אין דעם שפיעלען געהערט, א גליקליכער האט ער שטיל געמורמעלט:

— עס טרעפט, אז איך טרעף אן א זאך גוטע, שמייכלענדע אויגען, ווייכע, טיעפע וואס דערציעהלען אויף פון איינ־זאמקייט, פון אומעט און בענקשאפט. וואס קיינער ווייסט ניט פון וואנען עס איז געקומען, און וואוהין דאס פיהרט. אמאלס קום איך און שפיעל פאר יע־נעם איינזאמען, יענעם מיעדען, פאר־בענקטען, איך שפיעל איהם אויס זיין צער, זיין פיין, זיין אומרוהיגע נשמה זע־טיג איך מיט מיינע אומעטיגע טענער, איך פארוויעג איהם מיט א שטיל, זיס ליעד, און עס ווערט מיר דאן אזוי גוט אויף מיין הארצען, עס ווייזט זיך מיר אויס, אז איך האב א נשמה פון טיעפען תהום פון וואסערן געראטעוועט. איך האב די שדים וועלט פארזאגט, דאמאלס איז מיר אזוי גוט. און די פיאנא באגלייטונג האט ווי צוגעברומט: אזוי גוט, אזוי גוט!

נינא, וועלכע איז געשטאנען הינטער זיינע פלייצעס, זיך איינגעהערט צו זיין שפיעלען, האט זיך מיט אימפעט א לאז געטאן צו איהם.

— גענוג, זילבערמאן, איך האב עס אליין געוואוסט, שוין גאנץ לאנג. קומט מיר וועלען געהן שפאצירען, ביידע איינ־זאמע מענשען. קומט, ווייל אז איהר וועט נאך לאנג אזוי שפיעלען און רעדען, וועל איך, איך ווייס אליין ניט וואס אפטאן היינט, קומט! — און זי האט איהם מיט אלע קרעפטען געצויגען ביי די אקסלען פון בענקעל.

זילבערמאן האט זיך אויפגעהויבען גע־גען זיין ווילען, האט פארהויכערט א פריי־שע ליולקע, און אריינגעהענדיג צוריק אין עס־צימער באמערקט:

— דאס קען איך דיר יא זאגען, נינא, אויב דו ווייסט עס ניט. ווען איך פיהל זיך עלענד און איינזאם, זעהסטו מיך ניט! דאמאלס הערט מיך נאר גאט!

נינא האט אפגעזיפצט, איז צוגעגאנ־גען גאנץ נאהענט צו איהם, איהם דער־לאנגט ביידע הענט:

— היינט האב איך געהערט, זילבער־מאן, געהערט און פארנומען. מיין ברודער אין איינזאמקייט! שוין אזא צייט, אז איך קען דיך, היינט גיב איך דיר מיין ערשטען קוש. און זי האט איהם אבגעפרעסט א צארטען קוש אויף די ליפען און פארען־דינט:

— פון היינט אן וועל איך דיר זא־גען „דו" ביינאנד וועט אונז די איינזאמ־קייט ליעבערשט ווערען. און ביי די הענט ווי צוויי קליינע קינדער זענען זיי פון הויז פארשוואונדען.

## רעפובליקאנער אסעמבלימאן וויל ארויסווארפען קאמיטע וואס משפט די 5 סאציאליסטען

אלבאני, נ. י. יאנ. 26. — וויליאם נ. איימאס רעפובליקאנער אסעמבלימאן פון ניו יארק וועט היינט מאכען א פארוף צו ענטלאסען די זאגענאנטע דזשאדדישערי קאמיטע וועלכע פיהרט די „טרייעל" פון די פינף סאציאליסטישע אסעמבלי לייטע און ניט ערלויבען די רערמאנענטע קאמיטע פארטזעצען די אונטערזוכונג.

## א לעבעדגער גרוס פון דער יעקב דינעזאן שולע אין ווארשא

די שוועסטער ברכה און שרה גלאזער, יונגע שילערינס פון דער שולע, וועלען אנטייל נעהמען אין דעם מוזיקאליש־לי־טעראַרישען אָוונט וואס ווערט היינט אראנזשירט פון דעם י. ל. פרץ ליטעראַ־רישען פאראיין, אין ליבאר ליסעאום.

א רייכע פראגראמע איז פארבערייט גע־ווארען און איינינע גוט באקאנטע לאקא־לע קרעפטען נעהמען אנטייל אין דיעזען אָוונט.

קומט און ברענגט אייערע פריינד.

י. ל. פרץ ליטעראַרישער פאראיין





# אידישע נייעס פון אלע וועלט טיילען

## צוויי יאהריגעס קינד געפונען דער־שטיקט פון גאז.

עני הארט, 2 יאהר אלט פון 1065 פען־סילווייניא עוו. איז נעכטען פון איהר מו־טער'מרס. מארסעלא הארט, געפונען גע־ווארען טויט אין בעט, וועלכע איז גע־שטאנען אין קיטשען נעבען גאז הייוועלע.

לויט מרס. הארט האט דערצעהלט דער פאליציי איז זי געווען געצוואונגען אריינ־צושטעלען די קינדערשע בעט אין קיטשען ווייל זי האט ניט געהאט קיין קויהלען צו בעהייצען די הויז, און די איינציגע בע־הייצונג, וואס זי האט געהאט איז געווען דער גאז הייוועלע אין קיטשען.

נעכטען ביינאכט, האט די אונגליקלי־כע מוטער דערצעהלט דער פאליציי, האט זי מיט איהרע צוויי מיידעלעך מארדושא־רי דריי און א האלב יאהר אלט און עני 2 יאהר, זיך געלייגט שלאפען אין דער בעט און ווען זי האט זיך אויפגעכאפט האט זי געפיהלט א שרעקליכען קאפ־שמערצען. פון די גאז וועלכע האט געשטראמט פון דער אפענער פייפ. מיט גרויס מיה איז איהר געלונגען צו צולויפען צום פענס־טער, אויסגעבראכען א גלאז און געשרי־ען נאך הילפע. ווען די שכנים זיינען זיך צוזאמענגעקומען האבען זיי דערזעהן ווי די אונגליקליכע מאמע יאמערט איבער דעם טויטען קערפער פון איהר צוויי יאה־ריגע טעכטערל עני, וועלכע איז שוין גע־ווען טויט פון עטליכע שטונדען. די צוויי־

## גרויסער ענטוזיאזם פאר דעם גאולה־פאנד קאמפיין איבער'ן לאנד

לאר גאולה־פאנד, וואס האט זיך אנגע־הויבען אין ניו יארק דעם 18־טען יאנואר, האט זיך אין דער פראווינץ נאר טייל־ווייז אנגעפאנגען אין דעם טאג. יעדען טאג קומט צו א נייער סטייט אדער שטאדט, וואס ווארפט זיך אריין מיט גרויס ענערגיע אין דעם קאמפיין פאר'ן גאולה פאנד. באריכטען פון פיעלע פלע־צער זענען ערהאלטען געווארען, וואס ציינען, אז די פראווינץ רופט זיך אפ זעהר ווארים פאר דעם גאולה פאנד, ווע־מעם געלדער עס געהען פאר דער אויפ־בויאונג פון דער נאציאנאלער אידישער היים אין ארץ ישראל.

מר. עבדיה גראסמאן, האט באזוכט איי־ניגע סאוטה־וועסטערן סטייטס, וואו ער האט געמאכט ארגאנזשמענטס פאר דעם גאולה פאנד קאמפיין. לואיסוויל, קענטאַ־קי, האט זיך אונטערגענומען צו שאפען די קוואטא פון $50.000. עס איז גע־גרינדעט געווארען א טויזענד דאלאר קלוב, מיט אלפרעד בראנדייס אלס טשער־מאן. סוא סיטי, איאווא, האט פארשפרא־כען צו שאפען די קוואטא פון $25.000. אין אמאהא, נעבראסקא, געהט שוין אן א לעבעדיגער קאמפיין פאר דעם גאולה פאנד און עס ווערט ערווארטעט, אז זי וועט שאפען $75.000. דאס מיינט, מיט $25.000 מעהר פון איהר קוואטא.

אין ניו דזשוירסי סטייט ווערט דער קאמפיין אנגעפיהרט פון מר. הער לע־וואר. דיעזער סטייט דארף שאפען די קוואטא פון $625.000.

פארט וויען, אינדיאנא, האט אויסגע־קליבען א טעטיגע קאמיטע אום צו שא־פען איהר קוואטא פון $16.500. עסקא־נאבא, מישיגאן, מיט 10 שכנ"ישע שטעט־לאך ארום האבען אונטערגענומען צו שאפען די קוואטא פון $15.000. אין ווירדזשיניא ווערט דער קאמפיין אנגע־פיהרט מיט ערפאלג פון מר. אורווינג גאלפארב. "די רעפארמירטע אידען פון נארפאלק האבען פארשפראכען זייער הילף.

## גאווערנאר קאקס פון אהייא עפענט דעם סטייט קאמפיין היינט זונטאג.

דער קאמפיין פון סטייט אהייא פאנגט זיך אן היינט זונטאג, דעם 25־טען יא־נואר, מיט א גרויסען מאסמיטינג אין גרעי"ס ארמארי אין קליוולאנד, וואו דער גאווערנאר פון סטייט דזשעימס קאקס וועט זיין פון די הויפט רעדנער. עס וועלען אויך רעדען ריכטער מעק, סענאטאר פאמארין און מר. לואיס ליפסקי. יצחק כרמל דער דירעקטאר פון ציוניסטישען ביראָ, וועט זיין דער אנפיהרער פון דעם סטייט קאמפיין מיט ראבי סילווער אלס טשערמאן. די קוואטא פון אהייא איז א האלב מיליאן דאלאר.

## שיף מיט פסח־דיגע מעהל פאר $250.000 שוין אפגערייזט נאך פוילען.

## די דזשאינט דיסטריביושאן קא־מיטע גרייט אויך צו א לאדונג מעהל פאר די אידען אין ליטא, קורלאנד און די באלטישע פראווינצען.

די „דזשאינט דיסטריביושאן קאמיטע" מאכט באקאנט, אז די שיף „ווינסלא", פון דער „פויליש אמעריקאן ליין" איז די וואך אפגעפאהרען מיט פסח־דיגע מעהל פאר די אידען אין פוילען.

די לאדונג מעהל וועט גרייכען די האַ־פען שטאדט דאנציג אונגעפעהר אין צוויי וואכען צייט. פון דאנציג וועט די לאדונג אפגעפיהרט ווערען נאך ווארשא, און פון ווארשא וועט די מעהל פארטיילט ווערען צו די פראווינציעלע קהלות אין פוילען.

די אמעריקאן רעליעף אדמיניסטריי־שאן, פון וועלכער הואווער איז געווען דער אדמיניסטראטאר, וועט העלפען אין דער שנעלער פערטיילונג פון די פסח־די־גע מעהל, זא דאס עס איז פאלשטענדיג זיכער, אז די נויטליידענדע אידישע קהלות אין פוילען וועלען דאס מאל הא־בען מצה אויף פסח.

די לאדונג פון פסח־דיגע מעהל פאר פוילען קאסט א פערטעל מיליאן דאלאר.

אויסער פוילען שיקט די דזשאינט דיסטריביושאן קאמיטע אויך פסח־דיגע מעהל פאר די אידען אין ליטא, קורלאנד און אין די באלטישע פראווינצען. די קאמיטע האט שוין געקויפט די ווייץ, וועלכע ווערט יעצט געמאהלען אונטער דער ספעציעלער השגחה פון רבנים, און אין פרלויף פון די נעקסטע עטליכע וואָ־כען וועט די לאדונג מעהל שוין זיין אין וועג.

# לעזט דעם „וועג"













# עניים ואביונים

## אדער גליקליכע און אומגליקליכע

רא־מאן — פון מרדכי ספעקטאר

(פארזעצונג)

נאר ווען אבער דער איינענער גע־נאלטער יוד, דער דייטש, דער אפיקורס גיט אביסל נאך דעם חסיד, ד. ה.: ער זאגט אז די איז זעהר גוט, צו א רבי'ן דארף א איך פאהרען א פאר פאות מיט א לאנגען קאפטען זענען זעהר שעהן, קונעל און פיטשא זיינען אויסגעציינעט, שבת'דיגער „שלום עליכם" צוגעהט זיך אין יעדען אבר, און בכלל אלע פעלקער פון דער גאנצער וועלט מעגען מקנא זיין די יודען פאר די אלע זאכען, און ער דער געגאלטער איך קען נים מקיים זיין די אלע זאכען ווייל ער איז געצוואונגען דערצו איבער דער וויסטער פרנסה — מען איז צווישען גוים אין גלות אזוי, אדער מיט עפעס אנדערע שמייכלערייען אויף אלע פאנאטישע דומהייטען, דענסמאל וועט דער חסיד אזא געגאל־טען יודען, ער מעג זיין דער גרעסטער אפיקורס, קיין מאל נים פארבייטען פאר קיין צעהן חסידים, און פרייט זיך שטענדיג דערויף: „האטש א געגאלטע באָרד און פארט א יוד".

די געגאלטע יודען וואס האבען גע־שעפטען מיט חסידים און דארפען אפט האבען זייער לאסקע פראקטיצירען אזוי תמיד, דארום זאלט איהר זיך נים וואונ־דערען וואס ביי די גוטע יודישע שבת־דיגע טישען געפינט מען אויך אפט יודען מיט געגאלטע בערד וואס האפען שיריים גלייך מיט די חסידים. — שעפטען מיט חסידיםופנקך ופנקווווו

פיאדאר איוואנאוויטש האט געקענט חסידים, ער האט אויך באדארפט האבען א חסידישע לאסקע, האט ער געשפילט זיין ראליע זעהר גוט, ביז ער האט זיך אזוי איינגעקויפט צו ר' שמואל בער אין שטוב פאר א היימישען אז מען האט איהם אין קיין שום זאך נים געשטערט, מיט קיין שום זאך זיך נים גענייט פאר איהם.

נאר עס זיינען שוין אוועקגעגאנגען צוויי חדשים און פיאדאר איוואנאוויטש האט נאך גאר נים געפועלט, חאטש ער פלעגט דעם גאנצען טאג איבערזיצען אין קלייט. רעדען מיט לאה'ן אויפקלערען אז זי זאל נים מיינען אז די שטאדט ר... מיט די חסידים זיינען די גאנצע וועלט, עס איז נאך דא א גאנצע וועלט וואו מען ווייסט פון א לעבען, דא לעבט מען נאך פאנאטיש, די חסידים זיינען פארפיהרט א. ז. וו.

לאה פלעגט איהם שטענדיג נאכגעבען און זיך אפט קלאגען פאר איהם: ווי שלעכט עס איז צו זיין א חסידישע טאכטער און וואהנען אין א קליינע שטאדט ווי ר.... און לעבען אזוי נאריש ווי זיי ווילען. —

— איך בין גאר נים קיין חסידה, האט זי איהם דערצעהלט ווייטער, חאטש איך בין געבוירען אין א קליין שטעדטיל, ערצויגען געווארען ביי חסידישע עלטע־רען, נאר נים געלערענט, פון דערסטווענען ווייס איך ווי מען לעבט ביי אייך אין די גרויסע שטעדט, און דא מוז איך זיך פיהרען ווי מיינע פאנאטישע עלטערן ווילען; וואס זאל איך טהון? אט רעדען זיי מיר שידוכים — אזוינע חתנים וואס איך קען זיי נים און ווייס זיי נים, איך האב נאר געהערט ווי זיי זיינען פוסטע קלויזנער יונגלעך, און וואס קען איך טהון, איך וועל נאך מוזען זיך לאזען אלן פאר־שלייערען.

דעם פארראטשיקס זוהן האט גאר אנ־געקוואלען וואס לאה איז נים קיין פא־נאטיש מיידיל און ווערט אלע מאל אויפ־געקלערטער און ער האט זי ווייטער אויפגעקלערט אויף אזוי קיעל, אז זי האט געזאגט, אז זי וועט באין אופן נים ווערען א כלה פאר די חתנים וואס דער פאטער הייסט איהר. —

פיאדאר איוואנאוויטש האט זיך אבער גאנצע צוויי חדשים מיט פוסטע ליערער נים געקענט באגניגען; אין דער גרויסער שטאדט אדעסא וואו ער האט שטענדיג געוואהנט פלעגט ער הערען דערצעהלען: „אז מיט די פראווינציאלנע חסידיישע מיידלאך דארף מען גאר קיין פאליטיקע נים פיהרען, זיי דערזעהן נאר א פאר לאנגע הויזען, א געפרעסטען קאל־נער, א געשוירענע פאלקע, לויפען זיי אליין נאך מוצענווייז, פאליטיקע פיהרען אויף יאהרען לאנג דארף מען נאר מיט די גרויסשטאטישע וואס שפילען פיאנא, און ריידען „פראנצוזיש". און איצטער [...] אייך נאך דא איין אדעסער יונגער [...]ן, פיאדאר איוואנאוויטש. ווארזגעט [...]ט זיך) זיך ארום מיט א חסידיש[...] שוין צוויי חדשים און נים.... [...] קוש נאך נים געהאפט!.. [...]מיר ארום פון איהר אויפ־

ע! האט זיך פיאדאר איוואנאוויטש באטראכט, א פנים איך קען נים, איך האב זיך מיט איהר אויפגעפיהרט שלעכט, צו וואס האב איך גאר באדארפט אנהוי־בען מאכען מיט איהר צערעמאניעס, און פיהרען פאליטיקע גאנצע צוויי חדשים, איך וואלט געוועזען באדארפט דעם ערשטען טאג גלייך צוטרעטען.... מיט די לייט דארף מען זיך נאר אזוי באגעהן, נאר וואס האב איך צו רעדען וואס עס וואלט געוועזען, עס איז שוין פארפאלען און דערוויילע איז זי טשאר־טאווסקע שעהן! חא, חא, עס וועט מיר קיינער נים גלויבען, אין אדעסא האב איך נים געזעהן אזא שעהן מיידעל, און דא אין ר... איז דא עפעס א חסידיש מיידעל און איך שוויג. נאר מען דארף שוין זיין קליגער — אהן שום פאררעד־דעם. דארף מען גלייך צוטרעטען. —

אומר ועשה — געזאגט און געטאהן!

אין א שעהנעם שבת'דיגען טאג ווען מען האט אבגעגעסען און פיאדאר איוואנאוויטש האט אבגעלויבט דעם קונעל, ווען ר' שמואל בער און זיין ווייב זיינען אוועקגעגאנגען שלאפען לכבוד דעם שבת'דיגען ביי טאג, האט לאה אבגעראומט פון טיש און געמעבענט ווי תמיד, זיך אנידערגעזעצט מיט פיאדארען רעדען פון אויפגעקלערטע זאכען ד. ה. טאקע ווייטער ווי אין די גרויסע שטעדט לעבען מענשען ווי עס דארף צו זיין און ווי אין די קליינע שטעדטלאך לעבען חסידים פאנאטיש און ווילען זייערע טעכטער נאר חתונה מאכען פאר קלויזנער בחורים; נאר פיאדאר איוואנאוויטש אנשטאט צו רעדען פון אויפגעקלערטע זאכען האט ער גטיל אהן ווערטער גוט ארומגענומען לאה'ן, עטוואס זי אוועקגעפיהרט אין דער זייט ווי מען וויל איינעם א סוד זאג־ען, דארט האט ער זי צוגעקוועטשט אין זיינע ארעמס און איהר א קלינגענדיגען קוש געגעבען... דערנאך האט נאך עפעס שטארק א קלונג געטהאן.. עס איז פארגע־קומען עפעס שרעקליכעס. ער האט נעבעך אליין נים געוואוסט וואס דערנאך איז פארגעקומען. דערפאר האט זי געוואוסט וואס זי האט געטהאן...

(פארזעצונג פאלגט)

# אינטעליגענטע

ראמאן פון    י. ל. מאלאמוט

(פארטזעצונג)

— יעצט וואלט איך אייך וועלען הערען זינגען! — האט ער א זאג געטאן און עטליכע מינוטען ארום, ווען זי האט גאנץ שטיל ארויסגערעדט א פאר אפגעהאקטע טענער.

— מען שלאפט דאך הונטען! — האט זי געענטפערט.

— דאן זייט איהר גערעכט, ענטשולדיגט!

און ער איז אנשוויגען געווארען. זי איז געזעסען אנטקעגען איהם. צוויי שעהנע רויזען האבען געבליהט אויף איהרע באקען, זי האט פון צייט צו צייט געווארפען אויף איהם א בליק. דער דאזיגער בליק איז געוועזען פול מיט צארטקייט און אויך פארגעטערונג. ער איז אויפגעשטאנען, איז צוגעגאנגען גאנץ דרייסט און האט ארויפגעלעגט א האנד אויף איהרע אקסלען.

זי האט א לייכטען ציטער געטאן. דאס הארץ וואס האט דעם גאנצען אבענד אין איהר אזוי שטורמיש זיך באוועגט, האט יעצט זיך געריסען צום ארויסשפרינגען. עס האט זיך איהר אין דיעזע מאמענט געוואלט זיך שטארק צוטוליען צו איהם און צושליסען די אויגען און דאן האט זיך איהר פארשטעלט, וואלט זי געוועזען די גליקליכסטע אין דער וועלט.

זי האט אבער ניט געטאן. זי האט ניט געוואגט, אפילו יעצט אין דיעזען מאמענט, ווען ער איז געשטאנען מיט איהר געזיכט צו געזיכט. זיינע אויגען ברייט פאנאנדערגעעפענט און האט געקוקט אויף איהר אזוי מילד און ליעבליך. האט זיך איהר נאך אלץ אויסגעוויזען אז זי איז אן איינפאכע ארבייטער מיידעל קען קיינמאל זיין ליעבע ניט געווינען. אין די דאזיגע געדאנקען איז זי געזעסען פערזונקען און האט געשוויגען.

— וואס זענט איהר אזוי שטיל געבליעבען? — האט ער א זאג געטאן — איהר האט דאך פארשפראכען צו זיין פרעהליך —

— איך פיהל זיך זעהר גוט, — האט אניוטא געענטפערט.

איז עטליכע מינוטען ארום האט בעלל אריינגענומען איהר רעכטע האנד אין זיינע ביידע הענט און האט מיט זיינע לאנגע ביינערנע פינגער געגלעט איהר האנד און האט זיך אוועקגעזעצט לעבען איהר.

זי האט געשוויגען און פון צייט צו צייט געכאפט א קוק אויף איהם.

מיט אמאל האט זי איבערגעבראכען די שטילקייט.

— דערצעהלט עפיס!

— וואס זאל איך דערצעהלען?

— מעשה'לעך אויב איהר קענט.

— איהר האט ליעב צו הערען מעשה'לעך?

— זעהר!

— פון לעבען אדער פון דער פאנטאזיע? [illegible] האט ער שפאסיג איבערגעפרעגט.

— פון דער פאנטאזיע!

ער האט א ווייל געשוויגען. גראדע אין דיעזען מאמענט האט ער זיך פערטראכט וועגען זיך אליין און ער האט אין געדאנק אנגעהויבען פילאזאפירען.

— אט האסטו דיר א מענש: הערר בעלל, א מענש, א באלעזענער, א באנאבטער פון דער נאטור, האט א פרוי און קינדער. א פרוי ניט קיין נאר, און אמת אינטעליגענטע פרוי, אמת ניט קיין שעהנע, אבער א פיינע פרוי, מען קען איהר מיט דער האנט ניט אוועק מאכען — און קינדער — האט ער וויטער געצויגען דעם זעלבען געדאנק — די קינדער זענען אויך פעהיגע, מיט מוזיקאלישע טאלאנטען, פון דעסטוועגען פאסירט דאס אזוי אז דער הערר בעלל הויבט זיך אויף און פאהרט אוועק. ער פערגעסט זיך אין זיין פרוי און קינדער און באזעצט זיך אין פילאדעלפיא, דרעהט זיך ארום אין פארק, שליסט באקאנטשאפט און זיצט ער שפעט ביינאכט, רויכערט, טרינקט וויין און ווער ווייס מיט וואס די געשיכטע וועט זיך ענדיגען. אניוטא האט געווארפען א בליק אויף איהם. ער האט יעצט אויסגעזעהן ווייט, ווייט פערטראגען אין טיפע געדאנקען. זי האט איהם איבערגעריסען:

— איך גיב א סענט פאר אייערע געדאנקען.

— שפאט בילינ! — האט ער גערוועז א שמייכעל געטאן און האט פארטגעזעצט:

— איז וואס האט איהר מיך געבעטען, איך זאל אייך דערצעהלען א מעשה'לע, העט?

— יא, ביטע! — האט זי געענטפערט.

— אט, קומט זעצט אייך אין מיין שוים!

— איך שעהם זיך!

— דאן דרעהט ארונטער דעם גאז ברענער!

זי האט באוואונדערט זיין בראווקייט. נור זי האט געפאלגט.

— און איהר וועט מיך געבען נאך א גלאז וויין?

— אויב איהר וועט מיר פערשפרעכען א שעהן מעשה'לע.

— איך פערשפרעך!

זי האט איהם אנגעגאסען א גלאז וויין, ער האט אויסגעטרונקען, האט פארוויכערט א סיגאר.

— און יעצט קומט צוריק צו מיר אויף די הענט!

ער האט זי געהאלטען אויף די קניע, האט אריינגענומען איהר קאפ האר אין זיינע הענד און האט זיך פארטיג געמאכט צום דערצעהלען.

— אבער [illegible]ענט אוועק דעם ציגאר! — האט זי זיך געבעטען ביי איהם — ס'ארע מאדנע שטארקע ציגארען איהר רויכערט היינט!

— אויב איהר ווילט מיין מעשה'לע דאן זאלט איהר מיר ניט שטעלען קיינע באדינגונגען! — האט ער זיך געוויצעלט.

— נו, שוין גוט, רויכערט.

— יעצט שווייגט.

אניוטא האט געשוויגען. זי האט זיך געפיהלט בערוישט פון זיין. הייסען אטהעם, וועלכער איז יעצט געוועזען אזוי נאהענט צו איהר. איהרע האר זענען געווען צעווארפען אויף זיינע אקסלען. דער קאפ איהרער איז געווען אנגעשפארט אויף זיין ברוסט. אין צימער

# דער וועג

**THE DETROIT JEWISH DAILY**

Published Daily, Except Saturdays and Jewish Holidays, by
DER WEG PUBLISHING COMPANY, INC.
347-49 Hastings St., Detroit, Mich. Main 3715.
J. RABINOWITZ, Pres. JOS. R. LEEMON, Sec.-Treas.
B. I. GOLDSTEIN, Editor

(Entered as Second Class mail matter at Post Office, Detroit, Mich.)

Subscription Price: By mail, or carrier, one year, $5.00; six months, $2.50.

דאנערשטאג, 29טער יאנואר, 1920


## די צווייערליי משומדים

ביי דעם פראנצויזיש־אידישען דראמאטורג הענרי בערנשטיין אין זיין דראמא ,,איזראעל'' זאגט דער אידישער באנקיר גאטליעב צום יונגען גראף טיבא אז זיינע גלענצענדע פעהיגקייטען, זיין גרויסע ענערגיע האט ער (טיבא) זיין אידישער אפשטאמונג צו פארדאנקען. און ווען טיבא ווארפט זיך אין קאנוואולסיען און שרייט אז ער זאל איהם דעם נאמען איד ניט דערמאהנען מחמת ער האסט די אידען מיט אלע פיברען פון זיין נשמה, זאגט איהם דערויף גאטליעב, אז אויך זיין האס איז אידיש. אזוי האסען די אידען קען נאר דער, וואס האט אידיש בלוט אין זיינע אדערען.

און כאטש דער שרייבער פון דיעזע ציילען האלט ניט בערנשטיין'ען פאר אזא גוואלדיגען טאלאנט, נישט קוקענדיג אויף זיינע זעהר פיעל הסכמות פון דער ניט אידישער וועלט, אבער דער איינדרוק פון דעם אייגענעם געשפרעך צווישען דעם יונגען גראף טאבא און זיין אידישען טאטען גאטליעב — ווי אומגעלומפערט דער דיאלאג זאל ניט זיין פון דער דראמאטיש־קינסטלערישער זייט — איז דאס אבער אזוי אמת, פילאזאפיש און פסיכאלאגיש, אז ס'איז ווערט מוחל צו זיין בערנשטיין'ען זיינע דראמאטישע פעהלערען.

א גוי נעהמט מיט זיין אידען־האס אוועק ביז רציחה, א איד אבער דערגעהט ביז צו דער העכסטער שטופע פון העזה און חוצפה.

די אידישע משומדים אין פוילען האבען אין איצטיגער צייט באוויזען, אז בערנשטיין איז גערעכט. זייער פראקלאמאציע אין וועלכער זיי האבען פארגעלעגט ארויסצונעהמען פון שלום אפמאך דעם פאראגראף וואס בארעכטיגט אידען צו באזונדערע שולען און אין וועלכער זיי רעדען אלס פאליאקען און איזראעליטען איז די העכסטע שטופע פון חוצפה און די גרעסטע מדרגה פון עזות וואס נאר משומדים זיינען דערויף פעהיג.

און עס איז פאראן נאך איינ'ערליי משומדים, דאס זיינען ,,נאציאנאלע משומדים''.

דער פאטער פון דער דאזיגער דעפינאציע איז נחום סאקאלאוו און איז, דאכט מיר, זעהר כאראקטעריסטיש צוגעפאסט. מען דארף נאר דעריבער געדענקען אז ביי אידען איז די אומה און די אמונה שטארק פארבונדען, ניט אפצוטיילען. די נאציאנאלע גאולה צוזאמען מיט דער רעליגיעזער אמונה זיינען אליין איינע עקרים פון די אני מאמין'ס. נחום סאקאלאוו האט אפנים פון דעם דאזיגען שטאנדפונקט באצייכענט די אסימילאטארען אלס נאציאנאלע משומדים.

פאראן היינט עס ביי אונז אזעלכע משומדים וואס אנטלויפען פון אונז פארלייקענדיג די אידישע אמונה. און פאראן אויך אזעלכע וואס אנטלויפען פון אונז פארלייקענדיג די אידישע אומה.

דער נאמען, ווי געזאגט, איז כאראקטעריסטיש. צי קען מען זיי אזוי רופען צי ניט, אבער זייער האס צו אונז און צו אונזערע שטרעבונגען זיינען פונקט אזוי עקסטרים העזה'דיג און חוצפה'דיג ווי פון די רעליגיעזע משומדים אין פוילען.

זאל כאטש דער לעזער נאכאמאל איבערלייענען דאס פאלגענדע שטיקעל נייעס:

,,די ציוניסטישע געגנער אין ענגלאנד, וועלכע זעהען דעם ציוניסטישען אידעאל נאהענט צו פארווירקליכט ווערען, קענען ניט רוהען און זוכען מיט אלע מעגליכקייטען צו שעדיגען די אינטערעסען פון דעם אידישען פאלק אין פאלעסטינא, זיי האבען א ,,פרעס קאמפאני'' מיט א גרויסען קאפיטאל און טרעטען צו צו דער אויסגאבע פון א וועכענטליכער צייטונג אין ענגליש מיט'ן נאמען ,,דזשואיש גארדיען'', אין וועלכער זיי וועלען מאכען די לעצטע אנשטרענגונג צו באקעמפפען דעם ציוניזם.''

שטעלט זיך פאר אז קעגען דער ידיעה אין כלל איז נישטא וואס מתרעם צו זיין. נאך אלעמען האבען דאך אונזערע נאציאנאלע משומדים געליטען אזא ביטערע מפלה, וואס אין לשער.

מענשען האבען צעהנדליגע יאהרען כסדר געהאלטען אין איין לערנען מיט דער וועלט, אז ס'איז נישטא קיין אידישע נאציע. אז באלד נאכ'ן חורבן איז די אידישע אומה געשטארבען. דאס אידישע פאלק געהט ארום אויף דער עולם הזה אהן א נאציאנאלער נשמה. עס איז געבליבען א גוף מיט א געוויסער מיסיע.

ארץ ישראל — חס מלהזכיר! אידען האבען מיט ארץ ישראל קיין שום שייכות ניט.

אידישע צוקונפט — חלילה! אידען האבען ניט און ווארטען ניט אויף קיין צוקונפט.

ציוניזם — רעדט גארנישט! אין די ,,סוירמענס'' דערמאהנט דאס ניט, פון סידור האט מען דאס ארויסגעשניטען.

אזוי האבען די דאזיגע נאציאנאלע משומדים איינגע'טענה'ט מיט דער וועלט, מיט איירופא און זיינען געווען ביי זיך בטוח, אז מען פארשטעהט זיי און מען גלויבט זיי אין איירופא.

און זיי האבען שוין קברים געגראבען פאר'ן אידישען נאציאנאליזם. און זיי האבען שוין ניט איין מאל געפייערט זייער ,,זיעג'', און שוין ניט איין מאל האבען זיי זייער זיעג פראקלאמירט אין דער עפענטליכקייט.

און פלוצים איז אין מיטען־העלען־טאג זייער זונן אונטערגעגאנגען. די ציון דעקלאראציע איז פאר זיי א טויט־קלאפ.

פונקט דעמאלט ווען זיי האבען שוין אזוי פיעל ארבייט אוועקגעלעגט, קומ'ט א גרויסע וועלט־מאכט און טוט איין פיהר פון איהר פען, צעווארפט זי אלע טענות ומענות פון די דאזיגע נאציאנאלע משומדים, ווי גלייך דאס וואלטען קארטען־שטיבלעך געווען.

און אפענע דערקלערונג פון א וועלט־מאכט אז אידען זיינען יא א נאציע, אז אידען האבען יא א רעכט צו ערווארטען א נאציאנאלע גאולה, אז אידען האבען יא א ריכטיגע טענה בנוגע פאלעסטינא און אז עס איז א יושר גדול אז מען זאל דיזע טענה באגיטיגען.

וואלט דאס נאך אפשר געווען א האלבע צרה, וואלט מען זיך נאך ווי ס'ניט איז געשטיקט מיט דעם וועהטאג. איז אבער דער אומגליק אזוי גרויס וואס ניט נאר האט די דאזיגע דעקלאראציע דערפרעהט די נאציאנאליסטען, נאר אויך פיעלע אסימילאטארען, אפילו אזעלכע וואס האבען אמאל געדראוועט מיט יענע משומדים פון איין סדור, אויך זיי רוקען זיך אפיר פון אונטער'ן משומדים־צודעק און אנטלויפען איינציגווייז צו די רייהען פון די נאציאנאליסטען.

דעם בראך האבען צום אלעם ערשטען דערפיהלט די ,,ראפפיים.'' ביי זיי איז דאך דאס פשוט א פרויט־פראגע. עס קומט זיי באלד אויס כאטש נעהם און צעלאז דאס חדר, פארברען אלע ,,סוירמאנס'' און זוך דיר אין ער־

די ערשטע טעג פון דעם אנהויב יאהר 1917 זיינען ארויס די ,,ראפפיים'' שולמאן, פריש א. א. און אויך די ראפפיים פון דעם סינסינעטער ,,אמעריקאן איזראעליט'' און האבען געליארמט אז — ,,ניטא קיין אידישע נאציע פאראן בלויז אן אינטערנאציאנאלע אידישע קירכע, אט ווי למשל דער ,,פראטעסטאנט טשוירטש''; אז אונזער ,,קליים'' אויף פאלעסטינא איז שוין לאנג פטל ומבוטל געווארען'' און נאך און נאך אזעלכע אפגעדראשענע טענות האבען זיי פארעפענטליכט אין דער פרעסע און האבען זיך ניט געפוילט און גלייך צום פרעזידענט פון די פעראייניגטע שטאטען זיך גע־ווענדעט מיט א בקשה, אז ער זאל זיך שטעלען אויף זייער צד און זאל זיי העלפען אין זייער גרויסער [illegible]ים.

מען האט נאכדעם געשיקט פארטרעטער קיין פאריז און דארטען האט מען געגראבען און געאקערט און מען האט דורך כל ערליי מיטלען געזוכט צו שעדיגען די אידישע אינטערעסען.

און ווי עס ווייזט אויס איז — כלו כל הקיצין! — זיי קלאפען אין אלע טירען און קיין איינע עפענט זיך נישט.

און אט זיינען זיי געקומען ביז צו דער העכסטער שטופע פון־משומדים־שער העזה און חוצפה: זיי געהען גרינדען א צייטונג, מיט דעם צוועק צו באקעמפפען אלעס וואס אידיש איז און געבען איהר א נאמען די ,,דזשואיש גארדיען'', דער ,,אידישער וועכטער'', דער אידישער אפטרופוס.

יענע פוילישע רעליגיעזע משומדים האבען אריינגעשיקט א פראטעסט קיין פראנקרייך וואו זיי זאגען אז אלס פאלאקען און א י ז ר א ע ל י ט ע ן איז עס אן אומגליק ווען מען וועט אידען ערלויבען צו האבען באזונדערע שולען.

און דא ווילען די ענגלישע נאציאנאלע משומדים באקעמפען אלע אידישע האפנונגען און אלע אידישע שטרעבונגען און ווילען דאס טאן אינ'ם נאמען פון אידישע וועכטער, פון אידישע אפטרופסים און אפעקיגען.

און בפירוש איז וויכטיג אונטערצושטרייכען: אז פון דעם אידיש־רעליגיעזען שטאנדפונקט וועלען די דאזיגע לאנדאנער אפטרופסים באקעמפען אלץ איין וועגס אויך די אידישע רעליגיע. מאכט מען די אידישע אמונה פאר אן אינטערנאציאנאלען ,,היברו (אדער איזראעליט) טשוירטש'' איז דאס ניט נאר עפענטליכע ספירה, נאר אויך פאקמישט מיט אומוויסענהייט און ניט ווייניג חוצפה. צו דער אידישער אמונה געהערען בלויז אידען. זי קען דערום ניט זיין אזוי אינטערנאציאנאל ווי די קאטוילישע, אדער פראטעסטאנטישע קירכע. די אידישע אמונה איז בכן א נאציאנאלע, צו וועלכער אן אנדער ראסע, אן אנדער שטאם און אן אנדער נאציע געהער נ י ש ט! א הין דעם איז דאך דאס קעגען די עקרים.

— נאר ווי געזאגט קעגען די וואס האבען אידיש בלוט און זיך אוועק מיט זייער שנאה ביז דער העכסטער שטופע פון עזות און חוצפה. די רעליגיעזע משומדים אין פוילען און די נאציאנאלע — אין ענגלאנד זיינען די בעסטע

## א פערמאנענטער אידישער קאנגרעס

פון מ. פ זיידמאן

די צווייטע סעסיע פונם אידישען קאנגרעס אין אמעריקא וועט באלד איינבערופען ווערען. אזוי האט באשלאסען די קאנגרעס קאמיטע. אנדערש האט אויך ניט געקענט זיין. ערשטענס, האט שוין די ערשטע סעסיע באשלאסען, אז א צווייטע סעסיע זאל שטאטפינדען. און ווי קענען — עס איינצעלנע מענשען — אפילו נור וועלען! — מבטל זיין א באשלוס וואס איז אנגענומען געווארען פון אזא אימפאזאנטער פערזאמלונג, אויף וועלכער עס זיינען געוועזען פארטרעטען די סמעטענע פון'ם אמעריקאנער אידענטום — פון אלע פארטייען און ריכטונגען?

און צווייטענס, שוין וועגען עלעמענטארער אנשטענדיגקייט און איינפאכען פאקט האט די דעלעגאציע, וואס איז געשיקט געווארען פון'ם קאנגרעס קיין פאריז זעלבסט געמוזט פארלאנגען א צווייטע סעסיע, כדי אפצוגעבען א באריכט ווי אזוי זי האט ערפילט די וויכטיגע אויפגאבע, וואס איז איהר אנפערטרויעט געווארען...

און אויב די דעלעגאציע זעלבסט האט דאס ניט פארלאנגט זיינען די אמעריקאנער אידען זעלבסט אביסעל שולדיג — מיט די באנקעטען און כבודים און פייערונגען און טריאומף — צוזאגען וואס מען האט פאראנשטאלט פאר די מיטגלידער פון דער דעלעגאציע נאך איידער מ'האט געהערט זייער באריכט. פון דעם איז צו זעהן, אז חנופה און איבעריגע קאמפלימענטען קענען פארדרעהען דעם קאפ ניט נאר פון א ניט־דערוואקסען מיידעל, נאר אויך פון א גרויסען און קלוגען לאיער.

וועגען דער צווייטער סעסיע פון'ם אידישען קאנגרעס האט מען קיינמאל ניט געקאנט דיסקוטירען און איצט שוין זיכער ניט. זי מוז און וועט שטאטפינדען. עס ענטשטעהט אבער די פראגע, צי זאל דער אידישער קאנגרעס, דיזע נייע אינסטיטוציע אינם היגען אידישען לעבען ווייטער עקזיסטירען אדער בטל ווערען.

די פראגע איז אייגענטליך שוין אלט. זי עקזיסטירט שוין בערך פינף יאהר. עס אי דיזעלבע פראגע, וועלכע איז ענטשטאנען צוזאמען מיט דער גאנצער קאנגרעס באוועגונג. שוין דעמאלט האבען זיך געפונען זעהר פיעל צווייפלער ,,אפקורסים''. שוין דעמאלט זיינען די אזוי גערופענע און די אמת''ע פיהרער פון אמעריקאנער אידענטום געווען געגען א אידישען קאנגרעס.

א לאנגער קאמפף איז אנגעגאנגען. פיעל טינט איז פארברויכט געווארען און גרויסע פערזאמלונגען זענען געהאלטען געווארען. און דער שלום פון דיעזען לאנגען און שווערען קאמפף איז דאך געווען דער זיעג פון די קאנגרעסיסטען, און אויב דעמאלט האט די לאגיק געפיהרט צו דיזען שלום, — פארוואס זאל מען אנהויבען איצט ווידער פונם סאמע אנהויב? מען וועט זאגען, אז די פאליטישע לאגע האט זיך געענדערט, דער וועלט קריעג איז שוין כמעט פארביי. די פרידענס־קאנפערענץ איז שוין ווי געשלאסען א. א. וו.

דאס אלץ איז ביז א געוויסען גראד ריכטיג. אבער ס'איז אויך ריכטיג, אז אנדערע וויכטיגע היסטארישע פאסירונגען וועלען נאך קומען. די מענשהייט איז ניט אויסגעשטארבען. אלע וועלט פראבלעמען זיינען נאך ניט געלייזט. עס וועלען נאך געוויס פארקומען גרויסע עראייגניסע אין וועלכע מיר אידען וועלען האבען בלוטיגע אינטערעסען. מוזען מיר אלזא זיין פארבערייטעט, און אויב עס איז שוין איינמאל געשאפען געווארען אזא אינסטרומענט, געשאפען נאך לאנגע קעמפפע און שווערע מיה, — פאר וואס זאלען מיר עס ניט דערהאלטען אויף ווייטער, אויסבעסערען, ענטוויקלען, כדי אז דיזער אינסטרומענט זאל אין נויטיגען מאמענט קענען פונקציאנירען?

קומט אבער מר. יעקב פישמאן, א זשורנאליסט וועלכער צייכענט זיך אויס מיט עהרליכען מוט און געזונדער לאגיק, און איז געגען א פערמאנענטען קאנגרעס. ער מיינט אז דער ערשטער קאנגרעס איז געווען אן עקספערימענט, וואס איז ניט געלונגען.

ערשטענס, האט מר. פישמאן טענות צו די וואהלען. זיי זענען געווען ניט זעהר קארעקט. עס איז געווען ,,טעמעני־וואהלען''.

דאס אי אביסעל איבערטריבען. אונטער ,,טעמעני־וואהלען'' פארשטעהט מען א וואהל מיט דער הילף פון גענגסטערס, מיט מעסער־שטעכעריי און דאסגלייכען ,,קולטורעלע'' באאיינפלוסונג.

קיינער קען ניט באהויפטען, אז ביי די וואהלען צום אידישען קאנגרעס האט מען זיך באנוצט מיט אזוינע מיטלען, — אבער לאמיר אפילו צוגעבען, אז די וואהלען צום אידישען קאנגרעס זענען געווען פונקט און אקוראט ווי ,,טעמעני־וואהלען,, וואו זשע עקזיסטירען ,,טעמעני־וואהלען''? אין אמעריקא דאך, ניט אמת? — וועט דען מר. פישמאן האבען דעם מוט דערפאר פארצושלאגען, אז מען זאל אין אמעריקא אפשאפען אלע וואהלען און איינפיהרען דעם צאריזמוס?..

צווייטענס, האט מר. פישמאן טענות צו די רעזולטאטען פון'ם קאנגרעס. ער מיינט, אז זיי זענען ניט געלונגענע.

דיזער ארגומענט איז ניט קיין שוואכער. ער אי דערפאר שטארק, ווייל ער איז אמת. די רעזולטאטען זענען טאקי ניט געווען זעהר געלונגענע, אבער וואס איז די אידעע שולדיג? ווען א שוסטער א קאליקע מאכט א שלעכטע פאר שטיוועל, מוז מען דען דערפאר אפשאפען שטיוועל פון דער וועלט?

דער אמת איז, אז דער ערשטער אידישער קאנגרעס איז איינבערופען געווארען אין איילעניש, און פון מענשען, וועלכע זענען לרוב געווען קעגען דעם קאנגרעס, — און דערפאר זענען געקומען די טרויעריגע רעזולטאטען.

אבער די אידעע בלייבט די זעלבע. מיר מוזען האבען א נאציאנאלען אידענטום. א גאנצען און שטארקען אידישען פראנט.

אמעריקא איז געווארען דער צענטער פון דער וועלט־פאליטיק. אלע מענשליכע אויגען זיינען געווענדעט קיין וואשינגטאן — און די מידע אידישע אויגען זענען אויך אנגעשטרענגט מיט ערווארטונגען און האפנונגען פון אמעריקא.

און אמעריקא קאן אונז העלפען און וועט אונז העלפען זי האט עס שוין אזוי דייטליך באוויזען דורך אזוינע טאטען ווי דאס ברעכען די טריטי מיט'ן צאריזמוס און דאס שיקען אן אונטערזוכונגס־קאמיסיע קיין פוילען.

אמעריקא טוט אזוי, — ווייל דאס אמעריקאנער פאלק איז אבסאלוט אידעאליסטיש. דאס איז באוויזען געווארען אין דער לעצטער קריעג. מען קאן טויזענד מאל באווייזען, אז אמעריקא איז אריין אין קריעג צוליעב מארגאנ''ס אינטערעסען אדער צוליעב ווילסאנ''ס אמביציעס, מען קאן אבער ניט אפלייקענען דעם פאקט, אז דאס אמעריקאנער פאלק איז געגאנגען אין קריעג ניט צוליעב מארגאנען און ניט צוליעב ווילסאנען, נאר און אויסשליסליך צוליעב די אידעאליסטישע שלאגווערטער, וואס זיינען אנגעגעבען געווארען אלס ציעלען און צוועקען פון דער קריעג.

אמעריקא וויל אונז העלפען ווייל זי וויל צופרידענשטעלען איהרע אידישע מיטבירגער, זי האט אכטונג און רעספעקט צו דער אינטעליגענץ און קראפט פון איהרע אידען.

אבער כדי, אז מיר זאלען קאנען האבען דעם גאנצען בענעפיט פון דיזער הילף, מוז דאס אמעריקאנער אידענטום זיין געאייניגט.

עס איז אבער ניט געאייניגט. מיר האבען צוויי גרויסע פאליטישע ריכטונגען: די אמעריקאן דזשואיש קאמיטע און די ציוניסטישע ארגאניזאציע.

דיזע צוויי ריכטונגען קעמפפען איינע קעגען די אנדערע. יעדע איינע באמיהט זיך צו שטארקען איהר איינענע פאזיציע און אפצושוואכען די אנדערע.

און דאס רעזולטאט? — דורך דיזע קעמפפע וויים איצט יעדער אמעריקאנער פאליטישער פיהרער, אז די אמ. דזש. קאמ. פארטרעט קיינעם ניט א חוץ די איינענע זעהר רייכע אידען. אבער די ברייטע אידישע מאסען זענען ביי די ציוניסטען, און מען ווייס אויך, אז ביי די ציוניסטען זענען נאר די ארימע מאסען, אבער די רייכע אידען, וואס האבען אן איינפלוס אין וואל־סטריט און אנדערע גוטע ערטער, זיינען טאקי ביי דער אמ. דזש. קאמ.

אזוי ארום ווערט די פאזיציע אפגעשוואכט. פראקטיש האט זיך דיעזע שוואכקייט שוין באוויזען ביי דעם פאל פון דער רוט־קאמיסיע קיין רוסלאנד, וואס נאר דורך די קעמפפע צווישען די צוויי ריכטונגען — איז קיין איד ניט באשטימט געווארען, און מעגליך אז אויך די מארגענטהוי־קאמיסיע איז געווען אזא אומגעלונגענע צוליעב דיעזע קעמפפע.

אבער מיר ווילען ניט זיין צו אפטימיסטיש. מיר וויסען, אז א פאלשטענדיגע פארשמעלצונג צווישען די צוויי ריכטונגען איז אומעגליך.

ווייל אין דער שפיץ פון אמ. דזש. קאמ. שטעהט לואי מארשאל. א מאן וואס איז א אויסגעשפראכענע אינדיווידועלע פערזענליכקייט. לויט זיין כאראקטער קען ער קיינמאל ניט ווערען א ,,גוט־שטעהענדער מעמבער''. ער מוז זיין א פיהרער, און דוקא פון א ריכטונג וואס ער אליין שאפט, וואס ער אליין איז אין איהר דאס פראגראם.

און די ציוניסטען האבען א פארטיי־פראגראם מיט א טעארעטיש־באגרינדעטער וועלט־אנשויאונג. זיי מוזען בלייבען ביי דעם אלגעמיינעם כאראקטער פון זייער פארטיי־פראגראם, אפילו ווען איינגע פון זייערע פיהרער זענען נוטה צו קאמפראמיסירען.

קעמפפע צווישען דיעזע צוויי ריכטונגען וועלען אלזא מוזען ווייטער זיין. אבער אויב קעמפפע, טא זאלען זיי זיין אויף א ברייטער, אפענער פלאטפארם. מיר ווילען רייניגען די פאליטישע לופט. מיר ווילען אפשאפען די הינטער־קוליסען פאליטיק און די אינטריגעס, ווייל אינטריגעס זענען תמיד שטארקער פון די בעסטע אבזיכטען.

[illegible]טע אבזיכטען האבען ביידע ריכטונגען. אין דעם איז קיין צווייפעל ניט. ביידע ווילען ארבייטען און העלפען, און ביי א ריינער פאליטישער לופט און מיט דער הילף און קאנטראלע פון א אידישען קאנגרעס וועט מען שוין ביי יעדען איינצעלנעם פאל געפינען די מיטל צום אויסגלייך, צו געמיינזאמער נוצברענגענדער און פרוכטבארער ארבייט.

## קאנסטרוקטיווער רעליעף און די אידישע יוניאנס

אין א גאנצע רייהע פון פוילישע און ליטווישע שטעדט קומען איצט פאר זאמלונגען פון אלטע מלבושים, וואס קאנען צונוץ קומען דער פארארימטער אידישער באפעלקערונג, די פראגע באקומט א באזונדערע באדייטונג, וואס סחורה פאר קליידער איז היינטיגס יאהר אומגעוועהנליך טייער און צוליעב דער הויכער וואלוטא אויף אמעריקאנער און ענגלישע סחורות איז דאס פשוט אונמעגליך געווארען צו מאכען זיך נייע קליידער. דאס ברענגט מיט זיך אויך א טייל פון דער ארבייטסלאזיגקייט פאר אידישע בעלי־מלאכות. הויפטזעכליך פאר שניידער און שוסטער.

פאר די אידישע יוניאנס אין אמעריקא, באזונדערס פאר דעם שניידער און שוסטער־פאך, וואלט עס היינט געדארפט זיין איינע פון די גרעסטע אויפגאבען צו פארזארגען די אידישע יוניאנס אין פוילען און ליטא מיט רויה־שטאף, מיט סחורות פאר קליידער און מיט לעדער דאס ריזיקע וואלט אייגענטליך געווען גאנץ קליין און די באדייטונג פון דער דאזיגער ארבייט, וואלט געווען אומגעהויער גרויס.

אויב די אמעריקאנער אידישע יוניאנס וואלטען גענומען אויף זיך דאס אריבערשיקען קיין ווארשא, ווילנא און קאוונא די סחורות נישט דורך די געוועהנליכע הילפס־ארגאניזאציעס, נאר דורך אן אייגענער פארטרעטערשאפט, וואס דארף אהין אוועקגעשיקט ווערען. מען דארף נישט פארגעסען, דאס בשעת מען רעדט וועגען קאנסטרוקטיווער רעליעף. פאר אזעלכע לענדער ווי גאליציען, פוילען און ליטא, איז ניט גענוג אוועקצושיקען אהין הילפס־מיטלען, נאר מען דארף צו גלייכער צייט אויך זעהן שיקען גוטע ארגאניזאטארישע קרעפטען, וואס קאנען אויסנוצען אויף אן אמת''ן אופן די גע־

שלוס'אנוף זייט 6

## אהן דער בלאקאדע

(פעליטאן)
פון עליאש

איהר ווייסט שוין
אודאי
און מ'האט די
בלאקאדע
פון רוסלאנד
ארונטערגענומען;
א שמחה,
א יובל:
דער רוסישער
רובעל
האט ווידער
א פנים בעקומען.

מיר וועלען
באלד מעגען
ביי רוסישע
ברעגען
מיט רוסישע
סחורה זיך בייטען;
און לאדען
די שיפען
לויט נייע
באגריפען,
לויט נייערע
פרייערע צייטען.

עס פרעהט זיך
דער קרעמער,
דער געבער
און נעהמער,
דער רייכער
און דער פראלעטאריער;
עס פרעהט זיך
דער שאכער,
עס פרעהט זיך
דער מאכער,
עס פרעהען זיך
אידען און אריער.

עס שמייכלען
די ווייצען
פון רוסלאנד,
און רייצען
די העלזער שוין;
די אפעטיטען;
נ. ווער וועט

באקומען
די גערשטען —
די יענקים,
די דייטשען, צי בריטען?

דער האנדעל
וועט ווידער
צעווארעמען
די גליעדער,
מ'וועט טומלען
און קויפען, פארקויפען;
צובראכען
דער פארקען
פון רוסישע
מארקען —
און סוחרים'לעך
שרייען און לויפען...

מיין פעטער,
ר' נתן,
האט איצטער
געשלאסען
א ,,טראסט'' מיט
ר' בערעלע איצע'ס;
ס'דערווארטען
זיי גליקען:
זיי וועלען
באלד שיקען
קיין רוסלאנד
א טראנספארט מיט ציצית

חוץ ציצית —
זעקס פלאטעס
מיט לאנגע
קאפאטעס,
א שטריימעל
א פיינעם פאר בראדסקי'ן;
און בענטשערלעך
קליינע,
און גארטלען
גאר שעהנע
א שיף
,,מישברך'ס'' פאר טראצקי'ן
זעקס שיפען
קטיעות;
א שיף

צעהן שיפען
מיט ,,מים אחרונים'';
אכט שיפען
עליות;
און מפטיר'ס —
מציאות —
עס וועלען
געפינען זיך קונים.

איך זעלבער
וועל שיקען
געגראמטע
אנטיקען —
צעהן שיפען
מיט פרעכטיגע פערזען:
באלאדען,
סאנעטען,
די פיינסטע
קופלעטען —
עס ווארטען
אויף זיי אלע בערזען.
זעקס שיפען
מיט טרוימען
פון גאלדענע
רוימען,
אכט שיפען
געלאדען מיט טרויער;
צעהן שיפען
מיט קרעכצען
מיט ליעבע —
א זעכצעהן.
א, פרעה זיך,
דו רוסישער פויער!

א, רוסלאנד,
דו רויטע,
די סטעפעס
די טויטע
זיי עהמען
זיך ווידער באלעבען;
ס'איז אפען
דיין האפען,
ס'נעהמט ווידער
זיך שאפען.
איך הער שוין

# די נבואה פון א קריסטליכע שרייבערין

פון ב. י. גאלדשטיין

(א)

בלעקוויל האט דער, ערשטער דזשארדזש עליאטס דערצעהלונגען געדרוקט. קיי-נער האט דעם מחבר'ס נאמען נישט גע-וואוסט.

דעמאלט האט טשארלז דיקענס געשרי-בען צו זיינעם א פריינד און אינטימען בריוועל מכח דער „שעהנער ליטעראטור אין יענער צייט און דערמאנענדיג דיזע דערצעהלונגען, האט ער אונטערגעשטרא-כען: „לייען זיי. זיי זענען די בעסטע „סקעטשעס" וואס איך האב ווען'ס אנ-געטראפען פון זינט איך האב אנגעהויבען צו לייענען".

אין יענער צייט איז שווער געווען באַ-ריהמט צו ווערען, און בפרט אין ענג-לאנד און ווער שמועסט נאך א מחבר פון דערצעהלונגען.

אין ענגלאנד האט מען מיט קנאפע התפעלות געקוקט אין יענער צייט, אויף דערצעהלער, סקיצענשרייבערס. און דזשארדזש עליאט'ס ערשטע „זאכען" זיי-נען געווען סקיצען־מעסיג, „סקעטשעס".

סיר וואלטער סקאט באקלאגט זיך דע-מאלט, אז — „היינטיגע צייטען קען א שרייבער פאר יאהרען לאנג אויסהאל-טען זיין פערזענליכקייט אומפארדעכ-טיגט."

און אויב דזשארדזש עליאט איז אין יענע יאהרען אנגערופען געווארען „דהי אייבלסט נאוועליסט אף דהי איידזש", און אויב זי האט דאמאלט נישט געקענט אויסבעהאלטען איהר פערזענליכקייט איז דאס דער בעסטער עדות פאר איהר טא-לאנט.

דזשארדזש עליאט'ס לעבענס געשיכטע פארמאגט ווייניג פרייד און א סך ליידען, ענטוישונגען און ביטערע חרטה.

אינ"ם 22טען נאוועמבער איז געווארען הונדערט יאהר זינט זי איז געבארען גע-ווארען אין א קליין, נאר באריהמט ענג-ליש שטעדטעל, ווארוויקשייער. אין יע-נעם געגענד איז אויך דער אומשטערב-ליכער שעקספיר געבוירען געווארען.

איהר אמת'ער נאמען איז מערי ענן אי-וועגס. דאס יונגסטע קינד פון ראבערט איוועגס, א סטאליאר און, שפעטער, לאנדאגענט.

איהר בילדונג — און געבילדעט אין אלע הינזיכטען איז זי געווען, חוץ איה-רע, אייגענע, נאר טיפע ווערק, זאגען אויך עדות אויף איהר וויסען און בילדונג אזעלכע אויטאריטעטען ווי הערבערט ספענסער, וועלכער האט זיך נישט גע-שעהמט מודה צו זיין, אז זי פארשטעהט זיין אייגענע פילאזאפיע און די פילאזא-פישע ווערק פון אנדערע בעסער, איידער ער. זי האט געלערנט עטליכע שפראכען צווישען זיי אויך העברעאיש—דאס אלעס האט זי זיך אליין אויסגעלערענט; איהר בילדונג — האט זי זיך ערווארבען אהן דער מיטהילף פון א לעהרער.

געוואקסען און דערצויגען געווארען אין א שטרענג רעליגיעזער און מאראל אפהיטענדער סביבה. פארווארפען וויים פון א גרויסער שטאדט, וואוהין מען האט יענע יאהרען נישט געקענט דערגרייכען מיט אייזענבאהנען.

דער ערשטער אויפגעקלעהרטער און פריידענקענדער מענש, מיט וועמען דזשארדזש עליאט האט זיך באגעגענט, איז געווען טשארלז בריים. ער האט זי שפעטער געבראכט קיין לאנדאן און זי באקאנט מיט דער נייער ליטעראטור.

עס האט ניט לאנג גדויערט ביז דזשארדזש עליאט איז געווארען אזא בקי אין דער מאדערנער ליטעראטור, דאס אין א קורצער צייט ארום נאך איהר אנקומען קיין לאנדאן האט מען איהר אנפערטרויט עס אזא פאראנטווארטליכען אמט ווי רעדאקטאר פון דעם ערנסטען זשורנאל „וועסטמינסטער רעוויו".

מיט א סך מעלות האט זי די נאטור געבענשט. זי איז געווען א בריליאנטענע דערצעהלערין, א פעהיגע שרייבעריו, א רעדנערין; דורך איהרע אפהאנדלונגען און טיעף פילאזאפישע ארטיקלען האט זי זיך קונה שם געווען; איז געווען א גוטע און ליעבע פרוי, נאר —

נישט קיין שעהנע.

אבער טאקע בכלל נישט קיין שעהנע:— ליכטיג ברוינע האר געקרויזעלטע, צע-נויפגעקנוילט ווי קינדערשע לאקען. און דער קאפ אליין — מאסיוו, מענעריש. איהר מויל — גרויס, ברייט. איהר פנים בלאס און ניט דעליקאט. אין גאנצען — שיוער געבויעט, ווי עס פאסט פאר א מאן. אפילו איהרע אויגען, אין וועלכע עס איז יא געלעגען פארבארגען א גלאנץ וואס האט עדות געזאגט אויף א שעהנער נשמה, זיינען אויך געווען פון אן אומ-באשטימטען קאליר: — גרוי־בלוי, אדער בלויגרוי, דערצו קליינע.

שעהן איז בלויז איהר שטימע געווען. ווען מען האט זי געזעהן ריידען האט מען איהרע געזיכטס־ציגע געזעהן אויסגעדראכט, אז איהרע אויגען זיינען גרעסער און פייערדיג, אז איהר מויל איז געשניצט. איהר שטימע איז געווען טיעף, נידעריג און האט וויברירט מיט סימ-פאטיע.

אלע וואס האבען זי געקענט און אויך — אליין דזשארדזש עליאט, האבען גע-מיינט, אז זי וועט פארזיצען. זי איז שוין אלט געווען א יאהר פינף און דרייסיג, ווען זי האט געהאט אפשר א מעגליכ-קייט צו הייראטען א מאן וואס זאל פאר-כען פאר איהר. אבער נישט זי האט זיך געאיילט און נישט די מענער וואס האבען זיי געקענט און געהערט האבען זיך גע-איילט צו דערקלעהרען זיך איהר אין ליעבע.

איינער איז געווען אזא, וואס האט גע-פיהלט אן אינטימע צוגעבונדענקייט צו דער זעהר ניט שעהנער טאלאנטפאלער פרוי. דאס איז געווען דזשארדזש הענרי לואיס.

ער איז געווען דער ערשטער וואס האט זי צוגערעדט צו שרייבען ראמאנען, נא-וועלען און אליין; האט ער טאקע איהרע ערשטע נאוועלען אוועקגעשיקט צו בלעק-וואוד'ען.

איהרע ערשטע דריי ראמאנען האבען זי באריהמט געמאכט. איבער א נאכט איז זי פאפולאר געווארען. און א דאנק דערפאר איז געקומען לואיס'ן.

לואיס איז געווען א לעבעודיגער יונ-גערמאן. איז געווען א מושלם בכל המעלות: ער האט געשריעבען גאנץ לעבע-דיגע עסייס, האט פיין און וויציג גערעדט, איז געווען אן אקטיאר, א דענקער און אפילו א קלאון אין א צירק.

אין יענער צייט איז ער פאר'שמ'ט געווען פאר א לוסטיגען מיטגליעד פון דער „באהעמיע".

צו איהר איז קיינער קיינמאל נישט געקומען פארברענגען. די וואס זיינען צו איהר געקומען זיינען מייסטענס געווען דורשטיגע נאך וויסענשאפט — צו איהר איז מען געקומען לערנען עפעס, זיך דער-וויסען עטוואס.

זי האט, ווי דאס רוב דענקער, ניט גע-קענט פליהען מיט'ן מח שנעל פון איין אינדיווידואליטעט צו א צווייטען. זי האט זיך געפיהלט פאראנטווארטליך פאר יע-דער ווארט.

ער איז געווען — פונקט דער היפוך פון איהר.

און דאך האט ער — זי, און זי — איהם ליעב געהאט.

ווען ער האט איהר זיינע געפיהלען אנטדעקט, האט זי זיך געפיהלט גע-שמייכעלט, צופריעדען און שפעטער — גליקליך.

ווען זיי האבען זיך פאר'קנס'ט האט ער איהר ערשט דעמאלט דעם אמת גע-זאגט, אז ער האט נאך א פרוי.

זיי זיינען געווארען מאן און ווייב אהן דער הסכמה און ברכה פון דער קירכע, און דאס האט איהר די געזעלשאפט נישט געוואלט מוחל זיין. וואס מעהר פאפולא-ריטעט זי האט זיך ערווארבען אלס דזשארדזש עליאט, אלץ מעהר האט מען איהר אנגעטאן צרות אלס מיסעס לואיס.

דערצו האבען נאך דאס רוב פון איהרע ווערק נישט הארמאנירט מיט איהרע האנדלונגען, האט מען זי פארעכענט פאר א היפאקריט.

אלס שריפטשטעלערין איז זי געווען א ריעז, אלס מרס. לואיס — א קארליק.

אזוי האט זי זיך געלעבט אין אנגסט און ענטוישונג מיט לואיס'ן א צוואנציג יאהר.

אין דיעזע יאהרען איז זי אויסגעוואק-סען אלס שריפטשטעלערין. איהר ראמא-נען זיינען געלייענט געווארען און אליין האט זי זיך גע'חבר'ט מיט אזעלכע בא-ריהמטהייטען ווי הערבערט ספענסער און זיינס גלייכען.

ווען לואיס איז געשטארבען האט זי געוואלט צוריק געווינען דעם נאמען פון א' „גוטער" פרוי, א פרוי וואס היט אפ אלע דאגמען פון דער אנגענומענער מא-ראל, און האט געזעצליך חתונה געהאט מיט מר. קראס.

---

פון איהרע ווערק אטהעמט א רעליגיע-זער איינגעבוירענער געפיהל, א מאראלער קריזיס, וואס קומט פון געפיהל־פארש-ווענדונג, פון פטר'ן אומזיסטע ענערגיע, פון נעיגע נאך ענגאאיסטישע פארלאנגען, פון פארוואונדעטער ליעבע; א קאמפף וואס דערוועקט זיך פון די בעסערע מענש-ליכע געפיהלען און רייסט זיך צו מלחמה מיט דעם מיאוסען אינ'ם מענשענס הארץ — דאס טרעפט מען אן אין איטליכען ווערק פון דיזער אומשטערבליכער און פארפאלגטער שריפטשטעלערין. אין אלע איהרע ליעדער און פאעמען איז איינגע-וועבט א הייליגקייט, וואס פליסט פון אן ערהאבענער נשמה.

פון איהרע פארעפענטליכטע בריעף, צי-טיר איך פאלגענדען זאץ, וואס דעקט אויף פאר דעם לעזער די נשמה פון דער גרויסער שרייבערין.

„איך וויל ניט שטרייטען מיט דעם גלויבען וואס שרייט ארויס פון דער טיעפעניש פון דעם מענשענס גייסט.

„איך ווינש נאר, אז עס זאל מיר מעגליך זיין צו העלפען באפריעדיגען די נויט פון די, וועלכע זוכען א טרייס-טענדיגע אמונה. אבער איטליכס מאל ווען איך וויל העלפען, דערפיהל איך ווי באגרענצט עס זיינען מיינע כחות — — אונזערע הויפט זארגען דארפען זיין, אז מיר אליין זאלען באזיצען א סך גוטע מעלות און אן ערהאבענעם גייסט. ווייסען מיר דאך שוין ווי ארי-מע העלפען ארימע". —

מען פארגלייכט איהר לעבען צו די ליידען פון פראמעטעאוס'ען: אויך זי האט פאר די מענשען ליכט געבראכט און איז פארט פארשאלטען געווען צום אייבי-גען ליידען.

זי האט געליטען און אין דערזעלבער צייט באריכערט די וועלט מיט די טייערסטע מתנות פון איהר רייכען טא-לאנט.

וואס דזשארדזש עליאט געהער זיך או אונז, אידען — איז א באזונדער ארטי-קעל.



## נייטהען שטראוס שענקט זיין העלטה ביורא אין ירושלים צו דער ציוניסטישער ארגאניז.

די אפפערוויליגקייט פון דעם גרויסען באליעבטען פילאנטראפ, נייטען סטראוס, פאר דער אויפבויאונג פון דער נאציא-נאלער אידישער היים אין ארץ ישראל, שטייגט מיט יעדען טאג אין ערפרעהט יעדעם אידיש הארץ.

נייהען סטראוס האט איצט געלאזט וויסען דער אמעריקאנער ציוניסטישער ארגאניזאציע, אז ער שענקט איהר אונעס זיין העלטה ביורא, וואס ער האט גע-גרינדעט אין ירושלים קורץ פאר דער מלחמה. דיעזער העלטה ביורא וועט איצט שטעהן אונטער דער לייטונג פון דעם „הדסה מעדיקאל יוניט" וואס האט סאָ-ציאליזירט די מעדיצינישע הילפס־ אר-בייט אין ארץ ישראל, און סטראו"ס העלטה ביורא ווערט אלזא דאס אייגענ-טום פון גאנצען אידישען פאלק.

אין דער צייט פון דער מלחמה האט נייטהען סטראוס"ס העלטה ביורא מיט מסירת הנפש געטאן גרויסע מעדיצינישע הילפס ארבייט פאר דער ליידענדער בא-פעלקערונג פון ירושלים. די דאקטוירים און די אנגעשטעלטע פון דעם העלטה ביורא זענען פארבליעבען די גאנצע צייט פון דער מלחמה אויף זייערע פאסטען און טראץ אלע שטערונגען פון דער טער-קישער רעגירונג געטאן אלע מעגליכע מעדיצינישע הילפס ארבייט. א דאנק דער הילף פון דעם אמעריקאנעם קאנסול, גלאסברוס, אין ירושלים, איז דיעזע וויכ-טיגע אינסטיטוציע געבליעבען אונבא-שעדיגט.

נייטהען סטראוס" העלטה ביורא פאר-מאגט א באקטעריאלאגישען דעפארט-מענט, וועלכער האט אין דער צייט פון דער מלחמה הויפטזעכליך אין די יאהרען 1916 און 1917 געטאן גלענצענדע אר-בייט אין באקעמפפען כאלערא, דיזענ-טעריא און סקארלעט פיבער. פילע לע-בענס זענען דורך דיזען דעפארטמענט געראטעוועט געווארען. אין פארשיעדענע טיילען פון שטאדט זענען געעפענט גע-ווארען קליניקס, וואו עס זענען געמאכט געווארען איינשפריצונגען געגען די קראנ-קהייטען. די ביורא פארמאגט אויך א דע-פארטמענט פאר היגיענע און מאלאריא, וואו די באפעלקערונג באקומט פרייע באהאנדלונג, בעזונדערס גוטע ארבייט איז געטאן געווארען צווישען די שול-קינדער.

די ציוניסטישע ארגאניזאציע, איבער-נעהמענדיג נייטהען סטראוס" העלטה ביור-רא, פלאנט דורך דעם מעדיקאל יוניט צו פארגרעסערען און פארברייטערען זיין טעטיגקייט, פאר וועלכער גרויסע סומען וועלען נאטירליך זיין נויטיג.

---

## ארץ ישראל וועט זיך באצאה-לען פון זיך אליין, זאגט ענגלי-שער פינאנץ-מיניסטער

„פאלעסטינא וועט זיך באצאהלען פון זיך אליין" — דיזע ערקלעהרונג האט גע-מאכט אסטען טשעמבערלעין, דער ענג-לישער פינאנץ מיניסטער, אין פארלא-מענט, אלס ענטפער צו לארד ראבערט סעסיל, וועלכער האט געמאכט אן אנ-פראגע צו דער רעגירונג וועגען די פי-נאנציעלע התחיבות"ען, וואס ענגלאנד וועט געוויס אויסקומען אויף זיך צו נעה-מען צוזאמען מיט געוויסע מאנדאטען. אויף דעם האט דער פינאנץ מיניסטער געענטפערט, אז וואס איז נוגע פאלעס-טינא ווערט ערוואַרטעט, אז זי וועט זיך באצאהלען פון זיך אליין, און דער רעגי-רונג וועט ניט אויסקומען צו טראגען שווערע פינאנציעלע לאסטען.

די ענגלישע וואכענשריפט „פאלעסטין" קאמענטירענדיג די ווערטער פון טשאמ-בערלעין, צייגט אן וועלכע מיטלען די רעגירונג אין ארץ ישראל קאן באקומען אין לאנד גופא און ענדיגט מיט די ווער-טער: „דאך איז העכסט אונוואַרשיינליך, דאס פאר איינינע יאהר, דאס, הייסט, ביז א אידישע פאלעסטינא וועט אין א גרויסער מאס ווערען א רעאליזירטער פאקט, זאל די רעגירונג פון פאלעסטי-נא האבען די פינאנציעלע מעגליכקייטען אליין דורכצופיהרען אין א גרויסער מאס די אויפבויאונגס ארבייט. עס איז דע-ריבער אן איבעריגער באווייז, אויב אזא באווייז איז נאך נויטיג, אז קאנצעסיאנען פאר עפענטליכע ארבייטען און פאר פרא-דוקטיווער ענטוויקלונג וועלען געגעבען ווערען צו אן ארגאניזאציע, וואס פאר-טרעט דאס אידישע פאלק און וואס האט די אויפגאבע אויפצובויען די אידישע פא-

בעטראכטענדיג די ווערטער פון דעם ענגלישען פינאנץ מיניסטער, אז ארץ ישראל וועט זיך אליין באצאהלען, און וויסענדיג אז די אויפבויאונגס ארבייט אין איהר מוז האבען די שטיצע פון אוי-סערליכע קאפיטאלען, קאנען די ווערטער פון דעם ענגלישען פינאנץ מיניסטער ואנדערש ניט געטייטשט ווערען, דאס די אויפבויאונגס ארבייט פון ארץ ישראל וועט איבערגענגעבען ווערען דער ציוניסטי-שער ארגאניזאציע, וועלכע וועט מוזען שאפען, מיט דער הילף פון דעם גאנצען אידישען פאלק, די נויטיגסטע פאנדען, עס פארשטעהט זיך, אז דער גאולה פאנד פון 10 מיליאן דאלאר פון דער ציוניס-טישער ארגאניזאציע אין אמעריקא, איז אן התפלה צו דיזער גרויסער ארבייט.

---

## הדסה עפענט קורסען פאר שאפערען אין ירושלים

די „הדסה" מעדיקאל יוניט האט לעצ-טענס ערעפענט אין ירושלים קורסען פאר שאפערען אין וועלכע דאס לאנד נויטיגט זיך יעצט זעהר שטארק.

די קורסען שטעהען אונטער דער אויפ-זיכט פון אינזשיניר לואיס קאנטאר.



## בריעף קאסטען

מר. סיימאן גארעליק — 1) אייער באגייסטערונג פאר'ן „וועג" וואלט טא-קע כדאי געווען אפצודרוקען, אבער אויס באשיידענהייט טוען מיר דאס נישט. 2) איהר לייענט נאר, מר. סניטקאווער וועט שוין קומען.

מר. יוסף סעליק — נעהמט צו אונזער דאנק פאר אייער אויפריכטיגען און פריינדליכען בריעף. אוודאי וועלען מיר זיך באמיהען נאכצוקומען אונזער ווארט. עס פרעהט אונז באמת צו הערען אייער וואונש און גלויבען אין אונזער ארבייט.

וואלף קיפמאן — דער רעדאקטאר ערווארטעט אייך פון 2 ביז 4 אין רעדאק-ציע. איהר קענט קומען אויך זונטאג ארום 1 בייטאג. דער באריכט איז ניט פארשטענדליך.

---

## נישקשה פון א באדינגונג

ווילי — פארשפרעכט איהר מיר צו חתונה האבען פאר מיר?

מילי — יא, נאר מיט איין באדינ-גונג.

ווילי — און ערך, וואס פאר א באדינ-גונג?

מילי — איהר זאלט ניט ערווארטען, אז איך זאל האלטען מיין פארשפרעכען.

**The Weg** — דער וועג — THE DETROIT JEWISH DAILY

די איינציגע אידישע טעגליכע צייטונג אין מישיגאן סטייט
ערשיינט יעדען פריהמארגען אויסער שבת, דורך דער
וועג פאבלישינג קאמפאני, אינקארפארייטעד
אפיס: 347-49 הייסטינגס סטריט, דעטראיט, מיש. טעלעפאן: מעין 3715.

## צו וועמען זאלען געהערען דעם ווייבס מלבושים.

פון ב. י. ג—ן

אלע זיינען געווען זיכער, אז ווען דער מאן מאכט א מאנטעל פאר זיין ווייב, אדער קויפט איהר א הוט, בעלאנגט דאס צו איהר.

סיי דער מאן און סיי דאס ווייב האבען געמיינט אז פרויען געהען אין אייגענע מלבושים, נישט קוקענדיג דערויף ווער עס האט פאר זייערע מלבושים בעצאהלט.

עס איז ביי אונז אנגענומען, שיער נישט ווי א דין, א געזעץ, אז דער מאן, וועלכער ארבייט און פערדינט איז מחויב צו קליידען זיין פרוי, וועלכע נעהמט פאר איהר ארבייט נישט קיין געלד, און וועמעס ארבייט, ליידער ווערט נישט אנערקענט אפילו פונם בעסטען מאן, ווען אפילו זי „אטענדעט" א הויז מיט „בארדערס", קינדער, אדער א קראנ.

אזוי איז עס געווען אנגענומען ביי אלעמען.

אזוי האבען געדענקט מאן און ווייב.

איצט אבער — לויט אן ענגליש סיוויל לא — שטעלט זיך ארויס אז דער מאן איז גארניט מחויב צו בעקליידען זיין ווייב.

לויט א געזעץ אין ענגלאנד גע'פסק'ענט פון דריי ריכטער, איז שוין גאנץ נעטוג אז דער מאן קויפט קלייד ער פאר זיין ווייב און ערלויבט זיי איהר צו טראגען.

די קליידער, וואס דאס ווייב טראגט, זיינען — לויט יענעם געזעץ — דעם מאנ'ס. ער איז א גוטער און א לייטישער און אנטלייהט זיי איהר. אבער נישט מעהר.

אזוי האבען דריי דזשאדזשעס אין דעם לאנדאנער „קארט אויף אפיל" ערקלעהרט.

זיי האבען נאך צוגעגעבען, אז דאס ווייב מעג האבען פולע קאסטענס אדער שאפעס מיט פערשיעדענע פוטערס, העטס, קליידער און קאסטיומען. זי קען זיי מאכען און איבערמאכען לויט איהר געשמאק און לויט איהר קאפריז, אבער זיי זיינען און פערבלייבען דעם מאנס אייגענטהום.

אויף אזא אופן קומט עס אויס, אז די פרוי איז א נישט פאראנטווארט־ליך באשעפעניש. זי וועט אין ערגיץ קיין קרעדיט נישט קענען באקומען אפילו אויף א דאלאר

ביז איצט האט א ליידי אין דער ענגלישער מעטראפאל — לאנדאן, געקענט בעקומען ערגעץ א הלואה, אין צייט פון א נויט. דער בעל הלואה האט געוואוסט, אז די פרוי פארמאגט אסך רייכע מלבושים און אין פאל די פרוי האלט קיין ווארט נישט, קען ער זיין „קליים" אויפמאהנען פון איהרע מלבושים.

איצט וועט קיינער נישט קענען בארירען איהרע מלבושים, ווייל זיי זיינען דאך נישט איהרע, נאר דעם מאנ'ס.

ווער וועט היינט איהר לייהען אפילו איין דאלאר? אז זי איז דאך אזא ארים נפש דאס אפילו איהר העמד אויף'ן לייב איז נישט איהר'ס, אז זי געהט דאך ארום מיט געבארגטע שיך און זאקען.

און ווי קוקען איצט די זעלבע לאנדאנער דזשאדזשעס אויף זייערע ווייבער?

שטעהט דאך פאר, זיי דאס ווייב אין אן אויסגעבארגטען קליידעל, אין אן אויסגעבארגטען העמדעל.

אבער דאס איז נאך נישט אזא אומגליק.

עס קען דאך זיך אבער טרעפען אזא פאל:

א יונג פאאר פאלק צעווערטלט זיך און דאס ווייבעל ווערט ברוגז, גיט א נעהם דאס רענצעל, פארפאקעוועט אהין אביסעל מלבושים. אפילו נאר די סאמע נויטיגסטע, אהן וועלכע זי קען זיך נישט באגעהן, און פאהרט זיך צוריק אריבער צום טאטען, אדער צו דער מאמען אהיים.

דער מאן קומט אהיים און טרעפט א בריעועל פון דער ווייבעל, אז כפי ער איז „נא גוד", דערום איז זי אוועק צוריק צו דער מאמען.

דער יונגערמאן לויפט צו צו דער גארדעראבע און דערזעהט, צו זיין שטוינונג, אז זיין ווייבעל האט מיטגענומען מיט זיך דעם נייעם קארסעט, וואס ער האט איהר מיט א חודש צוריק געקויפט, אדער אן אונטערקלייד, צי א ווייסט. קען ער דאן זי בפירוש אנקלאגען אין גנבה.

עס גלויבט זיך נישט אויף אירגענד וועלכער מאן וועט זיין אזוי פאר־דארבען אפצוטאן אזא שטיקעל ארבייט. אבער עס קען דאך געמאהלט זיין, אז עס זאל זיך יא אמאל געפינען אזא אויסוואורף.

אין אויסלאנד האבען די דערמאהנטע ריכטער פון דעם „קאורט אף אפיעל" איבערגעלאזט פאר די פרויען און דאס איז, געמליך: אז איטליכע פרוי דארף אויסקוקען ביי איהר מאן, אז ער זאל בפירוש איהר זאגען (מסתמא פאר אן עדות) אז ער גיט איהר, אדער קויפט איהר די מלבושים אלס מתנה גמורה. אין ערגסטען פאל איז דאס גלייכסטע, אז דאס ווייב זאל האבען אן אגרימענט מיט איהר מאן, אין וועלכען ער זאגט זי צו, אז אלע מלבושים, וואס ער קויפט איהר אדער גיט איהר געלד צו מאכען זיך, זיינען איהר אייגענטום, ד. ה. אז ער שענקט זיי איהר אוועק.

אזוי צי אנדערש, עס בלייבט דערווייל א פאקט אז נאכדעם ווי פרויען רעכט אין אזוי וויכטיגע אין פון דער פרויען עמאנסיפאציע רעדט מען אין די פארלאמענטען, איז האב די פרוי נישט אנערקענט אזוי גוט ווי איהר מאן, אין אלע היגיכטע, אלס גלייכער מיוחס אין לעבען.

די פרוי אין לאנדאן און אין גאנץ ענגלאנד וועט שוין באלד זיין דער אייגענער מיוחס אין דער פאליטיק גלייך מיט דעם מאן. זי וועט האבען שטים רעכט, זי וועט מיט דער צייט אויך ערוועהלט ווערען צו הויכע, פאר־אנטווארטליכע שטעלעס. אין הויז אבער בלייבט זי די אייגענע אומווי־טיגקייט, דער אייגענער שקלאף ווי געווען, בארויבט פון די רעכטע, וואס אפילו א דינסט האט.

## ווי זיך אויסצוהיטען פון אינפלוענציע

פון דר. ב. הובאווסקי

### שרעקט זיך ניט

פון די גרויסע צאהל אינפלוענצא קראנקע, וואס געפינען זיך יעצט אין ניו יארק, שיקאגא און אין אנדערע שטעדט, שיינט דאס די אינפלוענצא עפידעמיע וואס האט לעצטען יאהר געבושעוועט איבער דער גאנצער וועלט האט זיך יעצט נאך אמאל באוויזען.

די גרויסע צאהל קרבנות וואס די אינ־פלוענצא האט לעצטען יאהר געפאדערט, דער אונגעהייער שארען וואס די עפידע־מיע האט פאראורזאכט איבער דער גאנ־צער וועלט, האט געמאכט יענע עפידע־מיע פאר דער גרעסטער אנשיקעניש וואס די מענשען האבען געליטען. און דערפאר האט די נאבריכט האס די עפידעמיע האט זיך צוריקגעקעהרט ארויפגעיאגט א שרעק אויפ'ן עולם.

שרעקט זיך ניט! אויך אין א גע־וועהנליכען יאהר, אין דיעזער צייט, ליי־דען פיעלע מענשען פון קאלדס, נור אין א געוועהנליכען יאהר, ווען עס הערשט ניט קיין אינפלוענצא עפידעמיע רעכענען די קראנקע דאס זיי ליידען פון אן איינ־פאכער פארקיהלונג, אפילו ווען זיי האבען אינפלוענצא, וועהרענד יעצט, ווען עס הערשט אן עפידעמיע רעכנט יעדער קראנקער דאס ער ליידעט פון אינפלו־ענצא, אפילו ווען ער ליידעט בלויז פון א „קאלד".

די גרויסע צאהל אינפלוענצא קרבנות וואס ווערט יעצט געמעלדעט יעדען טאג איז דארום זעהר פיעל איבערטריבען.

דער שרעק פאר דער עפידעמיע האט בלויז איין מעלה. און דאס איז וואס קראנקע פאסען אויף בעסער אויף זיך.

יעדען יאהר קריגען פיעלע מענשען לונגען־ענטצינדונג דערפאר וואס זיי פאר־נאכלעסיגען די פארקעלטונג פון וועלכע זיי ליידען. אין אזא צייט אבער ווי די יעצטיגע, ווען יעדער שרעקט זיך פאר אינפלוענצא, גיט מען בעסער אכטונג אויפ'ן געזונד. מען פארנאכלעסיגט ניט אפילו אן אייגפאכען קאלד, און דאס העלפט צו פארהיטען פיעלע מענשען פון ערנסטע קראנקהייטען.

אין דער עפידעמיע פון לעצטען יאהר האט דער שרעק פאר דער קראנקהייט פאראורזאכט א שרעקליכע פאניק אין פיעלע שטעדט. קראנקע זענען געלעגען אנגע טעג אהן מעדיצינישער הילף און זאגאר אהן א ביסעל וואסער, ווייל שכנים, וועלכע האבען נאך ניט געליטען פון דער קראנקהייט האבען מורא געהאט צו קומען נאהענט צו די קראנקע.

עס איז דארום וויכטיג שטארק צו באטאנען גלייך אין אנפאנג פון דער יעצטיגער אינפלוענצא כוואליע, דאס דער שרעק פאר דער קראנקהייט איז אין גאנצע פעלע ערגער ווי די קראנקהייט זעלבסט.

שרעקט זיך ניט! די שרעק וועט ווייניג וואס העלפען זיך אויסצוהיטען פון דער קראנקהייט, און עס וועט מאכען די יאגע פון די קראנקע, ווי אויך פון די געזונדע פיעל ערגער.

### די סמנים פון דער קראנקהייט

אינפלוענצא קען זיך באווייזען אין פארשיעדענע געשטאלטען און איהרע סמנים זייענען דארום ניט גלייך אין יע־דען פאל. אין א געוועהנליכער צייט איז דערום ניט אזוי לייכט צו דערקענען די קראנקהייט אין די ערשטע פאר טעג.

אין צייט פון אן עפידעמיע איז אבער זעהר וויכטיג צו וויסען די ערשטע סמנים וואס קענען אנדייטען אויף א פאל פון אינפלוענצא. עס קען זיין דאס עס וועט זיך נאכהער ארויסצייגען דאס די קראנקהייט איז גאר ניט אינפלוענצא, אבער יעדער קראנקער וועלכער צייגט דיעזע סמנים דארף באטראכט ווערען אלס א מעגליכער קראנקער און די באהאנדלונג דארף זיין אזוי ווי ער וואלט ווירקליך געהאט די קראנקהייט, ווייל אויב מען וואלט אין יעדען פאל געווארט ביז עס וועט קיין צווייפעל ניט זיין וועגען דער קראנקהייט, וואלטען די צאהל קרבנות פון אינפלוענצא געווען פיעל.

ווען א מענש פיהלט זיך מיעד און אויסגעמאטערט, אבוואהל ער האט קיין שווערע פיזישע ארבייט ניט געטאן, ווען ער האט פיבער, א קאפוועהטאג, ווען ער ניסט, הוסט און פון די אויגען און נאז רינט, אדער ווען די אויגען זיינען רויט, און אלע אברים ברעכען ווי נאך א לאנגער קראנקהייט, איז א שטארקער פארדאכט דאס די באטרעפענדע פערזאן איז א קאנדידאט פאר אינפלוענצא. אין מאנכע פעלע ליידען אזעלכע קראנקע פון פאר־שטאפונג, אין אנדערע פעלע איז דער מאגען לויז.

דאס זיינען די אלגעמיינע סמנים מיט וועלכע די קראנקהייט פאנגט זיך אן. אזוי האט זי זיך אנגעפאנגען אין פיעלע פעלע אין פערלויף פון דער לעצטער עפי־דעמיע און אזוי איז עס אין פיעלע פע־לע היינטיגעס יאהר. אין איינצעלנע פע־לע קענען אבער די סמנים זיין גאנץ אנ־דערע, אז עס איז דארום ווערטה צו געדענקען דאס אין אזא צייט ווי די יעצטיגע דארף מען זיין זעהר פארזיכטיג און ניט נעהמען קיין טשענסעס, בעסער זיין צופיעל פארזיכטיג.

אין יעדען פאל ווען א מענש פיהלט זיך „ניט מיט אלעמען", א־ע־„לא עליכם'דיג" אדער „עפעס ניט געזונד" דארף מען אין זינען האבען די מעגליכ־קייט אז דאס זאל זיין א „לייכטער פאל פון אינפלוענצא'. מאנכע „לייכטע" פע־לע האבען לעצטען יאהר זיך ענטוויקעלט אין גאנץ „ערנסטע" קראנקהייטען. עס איז דארום זעהר וויכטיג דאס יעדער מענש וועלכער פיהלט זיך ניט געזונד, אונגעאכטעט אויף דעם וואס פיר א סמנים ער זאל ניט האבען, זאל בלייבען אין דער היים און זיך באטראכטען אלס א חולה.

## הומאר און וויץ

דער פעסימיסט — איך האב דער־גרייכט דעם טיעפסטען אפגרונד פון פע־סימיזם.

דער אפטימיסט — כ'פארשטעה ניט, ווי באלד אז טיעפער קענסטו שוין ניט געהן, טא וואס קלאגסטו?

### א זאך וואס מוז קומען

מאן (וועלכער האט טערהאלטען א בריעף פון זיין פרוי) — מאדנע, דאס מאל האט זי קיין נאכבאמערקונג ניט גע־מאכט. נור מן הסתם וועט עס קומען מיט דער נעקסטער פאסט.

### מאדנע מענשען

א קליינער באי האט זיך איינמאל באַ־קלאגט: „מיינע עלטערן זיינען מאדנע מענשען. די מאמע שרייט ווען איך געה אויפ'ן קאפ, און דער טאטע שרייט אז איך צעריים שנעל מיינע שיך".

### דער ריכטיגער טעם

זוהן — פאפא! איך וויים ווארום מען שטאפט אן ווורשט אין א הייטעל.

פאטער — א נו, זאג מיר אויך.

זוהן — אום מען זאל ניט זעהן מיט וואס די ווורשט איז אנגעשטאפט.

### צו גרויס אין די אויגען.

זונדעל — ווי גרויס איז אייער פא־מיליע?

מענדעל — 14 פערזאן.

זונדעל — ווי אזוי?

מענדעל — איך, מיין ווייב און פינף קינדער זיינען זיבען, — און מיין שוויגער מאכט עס צוזאמען פיערצעהן.

### א מאדערנער קריטיקער

א פישהענדלער האט געעפענט א פיש סטאר, האט ער אין דרויסען ארויסגע־האנגען א שילד מיט דער אויפשריפט: „היער ווערט פארקויפט פרישע פיש".

קומט אריין א איד וואס האט ליעב אלעס צו קריטיקירען, און זאגט:

— אויף וואס דארפט איהר דאס ווארט „היער".

נעהמט דער פישהענדלער און קראצט אפ דאס ווארט „היער".

אויף מארגען קומט דער זעלבער איד ווייעדער און פרעגט:

— זאגט מיר, איך בעט אייך, צו וואס דארפט איהר האבען די ווערטער „ווערט פארקויפט"? עס פערשטעהט זיך אז אומזיסט גיט איהר ניט די פיש.

דער פישהענדלער האט געזעהן אז דער איד האט ווידער רעכט, האט ער איבער־

הומאר און וויץ 2

געמאכט די שילד און איבערגעלאזט בלויז דאס ווארט „פיש".

צולעצט איז דער זעלבער איד געקומען א דריטען מאל און געזאגט:

— איהר זאלט מיר ענטשולדיגען, ר' קרוב, אבער צו וואס דארפט איהר האַ־בען דאס ווארט „פיש" אויף אייער סטאר? מען דערשמעקט זיי שוין פאר א מייל"!

### גאר ניט משוגע.

דאקטאר — (אין א משוגעים הויז) — מרס. לאקשענזאהן איז דא געווען און געבעטען מען זאל ארויסלאזען איהר מאן און זי וועט אויף איהם אליין אויפפאַ־סען.

סופערינטענדענט — און וואס זאגט דער מאן?

דאקטאר — ער זאגט, אז ער וויל בעסער פארבלייבען דא.

סופעראינטענדענט — דאן איז ער דאך ניט משוגע.

### יעדער וועט קריגען דאס ווארט

פאר עלעקשאנס איז א פאליטישען געשטאנען אין גאס און האט גערעדט, געשריען, געליארעמט. ארום איהם האט זיך ארומגעקליבען א גרויסער עולם און זיך צוגעהערט. אן עקספרעסמאן וואס האט זיך אפגעשטעלט מיט א וואגען און א פאר פערד האט זיך אויך צוגע־הערט.

פלוצלונג האט איינער פון די פערד א הירזשע געטאן. דער רעדנער וועלכער איז געווען א ביסעל טויבלעך האט גע־מיינט אז איינער רעדט עפ, האט ער אויסגערופען:

— פליעז, שטערט מיר ניט, אז איך וועל ענדיגען וועל איך אייך אויך געבען א ווארט.

## נעהמען פון אטאמאביל אייגענ־טימער און וואלונטירען וועלכע האבען זיך באטייליגט די לעצ־טע וואך אין קליידר קאמפיין.

אטאמאביל אייגענטהימער:

גרינבערג, 197 טהאדאר סט. ס. פורמאן זובין, שולמאן, בראנינסקי, 352 הענדרי קאטלער 397 וואודוואַרד עוו., מאלין, 178 קוירבי, בראון 238 קוירבי, בען האפער 1139 בעלוואדיר, גאלדבערג 525 ענטוויין קאטז, 178 טשאנדלער, גרינבערג 1745 מישיגען, בען ברעגמאן, 325 אוירסקין, בען בראוער, 101 הענדרי, וואטמאן 1300 הארפער, ווייסמאן 1066 ביוביען, ס. פלאקס, 564 קעמראן.

וואלונטירס:

וויינער, 705 ביוביען, וויינסטיין, 1200 ענטוויין, ב. פאקסמאן 913 קעמראן, זאקס 387 קעמראן, קאהען 387 קעמראן, מיס פעקער, 191 וויינדער, מ. שרייבמאן, 867 טשיין, ל. ביסקין 225 ווארען, ה. הורוויץ ה. סווערלאוו, 427 גרינוואוד, ראמפ 359 פילאדעלפיע, ס. וואלעק 385 קעמראן, עוו. וועקסלער, 245 קוירבי, דומאן, 268 עליאט אלטשולער 192 בענטאן, פערלסטיין 94 בענטאן, מיסס פאלאק 347 ווארען י. סאר ווער, 137 ליווינגסטאן, מיס גאלאק, 347 ווארען, מיס קאשווארט, 227 טהעאדאר שקאלניק, 283 רוואינא, פעני גארין 229 ברעידי, מ. שעראוו, 216 רעלמאר, ניבער 1300 הארפער, פידמאן 197 פארנסוואט זיידמא 297 היי סט., וואאביעוו, וואלד־מאן.

באזונדערס האבען זיך אויסגעצייכענט די קאמיטעס פון היילאנד פארק, וועלכע זיינען געווען ארגאניזירט פאר'ן קאמפיין פון דער לידיעס עקזיליערי סאסיעטי אונ־טער דער אנפיהרערשאפט פון זייער פרעזי־דענטען מרס. שטרעלניק, און מיט דער שטארקער מיטהילף פון מר. בלום וועלכער האט געאפערט זיינע מאשינעס פאר דעם קאמפיין. מיר ווילען האפען אז זיי וועלען אויף ווייטער טאן נאך פיעל גוטע ארבייט פאר דער רעליעף.

פיפעלס רעליעף קאמיטע

---::---::---

### אריינגעקומען אין אפיס פון פי־פעלס רעליעף פאר דער לעצ־טער וואך.

געזאמעלט אויף א בר מצוה ביי סעם רו־בין, 263 רוואינא דורך ס. מייערסאן און מעקס טשיידרא $25.00 דאניישאן פון מר. י. ספיוואק, נאטארי פאבליק 75 ס. פון י. קאפלאן, 102 פארנסווארט דורך מ. אייב־ראמס $5.00 געזאמעלט אויף א ברית ביי מר. מעקס טויטער, 99 ווילקינס דורך בעל סנדק וועלטמאן, רזש. גרינבערג און ל. שערמאן $42.00 דאנישאן פון מר. ס. הייר־דען 27 גרענד ריווער איסט $2.00, אויף א פארטי ביי מר. און מרס. ליוואי, 172 בענטאן סט. צום געבורט פון זייער טאכ־טער, געזאמעלט ביי די געס דורך סעם ראנער, פון 139 ווילקינס סט. און איבער־געגעבען געווארען דורך מרס. פעלדמאן און מרס. סווירסקי $45.00, פון מר. ראוז פאר קא. געזאמעלט ביי אן איינגעידזשע־בראש סט. דורך מיסס קאפראל אויה. קא־הען $20.00 דאניישאן פון ד. זיסלין $2.50 געזאמעלט אויף א ברית ביי מר. מאריס וויינטרויב, 196 עלינאאיז $12.00 דאניי־שאן פון קליידער קאמפיין זונטאג דעם 18 יאנ. $1.00 פון מר. שעקער, העמטרעמק, דורך וואלאך, $5.00 פון ספיוואק 50ס.

א גרויסארטיגע חתונה האט שטאט־געפונען אין עטינגערס האל זונטאג דעם 25טען דזשענואַרי. עס איז געווען א לע־בעדיגע חתונה ווי אין די אלטע צייטען קיין זאך האט ניט געפעהלט. עס איז גע־ווען פון כל טוב. די געסט האבען זיך זעהר פיין פארבראכט. אויך האט מען ניט בית יתומים און אויך די מלחמה קרבנות. פארגעסען אין דבר שבצדקה. אן היגען חזן גאלד האט אפעלירט פאר דעם מיט א שטארקער ווארימער רעדע, אנוועזענדיג אויף חתן כלה וואס זענען אויך יתומים און ווי טרויעריג עס איז. און דער עולם האט זיך גענומען צו די פאקעטס. דער רע־זולטאט איז געווען מען האט געמאכט 225 דאל. העלפט פאר בית יתומים און העלפט פאר די מלחמה קרבנות. דעם הויפט קרע־דיט צו די ווירדיגע הערען פאר העלפען שאפען די גרויסע סומע געלט. מר. שלמה שווארטץ 146 אלפרעד סט. ל. הארוויץ 307 רוואינא סט. מ. קופער, מ. סעלטצער און הערמאן מארקוס.

מיר ווינשען די אלע מנדבים, ברכה והצלחה ווי אויך די ח"ן כלה ווינשען מיר זיי זאלען לעבען אין גליק.

די קאמיטע.

## א פערמאנענטער אידישער קאנגרעס.

שלום פון זייט 4

---::---::---

זאמעלטע הילפס־מילען. מענשען וואס האבען נישט לאנג צוריק באזוכט גאלי־ציען און ליטא, ערקלערען אז די מענשען פראגע, דאס הייסט, די פראגע וועגען ארגאניזאטארישע קרעפטען איז נאך שארפער ווי די געלד פראגע. די אלטע אידישע יוניאנס אין אמעריקא און ענג־לאנד האבען גענוג ערפארונג, כדי צו קאנען איבערנעהמען אויף זיך די דאזיגע וויכטיגע און פאראנטווארטליכע אר־בייט.

The only Jewish Paper Printed in Michigan

Published Daily by DER WEG PUBLISHING CO.

# דער וועג

(The Detroit Jewish Daily)

די איינציגע אידישע צייטונג געדרוקט אין מישיגאן סטייט

347-49 HASTINGS STREET
Telephone Main 3715

Published and distributed under permit No. 7? authorized by the Act of October 6, 1917, on file at the Post Office of Detroit, Michigan. By order of the President, A. S. Burleson, Postmaster General.

PRICE 2c. — DETROIT, MICH., Friday, January 30th, 1920 Vol. 1, No 291 — פרייטאג, יאנואר 30, 1920.

# היגע מאגנאטען פאר האנדעל מיט סאוועטרוסלאנד

## קאלטשאק איבערגעגעבען צו רעוואלו־ציאנערען פון פראנצויזישען גענעראל

לאנדאן, יאנ. 29. — ווי דר קארעס־פאנדענט פון דער הינער „דיילי מייל" גיט איבער פון חארבין איז אדמיראל קאלטשאק איבערגעגעבען געווארען צו דיא סאציאליסטען־רעוואלוציאנערען מיט דער צושטימונג פון דם פראנצויזישען גענעראל יאנין. דער לעצטער איז באשטימט געווארען פון אדמיראל קאלטשאק׳ן דעם 10טען יאנ. אלס הויפט קאמאנדיר פון די אליאירטע ארמייען אין מערב איר־קוטסק.

די קאלטשאק׳יסטישע מחנה איז זעהר אויפגעבראכט געגען דעם פראנצויז. ער איז פון א רוסישען גענעראל ארויסגערופען געווארען אויף א דועל. סעמיאנאווס קאזאצקע אפיצערען האבען ארגאניזירט א ליגע אויף וועמענס לאזונג איז: „נעמט נקמה פון יאנין׳ען".

ווי מ׳גיט איבער, האט דער פראנצויזישער גענעראל צוגעשטימט איבערצוגעבען קאלטשאק׳ען אויף דער אנווייזונג פון די טשעכישע פארשטעהער, וואורים זיי האבען איהם אנגעוויזען, דאס אויב קאלטשאק וועט ניט ווערען אויסגעליפערט צו די סאציאל־רעוואלוציאנערען, וועט די טשעכישע ארמיי זיך געפינען אין א געפאהר געגעליך פארניכטעט צו ווערען.

יאפאנ׳ס פארשטעהער האבען געוואלט ראטעווען קאלטשאק׳ען, נעמענדיג איהם אונטער זייער אויפזיכט, אבער די טשע־כען האבען זיי ענטזאגט אין דעם. די יא־פאנעזער האבען זיך דאן געווענדעט צו די סאציאליסטען רעוואלוציאנערען, מ׳אל איבערגעבען איהם פאר זייערע הענט. זיי־ער פארלאנג איז געוועזן אונערפאלגרייך. ער וועט געשטעלט ווערען צו א קריגס־גריכט.

### פארד, פיידזש און פעקארד צווישען די 941 גרויסע פירמעס וואס האבען אונטערהאנדעלט מיט מארטענס

וואשינגטאן, יאנ. 29. — לודוויג מאר־טענס, פארשטעהער פון סאוועטען רעגי־רונג אין אמעריקא, האט נעכטען אריינ־געשיקט צו דער סענאט קאמיטע א ליסט פון 941 פירמעס, וואס האבען געזוכט צו האנדלען מיט זיין רעגירונג. אין דער ליסט געפינען זיך די גרעסטע „פעקינג" קאמפאניעס אין אמעריקא, ווי מארים און סוויפט קא., קודאיי פעקינג קא.

דעטראיטער גרעסטע קאמפאניעס הא־בען, לויט מארטענס׳עס צוגעשטעלטען באריכט, אויסגעדריקט זייער ווילען צו טאן געשעפט" מיט דער באלשעוויסטי־שער רוסלאנד. גענוג וועט זיין צו דער־מאנען דאס אזעלכע ריזיגע דעטראיטער פירמעס, ווי די פארד מאטאר קא., פיידזש דעטראיט מאטאר קא. פעקארד מאטאר קא., פיערס עראו מאטאר קא. און אנדע־רע האבען זיך ארורכגעשריבען מיט מאר־טענס וועגען קאנטראקטען פאר דער באל־שעוויסטישער רעגירונג.

אין דעם ליסט געפינען זיך די בעסט בעקאנטע געשעפטס הייזער פון כמעט יע־דען ארטיקעל וואס ווערט פאבריצירט אין אמעריקא. דארט געפינט מען פיר־מעס פון כעמישע און מעדיצינישע פרא־דוקטען פון שיך, אגריקולטשור מאשינען, לעדער, עלעקטרישע מעכאניזמען, גראמא־פאנען, אויטאמאבילען; דרוק מאשינען און אזוי ווי.

מארטענס האט דעם דאזיגען ליסט צו־געשטעלט אויף דעם פארלאנג פון דער סענאט קאמיטע, וועלכע פארשט איצט אויס די ראדיקאלע אקטיוויטעט אינ׳ם לאנד. מארטענס איז גערופען געווארען אלס עדות און איז שוין איינציגע מאל ארויסגעטראטען מיט ענטדעקונגען פון דער גרעסטער וויכטיגקייט. ער האט צו־געזאגט דער סענאט קאמיטע ביי זיין נעקסטען פאהרער מיטצוברענגען א ליסט פון אמעריקאנישע פירמעס, וועלכע הא־בען שוין געשלאסען קאנטראקטען מיט דער סאוועטען רעגירונג.

## באוואוסטער איטאליענישער גענג־סטער ערמארדערט פון זיינע חברים

טאני אלעסשא, 28 יאהר אזאיטאליע־נישער גענגסטער און א „באו ברומעל" (אויסערגעוועהנליכער ספארט) איז נעכ־טען 9 אזייגער ביינאכט דערשאסען גע־ווארען נעבען דער הויז 303 איסט קאנ־גרעס סטריט. דריי קוילען האבען דורכ־געלעכערט זיין הארץ און אונגעפעהר 6 קוילען האט ער געקראגען אין קאפ און איבער זיין גאנצען קערפער.

די פאליציי האט ארעסטירט דריי אי־טאליענער וועלכע ווערען פארדעכטיגט אלס די מערדער פון דעם גענגסטער. די „טראיקא" איז ארעסטירט געווארען פאה־רענדיג אין אן אויטאמאביל איבער׳ן שטאדט.

אזוי ווייט ווי די פאליציי האט גע־קאנט ערפאהרען, זיינען ביי דער שיסעריי ניט געווען קיינע עדות. די שכנים אין יע־נער געגענד האבען בלויז געהערט די שי־סערייען, אבער זיי האבען ניט געזהן די שיסרס.

אין דער איטאליענישער קאלאניע איז דער ערמארדעטער געווען באקאנט אלס גרויסער ספארט. ער איז אימער געווען אנגעטאן אין די טייערסטע אנציגע פון בראד קלאטה און זיידענס.

ווען די פאליציי האט איהם געפונען א דערשאסענעם האט ער געהאט אויף זיך א טייערען סוט און 2 דייטאנד רינגס אויף די פינגער. אין זיינע קעשענעס האט די פאליציי געפונען א פאר הונדערט דאלאר קעש געלד. דער פאקט וואס דיא מערדער האבען ניט צוגענומען פון איהם זיינע געלד און די דיימאנד רינגס גיט די פאליציי א גוטע אורזאכע צו גלויבען, אז דער מארד איז טיט באגאנגען געווארען מיט׳ן צוועק צו בערויבען איהם נאר אויס ראכע, אדער ווי איטאליענישע באנדיטען רופען עס אן „ווענדעטא".

## ארבייטער אין ענגלאנד פאר שלום מיט סאוועטען

לאנדאן, יאנ. 29. — 18 פארשטעהער פון דער ארבייטער באוועגונג אין ענגלאנד האבען ארויסגעלאזט א מאניפעסט, וואו עס ווערט ערקלעהרט, אז א זאפארטיגער און פאלשטענדיגער שלום מיט דער סא־וועטען רוסלאנד איז זעהכסט נויטווענדיג.

דער מאניפעסט איז אונטערגעשריבען צווישען אנדערע פון ראבערט קליינס, געוועזענער שפייז־קאנטראלער, דזש. הענ־רי טאמאס, דער סעקרעטאר פון דער מעכ־טיגער נאציאנאלער אייזענבאהן יוניאן און וויליאם בריים — דער פיהרער פון די קוילען גרעבער יוניאן.

די 18 ארבייטער פיהרער פארזיכערן, דעם ענגלישען פאלק, דאס דער ציעל פון דעם מאניפעסט איז ניט אנצונעהמען זיך פאר דער סאוועטען אידעע, מיט וועלכער זיי שטימען לחלוטין ניט איין. זיי זענען אבער זיכער, דאס די פארזעצונג פון דער מלחמה געגען רוסלאנד איז אונפאר־ציכבאר, און אז שלום איז דער בעסטער אויסוועג, וואס די „עליעס" האבען פאר זיך, כדי ארויסצודרעהען זיך פון דער פארפלאנטעטער רוסישער פראגע.

דער מאניפעסט אטאקירט די אינטרי־גען פון די גרויסע מעכטע צו באנוצען פרעמדע ארמייען — פוילען׳ס און יא־פאן׳ס אין א מלחמה, אין וועלכער זייערע איינענע סאלדאטען האבען זיך ענטזאגט צו געהן.

דער מאניפעסט ענדיגט זיך מיט דער ערקלעהרונג, דאס די לייבאר פארטיי ענטזאגט זיך פון אירגענד וועלכער פאר־אנטווארטליכקייט פאר אלע איצטיגע די־פלאמאטישע און מיליטערישע פארבינ־דונגען, וועלכע ווערען איצט געהיים גע־שלאסען פון דער עקזיסטירענ[illegible]ונג.

### פילסודסקי נעמט אויף אידי־שע דעלעגאציעס.

(ספעציעל צום „וועג")

קאפענהאגען, יאנ. 29.

די אידישער ־אינט. ביורא מעלדעט, דאס די לעצטע טעג האט דער פרעזידענט פון דער פוילישער רעפובליק, גענעראל פיל־סודסקי געמאכט א רייזע איבער פיעל וואר־לינישע שטעדט וועלכע זיינען פארנומען איצט פון דער פוילישער מיליטער. ער האט אויפגענומען א אידישע דעלעגאציע אין קאוועל. אין לוצק איז ער אוועק מיט דער ארטיגער אידישער דעלעגאציע אין שול.

## אויסלענדישע קארעס־פאנדענטען פון „וועג"

דער „וועג" האט זיך געשטעלט אין פאר־בינדונג מיט פארשיעדענע קארעספאנ־דענטען אין אייראפא.

וויסענדיג אז קאפענהאגען איז איצינד דאס איינציגע ארט, וואוהין עס קר־מען פריהער אין די נייעסען פון רוסלאנד, פוילען, אוקראינע, גאליציע און אנדערע לענדער, וואו אידען געפינען זיך, האט דער „וועג" זיך באמיהט צו באשטעלען אין קאפענהאגען א שטענדיגען מיטאר־בייטער.

אינ"ם זונטאגדיגען נומער וועלען מיר דרוקען די ערשטע קארעספאנדענץ פון אונ־זער קאפענהאגענער מיטארבייטער

ש. פאן

וועלכער איז גוט באקאנט צו די אמערי־קאנער אידישע לעזער, א דאנק זיינע קאר־רעספאנדענצען אין דער „ווארהייט" און אנדערע ניו־יארקער צייטונגען.

## 40 קרבנות ווען א קאר קערט זיך איבער אין ריטשמאנד.

ריטשמאנד, אינד. יאנ. 29.

אן עלעקטרישע קאר איז היינט אראפ פון די רעלסען און האט זיך איבערגעקערט. 40 פאסאזשירען זיינען שווער פארוואונ־דעט געווארען.

די פארוואונדעטע האט מען דורך די פענסטער ארויסגענומען און אפגעפיהרט אין האספיטאל.

## $14.50 פאר דער עליאט סט. ת״ת.

מרס. קאפלאן פון 829 קעמראן עוו. האט מנדב געווען לכבוד דער זילבערנער חתונה $14.50 פאר דער עליאט סט. תלמוד תורה.

דאס געלט האט זי איבערגעגעבען צו מרס. ראדין, 406 מאנטגאמערי סט.

## מארגען אין דער [illegible]



מארגען [illegible] דעם 31־טען יא־נואר איז דער [illegible] ערוווארטעטער חסידים באל, געגעבען פון די יונגע פועלי־ציון. עס איז ווירקליך א נייעס אין דער וועלט פון „בעלער", און עס וואלט געווען ראטזאם צו געהן צום באל און זעהען ווי אזוי דער רבי מי די חסידים וועלען אראפגעבראכט ווערען פון דער היימישער שטעל אהער אין אמעריקא. יעדענפאלס פרעהליך בא דעם באל וועט געווים זיין.

## מוזיקאליש־ליטעראַרישער אווענט אפגעלעגט.

דער י. ל. פרץ ליטעראַרישער פאראיין מאכט באקאנט אז איבער אורזאכען פון קראנקהייט צווישען די מיטווירקער, האט דער מוזיקאליש־ליטעראַרישער אווענט, וועלכער איז געווען אנאנסירט פאר מיט־וואך, דעם 28־טען יאנואר, געמוזט אפגע־לעגט ווערען אויף אן אונבאשטימטען דא־טום.

פאלגט נאך די לאקאלע אידישע פרעסע פאר ווייטערדיגע אנאנסען.

מיט אכטונג, עקזעקוטיוו קאמיטע.

נאטיס !

בית ספר „אהבת אחים" אוו אקלאנד, לעקשורס וועלען אפגעהאלטען ווערען יעדען פרייטאג אב. אין דער שוהל „אהבת אחים" דעלמאר און וועסטמינסטער, פאר דער אקלאנדער יוגענד.

דיעזען פרייטאג אווענט דעם 30־טען וועט לעקטשורען דר. ארענשאס, איבער דער טעמא: „די אידען אין פוילען און רוס־לאנד".

## מען דארף נישט קיין אידישען בית יתומים אין דעטראט.

אין דער דעטראיטער „דזשואיש קראני־קעל" איז געווען פארעפענטליכט אן עדי־טאריעל פון ה. פ. מ. ב. אין וועלכען דער שרייבער אטאקירט די מתעסקים פון דעם [illegible]ם בית יתומים און באווייזען אז מען דארף נש אזא אנשטאלט.

זעהר שארף איז געשריבען דער ארטי־קעל אין „דער קראניקעל".

די נומערען פון זונטאג און מאנטאג[illegible]־גען „וועג" ענטפערט ב. י. גאלדשטיין, רעדאקטאר פון דיעזער צייטונג, דעם דער־מאהנטען ה" פ. מ. ב. אויף זיין אטאקע און אויף זיינע ארגומענטען.

פארפעהלט נישט צו לעזען די דאזיגע צוויי לייט ארטיקלען.

## ניטא קיין תליון וועט מען מוזען אפווארטען מיט דער אויספיה־רונג פון טויט שטראף.

לינקאלן, נעב., יאנ. 29.

דער גאווערנאר ס. מעקקעלווי האט היינט פארלענגערט ביז׳ן 6־טען פעברואר די אויספיהרונג פון טויט־שטראף פאר די מערדער עלאן גרעמאר און אל. ב. קאל. די אורזאכע איז, וואס דעם שטאט נעבראסקא פעהלט אויס א תליון.

אויב אזוי, האט די טורמע אינספעקטאר באשלאסען צו אונטערזוכען, צי די מער־דער זיינען בכלל בים זינען, ווייל ס׳איז א סברא גאר דאס די ארעסטירטע זענען נאר משוגע.

## צאהל פון קראנקע פארקלענערט זיך

אן אפיציעלע ערקלעהרונג פון דער באארד אוו העלטה לויטעט, אז מיטוואך זיינען אין דעטראיט פארגעקומען 1352 נייע אינפלוענציא קייסעס אדער מיט 72 ווייניגער ווי לעצטען דינסטאג, און 110 נייע קייסעס פון ניומאניא. פון דער אינ־פלוענציא זיינען מיטוואך געשטארבען 22 מענשען און פון ניומאניא 35. לויט דר. וואנהאן, העלטה קאמישיאנער, ערקלערט איז דאס די גרעסטע צאהל טויטענפעלע פאר איין טאג זינט די עפידעמיע האט זיך אנגעפאנגען מיט 10 טעג צוריק.

דער העלטה קאמישיאנער, רייידענדיג

דער העלטה קאמישיאנער, רייידענדיג פון דער עפידעמיע, האט באהויפטעט אז די קראנקהייט האט שוין דערגרייכט איהר העכסטע שטופע און האפט אז די צאהל „פליו" קייסעס וועט שוין פון היינט ניט שטייגען. אבוואהל פאר די קו מענדע עטליכע טעג קען מען ניט ערוואר־טען קיין פארקלענערונג.

וועניגער קראנקע זיינען מיטוואך גע־שיקט געווארען אין די האספיטאלס. בלויז 70 פון די געמעלדעטע קראנקע זע־נען צוגענומען געווארען אין די פארשיע־דענע האספיטולער.

### רוסישע סעקציע פון לאנדאנ׳ער „טשעמבער אוו קאמערס" פאר אונ־באשרענגטען האנדעל מיט סא־וועטען רוסלאנד.

לאנדאן, יאנ. 29. — די רוסישע אפ־טיילונג פון דער לאנדאנער טשעמבער אף קאמערס, האט נעכטען אנגענומען א רע־זאלוציע געגען דער רעגירונגס פארשלאג וועגען א באשרענגטען און ניט צופרידענ־שטעלענדען האנדעל מיט רוסלאנד. דיא רעזאלוציע פאדערט אויף לאיד דזשארדזש רעגירונג צו מאכען קלאר־באשטימטע — אבער ניט אונקלארע — פארבינדונגען פון קאמערציעלע פארהעלטניסע מיט דער רוסישער רעגירונג.

## אינפלוענציע פלאקארד אלס שוץ געגען לענדלארד

אין יעדער טראגעדיע מוז זיין אביסעל קאמעדיע, זאגט א גלייכווערטעל. די אינ־פלוענציא עפידעמיע וועלכע בושוועט אין דעטראיט פאר די לעצטע 10 טעג האט שוין פאראורזאכט א היבשע ביסעל טרא־געדיעס צווישען די איינוואוינער איז אונ־זער שטאדט. זיינען אבער דא מענשען, וועלכע מאכען זיך ניט וויסענדיג פון די צרות וואס די אינפלוענציא האט פאר־שאפט אין הונדערטער הייזער, און ווי־לען זיך מאכען פרעהליך איבער פרעמדע צרות. אז עס געפינען זיך אזעלכע לצים, וואס באנוצען זיך מיט דער „פליו" עפי־דעמיע אבצוטאן אימיצען א שפיצעל, האבען מיר זיך דערוואוסט פון אפיס פון אסיסטענט דיסטריקט אטוירני סיירעס, וואו א לענדלארד איז אריינגעקומען ברענ־גען א קלאגע געגען זיין שכן.

— מר. פראסעקיוטאר, — האט דער לענדלארד אנגעפאנגען זיין קלאגע, — איך האב מיין שכן געגעבען א מוף צע־טעל נאך מיט 2 וואכען צוריק און ער האט פארשפראכען ליידיג צו מאכען די רומס, אבער ער האט זיין פארשפרעכען ניט געהאלטען. און ווען איך בין נעכטען צוגעקומען צו דער הויז און געוואלט איהם פרעגען ווארום ער מופט ניט, האב איך ניט געקענט אריינגעהען צו איהם, ווייל אי־מיצער האט אויף דער הויז אויפגעהאנ־גען אן אינפלוענציא פלאקארד. איך ווייס אז קיינער איז דארט ניט קראנק; איך גלויב, אז ער האט די סיין גע׳גנבע׳עט פון זיין שכן. און אזוי האט מיין שכן מיר אבגעטאן אויף טעריקס.

### פארשטעהער פון דער קריסט־ליכער קירכע טרעטען ארויס געגען די רעאקציאנערע שטרע־מונגען אין אמעריקא

ניו־יארק, יאנ. 29. — זעקס בישאפען, 5 יעפיסקאפען, א מעטאדיסטישער גלח און 16 פארשטעהער פון אנדערע גלויבענס האבען אונטערגעשריבען א פראטעסט גע־גען דעפארטירען „פרעמדע" אהן איהגנד וועלכען משפט, געגען די סעדישאן בילס געגען דער צוריקווייזונג פון די 5 סאציא־ליסטישע אסעמבלי לייט, און געגען דער היסטעריק וואס ווערט אויפגעוועקט אין פארפאלגען ראדיקאלע ארגאניזאציעס אין אמעריקא.

## דעטראיטער ארבייטער שטיצען קא־זענס קאר פלאן

די דעטראיטער פעדערייששאן אף לייבאר האט אויף איהר לעצטען מיטינג, מיטוואך ביינאכט, מיט א מאיאריטעט שטימען גוטגעהייסען מעיאר קאוזענ׳ס פלאן ארויסצולאזען פאר 15 מיליאן דא־לאר סיטי באנדס און פאר די געלד בויען נייע קאר ליינס. א בעדייטענדע צאהל דעלעגאטען האבען געמאכט א פארזוך אבצולייגען די דיסקוסיאן איבער דעם מע־יאר׳ס פלאן, ביז די איינצעלנע לאקאלס וועלען האבען די געלעגענהייט זיך אויס־צושפרעכען איבער דיעזער פראגע. צווישן די געגנער האבען זיך אויך געפונען אזעל־כ וואס האבען גע׳טענה׳ט, אז זיי קענען ניט שטימען גוטצוהייסען דעם מעיארס פלאן דערפאר, וואס ער, דער מעיאר האט זיך נאך ניט קלאהר אויסגעשפראכען ווי אזוי די שטאדט וועט פערוואלטען די עק־זיסטירענדע קאר ליינס וועלכע די קאמ־פאני וועט מוזען פארקויפען דער שטאדט נאכדעם ווי די שטאדט וועט האבען איה־רע איינענע קאר ליינס.

די פארטיידיגער פון מעיאר קאוזענס פלאן אבער, האבען באהויפטעט, אז מע־יאר קאוזענ׳ס פלאן איז א שריט צו שטאט אייגענטום פון סטריט קארס און די גוט־הייסונג פון דעם דאזיגען פלאן טאר ניט אבגעלייגט ווערען אפילו אויף א מינוט ניט.

### בריעף אין „וועג" פאר היגע אידען.

אין „וועג" געפינען זיך בריעף פאר דעטראיטער אידען פון זייערע קרובים.

די בריעף זיינען צוגעשיקט געווארען דורך די פארשיעדענע אידישע קאמיסיעס וואס זענען לעצטענס געווען אין אייראפא.

מיר דרוקען היינט פאלגענדע בריעף:

צו ל. קאפלאן, 81 קארדאני עוו. פון ל. בר סקער פון ירושלים.

צו מרס. מינא וועלט, 337 ערלייד סט. פון איהרע קינדער אין וויען.

צו ק. ניקאלסקי, 153 ברדסטער סט. פון זיין ברודער אברהם ניקאלסקי, פון פוילען.

צו מר. ענזעלמאן, 137 דיווישאן סט. פון זיין פרוי און קינדער פון ווארשע.

קומט אין „וועג" אפנעהמען אייערע בריעף!

## אין זונטאגדיגען נומער „וועג"

„דארף מען א בית־יתומים אין דע־טראיט?" — א לייט ארטיקעל, געשריי־בען פון ב. י. גאלדשטיין; אין וועלכען עס ווערט אפגעענטפערט דער „דזשואיש קראניקל" אויף איהר אטאקע אויף דעם בית יתומים.

פון אונזער קארעספאנדענט פון קא־פענהאגען, ש. פאן, דרוקען מיר אין זונ־טאג נומער די ערשטע קארעספאנדענץ וועגען דער שמד מגפה וואס בושוועט איצינד אין פוילען און אין גאליציען.

וואס איז איז אויסען די הסתדרות עברית? דאס ווערט קלאהר פון דעם אינטערוויו מיט ה׳ ראובן ברייניין און ה׳ אב. גאלד־בערג, מיט וועלכע אונזער מיטארבייטער ש. ערדבערג האט מיט זיי געהאט.

ווידער זעהר געלונגענע „שפריצען" פון ע—ש וועגען די פאסירונגען פון דער וואך.

זעקס קורצע עכט משה נאדיר׳דיגע מעשה׳לעך.

„צוויי מאמעס" — א סקיצע פון דער באקאנטער אידישער נאוועליסטין מרים קארפילאוו.

דארף מען זיך מישען אין יענעמס לע־בען? — לעזט וועגען דעם דאס זונטאג־דיגע לייט ארטיקעל אויף דער לעצטער פיידזש. אויף דער לעצטער פיידזש וועט דער לעזער תמיד געפינען אינטערעסאנ־טע לעזע־שטאף.

# עניים ואביונים
## אדער גליקליכע און אומגליקליכע

ראמאן — פון מרדכי ספעקטאר

(פארטזעצונג)

אומגליקליכער פיאדאר איוואנאוויטש! ווען ער האט אויפגעעפענט די אויגען האט ער אין אנהויב גאר ניט געוואוסט וואו ער געפינט זיך — ער איז געלעגען אונטערן טיש און זי האט איהם געשלעפט פון דארטען און געבעטען הונדערט מאל ער זאל איהר פארצייהען וואס זי האט איהם אזא שטויס מיט אזא פּאטש געגעבען, אז ער איז גלייך געפלויגען אונטערן טיש...

האלב טויט האט זיך פיאדאר איוואנאוויטש געזעצט אויף דעם ערשטען בענקעל:

— נאר איך האב פון אייך ניט ערווארטעט, לאה, האט ער אנגעהויבען מיט א ציטערדיגע שטימע, אזא כבוד קען מען נאר באקומען פון א חסידיש מויד, וואס האט קיין שום ערציהונג ניט באקומען און ווייסט ניט וואס בילדונג איז. וואהנט אין אזא פּארשיווע זשיקאווסקע שטעדטעל ווי ה. איז.

— נאר הער פיאדאר איוואנאוויטש, איך האב פון אייך אויך ניט ערווארטעט איהר זאלט פלוצים טהאָן אזא זאך און אפילו מיר ניט דערמאנען וועגען דעם צו עס איז מיר גאר אנגענעהם צו האבען אזוינע געשעפטען: איהר זענט אויף מיר עפּעס אנגעפאלען ווי א וואלף, ווי ארמיסנע איך זאל ניט באמערקען, דערמיט האט איהר מיך זעהר באליידיגט.

— אבער איהר וואלט געקענט זאגען אז איהר ווילט דאס ניט ליידען, וואלט איך אייך ניט געוועזען אנגעריהרט, אבער...

— גלויב מיר אז איך בין ניט שולדיג מיר איז זעהר לייד וואס איך האב אייך אזא שטויס געגעבען אייער אומגעריכטער קיש האט ארויסגערופען מיין אומגעריכטען פּאטש. איך בעט אייך הונדערט טויזענד מאל איהר זאלט מיר מוחל זיין איך בין ניט שולדיג. איהר זענט אין דעם אלעמען אליין שולדיג.

— ניין, ניין איך קען ניט פארצייהען, נאר...

ער איז פלוצים שטיל געווארען, ער האט אליין ניט געוואוסט פאר וואס ער איז שטיל געבליבען, און וואס ער האט גערעדט. — שווייגענדיג האט ער גערעדט און מויל מיט דער צונג ווי אזוי ארויסצודרעהען זיך פון דער אונאנגענעהמער לאגע.

— דאס ערשטע מאל אין מיין לעבען איז מיר דאס פארגעקומען, האט ער ווייטער אנגעהויבען, נאך דעם ווען ער האט מיט דער צונג עטליכע מינוט געזוכט א וועג — אזוינס קען זיך נאר טרעפען ביי אייך אין ווייסטען ר.. ביי אונז אין ארעס ענגען אויף דא מיידלאך, פיינע און געבילדעטע, זיי וואלטען זיך אזוי ניט באנאנגען, ניט אזוי מיט מיר וואס ביי זיי וואלט געוועזען אן עהרע ווען איך זאל זיי א קוש טהאן, נאר איך וועיס ניט ווערען, ווארום, ווי טרעפט זיך ניט, וואו האט מען ניט געהערט אז א יונגער מאן זאל א קוש טהאן א מיידעל, טא וואס זשע איז? וואס איז דא ספאר אזא אומגליק? איך האב שוין ניט אזוי פיעל האר אין קאפּ וויפיעל מיידלעך איך האב געקושט אין מיין לעבען, די ליטישסטע, די שעהנסטע די געבילדעטסטע, פון די רייכסטע ערטער, און גאר פארקהרט זיי האט די גרעסטע הנאה געטאן און פארוואס נעט? אזוי פיהרט זיך היינט אין דער גאנצער וועלט צווישען די גרעסטע געבילדעטע.

גאט ווייסט ביז וואנען פיאדאר איוואנאוויטש וואלט געוועזען גערעדט כדי זיך געפינען א וועג, ווען לאה זאל זיך פלרצים ניט געוועזען צואווייגען.

מיט ביידע הענט האט זי פארדעקט איהרע פארוויינטע אויגען, געחליפעט, געוויינט און זיך געפּרייוועט אנהויבען רעדען:

— איך האב שוין לאנג ליעב און אנדערען.- איך בין ניט שולדיג פיאדאר איוואנאוויטש! האט זי קוים ארויסגעלאזט די ווערטער אין טרעהרען.

ווי איינער האט זיצט ביי זיך אין פאר מאכטען צימער און הערט גאר ניט וויא אין דרויסען קלייבען זיך חמארעס, און פלוצים טהוט א זעץ דער ערשטער שטארקער דונער אז אלע טאפּליעס פון צימער הויבען אן צו קלינגען און הילכען, אזא שטארקען הילך האט געטהאן אין זיינע אויערע ווען ער האט פון דעם חסידישען פוילישען שעהנער מיידעל דערהערט די ווערטער: איך האב ליב אן אנדערען! — פאר פארטומעלקייט האט ער מעהר ניט געקענט ארויסלאזען ווי די ווערטער:

— ליעב!??..- איהר האט ליעב?

ניט אומזיסט, האט ער זיך אזוי פאר־

(פארטזעצונג פאלגט)



## אונזער נייער טעלעפאן איז מעין 3715.

# קאמאפלאזש

פון ישראלי

## געבליבען שטעקען מיט דעם רויב

עס האבען די פעלקער פון דער וועלט זיך פארבענקט נאך א שעהנעם לעבען. האבען זיי צוזאמענגערופען זייערע שטארקע זיהן און צו זיי אזוי געזאגט:

— אויף אייך, איהר שטארקע און שטאלצע זיהן פון דער מענשהייט איז געפאלען דער גורל צו געהן צום שעהנעם טויט, צום העלדישען טויט און געפינען זאלט איהר דארטען דעם שעהנעם לעבען, וועלכען ער, דער שעהנער טויט, האלט אנגגרייט אונז צו באצאהלען מיט איהם אויף יענער וועלט — אויף יענער שעהנער וועלט — אויף וועלכער עס איז אזוי שווער צו ווארטען לעבענדיג אזא מיאוס׳ען לעבען אין אזא ניט שעהנער וועלט.

אזוי האבען געזאגט די פעלקער פון דער וועלט צו די שטאלצע און שטארקע זיהן פון דער מענשהייט.

האבען די שטארקע זיהן געפאלגט און זיינען אוועק צום שעהנעם טויט כדי צו ברענגען פון דארטען א שעהנעם לעבען פאר אלע מענשען פון דער וועלט.

און צו טרייסט פון דר וועלט איז געווען: דאס וועט זיין די לעצטע עקספעדיציע, וואס וועט נעהמען געפאנגען דעם טויט און וועט ברענגען צו אונז דעם שעהנסטען רויב — א שעהנעם לעבען פאר אלע מענשען פון דער וועלט.

און איצט ווען מיליאנען שטארקע זיהן זיינען אוועק צום העלדישען טויט, צום שעהנעם טויט, פרעגט די וועלט:

— און וואו איז דער רויב? וואו איז יענער שעהנע לעבען, וואס די ,,באיעס״ האבען אויסגעקעמפפט פון זייער שעהנעם טויט פאר אלע מענשען פון דער וועלט?..

און פון דעם טויטען־לאנד קלינגען די שטימען פון די העלדישע און שטארקע באיעס ארויס:

— מיר האבען דעם רויב! אויסגעקעמפפט האבען מיר דאס שעהנע לעבען, נאר מיר קענען פון דאנען ניט ארויס.

און אויב איהר ווילט א שעהנעם לעבען פאר אלע מענשען פון דער וועלט, קומט אין לאנד פון שעהנעם טויט, פון העלדישען טויט!..

און קלאהר געווארען איז, אז די ,,באיעס״ האבען ווירקליך דעם שעהנסטען רויב — דעם שעהנעם לעבען פאר אלע מענשען פון דער וועלט, נאר דער טויט האלט אין געפאנגענשאפט די באיעס צוזאמען מיט׳ן רויב..

גרייט שוין דערווייל די וועלט צו נייע עקספעדיציעס פאר׳ן שעהנעם טויט, פאר׳ן העלדישען טויט.

## פאטערלאנד

ס׳איז אזוי גוט צו זיין א פאטערלאנד! ביעל בעסער נאך ווי א קייזער צו זיין!

צום פאטערלאנד זיינען אלע פארפליכטעט און דאס פאטערלאנד אליין — צו קיינעם ניט.

נאכמעהר: —

מענשען ווערען געבוירען — פאר׳ן פאטערלאנד; מענשען לעבען — פאר׳ן פאטערלאנד; מענשען שטארבען — פאר׳ן פאטערלאנד.

אלע פאר׳ן פאטערלאנד און דאס פאטערלאנד — פאר קיינעם ניט.

און די גרעסטע ענאאיסטקע פון אלע פאטערלאנדער, איז דאס דייטשע פאטערלאנד געווען.

ס׳איז ניט קיין וואונדער.

אלץ האט דאס פאטערלאנד אויסגעפיהרט ביי די דייטשען. זאגט זי צו זיי: ,,געהט שטארבען פאר מיר!״ — געהען זיי; באפעהלט זי זיי העלדיש צו זיין, זיינען זיי; הייסט זי זיי ליידען בושה — גיבען זיי זיך אפלו נט א קרים...

ווייל וואס וועט דען א דייטש ניט טאן פאר זיין געליעבט פאטערלאנד?

איך שטעל זיך פאר, אז א דייטשער יונגערמאנטשיק ווען ער זאגט צו זיין הארצענס געליעבטע: ,,איך ליעב דיך!״ פיהלט ער בעת מעשה די גרויסע זינד, דעם גרויסען פאראט און אפשר אויך דעם גרויסען ליגען..

ווייל דאס פאטערלאנד, א באליידיגטע, און אפגענארטע, פול מיט טרעהרען אין איהרע גרויסע אויגען, פארפאלגט דעם דייטש אויף יעדען שרים. מיט די אויגען פון זיין געוויסען זעהט ער זיין אייפערזיכטיג פאטערלאנד און אומעטום זעהט ער זי. ,,דאס פאטערלאנד איז איבער אלעס!״ — איבער וויער־קרויט, איבער לאגער־ביער, איבער פילאזאפישע צוויבאקס, איבער וויסענשאפטליך אנטיסעמיטישע האמבורגערס און — אויב נויטיג — איבער׳ן גאטס געזאלבטען קייזער.

עפעס א שפיעלבעל, דאס דייטשע פאטערלאנד!

דער קייזער איז געווען א שעהנער קייזער, א גרויסער קייזער, א געהויבענער קייזר, א האב׳ענדיגער קייזער — אזוי לאנג ווי ער האט זיך אויסגעטויגט צו מאכען א וועלט שטארבען פאר דער גלאריע פון׳ם דייטשען פאטערלאנד.

איז אבער געקומען א צייט און די וועלט האט זיך ענטזאגט פון דעם גרויסען כבוד און געהאלטען האט דערביי, אז דער קייזער זאל פיהרען צום טויט דאס דייטשע פאטערלאנד. ווייל די וועלט לאזט זיך ניט טויטען און אימעצען מוז ער דאך מאכען שטארבען, (ער איז דערצו אויף דער וועלט געקומען), איז דאס פאטערלאנד אריין אין רעכטען צארן און אנגעדייצט אויף איהר מלאך־המות די געטרייע דייטשען, און זיי האבען זייער גרויסען קייזער, זייער מעכטיגען קייזער, זייער מיט־גאטעסג׳נאדען קייער — ארויס געווארפען פון זייער ליעבעם פאטערלאנד.

און דאס פאטערלאנד — איי־איי־איי! זי האט זיך גענומען אין רויטע לענטעס פוצען, נאכ׳ן לעצטען פאסאן. לענטעס פארשיעדענע, ,,מאיאריטעט״, ,,מינאריטעט״ ,,ספארטאקוס״ — און יעדער לענטע ווערט פון די געטרייע דייטשען אין רויט בלוט געפארבט און דאס פאטערלאנד, פארפוצט אין רויטען, טראכט זיך: אט דאס הייסט דייטשע טרייהייט און איבערגעבענהייט! אט דאס הייסט אויפריכטיג געליעבט!

און דאס פאטערלאנד ווערט אזש אויף שטיקער צעשמאלצען פאר נחת..

# דער וועג

**THE DETROIT JEWISH DAILY**

Published Daily, Except Saturdays and Jewish Holidays, by
DER WEG PUBLISHING COMPANY, INC.
347-49 Hastings St., Detroit, Mich. Main 3715.
J. RABINOWITZ, Pres. JOS. R. LEEMON, Sec.-Treas.
B. I. GOLDSTEIN, Editor

(Entered as Second Class mail matter at Post Office, Detroit, Mich.)

Subscription Price: By mail, or carrier, one year, $5.00; six months, $2.50.

דעטראיט, 30טער יאנואר 1920


# די רוסישע ראטשילדס

(צו דער געלעגענהייט פון בראדסקי'ס טויט)

אין היינטיגער צייט — וואס פאר א ראלע שפיעלט א בראדסקי? עס זאגען טאקע די אידען אין רוסלאנד אז די בראדסקיס זיינען די קיעווער, אדער די רוסישע ראטשילדס, אבער ווען מען זאל אויף דער פירושע פארגלייכען בראדסקי'ן מיט ראטשילד'ען, וואלט מען חוזק געמאכט.

אפילו אין רוסלאנד גופא זיינען געווען רייכערע אידישע פאמיליעס איידער די בראדסקי פאמיליע.

עס איז אבער מעגליך פון אן אנדער שטאנדפונקט צו פארגלייכען די בראדסקי'ס מיט די ראטשילדס. און דאס איז: — די ענטשטעהונג פון דער פאמיליע, איהר שייכות צו אידישקייט און דער איבערגאנג צו רעפארם אדער אסימילאציע.

און דאס איז כדאי צו פארצייכנען.

שוין נישט קיין נייעס אז די אסימילאציע האט קיין טובות נישט גע־בראכט אין מאטעריעלע זינען און א סך שאדען געטאן אין מאראלען זינען.

עס וועט פונדעסטוועגען נים שאדען אן איבעריגען מאל א פאקט צו פארצייכנען:

די איצטיגע בראדסקי'ס שטאמען פון ר' מאיר'ל בראדער. א איד א ירא שמים געווען און א גרויסער סוחר. געוואוקס אין זלאטאפאלי און גע־לערענט ביי דעם באוואוסטען למדן ר' יוסי דער רב, וועלכער האט געהאט א שם פאר זיין חריפות און גאוניות.

ר' מאיר'ל בראדער האט אנגעהאלטען ביי זיך ר' יוסי דעם רב אויך פאר זיינע קינדער. און געפיהרט זיך אויף אן עכט ארטאדאקסישען שטייגער, נישט אפטרעטענדיג אויף א האר פון שלחן ערוך. און א גרויסער דבן איז ער געווען. און מיט זיינע דיענער און ארבייטער איז ער געווען חיימיש און פריינטליך.

איין פאקט פון טויזענד וועלען מיר דא איבערגעבען: א פרוי פון זיי־נעם א דיענער האט זיך געקלאגט פאר איהם אז איהר מאן'ס שכירות זיינען צו וועניג. זי קען מיט זיי נישט אויסקומען. דער נאמן, וואס איז געשטא־נען דערביי, האט א זאג געטאן: „עס איז א ליגען. איך האב אליין געזעהן זי קויפען עופות אויף שבת".

„אזוי? — האט ר' מאיר'ל געזאגט מיט א שמייכעל — זי איז נעבעך געוועהנט צו האבען עוף אויף שבת, זאלסטו טאקע געבען דעם מאן איהרען א הוספה".

* * *

זיינע קינדער האבען חתונה געהאט פאר גרויסע מיוחסים; זיי האבען באגליקט, אבער זיי האבען שוין אין אן אנדער צייט געלעבט.

פאר דעם עשירות פון זיינע קינדער איז דאס שטעטעל (זלאטאפאלי) צו ענג געווארען. דער עלטערער, אבראהאם מארקאוויטש בראדסקי, האט זיך שוין אריבערגעצויגען קיין אדעס.

פון דעם נאמען גופא זעהט דער לעזער, אז דער זוהן איז נישט געגאנ־גען אין טאטענס דרכים. פון אברהם'ל איז געווארען אבראהאם, פון ר' מאיר'ל איז געווארען מארקאוויטש און פון בראדער איז געווארען בראדסקי.

אמת טאקע, אז אבראהאם מארקאוויטש, זייענדיג א תלמיד פון ר' יוסי דעם רב איז נאך דאס הארץ עכט אידיש געווען. ער האט געגעבען נדבות, און זיך געלאזט אומעטום קאסטען בדרך הגבירים. אבער אין זיין הויז האט שוין די אסימילאציע ווארצלען געשלאגען.

די אסימילאציע וועט ראטעווען פון שמד און רעפארם וועט ראטעווען פון אסימילאציע — אט דיעזע מיטלען האבען זיך ארויסגעוויזען פאר פאלש און באטריגעריש.

זיינע קינדער האבען שוין אזעלכע רבי'ס ווי ר' יוסי דער רב נישט געהאט. מאדערנע לעהרער און גואווערנאנטקעס האבען זיי געלערנט פרעמדע שפראכען און אייראפאישע מאנערען.

ר' מאיר'לס קינדער האבען זיך אויך משדך געווען מיט מיוחסים: אבראהאם האט זיך משדך געווען מיט דעם בערלינער רב. דר. הילדעסעמער און ר' ישראל בראדסקי, וועלכער האט געשפיעלט א מעהר ארטאדאקסישע ראלע — מיט'ן ווארשויער רב ר' דוב בעריש מייזעלס.

פון אבראהאם מארקאוויטש בראדסקי'ס קינדער ווייס די אידישע וועלט אזוי גוט ווי גארנישט. מיט אבראהאם'ן האט זיך די אידישקייט אין דעם הויז אפגעהאקט.

מיט ר' ישראל בראדסקי'ס קינדער האט נאך גע'שם'ט אין רוסלאנד. ווארים כאטש ר' ישראל האט שוין אויך נישט נאכגעטאן אין אלעס זיין פאטער (ר' מאיר'ל), פונדעסטוועגען האט ער זיך געפיהרט אידישלעך און ערשט זיינע קינדער האבען זיך משדך געווען מיט דער אסימילאציע.

די אידען פון רוסלאנד ווייסען שוין אבער וואס פאר א ראלע אין אי־דישקייט עס האבען געשפיעלט די קיעווער בראדסקיס. (ר' ישראל'ס קינדער).

די קיעווער בראדסקיס זיינען, אמת זאגענדיג, שפעטער געווארען אי־דען, אבער דאס איז געווען — ווי פראפעסאר מאנדעלשטאם האט זיך דאן אויסגעדריקט: — „פאגראם־אידען". זייער אידישקייט איז געווען די פאגראמען צו פארדאנקען.

איז דאך שוין אלעמען באקאנט דער סקאנדאל אין בראדסקי'ס הויף מיט דער מאדאם־פייזעל (בראדסקי'ס טאכטער, דעם ווארשויער רב'ס שנור), וועלכע האט געמוזט אוועק פון רוסלאנד קיין־זוויעץ; עס איז באקאנט גע־ווען זייער שטעלונג צו זייערע אידישע ארבייטער, א סקאנדאל מיט וועל־כען די גאנצע אידיש רוסישע און אויך די אידישע פרעסע אין אמעריקא איז אין צייט פול געווען.

די אסימילאציע און רעפארם האט אויפגעפרעסען דעם אידישען שורש פון די בראדסקיס.

ר' מאיר'ל האט פלאין געמאכט פאר אבראהאם מארקאוויטש און פאר איזראעל'ן (ר' ישראל). ביידע האבען געביטען זייערע נעמען און זייערע פאמיליעס; זיי האבען אויך געביטען די וועגען, אויף וועלכע עס איז גע־גאנגען זייער פאטער.

ר' מאיר'ל'ס אייניקלאך זיינען שוין פארבליבען אידען א דאנק די רדיפות און פאגראמען. זיי זיינען פארבליבען פילאנטראפען און לעצטענס, אי־בערהויפט נאכ'ן פאגראם אין 1905, ווען מען האט צעראבירט אויך זיי, האבען זיי זיך מיט אויפריכטיגקייט געמישט אין כלל זאכען.

וואס עס איז געווארען פון די קיעווער בראדסקיס נאך די מורא'דיגע געשעהענישען אין רוסלאנד בכלל און אין קיעוו בפרט איז שווער צו וויסען אצינד.

מען ווייס אבער אז דער ערשט פארשטארבענער בראדסקי — איידער די באלשעוויקעס זיינען אין מאכט געקומען און איידער די אוקראינער רוצחים האבען די מאסען־שחיטות פאראורזאכט — איז ער געווען זעהר טעטיג אין אידישע ענינים.

אט דאס איז א קורץ בלעטעל פון דער געשיכטע פון די בראדסקיס, די רוסישע ראטשילדס.

# אין דער אידישער ארבייטער גאס

**פון ע. איש־חביב.**

**גאווערנאר סמיטה פערמיידט א סטרייק פון ניו יארקער קלאק מאכער. — דער „גאלדענער סטרייק" האלט שוין אן פיער מאנאטען. — די אינטערנעישאנאל גארמענט ווארקערס האט א גרויסען זיעג אין קליוולאנד.**

**אין צווישען צייט** איז דער סכסוך צווישען די ניו יארקער קלאקמאכער יו־ניאן און דער מאנופעקטשורערס אססא־סיאיישאן האלט אן. דער סכסוך האט זיך אפיציעל אנגעפאנגען דעצעמבער דעם צווייטען ווען די יוניאן האט פארלאנגט א קאנפערענץ מיט די בעלי בתים און אויף דיזער קאנפערענץ האט זי גע־פאדערט א רעיז פון דרייסיג פראצענט פאר אלע ארבייטער. דעם 15טען דע־צעמבער האט די אסאסיאיישאן אפיציעל ענטזאגט די פאדערונג.

און די פראגע וואס פיעלע האבען זיך געשטעלט איז: צו וועט זיין אדער ניט זיין א סטרייק אין דער אינדוסטריע?

די יוניאן האט ערקלעהרט, אז זי האט נים בדעה צו רופען א סטרייק, נאר דאך איז א נייער סארט סטרייק ערשיענען. דאס איז „דער ניט אנערקענטער סטרייק" דאס הייסט, איינצעלנע שעפער האבען אפגעשטעלט די ארבייט און ענטזאגט זיך צו נעהן צוריק, סיידען די בעל בתים וועט־לען איינוויליגען צו העכערען זייערע ווידזשעס. די יוניאן האט דיזע סטרייקס ניט גערופען. די ארבייטער פון דיזע שעפער זיינען ארוים אין סטרייק אויף זייער אייגענער פאראנטווארטליכקייט. נאר דאך איז קיין קלאוקס ניט געמאכט געווארען אין יענע שעפער. דער קלאוק מאנופעקטשורער האט וועניג וואס גע־ווארעמט דער נעראנק, אז דער סטרייק איז ניט קיין „אנערקענטער". ער האט געוואלט קלאוקס, ניט קיין פרינציפען. די צאהל פון אזעלכע ניט „אנערקענטע" סטרייקס איז געוואקסען. לויט מאנכע קלאנגען זיינען נאהענט צו נייניציג שע־פער ארוים אין סטרייק. און עס האט גע־שיינט, אז דער סענטימענט פאר אזעל־כע סטרייקס האט זיך גענומען פאר־שפרייטען צווישען די קלאוק־מאכער אין די שעפער.

די אסאסיאיישאן האט באלד ערקלערט אז א קריזיס אין דער קלאוק אינדוסטרי איז אומפארמיידליך און כדי צו שאפען א סענטימענט פון פובליקום פאר זיך האט די אסאסיאיישאן אדווערטייזט אין די טעגליכע און טרייד־צייטונגען איהר טענה אין דעם סכסוך. די יוניאן האט גע־ענטפערט מיט עהנליכע אדווערטייז־מענטס. קיין קלאוקס, אמת, איז דורך דעם ניט געמאכט געווארען, נאר דאס האט געבראכט צו דעם, אז דער גאווער־נאר פון ניו יארק, האט זיך אריינגעמישט אין דער פראגע און דעם 13טען יאנואר האט ער טעלעגראפירט צו ביידע צדדים דאס פאלגענדע:

„באמערקענדיג אין היינטיגע צייטונ־גען, אז א קריזיס איז אומפארמיידליך אין דער וויכטיגער קלאוק־אינדוסטריע, וועלכער קען אריינציהען די פאמיליעס פון פערציג טויזענד ארבייטער, דענק איך, אז דאס איז אן ערנסטע פראגע, וועל־כע האט א שייכות צו אונזער באפעל־קערונג. דערפאר פארלאנג איך, אז איהר זאלט שיקען פארשטעהער פון אייער אר־גאניזאציאן צו באגעגענען מיך אין די עקזעקוטיוו־צימערען פון דער הויפט־שטאדט אלבאני, מאנטאג 5טען יאנואר, צוויי אזייגער ביטאג, צו קאנפערירען מיט מיר וועגען די וועגען און מיטלען ווי צו לעזען די פראגען וועלכע בא־אומרוהיגען יעצט די אינדוסטריע מיט דעם אויסזיכט צו פארמיידען אן אלגע־מיינעם סטרייק". צו דער זעלבער צייט, האט דער גאווערנאר אויך געטעלעגרא־פירט צו עדווארד פ. באיל, טשערמאן פון דער סטייט אינדאסטריעל קאמישאן, אז ער זאל קומען אין אלבאני ארויס־העלפען אין דעם סעטעלמענט.

די יוניאן איז געווען די ערשטע אנצו־נעהמען דעם גאווערנאר"ס איינלאדונג. די אסאסיאיישאן האט געטאן דאס זעל־בע. און ווען ביידע צדדים זיינען ערשיע־נען פאר"ן גאווערנאר, האט דער גאווער־נאר געווירקט, אז ביידע צדדים זאלען איינשטימען איבערצוגעבען די גאנצע פראגע צו אן ארביטריישאן קאמיטע וועל־כענס ענטשיידונג זאל זיין בינדענד.

דער גאווערנאר האט באלד אויפ"ן פלאץ באשטימט א קאמיטע פון פינף באשטעהענדיג פון וויליאם ד. באלדווין, פרעזידענט פון דער אטיס עלעוועיטאר קא., י. פריינד, ארגאנייזער פון אמערי־קאן פעדעריישאן אוו לייבאר, עדווארד פ. באיל, טשערמאן פון סטייט אינדאסט־ריעל קאמישאן, פרענסיס פערקענו, קא־מישאנער פון סטייט אינדאסטריעל קא־מישאן און בערגער, סטייט דעפיוטי אטארני דזשענעראל. צו זיי האט דער גאווערנאר צוגעזעצט פיינבערג, פרעזי־דענט פון דער קלאוקמאכער יוניאן און פאול סינגער, געוועזענער טשערמאן פון דער קלאוק און סוט אסאסיאיישאן.

שוין מעהר ווי א וואך צייט, אז די קאמיטע נעהט אן מיט דער ארבייט און דערווייל זענען זיי ניט געקומען צו קיין באשלוס. האפענטליך וועט זייער באשלוס לאנג ניט פארציהען זיך, ווא־רים די לאגע אין דער אינדוסטריע פא־דערט שלום. ווען אלעס איז איינגע־שטעלט ריכטיג, האט עס א געווינשטע ווירקונג אויף דעם ארבייטער און דיזע ווירקונג ציינט זיך ארוים אויף דער פרא־דוקציאן. עס איז אין די אינטערעסען פון ביידע צדדים צו קריגען אן ענטשיידונג וואס שנעלער. אומבאשטימטקייט פאר־אורזאכט אומרוהיגקייט און אומרוהיג־קייט איז א זיכערע שטערונג.

ווי די זאך זאל ניט זיין, איז א סטרייק פארמיידען געווארען, פארדאנקענדיג דעם גאווערנאר"ס אריינמישונג און מיר גלוי־בען, אז ביידע צדדים און די אלגעמיינע פובליקום מעג דאס אנערקענען, ווי דער גאווערנאר אליין האט געזאגט ווען ער האט געעפענט דעם ערשטען קאנפערענץ:

„איך גלויב ניט אז איך טרייב איבער ווען איך זאג, אז דיעזער סטייט האט געליטען אן עקאנאמישען פארלוסט דורך סטרייקס, וועלכע, אין פיעלע פעלע, וואל־טען זיי געקענט פארמיידען ווערען, ווען זיי וואלטען ריכטיג באהאנדעלט גע־ווארען פון אנפאנג אן. און דער פאקט, אז זיי וואלטען געקענט פארמיידען ווע־רען מאכט זיי נאך ערגער. איך האב איינגעלאדען ביידע צדדים צו באגעגענען זיך דא היינט, און איך בין דאנקבאר וואס ביידע צדדים זענען געקומען. דאס צייגט א פארלאנג צו באהילפיג זיין אין דעם ריכטיגען גייסט".

מיט פיער מאנאטען צוריק האט אויס־געבראכען דער „גאלדענער סטרייק" אדער ווי ער איז באקאנט אונטער דעם מעהר פאפולערען נאמען דער סטרייק פון די דזשולערי ארבייטער. די צאהל פון די סטרייקערס איז אומגעפעהר דריי טויז־זענד. עס איז ווירקליך צו באוואונדערען דעם מוט פון די ארבייטער צו שטעהן אין סטרייק אזוי לאנג אין יעצטיגע צייַ־טען ווען דער יקרות איז אזוי גרויס.

מיט א צוויי יאהר צוריק האבען די זעלבע דזשולערי ארבייטער געהאט א זעהר פארצויגענעם סטרייק. דאן האבען זיי געסטרייקט פאר דעם רעכט צו זיין ארגאניזירט און נאך א זעהר לאנגען סטרייק האבען זיי דיעזע פאדערונג אויסגעקעמפפט מיט א שטיקעל קאמפרא־מיס. די יוניאן איז אפיציעל ניט אנער־קענט געווארען, נאר דאך זענען אלע אר־בייטער פארבליבען אונגעשטערט אין דער יוניאן. די בעלי בתים האבען ניט געהאנ־דעלט מי דער יוניאן דירעקט, דאך איז דער איינפלוס פון דער יוניאן אויסגענוצט גע־ווארען אין יעדען סכסוך אויפ"ן פאלגענ־דען וועג.

די ארבייטער, באלאנגענדיג צו דער יוניאן פלעגען ערוועהלען א שאפ־טשער־מאן, ביי זייערע מיטינגען. דיזער שאפ־טשערמאן, אדער קאמיטע אין מאנכע פע־לע, פלעגט פארהאנדלען מיט בעלי־הבתים אלע סכסוכים. נאטירליך פלעגט דער שאפ־טשערמאן זיך מישב זיין מיט די יוניאן פיהרער ווענן אלע אנגעלע־גענהייטען.

דאס מאל זיינען די דזשולערי ארביי־טער ארויסגעגאנגען סטרייקען פאר א ניין און דרייסיג שטונדיגע ארבייטס־וואך, זיי זענען די ערשטע, וועלכע קעמפ־פען דא אזא קורצע ארבייטס וואך און דערפאר איז זייער קאמף א מעהר ביטע־רער. די קלענערע בעלי בתים וואלטען זיך אונטערגעגעבען, נאר זיי ווערען צוריק געהאלטען פון די גרעסערע מאנופעקטשו־רערס, וועלכע לאזען ניט צו קיין סעטעל־מענט.

ווי דאס זאל ניט זיין, האלט דער „גאלדענער סטרייק" שוין אן פיער מאנא־טען צייט.

---

אין 1911 האט די אינטערנעשאנאל לידיעס גארמענט ווארקערס יוניאן פאר־מאסטען זיך אין כחות מיט די קליוולאנ־דער קלאוק מאנופעקטשורערס. דער קאמפף אין קליוולאנד איז געווען שווע־רער ווי אין אירגענד אנדער שטאדט צו־ליעב צוויי הויפט אורזאכען. ערשטענס, דער גייסט פון יוניאן איז געווען פרעמד צו די קליוולאנדער ארבייטער. די קליוו־לאנדער אטמאספערע האט ניט געהאט אין זיך אזוי פיעל יוניאן קעמפפע ווי אנדערע שטעדט אין דער איסט. און צווייטענס, ווייל די קליוולאנדער מאנו־פעקטשורערס האבען געפיהרט זייערע שעפער אויף א גאנץ אנדער אופן ווי די מאנופעקטשורערס אין דער איסט. א קליוולאנדער דורכשניטליכער שאפ איז גרויס, ברייט, מיט סאניטארע קאנדי־שאנס. די בעהאנדלונג דארטען איז אוי־סערליך מעהר עדעל. דער גייסט פון זא־גענאנטע „וועלפער־ארבייט" איז דארט געווען מעהר ענטוויקעלט ווי אין דער איסט. דאס האט געבראכט צו דעם, אז דער גוואלדיגער סטרייק, וועלכער איז אנגעפיהרט געווארען פון דער אינטער־נעישאנאל און וועלכער האט אפגעקאסט א דריי הונדערט און פערציג טויזענד דאלאר איז פשוט געגאנגען פארלארען.

ווי יעדער פארלארענער סטרייק, אזוי האט אויך דיזער אפגעשוואכט די איי־ניגע יוניאן מיטגליעדער, וועלכע זענען נאך פארבליבען דארטען. און עס האט געשיינט, אז קליוולאנדער קלאוקסמאכער וועלען פאר א לאנגער, לאנגער צייט ניט זיין יוניאניזירט.

דורך דער מלחמה־צייט האט זיך די לאגע עטוואס געענדערט. די יוניאן האט זיך ווידער גענומען פארברייטען צו א סטרייק. די מאנופעקטשורערס ווי פריה־ער האבען זיך ענטזאגט צו פארהאנדלען מיט דער יוניאן. דאך איז דער יוניאן געלונגען ארויסצורופען אין סטרייק פון נאהענט צו צוויי טויזענד זיבען הונדערט מענשען. פארדאנקענדיג דער מלחמה, און אויך פארדאנקענדיג דעם, וואס מאנכע פון די קלאוק־מאנופעקטשורערס האבען געארבייט יוניפארמס אין זייערע שעפער האט זיך דער קריגס דעפארטמענט פון אונזער רעגירונג אריינגעמישט אין דיזען סטרייק.

דיזע אריינמישונג האט געבראכט צו א סעטעלמענט. די יוניאן איז דאן אנער־קענט געווארען. עס איז געבליבען צו א באארד אוו רעפעריס, וועלכע איז באשטא־נען פון דר. האפקענס, מיידזשאר רא־וענסאן און דזש. מעקליין אויסצואר־בייטען א שטיקעל מאשינערי פאר שליכ־

שלום אויף זייט 6

# די קונסט פון ר' יאסעלע ראזענבלאט

**פון ישראלי.**

דער נאמען יאסעלע ראזענבלאט איז ביי אידען שוין כמעט געווארען א סינא־נים פאר שעהן־זינגען.

ר' יאסעלע ראזענבלאט איז ניט נור געווארען פאפולער און בארימט נאר אויך באליעבט און דאס האט ער צו פארדאנ־קען דעם פאקט וואס ער איז קודם כל און — אחרון כבלות הכל — א אידישער זינ־גער.

יאסעלע ראזענבלאט'ס איינציגער קאנ־צערט פלאץ האט געדארפט זיין דער עמוד. ער באזיצט אין זיך אלע יענע איינגענשאפטען, פון גאט אליין געשענקט, אויסצוזינגען די תחנונישע רעציטאטיווען מיט דער גאנצער אידישער הארציגקייט. זיין לירישע טענאר שטימע איז איהם אזוי נאכגעביג פאר. דער מוזיקאלישער שוהל־רעקלאמאציע, אז ער קען ווירקליך שפיעלען אויף די סטרונעס פון דער צע־יעהטאגטער אידישער נשמה.

זיין קראפט אלס זינגער נעמט זיך קודם כל, ווי שוין געזאגט פון דעם פאקט, וואס ער איז פון דער נאטור געבענשט מיט א מעטאל־קלינגענדען וואקאל־ארגאן, וועל־כער איז זעהר נאכגעביג פאר טאן קווא־ליטע אדער ווי מען רופט עס אין ענגליש „טימבער".

וואס איז אזוינס טאן קוואליטע?

שעהן זינגען איז בלויז מעגליך דעמאלט ווען דער זינגער איבט אוים א געוויסע קאנטראל איבער די טענער וואס זיין שטימע פראדוצירט. די אויפגאבע פון שעהנער מוזיק אין אלגעמיין, איז צו בא־זייטיגען מאנאטאניגקייט. טענער, אום זיי זאלען ניט ווערען מאנאטאן, דארפען זיך וועקסלען סיי אין דער אינטאנאציע, דאס הייסט אין דער צוזאמענשטעלונג פון די טענער און סיי אין דעם קאלאריט, — די פארשיעדענע איבערגאנגען פון הויך צו שטיל, פון שטיל צו מיטעל מעסיג און א. וו.

א פידעל שפיעלער, צום ביישפיעל, שאפט די טאן קוואליטי מיט ער געוויכט פון דעם בויגען, אדער סמיטשיק, פיהרט ער דעם בויגען לייכט איבער די סטרו־נעס איז דער טאן שוואכער, שטרענגט ער אבער אן דעם בויגען מיט מעהר ענער־גיע קומט דער טאן ארוים שטארקער.

דער זינגער דארף די זעלבע „קונץ", מאכען מיט זיין שטימע. עס זיינען פא־ראן שטעלען ווען ער דארף ארויסזינגען דעם גאנצען ‚רעזערוו" פון זיין וואקא־לען אפאראט און עס זיינען ווידער פא־ראן שטעלען ווען ער דארף זינגען מיט דער האלבער שטימע אדער ווי מע רופט עס אין מוזיק־שפראך—„מעצא־וואטשי". עס זיינען פאראן שטעלען, ווען די שטימע דארף אין איין כאן זיך בייטען פון „פיא־נא צו פארטא, (פון שטיל צו הויך) און פארקעהרט. עס זיינען אויך פאראן שטע־לען ווען די שטימע דארף זיך בייטען שטופענווייז צו פולערער קוואנטיטע („קרעסטשענדא") דאס מיינט אז א חוץ דעם וואס צו זינגען שעהן פאדערט זיך א שעהנע שטימע, דארף נאך דער זינגער אויך זיין אזוי מוזיקאליש געאיבט, און האבען זיין שטימע אזוי אויסגעבילדעט, אז ער זאל זי אלעמאל קענען האלטען אונ־טער שטרענגער קאנטראל.

עס ווערט אבער פארשטאנען, אז די טאן־פארבען מוזען פראדוצירט ווערען מיט דער נאטירליכער שטימע, מיט דער זעלבער שטימע, מיט וועלכער א מענש רעדט און ניט מיט דער „ביי־שטימע" אדער ‚פאלצעטא'. די ‚פאלצעטא' ווערט פון זינגער באנוצט בלויז דעמאלט ווען זיי פיהלען זיך אבסאלוט אומבאהאלפען אויסצופיהרען דאס זעלבע מיט דעם גע־וועהנליכען וואקאל ארגאן. ווי צום ביי־שפיעל אין שטעלען וואו עס פאדערט זיך צו זינגען ‚פיאניסימא', זעהר שטיל און זאנפט, אדער ווען זיי דארפען ארייז אין א רעגיסטער, וואס איז עהנליך צו דער פרויען־שטימע, אדער ארויף צו די העכ־סטע טענער („היעסט פיטש").

פונקט ווי מען קען אויף א פידעל ניט שפיעלען אלעמאל קיין ‚פלאזשאלעטען" (הארמאניקס, ענג.) אויף דעם פלאץ וואו עס איז באצייכענט ‚פיאנא", פונקט אזוי קען מען זיך ניט באנוצען אלעמאל מיט דער פאלצעטא צו זינגען האלב שטימיג, און פונקט ווי דער פידעל־שפיעלער דארף קענען קאנטראלירען דעם בויגען אום ארויסצוברייגגען די טאן־פארבען, אזוי דארף דער ארטיסטישער זינגער קענען קאנטראלירען זיין געוועהנליכען וואקאל־ארגאן.

יאסעלע ראזענבלאט באנוצט זיך אבער מיט זיין „פאלצעטא" ניט נאר וואו מען מוז אדער וואו מען דארף, נאר אויך דאר־טען וואו מען מוז ניט און וואו מען דארף ניט.

יאסעלע ראזענבלאט איז א גרויסער ערפאלג אלס חזן. ער האט אין זיך אלע איינענשאפטען אויסצוזינגען די מוזיקא־לישע רעציטאטיווען פון די אידישע תפילות, ווייל אין רעציטאטיווען קען מען מאכען אלערליי עפעקטען און וואס מעהר עפעקטען אלץ מהר אפעלירט עס צו דעם כאראקטעריסטיש־אידישען געשמאק. דער גלות־איד איז בטבע עמפ־פינדליך און דערפאר האט ער ליעב דעם באמבאסטישען און איבערטריבענעם אויס־דרוק פון צער.

קונסט אבער דארף זיך האלטען אין די ראהמען פון עסטעטיק און נאטירליכקייט און דיזע קוואליטעטען פעהלען אפטמאל אין ראזענבלאט'ס זינגען.

# שפריצען

פון ע—ש

**עסען און עסען.**

א טעלעגראמע פון בערלין מעלדעט, אז אין עסען קומען פאר שטארקע אומרוהען.

און צוליעב'ן עסען קומען אויך פאר אומרוהען..

* * *

**לויפען און זיצען.**

וויקטאר בערגער וועט מעהר נישט טארען לויפען.

אין טאקע, ווי קען ער לויפען — אז ער דארף באלד „זיצען"?

* * *

**א שאד אביסעל שנאפס..**

אין שיקאגא האט מען אוועקגע'גנב'עט 75 פעסער שנאפס.

טאמער איז נאך ערגעץ פאראן אביסעל שנאפס, גנב'עט מען עס צו..

* * *

**סעמי גאמפערס.**

סעם גאמפערס ארבייט איצט אויף א פלאן צו גרינדען לעהר־סעמינאריומס פאר ארבייטער, זיי צו לערנען ספעציעל עקא־נאמישע פראגען.

איינער אזא לעהר־אנשטאלט, זאגט מען וועט זיך איינגיבען עפענען אין פיטסבורג.

ס'וועט זיין דער ריכטיגער סעמי — נאר..

* * *

**קול מ'וואסער.**

אין מאנטרעאל, קאנאדא, איז שוין עטליכע וואכען נישטא קיין וואסער — צוליעב'ן סטרייק פון די דארטיגע וואַ־סער־ארבייטער.

איצט געהט דארט דער עולם ארום און שרייט: „קול מ'וואסער — אוי, וואסער און עמער!"..

* * *

**א נייע אפפיהר־מיטעל...**

נאכדעם ווי די עליים האבען פארמעל אריינגעשיקט א פאדערונג צו דער האלענ־דישער רעגירונג, אז מ'זאל זיי ארויסגע־בען דעם עקס־קייזער, האט זיך פאר־שפרייט א קלאנג, אז דער קייזער איז אנטלאפען אונטער א פארשטעלטען נא־מען — ארלף לאקס.

אויב די מעשה איז אמת און אויב מ'וועט דעם קייזער כאפען, וועט ער שוין נישט הייסען „עקס־קייזער" נאר — עקס־לאקס..

* * *

**אקטיארטשיקעס.**

כמעט אין איין צייט האבען די ענג־לישע און דייטשע אקטיארען ארויסגע־לאזט אן ערקלערונג אז צוליעב די אמא־טארען־טרופעס, וואס האלטען אין איין וואקסען, מאכען זיי שלעכטע געשעפטען.

אן אקטיאר שפיעלט היינט א ראליע?

* * *

**געגען פראהיבישאן.**

סער אליווער לאדזש פאהרט איצט ארום איבער די פאראייניגטע שטאטען — פארשפרייטען דעם ספיריטיזם.

עס לעבע דער ספיריט! — שרייט ער, און די דורשטיגע שנעפסעל־מאכער אפ־לאדירען איהם. אבער די פראהיבישאניס־טען זענען אויף איהם מלא רציחה...

* * *

**זיך דערשראקען**

„די וועלט וועט אונטערגעהן אין פופ־צעהן מיליאן יאהר ארום!" האט א פילא־דעלפיער פראפעסאר מיט עטליכע טעג צו־ריק ערקלעהרט פאר א גרויס פובליקום.

— ווען? — איז א פרוי דערשראקען אויפגעשפרונגען.

— אין פופצעהן מיליאן יאהר ארום.

— דאנקען גאט! — האט זי זיך בא־רוהיגט — כ'האב געמיינט, אז אין פינף מיליאן יאהר ארום..

* * *

**קלאנגען..**

א היינטיג שטיקעל נייעס: ס'האט זיך פארשפרייט א קלאנג, אז דער קלאנג וועגען דעם קלאנג, אז ס'איז ארוים א קלאנג —

לאזט עס פאר מיר! — שרייט אוים דער מוזיק־קריטיקער פון דער רעדאקציע.

* * *

**כ'האב נישט קיין מורא.**

די שפאנישע אינפלוענציא בושעוועט שוין ווידער אין אמעריקא און אייראפא.

איך האב קיין מורא נישט — כ'קען נישט קיין וווארט שפאניש.

* * *

**מ'טאר שוין נישט לאכען.**

דר. עדווארד בארלום פון שיקאגא האט ערקלערט, אז די געפעהרליכסטע זאך אין דער אינפלוענציע־צייט איז צו לאכען אין עפענטליכע פלעצער, ווייל בעת'ן לאכען אטהמט מען אריין אין זיך די געפעהרלי־כע פלו־באצילען.

אויב נישט לאכען, וועט מען דארפען אומעטום לעזען די וויצען פון אונזער טעגליכער פרעסע.

The Weg
דער וועג
THE DETROIT JEWISH DAILY

די איינציגע אידישע טעגליכע צייטונג אין מישיגאן סטייט
ערשיינט יעדען פריהמארגען אויסער שבת, דורך דער
וועג פאבלישינג קאמפאני, אינקארפארייטעד
פם אפיס: 347-49 הייסטינגס סטריט, דעטראיט, מיש. טעלעפאן: מעין 3715.

דעטראיט, 30סטער יאנואר 1920

# ניט אלע מנהגים און איינפיהרונגען קען מען אויסבייטען

פון ב. י. ג—ן

אז די פרוי ווערט פארטעגערט, אין דעם זיינען מסכים גאר א סך מענשען; אז זי הייבט אן אריינצורייסען זיך אין דער ארבייטס-וועלט, וואס איז געוועזן ביז ניט לאנג צוריק, באשטימט פאר בלויז מענער, צו דעם דארף מען שוין קיין הסכמה ניט האבען. דאס איז אזוי אפען און אזוי קלאהר פאר אלעמען, אז נאר א בלינדער קען דאס ניט זעהן.

איז אויב די פרוי נעהמט איבער און טוט נאך דעם מאן סיי בנוגע ארבייטען אין פאבריק און סיי בנוגע זיינע באנעהמונגען אין דער געזעלשאפט, פאר וואס זשע זאל שוין די פרוי אינגאנצען ניט שפיעלען, אין דעם לעבען די אייגענע ראלע וואס דער מאן?

אזוי פרעגט איצטער א פרוי אין אן ענגלישען זשורנאל, שרייבענדיג מכח ליעבעס ערקלעהרונגען.

אויב די פרוי וויל היינט ניט זיין קיין אנדער מין באשעפעניש און זאגט זיך אפ פון די אלע פריווילעגיעס וואס מען טיילט צו אט דעם באזונדערען און זאנדערבארען באשעפעניש, טא זאל זשע די פרוי שוין אויך זיין מענער'ריש ביי ליעבעס ערקלעהרונגען, זאל זי ניט ווארטען אויף'ן מאן.

האט די פרוי ליעב, זאל זי דאס דעם מאן, אהן שום צערעמאניעס דערצעהלען.

ביז איצט איז געווען דער מנהג, אז לויט דער עטיקעטע האט דער מאן זיך ערקלעהרט אין ליעבע: דעם הייראטס אנטראג האט ער געמאכט; ער האט ביי איהר די האנד געבעטען.

און זאל מען ניט מיינען, אז דער מאן איז תמיד דער מוטיגער געווען. אויך דער מאן האט ניט געגוג מוט געהאט צו זאגען דער פרוי וואס ער פיהלט, וואס ער דענקט מכח זיין צוקונפט, כל זמן די פרוי האט איהם, אהן ווערטער, די ערלויבניש דערויף געגעבען.

דאס מיינט, אלזא, אזוי: דער מאן איז דער העלד געווארען דעמאלט, ווען די פרוי האט איהם מיט איהרע באנעהמונגען און באציהונגען ערמוטיגט דערצו. ווען דער מאן האט אר ויסגעלייענט דער פרוי'ס געפיהלען פון איהרע אויגען אדער פון איהרע באנעהמונגען; ווען ער האט דערפיהלט אז זיין באדען איז פעסט און זיכער, דעמאלט האט ער איהר זיינע ליעבעס געפיהלען אויסדערצעהלט.

איצטער איז די פרוי גלייכבארעכטיגט פונקט ווי דער מאן; איצט ארבייט די פרוי מיט'ן מאן אין איין פאבריק; זיי זיינען באשעפטיגט גלייך ביי איין אינדוסטריע, טא זאלען זיי אויך ביי ליעבע גלייך זיין.

אזוי ווערט מען אפשר פסק'ענען אין די פרויען זשורנאלען. די אינטעליגענץ וועט אזא באשלוס באשטעטיגען, איהם כשר'ן לויט אלע דינים פון דער עטיקעטע פון דער לעצטער מאדע.

וועט אבער דער באשלוס אנגענומען ווערען פון די פרויען — דאס איז זיך א באזונדער פראגע, א פראגע וואס לאזט זיך באנטפערען מיט „ניין".

דאס זאג איך ניט דערפאר, ווייל איך זעה ניט ווי די פרוי ווערט פארטעגערט, נאר דערפאר ווייל איך ווייס אז עס זיינען פאראן אזעלכע מנהגים, וואס מעגען אפשר איבערקוקען ניט גאר לאגיש, און מען מעג געגען זיי אגיטירען אין אלע גאסען, וועלען זיי פארט רעספעקטירט בלייבען.

לאמיר למשל אנכאפען אזא ביישפיעל:
עס זיינען פאראן זעהר א סך פרויען וואס רייכערען סיגארעטלעך.

און ווארום זאל דאס זיי דען ניט ערלויבט זיין?

זיי ווערען דאך גלייכבארעכטיגט. זיי ווערען דאך פארטעגערט, טא זאלען זיי גלייך מיט די מענער ארומגעהן אין די גאסען מיט די ליולקעס אין מויל.

א פרוי וועט עס אבער נישט טאן, און וועט זי דאס יא טאן, וועט מען זי באטראכטען אלס א חסר דעה'ניצע.

זאל א פרוי דורכגעהן די גאס מיט הויזען, מיט א מענערשען פינדזשאקעט, וועט מען איהר נאכקוקען ווי א בייז וואונדער.

כל זמן די פרוי באהאלט זיך מיט איהרע סיגארעטלעך, גיט זי אליין צו אז זי האט לחלוטין קיין חשק ניט פארטעגערט צו ווערען, כאטש זי וועט אפילו געהן צום באלאט-באקס און כאטש זי וועט ארבייטען מיט דעם מאן אין איין פאבריק.

די פרוי מוז בלייבען אויף תמיד צוריקגעצויגען.

מעג מען מיט דער גרעסטער מאיאריטעט באשליסען אז זי זאל מיט איהר באשיידענהייט און צוריקגעצויגענקייט זיך גט'ן, וועט די פרוי דיעזען באשלוס אין'ם לעבען ניט דורכפיהרען.

עס ליגט אין דער נאטור פון דער פרוי צו זיין באשיידענער, צוריקגעצויגענער און געלאסענער פון'ם מאן.

דאס איז אלזא, ניט נאר אן אנגענומענער, פארעלטערטער מנהג, נאר עס איז אן איינגעבוירענע נייגונג: — די פרוי וועט זיך קיינמאל ניט שטעלען, אויף די קניעס בעטען דעם מאן'ס האנד, ווייל איהר באשיידענהייט און איינגעבוירענע צוריקגעצויגענקייט וועט דאס איהר ניט דערלאזען.

די שוואכסטע פרוי איז גענוג שטארק צו ערמוטיגען דעם שטארקסטען מאן, ווען זיין מוט פארלאזט איהם.

דארטען אבער וואו זי דארף שטעלען אין קאן איהר איינגעבוירענע באשיידענהייט, דארטען וואו זי מוז ווערען דרייסט, אדער פרעך, — דארטען וועט ניט העלפען קיין שום אגיטאציע, עס וועלען ניט העלפען קיינע ארטיקלען און קיין אויטאריטעטען.

די פרוי ווערט עמאנסיפאצירט אויסערליך. אין דער טיעפעניש פון איהר הארצען, בלייבט זי מיט די זעלבע געפיהלען, מיט די זעלבע באנעהמונגען און מיט דער זעלבער שעמעוודיגקייט, געלאסענקייט און צוריקגעצויגענקייט.

# דער פרוי'ס אידעאל פון א מאן

עס איז נאך ניט געבוירען געווארען דער מאן, וועלכער זאל באזיצען אלע מעלות, וואס א פרוי פאדערט געוועהנליך פון איהם, אום איהם צו ליעבען.

און די מעלות וואס יעדע פרוי פאדערט פון דעם מאן זיינען זעהר פיעל: עס מאכט ניט אויס וועד די פרוי איז: א אידישע, אן ענגלישע, א כינעזישע אדער אפילו אן עסקימאסישע — אלע האבען זיי דיזעלבע פאדערונגען און אלע שטעלען זיך פאר דעמזעלבען אידעאלען מאן מיט די זעלבע מעלות.

ווי שטעלט זיך יעדע פרוי פאר איהר אידעאל פון א מאן?

ער זאל זיין הויך, שטארק, שעהן, קלוג, העלדיש, לוסטיג, פארליעבט און געטריי. זין דיעזע פונקטען שטימען איין אלע פרויען אהן אויסנאהמע פון דעם הייסען געגענד אין אפריקא ביז דעם קאלטעסטען ווינקעל פון נארד פאל.

נאר די באגריפען אליין וועגען שטארקייט, שעהנקייט, העלדישקייט און טרייהיט זיינען פערשעדען. עס פארשטעהט זיך, אז וואס עס הייסט שעהן ביי די פראנצויזען, איז ניט שעהן ביי די ניגערס אין אפריקא, און וואס עס הייסט א העלד ביי די עסקימאסען איז ניט א העלד אין אמעריקא. דער אידעאלער מאן איז ביי אלע פרויען דערזעלבער. נאר דעם אידעאל נופא פארשטעהט יעדע פרוי אנדערש.

נון, האט א ניינערי[illegible] מאנסביל גע־פרעגט ביי א בארימטע פרוי, ווי איינענטליך, דער אידעאלער מאן דארף זיין באשאפען, ער זאל קענען די פרויען געפעלען ווערען, און ער האט געקראגען פאלגענדען ענטפער:

דר אידעאלער מאן פון דער אמעריקאנערין, איז א מאן מיט אידעאלען, דאס וואס די אמעריקאנערינס האבען אפט חתונה אין אויסלאנד איז ניט, ווייל זיי זוכען טאקי יחוס, נאר ווייל דארטען אין אויסלאנד, געפינען זיי שנעלער מענער, וואס זיינען ניט אין גאנצען „פאראלערט", וואס זיינען ניט פארקאכט בלויז אין געלד מאכען נאר וואס באזיצען נאך א שטיקעלע אידעאל, און די אמעריקאנער פרוי, וואס הארעוועט זיך געוועהנליך אין דער קאלטער טרוקענער ביזנעס אטמאספערע, בענקט נאך אן אידעאל.

הייסט עס, די אמעריקאנקע זוכט אידעאלען מיט צארטע סטרונעס, א ווידערנעם יונגענמאנטשיק, אויב איהר וועלט עס אגרופען. דערפאר אבער ווינשט זיך די פראנצויזקע אין געגענטייל, א מאן, ענגטעגנס, פון א יאהר 30 און ניט קיין איגנגעל, וואס ווייס ניט ווי צו לעבען אויף דער וועלט.

די פראנצויזקע וויל, אז דער מאן זאל טאקע וויסען פאר וואס ער ליעבט איהר, ער זאל קענען איהרע מעלות און אפילו איהרע פעהלערען. זאל ער שעצען; ער זאל האבען א באגריף אין די פראגען זאל אויך זיין א מבין אויף דער מאדע וואס אינטערעסירט נאר א פרוי; ער און זאל קענען קויפען פאר דער ווייב א העט און זיך קענען דורכשמועסען מיט איהר דרעס מייקערין וועגען א דרעס.

גאנץ אנדערש פון דער אמעריקאנקע און פון דער פראנצויזקע איז די דייטשע פרוי. דער אידעאלער מאן פון א דייטשקע מוז דוקא זיין א גוטער בוזנעס מאן, וואס קען נאך דערצו הערשען אין הויז, ווארום פאר איהר אליין — זאגט די דייטשקע — איז נענוג, וואס זי ווייס פון דער קיך. זי קאן קאכען א גוטען זויערקרויט, מאכען א געשמאקען דינער נאך די דינים פון קאך־בוך און זיין א ווירטין — דאס איז פאר איהר גענוג. ווייטער איז דער מאן דער האר און זי מוז איהם אין אלעם פאלגען.

קערפערליך פאדערט די דייטשקע, אז איהר מאן זאל זיין שטארק, מיט העלבלויע אויגען און מיט א ראמאנטישען פארטראכטען געזיכט.

— טפוי, — וואלט אויסשפייען א שפאנערין, — ווען זי וואלט הערען וואס פערע מעלות די דייטשקע פאדערט פון א מאן. ווארים אט די ראזיגע איינענשאפטען עקלען אפ די שפאנישע פרוי.

שפאניען איז טאקע דאס לאנד פון ראמאנטיק, אבער די שפאנערין וויל בשום אופן ניט א מאן מיט א פארטראכטען געזיכט, זי האט פיינט דעם טרוימער, דעם פאנטאזיאר, דעם פאעט. איהר אידעאל איז א מאן, א העלד מיט אן אייזערנעם כאראקטער און מיט הייסען טעמפעראמענט. א מאן, וועלכער קען מוטיג און שמאלץ געהן אנטקעגען יעדע געפאהר; א מאן, אויף וועלכען זי זאל קענען פארלאזען.

עס איז ביי איהר אלץ איינס, וואס ער איז און וועלכע מעלות ער באזיצט. ער מעג זיין א זשעני, א געוואלטיגער טאלאנט, דאס איז ביי איהר ניט ווערט קיין שמעק טאבאק, נאר ער דארף קענען אידעאלען מאן, וועלכער קען געווינען ליעבען, דאס איז דער עיקר, דאס איבער־פרויען הערצער, א ווייל'ע האט זי גערינגע איז אלץ א תפל, ער דארף פארקלעהרט, און דאן האט זי געענטפערט: איהר קענען געהן אין פייער און אין וואסער און צו אלדע שווארץ יאהר. ער מוז איך גלויב, אז אויך פאר אלע אונזערע קענען ליעבען הוים, ברענגען — דער אידעאלער מאן פאר מיר, און בויען, איז דער מאן, וואס איז פעהיג

די ענגלענדערין האט אויך איהר אי־פאלקאם צו פארשטעהן די פרוי, וואס קאן דעאלען מאן, וואס איז אבער ווייט פון אריינדרינגען אין דער טיעפקייט פון דער שפאנערין'ס ווי הימעל פון דער איהר נשמה און פארשטעהן איהרע גערד. דער אידעאל פון דער ענגלענדערין דאנקען, באגרייפען איהר לעבען און פיהאיז, אז דער מאן זאל האבען גענוג קענט־לען איהרע ווינשע. אבער אזא מאן איז ניט און ענערגיע, א מאן מיט זוועלט ער־דאך אויף דער וועלט נישטא.

פאהרונג, ער זאל זיך קענען ארויפארבייטען אין דער געזעלשאפט צו זיין א אזוי האט ערקלעהרט די בארימטע פרוי דעם אידעאלען מאן לויט ווי עס בכבוד"ער בעל הבי*, נ׳ פארזווערט, גורשטעלען זיך פאר די פרויען אין די פארשטענדיג לוסטיג, א שטיקעל ליז, זאל קע־שיעדענע לענדער און דערביי האט זי באגען זאגען א גוטען וויץ, זאל האבען אמערקט, אז יעדער מאן, וואס נעהמט חתונה גוט הארץ און זיך קענען שפיעלען מיט האבען, זאל דאס האבען אין זינען און קינדער. ער זאל וויסען, וואס די פרוי וועט פון

אן ענגלענדערין, וואס קאן קריגען איהם פאדערען, כדי ער זאל צו איהר מאן מיט די ראזינע אלע מעלות שעצט שפעטער ניט האבען קיין טענות און זאל זיך אל[illegible] גליקליכסטע אין דער וועלט. נאכדעם ניט דארפען שרייען אז די ווייר נאר, האט מען געפרעגט אויך די רוסי־בער „באסעווען" צופיעל.
שע פרוי, ווי זי שטעלט זיך פאר דעם

## אין דער אידישער ארבייטער גאס.

שלום פון זייט 4

טען שטרייטיגקייטען צווישען ארבייטער און בעלי בתים. דאך האט די יוניאן אויסגעאיבט איהר גאנצען איינפלוס אויף אלע פארהאנדלונגען.

דער באשלוס פון די רעפערים האט געזאלט זיין גילטיג בלויז ביז דעצעמבער 1919. און די יוניאן האט זיך גענומען גרייטען צו נייע פארהאנדלונגען. און האט אויך געשטעלט נייע פאדערונגען. צווישען אנדערעס האט די אינטערנייישנאל געפאדערט דאס איינפיהרונג פון וואך ארבייט, באשטימטע מינימום סקיילס או זא העכערונג פון דרייסיג פראצענט אויף די ווידזשעס. אנשטאט דעם געוועהנליכען ווידערשטאנד האבען די מאנופעקטשורערס דיזען מאל באגעגענט די יוניאן אויף א פריידליכען אופן. און געמיינשאפטליכע קאנפערענצען האבען זיי געשטעלט די פראגע פון וואך ארבייט נעמליך, אז די סיסטעם פון וואך ארבייט זאל איינגעפיהרט ווערען אין פארלויף פון א יאהר צייט. זיי האבען אויך איינגעשטימט איבערצוגעבען די פראגע פון ווידזשעס צו א באארד אוו ארביטריישאן, באשטעהענדיג פון דזש. דזשוליען וו. מעק, טשערמאן מיידשאר סעמיועל י. ראזענסאן און דזשאהן ר. מעקלען.

דיזע באארד האט באלד ארויסגעגעבען אן ענטשיידונג באשטימענדיג פארשיעדענע מינימום סקיילס. די דורכשניטליכע העכערונג אין שכירות באטרעפט פון 12 ביז 20 פראצענט. די יוניאן איז גע־ווען פארטראטען דורך אב. באראף, דזשענעראל סעקרעטער פון דער אינטערנייישאנאל יוניאן און מר. פערלשטיין, וויס פרעזידענט פון דער אינטערנייישאנאל, וועלכער האט די לעצטע יאהרען פארבראכט אין קליוולאנד אנפיהרענדיג דעם קאמפף פאר דער יוניאן.

די אסאסיאיישאן איז געוועזן פארטראטען דורך מארים א. בלעק, מ. לאנשטיין, מר. באטלער, דער טשיף קלוירק פון דער מאנופעקטשורערס אסאסיאיישאן און אנדערע.

דער זיעג פון דער אינטערנייישאנאל יוניאן איז זעהר א באדייטענדער. ער צייגט, ווי דער גייסט אין איצטיגע צייטען ענדערט זיך, און אז די רעכטע פון די ארבייטער ווערט מעהר און מעהר אנערקענט.





## שיפסקארטען פערקויפט צו אלע טיילען פון דער וועלט.

די בעסטע געלעגענהייט צו שיקען שיפסקארטען צו אייערע פריינד אין יוראפ איז ענדליך דא. דער איינציגער אפיס אין דעטראיט וועלכער האט די בעסטע פארבינדונגען מיט די ראיעלסטע שיפס־קאמפאניעס פון דער גאנצער וועלט. קיין איד פון דעטראיט דארף ניט דורכלאזען אזא גוטע געלעגענהייט. געהט גלייך צו ס. לעידיטש'עס אפיס וועלכער געפינט זיך אויף 69 וועסט פארט סט. און געפינט אויס פערזענליך אלע איינצעלהייטען ווי אם שנעלסטען צו ברענגען אייערע קרובים פון יוראפ. דער אפיס געפינט זיך אנטקעגען דער הויפט פאסט אפיס. זיי האלטען אפען טעגליך פון 8 ביז 5, שבת ביז 3 נאכמיטאג.

## די נייע רדיפה אין פוילען.

דער פוילישער סיים האט טאקע אנגענומען דאס געזעץ וועגען פאלשטענדיגער זונטאג־רוהע און האט אפגעווארפען אלע פארבעסערונגען, וואס די אידישע דעפוטאטען האבען פארגעלעגט צום געזעץ. מיט א געוואלדיגער מערהייט האט זיך דער פוילישער פארלאמענט אבגעזאגט צו געבען דער אידישער סוח"רישער וועלט די מעגליכקייט צו האנדלען לכל הפחות עטליכע שעה אין טאג, ניט קוקענדיג דערויף, וואס כמה אלע אידישע געשעפטען און ווארשטאטען אין פוילען וועגען געשלאסען גאנץ שבת און פרייטאג אבענד. לויט דעם נייעם געזעץ זיינען נישט נאר אלע געשעפטען נאר אויך אלערליי אידישע אנשטאלטען און די קהלות געצוואונגען אפצוהיטען זונטאגס־רוהע פונקט אזוי ווי די גאנצע קריסטליכע באפעלקערונג פונ"ם לאנד. אלע רעדען פון די אידישע דעפוטאטען, וועלכע האבען געזוכט צו אפעלירען צו דעם שכל און צו דעם געוויסען פון דער נייער פוילישער רעפובליק, זענען געווען אומזיסט.

קשכנט[illegible]ג־42 אששש נצועו סהמבהחה

דאס נייע פוילישע געזעץ הייסט נישט מעהר און נישט ווענינער, ווי א חורבן פון דעם גאנצען אידישען ווירטשאפטליכען לעבען פון דעם פוילישען אידענטום. דאס איז געווען די כונה פון דעם פוילישען פארלאמענט און דאס וועט זיין דער רעזולטאט פון דעם געזעץ בפרט נאך, אז עס וועט אויסגעפיהרט ווערען דורך די היינטיגע פוילישע באאמטע.

דער נייער פוילישער אנפאל אויף אידען קאן ניט פארגליכען ווערען מיט אלע פארפאלגונגען און פלאגען, וואס מיר האבען נעהאט ביז היינט אויסצושטעהן אין פוילען, ווארים דער נייער אנפאל מוז אהן שום ספק אונטערגראבען אלע יסודות פון דעם אידישען לעבען אין פוילען. דער אידישער סוחר און דער אידישער בעל מלאכה קאן נישט רוהען צוויי און א האלב טאג אין דע וואך.

נאר די אידישע יוניאנס אין אלע עקען פון דער וועלט קאנען באגרייפען די באדייטונג פונ"ם נייעם אנפאל און זיי דארפען זיין די ערשטע וואס זאלען אויפנעהמען דעם קאמף געגען דער נייער פארפאלגונג אין פוילען. דער קאמף דארף ארויסגעטראגען ווערען פון דער אידישער גאס אין דער גרויסער וועלט און אזוי ארום אפעלירען צו דעם מענשליכען געפיהל פון דער ניט אידיש האנדעלס און ארבייטער וועלט

## איפרוף פון מינסקער רעליעף.

דער הונגער ווארט ניט. ביטער איז ווען ער טרעפט. זעהט אז ער זאל ניט טרעפען אייערע ליעבסטע און טייערסטע אין יוראפ. די נויט איז גרויס, הילף איז נויטיג, זעהט אז איהר זאלט ניט זיין די שולדיגע אין זייער טויט. קומט אין צייט צו שאפען שנעלע הילף ווייל שנעלע הילף איז דאבעל הילף. זעהט אז מיר זאלען ניט קומען צו שפעט מיט אונזער הילף מיר וועלען ניט קענען ברענגען צוריק די לעבענס פון אונזערע טייערסטע אויב מיר וועלען ניט קומען אין צייט.

קומט צום מאסמיטינג זונטאג דעם 1ען פעברואר אום 3.30 אין דיוויזשיאן סט. תלמוד תורה, דיווזשיאן קאר. בוביען סט. ברענגט אייערע פריינד און באקאנטע טוט אייער מענשען פליכט.

מינסקער רעליעף קאמיטע.

א נייער קלוב ווערט געגרינדעט אין דעטראיט, פון יונגע־אינטעליגענטע לייט.

דיזע געזעלשאפט וועט האבען דעם צוועק צו לערנען יעדען איינציגען דעם געשמאק פון „קונסט" און „וויסענשאפט" אין אלגעמיינע ליטעראטור, ווי אויך קלאסען צו לערנען דעקלאמאציאן, פארלעזונגען, דראמאטישע קונסט, זינגען א. ז. וו.

מיר דארפען נאך קרעפטען מענער און פרויען.

אויב איהר ווילט געניסען פון קונסט און ליטעראטור, און אויב איהר פארמאגט עטוואס טאלאנט, ווייל איהר בילדען אייער טאלאנט. דאן שליסט זיך אן אין דיעזער געזעלשאפט.

אכטוספול, די קאמיטע.

## ארבייטער-פארשטעהער טרעטען ארויס פון ענגלישען קאבינעט.

לאנדאן, יאנ. 28. דזש. ניקאלס בארנעס, דער „לייבאר" מיטגליעד פון ענגלישען קאבינעט האט רעזיגנירט פון זיין אמט. די אורזאכע איז, וואס פאר איהם איז געווארען אונמעגליך לענגער פארבלייבען אין דעם רעאקציאנערען קאבינעט פון לאידדשארדזש"ען